מיינע שוועסטער, שיינען און קלאַראַן,

אונדזערע קינדער

און אונדזערע קינדס־קינדער

**GOLDA MEIR**

**MAIN LEBN**

**(MY LIFE)**

I. L. PERETZ Publishing House

31, Allenby St., Tel-Aviv

גאָלדע מאיר / מײַן לעבן

יידיש: אריה בוסתן

פאַרלאַג י. ל. פרץ תל־אביב אלנבי 31



נדפס בישראל תשל״ט

Printed in Israel 1978

דפוס א. ינקלביץ בני־ברק

# צום יידישן לייענער

איך האָב קיין מאָל נישט געהאַלטן קיין טאָגבוך, בין קיין מאָל נישט געווען קיין בריוו־שרייבערין און זיכער האָב איך נישט געהאַט בדעה צו שרייבן מײַן לעבנס־געשיכטע.

ווען מ׳איז געקומען צו מיר אין 1973 מיט אַ פאָרשלאָג כ׳זאָל אָנשרייבן אויף ענגליש די געשיכטע פון מײַן לעבן, האָב איך צוגעשטימט, מיינענדיק אַז דאָס וועט מיר געבן אַ געלעגנהייט און אַ מעגלעכקייט צו ברענגען פאַר די לייענערס אַ קאַפּיטל פון דער געשיכטע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און פון מדינת ישראל. כ׳האָב געהאָפט, אַז כ׳וועל אויף דעם וועג קענען אויפקלערן, ווי ווייניק ס׳זאָל אַפילו נישט זיין, דעם ווייטן לייענער דאָס געשטאַלט פונעם פאָלק ישראל צוזאַמען מיט זיינע שטרעבונגען און געראַנגלען. אין יענע טעג האָב איך פלאַנירט פאַרענדיקן מײַן אַמט ווי פרעמיער־מיניסטער נאָך די וואַלן צו דער כּנסת וואָס האָבן געדאַרפט פאָרקומען אין אָקטאָבער 1973 און כ׳האָב געגלייבט, אַז כ׳וועל האָבן צײַט און וועל זיך קענען אָפּגעבן מיטן שרײַבן...

מײַן כוונה איז נישט געווען צו שרײַבן אַ בוך געשיכטע און כ׳האָב אויך נישט געפונען פאַר נויטיק אָנצולאָדן אויפן לייענער, וואָס ווינט מחוץ פון מדינת ישראל, פרטים וועגן אינערלעכע געשעענישן און ראַנגלענישן, וואָס וואָלטן סײַ ווי אים נישט געווען פאַרשטענדלעך.

וואָלט איך דאָס דאָזיקע בוך באַלד פון אָנהויב געשריבן פאַרן לייענער־עולם דאָ אין לאַנד, וואָלטן געוויסע טעמעס נישט באַהאַנדלט געוואָרן אַזוי פּרטימדיק, כ׳וואָלט אָבער נישט אַריבערגעגאַנגען איבער אַ ריי געשעענישן, וואָס זענען אינעם בוך בכלל נישט דערמאָנט געוואָרן אָדער וואָס כ׳האָב אָנגערירט בלויז מיט אַ רמז.

כ׳האָב געפּרוּווט שרײַבן, לויט מײַנע בעסטע מעגלעכקייטן, וועגן מענטשן וועלכע כ׳האָב געקענט, וועגן ערטער אין וועלכע כ׳בין געווען און וועגן די וווּנדערלעכע פּאַסירונגען אין וועלכע כ׳האָב זוכה געווען אָנטייל צו נעמען.

רמת־אביב, נאָוועמבער 1975

ג. מ.

קאַפּיטל איינס

# מיין קינדהייט

איך טראַכט, אַז דאָס ביסל וואָס איך געדענק פון מײַן פריער קינדהייט אין רוסלאַנד, פון מײַנע ערשטע אַכט יאָר, שטעלט מיט זיך פאָר אין אַ באַשטימטן זינען, דאָס וואָס מען רופט אָן הײַנט די פּאַרמירנדיקע יאָרן. אויב אַזוי, איז טאַקע אומעטיק וואָס איך האָב זייער ווייניק גליקלעכע צי אַפילו נאָר אָנגענעמע זכרונות פון יענער צײַט. די איינציקע עפּיזאָדן, וואָס זענען מיר פאַרבליבן און באַגלייטן מיך לענג־אויס די פאַרגאַנגענע זיבעציק יאָר, דערמאָנען די שרעקלעכע צרות וואָס מײַן משפּחה האָט געליטן, אָרעמקייט, קעלט, הונגער, און דאָס קלאָרסטע געפיל אין מײַנע זכרונות, מיין איך, איז דאָס געפיל פון פּחד. איך בין אַלט געווען מסתמא דרײַ און אַ האַלב אָדער פיר יאָר. מיר האָבן דעמאָלט געוווינט אויפן ערשטן שטאָק פון אַ קליין הויז אין קיעוו. איך קען זיך נאָך איצט גאַנץ קלאָר דערמאָנען, אַז איך האָב געהערט וועגן אַ פּאָגראָם, וואָס מען האָט געוואָלט מאַכן אויף אונדז. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב דעמאָלט נישט געוווּסט וואָס אַ פּאָגראָם מיינט; איך האָב אָבער יאָ געוווּסט, אַז דאָס האָט צו טאָן מיט יידן און מיט באַנדעס, וואָס טראָגן זיך איבער דער שטאָט, פאָכען מיט מעסערס און שטעקנס, זוכן יידן און שרייען: „רוצחים פון קריסטוסן", און באַלד וועלן זיי אונדז, מיר און מײַן פאַמיליע, אָנטאָן גרויליקע מעשים.

איך געדענק, ווי איך בין געשטאַנען אויף די טרעפּ וואָס האָבן געפירט צום צווייטן שטאָק, ווו עס האָט געוווינט אַ יידישע משפּחה; כ'האָב געהאַלטן זייער קליינע טאָכטער בײַ דער האַנט און געקוקט אויף אונדזערע טאַטעס, ווי זיי פּרווון אויפשטעלן אַ באַריקאַדע פון ברעטער. צו קיין פּאָגראָם איז נישט געקומען, אָבער ביזן הײַנטיקן טאָג געדענק איך מײַן אימה און צאַרן, ווײַל אַלץ וואָס מײַן טאַטע האָט געקענט טאָן מיך צו באַשיצן, איז געווען דאָס צוזאַמענקלאַפּן עטלעכע ברעטער און וואַרטן אויפן אָנקום פון די כוליגאַנעס. באַזונדערס געדענק איך מײַן באַנעמען, אַז דאָס געשעט מיר, ווײַל איך בין אַ יידיש קינד און דאָס טיילט מיך אויס פון דעם רוב אַנדערע קינדער אין הויף. אַט דאָס געפיל האָט זיך איבערגעחזרט אַ סך מאָל אין מײַן לעבן —

דער שרעק, דאָס באַוווסטזייַן פון אַנדערשקייט, דערבײַ אויך דער טיפער, אײַנ־סטינקטיווער גלויבן, אַז כּדי איבערצולעבן טאָר מען זיך נישט פאַרלאָזן אויף אַנדערע, נאָר מען דאַרף עפּעס טאָן אַליין און ממשותדיק.

כ׳געדענק אויך זייער קלאָר ווי אָרעם מיר זענען געווען. קיין שום זאַך איז בײַ אונדז קיין מאָל נישט געווען גענוג, נישט שפּײַז, נישט וואַרעמע קליידער, נישט באַהייצונג. תּמיד איז מיר געווען אַ ביסל צו קאַלט פון דרויסן, און אַ ביסל צו פּוסט אינעווייניק. אַפילו איצט, נאָך אַזאַ לאַנגער צײַט, קען איך, אָן שום אָנשטרענג, קלאָר אויסמאָלן דאָס בילד ווי איך זיץ אין קיך, טרערן קײַקלען זיך איבער מײַן פּנים און איך קוק אויף מײַן מאַמען ווי זי קאַרמעט מײַן ייִנגערע שוועסטער, ציפּקע, מיט אַ ביסל קאַשע וואָס האָט געדאַרפט זײַן מײַנע. קאַשע אין אין יענע טעג געווען אַ גרויסער לוקסוס אין אונדזער שטוב און עס האָט מיך זייער פאַרדראָסן וואָס איך האָב זיך געמוזט דערמיט טיילן, אַפילו מיט אַ קליין קינד. מיט יאָרן שפּעטער, איז מיר אויסגעקומען צו פילן דעם זעלבן שווידער, ווען מײַנע קינדער האָבן געליטן הונגער און איך האָב געדאַרפט באַשליסן וועלכן קינד צו געבן מער עסן. אָבער אין יענער קיך, אין קיעוו, האָב איך, פאַרשטייט זיך, געוווּסט בלויז, אַז דאָס לעבן איז שווער און אַז גערעכטיקייט איז אין ערגעץ נישטאָ. אַגב, בין איך צופרידן וואָס קיינער האָט מיר דעמאָלט נישט דערציילט, אַז מײַן עלטערע שוועסטער, שיינע, האָט אין שול אָפּט מאָל געחלשט פון הונגער.

מײַנע עלטערן זענען געווען נײַ־געקומענע אין קיעוו. זיי האָבן זיך באַקענט און חתונה געהאַט אין פּינסק, ווו עס האָט געלעבט מײַן מאַמעס משפּחה. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, אין 1903, ווען איך בין אַלט געווען פינף יאָר, האָבן מיר זיך אַלע אַהין צוריקגעקערט. מײַן מאַמע איז געווען זייער שטאָלץ אויף איר ראָמאַן מיט מײַן טאַטן און האָט אונדז אָפּט וועגן דעם דערציילט. כאָטש איך האָב שוין געקענט די מעשה אויסנווייניק, בין איך קיין מאָל נישט מיד געוואָרן זי צו הערן פון דאָס נײַ. מײַנע עלטערן האָבן חתונה געהאַט אויף אַ זייער נישט־קאָנווענציאָנעלן אופן, אָן דער הילף פון אַ שדכן.

כ׳ווייס נישט גענוי ווי אַזוי ס׳איז געשען, אַז מײַן טאַטע, אַ געבוירענער אין אוקראַיִנע, האָט זיך געדאַרפט שטעלן צום פּריזיוו אין פּינסק. דאָרט האָט מײַן מאַמע אים אַ מאָל געזען אין גאַס, הויך, שיין און יונג. זי האָט זיך תּיכּף אין אים פאַרליבט און אַפילו געהאַט דעם מוט צו דערציילן וועגן דעם אירע עלטערן. דערנאָך האָט מען פאַרט געדאַרפט אָנקומען צו אַ שדכן, אָבער נאָר אין שײַכות מיט די „טעכנישע ענינים״. נאָך מערקווערדיקער, סײַ פאַר איר און סײַ פאַר אונדז, איז געווען דער פאַקט, וואָס זי האָט באַוויזן איבערצוצײַגן אירע עלטערן, אַז ליבע פון ערשטן בליק איז גענוג; מײַן טאַטע, אַ יתום נאָכן פאָטער, האָט נישט געהאַט קיין געלט און זײַן משפּחה האָט זיך נישט געקענט באַרימען מיט

גרויס ייחוס. עס איז אים אָבער בײַגעשטאַנען אַ וויכטיקער זכות: מײַן טאַטע איז נישט געווען קיין עם־הארץ. אין זײַנע גאָר פריע יאָרן האָט ער געלערנט אַ צײַט אין אַ ישיבה, איז געווען אַ בן־תורה. מײַן זיידע האָט זיך דערמיט גערעכנט, הגם כ׳פאַרשטיי, אַז דאָ האָט מען אויך גענומען אין אַכט אַז מײַן מאַמע איז אַ מענטש וואָס בײַט נישט איר מיינונג אין אַן עיקרדיקן ענין.

מײַנע עלטערן האָבן זיך אונטערשיידט אײנער פונעם אַנדערן. מײַן טאַטע, משה־יצחק מאַבאָוויטש, האָט געהאַט אַ שלאַנקע פיגור, אײדעלע שטריכן און אין זײַן מהות איז ער געווען אַן אָפּטימיסט, געניײגט צו גלייבן אין מענטשן, כּל זמן ער האָט זיך נישט אַרומגעזען אַז ער האָט געהאַט אַ טעות. דאָס האָט, אין לעצטן סך־הכּל, גורם געווען אַז זײַן לעבן איז אין פּראַקטישן זינען געווען אַ דורכפאַל. ער איז געווען, ווי מען זאָגט עס, נאַיוו, פון דעם סאָרט מענטשן, וואָס זענען מסתמא מער מצליח אין לײַכטערע באַדינגונגען. מײַן מאַמע, בלומע, מיט אירע קופּער־קאַליריקע האָר, איז געווען שיין, ענערגיש, פעיק און אַ סך מער אונטערנעמעריש און וועלטלעך פון מײַן טאַטן. פונקט ווי ער, איז זי געווען אַ געבוירענע אָפּטימיסטין און האָט ליב געהאַט געזעלשאַפט.

אין די פּרײַטיק־צונאַכטסן איז אונדזער שטוב פול געווען מיט מענטשן, מערסטנס קרובים. כ׳געדענק שוועסטערקינדער, גליד־שוועסטערקינדער, מומעס און פעטערס. קיינעם פון זיי איז נישט באַשערט געווען איבערצולעבן דעם חורבן, אָבער זיי לעבן ווײַטער פאַר מײַנע אויגן, זיצן אַרום אונדזער קיכטיש, טרינקען טיי, זינגען שעהען־לאַנג אין שבתים און ימים־טובים און העכער פון אַלע קלינגען די שטימען פון מײַנע עלטערן.

אונדזער משפּחה איז נישט געווען באַזונדערס רעליגיעז. מײַנע עלטערן האָבן אָפּגעהיט יידישע טראַדיציע, געפירט אַ כּשרע קיך און געהאַלטן אַלע יידישע יום־טובים, אָבער פרומקייט אַן טראַדיציע האָט געשפּילט אַ קליינע ראָל אין אונדזער לעבן. איך געדענק נישט, כ׳זאָל האָבן קינדווײַז אַ סך געטראַכט וועגן גאָט, אָדער מתפּלל געווען צו אַ פּערסאָנאַלע גאָטהייט, כאָטש ווען כ׳בין געווען עלטער — דעמאָלט שוין אין אַמעריקע — פלעג איך טייל מאָל זיך אַמפּערן מיט דער מאַמען איבער רעליגיע. כ׳דערמאָן זיך, ווי זי האָט מיך אַ מאָל געוואָלט איבערצײַגן אַז ס׳איז פאַראַן אַ גאָט. זי האָט געזאָגט: „פאַר וואָס, למשל, רעגנט אָדער שנייט?״ האָב איך איר דערקלערט וואָס כ׳האָב געלערנט אין שול וועגן רעגן. האָט זי זיך אָנגערופן: „נו, גאָלדעלע, אויב דו ביסט אַזאַ חכמה, מאַך עס זאָל גיין אַ רעגן״. אַזוי ווי אין יענער צײַט האָט קיינער נאָך נישט געהערט וועגן קינסטלעכע רעגנס, האָב איך נישט געהאַט פאַר איר קיין ענטפער. אַז יידן זענען אַן אויסדערוויילט פאָלק האָב איך קיין מאָל נישט געקענט אָקצעפּטירן. מיר האָט זיך אויסגעוויזן — און עס זעט מיר אויך איצט אויס — לאָגישער צו גלייבן, אַז נישט גאָט האָט

אויסגעקליבן די ייִדן, נײַערט די ייִדן זענען געווען די ערשטע, וואָס האָבן אויסגעקליבן גאָט; די ערשטע אין דער געשיכטע וואָס האָבן געטאָן אַן אמת רעוואָלוציאָנערע זאַך און אָט די בחירה האָט זיי געמאַכט פֿאַר אַן עם־סגולה.

ווי עס זאָל נישט זײַן, האָבן מיר זיך געפֿירט ווי ס׳רוב ייִדן אין די שטעט און דערפֿער פֿון מיזרח־אייראָפּע; געגאַנגען יום־טובים אין שול, אָפּגעהיט שבת און געהאַט צוויי קאַלענדאַרן: איינעם אַ רוסישן און אַ צווייטן, וואָס באַציט זיך צום ווײַטן לאַנד, פֿון וועלכן מיר זענען פֿאַרטריבן געוואָרן מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק. די צײַטאָפּשניטן פֿון יאָר און די אַלטע מינהגים פֿלעגן מיר נאָך אַלץ אָפּמערקן אין קיעוו און אין פּינסק.

מײַן משפּחה איז אַריבער קיין קיעוו ווען שיינע (עלטער פֿון מיר מיט נײַן יאָר) איז נאָך געווען זייער קליין. מײַן טאַטע האָט געוואָלט פֿאַרבעסערן זײַן מצב; כאָטש די שטאָט איז געווען מחוץ דעם תּחום־המושב און האָט זיך געפֿונען אין דער טייל פֿון רוסלאַנד וווּ ייִדן האָבן נישט געטאָרט וווינען, האָט ער געהאָפֿט, אַז אויב ער וועט באַווײַזן, דורך די נויטיקע עקזאַמענס, אַז ער איז אַ פֿולקומער סטאָליער, וועט ער באַקומען אַ דערלויבעניש צו וווינען אין קיעוו. ער האָט געמאַכט אַ ווונדערלעך שאַכטישל און אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען. פֿול מיט האָפֿענונג האָבן מיר אײַנגעפּאַקט אונדזערע פּעק און פֿאַרלאָזט פּינסק. אין קיעוו האָט מײַן טאַטע געפֿונען אַרבעט בײַ דער רעגירונג, געמאַכט מעבל פֿאַר שול־ביבליאָטעקן און אַפֿילו באַקומען אַן אַדרויף. מיט אָט דעם געלט און מיט וואָס ער האָט נאָך געבאָרגט, האָט ער אויפֿגעשטעלט אַ קליינעם סטאָליער־וואַרשטאָט, אַן אייגענעם, און ס׳האָט אויסגעזען ווי אַלץ וואָלט געגאַנגען אויף אַ מזלדיקן וועג. צום סוף איז עס אָבער געווען אַ דורכפֿאַל. אפֿשר דערפֿאַר, ווי ער האָט געטענהט, ווײַל ער איז געווען אַ ייִד און קיעוו איז דאָך געווען באַקאַנט מיטן אַנטיסעמיטיזם. ווי ס׳זאָל נישט זײַן, איז אין גיכן געוואָרן אויס אַרבעט און אויס געלט, געבליבן זענען נאָר חובות, וואָס מ׳האָט געדאַרפֿט באַצאָלן, אַ מצב, וואָס האָט זיך נישט איין מאָל איבערגעחזרט אין מײַן קינדהייט.

מײַן טאַטע האָט אייפֿערדיק געזוכט אַרבעט, בײַ וואָס עס זאָל נישט זײַן. ער פֿלעגט גאַנצע טעג, ביז אין דער נאַכט אַרײַן, נישט זײַן אין שטוב. קומענדיק אַהיים. אין דער ביטערער פֿינצטערניש פֿון רוסישן ווינטער, האָט ער זעלטן געפֿונען אין שטוב אַ ביסל וואַרעם געקעכטס און פֿלעגט זיך מוזן באַנוגענען מיט טרוקן ברויט און הערינג.

מײַן מאַמע האָט אָבער געהאַט אויך אַנדערע צרות. פֿיר קליינע ייִנגלעך און אַ מיידל זענען געוואָרן שווער קראַנק. צוויי זענען אַוועק פֿון דער וועלט נאָך איידער זיי זענען אַלט געוואָרן אַ יאָר. די אַנדערע צוויי האָבן אויסגע־הויכט זייערע נשמות אין איין חודש. מײַן מאַמע האָט נאָך יעדן קינד אירס געטרויערט מיט אַ צעבראָכן האַרץ, אָבער פּונקט ווי ס׳רוב ייִדישע מאַמעס אין

יענער צײַט, האָט זי משלים געווען מיט גאָטס ווילן און, קוקנדיק אויף דער שורה קליינע קברים, נישט געמאַכט קיין אויספירן לגבי ווײַטער ברענגען קינדער אויף דער וועלט.

נאָכן טויט פון פערטן קינד האָט אַ פֿאַרמעגלעכע משפחה בשכנות מיט אונדז, פֿאַרגעשלאָגן מײַן מאַמען אַ שטעלע ווי אַן אַם פֿאַר זייער ניי־געבוירן קינד. זיי האָבן געשטעלט אַ באַדינג, אַז מײַנע עלטערן און שייַנע זאָלן זיך אַריבערציען פֿון זייער אָרעמען פֿײַכטן צימער אין אַ גרעסערן, מיט מער ליכט און מיט מער לופֿט. דערנאָך וועט אַ קראַנק־שוועסטער לערנען מײַן אָרעמער מאַמען די עלעמענטאַרע יסודות ווי אומצוגיין מיט אַ זויגקינד. איז אויסגעקומען, אַז אַ דאַנק דעם „אַדאָפּטירטן קינד" האָט זיך פֿאַרבעסערט אויך שייַנעס לעבן און איך בין געבוירן געוואָרן אין אַ מער אײַנגעאָרדנטער סביבה, מיט מער ציכטיקייט און היגיענע. די מענטשן זענען געווען גוט צו אונדז און האָבן געזאָרגט, אַז מײַן מאַמע זאָל האָבן גענוג צו עסן. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און מײַנע עלטערן האָבן געבראַכט אויף דער וועלט דרײַ קינדער: שייַנען, ציפּקען און מיך.

אין 1903, ווען איך בין אַלט געווען נאָענט צו פֿינף יאָר, זענען מיר צוריק אַריבער קיין פּינסק. דער טאַטע איז נישט געווען פֿון די וואָס גיבן זיך לײַכט אונטער. ער האָט געהאַט אַ נײַעם פּלאַן: פֿאָרן קיין אַמעריקע, אין דער גאָלדענער מדינה, ווי יידן האָבן זי גערופֿן, און דאָרט געפֿינען זײַן גליק. די מאַמע, שייַנע, ציפּקע און איך וועלן אויף אים וואַרטן אין פּינסק. ער האָט צוזאַמענגענומען זײַן ביסל פֿאַרמעגן און זיך געלאָזט צום אומבאַקאַנטן קאָנטינענט. מיר זענען געבליבן אין הויז פֿון מײַן זיידן.

כ׳וויס נישט אויף וויפֿל מײַנע באָבע־זיידע האָבן געהאַט אַ השפּעה אויף מיר, כאָטש אין פּינסק האָב איך אַ לאַנגע צײַט געלעבט מיט זיי אין איינעם. כ׳גלייב קוים, אַז מײַן זיידע פֿון טאַטנס צד זאָל בכלל האָבן געשפּילט אַ ראָל אין מײַן לעבן. ער איז געשטאָרבן איידער מײַנע עלטערן האָבן זיך באַקענט. דאָך איז ער געווען איינע פֿון די פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן אויסגעפֿילט מײַן קינדהייט. איצט, ווען איך קער זיך אום צום עבר, פֿיל איך, אַז ער געהערט צו אָט דער געשיכטע. ער איז געווען איינער פֿון די טויזנטער „געכאַפּטע" יידישע קינדער אין רוסלאַנד, פֿאַרשלעפּט מיט גוואַלד אין דער אַרמיי פֿון צאַר, צו דינען אים 25 יאָר. אָפּגעריסענע און הונגעריקע — זענען אָט די קינדער געווען אונטער אַ כסדרדיקן דרוק אָנצונעמען די קריסטלעכע רעליגיע. מײַן זיידן מאַבאָוויטש האָט די צאַרישע אַרמיי אָוועקגענומען פֿון זײַן היים ווען ער איז אַלט געווען דרײַצן יאָר, אַ קינד פֿון אַ פֿרומער שטוב, דערצויגן אין אָרטאָדאָקסיש־יידישער טראַדיציע. מען האָט פֿאַרלענגערט זײַן דינסט מיט דרײַצן יאָר. נאָר נישט געקוקט אויף די דראָונגען, אָפּלאַכערײַ און שטראָפֿמיטלען, האָט ער זיך קיין מאָל נישט צוגערירט צו טרייף

עסן. ער האָט די אַלע יאָרן געלעבט אויף רויע גרינסן און טרוקן ברויט און זײַן אמונה נישט פֿאַרראַטן. ער איז אָפֿט באַשטראָפֿט געוואָרן פֿאַר זײַן עקשנות און געמוזט לאַנגע שעהען קניִען אויף אַ שטיינערנער פּאָדלאָגע. ווען ער איז באַפֿרײַט געוואָרן און איז צוריקגעקומען אַהיים האָט אים נאָכגעיאָגט דער פּחד: אפֿשר האָט ער אַ מאָל נישט ווילנדיק געזינדיקט קעגן דער תּורה. כּדי תּשובֿה צו טאָן איז ער יאָרן־לאַנג געשלאָפֿן אין אַ קאַלטן בית־המדרש מיט אַ שטיין אונטערן קאָפּ במקום אַ קישן. נישט קיין וווּנדער וואָס ער איז יונג געשטאָרבן. מײַן זיידע מאָבאָוויטש איז נישט געווען דער איינציקער אין דער משפּחה וואָס האָט זיך נישט געלאָזט בייגן. געווען איז ער — אויב ניצן דאָס מאָדערנע וואָרט, וואָס מענטשן, וועלכע געהערן נישט צו מײַנע פֿאַרערערס, נוצן לגבי מיר — אומפּשרותדיק.

לאָמיר אויך דערמאָנען די מוטער פֿון מײַן באָבען, פֿון מײַן מאַמעס צד, וועלכע איך האָב קיין מאָל נישט געקענט און וואָס נאָך איר האָט מען מיר אַ נאָמען געגעבן. זי איז געווען באַוווּסט מיט איר אײַזערנעם ווילן און בייגונג צו דעצידירן. מען האָט אונדז דערציילט, אַז קיינער אין דער משפּחה האָט זיך נישט דערוועגט צו שטעלן אַ טראָט אָן צו פֿרעגן בײַ איר אַן עצה. מײַן עלטער־באָבען גאָלדע האָט מען צווישן אַנדערן צוגעשריבן דעם פֿאַקט, וואָס מען האָט מײַנע עלטערן דערלויבט חתונה צו האָבן. ווען מײַן טאַטע איז געקומען צום זיידן נײַדיטש, בעטן בײַ אים רשות צו נעמען מײַן מאַמען פֿאַר אַ ווײַב, האָט מײַן זיידע געשאָקלט באַדויערנדיק מיטן קאָפּ און שטאַרק געזיפֿצט. רבונו־של־עולם, זיין טײַערע בלומע גייט חתונה האָבן מיט אַ פּשוטן סטאָליער, כאָטש אין דער אמתן האָט מײַן טאַטע געקענט פֿאַררעכנט ווערן ווי אַ פֿאַכמאַן אין מאַכן שאַפֿעס. מײַן מאַמעס באָבע איז אָבער גלײַך געקומען צו הילף: ״וויכטיקער פֿון אַלץ — האָט זי געזאָגט — איז צי ער איז אַ מענטש אָדער נישט... אויב ער איז אַ מענטש, קען אויך פֿון אַ סטאָליער ווערן אַ סוחר״. מײַן טאַטן איז אָבער באַשערט געווען צו בלײַבן אַ סטאָליער דאָס גאַנצע לעבן. אַ דאַנק מײַן באָבעס פּסק האָט מײַן זיידע מסכּים געווען אויף דעם שידוך און געגעבן זײַן ברכה. די באָבע גאָלדע האָט געלעבט 94 יאָר. איינע פֿון די מעשׂיות וואָס איך געדענק צום בעסטן וועגן איר איז, אַז זי פֿלעגט טרינקען טיי מיט זאַלץ אַנשטאָט מיט צוקער. זי פֿלעגט זאָגן: „איך וויל מיטנעמען מיט זיך אויף יענער וועלט דעם טעם פֿון גלות״. מײַנע עלטערן פֿלעגן צו מיר זאָגן: „ווי שטאַרק ענלעך איר זײַט איינע צו דער אַנדערער״.

קיינער פֿון זיי איז נישט פֿאַרבליבן, נישט זיי, נישט זייערע קינדער, נישט זייערע קינדסקינדער און נישט זייער לעבנס־שטייגער. פֿאַרשוווּנדן איז אין מיזרח־אייראָפּע דאָס שטעטל, אַוועק אין פֿלאַמען. אויפֿגעהיטן איז געבליבן דער זכר בלויז אין דער יידישער ליטעראַטור, אין וועלכער דאָס שטעטל האָט געפֿונען

זײַן פולן אויסדרוק, איז געוואָרן רעקאָנסטרויִרט אין נאָוועלעס, ראָמאַנען און אויך אין פילמען. מען לייענט וועגן שטעטל און מען זעט עס אויף דער לײַוונט אין ערטער, פון וועלכע מײַנע זיידעס האָבן קיין מאָל נישט געהערט. דאָס האַרציק־וואַרעמע פריילעכע און צויבערנדיקע שטעטל, אויף וועמענס דעכער פידלערס שפּילן אייביק סענטימענטאַלע מוזיק, האָט כּמעט קיין שײַכות נישט מיט דעם וואָס איך געדענק — די אָרעמע אומגליקלעכע יישובים, ווו ייִדן האָבן שווער געהאָרעוועט אויף פּרנסה, זיך געטרייסט מיט דער האָפענונג, אַז עס וועלן קומען בעסערע טעג און זיך געשטאַרקט אין זייער גלויבן, אַז עס איז פאַראַן אַ זינען אין זייער פּלאָגן זיך.

ס׳רובֿ ייִדן זענען געווען גאָטפאַרכטיקע און מוטיקע מענטשן, אָבער זייער לעבן, פּונקט ווי דאָס לעבן פון מײַן זיידן מאַבאָוויטש, אין מערסטנס געווען טראַגיש. איך אַליין האָב קיין מאָל נישט געפילט, אַפילו נישט קיין איין רגע, קיין בענקשאַפט נאָך דעם עבֿר, אין וועלכן כ׳בין געבוירן געוואָרן, כאָטש ער האָט איבערגעלאָזט אויף מיר זײַן קענטיקן קלאָרן און מיך שטאַרק באַווירקט. דאָס שטעטל האָט אויך משפּיע געווען אויף מײַנע איבערצײַגונגען, סײַ לגבי די רעכט פון מענער, פרויען און קינדער אויסצולעבן זיך ווי און וואָס זיי זאָלן נישט זײַן, דהיינו פּראָדוקטיוו און פרײַ פון דערנידערונג, און סײַ לגבי דעם אופן אויף וועלכן ייִדן בפרט זאָלן פירן זייער לעבן. כ׳פלעג אָפט דערציילן מײַנע קינדער און לעצטנס מײַנע אייניקלעך, וועגן לעבן אין שטעטל אַזוי ווי איך געדענק עס. פון קיין זאַך בין איך נישט אַזוי גליקלעך ווי פונעם פאַקט וואָס פאַר זיי איז עס מער נישט ווי אַ לעקציע געשיכטע, אַ זייער וויכטיקע לעקציע, אָבער נישט עפּעס אַזעלכעס, מיט וועלכן זיי וואָלטן זיך אידענטיפיצירט, ווײַל זייער לעבן איז באַלד פון אָנהייב געווען גאַנצן אַנדערש.

מײַן טאַטע האָט אין אַמעריקע פאַרבראַכט דרײַ שווערע, עלנטע יאָרן. מיט אַ סך פּײַן האָט ער געשאַפן דאָס געלט אויף אַהינצוקומען, פּונקט ווי די טויזנטער רוסישע ייִדן, וועלכע האָבן געשטראָמט אין דער גאָלדענער מדינה בײַם סוף פון נײַנצנטן און אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. מײַן טאַטע האָט געטראַכט וועגן אַמעריקע ווי וועגן דעם איינציקן אָרט, ווו ער וועט קענען צונויפשטעלן אַ קאַפּיטאַל און דערנאָך צוריקפאָרן אַהיים, קיין רוסלאַנד, צו אַ נײַ לעבן. נישט אַזוי איז געשען, נישט מיט אים און נישט מיט די טויזנטער מענטשן ווי ער. אָבער דער געדאַנק, אַז דער טאַטע וועט קומען צו אונדז צוריק, האָט לײַכטער געמאַכט דאָס לעבן אין די יאָרן ווען מיר זענען געבליבן אַליין.

קיעוו, מײַן געבוירן־שטאָט, איז פאַר מיר ווי פאַרהוילן אין נעפּל פון צײַט. דערקעגן האָב איך אויפגעהיט אין מײַן זכּרון דאָס בילד פון פּינסק, אפשר דערפאַר וואָס איך האָב וועגן אָט דער שטאָט אַ סך געהערט און געלייענט.

אַ סך פון די מענטשן, וועלכע איך האָב שפּעטער באַגעגנט אויף מײַן לעבנסוועג, האָבן געשטאַמט פון פּינסק אָדער פון די אַרומיקע שטעטלעך, ווי די משפחות פון חיים ווײַצמאַן און משה שרת.

מיט יאָרן שפּעטער האָב איך צוויי מאָל געהאַלטן בײַם פאָרן אויף אַ וויזיט קיין פּינסק. אין 1939, זײַענדיק אין פּוילן אין שליחות פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, בין איך קראַנק געוואָרן אין טאָג פון מײַן געפּלאַנטער רײַזע קיין פּינסק. זומער 1948, ווען איך בין נאָמינירט געוואָרן ווי דער ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין ראַטן־פאַרבאַנד, האָט מיך ווידער באַהערשט דער ווילן צו פאָרן קיין פּינסק און זען צי עס האָט ווער פון מײַן משפחה איבערגעלעבט דעם חורבן, אָבער די סאָוויעטישע רעגירונג האָט עס מיר נישט דערלויבט. איך האָב אַלץ געהאָפט, אַז מיט דער צײַט וועל איך קענען מאַכן די נסיעה, אָבער אָנהייב 1949 בין איך צוריקגעפאָרן קיין ישראל און מײַן וויזיט אין פּינסק איז אָפּגעלייגט געוואָרן אויף אַן אומבאַשטימטער צײַט. אפשר איז עס געווען צום גוטן, וואָרעם שפּעטער האָב איך זיך דערוווסט, אַז פון אונדזער גרויסער משפּחה איז געבליבן לעבן נאָר איינער, אַ ווײַטער קרוב.

די שטאָט פּינסק, ווי איך געדענק זי, איז געווען פול מיט ייִדן, געווען באַקאַנט ווי איינער פון די גרויסע צענטערס פון ייִדישן לעבן אין רוסלאַנד. אַ באַשטימטע צײַט איז דאָרט אפילו געווען אַ ייִדישער רוב. פּינסק איז געלעגן בײַ צוויי גרויסע טײַכן, פּינאַ און פּריפּעט, וועלכע פאַלן אַרײַן אין דניעפּער. פון אָט די טײַכן האָבן ס׳רוב ייִדן געצויגן זייער פּרנסה, פאַרנומען זיך מיט פישערײַ, מיט אויסלאָדן משאות פון די שיפלעך, טרעגערס געווען, געשפּאָלטן גיגאַנטישע אײַזקריזעס, געשלעפּט דאָס אײַז אין די קעלערס פון די פאַרמעגלעכע באַלעבאַטישע הײַזער, אויפצוהאַלטן די קילקייט פאַרן גאַנצן זומער. אַ צײַט האָט מײַן זיידע, גאַנץ פאַרמעגלעך אין פאַרגלײַך מיט מײַנע עלטערן, געהאַט אַזאַ מין קעלער, די שכנים פלעגן אין די שבתים און יום־טובים ברענגען אַהין טעפּלעך מיט עסן, אָדער געקויפט שטיקלעך אײַז פאַר קראַנקע. די רײַכערע ייִדן האָבן געהאַנדלט מיט האָלץ און זאַלץ. אין פּינסק זענען געווען ייִדישע פאַבריקן פון טשוועקעס, דיקטן און שוועבעלעך. צענדליקער ייִדן האָבן געאַרבעט אין די דאָזיקע פאַבריקן.

מערסטנס געדענק איך אָבער די פּינסקער בלאָטעס, ווי מיר האָבן זיי גערופן בײַ אונדז: די זומפּן וואָס האָבן דעמאָלט אויסגעזען אין מײַנע אויגן ווי אָקעאַנען. מען האָט אונדז געלערנט אויסצומײַדן זיי ווי אַ פּלאָג. אין מײַן זכרון טייל איך נישט פונאַנדער צווישן די בלאָטעס און די קאָזאַקן. איך געדענק אַ ווינטער־נאַכט, ווען כ׳האָב זיך געשפּילט מיט נאָך קינדער אויף אַ שטעגל נאָענט צו דער בלאָטע. פּלוצלינג, ווי פון דער לופטן, און אפשר פון די זומפּן אַרויס, האָבן זיך באַוויזן קאָזאַקן אויף זייערע פערד. ממש אין אַ גאַלאָפּ איבער אונדזערע

אײַנגעבויגענע ציטערנדיקע קערפּערס. מײַן מאַמע האָט שפּעטער מיט געוויין און ציטער אויסגערופן: „נו, וואָס האָב איך אײַך געזאָגט?“

קאַזאַקן און שוואַרצע זומפּן זענען נישט געווען מײַן איינציקער שרעק אין פּינסק. כ׳געדענק אַ גאַס, וואָס האָט געפירט צום טײַך און צום מאָנאַסטיר. אַנטקעגן, אויף אַ באַרגיקן שטח, האָט זיך געצויגן אַ שורה גרויסע בנינים, בײַ וועלכע עס זענען אַ גאַנצן טאָג געזעסן אָדער געלעגן אַ סך קאַליקעס מיט ווילד־צעפּלאָשעטע האָר און ווילדע אויגן. זיי האָבן זיך געמאַליעט אויפן קול און געבעטן נדבות. איך האָב זיך באַמיט זיי אויסצומײַדן, אָבער ווען כ׳האָב געמוזט דאָרט דורכגיין, פלעג איך פאַרמאַכן די אויגן און לויפן. עס איז גענוג געווען מײַן מאַמע זאָל דערמאָנען די בעטלערס, איך זאָל נאָכלאָזן פון מײַן צולהכעיסדיקער עקשנות.

דאָך איז מסתמא נישט אַלץ געווען אַזוי שרעקלעך. כ׳בין געווען אַ קינד און, ווי אַלע קינדער, זיך געשפּילט, געזונגען און אויסגעטראַכט מעשיות צו דערציילן דעם קלײנעם שוועסטערל אין שטוב. מיט שיינעס הילף האָב איך זיך געלערנט לייענען און שרײַבן און אַפילו אַ ביסל אַריטמעטיק, וואָרעם איך האָב נישט אָנגעהויבן צו גיין אין שול אין פּינסק, ווי דאָס האָט זיך געפאָדערט. „אַ גאָלדן קינד האָבן זיי דיך גערופן“ — פלעגט מײַן מאַמע מיר דערציילן — „שטענדיק מיט עפּעס פאַרנומען“, אָבער מיט וואָס איך בין באמת געווען פאַרנומען אין פּינסק, מיין איך, איז געווען דאָס לערנען וועגן לעבן און, ווידער אַ מאָל, מערסטנס מיט שיינען.

שיינע איז אַלט געווען פערצן יאָר, ווען מײַן טאַטע איז אַוועק קיין אַמעריקע. זי איז געווען אַ מערקווערדיק, אינטעליגענט און קלוג מיידל און האָט געהאַט אַ שטאַרקע השפּעה אויף מײַן לעבן, אפשר די שטאַרקסטע, אַחוץ דער השפּעה פון מײַן מאַן. זי איז געווען אַן אויסערגעוויינטלעכער מענטש און פאַר מיר — אַ שײַנענדיקער בײַשפּיל, מײַן טײַערסטע חברטע און וועגווײַזערין. אַפילו שפּעטער, ווען מיר זענען שוין ביידע געווען דערוואַקסענע פרויען, באַבעס, איז שיינעס ליבע און הסכמה — נישט אַזוי גרינג זוכה צו זײַן — געווען פאַר מיר דאָס העכסטע. שיינע איז געווען נישט אָפּצוטיילן פון מײַן לעבן. זי איז געשטאָרבן אין 1972, אָבער איך טראַכט וועגן איר כסדר. אירע קינדער און אייניקלעך זענען מיר פונקט אַזוי טײַער ווי מײַנע אייגענע.

נישט געקוקט דערויף וואָס מיר זענען געווען אַזוי אָרעם און די מאַמע האָט קוים באַוויזן אונדז צו באַשפּייזן (מיטן זיידנס הילף), האָט שיינע זיך אָפּגעזאָגט צו גיין אַרבעטן. דאָס איבערציִען זיך קיין פּינסק איז אויף איר געפאַלן זייער שווער. אין קיעוו איז זי געגאַנגען אין אַן אויסגעצייכנטער שול, געשטרעבט צו שטודירן, געוואָלט אײַנהאַנדלען וויסן און באַקומען אַ גוטע דערציִונג, נישט נאָר כּדי זי אַליין זאָל האָבן אַ בעסער לעבן, נײַערט אויך קענען העלפן צו בײַטן

און פֿאַרבעסערן די וועלט. בײַ פֿערצן יאָר איז שיינע געווען אַ רעוואָלוציאָנערקע, אַן ערנסטער און איבערגעגעבענער מיטגליד אין דער סאָציאַליסטיש־ציוניסטישער באַוועגונג. ווי אַזעלכע איז זי אין די אויגן פֿון דער פּאָליציי געווען טאָפּל געפֿערלעך און עס האָט אויף איר געלויערט די סכּנה צו ווערן שטרענג באַשטראָפֿט. זי ווי אויך אירע פֿרײַנד האָבן געקעמפֿט נישט נאָר אַראָפּצוואַרפֿן דעם מאַכטיקן צאַר, נײַערט אויך פֿאַרן פֿאַרווירקלעכן דעם חלום אויפֿצובויען אין פּאַלעסטינע אַ יידיש־סאָציאַליסטישע מדינה. אין אָנהויב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט אין רוסלאַנד אַפֿילו אַ פֿערצן־אָדער פֿופֿצן־יאָריק מיידל, וואָס האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַזעלכע פּלענער, געקענט ווערן אַרעסטירט און באַשולדיקט אין רעוואָלוציאָנע־רער טעטיקייט. כ׳געדענק ביז הײַנט די געשרייען פֿון יונגע מענער און פֿרויען, וועלכע מען האָט אויף דער פּאָליציי־סטאַנציע, נישט ווײַט פֿון אונדזער הויז, ברוטאַל געשלאָגן. מײַן מאַמע האָט אויך געהערט די געשרייען און כּסדר זיך געבעטן בײַ שיינען צו דערווײַטערן זיך פֿון דער באַוועגונג, וואָרעם זי קען דאָך שטעלן אין סכּנה נישט נאָר זיך אַליין, נאָר אויך אונדז אַלע און אַפֿילו דעם טאַטן אין אַמעריקע. שיינע איז אָבער געווען אײַנגעשפּאַרט. פֿאַר איר איז נישט געווען דאָס שטערבן צו שינויים. זי האָט געדאַרפֿט אַליין אָנטיילנעמען אין רעאַליזירן דעם טרוים. נאַכט נאָך נאַכט איז מײַן מאַמע געווען וואַך ביז שיינע פֿלעגט צוריקקומען פֿון אירע סודותדיקע זיצונגען. איך בין געלעגן אין בעט און שטילערהייט אַלץ באַנומען: שיינעס מסירות־נפֿשדיקע איבערגעגעבנקייט צו אירע אידעאַלן; דער מאַמעס זאָרג און אומרו, דעם טאַטנס פֿעלן אין שטוב (פֿאַר מיר אומפֿאַרשטענדלעך) און דער אַפּטער שרעקלעכער עכאָ פֿון די פֿערד־קאָפּיטעס פֿון די קאָזאַקן, וועלכע האָבן גאַלאָפּירט איבער די גאַסן.

אין די שבתים, ווען מײַן מאַמע פֿלעגט אָוועקגיין דאַווענען, פֿלעגט שיינע אָרגאַניזירן אין שטוב פֿאַרזאַמלונגען. אַפֿילו ווען די מאַמע האָט עס אָנטפּלעקט און זיך געבעטן בײַ שיינען נישט צו שטעלן אונדז אין געפֿאַר האָט זי גאָרנישט געקענט פּועלן. אין שבתדיקע פֿרימאָרגנס, קומענדיק צוריק אַהיים, פֿלעגט מײַן מאַמע שפּרײַזן נערוועז אַהין און צוריק אַרום דער שטוב, זען צי עס דערנענטערט זיך נישט קיין פּאָליציי־מאַן, כּדי צו וואָרענען די יונגע מענטשן אינעווייניק. באַאומרויִקט מײַן מאַמען האָט נישט נאָר די מורא פֿאַר דער פּאָליציי, נײַערט אויך דער שרעק, טאָמער איז עמעץ פֿון שיינעס פֿרײַנד אַ פֿאַרשטעלטער פּראָוואָ־קאַטאָר — אַ טרויעריקע ווירקלעכקייט אין יענע יאָרן אין רוסלאַנד.

צו קליין בין איך נאָך געווען צו פֿאַרשטיין די סיבה פֿון די טרערן, פּוגעם קלאַפּן מיט די טירן. כ׳פֿלעג זיך אײַנקאָרטשען אויפֿן פּלאַכן דאָך פֿון אונדזער גרויסן אויוון, וואָס איז געווען אַרײַנגעבויט אין דער וואַנט און אין די שבתדיקע פֿרימאָרגנס שעהען־לאַנג זיך צוגעהערט צו די רייד פֿון שיינען און פֿון אירע פֿרײַנד, געוואָלט פֿאַרשטיין פֿאַר וואָס זענען זיי אַלע אַזוי צעהיצט און פֿאַר וואָס

די מאַמע האָט געוויינט. אַפּט מאָל, ווען איך פֿלעג מאַכן אַן אָנשטעל צו זײַן פּאַרטיפּט אין צייכענען אָדער קאָפּירן די משונהדיק געפּאַרעמטע אותיות אין סידור, וואָס איז געווען איינס פֿון אונדזער ביסל ביכער אין הויז, האָב איך געפּרוּווט אויפֿכאַפּן וואָס שיינע האָט מיט אַזוי פֿיל ברען דערקלערט מײַן מאַמען, אָבער אַלץ וואָס איך האָב באַנומען איז געווען, אַז מײַן שוועסטער שיינע איז אין אַ קאַמף נישט נאָר בנוגע דעם רוסישן פֿאָלק, נאָר אויך, און טאַקע בפרט, דעם ייִדישן פֿאָלק.

אַ סך האָט מען שוין געשריבן און אַ סך וועט מען נאָך שרײַבן וועגן דער ציוניסטישער באַוועגונג און פֿיל מענטשן האָבן שוין איצט אַן אָנונג וואָס ציוניזם מיינט: דער צוריקקער פֿון ייִדישן פֿאָלק אין לאַנד פֿון זײַנע אָבות, ארץ־ישראל, אָבער אַפֿילו בײַם הײַנטיקן טאָג באַנעמט נישט יעדער, אַז די דאָזיקע מערקווערדיקע באַוועגונג איז ספּאָנטאַן אויפֿגעקומען בײַם סוף פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט און מער־ווייניקער אין דער זעלבער צייט אין פֿאַרשיידענע לענדער אין אייראָפּע. געווען איז עס אַ דראַמע, אויפֿגעפֿירט אויף פֿאַרשיידענע אופֿנים, אויף פֿאַרשיידענע סצענעס, אין פֿאַרשיידענע שפּראַכן, אָבער באַהאַנדלט האָט זי די זעלבע טעמע אומעטום, דהײַנו: די אַזוי גערופֿענע ייִדישע פּראָבלעם (פּאַקטיש איז עס געווען אַ קריסטלעכע פּראָבלעם), אין תּוך אַ רעזולטאַט פֿון ייִדישער היימלאָזיקייט, וואָס קען נישט און וועט נישט געלייזט ווערן כּל־זמן ייִדן וועלן נישט האָבן צוריק אַן אייגן לאַנד. איבעריק צו זאָגן, אַז אָט דאָס לאַנד קען נאָר זײַן ציון, פֿון וואַנען מיר זענען פֿאַרטריבן געוואָרן מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק, וואָס איז אָבער פֿאַרבליבן דער גײַסטיקער צענטער פֿונעם ייִדנטום אין משך פֿון אַלע דורות. ווען איך בין נאָך געווען אַ קליין מיידל אין פּינסק, און אַזוי ביזן סוף פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז דאָס לאַנד געווען אַ וויסטע אָפּגעלאָזענע פּראָווינץ, אין דער אָטאָמאַני־שער אימפּעריע און מען האָט עס גערופֿן פּאַלעסטינע.

די ערשטע ייִדן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אויף אַ מאָדערנעם אופֿן שיבת ציון, זענען אָנגעקומען אין 1878, אויפֿגעבויט אַ דאָרף פֿון חלוצים און עס אָנגערופֿן פּתח־תּקוה. אַרום 1882 זענען געקומען קליינע גרופּעס פֿון רוסלאַנד, די „חובבי־ציון”, באַשלאָסן אויסצולייזן דעם באָדן, אים באַאַרבעטן און באַשיצן. אין 1894 האָט טעאָדאָר הערצל, וועלכער האָט געזאָלט ווערן דער גרינדער פֿון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע און אַזוי אַרום דער פֿאָטער פֿון דער ייִדישער מדינה, נישט געוווּסט וואָס עס קומט פֿאָר צווישן די ייִדן אין מיזרח־אייראָפּע און עס איז אים אויך נישט געווען באַקאַנט די עקסיסטענץ פֿון די „חובבי־ציון”. הערצל, דער פּאַריזער קאָרעספּאָנדענט פֿון דער וויכטיקער ווינער צײַטונג „נויע פֿרײַע פּרעסע”, האָט ערשט אין 1894 אָנגעהויבן זיך אינטערעסירן מיטן גורל פֿון די ייִדן. געשען איז עס בעתן דרייפֿוס־פּראָצעס, וועלכן ער האָט געדאַרפֿט באַשרײַבן פֿאַר זײַן צײַטונג. טיף גערירט פֿונעם אומרעכט וואָס מען איז באַגאַנגען קעגן דעם

ייִדישן אָפּיציר און פונעם עפנטלעכן אַנטיסעמיטיזם אין דער פראַנצויזישער אַרמיי, איז אויך הערצל געקומען צו דער מסקנא, אַז עס איז פאַראַן נאָר איין פּערמאַנענטע לייזונג פאַר דעם מצב פון די ייִדן. זײַנע שפּעטערדיקע דערגרייכונגען און דורכפאַלן, זיין ווונדערלעכער פאַרמעסט צו שאַפן אַ ייִדיש לאַנד, זענען אַ טייל פון דער געשיכטע, וועלכע מען לערנט די ישראלדיקע קינדער אין די שולן און דאַרף שטודירט ווערן דורך איטלעכן וואָס וויל פאַרשטיין דעם ציוניזם.

הגם מײַן מאַמע און שיינע האָבן געוווּסט וועגן הערצלען, האָב איך צום ערשטן מאָל געהערט זײַן נאָמען ווען מײַנע אַ מומע (וואָס האָט געוווינט אין דעם זעלבן הויז ווו די ווייצמאַן־משפחה און איז געווען די פאַרשפּרייטערין פון גוטע און שלעכטע נײַעסן) איז איין מאָל אַרײַנגעקומען צו אונדז, אירע אויגן פול מיט טרערן, און אָנגעזאָגט מײַן מאַמען: הערצל איז אַוועק פון דער וועלט. איך וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן דאָס שווערע שטילשווײַגן וואָס האָט זיך אײַנ־געשטעלט. וואָס שייך שיינען, האָט זי דעצידירט — זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר איר דרך — זיך קליידן בלויז אין שוואַרצן און דערמיט אויסדריקן איר טרויער. אין אַזעלכע קליידער האָב איך זי געזען זינט יענעם נאָכמיטאָג, זומער 1904, ביז מיר זענען אָנגעקומען קיין מילוואָקי, מיט צוויי לאַנגע יאָר שפּעטער.

כאָטש די ייִדישע שטרעבונג צו אַן אייגן לאַנד איז נישט געווען קיין דירעקטער פּועל־יוצא פון די פּאָגראָמען (ייִדישע קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל האָבן געפאָדערט נישט נאָר ייִדן, אויך באַשטימטע נישט־ייִדן, נאָך איידער דאָס וואָרט פּאָגראָם איז אַרײַן אין וואָקאַבולאַר פון אייראָפּעישן ייִדנטום), האָבן די רוסישע פּאָגראָמען, וועלכע איך געדענק פון מײַן קינדהייט, געגעבן דעם ציוניסטישן אידעאַל אַ גרעסערע דרינגענדיקייט, בפרט ווען עס איז קלאָר געוואָרן, אַז די רוסישע רעגירונג האָט געניצט די ייִדן ווי אַ שעיר־לעזאזל אינעם קאַמף קעגן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

ס'רוב יונגע ייִדישע רעוואָלוציאָנערן אין פּינסק, הגם פאַראייניקט אין זייער באַשלוס צו מאַכן אַ סוף צום צאַרישן רעזשים און פאַראייניקט אין זייער ענטוזיאַזם פאַר בילדונג, ווי אַ מיטל צו באַפרײַען די אונטערדריקטע און עקספּלואַטירטע רוסישע מאַסן, זענען אָבער געווען צעטיילט לגבי דער ייִדישער פּראָבלעם. עס זענען געווען צוויי גרופּעס: די בונדיסטן, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז די לייזונג וועט ברענגען דער זיג פון סאָציאַליזם. מיטן בײַטן די עקאָנאָמישע און סאָציאַלע סטרוקטור בײַ ייִדן וועט אויך דער אַנטיסעמיטיזם פאַרשווינדן. אין אַט דער בעסערער ליכטיקער סאָציאַליסטישער וועלט וועלן די ייִדן, אויב זיי וועלן עס באַגערן, קענען אויפהאַלטן זייער קולטורעלע אידענטיטעט, אַנגיין מיט זייער ייִדישן לשון, עסן זייערע מאכלים און וועלן נישט האָבן קיין סיבה זיך צו האַלטן בײַם ייִדישן נאַציאָנאַליזם. די צווייטע גרופּע, די פּועלי־ציון, צו וועלכע אויך שיינע האָט געהערט, האָט די זאַך געזען גאַנץ אַנדערש. זיי האָבן

געטענהט, אַז די ייִדישע פּראָבלעם האָט גאָר אַנדערע וואָרצלען און דעריבער פֿאָדערט זיך אַ מער ראַדיקאַלע און אַ מער גרונטיקע לייזונג ווי דאָס פֿאַרריכטן די עקאָנאָמישע פֿעלערן און סאָציאַלע אומגלײַכקייטן. צוזאַמען מיטן סאָציאַליסטישן אידעאַל, וועלכער איז זיי געווען זייער טײַער, האָבן זיי אויך געשטרעבט צו ייִדישער נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט. ווי גרויס די איראָניע זאָל נישט זײַן, זענען די ביטערסטע שונאים פֿון ציוניזם געווען די בונדיסטן, נישט געקוקט דערויף וואָס זיי זענען אויך געווען פּונקט אַזוי אומלעגאַל און געראָדפֿט. די דיסקוסיעס וואָס האָבן אָפּגעהילכט אין מײַן מוח, האָבן מערסטנס געהאַט צו טאָן מיטן קאָנפֿליקט צווישן אָט די צוויי גרופּעס.

אָפּט מאָל, ווען ס'פֿלעגט אויסברעכן אַ קריגערײַ צווישן שיינען און מיר און איך פֿלעג פֿאַרלירן מײַן געדולד, האָב איך געסטראַשעט, אַז איך וועל דערציילן דעם רויט־פּנימדיקן מאַקסים, דער פּאָליציאַנט אין אונדזער ראַיאָן, וועגן אירע פּאָליטישע אַקטיוויטעטן. פֿאַרשטייט זיך, אַז שיינע האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז דאָס זענען פּוסטע סטראַשונקעס און כ'וועל עס קיין מאָל נישט טאָן, אָבער פֿון דעסטוועגן איז זי געווען באַזאָרגט. „וואָס וועסטו דערציילן מאַקסימען?" — האָט זי געפֿרעגט. „איך וועל אים זאָגן, אַז דו און דײַנע פֿרײַנד ווילן אַראָפּוואַרפֿן דעם צאַר". זי האָט מיר געענטפֿערט: „ווייסטו וואָס עס וועט דעמאָלט געשען מיט מיר? מען וועט מיך פֿאַרשיקן קיין סיביר, פֿון וואַנען כ'וועל קיין מאָל נישט צוריקקומען און דאָרט שטאַרבן פֿון קעלט". איבעריק צו זאָגן, אַז כ'פֿלעג שטענדיק זיך היטן פֿאַר מאַקסימען, אים אויסמײַדן ווי אַ בייזן גײַסט. מיט יאָרן שפּעטער האָט מיר שיינע דערציילט, אַז כאָטש מאַקסים האָט קיינעם נישט אַרעסטירט, איז זי אָבער זיכער, אַז ער האָט רעגולער צוגעשטעלט דער העכערער מאַכט גענוג אינפֿאָרמאַציעס וועגן זייערע צוזאַמענטרעפֿן.

אויפֿן אויוון האָב איך געלערנט אַ זייער וויכטיקע נישט־פּאָליטישע לעקציע, דהײַנו: קיין זאַך אין לעבן געשעט נישט סתּם אַזוי, פֿון זיך אַליין. עס איז נישט גענוג צו גלייבן אין עפּעס, מען מוז אויך האָבן דעם מוט אַנטקעגנצושטעלן זיך שוועריקייטן און זיי באַקעמפֿן. צו זעקס אָדער זיבן יאָר האָב איך אָנגעהויבן באַנעמען די פֿילאָסאָפֿיע, וועלכע איז געווען דער יסוד פֿון אַלץ וואָס שיינע האָט געטאָן — פֿאַראַן בלויז איין וועג אויף צו טאָן זאַכן — דער ריכטיקער וועג. צו פֿופֿצן יאָר איז שיינע שוין געווען אַ פֿולקומער מענטש, געלעבט לויט די העכסטע פּרינציפּן, ווי הויך דער פּרײַז זאָל נישט האָבן געווען. אַזוי שטרענג ווי זי איז געווען צו זיך אַליין, איז זי אויך געווען צו די, אויף וועלכע זי האָט אַרויפֿגעלייגט אַן אויפֿגאַבע אויסצופֿירן. אויך שפּעטער, ווען מיר האָבן שוין יאָרן געלעבט אין ארץ־ישראל און דערנאָך אין מדינת־ישראל, און זי האָט זיך געקענט דערלויבן אייניקע זאַכן וואָס מאַכן גרינגער דאָס לעבן, האָט זי אויף זיי מוותּר געווען, זי האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז דאָס איז אַ צו הויכער לעבנס־

סטאַנדאַרד פאַרן לאַנד. אין יאָר 1960, ווען זי איז שוין געווען אַלט און קרענקלעך, איז איר איינציקער לוקסוס געווען אַן אײַזקאַסטן. זי האָט זיך אַן עצה געגעבן אַן אַ גאַזאויוון און איר גאַנץ לעבן געקאָכט אויף אַ פּרימוס. זי האָט געהאַלטן, אַז זי טאָר זיך נישט דערלויבן קיין עלעקטרישן מיקסער. וואָלט זי געווען בייגעוו־דיקער, נישט אַזוי שטרענג מיט זיך און מיט אַנדערע, וואָלט זי פאַרשטאַנען וויפל שרעק און זאָרג עס האָבן פאַרשאַפט דער מאַמען אירע פאַרזאַמלונגען אין פּינסק און וואָלט מסתמא אײַנגעגאַנגען אויף פּשרות. זי איז אָבער געווען אומברחמנותדיק אין ענינים וואָס האָבן אויסגעזען וויכטיק אין אירע אויגן. און נישט געקוקט אויף די אייביקע מלחמות — זענען אַנגעגאַנגען אין אונדזער שטוב די פּאָליטישע פאַרזאַמלונגען. אַ מאָל איז שיינע אַפילו אַוועק פון דער היים, אַוועק צו אונדזערס אַ מומע, אָבער דאָרט זענען די בני־בית געווען נאָך ווייניקער טאָלעראַנט און זי איז צוריקגעקומען אַהיים.

אין יענער צײַט האָט שיינע זיך באַקענט מיט שמאי קאָרנגאָלד, איר צוקונ־פטיקער מאַן, אַ שטאַרקער בחור, קלוג און פעיִק וואָס האָט מוותר געווען אויף דער גרויסער פרייד פון לערנען, אויף זײַן טיפן אינטערעס צו מאַטעמאַטיק און אַנגעשלאָסן זיך אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אַ ראָמאַן אַן ווערטער האָט געבליט צווישן שמאין און שיינען. אויך ער איז געוואָרן אַ טייל פון מײַן לעבן. געווען איינער פון די אָנפירערס פון די יונגע סאָציאַליסטן־ציוניסטן, באַקאַנט אין דער באַוועגונג מיטן צונאָמען „קאָפּערניקוס". שמאי איז געווען דאָס איינציקע אייניקל פון אַ באַקאַנטן תּלמיד־חכם, אין וועמענס הויז ער האָט געלעבט צוזאַמען מיט זײַנע עלטערן און איז פינאַנציעל געווען אָפּהענגיק פון אים. שמאי איז אָפט צו אונדז אַרײַנגעקומען און איך געדענק זײַנס אַ שטילן שמועס מיט שיינען. ער האָט איר דערציילט וועגן שטײַגנדיקן רעוואָלוציאָנערן אויפברויז אין שטאָט און פאַרזיכערט, אַז אַ רעגימענט קאָזאַקן, מיט בלישטשענדיקע שווערדן, איז אויפן וועג קיין פּינסק און וויל אײַננעמען די שטאָט. פון שמאיס שושקען זיך האָב איך זיך אויך דערוווסט, אַז אַ שרעקלעך אומגליק איז געשען מיט די ייִדן אין קישענעוו און אַז אין פּינסק פּלאַנירן די ייִדן אַליין זיך צו באַשיצן, גרייטן געווער און גראַנאַטן, וואָס זיי מאַכן אַליין.

די לאַגע איז געוואָרן וואָס אַ מאָל ערגער. שיינע און שמאי האָבן זיך נישט באַנוגנט מיט אָרגאַניזירן קאָנספּיראַטיווע זיצונגען. זיי האָבן אַלץ געטאָן כּדי צו ווערבירן יונגע מענטשן פאַר דער באַוועגונג, אַפילו די בת יחידה פונעם זייער פרומען ווייס־גרויען שוחט, וואָס האָט געציטערט פון שרעק, ביי וועמען מיר האָבן געוווינט אין אַן אָפּגעדונגענעם צימער. די זאָרג פאַר שיינען, ציפּקען און מיר איז פאַר דער מאַמען געוואָרן נישט איבערצוטראָגן און זי האָט אָנגעהויבן שרײַבן צום טאַטן צאָרנדיקע בריוו. עס קומט גאָרנישט אין באַטראַכט, האָט זי אים געשריבן, מיר זאָלן ווײַטער קענען אָנגיין אין פּינסק. מיר מוזן אַלע זײַן

צוזאַמען אין אַמעריקע.

אָבער ווי אַ סך פּאַלן אין לעבן איז אויך וועגן דעם געווען גרינגער צו רעדן ווי עס מקיים צו זײַן. מײַן טאַטע האָט אין יענער צײַט זיך איבערגעצויגן פון ניו־יאָרק קיין מילוואָקי און האָט קוים פאַרדינט אויפן לעבן. ער האָט געשריבן, אַז ער האָפט צו באַקומען אַ שטעלע אויף דער באַן און וועט אין קורצן האָבן גענוג געלט פאַר די שיפסקאַרטן. מיר האָבן פאַרלאָזט דעם שוחטס הויז און אַרײַן וווינען צום בייגל־מאַכער. די בייגל האָט מען געבאַקן בײַ נאַכט, איז אין דער דירה שטענדיק געווען וואַרעם און צו אונדזער גליק האָט די מאַמע באַקומען אַרבעט בײַם בעקער. שפּעטער, אין 1905, איז אָנגעקומען אַ בריוו פון מילוואָקי: מײַן טאַטע אַרבעט און מיר מעגן זיך גרייטן אין וועג אַרײַן.

די הכנות זענען געווען לאַנגע און קאָמפּליצירטע. נישט געווען לײַכט פאַר אַ פרוי מיט דרײַ מיידלעך, צוויי פון זיי נאָך גאָר יונגע, דורכצומאַכן אַליין דעם לאַנגן וועג פון פּינסק ביז מילוואָקי. פאַר מײַן מאַמען האָט די אויסלייזונג געדאַרפט באַגלייט ווערן מיט נײַע צרות. פאַר שיינען האָט דאָס אָוועקפאָרן פון רוסלאַנד געמיינט איבערלאָזן שמאין און אַלץ פאַר וועלכן זיי האָבן אַזוי פיל געטאָן און אַזוי פיל ריזיקירט. כ׳געדענק דאָס גערודער יענע לעצטע וואָכן אין פּינסק, דאָס געזעגענען זיך מיט דער משפּחה, דאָס האַלדזן זיך און די טרערן. פאָרן קיין אַמעריקע איז דעמאָלט געווען אַזוי ווי פאָרן צו דער לבנה. ווען מײַן מאַמע און די מומעס וואָלטן דעמאָלט געוווסט, אַז עס וועט קומען אַ טאָג און איך וועל צוריקפאָרן קיין רוסלאַנד ווי אַ פאָרשטייערין פון יידישן לאַנד, אָדער אַז כ׳וועל ווי דער פּרעמיער פון דער ישׂראל־רעגירונג אויפנעמען אין יידישן לאַנד, מיט געוויין און פרייד, הונדערטער און הונדערטער רוסישע יידן, וואָלטן זיי מסתּמא אַזוי ביטער נישט געוויינט. פאַר דער משפּחה מיט וועלכער מיר האָבן זיך געזעגנט האָבן אָבער די נאָענטע יאָרן געבראַכט מיט זיך מער ווי טרערן. מעגלעך, אַז אויב מיר וואָלטן געוווּסט וויפל טויזנטער פאַמיליעס ציִען זיך, ווי אונדזערע, פון אייראָפּע צו דער נײַער וועלט, מיט דער האָפענונג, אַז דאָרטן וו׳עט דאָס לעבן זײַן לײַכטער, וואָלטן מיר נישט געווען אַזוי איבערגעשראָקן. מיר האָבן אָבער גאָרנישט געוווּסט וועגן פרויען און קינדער, וואָס זענען געפאָרן אין ענלעכע באַדינגונגען פון איטאַליע, פוילן און אַנדערע לענדער, כּדי זיך צו פאַראייניקן מיט מענער און טאַטעס.

קיין סך אייגנצלהייטן פון אונדזער נסיעה קיין מילוואָקי, אין 1906, געדענק איך נישט. וואָס מיר דאַכט זיך אַז איך געדענק יאָ, שטאַמט מסתּמא פון די מעשׂיות, וועלכע מײַן מאַמע און שיינע האָבן מיר דערציילט. כ׳קען זיך דערמאָנען, אַז מיר האָבן געדאַרפט שוואַרצן די גרענעץ קיין גאַליציע, ווײַל מיט דרײַ יאָר פריִער האָט מײַן טאַטע געהאַט געהאָלפן אַ פרײַנד, מיטגענומען מיט זיך

זיין ווײַב און טעכטער אויף זיינע פּאַפּירן, ווי מיטגלידער פון זיין משפחה. דערפאַר ווען עס איז געקומען אונדזער ריי צום פאָרן, האָבן אויך מיר געמוזט אָנגיין ווי אַנדערע מענטשן. מיר האָבן גוט איינגעלערנט — אַפילו ציפּקע — די אויסגעטראַכטע נעמען און אַלע אַנדערע פאַלשע אידענטיטעט־פּרטים. דאָס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן פאַר איבעריק, ווײַל בײַם אַריבערגיין די גרענעץ האָבן מיר געדאַרפט אונטערקויפן די פּאָליציי מיטן געלט וואָס מײַן מאַמע האָט ווי עס איז באַוויזן אײַנצושאַפן. אין דער צעטומלעניש איז פאַרלוירן געגאַנגען דער גרעסטער טייל פון אונדזער „באַגאַזש", אָדער מען האָט אים צוגעגנבעט. אין אַ קאַלטן פרילינג־פרימאָרגן זענען מיר ענדלעך אָנגעקומען קיין גאַליציע. מיר האָבן געוואַרט אין אַ באַראַק אויף דעם צוג וואָס פאָרט צום האַפן. צוויי טעג זענען מיר געלעגן אין יענעם נישט־באַהייצטן באַראַק, געשלאָפן אויף דער קאַלטער פאַדלאָגע. ציפּקע האָט כסדר געוויינט, ביז דער צוג איז אָנגעקומען און דאָס האָט זי צעשטרייט. מיר זענען דורכגעפאָרן אַ ריי סטאַנציעס, זייערע נעמען געדענק איך שוין נישט. דערנאָך ווין, אַנטווערפּן, וווּ מיר האָבן פאַרבראַכט צוויי מעת־לעת אין אַן אימיגראַציע־צענטער, געוואַרט אויף אַ שיף, וואָס זאָל אונדז נעמען קיין אַמעריקע, צום טאַטן. נישט קיין פאַרגעניגן איז געווען די פערצן־טאָגיקע נסיעה אויף דער שיף; אין אַ פינצטערער שטיקנדיקער קאַבינע, אין גרויס ענגשאַפט, מיט נאָך פיר מענטשן, זענען מיר געלעגן אין די נעכט אויף בעטלעך אָן לײַלעכער. בײַ טאָג זענען מיר מערסטנס געשטאַנען אין דער ריי נאָך שפּײַז, וואָס מען האָט אונדז צוגעטיילט ווי פאַר בהמות. די מאַמע, שיינע און ציפּקע האָבן געליטן פון דער ים־קרענק, אָבער איך האָב זיך גוט געפילט. שעהען־לאַנג האָב איך געקוקט אויפן ים און געוואָלט זיך פאַרשטעלן ווי עס זעט אויס מילוואָקי. די שיף איז געווען געפּאַקט מיט עמיגראַנטן פון רוסלאַנד; בלייכע, אויסגעמאַטערטע און איבערגעשראָקענע פּונקט ווי מיר. כ׳פלעג זיך שפּילן מיט די קינדער וואָס זענען געפאָרן, ווי מיר, אין ביליקסטן טייל פון דער שיף, דערציילט מעשיות וועגן דער עשירות, גאָר נישט פאַרצושטעלן, וואָס וואַרט אויף אונדז אין דער גאָלדענער מדינה. אויך זיי האָבן געפילט, אַז מען פאָרט ערגעץ אין אַ לאַנד, וואָס איז פאַר אונדז אין גאַנצן אומבאַקאַנט.

קאַפּיטל צװײ

# פּאָליטישע יוגנט־יאָרן

דער טאַטע האָט אױף אונדז געװאַרט אין מילװאָקי. ער האָט אױסגעזען אַנדערש, אָן אַ באָרד, אַמעריקאַניש, כּמעט פֿרעמד, ער האָט נישט באַװיזן צו געפֿינען פֿאַר אונדז אַ דירה, האָבן מיר דערװײַל זיך אַרײַנגעקליבן אין זײַן אײנצל־צימער, אין אַ דירה פֿון נײַ־געקומענע פּױלישע ייִדן. עס איז געװען זײער אומבאַקװעם. מילװאָקי, אַפֿילו דאָס ביסל, װאָס איך האָב געזען אין די ערשטע עטלעכע טעג, האָט מיך איבעראַשט: נײַע מאכלים, מאָדנע קלאַנגען פֿון אַן אומבאַקאַנטער שפּראַך. שװער איז אָבער געװען דאָס צוגעװױנען זיך צום טאַטן, װעלכן איך האָב כּמעט װי געהאַט פֿאַרגעסן. כ׳האָב געפֿילט אַ מין נישט־דאָיִקײט; כ׳קען נאָך געדענקען, װי כ׳פֿלעג שטײן אין גאַס און זיך פֿרעגן װער און װוּ איך בין.

כ׳שטעל מיר פֿאָר, אַז פֿאַר מײַן טאַטן איז אױך נישט געװען גרינג נאָך אַזאַ לאַנגער צײַט צו זײַן מיט דער משפּחה. אָבער, מערקװערדיק, נאָך אײדער מיר האָבן זיך אָפּגערוט פֿון דער נסיעה און געהאַט די געלעגנהײט צו דערנענטערן זיך צו אים, האָט ער גלײַך אױף צו מאָרגנס פֿון אונדזער אָנקום, גענומען אונדז אַלע אױף אַן אײַנקױף־עקספּעדיציע און נישט גערעכנט זיך מיט אונדזערע טענות און װאַקלען זיך. אונדזער קלײדונג, האָט ער געזאָגט, איז נישט שײן, מיר זעען אױס אַלטמאָדיש, נישט אין סטיל, באַזונדערס שײנע אין איר שװאַרצן אַלמנה־קלײד. ער האָט זיך אײַנגעעקשנט צו קױפֿן פֿאַר אונדז אַלע נײַע קלײדער, װי זײ װאָלטן עס געװען בכּוח אונדז נאָך 24 שעה צו פֿאַרװאַנדלען אין מײדלעך מיט אַן אַמעריקאַנער אױסזען. דער ערשטער אײַנקױף איז געװען פֿאַר שײנען, אַ בלוזע מיט טראָלדן און אַ שטרױענעם הוט מיט אַ ברײטן ראַנד, באַהאַנגען מיט מאַרגאַרעטקעס, מאָן־און קאָרן־בלימעלעך. „איצט זעסטו אױס װי אַ מענטש" — האָט מײַן טאַטע געזאָגט — „אַזױ גײט מען אין אַמעריקע". טרערן פֿון כּעס און חרפּה האָבן זיך גלײַך אַ גאָס געטאָן פֿון שײנעס אױגן. „מעגלעך אַז אַזױ קלײדט מען זיך אין אַמעריקע" — האָט זי געשריגן — „אָבער איך װעל עס בשום־אופֿן נישט אָנטאָן". זי האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿונעם הוט מיט דער בלוזע. מיר דאַכט זיך, אַז דער שפּאַציר אין צענטער שטאָט איז געװען פּריציפּיעל און האָט שױן בײַם אָנהױב אָנגעצײכנט די שפּאַנונג, װאָס האָט יאָרן אָנגעהאַלטן צװישן טאַטן און שײנען.

נישט נאָר זענען זײ געװען זײער פֿאַרשידן אײנער פֿונעם אַנדערן; טיף אין האַרצן האָט מײַן טאַטע געטראָגן אַ כּעס אױף שײנען, װאָרעם די מאַמע

האָט וועגן איר געהאַט געשריבן בײזע בריוו, געקלאָגט זיך אויף איר עגאָיזם. טיף אין האַרצן האָט ער מסתּם באַשולדיקט שיינען אין דעם וואָס ער האָט נישט געקענט צוריקפאָרן קיין רוסלאַנד און וואָס די משפּחה האָט געמוזט קומען אין אַמעריקע.

מען קען נישט זאָגן אַז מײַן טאַטע איז געווען אומצופרידן אין מילוואָקי פּאַרקערט, בײַ אונדזער קומען אַהין איז ער שוין געווען אַ טייל פון דאָרטיקן אימיגראַנטן־לעבן. געווען אַ מיטגליד אין אַ שול, אַנגעשלאָסן אין אַ פּראָפעס־יאָנעלן פאַראיין (ער האָט געאַרבעט מיט הפסקות אין די באַן־וואַרשטאַטן) און געהאַט אַ צאָל גוטע חברים. לויט זײַן מיינונג איז ער געווען אויפן וועג צו ווערן אַ פאָלנער אַמעריקאַנער ייִד און איז געווען דערפון זייער צופרידן. דאָס לעצטע, וואָס ער האָט זיך געקענט ווינטשן אויף דער וועלט, איז געווען אַ שטענדיק אַנגעכמורעטע טאָכטער, וואָס וויל אין מילוואָקי זיך פירן ווי אין פּינסק. דער צוזאַמענשטויס יענעם פרימאָרגן אין שוסטערס דעפּאַרטאַמענט־געשעפט, איז געווען דער אָנהויב פון אַ פיל ערנסטערן קאָנפליקט.

דערקעגן איך בין געווען גליקלעך מיט מײַנע נײַע קליידער און מיטן אײַזקרעם. איך בין געווען איבערראַשט פונעם וואָלקן־קראַצער — דער ערשטער פּניף־שטאָקיקער בנין, וואָס כ׳האָב געזען אין מײַן לעבן. מילוואָקי איז געווען וווּנדערלעך, קאָלירפול און פריש, ווי ס׳וואָלט ערשט איצט באַשאַפן געוואָרן. שעהען־לאַנג בין איך געשטאַנען און געקוקט אויפן פּאַרקער און אויף די מענטשן. דער אויטאָמאָביל אין וועלכן דער טאַטע האָט אונדז געבראַכט פון דער באַן, איז געווען פאַר מיר דער ערשטער, און איך בין געווען פאַרכּישופט פון דער אומענדלעכער — ווי דאָס האָט זיך מיר אויסגעוויזן — פּראָצעסיע פון אויטאָמאָבילן, טראַמווײַען און גלאַנצנדיקע וועלאָסיפּעדן.

מיר זענען אַרויס אויף אַ שפּאַציר. וווּנדער אָן אַ סוף: אין דער אַפּטייק — אַ פישער אויסגעשניטן פון פּאַפּיר איז מודיע אַז דאָ פּאַרקויפט מען פישטראָן; די ראַזורע מיט משונהדיקע בענקלעך; אַן אינדיאַנער פון האָלץ אין אַ ציגאַרן־געשעפט. מיט קינאה האָב איך געקוקט אויף אַ קליין מיידל, אין מײַן עלטער, אָנגעטאָן יום־טובדיק, מיט אָנגעבלאָזענע אַרבל. זי האָט שטאָלץ געשטופּט אַ וועגעלע מיט אַ ליאַלקע, אָנגעלענט רחבותדיק אויף אַ קישעלע. כ׳האָב באַוווּנדערט די פּרויען אין לאַנגע ווײַסע קליידער, די מענער אין ווײַסע העמדער מיט קראַוואַטן — אַלץ אַזוי אַנדערש ווי דאָס וואָס איך האָב געזען ביז איצט. די ערשטע טעג אין מילוואָקי זענען ממש געווען ווי אַ חלום.

אין גיכן זענען מיר אַריבער אין אַן אייגענער קליינער דירה אויף וואָלנאַט־גאַס, אין אָרעמערן ייִדישן טייל פון שטאָט. הײַנט וווינען דאָרט שוואַרצע, פּונקט אַזוי אָרעם ווי מיר זענען עס דעמאָלט געווען. אָבער אין 1906 האָבן אין מײַנע אויגן די הילצערנע הײַזער מיט זייערע שיינע גאַניקעס און טרעפּ אויסגעזען

ווי פּאַלאַצן. כ׳האָב אַפילו געטראַכט, אַז אונדזער דירה (אַן עלעקטריע, אַן אַ באַדצימער) איז געווען אויף דער מדרגה פון לוקסוס. דער אַפּאַרטאַמענט איז באַשטאַנען פון צוויי צימערן, אַ קליין קיכל און אַ לאַנגן קאָרידאָר, וואָס האָט געפירט צו דער גרעסטער אַטראַקציע פאַר מײַן מאַמען, אָבער טאַקע נאָר פאַר איר: אַ ליידיקע קראָם. זי האָט עס שטאַרק באַגערט. דער טאַטע האָט זיך געפילט באַליידיקט פון מײַן מאַמעס אומצוטרוי צו זײַנע פעיִקייטן אונדז מפרנס צו זײַן. ער האָט בכלל נישט געטראַכט אויפצוגעבן זײַן סטאָליעריי און האָט גלײַך דערקלערט דער מאַמען, אַז זי קען טאָן וואָס זי וויל, אָבער ער וויל לגמרי נישט וויסן פון דער קראָם. אָט די קראָם האָט כמעט צעשטערט מײַן לעבן אין מילוואָקי. די מאַמע האָט אָנגעהויבן מיט מילך־פּראָדוקטן און דערנאָך מיט שפּײַז בכלל, אָבער שטענדיק אָן הצלחה.

צוריקקוקנדיק איצט אויף מײַן מאַמעס באַשלוס, מוז איך באַוווּנדערן איר אַנט־שלאָסנקייט, וואָרעם מיר זענען דאָך קוים אַ וואָך אָדער צוויי געווען אין מילוואָקי, זי האָט נישט געקענט קיין וואָרט ענגליש, קיין באַגריף נישט געהאַט וואָסערע פּראָדוקטן מ׳קען פאַרקויפן. דערצו נאָך האָט זי קיין מאָל נישט געפירט און אַפילו נישט געאַרבעט אין קיין קראָם. דאָך, מסתּמא דערפאַר וואָס זי האָט אין אַמעריקע געזען זיך פּונקט אַזוי אָרעם ווי אין רוסלאַנד, האָט זי אַליין גענומען אויף זיך דאָס שווערע אחריות און נישט געטראַכט וועגן די רעזולטאַטן. פירן אַ קראָם האָט געמיינט נישט נאָר קויפן פּראָדוקטן אויף קרעדיט (מיר האָבן דאָך קיין איבעריק געלט נישט געהאַט). עס האָט אויך געמיינט אויפשטיין מיטן שפּראָץ אויף טאָג, קויפן סחורה אין מאַרק און זי שלעפּן אַהיים. צום גליק זענען די פרויען אין אונדזער קוואַרטאַל איר געקומען צו הילף — אַ נאַטירלעכע זאַך בײַ נײַ־געקומענע לגבי אַ מענטש גלײַך ווי זיי. האָבן זיי זי אויסגעלערנט עטלעכע ענגלישע זאַצן, ווי זיך צו באַגיין מיט קונים, ווי זיך צו באַנוצן מיט דער קאַסע און מיט דער וואָג און אויך אָנגעוויזן ווען זי מעג געבן אויף באָרג.

אַזוי ווי מײַן טאַטנס נישט־מזלדיקע אײַנקויף־עקספּעדיציע, איז אויך מײַן מאַמעס האַסטיקער באַשלוס צו פירן די קראָם געווען אַ טייל פון מײַנע עלטערנס רעאַגירן אויף דער נײַער פרעמדער סביבה. צום באַדויערן האָבן ביידע נישט־דערטראַכטע שריט ערנסט משפּיע געווען נישט נאָר אויף שיינעס לעבן, נאָר אויך אויף מײַן לעבן, כאָטש נישט אין דער זעלבער מאָס. איך האָב גוט פאַרשטאַנען, אַז עמעץ דאַרף זיך פאַרנעמען מיט דער קראָם, בעת די מאַמע איז אין איר נישטאָ. שיינע און דער טאַטע האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון יעדער הילף. אירע סאָציאַליסטישע פּרינציפּן — האָט שיינע געזאָגט — מאַכן עס אוממעגלעך. „איך בין נישט געקומען קיין אַמעריקע ווערן אַ קרעמערין, אַ סאָציאַלער פּאַראַזיט״. כאָטש מײַנע עלטערן זענען שטאַרק אין כעס געווען

אויף איר, האָט זי — כאַראַקטעריסטיש פאַר איר — געהאַנדלט אַזוי ווי אירע פּרינציפּן האָבן עס איר דיקטירט. זי האָט אויסגעשניטן לעכלעך פאַר קנעפּ. דאָס איז געווען אַ שווערע אַרבעט און זי האָט עס געטאָן מיט ווידערווילן, כאָטש זי האָט זיך דערמיט אײַנגעקויפט ווי אַ מיטגליד פון פּראָלעטאַריאַט. זי האָט פאַרדינט דרײַסיק סענט אין משך פון דרײַ שווערע טעג. דער טאַטע האָט איר געהייסן אָפּלאָזן די אַרבעט און אַנשטאָט דעם העלפן דער מאַמען. זי פלעגט אָבער אַזוי קאָמבינירן, אַז זי זאָל וואָס עפּטער אַוועקגיין פון קראָם. האָב איך געדאַרפט שטיין הינטערן טאָמבאַנק לאַנגע חדשים, טאָקע אין די פרימאָרגנס, ביז די מאַמע פלעגט צוריקקומען פון מאַרק. פאַר אַן אַכט־אָדער נײַן־יאָריק מיידל איז עס נישט געווען קיין לײַכטע אויפגאַבע.

איך האָב אָנגעהויבן גיין אין שול, אַ ריזיקער בנין, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ פעסטונג, אויף דער פערטער גאַס, נאָענט צו דער באַוווסטער שליץ־ברויערײַ און איך האָב ליב געהאַט די שול. איך קען נישט געדענקען ווי לאַנג עס האָט בײַ מיר געדויערט ביז איך האָב זיך אויסגעלערנט ענגליש (אין שטוב האָבן מיר, פאַרשטייט זיך, גערעדט ייִדיש און צום גליק האָבן אַלע אויף וואָלנאַט־גאַס גערעדט ייִדיש). כ׳געדענק נישט אַז די שפּראַך זאָל האָבן פאַר מיר געווען אַ פּראָבלעם און כ׳מיין אַז כ׳האָב זי גיך אויפגעכאַפּט. כ׳האָב אויך גיך געשאַפן זיך פרײַנד. צוויי פון זיי, פון ערשטן אָדער צווייטן קלאַס אין שול, זענען פאַרבליבן מײַנע פרײַנד דאָס גאַנצע לעבן. ביידע זענען איצט אין ישראל. איינע, רעגינאַ האַמבורגער (איצט מעדזיני), האָט געוווינט אויף אונדזער גאַס און זיך געגרייט צו פאַרלאָזן אַמעריקע אין דער זעלבער צײַט וואָס איך. די צווייטע, שרה פעדער, איז געוואָרן איינע פון די פּירעריינס אין דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע.

דאָס קומען שפּעט צו די לעקציעס האָט מיך ממש געפּײַניקט און אויפן גאַנצן וועג צו דער שול האָב איך געוויינט. אין איינעם אַ טאָג איז צו אונדז אין קראָם געקומען אַ פּאָליציאַנט און דערציילט דער מאַמען וועגן מײַן פאַר־נאַכלעסיקן די שול. זי האָט זיך גוט צוגעהערט, אָבער כמעט גאַרנישט פאַרשטאַנען. בין איך אויך ווײַטער געקומען שפּעט, און גרויס זענען געווען מײַנע יסורים ווען איך האָב אין גאַנצן נישט געקענט קומען אַ טאָג אין שול. מײַן מאַמע איז, ווי־זיט אויס, נישט געווען געריירט פון מײַן כעס צוליב דער קראָם. „מיר דאַרפן מאַכן אַ לעבן, צי נישט ?" — האָט זי געפרעגט. אויב דער טאַטע און שיינע ווילן נישט העלפן, איטלעכער צוליב זײַנע מאָטיוון, הייסט עס נישט, אַז איך בין פּטור און דאַרף נישט צולייגן קיין האַנט. „ווערט דיר נעמען אַ ביסל לענגער צו ווערן אַ רביצין" — האָט זי צוגעגעבן. נישט געקוקט דערויף וואָס איך בין עס קיין מאָל נישט געוואָרן. האָב איך דאָך אין דער שול אַ סך געלערנט.

מיט איבער פופציק יאָר שפּעטער, ווען כ׳בין אַלט געווען 71 יאָר, פּרעמיער

פון דער ישראל־רעגירונג, בין איך אויף עטלעכע שעה אַוועק אין יענער שול. זי האָט זיך אין משך פון די יאָרן ווייניק געביטן, סײַדן דערמיט וואָס דאָס רוב קינדער זענען געווען שוואַרצע און נישט יידישע, ווי אין 1906. די קינדער האָבן מיך אויפגענומען ווי כ׳וואָלט געווען אַ קעניגין. זיי זענען געשטאַנען, אין רייען, אויף דער אַלטער, סקריפּענדיקער בינע, פון פריש אויסגעריבענע, ציכטיקע סאָסנעברעטער. די קינדער האָבן געזונגען פאַר מיר יידישע און העברעישע לידער, אויפגעהויבן זייערע שטימען, כּדי הויך און שטאַרק אַרויסצוברענגען די „התקווה". מײַנע אויגן זענען געווען פול מיט טרערן. די קלאַסן זענען געווען דעקאָרירט מיט פּלאַקאַטן וועגן ישראל און אויפשריפטן „שלום" (איין קינד האָט געמיינט אַז אַזוי הייס איך). ווען כ׳בין אַרײַן אין דער שול האָבן צוויי קליינע מיידעלעך מיט מגן־דוד־בענדער, מיר צוגעטראָגן אַ גרויסע ווײַסע רויז אויסגעשניטן פון פּאַפּיר. איך האָב זי געטראָגן אַ גאַנצן טאָג און געהיט צו ברענגען זי אַ גאַנצע קיין ישראל. אַ צווייטע מתּנה, יענעם טאָג אין דער שול, איז געווען אַ רעקאָרד מיט מײַנע דערגרייכונגען אין איינעם פון די שוליאָרן: 95 אין לייענען, 90 אין אָרטאָגראַפיע, 95 אין אַריטמעטיק, 85 אין מוזיק און אַ מיסטעריעזער 90 אין אַ פאַך, וואָס מען האָט געררופן האַנטאַרבעט און איך קען זיך אין איר נישט דערמאָנען. די קינדער האָבן מיך געבעטן צו רעדן פאַר זיי. די טעמע וואָס כ׳האָב אויסגעקליבן איז נישט געווען וועגן ביכער. איך האָב געהאַט צו זאָגן אַ סך מער ווי וועגן חשבון און אָרטאָגראַפיע. כ׳האָב באַשלאָסן צו דערציילן די נײַגעריקע קינדער, געבווירענע ווי איך אין אַ מינדערהייט־געזעלשאַפט און וואָס האָבן געלעבט פּונקט אַזוי ווי איך אַ מאָל אין נישט קיין איבעריקן וווילטאָג (גאַנץ מילד גערעדט), וועגן תּוך פון מײַן לערנען. „עס איז איי־גנטלעך נישט וויכטיק וואָס איר ווילט ווערן" — האָב איך זיי געזאָגט — „עס איז וויכטיקער צו דעצידירן ווי אַזוי איר ווילט לעבן. אויב איר וועט זײַן ערלעך מיט זיך אַליין און ערלעך מיט אײַערע פרײַנד, אויב איר וועט זיך פאַרנעמען מיט ענינים וואָס זענען אויך גוט פאַר אַנדערע און נישט נאָר פאַר אײַך, דאַן, דאַכט זיך מיר, וועט זײַן געגנוג. וואָס איר וועט זײַן — איז אפשר גאָר אַ פראַגע פון צופאַל". איך האָב געפילט, אַז די קינדער האָבן מיך פאַרשטאַנען.

ווען נישט די קראַם און שײַנעס ביטערער מצב — שטענדיק געזעסן אין שטוב און שטאַרק געבענקט נאָך שמאַי — וואָלט איך אויף מײַנע פינף יאָר אין מילוואָקי געקענט קוקן מיט פאַרגעניגן. עס איז געווען אַזוי פיל צו זען, צו לערנען און צו טאָן, אַז דער אַנדענק פון פּינסק איז כּמעט ווי פאַרווישט געוואָרן. כּמעט, אָבער נישט אין גאַנצן. אין סעפּטעמבער, דרײַ חדשים נאָך אונדזער אָנקומען אין אַמעריקע, האָט דער טאַטע זיך געגרייט צום פּאַראַד פון אַרבעטטאָג (לייבאָר־דעי), אין וועלכן אויך ער וועט מאַרשירן און וואָס מיר האָבן נישט געטאָרט פאַרפעלן. אויסגעפּוצט אין אונדזערע נײַע קליידער האָבן מיר, די מאַמע, ציפּקע

און איך, אויף אַ פּלאַץ אין דער גאַס וואָס דער טאַטע האָט אונדז אָנגעוויזן, געוואַרט אויפן פּאַראַד, נישט ווייסנדיק וואָס דאָס מיינט אַזוינס. פּלוצלינג האָט ציפּקע דערזען די רײַטנדיקע פּאָליציי פּאַרויס דעם פּאַראַד און האָט זיך שטאַרק דערשראָקן. „די קאָזאַקן, קאָזאַקן קומען!" — האָט זי געשריגן. זי האָט אַזוי געציטערט, אַז מען האָט זי געמוזט פירן צוריק אַהיים און אַרײַנלייגן אין בעט. פאַר מיר אָבער האָט דער פּאַראַד — די מאַסן, די אָרקעסטערס, די מאַרשירנדיקע גרופּעס, די ריחות פון קוקורודזע און פון וווּרשטלעך — סימבאָליזירט די אַמעריקאַנער פרײַהייט. די פּאָליציי אויף די פערד האָט געשיצט די מענטשן, אַנשטאָט זיי צו יאָגן און טרעטן, ווי אין רוסלאַנד.

איך האָב געפילט דעם אויפגאַנג פון אַ נײַ לעבן. כ'האָב עס נאָך דעמאָלט נישט געוווּסט און עס האָט מיך אויך נישט אינטערעסירט — שפּעטער אויך נישט — אָבער ס'ווילט זיך איצט באַמערקן, אַז וויסקאָנסין בכלל און מילוואָקי בפרט זענען געווען געבענטשט מיט דורכויס ליבעראַלע טראַדיציעס. מילוואָקי איז געווען אַ שטאָט פון אימיגראַנטן, מיט אַ סאָציאַליסטישער טראַדיציע, געהאַט אַ סך יאָרן אַ סאָציאַליסטישן בירגער־מײַסטער און אַמעריקעס ערשטן סאָציאַליסטישן דעפּוטאַט — וויקטאָר בערגער. פאַרשטייט זיך, אַז מיר וואָלטן רעאַגירט אויפן זעלבן אופן אויף יעדן סאָרט פּאַראַד, אין יעדער אַמעריקאַנער שטאָט. אָבער אַן אַרבעטער־פּאַראַד אין יענער צײַט אין מילוואָקי האָט געהאַט אַ באַזונדערע וויטאַליטעט. אַהין זענען אַנטלאָפן אַ סך דײַטשישע ליבעראַלן און אינטעלעקטואַלן נאָך דער דורכגעפאַלענער רעוואָלוציע פון 1848. די שטאָט איז געווען באַקאַנט מיט אירע שטאַרקע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און אירע בירגערטנער.

העיקר, ווען כ'האָב געזען מײַן טאַטן אַ מאַרשירנדיקן אין יענעם סעפּטעמבער־טאָג, איז עס געווען פאַר מיר ווי אַרויסגיין מחושך לאור.

פאַרשטייט זיך, עס וואָלט געווען אַ סך בעסער ווען מײַן מאַמע וואָלט נישט געמוזט אַרבעטן אַזוי שווער, ווען שיינע און מײַנע עלטערן וואָלטן זיך בעסער פאַרשטאַנען און ווען מיר וואָלטן געהאַט אַביסל מער געלט. אָבער נישט געקוקט אויף דעם שווערן מצב, אויף מײַן זאָרג פאַר דער קראַם, וועלכע איך האָב פײַנט געהאַט, זענען יענע פרײַע יאָרן אין מילוואָקי געווען פאַר מיר פולע און גוטע. אַנדערש איז עס געווען פאַר שיינען. אַלץ איז איר געגאַנגען קאַפּויער, שווער געווען איר צוצופּאַסן זיך צו דער נײַער סביבה, שווער דאָס לערנען ענגליש, שווער צו שאַפן זיך פרײַנד. זי איז שטענדיק געווען פאַרמאַטערט — נישט צו פאַרשטיין פאַר וואָס — און עס איז איר, מערסטנס, גאַרנישט אָנגעגאַנגען. עס האָט אַוודאי נישט געהאָלפן דער כסדרדיקער קאָנפליקט אין שטוב, בפרט די אומגעלומפּערטע פּרווון פון מײַנע עלטערן צו געפינען פאַר איר אַ מאַן פונקט ווי שמאי וואָלט נישט עקסיסטירט. צו אַכצן יאָר האָט איר לעבן מיט אַ מאָל כמעט ווי אין גאַנצן זיך אײַנגעשרומפּן.

און אַט, מעשה־נס, האָט זי געהערט וועגן אַ שטעלע אין אַ פֿאַבריק פֿאַר מענער־מלבושים אין שיקאַגאָ. אַהין איז זי אָבער נישט אַוועק אַרבעטן. זי האָט זיך סוף־כּל־סוף אײַנגעאָרדנט ווי אַ נייטאָרין בײַ פּרויען־קלײדער. געווען איז עס איינע פֿון די „שוויצשאָפּס" אין שיקאַגאָ. נאָך אַ קורצער צײַט האָט זי באַקומען אַן אינפֿעקציע אין אַ פֿינגער און האָט זיך צוריקגעקערט קיין מילוואָקי. מחמת איר אַלגעמיין אָפּגעשוואַכטן געזונט, האָט דער פֿינגער זיך שווער פֿאַרהיילט, און זי האָט עטלעכע וואָכן געמוזט בלײַבן אין שטוב. פֿאַר די עלטערן איז איר צוריקקומען געווען אַ נצחון, אָבער איך האָב אויף איר געהאַט רחמנות און אין די וואָכן וואָס איך האָב זי באַדינט, געקעמט אירע האָר און זי אַנגעטאָן, זענען מיר נענטער געוואָרן איינע צו דער צווייטער.

אין איינעם אַ טאָג האָט זי מיר דערציילט, אַז זי האָט באַקומען פֿון אונדזערס אַ מומע אין פּינסק אַ בריוו וועגן שמאי. מען האָט אים געהאַט אַרעסטירט, אָבער ער איז אַנטלאָפֿן פֿון תּפֿיסה און איז איצט אויפֿן וועג קיין ניו־יאָרק. מײַן מומע — ממש קלוג פֿון איר זײַט — האָט צוגעשריבן זײַן אַדרעס. שיינע האָט אים גלײַך אָנגעשריבן אַ בריוו. איר פֿינגער האָט זיך געהאַט אויסגעהיילט, זי האָט געפֿונען אַ צווייטע אַרבעט און איז געווען פֿאַרנומען מיט די הכנות צו שמאיס אָנקום קיין מילוואָקי.

איבעריק צו זאָגן, אַז איך בין געווען צופֿרידן וואָס זי האָט ענדלעך באַקומען אַ בעסערן מוט. אפֿשר איצט, ווען שמאי האַלט בײַם קומען, וועט שיינע זײַן צופֿרידן און אויפֿגעלייגט און די אַטמאָספֿער אין הויז וועט זיך בײַטן. כ'האָב קיין סך נישט געקענט זיך דערמאָנען אין שמאי. איך האָב אָבער אויסגעקוקט אויף זײַן קומען מיט אַ פֿול האַרץ, ממש ווי שיינע. צום באַדויערן האָט די מאַמע גאַנץ אַנדערש אויפֿגענומען די נײַעס. „חתונה האָבן מיט שמאין? ער האָט דאָך נישט קיין שום פּערספּעקטיוון" — האָט מײַן מאַמע געטענהט — „ער איז אַן אָרעמאַן, אַ גרינהאָרן, אַ מענטש אָן מיטלען און אָן אַ צוקונפֿט". פֿון אַ צווייטער זײַט איז שמאי געווען צו גוט פֿאַר שיינען. ער האָט געשטאַמט פֿון אַ פֿאַרמעגלעכער משפּחה, וואָס וואָלט נישט דערלאָזט צו דעם שידוך.

שיינע, ווי איר שטייגער, איז געגאַנגען פֿאָרויס מיט אירע פּלענער, געהאַנדלט לויט איר פֿאַרשטאַנד, זי האָט געדונגען פֿאַר אים אַ צימער און אים באַפֿוילן צו קומען קיין מילוואָקי. ער איז געווען דערשלאָגן און אומזיכער, אָבער שיינע האָט געהאַט בטחון און געווען איבערצײַגט, אַז ביידע צוזאַמען וועלן גובר זײַן יעדע שוועריקייט. מיט דער צײַט האָט שמאי באַקומען אַן אַרבעט אין אַ ציגאַרעטן־פֿאַבריק און אין די נעכט האָבן זיי געלערנט ענגליש.

שיינע איז אָבער פּלוצלינג קראַנק געוואָרן. דאָס מאָל איז עס געווען ערנסט. דער דיאַגנאָז איז געווען: טובערקולאָז. זי האָט געמוזט פֿאָרן אין אַ סאַנאַטאָריע און עס איז בכלל געווען אַ פֿראַגע צי מען וועט איר דערלויבן חתונה צו האָבן.

איר גאַנצע וועלט איז מיט אַ מאָל איינגעפאַלן. זי האָט אויפגעגעבן איר אַרבעט, איר צימער און איז, אַן חשק, צוריקגעקומען אַהיים. מײַנע עלטערן האָבן געזאָרגט פאַר איר, אָבער אונטער אַ שטורעם פון געבייזער און יאַדען. איך האָב אַלץ געטאָן, אָבער מעשה־קינד און נישט עפעקטיוו, צו מוטיקן שיינען מיט שמאין און פלעג זיך איינשטעלן פאַר זיי בײַ די עלטערן, ווען עס פלעגט קומען צו אַן אויסבראָך.

אין משך פון עטלעכע וואָכן האָט זיך אַלץ געביטן. שיינע איז אַוועקגעפאָרן קיין דענווער אין יידישן טובערקולאָז־אַנשטאַלט. שמאי — קיין שיקאַגאָ. ער איז געווען עלנט און געזוכט אַרבעט. איך האָב געשפּאָרט פון מײַן אָרעמען מיטאָג, כדי פאָרן געלט צו קויפן פּאָסטמאַרקעס, זיי געשיקט שיינען, כדי זי זאָל מיר קענען שרײַבן. איין מאָל אָדער צוויי האָב איך אַפילו „געבאָרגט" דערפאַר געלט אין דער מאַמעס קאַסע. מײַנע עלטערן און שיינע האָבן זיך נישט איבערגעשריבן. איך בין געווען די איינציקע פאַרבינדונג צווישן איר און דער משפחה און איך האָב געטראַכט, אַז בײַ אַזעלכע אומשטאַנדן איז מײַן זינד אַ באַרעכטיקטע.

אין מײַנע בריוו צו שיינען — צו מײַן איבערראַשונג האָט זי זיי אויפגעהיט יאָרן־לאַנג — פלעג איך באַשרייבן מײַן לעבן אין דער היים. „אין שול גייט מיר זייער גוט" — האָב איך געשריבן אין 1908 — „איך בין שוין אין דריטן קלאַס און אין יוני וועל איך אַריבערגיין אין פערטן. איך מוז דיר מיטטיילן, אַז דער טאַטע אַרבעט נאָך נישט. אין קראָם איז שוואַך. איך בין צופרידן וואָס דו ביסט אַרויס פון בעט".

דער אמת איז געווען, אַז דער סאָרט אַרבעט, וואָס מײַן טאַטע האָט געקענט, איז דעמאָלט געווען זעלטן אין מילוואָקי און ווען זי פלעגט זיך שוין יאָ אָפּגעפינען, איז עס געווען פאַר צוואַנציק אָדער פינף און צוואַנציק סענט אַ שעה. אין קראָם איז אויך געווען שלעכט און צו אַלע צרות האָט מײַן מאַמע געמפּלט. דער דאָקטער האָט באַפוילן זי זאָל עטלעכע וואָכן בלײַבן אין בעט. האָב איך געקאָכט און גערייניקט, געהאַנגען וועש און אָפּגעהיט די קראָם, געשטיקט אין זיך די טרערן פון כעס, ווײַל כ'האָב נאָך מער געמוזט פאַרפעלן אין שול. כ'האָב אָבער אויסגעמיטן, אַז שיינע זאָל דאגהן וועגן אונדז, וואָרעם זי האָט געהאַט אַ שווערע צײַט אין דענווער. מײַנע בריוו צו איר זענען דערפאַר געווען קורץ און תמציתדיק, הגם נישט גענאָרט וועגן דער אמתער לאַגע אין שטוב.

כ'האָב נאָך שיינען זייער געבענקט, אָבער די יאָרן זענען געלאָפן. די שול האָט מיך אַבסאָרבירט און אין דעם ביסל פרײַער צײַט, וואָס די קראָם האָט איבערגעלאָזט (כ'פלעג העלפן דער מאַמען אין שטוב, אויך ציפּקען מיט די לעקציעס. אין שול האָט זי באַקומען אַן אַנדערן נאָמען: קלאַראַ), האָב איך געליינט און געשריבן. עס פלעגט טרעפן, אַז רעגינאַ און איך האָבן באַקומען בילעטן (מסתמא דורך דער שול) אין קינאָ אָדער טעאַטער. געווען זענען עס זעלטענע כיבודים. ביזן הײַנטיקן טאָג געדענק איך קלאָר איינעם פון זיי: „אַנקל

טאַמס כאַטע״. כ׳האָב געליטן די גאַנצע צײַט אין אײנעם מיטן אַנקל טאָם און עוואַן. כ׳געדענק נאָך ווי כ׳בין אויפגעשפּרונגען אין זאַל, געווען אויסער זיך, פול מיט שינאה צו סיימאַן לעגרי. כ׳מיין, אַז דאָס איז געווען די ערשטע זאַך, וואָס איך האָב געזען אויף דער בינע און כ׳פלעג כסדר איבערדערציילן די מעשה פאַר דער מאַמען און קלאַראַן. פאַר אונדז האָט עס געהאַט אַ באַזונדערן באַדײַט.

אַ וויכטיקער ענין איז געשען ווען כ׳בין געווען אין פערטן קלאַס: מײַן ערשטע עפנטלעכע טעטיקייט. נישט געקוקט דערויף וואָס די שול אין מילוואָקי איז געווען פרײַ, נישט געפאָדערט קיין שכר־לימוד, האָט מען אָבער פאַר ביכער געדאַרפט צאָלן. טאַקע נישט מער ווי אַ סימבאָלישע סומע, נאָר פון דעסטוועגן איז עס פאַר אַ סך פון די קינדער געווען שווער. כ׳האָב געפילט, אַז עמעץ דאַרף עפּעס טאָן אין דער פּראָבלעם. האָב איך באַשלאָסן צו שאַפן אַ פאָנד. געווען איז עס מײַן ערשטע געלטזאַמלונג, אָבער ווײַט נישט די לעצטע!

מיר, רעגינאַ און איך, האָבן צונויפגעזאַמלט אַ גרופּע מיידלעך פון דער שול און זיי דערקלערט דעם צוועק פון דעם פאָנד. מיר האָבן צוגעגרייט פּלאַקאַטן וואָס האָבן אָנגעזאָגט, אַז די „אַמעריקאַנער יונגע שוועסטער־געזעלשאַפט״ (מיר זענען באַזונדערס שטאָלץ געווען מיטן נאָמען וואָס מיר האָבן פאַרטראַכט פאַר אונדזער נישט־עקסיסטירנדיקער אָרגאַניזאַציע) אָרדנט אײַן אַן עפנטלעכע פאַרזאַמלונג צו באַטראַכטן דעם ענין פון שולביכער. כ׳האָב זיך אַליין באַמינירט ווי די פאָרזיצערין פון דער געזעלשאַפט, געדונגען אַ לאָקאַל און אַרויסגעשיקט אײַנ־לאַדונגען אין גאַנצן דיסטריקט. הײַנט זעט עס מיר אויס אומגלייבלעך, אַז עמעץ זאָל פאַרדינגען אַ לאָקאַל אַ קינד פון עלף יאָר. די פאַרזאַמלונג איז פאַרגעקומען לויטן פּלאַן, שבת אין אָוונט. עס זענען געקומען צענדליקער מענטשן. די פּראָגראַם איז געווען פּשוט: איך האָב גערעדט וועגן דער נויטווענדיקייט פון שולביכער פאַר אַלע קינדער, צי זיי האָבן יאָ צי נישט. קלאַראַ, וואָס איז דעמאָלט אַלט געווען אַכט יאָר, האָט דעקלאַמירט אַ סאָציאַליסטיש ליד אין יידיש. איך זע זי איצט פאַר מײַנע אויגן: אַ קליין רויטהאָריק קינד שטייט פאַרן פּובליקום אין „פּאַקען־האַל״ און זשעסטיקולירט דראַמאַטיש. דער רעזולטאַט פון דער פאַרזאַמלונג איז געווען אַ צוויישפּאַכיקער: מיר האָבן צונויפגעזאַמלט אַן אָנגעזעענע סומע געלט (לויט אונדזער סטאַנדאַרד); ווען מיר זענען אַהיימגעקומען, יענעם אָוונט, האָבן מיך און קלאַראַן אונדזערע עלטערן באַשאָטן מיט שבחים. אַ שאָד, האָב איך געטראַכט, וואָס שיינע איז נישט געווען מיט אונדז. איך האָב איר געשיקט אַן אויסשניט מיט מײַנס אַ בילד אין אַ מילוואָקער צײַטונג, וואָס האָט אינפאָרמירט וועגן דער פאַרזאַמלונג בזו הלשון: „אַ גרופּע קליינע קינדער, וועלכע ווידמען זייער צײַט אַ פילאַנטראָפּישן צוועק, אַנשטאָט צו שפּילן זיך, און גיבן אָוועק זייערע ווייניקע סענטן, דאָס אַלץ פון אייגענער איניציאַטיוו און עס איז ווערט אונטער־צושטרײַכן, אַז אָט די טעטיקייט איז אַ הויך קלינגענדיקע רעאַקציע אויפן פאַקט וואָס

קינדער דאַרפֿן גיין אין פֿאַלקסשולן אָן די נויטיקע ביכער. טראַכט זיך נאָר אַריין וואָס דאָס מיינט..."

דער בריוו צו שיינען וועגן דער פֿאַרזאַמלונג איז געווען כּמעט אַזוי דראַמאַטיש ווי קלאַראַס פּאָעמע: „טייערע שוועסטער, איצט קען איך דיר דערציילן, אַז מיר האָבן געהאַט דעם גרעסטן דערפֿאָלג וואָס מען האָט ווען עס איז געזען אין „פּאָקען־האָל". די פֿאַרוויילונג איז געווען פּראַקטיק"...

מיין מאַמע האָט מיך געבעטן אָנצושרייבן די „רעדע", אָבער פֿאַר מיר איז געווען וויכטיקער פּשוט צו זאָגן וואָס איך האָב געוואָלט זאָגן און פֿון האַרצן אַרויס. כ'מיין, אַז דאָס איז געווען אַ גוטע רעדע, נעמענדיק אין באַטראַכט, אַז דאָס איז געווען מיין ערשטער עפֿנטלעכער אַרויסטריט. אַגב, אַחוץ פּאָליטישע דעקלאַראַציעס, האָב איך זיך קיין מאָל נישט געוואָלט צוגעווינען צו רעדן פֿון אַן אָנגעשריבענעם טעקס, און בין אַ האַלבן יאָרהונדערט אַנגעגאַנגען מיט „רעדעס פֿון קאָפּ", לויט מיין אויסדרוק פֿאַר שיינען אין יענעם בריוו, זומער 1909.

ענדלעך, אין די זומער־וואַקאַציעס, האָבן מיר, רעגינאַ און איך, געהאַט אונדזערע ערשטע אמתע שטעלעס: מיר האָבן געאַרבעט ווי יונגע פֿאַרקוי־פֿערינס אין אַן אוניווערסאַל־געשעפֿט. פֿאַקטיש זענען מיר געווען פֿאַרנומען מיט מאַכן פּעקלעך און אויספֿירן פֿאַרשיידענע שליחותן. געמאַכט אַ פֿאַר דאָלאַר יעדע וואָך און פֿריי געווען פֿון שטיין אַ גאַנצן טאָג אין אונדזער קראָם. מיין פּלאַץ אין קראָם האָט איבערגענומען דער טאַטע, קענג זיין ווילן. מיט אַ געפֿיל פֿון אומאָפּהענגיקייט האָב איך יעדן אָוונט געפּרעסט מיין רעקל און בלוזע, צו זיין גרייט פֿרימאָרגן צו גיין צו דער אַרבעט. דעם לאַנגן וועג פֿלעג איך גיין צופֿוס און דאָס אָפּגעשפּאָרטע געלט געזאַמלט אויף אַ ווינטער־מאַנטל — די ערשטע זאַך, וואָס איך האָב איינגעקויפֿט פֿאַר מיינע אייגענע פֿאַרדינסטן.

ביי פֿערצן יאָר האָב איך געענדיקט די פֿאָלקסשול, מיט גוטע אָפּשאַצונגען. מען האָט מיך אויסגעקליבן צו האַלטן די געזעגענונגס־רעדע אויף דער גראַדויִרונג־צערעמאָניע. די צוקונפֿט האָט זיך מיר אויסגעוויזן ליכטיק און קלאָר: כ'וועל גיין אין גימנאַזיע און אפֿשר אויך רעאַליזירן מיין שטרעבונג צו ווערן אַ לערערין. כ'האָב געטראַכט און אַזוי טראַכט איך אויך איצט, אַז לערעריי איז די נאָבלסטע פֿון אַלע פּראָפֿעסיעס און גיט די גרעסטע סאַטיספֿאַקציע. אַ גוטער לערער עפֿנט פֿאַרן קינד אַ גאַנצע וועלט, אַנטוויקלט זיין שכל און גרייט עס צו, דורך פֿאַרשיי־דענע וועגן, צום לעבן. כ'האָב געפֿילט, אַז כ'וואָלט געקאָנט זיין אַ גוטע לערערין, ווען כ'האָב די נייטיקע בילדונג. איך האָב באַגערט די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט וואָס אָט די פּראָפֿעסיע פֿאָדערט. רעגינאַ, שרה און איך האָבן געפֿירט אומענדלעכע שמועסן וועגן דעם וואָס מיר וועלן זיין, אַז מיר וועלן אויסוואַקסן.

כ'געדענק די זומער־אָוונטן ווען מיר זענען שעהען־לאַנג געזעסן אויף די

טרעף פון אונדזער שטוב און דיסקוטירט איבער אונדזער צוקונפט. ווי יונגע מיידלעך אומעטום האָבן מיר געטראַכט, אַז די באַשלוסן וועלכע מיר וועלן דאַרפן אין קורצן אָננעמען, זענען פון די וויכטיקסטע, אַחוץ חתונה האָבן, אָבער דאָס האָט נאָך אויסגעזען אַזוי ווײַט פון אונדז, אַז ס׳איז נישט כּדאַי געווען צו רעדן וועגן דעם.

מײַנע עלטערן — ווי כ׳האָב עס געדאַרפט פאַרשטיין אָבער נישט פאַרשטאַנען — האָבן געהאַט פאַר מיר גאָר אַנדערע פּלענער. מײַן טאַטע האָט, דאַכט זיך, יאָ געוואָלט איך זאָל זיך אויסבילדן. אויף מײַן גראַדויִרונג־צערעמאָניע האָב איך געזען טרערן אין זײַנע אויגן. כ׳גלייב אַז ער האָט פאַרשטאַנען אין וואָס עס גייט, אָבער אין אַ באַשטימטן זינען איז ער געווען באַזיגט דורך זײַן אייגן לעבן און נישט געקענט קיין סך העלפן. מײַן מאַמע, הגם זי האָט ווייניק באַוויזן אויס־צובעסערן אירע אומגליקלעכע באַציִונגען מיט שיינען, האָט ווי שטענדיק, געננוי געוווּסט וואָס איך דאַרף טאָן: איצט, אַז כ׳האָב געענדיקט די שול, גערעדט אַ גוטן ענגליש, אַן אַ פּרעמדן אַקצענט, אויסגעוואַקסן, ווי די שכנים האָבן עס דעפינירט, אַ שיין מיידל, וואָלט איך געקענט איבערנעמען די קראָם און פריִער אָדער שפּעטער, בעסער פריִער, אָנהייבן טראַכטן וועגן חתונה האָבן. און מיידלעך־לערערינס — האָט מיר די מאַמע דערמאָנט — טאָרן לויטן געזעץ נישט חתונה האָבן.

אויב איך וויל דווקא אַ פּראָפעסיע, האָט זי געזאָגט, קען איך דאָך גיין אין אַ שול פאַר סעקרעטאַרשעס, לערנען סטענאָגראַפיע און שרײַבן אויף אַ שרײַב־מאַשין. אַזוי וואָלט איך על־כּל־פּנים, נישט פאַרבליבן קיין אַלטע מויד. דער טאַטע האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: „עס לוינט נישט צו זײַן קלוג" — האָט ער געוואָרנט „מענער האָבן נישט ליב קיין קלוגע מיידלעך". ווי שיינע אין איר צײַט האָב איך אויך געפּרוּווט, מיט אַלע מיטלען, בײַטן די עלטערנס מיינונג. כ׳האָב זיי דערקלערט באַגײַסנדיק זיך מיט טרערן, אַז היינטיקע צײַטן איז בילדונג זייער וויכטיק, אַפילו פאַר חתונה־געהאַטע פרויען און, ווי ס׳זאָל נישט זײַן, האָלט איך נישט בײַ חתונה האָבן. בעסער שטאַרבן, האָב איך געוואָרנט אין ספּאַזמען, איידער פאַר־ברענגען מײַן צײַט אָדער אַ טייל פון איר, געבויגן איבער אַ שרײַבמאַשין ערגעץ אין אַ העסלעכן אָפיס.

עס האָבן נישט געהאָלפן קיין טענות און טרערן. מײַנע עלטערן זענען געווען איבערצײַגט, אַז אַ גימנאַזיע, על־כּל־פּנים פאַר מיר, איז אַן אומבאַרעכ־טיקטער לוקסוס, נישט נאָר אומנייטיק נאָר אויך אומגעווונטשן. פון ווײַטן דענווער האָט שיינע (געקומען צו זיך פון דער קרענק און אַרויס פון סאַנאַטאָריע) מיך געמוטיקט אין מײַן קאַמף. דאָס זעלבע האָט געטאָן שמאַי, וועלכער איז שוין דאָרט געווען צוזאַמען מיט איר. פון זייערע אָפטע בריוו, געשיקט אויף רעגינאַס אַדרעס, כּדי די עלטערן זאָלן זיך נישט דערוויסן וועגן אונדזער קאָרעספּאָנדענץ,

האָב איך געוווסט, אַז שמאי האָט אין אָנהייב געוואָשן טעלערס אין סאַנאַטאָריע און דערנאָך געאַרבעט אין אַ וועשעריַי, וואָס האָט באַדינט איינעם פון די גרויסע דענווער האָטעלן. אין דער פריַיער צייַט האָט ער געלערנט בוכהאַלטעריע און, דאָס וויכטיקסטע, געהאַלטן ביַי חתונה האָבן מיט שיינען, נישט געקוקט אויפן דאָקטערס כסדרדיקע וואָרענונגען. „בעסער זאָלן מיר לעבן ווייניקער" — האָט שמאי באַשלאָסן — „אָבער צוזאַמען". דאָס איז געווען איינס פון די גליקלעכסטע פּאָרלעך וואָס איך האָב ווען עס איז געזען און נישט געקוקט אויפן דאָקטערס שלעכטע נביאות, האָבן זיי געלעבט אין איינעם 43 יאָר און געבראַכט אויף דער וועלט דריַי קינדער.

מייַנע עלטערן, באַזונדערס מייַן מאַמע, זענען אין אָנהויב געווען זייער צעטראָגן. „עפּעס אַ מטורף, אָן אַ גראָשן אין קעשענע" — האָט מייַן מאַמע פּאַרצויגן די נאָז — „דאָס איז אַ מאַן פּאַר שיינען? ער וועט זי קענען אויסהאַלטן און זאָרגן פּאַר איר?" שמאי האָט אָבער נישט נאָר ליב געהאַט שיינען. ער האָט זי אויך פאַרשטאַנען, האָט זיך קיין מאָל מיט איר נישט געשפּאַרט. ווען ער איז זיכער געווען, אַז ער איז אין עפּעס גערעכט, האָט ער עס געטאָן און שיינע האָט עס פאַרשטאַנען, אָבער ווען ס'איז געגאַנגען אין ענינים, וויכטיקע פּאַר שיינען, איז שמאי איר נישט געשטאַנען אין וועג. פּאַר מיר האָט שיינעס חתונה געמיינט, אַז זי האָט דערגרייכט דאָס וואָס האָט איר פריִער שטאַרק געפעלט און האָט דערצו געשטערעבט מיט איר גאַנצער נשמה. איך האָב ענדלעך באַקומען אַ ברודער.

אין מייַנע געהיימע בריוו צו איר האָב איך באַשריבן, מיט איינצלהייטן, דעם כסדרדיקן קאַמף פאַר לערנען זיך, די פאַרשיידענע שוועריקייטן און אַז כ'וועל זיך דאַרפן דעצידירן, אַזוי שנעל ווי מעגלעך, צו ווערן אומאָפּהענגיק. אין האַרבסט 1912 האָב איך, נישט געקוקט אויף קיינעם, אָנגעהויבן מייַן ערשטע קאַדענץ אין דער גימנאַזיע פון מילוואָקער צפון־קוואַרטאַל. אין די נאָכמיטאָגן און סוף וואָך האָב איך געאַרבעט ביַי וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט, באַשלאָסן מער קיין מאָל נישט צו נעמען קיין סענט ביַי מייַנע עלטערן. קיין זאַך האָט נישט געהאָלפן; אין שטוב זענען וויַיטער אָנגעגאַנגען די קריגערייַען.

דאָס וואָס האָט איבערגעפילט די מאָס איז געווען מייַן מאַמעס פּרווו צו געפינען פאַר מיר אַ מאַן. פאַרשטייט זיך, אַז זי האָט נישט געמיינט, איך זאָל גלייַך חתונה האָבן. זי האָט נאָר געוואָלט זייַן זיכער אַז איך וועל עס טאָן אין אַ פּאַסיקן עלטער — לויט איר באַגריף — און נעמען עפּעס אַ רעכטן מאַן, נישט ווי שיינע. נישט רייַך — אָבער לפּחות סאָליד. פּאַקטיש האָט זי שוין אין געהיים פאַרהאַנדלט מיט אַ געוויסן מיסטער גודשטיין, אַן אָנגענעמער, אַ פריַינדלעכער, מער־ווייניק פאַרמעגלעכער מאַן, אין די פריִע דרייַסיקער. כ'האָב אים געקענט פון דעם וואָס ער פלעגט פון צייַט צו צייַט אַריַינקומען אין קראָם אויף אַ קורצן שמועס. מיסטער גודשטיין? ער איז דאָך אַן אַלטער מאַן! צוויי מאָל עלטער פון מיר... כ'האָב אָוועקגעשיקט אַ בייזן בריוו צו שיינען און תיכף באַקומען

אַן ענטפער: „ניין, זאָלסט נישט פאַרלאָזן די שול. ביסט צו יונג צו אַרבעטן. דו האָסט גוטע שאַנסן צו דערגרייכן עפּעס אין לעבן" — האָט שמאי געשריבן און מיט אַמתער ברייטהאַרציקייט צוגעגעבן: „מײַן עצה איז, זאָלסט קומען אַהער. מיר זענען נישט רײַך, אָבער דו וועסט האָבן גוטע שאַנסן דאָ צו לערנען און מיר וועלן פאַר דיר אַלץ טאָן". בײַם סוף פונעם בריוו האָט שיינע צוגעשריבן איר וואַרעמע אײַנלאַדונג: „דו מוזסט גלײַך קומען צו אונדז. עס וועט זײַן גענוג פאַר אונדז אַלע. מיר וועלן זיך אַן עצה געבן" — האָט זי מיך פאַרזיכערט — „ערשטנס, וועסטו האָבן אַלע מעגלעכקייטן צו לערנען, צווייטנס, וועסטו האָבן גענוג צו עסן, דריטנס, וועסטו האָבן די נייטיקע קליידער וואָס אַ מענטש דאַרף האָבן".

איך בין געווען זייער גערירט פון זייערע בריוו, אָבער נאָך מער בין איך עס ווען איך לייען הײַנט וועגן דער גרייטקייט פון אָט די צוויי יונגע מענטשן, אַליין נאָך אַזוי ווײַט פון זײַן אײַנגעאָרדנט, צו טיילן מיט מיר אַלץ וואָס זיי האָבן געהאַט. אָט דער בריוו פון דענווער, געשריבן אין נאָוועמבער 1912, איז געווען אַ ווענדפּונקט אין מײַן לעבן. דאָרט, אין דענווער, האָט זיך אָנגעהויבן מײַן אמתע בילדונג און מײַן אויסוואַקסן. כ׳מיין, אַז ווען שיינע און שמאי וואָלטן מיר נישט געקומען צו הילף, וואָלט געווען אָנגעגאַנגען מײַן קאַמף מיט די עלטערן. כ׳וואָלט געוויינט דורך די נעכט און, ווי נישט איז ממשיך געווען מײַן בילדונג. איך קען זיך נישט פאָרשטעלן, אַז כ׳וואָלט מסכּים געווען, וועלכע עס זאָלן נישט זײַן די באַדינגונגען, צו רעזיגנירן פון לערנען און חתונה האָבן מיטן מיסטער גודשטיין, וועלכן כ׳האָב מסתּמא אומזיסט גרינגעשאַצט, אָבער שיינעס און שמאיס אָנבאָט איז געווען פאַר מיר אַ רעטונג און איך האָב זיך אין דעם אָנגעכאַפּט.

אין די יאָרן וואָס זענען פאַרבײַ זינט יענעם נאָוועמבער, האָב איך אָפט געטראַכט וועגן שיינעס לעצטן בריוו פאַר מײַן אָפּפאָרן צו זיי. „די וויכטיקסטע זאַך איז נישט צו זײַן דענערווירט. זײַ שטענדיק רויִק און האַנדל דורכגעטראַכט. דאָס וועט דיר שטענדיק ברענגען גוטע רעזולטאַטן. זײַ מוטיק". דאָס איז געווען די עצה פאַר מײַן אַנטלויפן פון שטוב, אָבער איך האָב זי קיין מאָל נישט פאַרגעסן און דאָס איז מיר שטאַרק צו ניץ געקומען אין עטלעכע יאָר אַרום, ווען איך בין געקומען אין מײַן אמתער היים, אין לאַנד ווו כ׳האָב באַגערט צו פאַרבלײַבן און קעמפן ביזן לעצטן אָטעם.

דאָס אַריבערגיין קיין דענווער איז נישט געווען לײַכט. כ׳האָב, פאַרשטייט זיך, נישט געקענט דערוואַרטן, אַז מײַנע עלטערן זאָלן דערויף מסכּים זײַן. דער אײנציקער אויסוועג איז געווען זיי גאַרנישט צו זאָגן און פשוט אַוועקגיין. מוטיק איז דאָס נישט געווען, עפעקטיוו אָבער — יאָ. שיינע און שמאי האָבן מיר געשיקט אַ טייל געלט אויף אַ באַנבילעט און צוזאַמען מיט רעגינאַן האָבן

מיר דורכגעטראַכט מײַן אַנטלויפן ביזן לעצטן פּרט. די ערשטע פּראָבלעם איז געווען פון וואַנען צו נעמען דאָס איבעריקע געלט אויפן באַנבילעט. עפּעס האָב איך געבאָרגט בײַ שרהן הגם כ׳האָב קיין באַגריף נישט געהאַט פון וואַנען כ׳וועל עס אַ מאָל קענען צוריקגעבן. לגבי דעם רעשט האָב איך מיט רעגינאַן באַשלאָסן איבערצוצײַגן עטלעכע אימיגראַנטן אויף אונדזער גאַס, זיי זאָלן נעמען בײַ אונדז ענגלישע לעקציעס, פאַר צען סענט אַ שעה. ווען מיר האָבן שוין געהאַט גענוג געלט, האָבן מיר אָנגעהויבן פּלאַנירן מײַן אַוועקפאָר.

רעגינאַ איז געווען אַ ווונדערלעך איבערגעגעבענע חברטע. מען האָט געקענט האָבן צו איר דעם פולסטן צוטרוי. אַז זי וועט נישט דערציילן וועגן מײַנע פּלענער, נישט מײַנע און נישט אירע עלטערן. זי האָט אויך געהאַט אַ שטאַרקן כּוח־הדמיון, כאָטש איצט, בײַם שרײַבן וועגן דעם, פאַלט מיר אײַן אַז זי האָט מסתּם מיט אַ טעות געמיינט אַז איך גיי אַנטלויפן מיט אַ בחור. זי האָט פאַר־געשלאָגן, און איך האָב עס גערן אַקצעפּטירט (מיר האָבן ביידע געוווינט איבער דער קראָם), אַז כ׳זאָל אין דער נאַכט פאַרן אַוועקפאָרן מאַכן אַ פּעקל פון מײַנע זאַכן (נישט קיין גרויס פּעקל) און עס אַראָפּלאָזן אויף אַ שטריק צו איר, און זי וועט, ווי מיטן רוח־הקודש, עס באַזאָרגן אין באַגאַזש־קאַמער פון דער באַן־סטאַנציע. אין דער פרי, ווען איך אַנשטאָט גיין אין שול, גלײַך אַוועקגיין צו דער באַן.

עס איז אָנגעקומען דער גורלדיקער אָוונט. איך בין געזעסן אין קיך מיט מײַנע עלטערן, ווי עס וואָלט גאָרנישט געדאַרפט פּאַסירן. אָבער מײַן האַרץ איז געווען פול מיט אומרו. זיי זענען געזעסן און געטרונקען טיי און איך האָב אויף גיך אָנגעשריבן אַ בריוול, וואָס זיי וועלן עס דאַרפן לייענען אויף צו מאָרגנס. באַשטאַנען איז עס פון עטלעכע ווערטער, נישט גוט צוגעקליבענע. „איך פאָר צו שיינען" — האָב איך געשריבן — „כּדי צו קענען ווײַטער לערנען". איך האָב צוגעגעבן, אַז זיי דאַרפן גאָרנישט זאָרגן און אַז כ׳וועל זיי שרײַבן פון דענוווער. מסתּמא האָב איך זיי פאַרשאַפט גרויס צער. וואָלט איך עס הײַנט געדאַרפט שרײַבן, וואָלט איך פריִער אַ סך געטראַכט וועגן דעם. דעמאָלט בין איך אָבער אַלט געווען נישט מער ווי פופצן יאָר און זיך געפונען אונטער אַ שטאַרקן דרוק. יענע נאַכט בין איך פאַרן שלאָפן צוגעגאַנגען צו קלאַראַס בעט, געשטאַנען און געקוקט אויף איר, געפילט זיך זייער שולדיק: אַוועקגיין אומגעזעגנט. כ׳האָב געטראַכט: וואָס וועט איצט זײַן מיט איר, אָן מיר און אָן שיינען. מיר האָט זיך דעמאָלט אויסגעוויזן, אַז דאָס איז שוין אויף אייביק. קלאַראַ האָט אויסגעזען מער אַמעריקאַניש פון אונדז אַלע: שטיל, שעמעוודיק, אָן פאַדערונגען, אַ קליין מיידל וואָס אַלע האָבן ליב געהאַט. איך האָב זיך אָבער וויייניק אָפּגעגעבן מיט איר און זי נישט גענוג געקענט. איצט, ווען כ׳האָב געהאַלטן בײַם פאַרלאָזן זי, האָב איך פּלוצלינג דערפילט אַ גרויס אַחריות. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, הגם כ׳האָב עס דעמאָלט נישט געקענט פאַרויסזען,

אַז זײַענדיק דאָס אײנציקע קינד אין שטוב איז איר לעבן געווען לײַכטער. מײַנע עלטערן זענען צו קלאַראַן געווען אַ סך מילדער ווי צו שײנען און צו מיר, צײַטנווײַז אַפילו זי געצערטלט. אין אונדזער משפּחה האָט מען נישט דעמאָנסטרירט די געפילן, אָבער אין יענער נאַכט האָב איך געגלעט קלאַראַס פּנים און זי געקושט. זי איז געשלאָפן און נישט געוווּסט פון מײַן געזעגענען זיך מיט איר.

אויף צו מאָרגנס, גאָר פרי, האָב איך פאַרלאָזט די שטוב, לויטן פּלאַן אַוועק צום וואָקזאַל. ביז דעמאָלט בין איך קײן מאָל נישט געפאָרן אַלײן און עס איז מיר גאָר נישט אײַנגעפאַלן, אַז צוגן גײען אַפּ אין באַשטימטע שעהען. בין איך נערוועז געזעסן אויף אַ באַנק און דאָס האַרץ האָט מיר האַסטיק געקלאַפּט. דערווײַל האָבן מײַנע עלטערן געלײענט דאָס בריוול, וואָס איך האָב איבערגעלאָזט פאַר זײ. אָבער ווי עס זאָגט זיך אין ייִדיש, האָב איך געהאַט מער מזל ווי שׂכל. עס איז געוואָרן אַ טומל און קײנער האָט מיך נישט געזוכט. דערווײַל איז דער צוג אַוועק און איך בין שוין געווען אויפן וועג צו שײנען. כ׳האָב זיך אָבער אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז כ׳האָב אָפּגעטאָן אַ זאַך, וואָס האָט טיף געטראָפן מײַן טאַטע־מאַמע. פון דעסטוועגן האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז דאָס איז אַ נויט־ווענדיקער שריט. מײַן טאַטע האָט עס מיר נישט מוחל געווען און די צוויי יאָר פון מײַן זײַן אין דענוווער האָט ער נאָר אײן מאָל געשריבן צו מיר. מיט דער מאַמען האָב איך זיך פון צײַט צו צײַט דורכגעשריבן. אָבער ווען איך בין צוריקגעקומען, האָב איך מער נישט געדאַרפט פירן קײן מלחמות אויף די רעכט צו טאָן וואָס איך וויל.

רעגינאַ און קלאַראַ האָבן מיר געשיקט לעבעדיקע באַשרײַבונגען וועגן דער רעאַקציע אין שטאָט אויף מײַן אַוועקפאָר. קלאַראַס בריוו איז געווען פול מיט באַשולדיקונגען. די מאַמע האָט ביטער געוויינט, אויסגעווײנט זיך די אויגן און אַוועק צו רעגינאַס מאַמען. ווען רעגינאַ איז אַ האַפּערדיקע צוריקגעקומען פון שול, האָט איר מאַמע זיך שוין געהאַט דערוווּסט וועגן איר מיטהילף און איר נישט געזשאַלעוועט קײן קלעפּ. רעגינאַ, די גוטע חברטע, האָט אין בריוו נישט געהאַט קײן טענות צו מיר. פאַרקערט, זי האָט זיך גאָר פאַרענטפערט: „איך האָף, אַז כ׳וועל נישט באַלײדיקן דײַנע געפילן, אָבער יעדער האָט געטראַכט, אַז דו ביסט אַנטלאָפן מיט אַן איטאַליענער. ווי זײ זענען געקומען צו דער מחשבה, ווייס איך נישט, איצט, מײַן טײַערע גאָלדעלע, זײַ נישט אין כּעס וואָס איך שרײַב עס דיר, אָבער איך מוז, דו האָסט עס דאָך געבעטן... איך האָב געברענט מיט כּעס און פאַרדראָס, נאָר וואָס האָב איך געקענט טאָן?״

אין דענוווער האָט זיך דאָס לעבן פונאַנדערגעעפנט פאַר מיר, כאָטש שײנע און שמאי זענען געווען אַזוי שטרענג ווי די עלטערן און מיר אַלע האָבן געדאַרפט שווער אַרבעטן. שמאי האָט געאַרבעט, אַ טײל פון זײַן צײַט, ווי אַ וועכטער אין לאָקאַל פון דער טעלעפאָן־געזעלשאַפט, אָבער זײַן וועשערײַ האָט ער נישט

אויפגעגעבן. דער סדר איז געווען, אַז ווען איך האָב זיך באַפרײַט פון דער שול, נאָך מיטאָג, פלעג איך איבערנעמען זײַן אַרבעט אין דער וועשערײַ, כּדי ער זאָל קענען גיין צו זײַן צווייטער אַרבעט. מײַנע לעקציעס האָב איך געקענט מאַכן אין וועשערײַ און אויב אַ קליענט האָט געוואָלט מ׳זאָל עפּעס פאַר אים אויספּרעסן, האָב איך עס אויך באַוויזן צו טאָן.

אין די אָוונטן, נאָכן עסן, האָט מיך שיינע געמאַטערט, איך זאָל טאָן מײַן שולאַרבעט, אָבער איך בין געווען באַצויבערט פון די מענטשן וואָס פלעגן אַרײַנקומען, זיצן און שמועסן ביז שפּעט אין דער נאַכט. די אַנסופיקע דיסקוסיעס איבער פּאָליטיק זענען פאַר מיר געווען אַ סך אינטערעסאַנטער פון מײַנע לעקציעס. שיינעס קליינע דירה איז געווען אַ מין צענטער פאַר די ייִדישע אימיגראַנטן פון רוסלאַנד, וועלכע זענען קיין דענווער געקומען זוכן אַ היילונג פאַר טובערקולאָז, אין דער זעלבער סאַנאַטאָריע, וווּ שיינע האָט פאַרבראַכט אַזוי פיל צײַט. כּמעט אַלע זענען נאָך נישט געווען קיין חתונה־געהאַט. טייל זענען געווען אַנאַרכיסטן, טייל סאָציאַליסטן און אַ טייל פּועלי־ציון. מערסטנס זענען זיי נאָך געווען קראַנק, אָדער ערשט אַרויס פון דער קרענק. אויסגעוואָרצלטע, זענען זיי אָבער מיט לײַב און לעבן געווען אַרײַנגעטאָן אין די וועלט־פּראָבלעמען. גערעדט, דיסקוטירט און אַפילו געקריגט זיך שעהען־לאַנג. זיי האָבן אַנאַליזירט די אַנאַרכיסטישע פילאָסאָפיע פון עמאַ גאָלדמאַן און פּיאָטר קראָפּאָטקין; גערעדט וועגן פּרעזידענט ווילסאָן און וועגן דער לאַגע אין אייראָפּע, וועגן פעמיניזם, וועגן דער ראָל פון דער פרוי אין דער געזעלשאַפט, וועגן דער צוקונפט פון ייִדישן פאָלק — און געטרונקען איין גלאָז טיי מיט ציטרין נאָכן אַנדערן. איך האָב געפונען אַ תּירוץ — כאָטש שיינע איז נישט געווען צופרידן וואָס איך זיץ אַזוי שפּעט אין דער נאַכט אַרײַן — אַלץ אויסצוהערן, מײַן תּירוץ איז געווען צו דעזאינפעקטירן דערנאָך די גלעזער און מען האָט עס מיר זעלטן אָפּגעזאָגט.

פאַרשטענדלעך, אַז איך בין שטענדיק געווען די ייִנגסטע אין צימער. מײַן ייִדיש איז נישט געווען אַזוי גוט ווי בײַ די אַנדערע, אָבער כ׳האָב נישט געוואָלט פאַרלירן זייערס אַ וואָרט, ווי דערפון וואָלט געווען אָפּהענגיק דער גורל פון דער מענטשהייט. שפּעטער האָב איך אָפט מאָל געלאָזט הערן מײַן אייגענע מיינונג. אַ סך פון אָט די נאַכטיקע שמועסן זענען געווען איבער מײַן פאַרשטאַנד. כ׳האָב נישט געוווּסט וואָס עס מיינט דיאַלעקטישער מאַטעריאַליזם און ווער עס זענען געווען העגעל, קאַנט אָדער שאָפּענהויער. איך האָב אָבער יאָ געוווּסט, אַז סאָציאַליזם מיינט דעמאָקראַטיע, רעכט פון אַרבעטער אויף אַן אַנשטענדיק לעבן, אויף אַן אַכט־שעהדיקן אַרבעטסטאָג און אָפּשאַפן די עקספּלואַטאַציע. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף אַראָפּוואַרפן די טיראַנען; קיין שום דיקטאַטור, אַפילו נישט פון פּראָלעטאַריאַט, האָט מיך נישט צוגעצויגן. מיט התפּעלות האָב איך זיך צוגעהערט צו יעדן איינעמס אַרויסזאָג, אָבער דער עיקר צו די פּועלי־ציון, וועמענס פּאָליטישע

פילאָסאָפיע האָט אין מײַנע אויגן געהאַט מער זינען ווי יעדע אַנדערע. איך האָב גוט אויפגענומען די אידעע פון אַ נאַציאָנאַלער היים פאַר ייִדן — אַ פּלאַץ אויף דער וועלט, ווו ייִדן זאָלן זײַן פרײַ און אומאָפּהענגיק. פאַר מיר איז געווען זעלבס־פאַרשטענדלעך, אַז דאָרט וועט מען זײַן פרײַ פון נויט און עקספּלואָטאַציע. עס האָט מיך מער אינטערעסירט וואָס פאַר אַ היים עס ווילן די ציוניסטן אין ארץ־ישראל, איידער דאָס וואָס עס טוט זיך אָפּ אויף דער פּאָליטישער אַרענע אין דענווער, אָדער וואָס עס טוט זיך אין רוסלאַנד.

די שמועסן — אַלע אין ייִדיש, ווײַל ווייניק פון די מענטשן האָבן גערעדט ענגליש — האָבן אַרומגענומען פאַרשיידענע טעמעס. עס זענען געווען אָוונטן געווידמעט דער ייִדישער ליטעראַטור, דיסקוסיעס איבער שלום־עליכם, פּרץ, מענדעלע מוכר־ספרים; אָוונטן מיט ספּעציפישע טעמעס, ווי די פראַגע פון פּרויען־שטימרעכט און די צוקונפט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. אַלץ האָט מיך אינטערעסירט, אָבער ווען מען האָט גערעדט וועגן מענטשן, ווי, למשל, אהרון־דוד גאָרדאָן, וועלכער איז אַוועק קיין ארץ־ישראל אין 1905 און געהאָלפן גרינדן דגניה (דער קיבוץ איז אויפגעקומען דרײַ יאָר שפּעטער אויפן מידברדיקן ברעג פון ים־כנרת), בין איך געוואָרן אין גאַנצן באַצויבערט און געחלומט וועגן אַנשליסן זיך אין דער חלוצישער באַוועגונג אין ארץ־ישראל.

כ׳געדענק נישט, ווער עס האָט בײַ שיינען צום ערשטן מאָל גערעדט וועגן גאָרדאָנען. איך געדענק אָבער ווי פאַרכאַפּט איך בין געוואָרן פון דער באַשרײַבונג: אַ מיטליאָריקער מענטש, מיט אַ לאַנגער ווײַסער באָרד, וואָס האָט אים געמאַכט אויסזען ווי די צײַט אַליין; אַ מענטש, וואָס איידער זײַן פאָרן קיין ארץ־ישראל האָט ער קיין מאָל נישט געטאָן קיין פיזישע אַרבעט, איז געקומען אַהין מיט זײַן משפּחה, אין עלטער פון כמעט פופציק יאָר, כדי צו באַאַרבעטן דעם באָדן מיט די אייגענע הענט און שרײַבן וועגן דער „רעליגיע פון אַרבעט״, ווי זײַנע תּלמידים האָבן אָנגערופן זײַן אַני־מאמין. דער אויפבוי פון ארץ־ישראל, האָט גאָרדאָן געגלויבט, דאַרף זײַן דער גרויסער ייִדישער בײַטראַג פאַר דער מענטשהייט. אין ארץ־ישראל וועלן ייִדן געפינען דעם וועג אויפצושטעלן אַ געזעלשאַפט באַזירט אויף יושר און וועלן עס דערגרייכן מיט דער הילף פון אייגענער פיזישער אַרבעט. יעדער יחיד מוז מאַכן אַ גרויסע אָנשטרענגונג אין דער דאָזיקער ריכטונג. גאָרדאָן איז געשטאָרבן אין יאָר 1922, אַ יאָר נאָך מײַן אָנקומען קיין ארץ־ישראל. איך האָב אים קיין מאָל נישט באַקענט. איך טראַכט אָבער, אַז פון די אַלע גרויסע דענקערס און רעוואָלוציאָנערן אין דער וועלט, וועגן וועלכע איך האָב אַזוי פיל געהערט בײַ שיינען, איז ער מסתּמא דער, וועלכן איך וואָלט צום מערסטן געוואָלט קענען, און באַקענען מיט אים אויך מײַנע אייניקלעך.

כ׳בין אויך געווען פאַרכאַפּט פון דער ראָמאַנטישער געשיכטע מיט רחל בלאָושטיין, אַ דעליקאַט מיידל פון רוסלאַנד, וואָס איז געקומען קיין ארץ־

ישראל כמעט אין דער זעלבער צײַט ווען גאָרדאָן און ער האָט אויף איר געהאַט אַ גרויסע השפּעה. זי איז געווען אַ מערקווערדיקע און טאַלאַנטירטע דיכטערין — באַקאַנט ווי רחל. זי איז אַוועק אַרבעטן אויפֿן פעלד אין אַ נײַער קאָלאָניע, נאָענט צום ים־כּנרת, ווו זי האָט געשריבן אירע שענסטע לידער. פֿאַרן קומען אין ארץ־ישׂראל האָט זי נישט געקענט קיין אײן העברעיִש וואָרט און דאָך איז זי געוואָרן אײנע פֿון די ערשטע מאָדערנע פּאָעטן אין דער העברעיִשער ליטעראַטור. צו אַ סך פֿון אירע לידער איז געשאַפֿן געוואָרן מוזיק און מען זינגט זײ אין ישׂראל ביזן הײַנטיקן טאָג. זי איז געוואָרן זייער קראַנק (געשטאָרבן צו 40 יאָר פֿון טובערקולאָז) און נישט געקענט באַאַרבעטן דעם באָדן, וואָס זי האָט אַזוי ליב געהאַט. זי איז נאָך געווען יונג ווען איך האָב צום ערשטן מאָל געהערט וועגן איר אין דענווער, פֿון אײנעם וואָס האָט זי געקענט נאָך אין רוסלאַנד.

מיט יאָרן שפּעטער, ווען ס'איז געוואָרן אַ מאָדע אָפּצוחוזקן פֿון אונדזער דור, מחמת זײַן אומבײַגעוודיקייט און לאָיאַליטעט צום „עסטאַבלישמענט", פֿלעג איך ליב האָבן צו טראַכטן וועגן מענטשן ווי א. ד. גאָרדאָן און רחל און צענדליקער ווי זײ. קײן שום הײַנטיקער „היפּי", לויט מײַן מיינונג, האָט נישט אַזוי עפֿעקטיוו רעוואָלטירט קעגן דעם „עסטאַבלישמענט", ווי יענע חלוצים האָבן עס געטאָן בײַם אָנהייב פֿון דעם יאָרהונדערט. אַ סך פֿון זײ האָבן געשטאַמט פֿון סוחרים אָדער למדנים, אַנדערע פֿון פֿאַרמעגלעכע אַסימילירטע משפּחות. ווען עס וואָלט געווען בלויז דער ציוניזם, וואָס האָט אַנגערירט זייערע הערצער, וואָלטן זײ געקענט קומען קיין ארץ־ישׂראל, קויפֿן פּרדסים און דינגען אַראַבער צו טאָן פֿאַר זײ יעדע אַרבעט. דאָס וואָלט געווען אַ סך לײַכטער. זײ זענען אָבער אין האַרצן געווען ראַדיקאַלן און טיף געגלויבט, אַז נאָר אײגענע אַרבעט קען באַפֿרײַען די ייִדן פֿונעם געטאָ און מאַכן זײ פֿעיִק אויסצולייזן דאָס לאַנד און נאָר אַזוי קענען אײַנשאַפֿן זיך די מאָראַלישע רעכט אויפֿן לאַנד, אין צוגאָב צו די היסטאָרישע רעכט. געווען צווישן זײ פּאָעטן, סתּם משונהדיקע מענטשן און אַזעלכע, וואָס האָבן דורכגעמאַכט אַ שטורמיש לעבן; אָבער פּאַראײניקט האָט זײ אַלע דער באַגער אויפֿצושטעלן אַ גוטע געזעלשאַפֿט אין ארץ־ישׂראל, לפּחות אַ בעסערע ווי אין אַנדערע ערטער אויף דער וועלט. די קאָמונעס וואָס זײ האָבן געשאַפֿן — די קיבוצים — האָבן אַנגעהאַלטן נאָר דערפֿאַר, ווײַל אין זייער יסוד איז געווען און איז פֿאַראַן אַ סאָציאַלער באמת רעוואָלוציאָנערער אידעאַל.

ווי עס זאָל נישט זײַן, האָבן יענע דענווער־אָוונטן געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין געשטאַלטיקן מײַנע צוקונפֿטיקע אידעען און איבערצײַגונגען. מײַנע טעג אין דענווער האָבן אָבער געהאַט אויך אַנדערע קאָנסעקווענצן. אײנער פֿון די אָמ־ווייניקסטן באַרעדעוודיקע בחורים, וואָס פֿלעגן אָפֿט אַרײַנקומען צו שיינען איז געווען אַ שטילער, אײדעלער יונגערמאַן, מאָריס מייערסאָן, וועמענס שוועסטער שיינע האָט באַקענט אין סאַנאַטאָריע. מאָריסעס משפּחה איז געקומען פֿון ליטע

און איז פּונקט װי מיר געװען זײער אָרעם. זײַן פֿאָטער איז געשטאָרבן װען מאָריס איז נאָך געװען אַ קלײן ייִנגל און ער האָט אָנגעהױבן פּרי אַרבעטן, כּדי אױסצוהאַלטן זײַן מאַמען און זײַנע דרײַ שװעסטער. װען מיר האָבן זיך באַקענט, האָט ער געאַרבעט נישט סטאַביל, װי אַ מאָלער פֿון שילדן.

אַפֿילו אין די גאָר שטורמישע נאַכט־דעבאַטן האָט ער קײן מאָל נישט אױפֿגעהױבן זײַן קול. דאָך האָט ער אַרױסגערופֿן מײַן אױפֿמערקזאַמקײט מיט זײַן רײַכן װיסן — כּאָטש אַלײן אַלץ געלערנט — און האָט װײַט איבערגעשטיגן מיך, שײנען, שמאי און אַלע זײערע פֿרײַנד. ער האָט ליב געהאַט פּאָעזיע, קונסט, מוזיק. ער האָט װעגן דעם אַלעם אַ סך געװוּסט און איז געװען גרײט צו רעדן באַריכות װעגן די װערטן פֿון אַ סאָנעט אָדער אַ סאָנאַטע, מיט יעדן װאָס איז געװען פֿאַראינטערעסירט (אָדער איגנאָרירט), װי איך.

װען מיר האָבן זיך נענטער באַקענט זענען מיר צוזאַמען געגאַנגען אױף פֿרײַע קאָנצערטן אין פּאַרק און מאָריס האָט מיך געדולדיק אַרײַנגעפֿירט אין דער װעלט פֿון קלאַסישער מוזיק, געלײענט פֿאַר מיר בײַראָנען, שעלין, קיטס און די לידער פֿון אָמאַר קאַיאַם, גענומען מיך אױף לעקציעס פֿון ליטעראַטור, געשיכטע און פֿילאָסאָפֿיע. ביזן הײַנטיקן טאָג דערמאָנט מיך באַשטימטע מוזיק די רײנע, טרוקענע לופֿט אין די בערג פֿון דענװער און די װוּנדערלעכע פּאַרקן, װוּ איך האָב שפּאַצירט מיט מאָריסן יעדן זונטיק, אין פֿרילינג און זומער פֿון 1913.

אײנער פֿון די קאָנצערטן האָט איבערגעלאָזט אױף מיר אַן אומפֿאַרגעסלעכן אײַנדרוק און נישט אַזױ צוליב דער מוזיק, װאָס איך האָב קױם געהערט, װי צוליב דעם פֿאַרװאָלקנטן, אימהדיקן הימל. איך האָב געװאָלט אױסזען װאָס שענער אין מאָריסעס אױגן, בין איך מיט אַ טאָג פֿריִער אַװעק אין „פֿײף און טען סענט סטאָר” און געקױפֿט אַ נײַעס שטרױענעם הוט. דעם אײנציקן קאָליר װאָס זײ האָבן געהאַט — העל־רױט — האָב איך גענומען נישט מיט גרױס חשק, װײַל ער האָט מיר אױסגעזען צו שרײַיִק, אָבער ס׳האָט מיר געפּאַסט און כ׳האָב געהאַפּט, אַז ער װעט געפֿעלן מאָריסן. איך קען זיך נאָך ביז איצט דערמאָנען, מיט ציטער, יענעם ערשטן נאָכמיטאָג, װען איך האָב אָנגעטאָן דעם הוט. ס׳איז געװען אַ פֿאַרװאָלקנטער טאָג און מאָריס האָט אַפֿילו נישט באַמערקט מײַן הוט. איך בין געװען אַזױ איבערגעשראָקן טאָמער װעט רעגענען און די רױטע קאָליר װעט זיך צעפֿליסן איבער מיר, אַז די גאַנצע צײַט האָב איך זיך נאָר געזאָרגט איבערן װעטער.

איך האָב מאָריסן שטאַרק באַװוּנדערט — מער װי איטלעכן אין לעבן, מיטן אױסנעם פֿון שײנען — נישט נאָר פֿאַר זײַן ענציקלאָפּעדישן װיסן, נאָר אױך פֿאַר זײַן אײדלקײט, אינטעליגענץ און װוּנדערלעכן חוש פֿאַר הומאָר. ער איז געװען מיט פֿינף אָדער זעקס יאָר עלטער פֿון מיר, אָבער אױסגעזען האָט ער אַ סך עלטער, רױִקער און געזעצטער. לכתּחילה האָב איך זיך נישט אָפּגעגעבן

קיין חשבון פון דעם וואָס געשעט מיט מיר, אָבער אין גיכן האָב איך זיך אין אים פאַרליבט און געפילט, אַז ער האָט מיך אויך ליב, כאָטש אַ לאַנגע צײַט האָבן מיר צווישן זיך וועגן דעם נישט גערעדט.

מאָריס איז שײַנען זייער געפעלן און זי האָט צום גליק מיר נישט געשטערט אים צו זען אַזוי אָפט. זי האָט מיר פון דעסטוועגן געזאָגט, גאַנץ שטרענג, אַז נישט צוליב דעם האָט זי מיר געהאָלפן אַנטלויפן פון שטוב און אַז אין דענווער בין איך געקומען שטודירן און נישט צו הערן מוזיק און לערנען פּאָעזיע. זי האָט גענומען זייער ערנסט איר מיסיע צו זײַן מײַן אַפּוטרופּוס און געמיינט האָט עס אָפּהיטן מיך ווי עפּעס אַן אוצר. נאָך עטלעכע חדשים האָב איך געפילט, אַז אין אַזעלכע באַדינגונגען האָב איך געקענט בלײַבן אין מילוואָקי. שמאַי האָט מיך נישט אַזוי געדריקט, אָבער די אויפזיכט איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער און איך בין געוואָרן אומרויִק, נערוועז. אין איינעם אַ טאָג האָט שמאַי איבערגעצויגן די מאָס, באַהאַנדלט מיך ווי כ׳וואָלט געווען אַ קינד; האָב איך באַשלאָסן, אַז ס׳איז געקומען די צײַט, איך זאָל פּרוּוון לעבן פאַר זיך, אַליין, אָן היטערס, אָן יאַדעניש. איך בין אַרויס פון שטוב אין אַ שוואַרצן רעקל און אַ ווײַסער בלוזע, וואָס כ׳האָב געטראָגן אַ גאַנצן טאָג, און גאָרנישט גענומען מיט זיך, אַפילו נישט קיין נאַכט־העמד. אויב איך פאַרלאָז שײַנעס היים און בין מותּר אויף איר אויטאָריטעט, האָב איך געטראַכט, האָב איך נישט קיין רעכט צו נעמען פון דעם, וואָס זיי האָבן פאַר מיר געהאַט געקויפט. איך האָב פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך און געטראַכט, אַז דאָס איז עס — כ׳בין פאַר זיך, סוף־כל־סוף.

נאָך צען מינוט האָט מײַן מוט גענומען פאַלן. כ׳האָב באַנומען, אַז ביז כ׳וועל זיך קענען אויסהאַלטן מוז איך געפינען אַ פּלאַץ וווּ צו זײַן. מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, אָבער מיט דאַנק, האָב איך אָנגענומען די אײַנלאַדונג פון שײַנעס צוויי פרײַנד, וועלכע זענען געווען תּמיד זייער פײַן צו מיר און איך האָב זיך פאַר זיי מודה געווען, אַז „דערווײַל" בין איך היימלאָז. צום באַדויערן איז עס נישט געווען די בעסטע היים, וואָס כ׳האָב געקענט אויסקלײַבן. מײַנע גאַסטגעבערס זענען געווען אין אַ פאָרגעשריטענעם סטאַדיום פון טובערקולאָז. ביזן הײַנטיקן טאָג קען איך נישט פאַרשטיין — סײַדן אָננעמען וואָס מײַן מאַמע פלעגט זאָגן: „אַ מזל פון אַ נאַר" — ווי אַזוי כ׳האָב זיך דעמאָלט נישט אָנגעשטעקט. זיי האָבן געלעבט אין ענגשאַפט — איין צימער, אַ נישע און אַ קיך. די נישע געהערט צו מיר אַזוי לאַנג ווי איך וויל, האָבן זיי מיר געזאָגט. אָבער ווייסנדיק אַז ביידע זענען אַזוי קראַנק, האָב איך פאַרשטאַנען אַז זיי דאַרפן גיין שלאָפן פרי און איך האָב זיך נישט דערוועגט אָנצוצינדן דאָס עלעקטרישע לעמפּל איבער מײַן בעט, אַפילו ווען ס׳איז שוין געווען גאָר פינצטער. דאָס איינציקע אָרט, וווּ איך האָב געקענט לייענען און זיי נישט שטערן, און וווּ ס׳איז נישט דערגאַנגען זייער הוסטן גאַנצע נעכט, איז געווען דאָס באָדצימער. דאָרט פלעג

איך זיצן, אַרומגעוויקלט אין אַ קאָלדרע, באַוואָפנט מיט מאָריסעס רשימה וואָס צו לייענען (די רשימה איז תּמיד געווען אַ לאַנגע) און בערג מיט ביכער אַרום מיר.

בײַ זעכצן יאָר קען מען זיך באַגיין אָן אַ סך זאַכן, אַפֿילו אָן שלאָפֿן. איך בין געווען צופֿרידן ווי איך האָב זיך אײַנגעאָרדנט און, כּדי צו זײַן ערלעך, דאַרף איך עס זאָגן, כ׳בין געווען צופֿרידן מיט זיך נישט נאָר ווײַל כ׳האָב געפֿונען ווו צו זײַן, נאָר אויך מיטן באַשלוס, אַז די גימנאַזיע וועט פֿאַרט מוזן וואַרטן. ס׳איז וויכטיקער, האָב איך זיך געזאָגט, זיך אויסצולערנען אַליין זיך אַן עצה צו געבן אין לעבן ווי צו דערגרייכן די בילדונג, צו וועלכער כ׳האָב אַזוי געשטרעבט. איצט, אַז כ׳האָב געהאַט אַ נישע, איז מײַן ערשטע אויפֿגאַבע געווען צו געפֿינען אַרבעט. מײַן טאַטע, מיט זײַן פֿאַטאַליזם, פֿלעגט זאָגן: „אַז מען האַקט האָלץ פֿאַלן שפּענער". הייסט עס, אַז כ׳האָב זיך איצט געדאַרפֿט גרייטן צו די שפּענער. דאָס מיינט, אַז ס׳קען מיר אָנקומען גאָר שווער צו געפֿינען אַ שטעלע.

אין אַ טאָג־צוויי אַרום האָב איך דאָך געפֿונען אַ באַשעפֿטיקונג, וואָס איז בעיקר באַשטאַנען אין נעמען די מאָס פֿאַר דער פֿאַטשעווקע פֿון רעקלעך, געניייט אויף באַשטעלונג. די אַרבעט איז נישט געווען קיין דערמוטיקנדיקע, אָבער דאָס האָט מיך ווי עס איז מפֿרנס געווען און אין גיכן אַפֿילו דערמעגלעכט צו דינגען אַ קליין צימערל, אַן אייגנס און פֿרײַ פֿון באַקטעריעס. נישט שיינע און נישט איך זענען געווען גרייט מודה צו זײַן אין אַ פֿעלער און בעטן מחילה. קען זײַן, אַז איך האָב זיך געפֿילט און האָב אויסגעזען עלטער פֿון מײַנע יאָרן, אָבער דער אמת איז, אַז אַ סך מאָל האָב איך געוואָלט זײַן צוריק בײַ שיינען און שמאָין מיט זייער נײַ־געבוירן קינד, יהודית. פֿאַרשטייט זיך, אַז כ׳האָב געהאַט מאָריסן און אַפֿילו געשריבן וועגן אים רעגינאַן (ער איז נישט אַזוי שיין, אָבער ער האָט אַ שיינע נשמה!). כ׳האָב געהאַט נאָך אַנדערע פֿרײַנד, באַזונדערס אַן אויסערגעוויינטלעכן יונגנמאַן פֿון שיקאַגאָ מיטן נאָמען יאָסל קאָפּעלאָוו. ער האָט אויסגעקליבן צו זײַן אַ פֿריזירער. לויט אים איז עס געווען די איינציקע פּראָפֿעסיע, וואָס לאָזט איבער צײַט צום לייענען. איך מיט מאָריסן האָבן מיט אים זייער פֿיל פֿאַרבראַכט, אָבער פֿרײַנד און משפּחה זענען נישט די זעלבע זאַך. כ׳בין טאַקע געווען אומאָפּהענגיק, אָבער אָפֿט מאָל זייער עלנט, באַזונדערס ווען מאָריס איז נישט געווען נעבן מיר. עס האָט געדויערט אַ פּאָר חדשים ביז איך האָב זיך איבערגעבעטן מיט שיינען.

נאָך אַ יאָר צײַט לעבן אויף מײַן אייגענעם חשבון, האָב איך באַקומען פֿון טאַטן אַ בריוו, דעם איינציקן אין יענעם פּעריאָד, געשריבן קורץ: אויב איך שאַץ מײַן מאַמעס לעבן, זאָל איך תּיכּף צוריקקומען. איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס שרײַבן צו מיר האָט פֿאַר מײַן טאַטן געמיינט ברעכן זײַן שטאָלץ און אויב ער האָט עס געטאָן, איז טאַקע זיכער, אַז מען נייטיקט זיך אין מיר. איך האָב עס איבערגעשמועסט מיט מאָריסן און דעצידירט צוריקפֿאָרן קיין מילוואָקי

צו מײַנע עלטערן, צו קלאַראַן, צו דער גימנאַזיע.

פּאַקטיש האָט מיך נישט געאַרט דאָס צוריקפּאַרן. דאָס האָט אָבער געמיינט איבערלאָזן מאָריסן, װעלכער האָט געמוזט בלײַבן אין דענװער ביז זײַן שװעסטער װעט געזונט װערן. אין איינער אַ נאַכט, פּאַר מײַן אָפּפאָר, האָט מאָריס שעמעװדיק מיר געזאָגט אַז ער האָט מיך ליב און אַז ער װיל מיט מיר חתונה האָבן. גליקלעך און שעמעװדיק, װי ער, האָב איך אים געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז איך האָב אים אויך ליב, אָבער אַז כ׳בין נאָך צו יונג אויף חתונה צו האָבן. מיר האָבן באַשלאָסן צו װאַרטן. דערװײַל װעלן מיר אונדזער פֿרײַנדשאַפֿט האַלטן בסוד און כסדר זיך דורכשרײַבן.

און אָט פֿאָר איך צוריק קיין מילװאָקי, און, װי איך האָב עס געשריבן צו רעגינאַן מיט דערהויבענעם מוט און אַ פֿול האַרץ מיט גליק.

קאַפּיטל דרײַ

# איך קלײַב אויס ארץ־ישׂראל

מײַן הײם האָב איך געפֿונען אָן איבערגעביטענע. מײַנע עלטערן װײַט נישט אַזױ שטרענג װי אַ מאָל; זײער עקאָנאָמישע לאַגע — אַ בעסערע; קלאַראַ — שױן אַ דערװאַקסן מײדל. זײ זענען אַריבער אין אַ נײַער, מער באַקװעמער דירה אויף דער צענטראַלער גאַס, װאָס האָט געררױשט פֿון מענטשן און באַװעגונג. סײַ די מאַמע און סײַ דער טאַטע האָבן מײַן גײן אין גימנאַזיע איצט אָנגענומען װי זעלבספֿאַרשטענדלעך. זײ האָבן אויך נישט פּראָטעסטירט װען איך האָב, נאָכן ענדיקן די מיטלשול, זיך פֿאַרשריבן אין לערער־סעמינאַר. כ׳גלײב נישט, אַז זײ האָבן געטראַכט אַז כ׳דאַרף מער בילדונג, האָבן אָבער נישט געװאָלט מיר שטערן. אונדזערע באַציִונגען האָט זיך פֿאַרבעסערט, נישט צום דערקענען. בלױז פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגן נאָך פֿאַרקומען אָמפּערײַען צװישן מיר און דער מאַמען. אײן מאָל איז עס געװען צוליב מאָריסעס בריװ. מײַן מאַמע האָט געפֿילט, אַז עס איז איר פֿליכט צו װיסן װעגן מײַן ראָמאַן אין דענװער (עס האָט איר מסתמא עמעץ געשריבן װעגן דעם, אפֿשר שײנע). זי האָט אַפֿילו אַ מאָל געהײסן קלאַראַן איבער־זעצן פֿאַר איר די בריװ אין ייִדיש (מיר פֿלעגן שרײַבן אין ענגליש). פֿאַרשטײענדיק אַז זי האָט געטאָן אַ פֿעלער, האָט קלאַראַ מיר שפּעטער דערצײלט װעגן דעם, געשװוירן אַז זי האָט טאַקטפֿול איבערגעהיפּערט די „מער פּערזענלעכע שטעלן". זינט דעמאָלט האָט מאָריס געשיקט זײַנע בריװ אויף רעגינאַס אַדרעס.

דאָס לעבן איז געװאָרן לײַכטער און מײַנע עלטערן זענען געװאָרן מער אַקטיװ אין דער קהילה. מײַן מאַמע האָט דאַכט זיך קײן מאָל נישט געפֿילט די נױטװענדיקײט אויסצודריקן אירע מחשבות מחוץ דעם משפּחה־קרײַז, סײַדן בנוגע די טאָג־טעגלעכע פֿאַמיליע־פֿליכטן. זי האָט פֿון דעסטװעגן אַנטװיקלט אין זיך אַ נאַטירלעכן טאַלאַנט פֿאַר אָפּקלײַבן פּאַסיקע װערטער, אַפֿשר אַ דאַנק די מענטשן, װאָס פֿלעגן אַרײַנקומען אין קראָם און זי פֿלעגט זיך צוהערן צו זײערע שמועסן, בעתן װעגן פֿאַר זײ רײַז און צוקער. בכל־אופֿן איז זי איצט געװען מער פֿאַרנומען װי שטענדיק, אָבער אויך רױִקער, אחוץ איר טבע (װאָס האָט מיך שרעקלעך דענערװירט) אָנצװױַיזן, אַז קײן זאַך איז נישט אַזױ גוט אין מילװאָקי װי אין פּינסק. „נעם, למשל, די פּרוכט", — אָבער װער האָט געגעסן פּרוכטן אין פּינסק? אונדזער משפּחה אװדאי נישט. מײַן מאַמע האָט נישט אויפֿגעהערט צו לויבן די פֿאַרגעניגנס אין דער „הײם", אָבער איך האָב זיך סוף־כּל־סוף אויסגעלערנט אויפֿצונעמען עס רױִק.

מײַן מאַמע איז שטענדיק געווען פאַרנומען מיט קאָכן און באַקן. זי האָט אויסגעהערט יענעמס צרות, געהאָלפן מיט וואָס זי האָט געקאָנט. זי איז געווען אַ גוטע קעכין און האָט מיך געלערנט צוגרייטן פשוטע און געשמאַקע ייִדישע מאכלים, וואָס איך קאָך און האָב עס גערן ביזן הײַנטיקן טאָג, כאָטש מײַן זון און איינער פון מײַנע אייניקלעך, וועלכע האַלטן זיך פאַר קוכערס־ספּעציאַליסטן און מישן אַלץ מיט ווײַן, דרייען מיט דער נאָז אויף מײַנע פשוט פאַרטראַכטע מאכלים (אָבער זאָגן זיך קיין מאָל פון זיי נישט אָפּ). ווען מיר פלעגן זיך זעצן צו דער שבתדיקער סעודה, וואָס איז באַשטאַנען פון הינערזופּ, געפילטע פיש, געבראָטן פלייש מיט קאַרטאָפל און ציבעלעס, אַ מערן־אָדער פלוימען־צימעס, זענען, אַחוץ מיר און קלאַראַן, אויך שטענדיק געווען געסט פון מחוץ דער שטאָט און זיי פלעגן אָפט מאָל פאַרבלײַבן בײַ אונדז עטלעכע וואָכן.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מײַן מאַמע פאַרוואַנדלט אונדזער הויז אין אַ צײַטווײַליקער קאַזאַרמע פאַר די בחורים, וועלכע האָבן זיך פרײַוויליק אָנגעשלאָסן אין ייִדישן לעגיאָן צו קעמפן אונטער דער ייִדישער פאָן, אין די ראַמען פון דער בריטישער אַרמיי, פאַר באַפרײַען פאַלעסטינע פון די טערקן. ס'רוב מילוואָקער יונגע לײַט, וועלכע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין לעגיאָן (אימי־גראַנטן, פרײַע פון מיליטער־דינסט), זענען אַרויס פון אונדזער הויז מיט קליינע אויסגעהאַפטענע תפילין־זעקעלעך, מײַן מאַמעס אַרבעט. גרעסערע זעקעלעך האָט מײַן מאַמע אָנגעפילט מיט קיכעלעך, וואַרעמע, פרישע פון אויוון אַרויס.

אונדזער הויז איז געווען אָפן פאַר יעדן איינעם און אַזוי אויך מײַן מאַמעס האַרץ. דערמאָנענדיק זיך אין יענער צײַט, הער איך דעם קלאַנג פון איר געלעכטער אין קיך. זי פרעגלט ציבעלעס, שיילט מערן און האַקט די פיש צו דער פרײַטיק־צו־נאַכטיקער סעודה. זי רעדט דערבײַ מיט איינעם פון די געסט, וועלכער וועט בלײַבן בײַ אונדז שלאָפן אויף דער סאָפע, אין סאַלאָן.

מײַן טאַטע האָט זיך אויך שטאַרק אַרײַנגעלאָזט אין ייִדישן לעבן פון שטאָט. ס'רוב פון די, וועלכע זענען אין יענע יאָרן געשלאָפן אויף דער באַוווּסטער סאָפע אין אונדזער שטוב, זענען געווען פון פּועלי־ציון, פון מזרחי, ייִדישע שרײַבערס, לעקטאָרן, מיטגלידער פון בני־ברית (דער פּראַטערנאַלער אָרדן, צו וועלכן אויך מײַן טאַטע האָט געהערט). בקיצור, מײַנע עלטערן האָבן זיך פולשטענדיק אײַנ־טעגרירט און זייער היים איז געוואָרן אַ מין אינסטיטוציע, אַן אַדרעס פאַר געסט פון אַנדערע שטעט און פאַרן ייִדישן קהילה־לעבן אין מילוואָקי. אַ סך פון די מענטשן, וועלכע איך האָב דעמאָלט צום ערשטן מאָל באַקענט, אָדער געהערט זייערע רעדן אויף עפנטלעכע אַרויסרעטונגען, האָבן מיט דער צײַט געהאַט אַ גרויסע השפעה נישט בלויז אויף מײַן לעבן, נאָר, וואָס איז געווען וויכטיקער, אויף דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג. געווען צווישן זיי אַזעלכע, וואָס מען האָט שפּעטער געקענט פאַררעכענען צווישן די גרינדערס פון דער ייִדישער מדינה.

ווען איך דערמאָן זיך איצט אין די מענטשן, וואָס זענען דורכגעפאָרן מילוואָקי און געלאָזט אויף מיר דעם שטאַרקסטן אײַנדרוק, בעת איך בין געווען נאָענט צו צוואַנציק, טראַכט איך קודם־כּל וועגן ייִדן ווי נחמן סירקין, פון די פּײַערדיקסטע אידעאָלאָגן פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג. ער איז געווען אַ רוסישער ייִד, שטודירט פילאָסאָפיע און פּסיכאָלאָגיע אין בערלין, צוריקגעפאָרן קיין רוסלאַנד נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905 און דערנאָך עמיגרירט קיין אַמעריקע, ווו ער איז געוואָרן דער אָנפירער פון די אַמעריקאַנער פּועלי־ציון. סירקין האָט געגלויבט אַז די איינציקע האָפענונג פאַרן ייִדישן פּראָלעטאַריאַט (וועלכן ער האָט באַצייכנט ווי דעם „שקלאַף פון די שקלאַפן" אָדער דעם „פּראָ־לעטאַריאַט פון די פּראָלעטאַריאַטן") איז אַ מאַסן־עליה קיין ארץ־ישראל. ער האָט אויסגעצייכנט געשריבן און גערעדט איבער דער דאָזיקער טעמע, איז אַרויסגעטראָטן אין אייראָפּע און אין אַמעריקע. מײַן באַליבטסטע געשיכטע וועגן סירקינען (זײַן טאָכטער, מערי, איז געוואָרן מײַן נאָענטע חברטע און שפּעטער מײַן ביאָגראַפין) שטאַמט פון אַ דעבאַטע צווישן אים און ד"ר חיים זשיטלאָווסקי, אַ באַוווסטער וואָרטזאָגער פון ייִדיש. ער האָט געהאַלטן אַז ייִדיש איז די נאַציאָנאַלע שפּראַך און איז געווען דער עיקר פאַרטאָן אין די אַספּעקטן פון די ייִדישע ציווילע רעכט. דערקעגן איז סירקין געווען אַ לײַדנשאַפטלעכער ציוניסט און אַן אָנהענגער פון אויפלעבן די העברעיִשע שפּראַך. בעת דער דיסקוסיע האָט סירקין אויסגערופן צו זשיטלאָווסקין: „גוט, לאָמיר קומען צו אַ הסכם און אַלץ צעטיילן. דו וועסט נעמען אַלץ וואָס עקסיסטירט שוין און איך — אַלץ וואָס עקסיסטירט נאָך נישט. למשל: ארץ־ישראל ווי אַ ייִדישע מדינה עקסיסטירט נאָך נישט, געהערט זי מיר; דער גלות עקסיסטירט, געהערט ער דיר; ייִדיש עקסיסטירט — געהערט עס דיר. העברעיִש, וואָס ווערט נאָך נישט גערעדט אין טעגלעכן לעבן — וועט געהערן צו מיר. אַלץ וואָס איז רעאַל און ממשותדיק וועט געהערן צו דיר און דאָס וואָס דו רופסט אָן פּוסטע חלומות וועט זײַן מײַנס".

אַ צווייטער איז געווען שמריהו לעווין. אין יענער צײַט איז ער בלי־ספק געווען איינער פון די גרעסטע ציוניסטישע אָראַטאָרן. זיין פּיקחות און צויבער האָבן פאַרכאַפּט טויזנטער ייִדן פון גאָר דער וועלט. ער געהערט היינט צו דער גרופּע שאָטן־פיגורן אין ציוניזם, באַקאַנט, אויב בכלל, פאַרן רוב יונגע ישראלים נאָר דורך דעם וואָס אַפילו אין דער קלענסטער שטאָט אין ישראל איז פאַראַן אַ גאַס אויף זיין נאָמען. אָבער פאַר מײַן דור איז ער געווען איינער פון די גיגאַנטן אין דער באַוועגונג. אויב עס איז געווען עמעץ, וועמען איך און מײַנע פרײַנד האָבן פאַרגעטערט, איז עס געווען דער עלעגאַנטער און טיף אינטעלעקטועלער שמריהו. זיין הומאָר איז געווען טיפּיש ייִדיש, שווער איבערצוגעבן זיין סוב־טילקייט אין אַן אַנדער שפּראַך. למשל, זײַן איראָנישער זאָג: „אמת, מיר זענען אַ קליין פאָלק, אָבער שווער צו פאַרטראָגן". מיט ענלעכער איראָניע האָט

ער באַשריבן ארץ־ישראל ווי אַ ווונדערלעך לאַנד: די ווינטערס קען מען פאַר־ברענגען אין מצרים (ווו עס רעגנט זעלטן) און די זומערס אין די בערג פון לבנון. איין מאָל, אויף אַ ציוניסטישן קאָנגרעס אין דער שווייץ, איז ער אַן אויפגע־ברויזטער צוגעקומען צו מיר: „גאָלדע, כ'האָב אַ ווונדערלעכן מוסר־השכל פאַר אַ מעשה, דאָס איינציקע וואָס איך דאַרף, איז די מעשה אַליין".

אין 1924 האָט זיך שמריהו באַזעצט אין ארץ־ישראל און אונדזערע וועגן האָבן זיך אָפט מאָל באַגעגנט. אָבער מײַן אייגענער לעבעדיקער אָנדענק פון אים האָט צו טאָן מיט אַ ממשותדיקן פּחד, אין שיקאַגאָ, אין 1929, ווען מען האָט מיך פאַרבעטן צו האַלטן אַ רעדע, צום ערשטן מאָל אויף אַ זייער גרויסער פאַרזאַמלונג. אַ דערציטערטע האָב איך דערזען שמריהון אין איינער פון די ערשטע רייען. גאָט מײַנער, האָב איך געטראַכט, ווי זאָל איך עפענען ס'מויל, אויב שמריהו זיצט דאָ מיר אַנטקעגן? ווי גליקלעך און איבעררעאַשט בין איך געווען, ווען ער האָט מיר דערנאָך געזאָגט, אַז כ'האָב שיין גערעדט.

די ערשטע ארץ־ישראל־מענטשן, וועלכע איך האָב געהאַט באַקענט, זענען געווען יצחק בן־צבי, שפּעטער דער צווייטער נשיא פון מדינת־ישראל, יעקב זרובבל, אַ באַקאַנטער ציוניסטישער אַרבעטער־טוער און שרײַבער און דוד בן־גוריון. בן־צבי און דוד בן־גוריון זענען געקומען קיין מילוואָקי אין 1916 רעקרוטירן זעלנערס פאַרן יידישן לעגיאָן, קורץ נאָך דעם ווי די טערקן האָבן זיי פאַרטריבן פון ארץ־ישראל און געוואָרנט, זיי זאָלן זיך נישט דערוועגן צוריקצוקומען. זרובבלען, וועמען די טערקן האָבן פאַרמישפּט צו תּפיסה, איז געראָטן צו אַנטלויפן; ער איז אָבער, ווידער נישט אין זײַן בײַזײַן, פאַרמישפּט געוואָרן אויף פופצן יאָר טורמע מיט שווערער אַרבעט.

איך האָב קיין מאָל פריִער נישט באַגעגנט אַזעלכע מענטשן ווי אָט די ארץ־ישראלים, און נישט געהערט אַזוינס וואָס זיי האָבן דערציילט וועגן יישוב. דער קליינער יידישער יישוב אין ארץ־ישראל איז אין יענער צײַט רעדוצירט געוואָרן פון 85 טויזנט צו 56 טויזנט נפשות. אַזוי האָב איך זיך צום ערשטן מאָל דערוווּסט וועגן די שרעקלעכע צרות, וואָס דער ברוטאַלער טערקישער רעזשים האָט פאַרשאַפט דעם יישוב און ווי ער האָט פאַראַליזירט דאָס נאָרמאַלע לעבן אין לאַנד. די ארץ־ישראלים זענען געווען שטאַרק באַזאָרגט איבערן גורל פון די יידן אין לאַנד. זיי זענען אָבער אויך געווען איבערצײַגט, אַז אַן עפעקטיווע יידישע פאָדערונג אויף ארץ־ישראל קען נאָך דער מלחמה געמאַכט ווערן, מיטן באַדינג, אַז יידן זאָלן שפּילן, ווי יידן, אַ באַדײַטנדיקע און אָנזעעוודיקע מיליטערישע ראָל אין די קאַמפן. זיי האָבן גערעדט מיט אַזוי פיל עמאָציע וועגן יידישן לעגיאָן, אַז איך האָב גלײַך געפּרוּווט זיך אָנשליסן, אָבער ווען כ'האָב זיך דערוווּסט, אַז קיין מיידלעך ווערן נישט אָנגענומען, איז מײַן וועלט ווי אײַנגעפאַלן.

אין יענער צײַט האָב איך, פאַרשטייט זיך, שוין אַ סך געוווּסט וועגן ארץ־

ישראל, אָבער געווען איז עס אַ טעאָרעטיש וויסן. דערקעגן די דאָרטיקע האָבן נישט גערעדט צו אונדז וועגן דער וויזיע אָדער טעאָריע פון ציוניזם, נאָר וועגן דערווירקלעכקייט. זיי האָבן אונדז מיט איינצלהייטן דערציילט וועגן די מער ווי פּופּציק לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס, וועלכע מען האָט שוין געהאַט געגרינדעט. זיי האָבן געשילדערט גאָרדאָנס קאָלאָניע אין דגניה, אַ רעאַלע, אַ באַוווינטע פון מענטשן בשר־ודמס, נישט פון מיסטישע גיבורים; זיי האָבן אונדז דערציילט וועגן תל־אביב, די ערשט־אויפגעבויטע שטאָט אויף די זאַמדן מחוץ יפו; וועגן השומר, די זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע פון ייִדישן יישוב, אין וועלכער בן־גוריון און בן־צבי זענען געווען אַקטיוו; אָבער ס׳רוב האָבן זיי גערעדט וועגן זייערע האָפענונגען אַז די אַלייִרטע וועלן באַזיגן די טערקן.

אַלע האָבן זיי אין ארץ־ישראל ענג צוזאַמענגעאַרבעט. בן־צבי האָט אָפט גערעדט וועגן אַ פּערטן מיטגליד פון זייער גרופּע, רחל ינאית, וועלכע איז שפּעטער געוואָרן זײַן ווײַב. צוהערנדיק זיך צו אים, האָב איך אָנגעהויבן טראַכטן וועגן איר ווי וועגן אַ טיפּישער געשטאַלט פאַר די פּרויען פון יישוב, וועלכע האָט באַוויזן צו זײַן גלײַכצײַטיק אַ ווײַב, אַ מוטער און אַ קעמפערין, אויסצושטיין כסדרדיקע סכּנות און נויט, און נישט באַקלאָגן זיך. זיי האָבן אַלץ געטאָן מיטן גרויסן געפיל פון שאַפן און פאַרווירקלעכן הויכע אידעאַלן.

באַצוויבערט פלעג איך זיך צוהערן צו די געקומענע פון ארץ־ישראל. עס האָט אָבער געדויערט חדשים ביז כ׳האָב געהאַט דעם מוט אַליין זיך צו דערנענטערן צו זיי. עס איז געווען לײַכטער צו רעדן מיט בן־צבין און זרובבלען ווי מיט בן־גוריונען. זיי זענען געווען אַ סך וואַרעמער. בן־צבי איז עטלעכע מאָל געקומען קיין מילוואָקי, אין הויז פון מײַנע עלטערן, פלעגט זיצן מיט אונדז, זינגען מיט אונדז ייִדישע פאָלקסלידער און געדולדיק ענטפערן אויף אַלע אונדזערע פראַגעס וועגן ארץ־ישראל. ער איז געווען אַ הויכער, שווער באַוועגלעכער יונגערמאַן מיט אַ זיסן שמייכל, אַנגענעם, צוציענדיק. וואָס שייך בן־גוריונען, אין מײַן ערשטע דערמאָנונג ווי כ׳האָב זיך מיט אים נישט געטראָפן. ער האָט געדאַרפט קומען קיין מילוואָקי און מען האָט אײַנגעאָרדנט פאַר אים אַן אָרויסטרעטונג אויף שבת־צו־נאַכט. זונטיק האָט ער געדאַרפט עסן מיטאָג בײַ אונדז. יענעם שבת צו נאַכט איז אין מילוואָקי אויפגעטראָטן דער סימפאָנישער אָרקעסטער פון שיקאַגאָ און מאָריס (ער איז שוין דעמאָלט געווען אין מילוואָקי) האָט מיט וואָכן פריער מיך געהאַט אײַנגעלאַדן צום קאָנצערט און איך האָב געמוזט מיט אים גיין. כ׳קען אָבער נישט זאָגן, אַז כ׳האָב אין יענעם אָוונט הנאה געהאַט פון דער מוזיק. אויף צו מאָרגנס האָבן מיך די פּועלי־ציון אינפאָרמירט, אַז דער מיטאָג איז אָפּגערופן, דאָס האָט מיר צעבראָכן דאָס האַרץ, אָבער כ׳האָב געפילט, אַז זיי זענען גערעכט און כ׳האָב סטאָיש אָנגענומען זייער מישפּט. פאַרשטייט זיך אַז שפּעטער האָב איך זיך יאָ באַקענט מיט בן־גוריונען און איך געדענק דעם פּחד,

וואָס ער האָט אויף מיר אָנגעוואָרפן אַ לאַנגע צײַט. ער האָט געהערט צום סאָרט מענטשן, צו וועלכע עס איז שווער זיך צו דערנענטערן. עפּעס איז געווען אין אים וואָס האָט נישט גרינג געמאַכט דאָס באַקענען זיך מיט אים, אָבער מיר וועלן נאָך שפּעטער רעדן מער וועגן בן־גוריונען.

פּאַמעלעך האָט דער ציוניזם אָנגעהויבן אויספּילן מײַנע געדאַנקען און מײַן לעבן. איך האָב בפירוש געגלייבט, אַז ווי אַ ייִד געהער איך צו ארץ־ישראל און ווי אַ מיטגליד פון פּועלי־ציון וואָלט איך געקענט געבן מײַן פולן בײַשטײַער דעם יישוב צו דערגרייכן די צילן פון סאָציאַלער און עקאָנאָמישער גלײַכהייט, אָבער די צײַט איז נאָך נישט געהאַט געקומען פאַר מיר צו באַשליסן אַהין צו פאָרן און דאָרט צו לעבן. איך האָב אָבער געוווּסט, אַז כ'וועל נישט זײַן קיין „סאַלאָן־ציוניסט" וואָס פּריידיקט פאַר אַנדערע זיך צו באַזעצן אין ארץ־ישראל. איך האָב נישט געוואָלט זיך אַנשליסן אין דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי איידער איך וועל קענען אָננעמען אַ פאַרפליכטנדיקן באַשלוס.

דערווײַל איז געווען די שול און מאָריס. ווי לאַנג ער איז געווען אין דענווער האָבן מיר רעגולער זיך דורכגעשריבן. ווען כ'לייען די בריוו נאָך אַזוי פיל יאָרן, באַמערק איך, אַז עס זענען אויך געווען קליינע פּריוואַטע טראַגעדיעס און ספקות, ווי אין לעבן פון יעדן יונגן מיידל. פאַר וואָס בין איך נישט מער צוציִענדיק? ווי האָט מאָריס מיך געקענט ליב האָבן? האָט ער מיך טאַקע ליב געהאַט? מײַנע בריוו זענען מסתמא פול געווען מיט שלעכט פאַרשטעלטע ביטעס צו פאַרזיכערן מיר דאָס אַלץ און די פאַרזיכערונגען פלעגן שטענדיק קומען, אָבער נישט שטענדיק זייער עלעגאַנט פאָרמולירט. „כ'האָב זיך געבעטן ווידער אַ מאָל און ווידער אַ מאָל זאָלסט מיר נישט אָנטקעגנרעדן וואָס שייך דײַן שיינקייט" — האָט ער איין מאָל געשריבן. „דו קומסט בײַ יעדער געלעגנהייט מיט די זעלבע שרעקעוודיקע באַמערקונגען זיך אַליין צו דערנידעריקן און איך קען עס נישט פאַרטראָגן".

אין אַנדערע בריוו האָבן מיר געפּרוּווט פּלאַנירן אַ בשותּפותדיקע צוקונפט און שטענדיק פלעגט עס זיך ענדיקן מיט ארץ־ישראל. מאָריס איז דעמאָלט געווען ווייניקער זיכער פון מיר וואָס שייך ציוניזם. ער האָט געהאַט אַ מער ראָמאַנטישע און פאַרשנדיקע נאַטור. ער האָט געטרוימט פון אַ וועלט, וווּ יעדער וועט קענען לעבן אין שלום און עס האָט אים ווייניק געצויגן צו נאַציאָנאַלער אַליין־באַשטימונג. ער האָט פּאַקטיש נישט געגלויבט, אַז אַן אומאָפּהענגיקע מדינה וועט ייִדן קענען אַ סך העלפן. עס וועט מיינען נאָך אַ לאַנד, מיט די באַקאַנטע שטראָפן און פּלאָגן, וואָס אַ מלוכה ברענגט מיט זיך. אין איינעם פון זײַנע בריוו, אין יאָר 1915, שרײַבט ער:

„כ'ווייס נישט, צי זאָל איך זײַן צופרידן צי נישט וואָס דו ביסט אַזאַ ענטוזיאַסטישע נאַציאָנאַליסטין. איך בין אין אָט דער פראַגע אין גאַנצן פּאַסיוו,

כאָטש איך גיב דיר פולע אָנערקענונג פאַר דײַן אַקטיוויטעט, ווי איך גיב עס יעדן וואָס איז אַרײַנגעטאָן אין העלפן אַ פאָלק אין אַ שווערער לאַגע. די טעג האָב איך באַקומען אַן אײנלאַדונג צו אַ פאַרזאַמלונג, אָבער אַזוי ווי כ׳האָב נישט קײן ספּעציעלן אינטערעס אין דער פראַגע צי ייִדן וועלן לײַדן מער אין רוסלאַנד צי אין ארץ־הקודש, בין איך נישט געגאַנגען״...

אַרום 1915 האָבן ייִדן געליטן אין אַ סך ערטער. איך מיטן טאַטן האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן צוזאַמען בײַ פאַרשיידענע אַקציעס, וועלכע האָבן, אגב, אונדז מער דערנענטערט. פונקט ווי אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, זענען אויך אין דער ערשטער די מערסטע הילפסאַרבעטן פאַר די ייִדן אין אייראָפּע געטאָן געוואָרן דורכן נײַ־געשאַפענעם דזשאָינט־קאָמיטעט; אָבער נישט ווי אין די פערציקער יאָרן, איז דעמאָלט די דאָזיקע אָנגעזעענע אָרגאַניזאַציע שלעכט אָנגעפירט געוואָרן דורך אַ גרופּע ביוראָקראַטן אין ניו־יאָרק און דערפאַר טאַקע געווען אַ ציל פאַר שאַרפער קריטיק. אַט דער מצב האָט, צווישן אַנדערן, געבראַכט דערצו, אַז די ייִדישע אַרבעטער־גרופּן האָבן באַשלאָסן צו גרינדן אַן אייגענע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען ,,פאָלקס־קאָמיטעט פאַר העלפן די ייִדן אין אייראָפּע״. איך מיטן טאַטן האָבן זיך אין איר אָנגעשלאָסן. עס איז געווען אַ גוטע צוזאַמענאַרבעט, וואָס פילט מיך אָן מיט פרייד, ווען איך דערמאָן זיך אין איר. מײַן טאַטע איז מסתּמא געווען געריירט צו זען מיך אויפן וועג צו ווערן אַ דערוואַקסענער מענטש. דער טאַטע האָט רעפּרעזענטירט זײַן אַרבעטער־פאַראיין און איך בין געווען די וואָרטזאָגערין פון אַ קלײנער ליטעראַרישער פּועלי־ציון־גרופּע, וווּ איך פלעג אַרײַנקומען נאָך דער שול. מיר האָבן געהאַט אַ פּראָגראַם פון לעקציעס, צו וועלכע מיר פלעגן פאַרבעטן רעדנערס פון שיקאַגאָ. זיי פלעגן קומען קײן מילוואָקי יעדע צוויי וואָכן און פירן, וואָס מען רופט הײַנט אַן, סעמינאַרן אויף פאַרשיידענע טעמעס פון דער ייִדישער ליטעראַטור. מיר האָבן געליטן פון אַ כראָנישן מאַנגל אין געלט, געדאַרפט דעקן די הוצאות פון לאָקאַל און רעדנער. פון די מיטגלידער האָבן מיר גענומען אַן אָפּצאָל פון 25 סענט פאַר אַ לעקציע. אין יענע טעג איז עס געווען אַ סך. כ׳געדענק אַ מאַן, וועלכער פלעגט קומען צו יעדער לעקציע אָבער זיך אָפּגעזאָגט צו צאָלן. ,,איך קום נישט צו דער לעקציע״ — האָט ער דערקלערט — ,,איך קום שטעלן אַ פראַגע״.

בײַם סוף פון דער מלחמה איז אויפגעקומען אַ צווייטע, גרעסערע ייִדישע באַוועגונג — דער אַמעריקאַנער ייִדישער קאָנגרעס — וואָס וועט שפּילן אַ וויכטיקע ראָל אין דער פאַרמירונג פון ייִדישן וועלט־קאָנגרעס אין די דרײַסיקער יאָרן. אין יענע טעג האָט דער בונד (וואָס איז איבערגעפלאַנצט געוואָרן קײן אַמעריקע) זיך נישט אַנטקעגנגעשטעלט דעם אויפקום פונעם קאָנגרעס, אָבער ער האָט מיט כעס אָפּגעפרעגט זײַן ,,פּראָ־פּאַלעסטינער״ אָריענטאַציע. אין 1918, ווען עס זענען פאַרגעקומען די וואַלן צום קאָנגרעס אין אַלע גרעסערע קהילות פון די

פאַראייניקטע שטאַטן (דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס די ייִדן אין אַמעריקע האָבן אָפּגעהאַלטן זייערע אייגענע וואַלן) האָבן די געמיטער זיך צעהיצט. די ציוניסטן האָבן געצויגן אין איין זײַט, די בונדיסטן אין אַ צווייטער. איך מיטן טאַטן זענען מיר געווען אַקטיוו אין דער וואַלאַקציע. אין מײַן אויפקלערונג האָב איך אונטערגעשטראָכן, אַז דער קאָנגרעס זאָל זיך אַרויסזאָגן פאַרן ציוניזם.

כ'האָב געהאַלטן אַז דער בעסטער פּלאַץ פאַר פּראָפּאַגאַנדע צווישן ייִדן איז די שול פון דער געגענט, בעיקר יום־טוב־צייטן, ווען יעדער גייט אין שול אַרײַן. אָבער אַזוי ווי רעדן צום עולם אין שול איז געווען דערלויבט נאָר פאַר מענער, האָב איך פאַרן אַרײַנגאַנג אַוועקגעשטעלט אַ קאַסטן און בײַם אַהיימגיין האָבן די מענטשן נישט געהאַט קיין ברירה און אויסגעהערט מײַן רעדע, לפּחות אַ טייל פון דעם וואָס איך האָב געהאַט צו זאָגן וועגן דער פּלאַטפאָרם פון פּועלי־ציון. אין דעם פּרט, אויב נישט אין אַנדערע, איז מײַן זיכערקייט געווען אַ פולקומע. אַ גרעסערע גרופּע מענטשן האָט זיך אָפּגעשטעלט מיך אויסהערן. דאָס האָט מיך באַוויגן צו פּלאַנירן אַזאַ אַרויסטרעטונג אויך אויף אַ צווייטן פּלאַץ, אָבער דער טאַטע האָט זיך דערוווּסט וועגן מײַן פּלאַן און עס איז געקומען צו אַ שווערן שטרײַט. משה מאַבאָוויטשעס טאָכטער, האָט ער געשטורעמט, וועט נישט שטיין אויף אַ קעסטל אין גאַס און מאַכן טעאַטער פון זיך. דאָס איז אַ חרפּה און אַ בושה. כ'האָב געפּרוּווט אים געבן צו פאַרשטיין, אַז מײַנע פרײַנד וואַרטן אויף מיר און אַז רעדן פאַר אַן עולם אין גאַס איז אַן אָנגענומענע זאַך. מײַן טאַטע האָט זיך אָבער אַזוי צעקאָכט, אַז ער האָט נישט געהערט קיין וואָרט פון דעם וואָס איך האָב צו אים גערעדט. די מאַמע איז געשטאַנען צווישן אונדז ווי אַן אַרביטער אין אַ קאַמף און דער וויכּוח האָט זיך געפירט אויף הויכע קולות.

קיינער האָט נישט נאָכגעגעבן. מײַן פאָטער, זײַן פּנים רויט פון רוגזה, האָט פאַרזיכערט, אַז אויב איך וועל אַרויסטרעטן, וועט ער קומען און פאַרן גאַנצן עולם מיך שלעפּן בײַ די צעפּ אַהיים. כ'האָב קיין ספק נישט געהאַט אַז ער וועט טאַקע אַזוי טאָן. בדרך־כּלל האָט ער מקיים געווען זײַנע הבטחות, אָבער איך בין פאָרט אַוועק. מײַנע פרײַנד אויף דער גאַס האָב איך געוואָרנט, אַז מײַן טאַטע איז גרייט אויף מלחמה. און נישט אָן מורא בין איך אַרויף אויפן קעסטל און געהאַלטן מײַן רעדע. ווען כ'בין אַהיימגעקומען, האָט די מאַמע געוואַרט אויף מיר אין קיך. דער טאַטע שלאָפט שוין, האָט זי געזאָגט. ער איז געווען אויף דער פאַרזאַמלונג אין גאַס און געהערט מיך רעדן. „כ'ווייס נישט פון וואַנען זי נעמט עס" — האָט ער געזאָגט מיט פאַרווונדערונג. ער איז געווען אַזוי פאַרכּישופט, אַז ער האָט פאַרגעסן זײַן סטראַשוניק. קיינער פון אונדז האָט מער נישט באַרירט דעם אינצידענט. כ'מיין אַז דאָס איז געווען די בעסטע רעדע, וואָס איך האָב ווען עס איז געהאַלטן.

אין יענער צײַט האָב איך אָנגעהויבן מײַן אמתע אַרבעט ווי אַ לערערין. די

פועלי־ציוניסטן האָבן געעפנט אַ פֿאָלקסשול, וואָס האָט פֿונקציאָנירט אין באַשטימטע טעג פֿון דער וואָך, אַ ייִדישע שול אין ייִדישן צענטער פֿון מילוואָקי. מען האָט געלערנט אין די שבתים, נאָך מיטאָג, זונטיק אין דער פֿרי און נאָך איין נאָכמיטאָג אין מיטן דער וואָך. כ׳האָב געלערנט ייִדיש, לייענען, שרײַבן, ליטעראַטור און געשיכטע. ייִדיש האָט פֿאַר מיר דעמאָלט אויסגעזען ווי די שטאַרקסטע פֿאַרבינדונג צווישן ייִדן און כ׳האָב ליב געהאַט די לימודים. נישט פֿאַר דעם האָט מיך צוגעגרייט דער לערער־סעמינאַר, אָבער עס איז פֿאַר מיר געווען אַ גרויסע סאַטיספֿאַקציע צו באַקענען די ייִדישע קינדער פֿון שטאָט מיט די גרויסע ייִדישע שרײַבערס, וועלכע איך האָב אַזוי באַוווּנדערט. אַוודאי איז ענגליש געווען אַ פֿײַן לשון, אָבער ייִדיש איז געווען די שפּראַך פֿון דער ייִדישער גאַס, די באַטירלעכע, וואַרעמע, אינטימע שפּראַך, וואָס האָט פֿאַראייביקט אַ צעשפּרייט פֿאָלק. כ׳טראַכט, רעטראָספּעקטיוו, אַז כ׳בין דעמאָלט געווען צו שטאַרק איבערגענומען מיט ייִדיש. כ׳האָב, למשל, דעמאָלט געהאַלטן, אַז ס׳איז נישטאָ בײַ קיין גרעסער פֿאַרברעכן פֿאַר אַ קינד ווי מישן ייִדיש מיט ענגליש. אַ באַשטימטע צײַט האָב איך געטראַכט, אַז ייִדן דאַרפֿן אין ארץ־ישׂראל האָבן צוויי שפּראַכן: עברית און ייִדיש. ווער האָט געקענט טראַכטן וועגן אויפֿגעבן ייִדיש דווקא אין ארץ־ישׂראל? ווען די פּועלי־ציון האָבן געשאַפֿן אַן ענגליש־רעדנדיקע אָפּטיילונג און מיך געבעטן אָנצופֿירן מיט איר, האָב איך דערפֿון נישט געוואָלט הערן. אויב מענטשן ווילן געהערן צו פּועלי־ציון, מוזן זיי לפּחות קענען ייִדיש. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז עס וואָלט פֿאַר מיר געווען אַ סך בעסער ווען איך וואָלט זיך אָפּגעגעבן צו העברעיִש, אָבער ווער האָט עס דעמאָלט געקענט? ווען מיר זענען אַוועק קיין ארץ־ישׂראל, האָב איך, פֿאַרשטייט זיך, געלערנט העברעיִש, אָבער די שפּראַך קיין מאָל נישט געקענט אַזוי גוט ווי ייִדיש.

איך האָב געהאַט אַ פֿאַרגעניגן צו זײַן אַ לערערין אין דער פֿאָלקסשול, כ׳האָב ליב געהאַט די קינדער, זיי האָבן מיך ליב געהאַט און איך האָב געפֿילט, אַז איך טו אַ נוצלעכע זאַך. אין די זונטיקס נאָך מיטאָג, ווען עס איז געווען אַ גוט וועטער, פֿלעגן מײַן משפּחה, אייניקע פֿון מײַנע תּלמידים און מאָריס (אויב ער איז געווען אין שטאָט) אײַנאָרדענען אַ פּיקניק. מײַן מאַמע האָט צוגעגרייט בערג מיט עסן, מיר זענען געזעסן אונטער אַ בוים אין פּאַרק און געזונגען. אין יענע טעג האָב איך נישט געריכערט און האָב געזונגען גערן. מײַנע עלטערן פֿלעגן אײַנשלאָפֿן אויפֿן גראָז, די פּנימער צוגעדעקט מיט דער זונטיק־אויסגאַבע פֿון איינער פֿון די ייִדישע צײַטונגען, וואָס זיי האָבן געלייענט פֿון אָנהויב ביזן סוף. די אַנדערע האָבן גערעדט, ביז זון־אונטערגאַנג, וועגן לעבן, פֿרײַהייט און וועג צום גליק. דערנאָך פֿלעגן מיר גיין אַהיים און די מאַמע פֿלעגט פֿאַר דער גאַנצער חברה דערלאַנגען אָוונטברויט.

גלײַך נאָך דער מלחמה, ווען אין אוקראַיִנע און אין פּוילן זענען אויס־געבראָכן אַנטיסעמיטישע פּאָגראָמען (אין אוקראַיִנע איז פֿאַר די פּאָגראָמען געווען

פֿאַראַנטוואָרטלעך סעמיאָן פּעטליוראַ, וועלכער האָט מיט זײַנע באַנדעס פּאַרטיליקט גאַנצע ייִדישע יִשובֿים), האָב איך געהאָלפֿן אָרגאַניזירן אַ פּראָטעסטמאַרש אויף איינער פֿון די הויפּטגאַסן אין מילוואָקי. דער ייִדישער אייגנטימער פֿון אַ גרויסן דעפּאַרטמענט־געשעפֿט האָט זיך דערוווּסט וועגן מײַנע פּלענער און געבעטן מיך קומען צו אים. „איך פֿאַרשטיי. אַז איר גרייט זיך אָנצופֿירן מיט אַ דעמאָנסטראַציע אויף דער וואַשינגטאָן־עוועניו" — האָט ער צו מיר געזאָגט — „אויב איר וועט עס טאָן, וויל איך איר זאָלט וויסן, אַז כ'וועל פֿאַרלאָזן די שטאָט". כ'האָב אים געענטפֿערט, אַז איך האָב גאָרנישט קעגן זײַן פֿאַרלאָזן די שטאָט און אַז איך בין אַנטשלאָסן אויסצופֿירן מײַן פּלאַן. איך האָב זיך בכלל נישט געזאָרגט, נישט געטראַכט וואָס מענטשן וועלן מיינען אָדער זאָגן. די ייִדן האָבן נישט געהאַט מיט וואָס זיך צו שעמען. פֿאַרקערט, כ'בין זיכער, האָב איך אים געזאָגט, אַז אויסדריקנדיק וואָס מיר פֿילן לגבי די רציחות איבער ייִדן און פֿאַרוואַנדלען זיי אין קאַליקעס געווינען מיר דעם רעספּעקט און די סימפּאַטיע פֿון דער שטאָט. די דעמאָנסטראַציע האָט געהאַט אַ גרויסן דערפֿאָלג. עס האָבן אין דעם מאַרש אָנטיילגענומען הונדערטער מענטשן. עס האָט זיך פּשוט נישט געגלייבט, אַז עס זענען פֿאַראַן אַזוי פֿיל ייִדן אין מילוואָקי. אַגבֿ, האָט מיך איבערראַשט (נישט געקוקט אויף מײַנע מוטיקע ווערטער צו יענעם געשעפֿט־אייגנטימער), וואָס אַזוי פֿיל נישט־ייִדן האָבן זיך באַטייליקט אין דער דעמאָנסטראַציע. איך געדענק ווי עס האָבן געקוקט אויף אונדז די מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען פֿון ביידע זײַטן גאַס. פֿון זייערע בליקן האָב איך אַרויסגעלייענט פֿאַרשטענדעניש און סאָלי־דאַריטעט. אין יענער צײַט זענען נישט פֿאָרגעקומען קיין סך פּראָטעסטמאַרשן און די דעמאָנסטראַציע האָט געהאַט אַן אָפּהילך איבער גאַנץ אַמעריקע. בײַ דער געלעגנהייט וויל איך באַמערקן, אַז פּערזענלעך האָב איך קיין מאָל זיך נישט אָנגעטראָפֿן אין מילוואָקי אויף אַנטיסעמיטישע דערשײַנונגען. איך האָב געלעבט אין אַ ייִדישער געגנט און געהאַט צו טאָן כמעט נאָר מיט ייִדן סײַ אין שול און סײַ מחוץ דער שול. פֿאַרשטייט זיך, אַז איך האָב געהאַט אויך נישט־ייִדישע פֿרײַנד, ווי כ'האָב געהאַט זיי מײַן גאַנץ לעבן. ווען זיי זענען אַפֿילו נישט געווען אַזוי נאָענט צו מיר ווי די ייִדן, האָב איך זיך אין זייער סבֿיבֿה געפֿילט אַבסאָלוט פֿרײַ.

מיר דאַכט, אַז יענעם טאָג, ווען מיר האָבן מאַרשירט איבער דער שטאָט, האָב איך געהאַט דאָס געפֿיל, אַז כ'קען מער נישט אָפּלייגן דעם ענדגילטיקן באַשלוס וועגן ארץ־ישׂראל. ווי שווער דאָס זאָל נישט זײַן פֿאַר מײַנע טײַערסטע, האָב איך מער נישט געקענט אָפּציִען מיט דער החלטה ווו איך וועל פֿאַרברענגען מײַן לעבן. איך האָב געפֿילט, אַז ארץ־ישׂראל און נישט די מאַרשן אין מילוואָקי, איז דער איינציקער ממשותדיקער און זינענפֿולער ענטפֿער אויף פּעטליוראַס רוצחישע באַנדעס. ייִדן מוזן צוריקהאָבן אַן אייגן לאַנד און איך דאַרף עס העלפֿן

בויען, נישט מיט רעדעס צי געלטזאַמלונגען, נאָר לעבנדיק און אַרבעטנדיק דאָרט.

קודם האָב איך פאָרמעל זיך אָנגעשלאָסן אין דער פועלי־ציון־פּאַרטיי און דאָס איז פאַר מיר געווען דער ערשטער שריט אויפן וועג קיין ארץ־ישראל. פּועלי־ציון האָט דעמאָלט נישט געהאַט קיין יוגנט־באַוועגונג. לויט דער פּאַרטיי־קאָנסטיטוציע האָט מען בלויז אָנגענומען מיטגלידער פון איבער אַכצן יאָר. איך בין ערשט אַלט געווען זיבעצן, כ׳בין אָבער באַקאַנט געווען צווישן די חברים און מען האָט מיך אַרײַנגענומען אין די רייען פון דער פּאַרטיי. איצט האָב איך געדאַרפט איבערצײַגן מאָריסן עולה צו זײַן מיט מיר קיין ארץ־ישראל, וואָרעם כ׳האָב נישט געקענט באַנעמען מיר זאָלן נישט זײַן צוזאַמען. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז אויב מאָריס וועט אַפילו מסכּים זײַן, וועלן מיר דאַרפן וואַרטן אַ יאָר אָדער צוויי — צווישן אַנדערן אויף צו שאַפן גענוג געלט פאַר הוצאות — און געוואָלט האָב איך דורכויס, אַז פאַר אונדזער חתונה־האָבן זאָל מאָריס וויסן וועגן מײַן באַשלוס צו לעבן אין ארץ־ישראל. איך האָב עס נישט אַרויסגעשטעלט ווי אַן אולטימאַטום, אָבער גערעדט קלאָרע ווערטער און געוואָלט אַז אונדזער חתונה זאָל זײַן פאַרבונדן מיט מײַן ארץ־ישראל־פּלאַן. „איך ווייס, אַז דו ביסט נישט אַזוי גענויגט ווי איך צו באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל" — האָב איך אים געזאָגט — „אָבער איך בעט דיך, קום מיט מיר". ער האָט מיך זייער ליב, האָט מאָריס געענטפערט, אָבער וואָס שייך ארץ־ישראל מוז ער עס איבערטראַכטן און אַליין קומען צו אַ באַשלוס. הײַנט פאַרשטיי איך, אַז מאָריס, וועלכער איז געווען אַ סך ווייניקער אימפּולסיוו און מער אויפנעמיק פון מיר, האָט געוואָלט מער צײַט נישט נאָר אויף צו באַטראַכטן דעם ענין, נאָר מסתמא אויך כּדי צו דערגיין, צי מיר זענען טאַקע פּאַסיק איינע פאַרן אַנדערן. אין איינעם פון זײַנע בריוו פון דענווער, נאָענט פאַר זײַן אַרויספאָר קיין מילוואָקי, שרײַבט ער: „האָסטו זיך איצט אויף אַ רגע פאַרטראַכט, צי דײַן מאָריס פאַרמאָגט די אייגנשאַפט אַן וועלכער אַלע אַנדערע סובטילקייטן האָבן קיין ווערט נישט, כ׳מיין דעם אומבייגעוודיקן ווילן?" געווען איז דאָס איינע פון די פראַגעס, וואָס פאַרליבטע פרעגן און דערוואַרטן נישט, ווילן גאָרנישט קיין תשובה. וואָס שייך מיר, האָב איך בכלל נישט געצווייפלט, אָבער מאָריס איז געווען קליגער און האָט זיכער געפילט, אַז אין באַשטימטע פּרטים זענען מיר פאַרשיידן און אַז אַט די אונטערשיידן קענען אַ געוויסן טאָג אָננעמען אַן ערנסטן כאַראַקטער.

האָבן מיר זיך אויף אַ געוויסער צײַט צעשיידט. איך האָב פאַרלאָזט די שול (ווי מאָדנע וואָס זי האָט פאַרלוירן די גרויסע וויכטיקייט פאַר מיר) און בין אוועק קיין שיקאַגאָ. אויפן סמך פון מײַן אַרבעט ווי אַ ביבליאָטעקאַרין אין מילוואָקי, האָב איך באַקומען אַ פּאָסטן אין דער עפנטלעכער ביבליאָטעק. שיינע, שמאַי מיט זייערע צוויי קינדער זענען אויך אַריבער וווינען קיין שיקאַגאָ. שמאַי האָט דאָרט געאַרבעט אין אַ יידישער צײַטונג. רעגינאַ איז אויך געקומען און מיר אַלע האָבן זיך אָפט באַגעגנט. איך בין אָבער ווײַט נישט געווען גליקלעך. דער

גערענק, אַז איך וועל דאַרפֿן אויסקלייַבן צווישן מאָריסן און ארץ־ישׂראל האָט מיך שטאַרק געמאַטערט. דעם גרעסטן טייל פֿון דער צייַט בין איך געווען מיט די חברים פֿון פּועלי־ציון, געהאַלטן רעדעס, אָרגאַניזירט פּאַרזאַמלונגען, געזאַמלט געלט. עס איז שטענדיק געווען עפּעס וואָס האָט איבערגעוואויגן מייַנע פּריוואַטע צרות און אַזוי אַרום האָב איך ווייניקער וועגן זיי געטראַכט, דערווייַטערט זיך פֿון זיי — אַ מצב, וואָס האָט זיך קיין סך נישט געביטן אין די ווייַטערדיקע זעכציק יאָר.

מאָריס האָט נאָך געהאַט וואַקלענישן לגבי ארץ־ישׂראל, אָבער שוין געהאַט זיך דערנענטערט צו דער אידעע, בכל־אופֿן אויף אַזוי פֿיל, ער זאָל מסכּים זייַן צו פֿאָרן מיט מיר. אָן ספֿק האָט ער זייַן באַשלוס, אין אַ באַשטימטן זינען, אָנגענומען אונטער דער השפּעה פֿון דער דעקלאַראַציע פֿון דער בריטישער רעגירונג אין נאָוועמבער 1917, אין שייַכות מיט „דער גרינדונג פֿון אַ נאַציאָנאַלער היים פֿאַרן ייִדישן פֿאָלק אין פּאַלעסטינע און די נויטיקע אָנשטרענגונגען צו דערגרייכן דעם דאָזיקן ציל". די באַלפֿור־דעקלאַראַציע, אויפֿן נאָמען פֿון אַרטור דזשיימס באַלפֿור, וועלכער איז דעמאָלט געווען דער ענגלישער אויסערן־מיניסטער, איז געווען אין פֿאָרם פֿון אַ בריוו, געשיקט פֿון לאָרד באַלפֿור צו לאָרד ראָטשילד. געשען איז עס ווען די בריטישע כּוחות האָבן, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון לאָרד אַלענבי, אָנגעהויבן אייַנצונעמען פּאַלעסטינע. נישט געקוקט דערויף, וואָס אין די קומענדיקע יאָרן איז די צווייִדייטיקייט פֿון דער דעקלאַראַציע שולדיק געווען אין אָן־סופֿיקן בלוט־פֿאַרגיסן אין מיטעלן מיזרח, איז זי אין יענע טעג באַגריסט געוואָרן דורך די ציוניסטן, וואָרעם זי האָט דערמעגלעכט צו לייגן די יסודות פֿאַר אַ ייִדישן קאָמענוועלט אין ארץ־ישׂראל. איבעריק צו זאָגן, אַז די דעקלאַראַציע האָט מיך דערהויבן און דערפֿרייט. דער ייִדישער גלות האָט זיך געענדיקט און עס וועט זיך באמת אָנהייבן דער קיבוץ־גלויות און איך מיט מאָריסן וועלן זייַן צווישן די מיליאָנען ייִדן, וועלכע וועלן זיכער שטראָמען קיין ארץ־ישׂראל.

אויפֿן פֿאָן פֿון דאָזיקן היסטאָרישן געשעעניש האָבן מיר דעם 24טן דעצעמבער 1917 חתונה געהאַט. די חתונה איז פֿאָרגעקומען אין הויז פֿון מייַנע עלטערן. פֿריִער איז געווען אַ לאַנגע עמאָציאָנעלע דיסקוסיע מיט מייַן מאַמען. מיר האָבן געוואָלט אַ ציווילע צערעמאָניע, אָן געסט און אָן גערודער. מיר זענען געווען סאָציאַליסטן, טאָלעראַנט לגבי טראַדיציע, אָבער דער ריטואַל האָט אונדז בשום־אופֿן נישט געבונדן. נישט מיר האָבן געוואָלט און נישט מיר האָבן געדאַרפֿט אַ רעליגיעזע צערעמאָניע, אָבער מייַן מאַמע האָט מיר גלייַך געמאָלדן, מיט דער גאַנצער קלאָרקייט, אַז אַ ציווילע חתונה וועט זי אומברענגען, אַז זי וועט תּיכּף מוזן אַוועק פֿון מילוואָקי, אַז כ'וועל פֿאַרשעמען די גאַנצע משפּחה, דאָס גאַנצע ייִדישע פֿאָלק. וואָס פֿאַר אַ שאָדן וועט אונדז אייַנגעטלעך ברענגען אַ טראַדיציאָנעלע חתונה? האָבן מיר נאָכגעגעבן. באמת, וואָס קען אונדז שאַטן אַז מיר וועלן שטיין

פּופּצן מינוט אונטער דער חופּה? מיר האָבן אײַנגעלאַדן מענטשן, די מאַמע האָט צוגעגרייט כּיבוד און הרב שײנפעלד, אַ באַוווּסטער למדן אין מילוואָקי, האָט אונדז געגעבן חופּה־וקידושין. ביזן לעצטן טאָג פֿון איר לעבן האָט מײַן מאַמע שטאָלצירט מיט הרב שײנפעלדס קומען צו דער חתונה אין אונדזער הויז. ער האָט געהאַלטן אַ קורצע דרשה און אונדז צוגעווונטשן און פֿאַרזוכט אַ שטיקל פֿון דער מאַמעס טאָרט. ער איז געווען באַקאַנט מיט זײַן שטרענגקייט אין רעליגיעזע ענינים און ווי אַ כּלל זיך אָפּגעזאָגט עפּעס צו טרינקען און אַוודאי עסן מחוץ זײַן שטוב. כ׳האָב אָפּט געטראַכט וויפֿל אַז דער טאָג האָט באַטײַט פֿאַר מײַן מאַמען און איך האָב שיִער נישט אַלץ קאַליע געמאַכט דורך מײַן ווילן חתונה האָבן אין ראַטהויז.

ווידער האָב איך אָנגעהויבן אַ נײַ לעבן; פּינסק, מילוואָקי, דענווער זענען געווען באַזונדערע סטאַנציעס. איצט, נאָענט צו צוואַנציק, אַ חתונה־געהאַטע און אויפֿן וועג צום איינציקן פּונקט וואָס האָט מיך באמת געלאָקט. אָבער די מלחמה האָט זיך נאָך נישט געהאַט געענדיקט און עס איז געווען אוממעגלעך צו פֿאָרן אַהין.

בײַ די עלטערן איז נישט געווען קיין צימער פֿאַר אונדז און מיר האָבן געדונגען אַ דירה פֿאַר זיך אויף אַ פּאָר יאָר. איך בין אַ סך אַרומגעפֿאָרן אין שײַכות מיט די ענינים פֿון פּועלי־ציון. כ׳מיין אַז מען האָט מיך געפֿאָדערט, ווײַל כ׳בין געווען יונג, גערעדט פֿליסיק ייִדיש און ענגליש, געווען גרייט צו פֿאָרן אומעטום און האַלטן רעדעס אָן שום פֿריִער צוגעגרייטע נאָטיצן.

טעלעכע חדשים נאָך אונדזער חתונה האָט די פּאַרטיי באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אַ צײַטונג און געבעטן מיך צו העלפֿן פֿאַרקויפֿן אַקציעס. מײַן טאַטע איז געווען אין כּעס: „ווער לאָזט עס איבער אַ מאַן, ערשט חתונה געהאַט און פֿאָרט אויף די וועגן" — האָט ער זיך געבייזערט ווען כ׳בין אַוועק פֿון דער היים אויף אַ טאָג אָדער צוויי. מאָריס האָט פֿאַרשטאַנען, אַז כ׳האָב נישט געקענט אָפּזאָגן דער באַוועגונג און איך בין אַרויסגעפֿאָרן אויף עטלעכע וואָכן. דער אָפּמאַך איז געווען, אַז איך באַקום פּופּצן דאָלאַר אַ וואָך און אַלע מײַנע הוצאות; געמיינט האָט עס עסן אַחוץ דעסערט. פֿאַרן אײַזקרעם האָב איך אַליין געדאַרפֿט צאָלן. קיינער פֿון דער פּאַרטיי איז דעמאָלט נישט אײַנגעשטאַנען אין אַ האָטעל, איך פֿלעג איבערשלאָפֿן אין הײַזער פֿון פּאַרטיי־מיטגלידער, אָפֿט מאָל אין איין בעט מיט דער בעל־הביתטע.

כ׳בין דערפֿאַרן אַזש ביז קאַנאַדע, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז כ׳האָב נישט קיין פּאַספּאָרט. מאָריס איז נאָך דעמאָלט נישט געווען קיין אַמעריקאַנער בירגער און אַ חתונה־געהאַטע פֿרוי האָט דעמאָלט נישט געקענט באַקומען איר אייגענע בירגערשאַפֿט. מײַן טאַטנס פּאַספּאָרט וואָלט געקענט העלפֿן, אָבער ער איז דאָך געווען אָנגעברוגזט אויף מיר און זיך אָפּגעזאָגט אַרויסצושיקן מיר זײַן פּאַספּאָרט.

כ׳האָב געפּרוּווט אַריינפּאַרן אַז אַ פּאַספּאָרט. ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין מאָנטרעאַל, האָט מען מיך אַראָפּגענומען פון דער באַן און אַוועקגעפירט אין אימיגראַציע־ביוראָ, ווו מען האָט מיך איידל אָבער שטרענג געפרעגט, צי כ׳ווייס וואָס איך טו. נישט גענוג וואָס איך בין געקומען פון מילוואָקי, אַ סאָציאַליסטישע שטאָט, בין איך אויך געבוירן אין רוסלאַנד! כ׳מיין אַז די קאַנאַדער אויטאָריטעטן זענען געווען זיכער, אַז זיי האָבן געכאַפּט אַן אַגענט פון די באָלשעוויקעס. צום סוף האָט אַן אָנגעזעענער פּועלי־ציוניסט אינטערווענירט און איך האָב באַקומען די דערלויבעניש. איך האָב פאַרקויפט אַ סך אָקציעס פאַר דער צייטונג „די צייט" און ווען מיר זענען אַריבער קיין ניו־יאָרק האָב איך די צייטונג פאַרקויפט אין די אוונטן אויף די גאַסן. אָבער נישט געקוקט אויף אַלע מיינע אָנשטרענגונגען האָט די צייטונג לאַנג נישט עקסיסטירט.

מיינע אָפטע נסיעות זענען פאַר מאָריסן מסתמא געווען שווער, אָבער גרויס איז געווען זיין טאָלעראַנץ און פאַרשטענדעניש. איצט פאַרשטיי איך, אַז איך האָב צו מאָל איבערגעטריבן דאָס אויסניצן זיין געדולד. ווען כ׳פלעג זיין מחוץ דער שטאָט האָב איך אים געשריבן לאַנגע בריוו, אָבער מער וועגן דער פאַרזאַמלונג וואָס כ׳האָב נאָר וואָס געהאַט אָדער וועגן דער נאָענטער פאַרזאַמלונג, מער וועגן דער לאַגע אין ארץ־ישׂראל אָדער וועגן דער באַוועגונג ווי וועגן אונדז און אונדזערע באַציִונגען. מאָריס האָט זיך בעת מיין לאַנגער נסיעה געטרייסט דערמיט, וואָס ער האָט אונדזער קליינע דירה פאַרוואַנדלט אין אַן אמתער היים, וואָס האָט אויף מיר געוואָרט אין מילוואָקי. ער האָט אויסגעשניטן בילדער פון זשורנאַלן און זיי איינגערעמט, כּדי פרייליכער צו מאַכן די ווענט. כאָטש מיר האָבן נישט געהאַט קיין געלט און ער איז אָפט געזעסן אָן אַרבעט (פון צייט צו צייט פלעג ער אַרבעטן ווי אַ שילדן־מאָלער), זענען שטענדיק געווען עטלעכע בלומען אין שטוב ווען איך פלעג צוריקקומען. אין זיין פרייער צייט, פאַרבלייבנדיק אַליין, האָט ער געלייענט, געהערט מוזיק אָדער געהאָלפן קלאַראַן אין אירע שטודיעס. זיי פלעגן מאַכן לאַנגע שפּאַצירן צוזאַמען און מאָריס האָט זי מיטגענומען אין טעאַטער און אויף קאָנצערטן. ער איז געווען דער איינציקער אין דער משפּחה, וואָס האָט זיך מיט איר אָפּגעגעבן און זי האָט אים זייער ליב געהאַט און אים דערציילט אַלע אירע סודות.

ווינטער 1918 האָט דער אַמעריקאַנער יידישער קאָנגרעס געהאַט זיין ערשטע קאָנווענץ אין פילאַדעלפיע. דער הויפּטצוועק איז געווען צו פאָרמולירן אַ פּראָגראַם (פאַר דעם שלום־קאָנפערענץ אין ווערסאַי) ווי צו באַשיצן די רעכט פון די יידן אין אייראָפּע. עס איז פאַר מיר געווען אַ גרויסער סורפּריז און אַ פאַרגעניגן וואָס מען האָט מיך אויסגעקליבן ווי איינעם פון די דעלעגאַטן פון מילוואָקי. דאָס איז געווען פאַר מיר אַ ווונדערלעך סטימולירנדיקער עקספּערימענט. איך געדענק נאָך איצט ווי שטאָלץ כ׳בין געווען צו רעפּרעזענטירן מיין אייגענעם יישוב און וואָס

עס האָט געמיינט צו זיצן מיט די אַנדערע דעלעגאַטן אין דער אָנגעהייצטער באַן, אויפן וועג קיין פילאַדעלפיע. איך בין געווען (ווי שטענדיק אין יענער תקופה) די ייִנגסטע אין דער גרופּע און, אין אַ באַשטימטן זינען, האָט מיך יעדער געצערטלט, חוץ ווען ס'איז געקומען דער מאָמענט פון דעפינירן מײַנע אויפגאַבעס. ווען זשורנאַ־ליסטן פרעגן מיך הײַנט ווען עס האָט זיך פאַקטיש אָנגעהויבן מײַן פּאָליטישע קאַריערע, קומט מיר אויפן זינען יענע קאָנווענץ, דער אָנגערויכערטער זאַל אין פילאַדעלפיער האָטעל, וווּ איך האָב זיך, אַ צוגעשמידטע, שעהען־לאַנג צוגעהערט צו די פּרטים פון דער פּראָגראַם, וועלכע מען האָט געהאַלטן בײַם אויספּאָרמירן. כ'דערמאָן זיך די נערוועזיטעט בײַ די דעלעגאַטן און דאָס אויפהייבן די האַנט צום שטימען. „איך זאָג דיר, אַז געוויסע מאָמענטן האָבן דערגרייכט אַזאַ הויך, אַז נאָך זיי האָט מען געקענט שטאַרבן פון גליק" — האָב איך אין עקסטאַז געשריבן מאָריסן.

פון שיקאַגאָ האָט שיינע נישט געשריבן מיט אַזאַ עקסטאַז; זי האָט מיך געוואָרנט, אַז איך לאָז זיך צו פיל אַרײַן אין ענינים פון רשות־הרבים אַנשטאָט אין זינען צו האָבן מײַן רשות־היחיד. „וואָס שייך פערזענלעך גליק — כאַפּ עס, גאָלדעלע, האַלט עס פעסט" — האָט זי געשריבן אין אַ בריוו, וואָס האָט עדות געזאָגט אויף איר זאָרג. „די איינציקע זאַך, וואָס איך וויל דיר ווינטשן, איז, זאָלסט נישט פּרוּוון זײַן וואָס דו דאַרפסט זײַן, נאָר וואָס דו ביסט. ווען יעדער וואָלט געווען וואָס ער איז, וואָלטן מיר געהאַט אַ פיל בעסערע וועלט". איך בין אָבער געווען זיכער, אַז איך וועל זיך קענען מיט אַלעם אַן עצה געבן און איך האָב פאַרזיכערט מאָריסן, אַז ווען מיר וועלן ענדלעך קומען קיין ארץ־ישראל, וועל איך אויפהערן מיטן כּסדרדיקן אַרומפאָרן.

ווינטער 1920 האָט אויסגעזען, אַז אין גיכן וועט מען זיך קאָנען לאָזן אין וועג. מיר האָבן געדונגען אַ דירה אין מאָרנינגסײַד־הייטס, אין ניו־יאָרק, און אָנגעהויבן זיך גרייטן צו דער נסיעה. רעגינאַ, אַ קאַנאַדער פּאָרל מאַנסאַן (וואָס צום סוף זענען זיי נישט געפאָרן) און יאָסל קאָפּעלאָוו זענען מיט אונדז אײַנ־געשטאַנען אין דער דירה. אין פרילינג האָבן מיר געקויפט די קאַרטן אויף דער שיף „פּאָקאַהאָנטאָס" און אָנגעהויבן זיך צו באַפרײַען פון יענעם טייל אין אונדזער מאָגערן פאַרמעגן, וואָס האָט זיך אונדז אויסגעוויזן נישט פּאַסיק פאַרן לעבן פון פּיאָנערן, ווי מיר האָבן זיך געגרייט צו פירן. נישט געקוקט דערויף וואָס מיר האָבן אַ סך געלייענט און געהערט וועגן ארץ־ישראל, זענען אונדזערע השגות וועגן דאָרטיקן לעבן געווען, אין אַ באַשטימטער מאָס, פּרימיטיווע. מיר האָבן געטראַכט צו לעבן דאָרט אין געצעלטן, האָב איך האָפערדיק אויספאַרקויפט אַלע אונדזערע מעבל, די פאָרהאַנגען, דאָס פרעסאײַזן, אַפילו דעם פוטערנעם קאָלנער פון מײַן אַלטן ווינטער־מאַנטל (מיר האָבן געמיינט אַז אין ארץ־ישראל דאַרף מען נישט קיין ווינטער־קליידער). די איינציקע זאַך, וואָס מיר האָבן באַשלאָסן מיטצונעמען,

איז געווען דער גראַמאַפאָן און אונדזערע פּלאַטן. דער גראַמאַפאָן איז געווען פון סאָרט, וואָס מען דרייט אַן מיט דער האַנט און האָט געקענט שפּילן אַפילו אין אַ געצעלט; ווען מיר כאַטש האָבן מוזיק אינעם מידבר, וואָס האָט אויף אונדז געוואַרט. צוליב דער זעלבער סיבה האָב איך באַזאָרגט זיך דווקא מיט אַ רעזערוו פון קאָלדרעס. אויב שלאָפן אויף דער ערד, זאָלן מיר זיין צוגעגרייט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה געזעגענען זיך. אויפן וועג קיין מילוואָקי, ווהין מיר זענען געפאָרן זיך געזעגענען מיט די עלטערן און קלאַראַן, האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אין שיקאַגאָ, געזעגענען זיך מיט שיינען און שמאָין. איך בין געווען אַ ביסל אומרויִק לגבי אָט דעם וויזיט, ווייַל פּאַקטיש האָט שיינע נישט אַפּראָבירט אונדזער פּאָרן קיין ארץ־ישראל („גאָלדעלע, גלויבסטו דען נישט, אַז עס איז פאַראַן אַ מיטלוועג פאַר אידעאַליזם, טאַקע דאָ אויפן אָרט?" — האָט זי מיך געפרעגט אין איינעם פון אירע לעצטע בריוו). כ'געדענק, מיר זענען געזעסן אין זייער קליינעם צימער מיט זייערע קינדער, די 10 יאָריקע יהודית און דער 3 יאָריקער חיים, דערציילט זיי וועגן דער שיף, וועגן דעם, וואָס מיר נעמען מיט מיט זיך וכדומה. שיינע האָט זיך צוגעהערט צו אַלע איינצלהייטן מיט אַזאַ אויפמערקזאַמקייט, אַז אין אַ געוויסן מאָמענט האָט שמאי מיט אַ שמייכל זיך אָנגערופן: „אפשר וואָלסטו אויך געוואָלט פאָרן?" צו מיַין גרויסער איבעראַשונג, מסתּמא אויך אירער, האָט שיינע האַסטיק געענטפערט: „יאָ, כ'וואָלט אויך געפאָרן". אַ ווײַלע האָט זיך אונדז אויסגעוויזן, אַז זי מאַכט אַ שפּאַס, אָבער זי איז געווען אַבסאָלוט ערנסט. אויב מיר פאָרן ווייַל מיר פילן, אַז דאָס איז נויטיק פאַר אונדז, איז עס צוליב דער זעלבער סיבה נישט ווייניקער נויטיק אויך פאַר איר. נאָך מער: אויב שמאי איז מסכּים צו בלייַבן, כּדי צו פאַרדינען אויף אויסצוהאַלטן די קינדער אין ארץ־ישראל, איז זי גרייט זיי מיטצונעמען.

מען קען נישט זאָגן, אַז שיינעס פּלוצעמדיקער אַרויסזאָג אין יענעם טאָג איז געווען אין גאַנצן אומדערוואַרט. זי איז זינט אירע מיידל־יאָרן געווען אַ ציוניסטקע און, כאָטש זי איז אין אַ סך פּרטים געווען פאַרזיכטיקער פון מיר, איז זי טיף און פונדאַמענטאַל געווען איבערגעגעבן דעם זעלבן ציל. כ'ווייס באמת נישט וואָס עס האָט זי מיט אַ מאָל געבראַכט דערצו, אָבער איך וויל באַמערקן, אַז נישט שיינע און נישט מאָריס זענען מיטגעפאָרן מיט מיר ווי באַגלייטערס. ביידע זענען געקומען צום אויספיר, אַז ארץ־ישראל איז דאָס אָרט ווו זיי דאַרפן לעבן.

מיר קומט נישט אויפן געדאַנק אַ בעסערער קאָמפּלימענט פאַר שיינען, פאָרן אויפן פון צוזאַמענלעבן, ווי שמאיס האַרציקע הסכּמה צו אָט דעם באַשלוס. דאָס הייסט נישט, אַז ער האָט נישט געפּרוּווט ווירקן אויף איר. ער האָט זיך בייַ איר געבעטן, זי זאָל אָפּוואַרטן און פאָרן מיט אַלע צוזאַמען. ער האָט אָנגעוויזן, אַז דאָס איז די ערגסטע צייט צו נעמען מיט זיך קינדער, וואָרעם דעם ערשטן מאי

1921, נאָך אַ רײ אָנפֿאַלן אויף די ייִדישע קאָלאָניעס אין צפֿון־טייל פֿון לאַנד האָבן די אַנטי־ייִדישע עקסצעסן זיך אויסגעשפּרייט אין אַ גרויסן מאָסשטאָב איבער גאַנץ ארץ־ישׂראל. איבער פֿערציק מענטשן, אַ סך פֿון זײ נײַע עולים, זענען דערהרגעט אָדער פֿאַרוווּנדיקט געוואָרן. ערשט מיט אַ יאָר פֿריער האָבן אַראַבישע באַנדעס אין ירושלימער אַלטשטאָט אומגעבראַכט און פֿאַרגוואַלדיקט ייִדישע פֿרויען, און איצט נײַע אומרוען, כאָטש מען האָט געהאָפֿט, אַז די בריטישע ציווילע אַדמיניסטראַציע (וואָס האָט ערשט פֿאַרביטן די מיליטערישע פֿאַרוואַלטונג) וועט האַנדלען שטרענג קעגן די פֿאַראַנטוואָרטלעכע פֿאַר די אומרוען און וועט אײַנשטעלן רו און אָרדענונג. אפֿשר אין עטלעכע יאָר אַרום — האָט שמאי געטענהט — וועט אין ארץ־ישׂראל זײַן רויִק. די אַראַבישע נאַציאָנאַליסטן וועלן אפֿשר מער נישט זײַן אין שטאַנד אויפֿצורייצן די אַראַבער אין די דערפֿער צו פֿאַרגיסן בלוט. עס וועט, מעגלעך, ווערן אַ לאַנד, וווּ מען וועט קענען רויִק לעבן. אָבער קוים האָט זי דעציִדירט, איז שײנע געוואָרן אומפֿשרותדיק, האָט זיך נישט גערעכנט אויך מיט די ידיעות, אַז אַ ייִד פֿון מילוואָקי איז אומגעקומען אין די מהומות. זי האָט זיך רויִק גענומען אײַנפּאַקן אירע זאַכן.

אין מילוואָקי האָבן מיר זיך געזעגנט מיט די עלטערן און מיט קלאַראַן. דאָס שיידן זיך איז נישט געווען אַזוי לײַכט, כאָטש מיר זענען געווען איבערצײַגט, אַז מיט דער צײַט, ווען קלאַראַ וועט ענדיקן אירע לימודים אין אוניווערסיטעט, וועלן מיר אַלע זײַן צוזאַמען אין ארץ־ישׂראל. דאָך האָט מיך אַרומגענומען אַ רחמנות צו מײַנע עלטערן, בפֿרט צום טאַטן, ווען כ׳האָב זיך מיט אים צעקושט אויף דער באַנסטאַנציע. דער טאַטע איז געווען אַ שטאַרקער מאַן, אײַנגעוווינט צו לײַדן, אָבער יענעם פֿרימאָרגן איז ער דאָרט אַזוי מאָדנע געשטאַנען און טרערן האָבן זיך געגאָסן פֿון זײַנע אויגן. מײַן מאַמע — דערמאָנענדיק זיך מסתּמא איר אייגענע נסיעה איבערן אָקעאַן — האָט אויסגעזען אַזוי קליין און ווי נישטדאַיִק.

דאָס אַמעריקאַנער קאַפּיטל אין מײַן לעבן האָט געהאַלטן בײַם סוף: כ׳וועל אָפֿט צוריקקומען קיין אַמעריקע, אין גוטע און שלעכטע צײַטן, אָפֿט אויף גאַנצע חדשים, אָבער נישט ווי אין מײַן היים. איך האָב אַ סך מיטגענומען מיט זיך פֿון אַמעריקע קיין ארץ־ישׂראל, מער ווי איך בין עס ביכולת אויסצודריקן: דאָס פֿאַרשטיין וואָס עס מיינט פֿרײַהייט, דאָס באַוווּסטזײַן פֿון די מעגלעכקייטן וואָס עס גיט דעם יחיד אמתע דעמאָקראַטיע און אַ כּסדרדיקע נאָסטאַלגיע נאָך דער גרויסער שײנקייט פֿון דעם אַמעריקאַנער פּייזאַזש. איך האָב ליב געהאַט אַמעריקע און בין שטענדיק געווען צופֿרידן צו באַזוכן דאָס לאַנד פֿון דאָס נײַ, אָבער אין משך פֿון אַלע יאָרן האָב איך קיין מאָל נישט געהאַט דאָס געפֿיל פֿון חרטה, וואָס איך האָב פֿאַרלאָזט דאָס לאַנד און בין אַוועק קיין ארץ־ישׂראל. דאָס זעלבע האָט זיכער געפֿילט אויך שײנע. פֿאַרשטייט זיך, אַז אויף דער באַנסטאַנציע, אין יענעם פֿרימאָרגן, האָב איך נישט געטראַכט, אַז

איך וועל נאָך אַ מאָל צוריקקומען און האָב מיט גרויס קלעמעניש זיך צעשיידט מיט מײַנע יוגנטפרײַנד. כ'האָב זיי צוגעזאָגט אָנצוהאַלטן אַ קאָנטאַקט און שרײַבן.

מ'וואָלט געקענט אָנשרײַבן אַ גאַנץ בוך וועגן אונדזער רײַזע אויף דער בידנער דאַמפּשיף „פּאָקאָהאָנטאַס". זי איז גלײַך פון אָנהויב געווען פּאַרמישפּט. אַלץ איז שלעכט געגאַנגען און עס איז געווען אַ נס, אַז מיר האָבן באַוויזן עס איבערצולעבן, וואָרעם די שיף, האָט מען געוווּסט, איז נישט געווען אויסגעשטאַט פאַר אַזאַ נסיעה. די מאַנשאַפט האָט אָנגעהויבן אַ שטרײַק נאָך איידער מיר האָבן זיך גערירט. די שיף איז אַרויס אין וועג דעם 23טן מאַי 1921, אָבער נישט אויף לאַנג. תיכף האָט די מאַנשאַפט זיך צעבונטעוועט און אויסגעדריקט איר פּאַרדראָס אויף דער שיפס־געזעלשאַפט דורך פּײַניקן די אָרעמע פּאַסאַזשירן. די מאַטראָסן האָבן דאָס וואַסער צום טרינקען געמישט מיט ים־וואַסער, געשאָטן זאַלץ אין אונדזער עסן און, דאָס ערגסטע, באַוויזן ערנסט צו באַשעדיקן די מאַשינען. די שיף האָט זיך אַלאַרמירנדיק אײַנגעבויגן אויף אַ זײַט און באַלד אין גאַנצן געבליבן שטיין. עס האָט געדויערט אַ גאַנצע וואָך די רײַזע פון ניו־יאָרק ביז באָסטאָן און דערנאָך האָבן מיר געדאַרפט וואַרטן ווידער נײַן טעג ביז מיר האָבן געקענט ממשיך זײַן די שווערע נסיעה. אין באָסטאָן האָט אונדזער שיף באַזוכט אַ דעלעגאַציע פון פּועלי־ציון. זיי האָבן געבראַכט כּיבוד, געהאַלטן רעדעס, צוגעגעבן אונדז מוט און אונדז אָנגערופן העראָישע ברידער. דרײַ פון אונדזער גרופּע (מיר זענען אין אָנהויב געווען 22) האָבן, גאַנץ פאַרשטענדלעך, זיך נישט אַרויס־געוויזן צו זײַן אַזוי העראָיש. אַן עלטער פּאָרפאָלק און אַ יונגע כּלה זענען אַראָפּ אין באָסטאָן. שיינע האָט באַקומען אַ פּאַטעטיש קאָרטל פון שמאין, געבעטן זי זאָל אַראָפּגיין, אָבער זי האָט זיך אָפּגעזאָגט.

ענדלעך, ווידער אין וועג. די נסיעה איבערן אַטלאַנטיק איז געווען אַ קאָשמאַר. דער בונט פון דער מאַנשאַפט איז שוואַכער געוואָרן, אָבער זיך נישט פאַרענדיקט. די עלעקטריע האָט זיך אָפּט אויסגעלאָשן. צום טרינקען האָט מען אונדז געגעבן געזאַלצן וואַסער און דאָס עסן איז געווען ביז גאָר שלעכט. אין פּאָרטאָ דעלגאַטאָ אין די אַזאָרן, האָט די שיף זיך אַרויסגעוויזן אין אַזאַ צושטאַנד, אַז עס האָט זיך געפאָדערט נאָך אַ וואָך זי צו פאַרריכטן. פיר פון דער מאַנשאַפט זענען אַראָפּ פון דער שיף, זיך גערימט, אַז זיי וועלן זי דערטרינקען, איידער זי וועט אָנקומען קיין נאַפּאָלי. דער קאַפּיטאַן האָט זיך דערפון דערוווּסט און האָט זיי געשלאָסן אין קייטן. מיר האָבן געפּרווּט אויסניצן די וואָך אויף אָפּצורוען זיך, אָבער דאָס איז נישט גרינג אָנגעקומען. איך געדענק דעם שפּאַציר אין דער שיינער פאַרטשטאָט, די הנאה פון מילדן קלימאַט און שיינעם, אומבאַקאַנטן פּייזאַזש. אינטערעסאַנט איז געווען צו אַנטפּלעקן אַ קליינע ייִדישע ספרדישע קהילה, בערך דרײַסיק מענטשן בסך־הכּל, וואָס האָבן פרום אָפּגעהיט ייִדישקייט. דער רב איז געהאַט געשטאָרבן מיט זיבן יאָר פריער און די עטלעכע מנינים ייִדן — פּונקט ווי מײַן זיידע אַ מאָל

— פּאָר שרעק ניכשל צו װערן אין כּשרות, האָבן אין גאַנצן מותּר געװען אויף פלייש. װען מיר האָבן פאַרלאָזט די אַזאָרן, זענען מיר שוין געװען אין װעג אַ גאַנצן חודש. עס האָט נאָך געפעלט דער גרויל פון דער װײַטערדיקער נסיעה. אין די לעצטע טעג, דער בונט האָט נאָך געדויערט, בלויז אַ ביסל אָפּגעשװאַכט, האָט מען באַשעדיקט דעם אײַזקאַסטן און מיר האָבן זיך געמוזט באַנוגענען דרײַ מאָל אין טאָג מיט רײַז און געזאַלצענע טיי. אַ רײ אומגלויבלעכע דראַמעס האָבן פאַרטריבן דעם לאַנגװײַל. אָט איז געשטאָרבן אײנער פון די פּאַסאַזשירן און אַזוי װי די קילונג־אַפּאַראַטור האָט מער נישט געאַרבעט, האָט מען דעם קערפּער פּשוט אַרײַנגעװאָרפן אין ים. אָט איז דעם קאַפּיטאַנס ברודער אויף דער שיף אַראָפּ פון זינען און געװאַלדעװעט. מען האָט אים געבונדן אין קייטן און פאַרשפּאַרט אין זײַן קאַבינע. בײַם סוף, שוין נאָענט צו נאַפּאָלי אין אַ צושטאַנד פון דעפּרעסיע — איז דער קאַפּיטאַן באַגאַנגען זעלבסמאָרד. געװען אַזעלכע, װאָס האָבן געטענהט, אַז מען האָט אים דערהרגעט.

די ידיעות װעגן דער לאַגע אויף אונדזער שיף זענען דערגאַנגען אויך צו אונדזערע פרײַנד אין ניו־יאָרק און אין באָסטאָן און עס האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די שיף איז אונטערגעגאַנגען. אין נאַפּאָלי האָבן מיר געקענט שרײַבן אַהיים, אַז מיר זענען מער־װייניקער אין אָרדענונג. דאָרט האָבן מיר זיך פאַרהאַלטן פינף טעג, אויפגעקלערט מיספאַרשטענדענישן בנוגע אונדזערע פּאַספּאָרטן, אײַנגעקויפט נאָפּטלאָמפּן און אַ ביסל שפּײַז, אויפגעזוכט אונדזער באַגאַזש און ענדלעך אַרויף אויף דער באַן קיין ברינדיזי.

אין ברינדיזי האָבן מיר באַגעגנט אַ גרופּע פּועלי־ציוניסטן פון ליטע, װעלכע האָבן שוין צװײ מאָל געהאַט דערגרייכט די ברעגן פון ארץ־ישראל און זענען צוריקגעשיקט געװאָרן. איצט װילן זײ װידער פּרוּװן זיך אַרײַנקריגן אין לאַנד. מיר האָבן פריִער קיין מאָל נישט אָנגעטראָפן קיין „אמתע" פּיאָנערן אין אונדזער עלטער. זײ האָבן אויף אונדז געמאַכט אַ שטאַרקן אײַנדרוק. דערמאָנט אונדז אין מענטשן װי בן־צבי און בן־גוריון, אָבער פיל ייִנגער. אין פאַרגלײַך מיט אונדז, זענען זײ שוין געװען מער געפּרוּװט, פאַרהאַרטעװעט און זיכערער אין זיך. אין אײראָפּע האָבן זײ דורכגעמאַכט הכשרה־פּאַרמעס, געגרינדעטע דורך דער ציוניסטישער באַװעגונג. זײ האָבן מיט רעכט געהאַלטן זיך פיל העכער פון אונדז, האָבן גאַנץ אָפן דערקלערט, אַז מיר זענען „װייכע", געצערטלטע עמיגראַנטן פון אַמעריקע, בורזשואַזע קינדער און װעלן, נאָך עטלעכע װאָכן, אַנטלויפן פון ארץ־ישראל. מיר זענען אַלע געפאָרן אויף דער זעלבער שיף, צום זעלבן ציל, אָבער זײ זענען געװען דעק־פּאַסאַזשירן און נישט געװאָלט האָבן צו טאָן מיט אונדז. איך האָב קוים געקענט אָפּרײַסן פון זײ מײַן בליק, געזען אין זײ דאָס װאָס איך האָב געהאָפט צו זײַן — איבערגעגעבן, באַשײדן און דעצידירט. כ'האָב זײ באַװוּנדערט און מקנא געװען, געװאָלט זײ זאָלן אונדז אויפנעמען װי חברים, אָבער זײ האָבן זיך

געהאַלטן אָפּגעזונדערט.

אין אַ בריוו פון ברינדיזי צו שמאַין האָט יאָסל באַשריבן די ליטוואַקעס ווי זיי האָבן אויסגעזען אין אונדזערע אויגן. „אמתע הערקולעסן" — האָט ער געשריבן — „גרייט צו בויען אַ לאַנד מיט זייערע אייגענע הענט, אויף יסודות פון יושר. נישט נאָר אַ לאַנד, אויך אַ שפּראַך. אַ וווּנדערלעכער מענטשלעכער מאַטעריאַל, וואָס קאָן זיין דער שטאָלץ פון יעדן פאָלק".

אַרויפקומענדיק אויף דער שיף, וואָס האָט אונדז געדאַרפט ברענגען קיין אַלעקסאַנדריע, האָב איך פאַרגעשלאָגן מיינע פריינד, מיר זאָלן רעזיגנירן פון אונדזערע לוקסוס־קאַבינעס און זיין צוזאַמען מיט די ליטוואַקעס אויפן דעק. קיינער האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין ענטוזיאַזם פאַר מיין אידעע, ווארעם דעק־פּאַסאַזשירן זענען נישט געווען באַרעכטיקט צו באַקומען וואַרעם עסן און, נאָך די אַלע וואָכן, האָבן מיר אויסגעקוקט אויף אַ לייטישן מיטאָג. איך האָב אָבער באַשטאַנען אויף מיינס, געהאַלטן, אַז ס'איז אונדזער חוב, ווי פּאָטענציעלע חלוצים, אָנצוהייבן וואָס גיכער צו לעבן אויפן שטייגער פון אונדזער חברים־ציוניסטן, שוין אויף דער שיף. דאָס וועט זיין אַ באַווייז, אַז מיר זענען ביכולת אויסצוהאַלטן שוועריקייטן. איך האָב פאַרגעשלאָגן צו אָרגאַניזירן אויפן דעק אַן אייגענע קיך. וואָס שייך די קינדער, וואָלט מען געקענט געפינען אַן אופן, זיי זאָלן נישט דאַרפן שלאָפן אונטערן פרייען הימל. ביסלעכווייז, קעגן זייער ווילן, האָב איך באַוויזן איינצוברעכן מיינע פריינד. די ליטוואַקעס, פון זייער זייט, זענען אויך געוואָרן נאָכגיביקער.

פאַר עטלעכע דאָלאַר האָט דער הויפּטקעלנער מסכים געווען, אַז די קינדער זאָלן באַקומען זייערע מאָלצייטן אין עסצימער — נאָך דעם ווי אַלע האָבן געענדיקט — און מיר האָבן פאַר זיי געפונען ליידיקע קאַבינעס צום שלאָפן (אַ חוץ פאַר שיינעס טאָכטער; איך האָב איבערצייגט דעם הויפּטבאַדינער, ער זאָל זי לאָזן שלאָפן אויף דער סאָפע אין זאַל, אָבער פינף פאַר טאָג האָט זי געמוזט באַפרייען דאָס אָרט). אויפן דעק זענען די מחיצות צווישןביידע גרופּעס ענדלעך געפאַלן. מיר פלעגן דערציילן די ליטוואַקעס וועגן לעבן אין אַמעריקע און זיי — וועגן זייער לעבן אין מיזרח־אייראָפּע. ווען אויפן הימל האָבן זיך באַוויזן די שטערן האָבן מיר געזונגען העברעישע און יידישע לידער און געטאַנצט אַ האָרע. דאָס שלעכטע מזל האָט אונדז נאָך אַלץ עקשנותדיק גערודפט. אין אַלעקסאַנדריע איז אַרויפגעקומען די פּאָליציי, געזוכט אַ פּאָרל מיטן נאָמען ראַפּאַפּאָרט — פאַרדעכ־טיקטע אין קאָמוניזם. אין אונדזער גרופּע זענען געווען עטלעכע ראַפּאַפּאָרטס, אָבער זיי האָבן נישט געהערט צו די פאַרדעכטיקטע. מען האָט זיי פון דעסטוועגן אַראָפּ־גענומען פון דער שיף און געפּאַרשט לאַנגע שעהען. ענדלעך זענען זיי צוריקגעקומען און מיר האָבן באַשלאָסן ממשיך צו זיין די נסיעה מיט דער באַן, געזאָגט שלום אונדזערע ליטווישע פריינד און אַוועק צו דער סטאַנציע נעמען די באַן

וואָס גייט קיין קאַנטאַראַ. אויפן וועג צו דער סטאַנציע האָבן מיר דערפילט דעם ביטערן טעם פון מיטעלן מיזרח: מאַסן בעטלערס, מענער, פרויען און קינדער, אַרומגעוויקלט אין שמוציקע שמאַטעס און באַדעקט מיט פליגן. זיי האָבן מער דערמאָנט די בעטלערס, וואָס האָבן מיך אַזוי געשראָקן אין פינסק. כ׳האָב געפילט, אַז אויב עמעץ פון זיי וועט מיך אָנרירן, וועל איך — יאָ פּיאָנער צי נישט — שרײַען. מיט מאַטערביש האָבן מיר זיך ווי עס איז דורכגעשטופּט און דערגאַנגען. מיר זענען שוין געווען געפּרווט און דער אומבאַשרײַבלעכער שמוץ האָט אונדז שוין מער נישט איבערראַשט. די היץ איז געווען אומדערטרעגלעך און וואַסער — נישט צו באַקומען, אָבער מיר האָבן זיך געטרייסט, אַז מיר זענען כמעט בײַם סוף פון דער רײַזע. ענדלעך האָט דער צוג פאַרלאָזט אַלעקסאַנדריע און ווידער זענען מיר געפאָרן, אַ ביסל מער שמוציק, אַ ביסל מער פאַרמאַטערט, אָבער נאָך אַלץ מיט מוט צו זינגען, גאַנץ הויך, רעשיק, לידער פון שיבת־ציון.

אין קאַנטאַראַ האָבן מיר, פאַרשטויבטע, געביטן די באַן אין מיטן דער נאַכט. די פּראָצעדור האָט געדויערט שעהען. די אימיגראַציע־אָפיצערן, קוים מיר האָבן זיי געפונען, האָבן זיך נישט געאײַלט צו דערליידיקן די נויטיקע פאָרמאַליטעטן און נישט געקענט פאַרשטיין אונדזער מוטלאָזיקייט. איך געדענק, ווי איך בין געשטאַנען אויף דער פּלאַטפאָרמע, אײַנגעהילט אין פינצטערניש, פאַרלוירן דאָס געדולד מיט איינעם פון די באַאַמטע, אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. ערשט פאָרן זונאויפגאַנג האָבן מיר זיך ענדלעך דערוואָרט אויפצושטײַגן אויף אונדזער לעצטן צוג, וואָס האָט זיך געוואָרפן און געשאָקלט אין אַ זאַמדשטורעם, נישט דורכ־צודרינגען מיטן בליק, און אַזוי האָבן מיר פאַמעלעך זיך געשלעפט דורכן האַלב־אינדזל סיני אויפן וועג קיין ארץ־ישראל.

זיצנדיק אויף דער האַרטער באַנק, אין וועלכער דער שמוץ האָט זיך אײַנגע־קריצט, מיט שיינעס אַ קינד, וואָס איז געשלאָפן אין מײַנע אָרעמס, האָב איך צום ערשטן מאָל זינט מיר האָבן פאַרלאָזט מילוואָקי זיך געפרעגט: צי וועלן מיר אַ מאָל אָנקומען קיין תל־אביב ?...

קאַפּיטל פֿיר

# דער אָנהויב פֿון אַ ניי לעבן

יענעם ברענעדיקן יולי־פּרימאַרגן, קוקנדיק דורך די שמוציקע שויבן פֿון דער קאַנטאַראַ־באַן, האָט תּל־אביב זיך מיר אויסגעוויזן ווי אַ גרויס אָבער נישט זייער צוציִענדיק דאָרף. אין דער אמתן איז תּל־אביב שוין דעמאָלט געווען אויפֿן וועג צו ווערן איינע פֿון די יינגסטע שטעט אין דער וועלט און דער שטאָלץ פֿון ישוב. כ׳ווייס נישט וואָס כ׳האָב דערוואַרט, אָבער כ׳בין נישט געווען צוגעגרייט צו דעם וואָס איך האָב געפֿונען.

אין יענער צײַט האָב איך וועגן תּל־אביב געוווּסט בלויז, אַז די שטאָט איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1909, דורך זעכציק אָפּטימיסטישע ייִדישע משפּחות. אייניקע פֿון זיי האָבן אַפֿילו געהאַט דעם מוט פֿאָרויסצוזאָגן אַז ס׳וועט קומען אַ צײַט ווען זייער גאָרטן־קוואַרטאַל וועט דערגריין צו אַ באַפֿעלקערונג פֿון 25 טויזנט נפֿשות. קיינער פֿון זיי האָט אַפֿילו אין די שענסטע חלומות זיך נישט פֿאָרגעשטעלט, אַז אין קוים פֿופֿציק יאָר אַרום וועט תּל־אביב ווערן אַ „כּרך" מיט איבער 400 טויזנט אײַנוווינערס און אין 1948 וועט זי זײַן די ערשטע צײַטווײַליקע הויפּשטאָט פֿון אַ ייִדישער מדינה.

בעת דער מלחמה האָבן די טערקן פֿאַרטריבן די גאַנצע באַפֿעלקערונג פֿון תּל־אביב, אָבער ווען מיר זענען אָנגעקומען האָבן שוין דאָרט ווידער געוווינט פֿופֿצן טויזנט מענטשן און עס איז אָנגעגאַנגען אַן אינטענסיווער געבוי פֿון הײַזער. באַשטימטע טיילן פֿון שטאָט, ווי איך האָב עס שפּעטער אַנטפּלעקט, זענען געווען באמת שיין. אויף אַספֿאַלטירטע גאַסן, מיט ביימער פֿון בײדע זײַטן, זענען געשטאַנען קליינע ציכטיקע הײַזער, יעדעס מיט אַ גערטנדל און ס׳האָבן זיך געצויגן קאַראַוואַנען מיט אייזלען און קעמלען, אָנגעלאָדן מיט זעק זאַמד, וואָס מען פֿלעגט ברענגען פֿון ים־ברעג צום בויען. געווען אָבער אַנדערע געגנטן, נישט פּלאַנירטע, נישט פֿאַרענדיקטע און אָפּגעלאָזענע. די מאַי־געשעענישן פֿון 1921 האָבן פֿאַר־פֿלייצט תּל־אביב מיט אַנטלאָפֿענע פֿון יפֿו. ווען מיר זענען אָנגעקומען, עטלעכע וואָכן שפּעטער, האָבן נאָך עטלעכע הונדערט פּליטים פֿון יפֿו געוווינט אין הײַזקעס, וואָס האָבן געהאַלטן בײַם אײַנפֿאַלן און אַפֿילו אין געצעלטן.

אין יאָר 1921 איז די תּל־אָביבער באַפֿעלקערונג טיילווײַז באַשטאַנען פֿון אַזעלכע וואָס זענען געקומען מיט דער דריטער עליה, מערסטנס פֿון ליטע, פּוילן און רוסלאַנד; טיילווײַז פֿון אַזעלכע, וואָס זענען דאָרט געווען פֿון אָנהייב אָן. אַ צאָל נײַע אימיגראַנטן זענען געווען מכּלומרשטע קאַפּיטאַליסטן, סוחרים און

פֿאַכלײַט, וואָס האָבן זיך אױפֿגעשטעלט קלײנע פֿאַבריקן און קראָמען. די מערהײט איז אָבער באַשטאַנען פֿון אַרבעטער. ערשט מיט עטלעכע יאָר פֿריִער איז געשאַפֿן געװאָרן דער פֿאַרבאַנד פֿון די ײִדישע אַרבעטער אין א״י (הסתדרות). אַ יאָר שפּעטער האָט זי שױן געצײלט איבער פֿיר טױזנט מיטגלידער.

קױם צװעלף יאָר אַלט — האָט תּל־אָבֿיבֿ שױן געהאַט איר ספּעציפֿישן אופֿן פֿון אַלײן־פֿאַרװאַלטונג. די בריטישע מאַנדאַט־רעגירונג האָט דער שטאָט־פֿאַרװאַלטונג געהאַט דערלױבט אַרױפֿצולײגן שטײַערן אױף בנינים און װאַרשאַטן און אױך אָנפֿירן מיט דער אַדמיניסטראַציע פֿון אַן אײגענער װאַסער־פֿאַרזאָרגונג. די שטאָט האָט נישט געהאַט קײן אײגענע תּפֿיסה — און װעט זי נישט האָבן אין משך פֿון אַ סך יאָרן — זי האָט אָבער געהאַט אַן אײגענע, דורכױס ײִדישע פּאָליצײ, װאָס איז באַשטאַנען פֿון 25 מאַן, מיט װעלכע יעדער אײנער האָט שטאָלצירט. די הױפּטגאַס (אױפֿן נאָמען פֿון טעאָדאָר הערצל) איז געװען באַשײנט מיט דער הרצליה־גימנאַזיע, דער ערשטער און אימפּאָנירנדיקסטער בנין פֿון שטאָט. עס זענען געװען נאָך עטלעכע גאַסן, אַ האַנדלס־ראַיאָן און אַ װאַסער־טורעם, װאָס איז אױך געװען אַ זאַמלפּונקט פֿאַר דער יוגנט. די עפּנטלעכע קאָמוניקאַציע אין דער שטאָט האָבן באַדינט קלײנע אױטאָבוסן און קאַרעטעס, געשפּאַנט אין פֿערד. דער ראָש העיר, מאיר דיזנגאָף, פֿלעגט זיך פֿון צײַט צו צײַט באַװײַזן רײַטנדיק אױף אַ שײנעם װײַסן פֿערד.

אין יאָר 1921 האָט זיך אין תּל־אָבֿיבֿ געפֿירט אַן אינטענסיװ קולטור־לעבן. עס האָבן זיך דאָ באַזעצט שרײַבערס און דענקערס, צװישן זײ אחד־העם און חיים־נחמן ביאַליק, עס איז טעטיק געװען דער אַרבעטער־טעאַטער „אוהל״, געװען אױך עטלעכע קאַפֿעען, װוּ עס זענען אין די נאָכמיטאָגן און אָװנטן אָנגעגאַנגען לעבעדיקע װיכּוחים איבער פּאָליטישע און קולטורעלע פּראָבלעמען. װען מיר זענען אָנגעקומען אױף דער קלײנער באַנסטאַנציע האָט מען אָבער נישט אַרױסגעפֿילט די דאָזיקע קולטור־געזעלשאַפֿטלעכע טעטיקײט און דעם מערקװערדיקן פּאָטענציאַל פֿון תּל־אָבֿיבֿ. װײַזט אױס, אַז קײן ערגערע צײַט פֿאַר אונדזער אָנקום האָבן מיר נישט געקענט אױסקלײַבן; אַלץ — די לופֿט, דאָס זאַמד, די װײַסע הײַזקעס — האָט געפֿלאַמט אין דער מיטנטאָגיקער זון און מיר זענען אָן כּוחות געשטאַנען אױף דער לײדיקער פּלאַטפֿאָרמע און מיט אײַנגעפֿאַלענע הערצער געזען, אַז קײנער איז נישט געקומען אונדז אָפּװאַרטן, הגם מיר האָבן װעגן אונדזער אָנקום געגנוי געשריבן צו אונדזערע פֿרײַנד, װאָס זענען שױן צװײ יאָר געװען אין ארץ־ישׂראל. שפּעטער האָבן מיר זיך דערװוּסט, אַז זײ זענען אין יענעם טאָג געפֿאָרן קײן ירושלים דערלײדיקן די פֿאָרמאַליטעטן צו פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד — די בײיעס האָט פֿאַרגרעסערט אונדזער צעמישעניש און אומזיכערקײט.

בכל־אופֿן זענען מיר סוף־כּל־סוף געװען אין תּל־אָבֿיבֿ, נאָך דער פּײַנלעכער נסיעה. אונדזער טרױם איז פֿאַרװירקלעכט. די באַנסטאַנציע, די הײַזער, װעלכע

מיר האָבן געזען אין דער ווייַט, אַפילו די טיפע זאַמדן אַרום אונדז, אַלץ איז אַ טייל פון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער היים. אָבער ווען מיר האָבן דאָרט געוואָרט, אין דעם בליאַסק פון דער גלייִקער זון, נישט ווויסנדיק ווו צו גיין און וווהין זיך צו ווענדן, איז אונדז שווער געווען תּופס צו זייַן צו וואָס מיר זענען אייגנטלעך געקומען. עמעץ אין אונדזער גרופּע (אפשר יאָסל) האָט אַפילו אויסגעדריקט אין ווערטער דאָס געפיל פון אונדזער פּלוצעמדיקן אַראָפּפאַלן אויף דער ערד. ער האָט זיך אַ קער געטאָן צו מיר און נישט דווקא אין אַ שפּאַס געזאָגט: „נו, גאָלדעלע, האָסט געוואָלט קומען קיין ארץ־ישראל, אָט זענען מיר דאָ. איצט — קענען מיר שוין אַלע פאָרן צוריק... גענוג״. כ׳געדענק נישט ווער עס האָט דאָס געזאָגט, אָבער כ׳געדענק, אַז כ׳האָב נישט געשמייכלט.

מיט אַ מאָל איז צו אונדז צוגעקומען אַ מאַן און זיך פאָרגעשטעלט, אין ייִדיש, ווי הער באַראַש, דער בעל־הבית פון אַ נאָענטן האָטעל, געפרעגט, אפשר קען ער אונדז העלפן. ער האָט צוגערופן אַ קאַרעטע. דאַנקבאַרע האָבן מיר אויפגעלאָדן אונדזער באַגאַזש און מיר אַליין האָבן זיך נאָכגעשלעפּט נאָך דער קאַרעטע, מידע, אויסגעמאַטערטע, געטראַכט ווי ווייַט מיר וועלן באַוויזן אַזוי צו גיין אין דער מוראדיקער היץ.

נאָענט פון דער סטאַנציע האָב איך באַמערקט אַ בוים. לויט די אַמעריקאַנער באַגריפן איז עס נישט געווען קיין גרויסער בוים, אָבער געווען איז עס דער ערשטער בוים וואָס כ׳האָב געזען אין יענעם טאָג און ער איז פאַר מיר געווען ווי אַ סימבאָל פון דער יונגער שטאָט, וואָס וואַקסט אַרויס, ווי דורך אַ נס, פון די זאַמדן.

אין האָטעל האָבן מיר זיך אויסגעבאָדן, געגעסן און געטרונקען. די צימערן זענען געווען גרויסע, ליכטיקע. הער באַראַש און זייַן פרוי זענען געווען זייער גאַסטפריַינדלעך. עס איז אונדז געוואָרן פרייליכער אויפן געמיט און מיר האָבן באַשלאָסן נישט אויסצופּאַקן די זאַכן און נישט מאַכן קיין פּלענער, ביז מיר וועלן זיך נישט אויסרוען. ערגער איז געווען צו זען אין אונדזערע בעטן שפּורן פון וואַנצן. הער באַראַש, זייער אויפגעבראַכט, האָט אַפּגעלייקנט די באַשולדיקונג. אפשר פליגן, האָט ער געזאָגט, אָבער וואַנצן אין בעט? נישט מעגלעך. די לייַלעכער זענען שוין געווען געביטן, אָבער שיינע, רעגינאַ און איך האָבן פאַרלוירן יעדן חשק צו שלאָפן. די איבעריקע שעהען פון אונדזער ערשטן טאָג האָבן מיר פאַרבראַכט אין תּל־אָביב, פאַרזיכערנדיק איינער דעם אַנדערן, אַז עס וואַרטן אויף אונדז אַ סך שווערערע פּראָבלעמען ווי וואַנצן.

צו מאָרגנס, גאַנץ פרי, האָט שיינע זיך געלאָזט גיין אין מאַרק צו קויפן פּרוכטן פאַר די קינדער. זי איז אָבער גיך צוריקגעקומען, פול מיט אומרו: „אַלץ איז באַדעקט מיט פליגן. נישטאָ קיין פּאַפּיר אייַנצופּאַקן... אַלץ איז אַזוי פּרימיטיוו און די זון ברענט״. זי האָט עס נישט געקענט פאַרטראָגן. איך געדענק נישט איך

זאָל האָבן אַ מאָל געהערט שײַנען זיך באַקלאָגן אויף עפּעס און איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן, װי װעלן מיר בײדע זיך צוגעװױנען צו אונדזער נײַ לעבן. גרינג איז געװען צו רעדן אין מילוואָקי װעגן חלוציזם, אָבער צי איז עס מעגלעך, אַז מיר זענען נישט גרײט אָנצונעמען אַט די קלײנע אומבאַקװעמלעכקײטן? זענען די ליטװאַקעס געװען גערעכט, האַלטנדיק אַז מיר זענען צו אײדל פאַרן לאַנד?

אין משך פון דער גאַנצער ערשטער װאָך אין תּל־אָביב האָב איך זיך געפילט שולדיק צוליב מײַנע אײגענע דורכפאַלן. שױן אָפּגערעדט פון מײַן נערװעזיטעט צוליב מאָריסעס רעאַקציע אויף די שװערע איבערלעבענישן. װאָלטן מיר געקומען אין האַרבסט און נישט אין מיטן זומער, אָדער געװױנט נעענטער צו די װינטלעך פון ים, װאָלט מסתּמא געװען גרינגער. אין יענער צײַט איז אָבער געװען הײס און מיר זענען געװען פאַרמאַטערט און מוטלאָז.

װי אַ צוגאָב, האָבן אונדזערע פרײַנד, צוריקקומענדיק פון ירושלים, אונדז פאַרבעטן שבת אויף אָװנטברויט און האָבן אונדז דערצײלט װעגן די גרױסע שװעריקײטן װעלכע מיר װעלן ערשט אָנטרעפן. די קאָטלעטן, מיט װעלכע זײ האָבן אונדז מכבד געװען, האָבן געהאַט דעם טעם פון זײף, נישט אָראָפּצושלינגען. מיר האָבן געבעטן די קינדער, זײ זאָלן אױפהערן װײנען און זיך שטיקן, צום סוף האָבן מיר אין געמאַלענעם פלײש, טאַקע געפונען אַ שטיקל זײף װאָס איז דאָרט אַרײנגעפאַלן. פון אַט דער אַנטפּלעקונג איז אָבער דאָס פלײש נישט געװאָרן געשמאַקער. אומקערנדיק זיך אין באַראַשעס האָטעל האָבן מיר זיך געפילט קראַנק און דערשלאָגן.

נאָך עטלעכע טעג האָבן מיר זיך אַרומגעזוכט, אַז עס האָט נישט קײן זינען װײַטער צו זײַן אין באַראַשעס האָטעל, מיר האָבן געפילט אַז מיר מוזן, װי דער בוים לעבן דער באַנסטאַנציע, שלאָגן װאָרצלען, פרײַער אָדער שפּעטער. אחוץ דעם האָט דאָס געלט זיך געהאַלטן בײַם ענדיקן. מיר זענען טאַקע געקומען פון אַמעריקע, אָבער געלט האָבן מיר געהאַט װײניק, כאָטש קײנער האָט עס אונדז נישט געװאָלט גלײבן.

יענעם זומער האָב איך באַגעגנט אַ פרוי אין תּל־אָביב; זי האָט מיך געהאַלדזט און געקושט און מיט טרערן אין די אױגן געזאָגט: „געלױבט צו גאָט, װאָס איר, די מיליאָנערן, קומט שױן צו אונדז פון אַמעריקע. איצט װעט דאָ אַלץ זײַן גוט".

אונדזער תּחילתדיקער פּלאַן איז געװען צו פאַרברענגען אַ װאָך אָדער צװײ אין תּל־אָביב און דערנאָך אַרײַנגײן אין אַ קיבוץ. אין מילװאָקי האָבן מיר שױן געהאַט אױסגעקליבן דעם קיבוץ, אין װעלכן מיר װעלן פאַרלײגן אונדזערע װאַנדער־גען צו װערן מיטגלידער, אָבער װען מיר האָבן אין תּל־אָביב זיך אָנגעפּרעגט, האָט מען אונדז געהײסן איבערװאַרטן דעם זומער און דערנאָך דערלאַנגען פאָרמעלע ביטעס. אַזױ איז געשען, אַז אַנשטאָט גלײַך צו דעראָבערן דאָס לאַנד, האָבן מיר אָנגעהױבן מיט אַ געװנוג העראַישער מיסיע: אײַננעמען די בעלי־בתּים. דאָס איז

נישט געווען קיין פּשוטער ענין. געווען ווייניק פּלעצער, די פּרײַזן הימל־שרײַענדיקע. מיר האָבן געדאַרפט אַן אָרט ווייניקסטנס מיט זיבן בעטן. מיר האָבן זיך פונאַדערגעטיילט אין גרופּעס און אָנגעהויבן פיבערדיק זוכן. נאָך עטלעכע טעג האָבן מיר געפונען אַ צוויי־צימערדיקע דירה. בײַם סוף פון אַ נישט־אַספאַלטירטער גאַס, אין עלטסטן טייל פון תּל־אָביב, נוה־צדק, אַ קוואַרטאַל געגרינדט נאָך איידערן גרינדן די שטאָט. אין דער דירה איז נישט געווען קיין עלעקטריע, נישט קיין באָד און נישט קיין טואַלעט. די קלאָזעטן פאַר פערציק מענטשן זענען געווען אין הויף. דערפאַר איז אָבער געווען אַ קליין קיכל און דירה־געלט האָט מען געפאָדערט נישט מער ווי אויף דרײַ חדשים פאָרויס נישט געקוקט דערויף וואָס מיר זענען אַמעריקאַנער.

מיר זענען אַריבער דאָרט וווינען, נישט מיט קיין סך ענטוזיאַזם, אָבער מיט גרויס דערלײַכטערונג און אָנגעהויבן זיך אָרגאַניזירן. מיר האָבן געבאָרגט לײַלעכער, פענדלעך, טעפּ און גאָפּל־מעסער. שיינע האָט זיך אונטערגענומען צו פירן פאַר אונדז אַלע די בעל־הבתישקייט, געקאָכט אויף אַ קעראָסין־פּרימוס, וואָס האָט פון צײַט צו צײַט רעשיק עקספּלאָדירט. רעגינאַ האָט באַקומען אַרבעט ווי אַ טעלעגראַפיסטין אין אַ ביוראָ. יאָסל איז אַוועק אַרבעטן אין אַ שערערײַ, מאָריס ווי אַ מין בוכהאַלטער אין אַ בריטישער אונטערנעמונג פאַר עפּנטלעכע אַרבעטן אין לוד. איך האָב אָנגעהויבן געבן פּריוואַטע ענגלישע לעקציעס. מ׳האָט מיר פאַר־געשלאָגן ווערן לערערין אין אַ גימנאַזיע, אָבער אַזוי ווי מיר האָבן געוואָלט אַרײַנגיין אין אַ קיבוץ, האָב איך געטראַכט, אַז עס וועט זײַן בעסער נישט צו פאַרפליכטן זיך אויף אַ סטאַבילן פּאָסטן. אין יענע צײַטן האָבן ס׳רוב מענטשן וועלכע מיר האָבן באַגעגנט אין תּל־אָביב, געהאַלטן לערערײַ ווי אַ צו אינטעלעקטועלע באַשעפטיקונג פאַר פּאָטענציעלע חלוצים. איך האָב כּסדר געגעבן צו פאַר־שטיין, אַז עס האַנדלט זיך אין אַ צײַטווײַליקער אַרבעט און אַז כ׳בין נישט געקומען קיין ארץ־ישראל פאַרשפּרייטן אַמעריקאַנער קולטור.

מיר האָבן גאַנץ פײַן זיך אײַנגעאָרדנט, אָבער פאַר אונדזערע שכנים איז געווען שווער צו באַנעמען אונדזערע משונהדיקע מעשׂים, ווי, למשל, אויפהענגען נעצן אויף די פענצטער קעגן פליגן. זיי האָבן פאַרשטאַנען גרויסע נעצן קעגן קעץ, וואָס האָבן אַרומגעוואַנדערט אין שטאָט; אָבער קעגן פליגן? וואָס קען מען האָבן קעגן פליגן? קען מען זיי דען אויסמײַדן אין דאָזיקן טייל פון דער וועלט? מיר זענען אָבער אָנגעגאַנגען מיט אונדזערע פּלענער אײַנצואָרדענען די דירה און עס איז אונדז געראָטן. ווען אונדזערע קאָסנטס זענען געקומען פון נאַפּאָלי, האָבן מיר זיי פאַרוואַנדלט אין סאָפעס און טישן. מאָריס האָט דעקאָרירט די נאַקעטע ווענט און מיר האָבן אימפּראָוויזירט איבערדעקן אויף די בעטן און גאַרדינען. איבעריק צו זאָגן, אַז אונדזער ליבסט פאַרמעגן איז געווען דער גראַמאָפאָן און די פּלאַטן. ביסלעכווײַז האָבן מענטשן אָנגעהויבן

אַרײַנקומען צו אונדז אין די אָוונטן טרינקען טיי און הערן מוזיק.

אָפּט האָט זיך מיר געוואָלט זאָגן נײַע עולים אין ישׂראל ווי גוט כ׳פאַרשטיי זייערע חבלי־קליטה און דערציילן זיי ווי ס׳האָט אויסגעזען דער מצב ווען איך בין צום ערשטן מאָל געקומען קיין ארץ־ישׂראל. די דערפאַרונג האָט מיך אָבער געלערנט, אַז מענטשן באַטראַכטן אונדזערע רייד ווי פּראָפּאַגאַנדע, אָדער, וואָס איז נאָך ערגער, ווי אַ מין פּריידיקן וואָס מען וויל זיך בדרך־כּלל נישט צוהערן צו דעם. פּאַקטיש האָבן מיר אַליין געדאַרפט דורכרײַסן אַ וועג אינעם לאַנד, אין וועלכן מיר האָבן אויסגעקליבן צו לעבן. נישט געווען דעמאָלט קיין ייִדישע מדינה, נישט קיין קליטה־מיניסטעריום, נישט קיין ייִדישע אַגענץ. קיינער האָט אונדז נישט געהאָלפן זיך אײַנאָרדענען, נישט לערנען עברית און נישט געפינען אַן אָרט צום לעבן. מיר האָבן אַלץ געדאַרפט טאָן אַליין און עס איז אונדז גאָרנישט אײַנגעפאַלן, אַז עמעץ איז מאָראַליש פאַרפליכטעט אונדז אַרויס־צוהעלפן. דאָס הייסט נישט, אַז מיר זענען געווען בעסער און פעיִקער פון די, וועלכע זענען הײַנט עולה קיין ישׂראל. איך בין אויך נישט סענטימענטאַל וואָס שייך די שוועריקייטן, וועלכע מיר האָבן געדאַרפט איבערטראָגן מיט זעכציק יאָר צוריק (אַ סך פון זיי אין גאַנצן איבעריק) און צו וועלכע מיר זענען נישט געווען צוגעגרייט. איך בין אָבער, קוקנדיק אויף צוריק, איבערצײַגט, אַז דאָס שטענדיקע אין זינען האָבן דעם ציל וואָס האָט אונדז געבראַכט קיין ארץ־ישׂראל און דאָס וויסן אַז קיינער האָט אונדז נישט געבעטן צו קומען אָדער עפּעס צוגעזאָגט, האָט אַ סך געהאָלפן פאַרשנעלערן אונדזער קליטה. מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון. אַז עס איז געווענדט אין יעדן פון אונדז פערזענלעך צו פאַרבעסערן און גרינגער צו מאַכן אונדזער לעבן אין ארץ־ישׂראל; אַז מיר האָבן נישט קיין אַנדערן אויסוועג און מיר דאַרפן זיך אײַנאָרדענען ווי צום גיכסטן. בכל־אופן, דער ערשטער זומער איז נישט געווען קיין געבענטשטער. צו אַלע צרות האָט נאָך שיינעס זון, חיים, באַקומען אַן אינפעקציע און די אויגן און יהודית אַ געשווילעכץ, וואָס האָט אָנ־געהאַלטן וואָכן־לאַנג. פון דעסטוועגן, אויף וויפל איך ווייס, האָט קיינער פון אונדז נישט געטראַכט צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד און מיט דער צייט האָבן מיר זיך געפילט ווי אַ טייל פון לאַנד. אונדזערע בריוו צו די עלטערן זענען, פאַרשטענדלעך, געווען זייער פאַרזיכטיקע; מיר האָבן פאַרשוויגן די טונקעלע אַספּעקטן פון אונדזער לעבן, אָבער איין בריוו, וועלכן איך האָב געשריבן צו שמאַין, נאָכן אַפּזײַן אַרום זעקס וואָכן אין ארץ־ישׂראל, דריקט אויס עפּעס פון די געפילן אין שײַכות מיט אונדזער גרויסער אונטערנעמונג:

„... די נײַ־געקומענע זענען עס די וואָס רעדן וועגן צוריקפאָרן, אָבער אַן אײַנגעזעסענער אַרבעטער איז פול מיט אינספּיראַציע און גלויבן. איך וויל זאָלסט וויסן, אַז אַזוי לאַנג ווי עס פאַרבלייבן דאָ יענע וועלכע האָבן געשאַפן דאָס ביסל וואָס איז פאַראַן, קען איך נישט פאַרלאָזן דאָס לאַנד און דו מוזסט קומען אַהער.

איך וואָלט דאָס נישט געזאָגט, ווען איך וואָלט נישט געוווּסט, אַז דו ביסט גרייט צו אַרבעטן שווער. אמת, אַפילו שווערע אַרבעט איז נישט לייַכט צו באַקומען. איך בין אָבער זיכער, אַז דו וועסט עפּעס געפינען. פאַרשטייט זיך, דאָ איז נישט אַמעריקע און עס קען דיר אויסקומען צו ליַידן עקאָנאָמיש. עס קענען אַפילו אויסברעכן נייַע אומרוען, אָבער אויב מען וויל אַן אייגן לאַנד און מען וויל עס מיטן גאַנצן האַרצן, מוז מען זייַן גרייט אויף אַלעם. איך בין זיכער, אַז ווען דו וועסט קומען, וועלן מיר שוין עפּעס אויספּלאַנירן. עס האָט נישט קיין זינען צו וואַרטן".

איך מיין אַז ס׳איז געווען נאַטירלעך, איך זאָל אַזוי פילן. איך בין געווען אין מייַנע פריִע צוואַנציקער יאָרן, געטאָן וואָס כ׳האָב געוואָלט, אין אַ גוטער פיזישער קאָנדיציע, פול מיט ענערגיע און צוזאַמען מיט מייַנע נאָענטסטע, מיט מייַן מאַן און שוועסטער, וואָס איז געווען מייַן בעסטער פרייַנד. כ׳האָב נישט געהאַט קיין קינדער צו זאָרגן פאַר זיי און האָב זיך באמת נישט געזאָרגט צי מיר האָבן יאָ אַן אייַזקאַסטן צי נישט: צי דער קצב האָט אייַנגעוויקלט דאָס פלייש אין אַ צייַטונג אויפגעהויבן פון דער ערד. עס זענען געווען פאַרשיידענע קאָמפּענסאַציעס פאַר אַט די אַפּקומענישן, ווי, למשל, דער שפּאַציר דעם ערשטן פרייַטיק־צו־נאַכטס אין דער תּל־אביבער גאַס און דאָס געפיל, אַז ס׳איז נישט פאַראַן מער פרייד ווי צו לעבן אין דער איינציקער ייִדישער שטאָט אויף דער וועלט, ווו יעדער, פון אויטאָבוס־שאָפער ביז אונדזער בעל־הביתטע זענען אין טיפסטן זינען געווען אַ טייל נישט נאָר פון אַ בשותּפותדיקן עבר, נייַערט אויך פון בשותּפותדיקע צילן פאַר דער צוקונפט. אָט די מענטשן, וועלכע איילן זיך אַהיים ערב־שבת, איטלעכער מיט אַ פּאָר בלומען פאַרן טיש, זענען מייַנע ברידער און שוועסטער און איך האָב געוווּסט, אַז מיר וועלן זייַן פאַרבונדן איינער מיטן צווייטן אויפן גאַנצן לעבן. נישט געקוקט דערויף, וואָס מיר זענען געקומען פון פאַרשיידענע לענדער און פאַרשיידענע קולטורן און אָפט מאָל גערעדט פאַרשיידענע שפּראַכן, זענען מיר אָבער געווען פאַראייניקט אין אונדזער גלויבן, אַז נאָר דאָ וועלן ייִדן קענען לעבן מיטן כּוח פון רעכט, נישט פון חסד; אַז נאָר דאָ וועלן מיר קענען זייַן די בעלי־בתּים איבער אונדזער גורל און נישט זייַנע קרבנות. נישט קיין וווּנדער, אַז צו להכעיס די קלייַנלעכע דענערווירונגען און פּראָבלעמען, בין איך געווען זייער גליקלעך.

ווען איך דערמאָן זיך ווי שייַנע האָט זיך אַן עצה געגעבן מיט אַלץ און אַלעמען, אָן אַ רמז, אַז אפשר איז דאָס אַלץ צו פיל פאַר איר; נישט געקוקט וואָס אירע צוויי קינדער זענען געווען קראַנק, שמאי אַזוי ווייַט, די פּאָסט אַזוי נישט עפעקטיוו (די בריוו צו איר פלעגן גיין חדשים), אָדער ווען איך דערמאָן זיך ווי מאָריס האָט אַלץ איבערגעטראָגן, נישט געקוקט אויף זייַנע פריִערדיקע קווענ־קלעניש וועגן פאַרן קיין ארץ־ישׂראל; נישט געקוקט דערויף וואָס די ביכער, וועלכע זענען אים געווען אַזוי טייַער, זענען אָנגעקומען צעריסן און דורכגענעצט — בין איך ווידער פול מיט באַוווּנדערונג לגבי זיי אַלע און איך טראַכט, צי וואָלט

איך אויף זייער אַרט געווען אַזוי אײַנגעשפּאַרט און פֿאַרבליבן אין לאַנד. פֿאַרשטײט זיך, אַז עס זענען געווען נײַע עולים, ווי אונדזערע פֿרײַנד וועלכע האָבן אונדז געדאַרפֿט אָפּוואַרטן בײַם אָנקומען אין לאַנד, וואָס האָבן זיך אונטערגעגעבן און זענען צוריקגעפֿאָרן. אַזעלכע זענען פֿאַראַן אויך הײַנט. איך האָב שטענדיק מיט־געפֿילט מיט יענע מענטשן. לויט מיר, איז תּמיד דער שאָדן געווען זייערער.

אין סעפּטעמבער האָבן מיר אָנגעגעבן אונדזער בקשה צו ווערן מיטגלידער אין קיבוץ מרחביה, אין עמק־יזרעאל, וועלכן מיר רופֿן „דער עמק". מיר האָבן אויסגעקליבן דעם דאָזיקן קיבוץ (ווי עס טרעפֿט זיך אָפֿט) נישט צוליב אַ ספּעציע־לער סיבה. מאָריסעס אַ פֿרײַנד, אויך מײַנער, וועלכער איז געקומען קיין ארץ־ישׂראל מיטן ייִדישן לעגיאָן, איז שוין געווען אין יענעם קיבוץ. מיר האָבן זייער ווייניק געוווּסט וועגן מרחביה גופֿא, ווייניק וועגן קיבוצים בכלל, בלויז אַז זיי זענען קאָמונע־קאָלאָניעס, וואָס באַאַרבעטן די ערד און עס איז נישטאָ דאָרט קיין פּריוואַט־אייגנטום, קיין געדונגענע אַרבעטער און קיין פּריוואַטער מיסחר. דער קאָלעקטיוו ווי אַזעלכער איז פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר דער גאַנצער פּראָדוקציע, פֿאַר דער באַדינונג און פֿאַרן פֿאַרזאָרגן דעם יחיד מיט זײַנע באַדערפֿענישן. מיר האָבןביידע געגלייבט, איך מיטן גאַנצן האַרצן, און מאָריס ווייניקער, אַז דער קיבוץ גיט גרעסערע מעגלעכקייטן אויסצולעבן זיך ווי ציוניסטן, ייִדן און מענטשן.

אפשר איז דאָ דאָס אָרט איך זאָל זאָגן עפּעס אין קורצן וועגן עמק, ווײַל די געשיכטע פֿון גרויסן אָנשטרענג אים צו אַנטוויקלען איז אַן אינטעגראַלער טייל פֿון אַלגעמיינעם ציוניסטישן געראַנגל. ווען עס האָט זיך געענדיקט די ערשטע וועלט־מלחמה און גרויס־בריטאַניע איז דורך דעם פֿעלקערבונד צוגעטיילט געוואָרן דער מאַנדאַט אויף ארץ־ישׂראל, האָבן די נײַע האָפֿענונגען, וואָס די באַלפֿור־דעקלאַראַציע האָט אויפֿגעוועקט לגבי דעם שאַפֿן אַ ייִדישע נאַציאָנאַלע היים, אויסגעזען נאָענט צו ווערן פֿאַרווירקלעכט. אָבער מיט יאָרן פֿריִער, אין 1901, איז דער ייִדישער נאַציאָנאַל־פֿאָנד געגרינדעט געוואָרן מיט דעם איינציקן צוועק צו קויפֿן און אַנטוויקלען דעם באָדן אין ארץ־ישׂראל אין נאָמען פֿון גאַנצן ייִדישן פֿאָלק. אַ גרויסער טייל פֿונעם באָדן וואָס ייִדן פֿאַרמאָגן אין ארץ־ישׂראל, האָט אײַנגעקויפֿט „דאָס פֿאָלק" — די בעקערס, שנײַדערס און סטאָליאַרעס, פֿון פּינסק, בערלין און מילוואָקי. זינט איך בין געווען אַ קליין מיידל, געדענק איך די קליינע בלויע פּושקעס, וואָס זענען געשטאַנען נעבן די שבתדיקע ליכט אין אונדזער שטוב. נישט נאָר מיר, נײַערט אויך אונדזערע געסט פֿלעגן יעדע וואָך אַרײַנוואַרפֿן מטבעות. אָט די בלויע פּושקעס זענען געשטאַנען אין יעדער ייִדישער שטוב. אַ פֿאַקט איז, אַז זינט 1904 האָט דאָס ייִדישע פֿאָלק מיט די אַ מטבעות אָנגעהויבן אײַנקויפֿן שטיקער לאַנד אין פּאַלעסטינע.

ווען איך טראַכט דערפֿון, ווער איך ממש מיד צו הערן ווי די ייִדן האָבן „צוגעגנבעט" בײַ די אַראַבער זייער באָדן. די פֿאַקטן זענען גאַנץ אַנדערע. אַ סך

געלט איז אַריבער אין אַראַבישע הענט און אַ סך אַראַבער זענען נתעשר געוואָרן. עס זענען, פאַרשטענדלעך, געווען אויך אָרגאַניזאַציעס און אַן אַ צאָל יחידים, וואָס האָבן איינגעקויפט גרויסע שטחים. ביז 1947 האָט דער קרן קיימת אַליין — מיליאָנען בלויע פּושקעס — פאַרמאָגט מער ווי אַ העלפט פונעם אַלגעמיינעם ייִדישן באַזיץ אין לאַנד. לאָמיר דערפאַר, לפּחות, מאַכן אַ סוף צום שקר וועגן ייִדישן „רויבן" דעם באָדן אין ארץ־ישׂראל.

אין דער צײַט ווען מיר זענען אָנגעקומען אין לאַנד, זענען אַ צאָל ייִדישע באָדן־קביות געמאַכט געוואָרן אין עמק, נישט געקוקט דערויף, וואָס דער גרעסטער טייל פון אָט די שטחים איז באַשטאַנען פון שוואַרצע טויט־טראָגנדיקע זומפּן וואָס האָבן פונאַנדערגעשפּרייט מאַלאַריע און אַנדערע קרענק. פון דעסטוועגן איז געווען וויכטיק וואָס אָט דער פאַרפעסטיקטער באָדן איז געשטאַנען צו פאַרקויפן, הגם נישט ביליק, אָגב, דער גרעסטער טייל באָדן איז געקויפט געוואָרן בײַ איין רײַכער אַראַבישער משפּחה, וועלכע האָט געלעבט אין ביירוט.

באַלד האָט מען זיך גענומען צוגרייטן דעם באָדן, אים פאַראַקערן און פאַרזייען. פאַרשטייט זיך, אַז פּריוואַטע פאַרמערס האָבן נישט געקענט אויספירן אַזאַ פּראָיעקט, וואָס האָט געמיינט אי אַ ריזיקע, אי ברעכן די פּלייצעס און עס וואָלט געדויערט יאָרן ביז מען וואָלט געזען פאַר די אויגן רווחים. די איינציקע וואָס האָבן זיך געקענט אונטערנעמען צו טריקענען די זומפּן פון עמק, זענען געווען די באמת באַוווּסטזיניקע חלוצים פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, גרייטע אויס־צולייזן דעם באָדן, נישט געקוקט אויף די שווערע באַדינגונגען, און אויף דעם הויכן פּרייז און די מענטשלעכע קרבנות. זיי זענען גרייט געווען צו טאָן די אַרבעט אַליין אַנשטאָט דינגען אַראַבער און ייִדן זאָלן זײַן די אויפזעערס. אַזעלכע אידעאַליסטן זענען געווען די ערשטע קאָלאָניסטן פון מרחביה. אַ סך פון זיי האָבן זוכה געווען צו זען דעם עמק ווי די שענסטע און פּרוכטיקסטע פעלדער אין ישׂראל, מיט בליִענדיקע דערפער און קאָלעקטיווע ישובים.

מרחביה (דער נאָמען מיינט געטלעכער אויסשפּרייט) איז געווען פון די ערשטע קיבוצים אין עמק. אין 1911 האָט אַ גרופּע יונגע מענטשן פון אייראָפּע אויפגעשטעלט דאָרט אַ פאַרם, אָבער זיי האָבן זי קוים געקענט אויסהאַלטן. אין 1914, מיטן אויסבראָך פון דער מלחמה, האָט זיך אַלץ צונויפגענומען: די מאַלאַריע, די שׂינאה פון די אַראַבישע שכנים און די רדיפות פון דער טערקישער מאַכט מיטן ציל צו שטערן די חלוצים ממשיך צו זײַן זייער אַרבעט. דאָס איז געווען צו פיל און די מענטשן האָבן פונאַנדערגענומען די געצעלטן און זענען זיך צעגאַנגען. נאָך דער מלחמה האָט אַ צווייטע גרופּע אייראָפּעיִשע חלוצים געגרינדעט אַ קאָלאָניע אויפן זעלבן פּלאַץ און עס זענען צוגעשטאַנען ענגלישע און אַמעריקאַנישע וועטעראַנען פון ייִדישן לעגיאָן (שפּעטער אויך איך און מאָריס). די דאָזיקע קאָלאָניע איז זיך אויך צעפאַלן. ערשט אין יאָר 1929 האָט צום דריטן און לעצטן מאָל

איבערגענומען דאָס אָרט אַ גרופּע פּועלי־ציון. זײ האָבן מצליח געווען און זענען דאָרט פאַרבליבן.

ווײַל מיר האָבן אַזוי געגאַרט אַנצושליסן זיך אין מרחביה, זענען מיר שטאַרק אַנטוישט געוואָרן ווען מען האָט אָפּגעוואָרפן אונדזערע בקשות. די אָנגעגעבענע סיבות האָבן אונדז נישט באַפרידיקט. קיינער האָט אונדז נישט געוואָלט דערקלערן פאַר וואָס מען האָט אונדז אָפּגעוואָרפן, אָבער איך האָב דורכויס געפאָדערט, מען זאָל אונדז זאָגן דעם אמת. האָט מען אונדז נישט־ווילנדיק דערקלערט, אַז ס׳זענען פאַראַן צוויי טענות קעגן אונדז. ערשטנס, איז דער קיבוץ דערווײַל נישט ווילִיק אויפצונעמען חתונה־געהאַטע; קינדער זענען אַ לוקסוס, וואָס אַ יונגע קאָלאָניע קען זיך נישט פאַרגינען. צווייטנס, וואָס איך האָב בשום־אופן נישט געקענט אָננעמען, איז געווען אַז די גרופּע אין מרחביה, זיבן פרויען און דרײַסיק מענער, האָט זיך נישט געקענט פאַרשטעלן, אַז אַן אַמעריקאַנער מיידל זאָל וועלן און קענען טאָן די גאַר שווערע פיזישע אַרבעט, וואָס האָט זיך געפאָדערט אין קיבוץ. אַזוי ווי אַ צאָל חברים זענען געקומען פון די פאַראייניקטע שטאַטן, האָבן זײ זיך געהאַלטן — ווי כ׳האָב פאַרשטאַנען — פאַר מומחים אין אַמעריקאַנער ענינים, אײַנ־געשלאָסן דעם כאַראַקטער און פעיִקייטן פון אַזאַ „אַמעריקאַנער" מיידל ווי איך. אייניקע פון די מיידלעך אין מרחביה, וואָס זענען שוין געווען אונטער דער השפעה פון די „מומחים", האָבן זיך נאָך פאַרביסענער אַנטקעגנגעשטעלט. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז כ׳האָב ווידער צו טאָן מיט די ליטוואַקעס און איך דאַרף באַווײַזן, אַז נישט געקוקט וואָס איך האָב געלעבט אין אַמעריקע, בין איך דורכויס פעיִק צו טאָן שווערע אַרבעט. מיט כּעס האָב איך געטענהט, אַז קיינער האָט נישט קיין רעכט צו קומען מיט אַזעלכע השערות און אַז מען דאַרף אונדז געבן אַ געלעגנהייט צו באַווײַזן וואָס מיר קענען. איינע פון די באַוואָרענישן קעגן מיר איז געווען, אַז אין תּל־אָביב האָב איך געגעבן ענגלישע לעקציעס, אַנשטאָט צו טאָן פיזישע אַרבעט. דאָס האָט געדאַרפט באַווײַזן ווי „צעפּעשטשעט" איך בין.

מיר האָבן געוווּנען די מלחמה. מען האָט אונדז פאַרבעטן אויף עטלעכע טעג קיין מרחביה, כּדי די מיטגלידער זאָלן קענען אונדז בעסער באַטראַכטן און אויפן אָרט באַשליסן. איך בין געווען גאַנץ זיכער, אַז צום סוף וועט מען אונדז לאָזן פאַרבלײַבן און אַזוי איז געשען. אונדזער תּל־אביבער קאָמונע האָט זיך אָנגעהויבן פונאַנדערפאַלן. רעגינאַ איז אַוועק אויף אַן אַנדער אַרבעט און דאָס זעלבע יאָסל. בלויז שיינע מיט די קינדער זענען פאַרבליבן אין דער דירה. כ׳געדענק ווי כ׳האָב אין יענעם הייסן סעפּטעמבער־נאָכמיטאָג מיט פאַרגעניגן געפּאַקט, אָבער געטראַכט, אַז איך און מאָריס לאָזן פאַקטיש איבער שיינען אַליין, אין אַ דירה וואָס זי וועט נישט קענען אויסהאַלטן. שמאי איז נאָך אַלץ טויזנטער מײַלן ווײַט אוןביידע קינדער זענען קראַנק. איך האָב זי געפרעגט, צי זי האַלט, אַז מיר

דאַרפֿן נאָך בלײַבן לענגער אין תּל־אָביב. זי האָט אָבער נישט געוואָלט הערן וועגן בײַטן אונדזערע פּלענער. „איך וועל פֿאַרדינגען איינס פֿון די צוויי צימערן" — האָט זי דעצידירט — „און כ׳וועל זוכן אַרבעט. איר זאָרגט זיך נישט פֿאַר מיר". זי האָט צוגעגעבן, אַז זי וועט פּרוּוון אַרבעטן ווי אַ פֿרײַוויליקע קראַנקן־שוועסטער אין הדסה־שפּיטאָל, וואָס מען האָט נאָר וואָס געעפֿנט אין תּל־אָביב. מיט דער צײַט וועט זי אפֿשר באַקומען אַ געהאַלט. זי איז זיכער אַז שמאי וועט אין גיכן קענען קומען קיין ארץ־ישׂראל. דערווײַל וועט זי זיך אַן עצה געבן. אַזוי ווי די נאַטור קען מען נישט בײַטן, האָט איך געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז איך גלייב איר. טיף אין האַרצן האָב איך געוווּסט, אַז ווי שווער עס זאָל נישט זײַן דאָס לעבן אין מרחביה, וועט עס אַלץ זײַן לײַכטער פֿון שיינעס לעבן אויף אייגענעם באַראַט אין תּל־אָביב.

הײַנט איז מרחביה אַ גרויסע רעשיקע קאָלאָניע, מיט אַ רעגיאָנאַלער גימנאַזיע, וווּהין עס קומען לערנען קינדער פֿון די פֿאַרשיידענע ישובֿים אין עמק. ווי אַ סך אַנדערע גרויסע קיבוצים אין עמק, האָט מרחביה אויך אַנטוויקלט אַן אינדוסטריע, קאָמבינירט מיט לאַנדווירטשאַפֿט. איצט איז דאָרט פֿאַראַן אַ פֿאַבריק פֿאַר פּלאַסטישע רערן און אַ דרוקערײַ. די מענער און פֿרויען אין דער מאָדערנער מרחביה אַרבעטן נאָך אַלץ שווער, אָבער פֿירן אַ פֿײַן לעבן, וווינען אין שיינע און באַקוועמע דירות. דער עסזאַל איז געבויט מיט אַ פֿאַרנעם, די לופֿט געקילט און די קיך פֿולשטענדיק מאָדערניזירט. דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן אָן מקריבֿ צו זײַן אָדער ראַדיקאַל צו בײַטן וועלכן עס איז פֿון די פּרינציפּן, אויף וועלכע עס האָט זיך באַזירט דאָס לעבן אין די קיבוצים, זינט דעם יאָר 1921. די חבֿרים אין קיבוץ אַרבעטן נאָך אַלץ אַכט שעה אַ טאָג בײַ יעדער אַרבעט וואָס ווערט זיי צוגעטיילט און פֿירן זי אויס ווי צום בעסטן. יעדער האָט זײַן ריי צו באַדינען אין עסזאַל, אויספֿילן די אַרבעט אין קיך, אין שמירה וכדומה. יעדער נעמט אַנטייל אין די וויכטיקערע באַשלוסן וואָס האָבן צו טאָן מיטן קיבוץ און ווערן אָפּגעשטימט אויף די וועכנטלעכע אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונגען. ווי אין 1921, דערציט מען אויך הײַנט די קינדער אין קיבוץ צוזאַמען, אָבער די דירה פֿון זייערע עלטערן איז זייער היים. אין אַ טייל קיבוצים שלאָפֿן די קינדער אין אַ שכנותדיקן צימער.

דאָס הייסט נישט אַז דאָס לעבן אין קיבוץ איז פֿולשטענדיק פֿרײַ פֿון קינאה און נישט־פֿאַרגינערישקייט, פֿון פֿוילקייט און נישט־אָנשטענדיקייט. די מענטשן אין קיבוץ זענען נישט קיין מלאכים, אָבער אויף וויפֿל איך ווייס, זענען זיי די איינציקע, וואָס טיילן זיך פֿאַקטיש מיט אַלץ, מיט די פּראָבלעמען, מיט דער אָנערקענונג, אַחריות און סאַטיספֿאַקציע. טאָקע צוליב דעם דאָזיקן אופֿן פֿון לעבן האָבן זיי באַוויזן בײַצושטײַערן אין דער אַנטוויקלונג פֿון ישׂראל אַ סך מער ווי מען וואָלט עס געקאָנט דערוואַרטן לויט זייער צאָל. הײַנט זענען אין ישׂראל פֿאַראַן בלויז אַן ערך 230 קיבוצים, אָבער עס איז אוממעגלעך זיך פֿאָרצושטעלן ווי עס

וואָלט אויסגעזען דאָס לאַנד אָן זיי. מײַן טאָכטער, שרה, איז אַ מיטגליד אין קיבוץ רביבים, אין נגבֿ, די לעצטע דרײַסיק יאָר. ווען איך קום אַהין — אַזוי אָפֿט ווי די באַדינגונגען דערלויבן מיר און דערפֿאַר קיין מאָל נישט גענוג — דערמאָן איך זיך שטענדיק אין די האָפֿענונגען און פּחדים, מיט וועלכע איר טאַטע און איך האָבן זיך געלאָזט קיין מרחביה אין דערוואַרטונג צו פֿאַרברענגען דאָרט דאָס גאַנצע לעבן, אויב זיי וועלן באַר מסכּים זײַן אונדז אויפֿצונעמען.

אַ סך יאָרן האָב איך געהאָפֿט, אַז איך וועל זיך אַ מאָל אומקערן אין קיבוץ. איינע פֿון מײַנע גרויסע אַנטוישונגען אין זיך אַליין איז דאָס, וואָס איך האָב עס קיין מאָל נישט באַוויזן. פֿאַרשטייט זיך, אַז עס זענען תּמיד געווען סיבות און בפֿרט די כּסדרדיקע אויפֿגאַבעס אין געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. ביזן הײַנטיקן טאָג באַדויער איך זייער, וואָס איך האָב נישט געפֿונען אין זיך דעם כּוח צו איגנאָרירן דעם דרוק. ווען די צייט איז ענדלעך געקומען, בין איך שוין געווען צו אַלט פֿאַר אַזאַ שינוי. עס זענען פֿאַראַן אַ סך זאַכן, וועגן וועלכע איך בין נישט זיכער. דערקעגן בין איך איבערצײַגט, אַז ווען איך וואָלט פֿאַרבראַכט מײַן לעבן אין קיבוץ — ווי אַן אמתער מיטגליד און נישט ווי אַ גאַסט אויף שבתים — וואָלט די אינעווייניקסטע סאַטיס־פֿאַקציע געווען לכל־הפּחות אַזוי גרויס ווי די וואָס איך האָב געהאַט פֿון מײַן פּאָזיציע אין געזעלשאַפֿטלעכן לעבן.

דער קיבוץ, אין וועלכן מיר זענען געקומען אין האַרבסט 1921, איז באַשטאַנען פֿון עטלעכע הײַזער און עטלעכעביימער וואָס זענען געבליבן פֿון דער פֿריִערדיקער קאָלאָניע. נישט געווען קיין גערטנער, קיין לאָנקעס, קיין בלומען, בלויז דער ווינט, די פֿעלזן און פֿעלדער פֿאַרשרפֿעטע פֿון דער זון. פֿרילינג האָט דער עמק זיך צעגרינט. די בערג, וואָס האָבן אַרומגענומען דעם טאָל ווי אין אַ ראַם, אויך די שוואַרצע זומפּן, האָבן זיך באַדעקט מיט ווילדע בלומען. אין משך פֿון עטלעכע וואָכן איז מרחביה פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין שענסטן אָרט וואָס איך האָב ווען עס איז געזען. דעמאָלט אָבער איז געווען די צײַט פֿון די ערשטע ווינטער־רעגנס און עס האָט אויסגעזען ווײַט נישט אַזוי ווי איך האָב זיך פֿאָרגעשטעלט. די ערשטע און וויכטיקסטע שוועריקייט, וועלכע מען האָט געדאַרפֿט בײַקומען, האָט גאָרנישט געהאַט צו טאָן מיט דער לאַנדשאַפֿט, איך בין געווען אַנטשלאָסן צו באַווײַזן, אַז כ׳בין פּונקט אַזוי פֿאַראַנטוועט ווי איטלעכע פֿרוי אין דעם קיבוץ און אַז איך קען אויספֿירן יעדע אויפֿגאַבע, וואָס וועט אויף מיר אַרויפֿגעלייגט ווערן. כ׳געדענק נישט וואָס מען האָט מיר אַלץ געהייסן טאָן אין יענעם דעצידירנדיקן „אויספּרווו־פּעריאָד", אָבער כ׳ווייס, אַז כ׳האָב גאַנצע טעג געקליבן מאַנדלען אין אַ סאַד לעבן קיבוץ, געהאָלפֿן פֿלאַנצן אַ קליין וועלדל צווישן די פֿעלדזן אויפֿן וועג וואָס פֿירט קיין מרחביה. הײַנט איז עס ממש אַ וואַלד און איצט ווען איך פֿאָר פֿאַרבײַ, דערמאָן איך זיך ווי מיר האָבן געגראָבן די גריבער צווישן די פֿעלדזן און פֿאָרזיכטיק געפֿלאַנצט יעדעס שפּראָצל און געטראַכט, צי וועלן זיי אַ מאָל דאָרט אויסוואַקסן.

איך האָב זיך פאָרגעשטעלט ווי שיין דער וועג, דאָס גאַנצע לאַנד וועט אויסזען ווען אונדזערע ביימלעך וועלן אויסוואַקסן. איך וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן מײַנע ערשטע טעג בײַ אָט דער אַרבעט. ווען כ׳פלעג צוריקקומען אין אָוונט אין מײַן צימער, האָב איך נישט געקענט רירן מיט קיין פינגער. כ׳האָב אָבער געוווּסט, אַז אויב כ׳וועל נישט קומען צום אָוונטברויט, וועט מען פון מיר אָפּחוזקן: „נו, וואָס האָב איך אײַך געזאָגט? אָט האָט איר אַמעריקאַנער מיידלעך״. איך וואָלט מיט פאַרגעניגן מוותּר געווען אויפֿן עסן, וואָרעם די אַרבעס־פּירע איז נישט ווערט געווען די אַנשטרענגונג פון אויפהייבן דעם גאָפּל צום מויל. איך בין אָבער יאָ געגאַנגען. די ביימער זענען געבליבן לעבן און איך אויך. נאָך עטלעכע חדשים האָט מען מאַריסן און מיך אָנגענומען ווי מיטגלידער און מרחביה איז געוואָרן אונדזער היים.

דאָס לעבן איז אַ קיבוץ אין די צוואַנציקער יאָרן איז געווען ווײַט פון לוקסוס. ערשטנס, איז געווען ווייניק צום עסן און דאָס וואָס איז יאָ געווען, האָט נישט געהאַט קיין טעם. אונדזערע עיקר־מאכלים זענען באַשטאַנען פון זויערע קאַשע, נישט ראַפינירט בוימל (מיר האָבן אים געקויפט בײַ די אַראַבער אין לאָגלען פון ציגנפעל, וואָס האָבן אים געמאַכט ביטער ווי דער טויט), גרינסן, פלייש אין פּושקעס פון די ענגלישע מיליטערישע זאַפּאַסן, וואָס זענען איבערגעבליבן נאָך דער מלחמה; און אַן אויסטערליש מאכל, וואָס איז באַשטאַנען פון הערינג אין פּאָמידאָרן־זאַפט און, מעשה־איראָניע, האָט מען עס גערופן „פרעש״ (מסתמא על־פּי טעות לויט די ווערטער „פרישע הערינג״ אויפן עטיקעט). די „פרעש״ האָט מען געגעסן יעדן פרימאָרגן אויף פרישטיק. ווען עס איז געקומען מײַן ריי צו אַרבעטן אין קיך האָב איך זיך דערפרייט. אַלע האָט עס איבערראַשט, אָבער איך האָב געהאַט אַ געלעגנהייט עפּעס צו טאָן בנוגע דעם שרעקלעכן מאכל.

אין יענע טעג האָבן די קיבוץ־פרויען פײַנט געהאַט די אַרבעט אין קיך. נישט ווײַל זי איז געווען שווער. אין פאַרגלײַך מיט אַנדערע אַרבעטן איז די קיכ־אַרבעט געווען לײַכט, אָבער דאָס האָט געמיינט אַ נידעריקערער שטאַפּל. דער קאַמף פון די פרויען איז נישט געווען פאַר גלײַכע „ציווילע״ רעכט, וועלכע זיי האָבן געהאַט בשפע, נאָר פאַר אַ גלײַכן עול. זיי האָבן געוואָלט טאָן יעדע אַרבעט, וואָס מען האָט געגעבן די מענער: פלאַסטערן וועגן, אַקערן די ערד, בויען הײַזער, אָנטייל נעמען אין שמירה. דער עיקר — נישט באַהאַנדלט ווערן אַנדערש און אויטאָמאַטיש געשיקט ווערן אין קיך. דאָס איז געשען לכל הפּחות אַ האַלב יאָר־הונדערט איידער מ׳האָט אַנטפּלעקט דעם אומגליקלעכן טערמין „פרויען־באַפרייונג״. די קיבוץ־פרויען זענען געווען צווישן די ערשטע און הצלחהדיקסטע קעמפּעריגס אין דער וועלט פאַר אמתער גלײַכהייט. איך האָב געהאַט אַן אַנדערע מיינונג וועגן דער אַרבעט אין קיך. די מיידלעך, וועלכע האָבן געשטורעמט קעגן די קיכ־פליכטן האָב איך געפרעגט: „פאַר וואָס איז די אַרבעט אין שײַער און דאָס האָדעווען

די קי בעסער פֿון געבן עסן אונדזערע חברים?" קײנער האָט אױף דער פֿראַגע מיר נישט געקענט געבן קײן איבערצײַגנדיקן ענטפֿער. איך בין דעריבער װײַטער געװען מער באַזאָרגט װעגן דער קװאַליטעט פֿון אונדזער עסן, װי װעגן דער „פּרױעןַ־באַפֿרײַונג".

איך האָב אָנגעהױבן ענערגיש צו רעאָרגאַניזירן די קיך. ערשטנס האָב איך מװתּר געװען אױפֿן שלעכטן בוימל. דערנאָך האָב איך עלעמינירט די „פּרעש" פֿון אונדזער פֿרישטיק און זײ פֿאַרביטן אױף האָבערגריץ. אַרײַנקומענדיק אין די קאַלטע פֿײַכטע װינטער־פֿרימאָרגנס, האָבן די חברים באַלד געהאַט עפּעס װאַרעמס און דערנערנדיקס. און דערצו — די אָבליגאַטאָרישע דאָזע כּינין. קײנער האָט זיך נישט באַקלאָגט, פֿאַר װאָס דער בוימל איז פֿאַרשװוּנדן, אָבער לגבי דער האָבערגריץ איז געװאָרן אַ געװאַלד: „דאָס איז אַן עסן פֿאַר קינדער... אַן אַמעריקאַנער אידעע". איך בין אָבער געװען אײַנגעשפּאַרט און ביסלעכװײַז האָט זיך מרחביה צוגעװױנט צום חידוש. דערנאָך האָב איך דעצידירט, אַז עפּעס מוז געטאָן װערן צו בײַטן די פֿאָרם פֿון אונדזער עסן. אונדזערע עמאַלירטע טײטעפּלעך, װאָס האָבן אױסגעזען אַזױ װײַס און רײן װען זײ זענען געװען נײַ, זענען נאָך עטלעכע װאָכן געװאָרן אָפּגעקלאַפּט און פֿאַרזשאַװערט און עס האָט מיך דערשלאָגן דאָס עצם קוקן אױף זײ. דערמוטיקט פֿון מײַן הצלחה מיט דער האָבערגריץ, האָב איך נאָך אײדער עס איז װידער געקומען מײַן רײ צו אַרבעטן אין קיך, אײַנגעקױפֿט גלעזער פֿאַר יעדן אײנעם. זײ זענען געװען שענער און אָנגענעמער, אָבער אין פֿאַרלױף פֿון אַ װאָך זענען כּמעט אַלע גלעזער צעבראָכן געװאָרן און דער גאַנצער קיבוץ האָט געמוזט טרינקען אין שיכטן פֿון די צװײ אָדער דרײַ איבערגעבליבענע גלעזער.

אַ פּראָבלעם איז געװען מיטן הערינג, װאָס מען האָט דערלאַנגט אין מיטן טאָג. נישט יעדער האָט געהאַט מעסער, לעפֿל און גאָפּל. ס'רוב איז דאָס געװען אײַנגעטײלט: אײנער האָט געהאַט אַ מעסער און דער צװײטער אַ גאָפּל אָדער אַ לעפֿל. די מײדלעך װאָס האָבן געאַרבעט אין קיך פֿלעגן װאַשן דעם הערינג, שנײַדן אין קלײנע שטיקלעך, אָבער נישט אָפּשײלן די הויט. דאָס האָט יעדער געדאַרפֿט טאָן אַלײן בײַם טיש. עס איז נישט געװען מיט װאָס אָפּצװױשן די הענט, האָט מען זיך אָפּגעװױשט אין די אַרבעט־קלײדער. װען איך בין געקומען אַרבעטן אין קיך, האָב איך באַשלאָסן אָפּצושײלן דעם הערינג. די אַנדערע מײדלעך האָבן זיך באַקלאָגט: „איר װעט זען, זי װעט זײ אױך צו דעם צוגעװױנען". דערױף האָב איך געהאַט אַן ענטפֿער: „װי װאָלט איר דאָס געטאָן אין אײער אײגענער שטוב? װי װאָלט איר דערלאַנגט הערינג צום פֿאַמיליע־טיש? דאָס איז אונדזער הײם און זײ זענען אונדזער משפּחה!"

אין שבתדיקע פֿרימאָרגנס פֿלעגן מיר מאַכן קאַװע (שבת האָבן מיר נישט געקענט שיקן אונדזער מילך קײן חיפֿה, איז אונדזער שבתדיק עסן געװען באַזירט אױף

מילך). מיר האָבן געטרונקען קאַווע און האָבן אויך געמאַכט לבן און לבניה. דאָס מיידל וואָס האָט געאַרבעט אין די שבתדיקע פרימאָרגן־שיכטן און איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די לעקעכלעך, האָט זיי אָפּגעהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ, ווײַל דאָס פרישטיק איז באַשטאַנען פון קאַווע און לעקעכלעך. פרײַטיק־צו נאַכטס, נאָכן עסן, האָבן יונגע חברה זיך אַרויסגעלאָזט כאַפּן די לעקעכלעך און אָפּט מאָל איז זיי געראָטן און אין דער פרי איז געוואָרן אַ טראַגעדיע. ווען עס איז געקומען מײַן ריי אויף שבת אין דער פרי, האָב איך צוגעטראַכט אַזאַ מין פּלאַן: נישטאָ מער קיין בוימל, קיין צוקער, קיין אייער (מיר האָבן אָנגעהויבן מיט אַ פּאָר אויסגעדאַרטע הינער, וועלכע האָבן פון צײַט צו צײַט געלייגט אַן איי); איז לאָמיר אָנצוקערן מער וואַסער, און מאַכן אַ סך לעקעכלעך, עס זאָל זײַן גענוג פאַר פרײַטיק־צו־נאַכטס און אויך פאַרן פרישטיק, שבת אין דער פרי. אין אָנהויב האָט מען עס באַטראַכט ווי אַ קאָנטער־רעוואָלוציע, אָבער דערנאָך איז יעדן געפעלן די אידעע צו באַקומען צוויי מאָל אין וואָך לעקעכלעך פאַרן זעלבן געלט.

מײַן סאַמע „בורזשואַזער״ בײַשטײַער — וועגן וועלכן די קאָלאָניסטן אין גאַנצן עמק האָבן חדשים־לאַנג גערעדט מיט ביטול — איז געווען דאָס טישטעך, געמאַכט פון אַ יילעך, וואָס כ׳האָב אָוועקגעלייגט אויפן שבתדיקן טיש און אַוועק־געשטעלט אויף אים אַ וואַזע מיט פעלדבלומען. די מיטגלידער פון מרחביה האָבן געקרעכצט, געבורטשעט און מיך געוואָרנט, אַז איך מאַך אַ שלעכטן נאָמען דעם קיבוץ, אָבער זיי האָבן מיר נישט געשטערט.

מיר האָבן אויך געהאַט אַמפּערנישן וועגן אַנדערע ענינים, קליידונג למשל. די מיידלעך האָבן דעמאָלט אַלע געטראָגן די זעלבע קליידער, פון אַ פּראָסטן שטאָף, שאַרסטיק, אַראַביש געוועב, אין וועלכן מיר פלעגן אויסשנײַדן דרײַ לעכער, איינס פאַרן קאָפּ און צוויי פאַר די אָרעמס, מיט אַ שטריקל פאַר דער טאַליע — און דאָס איז אַלץ. עס האָט זיך געפירט אַז ערב־שבת פלעגט מען בײַטן די קליידער. די מענער האָבן אָנגעטאָן ווײַסע העמדער און די מיידלעך — רעקלעך מיט בלוזעס אַנשטאָט די אַרבעט־קליידער אָדער פּרויען־הויזן. איך האָב נישט געקענט פאַרשטיין די לאָגיק פון ציכטיקייט בלויז איין מאָל אין דער וואָך. עס האָט מיך נישט געאַרט וואָס איך טראָג דאָס קלייד יעדן טאָג, עס האָט אָבער געמוזט זײַן געפּרעסט. מיט אַ שווערן פּרעסאײַזן אויף קוילן האָב איך יעדע נאַכט געפּרעסט מײַן „זאַק״. איך האָב געוווּסט, אַז די קיבוצניקעס טראַכטן נישט נאָר אַז איך בין נישט בײַם קלאָרן זינען, נאָר זענען מיך אויך חושד אַז אין האַרצן בין איך נישט קיין אמתער חלוץ. מען האָט אויך נישט געהאַלטן פון די בלומען־צייכענונגען, וואָס מאַריס האָט אויסגעמאָלן אויף די ווענט פון אונדזער צימער, זיי זאָלן אויסזען אָנגענעמער. שוין אָפּגערעדט פונעם טומל, ווען ער האָט אָפּגעפאַרבט די קאַסטנס און געמאַכט פון זיי שאַפעס פאַר אונדז. עס האָט געדויערט ביז דער קיבוץ האָט אָנגענומען אונדזערע משונהדיקע „אַמעריקאַנער״ דרכים און אונדז גופא. וואָס עס

האָט מסתמא צום מינדסטן געהאָלפֿן מען זאָל אונדז אַקצעפּטירן, איז געווען דער באַוווּסטער גראַמאַפֿאָן אונדזערער. איך האָב אים געהאַט איבערגעלאָזט בײַ שײַנען אין תּל־אָביב. אָבער נאָך עטלעכע חדשים האָב איך געפֿילט, אַז דער קיבוץ בייטיקט זיך אין אים מער ווי שײנע און אַן רחמנות האָב איך אים אַוועקגעפֿירט אין עמק, וווּ ער האָט געצויגן כּמעט די זעלבע אויפֿמערקזאַמקייט ווי אין תּל־אָביב. איך טראַכט אָפֿט מאָל, צי וואָלט נישט געווען לײַכטער פֿאַר מרחביה צו נעמען דעם נדן אָן דער כּלה...

יענעם ווינטער האָט מען מיך באַשטימט צו אַרבעטן בײַ די הינערשטײַגן פֿון קיבוץ און געשיקט מיך אויף עטלעכע וואָכן אין אַ לאַנדווירטשאַפֿטלעכער שול צו לערנען די רזין־דרזין פֿון דער הינערצוכט. מיט יאָרן שפּעטער, ווען כ׳האָב מײַנע עלטערן דערציילט וועגן דאַזיקן פּעריאָד אין מײַן לעבן, האָט עס זיי שטאַרק פֿאַרווײַלט צו הערן, אַז כ׳בין געוואָרן אַזאַ מין עקספּערט אויף הינער. ביז צו אונדזער קומען קיין מרחביה, האָט מען מיך אין דער משפּחה געקענט ווי אײנע וואָס האָט נישט ליב קיין בעלי־חיים, אַרײַנגערעכנט פֿייגל. שווער צו זאָגן, אַז איך האָב געקריגן סימפּאַטיע צו די אײַנוווינערס פֿון אונדזערע הינערשטײַגן. דאָך בין איך געווען זייער באַזאָרגט וועגן זיי. איך בין געווען שטאָלץ ווען פֿאַכלײַט אין עמק זענען געקומען אָנקוקן אונדזערע הינער, זיך אויספֿרעגן ווי אַזוי מיר האָבן באַוויזן אַזוי גוט זיי צו האָדעווען, כּדי צו לערנען בײַ אונדז. געווען אַ צײַט, ווען כ׳האָב טאָג און נאַכט גערעדט וועגן עופֿות, וועגן האָדעווען און דערנערן זיי. ווען אַ שאַקאַל איז אַ מאָל אַרײַן אין די שטײַגן און אָנגעמאַכט צווישן זיי אַ פּאָגראָם, האָב איך וואָכן־לאַנג געחלומט וועגן דער שחיטה צווישן די הינער. די ענערגיע און צײַט, וואָס איך האָב אַרײַנגעלייגט אין די הינערשטײַגן האָבן געהאַט אויך אַ וויכטיקע באַגלייט־דערשײַנונג: כאָטש גאָט אַליין ווייס, אַז מיר האָבן זיך נישט געקענט פֿירן צו ברייט, האָבן מיט דער צײַט פֿון דעסט־וועגן זיך באַוויזן אויף אונדזער טיש אייער און אַפֿילו הינער און געבדז. אַ מאָל, ווען שײנע מיט די קינדער, יהודית און חיים, זענען געקומען אונדז באַזוכן, האָבן מיר צוגעגרייט אַ ספּעציעל מאכל, לויטן נוסח פֿון מרחביה, געבראָטענע ציבעלעס מיט שטיקלעך געקאָכטע אייער, פֿון אונדזער אייגענער בעל־הבתישקייט און פֿאַרטרונקען מיט לעבלעכער טיי. הײַנט מאַכט עס נישט אַזאַ אײַנדרוק, אָבער דעמאָלט האָט עס געהאַט טויזנט טעם.

די חדשים זענען שנעל פֿאַרבײַ. עס האָבן אונדז שטענדיק אויסגעפֿעלט אַרבעט־הענט. אָפֿט מאָל פֿלעגט טרעפֿן, אַז די וואָס זענען נישט אַוועקגעפֿאַלן אויף מאַלאַריע, האָבן געהאַט דיזענטעריע אָדער „פּאַפּאַטאַשע“, אַ מיאוסע לאָקאַלע פֿאָרם פֿון זאַמדפֿליג־פֿיבער. דעם גאַנצן ווינטער איז דער קיבוץ געשווומען אין אַ ים פֿון בלאָטע, אין וועלכער מיר האָבן געטאָפּטשעט אויפֿן וועג צום עסזאַל אָדער צו דער אַרבעט. נישט גרינגער איז געווען אין די זומער־חדשים, לאַנגע

און שרעקלעך הייסע. פון פרילינג ביז האַרבסט האָבן געפּייַניקט כמאַרעס מוקן, זאַמדפליגן און מאָסקיטן. אַרום פיר פאַרטאָג זענען מיר שוין געווען בייַ דער אַרבעט, ווייַל ווען די אומברחמנותדיקע זון איז אַרויס, האָבן מיר געמוזט פאַרלאָזן די פעלדער. אונדזער איינציקער שוץ קעגן די אינסעקטן איז געווען וואַזעלין (ווען מיר האָבן זי געהאַט), וואָס מיר האָבן אָנגעשמירט אויף די אַנטבלויזטע טיילן פון אונדזער קערפּער, צו וועלכע די מאָסקיטן און פליגן פלעגן זיך ממש צוקלעפּן. נישט געקוקט אויף דער גרויסער היץ, האָבן מיר געמוזט טראָגן הויכע קראַגנס, לאַנגע רעקלעך, אַרבל און קאַפּטיכלעך. איין מאָל אָדער צוויי בין איך קראַנק געוואָרן און ביזן הייַנטיקן טאָג געדענק איך ווי דאַנקבאַר איך בין געווען, ווען איינער פון די בחורים האָט מיר געבראַכט אַ שטיקל אייַז און אַ קלייניקן ציטרין פון אַ שכנותדיקן דאָרף, כּדי איך זאָל זיך קענען מאַכן לימאָנאַד. אפשר, ווען מיר וואָלטן געהאַט אַ גלאָז הייסע טיי אין קאַלטן וועטער, אָדער אַ קאַלטן טרונק אין די היצן, וואָלטן מיר נישט געווען אַזוי אויסגעמאַטערט. אָבער לויט דער קיבוץ־דיסציפּלין האָט מען נישט געדאַרפט ניצן קיין שום זאַך, מיט וועלכן מ׳קען זיך נישט טיילן מיט אַלע אַנדערע.

כ׳האָב פאַרשטאַנען און מסכּים געווען מיטן מיין פון דער דאָזיקער איבערגעטריבענער שטעלונג, אָבער מאָריס, פאַר וועמען דער קיבוץ האָט מיט דער צייַט געהאַט אַלץ ווייניקער רייץ, האָט געהאַלטן, אַז עס איז אַן אַבסורד צו זייַן אַזוי אומבייגעוודיק און מיט די דאָקטרינעס נאָך שווערער מאַכן דאָס אַזוי אויך שווערע לעבן. ער האָט שטאַרק געליטן פון מאַנגל אין פּריוואַטקייט און פון אינטעלעקטועלע באַגרענעצונגען. קיינער אין מרחביה איז אין יענער צייַט נישט געווען פאַראינטערעסירט צו רעדן וועגן די ענינים, וואָס האָבן מאָריסן אַזוי אינטערעסירט, וועגן ביכער, מוזיק און בילדער. דאָס מיינט אָבער נישט, אַז די קיבוצניקעס זענען געווען אומגעבילדעטע מענטשן. פאַרקערט, זיי האָבן אָבער געהאַט גאָר אַנדערע פּריאָריטעטן. זיי זענען געווען פאַראינטערעסירט, אַז דער קיבוץ זאָל זיך קענען דערלויבן צו קויפן אַ גיגאַנטישן אינקובאַטאָר פאַר פינף הונדערט אייער; אָדער ווי צו געפינען אַ טאָלק אין די אידעען, וואָס זענען אַרויפגעשווומען אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג דעם לעצטן דינסטיק. דאָס האָט זיי פּונקט אַזוי אינטערעסירט ווי ביכער, מוזיק און מאָלערייַ. דאָך האָט מאָריס געהאַלטן, אַז די קיבוצניקעס טראַכטן איינזייַטיק, גייען נאָר אויף איין סטעזשקע און דאָס אויך זייער אַ שמאָלער. ער האָט אויך געטראַכט, אַז די קיבוצניקעס נעמען אַלץ צו ערנסט און מיינען אַז חוש פאַר הומאָר האָט נישט קיין אָרט אין זייער לעבן.

ער איז, פאַרשטייט זיך, נישט געווען אין גאַנצן אומגערעכט. איצט זע איך, אַז ווען די קיבוצים וואָלטן אין יענער צייַט געהאַט מיטלען ווי אויך די בייגעוודיקייט אָנצונעמען צוויי זאַכן, וואָס זענען הייַנט געוויינטלעכע און פאַרשטענדלעכע; אַ פּריוואַטע באָד און טואַלעט און די מעגלעכקייט אויפצוקאָכן אַ גלאָז טיי בייַ

זיך אין צימער — װאָלטן טױזנטער מענטשן װי מאָריס, װאָס האָבן שפּעטער פאַרלאָזט דעם קיבוץ, מסתּמא געװען געבליבן. אָבער אין די צװאַנציקער יאָרן האָט זיך דער קיבוץ דאָס נישט געקענט דערלױבן. מיך האָט עס נישט אַזױ געאַרט.

איך האָב געהאַט הנאה צו זײַן מיט מענטשן פון מײַן קאַטעגאָריע, מיט װעלכע כ׳האָב אין די אינטענסיװע װיכּוחים געהאַט אַ בשותּפותדיקע שפּראַך בנוגע מײַנע פּאָליטישע און סאָציאַלע אַנשױאונגען, און װאָס האָבן געהאַט אַזאַ ערנסטן צוגאַנג צו סאָציאַלע פּראָבלעמען. יעדע זאַך אין קיבוץ האָט מיר פאַרשאַפט פאַרגעניגן. די אַרבעט בײַ די הינער, לערנען פאַרקנעטן דאָס טײג אױף ברױט אינעם קלײנעם באַראַק, װאָס מיר האָבן גענוצט װי אַ בעקערײַ, צי עסן אַ סענדװױטש האַלבע נאַכט, צוזאַמען מיט די בחורים װאָס האָבן זיך צוריקגעקערט פון דער שמירה און בלײַבן עטלעכע שעה אין קיך, אױסהערן זײערע מעשׂיות. נאָך אַ קורצער צײַט האָב איך זיך געפילט אין דער הײם, װי כ׳װאָלט קײן מאָל נישט געלעבט אין קײן אַנדער אָרט, און דװקא די אַספּעקטן פון קאָמונע־לעבן, װאָס מאָריס האָט באַטראַכט װי אַ מניעה פאַרן געפיל פון גליק, זענען מיר צום מײנסטן געפעלן. פאַרשטײט זיך, אַז עס זענען געװען אין מרחביה מענטשן, צו װעלכע מיר איז שװער געװען זיך צוצוגעװױנען, באַזונדערס די פּרױען־װעטעראַנען, װעלכע האָבן געהאַלטן, אַז זײ זענען באַרעכטיקט צו באַשטימען װאָס מען מעג און װאָס מען טאָר נישט, אָבער אין אַלגעמײן האָב איך געפילט אַ פולשטענדיקע סאַטיספאַקציע.

נאַטירלעך, אַז מיר האָבן געצאָלט אַ הױכן פּרײַז פאַר דער שװערער אַרבעט אונטערן פרײַען הימל, אין יעדן װעטער און פאַר די פּרימיטיװע באַדינגונגען, אין װעלכע מיר האָבן געלעבט. דער װינט און די זון האָבן געשניטן און געברענט די הױט. אין יענע טעג זענען נישט געװען קײן קאָסמעטישע אַנשטאַלטן אין די קיבוצים, אַזױ װי הײַנט, און דערפאַר האָבן די פרױען אין קיבוץ זיך געעלטערט פריִער װי די פרױען אין שטאָט. זײ זענען אָבער נישט געװען װײניקער װײַבלעך, נישט געקוקט אױף די קנײטשן. איך דערמאָן זיך אַ פרײַנדין אין מרחביה, אַ מײדל פון ניו־יאָרק, װאָס איז געקומען אין קיבוץ אַ האַלב יאָר פאַר אונדז. זי האָט מיר דערצײלט, אַז זי איז אַ מאָל געגאַנגען זיך געזעגענען מיט אַ יונגן פאַעט, װאָס האָט געדיכט אין יִידישן לעגיאָן און איז פון ארץ־ישׂראל צוריקגעפאָרן קײן אַמעריקע. װען זי האָט אים געגעבן איר פאַרהאַרטעװעטע האַנט, האָט ער געזאָגט: „אין אַמעריקע איז געװען אַ פאַרגעניגן צו האַלטן דײַן האַנט, הײַנט איז עס אַ כּבוד". אױף איר האָט געמאַכט אַ רושם זײַן ריטערלעכקײט, אָבער אין מײַנע אױגן האָט עס אױסגעזען נאַריש און אומזיניק. מענער האָבן געהאַט הנאה צו האַלטן די הענט פון פרױען אין קיבוץ פונקט װי אין אַנדערע ערטער. אין יענע טעג, װי אױך איצט, האָבן ראָמאַנען און חתונות אין קיבוץ געהאַט דעם זעלבן גורל װי אומעטום, אַ מאָל בעסער, אַ מאָל ערגער. דעמאָלט זענען אָבער יונגע מענטשן געװען דיסקרעטער אין זײערע ליבעס און נישט גערעדט אַזױ אָפן װעגן זײ װי

הײַנט, ווײַל אין 1921 איז מען אומעטום געווען מער פּוריטאַניש און נישט ווײַל מענטשן האָבן אין מרחביה אָדער אין דגניה זיך נישט ליב געהאַט.

נישט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן בין איך דאָך געווען גליקלעך אין יענע יאָרן. כ'האָב ליב געהאַט דעם קיבוץ און דער קיבוץ האָט מיך ליב געהאַט און האָט עס אויך אַרויסגעוויזן. קודם האָט מען מיך אויסגעקליבן אין דער אָנפירונג־קאָמיסיע, וועלכע איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן באַשטימען די אַלגעמײַנע פּאָליטיק און דאָס איז געווען אַ גרויסער כבוד פאַר אַ רעלאַטיוו נײַעם מיטגליד. דערנאָך בין איך אויסגעוויילט געוואָרן ווי אַ דעלעגאַט צו דער קיבוצישער קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1922 און דאָס איז באמת געווען אַן אויסדרוק פון לויב און אָנערקענונג. אַפילו איצט, ווען איך שרײַב וועגן דעם, פיל איך זיך שטאָלץ דערמיט, וואָס דער קיבוץ האָט מיר אָנגעטרויט אים צו רעפּרעזענטירן אויף אַזאַ וויכטיקן צוזאַמענטרעף און מיר אויך געגעבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש צו מאַכן מײַנע באַמערקונגען אין ייִדיש, ווײַל מײַן העברעיש איז נאָך דעמאָלט געווען שטאַמלדיק.

די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין דגניה — די „מאַמע פון די קיבוצים", אַ קאָלאָניע, וואָס א. ד. גאָרדאָן האָט געהאָלפן אויפבויען און וווּ ער איז, אין זעלבן יאָר, געקומען צו קבורה. די זיצונגען, אין וועלכע איך האָב זיך באַטייליקט, האָבן באַהאַנדלט פּראָבלעמען, וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט דער צוקונפט פון קיבוץ. פאַר אַ דרויסנדיקן מענטש האָט עס מסתמא אויסגעזען מאָדנע, אַפילו נישט רעאַל, נעמענדיק אין אַכט יענע צײַט, אַז אַ גרופּע אינטעליגענטע מענטשן זאָלן פאַרברענגען עטלעכע טעג אין אינטענסיווע וויכוחים איבער דער אָפּטימאַלער גרייס וואָס אַ קיבוץ דאַרף דערגרייכן, צי ווי אָפט מאַמעס זאָלן אין פאַרלויף פון טאָג באַזוכן די קינדער אין זייער קאָמונע־הויז, צי ווי מען זאָל צום בעסטן נאָכפאָרשן די בקשות פון נײַע מיטגלידער. נאָך אַלעמען זענען דעמאָלט געווען זייער ווייניק קיבוצים אין ארץ־ישראל און זייער מיטגלידערשאַפט — בסך־הכּל עטלעכע הונדערט חברים. דאָס לאַנד האָט ערשט געהאַט געליטן פון ערנסטע אַנטי־ייִדישע עקסצעסן און דער סטאַטוס פון זײַנע דרײַ און אַכציק טויזנט ייִדן (11% פון דער גאַנצער באַפעלקערונג) איז געווען אומקלאָר. עמעץ האָט זיך געקענט פרעגן וואָס איז דער זינען פון די לאַנגע פּרטימדיקע דעבאַטן, וועלכע זענען אָנגעגאַנגען ביז טיף אין דער נאַכט אַרײַן, די גאַנצע וואָך.

איך זע איצט אַלע פאַר מײַנע אויגן: מען זיצט אַרום אַ רויכערנדיקן קעראָסין־לאָמפּ, אין גאַנצן קאָנצענטרירט אין עפּעס אַ טעאָרעטישן אַספּעקט פון לעבן אין קיבוץ און מען פּרוּווט לייזן קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען, וואָס אַ סך פון זיי זענען נאָך ביז דעמאָלט נישט אויפגעקומען.

צי די פּראָגע איז רעאַל צי נישט, הענגט אָפּ פון דעם וועלכער דעפינירט זי. אַ פאַקט איז, אַז קיינער פון די מענטשן אויף יענער זיצונג, וואָס האָבן געאַרבעט

אַ גאַנצן טאָג אין באַדינגונגען וואָס וואָלטן הײַנט באַטראַכט געוואָרן פֿאַר אומ־דערטרעגלעך און האָבן צעטײלט די נעכט אין שמירה און אין צוגרייטן קאָמפּלי־צירטע אידעאָלאָגישע טענות, האָט אויף קיין רגע נישט געצווייפלט, אַז זיי לייגן די יסודות פֿאַר אַן אידעאַלער געזעלשאַפֿט בײַם סאַמע אָנהייב פֿון אַ גרויסן עקספּערימענט אין דער יִדישער געשיכטע. זיי זענען, פֿאַרשטענדלעך, געווען גערעכט.

אין דגניה האָב איך אין יענער וואָך באַקענט אַ סך פֿון די וויכטיקע פּערזענ־לעכקייטן אין דער אַרבעט־באַוועגונג פֿון יִשוב, נישט נאָר בן־גוריונען און בן־צבי, וועלכע כ׳האָב שוין געהאַט באַגעגנט אין מילוואָקי, נאָר אויך אַנדערע וווּנדערלעכע מענטשן, וועלכע זענען שפּעטער געוואָרן מײַנע פֿרײַנד און קאָלעגן: מענטשן ווי אַברהם האַרצפֿעלד, יצחק טאַבענקין, לוי אשכול, בערל קאַצענעלסאָן, זלמן רובאַשאָוו (שזר) און דוד רמז — אויב דערמאָנען נאָר אייניקע נעמען. אין די שפּעטערדיקע שטורמישע יאָרן האָב איך מיט די אַלע מענטשן געהאַט ענגע פֿאַרבינדונגען, אָבער דעמאָלט, אין דגניה, האָב איך זיך צוגעהערט צו זייערע רעדעס און דאָרשטיק געטרונקען יעדעס וואָרט און כּמעט זיך נישט דערוועגט צוצוגיין רעדן צו וועמען פֿון זיי. איך האָב זיך צוריקגעקערט קיין מרחביה דערמוטיקט, מיטן געפֿיל, אַז איך האָב געשעפּט אינספּיראַציע און כ׳האָב זיך געאײַלט צו דערציילן מאָריסן וועגן אַלץ וואָס איז דאָרט גערעדט און געטאָן געוואָרן.

אין יענע יאָרן האָב איך אויך אָנגעהויבן צו זען עפּעס פֿונעם לאַנד. ווען די פֿרוי סנאָודען, וועלכע האָט חתונה געהאַט מיט פֿיליפּ סנאָודען, אייגער פֿון די פּערמאַנענטע פֿירערס אין דער בריטישער אַרבעטער־באַוועגונג און אַליין אַן אָנגעזעענע פּאָליטישע פּערזענלעכקייט, האָט זיך געבייטיקט אין אַ וועגווײַזערין וואָס רעדט ענגליש און די אַרבעטער־באַוועגונג האָט מיך אײַנגעלאָדן קיין תּל־אָביב און געבעטן מיך צו זײַן פֿרוי סנאָודענס באַגלייטערין, האָב איך זיך צעקאָכט: "פֿאַר וואָס דאַרף איך פֿאַרלירן צײַט אַרומצופֿאָרן מיט עמעצן איבערן לאַנד?" צום סוף האָט געזיגט די פּאַרטיי־דיסציפּלין און איך האָב מסכּים געווען, אָבער נישט הכנעהדיק. דערנאָך בין איך געווען צופֿרידן וואָס איך בין מיט־געפֿאָרן. אויפֿן וועג האָב איך צום ערשטן מאָל געזען אַ בעדויִנער־לאַגער. פֿרוי סנאָודען און איך זענען מיר געזעסן אויף דער ערד, געגעסן אַ פֿעטע סעודה פֿון שעפּסנפֿלייש, רײַז און פּיתּה. די אַראַבישע מכניסי־אורחים האָבן אונדז פֿאַרזאָרגט מיט גאָפּלען, ווײַל איך האָב אויסגעזען צעשראָקן, טראַכטנדיק אַז כ׳וועל דאַרפֿן עסן מיט די הענט פּונקט ווי די אַנדערע האָבן עס געטאָן. פֿרוי סנאָודען האָט מסתּמא הנאה געהאַט פֿון דער נסיעה, וואָרעם מען האָט מיך דערנאָך אָפֿט געבעטן צו באַגלייטן וויכטיקע געסט אויף זייערע אויספֿלוגן איבערן לאַנד. איך האָב אָבער קיין מאָל נישט געקענט זיך צוגעווינען דאָס צו טאָן אין די אַרבעטס־שעהען.

דער שטייגער איז אָבער, אַז דאָס לעבן ווערט קאָמפּליצירט דווקא ווען עס זעט אויס צו זײַן גלאַטיק. מאָריס, אַן אומצופרידענער אין מרחביה, איז איצט באמת קראַנק געוואָרן. דער קלימאַט, די כּסדרדיקע מאַלאַריע־אָנפאַלן, די שפּײַז, די עבודת־פּרך אויפן פעלד, זענען געווען צו שווער פאַר אים. כאָטש ער האָט געמאַכט גרויסע אָנשטרענגונגען פאַר מײַנעטוועגן, איז וואָס אַ מאָל געוואָרן קלאָרער, אַז מיר וועלן מוזן אין אַ באַשטימטן טאָג פאַרלאָזן דעם קיבוץ, בכל־אופן ביז ער וועט צוריקקומען צו די כּוחות. אַט דער טאָג איז געקומען פיל פריִער ווי כ׳האָב דערוואַרט. כּמעט צוויי און אַ האַלב יאָר זענען מיר שוין געווען אין מרחביה. מאָריס איז געלעגן קראַנק עטלעכע וואָכן אַן איבעררײַס. אין איינעם אַן אָוונט האָט דער דאָקטער מיר געמאָלדן גאַנץ ערנסט, אַז ס׳איז גאָר קיין פראַגע נישט מיר זאָלן ווײַטער בלײַבן אין קיבוץ, סײַדן איך וויל אַז מאָריס זאָל בלײַבן כראָניש קראַנק. מיר מוזן פאַרלאָזן מרחביה ווי צום שנעלסטן.

אין משך פון אַ סך שפּעטערדיקע יאָרן האָב איך זיך אָפט געפרעגט, צי מאָריס וואָלט זיך בעסער צוגעפּאַסט צום קיבוץ, פיזיש און עמאָציאָנעל, ווען איך וואָלט אים געשאָנקען מער אויפמערקזאַמקייט, פאַרברענגט מיט אים מער צײַט און אין אַלגעמיין ווייניקער זיך פאַרנומען מיטן קאָלעקטיוו. אָבער מיר איז קיין מאָל נישט געקומען אויפן זינען, אַז מיטן זיצן אין קיך ביז שפּעט און צוגרייטן דאָס עסן פאַר די בחורים וואָס פלעגן קומען פון דער שמירה, צי מיטן גיין אויפן קורס פאַר הינערצוכט, אָדער מיטן אַוועקגעבן אַזוי פיל צײַט אויף זינגען און רעדן מיט די מענטשן — האָב איך עפּעס צוגענומען בײַ מאָריסן. ווען איך וואָלט זיך טיפער געווען פאַרטראַכט וועגן דעם, וואָלט איך, פאַרשטייט זיך, באַנומען, אַז מאָריס, אין פולשטענדיקער איינזאַמקייט, שטרענגט זיך אָן צוצוגעוווינען זיך צום דאָזיקן לעבנס־שטייגער, וואָס איז פאַר אים באמת געווען צו שווער.

צווישן אונדז זענען אויך געווען כּסדרדיקע מחלוקתן איבער אַ וויכטיקן, ספּעציפֿישן ענין: איך האָב זייער געוואָלט האָבן אַ קינד און מאָריס איז געווען דורכויס קעגן די מעטאָדן פון קאָלעקטיוון דערציִען קינדער אין קיבוץ. פּונקט ווי ער האָט געוואָלט זײַן ווײַב פאַר זיך אַליין, אַזוי האָט ער אויך געוואָלט, אַז מיר זאָלן דערציִען אונדזערע קינדער לויט אונדזער אייגענעם אײַנזען און נישט זײַן אונטערגעוואָרפן דעם קיבוץ אין יעדן פּרט פון זייער לעבן. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון קינדער בכּלל, סײַדן מיר וועלן פאַרלאָזן מרחביה. קען זײַן, אַז מיט דער צײַט וואָלט ער געביטן זײַן מיינונג, אָבער זיין געזונט־צושטאַנד איז געווען אַזוי שוואַך, אַז מיר האָבן במילא געדאַרפט אַוועקגיין.

האָבן מיר זיך ווידער געפּאַקט — צום דריטן מאָל אין משך פון דרײַ יאָר — און ווידער געזעגנט. דאָס פאַרלאָזן דעם קיבוץ איז פאַר מיר געווען זייער ווייטיק־לעך, אָבער ווײַנענדיק האָב איך זיך געטרייסט מיט דער האָפענונג, אַז מיר וועלן בקרוב זיך ביידע צוריק אומקערן אין קיבוץ, אַז מאָריס וועט גאָר שנעל געזונט

װערן, אַז מיר װעלן האָבן אַ קינד און אַז די באַציִונגען צװישן אונדז, װאָס האָבן זיך אַזױ פֿאַרערגערט אין מרחביה, װעלן זיך פֿאַרבעסערן. אויב דאָס אַלץ װעט געשען, איז דאָס פֿאַרלאָזן דעם קיבוץ נישט קיין גרויסער פּרײַז, אָבער צום באַדויערן איז עס נישט געשען.

עטלעכע װאָכן האָבן מיר פֿאַרבראַכט אין תּל־אָביב. שמאי איז שוין געװען אין ארץ־ישראל און די משפּחה האָט זיך איבערגעקליבן אין אַ נײַער דירה, מיט אַ באַדצימער. שײנע האָט גאַנץ גוט פֿאַרדינט און שמאי איז געװאָרן אַ דירעקטאָר פֿון אַ שיך־קאָאָפּעראַטיװ, װאָס האָט נישט אַזױ מצליח געװען. זײ האָבן געהאַט אַ היים און פֿאַרדינט געגוג אויפֿן לעבן. בסך־הכּל איז זײער לאַגע געװען אַ נישט־קשהדיקע אין פֿאַרגלײַך מיט אונדזערער. איך האָב באַקומען אַ שטעלע װי אַ קאַסירערין אין ביוראָ פֿאַר בוי־און עפֿנטלעכע אַרבעטן פֿון דער הסתּדרות (שפּעטער סולל בונה), מאָריס האָט געפּרוּװט קומען צוריק צו די כּוחות. מיר האָבן זיך אָבער נישט געקענט אײַנאָרדענען װי געהעריק. דער קיבוץ האָט מיר געפֿעלט מער װי איך האָב זיך לכתּחילה געהאַט פֿאַרגעשטעלט. מאָריסעס מוטער און שװעסטער האָבן אים באַמבאַרדירט מיט בריװ, געבעטן זיך בײַ אים, ער זאָל צוריקקומען קיין אַמעריקע און האָבן פֿאַרגעשלאָגן צו באַצאָלן די רײזע־הוצאות. איך האָב געװוּסט, אַז ער װעט נישט יורד־זײַן. מיר זענען אָבער בײדע געװען אומרויִק און דערשלאָגן.

אין פֿאַרגלײַך מיט די ברײטע שטחים פֿון עמק האָט תּל־אָביב אויסגעזען אומדערטרעגלעך קלײן, טומלדיק און ענג. עס האָט לאַנג געדויערט ביז מאָריס האָט געקענט זיך צוריקשטעלן אויף די פֿיס און זיך באַפֿרײַען פֿון די נאָכװײעניש פֿון זײַן קרענק, װאָס האָט אָנגעהאַלטן חדשים. איך האָב זיך געפֿילט פֿאַרלוירן, אָן אַ ריכטונג, װי עס װאָלט אויף אונדז ניגזר געװאָרן צו זײַן אײביקע צופֿעליקע געסט. עס האָט מיר געפֿעלט די װאַרעמקײט פֿון מײַנע חברים אין קיבוץ און דאָס געפֿיל פֿון רעאַליזירן, װאָס מײַן אַרבעט האָט מיר געגעבן. איך האָב זיך געפֿרעגט, צי האָב איך טאַקע פֿאַרלוירן מײַן ענערגיע און אָפּטימיזם און אויב יאָ — װאָס װעט געשען מיט אונדז? בײדע האָבן מיר עס געהאַלטן אין זיך און נישט גערעדט װעגן דעם, אָבער מיר האָבן מסתּמא די שולד געװאָרפֿן אײנער אויפֿן אַנדערן בנוגע דער לאַגע, אין װעלכער מיר האָבן זיך געפֿונען. צוליב מיר איז מאָריס אײגנטלעך געקומען קיין מרחביה און איצט, צוליב זײַן „דורכפֿאַל", האָב איך זיך געדאַרפֿט פֿון דאָרט אַװעקרײַסן. קאָן זײַן אַז װען מיר װאָלטן אָפּן זיך אַרויסגערעדט, װאָלט פֿאַר אונדז געװען בעסער. אָבער מיר האָבן אַזױ נישט געהאַנדלט, געװען כּסדר דערװײַטערס אײנער פֿון אַנדערן און דענערװירט.

אין די דאָזיקע באַדינגונגען, װען איך האָב זיך געטראָפֿן מיט דוד רמז, װעלכן איך האָב געהאַט באַקענט אין דגניה און ער האָט מיך געפֿרעגט, צי מאָריס און איך װאָלטן געװען גרײט צו אַרבעטן אין ירושלים, אין ביוראָ פֿון סולל־בונה,

האָבן מיר ביידע זיך אַנגעכאַפּט אין דער געלעגנהייט צו פאַרלאָזן תל־אָביב. אפשר — האָבן מיר געטראַכט — וועלן מיר אין דער שאַרפער קלאָרער לופט פון ירושלים צוריק אויפלעבן און אַלץ וועט זיך צוריק איינשטעלן ווי געהעריק. עס האָט אויסגעזען ווי אַ מערקווערדיקער און גוטער סימן, וואָס ערב אונדזער אַרויספאָר קיין ירושלים, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז איך שוואַנגער.

יענעם הארבסט אין ירושלים, דעם 23טן נאָוועמבער, איז געבוירן געוואָרן אונדזער זון מנחם. געווען אַ שיין געזונט קינד. מאָריס און איך, גערירט פון גליקלעכן געפיל פון טאַטע־מאַמע, האָבן שעהען־לאַנג געקוקט אויפן קינד, וואָס מיר האָבן געבראַכט אויף דער וועלט און וועגן זיין צוקונפט. איך האָב אָבער נאָך אַלץ נישט גובר געווען מיין בענקשאַפט נאָך מרחביה. ווען מנחם איז אַלט געוואָרן זעקס חדשים, בין איך צוגעפאָרן אין קיבוץ אויף אַ באַזוך. איך האָב געטראַכט, אַז דאָס צוריקפאָרן וועט מיר העלפן קומען צו זיך, אָבער עס איז נישט געווען אַזוי פשוט. כ׳האָב עס נישט געקענט דערגרייכן אָן מאָריסן און איצט האָב איך נישט געהאָט מער קיין אילוזיעס. פאַר מיר איז געווען קלאָר, אַז מאָריס וועט קיין מאָל זיך נישט אומקערן קיין מרחביה. מיר האָבן געמוזט דעצידירן אַהין אָדער אַהער און דאָס איז געווען אָפּהענגיק פון מיר. קלאָר גערעדט, האָט עס געמיינט, אַז איך האָב געדאַרפט באַשליסן וואָס עס קומט פריִער: די פליכט צו מיין מאַן, מיין היים און מיין קינד, אָדער דער לעבנס־שטייגער וואָס איך האָב אים באמת געוואָלט. נישט צום ערשטן מאָל — און אוודאי נישט צום לעצטן — האָב איך באַנומען, אַז אין אַ קאָנפליקט צווישן מיין פליכט און מיינע טיפסטע פאַרלאַנגען, איז אויפן ערשטן אָרט מיין פליכט. נישט געווען קיין אַנדערע ברירה ווי אויפהערן טראַכטן וועגן אַ וועג אין לעבן, וואָס האָט נישט געקענט זיין מיינער. בין איך צוריקגעפאָרן קיין ירושלים מיט אומרויִקע פאַרגעפילן, אָבער באַשלאָסן אַנצוהייבן פון דאָס ניַי. אייגנטלעך בין איך געווען אַ גליקלעכע פרוי, חתונה געהאָט מיט אַ מאַן וואָס איך האָב ליב. אמת, ער איז נישט געווען באַשאַפן צו לעבן אין אַ קאָמונע און נישט צו שווערער פיזישער אַרבעט. איך האָב אָבער געוואָלט פאַרבלייבן זיין ווייב און געבן אים גליק, אויב איך וועל עס נאָר קענען. איך האָב געטראַכט, אַז אויב איך וועל זיך באמת אָנשטרענגען, וועל איך עס באַוויַיזן, באַזונדערס איצט, ווען מיר האָבן ביידע אַ זון.

קאַפּיטל פינף

# חלוצים און פּראָבלעמען

נישט געקוקט אויף די אַלע האָפענונגען און גוטע כוונות אויף אַ רויִק משפחה־לעבן, וואָס איך בין גרייט געווען אַנצונעמען, זענען די פיר יאָר וואָס מיר האָבן געלעבט אין ירושלים, געווען די ערגסטע, וואָס איך האָב ווען עס איז דורכגעמאַכט, און נאָך דעם ווי מען לעבט אַפּ אַזאַ לעבן ווי איך, מיינט דאָס אַ סך. כמעט אַלץ איז געגאַנגען קאַפּויער. אָפּט האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך לעב איבער אויפסניי די ערגסטע צײַטן פון מײַן מאָמעס לעבן. איך פלעג זיך דערמאָנען וואָס זי האָט אונדז דערציילט, ווען זי איז מיטן טאַטן געווען אין רוסלאַנד, שרעקלעך אָרעם. נישט געלט האָט דעמאָלט פאַר מיר עפּעס באַטייט און אויך נישט אין די שפּעטערדיקע יאָרן. פיזישע באַקוועמלעכקייט איז פאַר מיר אויך נישט געווען באַזונדערס וויכטיק. ערשטנס, האָב איך קיין מאָל נישט געהאַט קיין סך דערפון. צווייטנס, זענען מיר דאָך נישט געקומען קיין ארץ־ישראל צו פאַרבעסערן אונדזערע מאַטעריעלע באַדינגונגען. סײַ מאָריס און סײַ איך האָבן גוט געקענט דעם טעם פון אָרעמקייט נאָך פון פריִער און מיר זענען בײדע געווען צוגעוווינט צו אַ באַשיידן לעבן. אונדזערע מאַטעריעלע באַדערפענישן זענען געווען גאַנץ קנאַפּע: עסן צו דער זעט, אַ ריין אָרט צום שלאָפן און פון צײַט צו צײַט אַ נײַ בוך אָדער אַ פּלאַטע. די אַזוי גערופענע בעסערע זאַכן אין לעבן זענען נישט נאָר געווען ווײַט פון אונדזערע מעגלעכקייטן, נאָר מיר האָבן לרוב אַפילו נישט געוווּסט פון זיי. וואָלטן די צײַטן געווען עטוואָס לײַכטער, וואָלטן מיר זיך גאַנץ גוט אַן עצה געגעבן מיט מאָריסעס קליינעם געהאַלט. די צײַטן זענען אָבער נישט געווען קיין לײַכטע און מען האָט געדאַרפט זאָרגן פאַר די עלעמענ־טאַרע באַדערפענישן, באַזונדערס פאַר אונדזערע קינדער. מען האָט זיי געדאַרפט געבן אַ לײַטיש עסן און אַן אַנשטענדיקע וווינונג. דאַכט זיך אַז דאָס עלעמענטאַרע רעכט פון עלטערן איז צו זײַן פרײַ פון שרעק, טאָמער איז מען נישט ביכולת צו געבן די קינדער, ווי מען זאָל עס נישט פּרווון, די עיקרדיקע לעבנס־וויכטיקע זאַכן. טעאָרעטיש האָב איך עס געוווּסט אַ לאַנגע צײַט איידער כ׳האָב עס אַליין דורכגעמאַכט. און היות ווי כ׳האָב עס איין מאָל דורכגעמאַכט, האָב איך עס קיין מאָל נישט פאַרגעסן. אַ קיבוץ, אַפילו אַ יונגער, ווען ער האָט אַ שלעכט יאָר, פלאָגן זיך די חברים, אָבער די קינדער האָבן שטענדיק צו עסן. אין יענער שווערער צײַט אין ירושלים האָב איך אָפט געטראַכט וועגן מרחביה. מיט צוואַנציק יאָר שפּעטער, אָנהייב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, דערמאָנענדיק זיך מײַן געפיל

פון יענער צײַט, האָב איך אַ מאָל עפּנטלעך פאָרגעשלאָגן, אַז דער גאַנצער ייִשוב זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ קיבוץ, ביז עס וועלן קומען בעסערע צײַטן, און מען זאָל שאַפן אַ נעץ פון קאָאָפּעראַטיווע קיכן, כּדי וואָס עס זאָל נישט געשען, זאָלן די קינדער זײַן פאַרזיכערט מיט עסן צו דער זעט. מען האָט דעם פאָרשלאָג אָפּגעוואָרפן, אָדער אים קיין מאָל נישט באַטראַכט, אָבער ביז הײַנט טראַכט איך, אַז דאָס האָט געהאָט אַ זינען. פאַקטיש אָבער איז עס געווען נישט נאָר די אָרעמקייט און נישט נאָר דער כּסדרדיקער פּחד טאָמער וועלן אונדזערע קינדער הונגערן, וואָס האָט מיך אַזוי פאַרייאושט. אַחוץ דעם בין איך אויך געווען עלנט, געהאָט אַ געפיל פון איינזאַמקייט, צו וועלכן איך בין נישט געווען צוגעוווינט, אַ געפיל, אַז איך מײַד אויס דווקא די ענינים צוליב וועלכע איך בין געקומען קיין ארץ־ישׂראל. אַנשטאָט צו זײַן בײַהילפיק, אַקטיוו אין בויען די ייִדישע נאַציאָנאַלע היים, טאָן אַ שווערע פּראַקטיקע אַרבעט פאַר דער דאָזיקער היים, בין איך געווען פאַרמאַכט אין אַ קלייניקער דירה אין ירושלים און אַלע מײַנע געדאַנקען און ענערגיע זענען געווען פאַרנומען ווי אויסצוקומען מיט מאַריסעס לוין. נאָך ערגער איז געווען וואָס זײַן געהאַלט איז מער ווי אָפט נישט אויסגעצאָלט געוואָרן צו דער צײַט און אַנשטאָט געלט האָט מאָריס באַקומען אין סולל־בונה אַ קרעדיט־צעטל, וואָס עס האָבן נישט געוואָלט אָננעמען נישט דער בעל־הבית, נישט דער מילך־צושטעלער און נישט מנחמס לערערין אין קינדער־גאָרטן. אין טאָג פון באַקומען דעם לוין פלעג איך אַרײַנלויפן אין דער קליינער שפּײַזקראָם און פּרוּוון איבערצײַגן דעם קרעמער, ער זאָל אָננעמען אַ צעטל פון אַ פונט (100 פּיאַסטער) פאַר אַכציק פּיאַסטער וואָס כ׳האָב געוווּסט אַז ס׳איז דאָס העכסטע וואָס ער וועט מיר געבן דערפאַר. אָבער אויך די אַכציק פּיאַסטער האָט ער מיר, חלילה, נישט געגעבן אין מזומנים, נאָר ווידער אין קרעדיט־צעטלעך. מיט דעם בין איך אַוועקגעלאָפן צו דער פרוי וואָס האָט פאַרקויפט היינער, אַמפּערן זיך מיט איר אַ צוואַנציק מינוט און ענדלעך, אין אַ מזלדיקער שעה, איבערצייגן זי אָנצונעמען די קרעדיט־צעטלעך (נאָך דעם ווי זי האָט אַראָפּגערעכנט צען אָדער פופצן פּראָצענט פון זייער ווערט) און באַקומען דערפאַר אַ קליין שטיקל הון, מיט וועלכן כ׳האָב געקענט אָפּקאָכן אַ זופּ פאַר די קינדער.

שמאי פלעגט אַ מאָל קומען אויף אַ טאָג אָדער צוויי קיין ירושלים, מיט אַ ביסל קעז אָדער אַ קעסטל גרינסן און פרוכטן, וואָס שיינע האָט מיטגעשיקט. מיר האָבן דעמאָלט געהאַט אַן אמתן באַנקעט און עס איז מיר אַ ווײַלע לײַכטער געוואָרן אויפן האַרצן. מערסטנס אָבער פלעג איך זיך אויפעסן פון זאָרג. ביז שׂרה איז געבוירן געוואָרן, פרילינג 1926, האָבן מיר געהאַט אַ קליינע צוגאָב־הכנסה פונעם פאַרדינגען איינס פון אונדזערע צוויי צימערן, אָן גאַז און אָן עלעקטריע, אָבער ווען שׂרה איז געקומען אויף דער וועלט, האָבן מיר באַשלאָסן מותּר צו זײַן אויף דער צוגאָב־הכנסה, ווי שווער עס זאָל אונדז נישט זײַן אָן איר.

צו דערגאַנצן אונדזער הכנסה, האָב איך נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה ווי צו געפינען עפּעס אַן אַרבעט וועלכע כ׳זאָל קענען טאָן, נישט מוזנדיק איבער־לאָזן דאָס קינד אַליין. האָב איך פאָרגעשלאָגן מנחמס לערערין, אַז איך וועל וואַשן די וועש פאַרן גאַנצן קינדער־גאָרטן און מיט דעם באַצאָלן שכר־לימוד. לאַנגע שעהען בין איך געשטאַנען אין הויף און געריבן הויפנס האַנטעכער, פאַרטעכ־לעך, געקאַכט אויפן פּרימוס איין עמער וואַסער נאָכן אַנדערן און געדאגהט וואָס איך וועל טאָן אַז דאָס וואַשברעט וועט זיך צעברעכן.

די אַרבעט האָט מיך נישט געאַרט. אין מרחביה האָב איך שווערער געאַרבעט און האָב עס ליב געהאַט. איך בין אָבער דאָרט געווען אַ טייל פון אַ קאָלעקטיוו, אַ מיטגליד פון אַ דינאַמישער געזעלשאַפט, וואָס איר הצלחה האָט מיך מער אינטערעסירט ווי יעדע אַנדערע זאַך אין דער וועלט. דערקעגן אין ירושלים בין איך געווען אַ מין אַרעסטאַנט פאַרמישפּט, ווי מיליאָנען פרויען, אין באַדינגונגען איבער וועלכע זיי האָבן נישט געהאַט קיין שליטה: מלחמה צו האַלטן מיט חשבונות, וואָס כ׳האָב נישט געקענט צאָלן, אָפּהיטן אַז די שיך זאָלן זיך נישט צעפאַלן, ווײַל ס׳איז געווען אוממעגלעך צו קויפן נײַע; זאָרגן ווען אַ קינד הוסט, אָדער האָט היץ; טראַכטן אַז די נישט־געהעריקע דערנערונג און די קאַלטע דירה אין ווינטער שעדיקן דאָס געזונט פון די קינדער.

פאַרשטייט זיך, אַז נישט אַלע טעג זענען געווען גלײַך. ווען די זון האָט געשײַנט און דער הימל איז געווען בלוי (און מיר דאַכט זיך אַז אין ירושלים איז דער הימל בלויער ווי אומעטום), פלעג איך זיצן אויף די טרעפּ און קוקן אַ צופרידענע ווי די קינדער שפּילן זיך. ווען עס האָבן אָבער געבלאָזן קאַלטע ווינטן און די קינדער זענען נישט געווען געזונט (באַזונדערס שרה, וואָס האָט אָפט געקרענקט), בין איך געווען פול, אויב נישט מיט יאוש, איז מיט פאַרדראָס אויף מײַן גורל. איז טאַקע קיין אַנדערע זאַך נישט פאַראַן אַ חוץ אָרעמקייט, האָרעוואַניע און זאָרג? דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס כ׳האָב אַפילו מאַריסן נישט געקענט זאָגן ווי כ׳פיל זיך. כ׳האָב זיך שטאַרק געגייטיקט אין מנוחה, אין שפּײַז און גײַסטיקער רו, אָבער דאָס אַלץ האָב איך נישט געהאַט און עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן אַז איך זע נישט קיין ענדערונג פאַר דער נאָענטער צוקונפט.

סולל־בונה איז געווען אין אַ זייער שלעכטער לאַגע און מיר האָבן זיך געשראָקן, טאָמער וועט מען די אונטערנעמונג אין גאַנצן פאַרמאַכן. איין זאַך איז געווען דער ענטוזיאַזם צו שאַפן אַ נישט־אָפיציעלע אָפּטיילונג פאַר געזעלשאַפט־לעכע אַרבעטן און צוגרייטן באַשעפטיקונג פאַר ייִדישע אַרבעטער אין בויוועזן; אַ גאַנץ אַנדערע זאַך איז אָבער געווען אײַנצושאַפן זיך דעם נייטיקן קאַפּיטאַל און די דערפאַרונג אין פלאַסטערן שאָסייען און בויען הײַזער. אין יענער צײַט האָט סולל־בונה געקענט צאָלן נאָר מיט וועקסלען אויף אַ סומע פון הונדערט אָדער

צוויי הונדערט פונט, וועלכע זענען געדעקט געוואָרן מיט נאָך גרעסערע וועקסלען וואָס סולל־בונה האָט באַקומען פאַר אויסגעפירטער אַרבעט. אין איינעם פון די אַנעקדאָטן, וואָס פלעגן אין יענער צײַט אומגיין אין ארץ־ישראל, דערציילט זיך וועגן אַ ייִד, וועלכער האָט געטענהט, אַז ווען ער זאָל האָבן אַ קישן מיט פעדערן ווי אַן אַנהויב, וואָלט ער זיך געקענט אויפבויען אַ הויז. ווי אַזוי? זייער פשוט: מען קען פאַרקויפן אַ גוט קישן פאַר אַ פונט און מיט דעם פונט באַצאָלן דעם מיטגלידערשאַפטס־אָפּצאָל אין אַ לײַ־געזעלשאַפט, וואָס גיט די מעגלעכקייט צו באַקומען אַ הלוואה ביז צען פונט. מיט אַזאַ סומע קען מען אַנהייבן זיך אַרומקוקן וועגן אַ שיינעם קליינעם מגרש. אַז מען האָט שוין אָפּגעזוכט אַ מגרש קען מען פאַרשלאָגן דעם אייגנטימער, ער זאָל נעמען די צען פונט, במזומן. אויף דעם איבעריקן געלט וועט ער נאָטירלעך מסכּים זײַן צו נעמען וועקסלען. איצט, אַז מען האָט שוין אַ מגרש, קען מען זוכן אַ קבלן. אים זאָגט מען: „איך האָב דעם מגרש און דו וועסט אויף אים בויען אַ הויז. אַלץ וואָס איך וויל איז אַ דירה פאַר מיר און מײַן משפּחה".

מיר איז גאָרנישט געווען אַזוי שפּאַסיק אין יענע טעג. רעגינאַ האָט דעמאָלט געאַרבעט אין דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע אין ירושלים. זי פלעגט אַ מאָל קומען מיך באַזוכן, אויסגעהערט מײַנע צרות, וואָס איך האָב איר דערציילט בעת איך האָב אַן אַנגעכמורעטע געראַמט די צימערן און זי האָט מיך געפּרוווט מונטערן. אין די בריוו צו מײַנע עלטערן האָב איך געשילדערט אַ גאַנץ אַנדער בילד פון אונדזער לעבן, כ'האָב זיך אַפילו באַמיט, אַז שיינע זאָל זיך נישט דערוויסן ווי שלעכט מיין לאַגע איז, אָבער זי האָט זיך נישט געלאָזט נאַרן.

מאָדנע, ווען איך קוק אויף יענער צײַט, זע איך, אַז כ'בין געווען פאַרשלונגען בלויז פון מײַן נאָענטסטער סביבה, כאָטש ירושלים איז געווען דאָס אָרט פון דער מאַנדאַט־רעגירונג, דאָס אָרט פון וועלכן דער בריטישער הויך־קאָמיסאַר — סער הערבערט סעמועל, וועלכער איז אין 1925 פאַרביטן געוואָרן דורך לאָרד פּלומער האָט רעגירט מיטן לאַנד. ווי אין אַלע געשיכטלעכע תּקופות, איז אויך דעמאָלט ירושלים געווען אַ באַצויבערנדיקע שטאָט, אַ מאָזאַיק פון הייליקע פּלעצער; די הויפּטקוואַרטיר פון דער קאָלאָניאַלער אַדמיניסטראַציע. אָבער פריער פון אַלץ איז זי געווען דער לעבעדיקער סימבאָל פון ייִדיש־געשיכטלעכן המשך, פונעם בונד, וואָס האָט פאַראייניקט, ווי תּמיד אין עבר, דאָס ייִדישע פאָלק מיט זײַן לאַנד. די באַפעלקערונג איז געווען אַנדערש ווי אין יעדן אַנדערן אָרט אין ארץ־ישראל. אַפילו אונדזער קוואַרטאַל איז געווען עקזאָטיש, אויף דער גרענעץ פון מאה־שערים, דער טייל פון ירושלים, וואָס איז ביזן הײַנטיקן טאָג באַוווינט פון עקסטרעם־אָרטאָדאָקסישע ייִדן ,וועמענס האַלטונג, קליידונג און רעליגיעזע התנהגות איז אַ דירעקטער המשך פון מזרח־אייראָפּע, פון 16־טן יאָרהונדערט. זיי האָבן געהאַלטן, אַז אַזעלכע ייִדן ווי מאָריס און איך זענען נישט ווײַט פון געצן־דינערײַ. פון

דעסטוועגן האָבן די לאַנדשאַפֿט, די קאַלירפֿולע פּראַצעסיעס פֿון מענטשן פֿון אַלע גלויבנס און ראַסעס אויף די גאַסן פֿון ירושלים, אַפֿילו אין די פּשוטסטע טעג, אויף מיר נישט געמאַכט קיין באַזונדערן אײַנדרוק. איך בין געווען צו מיד, צו מוטלאָז און צו פֿיל פֿאַרטאָן מיט זיך און מײַן משפּחה און דערפֿאַר נישט געקוקט אַרום זיך, ווי כ׳האָב עס געדאַרפֿט טאָן.

איין מאָל, אָן אָוונט, בין איך אַוועק צום כּותל־מערבי — נישט צום ערשטן מאָל. כ׳בין געווען דאָרט מיט מאַריסן אַ וואָך אָדער צוויי נאָך אונדזער אָנקומען אין ארץ־ישׂראל. איך בין אויפֿגעוואַקסן אין אַ ייִדישער היים, אַ גוטע טראַדיציאָנעלע ייִדישע היים, אָבער איך בין נישט געווען פֿרום און דער אמת איז, אַז צום כּותל בין איך געגאַנגען נישט מיט גרויס עמאָציע, נאָר ווײַל איך האָב געפֿילט אַז איך דאַרף עס טאָן. מיט אַ מאָל, בײַם סוף פֿון די שמאָלע געשלענגלטע געסלעך אין דער אַלטשטאָט, האָב איך דערזען די וואַנט. זי האָט אויסגעזען פֿיל קלענער ווי הײַנט, נאָך די אַלע אויסגראָבונגען. אָבער צום ערשטן מאָל האָב איך געזען ייִדן, מענער און פֿרויען, וואָס האָבן לעבן מיר געוויינט און געדאַוונט, אַרײַנגעשטעקט קוויטלעך, אָנגעשריבענע בקשות צום רבונו־של־עולם, אין די שפּאַרונעס. דאָס איז, האָב איך געטראַכט, פֿאַרבליבן פֿון פֿאַרגאַנגענער גלאָריע, פֿון שלמה המלכס בית־המיקדש. אָבער סוף־כּל־סוף איז דאָס פֿאַראַנען. אין אָט די פֿרומע ייִדן מיט זייערע קוויטלעך האָב איך דערזען אַ פֿאָלק, וואָס וויל נישט משלים זײַן מיטן פֿאַקט, אַז נאָר די שטיינער זענען אים געבליבן, ווי אויך אַן אויסדרוק פֿון גלויבן אין דער צוקונפֿט. ווען איך בין אַוועק פֿון כּותל זענען מײַנע געפֿילן געווען געביטן. דאָס פּאַסיקע וואָרט איז מסתּמא — דערהויבן.

אין 1971, אַן ערך פֿופֿציק יאָר שפּעטער, האָב איך זוכה געווען צו באַקומען די ערן־בירגערשאַפֿט פֿון ירושלים, מסתּמא דער העכסטער אויסדרוק פֿון פֿאַרערונג, מיט וועלכן מען האָט מיך ווען עס איז באַשאָנקען. בײַ יענער צערעמאָניע האָב איך דערציילט וועגן אַן אַנדערן אומפֿאַרגעסלעכן באַזוך בײַם כּותל, אין 1967, נאָך דער זעקסטאָגיקער מלחמה. נײַנצן יאָר, פֿון 1948 ביז 1967, האָבן אונדז די אַראַבער נישט צוגעלאָזט צו דער אַלטשטאָט, דאָווענען בײַם כּותל. אָבער אויפֿן דריטן טאָג פֿון דער זעקסטאָגיקער מלחמה, מיטוואָך דעם 7־טן יוני, איז ווי אַן עלעקטרישער שטראָם איבער גאַנץ ישׂראל דורכגעלאָפֿן די נײַעס, אַז אונדזערע סאָלדאַטן האָבן באַפֿרײַט די אַלטשטאָט און זי איז ווידער אָפֿן פֿאַר אונדז. דרײַ טעג שפּעטער האָב איך געדאַרפֿט פֿליִען קיין אַמעריקע, אָבער נישט געקענט פֿועלן בײַ זיך צו פֿאַרלאָזן ישׂראל און נישט זײַן בײַם כּותל. האָב איך יענעם פֿרײַטיק — הגם ציווילע מענטשן האָט מען נאָך נישט אַרײַנגעלאָזט אין דער אַלטשטאָט, ווײַל עס איז נאָך אָנגעגאַנגען אַ שיסערײַ — באַקומען אַ דערלויבעניש צו באַזוכן דעם כּותל, נישט געקוקט דערויף וואָס איך בין נאָך דעמאָלט נישט געווען קיין מיטגליד אין דער רעגירונג, נאָר אַ געוויינטלעכע בירגערין.

איך בין אַוועק צוזאַמען מיט עטלעכע זעלנער. פאַר דער וואַנט איז געשטאַנען אַ טיש מיט עטלעכע מאַשינביקסן, אוניפאַרמירטע פאַראַשוטיסטן, אײַנגעהילט אין טליתים, זענען געווען אַזוי צוגעפּרעסט צו דער וואַנט, אַז עס האָט אויסגעזען ווי אוממעגלעך זיי אָוועקצורײַסן פון איר. זיי און די וואַנט זענען געווען איינס. ערשט מיט עטלעכע שעה פריִער האָבן זיי געקעמפט פאַר דער באַפרײַאונג פון ירושלים און געזען ווי זייערע חברים זענען געפאַלן. איצט זענען זיי, אין די טליתים, געשטאַנען און געוויינט, אויך איך האָב גענומען אַ פּאַפּיר, אָנגעשריבן דאָס וואָרט שלום און עס אַרײַנגעשטעקט אין אַ שפּאַרונע פון דער וואַנט, ווי יִידן טוען עס זינט דור־דורות. ווען איך בין דאָרט אַזוי געשטאַנען, האָט איינער פון די זעלנער (אַ ספק צי ער האָט געוווּסט ווער איך בין) פּלוצלינג מיך אַרומגענומען, אַוועקגעלייגט זײַן קאָפּ אויף מײַן אַרעם און מיר האָבן צוזאַמען געוויינט. איך בין זיך משער, אַז ער האָט געזוכט אַ דערלײַכטערונג אין דער וואַרעמקייט פון אַן עלטערער פרוי, און פאַר מיר איז עס געווען איינע פון די ריִרנדיקסטע מאָמענטן אין מײַן לעבן. דאָס אַלץ געהערט אָבער צו אַ שפּעטערדיקן פּעריאָד.

די שפּעטע צוואַנציקער יאָרן זענען געווען דערדריקנדיקע נישט בלויז פאַר מיר, נאָר פאַרן גאַנצן יישוב. אַרום 1927 זענען זיבן טויזנט מענער און פרויען געווען אַרבעטסלאָז — מער ווי 5% פון דער גאַנצער יִידישער באַפעלקערונג אין לאַנד. עס האָט אויסגעזען ווי דער ציוניזם וואָלט, אין זײַן גרויסן ברען, זיך אַליין איבערגעיאָגט. אין לאַנד אַרײַן זענען געקומען אַ סך מער עולים ווי דער יישוב האָט געקענט אײַנאָרדענען אויף אַרבעט. פון די דרײַצן טויזנט יידן וואָס זענען עולה געווען אין 1926, האָט מער ווי אַ העלפט פאַרלאָזט דאָס לאַנד. אין 1927 זענען פון לאַנד מער אַרויסגעפאָרן ווי אַרײַנגעקומען. טייל זענען אַוועק קיין אַמעריקע, טייל אין פאַרשיידענע לענדער פון דער בריטישער אימפּעריע. אַ גרופּע, אין וועלכער עס זענען געווען אויך מיטגלידער פון גדוד־עבודה (געגרינדעט אין 1920 מיטן ציל צו באַשעפטיקן נײַע עולים אין קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען ביַים פלאַסטערן שאָסייען און אַרבעט אין שטיינגרובנס, פינאַנסירט דורך דעם מאַנ־דאַט־רעגירונג), איז, צוליב אידעאָלאָגישע סיבות, צוריקגעפאָרן קיין רוסלאַנד, ווו מען האָט אַ סך פון זיי דערנאָך פאַרשיקט קיין סיביר אָדער אומגעבראַכט אויך צוליב „אידעאָלאָגישע טעמים".

עס זענען געווען אַ סך סיבות פאַר אָט דעם שווערן קריזיס. די ווירטשאַפט איז נאָך אינעם יישוב כּמעט אין גאַנצן נישט געווען אַנטוויקלט. אַחוץ דער בוי־אַרבעט וואָס האָט באַשעפטיקט כּמעט אַ העלפט פון די יִידישע אַרבעטער אין ארץ־ישׂראל און אַחוץ די פּרדסים, זענען פּשוט נישט געווען קיין מעגלעכקייטן פאַר אַרבעט, אויך נישט קיין קאַפּיטאַל. די יִידישע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען האָט מען געקענט איבערציילן אויף די פינגער פון איין האַנט. דאָס זענען געווען די פּאָספּאַטן־אונטערנעמונגען, די זאַלצפאַבריק ביַי עתלית, די עלעקטריע־געזעל־

שאַפט (וואָס האָט אויפגעשטעלט די קראַפטסטאַנציע אויפן ירדן־ברעג), „שמן" — די פאַבריק פאַר זייף און בוימל, די צעמענט־פאַבריק „נשר" אין חיפה. געווען נאָך עטלעכע קלענערע אונטערנעמונגען, ווי אויך דרוקערײַען, ווײַנקעלערס. דאָס איז געווען אַלץ. אַ גאַר ערנסט פּראָבלעם איז אויך געווען דער לוין פון די ייִדישע אַרבעטער, וואָס איז דעמאָלט געווען זייער אַ נידעריקער. די אַראַבער זענען געווען גרייט צו אַרבעטן פאַר נאָך נידעריקערע לוינען און אַ סך ייִדישע פּרדסנים האָבן נישט גובר געווען דעם חשק צו דינגען די ביליקערע אַראַבישע אַרבעטער. וואָס שייך דער מאַנדאַט־רעגירונג, האָט זי, אַחוץ בויען שאָסייען, כּמעט גאָרנישט געטאָן צו אַנטוויקלען די ווירטשאַפט אין לאַנד און האָט זיך שוין אָנגעהויבן אונטערגעבן דעם אַנטי־ייִדישן דרוק פון די אַראַבישע עקסטרעמיסטן, ווי דער מופטי פון ירושלים, אַמין אל־כוסייני און אַנדערע. עס זענען קוים פאַרבײַ פינף יאָר זינט ענגלאַנד האָט באַקומען דעם מאַנדאַט איבער ארץ־ישראל, און די רעגירונג האָט שוין אַרויסגעוויזן אַ היפשע שינאה צו ייִדן און אַפילו באַגרענעצט די ייִדישע עליה. אין 1930 האָט זי אַפילו געדראָט איבערצורײַסן לגמרי די עליה. בקיצור, די ייִדישע נאַציאָנאַלע היים איז געווען ווײַט פון זײַן צעבליט.

איך בין זעלטן געפאָרן קיין תּל־אָביב אין די יאָרן וואָס כ'האָב געלעבט אין ירושלים. ווען כ'בין יאָ אַ מאָל געפאָרן, איז עס בדרך־כּלל געווען צו זען שיינען און איר פאַמיליע אָדער מײַנע עלטערן, וואָס זענען געקומען קיין ארץ־ישראל אין 1926. צווישן איין משפּחה־באַזוך און אַנדערן האָב איך זיך באַמיט צו זען אַלטע פרײַנד, נישט בלײַבן הינטערשטעליק, און נאָכפאָלגן די נײַעס אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, הערן אַ ביסל רכילות וועגן מרחביה און כאָטש אויף עטלעכע שעה פילן זיך ווי אַ טייל פון דעם וואָס איז אָנגעגאַנגען אין לאַנד. מײַן פאָטער, ווען איך טראַכט איצט וועגן אים, איז אין אַ באַשטימטן זינען געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר די עולים פון 1926 און 1927, כאָטש ער איז געקומען פון אַמעריקע און נישט פון אייראָפּע. ער האָט אין מילוואָקי באַוויזן אָפּצושפּאָרן אַ ביסל געלט און, אַ שטאָלצער, געקויפט דערמיט צוויי מגרשים אין ארץ־ישראל, וווּ ער האָט געוואָלט לעבן, ערשטנס ווי אַ ציוניסט און צווייטנס, כּדי צו פאַראייניקן די משפּחה. ביידע מגרשים זענען געווען נישט מער ווי זאַמדן, איינער אין הרצליה און דער צווייטער אין עפולה (נישט ווײַט פון מרחביה), וווּ ער האָט געטראַכט צו בויען אַ הויז. איך האָב אים געפרעגט פאַר וואָס דווקא אין עפולה, וואָס איז נישט געווען נאָענט נישט צו מיר און נישט צו שיינען; ער האָט מיר דערויף געענטפערט, אַז אין עפולה וועט אויפקומען די ערשטע אָפּערע אין ארץ־ישראל און ער וויל לעבן אין אַ גרויסן צענטער פאַר מוזיק. איך האָב עפולה געקענט זייער גוט, אָפט געפאָרן אַהין דערלייִדיקן ענינים, ווען מיר האָבן געלעבט אין קיבוץ. דאָס איז געווען אַ קליין פאַרשטויבט דאָרף און כ'בין געווען זיכער, אַז מען וועט דאָרט נישט בויען קיין אָפּערע, בכל־אופן נישט אין דער

צוקונפט וואָס מען קען פאָרויסזען. מײַן טאַטע איז אָבער געווען אײַנגעשפּאַרט. אַ לאַנגע צײַט האָט ער נישט געוואָלט הערן קיין שום טענות, האָט באַשולדיקט סײַ שיינען און סײַ מיך אין ווייניק גלויבן. „האָט מען תּל־אָביב נישט געבויט אויף זאַמד?" — האָט ער געפרעגט מיט כּעס. די מאַמע איז אַריבער אויף אונדזער זײַט און מײַן טאַטע האָט מיט אַ זיפץ אויפגעגעבן דעם געדאַנק צו וווינען אין עמק, מסכּים געווען צו בויען זײַן היים אין הרצליה — אַן אָפּגערע־אַריעס.

דאָס הויז האָט ער לרוב געבויט מיט די אייגענע הענט, ווי עס פּאַסט פאַר אַ גוטן סטאָליער. געווען איז עס איינס פון די ערשטע הײַזער אין דער געגנט און מײַנע עלטערן האָבן זיך דאָרט אײַנגעאָרדנט אַזוי שנעל ווי אַ מאָל אין מילוואָקי. דער טאַטע האָט זיך פאַראינטערעסירט מיטן בית־המדרש, דערוווּסט זיך, אַז ס'איז נישטאָ קיין חזן, און תּיכּף זיך אָנגעבאָטן אויף אָט דער שטעלע. ער איז אויך געוואָרן אַ מיטגליד אין אַ סטאָליער־קאָאָפּעראַטיוו, אָבער אַזוי ווי אַרבעט איז געווען ווייניק, האָט עס קנאַפּ געהאָלפן. מײַן אונטערנעמערישע מאַמע האָט געהאַט אַ געדאַנק: זי וועט קאָכן מיטאָגן און דער מאַן וועט איר העלפן. עס זענען דעמאָלט געווען ווייניק רעסטאָראַנען אין לאַנד און קיין אייגער נישט אין הרצליה, אַזוי אַז מײַן מאַמעס אידעע האָט געהאַט גרויס דערפאָלג. פאַר אַ פּאָר פּיאַסטער האָט זי פאַרזאָרגט די אַרבעטער אין דער געגנט מיט ביליק און גוט עסן.

נישט געקוקט אויף זייער אַנטשלאָסנקייט צו פאַרדינען דאָס אויסקומעניש אין ארץ־ישׂראל — כאָטש ביידע זענען שוין געווען ווײַט אַריבער זייערע יונגע יאָרן — האָבן מײַנע עלטערן שטאַרק געליטן פון דער ווירטשאַפטלעכער לאַגע. איך געדענק למשל, אַז כ'בין אַ מאָל געפאָרן מיט די קינדער קיין הרצליה, אַ וואָך פאַר פּסח, כּדי צו העלפן דער מאַמען צוגרייטן דעם יום־טוב. מאָריס האָט געדאַרפט קומען ערב יום־טוב, אויך שיינע מיט איר משפּחה. מיר זענען אָבער אַלע געווען אַזוי אָרעם, אַז ס'איז גאָרנישט געווען וואָס צוצוגרייטן. דער טאַטע איז אַרומגעגאַנגען אַ דערשלאָגענער. אָט איז ער אין ארץ־ישׂראל כּמעט מיט דער גאַנצער משפּחה (קלאַראַ האָט נאָך געלערנט אויפן וויסקאָנסין־אוניווערסיטעט; געפּלאַנט צו קומען ווי זי וועט נאָר קריגן איר דיפּלאָם) און אין שטוב איז נישטאָ אַפילו אַ פּעקל מצות אָדער אַ פלעשל ווײַן, שוין אָפּגערעדט פון עסן צום סדר. מיר איז געווען שווער צו זען אים אַזוי פאַרייִאושט. כ'האָב אַפילו מורא געהאַט אַז ער קען זיך עפּעס אָפּטאָן פאַר ייִאוש. ער האָט זיך געפילט זייער דערנידעריקט, כאָטש אָרעמקייט האָט אים פריִער קיין מאָל נישט אײַנגעבראָכן.

און אָט איז געשען אַ ווונדערלעכע זאַך: אַ הונט האָט מיך אַ ביס געטאָן! פאַר אַ צווייטן וואָלט עס געווען שרעקלעך, אָבער פאַר מיר איז עס געווען אַ נס. כ'האָב געדאַרפט פאָרן קיין תּל־אָביב באַקומען אײַנשפּריצונגען קעגן הידראָ־

פּאַביע און דאָרט האָב איך געקענט אָפּזוכן עמעצן, וואָס זאָל מיר באַרגן געלט. איך האָב געפֿונען אַ באַנק, וואָס איז גרייט געווען מיר צו לײַען צען פֿונט (געווען דעמאָלט אַ סך געלט) אויב איך וועל נאָר קענען צושטעלן זשיראַנטן. בין איך ווידער געלאָפֿן איבער דער שטאָט, אָבער קיינער פֿון מײַנע זשיראַנטן איז נישט געווען גענוג גוט פֿאַר דער באַנק. מענטשן וואָס די באַנק האָט מיר פֿאָרגעשלאָגן, זענען נישט געווען גרייט צו ריזיקן. סוף־כּל־סוף האָב איך געפֿונען אײנעם, וואָס האָט געהאַט דעם נויטיקן קאַפּיטאַל, אַ פֿײַנע רעפּוטאַציע און אַ גוט ייִדיש האַרץ. איך בין צוריקגעקומען קיין הרצליה מיט גאַנצע צען פֿונט אין קעשענע פֿאַר מײַן טאַטן און מיט אַ וואַרעם געפֿיל פֿאַרן הונט, וואָס כ׳האָב עס זעלטן ווען געהאַט.

בעת מײַנע באַזוכן אין תּל־אָבֿיבֿ בין איך געווען דערדריקט און דערשלאָגן, קוקנדיק אויף די אַרבעטסלאָזע מענטשן אין גאַס און אויף דעם וויסטן און עלנטן פּנים פֿון די האַלב פֿאַרענדיקטע הײַזער. ס׳האָט אויסגעזען ווי עס וואָלט צו נישט געוואָרן אַ גרויסער ענערגיע־אויסבראַך. פֿאַרשטייט זיך, אַז מענטשן פֿון דרויסן וואָלטן דאָס אַלץ געזען אַנדערש. צו להכעיס דעם ווירטשאַפֿטלעכן קריזיס האָבן טויזנטער ייִדן געלעבט אין ארץ־ישׂראל, דערצויגן זייערע קינדער, אַנטוויקלט זייער אייגענע אָנפֿירערשאַפֿט, געשאַפֿן לאַנדווירטשאַפֿטלעכע און שטאָטישע יישובֿים און דאָס אַלץ, אין לעצטן חשבון, מיט דער הילף פֿון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין אויסלאַנד, וואָס איז פֿאַר זיך גופֿא געווען אַ מערק־ווערדיקע דערגרייכונג. פֿאַרן היסטאָריקער, אין אַ צײַט אַרום, וועט יענע אומעטיקע תּקופֿה זיך באַקומען אין אַ העלער ליכט, אָבער איך בין נישט געווען קיין מענטש פֿון דרויסן און נישט קיין היסטאָריקער. איך האָב געוואָלט טאָן ממשותדיקע מעשׂים און העלפֿן פֿאַרבעסערן דעם מצבֿ, טאָן עפּעס אַליין.

געווען מײַן מזל, וואָס די הסתּדרות, די אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע פֿון ייִדישע אַרבעטער, די אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער און פֿאַר וועלכער איך האָב געדאַרפֿט אַרבעטן אַזוי פֿיל יאָרן, איז געווען פֿאַראינטערעסירט אין אַזאַ מענטש ווי איך. איך האָב שוין געהאַט געאַרבעט אין תּל־אָבֿיבֿ פֿאַר סולל־בונה און אויך, אַ קורצע צײַט, אין ירושלים. כ׳האָב געקענט אַ סך מענטשן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. זיי זענען געווען דער סאָרט מענטשן, וואָס כ׳האָב צום מייסטן באַוווּנדערט און ליב געהאַט, געוואָלט לערנען פֿון זיי און אַרבעטן מיט זיי, געפֿילט זיך גוט אין זייער סבֿיבֿה. זיי האָבן די צילן פֿון דער הסתּדרות געזען אין זעלבן ליכט ווי איך, דהײַנו: נישט אַזוי שטאַרק די באַלדיקע ברויט־מיט־פּוטער־אינטערעסן פֿון די אַרבעטער, נייערט דאָס שאַפֿן אַן אַרבעטער־ געזעלשאַפֿט, וואָס זאָל זאָרגן פֿאַר דער צוקונפֿט פֿונעם ייִדישן ייִשובֿ אין ארץ־ישׂראל, פֿאַר די וועלכע זענען שוין דאָ און פֿאַר די וועלכע וועלן נאָך קומען.

אין אַ סך פּרטים איז די הסתּדרות געווען אַ איינציק־אַרטיקע באַשעפֿעניש.

מען האָט זי נישט געקענט פאַרגלײַכן מיט קיין אַנדער עקסיסטירנדיקער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, ווײַל די לאַגע פון ייִדישן אַרבעטער איז אין פאַרגלײַך מיטן אַרבעטער אין ענגלאַנד, פראַנקרײַך אָדער אַמעריקע געווען אין גאַנצן אַנדערש. אין ארץ־ישראל האָט מען געמוזט באַשיצן, פּונקט ווי אין אַנדערע לענדער, די עקאָנאָמישע רעכט פונעם ייִדישן ווי פון דעם אַראַבישן אַרבעטער, אַרייַנגערעכנט די רעכט צו שטרײַקן, צו אַ לײַטישן לוין, צו באַקומען באַצאָלט פאַרן אורלויב, פאַר דער צײַט וואָס מ׳ליגט קראַנק וכדומה. אָבער נישט געקוקט דערויף וואָס אָפיציעל האָט זי געטראָגן דעם נאָמען „אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציע פון ייִדישע אַרבעטער״, קען מען נישט אָנרופן די הסתדרות בלויז אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. זי איז געווען פיל מער, סײַ טעאָרעטיש און סײַ אין דער פּראַקטיק. פריִער פון אַלץ איז די הסתדרות געווען באַזירט אויף דער פאַראייניקונג פון אַלע אַרבעטער אין יישוב — לוין־אַרבעטער, מיטגלידער אין קיבוצים, ביורא־אַנגעשטעלטע, בעלי מלאכות, אינטעלעקטועלע — און פון סאַמע בראשית אָן איז איר הויפּטקאַמף געווען צו ברענגען ייִדן אין ארץ־ישראל, כאָטש דער עול פון אַ פאַרגרעסערטער עליה איז געפאַלן אויף אירע פּלייצעס.

צווייטנס, ארץ־ישראל האָט נישט געהאַט קיין צוגעגרייטע ווירטשאַפט, וואָס זאָל קענען אַבסאָרבירן דעם כּסדרדיקן שטראָם פון עולים. עס איז געווען אַ קליינע לײַכט־אינדוסטריע, אויפן שפּיץ מעסער, און די לאַנדווירטשאַפטלעכע יישובים. אַט די אונטערנעמונגען האָבן אָבער נישט געקענט אויסהאַלטן אַ לאַנד מיט אַ וואַקסנדיקער באַפעלקערונג, און מיר, וואָס זענען געקומען אין ארץ־ישראל כּדי צו שאַפן דאָס וואָס מען רופט הײַנט פּשוט די נאַציאָנאַלע ווירטשאַפט, און אַלץ וואָס איז דערמיט פאַרבונדן — אינדוסטריע, טראַנספּאָרט, בויוועזן, פינאַנסן, שוין אָפּגערעדט פון די מיטלען זיך מטפּל צו זײַן מיט סאָציאַלער הילף, אַרבעטסלאָזיקייט וכדומה — מיר האָבן געדאַרפט שאַפן אַ יש מאַין. אפילו לגבי דער צײַט וועגן וועלכער איך שרײַב איצט, ווען די אַרבעטער אין ארץ־ישראל זענען געווען קליין אין צאָל און זייער איזאָלירט, האָבן זיי דאָך גענומען אויף זיך, מיט דער הילף פון דער הסתדרות, דאָס אַחריות צו זײַן דער אַוואַנגאַרד פון אַ מדינה אין וועג, כאָטש קיינער האָט אויף זיי אַזאַ מיסיע נישט אַרויפגעלייגט.

היות ווי פון סאַמע אָנהייב אָן איז די הסתדרות געווען דורכגעדרונגען מיטן ציוניסטישן אידעאַל, האָט זי מיט דער זעלבער חשיבות באַטראַכט אַלע אַספּעקטן פון לעבן אין דער ייִדישער נאַציאָנאַלער היים. צוויי זענען געווען (און געבליבן) די סטאַנדאַרדן, לויט וועלכע די הסתדרות־פּראָיעקטן זענען באַטראַכט געוואָרן: אויף וויפל זיי זענען אָן ענטפער אויף דרינגענדיקע נאַציאָנאַלע נויטן און אויף וויפל זיי טויגן פון סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט.

ווי אַ גוטער בײַשפּיל קען דינען דער באַשלוס פון דער הסתדרות צו אַנטוויקלען אייגענע עקאָנאָמישע אונטערנעמונגען, און דעם קאָנטראָל איבער זיי זאָל האָבן

די אַרבעטער־געזעלשאַפט גופא. שוין אין 1924 איז געשאַפן געוואָרן אַ יורידישע קערפּערשאַפט „חברת העובדים", וואָס האָט רעפּרעזענטירט אַלע צוזאַמען און יעדן מיטגליד באַזונדער און איז געווען די „אייגנטימערין" פון גאַנצן הסתדרותישן פאַרמעגן, דעמאָלט נאָך אַ גאַנץ קליינס. די הסתדרות האָט אָבער פאַרשטאַנען, אַז מען האָט זיך געניטיקט און מ׳וועט זיך תמיד נייטיקן אין אַ גרויסער בוי־געזעלשאַפט וואָס זאָל קענען באַדינען די נאַציאָנאַלע באַדערפענישן אויף אַן אופן, וואָס אַ פּריוואַטע געזעלשאַפט וועט קיין מאָל נישט קענען טאָן. סולל־בונה איז געווען אַ טייל פון הסתדרותישן פאַרמעגן און ווען אַט די געזעלשאַפט איז זיך אַליין איבערגעוואַקסן און איז צוזאַמענגעבראָכן אין יאָר 1927, האָט קיינער, אַחוץ דער אַרבעטער־באַוועגונג, זיך נישט פאַרגעשטעלט אַז מען וועט זי אַ מאָל ווידער קענען אויפשטעלן. אַ דאַנק דער הסתדרות האָט סולל־בונה ווידער אויפגעלעבט. הײַנט, נאָך פאַרשידענע פּראָצעסן פון רעאָרגאַניזאַציע, אײַנגעשלאָסן איר איבערבוי אין 1958 אויף דער באַזע פון דרײַ געזעלשאַפטן (אַ בוי־געזעלשאַפט, אַ שיף־און פּאָרט־געזעלשאַפט און אַן אינדוסטריעלע געזעלשאַפט מיט אירע אָפּצווייגונגען), איז זי איינע פון די גרעסטע און הצלחהדיקסטע פירמעס אין גאַנצן נאָענטן מיזרח. ווען איך דערמאָן זיך דעם אומעט און די דערשלאָגנקייט, וואָס האָט געהערשט אין דעם קליינעם אָפּגעלאָזטן ביוראָ פון סולל־בונה אין ירושלים, אין 1927, ווען עס איז נישט געווען צו באַצאָלן, אַפילו פאַר איין חודש, דעם בוכהאַלטער, און כ׳פאַרגלײַך עס מיטן הײַנטיקן פאַרנעם פון פופציק טויזנט באַשעפטיקטע מענער און פרויען אין די דרײַ אָפּטיילונגען פון סולל־בונה, מיט אַן אומזאַץ פון אַן ערך צוויי און אַ האַלבן ביליאָן ישראל־פונט, וויל איך, אַדרבא, זען עמעץ זאָל אָפּפרעגן דעם פאַקט, אַז ציוניזם שליסט אויס פעסימיזם אָדער אַז סאָציאַליזם איז אומבאַדינגט מאַכטלאָז, אויב ער גייט נישט צוזאַמען מיט אַכזריות.

צו די קריטיקערס פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט, וואָס האָבן מיט פופציק יאָר צוריק געהאַלטן, אַז די מיינונג פון דער הסתדרות וועגן איר ראָלע איז אַ ראָמאַנטישע, אַ גראַנדיעזע, און איז פאַרמישפּט אויף אַ דורכפאַל, וואָלט איך געוואָלט זאָגן, אַז סולל־בונה האָט נישט נאָר דורכגעמאַכט פופציק אויסטערליש שווערע יאָרן, נאָר האָט דערלעבט צו שפּילן אַ דעצידירנדיקע ראָלע אינעם אויפבוי פון טויזנטער היימען, שאָסייען, שולן און שפּיטאָלן, און געגעבן אַ חלוצישן שוווּנג פאַרצווײַגטע ישראל־פּראָיעקטן, דורכגעפירט אין אַפריקע, אין אַזיע און אין מיטעלן מיזרח גופא. סולל־בונה איז געווען נאָר איינע פון די הסתדרותישע שאַפונגען. עס זענען פאַראַן צענדליקער אַנדערע — לאַנדווירטשאַפטלעכע, אינדוסטריעלע, דערציִערישע, קולטורעלע, אַפילו מעדיציניִשע — און אַלע זענען זיי פאַראַנקערט אין דער דויערהאַפטיקער איבערצײַגונג, אַז דער אמתער כוח פון די אַרבעטער אין ישראל קומט צום אויסדרוק אין דער פּריאָריטעט פאַרן

אויפבוי פון דעם, וואָס איז בײַם הײַנטיקן טאָג מדינת־ישראל.

בכל־אופן האָט מיך זייער געפרייט, ווען אין אַ רעגנדיקן טאָג, שמועסנדיק מיט עמעצן לעבן ביורא פונעם ועד הפועל פון דער הסתדרות אין תל־אָביב, האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף דוד רמזן (וועלכער האָט מיר געהאָט פאַרגעשלאָגן מיט פיר יאָר פריער, כ׳זאָל מיט מאָריסן אַרבעטן פאַר סולל־בונה אין ירושלים), און ער האָט מיך געפרעגט, צי כ׳וויל זײַן די סעקרעטאַרין פון דער מועצת־הפועלות בײַ דער הסתדרות. אויפן וועג צוריק קיין ירושלים האָב איך באַשלאָסן אָנצונעמען די אַרבעט, אָבער דאָס איז נישט געווען קיין לײַכטער באַשלוס. דאָס איז בכלל נישט געווען לײַכט. כ׳האָב געוווּסט, אַז אויב איך וועל אָננעמען די שטעלע, וועט עס זײַן פאַרבונדן מיט אַ סך נסיעות נישט בלויז אין ארץ־ישראל, נאָר אויך אין אויסלאַנד, און אַז מיר וועלן מוזן געפינען אַ דירה אין תל־אָביב. דאָס איז נישט געווען גרינג. שווערער און ערנסטער פון אַלץ איז אָבער געווען דאָס באַוווּסטזײַן, אַז די דאָזיקע אַרבעט וועט מאַכן אַ סוף צו מײַנע אָנשטרענגונגען זיך איבערצוגעבן בלב־ונפש דער פאַמיליע. כאָטש כ׳בין נאָך נישט געווען גרייט צו אָנערקענען אַפילו פאַר זיך אַליין, אַז מיין משפחה־לעבן איז אַ דורכפאַל, האָב איך עס אָבער שוין געפילט אין משך פון די פיר יאָר אין ירושלים. אויב איך גיב אָן די אַרבעט פון אַ גאַנצן טאָג אין אָט די באַדינגונגען, הייסט עס, אַז איך בין משלים דערמיט און דער געדאַנק האָט מיך געשראָקן. פון דער צווייטער זײַט, האָב איך געטענהט צו זיך אַליין, אַז אויב כ׳וועל זיך פילן גליקלעכער, וועט עס זײַן בעסער פאַר אַלע, פאַר מאָריסן, פאַר די קינדער און פאַר מיר. איך וועל זיך אפשר קענען מיט אַלעם אַן עצה געבן: אָפּראַטעווען וואָס עס איז נאָך געבליבן פון מײַן משפחה־לעבן, זײַן אַ גוטע מאַמע פאַר שרהן און מנחמען און אַפילו לעבן אַן אינטערעסאַנט און צילבאַוווּסט לעבן, וואָס איך האָב אַזוי געגאַרט.

נישט אַזוי געגנוי איז עס אָבער אַרויסגעקומען. קיין זאַך ווערט נישט פאַר־ווירקלעכט פּונקט אַזוי ווי מען דערוואַרט עס. ערלעך גערעדט, קען איך נישט זאָגן, אַז איך האָב ווען עס איז חרטה געהאַט אויף מײַן באַשלוס, אַדער ווען כ׳קוק אויף דעם איצט צוריק דורך דער פאַרלאָפענער צײַט, טראַכטן, אַז כ׳האָב געהאַט אַ טעות. דאָס וואָס איך באַדויער — און באַדויער עס ביטער — איז וואָס כאָטש מיר זענען געבליבן חתונה־געהאַטע און ווייטער ליב געהאַט איינער דעם צווייטן ביזן טאָג פון מאָריסעס טויט, בײַ מיר אין דער היים אין 1951, (ווען איך, ווי סימבאָליש, בין נישט געווען אין דער היים), האָב איך דאָך נישט באַוויזן גליקלעך צו מאַכן אונדזער צוזאַמענלעבן. מיטן באַשלוס, וואָס כ׳האָב אָנגענומען אין 1928, הייבט זיך פאַקטיש אָן אונדזער צעשיידונג, כאָטש ענדגילטיק איז זי געקומען ערשט נאָך קנאַפּע צען יאָר.

די צרה איז נישט באַשטאַנען אין דעם, וואָס מאָריס האָט מיך נישט פאַרשטאַנען.

פאַרקערט, ער האָט מיך זייער גוט פאַרשטאַנען און געפילט, אַז ער קען מיך נישט איבערמאַכן. איך האָב געמוזט זיין דאָס וואָס כ'בין געווען און צוליב דעם וואָס איך בין געווען האָט ער נישט זוכה געווען צו האָבן אַ פּרוי פון דער סאָרט וואָס ער האָט געוואָלט און אין וועלכער ער האָט זיך געניייטיקט. ער האָט מיך דערפאַר נישט אָפּגערעדט פון צוריקגיין צו דער אַרבעט. הגם ער האָט געוווּסט, וואָס דאָס באַטייַט באמת.

ער איז אויף שטענדיק געבליבן אַ טייל פון מיין לעבן און, פאַרשטייט זיך, פונעם לעבן פון די קינדער. דער בונד צווישן מאָריסן, מנחמען און שרהן איז קיין מאָל נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. זיי האָבן אים זייער ליב געהאַט און זיך מיט אים זייער אָפּט געזען. ער האָט געהאַט אַ סך זיי צו געבן, פּונקט ווי ער האָט מיר אַ סך געגעבן און איז געווען אַ וווּנדערלעכער פאָטער פאַר זיי, אַפילו ווען מיר זענען שוין געווען צעשיידט. ער פלעגט זיי קויפן ביכער און שמועסן מיט זיי שעהען־לאַנג איבער מוזיק און תּמיד מיט דער וואַרעמקייט און צערט־לעכקייט, אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר אים. ער איז שטענדיק געווען שטיל און צוריקגעהאַלטן. פאַר דער דרויסנדיקער וועלט האָט ער מסתּמא געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן אומבאַהאָלפענעם מענטש. דער אמת איז אָבער, אַז זיין אינערלעך לעבן איז געווען זייער רייַך — רייַכער פון מיינעם, מיט מיין גאַנצער טעטיקייט און ענערגיע — און ער האָט זיך דערמיט געטיילט מיט זיינע נאָענטע פריינד, מיט זיין משפּחה און באַזונדערס מיט זיינע קינדער.

אַזוי האָב איך אין 1928 פאַרלאָזט ירושלים און האָב זיך צוזאַמען מיט שרהן און מנחמען אומגעקערט קיין תּל־אָביב. מאָריס פלעגט קומען צו אונדז נאָר אויף די שבתים. די קינדער זענען געגאַנגען אין אַ שול וואָס האָט געהערט צו דער אַרבעט־באַוועגונג, און איך — צוריק צו דער אַרבעט.

די מועצת־הפּועלות און איר שוועסטער־אָרגאַניזאַציע אין אויסלאַנד, די פּרויען־פּיאָנערן, זענען געווען די ערשטע און די לעצטע פרויען־אָרגאַניזאַציעס, אין וועלכע איך האָב געאַרבעט. זיי האָבן מיך געצויגן נישט דווקא דערפאַר, וואָס זיי האָבן געהאַט צו טאָן מיט פרויען נאָר ווייַל כ'בין געווען פאַראינטערעסירט אין זייער אַרבעט, באַזונדערס אין די הכשרה־פאַרמען פאַר מיידלעך, נייַע עולות. הייַנט פאַרנעמט זיך די מועצת־הפּועלות בעיקר מיט סאָציאַלער טוווּנג און געזעצ־געבונג פאַר אַרבעטערינס (מוטערשאַפט־סובווענצן, פּענסיע וכדומה), אָבער אין די דרייַסיקער יאָרן האָט זי געשטעלט דעם טראָפּ כּמעט אין גאַנצן אויף פאַך־צוגרייטונג פאַר די הונדערטער יונגע מיידלעך, וואָס זענען געקומען אין לאַנד אַרבעטן אין דער לאַנדווירטשאַפט, אָבער לגמרי נישט געהאַט דערצו קיין שום פּראָפעסיאָנעלע דערפאַרונג. די הכשרה־פאַרמען האָבן געגעבן די מיידלעך אַ סך מער ווי די פאַך־קוואַליפיקאַציעס. זיי האָבן געהאָלפן צואייַלן זייער איינגלי־דערונג אין לאַנד, געלערנט זיי עברית, געגעבן זיי דאָס געפיל פון סטאַביליטעט

אין נײַעם לאַנד, ווּהין די מערסטע זענען געקומען אַליין אָן משפּחות, אַ טייל אַפּילו קעגן ווילן פון זייערע עלטערן. אַט די הכשרה־פאַרמען זענען געשאַפן געוואָרן אין אַ צײַט, ווען ס׳רוב מענטשן האָבן געהאַלטן פאַר אָן אומזין, אַז מיידלעך זאָלן זיך לערנען עפּעס אַ פאַך און אַוודאי נישט לאַנדווירטשאַפט.

איך בין נישט קיין גרויסע אָנהענגערין פונעם סאָרט פעמיניזם וואָס דריקט זיך אויס אין ברענען ביוסטהאַלטערס, שינאה צו מענער, צי אַגיטאַציע קעגן מוטערשאַפט. איך האָב אָבער גרויס דרך־ארץ פאַר די דאָזיקע ענערגישע פאַר־פראַצעוועטע פרויען פון דער אַרבעט־באַוועגונג — ווי עדה מײַמון, בעבאַ אידעלסאָן, רחל ינאית־בן־צבי, כּדי צו דערמאָנען נאָר עטלעכע, וואָס האָבן באַוויזן צו באַוואָפענען צענדליקער שטאָטישע מיידלעך מיט טעאָרעטישן וויסן און געהעריקער פּראַקטישער צוגרייטונג, וואָס האָט זיי געהאָלפן צוצוטראָגן זייער טייל (אָפט מער ווי אַ טייל) אין דער אַרבעט, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין די לאַנדווירטשאַפטלעכע ישובים אין גאַנץ ארץ־ישראל. דאָס איז, אין מײַנע אויגן, קאָנסטרוקטיווער פעמיניזם און באַטײַט אַ סך מער ווי די פראַגע ווער ס׳זאָל ראַמען די שטוב אָדער גרייטן צום טיש.

וועגן דער פּאָזיציע פון פרויען אין אַלגעמיין איז, פאַרשטענדלעך, פאַראַן זייער אַ סך צו רעדן (אַ סך, אפשר צו פיל איז שוין געזאָגט געוואָרן), אָבער איך וויל בלויז צוגעבן עטלעכע ווערטער. פרויען דאַרפן באַטירלעך באַהאַנדלט ווערן פונקט ווי מענער, אין אַלע פּרטים. אָבער, פונקט ווי דאָס איז גילטיק לגבי דעם יידישן פאָלק מוזן פרויען נישט זײַן בעסער פון אַנדערע, כּדי צו לעבן ווי מענטשלעכע באַשעפענישן, זיי מוזן נישט באַווײַזן קיין נסים, כּדי מען זאָל זיי אַקצעפּטירן. פון דער צווייטער זײַט, האָט אין ישראל צירקולירט אַ מאָל אַן אַנעקדאָט — ווי איך ווייס איז עס געווען נישט מער ווי אַן אַנעקדאָט — אַז בן־גוריון האָט וועגן מיר געזאָגט אַז איך בין דער איינציקער מאַן אין זײַן רעגירונג. מיך האָט אָבער אַמוזירט וואָס ער (צי דער וואָס האָט צוגעטראַכט דעם אַנעקדאָט) האָט געמיינט, אַז דאָס איז דער גרעסטער קאָמפּלימענט, וואָס מען קען מאַכן אַ פרוי. איך צווייפל צי אַ מאַן וואָלט זיך געפילט דערהויבן, ווען איך זאָג וועגן אים, אַז ער איז געווען די איינציקע פרוי אין מײַן רעגירונג.

אַ פאַקט איז, אַז איך האָב מײַן גאַנץ לעבן געאַרבעט מיט מענער, אָבער דאָס האָט מיר קיין מאָל נישט געשטערט און מיך קיין מאָל נישט אַרײַנגעבראַכט אין קיין פאַרלעגנהייט, נישט אַרויסגערופן אין מיר קיין מינערווערטיקייט־קאָמ־פּלעקס, ווי עס האָט אויך נישט אַרויסגערופן אין מיר דעם געדאַנק, אַז דער מצב פון מענער איז בעסער, אָדער אַז עס איז אָן אומגליק צו געבוירן קינדער. בשום־אופן נישט. מענער האָבן מיך קיין מאָל נישט באַהאַנדלט לפנים־משורת־הדין. אמת איז אָבער, אַז פאַר פרויען וואָס ווילן אויך לעבן מחוץ דער שטוב און נישט נאָר אין דער היים, ווי אויך פאַר פרויען וואָס נייטיקן זיך אין אַזאַ

לעבן, איז אַ סך שווערער ווי פֿאַר מענער, ווײַל זײ טראָגן אַ טאָפּל־שווערערן עול, אויסגענומען די פֿרויען וואָס לעבן אין די קיבוצים ווו דאָס לעבן איז אַזוי אָרגאַניזירט, אַז זײ קענען אַרבעטן און דערציִען אײנצײַטיק די קינדער. און דאָס לעבן פֿון אַן אַרבעטנדיקער פֿרוי, אָן דער כּסדרדיקער אָנווועזנהייט און הילף פֿונעם פֿאָטער פֿון אירע קינדער, איז דרײַפֿאַכיק שווערער ווי דאָס לעבן פֿון וועלכן עס איז מאַן, וואָס איך האָב ווען עס איז באַגעגנט.

אין אַ באַשטימטער מאָס, איז מײַן אײגן לעבן אין תּל־אָביב, נאָכן איבערציִען זיך פֿון ירושלים, געווען אַן אָפּשפּיגלונג פֿון אָט די דילעמעס און שוועריקייטן. תּמיד האָב איך זיך געאײַלט פֿון אײן אָרט צום אַנדערן צו דער אַרבעט, אַהײם, צו אַ זיצונג, נעמען מנחמען צו אַ מוזיק־לעקציע, גײן מיט שרהן צו אַ דאָקטער, אײַנקויפֿן, קאָכן, אַרבעטן און צוריק אַהײם. פֿון דעסטוועגן בין איך נישט זיכער, ביזן הײַנטיקן טאָג, צי איך האָב נישט געשעדיקט די קינדער, צי זײ פֿאַרנאַכלעסיקט, כאָטש כ׳האָב זיך אָנגעשטרענגט זײ נישט צו לאָזן אַלײן אַפֿילו אײן שעה מער ווי עס איז געווען אומבאַדינגט נײטיק. זײ זענען אויסגעוואַקסן געזונטע, פּראָ־דוקטיווע, טאַלאַנטירטע, און גוטע מענטשן, און זענען בײדע וווּנדערלעכע עלטערן פֿאַר זײערע קינדער און וווּנדערלעכע חברים — פֿאַר מיר. כ׳ווײס אָבער, אַז אין זײערע יונגע יאָרן האָבן זײ געהאַט אַ טיפֿן פֿאַרדראָס וואָס שײך מײַן אַרבעט מחוץ דער הײם.

שפּעט אין דער נאַכט פֿלעג איך קאָכן פֿאַר זײ, אָדער פֿאַרריכטן זײערע מלבושים, כ׳פֿלעג מיט זײ גײן אויף קאָנצערטן און פֿילמען. מיר האָבן צוזאַמען אַ סך גערעדט און געלאַכט. צי זענען שײנע און מײַן מאַמע געווען גערעכט, ווען זי האָבן מיר אין משך פֿון יאָרן פֿאַרגעוואָרפֿן, אַז כ׳האָב נישט געגעבן מײַנע קינדער דאָס וואָס עס קומט זײ? כ׳מײן, אַז כ׳וועל קײן מאָל נישט קענען ענטפֿערן צופֿרידנ־שטעלנדיק אויף דער דאָזיקער פֿראַגע און כ׳וועל זי קײן מאָל נישט אויפֿהערן צו פֿרעגן. צי זענען זײ דעמאָלט, אָדער שפּעטער געווען שטאָלץ מיט מיר? איך וואָלט דאָס, פֿאַרשטײט זיך, געוואָלט אָבער כ׳בין נישט זיכער צי אַזאַ שטאָלץ מיט אַ מאַמען קאָן מפֿייס זײַן פֿאַר איר אָפּט פֿעלן פֿון דער הײם. כ׳געדענק, ווען כ׳בין אַ מאָל געווען די פֿאָרזיצערין פֿון אַ פֿאַרזאַמלונג און געבעטן די וואָס זענען „פֿאַר" אויפֿצוהייבן די הענט, האָב איך צו מײַן גרויסער איבעראַשונג באַמערקט מנחמען און שרהן (זײ האָבן זיך אַרײַנגעגנבעט אין זאַל צו נעמען מיך אַהײם) אויפֿהייבן געטרײַ זײערע הענט אויסצודריקן זײער הסכּמה. דאָס איז געווען דער סאַמע דערמוטיקנדיקסטער אויסדרוק פֿון צוטרוי, וואָס איך האָב ווען עס איז באַקומען. דאָך האָב איך געפֿילט, אַז דאָס שטימען פֿאַר דער מאַמען איז ווײַט נישט אַזוי אָנגענעם און וויכטיק פֿאַר די קינדער, ווי טרעפֿן זי אין שטוב ווען זײ קומען פֿון שול.

שפּעטער בין איך, פֿאַרשטײט זיך, געווען זײער אָפֿט אין אויסלאַנד. בעת די

נסיעות האָט אויף מיר זייער געדריקט דאָס שולדגעפיל. כ׳האָב צו די קינדער כסדר געשריבן, אַפילו אויפגענומען פאַר זיי לעבנטס, ווייַל מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס איז אינטימער, און כ׳בין קיין מאָל נישט צוריקגעקומען אָן מתנות. כ׳האָב אָבער שטענדיק געפילט, אַז אין אַ באַשטימטן זינען טו איך זיי אָן עוולה. מיט יאָרן שפּעטער, האָב איך אָט די געפילן אויסגעדריקט אין אַן אַנאָנימען אַרטיקל, געשריבן פאַר אַ באַנד זכרונות, („די אַקערפרוי״) אַרויסגעגעבן דורך אייניקע אַקטיווע פרויען אין יישוב פון יענער צייַט. טיילן פון יענעם אַרטיקל, געשריבן אין 1930, וועלן פאַר אַ סך פרויען זיין מסתמא אינטערעסאַנט אויך הייַנט, ווייַל די פּראָבלעמען, וועלכע האָבן מיך דעמאָלט אַזוי באַאומרויִקט, האָבן זיך קיין סך נישט געביטן, נישט געקוקט אויף די הייַנטיקע וואַשמאַשינען, געפעס־וואַשערס וכדומה, וואָס וואָלטן מיר דעמאָלט אַ סך געווען אַרויסגעהאָלפן:

„בסך־הכל זענען פאַראַן ווייניק פּאַראַלעלן צו די ראַנגלענישן און אָפּקומענישן פון אַן אַרבעטנדיקער מוטער, אָבער אין אָט דעם סך־הכל זענען דאָ אַ סך שאַטי־רונגען און ניואַנסן. פאַראַן מוטערס, וועלכע אַרבעטן נאָר ווען זיי זענען דערצו געצוווּנגען, ווען דער מאַן איז קראַנק אָדער אַרבעטסלאָז, צי ווען די פאַמיליע איז צוליב אַ באַשטימטער סיבה אַראָפּ פון נאָרמאַלן לעבנסוועג. אין אַזעלכע פאַלן פילט די מוטער, אַז די נויט צוויגנט זי צו אַרבעטן, וואָרעם ווען נישט איר אַרבעט וואָלטן די קינדער נישט געהאַט וואָס צו עסן.

„פאַראַן אָבער אויך אַ טיפּ פרויען, וואָס קענען נישט בלייַבן אין דער היים צוליב אַנדערע סיבות. נישט געקוקט אויף דעם אַרט וואָס די קינדער און די משפּחה פאַרנעמען אין איר לעבן, פאָדערן איר נאַטור און איר וועזן עפּעס מער; זי קען זיך נישט אָפּרייַסן פון אַ געזעלשאַפטלעך לעבן מיט אַ ברייטערן פאַרנעם און קען נישט מסכּים זייַן, אַז די קינדער זאָלן פאַרשמעלערן אירע האָריזאָנטן. אַזאַ פרוי קען זיך נישט געפינען קיין רו.

„טעאָרעטיש גענומען זעט עס אויס גאַנץ פּשוט. די פרוי וואָס איז שטענדיק מיט די קינדער, איז זיי איבערגעגעבן, האָט זיי ליב און מ׳קען זיך אויף איר פאַרלאָזן. די קינדער זענען אין גוטע הענט. עס זענען אָבער פאַראַן פּעדאַגאָגן וואָס האַלטן, אַז ס׳איז פּאַקטיש בעסער פאַר די קינדער ווען די מאַמע הויערט נישט כּסדר איבער זיי; די מוטער וואָס איז פאַרנומען מחוץ דער שטוב האָט אויך די גרויסע מעלה צו קענען באַרייַכערן די קינדער, מער ווי ווען זי וואָלט געזעסן אין שטוב. טרעפט דען נישט גאַנץ אָפט, אַז אַ פרוי וואָס איז אין גאַנצן מקריב די דרויסנדיקע וועלט צוליב איר מאַן און קינדער, טוט עס נישט ווייַל אַזוי דיקטירט איר דאָס געפיל און פליכט, די איבערגעגעבנקייט און ליבשאַפט, נייַערט צוליב אומבאַהאָלפנקייט, ווייַל איר נשמה איז נישט מסוגל אַרייַנצונעמען אין זיך די פילזייַטיקייט פון לעבן, זייַנע ליידן און פריידן? ווען אַ פרוי בלייַבט מיט אירע קינדער און גיט זיך נישט אָפּ מיט קיין אַנדערער זאַך, מיינט עס

טאַקע, אַז זי איז געטרײַער פון אַנדערע מאַמעס? ווען אַ פרוי האָט נישט קיין אינטימע פרײַנד, מיינט עס טאַקע אַז זי האָט ליבער איר מאַן?

„די מוטער לײַדט אָבער אויך פון דער עצם אַרבעט, וואָס זי האָט זיך אונטער־גענומען. זי האָט שטענדיק דאָס געפיל, אַז איר אַרבעט איז נישט אַזוי פּראָדוקטיוו ווי די אַרבעט פון אַ מאַן צי פון אַ נישט־חתונה־געהאַטער פרוי. די קינדער ווילן זי דאָך שטענדיק האָבן לעבן זיך, סײַ ווען זיי זענען געזונט און נאָך מער ווען זיי זענען קראַנק. די דאָזיקע אייביקע אינעווייניקסטע צעטיילונג, דאָס ציִען אַהער און אַהין, דאָס געפיל פון נישט־דערפילטער פליכט, הײַנט לגבי דער משפחה און מאָרגן לגבי איר פּאָסטן, שאַפט די שווערע לאַסט וואָס דריקט אויף דער אַרבעט־דיקער פרוי".

דאָס איז נישט געווען קיין גאָר עלעגאַנט געשריבענער אַרטיקל און ווען איך לייען אים הײַנט, זעט עס מיר אויס עטוואָס שטײַף. איך האָב עס אָבער דעמאָלט געשריבן מיט אמתן ווייטיק.

צו דעם אַלעם איז דאָך שׂרה עטלעכע יאָר נישט געווען געזונט. זי האָט געליטן אויף די נירן און עס איז כּמעט נישט פאַרבײַ קיין חודש אָן אַ וויזיט בײַם דאָקטער. זי איז געווען אַ שיין, פריילעך און זייער אינטעליגענט מיידעלע, זייער דיסציפּלינירט לגבי דער שטרענגער דיעטע, וואָס זי האָט געמוזט היטן און אויך לגבי די רפואות; האָט אָפט מאָל לאַנגע וואָכן געדאַרפט ליגן אין בעט. אין אַזעלכע טעג האָט מען זי נישט געקענט לאָזן אַליין צי מיט עמעצן אַנדערש. ווען זי האָט זיך שוין געשטעלט אויף די פיס, האָט מען די גאַנצע צײַט געדאַרפט אויף איר אַכטונג געבן. שיינע און מײַן מאַמע האָבן מיר אַ סך אַרויסגעהאָלפן, כ׳האָב געפילט, אַז איך דאַרף זיך פאַר זיי אַנטשולדיקן, וואָס כ׳גיי אַוועק צו דער אַרבעט אין דער פרי און קום צוריק אין אָוונט.

אַנומלט האָב איך געפונען איינעם פון די בריוו, וואָס איך האָב אין יענער צײַט געשריבן צו שיינען. מען האָט מיך געהאַט געשיקט אויף עטלעכע וואָכן קיין אַמעריקע אין אַ שליחות פון די פּרויען־פּיאָנערן. געווען איז דאָס ס׳ערשטע מאָל נאָך זיבן יאָר וואָס איך האָב זיך אומגעקערט קיין אַמעריקע און אויפן וועג אָפּגעשטעלט זיך אין בריסל, אַנטייל צו נעמען אין אַ צוזאַמענפאָר פון סאָציאַ־ליסטישן אינטערנאַציאָנאַל. בריסל האָט מיך איבערראַשט. כ׳האָב אין גאַנצן געהאַט פאַרגעסן ווי עס האָט אויסגעזען די וועלט מחוץ ארץ־ישׂראל. כ׳האָב זיך פּשוט נישט געגלייבט צו זען אַזוי פילביימער, טראַמווײַען, בלומען און פּרוטקראָמען; שוין געהאַט פאַרגעסן דאָס קילע וועטער און די גרויע הימלען. כ׳בין געווען דער יינגסטער מיטגליד אין אונדזער דעלעגאַציע (אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט בן־גוריון און בן־צבי). איך האָב געהאַט גענוג צײַט צו שפּאַצירן און זיך צוהערן שעהען צו די רעדעס פון באַוווסטע סאָציאַליסטן, וועלכע כ׳האָב קיין מאָל פריִער נישט געזען, מענטשן ווי אַרטור הענדערסאָן, דער פירער פון דער בריטישער

לייבאָר־פּאַרטיי, וועלכער איז געווען דער פּרעזידענט פון סאָציאַליסטישן אינטער־נאַציאָנאַל; לעאָן בלום, וואָס איז שפּעטער געווען דער ערשטער סאָציאַליסטישער און יידישער פּרעמיער אין פראַנקרייך. הענדערסאָן האָט ערשט געהאַט מסכּים געווען צו אָרגאַניזירן אַ ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל און איז דערפאַר שטאַרק אַטאַקירט געוואָרן דווקא דורך יידן, וועלכע זענען נישט געווען קיין ציוניסטן. וואָס שייך אונדז, איז די אַטמאָספער געווען זייער אָנגעלאָדן, אָבער נישט געקוקט דערויף האָב איך זיך גענומען אַ שעה צייט אויף צו פּרוּוון — פון דער ווייטנס — איבערצוצייגן שיינען, אַז איך בין נישט סתּם אַן עגאָיִסטישע און שלעכטע מוטער.

„איך וויל נאָר איין זאַך — האָב איך געשריבן פון בריסל — מען זאָל מיך פאַרשטיין און מיר גלויבן. דאָס איז פאַר מיר אומבאַדינגט נייטיק. מיין געזעל־שאַפטלעכע באַשעפטיקונג איז נישט קיין צופעליקע.... פאַר מיין אַרויספאָרן האָט דער דאָקטער מיר פאַרזיכערט, אַז שרהס געזונט־צושטאַנד דערלויבט מיר צו פאָרן; פאַר מנחמען האָב איך געמאַכט די נייטיקע איינאָרדענונגען... אָבער אין איצטיקן מצב האָב איך נישט געקענט אָפּזאָגן דאָס וואָס מען האָט פון מיר געפאָדערט. גלויב מיר, כ׳ווייס אַז דאָס וועט נישט ברענגען משיחן, אָבער לויט מיין מיינונג טאָר מען נישט דורכלאָזן קיין שום געלעגנהייט אויפצוקלערן מענטשן וואָס קאָנען משפּיע זיין, וואָס מיר ווילן און ווער מיר זענען". כאָטש שיינע אַליין האָט זיך געגרייט צו פאָרן קיין אַמעריקע, לערנען דיעטעטיק, איבערלאָזן אירע עלטערע צוויי קינדער אין ארץ־ישראל, האָט זי נישט אויפגעהערט מיך צו באַשולדיקן, אַז איך ווער פאַרוואַנדלט אין אַ „געזעלשאַפטלעכער פּערזענלעכ־קייט" און אַז איך בין נישט אַ טייל פון דער היים. אויך מיין מוטער האָט מיך כּסדר געשטראָפט. כ׳מיין, אַז מיך האָט באַזונדערס באַאומרויִקט וואָס די קינדער האָבן געדאַרפט עסן מיטאָג אַן מיר אין בשותּפותדיקן עסזאַל, אין שיכּון־העובדים, ווו מיר האָבן געוווינט, אויף דער הירקון־גאַס, קעגן איבער דעם ים, אין צפון תּל־אָביב. דאָס עסן האָט געקאָסט טייער, אָבער איז געווען אויסגעצייכנט.

אין דער אמתן זענען מיר געווען איינגעאָרדנט. כ׳פלעג שטענדיק פאַרדינגען איינס פון אונדזערע דריי צימערן, כּדי די קינדער זאָלן נישט בלייבן אַליין (יאָרן־לאַנג בין איך געשלאָפן, און זייער גוט, אויף אַ סאָפע אין אונדזער סאַלאָן, וואָס איז אויך געווען אַן עסצימער). ווען איך האָב געדאַרפט פאָרן קיין אויסלאַנד, האָב איך געהאַט ווער עס זאָל אַריינקומען און אַכטונג געבן אויף די קינדער. זיי האָבן מיך אָבער, פאַרשטייט זיך, געזען ווייניקער ווי זיי האָבן זיך גענייטיקט. איך האָב קיין מאָל נישט געהאַט גענוג צייט, תּמיד זיך געראַנגלט צווישן מיינע פליכטן פאַר דער היים און מיינע פליכטן פאַר דער אַרבעט.

היינט פאַרנעמט די הסתּדרות אַ ריזיקן בנין אויף איינער פון די הויפּט־גאַסן אין תּל־אָביב און עס איז דאָרט ווי אין אַ בינשטאָק, מיט קלאַנגען פון הונדערטער

קולות, שרײַבמאַשינען און טעלעפֿאָנען, אָבער אין יענער צײַט האָט אַלץ אויסגעזען אַנדערש. מיר האָבן געהאַט בלויז עטלעכע צימערן, עטלעכע סטענאָטיפּיסטינס, איין טעלעפֿאָן. אַלע האָבן זיך געקענט צווישן זיך. מיר זענען געווען חברים אין סאַמע ממשותדיקסטן זינען פֿון וואָרט און כּמעט מיר פֿלעגן די גאַנצע צײַט זיך אַמפּערן איבער פּרטים און מעטאָדן, האָבן מיר געהאַט דעם זעלבן קוק אויפֿן לעבן, געגלייבט אין די זעלבע ווערטן. מײַן פֿרײַנדשאַפֿט מיט די דאָזיקע מענטשן האָט אָנגעהאַלטן — אויף אַזאַ אָדער אַנדערן אופֿן — ביזן הײַנטיקן טאָג (כּמעט די לעצטע פֿאַר יאָר בין איך געווען אויף אַ סך לוויות פֿון חברים, וועלכע זענען געווען יונג ווען אויך איך און די הסתדרות זענען יונג געווען).

פֿון דער דאָזיקער גרופּע זענען דרײַ אָדער פֿיר שפּעטער געוואָרן באַקאַנט מחוץ דעם יישוב. איך וועל נאָך שפּעטער שרײַבן וועגן בן־גוריונען, וואָס איז געוואָרן, מיט רעכט, די פֿאַרקערפּערונג פֿון ישראל אין די אויגן פֿון גאָר דער וועלט און עס איז כּמעט זיכער, אַז ער וועט דערמאָנט ווערן ווי איינער פֿון די גרעסטע יידן פֿון 20סטן יאָרהונדערט. צווישן אונדז אַלע איז ער געווען דער איינציקער, אויף וועלכן מ׳קען זאָגן, אַז דאָס יידישע פֿאָלק האָט זיך אין אים געניייטיקט אין זײַן קאַמף פֿאַר אומאָפּהענגיקייט. אין יענער צײַט האָב איך אים אָבער קוים געקענט. צווישן די מענטשן, מיט וועלכע איך האָב זיך בעסער באַקענט, איז געווען שניאור־זלמן שזר, שפּעטער דער דריטער נשיא פֿון מדינת־ישראל; לוי אשכּול, דער דריטער פּרעמיער; דוד רמז, בערל קאַצענעלסאָן און יוסף שפּרינצאַק, דער ערשטער פּאַרזיצער פֿון דער כּנסת.

איך האָב זיך באַקענט מיט שזרן (וואָס האָט פֿריער געהייסן רובאַשאָוו) צום ערשטן מאָל, באַלד נאָך אונדזער פֿאַרלאָזן מרחביה. עס איז געווען אַן ערשטער מײַ, דער אַרבעטער־יום־טוב. איך בין אַוועק מיט מאָריסן אויף אַ מיטינג אײַנגעאָרדנט פֿון דער הסתדרות, אין הויף פֿון דער הרצליה־גימנאַזיע. איך האָב קיין מאָל נישט געהאַט קיין הנאה אויסצוהערן לאַנגע רעדעס, — אַפֿילו וועגן דער אַרבעטער־באַוועגונג, — און מײַנע מחשבות האָבן אַ ביסל געבלאָנדזשעט ווען איינער אַ יונגערמאַן האָט זיך אויפֿגעשטעלט צום רעדן. איך זע אים איצט פֿאַר די אויגן, אַ קרעפּטיקער, אין אַ רובאַשקע (רוסישע בלוזע, וואָס אַרבעטער האָבן דעמאָלט געטראָגן אין לאַנד), אַ גאַרטל אַרום דער טאַליע און כאַקי־הויזן. ער האָט גערעדט מיט אַזאַ ברען און ענטוזיאַזם און אין אַזאַ ווונדערלעכן העברעיִש, אַז איך האָב גלײַך געפֿרעגט ווער דאָס איז. „דאָס איז רובאַשאָוו", האָט מען געענטפֿערט מיט אַ פֿאַרוואורף, ווי גלײַך איך האָב דאָס געדאַרפֿט וויסן. — „אַ פּאָעט, אַ רייבער, אַ גאָר וויכטיקער מענטש". ווען איך האָב אים טאַקע באַקענט, האָט ער אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן רושם און מיט דער צײַט זענען מיר געוואָרן פֿרײַנד.

נישט ווי אַ טייל פֿון אונדז, וואָס וואָלטן אין אַנדערע באַדינגונגען און אין אַנדערע סיטואַציעס ווייניק דערגרייכט, האָט שזר פֿאַרמאָגט ווונדערלעכע פּערזענ־

לעכע פּעיִקייטן. ער איז געווען אַן אמתער געלערנטער, מיט טיף ייִדיש וויסן, ווי עס פּאַסט פּאַר אַ זון פון אַ באַרימטער משפּחה פון ליובאַוויטשער חסידים (ער האָט געהייסן שניאור־זלמן, נאָכן ערשטן ליובאַוויטשער רבין). געווען אַ באמת טאַלאַנטירטער זשורנאַליסט, עסייִסט און רעדאַקטאָר. ער איז געשטאָרבן אין 1974 אין עלטער פון 85 יאָר, אַ יאָר נאָכן פאַרלאָזן דעם אַמט פון נשיא. ווען ער איז שוין געווען אַ גאַר אַלטער מאַן, פלעגן יונגע מענטשן אין ישראל שמייכלען (כ׳גלויב אַז מיט ליבשאַפט), ווען זיי האָבן געהערט זײַנע לאַנגע, מליצהדיקע רעדעס, פול מיט געפיל, וואָס האָבן זיך אין סטיל ווייניק געביטן זינט די צוואַנציקער יאָרן.

שזר האָט תמיד געהאַט צו זאָגן עפּעס באַדײַטנדיקס, כאָטש עס האָט תמיד בײַ אים עפּעס לענגער געדויערט. ווי אַ נשיא האָט ער שטענדיק אונטערגעשטראָכן דאָס אחדות פון — ווי ער האָט עס אָנגערופן — דער ישראל־משפּחה און געמיינט האָט ער אַלע ייִדן אין לאַנד, פון אייראָפּעיִשן אָפּשטאַם און די טויזנטער און טויזנטער פון די אַראַביש־רעדנדיקע לענדער, פאַר וועלכע חסידות און ייִדישע קולטור האָבן גאָרנישט געמיינט. לאַנגע יאָרן איז ער געווען דער רעדאַקטאָר פון „דבר", די טאָגצײַטונג פון דער אַרבעט־באַוועגונג. איך געדענק, וואָס עמעץ האָט מיר אַ מאָל געזאָגט: „זלמן האָט אַ גרעסערע הנאה פון פאַרריכטן די גרײַזן וואָס אַ צווייטער שרײַבט, איידער אַליין צו שרײַבן. ער וואָלט גיכער געדאַרפט זײַן אַ לערער".

ער איז קיין מאָל נישט געווען קיין לערער, אָבער איז געווען ישראלס ערשטער בילדונג־מיניסטער, אין 1948, אַן אַמט, וואָס ער האָט אָנגענומען מיט גרויס ענטוזיאַזם. כ׳האָב שטענדיק ליב געהאַט צו הערן די מעשה וועגן זײַן ערשטן טאָג אין מיניסטעריום. דאָס באַווײַזט קלאָר, וואָס פאַר אַ וואַרעמער מענטש ער איז געווען, איבערגעגעבן און אַן פּרעטענזיעס. ווען ער איז אָנגעקומען אין מיניסטעריום, האָט ער געזען, אַז מען האָט פאַר אים באַשטימט אַ צימער און אַ סעקרעטאַר, אָבער נישט קיין שרײַבמאַשין. דאָס האָט שזרן ווייניק געאַרט. ער האָט אויפֿגעהאַנגען זײַן הוט, האָט זיך אַוועקגעזעצט און צו זײַן נײַעם סעקרעטאַר געזאָגט קורץ: „ביטע, שרײַבט אַן די נאָטיץ. נישטאָ קיין שרײַבמאַשין? ס׳מאַכט נישט אויס. פאַרצייכנט עס מיט דער האַנט: אַלע קינדער אין ישראל, צווישן פיר און אַכצן יאָר, וועלן באַקומען פרײַע בילדונג, פון העכסטער קוואַליטעט". ווען דער סעקרעטאַר האָט באַמערקט, אַז מען דאַרף אפשר צוואַרטן עטלעכע טעג ביז דאָס וועט זיך לאָזן רעאַליזירן, ווײַל די מדינה איז דאָך ערשט אַלט איין טאָג, האָט שזר פאַרדראָסיק געזאָגט: „אַז ס׳קומט צו בילדונג, וויל איך נישט הערן קיין שום וויכּוחים. דאָס איז מײַן ערשטע פאַראָרדענונג, פאַר וועלכער איך בין פאַראַנטוואָרטלעך ווי אַ מיניסטער". ער האָט באמת נאָך אַ גאַר קורצער צײַט פּראָקלאַמירט דאָס ערשטע בילדונג־געזעץ אין ישראל.

װען שזר איז געװען נשיא און איך פּרעמיער, פלעג איך אים זען אַזױ אָפט װי מעגלעך. ער האָט פײַנט געהאַט די רעלאַטיװע איזאָלאַציע פון דער פּרעזידענטשאַפט. איך פלעג אים אָפט אָפּרופן אָדער אים באַזוכן, כּדי ער זאָל זיך נישט פאַרפּלאָנטערן אין עקספּלאָזיװע פּאָליטישע סיטואַציעס, באַזונדערס אַזעלכע װאָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט דער אַרבעט־באַװעגונג. „פאַרגעס נישט, זלמן, אַז דו ביסט איצט פּרעזידענט״ — פלעג איך אים זאָגן — „און דאַרפסט זיך נישט אַרײַנמישן״. ס׳רוב האָט שזר געשאָקלט אומעטיק מיטן קאָפּ, אָבער דאָך אָנגענומען מײַן עצה.

לוי אשכּול (פריִער שקאָלניק) איז אױך געװען פון די יונגע צװאַנגדיקע מענטשן, מיט װעלכע איך האָב זיך באַפרײַנדט אין די צװאַנציקער יאָרן. ער איז געװען אין גאַנצן אַנדערש פון שזרן, כאָטש ער האָט אױך געשטאַמט פון אַ חסידישער משפּחה פון רוסלאַנד. ער איז געװען מער אַ מענטש פון מעשׂים װי פון װאָרט. ער איז געקומען קײן ארץ־ישׂראל אין עלטער פון 19 יאָר, האָט געאַרבעט װי אַן ערד־אַרבעטער אין פאַרשײדענע טײלן פון לאַנד און דערנאָך זיך אָנגעשלאָסן אין ייִדישן לעגיאָן צוזאַמען מיט בן־גוריונען און בן־צבי (ער האָט זיך יאָרן־לאַנג גערימט, אַז ער איז געװאָרן קאָפּראַל פריִער װי בן־גוריון).

װען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, איז לוי אשכּול געװאָרן אַ חבר אין דגניה און פון דאָרט האָט אים געבראַכט די הסתּדרות, אָבער די פאַרבינדונג מיטן קיבוץ איז בײַ אים נישט אָפּגעשװאַכט געװאָרן זײַן גאַנץ לעבן. אשכּול איז געװען דער אמתער טיפּ פון די פּראַגמאַטישע אידעאַליסטן פון יענער צײַט. זײַן גרױסער אינטערעס איז געװען באָדן, װאַסער און פאַרטײדיקונג, כאָטש נישט דװקא לױט דער פּריאָריטעט. ער איז געװען גליקלעך צו פאַרנעמען זיך מיט אָט די פּראַקטישע און דעצידירנדיקע ענינים. אַבסטראַקטע פּאָליטיק האָט אים נישט געצױגן און ער האָט פײַנט געהאַט ביוראָקראַטישע פּראָצעדורן. װען ער האָט זיך אָבער אײַנגעשפּאַנט אין אַ ספּעציפישן פּראָמעסט, האָט ער אים אױסגעפירט מיט עקשנות, מיט שװונג און חריפות. װײל מען אַ ייִדישע נאַציאָנאַלע הײם, דאַרף מען באַזעצן ייִדן אױף באָדן, נישט געקוקט װיפל עס קאָסט און װאָס פאַר אַ שטרױכלונגען די מאַנדאַט־רעגירונג לײגט אױפן װעג פון די ייִדישע אינסטיטוציעס, װאָס װילן קױפן דעם באָדן. „נישטאָ גענוג אָרט אַרײַנצולאָזן אַ קאַץ אין ארץ־ישׂראל״ — האָט דאָס בריטישע קאָלאָניעס־מיניסטעריום געזאָגט אין יאָר 1929, פּרוּװנדיק באַרעכטיקן די אומבאַרעכטיקטע פּאָליטיק צו באַגרענעצן ייִדישע עליה און דאָס אײַנקױפן באָדן. האָט אשכּול פאַרבראַכט זײַנע װײַטערדיקע דרײַסיק יאָר זוכנדיק באָדן, װוּ מ׳האָט געקענט אױפשטעלן נײַע ייִדישע יישובֿים, װי דער אָנפירער פון קאָלאָניזאַציע־דעפּאַרטאַמענט בײַ דער ייִדישער אַגענץ האָט ער זיך פאַרנומען מיטן גרינדן קרוב 400 נײַע ייִדישע דערפער. ער האָט געװוּסט, אַז מען קען נישט אױפשטעלן קײן יישובֿים אָן װאַסער און װאַסער מוז מען זוכן.

דאָס מײנט אַ סך געלט. ער האָט געוווּסט ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן די אינטענסיווע זוכענישן נאָך וואַסער און ווי אַזוי צו געפֿינען דאָס געלט, כאָטש נישט אין אַ פֿאַרנעם וואָס זאָל סטײַען אויף אײביק. אויב עס איז פֿאַראַן באָדן, וואַסער, אָבער אויך פֿײַנטלעכע שכנים, דאַרף מען דאָך שאַפֿן געווער און אויסשולן אַן אַרמיי. די געשיכטע פֿון אשכּולס בײַשטײער צו ישׂראלס מיליטערישער קראַפֿט, זינט 1921 (ווען ער האָט זיך אַנגעשלאָסן אין ערשטן הגנה־קאָמיטעט פֿון דער הסתּדרות), לענג־אויס זײַן תּקופֿה ווי אַ פּרעמיער און זיכערקייטס־מיניסטער, אָנהייבנדיק אין 1963, איז אַ באַזונדער קאַפּיטל. ווי אַ פּרעמיער בעת דער זעקסטאָגיקער מלחמה, האָבן זײַנע קריטיקערס אים שטאַרק באַעוולט אויף אַ זייער נישט אָנשטענדיקן אופֿן, פֿאַרוואַרפֿנדיק אים זײַן מכּלומרשטע נישט־אַנט־שלאָסנקייט, כאָטש עס איז זיכער, אַז אַ מנהיג, וואָס פֿאַרטראַכט זיך נישט בײַם אַרויסשיקן יונגע מענטשן אין שלאַכט, איז אַ נאַציאָנאַל אומגליק. עס זענען אַרומגעגאַנגען כּל־מיני רשעותדיקע אַנעקדאָטן וועגן זײַן מכּלומרשטער אומ־פֿעיִקייט אָנצונעמען אַ באַשלוס. אשכּולס גרויסע דראַמע אין זײַנע לעצטע יאָרן (ער איז געשטאָרבן פֿון אַ האַרצאַטאַק, וואָס איז לויט מײַן מיינונג, אַן איידע־לער נאָמען פֿאַר אַ צעבראָכן האַרץ — אין 1969), איז געווען זײַן שטרײַט מיט בן־גוריונען, וועמענס געטרײַער אָנהענגער ער איז געווען אין משך פֿון צענדליקער יאָרן און האָט אויף זײַן פֿאַרלאַנג איבערגענומען, מיט אומווילן, דעם אַמט פֿון פּרעמיער־מיניסטער אין יאָר 1963. דער דאָזיקער ביטערער קאָנפֿליקט האָט אַרומגענומען די גאַנצע אַרבעטער־באַוועגונג און כּמעט געבראַכט צו אַ צעשפּליטערונג אין לאַנד. אָבער דאָס געהערט צו אַ פֿיל שפּעטערדיקער תּקופֿה און איך וועל זיך איצט נישט אָפּשטעלן אויף דעם.

אשכּול איז נישט געווען, אויב ניצן אַ מאָדערן וואָרט, „כאַריזמאַטיש", האָט נישט פֿאַרמאָגט קיין גלאַנץ, איז אָבער געווען אַן אויסערגעוויינטלעך־שעפֿערישע פּערזענלעכקייט, אַ מענטש וואָס האָט נישט אָפּגעלייגט צו טאָן דאָס וואָס מען האָט געדאַרפֿט טאָן, ווי שווער דאָס זאָל נישט זײַן. ער האָט זיך גערעכנט מיט מענטשן און זייערע געפֿילן. ער האָט פֿון אָנהויב אָן אַרויסגערופֿן מײַן סימפּאַטיע און צוטרוי. כאָטש ווען מיר האָבן צוזאַמען געאַרבעט אין תּל־אָביב אין יענע יאָרן, איז קיינעם נישט אײַנגעפֿאַלן, אַז ער וועט אַ מאָל זײַן פּרעמיער־מיניסטער און אַז איך וועל נאָך אים איבערנעמען זײַן אַמט. אין די פֿופֿציקער יאָרן ווען אשכּול איז געווען פֿינאַנס־מיניסטער און איך אַרבעט־מיניסטער זענען צווישן אונדז געווען אַ סך צוזאַמענשטויסן, אָבער קיין מאָל נישט קיין פּערזענלעכע. דאָס זענען געווען די יאָרן, ווען די יונגע מדינה איז געווען פֿאַרפּלייצט פֿון טויזנטער אָרעמע, נישט־דערנערטע היימלאָזע ייִדן, וואָס זענען געקומען פֿון די לאַגערן אין אייראָפּע און פֿון די געטאָס אין די אַראַבישע לענדער. דער איינציקער אופֿן אויפֿצונעמען זיי איז געווען אויפֿצושטעלן פֿאַר זיי אונדזערע אייגענע דורכגאַנג־לאַגערן.

אין אײנעם אַ טאָג איז אשכול מיט אימפּעט אַרײַן אין מײַן ביוראָ און געשריגן: „מיר מוזן זיי אַרויסנעמען פון די לאַגערן און פונאַנדערשפּרייטן איבערן לאַנד, כאָטש איך ווייס נישט ווי אַזוי מיר וועלן עס טאָן און פון וואַנען מיר וועלן נעמען דאָס געלט און ווי אַזוי זיי וועלן פאַרדינען אויף צו לעבן, אָבער דאָס מוז געטאָן ווערן״. איך האָב געענטפערט, אַז דאָס איז איצט אוממעגלעך, אַז דאָס מוז נעמען צײַט, אָבער ער האָט זיך געהאַלטן בײַ זײַנס. ער איז געווען געערגערט און קוקנדיק אויף צוריק וויל איך זאָגן, אַז ס׳איז אַ פּראָגע, צי ישראל וואָלט איבערגעלעבט יענע ערשטע כאַאָטישע יאָרן, נאָך 1948, ווען אשכול וואָלט נישט געדריקט מען זאָל אַרויסנעמען פון די קליטה־צענטערס קרוב זיבן הונדערט טויזנט עולים און תיכּף זיי פונאַנדערשפּרייטן איבערן לאַנד אין געצעלטן־שטעט, וועלכע זענען ווי שוואָמען אויסגעוואַקסן אין משך פון אייניקע וואָכן, אָבער אַזוי אַרום דערמעגלעכט זייער אַבסאָרבציע.

ווי אַן אַרבעט־מיניסטער איז מײַן אויפגאָבע געווען צו געפינען פאַר זיי אַרבעט און אַרויסנעמען זיי פון די מיזערנע געצעלטן און כ׳האָב כסדר געמאָטערט אשכולן, געפּאָדערט געלט פאַר ספּעציעלע פּראָיעקטן און וווינונגען. ער האָט אָבער געהאַט אַנדערע פּריאָריטעטן און אַ לאָזונג: „מען קען נישט מעלקן קיין הײַזער, מען קען נאָר מעלקן קי. אויב דו ווילסט איצט געלט, איז נאָר פאַר איין זאַך — פאַר קי״. איך בין איין מאָל געוואָרן זייער אין כעס, אַוועק צו בן־גוריונען און געזאָגט, אַז איך רעזיגניר. „איך האָב זיך אונטערגענומען צו זײַן מיניסטער פאַר אַרבעט און אַנטוויקלונג (דאָס האָט אויך געמיינט דירות), נישט מיניסטער פאַר אַרבעטסלאָזיקייט און געצעלטן״. פאַרשטייט זיך, אַז לסוף האָב איך נישט רעזיגנירט און אשכול האָט געפונען געלט אויך פאַר וווינונגען.

נאָך אַ פרײַנד וואָס איך האָב דערוואָרבן אין יענע ערשטע יאָרן, ווען כ׳האָב צוריק אָנגעהויבן אַרבעטן, איז געווען דוד רמז, וועלכן כ׳האָב שוין דערמאָנט. ער האָט אויך ווי אשכול, פאַרמאָגט וואַרעמקייט און חוש פאַר הומאָר און פּונקט ווי אשכול האָט ער זיך פאַרמאָסטן אויף פּראַקטישע ענינים אין ציוניזם, אויף פּראָיעקטן פון סולל־בונה און שפּעטער אין דער הסתדרות, באַזונדערס מיט טראַנספּאָרט־ענינים, אויף ים און יבשה. ער האָט אַפילו געמאַכט אַנשטרענגונגען אָנצוהייבן אַ לאָקאַלן פליפאַרקער. רמז, וועלכער האָט געהערט צו די לעצטע פון דער צווייטער עליה (אַן ערך איבער פינף און דרײַסיק טויזנט ייִדן, וואָס זענען געקומען אין לאַנד צווישן די יאָרן 1905 ביזן אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה), איז אין אַ באַשטימטער מאָס געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר יענעם דור חלוצים. אין דער יוגנט האָט ער געשריבן פּאָעזיע, גערעדט און געלייענט וועגן סאָציאַליזם, אַנטוויקלט אַ טיפע נייגונג צו העברעיִש און שטודירט יורי (אַ צײַט געלערנט אין אוניווערסיטעט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, ווו ער האָט זיך געטראָפן מיט בן־גוריונען, מיט בן־צבי און דעם יונגן משה שרת), אָבער קומענדיק אין

לאַנד האָט ער אָוועקגעלייגט די ביכער־חכמה, די טעאָריעס, זיך געגומען צום רידל און אין משך פון שווערע פינף יאָר געטאָן פּראַקטיש דאָס וואָס ער האָט געפּריידיקט ווי אַן אַרבעטער אין יידישע פּרדסים און וויַנגערטנער אין לאַנד.

אַלע זייַנע יאָרן (געשטאָרבן אין 1951) האָט רמז געלעבט מיט לייַדנשאַפט־לעכן אומרו פאַרן אינהאַלט פון דער באַוועגונג — די אַרבעטער־אייַנהייט און די צוקונפט פון סאָציאַליזם אין דער יידישער נאַציאָנאַלער היים — און מיט נישט קיין קלענערן גלייַכן אומרו פאַר דער פאָרם. ער איז פּונקט אַזוי געווען פאַראינטערעסירט אין דער אויפלעבונג פון דער העברעיִשער שפּראַך ווי פון יידישן פלאָט. אין דער פרייַער צייַט האָט ער זיך פאַרנומען מיט שאַפן נייַע העברעיִשע ווערטער, פון אַלטע שורשים, פאַרן טאָג־טעגלעכן באַנוץ. אַפילו די ווערטער וואָס ער האָט געשאַפן (די וויכטיקסטע דרייַ — פאַר בולדאָזער, וועג־סיגנאַליזאַציע און סטאַזש), האָבן געהאַט אַ כאַראַקטעריסטישע שייַכות צום פּראַקטישן לעבן און נישט צו אידעאָלאָגיע, הגם ער איז געווען גאָר אַקטיוו אין דער אָנפירונג פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, אַ סך יאָרן גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער הסתדרות. אגב, אין 1948 איז רמז געווען צווישן די, וואָס האָבן צונויפ־געשטעלט די דעקלאַראַציע פון ישראלס אומאָפּהענגיקייט. מיטן אויפקום פון דער מדינה איז רמז געוואָרן איר ערשטער טראַנספּאָרט־מיניסטער און דערנאָך מיניסטער פאַר בילדונג. מיר פלעגן זיך אָפט באַגעגענען און עס איז געווען אַן ענלעכקייט אין אונדזער צוגאַנג צו ענינים. רמז איז געווען פון די ווייניקע הברים מייַנע, מיט וועמען איך פלעג זיך שטענדיק באַראָטן אין פּערזענלעכע נישט־פּאָליטישע ענינים און כ׳פלעג זיך סומך זייַן אויף זייַן עצה און אָנווייַז. זיי פלעגן מיר טאָקע ביזן הייַנטיקן טאָג.

איבער אַלעמען איז געווען בערל קאַצענעלסאָן. ער איז געשטאָרבן אין 1944 און נישט דערלעבט צו זען דעם אויפקום פון דער יידישער מדינה. איך פרעג זיך אָפט מאָל, וואָס ער וואָלט וועגן איר, דער מדינה, און וועגן אונדז געטראַכט. בלי־ספק וואָלטן אַ סך זאַכן אויסגעזען אַנדערש — און טאָקע בעסער — ווען בערל קאַצענעלסאָן וואָלט מיט אונדז געווען פאַר די לעצטע דרייַסיק יאָר. די אַרבעט־באַוועגונג — און ער איז בלי־ספק געווען איר גייַסטיקער אָנפירער און וועגווייַזער — וואָלט פאַרבליבן געטרייַער צו זיך אַליין און צו אירע גרונטיקע פּרינציפּן. און אונדזער געזעלשאַפט וואָלט אפשר געווען געבענטשט מיט מער גלייַכהייט. בערל האָט אין דער באַוועגונג אויסגעפירט אַ באַזונדערע ראָלע, נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט פאַרנומען זייער ווייניק אָפיציעלע אַמטן. איך שעם זיך וואָס, כאָטש מען האָט אַרויסגעגעבן זייַנע אַרטיקלען און רעדעס אין צוועלף בענד, איז נאָך אַלץ נישט אָנגעשריבן געוואָרן זייַן אמתע ביאָגראַפיע. איך בין נישט קיין היסטאָריקער און איך קען נישט (און וויל אויך נישט) פּרווון אַנאַליזירן צי אַפילו אָפּשאַצן בערלס גרויסע השפעה אויף אונדז אַלעמען. איך

קען אָבער לפּחות אים פֿאַרשטעלן פֿאַר דער װעלט, מחוץ די גרענעצן פֿון ישראל: ער איז געװען דער אײנציקער מענטש, װעלכן מיר אַלע, אױך בן־גוריון, האָבן שטאַרק פֿאַרערט און ער האָט אונדז אַלע געדינט װי אַן אומאָפּפּרעגלעכע און זײער באַליבטע מאָראַלישע אױטאָריטעט.

פּיזיש האָט בערל נישט געמאַכט קײן שטאַרקן רושם. ער איז געװען פֿון נידעריקן װוּקס, זײַנע האָר זענען שטענדיק געװען צעשױבערט, די קלײדער צעקנײטשט, אָבער זײַן פּנים האָט געשטראַלט מיט אַ האַרציקן שמײכל. זײַנע אױגן, תּמיד אַ ביסל טרױעריקע, זענען אין דיר אַרײַנגעדרונגען און װער עס האָט מיט אים אײן מאָל געשמועסט, האָט אים מער נישט פֿאַרגעסן. איך געדענק אים, װי כ׳האָב אים הונדערטער מאָל געזען, זיצן אין אַלטן צעקנײטשטן פּאַלטעל אין אײנעם פֿון זײַנע צװײ צימערן אָנגעפּילט מיט ביכער, װוּ ער האָט געװױנט אין צענטער פֿון תּל־אָבֿיבֿ; אַהין איז מען געקומען צו אים און דאָרט האָט ער געאַרבעט (ער האָט פֿײַנט געהאַט צו גײן אין ביוראָ). „בערל װיל דו זאָלסט צו אים אַרײַנקומען״, האָט געקלונגען װי אַ באַפֿעל, װאָס קײנער האָט נישט אָפּגעזאָגט. דאָס הײסט נישט, אַז ער האָט זיך געפֿירט פֿון אױבן אַראָפּ, צי אַז ער האָט געגעבן באַפֿעלן, אָבער קײן שום זאַך איז נישט געטאָן געװאָרן, עס איז נישט אָנגענומען געװאָרן קײן אײן װיכטיקער באַשלוס פֿאַר דער אַרבעט־באַװעגונג בפֿרט און פֿאַרן יישובֿ בכלל, מען זאָל פֿריער נישט אָנפֿרעגן בערלס מײנונג.

ער איז געזעסן אין פּאַטעל, האַלטנדיק די גאָמבע אין האַנט, האָט גערעדט, זיך צוגעהערט שעהען־לאַנג און זײַן מײנונג איז שטענדיק געװען דעצידירנדיק, כאָטש זײַנע אײנציקע אַדמיניסטראַטיװע אַמטן אין דער באַװעגונג זענען געװען: רעדאַקטאָר פֿון „דבֿר״ און דירעקטאָר פֿון פֿאַרלאַג „עם עובֿד״. איך בין זיכער, אַז װען ער װאָלט דערלעבט דאָס יאָר 1948, װאָלט ער זיך אָפּגעזאָגט אַרײַנצוגײן אין דער רעגירונג און מיר װאָלטן נאָך אַלץ געזוכט זײַן דערמוטיקונג און עצה. נישט פֿאַלשע ענװתנות, װאָס ער האָט געהאַלטן פֿאַר דאָס ביליקסטע, האָט אים אָפּגעהאַלטן פֿון שטרעבן צו מאַכט. ער האָט באמת נישט געהאַט קײן אינטערעס פֿאַרן פּאָליטישן אַפּאַראַט, װאָס איז אין זײַנע אױגן געװען מינערװערטיק. דערקעגן האָט ער מיט אַ טיפֿן ברען זיך אַרײַנגעטאָן אינעם מהות פֿון יעדן פּראָבלעם, װאָס איז געשטאַנען אױף דער טאָג־אָרדענונג. ער איז געװען ענלעך צו אַן אַרכעאָלאָג װאָס גראָבט כּדי אױסצוגעפֿינען דעם אמת; לרובֿ איז ער צו אים דערגאַנגען, נישט רעכענענדיק זיך מיט דעם װאָס איז דער מאָדע, אָדער קען ברענגען פּאָפּולאַריטעט. דערפֿאַר האָט אין משך פֿון אַלע צװאַנציקער, דרײַסיקער און אָנהױב פֿערציקער יאָרן, ביז זײַן טױט, קײנער אין דער אַרבעט־באַװעגונג נישט אױסקריסטאַליזירט קײן באַשלוס אין אַ װיכטיקערן ענין, נישט אָנפֿרעגנדיק פֿריִער װאָס עס טראַכט װעגן דעם בערל.

אַחוץ זײַן אומגעשטילטן דאָרשט נאָך אמת, האָ ער געהאַט לפּחות נאָך

צוויי וויכטיקע מעלות. בערל איז געווען אַ מענטש מיט אַ דורכדרינגענדיקער אינטעליגענץ און אַ סך שאַרם. מ׳האָט געמוזט מושפּע ווערן פון זײַן וויסן און פון זײַן פּערזענלעכקייט. איך געדענק, ווי ער פלעג בײַ די פּאַרטיי־קאָנפערענצן פאַרברענגען ס׳רוב צײַט אין די קאָרידאָרן און שמועסן מיט „נישט־וויכטיקע" מענטשן וועגן וויכטיקע זאַכן, אַנשטאָט צו זיצן אויבנאָן מיט די פּאַרטיי־פירערס. אָבער ווען עס איז געקומען זײַן ריי צום רעדן, האָט יעדער געוואָלט זײַן נאָענט צו אים. ער איז נישט געווען קיין אָראַטאָר. ער האָט קיין מאָל נישט געהאַלטן קיין אָפיציעלע רעדעס, קיין מאָל נישט גערעדט צו עמעצן. ער איז געשטאַנען אויף דער בינע און געשמועסט — צו מאָל שעהען־לאַנג — פלעג אַ זופּ טאָן פון צײַט צו צײַט פון גלאָז וואַסער און מיט וווּנדערלעכער פּשטות באַהאַנדלען אין יעדער זאַך די מאָטיוון פאַר און קעגן. ער האָט געניצט זײַן גלאַנציקן אינטעלעקט צו באַלײַכטן און אויפקלערן קאָמפּליצירטע ענינים. הערנדיק אים האָט קיינער נישט געמאַכט קיין נאָטיצן, נישט געשושקעט זיך און נישט אַרויסגעגאַנגען פון צימער, כאָטש ער פלעגט אָפט מאָל רעדן צוויי צי דרײַ שעה אָן איבערײַס.

און וואָס האָט ער געגלייבט? ווי אַ סך פון אונדז — מיר וואָלטן עס פאַרגעסן ווען בערל וואָלט עס אונדז נישט דערמאָנט אַזוי אָפט — האָט ער געגלייבט, אַז אונדזער סאָציאַליזם דאַרף זײַן אַנדערש; אַז מיר שאַפן אַ געזעל־שאַפט און נישט נאָר אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין; אַז דער קלאַסנקאַמף האָט נישט קיין באַדײַט אין אַ געזעלשאַפט וואָס האָט נאָך נישט קיין קלאַסן. ער האָט געגלייבט, אַז ציוניזם איז איינע פון די גרעסטע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען אין דער וועלט און אים באַצייכנט ווי „די אַקס, אַרום וועלכער עס באַוועגט זיך די מאָדערנע ייִדישע געשיכטע". דאָס מיינט, פלעגט ער זאָגן, אַ פולשטענדיקע מרידה קעגן דער גלות־פאַרשקלאַפונג (שעבוד־גלויות), אין יעדער פאָרם; און „דאָס שאַפן אַן אַרבעטנדיקן ייִדישן ייִשוב, פאַרוואָרצלט אין אַלע צווײַגן פון דער לאַנדווירטשאַפט און דער אינדוסטריע". ער איז געוואָרן דער גײַסטיקער פאָטער פון די וויכטיקסטע קערפּערשאַפטן אין דער הסתדרות. בערל איז געווען דער וואָס האָט פאָרמולירט די נויטווענדיקייט פון אַן אַרבעטער־באַנק, פון אַ קאָאָפּע־ראַטיוו פאַר הורטהאַנדל און פון אַ קראַנקן־קאַסע פאַר אַרבעטער. אָט די זאָרג פאַר פּרינציפּיעלע ענינים האָט דערפירט ער זאָל זײַן דער ערשטער אַרויסצוברענגען דעם געדאַנק פון אַ גרויסער נישט־סעלעקטיווער עליה (אין אַ צײַט ווען די טענדענץ אין דער אַרבעט־באַוועגונג איז געווען צו שטיצן חלוצים, וועלכע האָבן דורכגעמאַכט אין אויסלאַנד אַ צוגרייטונג, אַ הכשרה, אין דער לאַנדווירטשאַפט) און דערנאָך דעם געדאַנק פון דער אַזוי גערופענער אומלעגאַלער עליה. „פון איצט אָן" — פלעגט ער זאָגן — „וועט דער פּליט שפּאַנען בראָש און נישט דער חלוץ". ער האָט גערעדט וועגן אויספורעמען דעם ייִשוב דורך העראָישע מעשים, בהדרגהדיק, שריט בײַ שריט, ווי עס איז טאַקע געשען, כאָטש בערל האָט נישט

דערלעבט דאָס צו זען. אײנער פון די דאָזיקע קלײנע עטאַפּן וואָס אויך ער איז פאַר זיי געווען פאַראַנטוואָרטלעך, איז געווען צו שיקן פון ארץ־ישראל ייִדן הינטער די נאַצי־ליניעס (אין די ראַמען פון די אַרמייען פון די פאַראײניקטע פעלקער) אין פאַרייִאושטן פרווו צו דערגײן צו די ייִדן פון אײראָפּע, בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה. ער איז אויך געווען דער ערשטער צווישן אונדז וואָס האָט פאָרמולירט די דרינגענדיקע פאָדערונג אויף מלוכהשאַפט, כאָטש בן־גוריון האָט די דאָזיקע פאָדערונג געבראַכט פאַר דער וועלט, אויף אַ צוזאַמענטרעף אין אַ ניו־יאָרקער האָטעל, אין 1942.

עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז כאָטש ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ גרויסער ערודיציע, האָט ער נישט געהאַט קײן פאָרמעלע בילדונג. קינדווייַז איז ער געווען קראַנק און האָט געלערנט אין שטוב. אַזוי אַרום האָט ער געהאַט צײַט צו לייענען, „איך האָב געלייענט אַלץ וואָס איך האָב נאָר געקענט געפינען" — האָט ער מיר אַ מאָל געזאָגט — „דעם תּלמוד, אין העברעיִש און אין אַרעמיש, פּושקינען און גאָרקין, אין רוסיש, מענדעלע מוכר־ספרים אין ייִדיש, געטע און הײַנע אין דײַטש". ווען ער איז אַלט געווען דרײַצן יאָר איז זײַן פאָטער געשטאָרבן און בערל האָט צוגעהאָלפן אין דער פּרנסה דורך געבן פּריוואַטע לעקציעס.

דערפאַר וואָס ביי אים פלעג עס דויערן לאַנג ביז ער פלעג דערגײן צו אַ באַשלוס אין וועלכן נישט איז ענין, האָט ער תמיד באַוווּנדערט מענטשן ווי בן־גוריון, וועלכע פלעגן זיך קענען שנעל דעצידירן און אַריבערגיין צו מעשים. ער האָט בן־גוריונען געהאַלטן פאַרן גרעסטן מלוכה־מאַן, וואָס די באַוועגונג און דאָס ייִדישע פאָלק האָבן געהאַט אין „אונדזער צײַט". ביזן לעצטן טאָג פון זײַן לעבן האָט בן־גוריון געהאַט בערלס פאָטאָגראַפיע אויף זײַן שרײַבטיש, (דאָס איז אויך די אײנציקע פאָטאָגראַפיע איצט אין מײַן קאַבינעט). אײן מאָל האָט בערלס קילע באַציִונג צו אַ פּאָליטישער ליניע, וואָס בן־גוריון האָט זי געשטיצט, דערפירט אַז די אָפּשטימונג אין מפא"י אין אויסגעפאַלן קעגן בן־גוריונען, נישט ווייַל בערל האָט אַגיטירט אָדער געפּרוווט ווירקן אויף עמעצן קעגן אים. פאַר דער אָנפירונג איז געווען צו וויסן, אַז בערל איז נישט פאַר אַ באַשטימטן ענין, כדי ער זאָל זייער פאָרזיכטיק באַהאַנדלט ווערן, אפילו ווען בן־גוריון אַליין האָט דעם ענין פאַרגעלייגט. אין יאָר 1937 איז בן־גוריון געווען פאַרן פאָרשלאַג צו צעטיילן דאָס לאַנד, לויטן פּלאַן פון דער פּיל־קאָמיסיע. בערל האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט דערצו מיר זאָלן מסכּים זײַן און אָננעמען דעם חלוקה־פּלאַן. ער האָט געהאַלטן (און די צוקונפט האָט באַוויזן אַז ער איז געווען גערעכט), אַז די ענגלענדער וועלן דעם פּלאַן קײן מאָל נישט פאַרווירקלעכן, נאָר אונדזער הסכּמה וועט פאַרצייכנט ווערן און וועט זיכער אויסגענוצט ווערן קעגן אונדז.

ער איז געווען אַ זייער ליבער מענטש, אָן קײן שום ציניזם, ער האָט געווידמעט דער יוגנט אַ סך פון זײַן צײַט — אפשר דערפאַר, וואָס ער האָט אַליין נישט

געהאַט קיין קינדער. ווען איך פלעג דאַרפן רעדן מיט אים, האָט ער מיך געגומען אויף אַ לאַנגן שפּאַציר. ער פלעגט שפּרייזן אַהין און צוריק, ביז האַלבער נאַכט, אויף דער ראָטשילד־אַלעע, דורכטראַכטן פאַרשיידענע זאַכן: וואָס עס געשעט אין רוסלאַנד (ער האָט פיינט געהאַט די באַלשעוויקעס), דאָס אָרט וואָס העברעיִש דאַרף פאַרנעמען אין דער ציוניסטישער רעוואָלוציע, די וויכטיקייט פון אַרויסגעבן גוטע פאַרוויילונגס־ביכער אין עברית און די וויכטיקייט אויפצוהאַלטן דאָס אַחדות פון ייִדישן פאָלק דורך אָפּהיטן שבת און כשרות אין אַלע עפנטלעכע אינסטיטוציעס פון דער ייִדישער נאַציאָנאַלער היים. ער האָט פיינט געהאַט צו זיין געבונדן צו אַ באַשטימטן צייט־קאַלענדאַר און פלעגט מיר געבן וויפל צייט איך האָב נאָר געוואָלט; ער האָט נישט געקוקט אויפן זייגער; אויך דערפאַר האָב איך אים ליב געהאַט. ער פלעגט זיך טרעפן מיט יוגנט־גרופּעס אין גאַנצן לאַנד און אויסהערן זייערע רייד. כ׳דערמאָן זיך אַ שבת, אַ קורצע צייט פאַר זיין טויט, ווען כ׳האָב געגומען אַ גרופּע יונגוואַרג (אויך שרהן) אין אַ קיבוץ, ווו בערל האָט פאַרבראַכט אַ סוף וואָך. בערל מיט פופצן בחורים און מיידלעך זענען געזעסן אויפן גראָז אַ גאַנצן נאָכמיטאָג, גערעדט און צוגעהערט זיך איינער צום אַנדערן. ער האָט אין רחובות, אין 1943, אָרגאַניזירט אַ חודשלעכן שטודיום־קורס מיט יונגוואַרג פון גאַנצן לאַנד. אַט זע איך אים מיט זיי אויף דער טעראַסע, זיין אַלט גרוי היטל אַראָפּגערוקט אויפן שטערן, און ער הערט זיך אויפמערקזאַם צו צו געדאַנקען, דווקא נישט אָריגינעלע, וואָס אַ בחור האָט אַרויסגערוקט לגבי דער הסתדרות.

איך וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן די שרעקלעכע נאַכט, ווען בערל איז געשטאָרבן אין ירושלים, פון אַ פּלוצעמדיקן האַרצאַטאַק. מיט יאָרן שפּעטער, ווען מ׳האָט אומגעבראַכט אין אַמעריקע דעם פּרעזידענט קענעדי און גאַנץ אַמעריקע איז געווען פּאַראַליזירט פון דערשטוינונג און טרויער, האָב איך געטראַכט וועגן יענער נאַכט, מיט דרייסיק יאָר פריִער, ווען בערל איז געשטאָרבן און קיינער פון אונדז האָט זיך דעמאָלט נישט געקענט פאָרשטעלן ווי אַזוי מ׳וועט קענען ממשיך זיין אָן אים. כ׳בין געווען אין תל־אביב, אויף אַ פאָרשטעלונג אין הבימה, און אַהיימפאָרנדיק אין אויטאָבוס האָב איך געהערט ווי מענטשן שעפּטשען צווישן זיך ווי עס וואָלט געשען עפּעס אַ מוראדיקע זאַך. אין 1944 זענען די גאַנצע צייט געשען מוראדיקע זאַכן און איך בין געוואָרן אומרויִק. כ׳האָב דערזען אַ גרופּע פריינד ביי מיין הויז, אויף דער הירקון־גאַס. זיי האָבן מיך אָפּגעוואַרט. „בערל איז געשטאָרבן" — האָבן זיי מיר געזאָגט. מער איז שוין נישט געווען צו זאָגן. איך בין גלייך אַוועקגעפאָרן קיין ירושלים. בן־גוריון איז יענע נאַכט געווען אין חיפה, אָבער ווען ער האָט דערהערט די ידיעה, האָט קיינער נישט געוואָגט צו רעדן מיט אים. ער איז די גאַנצע נאַכט געלעגן אויף זיין בעט, געציטערט און געוויינט. ער האָט פאַרלוירן דעם איינציקן מענטש, וועמענס מיינונג ער האָט באמת געשאַצט, אפשר זיין איינציקן, אמתן פריינד.

## קאַפּיטל זעקס

# „מיר װעלן קעמפן קעגן היטלערן"

מיר איז אָפט אױסגעקומען צו זײַן אין אױסלאַנד, אין 1929 און 1930. אײן מאָל בין איך צוריקגעפאָרן קײן אַמעריקע אין שליחות פון דער מועצת־הפועלות, צװײ מאָל באַזוכט ענגלאַנד ,אויך װי אַ פאָרשטײערין פון דער אַרבעט־באַװעגונג. אין יענער צײַט איז מען נישט אַריבערגעשפּרונגען דעם אָקעאַן אין אַן עראָפּלאַן (כאָטש כ'בין צום ערשטן מאָל געפלױגן אין 1929 קײן אַמעריקע, געזעסן גלײַך און שטײַף, פאַרגליװערט פון שרעק און געהאָפט אַז קײנער איז נישט קײן מבין דערויף). און יעדע נסיעה קײן אױסלאַנד האָט געדױערט אײניקע װאָכן. איך האָב געװוּסט, אַז שרה און מנחם זענען מלא־פּחד װען איך בין נישטאָ. אין די זעלטענע פאַלן, װען איך האָב געמוזט, צוליב קאַפּװײטיק, בלײַבן אין תּל־אָביב, האָבן זײ געטאַנצט אַרום מיר פאַר פרײד און געזונגען: „די מאַמע בלײַבט הײַנט אין שטוב! דער מאַמען טוט װײ דער קאָפּ! הײַנט בלײַבט די מאַמע אין שטוב!" דאָס האָט נישט געהאָלפן צום קאָפּװײטיק, ס'האָט שטאַרק װײ געטאָן דאָס האַרץ; אָבער איך האָב געלערנט דערפון, אַז אַ מענטש קען זיך צו אַלץ צוגעװױנען, אױב מען דאַרף אַפילו אײביק פילן זיך שולדיק.

עס איז געװען זײער מאָדנע אומצוקערן זיך נאָך זיבן יאָר קײן אַמעריקע. געװען איז עס, װי קומען אין אַ פרעמד לאַנד. עס האָט געדױערט ביז איך האָב זיך אָנגעהױבן צו אַריענטירן אין ניו־יאָרק, זיך אַן עצה געבן מיטן רײַזעפּלאַן פון די באַנען און אַפילו צוריק זיך צוגעװױנען צום קלאַנג פון ענגליש אַרום מיר, כאָטש ס'רוב פרױען, מיט װעלכע איך האָב געאַרבעט, האָבן גערעדט ייִדיש. מ'האָט מיך געשיקט צו דער אָרגאַניזאַציע „פּרױען־פּיאָנערן", געגרינדעט מיט דרײַ־פיר יאָר פריִער דורך רחל ינאית בן־צבי צוזאַמען מיט פרױען װעמענס מענער זענען געװען אַקטיװ אין דער אַמעריקאַנער פּועלי־ציון־באַװעגונג. כמעט אַלע פרױען האָבן געשטאַמט פון אײראָפּע, האָבן אין דער הײם גערעדט ייִדיש. בײַ מענטשן, װאָס האָבן זײ נישט געקענט, האָבן זײ אױסגעזען װי זײערע מאַמעס, טיפּישע „ייִדישע מאַמעס" פון דעם אַרבעטער־קלאַס, װאָס זײער הױפּטזאָרג איז געװען צו דערנערן זײער משפּחה און אױפהאַלטן די הײם. זײ זענען אָבער, פאַרשטײט זיך, געװען אַנדערש: יונגע, אידעאַליסטישע, פּאָליטיש באַװוּסטזיניקע און ליבעראַלע פרױען. דאָס װאָס עס געשעט אין ארץ־ישׂראל האָט זײ שטאַרק אינטערעסירט און געװען פאַר זײ פון גרױס באַדײַטונג. זײ האָבן געפונען צײַט צו זײַן אַקטיװ אין דער אָרגאַניזאַציע, צו זאַמלען געלט פאַר די װירטשאַפטן,

וועלכע האָבן צוגעגרייט מיידלעך צו לאַנדווירטשאַפטלעכער אַרבעט אין פּתח־תקווה, נחלת־יהודה און חדרה, ערטער וואָס זיי האָבן קיין מאָל נישט געזען און נישט געהאָפּט זיי צו זען. למען האמת, זענען די אידעאַלן פון דער ציוניס־טישער אַרבעטער־באַוועגונג אין 1929 נישט געווען באַזונדערס פּאָפּולער אין ערגעץ און אין אַמעריקע מסתמא ווייניקער ווי אומעטום. דערפאַר איז די אַרבעט פון די פּרויען־פּיאָנערן לטובת מועצת־הפּועלות, געווען, מילד גערעדט, אַ שווערע.

כ׳האָב געטאָן וואָס איך האָב געקענט צו העלפן און מוטיקן, געהאַלטן רעדעס, געענטפערט אויף הונדערטער פראַגעס, דערקלערט די דרינגענדיקייט פון די הכשרה־פאַרמעז פאַר פרויען, גערעדט שעהען וועגן דער בייַער געזעלשאַפט, וואָס ווערט געשאַפן אין ייִדישן לאַנד דורך דער אַרבעט־באַוועגונג, וועלכע טראָגט מיט זיך גאַראַנטיעס פאַר פולער גלייַכבאַרעכטיקונג פאַר פרויען. כ׳האָב אויך גערעדט וועגן דער פּאָליטישער אַרענע אין ארץ־ישראל און כ׳בין געווען איבערראַשט און דערמוטיקט פונעם אינטערעס, וואָס אָט די פרויען האָבן אַרויס־געוויזן פאַר די ניואַנסן אין די פּאָליטישע שטרעמונגען, וועלכע זענען אין יענער צייַט געווען רעפּרעזענטירט אין די אַרבעטער־פראַקציעס פון ייִשוב. אין פאַרלויף פון יענעם יאָר האָבן זיך געהאַלטן בייַם פאַראייניקן צוויי גרעסערע אַרבעטער־פּאַרטייען: הפּועל הצעיר וואָס האָט זיך אין אַ גרויסער מאָס געפונען אונטער דער השפּעה פון א.ד. גאָרדאָן און אחדות־עבודה (צו וועלכער איך און זיי האָבן געהערט), וואָס איז געווען באַזירט אויף אַ סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע און זיך באַטראַכט ווי אַ טייל פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל. נישט געקוקט אויף די חילוקי־דעות צווישן זיי, האָבן זיי זיך פאַראייניקט אין איין פּאַרטיי, וועלכע מ׳האָט אַ נאָמען געגעבן מפּא״י, בעת דער השומר־הצעיר, וועמענס רוב חברים זענען געווען מענטשן פון קיבוצים מיט אַ מאַרקסיסטישער אידעאָלאָגיע, האָט געהאַלטן אין וואַקסן.

נאָך אַ לענגערער צייַט, אין די פערציקער יאָרן, האָט זיך אַ גרופּע פון מפּא״י אָפּגעשפּאָלטן און האָט צוזאַמען מיט די לינקע פּועלי ציון און מיטן השומר־הצעיר געשאַפן אַ נייַע פּאַרטיי, וועלכע האָט זיך גערופן מפּ״ם (פאַראייניקטע אַרבעטער־פּאַרטיי). שפּעטער, בייַם סוף פון זעכציקער יאָרן, זענען געקומען נאָך גורלדיקע ענדערונגען, אָבער מפּא״י איז אַלע יאָרן געבליבן די רעגירנדיקע פּאַרטיי. איר געשיכטע איז די געשיכטע פון לאַנד גופא און אין מדינת־ישראל איז נאָך קיין מאָל נישט געווען קיין רעגירונג, אין וועלכער מפּא״י זאָל נישט האָבן אַ מערהייט אפילו ווען די מערהייט איז געווען אַ קליינע. וואָס שייך מיר, איז מפּא״י מלכתחילה געווען מייַן פּאַרטיי און מייַן געטרייַקייט צו איר איז קיין מאָל נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן און אויך נישט דאָס באַוווסטזייַן, אַז דער אייַנציקער פעסטער פונדאַמענט פאַרן סאָציאַליסטישן ציוניזם איז די מאַכט פון איין אייַנציקער פאַראייניקטער אַרבעט־פּאַרטיי, וואָס רעפּרעזענטירט פאַרשיי־

דענע מײנונגען. שפּעטער האָב איך נישט אײן מאָל געהאַט די מעגלעכקײט צו געבן אַ פּראַקטישן אױסדרוק דעם דאָזיקן פעסטן באַוווּסטזײַן.

בכל־אופן האָבן די מיטגלידערינס אין די פּרויען־פּיאָנערן אַרויסגעוויזן אַ גוואַלדיקן אומרו פֿאַר אַלץ וואָס געשעט אין ארץ־ישראל און עס איז פֿאַר מיר געווען אַ גרויסע סאַטיספאַקציע צו וויסן, אַז איך שפּיל אַ וויכטיקע ראָלע אין זײער אַרבעט, הגם כ׳האָב מורא געהאַט פֿאַר זײער פעסטן באַשלוס צו בלײַבן אַ גרופּע יידיש־רעדנדיקע אין דעם לאַנד ווו די יידישע אימיגראַציע פון אײראָפּע איז פון יאָר צו יאָר געוואָרן קלענער. זײ האָבן מיר כסדר פֿאַרזיכערט, אַז אַלע זײערע קינדער רעדן יידיש און אַז די צײַטונגען און דאָס טעאַטער אין דער יידישער שפּראַך בליען נאָך אין אַמעריקע. אויך איך בין געקומען פון אַן אימיגראַציע־לאַנד און פּונקט אַזוי ווי כ׳בין געווען זיכער, אַז אין ארץ־ישראל וועט עברית סוף־כל־סוף ירשענען די יידישע שפּראַך, בין איך אויך געווען זיכער, אַז אויב די פּרויען־פּיאָנערן וועלן נאָך אויסהאַלטן אַ יאָרצענדליק, וועלן זײ מוזן אויסברייטערן זײער באַזע און ווערבירן אין זײערע רייען ענגליש־רעדנדיקע פּרויען, יינגערע, „אַמעריקאַניזירטע״. אויך וועגן דעם האָב איך גערעדט מיט מײַנע אַמעריקאַנער חברטעס.

איך בין אויך געפֿאָרן קיין קליוולאַנד זען קלאַראַן. זי האָט אין צווישן חתונה געהאַט מיט פרעד שטערן און געהאַט אַ שיין, אינטעליגענט און קלוג יינגעלע, דניאל־דוד. איך האָב נישט געהאַט געזען קלאַראַן פון זינט זי איז געווען אַ קליין מיידעלע און כאָטש מיר פלעגן זיך דורכשרייבן פון צײַט צו צײַט (די עלטערן האָבן זיך דורכגעשריבן מיט איר רעגולער), האָט געדויערט ביז איך האָב זיך צוגעוווינט צו איר. עס האָט אויסגעזען כאילו מיר זענען צוויי באַזונדערע וועלטן און אַזוי איז עס טאַקע געווען. אַלץ וואָס איז פֿאַר מיר געווען וויכטיק האָט זיך געפונען אין ארץ־ישראל. אַלץ וואָס איז געווען וויכטיק פֿאַר קלאַראַן, האָט זיך געפונען אין אַמעריקע. איך בין געווען אין גאַנצן איבער־געגעבן דעם ציוניזם און אויף וויפל איך האָב אָנגעהויבן מײַן קאַריערע (כאָטש כ׳האָב קיין מאָל נישט געטראַכט אין אַזעלכע טערמינען), איז געווען קלאָר, אַז מײַן אָרט איז אין די רייען פון דער אַרבעט־באַוועגונג פון יישוב. קלאַראַ און פרעד זענען ביידע געווען סאָציאַליסטן. ווען איך האָב זײ באַגעגנט האָט פרעד שוין געהאַט זײַן דיפּלאָם, ער איז געווען אַ זײער אינטעליגענטער מענטש, אַ גרויסער ערודיט, מיט אַ סך קולטור, ער איז מער־ווייניקער אויסגעוואַקסן אויף די גאַסן פון מילוואָקי; ווען ער איז אַלט געווען זעקס יאָר האָט ער שוין פֿאַרקויפט צײַטונגען און איז צו אַלץ דערגאַנגען מיט די אײגענע כוחות. זײ זענען געווען אַרײַנגעטאָן אין יידישן לעבן נישט ווייניקער פון מיר, אויף וויפל עס האָט געהאַט צו טאָן מיט דער קהילה און סאָציאַלער אַרבעט, אָבער נישט אין פּאָליטישן און נאַציאָנאַלן זינען. מיר האָבן גערעדט פולשטענדיק פֿאַרשיידענע שפּראַכן. איך

האָב געוווּסט, אַז קלאַראַ וועט בלײַבן אין אַמעריקע נישט דערפֿאַר ווײַל דאָס לעבן איז פֿאַר איר דאָרט גרינגער (איך בין געווען דערשטוינט צוזעענדיק זייער אַרעמקייט אין קליוולאַנד), נאָר ווײַל זי האָט געפֿילט, אַז דאָרט איז איר אָרט. זי איז געווען פֿאַראינטערעסירט אין ארץ־ישׂראל, אָבער דאָס איז געווען אַן אַקאַדעמישער אינטערעס. פֿרעד ווידער האָט מיר אין פֿאַרלויף פֿון עטלעכע שעה אויפֿגעקלערט, אַז ער איז קעגן יעדן נאַציאָנאַליזם, און ציוניזם האַלט ער פֿאַר דער רעאַקציאָנערסטער באַוועגונג.

קלאַראַ און פֿרעד האָבן געטראַכט צו באַנוגענען זיך מיט איין קינד, כּדי צו האָבן די מעגלעכקייט אַלץ אים צו געבן, אָבער ווי די מאַמע פֿלעגט זאָגן: „אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט". דניאל־דוד איז געשטאָרבן אין עלטער פֿון 18 יאָר. דערנאָך איז פֿרעד געוואָרן שווער קראַנק, האָט פֿאַרלוירן אַ פֿוס און איז אין משך פֿון יאָרן געווען צוגעשמידט צום בעט. קלאַראַ האָט אָבער קיין מאָל נישט באַקלאָגט זיך אויף איר גורל, שטענדיק שווער געאַרבעט און אויף צו להכעיס אַלע טראַגעדיעס מצליח געווען אין איר פּראָפֿעסיע. זיי האָבן זיך איבערגעצויגן אין ברידזשפּאָרט, קאָנעטיקאָט. געווען איז עס פֿאַר דודס טויט און פֿרעדס קרענק. קלאַראַ איז דאָרט געוואָרן דער עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פֿון פֿאַראייניקטן יידישן ראָט. אָבער איז 1929 האָב איך בלויז געוווּסט, אַז מײַן קליין שוועסטערל וועט נישט זײַן מיט אונדז צוזאַמען אין ארץ־ישׂראל און דאָס האָט מיך זייער מצער געווען.

אין 1930 בין איך ווידער אַרויסגעפֿאָרן. כ׳האָב אָנטייל גענומען אין דער קאָנפֿערענץ פֿון די סאָציאַליסטישע פּרויען אין ענגלאַנד. עס זענען דאָרט געווען מער ווי טויזנט דעלעגאַטינס און צום ערשטן מאָל האָב איך געזען ווי נישט־יידן מחוץ ארץ־ישׂראל קענען ווערן אַזוי פֿאַראינטערעסירט אין דעם וואָס מען האָט שוין דעמאָלט גערופֿן „די ארץ־ישׂראל־פּראָבלעם". איך האָב אויף דער קאָנפֿערענץ גערעדט נישט מער ווי עטלעכע מינוט, אָבער דערנאָך האָט מען מיך געבעטן רעדן פֿאַר קלענערע גרופּעס אין פֿאַרשיידענע ערטער אין ענגלאַנד און צום ערשטן מאָל האָב איך באַגעגנט די ענגלענדער אין זייער היימלאַנד. די סאָציאַליסטישע פּרויען, וועלכע האָבן מיך באַשיט מיט פֿראַגעס וועגן דער הסתדרות, קיבוץ, מועצת־הפּועלות, וועגן אונדזער לעבנס־שטייגער און אונדזערע באַציִונגען מיט די אַראַבער, זענען געווען גאַנץ אַנדערש ווי די בריטישע ליידיס, וועלכע איך האָב באַקענט אין ארץ־ישׂראל גופֿא. אין ארץ־ישׂראל האָבן די ענגלענדער אונדז באַטראַכט ווי אַ מערקווערדיקע, קאָמפּליצירטע ראַסע „ניישיוס", מיט ווייניקער צוליבער פֿון די עניוותדיקע און קאָלירפֿולע אַראַבער, פּרעטענציעזער און מיט מער פֿאָדערונגען. אָבער אין ענגלאַנד גופֿא, אין לאָנדאָן, מאַנטשעסטער און האַל האָב איך גערעדט מיט פֿרויען וואָס זענען באמת געווען באַצויבערט פֿון ציוניסטישן „עקספּערימענט" און וועלכע, הגם נישט שטענדיק מיט סימפּאַטיע,

זענען לפחות געווען להוט צו לערנען די פּאַקטן.

כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז ציוניסטישע רעדעס וועלן אויף זיי נישט מאַכן קיין גרויסן רושם און כ׳האָב דערפאַר באַשלאָסן, אַז עס וועט זײַן אַ סך צוועקמעסיקער אַרויסצוברענגען פאַר זיי עטלעכע פּשוטע אמתן. מיר האָבן אין 1929 געהאַט נאָך אַ כוואַליע אַראַבישע עקסצעסן, אָנגעפירט פון ירושלימער מופטי אַמין־אַל־כוסייני (שפּעטער באַקאַנט דורך זײַן פּראָפאַשיסטישער און נאַצישער אַגיטאַציע צווישן די אַראַבער, בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה) און כאָטש די ענגלענדער האָבן צוריק אײַנגעפירט רו און אָרדענונג, האָבן זיי עס געטאָן אויף אַזאַ אופן, אַז די אַראַבער זאָלן וויסן, אַז קיינער וועט נישט שטרענג באַשטראָפט ווערן פאַר הרגענען ייִדן אָדער רויבן ייִדיש פאַרמעגן. כ׳בין דעריבער געווען זייער צופרידן מיט דער מעגלעכקייט צו קענען אויפקלערן פאַר מײַנע ענגלישע שוועסטער־סאָציאַליסטינס די סיבות און דעם גאַנג פון די געשעענישן.

בעת אַט דעם באַזוך האָב איך זיך באַגעגנט — אויך צום ערשטן מאָל — מיט פרויען־מיטגלידער פון בריטישע קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטן און געהערט זייערע באַגײַסטערטע באַריכטן וועגן די וווּנדער אין ראַטנפאַרבאַנד. כ׳געדענק, ווי כ׳האָב דעמאָלט געטראַכט, אַז ווען מיר וואָלטן זיי געבראַכט קיין ארץ־ישראל און זיי געוויזן וואָס מיר האָבן דערגרייכט, וואָלטן זיי אפשר אויך וועגן אונדז גערעדט מיטן זעלבן ענטוזיאַזם. איך האָב וועגן דעם קיין מאָל נישט געביטן מײַן מיינונג און ביזן הײַנטיקן טאָג גלייב איך, אַז אַ באַזוך אין ישראל איז מער ווערט פון הונדערט רעדעס.

אין יענעם יאָר בין איך ווידער געפאָרן קיין לאָנדאָן אויף אַ וואָך אָדער צוויי ווי אַ דעלעגאַטין צו דער אימפּעריאַלער לייבאָר־קאָנפערענץ. ראַמזיי מאַקדאָנאַלד איז דעמאָלט געווען פּרעמיער. הגם ער אַליין איז געווען סימפּאַטיש געשטימט צום ייִשוב און פאַראינטערעסירט אין זײַן פאַרשריט, איז עס אָבער געווען זײַן רעגירונג, וועלכע האָט פאַרעפנטלעכט דאָס טרויעריק באַקאַנטע ווייסבוך פון 1930 (פּאַספילד־באַריכט), וואָס האָט באַגרענעצט די ייִדישע עליה און ייִדישע קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל. דרײַצן יאָר נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע האָט אויסגעזען, אַז די ענגלענדער זענען מער פאַראינטערעסירט אין מפייס זײַן די אַראַבער, איידער האַלטן זייער צוזאָג צו די ייִדן. עס האָט זיך געשאַפן דער אײַנדרוק, ווי אונדזער בעל־הבית וואָלט געוואָלט איבעררײַסן דעם קאָנטראַקט, כאָטש אין 1930 האָט קיינער זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז סך־הכל בערך אַכצן יאָר שפּעטער וועלן די ענגלענדער דערקלערן, אַז מ׳קען דעם מאַנדאַט נישט אויספירן.

אפשר דערפאַר וואָס כ׳האָב לאַנג געלעבט אין אַמעריקע בין איך נישט געווען אַזוי באַצויבערט פון די ענגלענדער, ווי אַ סך פון מײַנע חברים. איך האָב באַוווּנדערט און פאַרערט דאָס בריטישע פאָלק, אַרײַנגערעכנט די אָנפירונג

פון דער לייבאָר־פּאַרטיי, אָבער כ׳וואָלט נישט געזאָגט, אַז עס איז געווען פאַר מיר אַן איבערראַשונג ווען זיי האָבן אונדז פאַרראַטן אַזוי שענדלעך, דעמאָלט און אויך שפּעטער. אַ סך, אויב נישט דער רוב יִידן אין ארץ־ישראל, האָבן אין יענע יאָרן געליטן פון זייער פּאַטעטישן גלויבן, אַז ענגלאַנד וועט נישט ברעכן דעם הסכּם מיט אונדז, נישט געקוקט אויף דעם שטײַגנדיקן אַראַבישן דרוק און דער טראַדיציאָנעלער פּראָאַראַבישער שטעלונג פונעם קאָלאָניעס־מיניסטעריום. איך מײַן, אַז דער אומווילן זיך צו פאַרמעסטן מיטן פאַקט, אַז די בריטישע רעגירונג האָלט אין בײַטן איר מיינונג וואָס שייך איר אַחריות כּלפּי די ציוניסטן, האָט געשטאַמט פון דעם דרך־ארץ וואָס יִידן, דערצויגן אין מיזרח־אייראָפּע פון 19טן יאָרהונדערט, האָבן געהאַט פאַר דער בריטישער דעמאָקראַטיע.

בדרך־כּלל זענען ס׳רוב פון מײַנע חברים געניגט געווען צו זען אין די בריטישע פּאַרלאַמענטאַרישע ווי אויך ציווילע אַנשטאַלטן און פּראָצעדורן ממש וווּנדערלעכע פענאָמענען, בעת איך, וואָס האָב געהאַט געלעבט אין אַ דעמאָקראַטיע, בין געווען ווייניקער פאַרבלענדט. עס איז, אַגב, מערקווערדיק וואָס טראָץ אונדזער לאַנגן, שטורמישן און אָפט מאָל שרעקלעכן קאָנפליקט מיט די ענגלענדער, און נישט געקוקט אויף דעם ווי דער קאָנפליקט האָט זיך געענדיקט אין 1948, האָבן יִידן דאָך געהאַט אַן אמתן אָפּשײַ פאַרן ענגלישן פאָלק, און עס האָט זיי מער ווי געטאָן פון אים באַוואָלט צו ווערן ווי פון יעדן אַנדערן פאָלק. ס׳זענען געווען דערפאַר פאַרשיידענע סיבות. די ערשטע, איז, פאַרשטייט זיך, דאָס וואָס ענגלאַנד האָט אונדז געגעבן די באַלפור־דעקלאַראַציע. די צווייטע, ווייל יִידן האָבן קיין מאָל נישט פאַרגעסן אַז די ענגלענדער זענען געשטאַנען אַליין קעגן די נאַציס. נאָך אַ סיבה איז אפשר, לויט מײַן מיינונג, דער אײַנגעבוירענער יִדישער רעספּעקט פאַר טראַדיציע. על־כּל־פּנים, אין משך פון די איבער דרײַסיק יאָר האָט דער יִישוב שטענדיק געמאַכט אַ קלאָרן אונטערשייד צווישן דער מאַנדאַט־רעגירונג אין ארץ־ישראל און דעם ענגלישן פאָלק, צווישן ענגלענדער אויף דער גאַס און די באַאַמטע אין קאָלאָניעס־מיניסטעריום צי אין אויסערן־מיניסטעריום; יִידן האָבן נישט אויפגעגעבן די האָפענונג אין ענגלאַנדס אומבאַגרענעצטער הילף, אָבער אויף דער פּאָליטישער פלאַך איז עס פאַרבליבן אַן אײַנזײַטיקע ליבע.

פריִער אָדער שפּעטער וואָלט מען מיך סײַ ווי געשיקט פון דאָס נײַ קיין אַמעריקע, אָבער אין 1932 איז שׂרה שווער קראַנק געוואָרן און איך האָב פאַרגעשלאָגן צוריקצופאָרן קיין אַמעריקע צוזאַמען מיט די קינדער, כּדי שׂרה זאָל דאָרט באַקומען די מעדיצינישע באַהאַנדלונג פון ספּעציאַליסטן, הגם די דאָקטוירים אין לאַנד זענען נישט געווען זיכער, צי זי וועט קענען אויסהאַלטן די נסיעה. זי האָט אויסגעזען שרעקלעך, איר קליין פּנימל איז געווען אַזוי געשוואָלן, אַז איך האָב טייל מאָל נישט אַרויסגעזען אירע אויגן. און זי האָט

די גאַנצע צײַט געהאַט היץ. „ווערסט זי דערהרגענען אויב דו וועסט זי נעמען קיין אַמעריקע" — האָט אונדזער דאָקטער געזאָגט — „טאָרסט נישט אַריבערפאָרן מיט איר דעם אָקעאַן". די ספּעציאַליסטן זענען געווען בײַ דער זעלבער מיינונג. מען האָט אויף איר פּאַקטיש אַרויפגעצוווּנגען אַ כּסדרדיק פאַסטן. עס זענען געווען טעג ווען מען האָט איר דערלויבט נאָר צו טרינקען זעקס, זיבן גלעזער זיסע טיי, אָבער גאָרנישט עסן. „דאָס איז זופּ" — האָט זי געמאַכט דעם אָנשטעל — „און דאָס איז פליש, ברויט, מערן, פּודינג". אין אַ נאַכט, ווען מנחם און שׂרה זענען געשלאָפן, בין איך מיט מאָריסן געזעסן אויפן באַלקאָן ביז פאַר טאָג און מיר האָבן געפּרוּווט באַשליסן וואָס צו טאָן. אין דער פרי זענען מיר געקומען צום אויספיר: כ'בין אַוועק אין מועצת־הפּועלות און געפרעגט צי מען וועט מיך קענען שיקן אין שליחות צו די פּרויען־פּיאָנערן אין אַמעריקע.

„אויב מיר ווילן זי נישט מיטנעמען, וועט זי דאָ שטאַרבן. דאָס וועט זײַן אויף אונדזער געוויסן אַ גאַנץ לעבן, אַז מיר האָבן נישט אויסגעשעפּט אַלע מעגלעכקייטן" — האָב איך אויפגעקלערט מײַנע עלטערן, וועלכע האָבן געטענהט אַז עס איז אַ משוגעת צו פאָרן מיט אַזאַ שווער קראַנק קינד אַזאַ ווײַטן וועג. איך האָב געוווּסט, אַז מיר האָבן פּאַקטיש נישט קיין אויסוועג, אַז איך קען נישט זיצן בײַ איר מיט פאַרלייגטע הענט און צוקוקן ווי זי ווערט מיט יעדן טאָג שוואַכער, געשוואָלענער און בלײַכער, ביז זי וועט אין גאַנצן אויסגיין.

עס איז נישט גרינג געווען צו פּלאַנירן אַזאַ נסיעה. מאָריס האָט געדאַרפט ווײַנען און אַרבעטן אין חיפה, בעת איך וועל פאָרן אַליין מיט די קינדער, צו ערשט מיט דער באַן ביז פּאָרט־סאַיד, דערנאָך מיט אַ פראַנצויזישער שיף ביז מאַרסיי, דערנאָך מיט אַ באַן ביז שערבורג און לסוף מיט דער שיף „ברעמען" קיין ניו־יאָרק. די נסיעה וועט געדויערן לפּחות צוויי וואָכן און ווער ווייסט וואָס עס קען געשען מיט שׂרהן אין די צוויי וואָכן? איך האָב אָבער געפילט, אַז עס איז נישטאָ קיין ברירה און מיר האָבן זיך געלאָזט אין געפערלעכן וועג.

אין משך פון די צוויי וואָכן האָב איך דאַכט זיך נישט געהאַט קיין רגע רו. מנחם האָט זיך זייער גוט געהאַלטן און איז שטענדיק געווען מיט עפּעס פאַרנומען. שׂרה — נעמענדיק אין אַכט, אַז זי איז קוים אַלט געווען זעקס יאָר און שווער קראַנק — האָט זיך וווּנדערלעך אויפגעפירט, ווי זי וואָלט געוווּסט ווי איך בין איבערגעשראָקן און האָט געפילט, אַז זי דאַרף מיך באַרויִקן. מיר האָבן געהאַט אַ קאַבינע מיט צוויי בעטן. בײַ נאַכט בין איך געזעסן אין אַ שטול לעבן שׂרהן, אַכטונג געגעבן אויף איר און מסתּמא, אויף מײַן אייגענעם אופן, מתפּלל געווען.

פאַני און יעקב גודמאַן, טײַערע אַלטע פרײַנד, האָבן אונדז אַרײַנגענומען אין זייער דירה אין ברוקלין און איך האָב תּיכּף אַנגעהויבן פאַרנעמען זיך מיטן אײַנאָרדענען שׂרהן אין בית־ישׂראל־שפּיטאָל, אויף סטויוועסענט־סקוועך. ווער עס האָט אַ מאָל אַרײַנגעגעבן אַ קינד אין שפּיטאָל אַרײַן ווייס וואָס דאָס

באַטײַט. נישט געגוג וואָס דאָס שפּיטאָל איז געווען פרעמד, האָט נאָך דערצו שרה נישט געקענט קיין ענגליש און אין משך פון די ערשטע צוויי וואָכן געוויינט און געבעטן זיך, אַז כ׳זאָל זי נישט איבערלאָזן אַליין.

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און די בית־ישראל־דאָקטורים האָבן געשטעלט דעם דיאַגנאָז. שרה האָט באמת געליטן פון אַ נירן־קראַנקייט, אָבער נישט פון דעם וואָס די דאָקטורים אין ארץ־ישראל האָבן זי באַהאַנדלט. עס איז נישט בויטיק געווען אַזאַ שטרענגע דיעטע און זי האָט נישט געדאַרפט ליגן אין בעט. ווי זי איז נאָר געקומען צו די כוחות, האָט זי אָנגעהויבן גיין אין שול, פאָרן אויף אַ רעדל, שווימען, לויפן אַראָפּ און אַרויף אויף די טרעפּ. מען האָט זי געהיילט און זי איז געוואָרן פולער. נאָך זעקס וואָכן האָט מען זי באַפרײַט פון שפּיטאָל אַ „פולשטענדיק געזונטע״, ווי איך האָב געשריבן צו מאָריסן, באַגיסנדיק זיך מיט טרערן פון דערלײַכטערונג.

איצט האָב איך געהאַט צייט פאַר מײַן אַרבעט און פאַר מנחמען. מ׳האָט אים נישט דערלויבט צו באַזוכן שרהן אין שפּיטאָל און ער האָט מיך דריבער ווייניק געזען זינט מיר זענען אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק. ער איז געווען שטאַרק אין כעס, פאַרוואָס שרה האָט זיך שוין געהאַט אויסגעלערנט אַ ביסל ענגליש פון די קראַנקן־שוועסטער אין „בית־ישראל״, בעת ער האָט נאָך געמוזט מישן העברעיִש מיט ייִדיש, כדי מען זאָל אים פאַרשטיין. די קינדער האָבן זייער געבענקט נאָך מאָריסן און עס האָט זיי פאַרדראָסן מײַן אַרומפאָרן פון שטאָט צו שטאָט פאַר די פרויען־פּיאָנערן און אָפט מאָל נישט קומען אַהיים אַ גאַנצן חודש. איך האָב זיי געפירט צו קלאַראַן מיט פרעדן און צו מאָריסעס מאַמען, אויף קאָנצערטן פאַר קינדער, אין קינאָ און אין אָפּערע, געהאָפט אַז זייער קאָנטאַקט מיט אַ רײַכערער וועלט ווי תּל־אָביב וועט זײַן אַ באַלוינונג פאַר זייער נײַער אויס־וואָרצלונג. בכל־אופן האָבן ביידע געבליט און שרה האָט זיך געביטן — נישט צום דערקענען. קיינער פון זיי האָט אָבער נישט מודה געווען, אַז אין אַמעריקע איז פאַראַן עפּעס בעסערס, אימפּאָזאַנטערס ווי אין ארץ־ישראל. זיי זענען געווען צעטומלט אין דער נײַער סביבה. כ׳געדענק למשל, אַז לאַנגע וואָכן האָט מנחם נישט געקענט פאַרשטיין פאַר וואָס אַלע אונדזערע פרײַנד אין ניו־יאָרק ווערן שטימען פאַר רוזוועלטן. „פאַר וואָס נישט פאַר בן־צבי אָדער בן־גוריונען״ ? — האָט ער געפרעגט.

וואָס שייך מיר, האָב איך אין משך פון די צוויי יאָר זייער שווער געאַרבעט. בײַ מײַן פאַרלאָזן אַמעריקע האָט מען אין דער צײַטונג פון די פרויען־פּיאָנערן, וואָס איך האָב אַ צײַט רעדאַגירט, מיר צוגעטיילט איבערגעטריבענעם כבוד. אונטערן קעפּל „גאָלדע מאירסאָנס טור״ האָט זיך געלייענט:

„גאָלדע האָט אונדז געבראַכט דעם אַראָמאַט פון ציטרוס־בלומען, פונעם בלײַעכץ פון גרינסן, פון ביימער־קנאָספּן, פון גוט געכאָוועטע קי און הינער,

פון עקשנותדיק דורכאַרבערטן באַדן, פון באַזיגן געפערלעכע נאַטור־עלעמענטן, און דאָס אַלץ ווי אַ רעזולטאַט פון אַרבעט, אַרבעט און אַרבעט, נישט קיין געצוווּנגענער אָדער צוליב פּערזענלעכן רווח, נאָר בלוט און שווייס, פעלד און אַקער־אײַזן, שאָסיי און צעמענט, מידבר און אויסדויער, זומפּן און קרענק, סכּנות, שטרויכלונגען, צרות, אינספּיראַציע און אַרבעט לשמה, פּשוט פאַרן עקסטאַז פון שאַפן... איר עלאַקוווענץ און אויפריכטיקייט, איר האַלטונג און פּשטות האָבן אײַנגעפלאַנצט אין אירע צוהערערס דאָס געפיל פון יראת־הכּבוד פאַר אונדזער אידעאַל און אַ רעספּעקט פאַר אונדזער אָרגאַניזאַציע. מיר וועלן זיך באַמיִען צו מאָביליזירן אירע פאַרערערס פאַר אונדזער אַרבעט און מיר האָפן מצליח צו זײַן".

אָבער וואָס איך געדענק צום בעסטן פון יענע חדשים אַרומפאָרן (כ'בין אַ מאָל געווען אין וועג אַכט וואָכן אָן איבעררײַס און די גאַנצע צײַט גערעדט איבער ארץ־ישראל, געפּרוּווט זאַמלען געלט און ווערבירן נײַע מיטגלידער פאַר דער אָרגאַניזאַציע), איז דער ריח פון די באַן־סטאַנציעס און דער קלאַנג פון מײַן אייגענער שטים. די געלטסומעס, וועלכע מען האָט דעמאָלט געזאַמלט, זענען ווײַט נישט ענלעך געווען צו די מיליאָנען דאָלאַרן וואָס ווערן הײַנט געשאַפן אין ענלעכע טורנעען. און זעלטן זענען דערגרייכט געוואָרן די אויסגעשטעלטע קוואָטעס אין יעדער קהילה, אָבער יעדער גראָשן איז געווען וויכטיק נישט ווייניקער ווי הײַנט. אויב די פרויען אין ניו־יאָרק, אין ניו־דזשערסי האָבן געהאָפט צו זאַמלען 165 דאָלאַר פון אָקטאָבער 1933 ביז יולי 1934 און זענען דערגאַנגען נאָר צו 17.40, אָדער אויב דער וועסט־סײַד־קלוב אין שיקאַגאָ האָט זיך אונטער־גענומען צו זאַמלען 425 דאָלאַר און האָט צוזאַמענגעשלעפּט נישט מער ווי 76, האָט עס געהייסן, אַז די מיטגלידער האָבן געדאַרפט מאַכן אַ ספּעציעלע אָנשטרענגונג. געמיינט האָט עס, אַז מען האָט געדאַרפט פּלאַנירן נאָך אַ לאָטעריע־שפּיל צי אַ באַזאַר, נאָך אַ מאַסקנבאַל (ווו דער אַרײַנגאַנג האָט געקאָסט 25 סענט), אָדער האַלטן נאָך אַ רעפעראַט וועגן דער ראָלע פון דער פרוי אין קיבוץ, אָדער וועגן דעם לעבן פון די אַרבעטער אין ארץ־ישראל".

אַ כאַראַקטעריסטישן בריוו האָב איך באַקומען פון ווינניפּעג צוגעשיקט אויפן אַדרעס פון דעם צענטראַל־ביוראָ אין ניו־יאָרק:

„מיר האָבן פאַרזיצערינס, וואָס פירן אָן פאַרשיידענע אָפּטיילונגען מיט דער הילף פון קאָמיטעטן. מיר פאַרזאַמלען זיך יעדע וואָך און אויף יעדער צווייטער זיצונג האָבן מיר אַ פּראָמינענטן לעקטאָר. מיט אַ וואָך צוריק האָט בײַ אונדז גערעדט דאָקטאָר הענעל, דערציילט אינטערעסאַנטע זאַכן וועגן זײַן באַזוך אין ארץ־ישראל. אונדזער ערשטע פינאַנציעלע אַקציע הײַיאָר איז געווען אַ טייאָווענט, אויף וועלכן מיר האָבן געזאַמלט 45 דאָלאַר. מיר פּלאַנירן איצט אַ חנוכּה־פעסטיוואַל, אָבער דערווײַל זענען מיר נישט זיכער,

וואָס פאַר אַ צורה דאָס וועט האָבן. איצט אַרבעטן אונדזערע מיטגלידערינס מיט ענטוזיאַזם פאַר דעם פינף־דאָלאַר־מיטאָג און וואַרטן מיט גרויס ניַיגער אויף איַיער באַזוך ביַי אונדז".

מיט דער זעלבער פּאָסט האָט קליוולאַנד געבעטן מיַין הילף צו אָרגאַניזירן אַן עקסקורסיע מיט אַ „גײַיעג נאָכן אוצר" און אַ מיטאָג אויף דער פריַיער לופט, ווי אויך מיט אַ קולטור־פּראָגראַם, וואָס זאָל אַרומנעמען די טעמע פון „אָנהייב און אַנטוויקלונג פון פּאָליטישע גרופּן אין ציוניזם". קענזאַס־סיטי האָט געבעטן, כ'זאָל רעדן אויף אַ פאַרזאַמלונג און אַנטיילנעמען אין אַ פּרייטיק־צו־נאַכטס מיט אַ לעקציע „אויף אַ געוויסער ייִדישער טעמע". איך האָב מסתּמא געגעכטיקט אין צענדליקער היַיזער אין אַמעריקע, אין קאַנאַדע, פּלאַנירט הונדערטער פּראָגראַמען אין ייִדיש און ענגליש פאַר שטודיר־קרייזן. זייער אָפט בין איך געווען אויסגעשעפּט, אָבער עס איז מיר קיין מאָל נישט געווען לאַנגוויַיליק און, דער עיקר, כ'האָב קיין מאָל אויף קיין מינוט נישט געצווייפלט אין דער חשיבות אָדער דרינגענדיקייט פון דער פרויען־פּיאָנערן־אַרבעט.

עס זענען פאַראַן אויך ליכטיקערע זכרונות פון יענע כסדרדיקע נסיעות. איין מאָל, אין אַ שטורמישן ווינטער־פרימאָרגן, בין איך אָנגעקומען קיין וויניפּעג מיט אַ צוג, וואָס איז אָנגעפאָרן פריִער ווי מען האָט אים דערוואַרט. אַזוי ווי כ'האָב נישט געטראָפן קיין איינע פון די פרויען, וועלכע האָבן מיך געדאַרפט אָפּוואַרטן, האָב איך באַשלאָסן צו גיין אין אַ נאָענטן האָטעל, אָנשטאָט אויפצוועקן מענטשן אין אַזאַ פריִער שעה. איך האָב קוים אויסגעפּאַקט מיַין טשעמאָדאַן און דער טעלעפאָן קלינגט. עס רעדט אַן אומרויִקע שטים: „פרוי מאיירסאָן, מיר זענען אַלע אויף דער סטאַנציע, אַ גרויסע דעלעגאַציע איז געקומען איַיך באַגריסן. ווי קען איך זיי זאָגן, אַז מיר האָבן זיך אויסגעמיטן? ווי זאָל איך צונעמען ביַי זיי די איבערלעבונג און דעם ענטוזיאַזם, די באַזונדערע פּריווילעגיע צו זיַין די ערשטע און דריקן איַיער האַנט און באַגריסן איַיך מיט אַ ברוך־הבא? זיי וועלן זיַין אַזוי אַנטוישט!" „זיַיט נישט באַזאָרגט" — האָב איך איר געענטפערט — „אין עטלעכע מינוט וועל איך דאָרט זיַין". כ'האָב זיך ווידער איַינגעפּאַקט, גערופן אַ טעקסי און אין פופצן מינוט אַרום בין איך געווען אויף דער סטאַנציע, געטראָפן זיך מיט דער דעלעגאַציע, וואָס האָט מיך אַ צופרידענע באַגלייט צום הויז, ווו איך בין געווען איַינגעלאַדן.

כ'געדענק ווי כ'בין געגאַנגען צו אַ גרויסער פאַרזאַמלונג אין איינער פון די מיזרח־שטעט אין אַמעריקע. כ'האָב דאָרט געדאַרפט האַלטן דריַי רעדעס: שבת צו־נאַכטס, זונטיק אין דער פרי און אין אָוונט. זונטיק נאָך מיטאָג האָב איך זיך אָוועקגעלייגט ערגעץ אָפּרוען און באַלד איז אַריַינגעקומען די פאַרזיצערין פון אָרטיקן פּיאָנערן־קלוב, אַוועקגעזעצט זיך אויף מיַין בעט און אָנגעהויבן אַריַינרעדן אין מיר: „הערט זיך צו, גאָלדע" — האָט זי געזאָגט מיט תקיפות —

„איר רעדט זײער גוט, אָבער איר רעדט נישט װי אַ פרוי". װען רחל ינאית בן־צבי איז דאָ געװען, האָט זי געװײנט און מיר אַלע האָבן מיטגעװײנט. איר אָבער רעדט װי אַ מאַן און קײנער לאָזט נישט קײן טרער". כ'האָב נישט געפונען קײן בעסערן ענטפער װי: „איך באַדױער, אָבער כ'קען באמת נישט רעדן אַנדערש". זי האָט געזען װי שרעקלעך מיד איך בין, אָבער זי האָט עס געהאַלטן פאַר אַ שליחות אַװעקצורײַבן פון מיר אַזאַ שװערע שעה און נישט אױפגעהערט איבער־צוחזרן נאָך אַ מאָל און װידער אַ מאָל אַז איך דאַרף רעדן װי אַ פרוי. זי האָט געהאַט גרױס צער, האָט זי געטענהט, װאָס איך האָב גערעדט צו די פרױען־פּיאָנערן נישט נאָר װעגן דער מועצת־הפּועלות, נאָר אױך װעגן דער הסתדרות אין אַלגעמײן, װעגן די עליה־פּראָבלעמען און װעגן דער פּאָליטישער סיטואַציע. לױט איר מײנונג װעלן אַזעלכע טעמעס נישט אַרײַנברענגען קײן געלט.

פון דער אַנדערער זײַט, האָב איך אַװדאי נישט געװוּסט אַלץ װאָס מען דאַרף װיסן װעגן זאַמלען געלט. אױף אײנער פון מײַנע נסיעות, בין איך געקומען אין אַ קלײן שטעטל אין מיטעלן מערב און אױסגעפונען, אַז אַלע מיטגלידערינס זענען זײער דענערװירט. אין יענעם יאָר האָבן זײ געזאַמלט מער געלט װי פריִער, כאָטש זײ זענען געװען אַ גאָר קלײנע גרופּע. איך האָב זײ געפרעגט: "װי אַזױ האָט איר עס דערגרײכט?" האָבן זײ געענטפערט: „דורך קאָרטן־שפּילן". איך בין אױפגעשפּרונגען: „פאַר ארץ־ישראל שפּילט איר אין קאָרטן? איז דאָס דער מקור פאַר געלט אין װעלכן מיר נױטיקן זיך? אױב איר װילט שפּילן קאָרטן, שפּילט װי לאַנג איר װילט, אָבער נישט אין אונדזער נאָמען". קײנער האָט נישט אַרױסגערעדט קײן װאָרט, נאָר אײנע פון די פרױען האָט זײער שטיל געזאָגט: „חברטע גאָלדע, אין ארץ־ישראל שפּילט מען נישט אין קאָרטן?" „אַװדאי נישט" — האָב איך געענטפערט אַ צעקאָכטע, „פאַר װאָס פאַר אַ מענטשן האַלט איר אונדז?" װען איך בין מיט אַ יאָר שפּעטער צוריקגעקומען אין תל־אָביב, האָב איך געזען װי עטלעכע הסתדרות־חברים זיצן אױף זײערע װעראַנדעס און שפּילן קאָרטן כאָטש, דאַנקען גאָט, נישט אױף געלט. איך האָב געװאָלט שרײַבן צו יענער פרוי, בעטן בײַ איר אַנטשולדיקונג, כ'האָב אָבער נישט געװוּסט איר נאָמען.

צװישן אײן נסיעה און דער אַנדערער איבערן לאַנד, האָב איך געשריבן לײט־אַרטיקלען פאַר אונדזער צײַטשריפט, אײַנגעפירט דעם פּאַרקױף פון ישראל־פּראָדוקטן. אין בראָנקס האָב איך אײַנגעפירט דעם פּאַרקױף פון מצות, געבאַקענע אין ארץ־ישראל אױף פּסח. דער הױפּטפּונקט איז געװען אין אַ ריזיקן הורטלאַגער, װוּ מיר האָבן צו ערשט געפּאַקט די מצות און דערנאָך אַלײן זײ צעשיקט איבערן גאַנצן קװאַרטאַל. כ'בין שטענדיק געװען אַן אָנהענגערין נישט צו פאַרלירן קײן צײַט, האָב איך דעריבער בעתן פּאַקן די מצות געלערנט די פרױען די נײַסטע לידער פונעם ייִשוב.

מייַנע לייט־אַרטיקלען האָבן שטענדיק באַהאַנדלט די פּאָליטישע פּראָגעם וואָס האָבן צום מייַנסטן אינטערעסירט דעם אַרבעטער־ציוניזם. איצט פאַרשטיי איך פאַר וואָס יענע באַרעדעוודיקע פּרווּ האָט מיך באַשולדיקט, אַז איך בין נישט געגנוג סענטימענטאַל, כאָטש בן־גוריון האָט אַ מאָל געשריבן צו זייַנעם אַ חבר, מיט וועלכן ער האָט זיך געקריגט: „סענטימענטאַליזם איז נישט קיין זינד, נישט אין סאָציאַליסטישן און נישט אין ציוניסטישן זינען". איך האָב אַלע מאָל געגלייבט, אַז מענטשן, וועלכע קעמפן פאַר אַן אידעע זענען ראוי, אַז מיר זאָלן צו זיי רעדן וועגן איר אַזוי ערנסט און אַזוי אינטעליגענט ווי מעגלעך און מען דאַרף נישט אַרויסקוועטשן קיין טרערן בייַ קיינעם אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. גאָט איז אַן עדות, אַז עס זענען שטענדיק פאַראַן סיבות צום וויינען!

אַן אַרטיקל, וואָס כ'האָב געשריבן אין פרילינג 1933 איז געווען אַן ענטפער אויף דער טענה פון אַ הדסה־פירערין, אַז דער דערפאָלג פון אַרבעטער־ציוניזם איז אָפּהענגיק פון דער פינאַנציעלער הילף פון יידישע בורזשויען — קאַפּיטאַליסטן:

„איך האָב תמיד געטענהט, אַז דער דערפאָלג פון דער ציוניסטישער אַרבעט איז בעיקר אָפּהענגיק פון צוויי אינעווייניקסטע יידישע פאַקטאָרן: אַקטיוויסטן וואָס וועלן טאָן אַרבעט און געלט וואָס וועט דאָס דערמעגלעכן. מיר האָבן נישט געוווסט, אַז דאָס געלט וואָס קומט פון די יידישע מאַסן מוז טראָגן דעם צייכן פון „קלאַסנגעלט". אין אונדזערע אויגן איז דאָס געלט פאַר קרן־קיימת־לישראל און קרן־היסוד, ווי אויך דער מענטשן־מאַטעריאַל, די חלוצישע באַוועגונג, דער אויסדרוק פון ווילן און פעסטן באַשלוס פון גאַנצן פאָלק... צי הייסט דאָס, אַז מיר זענען קעגן פּריוואַט־קאַפּיטאַל און פּריוואַטער איניציאַטיוו? פאַרשטייט זיך, אַז נישט. דער אַרבעטער־ציוניזם איז פרייַער פון אַלץ פאַראינטערעסירט אין אַ מאַסן־אימיגראַציע קיין ארץ־ישראל. אויב מיר קענען דעם דאָזיקן ציל נישט דערגרייכן דורכן נאַציאָנאַלן קאַפּיטאַל, נעמען מיר אויף מיט באַגריסונג דעם פּריוואַטן קאַפּיטאַל. עס איז טאַקע אמת, אַז מיר זאָגן, אַז אַפילו דער פּריוואַטער קאַפּיטאַל דאַרף דינען די צילן פון ציוניזם, אָבער פּריוואַטער קאַפּיטאַל, וואָס באַשעפטיקט נישט קיין יידישע אַרבעטער, העלפט נישט אונדזער זאַך... צום באַדויערן האָבן מיר אָפּט געזען ווי פּריוואַטע איניציאַטיוו אין ארץ־ישראל ווערט אויסגענוצט דורכויס פאַר פּריוואַטע אינטערעסן און מען פאַרגעסט, אַז די יידישע עליה קיין ארץ־ישראל העגנט קודם־כל אָפּ פון שאַפן אַרבעט־מעגלעכקייטן אין לאַנד. מיר ווילן דאָ נאָך אַ מאָל אונטערשטרייַכן: פּריוואַטער קאַפּיטאַל וואָס באַשעפטיקט נישט קיין יידישע אַרבעטער איז נישט געווונטשן אין ארץ־ישראל, ווייַל ער שאַפט נישט די מאַסן־עליה ווי מיר — און אויך „הדסה" — באַגערן".

זומער 1934 זענען מיר גרייט געווען זיך אומצוקערן אַהיים. איך האָב געמאַכט

אַ לעצטן טור איבערן לאַנד, געזעגענען זיך מיט די פּיאָנערן־קלובן און זייערע אָפּטיילונגען, װעלכע איך האָב שוין אַזוי גוט געקענט. כ׳בין געװען פול מיט דרך־ארץ פאַר אַט די פּשוטע, איבערגעגעבענע פרויען, װעלכע אַרבעטן אַזוי שווער און האָבן מיר אַרויסגעוויזן אַזוי פיל ליבשאַפט. כ׳האָב געוואָלט, אַז זיי זאָלן וויסן ווי דאַנקבאַר איך בין זיי געווען. כ׳האָב געפילט, אַז וואָס עס זאָל נישט געשען אין ארץ ישראל, וועלן זיי שטענדיק זײַן אונדזער אַנשפּאַר און הילף. די צײַט האָט באַוויזן, אַז כ׳בין געווען גערעכט.

כ׳בין אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק אין 1932, מיט צוויי קליינע קינדער, וואָס האָבן נישט געקענט קיין וואָרט ענגליש. כ׳בין צוריקגעקומען קיין ארץ־ישראל אין 1934, מיט צוויי קליינע קינדער, וואָס האָבן גערעדט ענגליש און העברעיִש און זענען געווען פול מיט פרייד ווידער צו זען מאָריסן. מאָריס האָט געהאַט אַ סך אַנטוישונגען אין זײַן לעבן, אָבער ער האָט געפונען אַ קוואַל פון באַפרידיקונג אין דעם, וואָס מנחם האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ טיפן אינטערעס פאַר מוזיק און זײַן טאַלאַנט איז שוין געווען בולט. הגם שפּעטער האָב איך געדאַרפט, בדרך־כּלל, טראָגן די טשעלאָ צו מנחמס לעקציעס און צוריק (ביז ער איז אויסגעוואַקסן און האָט זי אַליין געקענט שלעפּן). מאָריס איז אָבער אַלע יאָרן געווען דער וואָס האָט זיך אײַנגעהערט אין די סוף־וואָכן צו מנחמס שפּילן, דער וואָס האָט געשפּילט פאַר אים פּלאַטן, געשטאַרקט און פאַרטיפט זײַן וואַקסנדיקע ליבע צו מוזיק.

צוריק אין ארץ־ישראל — בין איך געשטאַנען פאַר אַ גרעסערן אַרויסרוף, ווי דער פּאָסטן פון אַ נאַציאָנאַלער סעקרעטאַרשע פון די פרויען־פּיאָנערן אין אַמעריקע. קוים צוויי וואָכן שפּעטער האָט מען בײַ מיר געפאָדערט איך זאָל אַרײַנגיין אין ועד־הפּועל (עקזעקוטיוו־קאָמיטעט) פון דער הסתדרות.

אויף וויפל די הסתדרות האָט סימבאָליזירט אַן עקסטרעם פּראָגרעסיוויטעטנע פאָרם פון יידישער זעלבסט־פאַרוואַלטונג אין ארץ־ישראל, איז דער עקזעקוטיוו־קאָמיטעט געווען איר „קאַבינעט״, אין וועלכן איך האָב אין משך פון פערצן שטורמישע יאָרן פאַרנומען פאַרשיידענע פּאָסטנס און געטראָגן פאַרשיידענע אחריותן. קוקנדיק אויף צוריק, ווײַזט מיר אויס, אַז קיין איינער פון זיי איז נישט געווען לײַכט אויסצופירן און האָט מיר נישט געהאָלפן ווערן איבעריק פּאָפּולער אין דער הסתדרות גופא. זיי האָבן אָבער געהאַט איין גרויסן פּלוס: אַלע זענען זיי געווען פאַרבונדן מיט דעם וואָס מיך האָט צום מייסטן אינטערעסירט — דאָס פּאַרטייטשן סאָציאַליסטישע פּרינציפּן אין ערדישע טערמינען פון טאָג־טעגלעכן לעבן.

איך נעם אָן, אַז ווען מיר וואָלטן געהאַט גוטע צײַטן, אין עקאָנאָמישן און פּאָליטישן זינען, אין מיטן פון די דרײַסיקער און די פערציקער יאָרן, וואָלט געווען רעלאַטיוו לײַכט צו פאַרזיכערן, אַז דער עול זאָל יושרדיק פונאַנדערגעטיילט ווערן אין דער אַרבעטער־משפּחה. אַחוץ די באַשעפטיקונגען פון וועלכע זיי האָבן

זיך מפרנס געווען, זענען סוף־כּל־סוף נישט געווען קיין אונטערשיידן, נישט קיין עקאָנאָמישע, נישט קיין סאָציאַלע, צווישן די חברים פון דער שורה אַזוי צו זאָגן און דער אַזוי גערופענער פירערשאַפט פון דער הסתדרות. מיר האָבן אַלע באַקומען אַ פעסטגעזעצטן גרונטלוין, וועלכער האָט זיך אונטערשיידט בלויז לויט דעם ממשותדיקן סטאַזש און דער גרייס פון דער משפחה, און פון דעם כּלל זענען נישט געווען קיין אויסנאַמען. כ׳ווייס, אַז היינט זענען אין ישראל און אַנדערשוווּ דאָ מענטשן, וואָס האַלטן, אַז אַזאַ מין עגאַליטאַריזם איז נישט נאָר פאַרעלטערט נאָר אויך אוממעגלעך דורכצופירן. אפשר איז עס אַזוי, אָבער פּערזענלעך האָב איך עס שטענדיק אָפּראָבירט און בין אויך איצט איבערצייַגט, אַז עס איז געווען סאָציאַליסטיש אויסגעהאַלטן און געזונט — דאָס הייסט פּשוט לאָגיש אויס־געהאַלטן און געזונט — אַז דער וועכטער אין דער הסתדרות פון תּל־אָביב, וועלכער האָט געדאַרפט אויסהאַלטן נייַן קינדער, זאָל באַקומען אַ סך אַ פעטערן טשעק ווי איך, וואָס האָב געדאַרפט אויסהאַלטן בלויז צוויי קינדער.

אין דער פּראַקטיק האָט זיך דער סאָציאַליזם אויסגעדריקט נישט נאָר דערין וואָס איך האָב דעם הויזוועכטער גערופן שמואל און ער מיך גאָלדע. ווייל געמיינט האָט עס אויך, אַז זייַנע פליכטן לגבי די איבעריקע חברים אין דער הסתדרות זענען געווען אידענטיש מיט מייַנע, און ווייַל דער ווירטשאַפלעכער מצב אין לאַנד איז, ווי אומעטום, געווען דעמאָלט אַ שווערער, איז אָט דער אַספּעקט אין לעבן פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען געוואָרן דער הויפּטפּונקט פון אַלע מייַנע קאַמפן אין דער הסתדרות.

די הייך פון די הסתדרות־שטייערן איז געווען באַשטימט לויט אַ פּראָגרעסיווער מאָס, אַזוי ווי די הכנסה־שטייערן. דער מיטגליד פלעגט באַצאָלן יעדן חודש אַ סומע, וואָס איז באַשטאַנען פון מיטגליד־אָפּצאָל אין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין, פענסיע־פאָנד און קופּת־חולים און איז באַקאַנט ווי דער „איינהייטלעכער שטייער״ (מס אחיד). איך בין געווען איבערצייגט, אַז דער דאָזיקער שטייַער דאַרף נישט ווערן באַשטימט לויטן גרונט־געהאַלט, אָדער די דורכשניטלעכע פאַרדינסטן, לויט אַ געוויסער טעאָרעטישער סומע, נאָר אויף דער באַזע פונעם גאַנצן לוין וואָס דער אַרבעטער באַקומט, ווייַל אויב נישט, ווו איז גלייַכהייט, וועגן וועלכער מיר האָבן אַזוי פיל גערעדט ? וועט שותּפות פאַרבלייַבן נאָר דער קנין פון די קיבוצים, אָדער זאָל אפשר דער מעטאָד פון געבן און נעמען ווערן אַ לעבנסוועג אויך פאַר די אַרבעטער אין תּל־אָביב ? און ווי איז דער דין לגבי דער קאָלעקטיווער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דער הסתדרות־מיטגלידערשאַפט פאַר די אַרבעטסלאָזע חברים ? איז מעגלעך, אַז די הסתדרות זאָל לאָזן הערן איר שטים (און מען זאָל פילן איר אָנוועזנהייט) אין יעדער פראַגע, וואָס האָט אַ שייַכות צו לעבנס־וויכטיקע פּראָבלעמען פון יישוב — עליה, קאָלאָניזאַציע, הגנה — אָבער זיך מאַכן נישט־ווויסנדיג וואָס נוגע די אַרבעטסלאָזע מענער און פרויען,

וועמענס קינדער האָבן קוים באַקומען גענוג צום עסן? די קעגנזײַטיקע הילף — אײנער פֿון די יסודות פֿון הסתּדרות — איז דאָך זיכער אַ תּנאַי פֿאַרן סאָציאַליזם, און ווי ווייטיקלעך עס זאָל נישט זײַן אָוועקצוגעבן יעדן חודש אַ טאָג לוין פֿאַרן פֿאָנד פֿון די אַרבעטסלאָזע. אָבער אין אָט די פֿונדאַמענטאַלע ענינים האָב איך זיך געהאַלטן זייער פֿעסט און האָב אַלץ געטאָן צו שאַפֿן אַ פֿאָנד פֿאַר אַרבעטסלאָזע, נישט געקוקט אויף דער שרײַיקער אָפּאָזיציע. מיר האָבן עס גערופֿן „מיפּדה" (וואָס מיינט אויסלייזונג) און ווען די צאָל אַרבעטסלאָזע איז געוואָקסן (אין אַ באַשטימטן מאָמענט אין די דרײַסיקער יאָרן — זענען אַרום צען טויזנט הסתּדרות־מיטגלידער געווען אָן אַרבעט), האָב איך געפֿאָדערט צו העכערן דעם שטײַער פֿאַרן אַרבעטסלאָזיקייט־פֿאָנד און מיר האָבן געשאַפֿן מיפּדה ב׳.

אייניקע חברים מײַנע האָבן מיך באַשולדיקט אין „הרוב מאַכן די הסתּדרות" און אין שטעלן „אוממעגלעכע פֿאָדערונגען". אָבער בן־גוריון, בערל קאַצענעלסאָן און דוד רמז האָבן מיך געשיצט און די הסתּדרות איז געבליבן גאַנץ. „מיפּדה" איז פּאַקטיש געווען אַ וויכטיקער פּרעצעדענס פֿאַר אַ סך שווערערע פֿרײַוויליקע שטײַערן, ווי למשל, כּופֿר־הישוב, וואָס מען האָט געשאַפֿן ווען די צאָל קרבנות אין מענטשן און פֿאַרמעגן, בעת די אַראַבישע עקסצעסן אין 1936, אין געווען זייער גרויס און מיר זענען געצוווּנגען געווען אַרויפֿצולייגן אַ שוצשטייער כּמעט אויפֿן גאַנצן ייִדישן יישוב; און אויך שפּעטער בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען מיר האָבן געשאַפֿן דעם פֿאָנד פֿאַר מאָביליזאַציע און רעטונג, האָבן מיר זיך ווידער סומך געווען אויף דער דערפֿאַרונג פֿון יענער געלט־מאָביליזאַציע אין דער רעם פֿון „מיפּדה".

כ׳בין אויך געווען אַרײַנגעמישט אין דעם ביטערן המשך (וואָס האָט אָנגעהאַלטן לאַנגע יאָרן) פֿון אַ שרעקלעכער טראַגעדיע, וועלכע האָט אַרומגענומען די אַרבעט־באַוועגונג בעת איך בין נאָך געווען אין אַמעריקע. איינער פֿון די הערלעכסטע צווישן די אויפֿגייענדיקע שטערן אין מפּא״י, דער יונגער חיים אַרלאָזאָראָוו, וואָס איז ערשט צוריקגעקומען פֿון אַ שטודיר־מיסיע אין דײַטשלאַנד, ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט, איז דערשאָסן געוואָרן בעת ער האָט שפּאַצירט מיט זײַן ווײַב אויפֿן ים־ברעג פֿון תּל־אָביב. מען האָט באַשולדיקט אין דעם מאָרד אַ מיטגליד פֿון דער רעכטער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי, אַבֿרהם סטאַווסקי, וועלכער איז אָבער שפּעטער באַפֿרײַט געוואָרן דורכן אַפּעלאַציע־געריכט, מחמת נישט־גענוגנדיקע באַווײַזן. ווער עס איז געווען דער מערדער, וועט מען מסתּמא קיין מאָל נישט וויסן, אָבער אין יענער צײַט איז ממש די גאַנצע טיף דערשיטערטע אַנפֿירונג פֿון דער אַרבעט־באַוועגונג געווען איבערצײַגט, אַז סטאַווסקי איז שולדיק. אויך איך בין געווען אין דעם איבערצײַגט. אַרלאָזאָראָוו האָט סימבאָליזירט מילדקייט, פֿאַרזיכטיקייט, באַלאַנסירטן צוגאַנג צו וועלט־פּראָבלעמען און, פֿאַרשטייט זיך, צו אונדזער אייגענע פּראָבלעמען. זײַן

טראַגישער טויט האָט אויסגעזען אַן אומפאַרמייַדלעכע קאָנסעקווענץ פון יענעם סאָרט רעכטן אַנטי־סאָציאַליסטישן מיליטאַריזם און ווילדן שאָוויניזם, וואָס די רעוויזיאָניסטן האָבן פּראָפּאַגירט. איך האָב נאָך נישט געהאַט באַוויזן זיך צונעמען צו באַקענען מיט אַרלאָזאָראָוון, אָבער ווי איטלעכער וואָס האָט אים געקענט, בין איך שטאַרק באַאייַנדרוקט געוואָרן פון זייַנע אינטעלעקטועלע אייגנשאַפטן און פּאָליטישן פאַרשטאַנד און ווען עס איז צו מיר דערגאַנגען אין ניו־יאָרק די ידיעה וועגן זיין דערמאָרדן, האָט עס מיך גאָר טיף אויפגעטרייסלט.

כ׳בין אָבער נאָך מער געווען אויפגערודערט פונעם פאַקט גופא, אַז אין ארץ־ישראל איז איין ייִד מסוגל צו הרגענען דעם אַנדערן און אַז דער פּאָליטישער עקסטרעמיזם אין ייִשוב קען דערפירן צו בלוט־פאַרגיסונג. בכל־אופן, מיט אַרלאָזאָראָווס מאָרד איז דאָס, וואָס האָט יאָרן אויסגעזען אַ וואַקסנדיקע רייַבונג צווישן לינקס און רעכטס אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, דערגאַנגען צו אַ ריס, וואָס אין באַשטימטע אַספּעקטן איז ער ביז הייַנט נישט פאַרהיילט געוואָרן און וועט אפשר קיין מאָל נישט פאַרהיילט ווערן אין גאַנצן.

סוף 1933 און אָנהויב 1934 האָט אויסגעזען, אַז דער ייִשוב האָט אָנגעצייכנט זייַנע קאַמפּליציעס, באַזונדערס אויפן אַרבעטער־פראָנט. די רעוויזיאָניסטן האָבן באַשולדיקט די הסתדרות אין „עלילת־דם״ און אין באַהערשן דעם ייִשוב דורך נישט געבן קיין אַרבעט נישט־סאָציאַליסטן און דערמיט ממש אויסהונגערן אירע פּאָליטישע קעגנערס. ס׳זענען געווען כסדרדיקע, אָפט מאָל בלוטיקע, צוזאַמענשטויסן צווישן אַרבעטער אין גאַנצן לאַנד. בן־גוריון האָט געהאַלטן, אַז פאַר יעדן פּרייַז דאַרף אָפּגעהיטן ווערן די אייניקייט פונעם ייִשוב, און אַ סך פון אונדז (מיך אַרייַנגערעכנט) זענען מיט אים געווען איינשטימיק. זייענדיק אין לאָנדאָן, איז בן־גוריון דערגאַנגען צו אַ הסכם מיט זשאַבאָטינסקין (אונטערגעשריבן מיט ראשי תּיבות) וועגן אַ „פייער־איבעררייַס״ אין דער פאָרם פון אַן אַרבעט־אָפּמאַך צווישן לינקס און רעכטס. ער האָט געגלייבט, אַז דאָס וועט צוהעלפן ברענגען אַ סוף צו דעם מחלוקת. מיר האָבן לאַנגע וואָכן דיסקוטירט וועגן דעם „הסכּם״, היציק און אָפט מאָל אַפילו היסטעריש; אָבער דער מאָרד פון אַרלאָזאָראָוון האָט פאַרטונקלט אַלע דיסקוסיעס; בן־גוריונס פאַרשלאָג איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן, און דאָס איז, לויט מיין מיינונג, געווען זייער צו באַדויערן.

פון איין זייַט אַרבעטסלאָזיקייט, פון דער אַנדערער — דער איבערלעבער קאַמף, דאָס זענען נאָר אַ טייל פון די פּראָבלעמען, וואָס זענען פאַר אונדז געשטאַנען. ס׳זענען געווען נאָך פּראָבלעמען, אַפילו ערנסטערע. סיי אין ארץ־ישראל, סייַ אין אויסלאַנד האָבן זיך געטראָגן שטורעם־כמאַרעס. אין 1933 איז היטלער געקומען צו דער מאַכט און כאָטש זייַן פּראָגראַם וועגן באַהערשן די וועלט דורך דער אַרישער ראַסע האָט אין אָנהויב געקלונגען אַבסורד, איז אָבער דער רציחהדיקער אַנטיסעמיטיזם, וואָס ער האָט פון אָנהויב אָן פּראָפּאַגירט, נישט געווען סתּם

אַ רעטאָריש מיטל, און איינע פון היטלערס ערשטע מעשים איז טאַקע געווען דאָס דורכפירן די אכזריותדיקע אַנטי־ייִדישע געזעצן, וואָס האָבן באַרויבט די דײַטשישע ייִדן פון אַלע געוויינלעכע ציווילע און מענטשלעכע רעכט. פאַרשטייט זיך, אַז קיינער — אַרײַנרעכענענדיק אויך מיך — האָט דעמאָלט נישט געחלומט, אַז היטלערס נדר צו פאַרטיליקן די ייִדן וועט אַ מאָל באמת פאַרווירקלעכט ווערן. כ׳מיין, אַז אין אַ באַשטימטן זינען דאַרף דאָס צוגעשריבן ווערן דער ערלעכקייט פון געוויינלעכע מענטשן, וועלכע האָבן נישט געקענט גלייבן, אַז עס קען טאַקע פאָרקומען אַזאַ מוראדיקע אַכזריות, אַז די וועלט וועט אַזוינס דערלויבן. נישט וואָס מיר זענען געווען נאַראָנים, מיר האָבן פּשוט נישט געקענט באַנעמען אַ זאַך וואָס איז נאָך דעמאָלט געווען נישט תּופס צו זײַן. הײַנט, דאַכט זיך מיר, איז נישט פאַראַן מער קיין גרויל, וואָס זאָל זיך נישט לייגן אויפן שכל.

אָבער נאָך איידער היטלערס „ענדגילטיקער לייזונג" זענען די ערשטע רעזולטאַטן פון די נאַצישע רדיפות, אין די „ראַמען פון געזעץ" — געווען גענוג מוראדיק. ווידער האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז אויפן גאַנצן ערדקײַלעך איז פאַראַן נאָר איין אָרט, וווּ ייִדן האָבן בפירוש אַ רעכט צו קומען, וואָסערע עליה־באַגרענעצונגען די ענגלענדער זאָלן נישט צוטראַכטן.

אין יאָר 1934 האָבן טויזנטער אויסגעוואָרצלטע פּליטים געשטראָמט צו די ברעגן פון ארץ־ישראל. אייניקע פון זיי האָבן מיטגעבראַכט דאָס ביסל פאַרמעגן, וואָס זיי האָבן באַוויזן אַפּצוראַטעווען, אָבער דער רוב איז געקומען אָן גאַרנישט. דאָס זענען געווען הויך געבילדעטע, פלײַסיקע און ענערגישע מענטשן. זייער בײַשטײַער פאַרן ייִשוב איז געווען אַ קאָלאָסאַלער, אָבער געמיינט האָט עס, אַז זעכציק טויזנט מענער, פרויען און קינדער האָבן געמוזט גלײַך אַבסאָרבירט ווערן דורך אַ קנאַפּע פיר הונדערט טויזנטדיקער באַפעלקערונג, וואָס האָט קוים אַליין געקענט זיך אויסהאַלטן, און אַלע האָבן געמוזט באַקעמפן נישט נאָר דעם אַראַבישן טעראָר, נײַערט אויך די גלײַכגילטיקייט — אויב נישט צו זאָגן די שינאה — פון דער מאַנדאַט־רעגירונג.

אַבסאָרבירן עולים, באַזונדערס פּליטים, איז גאָר עפּעס אַנדערש ווי בלויז מקבל־פּנים־זײַן. די טויזנטער מענער, פרויען און קינדער, וועלכע זענען געקומען צו אונדז פון דײַטשלאַנד און עסטרײַך האָבן מיר געדאַרפט געבן דירות, אַרבעט, זיי לערנען עברית און העלפן זיך אַקלימאַטיזירן. איבער נאַכט האָט מען געדאַרפט פאַרוואַנדלען דעם אַדוואָקאַט פון בערלין, דעם מוזיקער פון פראַנקפורט, דעם כעמיקער פון ווין אין פּיציכטערס, קעלנערס און בוי־אַרבעטערס, וואָרעם אַנדערש וואָלטן זיי בכלל נישט געהאַט קיין אַרבעט. זיי האָבן זיך אויך געדאַרפט צוגע־וווינען — ווידער איבער נאַכט — צו אַ נײַעם און שווערן לעבנס־שטייגער, צו נייע סכנות און אָפּקומענישן. דאָס איז נישט געווען לײַכט, נישט פאַר זיי און נישט פאַר אונדז. ביזן הײַנטיקן טאָג טראַכט איך ווי ווונדערלעך עס איז געווען

וואָס דער יישוב האָט אויסגעהאַלטן אָט די יאָרן און איז אַרויס פון זיי אַ געשטאַרק־טער. איך גלייב, אַז אויף נאַציאָנאַלע אומגליקן קענען זיין נאָר צוויי לאָגישע ענטפערס. איינער — איינברעכן זיך, נאָכגעבן און זאָגן: „ס׳איז פשוט נישטאָ וואָס צו טאָן״; דער צווייטער — פאַרקריצן די ציין און קעמפן אויף אַלע פראָנטן אַזוי לאַנג ווי נויטיק. אַזוי האָבן מיר עס טאַקע געטאָן און טוען עס אויך איצט.

בעצם טראַכט איך אָפט וועגן דער לאַגע אין ארץ־ישראל אין די דרייַסיקער און פערציקער יאָרן און איך שעפּ אַ סך מוט פון אָט די זכרונות, כאָטש נישט אַלע זענען זיי אָנגענעמע. אָבער ווען מענטשן זאָגן מיר אין 1975: „ווי קען ישראל זיך פאַרמעסטן מיט אַלץ — מיט דעם אַראַבישן פעסטן ווילן צו ליקווידירן די מדינה, מיט זייער גוואַלדיקער איבערוואָג אין געלט, מענטשן און וואָפן, מיטן שטראָם פון טויזנטער עולים פון רוסלאַנד, מיט דער רעלאַטיווער גלייַכ־גילטיקייט — אין בעסטן פאַל — פונם גרעסטן טייל פון דער וועלט צו אָט די פּראָבלעמען און דערצו נאָך זיין אין אַ קריטישער עקאָנאָמישער לאַגע, וואָס זעט אויס אוממעגלעך צום לייזן?״ — קען איך נאָר ענטפערן, און מיט דער פולער ערלעכקייט: „אַלץ איז געווען אַ סך שווערער מיט פערציק יאָר צוריק און מיר האָבן זיך ווי עס איז אָן עצה געגעבן, כאָטש דער פּרייַז איז שטענדיק געווען אַ הויכער״. אָפט טראַכט איך טאַקע, אַז נאָר די, וועלכע זענען מיט פערציק יאָר צוריק געווען אַקטיוו, קענען באמת באַנעמען וויפל עס איז דערגרייכט געוואָרן זינט דעמאָלט, ווי גרויס עס זענען באמת אונדזערע נצחונות. און אפשר דערפאַר זענען בדרך־כּלל אָפּטימיסטן די עלטערע מענטשן אין ישראל, ווי איך. פאַר זיי איז זעלבספאַרשטענדלעך, אַז אַזאַ גראַנדיעזע זאַך ווי די ווידערגעבורט פון אַ פאָלק קען נישט דערגרייכט ווערן שנעל, אָן ווייטיקן, אָן אָנשטרענגונגען.

מיר, על־כּל־פּנים, האָבן באַשטימט אונדזערע פּריאָריטעטן: וואָס פריִער און וואָס שפּעטער. די טאָג־טעגלעכע אַרבעט איז געטאָן געוואָרן, ווי שאַרף עס זאָל נישט האָבן געווען דער אויסנאַם־צושטאַנד. לגבי מיר האָט עס געמיינט אַנגיין ווי די פאַרזיצערין פון דער אָנפירונג פון קופּת־חולים, אַכטונג געבן אויף די אַרבעטס־באַדינגונגען פון די הסתדרות־מיטגלידער וואָס זענען באַשעפטיקט געווען בייַם בויען ענגלישע מיליטער־לאַגערן איבערן לאַנד, פירן כּל־מיני פאַר־האַנדלונגען אין אַרבעטער־ענינים און — אָפּהיטן די שטוב, העלפן מנחמען און שרהן בייַם צוגרייטן די לעקציעס. דאָס זענען געווען די טאָג־טעגלעכע זאָרגן.

גלייַכצייַטיק האָבן מיר געדאַרפט פאָרמולירן און רעאַליזירן אַ ריי וויכטיקע באַשלוסן בנוגע דער אַלגעמיינער סיטואַציע פונעם יישוב. די ערשטע פראַגע, וואָס האָט געפאָדערט אַ דרינגענדיקע תשובה, איז געווען: וואָס וועלן מיר טאָן לגבי די כּסדרדיקע אויסבראָכן פון אַראַבישער טעראָר? בלויז אין יאָר 1936 האָט דער טעראָר דערפירט צום בייזוויליקן פאַרטיליקן הונדערטער טויזנטער ביימער, וואָס יידן האָבן פאַרפלאַנצט מיט אַזוי פיל ליבע, פלייַס און גרויסער האָפענונג; צו

אַנצאַליקע אַנפֿאַלן אויף באַנען און אויטאָבוסן; צום פֿאַרברענען הונדערטער פֿעלדער און — וואָס איז געווען שרעקלעכער פֿון אַלץ — אַרום צוויי טויזנט באַוואָפֿנטע אַנפֿאַלן אויף ייִדן, בעת וועלכע אַכציק מענטשן זענען דערהרגעט געוואָרן (און אַ סך מער זענען שווער פֿאַרוווּנדיקט געוואָרן).

די אומרוען האָבן זיך אָנגעהויבן אין אַפּריל 1936. אין די זומערטעג איז שוין פֿאַר ייִדן נישט געווען זיכער צו פֿאָרן פֿון איין שטאָט אין דער אַנדערער. וויפֿל מאָל כ׳האָב געדאַרפֿט פֿאָרן פֿון תּל־אָביב קיין ירושלים אויף אַ זיצונג, און פֿאַרגעקומען איז עס גאָר אָפֿט, האָב איך זיך געזעגנט מיט די קינדער און געטראַכט: אפֿשר וועל איך זיך מער נישט אומקערן אַהיים, מען קען אַנפֿאַלן אויף מײַן אויטאָבוס אָדער דערשאָסן ווערן פֿון אַן אַראַבישן סנײַפּער בײַם אַרײַנפֿאָר אין ירושלים, אָדער פֿאַרשטײנערט ווערן צום טויט דורך אַן אַראַבישער באַנדע בײַ די גרענעצן פֿון תּל־אָביב. די הגנה איז געווען אַ סך גרעסער און בעסער אויסגעשטאַט ווי בעת די אַראַבישע אומרוען פֿון 1929, אָבער מיר האָבן נישט געהאַט קיין שום כּוונה צו פֿאַרוואַנדלען זי אין אַן אינסטרומענט פֿון קעגן־טעראָר און אָנגרײַפֿן אַראַבער בלויז דערפֿאַר ווײַל זיי זענען אַראַבער. מיר האָבן אויך נישט געוואָלט געבן די ענגלענדער קיין תּירוץ ווײַטער צו באַגרענעצן די ייִדישע עליה און די התּישבֿות ווי זיי פֿלעגן עס טאָקע טאָן יעדעס מאָל ווען מיר האָבן גאַנץ אָפֿן געשפּילט אַ צו אַקטיווע ראָלע בײַם אָנווענדן אונדזער זעלבשוץ. הגם אַליין־באַהערשן זיך איז פֿיל שווערער ווי צוריקשלאָגן, איז דאָס וויכטיקסטע פֿאַר אונדז געווען — אַפֿילו אין אָנבליק פֿון כּסדרדיקער סכּנה — נישט צו טאָן קיין שום זאַך, וואָס זאָל אָנרייצן די ענגלענדער צו פֿאַרקלענערן די צאָל ייִדן, וואָס מען האָט דערלויבט אַרײַנצוקומען אין לאַנד אַריין. די פּאָליטיק פֿון אַליין־באַהערשונג אָדער „הבלגה", ווי מען האָט עס גערופֿן אין עבֿרית, איז שטרענג אָפּגעהיטן געוואָרן. ייִדן האָבן זיך געווערט קעגן די אַנפֿאַלן אומעטום און ווען עס איז נאָר געווען מעגלעך, אָבער עס זענען נישט געווען קיין רעוואַנש־אַקציעס מצד דער הגנה אין משך פֿון די דרײַ יאָר „אומרוען", ווי די ענגלענדער, מיט זייער פּראַקטיקער נישט־דערזאָגונג, האָבן זיי אָנגערופֿן.

נישט אַלע טיילן פֿון ייִשובֿ האָבן מיט צופֿרידנקייט אויפֿגענומען אונדזער באַשלוס צו באַשיצן זיך, אָבער נישט צו רעאַגירן מיט רעוואַנש־אַקציעס. אַ מיעוט האָט געפֿאָדערט קעגן־טעראָר און געטאַדלט די „הבלגה" ווי פּשוטע פּחדנות. איך האָב שטענדיק געהאַלטן מיטן רובֿ, וואָס איז געווען טיף איבערצײַגט, אַז הבלגה איז דער אײנציקער וועג און דער אײנציק עטישער וועג וואָס אויף אים דאַרפֿן מיר גיין. דער געדאַנק צו אַטאַקירן אַראַבער, אַן שום אײַנזען, אַן צו נעמען אין אַכט צי זיי האָבן יאָ אָדער נישט אָנטייל גענומען אין אַן אַנפֿאַל, איז פֿאַר מיר געווען אָפּשטויסנדיק. יעדן אַנפֿאַל דאַרף מען צוריקשטויסן, יעדן

פֿאַרברעכער — באַשטראָפֿן ווי עס דאַרף צו זײַן. מיר וועלן אָבער נישט הרגענען קיין אַראַבער נאָר דערפֿאַר ווײַל זיי זענען אַראַבער, אָדער אַרײַנלאָזן זיך אין דער ווילדער רציחה, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פֿאַר די אַראַבישע קאַמף־מעטאָדן קעגן אונדז.

דאָ וויל איך באַהאַנדלען, כאָטש בקיצור, די נאַרישע באַשולדיקונג וואָס כ׳האָב געהערט אין משך פֿון אַ סך יאָרן, אַז מיר האָבן מכּלומרשט איגנאָרירט די אַראַבער אין ארץ־ישראל און מיר זענען צוגעטראָטן צו אַנטוויקלען דאָס לאַנד, ווי ס׳וואָלט בכלל נישט געווען קיין אַראַבישע באַפֿעלקערונג. ווען די אַראַבער, וועלכע האָבן אין די 30ער יאָרן געהעצט קעגן אונדז און גורם געווען די אומרוען, האָבן דערקלערט, אַז זיי טוען עס, ווײַל מיר האָבן אַוועקגענומען זייער פֿאַרמעגן, האָב איך נישט געדאַרפֿט אַרײַנקוקן אין די בריטישע ציפֿערן כּדי צו וויסן, אַז די אַראַבישע באַפֿעלקערונג אין ארץ־ישראל האָט זיך מיטן אָנהייב פֿון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע פֿאַרטאָפּלט. איך האָב געזען דעם אַראַבישן וווּקס זינט איך בין צום ערשטן מאָל געקומען אין לאַנד. נישט נאָר איז זייער לעבנס־ניוואָ געוואָרן אַ סך העכער ווי אין אַלע אַנדערע לענדער פֿון מיטעלן מיזרח, נײַערט צוגעצויגן דורך די נײַע באַדינגונגען, האָבן אַראַבער אין משך פֿון אַלע יאָרן אימיגרירט קיין ארץ־ישראל, פֿון סיריע און פֿון אַנדערע שכנותדיקע לענדער. ווען אַ פֿאַרטרעטער פֿון דער בריטישער רעגירונג האָט געוואָלט אָפּשטעלן די ייִדישע עליה האָט ער דערקלערט, אַז עס איז נישטאָ גענוג פּלאַץ אין ארץ־ ישראל. איך געדענק, אַז כ׳האָב געהאַלטן רעדעס וועגן דער פֿאַרגרעסערטער קליטה־מעגלעכקייט פֿון ארץ־ישראל און געברענגט דערצו די סטאַטיסטיק גענומען פֿון בריטישע מקורים, אָבער בעיקר האָב איך זיך באַזירט אויף דעם וואָס מײַנע אויגן האָבן בפּועל־ממש געזען.

זאָל מיר דערלויבט זײַן צוצוגעבן, אַז איך האָב אין די דרײַסיקער יאָרן קיין מאָל נישט אויפֿגעהערט צו גלייבן, אַז עס וועט קומען אַ טאָג און די אַראַבער אין ארץ־ישראל וועלן לעבן מיט אונדז בשלום, אין גלײַכהייט און ווי בירגער פֿון דער ייִדישער היים — פּונקט ווי איך האָב נישט אויפֿגעהערט צו האָפֿן, אַז ייִדן אין די אַראַבישע לענדער וועלן דאָרט קענען לעבן בשלום און אין גלײַכהייט. דאָס איז געווען נאָך אַ סיבה פֿאַר וואָס איך האָב געהאַלטן פֿאַר אַזוי וויכטיק אונדזער הבלגה־פּאָליטיק, אין אַנבליק פֿון די אַראַבישע אָנפֿאַלן. איך האָב געטראַכט, אַז קיין זאַך טאָר נישט קאָמפּליצירן אָדער פֿאַרביטערן אונדזער צוקונפֿט. געשען איז אַנדערש, אָבער ס׳האָט געדויערט אַ לענגערע צײַט ביז מיר האָבן זיך איבערצײַגט, אַז דער אויסגלײַך אויף וועלכן מיר האָבן געהאָפֿט, וועט נישט צו שטאַנד קומען.

דעמאָלט האָבן מיר באַשלאָסן אויסצופֿילן דעם ליידיקן עקאָנאָמישן חלל, וואָס האָט זיך געשאַפֿן ווען דער אַראַבישער העכסטער קאָמיטעט, אָנגעפֿירט

דורכן מופטי, האָט דערקלערט אַ גענעראַל־שטרײַק מיט דער כוונה פולשטענדיק צו פּאַראַליזירן דעם ייִשוב. לויט דער פאַראָרדענונג פונעם מופטי האָט קיין שום אַראַבער נישט געטאָרט גיין צו דער אַרבעט, ביז עס וועט נישט אָפּגעשטעלט ווערן די ייִדישע עליה און דאָס פאַרקויפן באָדן ייִדן וועט נישט פאַרווערט ווערן. איך אויף דעם האָבן מיר געהאַט אַ פּשוטן ענטפער. אויב דער פּאָרט אין יפו איז נישט מער אַקטיוו, וועלן מיר עפענען אַן אייגענעם פּאָרט אין תּל־אָביב. אויב די אַראַבישע פּאַלאַכן ברענגען מער נישט אויפן מאַרק זייערע פּראָדוקטן, וועלן די ייִדישע פאַרמערס פאַדרײַפאַכן זייערע אָנשטרענגונגען און צושטעלונגען. אויב דער אַראַבישער טראַנספּאָרט וועט זיך מער נישט באַווײַזן אויף די שאָסייען, וועלן די ייִדישע שאָפערן אַרבעטן צוגאָב־שעהען און פאַרפאַנצערן זייערע אויטאָ־בוסן. אַלץ וואָס די אַראַבער וועלן זיך אָפּזאָגן צו טאָן, וועלן מיר עס טאָן — אין דער אָדער יענער פאָרם.

עס זענען, פאַרשטייט זיך, געווען מענטשן, — אין גאָר אַ קליינער מאָס אויך איך — וואָס זייער מיינונגען און זיי אַליין האָבן משפּיע געווען אויף די דאָזיקע באַשלוסן. אָבער איבער אַלעמען איז געשטאַנען איין מאַן, אויף וועמענס מערקווער־דיקע פירערשאַפט־פעיִקייטן און איבערראַשנדיקער פּאָליטישער אינטויציע מיר אַלע האָבן זיך סומך־געווען, סײַ דעמאָלט און סײַ אין די שפּעטערדיקע יאָרן. דאָס איז געווען דוד בן־גוריון, דער איינציקער צווישן אונדז אַלע וועמענס נאָמען — איך בין טיף איבערצײַגט — וועט זײַן באַקאַנט צווישן ייִדן און נישט־ייִדן צוגלײַך, אַפילו אין הונדערט יאָר אַרום. נישט לאַנג צוריק בין איך געווען אויף בן־גוריונס קבר אין קיבוץ שדה־בוקר, אין נגב, וווּ מען האָט אים, לויט זײַן ווונטש, געברענגט צו קבורה. שטייענדיק דאָרטן אַליין, האָב איך זיך פּלוצלינג דערמאָנט אין אַ שמועס, וואָס כ׳האָב געהאַט מיט אים אין 1963, ווען ער האָט רעזיגנירט (צום צווייטן און לעצטן מאָל) פון זײַן אַמט ווי ישראל־פּרעמיער, און אייניקע פון אונדז האָבן אים געבעטן צו בײַטן זײַן באַשלוס.

„פאַרשטייט זיך, עס איז נישטאָ קיין מענטש, וועלכן מען זאָל נישט קענען פאַרטרעטן" — האָב איך אים געזאָגט — „דו ווייסט עס און מיר ווייסן עס. אָבער לאָמיך דיר עפּעס זאָגן. ווען מיר וואָלטן אַוועק אין טײַמס־סקוועער, אין ניו־יאָרק, אָפּגעשטעלט מענטשן אין גאַס און זיי געפרעגט ווי עס הייסן די פּרעזידענטן און פּרעמיערס פון די סאָמע וויכטיקסטע לענדער אין דער וועלט, וואָלטן זיי אונדז נישט געקענט ריכטיק ענטפערן. אָבער ווען מיר פרעגן זיי ווער עס איז דער פּרעמיער פון ישראל, וואָלטן זיי אַלע געוווּסט". מײַנע רייד האָבן אויף בן־גוריונען נישט געמאַכט קיין גרויסן רושם, כאָטש מײַן אָפּשאַצונג איז געווען אַ ריכטיקע, פּונקט ווי איך גלייב, אַז די נעמען „ישראל" און „בן־גוריון" וועלן גיין צוזאַמען און אַ לאַנגע צײַט, אפשר אויף אייביק, פאַרבלייבן אין אונדזער זכּרון. פאַרשטייט זיך, אַז קיינער קען נישט וויסן וואָס די צײַט וועט מיט זיך

ברענגען, אָבער ס׳איז אַ ספק צי דאָס יידישע פאָלק וועט אַ מאָל אַרויסברענגען אַ גרעסערן מנהיג אָדער אַ קליגערן און געוואַגטערן מלוכה־מאַן.

וואָס פאַר אַ מענטש איז ער געווען? דאָס איז אַ פראַגע אויף וועלכער עס איז מיר שווער צו ענטפערן, ווייל מיר איז שווער צו שילדערן אַ מענטש, וועלכן כ׳האָב אַזוי באַוווּנדערט און געווען זײַן נאָכפאָלגער אַזאַ לאַנגע צײַט, אַ מענטש וואָס כ׳האָב זיך אים אַזוי שטאַרק אַנטקעגנגעשטעלט אין שפּעטערדיקע יאָרן. כ׳וועל פּרוּוון, אָבער דאָס הייסט נישט אַז מ׳קען אים נישט זען פון אַן אַנדער קוקווינקל, צי אַז דווקא מײַן אויג איז דאָס שאַרפסטע.

די ערשטע זאַך וואָס מיר פאַלט אײַן וועגן בן־גוריונען, ווען איך שרײַב איצט וועגן אים, איז, אַז ער איז געווען אַ מענטש מיט וועלכן מען האָט נישט געקענט זײַן נאָענט. איך גלייב, אַז נישט נאָר איך בין מיט אים באמת נישט געווען נאָענט, נאָר אויך קיין אַנדערער נישט, אַחוץ אפשר זײַן ווײַב פּאָלע און אפשר אויך זײַן טאָכטער רננה. מיר, די אַנדערע — בערל, שזר, רמז, אשכול — זענען געווען צווישן זיך נישט נאָר קאַמפּס־חברים, נײַערט אויך ליב געהאַט צו זײַן אין איינעם. מיר פלעגן אָפט קומען איינער צום אַנדערן און שמועסן וועגן פאַרשיידענע זאַכן, נישט דווקא וועגן גרויסע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פּראָבלעמען; מיר פלעגן רעדן וועגן מענטשן, וועגן זיך, וועגן אונדזערע משפּחות. אָבער נישט בן־גוריון. ס׳וואָלט מיר קיין מאָל נישט אײַנגעפאַלן אָפּצורופן בן־גוריונען און אים פרעגן: „אפשר וואָלט איך הײַנט אין אָוונט אַריבערגעקומען צו דיר?" קיינער איז צו אים נישט געגאַנגען, סײַדן וועגן אַ ספּעציפישן ענין. ער האָט זיך נישט געניטיקט אין מענטשן אַזוי ווי מיר האָבן זיך געניטיקט. ער איז געווען צופרידן מיט זיך אַליין, אַ סך מער ווי מיר אַלע, האָט אָבער, פאַרשטייט זיך, נישט קיין סך געוווּסט וועגן מענטשן, כאָטש ער פלעגט ווערן אין כעס אויף מיר, ווען איך פלעג אים דאָס זאָגן.

דאָס נישט נייטיקן זיך אין קיינעם האָט מסתמא געהאַט צו טאָן דערמיט וואָס אים איז אַזוי שווער אָנגעקומען צו רעדן מיט מענטשן. כ׳דערמאָן זיך, אַז ער האָט מיר אַ מאָל דערציילט, ווי ער איז צום ערשטן מאָל געקומען, אין יאָר 1906, קיין ארץ־ישראל, האָט אַרומשפּאַצירט כמעט אַ גאַנצע נאַכט מיט רחל ינאית און נישט אַרויסגערעדט צו איר קיין וואָרט. איך וואָלט עס נאָר געקענט פאַרגלײַכן מיט דעם וואָס שאַגאַל האָט מיר מיט יאָרן צוריק דערציילט וועגן זיך. שאַגאַלס פאָטער איז געווען אַן אָרעמער וואַסער־טרעגער אין וויטעבסק. אַ גאַנצן טאָג האָט ער געטראָגן עמערס וואַסער און אַהיים געקומען שפּעט בײַ נאַכט. „ער קומט אַרײַן, זעצט זיך אַוועק, מײַן מאַמע דערלאַנגט אים עפּעס צום עסן" — האָט שאַגאַל דערציילט — „כ׳געדענק נישט, ער זאָל אַ מאָל האָבן גערעדט מיט מיר, צי מיר זאָלן האָבן ביידע עפּעס געשמועסט צווישן זיך. מײַן טאַטע פלעגט זיצן בײַם טיש, פּויקן מיט די פינגער אַ גאַנצן אָוונט. בין איך אויסגעוואַקסן און

נישט געוווּסט ווי צו רעדן מיט מענטשן". דערנאָך האָט שאַגאַל זיך פֿאַרליבט אין אַ מיידל, יאָרן מיט איר אַרומגעגאַנגען, אָבער קיין מאָל מיט איר נישט גערעדט. ווען ער איז אַוועק פֿון וויטעבסק, האָט דאָס מיידל אויף אים געוואַרט, און ער האָט איר געוואָלט שרייבן, בעטן, זי זאָל מיט אים חתונה האָבן, אָבער ער האָט נישט געקענט אָנשרײַבן אַ בריוו, פּונקט ווי ער האָט נישט געקענט שמועסן מיט קיין שום מענטש. האָט זי אויפֿגעהערט צו וואַרטן און האָט חתונה מיט אַן אַנדערן. אַזוי איז געווען בן־גוריון; ער האָט יאָ געקענט שרײַבן, אָבער איך קען זיך נישט פֿאָרשטעלן, ער זאָל אַ מאָל מיט עמעצן האָבן גערעדט וועגן זײַן חתונה, וועגן זײַנע קינדער וכדומה. דאָס האָט פֿאַר אים זיכער געהייסן פֿאַרלירן צײַט.

אָבער דאָס וואָס אים האָט אינטערעסירט, וואָס ס'איז פֿאַר אים געווען וויכטיק, האָט ער באַהאַנדלט מיט דער גרעסטער אויפֿמערקזאַמקייט, וואָס נישט יעדער האָט תּמיד אָפּגעשאַצט אָדער פֿאַרשטאַנען. איין מאָל, אין 1946, אויב איך האָב קיין טעות נישט, האָט ער געבעטן עטלעכע חדשים אורלויב פֿון דער ייִדישער אַגענץ — ער איז דעמאָלט געווען איר פּאַרזיצער — כּדי געגנוי צו שטודירן וואָס די הגנה האָט צו איר דיספּאָזיציע און אין וואָס זי נייטיקט זיך פֿאַרן קאַמף וואָס ער איז געווען זיכער, אַז מיר וועלן דאַרפֿן פֿירן. מענטשן האָבן עס גערופֿן „בן־גוריונס סעמינאַר" און דערפֿון געלאַכט. ווער וואָלט אין יענע טעג פֿון כּסדרדיקן קריזיס זיך גענומען צײַט זיך אַוועקצוזעצן און „שטודירן"? בן־גוריון האָט עס אָבער יאָ געטאָן און ווען ער איז צוריקגעקומען צו דער אַרבעט, האָט ער געוווּסט וועגן אמתן כּוח פֿון דער הגנה מער פֿון אונדז אַלע צוזאַמען. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט ער מיך אָפּגערופֿן: „גאָלדע, קום אַריבער, איך דאַרף מיט דיר רעדן". ער האָט געשפּרײַזט אַהין און צוריק אין זײַן גרויסן אַרבעט־צימער, אויפֿן אייבערשטן שטאָק. „איך וועל דיר זאָגן" — האָט ער זיך צו מיר אָנגערופֿן — „כ'פֿיל, אַז כ'גיי אַראָפּ פֿון זינען. וואָס וועט זײַן מיט אונדז? איך בין זיכער, אַז די אַראַבער וועלן אַטאַקירן און מיר זענען דערצו נישט צוגעגרייט. מיר האָבן קיין זאַך נישט. וואָס וועט זײַן מיט אונדז?" ער איז געווען שרעקלעך פֿאַרדאגהט. מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט און געשמועסט. איך האָב אים דערציילט ווי איבערגעשראָקן עס איז געווען פֿאַר דער צוקונפֿט אייגער פֿון אונדזערע חברים אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, אַ מאַן וואָס איז שטענדיק געווען קעגן בן־גוריונס אַקטיוויזם און נאָך מער איצט, אין די שווערע טעג פֿון אונדזער אָפּענעם קאַמף קעגן די ענגלענדער. בן־גוריון האָט זיך גוט צוגעהערט און דערנאָך זיך אָנגערופֿן: „עס פֿאָדערט זיך אַ סך מוט צו זײַן איבערגעשראָקן און נאָך מער — דאָס צו זאָגן, אָבער אַפֿילו י. ווייס נישט ווי עס האַלט באמת און וויפֿל מיר דאַרפֿן זיך שרעקן". צום גליק אָבער האָט בן־גוריון דאָס יאָ געוווּסט. ער האָט צונויפֿגעוועבט זײַן פֿאַנטאַסטישע אינטויִציע מיט יעדער אינפֿאָרמאַציע וואָס ער האָט נאָר געקענט אײַנזאַמלען און איז דערנאָך אַריבער צו מעשׂים. ער איז אַוועק צו די ייִדן אין

אַמעריקע, קנאַפּע דרײַ יאָר פאַר דעם אויסבראָך פון דער באַפרײַונגס־מלחמה אין 1948, און מאָביליזירט זייער הילף פאַר דער „מסתמא נאָענטער מעגלעכקייט" (ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט) פון אַ מלחמה מיט די אַראַבער. נישט תמיד איז ער געווען גערעכט, אָבער אָפטער מער גערעכט ווי אומגערעכט. לגבי דער מעגלעכקייט פון אַ מלחמה האָט ער אַוודאי נישט געהאַט קיין טעות.

בן־גוריון איז בכלל נישט געווען קיין האַרטער מענטש, אָן אַ האַרץ, אָבער ער האָט געוווּסט, אַז ער מוז צו מאָל אָננעמען באַשלוסן, וואָס קאָסטן מענטשלעכע לעבנס. בעת אַ סך אין יישוב האָבן געטראַכט, אַז מיר וועלן נישט קענען אויפשטעלן די מדינה און זי פאַרטיידיקן, האָט בן־גוריון נישט געזען קיין שום ממשותדיקע ברירה, קיין שום אַנדערן אויסוועג און איך בין מיט אים מסכים געווען. אַפילו מענטשן ווי רמז האָבן שטאַרק געספּקט. כ׳געדענק, מיר זענען אין אַן אָוונט, אָנהייב 1948, געזעסן אויף מײַן באַלקאָן, וואָס קוקט אַרויס צום ים, און גערעדט וועגן דעם וואָס די צוקונפט קען אונדז ברענגען. רמז האָט ערנסט זיך אָנגערופן: „דו מיט בן־גוריונען וועלן צעשמעטערן די לעצטע האָפענונג פון ייִדישן פאָלק". דאָך האָט בן־גוריון פאַרווירקלעכט דעם חלום פון אַ ייִדישער מדינה. פאַרשטייט זיך, נישט אַליין, אָבער אַ ספק צי די מדינה וואָלט אויפגעקומען אָן זײַן אָנפירונג.

מלכתחילה האָבן מיר זייער גוט צוזאַמענגעאַרבעט. בן־גוריון האָט צו מיר געהאַט צוטרוי און כ׳מיין, אַז ער האָט מיך גערן געהאַט. יאָרן־לאַנג האָט ער קיינעם נישט געלאָזט מיך קריטיקירן אין זײַן בײַזײַן, כאָטש ס׳פלעגט טרעפן, אַז איך בין נישט מסכים געווען מיט אים אין קאַרדינאַלע פראַגן, ווי, למשל, וואָס שייך דעם פאָרשלאָג פון דער פּיל־קאָמיסיע, אין 1937, צו צעטיילן דאָס לאַנד, אָדער אין שײַכות מיט דער וויכטיקייט פון דער „אומלעגאַלער" עליה, וואָס אין אָנהייב האָט איר בן־גוריון נישט צוגעשריבן קיין באַזונדערע חשיבות.

צי האָט ער זיך געפירט מעשה דיקטאַטאָר? ניין. ס׳איז איבערגעטריבן צו זאָגן, אַז מענטשן האָבן פאַר אים מורא געהאַט, אָבער ס׳איז זיכער נישט געווען לײַכט פאַר קיינעם צו האָבן מיט אים חילוקי־דעות. צווישן די מענטשן, וועלכע האָבן פאַרלוירן בן־גוריונס סימפּאַטיע און ער האָט פאַרביטערט זייער לעבן זענען געווען צוויי פּרעמיערס: משה שרת און לוי אשכול. געווען אָבער נאָך אַנדערע.

ס׳האָט אים פאַרדראָסן די באַשולדיקונג, אַז ער פירט די פּאַרטיי און שפּעטער די רעגירונג אויף אַ דיקטאַטאָרישן אופן. אויף איינער פון די פּאַרטיי־זיצונגען, אויף וועלכער מען האָט עס אים פאַרגעוואָרפן, האָט ער זיך געוואָנדן צו אַ מיניסטער, וואָס ער האָט געהאַלטן פון זײַן אינטעלעקטועלער ערלעכקייט און — בן־גוריון האָט עס גוט געוווּסט — וואָס האָט פאַר אים קיין מורא נישט געהאַט. „זאָג מיר, נפתלי, פיר איך טאַקע די פּאַרטיי־זיצונגען אויף אַ נישט־דעמאָקראַטישן אופן?" פּרץ נפתלי האָט אים אָנגעקוקט אַ ווײַלע און אויף זײַן פּנים האָט זיך באַוויזן זײַן וווּנדערלעכער שמייכל. פאַמעלעך, קלײַבנדיק די ווערטער, האָט ער געזאָגט: „ניין, איך וואָלט

עס נישט געזאָגט. גיכער וואָלט איך געזאָגט, אַז אויפֿן סאַמע דעמאָקראַטישסטן אופֿן באַשליסט תּמיד די פּאַרטיי צו שטימען אין אײנקלאַנג מיט דײַן ווילן". אַזוי ווי בן־גוריון האָט נישט געהאַט דעם מינדסטן חוש פֿאַר הומאָר (כ'האָב אים קיין מאָל נישט געהערט דערציילן קיין וויץ), איז ער געווען גאַנץ צופֿרידן מיט נפֿתּליס ענטפֿער, וואָס איז, אַגבֿ, געווען גאַנץ ריכטיק.

דער ענין רעגירונג־זיצונגען און אָפּשטימונגען דערמאָנט מיר אַ שמועס, מיט עטלעכע יאָר צוריק, אויף אַ מסיבה, וואָס איז פֿאָרגעקומען בעת דער קאָנפֿערענץ פֿון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל. כ'בין געזעסן מיט ווילי בראַנדט, ברונאָ קרײַסקי, אײנעם פֿון די סקאַנדינאַווישע פּרעמיערס און האַראָלד ווילסאָן, וועלכער איז דעמאָלט נישט געווען פּרעמיער. מיר האָבן גערעדט וועגן די מעטאָדן פֿון רעגירן; רופֿט זיך אײנער אָן צו מיר: „ווי פֿירט מען בײַ אײַך קאַבינעט־זיצונגען?" „מיר שטימען אָפּ" — האָב איך געענטפֿערט. דאָס האָט זיי אַלע געפּלעפֿט. „איר שטימט אָפּ אויף די קאַבינעט־זיצונגען?" „אַוודאי" — האָב איך געענטפֿערט — „ווי פֿירט איך זיך?" בראַנדט האָט דערקלערט, אַז אין באָן שטעלט ער פֿאָר אַן ענין, מען דיסקוטירט אים, ער רעזומירט די דיסקוסיע און גיט דערנאָך איבער זײַן באַשלוס. קרײַסקי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און צוגעגעבן: „אַ מיניסטער, וואָס וואָלט זיך דערוועגט צו זאָגן אַז ער איז קעגן דעם באַשלוס, וואָלט בעסער געמעגט גיין אַהיים". אין ישׂראל איז אַנדערש, אַצינד און אַפֿילו פֿריִער אין בן־גוריונס צײַטן. מיר פֿירן לאַנגע דיסקוסיעס און אַז עס איז נײטיק שטעלן מיר דעם ענין צו אַן אָפּשטימונג. איך געדענק נישט, אַז אין מײַנע צײַטן ווי אַ פּרעמיער זאָל איך אַ מאָל האָבן געווען אין דער מינדערהייט, אָבער אַזוי ווי מיר האָבן קאָאַליציע־רעגירונגען און במילא גרויסע קאַבינעטן, און יעדער מיניסטער איז איבערצײַגט, אַז ער דערפֿילט נישט ווי געהעריק זײַן פֿליכט, אויב ער לאָזט זיך נישט הערן אין יעדן אײנציקן ענין, געדויערן אָפֿט די זיצונגען לאַנגע שעהען, אַפֿילו ווען מען וואָלט די באַהאַנדלטע טעמעס געקענט באַשליסן אין משך פֿון אַ האַלבער שעה. כ'וועל קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן די פֿאַרוווּנדערונג אויף די פּנימער פֿון בראַנדטן און קרײַסקין, בעת איך האָב עס זיי געדולדיק אויפֿגעקלערט.

אָבער לאָמיר זיך אומקערן צו בן־גוריונען. מערקווערדיק וואָס אין גרעסטן טייל פֿון זײַן פּאָליטישן לעבן, אַפֿילו ווען ער איז טעאָרעטיש נישט געווען גערעכט, האָט זיך אָבער אין דער פּראַקטיק בדרך כּלל אַרויסגעוויזן, אַז ער איז געווען גערעכט, און דאָס איז אײגנטלעך דער חילוק צווישן אַ מלוכה־מאַן און אַ פּאָליטי־קער. כאָטש איך האָב אים קיין מאָל נישט מוחל געווען די וווּנדן, וואָס ער האָט אונדז אַלע פֿאַרשאַפֿט אין שײַכות מיט דער לבֿון־פּרשה, דאָס באַשמוצן זײַנע פֿריִערדיקע חבֿרים, אָדער דעם שאָדן וואָס ער האָט גורם געווען דער אַרבעטער־באַוועגונג אין די לעצטע צען יאָר פֿון זײַן לעבן, איז נאָך מײַן געפֿיל אַזאַ ווי ס'איז געווען ווען איך האָב אים אַ מאָל געשיקט אַ טעלעגראַם צו זײַן געבוירן־טאָג,

בעת איך בין געווען אין שליחות אין אויסלאַנד. „טײַערער בן־גוריון, מיר האָבן געהאַט אַ סך צוזאַמענשטויסן אין דער פאַרגאַנגענהייט און מיר וועלן זיי, אָן ספק, האָבן אויך אין דער צוקונפט, אָבער קיין שום שטרײַט וועט נישט זײַן ביכולת אָוועקצונעמען פון מיר דאָס געפיל פון גרויסן זכות וואָס איך האָב געהאַט, צו אַרבעטן אין משך פון צענדליקער יאָרן מיט אַ מאַן, וועלכער האָט מער ווי יעדער אַנדערער בײַגעשטײַערט צו דער גרינדונג פון דער ייִדישער מדינה". איך האָב דעמאָלט געגלייבט דערין, און גלייב אין דעם נאָך הײַנט.

אין 1937 האָט מען מיך ווידער געשיקט קיין אַמעריקע, דאָס מאָל צו מאָבי־ליזירן פאָנדן פאַר אַ הסתדרות־פּראָיעקט, וואָס האָט צו מיר באַזונדערס אַפּעלירט (און ווי אַ צוגאָב, באַצויבערט אויך מײַנע קינדער). ס'האָט זיך געהאַנדלט אין גרינדן אַ שיף־אונטערנעמונג, וואָס וועט הייסן „נחשון" (אויפן נאָמען פון נחשון בן עמינדב, וועלכער איז געווען דער ערשטער אויסצופירן משהס באַפעל און איז אַרײַנגעשפּרונגען אין ים־סוף בעת יציאת־מצרים). דער ענין איז מיר זייער געפעלן, דאָס איז געווען דוד רמזעס אײַנפאַל, וואָס איז אויפגעקומען אין רעזולטאַט פון אַראַבישן גענעראַל־שטרײַק. די אַמאָליקע עברים אין ארץ־ישראל זענען געווען אַ פאָלק וואָס איז געפאָרן איבער ימען, אָבער די דאָזיקע חכמה איז פאַרלוירן געגאַנגען בײַ אונדז אין משך פון צוויי טויזנט יאָר גלות אויף דער יבשה און ערשט איצט האָט מען זי אָנגעהויבן ווידער אויפצולעבן. דער שטרײַק אין יפו־פּאָרט, אין 1936, איז געווען דער ערשטער סיגנאַל פאַר אַ גרעסערן אָנשטרענג מצד דעם ייִשוב צוצוגרייטן מענטשן כדי זיי זאָלן ווי איך האָב עס געזאָגט צו מײַנע צוהערערס אין אַמעריקע: „אַרבעטן אויפן ים, ווי מען איז בײַ אונדז, אין משך פון אַ סך יאָרן, צוגעגרייט געוואָרן צו באַאַרבעטן די ערד". דאָס האָט אונדז מחייב געווען צו עפענען אַן אייגענעם פּאָרט, קויפן שיפן, צוגרייטן מאַטראָסן און בכלל ווערן צוריק אַ ים־פאָלק.

דער טאָג ווען עס איז געעפנט געוואָרן דער תל־אָביבער פּאָרט איז אין יעדן זינען געווען אַ נאַציאָנאַלער יום־טוב פאַר די ייִדן אין ארץ־ישראל. נאָך הײַנט בין איך גערירט ווען איך דערמאָן זיך די וואַרטנדיקע מאַסן אויפן ברעג, ווי זיי האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין ים אַרײַן, כדי צו העלפן די פּאָרט־אַרבעטער, ייִדן פון סאַלאָניקי, אויסלאָדן די זעק מיט צעמענט פון אַ יוגאָסלאַווישער שיף, די ערשטע וואָס האָט געאַנקערט אין די וואַסערן פון תל־אָביב. אַלע האָבן מיר געוווּסט, אַז אַ הילצערנע ברעגדאַמבע איז נישט קיין פּאָרט און זיכער נישט קיין ראָטערדאַמער אָדער האַמבורגער פּאָרט, אָבער געווען איז עס אונדזערס און מיר זענען געווען שטאָלץ מיט אים און טיף גערירט. מיט דער צײַט איז עס אײַנגעטווישט געוואָרן אויף אַ געבוי פון אײַזן און יעדן אָוונט — אויב די ענגלענדער האָבן נישט בלאָקירט די שטאָט — זענען אַלע געקומען זען ווי די אַרבעט גייט פאָרויס. פאָעטן האָבן געשריבן לידער וועגן פּאָרט און לכּבוד דעם

פּאַרט און — דער עיקר — שיפן האָבן ממש געאַנקערט אין אים. שטענדיק האָט מיך צוגעצויגן די אידעע פון יידישן אומקערן זיך צום ים און ווען נאָר איך האָב געקענט בין איך געפאָרן אויף „יידישע" שיפן. די ערשטע איז געווען „תל־אָביב" און אויף איר דעק האָבן רמז, בערל קאַצענעלסאָן און איך אויסגעאַרבעט די פּרטים פון „נחשון", ווען מיר זענען געפאָרן אויף אַ ציוניסטישן קאָנגרעס אין דער שווייץ. פאַרשטייט זיך, אַז עס זענען געווען סקעפּטיקערס, וועלכע האָבן בישט געקענט באַנעמען וואָס עס קען אונדז אָרן, אַז דער גאַנצער ים־פּאַרקער מיט ארץ־ישראל געפינט זיך אין נישט־יידישע הענט. פאַר מיר איז אָבער „נחשון" געווען נאָך אַ שריט אין דער ריכטונג פון יידישער אומאָפּהענגיקייט. אַ צייט־לאַנג האָב איך נאָר גערעדט וועגן שיפן און פישעריי; דאָס איז געווען מיין עסן, מיין טרינקען, מיין שלאָף און צוליב דעם בין איך אַרויס אויף נאָך אַ רייזע צו זאַמלען געלט אין אַמעריקע. אין אַ באַשטימטן זין איז עס געווען בלויז אַ ראָמאַנ־טישער אינטערלוד. אָפּט, אין די אָוונטן, נאָכן ענדיקן דאָס קאָכן פאַרן מאָרגנדיקן טאָג אָדער פאַרריכטן אין שטוב וואָס עס איז געווען נייטיק, און אויב עס זענען נישט געווען קיין זיצונגען אין ועד־הפּועל און קיינער איז נישט געקומען צוליב עפּעס אַן ענין, פלעג איך זיצן אויף דער וועראַנדע, זיך אָפּקילן אין ווינטל און אַרויסקוקן צום ים, געטראַכט, ווי ס'וואָלט אויסגעזען ווען מיר זאָלן האָבן אַן אייגענעם פּלאַט, פייַנע פראַכט־און פּאַסאַזשיר־שיפן און עס וואָלטן געפּלאַטערט אויף זיי פענער מיטן מגן־דוד אויף די וועגן קיין אייראָפּע, אַזיע און אַפריקע. פאַר מיר איז עס געווען אַ מין אָפּרו, פּונקט ווי בן־גוריון פלעגט בסוד גיין אין קינאָ אָדער שלינגען קרימינעלע ראָמאַנען, פּונקט ווי פאַר אַנדערע דאָס זאַמלען פּאָסטמאַרקעס. כ'האָב אָבער די גאַנצע צייט געוווּסט, אַז פאַר אונדז איז דער אמתער זינען פון ים אַ סך וויכטיקער, וואָרעם נאָר מיטן ים וועלן יידישע פּליטים פון נאַצי־דייַטשלאַנד קענען אָנקומען קיין ארץ־ישראל, אויב די ענגלענדער וועלן זיי אַרייַנלאָזן. אין 1939, ווען עס האָט זיך דערנענטערט די וועלט־מלחמה, איז געוואָרן קלאָר, אַז דאָס ענגלישע קאָלאָניעס־מיניסטעריום וועט זיך פול־שטענדיק אונטערגעבן דעם אַראַבישן דרוק און וועט לגמרי אָפּשטעלן די יידישע עליה.

די פּיל־קאָמיסיע, וואָס איז אַרומגעפאָרן איבערן לאַנד אין 1936, האָט פאָר־געשלאָגן די צעטיילונג אויף צוויי מדינות, אַ יידישע מיט אַ שטח פון נישט ווייניקער ווי 5.000 קוואַדראַט קילאָמעטער און אַן אַראַבישע, וואָס וועט פאַרנעמען דעם גאַנצן איבעריקן שטח, מיטן אויסנאַם פון אַן אינטערנאַציאָנאַלער ענקלאַווע פאַר ירושלים און אַ קאָרידאָר פון איר ביזן ים. די פאָרגעשלאָגענע יידישע מדינה איז ווייַט געווען פון מיין גערעדט וועגן אַ נאַציאָנאַלער היים פאַרן יידישן פאָלק, צו קליין און צו ענג. איך האָב געהאַלטן, אַז דאָס איז אַ גראַטעסקער פאַרשלאַג און איך האָב עס אָפן דערקלערט, כאָטש דער רוב חברים, אָנגעפירט דורך בן־גוריונען,

האָבן צום סוף, הגם מיט אומווילן, באַשלאָסן דעם פּלאַן אָנצונעמען. „אַ מאָל וועט מיך מײַן זון פרעגן, מיט וועלכן רעכט האָב איך אָוועקגעגעבן דעם גרעסטן טייל פון לאַנד און איך וועל נישט וויסן וואָס אים צו ענטפערן" — האָב איך געזאָגט אויף איינער פון די זיצונגען, אויף וועלכע מען האָט דיסקוטירט דעם פאָרשלאַג פון דער פּיל־קאָמיסיע. איך בין, פאַרשטייט זיך, נישט געווען לגבי דעם ענין אַליין אין דער פּאַרטיי. בערל, ווי איך האָב עס שוין דערמאָנט, און עטלעכע וויכטיקע מיטגלידער אין דער אַרבעט־באַוועגונג זענען מיט מיר געווען איינשטימיק, אָבער מיר זענען נישט געווען גערעכט; גערעכט איז געווען בן־גוריון, וואָס האָט מיט גרויס חכמה באַנומען, אַז יעדע מדינה איז בעסער ווי אין גאַנצן נישט קיין מדינה.

אָבער דאַנקען גאָט, נישט צוליב מיר האָבן מיר נישט באַקומען די מדינה אין 1937, נאָך צוליב די אַראַבער, וועלכע האָבן אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאַג מיט ביידע הענט, כאָטש ווען זיי אָקצעפּטירן אים, וואָלטן זיי געווען געהאַט אַ פּאַלעסטינישע מדינה נאָך מיט פערציק יאָר צוריק. דער פּרינציפּ, מיט וועלכן די אַראַבער האָבן זיך גערעכנט אין 1936 און אין 1937, איז געווען געבוי דער זעלבער וואָס הײַנטיקן טאָג. עס איז פאַר זיי נישט וויכטיק וואָס עס איז גוט פאַר די אַראַבער, נאָר וואָס עס איז שלעכט פאַר די יִדן. קוקנדיק אויף צוריק איז קלאָר, אַז די ענגלענדער, פון זייער זײַט, האָבן גאָרנישט געטראַכט צו רעאַליזירן דעם פאָרשלאַג פון דער פּיל־קאָמיסיע. בכל־אופן, וואָלט איך זיך געווען געקרענקט אַלע יאָרן, ווען איך וואָלט געטראַכט, אין ליכט פון דעם וואָס איז שפּעטער געשען, אַז איך בין די שולדיקע פאַרן דורכפאַל פון פּלאַן. ווען מיר וואָלטן געהאַט אַפילו אַ קלײנע, אַ מין קאַריקאַטור־מדינה, אַ יאָר פאַרן אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, וואָלטן הונדערטער טויזנטער יִדן, און אפשר מער, געקענט זיך ראַטעווען פון די נאַצישע גאַזאויוונס.

כאָטש די פראַגע פון עליה איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן ענין פון לעבן און טויט פאַר די יִדן אין אייראָפּע, האָט אויסגעזען אַז מיר זענען די איינציקע אין דער וועלט וואָס פאַרשטייען עס. אָבער ווער האָט אונדז געוואָלט הערן? מיר זענען געווען נישט מער ווי עטלעכע הונדערט טויזנט יִדן, וועמענס גורל איז נישט געלעגן אין אונדזערע הענט, פאַרשטעקט ערגעץ אין אַ ווינקל פון מיטעלן מיזרח, אַפילו נישט קיין אינטעגראַלער טייל פון דער בריטישער אימפּעריע, און מיר האָבן אַפילו נישט געהאַט די עלעמענטאַרע רעכט צו קענען זאָגן די באַדראָטע יִדן אין אייראָפּע: „קומט צו אונדז איצט, איידער עס ווערט שפּעט". די ענגלענדער האָבן געהאַלטן די שליסלען צו די טויערן פון דער יִדישער היים און זענען גרייט געווען זיי צו פאַרשליסן, נישט געקוקט אויף אַלץ וואָס האָט זיך שוין געטאָן אין אייראָפּע.

אויב ארץ־ישראל וועט פאַר די יִדן פון אייראָפּע זײַן „אויסערן תּחום", וואָס

װעט זײַן אין שײַכות מיט אַנדערע לענדער? אין זומער 1938 האָט מען מיך געשיקט צו דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנפערענץ פאַר פּליטים־ענינים, װאָס פראַנקלין רוזװעלט האָט גערופן אין עװיאַן. איך בין דאָרט געװען אין דער נעבעכדיקער ראָלע פון אַ „ייִדישן אָבסערװאַטאָר פון ארץ־ישראל״; כ׳בין אַפילו נישט געזעסן מיט די דעלעגאַטן, נאָר צװישן אַלגעמיינעם עולם, כאָטש די פּליטים װעגן װעלכע מען האָט גערעדט, זענען געװען מײַן פאָלק, מיטגלידער פון מײַן אייגענער משפּחה, נישט סתּם אומבאַקװעמע ציפערן װאָס מ׳דאַרף אַריינשטופּן אין אָפיציעלע קװאָטעס, אויב דאָס װעט בכלל זײַן מעגלעך. ס׳איז געװען אַ שרעקלעך איבערלעבעניש, צו זיצן דאָרט אין דעם פּראַכטיקן זאַל און צוהערן זיך צו די דעלעגאַטן פון 32 לענדער, װאָס האָבן איינער נאָכן אַנדערן איבערגעקײַט דאָס זעלבע, דהײַנו: זיי װאָלטן געװען צופרידן אַרײַנצונעמען אַ ממשותדיקע צאָל פּליטים, אָבער צום באַדויערן קענען זיי עס נישט טאָן. װער עס האָט דאָס נישט איבערגעלעבט, קען נישט פאַרשטיין װאָס איך האָב געפילט אין עװיאַן — אַ געמיש פון אומעט, כעס און גרויל. איך האָב געװאָלט אויפשטיין און שרײַען צו זיי אַלע: „צי פאַרשטייט איר נישט, אַז די „ציפערן״ זענען מענטשלעכע באַשע־פענישן, מענטשן, װאָס אויב איר װעט זיי נישט אַרײַנלאָזן, װעלן זיי דעם רעשט פון זייער לעבן פאַרברענגען אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן אָדער װאַנדערן װי מצורעים איבער דער װעלט?״ דעמאָלט האָב איך נאָך נישט געװוּסט, אַז נישט קיין קאָנצענטראַציע־לאַגערן, נאָר טויטלאַגערן װאַרטן אויף די פּליטים. װאָלט איך עס געװוּסט, װאָלט איך נישט געקענט דאָרט רויִק זיצן, שעה נאָך שעה, שטיל, און דרך־ארצדיק.

איך געדענק, אַז אין אַ באַשטימטער רגע האָב איך געטראַכט װעגן דער סעסיע פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, װוּ איך האָב זיך באַטייליקט מיט אַ יאָר פריִער, געזען די שפּאַנישע דעלעגאַטן װאָס האָט געװיינט און געבעטן הילף צו ראַטעװען מאַדריד. אַלץ, װאָס ערנסט בעװין האָט געפונען אין זײַן האַרץ זיי צו זאָגן, איז געװען: „די בריטישע אַרבעטער זענען נישט גרייט צו גיין צוליב אײַך אין קריג״. שפּעטער האָב איך געדאַרפט לערנען מײַן אייגענע לעקציע װעגן דער סאָציאַליסטישער ברידערלעכקייט. אָבער אין עװיאַן האָב איך באַנומען — אפשר צום ערשטן מאָל זינט כ׳בין געװען אַ קליין מיידל, אין רוסלאַנד, און האָב אַ דערשראָקענע געהערט דעם אָפּקלאַנג פון די פּאַדקאָװעס פון די קאָזאַקישע פערד, װעלכע האָבן זיך געטראָגן איבער דער שטאָט װי אַ שטורעם — אַז פאַר אַ שװאַך פאָלק איז נישט גענוג אויפצוװײַזן די גערעכטיקייט פון זײַנע פאָדערונגען.

אויף דער פראַגע פון „זײַן אָדער נישט זײַן״ מוז איטלעך פאָלק ענטפערן אויף זײַן אייגענעם אופן און ייִדן טאָרן קיין מאָל נישט זײַן אָפּהענגיק פון עמעצן און בעטן אַ דערלויבעניש צו בלײַבן לעבן. אַ סך זאַכן האָבן פּאַסירט אויף דער װעלט זינט 1938, דער ייִשוב און אויך איך פערזענלעך האָבן אַ סך איבערגעלעבט

און דאָס איז געווען מוראדיק און גרוילעך. אָבער מען הערט נישט מער די ווערטער „ייִדישע פּליטים״; עס איז איצט פֿאַראַן אַ יידישע מדינה, וואָס איז גרייט און פֿעיִק אַריינצונעמען יעדן ייִד, קוואַליפֿיצירטע פּאַכלײַט, צי נישט קיין פּאַכלײַט, אַלט אָדער יונג, קראַנק אָדער געזונט, אויב ער וויל נאָר אין דער מדינה לעבן.

קיין זאַך, אַחוץ פּראָזעלאָגיע, איז נישט דערגרייכט געוואָרן אין עוויאַן, אָבער פּאָר מײַן אַוועקפֿאָרן האָב איך אײַנגעאָרדנט אַ פּרעסע־קאָנפֿערענץ. די זשורנאַליסטן האָבן געוואָלט הערן וואָס כ׳האָב געהאַט צו זאָגן און דורך זייער פֿאַרמיטלונג קומען צו דער ברייטער וועלט, ווידער פּרוּוון ציִען איר אויפֿמערקזאַמקייט. „פֿאַראַן נאָר איין זאַך, וואָס איך האָף צו זען פֿאַר מײַן טויט״ — האָב איך געזאָגט צו די זשורנאַליסטן — „אַז מײַן פֿאָלק זאָל מער נישט דאַרפֿן אַרויסקוקן אויף מיטגעפֿיל״.

אין 1939, אין מאַי, נישט געקוקט אויף די וואַקסנדיקע רדיפֿות און רציחות פֿון ייִדן אין עסטרײַך און דײַטשלאַנד, האָבן די ענגלענדער באַשלאָסן אַז ס׳איז געקומען סוף־כּל־סוף די צײַט צו פֿאַרמאַכן די טויערן פֿון ארץ־ישראל. די טשעמבערליין־רעגירונג האָט זיך אונטערגעגעבן דעם אַראַבישן שאַנטאַזש. פּונקט ווי זי האָט עס געטאָן לגבי די נאַציס. אויב נאָכגיביקייט איז די לייזונג פֿאַרן „פּראָבלעם״ טשעכאָסלאָוואַקיע, קען עס אַוודאי זײַן פֿאַר ארץ־ישראל וואָס מיט איר האָט זיך קיינער נישט גערעכנט. דאָס ווײַסבוך, וואָס איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין 1939, האָט פּאַקטיש אַ סוף געמאַכט צום בריטישן מאַנדאַט. כאָטש די גסיסה־ווייען האָבן נאָך געדאַרפֿט אָנהאַלטן נײַן יאָר. אַ פּאַלעסטינישע מדינה האָט געדאַרפֿט געשאַפֿן ווערן אין פֿאַרלויף פֿון צען יאָר, באַזירט אויף אַ קאָנסטיטוציע, וואָס זאָל גאַראַנטירן די „רעכט פֿון די מינדערהייטן״ און אויף אַ קאַנטאָן־סיסטעם. יעדער באָדן־אײַנקויף האָט געזאָלט אָפּגעשטעלט ווערן — אַחוץ אין פֿינף פּראָצענט פֿון לאַנד — און די ייִדישע עליה האָט געדאַרפֿט אין אָנהייב באַגרענעצט ווערן העכסטנס אויף 75.000 אין משך פֿון די קומענדיקע פֿינף יאָר און דערנאָך ווערן איבערגעריסן אויף שטענדיק, „סײַדן די ארץ־ישראלדיקע אַראַבער וועלן זײַן גרייט נאָכצוגעבן אין דער דאָזיקער פֿראַגע״.

אַ טאָג אָדער צוויי איידער דאָס ווייסבוך איז פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן, האָב איך אָנגעשריבן אַן אַרטיקל פֿאַרן זשורנאַל וואָס די מועצת־הפּועלות האָט אַרויסגעגעבן. כ׳בין אַ גאַנצע נאַכט געזעסן, כּדי דאָס אָנצושרײַבן. כ׳דערמאָן זיך, אַז כ׳האָב געזאָגט מנחמען, אַז אויב אַפֿילו קיינער וועט דעם אַרטיקל נישט לייענען, איז אָבער דאָס אָנשרײַבן גופֿא אַ דערלײַכטערונג פֿאַר מיר און ווען איך לייען אים היינט בין איך געפּלעפֿט פֿון דער איראָניע פֿון דער סמיכות־הפּרשיות.

„יעדער טאָג ברענגט מיט זיך נײַע גזירות אויף הונדערטער טויזנטער מענטשן. מיר, מאַמעס, ווייסן, אַז ייִדישע קינדער זענען פֿונאַנדערגעשפּרייט

אומעטום אויף דער וועלט און אַז אין אַ סך לענדער בעטן ייִדישע מאַמעס נאָר איין זאַך: ,נעמט אַרויס אונדזערע קינדער, נעמט זיי וווּהין איר ווילט, נאָר ראַטעוועט זיי פֿון דעם גיהנום׳. קינדער גייען איבער די גרענעצן פֿון דײַטשלאַנד קיין עסטרײַך, פֿון עסטרײַך קיין טשעכאָסלאָוואַקיע, פֿון טשע־כאָסלאָוואַקיע קיין ענגלאַנד — און ווער קען פֿאַרזיכערן זייערע מאַמעס, אַז מיטן אַרויסנעמען זיי פֿון איין גיהנום, וואַרפֿן זיי זיי נישט אַרײַן אין אַ צווייטן?

„דאָ אָבער, וועלן אונדזערע קינדער פֿאַרבלײַבן בײַם ייִדישן פֿאָלק. איך קען זיך נישט פֿאָרשטעלן, אַז מיר זאָלן דאָ נישט מצליח זײַן מיט אונדזער אַרבעט צו באַזעצן יעדע קאָלאָניע, יעדן ייִשוב, אַפֿילו דעם קלענסטן, אויב מיר וועלן האָבן פֿאַר זיך דאָס בילד פֿון טויזנטער ייִדן אין די קאָנ־צענטראַציע־לאַגערן. אין דעם ליגט אונדזער כּוח... אונדזער פֿונדאַמענ־טאַלער גלויבן איז נישט אָפּגעטויט. וואָס מען האָט געטאָן מיט אַנדערע פֿעלקער און לענדער, וועט מען נישט טאָן מיט אונדז״.

מיר איז גאָרנישט אײַנגעפֿאַלן, אַז דאָס וואָס עס וועט געשען מיט ייִדן וועט זײַן אומבאַשרײַבלעך ערגער.

איבעריק צו זאָגן, אַז מיר האָבן מיטן ווייסבוך נישט געקענט משלים זײַן. מיר האָבן פּראָטעסטירט, געשטרײַקט און געחתמעט דעקלאַראַציעס. מען האָט אָבער אויך געדאַרפֿט אָננעמען באַשלוסן. עס איז נישט גענוג געווען צו ווײַזן דערויף וואָס די ענגלענדער האָבן פֿאַרראַטן, אָדער צו מאַרשירן מיט צעבראָכענע הערצער און אַ געבויגענעם קאָפּ איבער די גאַסן פֿון תּל־אָבֿיבֿ, ירושלים, און חיפֿה. וואָס דאַרף מען טאָן? וועלן מיר זיך קעגנשטעלן די ענגלענדער? אויב יאָ — ווי אַזוי? וואָס זאָל זײַן דער ציל פֿאַר דער ציוניסטישע באַוועגונג, וואָס דאַרף זי טאָן איצט, ווען די ענגלענדער האָבן זיך אָפּגעטרייסלט פֿון די ייִדישע נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס?

אָן אויסגעמאַטערטע האָב איך אין אויגוסט געגעבן צו פֿאַרשטיין די קינדער, אַז איך מוז ווידער פֿאָרן, דאָס מאָל צום ציוניסטישן קאָנגרעס אין זשענעווע, ווו עס וועלן באַהאַנדלט ווערן מאָנומענטאַלע פֿראַגעס אינעם לעבן פֿון ייִשובֿ. איך האָב געזען זייער שרעקלעכע אַנטוישונג, נאָר בעת אין אַנדערע פֿאַלן פֿלעגן זיי דיסקוטירן און פֿרעגן אויב די נסיעה איז באמת נייטיק, האָבן זיי דאָס מאָל גאָרנישט געזאָגט. כ׳וויל דאָ באַמערקן, אַז בײַ מײַן אָפּפֿאָרן קיין זשענעווע האָט מפּא״י שוין פּאַקטיש געהאַט פֿאָרמולירט איר פּאָליטיק. וואָסער שטעלונג עס זאָלן נישט אָננעמען די ציוניסטישע דעלעגאַטן פֿון אויסלאַנד, איז פֿאַר אונדז געווען קלאָר אונדזער שטעלונג. די עליה מוז מען ממשיך זײַן, אויב עס זאָל אַפֿילו דערגיין צו באַוואָפֿנטע צוזאַמענשטויסן מיט די ענגלענדער. מיר וועלן אויך ממשיך זײַן צו קאָלאָניזירן און באַזעצן דאָס לאַנד. פּאַקטיש האָט עס געמיינט,

אַז מיר האָבן זיך אונטערגענומען אַרײַנצוגיין אין אַ קריג מיט די ענגלענדער; אויב מיר וועלן זײַן געצוווּנגען, וועלן מיר עס טאָן. מיר, וואָס זענען נישט אַפילו געווען גענוג חשוב כּדי צו זיין פאָרמעל פאַרטראָטן אויף דער אינטערנאַציאָנאַלער פּליטים־קאָנפערענץ? מען האָט אָבער נישט געזען קיין אַנדער ברירה, סײַדן מיר זאָלן אויך אַדאָפּטירן אַ קוואָטע־סיסטעם און נאָכטאָן אַנדערע פעלקער, וועלכע האָבן — לויט זייערע דעקלאַראַציעס — נישט געקענט ראַטעווען די ייִדן און בלויז „שטאַרק באַדויערט".

ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, אין 1939, האָט בן־גוריון דעפינירט אונדזער שטעלונג, בקיצור, אָבער מיט דער גאַנצער קלאָרקייט: „מיר וועלן קעמפן קעגן היטלערן, פונקט ווי דאָס ווײַסבוך וואָלט נישט עקסיסטירט און מיר וועלן קעמפן קעגן ווײַסבוך, פונקט ווי היטלער וואָלט נישט עקסיסטירט".

## קאַפּיטל זיבן

# דער קאַמף קעגן די ענגלענדער

כ'האָב דאָכט זיך זינט 1939 געפּרוּווט אַ טויזנט מאָל דערקלערן פאַר זיך אַליין, מכּל־שכּן פאַר אַנדערע — ווי אַזוי און פאַר וואָס איז געשען, אַז אין דער זעלבער צײַט ווען די ענגלענדער זענען מיט אַזוי פיל גוואַגטקייט אַנטשלאָסן געשטאַנען אין קאַמף קעגן די נאַציס, האָבן זיי אויך געפונען צײַט, ענערגיע און מעגלעכקייטן צו פירן אַזאַ לאַנגע און ביטערע מלחמה קעגן דעם אַרײַנקום פון יידישע פּליטים, אַנטרונענע פון די נאַציס, פּליטים וועלכע האָבן געזען אַ רעטונג אין ארץ־ישראל. איך האָב נאָך אַלץ נישט געפונען קיין ראַציאָנעלע דערקלערונג און אפשר איז זי גאָרנישט פאַראַן. איך ווייס אָבער, אַז די יידישע מדינה וואָלט מסתּמא נישט אויפגעקומען נאָך לאַנגע יאָרן, ווען די ענגלענדער וואָלטן אָט די מלחמה קעגן אונדז נישט געפירט מיט אַזאַ פאַרביסנקייט און מיט אַזאַ משוגענער עקשנות.

דער אמת איז, אַז נאָר דעמאָלט ווען די בריטישע רעגירונג האָט באַשלאָסן, קעגן יעדער לאָגיק און מענטשלעכקייט, אָוועקצושטעלן זיך ווי אַן אײַזערנע וואַנט צווישן אונדז און יעטווידער מעגלעכקייט צו ראַטעווען יידן פון די נאַצישע נעגל, האָבן מיר באַנומען, אַז פּאָליטישע אומאָפּהענגיקייט איז שוין נישט קיין זאַך וואָס מיר קענען זי באַטראַכטן ווי אַ ווײַטן ציל. בלויז די בויטוועגדיקייט צו באַהערשן די עליה, ווײַל דערפון זענען אָפּהענגיק מענטשלעכע לעבנס, האָט אונדז געצוווּנגען אָנצונעמען אַ באַשלוס, וואָס וואָלט אין אַן אַנדער פאַל געקענט וואַרטן אויף בעסערע (אויב נישט אידעאַלע) באַדינגונגען. אָבער דאָס ווײַסבוך פון 1939 — אָט די געזעצן און תּקנות וואָס זענען פאַרגעשריבן געוואָרן דורך פרעמדע מענטשן, פאַר וועלכע יידישע לעבנס זענען געווען פון צווייטראַנגיקער חשיבות — האָט פאַרן יישוב פאַרוואַנדלט די פראַגע צו האָבן דאָס רעכט זיך אַליין צו פאַרוואַלטן אין אַזאַ דרינגענדיקער בויטוועגדיקייט, וואָס קיינער פון אונדז האָט נאָך קיין מאָל נישט געקענט. און אייגנטלעך איז פון די טיפענישן פון אָט דער בויטוועגדיקייט אויפגעקומען מדינת־ישראל, בלויז דרײַ יאָר נאָכן סוף פון דער מלחמה.

וואָס האָבן מיר געפאָדערט פון די ענגלענדער און זיי האָבן מיט אַזאַ עקשנות אונדז אָפּגעזאָגט צו געבן? הײַנט צו טאָג זעט דער ענטפער אויס אומגלייבלעך, אַפילו אין מײַנע אויגן. דער אמת איז, אַז פון 1939 ביז 1945 האָט דער יישוב געוואָלט אַרײַננעמען אַזוי פיל יידן וויפל מען האָט נאָר געקענט ראַטעווען. דאָס איז געווען אַלץ. מיר האָבן געבעטן, מען זאָל אונדז דערלויבן צו טיילן דאָס

ביסל וואָס מיר פאַרמאָגן מיט די מענער, פרויען און קינדער, וועמען דאָס מזל האָט צוגעשפּילט און זענען נאָך נישט דערשאָסן, פאַרגאַזט, אָדער באַגראָבן געוואָרן לעבעדיקערהייט דורך יענע, וואָס די גאַנצע בריטישע אימפּעריע איז אַנטשלאָסן געווען צו ליקווידירן.

מיר האָבן גאָרנישט געבעטן: נישט קיין באַזונדערע פּריווילעגיעס, נישט קיין מאַכט און נישט קיין צוזאָגן פאַר דער צוקונפט. מיר האָבן בלויז געבעטן, נעמענדיק אין באַטראַכט דעם טויטאורטייל וואָס די נאַציס האָבן אַרויסגעטראָגן און אויך אויסגעפירט אויף מיליאָנען אייראָפּעיִשע ייִדן — מען זאָל אונדז דערלויבן צו פּרוּוון ראַטעווען פון זיי וואָס מער ס'וועט זיך לאָזן, איידער זיי וועלן אַלע אומקומען, און ברענגען זיי צום איינציקן אָרט, ווו זיי זענען געווונטשן. צו ערשט זענען די ענגלענדער געווען טויב צו אַלע אונדזערע ווענדונגען און דערנאָך האָבן זיי געזוכט כּל מיני תּירוצים, טעכנישע און גלאַט אויסגעטראַכטע (למשל, „מאַנגל אין שיפן", כאָטש, ווען מען האָט אין 1940 „זיך געניטיקט" אַוועקצופירן אומלעגאַלע עולים פון לאַנד קיין מאַוריציוס, האָבן זיך געפונען גענוג שיפן). האָבן מיר אויפגעהערט צו בעטן און אײַנגעשפּאַרט צוגעשטאַנען מיט אונדזערע פאָדערונגען.

קיין זאַך האָט אָבער נישט געהאָלפן, נישט תּחנונים, נישט טרערן, נישט דעמאָנסטראַציעס און נישט די אינטערווענץ פון אייניקע פּראָבריטישע פרײַנד. דאָס בריטישע ווײַסבוך איז געבליבן אין קראַפט און די טויערן פון ארץ־ישראל האָבן זיך געעפנט בלויז פאַר דער געוויסער צאָל ייִדן, וואָס איז אָנגעצייכנט געוואָרן אינעם שענדלעכן דאָקומענט, און מער נישט. דעמאָלט האָבן מיר אַלע באַנומען, וואָס אַ סך פון אונדז האָבן תּמיד חושד געווען: קיין שום פרעמדע רעגירונג וועט קיין מאָל נישט פילן אונדזערע יסורים ווי מיר פילן זיי און פאַר קיין שום פרעמדער רעגירונג וועלן ייִדישע לעבנס נישט האָבן דעם זעלבן ווערט ווי פאַר אונדז. דאָס איז נישט געווען קיין קאָמפּליצירטע לעקציע צו לערנען, אָבער, אַז מיר האָבן זי שוין יאָ געלערנט, איז געווען שווער זיך פאַרצושטעלן, אַז עמעץ פון אונדז וועט זי פאַרגעסן, כאָטש ס'זעט אויס, אַז מיט דער צייט האָט די איבעריקע וועלט, מיט ווייניק אויסנאַמען, זי יאָ פאַרגעסן. דאָס הייסט נישט — לאָמיר עס באַמערקן — אַז מיר האָבן געהאַט אַ ממשותדיקע ברירה, אָדער אַז אַנדערע פעלקער זענען געשטאַנען אין אַ ריי פאַרן בריטישן קאָלאָניעס־מיניסטעריום און קאַטעגאָריש געפאָדערט אויפצונעמען פּליטים, געוואָלט זיי שפּײַזן און געבן אַ דאַך איבערן קאָפּ. עטלעכע לענדער זענען געווען גרייט — זאָל דאָס געזאָגט ווערן צו זייער אייביקן זכות — אַרײַנצונעמען אַ באַשטימטע צאָל ייִדן, אויב און ווען זיי וועלן זיך באַווייזן צו ראַטעווען פונעם חורבן, אָבער אַחוץ ארץ־ישראל איז קיין איין לאַנד אויף דער וועלט נישט געווען להוט אַרײַנצונעמען די ייִדן, גרייט צו צאָלן יעדן פּרײַז פאַר זיי, צו טאָן עפּעס און זיך אײַנשטעלן כּדי זיי צו ראַטעווען.

די ענגלענדער זענען פֿאַרבליבן בײַ זײער עקשנות. זײ האָבן װײטער געקעמפֿט װי די לײבן קעגן די דײַטשן, איטאַליענער און יאַפּאַנער, אָבער נישט געקענט, צי בכלל נישט געװאָלט זיך אַנטקעגנשטעלן די אַראַבער, כאָטש אַ גרױסער טײל פֿון דער אַראַבישער װעלט האָט אָפֿן געשטיצט די נאַציס. בשום־אופֿן קען איך נישט פֿאַרשטײן ביזן הײַנטיקן טאָג, נאָך דעם װאָס איז געשען מיטן ייִדישן פֿאָלק, פֿאַר װאָס די ענגלענדער האָבן נישט געקענט זאָגן צו די אַראַבער: „איר האָט בכלל נישט װאָס צו זאָרגן. אַזױ גיך װי די מלחמה װעט זיך ענדיקן, װעלן מיר טאָן אַלץ כּדי יעדער פּאַראַגראַף אינעם װײסבוך זאָל אַרײַן אין קראַפֿט. אױב די ייִדן װעלן זיך אונדז קעגנשטעלן, װעלן מיר שיקן די בריטישע אַרמײ, די ים־און לופֿט־פֿלאָטן, זײ צו באַקעמפֿן. איצט אָבער שטײט אין קאָן נישט די צוקונפֿט פֿון מיטעלן מיזרח צי פֿון מאַנדאַט, צי װעלכע נאַציאָנאַלע אַספּיראַציעס. איצט גײט עס אין לעבן פֿון מיליאָנען מענטשן און מיר, די ענגלענדער, װעלן נישט שטערן דאָס ראַטעװען היטלערס קרבנות. דאָס װײַסבוך װעט װאַרטן ביז נאָך דער מלחמה".

נאָך אַלעמען, װאָס װאָלט געשען װען די ענגלענדער װאָלטן פֿאַרעפֿנטלעכט אַזאַ מין דעקלאַראַציע? עטלעכע אַראַבישע פֿירערס װאָלטן אפֿשר אַרױס מיט סטראַשענדיקע רעדעס. ס׳װאָלט אפֿשר פֿאַרגעקומען אַ פּראָטעסטמאַרש, אײנער אָדער צװײ. אפֿשר װאָלט אַפֿילו פֿאַרגעקומען נאָך אַ פּראָ־נאַצישער סאַבאָטאַזש־אַקט ערגעץ אין מיטעלן מיזרח; און קאָן זײַן אַז עס װאָלט במילא געװען צו שפּעט צו ראַטעװען דעם גרעסטן טײל פֿון די אײראָפּעיִשע ייִדן. אָבער פֿון די זעקס מיליאָן װאָלטן אפֿשר טױזנטער לעבן געבליבן. מען האָט געקענט באַװאָפֿענען טױזנטער ייִדישע פּאַרטיזאַנער און געטאָ־קעמפֿערס. די ציװיליזירטע װעלט װאָלט זיך געװען באַפֿרײַט פֿון דער מוראדיקער שולד, אַז קײנער האָט קײן פֿינגער נישט אױפֿגעהױבן צו ראַטעװען די ייִדן אין דער שעה פֿון זײער גרױסן אומגליק.

אין משך פֿון די לאַנגע טראַגישע מלחמה־יאָרן און נאָך דער מלחמה, האָב איך קײן מאָל נישט באַגעגנט קײן אײן אײנציקן ייִדן אין ייִשוב װאָס זאָל זיך קװענקלען און נישט זײַן גרײט אױף פּערזענלעכע און נאַציאָנאַלע קרבנות, װאָס װאָלטן אפֿשר נײטיק געװען כּדי צו העלפֿן די אײראָפּעיִשע ייִדן און ברענגען זײ צו אַ זיכערן ברעג. דאָס הײסט נישט, אַז ס׳איז שטענדיק געװען צװישן אונדז אַן אײנהײטלעכע מײנונג װי אַזױ דאָס קען געטאָן װערן. אָבער אױף װיפֿל מיר איז באַקאַנט, איז די פֿראַגע פֿון יאָ אָדער נישט טאָן קײן מאָל נישט אױפֿגעקומען. אױב קײנער װיל נישט העלפֿן, מוזן מיר פּרוּװן דאָס טאָן אַלײן, און אַזױ איז עס טאַקע געשען.

אין זשענעװע, בײַם ציוניסטישן קאָנגרעס פֿון 1939, האָב איך ס׳רוב צײַט פֿאַרבראַכט מיט די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס פֿון דער אַרבעט־באַװעגונג אין אײראָפּע און פּלאַנירט די װעגן צו שטײן אין קאָנטאַקט מיט זײ, אױב און װען די מלחמה

וועט אויסברעכן. פאַרשטייט זיך, אַז נישט איך און נישט זיי האָבן דעמאָלט געוווּסט וועגן היטלערס „ענדגילטיקער לייזונג", אָבער איך געדענק ווי כ'האָב געקוקט אין זייערע אויגן ווען מיר האָבן זיך געדריקט די הענט ביַים זאָגן „שלום" איינע צו די אַנדערע און כ'האָב געטראַכט וואָס עס דערוואַרט זיי, ווען זיי וועלן צוריקקומען אין זייערע היימען.

איך האָב אָפט איבערגעחזרט אין געדאַנק די רעלאַטיוו־אָפּטימיסטישע שמועסן, וואָס מיר האָבן געפירט אין מיין צימער אין זשענעווע, סוף אויגוסט 1939. כּמעט אַלע פון אָט די יונגע, איבערגעגעבענע מענטשן זענען שפּעטער אומגעקומען אין אוישוויץ, מיַידאַנעק און סאָביבאָר. אָבער צווישן זיי זענען געווען אָנפירערס פון די ייִדישע ווידערשטאַנד־באַוועגונגען אין מיזרח־אייראָפּע, וועלכע האָבן באַ־קעמפט די נאַציס אין די געטאָס און מחוץ די געטאָס, צוזאַמען מיט די פּאַרטיזאַנער און צום סוף הינטער די עלעקטריזירטע שטעכלדראָטן אין די טויטלאַגערן. עס איז שווער איצט צו טראַכטן וועגן זיי, אָבער איך גלייב מיטן גאַנצן האַרצן, אַז זיי האָבן געהאַט דעם אויסערגעוויינלעכן כּוח אָנצוגיין מיט זייער קאַמף ביזן סוף, ביַי אַזעלכע אומשטאַנדן, ווייַל זיי האָבן געוווּסט אַז מיר זענען מיט זיי די גאַנצע ציַיט און זיי זענען דעריבער קיין מאָל נישט געווען אַליין. איך בין נישט גענייגט צו מיסטיציזם און איך האָף אַז מען וועט מיר מוחל זיַין אויב כ'וועל זאָגן, אַז אין אונדזערע פינצטערסטע שעהען האָט דער אָנדענק פון זייער גיַיסט געשטאַרקט אונדזער האַרץ, אונדז באַגיַיסטערט ממשיך צו זיַין און בעיקר צו פאַרפעסטיקן אונדזער באַשלוס נישט צו לאָזן זיך אויסראָטן כּדי צו מאַכן לייַכטער דאָס לעבן פאַר דער איבעריקער וועלט. אין לעצטן חשבון זענען עס געווען די ייִדן פון אייראָפּע, די פאַרמשפּטע צו אומקום און פאַרטיליקונג, וואָס האָבן אונדז געלערנט איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אַז מיר דאַרפן ווערן די בעלי־בתּים פון אונדזער אייגן לעבן און, לויט מיַין מיינונג, האָבן מיר אָפּגעהיט זייער צוואה.

„מיר וועלן קעמפן קעגן היטלערן פּונקט ווי דאָס ווייַסבוך וואָלט נישט עקסיסטירט און מיר וועלן קעמפן קעגן ווייַסבוך ווי היטלער וואָלט נישט עקסיסטירט". דאָס איז געווען אַ קלינגענדיקע לאָזונג, אָבער נישט גרינג צו פאַרווירקלעכן. בעצם האָט זיך אין לאַנד געפירט נישט איין קאַמף, אין די ערשטע מלחמה־יאָרן, נאָר דריַי קאַמפן, וועלכע זענען געווען ענג פאַרבונדן (הגם זיי האָבן זיך געפירט סעפּאַראַט). ווי אַ מיטגליד פון ועד־הפּועל האָב איך גענומען אָנטייל אין יעדן איינעם פון זיי. עס איז אָנגעגאַנגען דער פּריוואַטער קאַמף אַריַינצוברענגען אין לאַנד ווי וויַיט מעגלעך אַ סך ייִדן; שנית, דער דער־בידערנדיקער און אומפאַרשטענדלעכער קאַמף, וועלכן מיר האָבן געמוזט פירן צו איבערצייַגן די ענגלענדער, זיי זאָלן אונדז לאָזן אָנטיילנעמען אין מיליטערישע אַקציעס קעגן די נאַציס; און לסוף דער קאַמף קעגן דער כּמעט פולשטענדיקער בריטישער גליַיכגילטיקייט — אויפצוהאַלטן די ווירטשאַפט אין ייִשוב, כּדי מיר

זאָלן ווי עס איז אַרויס פֿון דער מלחמה געגנוג שטאַרק אויפֿצונעמען אַ גרויסע עליה — אויב עס וועלן נאָך בלײַבן ייִדן עולה צו זײַן.

זינט דעמאָלט איז מיר אָפֿט אויסגעקומען צו פֿרעגן, ווי אַזוי האָבן מיר אַלע דורכגעלעבט אָט די יאָרן און זיך נישט אײַנגעבראָכן, אָבער ווײַזט אויס, אַז פֿיזישער און עמאָציאָנעלער אויסדויער איז צום מייסטן אַ פֿראַגע פֿון געוווינ־הייט און וואָס ס׳זאָל אונדז נישט האָבן געפֿעלט, אָבער איינס האָבן מיר געהאַט גענוג: געלעגנהייטן אויסצופּרווון אונדזערע כּוחות אין צײַטן פֿון קריזיס. זינט איך געדענק, האָבן מיך מענטשן באַשולדיקט, באַזונדערס מײַן אייגענע משפּחה, אַז איך נעם אויף זיך צו פֿיל און נישט וויכטיק וואָס דאָס מיינט אין דערווירק־לעכקייט. אַפֿילו איצט, ווען מײַן לעבן איז רעלאַטיוו לײַכט, האָבן די קינדער כּסדר טענות, אַז איך „רו״ נישט גענוג. אָבער אין די מלחמה־יאָרן האָב איך געלערנט אַ וויכטיקע לעקציע: מען קען שטענדיק אַריבערשפּרײַזן אַ ביסל ווײַטער פֿון דעם וואָס מיר האָבן געכטן באַטראַכט פֿאַר דער אַבסאָלוטער גרענעץ פֿון אונדזער אויסדויער. ווי עס זאָל נישט זײַן, געדענק איך נישט, כ׳זאָל האָבן זיך געפֿילט דעמאָלט „פֿאַרמאַטערט״; כ׳האָב זיך מסתּמא צוגעוווינט צו מידקייט. פּונקט ווי יעדער איינער בין איך געווען אַזוי געיאָגט פֿון צרות און דאגות, אַז קיין טאָג (בעצם אויך נישט קיין נאַכט) איז נישט געווען גענוג לאַנג צו טאָן אַלץ וואָס האָט זיך געפֿאָדערט. די עיקר־סיבה איז, פֿאַרשטייט זיך, געווען, וואָס הגם אַנדערע האָט זיך שווער געגלייבט אַז די נאַציס ליקווידירן די ייִדן אין אייראָפּע, האָבן די מערסטע פֿון אונדז תּיכּף געגלייבט אין דעם; און אַז מען ווייסט אַז יעדע רגע נעמט אַוועק די לעבנס פֿון דײַן פֿאָלק, איז דען שייך צו רעדן וועגן „צו פֿיל אַרבעט״?

איך דערמאָן זיך גאַנץ קלאָר דעם טאָג, ווען עס זענען צום ערשטן מאָל דערגאַנגען צו אונדז די שוידערלעכע ניַיעסן וועגן די גאַזקאַמערן, וועגן זייף און אַבאַזשורן, וואָס ווערן געמאַכט פֿון ייִדישע קערפּערס. מיר האָבן גערופֿן אַ דרינגענדיקע זיצונג פֿון דער הסתּדרות און אויפֿן אָרט באַשלאָסן צו שיקן עמעצן קיין אַנקאַראַ און פּרוּוון פֿון דאָרט קומען אין קאָנטאַקט מיט די ייִדן. ס׳איז געווען מאָדנע און שרעקלעך וואָס קיינער פֿון אונדז האָט נישט געצווייפֿלט אין די אָנגעקומענע ידיעות. מיר האָבן אַלע אויפֿגענומען די באַריכטן מיט פֿול־שטענדיקן צוטרוי. צו מאָרגנס האָב איך געהאַט אַ צוזאַמענטרעף וועגן אַ לויפֿנדיקן, נישט באַזונדערס וויכטיקן, ענין מיט אַ בריטישן באַאַמטן, וועלכן כ׳האָב גערן געהאַט. פֿאַרשטייט זיך, אַז איך האָב אים גלײַך דערציילט וועגן די נאַצישע גרויל־מעשׂים וועגן וועלכע מיר האָבן זיך נאָר וואָס דערוווּסט. נאָך עטלעכע מינוט וואָס ער האָט געקוקט אויף מיר מיט אַ משונהדיקן אויסדרוק, האָט ער געזאָגט: „אָבער, פֿרוי מאירסאָן, גלייבט איר דען אין די דאָזיקע ידיעות?״ ער האָט דערציילט וועגן דער גרויל־פּראָפּאַגאַנדע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה

און ווי איבערגעטריבן זי האָט זיך אַרויסגעוויזן. איך האָב אים נישט געקענט אויפקלערן פאַר וואָס איך האַלט, אַז דאָס איז אַנדערש, כ׳האָב אָבער געקענט זען אין זײַנע פאַרזאָרגטע בלויע אויגן זײַן איבערצײַגונג אַז איך בין אין גאַנצן אַראָפּ פון זינען. ,,איר דאַרפט נישט גלייבן אין אַלץ וואָס איר הערט״ — האָט ער צו מיר איידל געזאָגט, פאַר מײַן אוועקגיין.

דאָך האָבן מיר ווײַטער געטאָן אונדזערע טעגלעכע אַרבעט און אין די איבער־רײַסן, ווי אויך בײַ נאַכט, האָבן מיר זיך אָפּגעגעבן מיט דער מלחמה וואָס איז אָנגעגאַנגען קעגן די ייִדן. איך האָב ממשיך געווען מײַן אַרבעט אויפן געביט פון אַרבעט־באַציונגען, הגם איצט האָב איך געהאָט צו טאָן כמעט נאָר מיט בריטישע מיליטערישע אויטאָריטעטן. די ענגלענדער, ווי איך האָב שוין באַמערקט, זענען געווען עקשנותדיק קעגן צולאָזן די ייִדן ווי פרײַוויליקע אין דער אַרמיי (כאָטש 130 טויזנט האָבן אויסגעדריקט זייער גרייטקייט דאָס צו טאָן). זיי האָבן צוגעטראַכט אַ ריי קאָמפּליצירטע פּלענער (מערסטנס זענען זיי דורכגעפאַלן) צו רעדוצירן ביז אַ מינימום די צאָל ייִדן, וואָס האָבן געוואָלט זיך מאָביליזירן; אייגעקשנעג־דיק זיך, אַז די צאָל ייִדישע רעקרוטן זאָל נישט זײַן גרעסער ווי די צאָל פון די אַראַבישע. ווען די מלחמה האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט און איז דערגאַנגען צום מיטעלן מיזרח, זענען די אַלײַרטע אַרמייען געוואָרן אַלץ מער אָפּהענגיק פון אונדז, פונעם אײנציקן אויסגעצייכנטן פאַכמענישן (און פּאָליטיש פאַרלאָז־לעכן) אַרבעט־כּוח אין דער געגענט. צענדליקער טויזנטער יונגטלעכע פון ייִשוב, וועלכע מען האָט נישט צוגעלאָזט דינען אין די ענגלישע שלאַכט־אײנהייטן, האָבן די גאַנצע צײַט פון דער מלחמה געאַרבעט ווי שאָפערן אין דער אַרמיי, אין די באַדינונגס־און געזונטהייטס־אייגהייטן. עס איז איבעריק צו באַמערקן, אַז זיי זענען געווען באַקאַנט ווי ,,פּאַלעסטינער״, נישט ווי ייִדן און מען האָט זיך צו זיי באַצויגן ווי צו ,,אײַנגעבוירענע״. זיי זענען אָבער דאָך געווען אַ טייל פון דער אַרמיי. די ציווילע אַרבעטער פון ייִשוב, פאַכלײַט צי נישט, האָט מען נישט נאָר באַהאַנדלט ווי ,,אײַנגעבוירענע״, נאָר מען האָט זיי אויך געצאָלט וועדליק דעם מיצרישן טאַריף. דערמיט האָט די הסתדרות נישט געקענט מסכּים זײַן. האָב איך פאַרבראַכט חדשים־לאַנג אויף אונטערהאַנדלונגען און דיסקוסיעס מיטן גענעראַל־שטאַב פון מיטעלן מיזרח. לסוף האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין אונדזערע שטורמישע אָמפּערנישן אַ סך פּאַלעסטינער אַראַבער. איינער פון זיי, אַ וווּנדערלעכער מענטש פון חיפה, האָט באַצאָלט מיט זײַן לעבן פאַר אָט דעם געאייניקטן פראָנט. אַראַבישע טעראָריסטן האָבן אים דערהרגעט.

אַ כאַראַקטעריסטישע פּרשה פון יענער צײַט זענען געווען די שמועסן, וואָס איך האָב געפירט אין משך פון לאַנגע וואָכן מיט אַ געזעלשאַפט, וואָס האָט בשעתו געאַרבעט אין בורמאַ און איז דערנאָך נאָמינירט געוואָרן ווי אַ טראַנספּאָרט־אַגענטור פון דער מאַנדאַט־רעגירונג. כ׳גלייב נישט, אַז די דזשענטלמענס איז אַ

מאָל אײַנגעפֿאַלן, אַז זיי קענען נישט סתם אַנגאַזשירן מענטשן אָדער זיי אָפּזאָגן, ווען זיי געפֿינען עס פֿאַר נייטיק. איך האָב באַשלאָסן צו באַווײַזן זיי, אַז ס׳איז פֿאַראַן אַזאַ זאַך ווי אַרבעטער־פֿאַראיינען, מיט וועלכע זיי מוזן זיך רעכענען, און אַזאַ זאַך ווי אַ קאָלעקטיוווער אַרבעט־אָפּמאַך. „אין בורמאַ" — האָבן זיי מיר געזאָגט מיט שטאָלץ בעת אונדזער ערשטן צוזאַמענטרעף — „האָבן מיר זיך נישט געבייטיקט אין קיין אַרבעטער־קאָאָפּעראַטיוון. מיר האָבן געהאַט אונדזער אייגענעם קאָאָפּעראַטיוו פֿון אַכציק טויזנט אַרבעטער". צום סוף האָבן זיי מסכּים געווען צו פֿאַרהאַנדלען מיט דער הסתּדרות און כּ׳מיין, אַז זיי האָבן אויך עפּעס געלערנט בנוגע דעם ישוב און אין וואָס עס גייט דאָ בכלל.

ווען די מיליטערישע לאַגע אין מיטעלן מיזרח איז געוואָרן ערגער און ערגער, זענען אַלץ מער ייִדן אַרײַנגעצויגן געוואָרן אינעם מלחמה־אָנשטרענג און די מאַנדאַט־רעגירונג האָט זיך געפֿילט געצוווּנגען צו שאַפֿן אַן עפּנטלעכע קערפּער־שאַפֿט, מיט וועלכער זי זאָל זיך קענען באַראַטן אין ווירטשאַפֿטלעכע ענינים. זי האָט געשאַפֿן אַ ראַט פֿאַר עקאָנאָמישע ענינים אין צײַט פֿון מלחמה און איך בין געווען אין אים אַ מיטגליד ביז די מלחמה האָט זיך געענדיקט.

דאָס זענען געווען זאַכן, וואָס מען האָט געדאַרפֿט טאָן, וויכטיקע זאַכן, אָבער ווײַט נישט קיין צענטראַלע ענינים. מײַנע אמתע זאָרגן זענען געווען גאָר אַנדערע. דער מאַן, וועלכן מיר האָבן געשיקט קיין אַנקאַראַ (מלך בוישטאַדט, שפּעטער בוי), איז צוריקגעקומען און די נײַעס, וואָס ער האָט געבראַכט אין ועד־הפּועל, האָבן אונדז אויפֿגעשוידערט. עס האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט צוריקגעקומען מיט אַ בשורה פֿון אַן אַנדער פּלאַנעט. ער האָט אין טערקײַ זיך באַגעגנט מיט מענטשן, וועלכע וועלן קענען אָנבינדן אַ קאָנטאַקט מיטן ייִדישן אונטערגרונט אין פּוילן. ער האָט אונדז געוואָרנט, אַז זיי זענען נישט קיין מלאכים. אַחוץ דעם וואָס זיי האָבן געפֿאָדערט אַ סך געלט פֿאַר זייער אַרבעט, האָט ער געהאַלטן, אַז זיי וועלן מסתּם צונעמען פֿאַר זיך אויך דעם גרעסטן טייל פֿון דעם וואָס זיי וועלן צוזאָגן איבערצופֿירן אין די געטאָס. עס איז געווען כּמעט זיכער, אַז אייניקע פֿון זיי זענען נאַציס. מיר האָבן אָבער נישט געזוכט קיין ביוראָ־אַרבעטער. מיר זענען געווען פֿאַראינטערעסירט אין שליחים, וועלכע קענען זיך באַוועגן מער־ווייניקער פֿרײַ אין דעם אָקופּירטן אייראָפּע און זייער פֿאַרגאַנגענהייט איז פֿאַר אונדז נישט וויכטיק געווען. אין זעלבן טאָג האָבן מיר אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַ געהיימען פֿאָנד. מיר האָבן זיך געשטעלט פֿאַר אַ ציל, וואָס האָט דעמאָלט אויסגעזען קאָלאָסאַל — 75.000 פֿונט שטערלינג. מיר האָבן שוין דעמאָלט געוווּסט, אַז נאָר אַ קליינער טייל פֿון דער דאָזיקער סומע, אויב מיר וועלן זי בכלל מאָבי־ליזירן, וועט דערגרייכן צום באַשטימטן ציל, אָבער מיט אָט דעם טייל וועלן ייִדן אפֿשר קענען אײַנקויפֿן געווער און שפּײַז; נישט קיין סך, אין בעסטן פֿאַל, אָבער אפֿשר גענוג אויפֿצוהאַלטן די ייִדישע ווידערשטאַנד־באַוועגונג, כאָטש אויף אַ קורצער צײַט.

• דאָס איז געווען דער אמתער אָנהייב פון אונדזערע פּאַרײַאושטע אָנשטרענגונגען דורכצושלאָגן אַ וועג אין דעם נאַצי־אָקופּירטן אייראָפּע און ווערן אַ רעטונגס־אָנהאַלט פאַר די דאָרטיקע ייִדן. ביז די מלחמה האָט זיך געענדיקט איז נישט פאַרבליבן קיין איין וועג וואָס מיר זאָלן נישט האָבן אויסגעפּרוּווט, קיין איין שפּאַלט וואָס מיר זאָלן נישט האָבן געפּרוּווט דורכקריכן; קיין איין מעגלעכקייט, וואָס מיר זאָלן נישט האָבן תיכף אויסגעפאָרשט. יאָרן־לאַנג האָבן מיר זיך געבעטן בײַ די אַלייִרטע, זיי זאָלן אונדז העלפן שיקן אונדזערע יונגע מענטשן אין סאַמע האַרץ פון אייראָפּע, צו פוס, אין אַן אונטערוואַסער־שיף און צום סוף מיט עראָפּלאַנען. זומער 1943 האָבן די ענגלענדער ענדלעך אײַנגעשטימט, מיט אַ סך באַוואָרעניִשן. זיי האָבן מסכּים געווען אַראָפּצולאָזן נישט קיין הונדערטער, ווי מיר האָבן עס געבעטן, נאָר 32 ארץ־ישראלדיקע ייִדן, אויף טעריטאָריעס אונטער דעם קאָנטראָל פון די אַקס־מלוכות און זיי האָבן געהאַט אַ דאָפּלטע מיסיע: העלפן אַנטלויפן די מלחמה־געפאַנגענע פון די אַלייִרטע (ספּעציעל די פליערס) און גיין צו די ייִדישע פּאַרטיזאַנער, זיי העלפן און מוטיקן.

בעת איך שרײַב אָט די שורות זע איך פאַר מײַנע אויגן די פּנימער פון צוויי מענטשן, וואָס לעבן שוין נישט. זיי זענען געווען פאַרשיידן לויט זייער היִנטערגרונט, פּערזענלעכקייט און אויפפירונג, אָבער ביידע זענען מיר געווען זייער טײַער און איך טראַכט וועגן זיי איצט מיט אַ שאַרפן ווייטיק. זיי סימבאָליזירן פאַר מיר יענע מוראדיקע און פינצטערע צײַטן. איינער איז געווען אליהו גאָלאָמב, דער צווייטער ענצאָ סערעני. שרײַבערס און היסטאָריקערס, וועלן דערציילן אין פּרטים דאָס וואָס ייִדן אין ארץ־ישראל האָבן געפּרוּווט טאָן אין דער צײַט פון חורבן און עס טאָקע באַוויזן; איך וועל שרײַבן נאָר וועגן זיי, כאָטש עס זענען געווען אַ סך אַנדערע — מענער און פרויען — וועלכע האָבן געגעבן זייער פאָלק נישט ווייניקער ווי אליהו און ענצאָ.

אליהון האָב איך געקענט בעסער און לענגער ווי ענצאָן. ער האָט געהערט צו אַ מערקווערדיקער פאַמיליע — פיר שוואָגערס, וועלכע האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אינעם אויפבוי פון ייִשוב און דער אַרבעט־באַוועגונג. וועגן איינעם פון זיי — משה שרת — וועל איך רעדן שפּעטער, ווײַל אונדזער לעבן און אַרבעט האָבן זיך אינטים צוזאַמענגעוועבט. אָבער די אַנדערע דרײַ זענען אין צײַט פון דער מלחמה געווען נישט ווייניקער וויכטיק. איטלעכער פון די פיר (אָדער אַלע צוזאַמען) וואָלטן געקענט דינען ווי אַ טעמע פאַר אַ בוך, וואָס וואָלט געווען די סאַגאַ פונעם גאַנצן ייִשוב — און מײַן גרויסע האָפענונג איז, אַז אַ מאָל וועט זיך געפינען ווער עס זאָל דאָס אָנשרײַבן.

משה שרת האָט דעמאָלט אָנגעפירט מיט דער פּאָליטישער אָפּטיילונג פון דער ייִדישע אַגענץ. ער האָט אין 1933 איבערגענומען בירושה דעם אַמט פון חיים אַרלאָזאָראָוון און ער האָט שטענדיק געטראַכט וועגן זיך (כ׳מיין, אַפילו

דעמאָלט), אַז ער איז דער זעלבספאַרשטענדלעכער קאַנדידאַט אויף אויסערן־מיניסטער, ווען עס וועט אַ מאָל אויפקומען אַ ייִדישע מדינה. ער איז געווען דער „וועלטלעכסטער״ צווישן די פיר שוואָגערס, אינטעליגענט, פעיִק און אַ וווּנדער־לעכער לינגוויסט. ער איז אָבער אויך געווען זייער פאָרמאַליסטיש און פעדאַנטיש. נישט געקוקט אויף זײַנע מערקווערדיקע פעיִקייטן, איז ער פאָרט נישט געווען בן־גוריון און אויך נישט בערל קאַצענעלסאָן. ער איז אָבער אין משך פון יאָרן געווען אַן אויסגעצייכנטער אויסערן־מיניסטער פון ישראל און אין משך פון אַ קורצער תקופה, — צווישן בן־גוריונס ערשטער און צווייטער דעמיסיע — פרעמיער־מיניסטער. אין דער צײַט פון דער מלחמה האָט שרת, מער פון אַנדערע, זיך אַרײַנגעוואָרפן מיט האַרץ און נשמה אין דעם מטורפדיקן קאַמף פאַרן שאַפן די ייִדישע בריגאַדע, וועלכע איז ענדלעך צו שטאַנד געקומען אין לעצטן יאָר פון דער מלחמה און נאָך באַוויזן אַנטייל צו נעמען אין די שלאַכטן אויפן איטאַל־יענישן פראָנט.

איינע פון שרתס שוועסטער האָט חתונה געהאַט מיט דוב הוז, וועלכער האָט יאָרן געדינט דער הסתדרות ווי „דער מאַן אין לאָנדאָן״ און האָט אָנגעקניפּט באַזונדערס וואַרעמע פּערזענלעכע באַציִונגען מיט פירערס פון דער בריטישער לייבאָר־פּאַרטיי. זײַן געשטאַלט איז נישט געווען אימפּאָזאַנט, ער האָט אָבער פאַרמאָגט אַ סך שאַרם, האָט פאַרשטאַנען און ליב געהאַט די ענגלענדער. דערפאַר האָבן מיר אים אָפּט אויסגעקליבן, ער זאָל זײַן אונדזער רעפּרעזענטאַנט בײַ די מאַנדאַט־אויטאָריטעטן. זײַן באַליבטער פּראָיעקט איז געווען דאָס אַנטוויקלען די אַוויאַציע אין ארץ־ישראל; ער אַליין איז געווען אַ פליִער און מיר אַלע, וואָס זענען געווען צוגעשמידט צו דער ערד, האָבן עס באַטראַכט פאַר זייער געוואַגט. אין 1940 איז ער אומגעקומען צוזאַמען מיט זײַן פרוי רבקה און זײַן טאָכטער אין אַ פאַרקער־קאַטאַסטאָפע. מיט זײַן טויט האָבן מיר פאַרלוירן איינעם פון די אמתע זײַלן פון אונדזער כּוח. ווען איך פלעג קומען קיין לאָנדאָן ,פאַר דער מלחמה, פלעג איך אַ סך צײַט פאַרברענגען מיט דובן און שפּעטער האָבן מיר אַ סך געאַרבעט צוזאַמען אין שײַכות מיטן רעקרוטירן פרײַוויליקע פאַר דער בריטישער אַרמיי.

אַגב, דאָס דינען אין דער בריטישער אַרמיי איז נישט גלײַך אויפגענומען געוואָרן דורכן גאַנצן ייִשוב. עס זענען געווען מענטשן, נישט ווייניק, וואָס האָבן געטענהט אַז מיטן לייגן אַלע אייער אין איין קויש, שטעלן מיר אין קאָן די זיכערקייט פון ייִדישע שטעט און דערפער, אין פאַל ווען די ענגלענדער וועלן האָבן אַ דורכפאַל אין מיטעלן מיזרח. „עס איז זייער גוט צו רעקרוטירן פרײַוויליקע פאַר דער אַרמיי און קעמפן קעגן די נאַציס מעבר לים, אָבער וואָס וועט געשען מיטן ייִשוב״ — האָבן זיי געפרעגט — „אויב דער שונא וועט געווינען? ווער וועט בלײַבן צו פאַרטיידיקן תּל־אָביב, דגניה און רחובות? וועלן עס טאָן די

געציילטע, שוואַך אויסגעשטאַטע מיטגלידער פון דער הגנה?" געווען איז עס א טענה, אָבער, לויט מײַן מיינונג, אַ פאַלשע. די אידעע אַפּצוּוואַרטן און קעמפן קעגן היטלערן ווען די דײַטשן וועלן דערגיין צו די גרענעצן פון ארץ־ישראל — איז געווען אַן אַבסורד. מיר האָבן געוואָלט העלפן באַזיגן די נאַציס אומעטום ווו זיי געפינען זיך און מיר האָבן אַוועקגעגעבן אַ סך צײַט איבערצוצײַגן קעגנערס, סײַ אין דער הסתדרות און מפא"י, סײַ אין דרויסן, אַז זיי זענען נישט גערעכט.

שרתס אַ צווייטער שוואָגער (ציפּורה שרתס ברודער) איז געווען דער ווונ־דערלעכער שאול אביגור, וואָס איז נאָך, דאַנקען גאָט ביַים לעבן. ווער עס באַגעגנט שאולן הײַנט אין די גאַסן פון תּל־אָביב, בײַ דער אַרבעט אין גאָרטן, אין קיבוץ כּנרת (ווו ער איז נאָך אַ מיטגליד) קען מחמת זײַן פּשוטן אויסזען זיך קיין מאָל נישט פאָרשטעלן, אַז אָט דער מענטש האָט אין משך פון אַ סך יאָרן פאַר דעם אויפקום פון מדינת־ישראל פאַקטיש פאַרנומען דאָס אָרט פון אונדזער זיכערקייט־מיניסטער אין אונטערגרונט. שאול האָט אויפגעשטעלט דעם לעגענדאַרן אינפאָר־מאַציע־דינסט פון דער הגנה און איז, בײַם סוף פון דער מלחמה, געשטאַנען אין שפּיץ פון דער קערפּערשאַפט וואָס מען האָט גערופן „מוסד" („אינסטיטוציע"), אָרגאַניזירט און אָנגעפירט מיט דער קאָמפּליצירטער און געפערלעכער „אומלעגאַ־לער" עליה קיין ארץ־ישראל. קיין שום זאַך אין שאולס אויסזען, אין זײַן אופן פון רעדן באַווייזט נישט אַז ער — להיפוך צו שרתן, דובן, אליהון אָדער מיר גופא — איז געווען אַ געבוירענער קאָנספּיראַטאָר. אויף וויפל איך ווייס האָט שאול קיין מאָל נישט געשריבן אַן אומגייטיקן בריוו אָדער אַרויסגערעדט אַן אומגייטיק וואָרט. וואָס ער זאָל נישט האָבן געטאָן אָדער באַפוילן צו טאָן, איז אויסגעפירט געוואָרן בסוד־סודות און איטלעכן האָט ער חושד געווען אַז ער איז מסוגל צו פּלאַפּלען. מיר פּלעגן צײַטנווײַז לאַכן פון אים פאַר זײַן, לויט אונדז, איבערגע־טריבענער פאַרזיכטיקייט. כ'דערמאָן זיך, אַז ווען זײַן טאָכטער איז אַ צײַט־לאַנג געווען אין ענגלאַנד און אים געבעטן ער זאָל איר צושיקן אַ פּעקל העברעיִשע צײַטונגען, איז זי לגמרי נישט געווען איבערראַשט, ווען איר פאָטער האָט אויף דער פּאַקונג אָנגעשריבן: „שטרענג געהיים". מיר האָבן אים אַלע אויסגערעגע־ווייִנטלעך רעספּעקטירט און דאָס זעלבע אויך איצט. קיינער האָט נישט געפרווט מינערן זײַן אויטאָריטעט אין ענינים וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיטן אונטערגרונט: געהיימער אײַנקויף פון געווער אין אייראָפּע, אין 1947; ברענגען ייִדישע פּליטים פון אַראַבישע לענדער קיין ארץ־ישראל, אין סאַמע ברען פון דער מלחמה; וויכטיקע אינפאָרמאַציעס וועגן בריטישן אויסשפּירדינסט. כאַראַקטעריסטיש, אַז שאול איז געווען דער ערשטער מיט יאָרן צוריק, צו ווידמען זיך דער פראַגע פון אַרויספירן די ייִדן פון רוסלאַנד.

אָבער אין צענטער פון אַלץ איז אין יענער צייט געשטאַנען דער פערטער שוואָגער, אליהו גאָלאָמב, זיין הויז אין תּל־אָביב און זײַן ביורא (צימער נומער 17)

אין דער הסתדרות זענען געווען אונדזערע אמתע נערוועצענטערס. איך מײן אַז די גאַנצע צײַט פון דער מלחמה איז דאָס ליכט אין זײַן הויז קײן מאָל נישט אויסגעלאָשן געוואָרן און קײן מאָל איז זײַן שטוב נישט געווען ליידיק. אויב מיר האָבן דעמאָלט געהאַט עפּעס אַ מין שטאָב, איז עס געווען אָט דאָ. צו יעדער שעה פון טאָג און נאַכט ווען מען איז געקומען זיך באַראַטן מיט אליהון (און שטענדיק האָט מען געדאַרפט דורכגײן די קיך) האָבן מיר געטראָפן זײַן שוויגער (שרתס מאַמע, וועלכע מיר אַלע האָבן גערופן „מאַמאַטשקאַ") אַ רויִקע בײַם פּרעסן, ביז האַלבער נאַכט און עדה גאַלאָמב וואָס האָט קײן מאָל נישט פאַרפעלט צו דערלאַנגען אַ גלאָז טיי. בן־גוריון, שרת, דוב הוז און אַנדערע האָבן באַשטימט די פּאָליטיק, האָבן געפירט אונטערהאַנדלונגען און געווען די וואָרטזאָגערס פון דעם יישוב פאַר דער דרויסנדיקער וועלט, בעת אליהו — ענלעך צו בערלען אין דער ספערע פון רײנער אידעאָלאָגיע — איז געווען אונדזער הויפּט־קאָמאַנדיר, געשטאַנען אין שפּיץ פון דער „הגנה", פון 1931 ביז זײַן טויט, אין 1945. פּונקט ווי בערל, האָט ער נישט זוכה געווען צו זען די ייִדישע מדינה און אַזוי ווי בערל איז זײַן אַוועקגײן געווען אַ גרויסע, כ'וואָלט אַפילו געזאָגט, אַ שטענדיקע אבידה פאַר אונדז אַלע, ווײַל אין אַ סך פּרטים איז אליהו געווען אײנער פון די אמתע גרינדערס פון דער מדינה.

ווי האָט אויסגעזען אונדזער "הויפּט־קאָמאַנדיר"? ווי האָט אָגב אויסגעזען יעדער אײנער פון אונדז? מיטן אויסנאָם פון בן־גוריונען, מיט זײַן גרויסער טשופּרינע, זע איך נישט קײן אײנעם פון די „אָבות המייסדים" פון דער מדינה, וואָס זאָל דרויסנדיק זײַן אַן אײַנדרוקספולע געשטאַלט, און אליהו איז אַוודאי נישט געווען קײן אויסנאָם. ער איז געווען פון נידעריקן וווּקס, מיט אַ זײער הויכן שטענדיק גערונצלטן שטערן, מיט טיפע, שײנע אויגן. פּונקט ווי בערל, האָט ער אויך געטראָגן אַ מין אוניפאָרם, אַ רובאַשקע, פאַקנעפּלט אין אַ זײַט ביז אונטן, און צעקנײטשטע הויזן. איך געדענק נישט, כ'זאָל האָבן אים אַ מאָל געזען אין אַן אַנצוג. ער האָט גערעדט זײער רויִק, זײער פאַמעלעך און זײער איבערצײַגעוודיק, געמאַכט אַ רושם מיט זײַן ערודיציע. אין דער אמתן האָט ער אויסגעזען צום ווייניקסטן מיליטעריש, ווי אַלע וואָס כ'האָב געקענט. ער האָט אויך נישט געהאַט די מאַנירן און אַנשטעלן וואָס אונטערגרונט־פירערס אַנטוויקלען אין זיך אָפט כדי צו מאַכן אַ רושם אויף זײערע אָנהענגערס. ער האָט פאַקטיש גאַרנישט פאַרמאָגט אויסערגעוויינטלעכס, אַחוץ זײַן שטאַרקע פערזענלעכקייט, וואָס האָט זיך אויך אַנטפּלעקט נאָר פאַר די וועלכע האָבן מיט אים ענג צוזאַמענגעאַרבעט. די „הגנה", איר געדאַנק און כוח, זענען בעיקר געווען אליהוס ווערק. קײן ארץ־ישראל איז ער געקומען פון רוסלאַנד אין 1909 און צוזאַמען מיט שרתן געווען צווישן די ערשטע אַבסאָלווענטן פון דער הרצליה־גימנאַזיע אין תל־אָביב. אין ייִדישן לעגיאָן, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט ער זיך באַפרײַנדט מיט בערלען

און אונטער זײַן השפעה אָנגעהויבן אַנטוויקלען זײַן קאָנצעפציע וועגן ייִדישער זעלבסט־פאַרטיידיקונג אין ארץ־ישראל.

פון סאַמע אָנהייב האָט אליהו באַנומען די „הגנה", נישט ווי אַ גערילאַ־באַוועגונג און ווי אַ מין סעלעקטיוון כוח, נײַערט ווי אַ ברייט־באַזירטן נאַציאָנאַלן ענטפער אויף דער נויטווענדיקייט פון ייִשוב אַליין זיך צו פאַרטיידיקן און גלײַכצײַטיק זײַן אַן אינטעגראַלער טייל פון דער ציוניסטישער באַוועגונג. זעלבשוץ, האָט ער געטענהט, איז נישט ווייניקער וויכטיק ווי די דעראָבערונג פונעם מידבר אָדער ווי קיבוץ־גלויות, דעריבער האָט די „הגנה" געדאַרפט אַרויסשפּראָצן פון דעם גאַנצן ייִשוב, געהערן דעם גאַנצן ייִשוב און אין איר טעטיקייט זײַן אונטערגעוואָרפן דער אויטאָריטעט פון די נאַציאָנאַלע אינסטאַנצן פונעם ייִדישן ייִשוב, ווי געהיים עס זאָלן נישט געהאַלטן ווערן אירע ספעציעלע פונקציעס. פון אָט דער אײַנשטעלונג איז אויך אַרויסגעדרונגען אליהוס באַציונג צו די צוויי אָפגעזונדערטע מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן זיך שפעטער געשאַפן און האָבן זיך אים קעגנגעשטעלט: דער אירגון צבאי לאומי (אצ"ל) און לוחמי חרות ישראל (לח"י, די א. ג. שטערן־גרופע), וועלכע זענען אויפגעקומען בעיקר דערפאַר ווײַל זיי זענען נישט מסכים געווען מיט דער פּאָליטיק פון „הבלגה" (איינהאַלטן זיך), פון נישט צוריקשלאָגן און פון אויסמײַדן ייִדישן טעראָר, וואָס דאָס איז געווען די פּאָליטיק פון דער „הגנה". פון סאַמע אָנהייב האָט אָבער אליהו פאַרשטאַנען ווי וויכטיק ס'איז צוצוגרייטן די „הגנה" פאַר דער ראָלע וואָס זי וועט סוף־כל־סוף דאַרפן אויספילן אין קאַמף פאַר דער אומאָפהענגיקייט און האָט אין איר שטענדיק געזען דעם קערן פון אַ ייִדישער אַרמיי, מסוגל און באַרופן צו פאַרטיידיקן די רעכט פון די ייִדן צו קומען אין לאַנד אַרײַן, זיך צו באַזעצן אין אים און פירן דאָ אַ פרײַ לעבן.

לויט דער דאָזיקער פאָרמולירונג האָט די „הגנה" באמת געדאַרפט שפילן אַן אויסנעמלעכע ראָלע. זעלבשוץ, וועדליק אליהון, האָט געמיינט, אַז דער ייִשוב טאָר זײַנע אָרעמע מיטלען אויסניצן נאָר דאָרט און דעמאָלט ווען זיי זענען צום מערסטן נייטיק. די זעלבע יונגע מענטשן, וואָס האָבן „אומלעגאַל" אַרײַנגעבראַכט ייִדן קיין ארץ־ישראל, האָבן אויך פאַרטיידיקט די קאָלאָניסטן בעת זיי פלעגן אויפשטעלן שוצצוימען און וואַסערטורעמס אין ראַיאָנען וואָס זענען געווען פאַרווערט פאַר ייִדישער קאָלאָניזאַציע לויטן ווײַסבוך. זיי האָבן אויך פאַבריצירט געווער און עס אויסבאַהאַלטן צו באַנוצן אין עווענטועלע אָנפאַלן. זיי האָבן אַפילו אַראָפגעלאָזט פאַראַשוטיסטן אין אָקופירטן אייראָפע. גאָלאָמב האָט אויסגעפורעמט די „הגנה" ווי אַן אמתן אינסטרומענט פאַר נאַציאָנאַלער דערלייזונג; ער האָט שטענדיק געזאָרגט, אַז די טיילן, פון וועלכע זי איז באַשטאַנען, זאָלן קענען איינגעטווישט ווערן צווישן זיך און זײַן שטענדיק גרייט. אַזוי טאַקע, האָט די הגנה אין 1948, באַוויזן צו ווערן דער אינסטרומענט פון פאָלקס־דערלייזונג. אליהו

האָט אָפּגעהיט און קולטיווירט אַט דעם ענדגילטיקן ציל, כּדי ער זאָל נישט פֿאַר־דאַרבן ווערן. ער האָט דאָס, פֿאַרשטייט זיך, געקענט דערגרייכן, ווייל ער איז געווען דורך און דורך אַ חלוץ, אַן אידעאַליסט, אַ גוטער ייִד און אַ סאָציאַליסט און נישט בלויז אַן אונטערגרונט־פֿירער.

ס'איז שווער צו שרײַבן וועגן אליהון איצט, אין אַ וועלט וואָס האָט אָנגעטאָן אַ קרוין דעם אַראַבישן טעראָריזם און אויפֿגענומען אין דעם אַזוי געראָפֿענעם פֿעלקעררראַט אַ מענטש ווי יאַסער אַראַפֿאַט, וואָס פֿאַרמאָגט נישט קיין איין קאָנסטרוקטיוון געדאַנק אָדער טאַט און איז, פּשוט גערעדט, אַ פֿאַרמאַסקירטער פּילפּאַכיקער רוצח, וואָס פֿירט אַן מיט אַ באַוועגונג, וואָס זוכט בלויז דעם חורבן פֿון דער ייִדישער מדינה. עס איז אָבער מײַן טיפֿסטע איבערצײַגונג — אויך מײַן טרייסט — אַז דער מקור פֿונעם אומפֿאַרמיידלעכן דורכפֿאַל פֿון אַראַבישן טעראָריזם שטעקט אין דעם מהות פֿונעם עצם באַגריף פֿון דעם טעראָריזם. קיין שום באַוועגונג, וויפֿל געלט זי זאָל נישט האָבן צו איר דיספּאָזיציע, פֿון וויפֿל נאָכגיביקייט זי זאָל נישט געניסן — אין דעם פֿאַל אַ נאָכגיביקייט, וואָס האָט שטענדיק געבראַכט אַ חורבן אויף דער וועלט — קען זי נישט מצליח זײַן אויף אַ לענגערער צײַט, אויב איר אָנפֿירונג שטייט נישט אויף דער געהעריקער הייך און קלאַמערט זיך נאָר אין שאַנטאַזש און אין בלוט־פֿאַרגיסונג. נישט דורך דערמאָרדן קינדער, דורך פֿאַרכאַפּן עראָפּלאַנען און הרגענען דיפּלאָמאַטן דערגרייכן אמתע נאַציאָנאַלע באַפֿרייאונג־באַוועגונגען זייערע צילן. זיי מוזן אויך האָבן אַן אינהאַלט און צילן, וואָס זאָלן זיי דינען לאַנג־לאַנג נאָך דעם ווי דער קריזיס וועט אַריבער. זיי מוזן אויך האָבן — כ'וועל מיר דערלויבן ניצן אַן אַלטמאָדיש וואָרט — כאָטש אַ גרויסע מאָס אינטעלעקטועלע און מאָראַלישע ריינקייט.

בקיצור, אליהוס גרעסטע מתּנה פֿאַרן יישוב איז נישט געווען די פּעיִקייט מיט וועלכער די „הגנה" האָט דורכגעפֿירט אירע אָפּעראַציעס, נאָר איר פֿונדאַ־מענטאַלער ציל, וואָס איז, ווען די צײַט איז געקומען, אַריבער כּמעט אין גאַנצן צו דער ישׂראל־אַרמיי. פֿאַרשטייט זיך, מ'האָט געמאַכט פֿעלערן (טייל מאָל טייער באַצאָלטע) עס זענען געווען דורכפֿאַלן און אַנטוישונגען, אָבער פֿונעם ערשטן טאָג אָן איז די שליחות פֿון דער „הגנה" באַשטאַנען אין דינען דעם ייִדישן פֿאָלק, נישט אָנוואַרפֿן קיין שרעק אויף אַנדערע און נישט באַהערשן אַנדערע. אַ דאַנק דעם, וואָס זי האָט געלייגט דעם גלייכן טראָפּ אויף אַנטוויקלונג און זעלבסט־באַשטימונג, האָט זי מנצח געווען און אויפֿגעהאַלטן איר גײַסט.

כאָטש איך אַליין האָב גאַרנישט געהאַט צו טאָן מיטן אויסקלײַבן די „הגנה"־וואָלאָנטערן וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אין אייראָפּע, האָב איך זיי אַלע געקענט, ווײַל זיי זענען געקומען אין דער הסתּדרות, געזעגענען זיך מיט אונדז. בעת אַ געלעגנהייט האָב איך אַפֿילו געפּרוווט אָפּרעדן ענצאָ סערעני פֿון זײַן פּלאַן. אין אַ נאָכמיטאָג, ווען כ'האָב געאַרבעט אין מײַן צימער אין ועד־הפּועל, האָט

זיך געעפנט די טיר און ענצאָ איז אַרײַנגעקומען. הינטער די ברילן האָבן זײַנע אויגן אויסגעזען ליכטיקער ווי געוויינטלעך. „איך בין געקומען זיך געזעגענען" — האָט ער געזאָגט — „איך פֿאָר אַוועק". „פֿאַר נישט" — האָב איך אים געזאָגט — „ערשטנס, ביסטו צו אַלט און צווייטנס, צו וויכטיק פֿאַר אונדז דאָ. איך בעט דיך, זע. באַרעכן זיך, לטובֿת יעדן איינעם פֿון אונדז, בלײַב". איך האָב געוווּסט, אַז איך וועל אים נישט איבערצײַגן. דאָך האָב איך זיך באַמיט דאָס צו טאָן. ווען כ'האָב געענדיקט, האָט ער גענומען מײַן האַנט און געזאָגט: „גאָלדע, דו מוזסט פֿאַרשטיין. איך קען פֿאַר קיין פֿאַל נישט בלײַבן, ווען איך אַליין האָב אַזוי פֿיל אַנדערע אַוועקגעשיקט. זאָרגט נישט. איך גיב דיר מײַן ערנוואָרט, אַז מיר וועלן זיך ווידער טרעפֿן". מיר האָבן זיך שוין מער קיין מאָל נישט געזען. אין 1945 בין איך געשטאַנען אין אַ נאַכט, געשמיסן פֿון ווינט, ערגעץ ביים ברעג ים אין ארץ־ישׂראל און באַקוקט אַ הגנה־שיף אויפֿן נאָמען פֿון ענצאָ סערעני פֿון וועלכער עס זענען אַראָפּ אַ טויזנט אָדער מער פּליטים פֿון טויטלאַגערן; די שיף האָט זיך דורכגעריסן דורך דער בריטישער בלאָקאַדע און געבראַכט זיי בשלום. איך דערמאָן זיך, אַז כ'האָב דעמאָלט געטראַכט, אַז יעדעס פֿאָלק באַערט זײַנע העלדן אויף זײַן אופֿן. דאָס איז געווען אונדזער אופֿן פֿון אָפּגעבן כּבֿוד די העלדן. ענצאָ וואָלט דאָס זיכער געפֿעלן.

ענצאָס פֿאַרגאַנגענהייט איז געווען אין גאַנצן אַנדעריש ווי ביים רובֿ פֿון מײַנע חבֿרים. ער איז געבוירן און אויפֿגעצויגן געוואָרן אין איטאַליע, ווו זײַן פֿאָטער איז געווען דער פּערזענלעכער דאָקטער פֿונעם קעניג. זײַן פֿאַמיליע איז געווען אַ פֿאַרמעגלעכע, אַ שטאַרק אַסימילירטע, מיט הויכער קולטור. איינער פֿון זײַנע פֿעטערס איז געווען אַ באַקאַנטער אַדוואָקאַט, זיינער אַ ברודער איז מיט דער צייט געוואָרן אַ פּירנדיקער קאָמוניסטישער סענאַטאָר. נישט געווען אַזעלכעס, וואָס זאָל ענצאָן פֿאַרבינדן מיטן ציוניזם, אַחוץ זײַן גרויסער אינטערעס אין סאָציאַליזם און דער צויבער פֿון דער קיבוץ־באַוועגונג, וועגן וועלכער ער האָט אַ סך געלייענט. אין די שפּעטערע צוואַנציקער יאָרן, נאָך אַ גרעסערן צוזאַמענשטויס מיט די פֿאַשיסטן, איז ער געקומען קיין ארץ־ישׂראל, געהאָלפֿן גרינדן אַ קיבוץ (גבֿעת ברנר, נישט ווײַט פֿון תּל־אָבֿיבֿ, ווו איך האָב זיך מיט אים באַקענט) און איז געוואָרן זייער אַקטיוו אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. ער האָט געגלייבט אין אַ באַזונדערן סאָרט סאָציאַליזם, אַ דורכגעדרונגענעם מיט אַ שטאַרקן געפֿיל פֿאַר רעליגיע; און ס'איז פֿאַר אים געווען כאַראַקטעריסטיש, אַז אויסער דעם איז ער נאָך געווען אַן אויסגעשפּראָכענער פּאַציפֿיסט. די באַציונגען צווישן אונדז זענען געווען זייער גוטע. כאָטש מיר פֿלעגן זיך שטענדיק אַ סך אַמפּערן, באַזונדערס אין משך פֿון די מהומות־יאָרן 1936—1939, ווען ענצאָ האָט זיך אײַנגעשפּאַרט אַרומצושפּאַצירן אין די נעכט אַרום די אַראַבישע דערפֿער, אַן געווער ווײַל ער האָט געהאַלטן פֿאַר זײַן חובֿ צו פּרוּוון באַרויִקן די געמיטער פֿון דער אַראַבישער

באַפעלקערונג. קיין מאָל האָט קײנער נישט געקענט משפּיע זײַן אויף אים, ער זאָל בײַטן זײַן מיינונג, אויב עס האָט זיך געהאַנדלט אין אַן ענין פון פּרינציפּ. אויב עפּעס איז כּדאַי געווען צו טאָן, האָט ער עס געדאַרפט טאָן אַליין. דערפאַר זענען מיר נישט געווען איבערראַשט, ווען ער האָט כּמעט גלײַך ווי עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה זיך פרײַוויליק אַנגעשלאָסן אין דער אַרמיי.

פרײַוויליק מאָביליזירן זיך איז אָבער אײנס, און אַראָפּלאָזן זיך הינטער דעם שונאס ליניעס איז גאָר עפּעס אַנדערש. ער איז שוין דעמאָלט אַלט געווען פערציק יאָר, געהאַט אַ משפּחה, געווען זייער בײטיק אין לאַנד און נישט געהאַט קיין שום פּערספּעקטיוון ארויסצוקומען לעבעדיק, אויב ער וועט אַרײַנפאַלן אין פאַשיסטישער געפאַנגענשאַפט. ער האָט שוין בּמילא גענומען אַ פולן אַנטייל אין דעם מלחמה־אָנשטרענג, האָט רעגולער טראַנסמיטירט דורכן ראַדיאָ קיין איטאַליע לטובת די אַלײַירטע אַרמייען, אַרויסגעגעבן אַן אַנטיפאַשיסטישע צײַטונג, וועלכע איז געלייענט געוואָרן דורך טויזנטער איטאַליענישע געפאַנגענע. עס האָבן אים אויך נישט אויסגעפעלט קיין אַוואַנטורעס. די אמתע געשיכטע פון ענצאָס אויפטוען אין איראַק אין 1941 דאַרף נאָך דערציילט ווערן. אײנער פון זײַנע אויפטוען איז געווען דאָס אַרויספירן יידישע יונגעלײַט פון די געטאָס אין איראַק, דורכגיין מיט זיי דעם מידבר און אָנקומען קיין ארץ־ישראל, שטעלנדיק זיך אַליין אין אַ גרויסער סכּנה. די גאַנצע צײַט האָבן אים אין געדאַנק געמוטשעט די ליידן פון די איטאַליע־נישע יידן און ער האָט באַשלאָסן זיך אַרויסצולאָזן זיי צו ראַטעווען אָדער לפּחות זײַן מיט זיי, מיטלעבן זייערע יסורים. נאָך דעם ווי ער האָט געהאָלפן אליהון אויסקלייבן די פאַראַשוטיסטן, האָט ער זיך אײַנגעשפּאַרט דורכצומאַכן מיט זיי די טרענירונגען און געפאָדערט מען זאָל אים אויך אַראָפּלאָזן אין איטאַליע. ער איז כּמעט גלײַך געכאַפּט געוואָרן און פאַרשיקט געוואָרן מיט אַ טראַנספּאָרט יידן קיין דאַכאַו. דאָרט האָבן אים די נאַציס דערשאָסן. ער איז געווען בלויז אײנער פון די 32 פאַראַשוטיסטן (די באַקאַנטסטע צווישן זיי איז געווען די יונגע פּאָעטין חנה סענעש), אָבער פאַר מיר איז ער געווען דער סימבאָל פון אַלע צוזאַמען און פון דער הילפלאָזיקייט אין אונדזער סיטואַציע.

מענטשן האָבן מיך נישט איין מאָל געפרעגט וואָס איך פיל לגבי די דײַטשן. אפשר איז דאָ דאָס אָרט און די צײַט צו ענטפערן דערויף. מיטן נאָכמלחמהדיקן דײַטשלאַנד האָט מדינת־ישראל געדאַרפט אונטערהאַנדלען, אָנקניפּן קאָנטאַקטן און אַרבעטן. דאָס איז אײנער פון די לעבנס־פאַקטן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, און לעבנס־פאַקטן מוז מען אָננעמען, ווי פּײַנלעך זיי זאָלן נישט זײַן. איבעריק צו זאָגן, אַז קיין זאַך וועט קיין מאָל נישט מינערן די מוראַדיקייט פון חורבן. די זעקס מיליאָן אויסגעמאָרדעטע יידן זענען אויך אַ לעבנס־פאַקט, וואָס טאָר קיין מאָל נישט אָפּגעווישט ווערן פון מענטשלעכן זכּרון און אַוודאי טאָרן אים נישט פאַרגעסן נישט די יידן און נישט די דײַטשן. כאָטש עס האָט גענומען

יאָרן אײדער איך האָב זיך אַליין געצװוּנגען — אין 1967 — צו שטעלן מײַן פוס אויף דער דײַטשישער ערד, ביז איך שטענדיק געווען פאַר די אַנטשעדיקונגען, פאַר נעמען געלט פון די דײַטשן, כּדי מיר זאָלן קענען בויען די ייִדישע מדינה, וואָרעם איך גלייב, אַז דאָס לפּחות זענען זיי אונדז מחוייב צו געבן כּדי מיר זאָלן קענען אויפנעמען די ייִדן, וועלכע זענען געבליבן לעבן. כ׳האַלט אויך, אַז ישׂראל אַליין איז די זיכערסטע גאַראַנטיע קעגן אַ צווייטן חורבן.

און ווען די צײַט איז דערצו געקומען, בין איך אויך געווען פאַר אָנקניפּן דיפּלאָמאַטישע באַציִונגען מיט דײַטשלאַנד, כאָטש כ׳האָב זיך שאַרף אַנטקעגנ־געשטעלט דעם אַמבאַסאַדאָר, וואָס די רעגירונג האָט אויסגעוויילט און כ׳בין אויפגעטרייסלט געוואָרן ווען איך האָב זיך דערוווּסט, אַז ראַלף פּאַולס האָט געקעמפט און איז אַפילו פאַרוווּנדיקט געוואָרן (פאַרלוירן אַ האַנט) אין דער מלחמה. „נישט וויכטיק וואָס ער איז אַ גלענצנדער פּראָפעסיאָנעלער דיפּלאָמאַט" — האָב איך געזאָגט — „און נישט וויכטיק וואָס ער איז נישט געווען קיין מיטגליד אין דער נאַצי־פּאַרטיי. זאָלן די דײַטשן שיקן לפּחות אַן אַמבאַסאַדאָר, וואָס האָט נישט קיין שום קריגס־פאַרגאַנגענהייט". די דײַטשישע רעגירונג האָט זיך אָבער געהאַלטן בײַ אירס. ראַלף פּאַולס איז געקומען קײַן ישׂראל און עס זענען פאָרגעקומען דעמאָנסטראַציעס קעגן אים. איך בין געווען זיכער, אַז מען וועט אים דאַרפן צוריקשיקן. צום גליק איז דער טעות געווען מײַנער. ער איז היינט דער אַמבאַסאַדאָר פון באָן אין פּעקין, אָבער איז נאָך אַלץ איינער פון ישׂראלס בעסטע און איבער־געגעבנסטע פרײַנד.

ווען פּאַולס האָט דערלאַנגט זיינע באַגלייביקונג־פּאַפּירן אין ירושלים, בין איך געווען אויסערן־מיניסטער. איך האָב זיך פאַרגעשטעלט, אַז מ׳האָט אים איבערגעגעבן און ער ווייס וואָס איך טראַכט וועגן זײַן נאָמינאַציע. עס איז דעריבער נישט געווען קיין לײַכטער מאָמענט, כ׳האָב אָבער געטראַכט, אַז דאָס איז לכל הפּחות אַ רגע פון אמת. „ס׳וואַרט אויף אײַך אַ שווערע אויפגאָבע" — האָב איך אים געזאָגט — „דאָס איז אַ לאַנד באַפעלקערט אין אַ גרויסער מאָס פון קרבנות פונעם חורבן. שווער דאָ צו געפינען אַ משפּחה, וואָס איז פרײַ פון די פּינצטערע זכרונות פון די קרעמאַטאָריעס, פון די קינדער, וואָס זענען געווען צילן פאַר נאַציקוילן, אָדער פאַר „וויסנשאַפטלעכע" נאַצישע עקספּערימענטן. איר קענט דאָ נישט דערוואַרטן קיין וואַרמע אויפנאַמע. אַפילו די פּרויען וואָס באַדינען בײַם טיש, ווי איר וועט עס זען אויב איר וועט אַ מאָל קומען צו מיר אויף אַ מיטאָג, האָבן אויסגעברענט אויף זייערע אָרעמס נאַצי־נומערן".

„איך ווייס" — האָט פּאַולס געענטפערט — „איך קום צו אײַך איצט פון „יד ושם" און איך קען אײַך שוין צוזאָגן, אַז אַזוי לאַנג ווי איך וועל דאָ זײַן אַמבאַסאַדאָר, וועל איך מקפּיד זײַן, אַז יעדער דײַטש וואָס וועט קומען אין דעם לאַנד, זאָל צום ערשט גיין זען דעם דענקמאָל פאַר די אומגעקומענע אַזוי ווי איך האָב עס

הײַנט געטאָן". פּאָולס האָט געהאַלטן וואָרט.

כ'האָב אַ מאָל דערציילט פּאָולסן וועגן מײַן 34שעהדיקן וויזיט אין דײַטשלאַנד און איך דערמאָן זיך ווי ווײַס זײַן פּנים איז געוואָרן בעת ער האָט זיך צוגעהערט צו מײַנע רייד. איך בין געפאָרן קיין דײַטשלאַנד גלײַך נאָך דער זעקסטאָגיקער מלחמה; כ'האָב נאָך דעמאָלט געהערט צו דער רעגירונג. כ'האָב זיך באַטייליקט אין אַ סאָציאַליסטישער קאָנפערענץ אין פּאַריז, צוזאַמען מיט אַן אַלטן פרײַנד מײַנעם, ראובן ברקת. אין איינעם אַ פרימאָרגן האָט געקלונגען דער טעלעפאָן. געווען איז עס אבא אבן, אונדזער אויסערן־מיניסטער, וואָס האָט גערעדט פון ניו־יאָרק. ער איז דעמאָלט געשטאַנען אין דער אונאָ אין אַ קאַמף, וואָס האָט אין יענער סטאַדיע אויסגעזען צו זיין אַ פאַרשפּילטער, קעגן דער יוגאָסלאַווישער (פּאַקטיש רוסישער) רעזאָלוציע, אײנער פון די שאַבלאָנע רעזאָלוציעס, וועלכע האָבן אונדז געשטעמפּלט ווי „אַגרעסאָרן" און געפאָדערט מיר זאָלן זיך תיכף ומיד צוריקציִען פון די „אָקופּירטע שטחים". די פראַנצויזן, וועלכע זענען געווען פאַר דער דאָזיקער רעזאָלוציע, האָבן שטאַרק געדריקט אויף די פראַנצויזיש־רעדנדיקע אַפריקאַנער מדינות — האָט אבן מיר דערציילט — זוכנדיק אויך זייערע שטימען. די אַנפירנדיקע אַפריקאַנער דעלעגאַציע איז געווען די דעלעגאַציע פון העלפאַנט־ביין־ברעג, וועמענס אויסערן־מיניסטער האָט געהאַט אַ סימפּאַטיע פאַר ישראל און דער פּרעזידענט, פעליקס הופועט־בואַני, איז געווען און געבליבן מײַן פערזענלעכער פרײַנד. צי וועל איך זײַן גרייט צו פאָרן — האָט אבן געפרעגט — און זיך טרעפן מיט הופועט־בואַני (וועלכער איז דעמאָלט געווען ערגעץ אין אייראָפּע ער האָט נישט געוווּסט ווו) און תיכף רעדן מיט אים וועגן דער פאַרגעשלאָגענער רעזאָלוציע?

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז הופועט־בואַני איז געווען אויף אַפּרו אין אַ דײַטשישן דאַטשעאָרט, איידער ער האָט געדאַרפט אָנהייבן זײַן אָפיציעלן וויזיט אין דײַטשלאַנד. איך וואָלט געוווען אָוועקגעגעבן מײַן רעכטע האַנט, אַבי נישט צו פאָרן אַהין, אָבער אבן האָט נישט אָפּגעלאָזט און כ'האָב גוט פאַרשטאַנען פאַר וואָס. בין איך געפאָרן, גערעדט מיטן פּרעזידענט, כּמעט ווי נישט געגעסן, נישט געטרונקען און אַזוי גיך ווי מעגלעך פאַרלאָזט דײַטשלאַנד. ווען כ'בין צוריקגעקומען קיין פאַריז האָט ברקת, וועלכער האָט געוווּסט ווי שווער עס איז פאַר מיר געווען די נסיעה קיין דײַטשלאַנד, געזאָגט צו מיר: „כ'שטעל זיך פאָר, אַז קיין שום זאַך וואָס איר האָט ווען עס איז געטאָן פאַר ישראל, איז נישט געווען אַזוי שווער פאַר אײַך ווי אָט די נסיעה". איך האָב אים נישט געענטפערט. כ'האָב נישט געקענט אויסדריקן אין ווערטער, נישט דעמאָלט פאַר ברקתן און נישט שפּעטער פאַר פּאָולסן, דעם גרויל און דעם ווידערווילן, וואָס איך האָב געפילט אין משך פון יענע 24 שעה. איך האָב נאָר געטראַכט וועגן די פּנימער פון די מענטשן, וועלכע איך האָב געזען אויפן אײַכמאַן־פּראָצעס און אײַכמאַנען

אַלײַן, װעגן די אויגן פון די מענער, פרויען און קינדער, װאָס מיר האָבן אַרויס־געראַטעװעט פון יענעם גהינום אין די פערציקער יאָרן.

הגם קיין שום זאַך קען און װעט די אומגעקומענע נישט לעבעדיק מאַכן, איז דער אײַכמאַן־פּראָצעס, לויט מײַן מיינונג, געװען אַ גרויסער און נויטװענ־דיקער אַקט פון היסטאָרישער גערעכטיקייט. כ׳בין געװען און איך בין אַבסאָלוט איבערצײַגט, אַז בלויז די ישראלים האָבן געהאַט דאָס רעכט צו מישפּטן אײַכמאַנען אין נאָמען פון װעלט־ייִדנטום און איך בין זייער שטאָלץ װאָס מיר האָבן עס געטאָן. דאָס איז בשום־אופן נישט געװען קיין פראַגע פון נקמה. װי ח. נ. ביאַליק האָט אַ מאָל געשריבן: „דער שטן אַליין װאָלט נישט געקענט פאַרטראַכטן אַ פּאַסיקע נקמה פאַרן טויט פון איין קינד אַפילו״. אָבער די װאָס זענען געבליבן לעבן און די װאָס װעלן ערשט געבוירן װערן זענען לכל הפּחות ראוי דערצו, אַז די װעלט זאָל װיסן, מיט אַלע גרויליקע איינצלהייטן, װאָס מען האָט געטאָן די ייִדן אין אייראָפּע און װער עס האָט עס געטאָן.

װי לאַנג איך װעל לעבן װעל איך קיין מאָל נישט פאַרגעסן װי איך בין געזעסן אײַנגעטוליעט, מיט שיינען, אין יענעם געריכטזאַל, צוהערנדיק זיך צום עדות־זאָגן פון די אָפּגעראַטעװעטע. אַ סך פון מײַנע פרײַנד האָבן געהאַט דעם כּוח אויסצוזיצן אויף דעם פּראָצעס טאָג נאָך טאָג. איך מוז זיך אָבער מודה זײַן: כ׳בין נישט געגאַנגען מער װי צװיי מאָל. נישטאָ קיין סך זאַכן אין לעבן, װאָס איך זאָל האָבן באַװוסטזיניק אויסגעמיטן, אָבער די שילדערונגען פון די עדות אין אײַכמאַנס בײַזײַן װאָס האָבן אַרויסגערופן אַ קאַלטן שוידער, װעגן די עינויים, דערנידערונגען און טויטן, האָב איך נישט געקענט איבערטראָגן. איך האָב זיך צוגעהערט צום פּראָצעס דורכן ראַדיאָ, װי דער גרעסטער טייל מענטשן אין ישראל, אָבער אויך דאָס האָט נישט דערלאָזט נאָרמאַל אָנצוגיין מיטן לעבן. איך האָב, פאַרשטייט זיך, װײַטער געטאָן מײַן אַרבעט, געגאַנגען יעדן טאָג אין ביוראָ, גענומען די מאַלצייטן, זיך פאַרקעמט — אָבער מײַן אויפמערקזאַמקייט איז געװען קאָנצענטרירט אויף דעם װאָס האָט זיך אָפּגעפּילט און געריכטזאַל; דער ראַדיאָ איז תּמיד געװען אָפן און דער פּראָצעס האָט װאָכן־לאַנג פאַר מיר דאָמינירט איבער אַלעם, װי פאַר אַלע אַנדערע. איך האָב זיך אײַנגעהערט אין דעם עדות־זאָגן און בײַ זיך געפרעגט: װי אַזוי און פון װאַנען האָבן די מענטשן געשעפּט דעם װילן צו לעבן, אויפצושטעלן נײַע משפּחות און װידער זײַן מענטשלעכע באַשע־פענישן? דער ענטפער איז מסתּמא, אַז אין לעצטן חשבון קלאַמערן זיך אַלע אין לעבן — נישט געקוקט אויף דער פאַרגאַנגענהייט, אָבער פּונקט װי איך קען באמת נישט באַנעמען װי דאָס אַלץ האָט אויסגעזען אין די טויטלאַגערן, װעל איך שוין קיין מאָל באמת נישט װיסן װי אַזוי מ׳האָט געקענט אַלץ אָנהויבן פון דאָס נײַ. בלויז זיי אַליין, די אָפּגעראַטעװעטע, װייסן עס.

אין 1960, װען כ׳בין געשטאַנען פאַרן זיכערקייט־ראַט, כּדי צו ענטפערן

אויף די באַשולדיקונגען אין אַן אומלעגאַלער אַקציע, וואָס זענען אַרויסגערוקט געוואָרן קעגן ישראל דורך דער רעגירונג פון אַרגענטינע (פון וואַנען ישראלדיקע וואָלאַנטערן האָבן אַרויסגעריסן אײַכמאַנען), האָב איך געפּרוּווט אויפקלערן כאָטש דאָס וואָס דער פּראָצעס מיינט פאַר ייִדן. פון אַלע רעדעס וואָס איך האָב עפנטלעך געהאַלטן, האָט די דאָזיקע רעדע מיך צום מײנסטן אויסגעמאַטערט, ווײַל כ׳האָב געפילט, אַז איך רעד אין נאָמען פון מיליאָנען וואָס קענען מער נישט רעדן אַליין און כ׳האָב שטאַרק געוואָלט, אַז יעדעס וואָרט מיינס זאָל האָבן אַ זינען, זאָל נישט נאָר אַרויסרופן אַן אויפרעגונג אָדער אַ ציטער אויף אַ מינוט אָדער צוויי. כ׳האָב זיך איבערצייגט, אַז ס׳איז תּמיד לײַכטער צו מאַכן מענטשן וויינען און קרעכצן, איידער באַוועגן זיי צו טראַכטן.

דאָס איז נישט געווען קיין לאַנגע רעדע. איך וועל ציטירן אַ טייל פון איר און נישט כּדי צו זען מײַנע ווערטער אין דרוק, נאָר צוליב דער פּשוטער סיבה, וואָס עס זענען נאָך צו מיין גרויסן באַדויערן פאַראַן מענטשן וועלכע פאַרשטייען נישט, אַז מיר זענען מחוייב אַזוי צו לעבן און צו האַנדלען, כּדי די ייִדן, וועלכע זענען אומגעקומען אין די גאַזקאַמערן, זאָלן זײַן די לעצטע ייִדן וואָס זענען געגאַנגען אין טויט אַן דער מעגלעכקייט זיך צו פאַרטיידיקן. און ווײַל זיי פאַר־שטייען דאָס נישט אָדער קענען דאָס נישט פאַרשטיין, זענען זיי אויך נישט מסוגל צו באַנעמען אונדזער אַזוי גערופענע „עקשנות״.

אינעם פּראָטאָקאָל פון נירענבערגער פּראָצעס לייענען מיר וואָס אײַכמאַנס געהילף, דיטער וויסליצעני האָט געזאָגט וועגן דער „ענדגילטיקער לייזונג״:

„ביז 1940 איז די אַלגעמיינע פּאָליטיק אין דער אָפּטיילונג געווען צו לייזן די ייִדן־פראַגע אין דײַטשלאַנד און אין די דעראָבערטע געביטן דורך אַ פּלאַנירטער עמיגראַציע. די צווייטער פאַזע, נאָך 1940, איז געווען דאָס קאָנצענטרירן אַלע ייִדן אין געטאָ, סײַ אין פּוילן און סײַ אויף די איבעריקע טעריטאָריעס אין מיזרח, פאַרנומענע דורך דײַטשלאַנד. דער פּעריאָד האָט מער־ווייניקער געדויערט ביז אָנהויב 1942. דער דריטער פּעריאָד איז געווען די אַזוי גערופענע „ענדגילטיקע לייזונג״ פון דער ייִדן־פראַגע, דאָס מיינט די פּלאַנירטע אויסראָטונג און פאַרטיליקונג פון דער ייִדישער ראַסע; דער דאָזיקער פּעריאָד האָט אָנגעהאַלטן ביז אָקטאָבער 1944, ווען הימלער האָט אַרויסגעגעבן דעם באַפעל אָפּצושטעלן די פאַרטיליקונג״.

שפּעטער, אין אַן ענטפער אויף אַ פראַגע, צי בעת זײַן אָפיציעלער פאַרבינדונג מיט דער סעקציע VI A4 האָט ער געהערט וועגן דעם באַפעל אויסצוראָטן אַלע ייִדן, האָט ער געזאָגט: „יאָ, איך האָב געהערט פון אַזאַ באַפעל צום ערשטן מאָל פון אײַכמאַנען, אין זומער 1942״.

היטלער האָט נישט געלייזט די ייִדן־פראַגע, לויט זײַנע פּלענער, ער האָט אָבער פאַרטיליקט זעקס מיליאָן ייִדן — ייִדן פון דײַטשלאַנד, פראַנקרײַך,

בעלגיע, האָלאַנד, לוקסעמבורג, פּוילן, רוסלאַנד, אונגאַרן, יוגאָסלאַוויע, גריכנ־לאַנד, איטאַליע, טשעכאָסלאָוואַקיע, עסטרייך, רומעניע און בולגאַריע. מיט אַט די ייִדן זענען חרוב געוואָרן איבער דרײַסיק טויזנט ייִדישע קהילות, וועלכע זענען הונדערטער יאָרן געווען דער צענטער פון ייִדישן גלויבן, פון תּורה און לומדות. פון דאָזיקן ייִדנטום זענען אַרויסגעקומען אַן אַ צאָל גאונים אויף די געביטן פון קונסט, ליטעראַטור און וויסנשאַפט. איז עס דען בלויז דער דור אייראָפּעיִשע ייִדן וואָס איז פאַרגאַזט געוואָרן ? אַ מיליאָן קינדער — די צוקונפטיקע גענעראַציע — זענען פאַרשניטן געוואָרן. ווער קען באַנעמען אַט דאָס בילד אין זײַן גאַנצן גרויל און זײַנע קאָנסעקווענצן סײַ פאַרן ייִדישן פאָלק אויף אַ סך צוקונפטיקע דורות און סײַ פאַר ישראל ? עס איז חרוב געוואָרן דער נאַטירלעכער רעזערוואַר פאַר אַלץ וואָס איז בייטיק פאַר אַ נייעם לאַנד — אַרבעטס־פעיִקייט, איבערגעגעבנקייט, אידעאַליזם, פּיאָנערישער גײַסט.

איך האָב אויך גערעדט וועגן אײַכמאַנען אַליין און זײַן דירעקטער פּער־זענלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט און האָב צוגעגעבן:

איך בין איבערצײַגט, אַז אַ סך מענטשן האָבן געוואָלט שטעלן אײַכמאַנען פאַרן געריכט, אָבער עס איז אַ פאַקט, אַז אין משך פון פופצן יאָר האָט אים קיינער נישט געפונען. ער האָט געקענט עובר זײַן אויף די געזעצן פון ווער ווייס וויפל לענדער, אַרײַנקומען מיט אַ פאַלשן נאָמען און פּאַספּאָרט און אויסניצן לרעה די גאַסטפרײַנדלעכקייט פון אַ סך לענדער, ווי כ׳בין זיכער, אַז זײַנע מעשים רופן אַרויס אַ גרויל. אָבער ייִדן, וואָס אייניקע פון זיי זענען אַליין געווען קרבנות פון זײַן ברוטאַליטעט, האָבן קיין רו נישט געפונען ביז זיי האָבן אים אויסגעפונען און געבראַכט קיין ישראל, אין לאַנד וווּהין עס זענען געקומען הונדערטער טויזנטער פון די, וואָס האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט פון אײַכמאַנס מעשים; אין לאַנד, וואָס עס האָבן אין זייערע הערצער און נשמות געטראָגן די זעקס מיליאָן אומגעבראַכטע, בעת זיי זענען געגאַנגען צו די קרעמאַטאָריעס זינגענדיק דעם גרויסן עיקר פון אונדזער גלויבן: אני מאמין באמונה שלימה בביאת המשיח.

דערנאָך האָב איך פאַרענדיקט מיט אַ פראַגע:

צי איז דאָס אַ פּראָבלעם, וואָס דער זיכערקייטס־ראַט דאַרף זיך מיט אים באַשעפטיקן ? דאָס איז אַ קערפּערשאַפט וואָס גיט זיך אָפּ מיט די דראָונגען קעגן שלום. צי באַדראָט עס דעם שלום וואָס אײַכמאַן איז געשטעלט געוואָרן צום מישפּט דורך אָט דעם פאָלק, וועמענס פיזישער אויסראָטונג ער האָט געווידמעט אַלע זײַנע כּוחות, אַפילו ווען דער אופן ווי ער איז פאַרכאַפּט געוואָרן האָט פוגע געווען אין די געזעצן פון אַרגענטינע ? צי האָט גאָר אפשר די דראָונג קעגן שלום געשטעקט אין אײַכמאַנען, ווען ער איז אַרומגעגאַנגען

פריי, אַן אומבאַשטראָפטער, פרײַ אַרײַנצוגיסן דעם סם פון זײַן פאַרקריפּלטער נשמה אין אַ נײַער גענעראַציע.

שעהען־לאַנג דערנאָך האָבן געציטערט מײַנע הענט, אָבער כ׳האָב געהאָפט, אַז כ׳האָב כאָטש טיילווײַז באַוויזן אויפצוקלערן פאַר וואָס מיר האָבן אײַכמאַנען געבראַכט פאַרן געריכט.

דאָס איז געווען פופצן יאָר נאָכן חורבן, אָבער אין די פריִע פערציקער יאָרן האָט קיינער נישט געוווּסט ווי אַזוי און ווען דער חורבן וועט זיך ענדיקן אָדער צי וועט ער זיך בכלל ענדיקן. צו להכעיס דער פאַרשטאַרקטער בריטישער בלאָקאַדע, האָט די „הגנה" אײַנגעקויפט איין שיף נאָך דער אַנדערער (בסך־הכל מער ווי זעכציק שיפן), אָנגעפילט זיי מיט ייִדן און אָפּגעשיקט קיין ארץ־ישראל. די בריטישע פּאַטראָלן זענען געוואָרן אַלץ וואַכיקער און טאָקע געפערלעכער. די נסיעה אויף די שמוציקע שיפן, אָנגעשטאָפּטע מיט מענטשן ביז דערשטיקט צו ווערן, האָט געדראָט מיט סכנות־נפשות. אָבער נישט נאָר די ייִדן, אַנטלאָפענע פון די אייראָפּעיִשע לאַגערן, האָבן די ענגלענדער גערודפט מיט אַזאַ עקשנות. זיי האָבן אויך נאָכשפּיאָנירט די הגנה און געזוכט דאָס ביסל געווער, וואָס זי האָט באַוויזן אײַנצוזאַמלען — און אַז עס פלעגט זיך אַ מאָל אײַנשטילן דאָס ענגלישע געיעג, איז עס נאָר געווען אויף אַ קורצער צײַט, ווײַל באַלד זענען געקומען נײַע גזירות און געצווּנגען די הגנה אַראָפּצוגיין טיפער אין אונטערערד.

צוויי יאָר האָבן זיך באַזונדערס אײַנגעקריצט אין מײַן זכרון, סײַ צוליב פערזענלעכע און סײַ צוליב פּאָליטישע סיבות. אין 1943 האָט מיר שרה געמאָלדן, אַז זי פאַרלאָזט די גימנאַזיע, כאָטש עס האָט איר געפעלט בלויז אַ יאָר צום ענדיקן, און גייט אַוועק אויף „הכשרה", כּדי אויפצושטעלן אַ נײַעם קיבוץ אין נגב. זי איז אויסגעוואַקסן זייער אַ טײַער מיידל, זייער אַ שעמעוודיקע, אַן ערנסטע און אַ בעסערע שילערין ווי מנחם, וואָס איז געווען פאַרטאָן אין זײַן מוזיק, און האָט שוין געהאַט באַשלאָסן צו ווערן אַ פּראָפעסיאָנעלער טשעליסט. ביידע קינדער, ווי כּמעט אַלע קינדער פון ייִשובֿ אין זייער עלטער, זענען געווען פאַרבונדן מיט דער „הגנה", נישט געקוקט דערויף, וואָס זיי האָבן אין שטוב קיין מאָל אָפן נישט גערעדט דערוועגן. אָבער כאָטש זיי האָבן גאָרנישט געזאָגט, האָבן די עלטערן און לערערס געוווּסט, אַז די תּלמידים זענען וואָך ביז שפּעט בײַ נאַכט, פירן אויס שליחותן אָדער שפּרייטן פונאַנד אויפרופן און פּראָקלאַמאַציעס. איך געדענק, אַז כ׳האָב אַליין געשריבן אין שטוב אייניקע פון די אויפרופן און זיך באַמיט, אַז די קינדער זאָלן נישט זען וואָס איך טו. אַ טאָג אָדער צוויי שפּעטער, האָט שרה געזאָגט: „מאַמע, כ׳וועל היינט קומען שפּעט אַהיים, אפשר זייער שפּעט". כ׳האָב, פאַרשטייט זיך, געוואָלט וויסן פאַר וואָס. „איך קען עס דיר נישט זאָגן" — איז געווען איר ענטפער און זי איז אַוועק מיט אַ פּעקל אונטערן אָרעם. איך האָב גוט געוווּסט וואָס עס איז פאַראַן אין פּעקל און כ׳האָב אויך געוווּסט, אַז דאָס

פונאַנדערקלעפּן „אומלעגאַלע" אויפּרופן איז אין יענע טעג געווען זייער ריזיקאַליש. איך בין נישט געשלאָפן ביז פאַר טאָג און אויף איר געוואַרט. מיר האָבן אָבער אַלע זיך אויפגעפירט לויט די בייטיקע כּללים; צו מאָרגנס האָב איך זיך מיט קיין וואָרט נישט אָנגערופן, כאָטש די נשמה איז מיר אויסגעגאַנגען עפּעס צו זאָגן.

אַזוי ווי מנחם, האָט אויך שרה אין משך פון יאָרן געהערט צו אייבער פון די חלוצישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס פון דער אַרבעט־באַוועגונג און דערפאַר האָט מיך נישט איבערראַשט שרהס מעלדונג, אַז זי גייט אַרויס אויף „הכשרה". ערשטנס, האָב איך בשעתו אַליין געוואָלט לעבן סטאַביל אין אַ קיבוץ און כ'האָב געהאַלטן, אַז דאָס איז אַ וווּנדערלעכער לעבנס־שטייגער; צווייטנס האָב איך גוט פאַרשטאַנען איר פאַרלאַנג אָנטייל צו נעמען אויף אַ דירעקטן אופן אין דעם וואָס עס קומט פאָר אין לאַנד. די ענגלענדער האָבן געהאַלטן, אַז 85 % פון נגב „לאָזן זיך בשום־אופן נישט באַאַרבעטן", כאָטש אין שטח האָט עס געמיינט אַ העלפט פון ארץ־ישראל. אָבער די יידישע אַגענץ האָט אויסגעאַרבעט אין פּרטים אַ ברייט פּאַרמאַס־טענעם פּלאַן צו באַוואַסערן לפּחות אַ טייל פון די צוויי מיליאָן אַקער פאַרשרפּעטן זאַמד. זי האָט געגלייבט, אַז מען קען דאָרט באַזעצן הונדערטער טויזנטער עולים. שרה און אירע פריינד פון דער יוגנט־באַוועגונג האָבן באַשלאָסן אָנטייל צו נעמען אין גרויסן עקספּערימענט. דער פּלאַן האָט פאָרויסגעזען דאָס אויפשטעלן פון דריי קאָלאָניעס — אייגנטלעך אָבסערוואַציע־פּונקטן — דרום־צו פון באר־שבע, וואָס איז דעמאָלט געווען נישט מער ווי אַ קליין פאַרשטויבט אַראַביש שטעטל. „אויב מיר וועלן באַוויַיזן, אַז מענטשן קענען לעבן אין נגב און זיך פאַרנעמען מיט לאַנדווירטשאַפט, וועלן מיר אויפטאָן אַ סך מער פאַרן לאַנד ווי מיטן בלויזן ענדיקן אונדזער שול", האָט שרה דערקלערט. טיף אין האַרצן האָב איך געטראַכט, אַז זי איז מסתמא גערעכט, אָבער אפשר קען מען עס אָפּלייגן אויף נאָך אַ יאָר? דאָס ענדיקן די גימנאַזיע איז גאָר אַ וויכטיקער שריט און וויניק מענטשן, וואָס פאַרלאָזן זי, קומען צוריק — האָב איך געטענהט. אַחוץ דעם, צי איז זי טאַקע זיכער, אַז דער גאַנצער ענין איז נישט מער ווי אַ תּירוץ אויסצומיַידן דאָס לעצטע שווערע יאָר אין שול און די עקזאַמענס בייַם סוף? וואָרעם אויב אַזוי, בין איך אַבסאָלוט קעגן דעם פּלאַן.

מיר האָבן כּסדר וועגן דעם גערעדט. מאָריסן האָט דער עצם געדאַנק אַז זי וועט פאַרלאָזן די שול שטאַרק אויפגערעגט. אליהו גאָלאָמב, וועמענס אַ פאַריתומט שוועסטערקינד איז געקומען אַהיים מיטן זעלבן באַשלוס, האָט מיך שטאַרק געבעטן, מען זאָל זיך צוזאַמען אַנטקעגנשטעלן דער יונגער חברה. שיינע האָט מיר געזאָגט, אַז אויב איך וועל מסכּים זיין, וועל איך עס באַדויערן מיין גאַנץ לעבן. דאָס זעלבע אויך שרה. פאַר אייניקע וועט עס אפשר קלינגען מאָדנע, אָבער איך האָב קיין מאָל נישט געגלייבט אין אומבייגעוודיקייט — אַחוץ

װען עס גײט אין ענינים װאָס זענען נוגע ישראל. אין ענינים װאָס האָבן אַ שײַכות צו מײַן לאַנד, האָב איך קײן מאָל נישט נאָכגעגעבן אַפילו אױף אַ האָר; מיט מענטשן איז אָבער עפּעס אַנדערש. בכל־אופן האָב איך נישט געגלײבט, אַז שׂרה װעט זיך אונטערגעבן, דעריבער האָב איך שױן בעסער נאָכגעגעבן, הגם ס׳איז מיר נישט אָנגעקומען גרינג.

װען כ׳האָב זי צום ערשטן מאָל באַזוכט אין קיבוץ רביבים אין נגב, צו װעלכן זי איז צוגעשטאַנען צוזאַמען מיט אירע חברים האָב איך באמת געמײנט, אַז איך שטאַרב. אױף מײַלן אַרום איז נאָך נישט געװען נישט קײן בױם, נישט קײן גרעזל, נישט קײן פֿױגל, נאָר זאַמד און זאַמד און אַ גלײַענדיקע זון. עס איז אױך גאָרנישט געװען װאָס צו עסן און דאָס טײַערע װאַסער װאָס זײ האָבן געשעפּט פֿון דער טיפֿעניש, איז געװען אַזױ געזאַלצן, אַז כ׳האָב עס נישט געקענט טרינקען, הגם זײ האָבן באַװיזן צו קולטיװירן אַ ביסל גרינסן, װאָס זענען דאַנקען גאָט געװען װײניקער איבערקלײַבעריש מיטן װאַסער װי איך. דער „ישוב״ איז באַשטאַנען פֿון אַ שוצװאַנט, אַ װאַכטורעם און עטלעכע געצעלטן. די היץ איז ס׳רוב פֿון יאָר געװען אומדערטרעגלעך, אָבער װינטער איז געװען קאַלט ביז צום פֿאַרפֿרױרן װערן. איך האָב געטראַכט, אַז ס׳קען גאָר נישט זײַן קײן ערגער אָרט פֿאַר אַ מײדל, װאָס איז אַ מאָל שיִער נישט געשטאָרבן פֿון אַ נירנקרענק. כ׳האָב אָבער אױך װעגן דעם גאָרנישט גערעדט. װען כ׳האָב נאָר געקענט, בין איך אַראָפּגעפֿאָרן צו שׂרהן און פֿאַרבראַכט מיט איר עטלעכע שעה, אױסגעהערט די באַריכטן װעגן דער אַנטװיקלונג פֿון קיבוץ, געקוקט אױף די דאַמבעס און אױפֿן רעזערװואַר, װאָס זײ האָבן געבױט אױף אײַנצוזאַמלען די װינטער־רעגנס. טײל מאָל האָב איך געשמועסט מיט זײער אַן אָנגענעמען בחור, זכריה רחבי, אַ תּימנער ייִנגל פֿון ירושלים, װעלכן שׂרה האָט זײער ליב געהאַט. אין זיך האָב איך אָפֿט געטראַכט, אַז מיט אַ קלײנעם אָנשטרענג קען מען דאָס לעבן אין רביבים מאַכן אַ סך באַקװעמער, נישט געקוקט אױף דער סביבה. כ׳האָב זיך אָבער דערמאַנט װי אױפֿגערעגט מען איז געװען אױף מיר אין מרחביה צוליב אַזעלכע עצות און כ׳האָב בעסער געשװיגן.

סעפּטעמבער 1943 בין איך אױפֿגעטראָטן װי אַן עדות אין אַ געװער־פּראָצעס, װאָס איז געװאָרן אַ שם־דבר אין לאַנד. די ענגלענדער האָבן באַשולדיקט צװײ ייִדישע יונגעלײַט אין גנבענען געװער פֿון דער אַרמײ, כּדי עס איבערצוגעבן דער „הגנה״. װי אַ מיטגליד פֿון װעד־הפּועל אין דער הסתּדרות, האָט מען מיך אַרױסגערופֿן װי אַן עדות אין אַ מיליטערישן געריכט. דער פּראָקוראָר איז געװען אַן אַנטיפּאַטישער דזשענטעלמען, מאַיאָר באַקסטער, װאָס איז, איבעריק צו זאָגן, נישט געװען אַזױ פֿאַראינטערעסירט אין די צװײ בחורים, װי אין פֿאַרשטעלן די ייִדישע זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע װי אַ פֿאַרצװײַגטע טעראָריסטן־באַװעגונג, װאָס איז אַ סכּנה פֿאַר דער עפֿנטלעכער זיכערקײט אין לאַנד. ער האָט זיך אױך דערלױבט

צו טרייַבן רכילות אויפֿן יישוב, זאָגנדיק, אַז דער ציל פֿון ייִדישן אַנשליסן זיך אין דער אַרמיי איז צו גנבֿענען געווער פֿון די מיליטערישע מאַגאַזינען. דאָס איז געווען מער ווי סתּם אַ באַשולדיקונג, געווען איז עס פּשוט רישעות. (ווער קען זיך פֿאַרשטעלן מיין איבערראַשונג, ווען איך האָב אין 1975 באַקומען אַ בריוו פֿון מאַיאָר באַקסטער, געשריבן פֿון אירלאַנד, אין וועלכן ער באַגריסט מיך פֿאַרן טיטל „די פֿרוי פֿונעם יאָר״, וואָס איך האָב באַקומען ביי אַן אַמעריקאַנער אַנקעטע. „אויב איר וועט זיך אַ מאָל ביייטיקן אין אַ פּאָסטן״ — האָט ער געשריבן — „וועל איך אים קענען געפֿינען פֿאַר אייַך דאָ, אין אולסטער, ווו אייַערע פֿעיִקייטן וואָלטן געווען זייער ווערטפֿול!״).

למען האמת, בין איך געווען זייער צופֿרידן מיט דער געלעגנהייט צו ווייַזן דעם מאַיאָר וואָס איך טראַכט וועגן אים, כאָטש איך האָב געדאַרפֿט זייַן זייער פֿאָרזיכטיק. איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז באַקסטערן גייט, מער ווי אַלץ, אין באַווייזן, אַז די ייִדישע אַגענץ, אַן אָפֿיציעלע אינסטיטוציע, און די „הגנה״, וואָס איז געווען אומלעגאַל, האָבן געאַרבעט האַנט־אין־האַנט. איך האָב זיך געשוווירן, אַז באַקסטער וועט פֿון מיר גאָרנישט אַרויסבאַקומען, מער ווי דאָס וואָס עס קומט אים. ווי אַ מאַטאַ האָב איך זיך אייַנגעחזרט איינס פֿון מיין מאַמעס ווערטלעך: „אַז דו זאָגסט ניין, וועסטו עס קיין מאָל נישט באַדויערן״. איך מיין אַז טיילן פֿון באַקסטערס קרייצפֿאַרהער קענען אונדז מער לערנען וועגן דער ענגלישער באַציִונג צו אונדז אין 1943, ווי אַלץ וואָס איך וואָלט איצט געקענט שרייַבן וועגן דעם. איך וועל דאָ איבערשרייַבן אַ טייל פֿונעם ראַפּאָרט, וואָס איז דערשינען אין „פּאַלעסטיין פּאָוסט״ דעם 7־טן סעפּטעמבער 1943. אַן אויפֿקלערונג: בן־שמן איז אַ יוגנטדאָרף, וואָס די ענגלענדער האָבן אַלץ אין אים איבערגעקערט, בעת זייער מטורפֿדיקן זוכן געווער.

מאַיאָר ב.: איר זענט אַ פֿיינע רויִקע פֿרוי, וואָס היט אָפּ דאָס געזעץ, אמת?

ג. מ.: כ׳גלייב אַזוי.

מאַיאָר ב.: און איר זענט שטענדיק אַזוי געווען?

ג. מ.: איך בין קיין מאָל אין גאָרנישט נישט געווען באַשולדיקט.

מאַיאָר. ב.: איז הערט זיך איין אין אייַערס אַ רעדע, געהאַלטן דעם צווייטן מאַי 1940 (לייענט): „צוואַנציק יאָר איז געווען אונדזער וועג צו גלייבן דער בריטישער רעגירונג, אָבער מען האָט אונדז פֿאַרראַטן. ווי אַ ביישפּיל קען דינען דער פֿאַל אין בן־שמן. מיר האָבן קיין מאָל נישט געלערנט אונדזער יוגנט צו ניצן געווער כּדי אַנצוגרייַפֿן, נאָר צום פֿאַרטיידיקן זיך. אויב זיי זענען פֿאַרברעכערס, זענען אויך אַלע ייִדן אין לאַנד פֿאַרברעכערס״. וואָס זאָגט איר וועגן דעם?

ג. מ. אויב עס גייט אין פֿאַרטיידיקונג בין איך דערפֿאַר, פּונקט ווי יעדער ייִד אין ארץ־ישראל.

מאיאר ב.: האט איר זיך געלערנט אומצוגיין מיט געווער?
ג. מ.: כ'ווייס נישט, צי איך דארף ענטפערן אויף דער פראגע. בכל־אופן, האב איך קיין מאל נישט גענוצט קיין געווער.
מאיאר ב.: האט איר טרענירט די יידישע יוגנט צו נוצן געווער?
ג. מ.: יידישע יוגנט וועט פארטיידיקן יידיש לעבן און יידיש פארמעגן אין פאל פון פאגראמען, און ווען עס וועט נייטיק זיין צו פארטיידיקן דאס לעבן און פארמעגן, וועל איך, פונקט ווי די אנדערע יידן, זיך פארטיידיקן.
געריכט־פארזיצער: ענטפערט, ביטע, בלויז אויף די פראגעס.
מאיאר. ב.: האט איר א שפיאנאזש־דינסט אין דער הסתדרות?
ג. מ.: ניין.
מאיאר ב. וואס?
ג. מ.: איר האט געהערט: ניין!
מאיאר ב.: האט איר געהערט וועגן דער „הגנה?"
ג. מ.: יא.
מאיאר ב.: האבן זיי געווער?
ג. מ.: איך ווייס נישט, אבער איך גלייב אז יא.
מאיאר ב. האט איר געהערט וועגן „פלמ"ח?"
ג. מ.: יא.
מאיאר ב.: האבן זיי געווער?
ג. מ.: יא.
מאיאר ב.: וואס איז עס אזוינס? [„דער פלמ"ח"]
ג. מ.: כ'האב צו ערשט געהערט וועגן דעם „פלמ"ח" ווי וועגן גרופעס יונגע מענטשן, ארגאניזירטע מיטן וויסן פון דער מאכט, ספעציעל טרע־נירטע בעת די דייטשע ארמיי האט זיך דערנענטערט צו ארץ־ישראל. זייער אויפגאבע איז באשטאנען אין העלפן דער ענגלישער ארמיי, אין וואס עס וועט זיין נייטיק, אויב דער שונא וועט אקופירן דאס לאנד.
מאיאר. ב.: עקסיסטירן נאך אט די גרופעס?
ג. מ. כ'ווייס נישט.
מאיאר ב.: איז דאס א לעגאלע ארגאניזאציע?
ג. מ.: אלץ וואס איך ווייס איז, אז זי איז ארגאניזירט געווארן מיטן ציל צו העלפן דער ענגלישער ארמיי און די מאכט האט דערפון געוווּסט.
(נאך דעם ווי דער עדות האט דערקלערט, אז א מיטגליד פון דער הסתדרות קען אויך זיין א מיטגליד אין „הגנה" און „פלמ"ח", האט דער מאיאר ב. געפרעגט, צי זיי זענען גרייט צו טאן דאס וואס זי האט אנגעוויזן אין איר רעדע פון 1940).

ג. מ.: זיי זענען גרייט זיך צו פאַרטיידיקן ווען מען וועט אויף זיי אָנפאַלן. מיר האָבן געהאַט זייער ביטערע דערפאַרונגען אין דעם לאַנד. ווען איך זאָג אַז מיר זענען גרייט זיך צו פאַרטיידיקן, וויל איך אַז מיינע רייד זאָלן זיין קלאָר. דאָס פאַרטיידיקן זיך איז נישט קיין טעאָרעטישער ענין. מיר געדענקען נאָך די אומרועז פון 1921, 1922 און 1929 און די פיר יאָר אומרועז פון 1936 ביז 1939. ס'ווייסט דאָס איטלעכער אין לאַנד, ווי עס ווייסט דאָס אויך די מאַכט, אַז נישט בלויז עס וואָלט קיין זאַך נישט פאַרבליבן, נאָר אויך דער יידישער כבוד וואָלט פאַרשוועכט געוואָרן, ווען עס וואָלטן נישט געווען קיין מענטשן גרייט זיך צו פאַרטיידיקן און ווען יידישע מוטיקע יוגנטלעכע וואָלטן נישט באַשיצט די יידישע ישובים.

מאַיאָר ב.: ווייסט איר דען נישט, אַז די רעגירונג האָט באַזאָרגט דעם ישוב מיט דרייסיק טויזנט ספּעציעל געשולטע און באַוואָפנטע יידישע פּאָליציאַנטן?

ג. מ.: יאָ, איך ווייס און כ'ווייס אויך, אַז פאַר 1936 האָט די רעגירונג אויך געזאָרגט פאַר אונדז, אָבער קיינער אין דער רעגירונג וועט נישט אָפּלייקענען דעם פאַקט, אַז ווען די יידן וואָלטן נישט געווען גרייט זיך אַליין צו פאַרטיידיקן, וואָלטן געשען שרעקלעכע מעשים. מיר זענען שטאָלץ מיט די יידן פון וואַרשעווער געטאָ, וועלכע זענען אויפגעשטאַנען קעגען זייערע באַצווינגערס כמעט אָן געווער, און כ'בין זיכער, אַז זיי האָבן גענומען אַ ביישפּיל פון דער יידישער זעלבשוץ אין ארץ־ישראל.

מאַיאָר ב.: וואָס איז מכוח דער גנבה פון דריי הונדערט ביקסן און אַמו־ניציע פון דער אַרמיי?

ג. מ. מיר זענען פאַראינטערעסירט אין דער דאָזיקער מלחמה און אין נצחון פון די בריטישע כוחות, און גנבענען ביי דער אַרמיי איז אין אונדזערע אויגן אַ פאַרברעכן.

מאַיאָר ב.: אָבער דאָס געווער קען זיין ניצלעך פאַר דער „הגנה?"

ג. מ.: נישטאָ קיין איין ייד, וואָס איז נישט פאַראינטערעסירט אין דער מלחמה און אינעם נצחון פון די בריטישע כוחות.

מאַיאָר ב.: איר וועט דאָך מסתמא נישט זאָגן, אַז די ביקסן זענען זיך אַליין אַוועקגעגאַנגען? (ווייזט דעם עדות אַ באַפרייונגס־קאַרטל פון איי־נעם פון די באַשולדיקטע פון מיליטער): איז דען דאָס באַפרייונגס־קאַרטל נישט אַ סימן, אַז איר האָט מאָביליזירט מענטשן?

(דער עדות האָט דערקלערט, אַז ס'איז פאַר קיינעם נישט קיין סוד, אַז די יידישע אַגענץ האָט אַ צייט אָנגעפירט מיט אַן אַקציע צו מאָביליזירן מענטשן און אַז יעדער פיזיש פעיקער ייד האָט באַקומען דעם באַפעל צוצושטעלן זיך אין די רייען פון די באַוואָפנטע כוחות. „מיר זענען אין

קריג מיט היטלערן זינט 1933", האָט זי געזאָגט).

**פּאַרזיצער:** מיינט איר נישט, אַז די רעגירונג איז באַרופן צו באַשליסן, צי מען דאַרף מאָביליזירן מענטשן אין דער אַרמיי? וואָלט נישט געווען קלי־גער און לאָיאַלער צו פאָלגן דעם באַשלוס פון דער רעגירונג און נישט מאָביליזירן מענטשן אין לאַנד?

**ג. מ.** מיר זענען נישט בכוח אויפצוצווינגען אַ מאָביליזאַציע אין ישראל, אָבער פון דער אַנדער זײַט, האָט סײַ די רעגירונג און סײַ די אַרמיי געבעטן די ייִדן זיי זאָלן זיך מאָביליזירן און די אַגענץ זי זאָל העלפן און מיר האָבן געטראַכט אַז ס'איז מער ווי רעכט צו זאָגן די ייִדן, אַז דאָס איז זייער מלחמה.

**מאַיאַר ב.:** קען מען עס אָנרופן פּריַיוווילּיקייט, ווען אַ מענטש ווערט אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט אויב ער וויל נישט גיין אין דער אַרמיי?

**ג. מ.:** ס'האַנדלט זיך נאָר אין אַ מאָראַלישן דרוק. די מלחמה מיינט פאַר די ייִדן מער ווי פאַר יעדן אַנדערן.

(אין דער ווידער־אויספאַרשונג דורכן פּאַרטיידיקער, ד"ר דזשאָזעף, האָט פרוי מאירסאָן געזאָגט, אַז אַפילו הויכע בריטישע אָפיצירן האָבן אָנטייל גענו־מען אין פּראָפּאַגירן די מאָביליזאַציע פון דער ייִדישער אַגענץ און אַז אייניקע פון זיי זענען געקומען אין דער הסתדרות בעטן ראַט און הילף בײַם מאָביליזירן ייִדן אין דער בריטישער אַרמיי).

**ד"ר דזשאָזעף:** צי איז אמת, אַז עס איז געווען אַ שרעקלעכער פּאָגראָם אין חברון און כּמעט די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג איז אויסגעהרגעט געוואָרן בלויז דערפאַר ווײַל ס'איז דאָרטן נישט געווען קיין ייִדישע זעלבשוץ?

**ג. מ.:** דאָס איז געווען אין 1929 און דאָס זעלבע האָט דעמאָלט געטראָפן אין צפת; אין איינער אַ נאַכט אין 1936 איז געווען אַ שוידערלעכע שחיטה אין ייִדישן קוואַרטל אין טבריה און דאָס אַלץ דערפאַר, ווייל קיין „הגנה"־מענטשן זענען דאָרט נישט געווען.

**מאַיאַר ב.** צי האָט די „הגנה" געהאַט געווער אויף פאַרן אויסבראַך פון קריג?

**ג. מ.:** איך ווייס נישט, אָבער כ'שטעל זיך פאָר, אַז יאָ. ס'זענען געווען אומרוען אויך פאַרן קריג.

**פּאַרזיצער:** כ'בעט אײַך זיך צו באַגרענעצן נאָר צו דעם וואָס האָט אַ שײַכות צום איצטיקן פּראָצעס און נישט אומקערן זיך צו פריִערדיקע צײַטן, אַנישט וועלן מיר באַלד דערגיין צוריק מיט צוויי טויזנט יאָר.

**ג. מ.:** ווען דאָס ייִדישע פּראָבלעם וואָלט געלייזט געוואָרן מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק...

**פּאַרזיצער:** שווײַגט!
**ג. מ.:** איך בין קעגן ווענדן זיך צו מיר אין אַזאַ פאָרם.
**פּאַרזיצער:** איר דאַרפט וויסן ווי זיך אויפצופירן אין אַ געריכט.
**ג. מ.:** איך בעט אַנטשולדיקונג אויב איך האָב אײַך איבערגעריסן, אָבער איר דאַרפט זיך נישט ווענדן צו מיר אויף אַזאַ אופן.

צו מאָרגנס בין איך געפאָרן באַזוכן מײַנע עלטערן אין הרצליה. די מאַמע האָט געעפנט די טיר און געזאָגט: „דײַן טאַטע איז אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען וויזן פאַר די שכנים די צײַטונגען און געזאָגט צו זיי: „איר זעט, מײַן גאָלדע!"

דאָך האָבן אַ סך פון אונדז געטראַכט, אַז ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן מיט אַ נצחון און עס וועט זיכער אַזוי געשען, וועלן די ענגלענדער רעווידירן זייער קאַטאַסטראָפאַלע פּאָליטיק אין ארץ־ישראל. מיר זענען געווען זיכער אין 1945, אַז מ׳וועט דערלויבן די געראַטעוועטע ייִדן פון אייראָפּע אַרײַנצוקומען אין לאַנד. מיט דער נײַער נאָכמלחמה־תקופה וועט דאָס ווייסבוך זיכער בטל ווערן, באַזונדערס איצט, ווען אין ענגלאַנד איז פאַראַן אַן אַרבעטער־רעגירונג. אין משך פון דרײַסיק יאָר האָבן די בריטישע אַרבעטער־פירערס געטאַדלט די פּאָליטיק פון באַגרענעצן די ייִדישע עליה און פאַרעפנטלעכט איין פּראָ־ציוניסטישע דעקלאַראַציע נאָך דער אַנדערער. עס איז אפשר געווען זייער נאַיִוו פון אונדזער זײַט צו גלייבן, אַז איצט וועט זיך אַלץ בײַטן, אָבער עס איז זיכער נישט געווען אומלאָגיש אַזוי צו טראַכטן, בפרט ווען מ׳האָט געזען דאָס שוידערלעכע בילד פון הונדערטער טויזנטער געראַטעוועטע, וואָס זענען אויסגעמאַטערטע, זיך האַלטנדיק קוים אויף די פיס, אַרויס פון די טויטלאַגערן און געפאַלן אין די אָרעמס פון די בריטישע באַפרײַונגס־כּוחות.

מיר האָבן אָבער, פאַרשטייט זיך, געהאַט אַ גרויסן טעות. אַוודאי האָט זיך די בריטישע פּאָליטיק געביטן, אָבער צום שלעכטן. נישט נאָר וואָס די עטלי־רעגירונג האָט נישט אַנולירט דאָס ווײַסבוך; זי האָט נאָך אַפילו דעקלאַרירט, אַז זי האַלט נישט פאַר נייטיק צו פאַרווירקלעכן קיין שום צוזאָגן אין שײַכות מיט ארץ־ישראל — צוזאָגן, וואָס זענען בעצם געגעבן געוואָרן נישט נאָר לגבי אונדז, נײַערט אויך לגבי מיליאָנען בריטישע אַרבעטער און זעלנער. ערנסט בעווין, דער נײַער בריטישער אויסערן־מיניסטער, האָט געהאַט זײַן אייגענע „ענדגילטיקע לייזונג" פאַרן פּראָבלעם פון די ייִדן אין אייראָפּע, וועלכע מען האָט איצט אָנגערופן צוליב באַקוועמלעכקייט „אויסגעוואָרצלטע". ווען זיי נעמען זיך אין די הענט — האָט ער געזאָגט — און מאַכן אַן אמתן אָנשטרענג, וואָלטן זיי געקענט ווידער רויִק זיך באַזעצן אין אייראָפּע. נישט וויכטיק וואָס דער קאָנטינענט איז געווען איין גרויסער בית־עלמין פון מיליאָנען אומגעבראַכטע ייִדן, צי וואָס אויף דער גאַנצער וועלט איז פאַראַן נאָר איין אָרט, וווּהין די אומגליקלעכע אויסגעוואָרצלטע ווילן קומען — ארץ־ישראל.

פאַר מיר איז געווען שווער, כּמעט אוממעגלעך, צו גלייבן, אַז אַנשטאָט אונדז צו העלפן, ווי זי האָט עס אונדז אַזוי פײַערלעך צוגעזאָגט, צו לייגן די יסודות פאַר ייִדישער אומאָפּהענגיקייט אין ארץ־ישראל, זאָל די בריטישע אַרבעטער־רעגירונג, וועלכע איז געקומען צו דער מאַכט אין רעזולטאַט פון דער וועלט־מלחמה, זיין איצט גרייט צו שיקן בריטישע זעלנער, מלחמה צו האַלטן קעגן אומשולדיקע מענטשן, וואָס האָבן געבעטן איין איינציקע זאַך: מען זאָל זיי דערלויבן אויסצולעבן זייערע טעג צווישן די ייִדן אין ארץ־ישראל. סוף־כּל־סוף איז דאָך דאָס נישט געווען אַזאַ גרויסע פאָדערונג, אָבער בעווין האָט דאָס אָפּגעוואָרפן מיט אַן אומגעהערטער גראָבקייט און מיט אַ מטורפדיקער עקשנות, ווי דער גורל פון דער גאַנצער בריטישער אימפּעריע וואָלט געווען אָפּהענגיק בלויז דערפון מ׳זאָל נישט דערלאָזן, אַז עטלעכע הונדערט טויזנט האַלב טויטע ייִדן זאָלן דערגיין צו די ברעגן פון ארץ־ישראל. איך האָב דעמאָלט נישט געקאָנט באַנעמען, ווי אויך נישט איצט, דעם זינען פון דער בלינדער רציחה, מיט וועלכער די בריטישע רעגירונג האָט גערודפט יענע ייִדן — און אויך אונדז. אָבער טאַקע אָט די רציחה האָט נישט איבערגעלאָזט קיין אַנדערע ברירה, ווי אויפנעמען דעם פאַרמעסט, כאָטש מיר זענען זיכער נישט געווען ווי געהעריק צוגעגרייט דערצו. צווישן זומער 1945 און ווינטער 1947 האָבן מיר איבערגעפירט 70 טויזנט ייִדן פון די די. פּי.־לאַגערן אין אייראָפּע אויף די אַזוי נישט צוגעפּאַסטע שיפן אונדזערע און דורכגעריסן די בלאָקאַדע, וואָס איז מיט אַזאַ ווילדן אייפער אָפּגעהיט געוואָרן דורך אַ רעגירונג, וועלכע איז באַשטאַנען פון מענטשן, וואָס איך אַליין האָב זיך צוגעהערט צו זייערע רירנדיקע דעקלאַראַציעס וועגן ציוניזם, אויף די אומצאָליקע קאָנפערענצן פון דער לייבאָר־פּאַרטיי.

דער ממשותדיקער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן אין 1945, אָבער דעצידירנדיק איז געווען דאָס יאָר 1946. געפירט דערצו האָט דער בריטישער אָפּזאָג אָנטקעגנצוקומען דעם רוף פון אַזאַ מענטש ווי דער פּרעזידענט טרומאַן. ער האָט געבעטן, עס זאָל דערלויבט ווערן אַז הונדערט טויזנט ייִדישע פּליטים פון דײַטשלאַנד און עסטרייך זאָלן אַרײַנקומען אין ארץ־ישראל — מחוץ דער רעם פון ווײַסבוך — ווי אַן איינמאָליקער זשעסט פון רחמנות און מענטשלעכקייט. אָבער די הערן עטלי און בעווין, וועלכע האָבן, ווי עס ווײַזט אויס, געטראַכט, אַז דאָס „פּראָבלעם" פון די ייִדן אין אייראָפּע איז געשאַפן געוואָרן בלויז כּדי צו שטעלן אין פאַרלעגנהייט די בריטישע רעגירונג, האָבן אויך דעם פּרעזידענט טרומאַן געענטפערט מיט אַ ניין. זיי האָבן אָבער צוגעגעבן, אַז אויב די אַמעריקאַנער רעגירונג איז אַזוי באַזאָרגט צוליב די ייִדן, וואָלט זי אפשר געהאָלפן געפינען אַ לייזונג פאַר דער ארץ־ישראל־פּראָגע. אַזוי איז אויפגעקומען אַן ענגליש־אַמעריקאַנער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע. זי האָט באַזוכט די די. פּי.־לאַגערן, געהערט דאָרט די ייִדן דערקלערן, אַז דאָס איינציקע אָרט וווּהין זיי ווילן פאָרן, איז

נאָר ארץ־ישׂראל; די קאָמיסיע האָט גערעדט מיט די פירערס פון ענגלישן און אַמעריקאַנער ייִדנטום און זיך צוריקגעקערט קיין ארץ־ישׂראל, אין אָנהייב פרי לינג 1946, כדי אָפּצוהאַלטן דאָ זיצונגען און אויסצוהערן עדות־דערקלערונגען.

דעם 25טן מערץ 1946 בין איך אויפגעטראָטן פאַר דער קאָמיסיע ווי אַ פאָרשטייערין פון דער הסתּדרות. ווידער האָבן די פאַקטן געמוזט איבערגעחזרט ווערן (כאָטש מען האָט געקענט גלייבן, אַז יעדער האָט זיי שוין דעמאָלט געקענט), אײַנשליסנדיק, מיט גרויס צימצום, די געשיכטע פון די ייִדן און זייערע אויפטוען אין ארץ־ישׂראל. איך האָב געפּרוּווט אויפקלערן וואָס מיר האָבן געפילט בעת מיר האָבן זיך פון ארץ־ישׂראל צוגעקוקט צו דער שחיטה פון מיליאָנען ייִדן און גאָרנישט נישט געקענט טאָן. איך האָב אויך געפּרוּווט וואָרענען די קאָמיסיע אַז מיר זענען פעסט אַנטשלאָסן אַ סוף צו מאַכן צו דעם וואָס דער גרויסער העברעישער דיכטער חיים נחמן ביאַליק האָט באַצייכנט ווי דאָס „זינלאָזע לעבן און זינלאָזע שטאַרבן" פון אונדזער פאָלק.

„איך האָב דאָס רעכט" — האָב איך געזאָגט — „אין נאָמען פון די קרוב 160 טויזנט מיטגלידער פון הסתּדרות צו דערקלערן אַזוי קלאָר ווי מעגלעך, אַז די ייִדישע אַרבעטערשאַפט איז גרייט אַלץ צו טאָן אין דאָזיקן לאַנד, כּדי אויפצונעמען גרויסע מאַסן ייִדישע עולים, אָן שום באַגרענעצונגען אָדער באַדינגונגען..." צי האָבן אָבער די חשובע מיטגלידער פון דער קאָמיסיע באמת פאַרשטאַנען וואָס איך האָב געמיינט? איך האָב געוואָלט זײַן זיכער, אַז מײַנע ווערטער זענען קלאָר, האָב איך באַשלאָסן זיי צו זאָגן וואָס עס הייסט צו שטיין אין אַ געריכטזאַל און „עדות זאָגן" אין אַזעלכע ענינים. דאָס קען קיינעם נישט שאַטן, פאַרקערט, ס'קען אַפילו העלפן. סוף־כּל־סוף זענען זיי דאָך געווען ציוויליזירטע און געלערנטע מענטשן.

„איך ווייס נישט, מײַנע הערן, צי איר, וואָס דער גורל האָט אײַך צוגעשפּילט צו געהערן צו די צוויי גרויסע דעמאָקראַטישע פעלקער, דאָס בריטישע און אַמעריקאַנער, קענען, בײַם בעסטן ווילן, פאַרשטיין אונדזערע פּראָבלעמען, באַנעמען וואָס עס מיינט צו זײַן אַ זון פון אַ פאָלק, וואָס זײַן רעכט צו עקסיסטירן איז שטענדיק אונטער אַ פרעגצייכן; אונדזער רעכט צו זײַן ייִדן, אַזוי ווי מיר זענען, נישט בעסער און נישט ערגער פון אַנדערע אויף דער וועלט, מיט אונדזער אייגן לשון און קולטור, מיטן רעכט אויף אַליין־באַשטימונג און גרייט צו לעבן אין פרײַנדשאַפט און צוזאַמענאַרבעט מיט נאָענטע און ווײַטע. צוזאַמען מיט די יונגע און אַלטע לעבנגעבליבענע פון די די.פּי־לאַגערן האָבן די ייִדישע אַרבעטער אין ארץ־ישׂראל באַשלאָסן אַ סוף צו מאַכן, נאָך אין אונדזער דור, צו דער דאָזיקער הילפלאָזיקייט און צו דער דאָזיקער אָפּהענגיקייט פון אַנדערע. מיר ווילן בלויז דאָס וואָס ווערט געגעבן אַנדערע פעלקער, ווי אַ נאַטירלעכע זאַך, זײַן די בעלי־בתּים איבער אונדזער אייגענעם גורל — בלויז איבער אונדזער גורל — און

נישט איבערן גורל פון אַנדערע; צו לעבן אין זכות פון רעכט און נישט פון חסד, צו האָבן דאָס רעכט צו ברענגען אין דאָזיקן לאַנד אַריין די אָפּגעראַטעוועטע ייִדישע קינדער, וואָס פון זיי זענען דאָך אַזוי ווייניק פאַרבליבן אויף דער וועלט, כדי זיי זאָלן קאָנען זיך אַנטוויקלען ווי אונדזער יוגנט וועלכע איז דאָ געבוירן געוואָרן, פרײַ פון שרעק, מיט אויפגעהויבענע קעפּ. אונדזערע קינדער דאָ פאַרשטייען נישט פאַר וואָס מ'שטעלט בכלל אָוועק אונטער אַ פרעגצייכן דעם עצם קיום פון אונדזער פאָלק. פאַר זיי לכל הפּחות איז אַ נאַטירלעכע זאַך צו זײַן אַ ייִד".

לויטן אויסדרוק פון זייער פּנים האָב איך נישט געקענט טרעפן צי זיי האָבן סוף־כּל־סוף יאָ אָדער נישט פאַרשטאַנען. פון דעסטוועגן זענען לכל הפּחות דריי מיטגלידער פון דער קאָמיסיע געוואָרן שפּעטער אונדזערע איבערגעגעבענע פרײַנד — באַרטליי קראָם, ריטשאַרד קראָסמאַן און דזשעמס מעקדאָנאַלד, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן דער ערשטער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין מדינת ישראל.

דער אומרו אין ארץ־ישראל איז געשטיגן. איין שיף נאָך דער אַנדערער האָט געבראַכט פּליטים צו די ברעגן פון לאַנד. די ענגלישע רעגירונג האָט די „אומלעגאַלע" עולים תּיכּף אַראָפּגערעכנט פון דער חודשלעכער קוואָטע סערטיפיקאַטן און ווען די הגנה האָט זיך אָפּגעזאָגט אָפּצושטעלן די עליה, האָבן די ענגלענדער אַרויסגעגעבן שוץ־פאַרשריפטן אין דער רעם פון אַ מיליטערישן רעזשים. אין אַפּריל, בעת די קאָמיסיע איז געווען פאַרנומען מיטן צוגרייטן איר באַריכט, האָבן די ענגלענדער געמאַכט נאָך אַ שריט אין זייער מלחמה קעגן די פּליטים. וויזט אויס, אַז ס'איז נישט גענוג געווען, וואָס דער קעניגלעכער ים־און לופט־פלאָט און טויזנטער בריטישע זעלנערס זענען געווען אַנגאַזשירט אין פּאַטראָלירן בײַ די ברעגן פון ישראל, גרייט צו כאַפּן די „געפערלעכע פּאָליטישע פאַרברעכערס", וועלכע האָבן געהאָלפן אַרויספירן די ייִדן פון די לאַגערן אין אייראָפּע; די מלחמה איז איצט אַריבער אין אַן אַנדער לאַנד. צוויי „הגנה"־שיפן (איינע האָט געהייסן „דוב הוז"; די צווייטע — „אליהו גאָלאָמב") זענען פאַרכאַפּט געוואָרן אין לאַ ספּעציאַ, אויף דער איטאַליענישער ריוויערע, ווען זיי האָבן געהאַלטן בײַם אָפּשווימען קיין ארץ־ישראל מיט 1014 פּליטים. אין רעזולטאַט פון בריטישן דרוק האָבן די איטאַליענער פאַרבאָטן דאָס אַרויספאָרן פון די שיפן. די פּליטים, פון זייער זײַט, האָבן זיך אָפּגעזאָגט אַראָפּצוגיין פון די שיפן. זיי האָבן דערקלערט אַ הונגערשטרײַק און געוואָרנט, אַז אויב מען וועט קעגן זיי אָנווענדן כּוח, וועלן זיי באַגיין זעלבסטמאָרד און פאַרזינקען די שיפן.

פאַר מיר איז קיין ספק נישט געווען, אַז די פאַרייִאושטע מענטשן זענען גרייט דאָס צו טאָן. איך האָב נישט געקענט פאַרטראָגן דעם געדאַנק, אַז אַט די אויסגעמאַטערטע מענטשן, צונויפגעקוועטשטע אַזוי ווי סאַרדינען, וועלן זיך אָפּזאָגן פון ביסל עסן, וואָס מיר זענען געווען ביכולת זיי צו געבן. אויב מיר

קענען אַליין נישט ברענגען די שיפן, זאָלן מיר לפּחות דעמאָנסטרירן פאַר די עולים — און פאַר גאָר דער וועלט — ווי טיף מיר זענען אויפגעטרייסלט. איך בין צו ערשט אַוועק אין ועד־הפּועל און דערנאָך אין ועד־לאומי — זײַן פאַר־זיצער איז דעמאָלט געווען דוד רמז — און פאָרגעשלאָגן, מיר זאָלן דערקלערן אַ הונגערשטרייק און דערמיט מוטיקן די פּליטים אין לאַ ספּעציאַ. מיר האָבן געשטעלט צוויי באַדינגונגען: יעדע גרעסערע גרופּע אין יישוב זאָל שיקן בלויז איין פאָרשטייער אין ועד לאומי קיין ירושלים, ווו עס האָט געדאַרפט פאַר־קומען דער שטרייק, און אַז נאָר פופצן מאַן, אין אַ גוטן געזונט־צושטאַנד, וועט דערלויבט ווערן אָנטיילצונעמען אין שטרײַק.

מײַן מצב איז נישט געווען קיין גינציקער, מחמת אַ קורצע צײַט פריער בין איך געווען קראַנק; האָט מיך דערפאַר נישט איבערראַשט דעם דאָקטערס אָנזאָג, כ׳זאָל זיך נישט אַנשליסן אין די שטרײַקנדיקע. „אויב אַזוי" — האָב איך אים געזאָגט — „קענט איר אויסקלײַבן: אָדער איך וועל זײַן מיט זיי אין ועד־לאומי אָדער איך וועל זיצן אין שטוב און פאַסטן. איר קענט נישט פאָדערן פון מיר, אַז איך זאָל נישט אָנטייל נעמען אין שטרייק". דער דאָקטער איז נישט געווען צופרידן, אָבער סוף־כּל־סוף האָט ער זיך אונטערגעגעבן און אָנגעע־שריבן דעם מעדיצינישן סערטיפיקאַט. איך בין נישט געווען די איינציקע וואָס האָט געהאַט שוועריקייטן מיט די דאָקטוירים, אויך שזרס געזונט איז נישט געווען ווי צום בעסטן. ער איז אַוועק צו זײַנס אַ פרײַנד אין רחובות, אַ גינעקאָלאָג, און האָט פון אים באַקומען דעם סערטיפיקאַט אָן שוועריקייטן (כאָטש נאָכן שטרײַק האָט מען אים, אַגב, גענומען גלײַך אין שפּיטאָל אַריין, ווו ער איז פאַרבליבן כּמעט אַ חודש).

מיר האָבן אַרײַנגעשטעלט בעטן אין די ביוראָען פון ועד־לאומי, געטרונקען טיי אָן צוקער, ווען דער דאָרשט האָט געפּײַניקט, אָבער גאָרנישט געגעסן אין משך פון 101 שעה, הגם איך האָב באַשלאָסן, דאַנקען גאָט, אַז רייכערן מעג מען. ס׳איז אָבער אויפגעקומען אַ שוועריקייט, וואָס דער דריטער טאָג פון הונ־גער־שטרײַק איז אויסגעפאַלן ערב פּסח און דער הויפּט־רב הערצאָג האָט אונדז געגעבן צו וויסן, אַז מיר מוזן פאַרענדיקן אונדזער שטרײַק, מחמת לויטן דין מוזן אַלע ייִדן עסן בײַם סדר. מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג און די מומחים צווישן אונדז האָבן באַשלאָסן, אַז מיר דאַרפן נישט עסן מער ווי אַ שטיקל מצה, נישט מער ווי אַ כּזית, און מיר האָבן ממשיך געווען דעם שטרייק. זייער רירנדיק איז געווען דער סדר אין יענעם אָוונט. במשך דער גאַנצער צײַט פון אונדזער הונגערשטרײַק איז דער הויף פול געווען מיט ייִדן, וועלכע האָבן געדאַוונט און געזונגען און פון גאַנצן לאַנד זענען געקומען דעלעגאַציעס, אונדז באַגריסן און צווינטשן. אין איינעם אַ טאָג זענען, צו מײַן גרויסער פרייד, געקומען מנחם מיט שרהן; בן־גוריון איז אָפּט געווען מיט אונדז, כאָטש ער איז, צוליב אַ

באַשטימטער סיבה, געווען קעגן דעם שטרײַק. עס האָט געהייסן, אַז נאָר איין מאָל אין טאָג איז דערלויבט אונדז צו באַזוכן, פון צוועלף ביז איינס בײַ טאָג, אָבער פּאַקטיש זענען מיר זעלטן געווען אַליין.

איך געדענק, אַז עטלעכע מינוט פאַרן אָנהייבן דעם שטרײַק, האָבן מיר באַשלאָסן אַוועקצוגיין צו דעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער ארץ־ישראל־רעגירונג און אַפּעלירן צו אים צום לעצטן מאָל, מען זאָל אַרײַנלאָזן די פּליטים פון לאַ ספּעציאַ. ער האָט אונדז אויסגעהערט און זיך אָנגערופן צו מיר: „פרוי מאירסאָן, גלייבט איר איין־איינציקער רגע, אַז די רעגירונג פון זײַן מאַיעסטעט וועט בײַטן איר פּאָליטיק ווײַל איר וועט נישט עסן?" „ניין, איך האָב נישט אַזעלכע אילוזיעס. אויב דער טויט פון זעקס מיליאָן האָט נישט געביטן אייער פּאָליטיק, קען איך נישט דערוואַרטן, אַז מײַן הונגערן וועט זי בײַטן, אָבער דאָס וועט כאָטש זײַן אַן אויסדרוק פון סאָלידאַריטעט".

דער הונגערשטרײַק האָט דאָך געמאַכט אַן אײַנדרוק. דעם 8־טן מאַי זענען, אונטער אַ שווערער בריטישער באַגלייטונג, די שיפן „דוב הוז" און „אליהו גאָלאָמב" אָפּגעשווומען קיין ארץ־ישראל, אָבער די 1014 סערטיפיקאַטן האָט מען אָראָפּגערעכנט פון דער קוואָטע פאַרן חודש מאַי. יענעם חודש האָט די ענגליש־אַמעריקאַנער קאָמיסיע פאַרעפנטלעכט איר באַריכט און פאָרגעשלאָגן, אַז הונדערט טויזנט עולים זאָלן גלייך אַרייַנגעלאָזן ווערן אין לאַנד און עס זאָלן אַנולירט ווערן די פאַראָרדענונגען פון ווײַסבוך וואָס שייך דעם אײַנקויפן באָדן. ס'איז געוואָרן אַ פאַרשלאָג, אַז דער מאַנדאַט זאָל שפּעטער אויסגעברייטערט ווערן אין אַ נאמנות־ראַט פון די פאַראייניקטע פעלקער, אָבער מיסטער בעווין האָט ווידער געענטפערט מיט אַ קאַטעגאָרישן ניין. אויב עס זאָלן אַרײַנקומען הונדערט טויזנט פּליטים, צו להכעיס דער אַראַבישער אָפּאָזיציע, וועט מען דאַרפן אַ גאַנצע ענגלישע דיוויזיע, אײַנצושטעלן אָרדענונג — האָט ער געענטפערט. „אין אַזאַ פאַל" — האָב איך באַמערקט אויף אַ פאַרטיי־פאַרזאַמלונג אין חיפה — „וועלן מיר דאַרפן באַווייזן דעם מיסטער בעווין, אַז אויב זײַן פּאָליטיק וועט זיך נישט בײַטן, וועט ער דאַרפן שיקן אַ גאַנצע אַרמיי צו קעמפן קעגן אונדז". אין דער אמתן איז בעווין דורכויס געווען פאַראינטערעסירט דאָס צו טאָן און ער האָט עס טאַקע געטאָן.

שבת, דעם 29טן יוני 1946, האָט די בריטישע רעגירונג דערקלערט מלחמה דעם יישוב. הונדערט טויזנט בריטישע סאָלדאַטן און בערך צוויי טויזנט פּאָליציי־לייט זענען אַרײַן אין צענדליקער קיבוצים און דערפער, באַפאַלן די נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס, ווי די יידישע אַגענץ, ועד־לאומי און ועד־הפועל, בלאָקירט אַלע שטעט אין לאַנד ווו עס איז נאָר געווען אַ יידישער יישוב, אַרעסטירט איבער דרײַ טויזנט יידן, צווישן זיי דעם רוב פון דער אָנפירונג פונעם יישוב. די ענגלענדער האָבן דערבײַ געהאַט דרײַ צילן: דעמאָראַליזירן און באַשטראָפן

דעם ייִשוב, איינברעכן די „הגנה" און איין מאָל פאַר אַלע אַ סוף מאַכן צו דער עליה, דורך אַרעסטירן די מענטשן, וועלכע זענען געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער „אומלעגאַלער עליה". קיין איינער פון אָט די צילן איז נישט דערגרייכט געוואָרן, אָבער זינט יענעם „שוואַרצן שבת" איז דאָס לאַנד ממש פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּאָליציי־ישער מדינה.

מיר האָבן, צו אונדזער גליק, באַקומען אַ ידיעה, אַז מען גרייט צו אַזאַ מין אָפּעראַציע. צענדליקער „הגנה"־קאָמאַנדירן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, דאָס געווער איז איבערגעפירט געוואָרן אין נייע באַהעלטענישן און מען האָט פאַרטראַכט נײַע שיפערס. בן־גוריון איז דעמאָלט געווען אין אויסלאַנד. אָבער רמז, שרת און כּמעט אַלע מיטגלידער פון דער ייִדישער אַגענץ און פונעם ועד־לאומי זענען אָפּגעשיקט געוואָרן אין אַ פאַרמאַכטן לאַגער אין לאַטרון. מיך האָט מען אָבער נישט אַרעסטירט, כאָטש עס זענען געווען מענטשן, וואָס האָבן, מעשׂה־רשעות, געזאָגט, אַז דאָס איז געווען דאָס ערגסטע וואָס די מאַנדאַט־רעגירונג האָט ווען עס איז מיר אָפּגעטאָן. מסתּמא בין איך נישט געווען גענוג וויכטיק, און אפשר האָבן זיי נישט געקענט אײַנאָרדענען קיין פרויען אין לאַטרון. בכל־אופן האָט מען אין יענעם טאָג געהאַלטן פאַר אַ כּבוד צו ווערן אַרעסטירט. איינער פון מײַנע קאָלעגן איז אַזוי להוט געווען צו זײַן פאַרשפּאַרט צוזאַמען מיט די איבעריקע, אַז אַנשטאָט זיך אויסצובאַהאַלטן, האָט ער אַ גאַנצן טאָג אַרומשפּאַצירט איבער די גאַסן, ביז אַ פּאָליציאַנט האָט אים געהייסן גיין אַהיים. איך געדענק, אַז פּאָלאַ בן־גוריון (אַ פרוי וואָס איז דווקא נישט געווען באַקאַנט דורך איר טאַקט) האָט מיר טעלעפאָנירט יעדע פאַר שעה: „גאָלדע, ביסט נאָך אַלץ אין דער היים, זיי זענען נישט געקומען דיך נעמען?" כ'האָב געזאָגט, אַז ניין און אָוועקגעלייגט דאָס טעלעפאָן־טרײַבל. באַלד האָט זי ווידער געקלונגען: „גאָלדע, זיי זענען נאָך אַלץ נישט געקומען?" און דאָס אַלץ דורכן טעלעפאָן, פּונקט ווי קיינער וואָלט נישט געקענט אונטערהערן.

די ענגלענדער האָבן נישט נאָר אַרעסטירט מענטשן, נאָר אויך גורם געווען, אויף אַ הפקרדיקן אופן, גרויסע שאָדנס. יגור, איינער פון די גרויסע קיבוצים, איז געווען באַזעצט אַ גאַנצע וואָך. די ענגלענדער האָבן דאָרט געפונען אַ געווער־אַרסענאַל פון דער „הגנה" און האָבן אַנגעמאַכט אַ חורבן. די חברים פון קיבוץ, וועלכע די ענגלענדער האָבן חושד געווען אַז זיי געהערן צו דער „הגנה", האָבן זיך אָפּגעזאָגט אַנצוגעבן זייערע נעמען און זיך בלויז אידענטיפיצירט ווי „ייִדן אין ארץ־ישׂראל". אַלע מענער האָט מען אָוועקגעשלעפּט אין די לאַגערן און ס'זענען געבליבן נאָר די פרויען און קינדער. ווי נאָר דאָס מיליטער איז פון דאָרט אָוועק, בין איך אַהינגעפאָרן זען דעם שאָדן און כ'וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן ווי כ'האָב אויפגעהויבן פון דר'ערד פּאָטאָגראַפיעס פון קיבוץ־קינדער אין וועלכע די אויגן זענען געווען אויסגעשטאָכן.

היות ווי שרת איז געווען אין לאַטרון, האָב איך אים פּאָרטראַטן אין דער פּאָליטישער אָפּטײלונג פון דער ייִדישער אַגענץ און האָב פּאָרגעשלאָגן, אַז דער ענטפער פונעם ייִשוב אויף די מאַסן־אַרעסטן פון די טויזנטער מענטשן קען זײַן נאָר — ציווילער ווידערשטאַנד. נישט נאָר וואָס עס איז געווען אוממעגלעך שלום צו מאַכן מיט דעם וואָס עס איז געשען און זיצן מיט פּאַרלײגטע הענט, נאָר כ'בין געווען זיכער, אַז אויב מיר וועלן נישט טאָן עפּעס ממשותדיקס, וועלן דער אירגון צבאי לאומי (אצ"ל) און די שטערן־גרופּע (לח"י) איבערנעמען דעם ענין אין זייערע הענט.

יעדע זאַך האָט איר צײַט און אָרט. דאָ איז נישט דאָס אָרט און נישט די צײַט זיך אַרײַנצולאָזן אין אַלע איינצלהייטן פון דער טראַגישער געשיכטע אין שײַכות מיט אָט די צוויי אָפּגעשפּאָלטענע אונטערגרונט־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן דעמאָלט עקסיסטירט אין ייִשוב, אָדער וועגן זייערע באַציִונגען מיט דער „הגנה". איך וועל עס איבערלאָזן פאַר אַנדערע און פאַר דער צוקונפט. איך פיל אָבער, אַז עס וואָלט געווען נישט ערלעך פון מײַן זײַט נישט אויפצוקלערן מײַן צוגאַנג צו די מעטאָדן (און לערע) פון אצ"ל און פון לח"י. צוליב מאָראַ־לישע און טאַקטישע טעמים בין איך תּמיד געווען קעגן יעדן סאָרט טעראָר, סײַ ווען ער ווערט געפירט קעגן אַראַבער ווײַל זיי זענען אַראַבער, סײַ קעגן ענגלענדער באשר זיי זענען ענגלענדער. מײַן פעסטע איבערצײַגונג איז געווען און געבליבן אַז הגם אַ סך אינדיווידועלע מיטגלידער פון אָט די אָרגאַניזאַציעס זענען אוודאי געווען דורכויס מוטיקע און שטאַרק איבערגעגעבענע מענטשן, זענען זיי אָבער אַרויף און פאַרבליבן אויף אַ פאַלשן וועג און דעריבער געפער־לעך פאַרן ייִשוב. זומער 1946 בין איך געווען אַבסאָלוט זיכער, אַז ווען מיר רעאַגירן נישט ממשותדיק אויף די געשעענישן פון „שוואַרצן שבת", וועלן זיי עס טאָן און ברענגען אויף אונדז נאָך גרעסערע אומגליקן. ווי גיך איך האָב געקענט, בין איך אַוועק צו חיים ווייצמאַנען אין רחובות, געהאַפּט אים איבער־צוצײַגן צו רופן אַ מאַסן־דעמאָנסטראַציע. ד"ר ווייצמאַן איז דעמאָלט געווען פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע און פאָרזיצער פון דער ייִדישער אַגענץ. ער איז בלי־ספק געווען דער מנהיג און דער ערשטראַנגיקער וואָרטזאָגער פונעם וועלט־ייִדנטום.

ער איז געבוירן געוואָרן אין רוסלאַנד, געווען אַ באַרימטער וויסנשאַפטלער, לאַנגע יאָרן געלעבט און געאַרבעט אין ענגלאַנד און געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע בײַם דערגרייכן די באַלפור־דעקלאַראַציע. ער איז געווען מאַיעסטעטיש, הויך, שײן און אימפּאָזאַנט. ייִדן אין גאָר דער וועלט האָבן געטראַכט און גערעדט וועגן אים ווי וועגן אַ „ייִדישן קעניג". הגם ער האָט נישט געהערט צו קיין באַשטימטער פּאַרטײ, איז ער געווען ענג פאַרבונדן מיט דער קיבוצישער באַוועגונג בפרט און מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג בכלל. פון דעסטוועגן איז נישט

מעגלעך געווען אויסצומײַדן רײַבונגען צווישן ווייצמאַנען, דעם אָנהענגער פון בהדרגהדיקער אַנטוויקלונג און בן־גוריונען, דעם אַקטיוויסט. זייערע באַציִונגען האָבן זיך פאַרערגערט בעת דער מלחמה. בן־גוריון האָט געהאַלטן, אַז ד״ר ווייצמאַן האָט נישט גענוג געדריקט כדי ס׳זאָל געשאַפן ווערן אַ יידישע בריגאַדע און ער האָט אַפילו פאַרגעשלאָגן דער פּאַרטיי, מיר זאָלן בעטן ווייצמאַנען צו דעמיסיאָנירן פון זיין אַמט. מיר האָבן דאָס, פאַרשטייט זיך, נישט אָנגענומען, אָבער שפּעטער, אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס פון 1946, אין באַזעל, האָט דער קאָנגרעס אויסגעדריקט ווייצמאַנען אומצוטרוי.

נישט געקוקט אויף די מעשיות, וואָס ווערן איצט דערציילט אין ישראל וועגן די באַציִונגען צווישן אָט די צוויי מענטשן, אַזוי פאַרשיידן איינער פון אַנדערן אין צוגאַנג און טעמפּעראַמענט, האָט בן־גוריון, פּונקט ווי מיר אַלע, באַוווּנדערט ווייצמאַנען און אים ליב געהאַט, הגם ער איז קיין מאָל נישט געווען איינשטימיק מיט ווייצמאַנס צוטרוי צו די ענגלענדער און מיט זיין אָפּטימיסטישער האַנדלונג לגבי זיי. ווייצמאַן האָט געגלייבט, אַפילו נאָך 1946, אַז די ענגלענדער וועלן זיך אין אַ טאָג באַזינען און ער האָט נישט געקענט שלום מאַכן מיטן געדאַנק אַז זיי האָבן אונדז אַזוי ביטער פאַרראַטן. אָבער אין משך פון די דרײַסיק מאַנדאַט־יאָרן, סײַ בעת ער האָט פאַרנומען זײַן אַמט און סײַ בעת ער האָט אים נישט פאַרנומען, איז ווייצמאַן געווען דער מאַן וואָס האָט פאַרקערפּערט דעם ציוניזם פאַר דער דרויסנדיקער וועלט און זײַן השפעה איז געווען אַ קאָלאָסאַלע.

בלויז ווייצמאַן איז געווען דער מענטש, וועלכער האָט געקענט איבערצײַגן דעם פּרעזידענט טרומאַן, ממש אין די לעצטע מינוטן אין 1948, אַז ער זאָל אָנערקענען אַ יידישע מדינה וואָס דער נגב זאָל זײַן אַ טייל פון איר. ער איז דעמאָלט געווען אַלט און שוואַך, כמעט בלינד, אָבער ווען טרומאַן האָט באַשטעטיקט אַז אַמעריקע אָנערקענט מדינת־ישראל, אין די נאָכמיטאָג־שעהען פון 14טן מאַי 1948, האָט ער געטראַכט און גערעדט וועגן ווייצמאַנען. „דער אַלטער דאָקטאָר וועט מיר איצט גלייבן״ — האָט ער געזאָגט. בן־גוריון האָט גאָר אַנדערש קיין מאָל נישט געטראַכט, ווי אַז ווען מיר וועלן האָבן אונדזער מדינה, וועט חיים ווייצמאַן זײַן איר ערשטער נשיא.

איך פלעג ווייצמאַנען באַזוכן גאַנץ אָפט אין רחובות, ווו ער און זײַן פרוי וועראַ האָבן געהאַט אויסגעבויט אַ הויז אין די דרײַסיקער יאָרן (געוואָרן בית־הנשיא פון 1948, ביז ווייצמאַנס טויט, אין 1952). פון צײַט צו צײַט פלעגט ער מיך אָפּרופן און זאָגן: „קום, וועסט עסן צוזאַמען מיט אונדז״, און איך פלעג פאַרברענגען מיט אים אַן אָוונט, דערציילן רכילות און שמועסן וועגן פּאָליטיק. בײַם סוף פון זײַן לעבן איז ער געווען פאַרביטערט, גערעדט וועגן זיך ווי וועגן דעם „געפאַנגענעם פון רחובות״ און געטראַכט, אַז מען שליסט אים אויס בכיוון פון באַשטימען די פּאָליטיק. כ׳געדענק, אַז איך בין אַ מאָל געווען

בײַ אים אויף מיטאָג און ער האָט גערעדט מיט טרויער וועגן זיך און וועגן דע גאָלן: אַז דע גאָל האָט געוואָלט, איז ער געקומען צו די קאַבינעט־זיצונגען און אַפילו געווען דער פאָרזיצער, בעת אונדזער פּאַרלאַמענטאַרישער סיסטעם איז לגמרי אַנדערש. איך מיין, אַז ס׳איז אפשר געווען אַ פעלער וואָס ווייצמאַן האָט ווייטער געלעבט אין רחובות, כאָטש ס׳איז פאַרשטענדלעך אַז ער האָט געוואָלט זײַן נאָענט צום ווייצמאַן־אינסטיטוט פאַר וויסנשאַפט, דעם וווּנדער־לעכן צענטער פאַר וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג, וואָס איז אויסגעוואַקסן פונעם „דניאל זיוו־פאָרש־אינסטיטוט", וועלכן ער האָט געהאָט געגרינדעט אין 1934. ווען ווייצמאַן וואָלט זיך אַריבערגעפירט קיין ירושלים און געעפנט זײַן הויז פאַרן פאָלק, אַזוי ווי ס׳האָבן זיך געפירט בן־צבי און שזר, ווען זיי זענען געווען פּרעזידענטן, וואָלט ער זיך נישט געפילט אַזוי עלנט. ווען פרוי ווייצמאַן וואָלט געווען ווייניקער עלעגאַנט, נישט געשטאַנען אַזוי אין גרויסן, זיך געפילט אַ ביסל נענטער, וואָלט אויך געווען בעסער. ווי עס זאָל נישט זײַן, איז ער געווען זייער אַ גרויסע פּערזענלעכקייט און עס איז פאַר מיר געווען אַ כּבוד ווען דער פּרעזידענט פון ווייצמאַן־אינסטיטוט, מײַן פרײַנד מאיר ווייסגאַל, האָט מיך געבעטן צו זײַן דער אַלוועלטלעכער ערן־פאָרזיצער פון די פײַערונגען לכּבוד ווייצמאַנס 100סטן געבוירן־טאָג אין יאָר 1974.

ווען כ׳בין געקומען אים זען אין יענעם טאָג, אין 1946, איז נאָך ווייצמאַן געווען בײַ די פולע כּוחות און שוווּנג. „אויב איר וואָלט גערופן דעם יישוב אַנצונעמען אַ שטעלונג פון ציווילן ווידערשטאַנד לגבי דער פּאַלעסטינע־רעגי־רונג" — האָב איך אים געזאָגט — „וואָלט עס באַוויזן דער וועלט, אַז מיר קענען נישט שלום מאַכן מיט דעם וואָס איז געשען — נאָר איר האָט די בייטיקע אויטאָריטעט צו געבן קראַפט אַזאַ דערקלערונג".

„גוט" — האָט ער געענטפערט — „אָבער די „הגנה" מוז מיר פאַרזיכערן, אַז עס וועלן נישט אונטערגענומען ווערן קיין שום אַקציעס, ביז די יידישע אַגענץ וועט זיך צונויפקומען אין אויגוסט, אין פאַריז". איך האָב אים פאַרזיכערט אַז כ׳וועל אַלץ טאָן כּדי אַרויסצובאַקומען אַזאַ הבטחה פון די פינף מענטשן (איך בין נאָך דעמאָלט נישט געווען איינע פון זיי), וואָס פלעגן באַשליסן אין די דאָזיקע ענינים און בין גלייך אַוועק צו אשכּולן, זען צי דער ענין קען דער־לײדיקט ווערן. אין דער אמתן איז שוין געהאַט באַשלאָסן געוואָרן, אין אַן אָפּשטימונג פון דרײַ קעגן צוויי, דורכצופירן אַן אַקציע, אָבער ווען אשכּול האָט געהערט וואָס ווייצמאַן וויל, האָט ער תּיכּף געזאָגט, אַז ער וועט צוריקציען זײַן שטימע. אויך ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אויב די נאַציאָנאַלע אינסטאַנצן וועלן נישט רעאַגירן, וועט אצ"ל עפּעס טאָן. דערנאָך האָט זיך ווייצמאַן צוריקגעצויגן. איך גלייב, אַז זײַנע פרײַנד אין ענגלאַנד האָבן אים אָפּגערעדט, ער זאָל זיך שטעלן בראש פון אַ ציווילן ווידערשטאַנד. מיך האָט עס אויפגעקאָכט.

אין אויגוסט איז אין פּאַריז פאָרגעקומען, לויטן פּלאַן, די זיצונג פון דער ייִדישער אַגענץ. מיר האָבן נישט געוואָלט, אַז בן־גוריון, וועלכער איז נאָך געווען אין אויסלאַנד, זאָל צוריקקומען קיין ארץ־ישראל, ווײַל מען וואָלט אים זיכער אַרעסטירט. זענען מיר געפאָרן קיין פראַנקרײַך און אויסגעהערט די איינצלהייטן פון אַ נײַעם פּראָיעקט, וואָס בעווין האָט צוגעגרייט. דאָס מאָל האָט בעווין פאָרגעשלאָגן צו צעטיילן ארץ־ישראל אין קאַנטאָנען, וואָס איינער פון זיי זאָל זיין אַ ייִדישער. אין יענער צײַט האָבן די ענגלענדער אָנגעהויבן פאַרטרײַבן די „אומלעגאַלע" עולים פון ארץ־ישראל אין לאַגערן אין ציפּערן. זיי האָבן געבראַכט אין לאַנד אַריין אַלץ מער און מער מיליטער. עס האָט בכלל נישט געהאַט קיין זינען צו דיסקוטירן וועגן אַ פאָרשלאָג, סײַדן ער וואָלט געפירט צום שאַפן אַ ייִדישע מדינה, אָבער ווייצמאַן האָט ממשיך געווען די דיסקוסיעס מיט די ענגלענדער, און נישט דווקא לויט דער אָנגעוויזענער ליניע.

בן־גוריון איז געווען גרייט איבערצוקערן די וועלט, אָבער איך האָב פאַרגעלייגט, מיר זאָלן פליִען קיין לאָנדאָן און רעדן מיט ווייצמאַנען. דער אומגליקלעכער מענטש האָט פאַרלוירן אַ זון אין דער מלחמה, זײַנע קראַנקע אויגן האָבן זיך אַלץ מער פאַרלאָשן און זײַן האַרץ איז אַלץ מער צעבראָכן געוואָרן צוליב די ענגלענדער. ער האָט מורא געהאַט, אַז אויב מיר וועלן אָפּוואַרפן דעם ענגלישן קאַנטאָנען־פּראָיעקט, וועלן מיר אַרײַנוואַרפן דעם יישוב אין אַ טאָטאַלער מלחמה. איך האָב אָבער נישט געקענט מסכּים זײַן מיט דער באַשולדיקונג, אַז מיר פירן זיך אויף „אומפאַראַנטוואָרטלעך" און איך האָב פאַרלוירן מײַן געדולד — אַ זאַך, וואָס טרעפט זיך מיר זייער זעלטן. איך האָב זיך אויפגעשטעלט און בין אַרויס פון צימער. יאָרן זענען אַוועק ביז ד"ר ווייצמאַן האָט מיר מוחל געווען מײַן קעגנערשאַפט אין יענע טעג און אויך שפּעטער, דאָס זעלבע יאָר, אין באַזעל.

אַגב, איז דאָס נישט געווען דאָס איינציקע מאָל אין יענער תּקופה, וואָס איך האָב דעמאָנסטראַטיוו פאַרלאָזט אַ צימער. עטלעכע חדשים פריִער, בין איך געגאַנגען זען דעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער רעגירונג וועגן אַ באַשטימטן ענין און בין געוואָרן דערשטוינט ווען כ'האָב אים געהערט רעדן בנעימותדיק: „פרוי מאירסאָן, איר מוזט מסכּים זײַן, אַז אויב די נאַציס האָבן גערודפט די ייִדן, האָבן זיי אוודאי געהאַט דערצו אַ סיבה". איך האָב זיך אויפגעשטעלט און בין אַרויסגעגאַנגען, נישט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט און כ'האָב זיך אָפּגעזאָגט אים ווידער צו זען. מען האָט מיר דערנאָך דערציילט, אַז ער האָט נישט פאַרשטאַנען פאַר וואָס אין מיר האָט געברענט אַזאַ כּעס.

דער 22טער ציוניסטישער קאָנגרעס אין באַזעל איז געווען דער ערשטער וואָס איז זיך צונויפגעקומען נאָך דער מלחמה. עס האָט אויסגעזען ווי אַ שרעקלעך פאַראַבלטע משפּחה איז געקומען באַקלאָגן דעם טויט פון די גרויסע מאַסן, אָבער נישט געקוקט אויף איר גרויסן טרויער וויל זי ראַטעווען די איבערגע־

בליבענע רעשטלעך און אויפֿנעמען די פּראָבלעמען פֿון דער קעגנוואַרט. דאָס מאָל האָבן מיר אָפֿן גערעדט צו דער וועלט וועגן שאַפֿן אַ ייִדישע מדינה. אין מײַן רעדע אין ייִדיש האָב איך דערמאָנט די פֿינצטערע מלחמה־טעג, די געשעענישן, וואָס זענען געקומען גלײַך נאָך זיי. איך האָב גערעדט וועגן אונדזער יוגנט, די יונגע סאַברעס, געבוירענע אין ארץ־ישראל, וועגן וועלכע מיר פֿלעגן זיך פֿרעגן: „וואָס קען פֿאַרבינדן אָט די קינדער אונדזערע מיטן ייִדישן פֿאָלק אין דער וועלט?" איך האָב געוואָלט, אַז די קאָנגרעס־דעלעגאַטן זאָלן וויסן, אַז אָט די בחורים וועלכע זענען ביז נישט לאַנג צוריק געווען אַזוי פֿרעמד צום גלות, זענען נישט ווייניקער פֿון אונדז איבערגעגעבן דעם ענין פֿון אַ פֿרײַער ייִדישער עליה.

„ס'איז געקומען די צײַט ווען די סאַברעס אַליין האָבן אונדז געגעבן דעם ענטפֿער. זיי זענען ווײַט פֿון פּילפּול און פֿון אַבסטראַקטע ענינים. זיי זענען פּשוט און ריין ווי די זון אין ארץ־ישראל. זיי נעמען אויף זאַכן קלאָר, איינפֿאַך, אָן קאָמפּליקאַציעס. ווען אויף די ייִדן אין דער וועלט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט דער חורבן און זיי האָבן אָנגעהויבן קומען קיין ארץ־ישראל אויף „אומלעגאַלע" שיפֿן, ווי זיי טוען עס אויך איצט, האָבן מיר געזען ווי אונדזערע קינדער האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אויף די ימען — דאָס איז נישט קיין רעטאָריק, נאָר דער ריינער אמת — גובר געווען די כוואַליעס, צוגעקומען צו די שיפֿן, און אויף די אַקסלען געטראָגן די ייִדן צום ברעג. דאָס זענען נישט קיין מליצות, נאָר דער ריינסטער אמת. זעכצן־און אַכצן־יאָריקע ארץ־ישראלדיקע ייִנגלעך און מיידלעך האָבן געטראָגן די גרעאַטעוועטע אויף זייערע אַקסלען. כ'האָב געהערט פֿון אָט די ייִדן, געטראָגענע אויף די סאַברישע פּלייצעס, ווי אַזוי זיי האָבן פֿאַרגאָסן טרערן, צום ערשטן מאָל, נאָך די אַלע גרוילן וואָס זיי האָבן דורכגעלעבט די לעצטע זיבן יאָר אין אייראָפּע ווען זיי האָבן געזען ווי ארץ־ישראלדיקע בחורים טראָגן דערוואַקסענע מענער און פֿרויען צו די ברעגן פֿון אונדזער היימלאַנד. מיר זענען געבענטשט געוואָרן מיט אָט דער יוגנט, וואָס האָט זיך אַרויסגעלאָזט מקריב זײַן דאָס אייגענע לעבן נישט לטובת אַ באַשטימטן קיבוץ אָדער דעם ייִשוב פֿון ארץ־ישראל בכלל, נאָר לטובת איטלעכן ייִדישן קינד אָדער עלטערן מענטש, וואָס האָבן געוואָלט אַרײַנקומען אין לאַנד אַריין.

אַ נס איז געשען וואָס די ייִדן האָבן נישט אויפֿגעהערט צו קומען, צו להכעיס די בריטישע גאַזבאַמבעס און שטעקנס, ווויסנדיק אַז מען קען געהרגעט ווערן און אַז אַלע וועלן דעפּאָרטירט ווערן אין די לאַגערן פֿון ציפּערן; אַ צווייטער נס איז געשען וואָס אונדזערע אייגענע קינדער זענען געווען מיט אונדז צוזאַמען אין דאָזיקן קאַמף.

וואָס שייך דער צוקונפט, האָבן די דאָזיקע קלעפּ געשטאַרקט אונדזער באַשלוס צו פֿאָדערן די פֿולע פּאָליטישע אומאָפּהענגיקייט, וועלכע קען דערגרייכט ווערן נאָר מיטן שאַפֿן אַ ייִדישע מדינה".

וואָס איך האָב דעמאָלט נישט געזאָגט אויפֿן קאָנגרעס, ווײַל כ'האָב עס נאָד אַליין נישט געוווּסט, איז, אַז די קלעפּ וואָס האָבן אונדז דערוואַרט אין די קומענדיקע 21 חדשים, אײידער מדינת־ישראל איז אויפֿגעקומען, זענען געווען אַ סך אַכזריותדיקער ווי די, וואָס מיר האָבן ביז דעמאָלט דורכגעלעבט אין לאַנד.

## קאַפּיטל אַכט

# מיר האָבן אַ מדינה

אויב 1946 איז געװען אַ שװער יאָר, קען איך 1947 שילדערן בלויז װי דאָס יאָר, אין װעלכן די ענגלענדער האָבן פאַרלוירן דעם קאָנטראָל איבער דער לאַגע אין לאַנד. אין משך פון אָט דעם יאָר איז דער קאַמף קעגן דער ייִדישער עליה פאַרװאַנדלט געװאָרן אין אַן אָפּענער מלחמה, נישט בלויז קעגן דעם גאַנצן ייִשוב װי אַזעלכן, נאָר אויך קעגן די פּליטים גופא. עס האָט אויסגעזען װי ערנסט בעװין װאָלט נישט אין זינען געהאַט עפּעס אַנדערש װי נישט צו דערלאָזן די ייִדישע פּליטים אַרײַנקומען אין ייִדישן היימלאַנד. דער פאַקט װאָס מיר האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו לייזן פאַר אים די פּראָבלעם, האָט אים, װי־עס װײַזט אויס, אַזוי אויפגעבראַכט, אַז ער האָט לסוף אין גאַנצן פאַרלוירן דעם קאָנטראָל; איך גלייב באמונות, אַז אייניקע פון די באַשלוסן װאָס ער האָט אָנגענומען בנוגע ארץ־ישראל האָבן געקענט בלויז זײַן אַ רעזולטאַט פון זײַן פּערזענלעכער שנאה און כּעס קעגן די ייִדן, װײַל זיי האָבן נישט געקענט און נישט געװאָלט אַקצעפּ־טירן די עצה פון בריטישן אויסערן־מיניסטער װי און װוּ צו לעבן.

איך װייס נישט (און דאָס איז במילא איצט נישט װיכטיק), צי בעװין איז נישט געװען בײַ אַלע געדאַנקען, צי איז ער געװען סתּם אַן אַנטיסעמיט, צי ביידע צוזאַמען. איך װייס אָבער יאָ, אַז ער האָט זיך אײַנגעעקשנט אָװעקצושטעלן די מאַכט פון דער בריטישער אימפּעריע קעגן דעם װילן פון די ייִדן צו לעבן און דערמיט האָט ער נישט נאָר גורם געװען גרויסע יסורים מענטשן װאָס האָבן אַזוי פיל איבערגעלעבט, נײַערט אויך אויפגעצװוּנגען אויף טויזנטער בריטישע סאָלדאַטן און מאַטראָזן אַ ראָלע, װאָס איז זיי מסתּמא געװען דערװידער. איך געדענק װי כ׳האָב אָנגעקוקט עטלעכע פון די יונגע ענגלענדער, װאָס זענען געשטאַנען אויף דער װאַך פון די אַרעסט־לאַגערן פאַר די אויסגעװאַרצלטע אין ציפּערן, װען איך בין אַהין געקומען אין 1947, און זיך געװוּנדערט װי אַזוי, גאָט מײַנער, זיי האָבן געקענט שלום מאַכן מיטן פאַקט, װאָס ערשט נישט לאַנג צוריק האָבן זיי באַפרײַט פון די נאַצי־לאַגערן די זעלבע מענטשן, װאָס זענען איצט פאַרשפאַרט הינטער שטעכלדראָטן אין ציפּערן, בלויז דערפאַר װײַל זיי זענען נישט פאַר זיך קיין מעגלעכקייט צו לעבן אין קיין שום אַנדער אָרט חוץ ארץ־ישראל. איך האָב געקוקט אויף די סימפּאַטישע יונגע ענגלישע בחורים און געהאַט אויף זיי רחמנות. נישט־װילנדיק האָב איך געטראַכט, אַז זיי זענען נישט קיין קלענערע קרבנות פון בעװינס דיבוק װי די מענער, פרויען און קינדער, אויף װעלכע זיי

האָבן אָנגעשטעלט טאָג און נאַכט זייערע ביקסן.

איך בין געפאָרן קיין ציפּערן זען וואָס מען קען טאָן פאַר די הונדערטער פאַרשפּאַרטע קינדער דאָרטן. דעמאָלט זענען געווען בערך פּערציק טויזנט ייִדן אין די דאָרטיקע לאַגערן. יעדן חודש, מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט, האָבן די ענגלענדער דערלויבט געגוי 1500 ייִדן אַרײַנצוקומען אין לאַנד: 750 פון די לאַגערן אין אייראָפּע און 750 פון די לאַגערן אין ציפּערן. דער פּרינציפּ אין דער שיטה איז געווען: ווער עס איז פריער געקומען, דער גייט פריער אַרויס. דאָס האָט געמיינט אַז אַ סך קליינע קינדער זענען געווען פאַרמישפּט צו לעבן לאַנגע חדשים אין זייער שווערע באַדינגונגען. אונדזערע דאָקטוירים אין די ציפּערן־לאַגערן זענען געווען זייער באַאומרויִקט. אין מײַן ביוראָ אין ירושלים איז געקומען אַ דאָקטוירים־דעלעגאַציע.

„מיר קענען אויף זיך ווײַטער נישט נעמען די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן געזונט פון די קינדער, אויב זיי וועלן בלײַבן נאָך אַ ווינטער אין די לאַגערן" — האָבן זיי מיר דערקלערט. איך האָב אָנגעהויבן צו פאַרהאַנדלען מיט דער רעגירונג. איך האָב פאָרגעשלאָגן מ׳זאָל דערמעגלעכן די אויסגעוואָרצלטע משפּחות מיט איין קינד ביז אַ יאָר אַלט צו פאַרלאָזן ציפּערן „מחוץ דער ריי" און אַראָפּ־רעכענען זייער צאָל פון די וואָס פאַרלאָזן די לאַגערן „לויט דער ריי". דאָס האָט געהייסן איבערצוצײַגן די ארץ־ישראלדיקע רעגירונג צו זײַן עלאַסטיש און לאָגיש — וואָס זי איז שוין פון לאַנג נישט געווען — און אויך איבערצײַגן די פּליטים גופא אָנצוצייכענען אַ סיסטעם פון פּריאָריטעטן. עס האָט גענומען אַ צײַט עפּעס צו פּועלן בײַ דער רעגירונג, אָבער צום סוף האָב איך עס דורכ־געפירט, אַפילו באַקומען אַ דערלויבעניש אַרויסצונעמען קינדער יתומים אַזוי שנעל ווי מעגלעך. מײַן ווײַטערדיקער שריט איז, פאַרשטייט זיך, געווען צו פאָרן קיין ציפּערן און רעדן מיט די פּליטים. „זיי וועלן דיך נישט הערן" — האָבן מיך מײַנע פרײַנד געוואָרנט — „דו גייסט זיך סתּם אײַנשטעלן און זוכן צרות. דאָס איינציקע, אויף וואָס די מענטשן וואַרטן, איז צו פאַרלאָזן ציפּערן; איצט קומסטו זיי בעטן מסכּים צו זײַן אַז מענטשן וועלכע געפינען זיך דאָרט אפשר נישט מער ווי אַ וואָך צײַט זאָלן געשטעלט ווערן די ערשטע אין דער ריי. דאָס וועט נישט גיין". איך האָב געטראַכט אַנדערש. מען מוז לפּחות פּרווון. און דערפאַר בין איך געפאָרן.

ווען כ׳בין אָנגעקומען קיין ציפּערן, בין איך גלײַך אַוועק אין ביוראָ פון לאַגער־קאָמענדאַנט, אַן עלטערער, הויכער און דאַרער ענגלענדער, וואָס האָט אין משך פון צען יאָר געדינט אין דער אַרמיי אין אינדיע. געווען איז עס אַ העפלעכקייט־וויזיט. כ׳האָב אים קורץ געזאָגט ווער כ׳בין, וואָס איז מײַן ציל און געפרעגט צי איז ער מסכּים כ׳זאָל צו מאַרגנס באַזוכן די לאַגערן. ער האָט, אַ שטײַפער, זיך צוגעהערט און דערנאָך זיך אָנגערופן: „איך ווייס

װעגן די פאַמיליעס מיט קינדער. כ׳האָב אָבער נישט באַקומען קיין שום אינסטרוקציעס בנוגע די יתומים". „אָבער דאָס איז אַ טייל פון מײַן הסכם מיטן גענעראַל־סעקרעטאַר" — האָב איך געזאָגט. „איך װעל עס דאַרפן אויפקלערן" — האָט ער געענטפערט אין אַ נישט־פרײַנדלעכן טאָן. מיר האָבן פון דעסטוועגן ממשיך געווען דעם שמועס און נאָך אַ ווײַלע האָט ער זיך פּלוצלינג אָנגערופן: „זאָל זײַן; נעמט אויך אַריין די יתומים אין דער רשימה!" איך האָב נישט געקענט פאַרשטיין פאַר וואָס ער האָט אַזוי שנעל זיך אונטערגעגעבן, אָבער אין דער פרי האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ער האָט געהאַט באַקומען אַ טעלעגראַם פונעם הויפּט־סעקרעטאַריאַט אין ירושלים, בזו הלשון: „זײַ פאַרזיכטיק מיט דער פרוי מאירסאָן. זי איז אַ שווערער מענטש!" ער האָט מסתּמא גלײַך אויפן אָרט באַשלאָסן צו נעמען די עצה ערנסט.

די לאַגערן האָבן געמאַכט נאָך אַ שווערערן אײַנדרוק ווי כ׳האָב עס דערוואַרט. אין אַ באַשטימטן זינען ערגער פון די לאַגערן פאַר די פּליטים אין דײַטשלאַנד, מיט וועלכע עס האָט זיך פאַרנומען די אַמעריקאַנער מאַכט. דאָ האָבן זיי אויסגעזען ווי תּפיסה־לאַגערן, מיאוסע הײַזקעס און געצעלטן, מיט אַ וואַכטורעם אין יעדן עק. אַרום איז געווען בלויז זאַמד, אָן גראָז, אָן שום געוויקס. נישט געקוקט אויף דער היץ, איז נישט געווען גענוג וואַסער צום טרינקען און נאָך ווייניקער צום באָדן זיך. כאָטש די לאַגערן זענען געשטאַנען גלײַך בײַם ברעג, האָט מען קיינעם פון די פּליטים נישט דערלויבט צו שווימען אין ים און זיי האָבן ס׳רוב צײַט פאַרבראַכט זיצנדיק אין די שמוציקע, שטיקנדיקע געצעלטן, וואָס האָבן זיי געשיצט פאַר דער ברענענדיקער זון. ווען כ׳בין אַרומגעגאַנגען דורך די לאַגערן, האָבן די פּליטים זיך געשטופּט צו די פּלויטן מיט שטעכלדראָטן, וואָס האָבן זיי אַרומגערינגלט, כּדי מיך צו באַגריסן. אין איין לאַגער האָבן צוויי קליינע קינדער מיך אויפגענומען מיט אַ בוקעט פּאַפּירענע בלומען. זינט דעמאָלט האָט מען מיך באַשאָנקען מיט אַ סך בלומען, אָבער איך בין קיין מאָל נישט געווען אַזוי גערירט ווי פון אָט די בלומען, וואָס איך האָב באַקומען אין ציפּערן פון קינדער, וועלכע האָבן מסתּמא פאַרגעסן — אויב זיי האָבן עס אַ מאָל געוווּסט — ווי עס זעען אויס אמתע בלומען; געהאָלפן מאַכן אָט די פּאַטעטישע בוקעטן האָבן די פּרעבליסטיגס, וועלכע מיר האָבן געהאַט געשיקט אין די לאַגערן. אַגב, צווישן די געשיקטע פון ארץ־ישראל קיין ציפּערן, איז געווען אַ סימפּאַטיש מיידל, איאַ, אַ ראַדיאָ־אָפּעראַטאָרין פון אַ פאַרנומענער מעפּילים־שיף; זי איז הײַנט אַ קינדער־פּסיכיאַטער אין תּל־אָביב און — מײַן שנור.

דער ערשטער פּונקט אויף דער טאָג־אָרדענונג איז געווען אַ באַגעגעניש, בעת וועלכער כ׳האָב פאַר אַ קאָמיטעט וואָס האָט רעפּרעזענטירט אַלע לאַגערניקעס אויפגעקלערט מײַן שליחות. דערנאָך איז פאַרגעקומען אַ באַגעגעניש

אונטערן פרייַען הימל מיטן רוב ייִדן. איך האָב זיי געזאָגט אַז זיי וועלן נישט דאַרפן לאַנג פאַרבלייַבן אין ציפּערן, אַז אַלע וועלן באַפרייַט ווערן, אָבער ביז די צייט וועט קומען, דאַרף איך זייער צוזאַמענאַרבעט, כּדי צו ראַטעווען די קינדער. די אַנהענגערס פון אצ״ל אין די לאַגערן האָבן זיך שאַרף אַנטקעגנגעשטעלט דעם הסכּם, וואָס איך האָב דערגרייכט מיט די ענגלענדער. אַלץ אָדער גאָרנישט — האָבן זיי געשריגן און אַפילו געפּרוווט ממש אַנצופאַלן אויף מיר. ענדלעך האָבן זיי זיך באַרויִקט און מיר האָבן אָנגעהויבן די נייטיקע צוגרייטונגען.

נאָך אַ פּראָבלעם האָט מיך באַאומרויִקט. מיר האָבן געבעטן, אַז קליינטשיקע יתומים זאָל דערלויבט ווערן אַרייַנצוקומען אין לאַנד „מחוץ דער ריי״, אָבער וואָס וועט זייַן מיט די קינדער, וועלכע האָבן פאַרלוירן נאָר איינעם פון די עלטערן? ווען איך בין צוריקגעקומען קיין ירושלים, בין איך אַוועק צום הויך־קאָמיסאַר, סער עלען קענינגעם, אים געדאַנקט פאַר זייַן הילף, און אים געזאָגט: „ס׳איז אָבער פאַראַן אין אונדזער הסכּם אַ זייער טראַגישער אַספּעקט. ס׳איז אַ גרויס אומרעכט, אַז אַ קינד וועמענס טאַטע אָדער מאַמע איז דערהרגעט געוואָרן אין אייראָפּע, זאָל דאַרפן פאַרבלייַבן אין ציפּערן, בעת זייַן חבר, וועלכער איז געווען אַזוי „מזלדיק״ און האָט פאַרלוירן ביידע עלטערן זאָל יאָ קענען פאַרלאָזן דעם אינדזל. וואָס קען מען טאָן אין דעם ענין?״ קענינגעם, דער לעצטער הויך־קאָמיסאַר אין לאַנד, אַ זייער פרייַנדלעכער און אָרנטלעכער מענטש, האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ זייער אומעטיק, געטאָן אַ קרעכץ און מיט אַ שמייכל געזאָגט: „זאָרגט נישט, פראָי מאירסאָן, כ׳וועל זיך גלייַך פאַרנעמען דערמיט״. כ׳פלעג צו אים קומען פון צייַט צו צייַט און נישט געקוקט אויף דעם כאַאָטישן, אָנגעשטרענגטן מצב אין לאַנד, האָבן מיר שטענדיק געקענט שמועסן צווישן זיך ווי פרייַנד. נאָך זייַן פאַרלאָזן דאָס לאַנד, דעם 14טן מאַי 1948, האָב איך מער נישט דערוואַרט צו הערן פון אים, אָבער עטלעכע חדשים נאָך דעם ווי איך בין געוואָרן פּרעמיער, האָב איך באַקומען פון אים אַ בריוו, געשריבן מיט דער האַנט, אַרויסגעשיקט פון אַ דאָרף אין ענגלאַנד וווּהין ער האָט זיך איבערגעצויגן. דער תּוך פונעם בריוו איז געווען, אַז ווי גרויס עס זאָל נישט זייַן דער דרוק, טאָר ישׂראל זיך נישט צוריקציִען פון קיין שום שטח, וואָס איז פאַרנומען געוואָרן אין דער זעקס־טאָגיקער מלחמה, סייַדן מיר וועלן באַקומען גאַראַנטיעס פאַר זיכערע גרענעצן וואָס מען קען זיי פאַרטיידיקן. דער בריוו האָט מיך זייער גערירט.

אַ ווייניקער אָנגענעמער אָנדענק פון יענע טעג איז געווען די צערעמאָניע, אין וועלכער איך האָב אָנטייל גענומען אין חיפה אין 1970, ווען די קערפּערס פון הונדערט קינדער, וואָס זענען אומגעקומען אין יענע שרעקלעכע לאַגערן, זענען געבראַכט געוואָרן צו קבורה אויפן הר הכּרמל. הגם כ׳האָב געפּרוווט

אָפּשטויסן דעם געדאַנק, האָב איך זיך געמוזט פרעגן, צי די צוויי מיידעלעך, וואָס האָבן מיר מיט אַזאַ פּײַערלעכקייט דערלאַנגט די בלומען אין 1947, זענען נישטאָ צווישן זיי. פון אַ צווייטער זײַט פלעג איך זיך אָפּט אָנטרעפן אויף מענטשן, וועלכע זענען געווען אויף יענער באַגעגעניש אין ציפּערן און זי איז געבליבן אין זייער זכרון. מיט פינף יאָר צוריק, למשל, האָב איך באַזוכט אַ קיבוץ אין נגב. אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרן איז שעמעוודיק צוגעקומען צו מיר. „זײַט מיר מוחל" — האָט זי געזאָגט — „אָבער דאָס איז מײַן ערשטע געלעגנהייט אין אַלע די יאָרן, אײַך צו דאַנקען". „צו דאַנקען, פאַר וואָס ?" — האָב איך זי געפרעגט. „כ'בין געווען אין ציפּערן מיט אַ קליין קינד, אין 1947 — און איר האָט אונדז געראַטעוועט. איצט וויל איך איר זאָלט זיך באַקענען מיטן קינד". דאָס „קינד" איז געווען אַ פעסט שיין מיידל, פון בערך צוואַנציק יאָר, ערשט געענדיקט איר מיליטער־דינסט. ווען איך האָב איר געגעבן אַ קוש, אַן איר צו זאָגן אַ וואָרט, האָט זי אַוודאי געטראַכט, אַז איך בין נישט בײַם קלאָרן זינען.

אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל, אין 1946, איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז משה שרת זאָל אָנפירן פון וואַשינגטאָן מיט דער פּאָליטישער אָפּטיילונג פון דער ייִדישער אַגענץ און איך זאָל שטיין אין איר שפּיץ אין ירושלים. אין 1947 איז אָבער דאָס לעבן אין ירושלים געווען ווי אין אַ שטאָט, וואָס איז פאַרנומען דורך אַ פרעמדער און פײַנדלעכער מאַכט. די ענגלענדער האָבן זיך פאַרשלאָסן אין אַן אימפּראָוויזירטער פעסטונג, אַ פּלאַץ וואָס מען האָט שטאַרק באַוואַכט (מיר האָבן אים גערופן בעווינגראַד), אין צענטער פון שטאָט. זיי פלעגן אַרויס־שיקן זייערע טאַנקען אין די גאַסן, בײַ דער קלענסטער פּראָוואָקאַציע. זיי האָבן פאַרוועדט זייערע זעלנערס יעדן קאָנטאַקט מיט די ייִדן. יעדעס מאָל ווען אצ"ל און לח"י האָבן גענומען דאָס געזעץ אין זייערע הענט — צום באַדויערן האָבן זיי עס געטאָן גאַנץ אָפּט — האָבן די ענגלענדער רעאַגירט מיט אַ רעוואַנש־אַקציע, וואָס איז געווען געצילט קעגן גאַנצן ייִשוב, ספּעציעל קעגן דער „הגנה". ס'איז זעלטן פאַרבײַ אַ וואָך אָן אַ קריזיס — געוועהר־זוכעניש, מאַסן־אַרעסטן, בלאָקאַדעס פון דער פּאָליציי, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן לאַנגע טעג און פאַראַליזירט דאָס לעבן, אויך דעפּאָרטאַציעס פון ייִדן, אָן אַ באַשולדיקונג אַפילו, שוין אָפּגע־רעדט פון אַ מישפּט. ווען די ענגלענדער האָבן אָנגעהויבן שמײַסן אצ"ל־און לח"י־מיטגלידער, וועלכע זענען אַרײַנגעפאַלן אין זייערע הענט, האָבן די ביידע אָרגאַניזאַציעס אָפּגעענטפערט מיט פאַרכאַפּן בריטישע זעלנערס און אַפילו אויפ־געהאָנגען צוויי מיליטער־לײַט — דאָס אַלץ אין דער צײַט ווען אונדזער קאַמף פאַר פרײַער עליה און באַדן־אײַנקויף איז געווען אין פולן שוווּנג.

ווען כ'קוק צוריק אויף יענעם פּעריאָד, דאַכט זיך, אַז כמעט יעדע אַנדערע קאָלאָניאַלע מאַכט, וואָס וויל אויפצווינגען איר ווילן אויף דער באַפעלקערונג

פון „איינגעבוירענע" (אַלס אַזעלכע האָבן אונדז די ענגלענדער געהאַלטן), וואָלט מסתּמא זיך אויפגעפירט אויף אַ האַרבערן אופן. די ענגלענדער זענען אָבער געווען געוווינט האַרב. נישט נאָר דורך זייערע אָפטע ביז גאָר אכזריותדיקע שטראָף־מיטלען, וואָס האָבן די לאַגע געמאַכט אַזוי אומדערטרעגלעך, נייערט אויך ווייל מיר האָבן געוווּסט, אַז ווען זיי האָבן נאָר געקענט, האָבן זיי געהאָלפן די אַראַבער און זיי אָנגערייצט קעגן אונדז. פון אַ צווייטער זייט איז אַ שטענדיקע בלוטבאָד אין ארץ־ישראל נישט געווען ענגלאַנד זייער צום האַרצן — ספּעציעל אין דער נאָך מלחמה־שטימונג — אַזוי אַז אין פעברואַר 1947 האָט מיסטער בעווין גופא באַשלאָסן אַז זיין רעגירונג איז שוין מיד פון דעם גאַנצן ענין. ער האָט עס אָפן אַרויסגעזאָגט אין פּאַרלאַמענט: זאָלן שוין די פאַראייניקטע נאַציעס זיך פאַרנעמען דערמיט. די ענגלענדער איז שוין דער גאַנצער ענין געקראָכן פון האַלדז. כ'קען זיך נישט פאָרשטעלן, אַז די פאַראייניקטע נאַציעס זענען געווען איבערגליקלעך, ווען עס איז אויף זיי אַנגעוואָרפן געוואָרן אָט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט, אָבער זיי האָבן זיך נישט געקענט אָפּזאָגן דערפון.

די ספּעציעלע קאָמיסיע פון די פאַראייניקטע נאַציעס איז אָנגעקומען אין לאַנד אין חודש יוני. לויט איר נאָמינאַצע־שריפט האָט די קאָמיסיע געדאַרפט אָפּגעבן איר באַריכט דער אַלגעמיינער אונ"אָ־פאַרזאַמלונג ביזן ערשטן סעפּטעמבער 1947 און ביילייגן אַ קאָנקרעטן פאָרשלאָג פאַר אַ לייזונג. ווי געוויינלעך, האָבן די פּאַלעסטינער אַראַבער זיך אָפּגעזאָגט פון יעדער מיטאַרבעט. די אַנדערע, כאָטש אויך שוין מיד, האָבן יאָ מיטגעאַרבעט: דהיינו, די פירערס פון יישוב, די ארץ־ישראל־רעגירונג און שפּעטער אַפילו די מנהיגים פון אייניקע אַראַבישע לענדער. איך האָב אַ סך צייט פאַרבראַכט מיט די עלף מיטגלידער פון דער קאָמיסיע און בין געווען זייער אויפגערודערט הערנדיק ווי ווייניק זיי האָבן געקענט די געשיכטע פון ארץ־ישראל און בעצם די געשיכטע פון ציוניזם. אָבער ווייל עס איז בייטיק געווען זיי זאָלן דאָס לערנען אַזוי שנעל ווי מעגלעך, האָבן מיר אָנגעהויבן זיי אויפצוקלערן, ווי מיר האָבן עס שוין פריִער אַזוי אָפט געטאָן. צום סוף האָבן זיי פאַרשטאַנען אין וואָס עס גייט און פאַר וואָס מיר ווילן זיך נישט אָפּזאָגן פון אונדזערע רעכט אַריינצוברענגען אין לאַנד די אָפּגעראַטעוועטע פון אומקום.

דעמאָלט, צוליב מאָטיוון וואָס איך וועל שוין קיין מאָל נישט פאַרשטיין און בין חושד אַז קיינער וועט זיי נישט פאַרשטיין, האָבן די ענגלענדער, פּונקט פאַרן אָפּפאָרן פון דער קאָמיסיע (יונסקאָפּ) געוואָלט קלאָר באַווייזן ווי ברוטאַל און טיראַניש זיי באַציען זיך צו אונדז און צו דער פראַגע פון דער יידישער אימיגראַציע. דערשטווינטע האָבן די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע זיך צוגעקוקט ווי די ענגלענדער האָבן מיט געוואַלד צוריקגעשיקט קיין דייטשלאַנד די 4500 פּליטים, וואָס זענען אָנגעקומען אין לאַנד אויף דער מעפּילים־שיף „עקזאָדוס

1947". כ׳מיין, אַז דערמיט האָבן זיי געגעבן אַ באַדײַטנדיקן צושטײַער צו די ענדגילטיקע רעקאָמענדאַציעס פון דער אונ"אַ־קאָמיסיע. ווען כ׳זאָל לעבן 100 יאָר, וועל איך קיין מאָל נישט פאַרגעסן דאָס שרעקלעכע בילד ווי הונדערטער בריטישע זעלנערס אין פולער באַוואָפענונג, באַנוצן זיך מיט שטעקנס, רעוואָלווערן און האַנטגראַנאַטן קעגן די אויסגעמאַטערטע פליטים, צווישן זיי 400 שוואַנגערנדיקע פרויען, דעצידירטע צו געבוירן זייערע קינדער אין ארץ־ישראל. איך וועל אויך קיין מאָל נישט פאַרגעסן דעם עקל וואָס כ׳האָב דערפילט ווען כ׳האָב דערהערט אַז מען שיקט זיי אָפּ פאַרשפּאַרטע ווי בהמות אין שטייגן, צוריק אין די לאַגערן דווקא אין דעם לאַנד, וואָס האָט סימבאָליזירט דעם בית־עלמין פון אייראָפּעיִשן ייִדנטום.

רעדנדיק אויף אַ זיצונג אין ועד־לאומי, עטלעכע טעג פאַרן אָפּשיקן די עקזאָדוס־פּאַסאַזשירן קיין האַמבורג, האָב איך זיך באַמיט אויסצודריקן דעם עקל און דעם פּײַן פונעם ייִשוב, ווי אויך די גרויסע האָפענונג, אַז ערגעץ־ווו וועט עמעץ דאָך זיך אַרײַנמישן, כּדי אָפּצוראַטעווען די פליטים פון אָט די נײַע יסורים:

„די ענגלענדער האָפן, אַז מיטן דעפּאָרטירן „עקזאָדוס 1947" וועט זיי געראָטן אָפּצושרעקן די ייִדן פון די לאַגערן און אונדז צו טעראָריזירן. פון אונדזער זײַט איז פאַראַן נאָר איין ענטפער: דער שטראָם פון אָט די שיפן וועט נישט איבערגעריסן ווערן. איך ווייס גאַנץ גוט אַז די ייִדן וואָס ווילן עולה זײַן און די וואָס העלפן זיי, שטייען איצט פאַר מוראדיקע שוועריקייטן, וואָרעם די גאַנצע מאַכט פון דער בריטישער אימפּעריע איז קאָנצענטרירט אויף איין ציל: אָטאַקירן אָט די צעבראָכענע שיפן, אָנגעלאָדענע מיט מענטשלעכע לײַדן. איך גלייב אָבער, אַז עס קען זײַן נאָר איין ממשותדיקער ענטפער: אומאויפהערלעכער שטראָם פון די „אומלעגאַלע" שיפן. איך האָב קיין ספק נישט וואָס שייך דער שטעלונג פון די ייִדן אין די לאַגערן. זיי זענען גרייט אויף יעדער סכּנה אַבי זיך אַרויסצוקריגן פון די לאַגערן. אין אַ סך אייראָפּעיִשע לענדער האָט די שארית־הפליטה נישט געקענט פאַרבלײַבן אויף די ערטער.

אויב מיר אין ארץ־ישראל, צוזאַמען מיטן אַמעריקאַנער, דרום־אַפריקאַנער און בריטישן ייִדנטום וועלן זיך נישט אָפּשרעקן, וועלן די שיפן נישט אויפהערן צו קומען. גרויס וועט זײַן דער אָנשטרענג, גרעסער ווי ביז איצט, אָבער קומען וועלן זיי. איך פאַרגעס נישט קיין רגע וואָס די טויזנטער שיפן וועלן דאַרפן אויסשטיין אין די קומענדיקע טעג. איך ווייס, אַז יעדער פון אונדז וואָלט געוועזן גליקלעך צו קענען זײַן מיט זיי. יעדער פון אונדז איז אומרויִק וואָס עס קען געשען, ווען די ייִדן אויף דער „עקזאָדוס"־שיף וועלן געבראַכט ווערן קיין דײַטשלאַנד... ווען

די בריטישע כּוחות וועלן זײַן לגמרי פרײַ אַנצולערנען אָט די „פּאַר־ברעכערס". אָן ספק וועלן זיי זיך נישט אײַנברעכן, וועלן זיך האַלטן שטאַרק ווי ביז איצט; די פראַגע איז נאָר, צי עס איז שוין טאָקע נישטאָ קיין האָפענונג, אַז די ענגלענדער זאָלן אין לעצטן מאָמענט זיך נישט באַרעכענען.

היות ווי מיר קענען זיך נישט מיאש זײַן, ווילן מיר אַצינד, פון אָט דעם אָרט זיך ווענדן צו דער וועלט, צו די פעלקער, צו די אַלע וועלכע האָבן אַזויפיל געליטן אין דער צײַט פון דער מלחמה, צו די, אויף וועמענס פראָנטן ייִדן האָבן געקעמפט און זיי געהאָלפן אין זייער באַפרײַונג. צו די אַלע קומען מיר מיט אונדזער רוף פון דער לעצטער מינוט, צי איז עס מעגלעך, אַז קיינער וועט נישט אויפהייבן זײַן שטים און מען וועט נישט זאָגן דער בריטישער רעגירונג: נעמט אַוועק די בײַטש און די ביקס פון איבער די קעפּ פון די ייִדן אויפן „עקזאָדוס"! און צו ענגלענדער מוזן מיר זאָגן: איר האָט אַ גרויסן טעות אויב איר מיינט, אַז מיר זענען שוואַך. זאָל וויסן גרויס־בריטאַניע, מיט איר שטאַרקן פלאָט, מיט אירע עראָפּלאַנען און האַרמאַטן, אַז דאָס דאָזיקע פאָלק איז נישט אַזוי שוואַך און אַז זײַנע כּוחות וועלן אים נאָך בײַשטיין..."

אָבער דער גורל פון „עקזאָדוס" איז שוין געווען געחתמעט און די שיף האָט זיך אומגעקערט קיין דײַטשלאַנד.

לאַנג האָט זיך געצויגן דער זומער 1947. נישט געקוקט דערויף וואָס דער שאָסיי תּל־אביב—ירושלים איז געווען כּסדר באַדראָט דורך די באַוואָפנטע אַראַבישע באַנדעס, האָב איך נישט געהאַט קיין ברירה און בין געפאָרן אַהין און צוריק פאַרלאָזנדיק זיך אויף די יונגע „הגנה"־באַגלייטערס. עס איז אָבער נישט געגאַנגען אין דעם, צי מען וועט מיך הרגענען אָדער פאַרווונדיקן בעת מײַנע נסיעות קיין תּל־אביב און צוריק, נאָר צי וועט די אַראַבער געראָטן צו דערגרייכן דאָס וואָס זיי ווילן ד. ה. פולשטענדיק אָפּצושנײַדן דעם וועג און אויסצוהונגערן די ייִדן פון ירושלים. איך האָב אוודאי נישט געהאָט בדעה זיי צו העלפן דערגרייכן אָט דעם ציל, דורך אָפּהאַלטן זיך פון נוצן דעם איינציקן וועג, וואָס האָט פאַרבונדן ירושלים מיט די ייִדישע צענטערס אין לאַנד. איין מאָל אָדער צוויי האָט אַ קויל דורכגעפּײַפט און צעשפּאָלטן דאָס פענצטער פון אויטאָ פון דער ייִדישער אַגענץ, מיט וועלכן איך פלעג פאָרן. איין מאָל האָבן מיר געהאָט אַ טעות און זענען אַרײַנגעפאָרן אין אַן אַראַביש דאָרף, וואָס איז געווען באַקאַנט מיט זײַנע מעסער־שטעכערס, אָבער מיר האָבן באַוויזן אַרויס־צוקריגן זיך פון דאָרט אומבאַשעדיקט.

עס פלעגן אויך זײַן „אַוואַנטורעס" פון אַן אַנדער מין. איין מאָל, למשל, האָבן בריטישע זעלנערס געזוכט געווער אין מײַן אויטאָ תּיכּף נאָך דעם ווי דער

הױפּט־סעקרעטאַר אַלײן האָט מיר צוגעזאָגט, אַז די דאָזיקע זוכענישן װעלן אױפֿהערן, אין אַנבליק פֿון דער װאַקסנדיקער סכּנה פֿאַרן ייִדישן פּאַרקער אױף די װעגן. מײַנע פּראָטעסטן האָבן גאָרנישט געהאָלפֿן. בײַ אײנער פֿון די „הגנה“־באַגלײטערינס האָט מען געפֿונען אַ רעװאָלװער און מ׳האָט זי גלײַך אַרעסטירט.
„װוּהין שלעפּט איר זי?“ — האָב איך געפֿרעגט דעם אָפֿיציר פֿון אָט דער גרױסער אַקציע. „קײן מאַזשדאַל“ — האָט ער געענטפֿערט. מאַזשדאַל, אַן אַראַביש שטעטל, איז זיכער נישט געװען פֿאַר אַ יונג מײדל אַן אָרט צו פֿאַרברענגען דאָרט די נאַכט. האָב איך געזאָגט דעם קאַפּיטאַן, אַז אױב ער װעט זי נעמען אַהין, װעל איך מיטפֿאָרן װאָס עס זאָל נישט זײַן. דערװײל איז אים קלאָר געװאָרן װער איך בין און ער האָט, װי־עס װײַזט אױס, נישט געהאַט קײן שום אינטערעס צו דערקלערן זײַנע שעפֿן, פֿאַר װאָס ער האָט אַ מיטגליד פֿון דער אָנפֿירונג פֿון דער ייִדישער אַגענץ געפֿירט שלאָפֿן אין מאַזשדאַל. האָט ער דעריבער מװתּר געװען און מיר אַלע זענען אָפּגעפֿאָרן צו אַ פּאָליצײ־סטאַנציע אין אַ נאָענטער ייִדישער שטאָט. ס׳איז שױן געװען נאָך האַלבער נאַכט, און איך האָב נאָך געדאַרפֿט אָנקומען קײן תּל־אָבֿיבֿ. בריטישע פּאָליצײ האָט מיך מלכותדיק באַגלײט און דאָס „הגנה“־מײדל איז גלײַך באַפֿרײט געװאָרן. אָבער אַ סך אַנדערע זענען נישט געװען אַזױ מזלדיק. די צאָל דערהרגעטע אױף די שאָסײען איז געװאַקסן יעדע װאָך. אין נאָװעמבער 1947 האָבן די אַראַבער אָנגעהױבן די באַלאַגערונג פֿון ירושלים און די ענגלענדער האָבן זיך רויק צוגעקוקט.

דעם 31טן אױגוסט — אַ מינוט אָדער צװײ פֿאַרן באַשטימטן טערמין — האָבן די עלף מיטגלידער פֿון יונסקאָפּ, פֿאַרזאַמלט אין זשענעװע, אַרײַנגעשיקט זײער ראַפּאָרט. אַכט פֿון זײ האָבן פֿאָרגעשלאָגן, אין אײנקלאַנג מיט דער פּיל־קאָמיסיע, אַז דאָס לאַנד זאָל צעטײלט װערן אין צװײ מדינות, אַ ייִדישע און אַן אַראַבישע, און ס׳זאָל נאָך צוקומען אַן אינטערנאַציאָנאַלע ענקלאַװע, װאָס זאָל אַרײַננעמען ירושלים און די שכנותדיקע געגנט. די מינדערהײט װאָס האָט אַרײַנגענומען פֿאַרשטײערס פֿון אינדיע, איראַן און יוגאָסלאַװיע — לױט דער מיט אַ גרױסער מוסולמענישער באַפֿעלקערונג — האָט פֿאָרגעשלאָגן אַ פֿעדעראַלע אַראַביש־ייִדישע מדינה. איצט האָט די אונ״אָ־אַסעמבלי געדאַרפֿט באַשליסן. אין צװישן האָבן אַלע פֿאַראינטערעסירטע צדדים געמאָלדן זײער שטעלונג. אין דעם פּרט האָבן, װי־עס װײַזט אױס, דער אונ״אָ נישט דערװאַרט קײן איבערראַשונגען. מיר האָבן, פֿאַרשטענדלעך, אָנגענומען דעם פּלאַן נישט מיט קײן שטאַרקער באַגײַסטערונג, אָבער מיט גרױס דערלײַכטערונג, און געפֿאָדערט תּיכּף אַ סוף צו מאַכן צום מאַנדאַט. די אַראַבער האָבן דערקלערט, אַז זײ װאַרפֿן אָפּ בײדע רעקאָמענדאַציעס און האָבן געדראָט מיט מלחמה, אױב גאַנץ ארץ־ישׂראל װעט נישט װערן אַן אַראַבישע מדינה. די ענגלענדער, װידער, האָבן דערקלערט, אַז

זיי וועלן נישט מיטאַרבעטן בײַם פאַרווירקלעכן דעם צעטיילונגס־פּלאַן, סײַדן ער וועט אויפגענומען ווערן מיט ענטוזיאַזם אי דורך די ייִדן אי דורך די אַראַבער. מיר, פון אונדזער זײַט, האָבן גוט פאַרשטאַנען וואָס דאָס מיינט. די אַמעריקאַנער און די רוסן האָבן, יעדע פון זייער זײַט, פאַרעפנטלעכט באַזונדערע דעקלאַראַציעס לטובת דער רעקאָמענדאַציע פון דעם רוב.

צו מאָרגנס האָב איך געהאַט אַ פּרעסע־קאָנפערענץ אין ירושלים. איך האָב געדאַנקט דער קאָמיסיע פאַר איר שנעלער אַרבעט און גלײַכצײַטיק אונטערגעשטראָכן, אַז „מיר קענען זיך קוים פאַרשטעלן אַ ייִדישע מדינה אָן ירושלים" און אַז „מיר האָפן נאָך, אַז דער טעות וועט פאַרריכט ווערן דורך דער אונ"אַ־אַסעמבלי". מיר זענען אויך שטאַרק אומצופרידן, האָב איך צוגעגעבן, מיטן אויסשליסן דעם מערב־גליל פון דער ייִדישער מדינה און מיר וואַרטן, אַז די אונ"אַ־אַסעמבלי זאָל אויך דעם דאָזיקן ענין באַהאַנדלען. אָבער דאָס וויכטיקסטע אויף וואָס איך וויל ציִען די אויפמערקזאַמקייט, האָב איך געזאָגט, איז, אַז מיר זענען שטאַרק פאַראינטערעסירט אײַנצושטעלן נײַע און אַנדערע באַציִאונגען מיט די אַראַבער, וואָס אַרום 500.000 פון זיי וועלן זיך — ווי כ'האָב געמיינט — געפינען אין דער ייִדישער מדינה. „אַ ייִדישע מדינה אין אַט דעם טייל פון דער וועלט" — האָב איך געזאָגט צו די פּרעסע־פאַרשטייערס — „איז נישט נאָר אַ לייזונג פאַר אונדז אַליין. זי קען און דאַרף זײַן אַ גרויסע הילף פאַר אַלע אין מיטעלן מיזרח". דאָס הארץ ווערט צעריסן ווען מען טראַכט, אַז שוין אין יאָר 1947 האָבן מיר זיך באַנוצט מיט אָט די ווערטער, אָבער לגמרי אומזיסט!

די אָפּשטימונג איז פאָרגעקומען אין לייק־סאַקסעס, אין ניו־יאָרק, דעם 29סטן נאָוועמבער. צו גלײַך מיט יעדן אייציקן אין ייִשוב, בין איך געזעסן אַ צוגעשמידטע צום ראַדיאָ, מיט אַ בלייפעדער און פּאַפּיר אין האַנט, פאַרצייכנט די שטימען, איינע נאָך דער אַנדערער. ענדלעך, אַרום האַלבער נאַכט, לויט אונדזער זייגער, האָט מען געמאָלדן די רעזולטאַטן: 33 מדינות, אַרײַנגערעכנט אַמעריקע און רוסלאַנד, זענען געווען פאַרן חלוקה־פּלאַן; 13, צווישן זיי אַלע אַראַבישע לענדער, זענען געווען קעגן. 10, צווישן זיי גרויס־בריטאַניע, האָבן זיך אָפּגעהאַלטן פון שטימען. איך בין תיכּף אַוועק אין דער ייִדישער אַגענץ. דער הויף איז געווען פול מיט מענטשן. דאָס איז געווען אַן אומגלייבלעך בילד: הונדערטער מענטשן, צווישן זיי בריטישע זעלנערס, האָבן זיך געהאַלטן פאַר די הענט, געזונגען און געטאַנצט. אַלץ מער און מער לאַסטאויטאָס אָנגעפּולטע מיט מענטשן האָבן געהאַלטן אין איין שטראָמען צו די בנינים פון דער אַגענץ. איך געדענק ווי כ'בין אַרויף איינע אַליין אין מײַן ביוראָ, נישט געקענט אָנטייל נעמען אין דער אַלגעמיינער שמחה. די אַראַבער האָבן אָפּגעוואָרפן דעם פּלאַן און האָבן נאָר גערעדט וועגן מלחמה. די מאַסע, שיכּור פון גליק, האָט געוואַרט אויף אַ רעדע. איך האָב געטראַכט, אַז עס וואָלט געווען אַ זינד צו פאַרשטערן

זייער פרייד און אַפּזאָגן זיך פון רעדן. האָב איך געדעדט עטלעכע מינוט, פון באַלקאָן פון מײַן ביוראָ, אָבער נישט צו דער מאַסע מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען אונטן. האָב איך גערעדט; איך האָב, ווידער גערעדט צו די אַראַבער.

„איר האָט געפירט מלחמה קעגן אונדז אין דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס" — האָב איך געזאָגט — „די אונ"אַ, דער רוב פעלקער אין דער וועלט, האָבן צו וויסן געגעבן זייער באַשלוס. דער חלוקה־פּלאַן איז אַ פּשרה; עס איז נישט דאָס וואָס איר האָט געוואָלט און נישט דאָס וואָס מיר האָבן געוואָלט. אָבער לאָמיר איצט לעבן צוזאַמען אין פריינדשאַפט און אין שלום". פאַרשטייט זיך, אַז די רעדע איז נישט געווען קיין לייזונג פאַר אונדזער פּראָגע. גלייך אויף צו מאָרגנס זענען אויסגעבראָכן אַראַבישע אומרוען אין גאַנצן לאַנד, (זיבן ייִדן זענען אומגעקומען אין אַן איבערפאַל אויף אַן אויטאָבוס). דעם 2טן דעצעמבער האָט אַן אַראַבישע באַנדע אונטערגעצונדן דעם ייִדישן האַנדלס־צענטער אין ירושלים. די בריטישע פּאָליציי האָט זיך צוגעקוקט און גאָרנישט געטאָן, זי האָט אינטערוועניִרט בלויז דעמאָלט ווען די „הגנה" האָט געפּרוּווט רעאַגירן.

מיר זענען, פאַרשטייט זיך, כּלל נישט געווען צוגעגרייט צו אַ מלחמה. דער פאַקט, וואָס מיר האָבן באַוויזן צוריקצוהאַלטן, מער־ווייניקער, די אַרטיקע אַראַבער, האָט נישט באַדײַט, אַז מיר וועלן זיך קענען פאַרמעסטן מיט רעגולערע אַרמייען. מיר האָבן זיך דרינגענדיק גענייטיקט אין געווער און עס איז געווען אַ פּראָגע, צי עס וועט זיך געפינען ווער עס זאָל אונדז פאַרקויפן דאָס נייטיקע געווער. איידער מיר האָבן געקענט עפּעס קויפן, האָבן מיר געדאַרפט געלט, נישט אַזעלכע סומעס ווי די וואָס האָבן אונדז פריִער געהאָלפן באַוועלדערן דאָס לאַנד אָדער אַרײַנברענגען פּליטים, נאָר מיליאָנען דאָלאַרן. די איינציקע גרופּע מענטשן אין דער וועלט, בײַ וועלכער מיר האָבן געהאַט האָפענונג צו באַקומען דאָלאַרן, זענען געווען די אַמעריקאַנער ייִדן. קיין אַנדער אָרט און קיין אַנדערע מענטשן צו וועמען מיר זאָלן זיך ווענדן, זענען פּשוט נישט געווען.

ס'האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געקענט זיין קיין רייד אַז בן־גוריון זאָל אין יענע טעג פאַרלאָזן דאָס לאַנד. זײַן ראָלע איז געווען ממש אַ צענטראַלע. איך מיין, אַז ער האָט געפילט, אַז קיין אַנדערער ווי ער וועט נישט קענען מאָביליזירן דאָס געלט אין אַזעלכע סכומים, איבער וועלכע מיר האָבן דעבאַטירט אויף אַ ריי געהיימע זיצונגען אין תּל־אביב, אין דעצעמבער 1947 און אָנהייב יאַנואַר 1948 און איך בין געווען מסכּים דערמיט. ער האָט אָבער געמוזט בלײַבן אין לאַנד. ווער־זשע זאָל פאָרן? אויף איינער פון די זיצונגען, האָב איך געוואָרפן אַ בליק אויף מײַנע חברים אַרום טיש, מידע און אויסגעמאַטערטע, און עס איז מיר צום ערשטן מאָל געקומען דער געדאַנק, אַז איך וואָלט געדאַרפט פרײַוויליק זיך מעלדן צו דער דאָזיקער שליחות. סוף־כּל־סוף האָב איך שוין דורכגעפירט

געלט־זאַמלונגען אין אַמעריקע און גערעדט פּליסיק ענגליש. אין לאַנד האָט מען זיך געקענט באַגיין עטלעכע וואָכן אָן מיר. הגם איך בין נישט געווינט געווען זיך אַליין פאַרצושלאָגן, האָב איך געפילט, אַז איך דאַרף עס פון דעסט־וועגן ברענגען פאַר בן־גוריונען. צו ערשט האָט ער נישט געוואָלט הערן וועגן דעם. ער וועט פאָרן, האָט ער געזאָגט, און וועט מיטנעמען דעם פינאַנצמאַן פון דער אַגענץ, אליעזר קאַפּלאַן.

„אָבער קיינער וועט דיך נישט קענען דאָ פאַרטרעטן" — האָב איך געטענהט — „דערקעגן אין אַמעריקע וועל איך קענען טאָן דאָס זעלבע וואָס דו".

„ניין. דו ביסט דאָ נייטיק" — האָט ער זיך איַינגעשפּאַרט.

„אויב אַזוי, לאָמיר אָפּשטימען" — האָב איך געזאָגט. ער האָט געקוקט אויף מיר אַ רגע און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. מען האָט אָפּגעשטימט איך זאָל פאָרן. „אָבער תיכּף" — האָט בן־גוריון געזאָגט — „זאָלסט אַפילו זיך נישט אומקערן קיין ירושלים". דעם זעלבן טאָג בין איך אָפּגעפלויגן קיין אַמעריקע, אָן שום באַגאַזש, אינעם זעלבן קלייד וואָס כ'האָב געטראָגן ביַי דער זיצונג, נאָר איבער־געוואָרפן אַ ווינטער־מאַנטל.

מיַין ערשטער אַרויסטריט פאַרן אַמעריקאַנער ייִדנטום, אין 1948, איז נישט געווען באַשטימט פון פאָרויס, נישט צוגעגרייט און נישט אַנאָנסירט. דערצו האָבן די מענטשן, פאַר וועלכע איך האָב גערעדט, מיך נישט געקענט. געווען איז עס אין שיקאַגאָ, דעם 21טן יאַנואַר, אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פונעם ראַט פון די ייִדישע פעדעראַציעס און סאָציאַלע פאָנדן — נישט קיין ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. ארץ־ישראל האָט בכלל נישט פיגורירט אויף דער טאָג־אָרדענונג. אָבער דאָס איז געווען אַ פאַרזאַמלונג פון פּראָפעסיאָנעלע געלט־זאַמלערס, עקשנותדיקע און דערפאַרענע מענטשן, וואָס האָבן געוועלטיקט איבער דעם ייִדישן אַפּאַראַט פאַר געלט־זאַמלונגען אין אַמעריקע. איך האָב געוווּסט, אַז אויב איך וועל זיך קענען דערשלאָגן צו זייערע הערצער, וואָלט זיך געשאַפן אַ מעגלעכקייט צו באַקומען דאָס געלט וואָס איז געווען דער שליסל פאַר אונדזער פאַרטיידיקונגס־פעיִקייט. כ'האָב נישט לאַנג גערעדט; כ'האָב אָבער געזאָגט אַלץ וואָס איז מיר געלעגן אויפן האַרצן. כ'האָב געשילדערט די לאַגע, ווי זי האָט אויסגעזען אין דעם טאָג ווען איך האָב פאַרלאָזט דאָס לאַנד:

„דער ייִדישער ישוב אין ארץ־ישראל וועט קעמפן ביזן סוף. אויב מיר וועלן האָבן געווער, וועלן מיר קעמפן מיט געווער. אויב נישט — וועלן מיר קעמפן מיט שטיינער אין די הענט.

כ'וויל, איר זאָלט מיר גלייבן ווען איך זאָג אייך אַז היינט בין איך געקומען קיין אַמעריקע אין אַ ספּעציעלער שליחות, נישט כּדי צו ראַטעווען 700.000 ייִדן. אין די לעצטע פאַר יאָר האָט דאָס ייִדישע פאָלק פאַרלוירן זעקס מיליאָן ייִדן און עס וואָלט געווען אַ העזה פון אונדזער זיַיט צו באַאומ־

רויִקן די ייִדן אין דער וועלט, צוליב דער סכּנה, אין וועלכער עס געפינען זיך נאָך עטלעכע הונדערט טויזנט ייִדן.

נישט אין דעם גייט עס. די פּראָבלעם איז, אַז אויב די זיבן הונדערט טויזנט ייִדן אין ארץ־ישראל וועלן בלײַבן לעבן, וועט אויך דאָס ייִדישע פֿאָלק ווי אַזעלכעס בלײַבן לעבן, און עס וועט אויך פֿאַרזיכערט ווערן די ייִדישע אומאָפּהענגיקייט. אויב אָבער די זיבן הונדערט טויזנט ייִדן וועלן אויס־געשאָכטן ווערן, וועט קומען אַ סוף, אויף לאַנגע דורות, צום חלום פֿון אַ ייִדיש פֿאָלק און אַ ייִדיש היימלאַנד.

מײַנע פֿרײַנד, מיר געפֿינען זיך אין אַ מלחמה. נישטאָ קיין איין ייִד אין ארץ־ישראל, וואָס זאָל נישט גלייבן אין אונדזער נצחון. אַזאַ איז דער גײַסט אין לאַנד; אָבער מיט מוט אַליין קען מען זיך נישט אַנטקעגנ־שטעלן ביקסן און מאַשין־געווער. ביקסן און מאַשין־געווער אָן גײַסט זענען קיין סך נישט ווערט, אָבער גײַסט אָן געווער קען מיט דער צײַט זיך אײַנברעכן צוזאַמען מיטן גוף.

אונדזער פּראָבלעם איז צײַט. די פֿראַגע איז: וואָס קענען מיר תּיכּף באַקו־מען? ווען איך זאָג תּיכּף, מיין איך נישט דעם קומענדיקן חודש, אָדער צוויי חדשים. דאָס מיינט, שוין, איצט...

איך בין געקומען אַהער פֿרווון אוועקשטעלן די ייִדן אין אַמעריקע פֿאַרן פֿאַקט, אַז אין משך פֿון זייער אַ קורצער צײַט, צוויי־דריי וואָכן, מוזן מיר האָבן במזומנים פֿון 25 ביז 30 מיליאָן דאָלאַר. אין משך פֿון די צוויי, דרײַ נאָענטסטע וואָכן וועלן מיר זיך קענען פֿאַרפֿעסטיקן. אין דעם זענען מיר איבערצײַגט.

די מיצרישע רעגירונג קען באַשטימען אַ בודזשעט צו העלפֿן אונדזערע שונאים. דאָס זעלבע קען אויך טאָן די סירישע רעגירונג. מיר האָבן נישט קיין רעגירונגען, אָבער מיר האָבן מיליאָנען ייִדן אין די תּפוצות, און פּונקט ווי מיר גלייבן אין אונדזער ארץ־ישראלדיקער יוגנט, אַזוי גלייב איך אין די ייִדן פֿון אַמעריקע. איך גלייב, אַז זיי וועלן פֿאַרשטיין די סכּנה אין וועלכער מיר געפֿינען זיך און וועלן טאָן זייער חוב.

איך ווייס, אַז דאָס וואָס מיר בעטן, איז נישט קיין לײַכטע זאַך. אויך איך בין אָפֿט געווען אַקטיוו אין פֿאַרשיידענע קאַמפּיינען און געלט־זאַמלונגען און איך ווייס, אַז צונויפֿזאַמלען מיט אַ מאָל אַזאַ סכום איז נישט לײַכט.

איך האָב אָבער געזען אונדזערע מענטשן אין לאַנד. איך האָב זיי געזען קומען פֿון די ביוראָען אין די אַמבולאַטאָריעס, ווען מיר האָבן זיך געוואָנדן צו דער באַפֿעלקערונג נאָך בלוט פֿאַר דער בלוטבאַנק צו ראַטעווען פֿאַר־וווּנדיקטע. איך האָב זיי געזען שטיין שעהען־לאַנג אין דער ריי און וואַרטן צו געבן נאָך אַ ביסל פֿון זייער בלוט פֿאַר דער דאָזיקער באַנק. אין ארץ־

ישראל גיט מען בלוט און געלט...
מיר זענען נישט פון אַ בעסערן אַפּשטאַם. מיר זענען נישט די בעסטע ייִדן פון ייִדישן פאָלק. עס איז פּשוט געשען אַזוי, אַז מיר זענען דאָרט און איר — דאָ. כ'בין זיכער, אַז ווען איר וואָלט געווען אין ארץ־ישראל און מיר אין אַמעריקע, וואָלט איר דאָרט געטאָן דאָס זעלבע וואָס מיר און איר וואָלט אונדז געבעטן צו טאָן דאָס, וואָס מיר דערוואַרטן פון אײַך.
כ'וויל ענדיקן, פּאַראַפראַזירנדיק איינע פון די גרעסטע רעדעס וואָס זענען געהאַלטן געוואָרן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה — טשערטשילס ווער־טער. כ'טרײַב נישט איבער ווען איך זאָג, אַז דער ייִשוב אין ארץ־ישראל וועט קעמפן אין נגב און אין גליל און בײַ די טויערן פון ירושלים, ממש ביזן סוף.
איר קענט נישט דעצידירן צי מיר זאָלן יאָ קעמפן אָדער נישט. דאָס באַשליסן מיר. דער ייִשוב וועט נישט אויפהייבן קיין ווײַסע פאָן פאַרן מופטי. דער באַשלוס איז שוין אָנגענומען געוואָרן און קיינער איז נישט בכּוח אים צו בײַטן. איר קענט דעצידירן נאָר איין זאַך: צי מיר, צי דער מופטי זאָל מנצח זײַן. דאָס קענען די אַמעריקאַנער ייִדן דאָ באַשליסן, אָבער דאָס דאַרף געטאָן ווערן גיך, אין פאַרלויף פון שעהען, פון טעג.
און איך בעט אײַך, זאָל עס נישט זײַן צו שפּעט, זאָל אײַך אין דרײַ חדשים אַרום נישט ביטער פאַרדריסן וואָס איר האָט פאַרפעלט צו טאָן הײַנט. די צײַט דאָס צו טאָן איז איצט".
זיי האָבן זיך צוגעהערט און געוויינט און זיך פאַרפליכטעט מיט סומעס געלט, וואָס קיין שום קהילה האָט קיין מאָל ביז דעמאָלט נישט געגעבן. איך בין געבליבן אין אַמעריקע אַזוי לאַנג ווי כ'האָב געקענט אויסהאַלטן ווײַט פון דער היים — בערך זעקס וואָכן. די ייִדן אין גאַנץ אַמעריקע האָבן זיך צוגעהערט, געוויינט און געגעבן געלט — און ווען זיי האָבן זיך געניייטיקט, האָבן זיי גענו־מען הלוואות אין די בענק, כּדי צו דעקן די התחייבותן. ביז מײַן צוריקפאָרן אין לאַנד אַריין, אין מערץ, האָב איך געהאַט געזאַמלט פופציק מיליאָן דאָלאַר, וואָס מען האָט גלײַך אויסגעגעבן אויף געווער פאַר דער הגנה. דאָס געווער האָט מען אײַנגעקויפט אין אייראָפּע. איך האָב זיך קיין מאָל נישט געוואָלט נאַרן, נישט אַפילו ווען בן־גוריון האָט מיר, בײַ מײַן צוריקקומען אין לאַנד, געזאָגט: „ווען די געשיכטע וועט געשריבן ווערן, וועט דאָרט זײַן פאַרצייכנט, אַז אַ ייִדישע פרוי האָט מאָביליזירט דאָס געלט, וואָס האָט דערמעגלעכט אויפצושטעלן די מדינה"; איך האָב תּמיד געוווּסט, אַז נישט מיר האָט מען געגעבן דאָס געלט, נאָר דער מדינה.
דאָס איז אָבער געווען נאָר איינע פון מײַנע נסיעות אין יענעם יאָר. אין משך פון די זעקס חדשים פאַרן אויפקום פון דער מדינה האָב איך זיך צוויי

מאָל באַגעגנט מיטן קעניג אַבדאַללאַ פון עבר־הירדן, דעם זיידן פון הײַנטיקן קעניג כוסיין. כאָטש בײדע שמועסן זענען פאַרבליבן שטרענג געהיים אַ לאַנגע צײַט נאָך דעם ווי אַבדאַללאַ איז דערהרגעט געוואָרן דורך זײַנע אַראַבישע שונאים (מסתמא דעם מופטיס לײַט) אין 1951 — ווייסט קיינער נישט ביזן הײַנטיקן טאָג ווי ווײַט די קלאַנגען וועגן אָט די שמועסן האָבן גורם געווען זײַן טויט. מאָרד איז אַ כראָנישע קרענק אין דער אַראַבישער וועלט. איינע פון די ערשטע לעקציעס, וואָס דער רוב אַראַבישע הערשערס לערנען, איז די ענגע שייכות צווישן אויפהאַלטן אַ סוד און אַריכות־ימים. אַבדאַללאַס טויט האָט געמאַכט אַ דויערנדיקן אײַנדרוק אויף אַלע שפּעטערדיקע אַראַבישע פּירערס און איך געדענק, אַז נאָכצער האָט אַ מאָל געזאָגט צו אַ פּאַרמיטלער, וועלכן מיר האָבן געשיקט קיין קאַירא: „אויב בן־גוריון וועט קומען קיין מצרים רעדן מיט מיר, וועט ער צוריקפאָרן אַהיים ווי אַ העלד, אָבער אויב איך וועל פאָרן צו אים — וועט מען מיך בײַם צוריקקומען דערהרגענען!" איך האָב מורא, אַז אַזאַ איז אויך איצט די לאַגע.

דאָס ערשטע מאָל האָב איך זיך באַגעגנט מיט אַבדאַללאַ אָנהויב נאָוועמבער 1947. ער איז מסכים געווען זיך צו טרעפן מיט מיר ווי מיט דער אָנפירערין פון דעם פּאָליטישן דעפּאַרטאַמענט פון דער יידישער אַגענץ; מיר האָבן זיך באַגעגנט אין אַ הויז אין נהריים, אויפן ירדן, וווּ עס האָט זיך געפונען די הידראָ־עלעקטרישע סטאַנציע פון דער ארץ־ישראלדיקער עלעקטריע־געזעלשאַפט. איך בין געקומען קיין נהריים מיט איינעם פון אונדזערע אַראַבישע עקספּערטן, אליהו ששון. לויט דער אָנגענומענער צערעמאָניע, האָבן מיר געטרונקען טעפּע־לעך קאַווע און דערנאָך אָנגעהויבן דעם שמועס. אַבדאַללאַ איז געווען קליינ־וווקסיק, זייער באַהערשט, מיט אַ סך שאַרם. ער האָט גלײַך קלאָר געמאַכט דעם ענין: ער וועט זיך נישט אָנשליסן אין קיין אַראַבישן אָנגריף קעגן אונדז, ער וועט שטענדיק זײַן אונדזער פרײַנד, האָט ער געזאָגט, און פּונקט ווי מיר, וויל ער אויך שלום מער ווי אַלץ. מיר האָבן דאָך קעגן זיך דעם זעלבן שונא, דעם ירושלימער מופטי, אמין אל כוסייני. ער האָט פאָרגעשלאָגן מיר זאָלן זיך ווידער טרעפן נאָך דער אָפּשטימונג אין דער אונ"אָ.

אַ צווייטער פון אונדזערע אַראַבישע עקספּערטן, עזרא דנין, וואָס האָט זיך שוין פריִער אָפּט באַגעגנט מיט אַבדאַללאַ, האָט מיר דערציילט וועגן דעם קעניגס געדאַנקען אין שייכות מיט דער ראָלע פון די יידן. דאָס האָט די העכערע השגחה צעשפּרייט די יידן איבער דער מערב־וועלט, כדי זיי זאָלן אײַנזאַפּן אין זיך די אייראָפּעיִשע קולטור און זי ברענגען מיט זיך אין מיטעלן מיזרח, כדי אויפצולעבן די געגנט. אויף וויפל מען קען זיך אויף אים פאַרלאָזן, האָט דנין געהאַט זײַנע ספקות. אַבאַדאַללאַ, האָט ער געזאָגט, איז אַוודאי אויפריכטיק מיט זײַנע פרײַנדשאַפטס־דערקלערונגען, כאָטש ס'איז גאָר קיין מוז נישט אַז זיי

זאָלן אים בכלל פאַרפּליכטן.

אין די חדשים יאַנואַר און פעברואַר האָבן מיר אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט אַבדאַללאַ, בדרך־כּלל דורך דער פאַרמיטלונג פון אַ בשותּפותדיקן פריַינד, מיט וועלכן כ'האָב געקענט שיקן דירעקטע ווענדונגען צום קעניג. מיט דער ציַיט זענען מיַינע ווענדונגען געוואָרן אַלץ אומרויִקער. די אַטמאָספער איז געוואָרן פול מיט חשדים און לויט אייניקע ידיעות האָט אַבדאַללאַ, נישט געקוקט אויף זיַין צוזאָג, געהאַלטן ביַים אָנשליסן זיך אין דער אַראַבישער ליגע. „איז עס טאַקע אמת?" — האָב איך געפרעגט. דער ענטפער, וואָס איז גליַיך געקומען פון רבת־עמון, איז געווען אַ נעגאַטיווער. דער קעניג אַבדאַללאַ האָט זיך געוווּנדערט איבער מיַין פראַגע און געווען באַליידיקט. ער האָט מיך געבעטן צו געדענקען דריַי זאַכן: אַז ער איז אַ בעדויִנער און אַזוי אָרום אַן ערנהאַפטיקער מענטש; אַז ער איז אַ קעניג און אַזוי אָרום טאָפּל־ערנהאַפטיק; צו לעצט, אַז ער וועט קיין מאָל נישט ברעכן זיַין וואָרט לגבי אַ פרוי. דערפאַר קען מיַין אומרו בכלל נישט זיַין באַרעכטיקט.

מיר האָבן אָבער געהאַט אַנדערע אינפאָרמאַציעס. אין דער ערשטער וואָך פון חודש מאַי איז שוין נישט געווען קיין ספק, אַז נישט געקוקט אויף זיַינע פאַרזיכערונגען, האָט אַבדאַללאַ זיַין גורל פאַרבונדן מיט דער אַראַבישער ליגע. מיר האָבן באַטראַכט די מאָטיוון פאַר און קעגן נאָך אַ באַגעגעניש מיט אים, איידער עס ווערט צו שפּעט. אפשר וועט מען אים קענען איבערצייַגן צו בייַטן זיַין מיינונג אין דער לעצטער מינוט. אויב נישט, וועלן מיר זיך לפּחות דערוויסן אויף ווי וויַיט ער איז פאַרפּליכטעט, ער און זיַין אַראַבישער לעגיאָן, וואָס זייַנע אָפיצירן זענען ענגלענדער, צו פירן מלחמה קעגן אונדז. דער לעגיאָן איז נישט נאָר געווען די בעסטע אַראַבישע אַרמיי אין דער געגנט; דער ענין האָט געהאַט נאָך אַ וויכטיקן אַספּעקט: אויב עס וועט געשען אַ נס און עבר־הירדן וועט נישט אַריַינגיין אין קריג, וועט פאַר דער איראַקער אַרמיי אַ סך שווערער זיין אַריַינצוקומען קיין ארץ־ישראל און אָנטייל צו נעמען אינעם אָנגריף קעגן אונדז. בן־גוריון האָט געהאַלטן, אַז מיר וועלן גאָרנישט פאַרלירן אויב מיר וועלן נאָך אַ מאָל פּרוּוון. איך האָב געבעטן אַ צווייטן צוזאַמענטרעף און געבעטן עזרא דנינען ער זאָל מיך באַגלייטן.

דאָס מאָל, אָבער, האָט אַבדאַללאַ זיך אָפּגעזאָגט צו קומען קיין נהריים; דאָס וואָלט פאַר אים געווען צו געפערלעך, האָט ער געזאָגט דורך דעם שליח. אויב איך וויל אים זען, מוז איך קומען קיין רבת־עמון אויף מיַין אייגענער ריזיקע. מען קען נישט דערוואַרטן פון אים, האָט ער געטענהט, ער זאָל וואָרענען דעם אַראַבישן לעגיאָן, אַז ער דערוואַרט יידישע געסט פון ארץ־ישראל. און ער קען בשום־אופן נישט זיַין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם וואָס עס קען מיט אונדז געשען אויפן וועג. דאָס ערשטע פּראָבלעם איז געווען אָנצוקומען קיין תל־אביב,

וואָס איז דעמאָלט געווען פּונקט אַזוי שווער, ווי אַרײַנצוקריגן זיך קיין רבת־עמון. פון די פרי׳ע מאָרגן־שעהען ביז זיבן אין אָוונט האָב איך געוואַרט אין ירושלים אויף אַן עראָפּלאַן, וואָס האָט געדאַרפט קומען פון תּל־אביב. ווען ער איז ענדלעך אָנגעקומען, זענען די ווינטן געווען אַזוי שטאַרק, אַז עס איז געווען אַ ספק, צי דער עראָפּלאַן וועט זיך קענען אויפהייבן. בײַ נאָרמאַלע באַדינגונגען, וואָלט איך זיך באַמיט אָפּצולייגן די נסיעה אויף אַ צווייטן טאָג, אָבער עס זענען מער קיין טעג נישט פאַרבליבן. ס׳איז שוין געווען דער 10טער מאַי. און די מדינה דאַרף פּראָקלאַמירט ווערן דעם 14טן. דאָס איז געווען אונדזער לעצטע געלעגנהייט צו רעדן מיט אַבדאַללאַ. איך בין צוגעשטאַנען, מיר זאָלן ווידער פּרוּוון אָנקומען קיין תּל־אביב, אַפילו מיט אָט דעם „פּייפּער״ וואָס וועט אפשר נישט אויסהאַלטן אַ שטאַרקער ווינטל און אַוודאי נישט קיין שטורעם. נאָך אונדזער אָפּפלי׳ען, איז אָנגעקומען אַ ידיעה אויפן ירושלימער פליפלאַץ, אַז דאָס וועטער איז שלעכט און מיר מוזן מוותּר זײַן אויף דער נסיעה. מיר זענען אָבער דעמאָלט שוין געווען אין וועג.

צו מאָרגנס אין דער פרי בין איך אָפּגעפאָרן מיט אַן אויטאָ קיין חיפה, ווו איך האָב זיך געדאַרפט טרעפן מיט עזראַן. ס׳איז שוין געווען באַשלאָסן, אַז ער וועט זיך נישט פאַרשטעלן, נאָר באַנוגענען זיך מיט אַ „קאָלפּאַק״ אויפן קאָפּ. ער האָט גערעדט פליסיק אַראַביש, געווען אויסגעבונדן אין די אַראַבישע מינהגים און האָט געקענט אָנגיין ווי אַן אַראַבער. איך אָבער וועל פאָרן ווי אַ אַראַבישע פרוי, אין די טראַדיציאָנעלע טונקעלע און ברייטע קליידער. איך האָב בכלל נישט גערעדט קיין אַראַביש, אָבער ווי אַ מוסולמענישע פרוי, וואָס באַגלייט איר מאַן, וועט מען מיר אַוודאי נישט הייסן רעדן. מ׳האָט שוין געהאַט באַשטעלט פאַר מיר דאָס קלייד און די שלייערס און עזרא האָט מיר אויפגעקלערט דעם וועג. מיר וועלן אייניקע מאָל בײַטן דעם אויטאָ, האָט ער געזאָגט, כּדי צו זײַן זיכער, אַז קיינער פאַרט אונדז נישט נאָך. אויף אַ באַשטימטן פּונקט, אין דער זעלבער נאַכט, וועט עמעץ זיך באַווײַזן נישט ווײַט פון קעניגס פּאַלאַץ און וועט אונדז פירן צו אַבדאַללאַ. דאָס וויכטיקסטע איז געווען נישט אַרויסצורופן קיין חשד בײַ די אַראַבישע לעגיאָנערן אויף די פאַרשיידענע קאָנטראָלפּונקטן, וועלכע מיר האָבן געדאַרפט דורכגיין ביז מיר וועלן אָנקומען צום אָרט, ווו אונדזער וועגווײַזער וואַרט אויף אונדז.

געווען איז עס אַ לאַנגע, לאַנגע נסיעה אין דער נאַכט, פרי׳ער אין איין אויטאָ, דערנאָך אין אַ צווייטן, שפּעטער, אין נהריים, אַריבערגיין אין אַ דריטן. די גאַנצע צײַט האָבן מיר נישט גערעדט צווישן זיך. איך האָב געהאַט דעם פולסטן צוטרוי צו עזראס געניטקייט און בין געווען זיכער, אַז ער וועט אונדז דורכפירן בשלום. באַזאָרגט בין איך געווען לגבי דעם אויסגאַנג פון אונדזער שליחות און נישט געקענט טראַכטן וואָס עס וועט געשען מיט אונדז, אויב מען

וועט אונדז חלילה כאַפּן. צום גליק, כאָטש מיר האָבן זיך געדאַרפט עטלעכע מאָל לעגיטימירן, זענען מיר אָנגעקומען צו דער צײַט און נישט דעמאַסקירט געוואָרן. דער מאַן, וואָס האָט געוואַרט אויפן פּאַרויס באַשטימטן אָרט, כּדי אונדז צו פירן צו אַבדאַללאַ, איז געווען אייגנער פון זײַנע געטרײַסטע געהילפן, אַ בעדויִנער, וועלכן דער קעניג האָט אַדאָפּטירט און דערצויגן זינט די קינדער־יאָרן און ער איז געווען געוווינט אויסצופירן געפערלעכע שליחותן פאַר זײַן האַר.

אין זײַן אויטאָ, מיט פאַרהאַנגענע פענצטער, האָט ער אונדז אַוועקגעפירט צו זיך אין שטוב. בעת מיר האָבן געוואַרט אויף אַבדאַללאַן, האָב איך געשמועסט מיט דער שיינער און אינטעליגענטער פרוי פונעם וועגווײַזער. זי איז געווען אַ טאָכטער פון אַ רייכער טערקישער משפּחה און האָט זיך פאַר מיר ביטער באַקלאָגט אויף דער שרעקלעכער מאָנאָטאָנקייט פון איר לעבן אין עבר־הירדן. איך האָב געטראַכט, אַז מיר וואָלט דווקא צו נוץ געקומען אַ ביסל מאָנאָטאָנקייט, אָבער כ׳האָב בלויז געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי כ׳וואָלט אָנטייל גענומען אין אירע געפילן.

אַבדאַללאַ איז אַרײַנגעקומען. ער איז געווען זייער בלייך און אויסגעזען זייער געשפּאַנט. עזרא איז געווען דער איבערזעצער און מיר האָבן גערעדט בערך אַ שעה צײַט. איך האָב אָנגעהויבן דעם שמועס און צוגעגאַנגען גלײַך צום ענין. „האָט איר נאָך אַלעמען געבראָכן אײַער צוזאָג צו מיר?" — האָב איך אים געפרעגט. ער האָט אויף מײַן פראַגע דירעקט נישט געענטפערט און אַנשטאָט דעם געזאָגט: „ווען איך האָב געגעבן יענעם צוזאָג, האָב איך געמיינט, אַז איך בין דער בעל־הבית איבער מײַן גורל און אַז איך בין אין שטאַנד צו טאָן וואָס איך האַלט פאַר ריכטיק, אָבער זינט דעמאָלט איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז די סיטואַציע איז אין גאַנצן אַן אַנדערע". דערנאָך האָט ער צוגעגעבן און געזאָגט: „פריִער בין איך געווען אַליין, אָבער איצט בין איך איינער צווישן פינף". דערפון האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז די אַנדערע פיר זענען מצרים, סיריע, לבנון און איראַק. דאָך האָט ער געטראַכט, אַז די מלחמה קען ווערן אויסגעמיטן.

„פאַר וואָס אײַלט איר זיך אַזוי צו פּראָקלאַמירן אײַער מדינה?" — האָט ער געפרעגט — „וואָס איז די בהלה? איר זענט אַזוי אומגעדולדיק!" איך האָב אים געזאָגט, אַז אַ פאָלק וואָס האָט געוואַרט צוויי טויזנט יאָר, קען מען נישט זאָגן אויף אים, אַז עס „אײַלט זיך". עס האָט אויסגעזען, אַז ער האָט דאָס אָנגענומען.

„פאַרשטייט איר דען נישט" — האָב איך געזאָגט — „אַז מיר זענען אײַערע איינציקע פאַרבינדעטע אין דער גאַנצער געגנט?" „יאָ" — האָט ער געענטפערט — „איך ווייס עס, אָבער וואָס קען איך טאָן? עס איז נישט אָפּהענגיק פון מיר". האָב איך אים געזאָגט: „אויב אַזוי, זאָלט איר וויסן, אַז אויב עס וועט אויף אונדז אויפגעצוווּנגען ווערן אַ מלחמה, וועלן מיר קעמפן און מיר וועלן זיגן".

ער האָט אָפּגעזיפּצט און ווידער געזאָגט: „יאָ, איך ווייס. אײַער חוב איז צו קעמפן. אָבער פאַר וואָס זאָלט איר נישט וואַרטן עטלעכע יאָר? זײַט מוותּר אויף אײַערע פאָדערונגען פון פרײַער עליה. איך וועל איבערנעמען דאָס גאַנצע לאַנד און איר וועט זײַן פאַרטראָטן אין מײַן פּאַרלאַמענט. איך וועל זיך צו אײַך זייער גוט באַציִען און עס וועט נישט זײַן קיין מלחמה".

איך האָב געפּרוווט אים אויפקלערן, אַז זײַן פּלאַן איז אוממעגלעך: „איר ווייסט, וואָס מיר האָבן אַלץ געטאָן און ווי שווער מיר האָבן געאַרבעט. מיינט איר, אַז מיר האָבן דאָס אַלץ געטאָן נאָר כּדי צו זײַן רעפּרעזענטירט אין אַ פרעמדן פּאַרלאַמענט? איר ווייסט וואָס מיר ווילן און צו וואָס מיר שטרעבן. אויב איר קענט אונדז נישט פאָרשלאָגן עפּעס מער פון דעם וואָס איר שלאָגט אונדז איצט פאָר, וועט זײַן אַ מלחמה און מיר וועלן זיגן. אפשר וועלן מיר זיך ווידער באַגעגענען, שוין נאָך דער מלחמה, ווען עס וועט זײַן אַ ייִדישע מדינה".

„איר פאַרלאָזט זיך צו פיל אויף אײַערע טאַנקען" — האָט דנין געזאָגט — „איר האָט נישט קיין אמתע פרײַנד אין דער אַראַבישער וועלט. מיר וועלן צעקלאַפּן אײַערע טאַנקען, ווי עס איז צעקלאַפּט געוואָרן די מאַזשינאָ־ליניע". דאָס זענען געווען זייער מוטיקע ווערטער, דערצו נאָך ווען דנין האָט געװוּסט ווי מיר זענען אויס מיט אונדזער געווער. אַבדאַללאַ איז געוואָרן נאָך ערנסטער און האָט ווידער באַמערקט, אַז ער ווייס, אַז מיר דאַרפן טאָן אונדזער פליכט, ער האָט אויך צוגעגעבן — מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מיט אומעט — אַז די געשעענישן וועלן מוזן אָנגיין מיט זייער וועג. שפּעטער וועלן מיר אַלע וויסן וואָס דער גורל האָט אונדז צוגעגרייט.

עס איז געווען קלאָר, אַז עס איז נישטאָ מער וועגן וואָס צו רעדן. איך האָב שוין געוואָלט אַוועקגיין, אָבער דנין און אַבדאַללאַ האָבן אָנגעהויבן אַ נײַעם שמועס. דנין האָט געזאָגט:

„איך האָף, אַז מיר וועלן זײַן אין קאָנטאַקט אויך נאָך דעם ווי די מלחמה וועט זיך אָנהייבן". „זיכער" — האָט אַבדאַללאַ געענטפערט — „איר מוזט קומען מיך זען". „אָבער ווי וועלן מיר זיך קענען דערשלאָגן צו אײַך?" האָט דנין געפרעגט. „איך גלייב, אַז איר וועט שוין געפינען אַ וועג" — האָט אַבדאַללאַ געשמייכלט. דנין האָט אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז ער איז נישט גענוג פאָרזיכטיק. „איר דאַווענט אין מעטשעט און איר דערלויבט אײַערע אונטער־טאַנען צו קושן דעם זוים פון אײַערע מלבושים. אין איינעם אַ טאָג קען מען אײַך שלעכטס טאָן. ס'איז צײַט צו פאַרווערן דעם דאָזיקן מינהג, צוליב זיכערקייט". אַבדאַללאַ איז געוואָרן אויפגעטרייסלט. קיין מאָל וועל איך נישט זײַן געפאַנגען בײַ מײַנע אייגענע וועכטער — האָט ער שטרענג געזאָגט צו דנינען — „איך בין געבוירן געוואָרן אַ בעדויִנער, אַ פרײַער מענטש און וועל פאַרבלײַבן פרײַ. די וואָס ווילן מיך דערהרגענען, זאָלן זיי פּרוּוון דאָס טאָן. איך

וועל זיך אַליין נישט אָנטאָן קיין קייטן". ער האָט זיך מיט אונדז געזעגנט און איז אַרויס פון צימער.

די פרוי פון אונדזער גאַסטגעבער האָט מיך פאַרבעטן צום טיש. אין עק פון צימער איז געשטאַנען אַ ריזיקער טיש פול מיט עסן. איך בין בכלל נישט געווען הונגעריק, אָבער דנין האָט מיר געזאָגט, אַז איך דאַרף אָנפילן מײַן טעלער — צי כ׳עס יאָ צי נישט — ווײַל אַנדערש וועט דאָס הייסן, אַז איך זאָג זיך אָפּ פון אַראַבישער גאַסטפרײַנדלעכקייט. האָב איך דערפאַר אָנגעפילט מײַן טעלער און געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז איך עס. פאַר מיר איז שוין נישט געווען קיין ספק, אַז אַבדאַללאַ וועט אַרויסטרעטן אין אַ מלחמה קעגן אונדז. נישט געקוקט אויף דנינס באַרימערישע רייד, האָב איך געוווּסט, אַז די טאַנקען פון לעגיאָן זענען נישט געווען קיין שפּילעכל און דאָס האַרץ האָט מיך גע־קלעמט בײַם געדאַנק וועגן די נײַעס וואָס איך דאַרף ברענגען מיט זיך קיין תּל־אביב. עס איז שוין געווען נאָענט צו האַלבער נאַכט. מיר האָבן נאָך געהאַט פאַר זיך אַ לאַנגע און געפערלעכע רײַזע און דאָס מאָל וועלן שוין נישט זײַן קיין פאַלשע אילוזיעס וואָס זאָלן אונדז מוטיקן.

נאָך עטלעכע מינוט האָבן מיר זיך געזעגנט און זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן. די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע און דער אַראַבישער שאָפער, וואָס האָט אונדז געדאַרפט ברענגען צוריק קיין נהריים, איז געווען פול מיט שרעק יעדעס מאָל ווען דער אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט בײַ אַ קאָנטראָל־פּאָסטן פונעם לעגיאָן. צום סוף האָט ער אונדז געהייסן אויסשטײַגן נאָך איידער מיר זענען דערפאָרן קיין נהריים. ס׳איז שוין געווען אַרום צוויי אָדער דרײַ אַ זייגער פאַר טאָג און מיר האָבן דעם איבעריקן וועג געדאַרפט דורכמאַכן אַליין. קיינער פון אונדז איז נישט געווען באַוואָפנט און איך מוז מודה זײַן, אַז כ׳בין געווען אין גרויס שרעק און זייער דערשלאָגן. דורך די פענצטער פון אויטאָ האָבן מיר געזען ווי ס׳זאַמלען זיך איראַקישע כּוחות אין לאַגער מאַפראַק און מיר האָבן אין דער שטיל גערעדט וועגן דעם וואָס ס׳וועט געשען דעם 14טן מאַי. כ׳געדענק, ווי מײַן האַרץ האָט געקלאַפּט ווען דנין האָט געזאָגט: „אויב מיר וועלן האָבן מזל און אַרויס מיט אַ נצחון, וועלן מיר פאַרלירן בלויז צען טויזנט מענטשן. אויב מיר וועלן נישט האָבן קיין מזל, וועלן אפשר די אבידות דערגרייכן ביז פופציק טויזנט". איך בין געווען צערודערט פון זײַנע רייד און מיר האָבן באַשלאָסן אַריבערצוגייען אויף אַן אַנדער טעמע. ביזן סוף פון דער רײַזע האָבן מיר גערעדט וועגן דער מוסולמענישער טראַדיציע און דער אַראַבישער קיך. אָבער, אַנטרעפנדיק כּסדר אויף שטרויכלונגען אין דער פינצטער, האָבן מיר בכלל נישט געקענט שמועסן. אין דער אמתן האָבן מיר זיך אַפילו נישט דערוועגט הויך צו אָטעמען. עס האָבן מיר זייער געשטערט די קליידער וואָס איך האָב געטראָגן און איך בין נישט געווען זיכער, אַז מיר גייען אין דער געהעריקער

ריכטונג. איך האָב זיך נישט געקענט באַפרײַען פון דער דערשלאָגנקייט און פונעם געפיל פון מײַן דורכפאַל אינעם שמועס מיט אַבדאַללאַ.

איך בין זיך משער, אַז מיר, דנין און איך, זענען געגאַנגען בערך אַ האַלבע שעה; מיט אַ מאָל האָט אונדז באַמערקט אַ יונגער בחור פון דער „הגנה" אין נהריים, וועלכער האָט אויף אונדז געוואָרט אַ גאַנצע נאַכט און איז געווען שטאַרק אומרויִק. אין דער פינצטער האָב איך נישט געזען זײַן פּנים, אָבער איך גלויב, אַז איך האָב נאָך קיין מאָל נישט געהאַלטן די האַנט פון אַ מענטש מיט אַזאַ כּוח און מיט אַזאַ דערלײַכטערונג. בכל־אופן האָט ער אונדז גלײַך, אָן שום אָנשטרענג, אַריבערגעפירט איבער די בערג און וואַדיס, צוריק קיין נהריים. איך האָב אים געזען נאָך אַ מאָל מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען ס'איז צוגעקומען צו מיר אין אַ ירושלימער האָטעל אַ מיטליאָריקער מאַן: „פּרוי מאיר" — האָט ער געזאָגט — „איר דערקענט מיך נישט ?" איך האָב זיך באַמיט צו דערמאָנען, אָבער נישט געקענט. ביז ער האָט זיך זיס צעשמייכלט און געזאָגט: „דאָס האָב איך אײַך אין יענער נאַכט געוויזן דעם וועג צוריק קיין נהריים".

אַבדאַללאַן האָב איך מער קיין מאָל נישט געזען, כאָטש נאָך דער באַ־פרײַונגס־מלחמה זענען פאָרגעקומען מיט אים לאַנגע אונטערהאַנדלונגען. שפּע־טער האָט מען מיר דערציילט, אַז ער האָט וועגן מיר געזאָגט: „אויב עס איז פאַראַן אַ מענטש, וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער מלחמה, איז עס זי, ווײַל זי איז געווען אַזוי שטאָלץ און האָט נישט געוואָלט אָננעמען מײַן פאָר־שלאָג." איך האָב בכלל קיין חרטה נישט וואָס איך האָב אין יענער נאַכט אַזוי אַנטוישט אַבדאַללאַן. אָבער אַ שאָד וואָס ער איז נישט געווען גענוג מוטיק נישט אַרײַנצוטרעטן אין דער מלחמה קעגן אונדז. ס'וואָלט געווען אַ סך בעסער פאַר אים און פאַר אונדז, ווען ער וואָלט געווען אַ ביסל שטאָלצער. מיט אַן ערך צוויי יאָר שפּעטער איז ער דערהרגעט געוואָרן דורך אַראַבער.

פון נהריים בין איך גלײַך אָפּגעפאָרן קיין תּל־אָביב. צו מאָרגנס האָט געדאַרפט פאָרקומען אַ זיצונג אין דער צענטראַלע פון מפא"י — זיצונגען זענען פאָרגעקומען אַ גאַנצע וואָך — און איך האָב געוווּסט, אַז בן־גוריון וועט דאָרט זײַן. ווען כ'בין אַרײַן אין זאַל, האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אַ קוק געטאָן אויף מיר און געפרעגט: „נו ?" איך האָב זיך אָוועקגעזעצט און אויף גיך אָנגע־שריבן אַ צעטל. „עס האָט זיך נישט אײַנגעגעבן" — האָב איך געשריבן — „עס וועט זײַן אַ מלחמה. עזרא און איך האָבן אין מאַפּראַק געזען מיליטערישע קאָנצענטראַציעס". איך האָב כּמעט זיך נישט דערוועגט צו קוקן בן־גוריונען אין פּנים אַריין בעת ער האָט געלייענט דאָס צעטל. אָבער, גאָט צו דאַנקען, ער האָט נישט געביטן זײַן מיינונג און אויך נישט אונדזער מיינונג.

אין די נאָענטסטע צוויי טעג האָט געדאַרפט אָנגענומען ווערן דער ענד־

גילטיקער באַשלוס: צי וועט מען פּראָקלאַמירן אַ ייִדישע מדינה צי נישט. נאָכן איבערגעבן מײַן שמועס מיט אַבדאַללאַ זענען אין דער פּאָלקס־אָנפירונג — אין באַשטאַנד פון מיטגלידער פון דער ייִדישער אַגענץ, פון ועד־לאומי, פון פאַרשיידענע פּאַרטייען און קלענערע גרופּעס, וואָס איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער צײַטווײַליקער רעגירונג פון ישראל — געווען מענטשן וועלכע האָבן געפּאָדערט פון בן־גוריונען אַן ענדגילטיקע אָפּשאַצונג פונעם מצב. זיי האָבן געוואָלט וויסן אין אָט דער לעצטער רגע ווי די „הגנה" שאַצט אָפּ די לאַגע. בן־גוריון האָט אײַנגעלאַדן צוויי מענטשן: יגאל ידין, דעם אָפּעראַטיווען שעף פון דער „הגנה", און ישראל גלילי, דעם פאַקטישן הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער הגנה. זייערע ענטפערט זענען געווען כמעט אידענטיש און — אויפּצי־טערנדיק. בלויז מיט צוויי זאַכן קענען מיר זײַן זיכער, האָבן זיי געזאָגט: די ענגלענדער וועלן פאַרלאָזן דאָס לאַנד און די אַראַבער וועלן זיך אַרײַנרײַסן. און דערנאָך?ביידע האָבן געשוויגן. אָבער נאָך אַ מינוט האָט ידין געזאָגט: „דאָס בעסטע, וואָס איך קען אײַך זאָגן, איז, אַז אונדזערע שאַנסן זענען פּונקטיק אויף פּופציק. מיר קענען פּונקט אַזוי געווינען ווי פאַרלירן".

אין אַזאַ לוסטיקן טאָן איז אָנגענומען געוואָרן דער ענדגילטיקער באַשלוס. פרײַטיק דעם 14טן מײַ 1948, פינף טעג אין חודש אייר, תש"ח, וועט אויפּ־קומען די ייִדישע מדינה, מיט אַ באַפעלקערונג פון 650.000 נפשות. אירע שאַנסן צו בלייבן לעבן נאָך איר געבורט זענען געווען אָפּהענגיק פון דער פראַגע, צי דער ייִשוב וועט אויסהאַלטן דעם אָנגריף פון פינף רעגולערע אַראַבישע אַרמייען, וועלכע באַקומען אַקטיווע הילף פון אַ מיליאָן ארץ־ישראלדיקע אַראַבער.

לויטן אָריגינעלן פּלאַן האָב איך געדאַרפט צוריקפאָרן דאָנערשטיק קיין ירושלים און דערווײַל דאָרט פאַרבלײַבן. איבעריק צו זאָגן, אַז איך האָב בעסער געוואָלט פאַרבלייבן אין תּל־אָביב, קענען לפחות אָנטייל נעמען אין דער צערע־מאָניע פון פּראָקלאַמירן די מדינה. ווו און ווען דאָס וועט פאָרקומען האָט מען געהאַלטן בסוד (געוווּסט וועגן דעם האָבן בלויז 200 אײַנגעלאַדענע) ביז אַן ערך אַ שעה פאַר דעם געשעעניש. אַ גאַנצן מיטוואָך האָב איך געהאָפט, אַז בן־גוריון וועט מיר נאָכגעבן; ער האָט זיך אָבער אײַנגעעקשנט. „דו מוזסט צוריק־פאָרן קיין ירושלים" — האָט ער געזאָגט. דאָנערשטיק דעם 13טן מאַי בין איך ווידער געווען אויפן קליינעם עראָפּלאַן. דער פּליִער האָט באַקומען אַ באַפעל צו נעמען מיך קיין ירושלים און גלײַך ברענגען צוריק קיין תּל־אָביב יצחק גרינבוימען, וועלכער איז געווען באַשטימט צו זײַן דער אינערן־מיניסטער אין דער צײַטווײַליקער רעגירונג. אָבער ווי מיר האָבן נאָר איבערגעלאָזט הינטער זיך דעם ים־ברעג און דערגרייכט די יהודה־בערג, האָט דער מאָטאָר אָנגעהויבן אַרבעטן אויף אַן אַלאַרמירנדיקן אופן. איך בין געזעסן נעבן פּליִער (יענע קליינע עראָפּלאַנען, וועלכע מען האָט גערופן „פּרימוסן", האָבן געהאַט נאָר צוויי זיצ־

פּלעצער) און כ׳האָב געזען, אַז אויך ער איז זייער נערוועז. דער מאַטאָר האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק, לויט די קולות, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן, אַז אָט רײַסט ער זיך אין גאַנצן אָפּ פון עראָפּלאַן. איך בין אײגנטלעך נישט געווען איבעראַשט ווען דער פּליִער האָט זיך ווי אַנטשולדיקט: „איך באַדויער זייער, אָבער כ׳גלייב נישט, אַז כ׳וועל קענען אַריבערפליִען די בערג. איך וועל זיך מוזן צוריקקערן". ער האָט געמאַכט אַ קרײַז מיטן עראָפּלאַן, אָבער דער מאָטאָר האָט ווײַטער אַרויסגעגעבן מוראדיקע קולות און איך האָב באַמערקט, אַז דער פּליִער האָט אַראָפּגעקוקט, ווי ער וואָלט עפּעס געזוכט אונטן אויף דער ערד, איך האָב נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט. אַ מינוט שפּעטער האָט דער מאָטאָר אָנגעהויבן אַ ביסל בעסער צו אַרבעטן און ער האָט מיך געפרעגט: „ווייסט איר וואָס עס געשעט?" „יאָ" — האָב איך געענטפערט. „איך האָב געזוכט" — האָט ער געזאָגט — „וווּ עס איז אַן אַראַביש דאָרף ווו מ׳וואָלט געקענט לאַנדן". דאָס איז געווען דעם 13טן מאַי. דערנאָך האָט ער צוגעגעבן: „אָבער איצט דאַכט זיך, וועל איך אײַך קענען אַראָפּלאָזן אין בן־שמן". אין דעם מאָמענט האָט זיך דער מאָטאָר אַ ביסל געשטאַרקט. „ניין" — האָט ער געזאָגט — „כ׳מיין, אַז מיר וועלן באַוויַיזן אַנצוקומען קיין תּל־אָביב".

אַזוי אַרום האָב איך געקענט אָנטייל נעמען אין דער צערעמאָניע און דער אַרעמער יצחק גרינבוים האָט געמוזט בלײַבן אין ירושלים און נישט געקענט אונ־טערשרײַבן די אומאָפּהענגיקייט־דעקלאַראַציע ביז נאָכן ערשטן פֿײַער־איבעררײַס.

דעם 14טן מאַי אין דער פרי האָב איך אָנטייל גענומען אין דער זיצונג פון פאָלקסראַט (מועצת העם), אויף וועלכער מיר האָבן געדאַרפט באַשליסן וועגן דעם נאָמען פון דער מדינה און וועגן ענדגילטיקן נוסח פון דער דעקלאַראַציע. דער נאָמען איז נישט געווען אַזאַ פּראָבלעם ווי די דעקלאַראַציע, ווײַל אין דער לעצטער רגע איז אויפגעקומען דער וויכּוח איבער דער פראַגע, ווי אַזוי אײַנ־צושליסן אַ רמז וועגן גאָט. פאַקטיש איז דער ענין געווען אויף דער טאָג־אָרדענונג נאָך מיט אַ טאָג פריִער. דער סאַמע לעצטער זאַץ, לויט ווי מען האָט אים פאָרגעשלאָגן פאַר דער קליינער סוב־קאָמיסיע, וואָס האָט געדאַרפט אויס־אַרבעטן די ענדגילטיקע ווערסיע פון דער דעקלאַראַציע, האָט זיך אָנגעהויבן מיט די ווערטער: „מיט בטחון אין צור ישראל, חתמנען מיר אונטער מיט אונדזערע הענט ווי אַן עדות אויף דער דאָזיקער דעקלאַראַציע..." בן־גוריון האָט געהאַפט, אַז דער אויסדרוק „צור ישראל" איז גענוג צווייִדײַטיק כּדי צו קענען צו־פרידנשטעלן די ייִדן, וועלכע האָבן זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז אין דאָקו־מענט וועגן אויפקום פון דער ייִדישער מדינה זאָל נישט זיין קיין שום רמז וועגן אייבערשטן. גלײַכצײַטיק וועט עס באַפרידיקן אַלע, וואָס וועלן זיך אוודאי שאַרף אַנטקעגנשטעלן אַפילו דעם קלענסטן רמז אויף קלעריקאַליזם אין דער דעקלאַראַציע.

עס זענען אָבער געווען שוועריקייטן בײַם אָננעמען די פשרה. דער וואָרט־זאָגער פון די רעליגיעזע פּאַרטייען, הרב פישמאַן־מימון האָט געפאָדערט, אַז די באַציִונג צו גאָט זאָל זײַן אַן אייבדײַטיקע און געזאָגט, אַז ער וועט מסכּים זײַן מיטן אויסדרוק „צור ישראל" מיטן באַדינג מען זאָל צוגעבן דאָס וואָרט „וגואלו" (און זײַן דערלייזער). אָבער אהרון ציזלינג פון לינקן פליגל אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, איז פּונקט אַזוי אַנטשלאָסן געווען אין דער פּאַרקערטער ריכטונג. „איך קען נישט חתמענען אַ דאָקומענט, אין וועלכן ס'איז פאַראַן עפּעס אַ זכר וועגן גאָט, אין וועלכן איך גלייב נישט" — האָט ער געזאָגט. דעם גרעסטן טייל פון פרימאָרגן האָט בן־גוריון פאַרבראַכט איבערצוצײַגן מימונען און ציזלינגן, אַז דער אויסדרוק „צור ישראל" האָט אַ טאָפּעלן זינען. כאָטש פאַר אַ סך ייִדן, אפשר פאַרן רוב, באַדײַט עס „גאָט", קען מען אָבער אין דעם אויסדרוק אויך זען אַ סימבאָלישע און סעקולערע באַציִונג צו דער „שטאַרקייט פון ייִדישן פאָלק". צום סוף איז הרב מימון מסכּים געווען אַז דאָס וואָרט „וגואלו" זאָל אין טעקסט נישט אַרײַנגענומען ווערן, אינטערעסאַנט צו באַמערקן אויף טשיקאַוועס, אַז אין דער ערשטער איבערזעצונג פון דער דעקלאַראַציע אויף ענגליש, וואָס איז יענעם טאָג איבערגעגעבן געוואָרן צום פאַרעפנטלעכן אין אויסלאַנד, ווערט בכלל נישט דערמאָנט „צור ישראל". דער מיליטערישער צענזאָר האָט צוליב זיכערקייטס־טעמים אויסגעמעקט דעם גאַנצן לעצטן פּאַראַגראַף, ווײַל ס'איז דאָרט געווען אָנגעמערקט די צײַט און דאָס אָרט פון דער צערעמאָניע.

דער וויכּוח איז אָבער נישט געווען בלויז אַ טערמינאָלאָגישער; מען קען טראַכטן, אַז דער קאַנדידאַט אויף פּרעמיער־מיניסטער האָט נישט געהאַט עפּעס וויכטיקערס צו טאָן ווי אָט די דיסקוסיע, עטלעכע שעה פאַרן פּראָקלאַמירן די מדינה, בפרט נאָך, ווען מ'איז געווען באַדראָט פון אַ באַלדיקער אַראַבישער אינוואַזיע. געגאַנגען איז אין עפּעס אַנדערש. טיף אין אונדז אַלע האָט געשטעקט דאָס באַוווּסטזײַן, אַז די פּראָקלאַמאַציע באַצייכנט נישט נאָר דעם אָפיציעלן סוף פון צוויי טויזנט יאָר ייִדישע היימלאָזיקייט, נייערט אַז זי דריקט אויך אויס די פונדאַמענטאַלסטע פּרינציפּן פון דער ייִדישער מדינה. יעדעס וואָרט איז דעריבער געווען זייער וויכטיק און געמיינט גאָר אַ סך. אגב האָט מײַן גוטער פרײַנד, זאב שרף, דער ערשטער סעקרעטאַר פון דער צוקונפטיקער רעגירונג (וואָס האָט געלייגט די יסודות פאַרן רעגירונגס־אַפּאַראַט) אַפילו געפונען צײַט צו זאָרגן, אַז די מגילה, וועלכע מיר האָבן געדאַרפט חתמענען נאָך מיטאָג, זאָל גלײַך נאָך דער צערעמאָניע אָפּגעטראָגן ווערן אין קעלער פון דער אַנגלאָ־פּאַלעסטינער באַנק, כּדי זי זאָל דאָרט באַוואָרנט ווערן אין דער זיכערקייט־קאַסע. אַזוי אַרום האָט ער אָפּגעהיט דעם דאָקומענט פאַר די קומענדיקע דורות אין פאַל די מדינה און מיר אַליין וועלן נישט מאַריך־ימים זײַן.

אַרום צוויי אַ זייגער נאָך מיטאָג האָב איך זיך צוריקגעקערט אין מײַן

האָטעל בײַם ים־ברעג, געוואַשן די האָר און אָנגעטאָן מײַן שענסט שוואַרץ קלייד. דערנאָך האָב איך זיך אויף עטלעכע מינוט אָוועקגעזעצט, אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם און אויך צו טראַכטן וועגן די קינדער, צום ערשטן מאָל נאָך די פּאָר־גאַנגענע צוויי, דרײַ טעג. מנחם איז דעמאָלט געווען אין אַמעריקע, אַ סטודענט אין דער מוזיקשול אין מאַנהעטן. איצט ווען די מלחמה איז געווען אומפּאַר־מײַדלעך, האָב איך געוווסט, אַז ער וועט צוריקקומען, און איך האָב זיך געפרעגט ווען און ווו מיר וועלן זיך ווידער באַגעגענען. שרה איז געווען אין רביבים און כאָטש דער מרחק, אין דער לופט־ליניע, איז נישט געווען אַזאַ גרויסער, זענען מיר פון דעסטוועגן געווען אין גאַנצן אָפּגעשניטן איינע פון דער אַנדערער. מיט חדשים צוריק האָבן באַנדעס פּאַלעסטינער אַראַבער און באַוואָפנטע אַרײַנ־דרינגלערס פון מצרים בלאָקירט דעם שאָסיי, וואָס האָט פאַרבונדן דעם נגב מיטן איבעריקן טייל פון לאַנד און נאָך אַלץ געהאַלטן אין איין אויפרײַסן די רערן, וואָס האָבן געפירט וואַסער צו זיבן און צוואַנציק ייִדישע יישובים, פונאַנדער־געוואָרפענע איבערן נגב. די „הגנה" האָט אַלץ געטאָן, כדי דורכצורײַסן די באַלאַגערונג. זי האָט געעפנט אַ נישט־געפּלאַסטערטן וועג, פּאַראַלעל צום הויפּט־שאָסיי, מיט וועלכן קאַראַוואַנען האָבן פון צײַט צו צײַט באַוויזן דורכצופירן שפּײַז און עסן פאַר אַן ערך טויזנט מתישבים אין נגב. ווער ווייסט אָבער וואָס וועט פּאַסירן מיט רביבים, אָדער מיט אַנדערע קליינע יישובים, וועלכע זענען אַזוי אָרעם אין געוווער און אויסשטאַטונג, ווען ס'וועט זיך אָנהייבן די מיצרישע אינוואַזיע אין איר גאַנצן פאַרנעם, און עס איז געווען כמעט זיכער, אַז זי וועט זיך אָנהייבן. שרה און זכריה זענען געווען ראַדיאָ־טעלעפאָניסטן אין רביבים און ביז דאַן האָב איך באַוויזן צו זײַן מיט זיי אין קאָנטאַקט. אָבער שוין עטלעכע טעג ווי כ'האָב נישט געהערט פון זיי און איך בין געווען זייער באַזאָרגט. פון אַזעלכע יונגע מענטשן ווי זיי, פון זייער גײַסט און מוט, איז געווען אָפּהענגיק די צוקונפט פונעם נגב און אַזוי אָרום אויך פון גאַנצן ישראל. מיך האָט אָרומ־גענומען אַ ציטער ווען כ'האָב געטראַכט, אַז זיי וועלן זיך דאַרפן אַנטקעגנשטעלן די אינוואַזיע־חיילות פון דער מיצרישער אַרמיי.

איך בין געווען אַזוי פאַרטיפט אין מײַנע געדאַנקען וועגן די קינדער, אַז איך געדענק נאָך איצט די מאָמענטאַלע איבעראַשונג, ווען דער טעלעפאָן האָט געקלונגען אין מײַן צימער, אַז עס וואַרט אויף מיר אַן אויטאָ צו פאָרן אין מוזיי, ס'איז באַשלאָסן געוואָרן דורכצופירן די צערעמאָניע אינעם תל־אביבער מוזיי אויף שדרות ראָטשילד נישט דערפאַר ווײַל דאָס איז געווען אַזאַ אימ־פּאַזאַנטער בנין (אַזאַ איז ער גאָרנישט געווען), נאָר ווייל ער איז געווען גענוג קליין, אַז מען זאָל אים קענען לײַכטער באַשיצן. געווען איז עס איינס פון די עלטסטע הײַזער אין תל־אביב און האָט געהערט צום ערשטן ראש־העיר ,וועל־כער האָט דאָס הויז איבערגעלאָזן דער שטאָט, צו ניצן עס פאַר אַ קונסט־

מוזיי. צוויי הונדערט דאָלאַר זענען באַשטימט געוואָרן פאַרן דעקאָרירן דאָס הויז, ווי עס פּאַסט זיך פאַר דער צערעמאָניע; מען האָט גערייניקט די דילן, איבערגעדעקט די בילדער מיט די נאַקעטע פיגורן (צוליב צניעות) און פאַרהאַנגען די פענצטער מיט שוואַרצן געוואַנט, אויפן פאַל פון אַ לופטאַנגריף. אַ ריזיק בילד פון טעאָדאָר הערצל איז אויפגעהאַנגען געוואָרן קעגן איבער דעם טיש, ביי וועלכן ס'האָבן געדאַרפט זיצן די 12 מיטגלידער פון דער צייטווייליקער רעגירונג. נישט געקוקט דערויף, וואָס פּאַקטיש האָבן וועגן די פּרטים געוווּסט נישט מער ווי צוויי הונדערט מענטשן, וועלכע זענען געווען איינגעלאַדן אָנטייל צו נעמען אין דער צערעמאָניע, האָט שוין ביי מיין אָנקומען געוואַרט ביים מוזיי אַ גרויסער עולם.

פּינקטלעך פיר אַ זייגער האָט זיך אָנגעהויבן די צערעמאָניע. בן־גוריון, אין אַ טונקעלן אָנצוג און מיט אַ קראַוואַט, האָט זיך אויפגעשטעלט און אַ קלאַפּ געטאָן מיט אַ האַמער. לויטן פּראָגראַם האָט דאָס געדאַרף זיין אַ צייכן פאַרן אָרקעסטער, וועלכער איז געווען צונויפגעשטופּט אויף דער גאַלעריע, אויפן צווייטן שטאָק, צו שפּילן די „התקווה". עס איז אָבער עפּעס געשען אַ טעות און די מוזיק האָט נישט געשפּילט; האָבן מיר ספּאָנטאַן אַלע זיך אויפגעשטעלט און געזונגען אונדזער נאַציאָנאַלן הימן. דערנאָך האָט בן־גוריון אָפּגעהוסט און רויִק געזאָגט: „איך וועל איצט לייענען פאַר אייך די אומאָפּהענגיקייטס־מגילה פון מדינת־ישראל". עס האָט גענומען נישט מער ווי אַ פערטל שעה איבערצולייענען די גאַנצע פּראָקלאַמירונג. ער האָט געלייענט פּאַמעלעך און זייער קלאָר. איך געדענק ווי זיין קול האָט זיך געביטן און עטוואָס געהויבן, ווען ער איז צוגעקומען צום 11טן פּאַראַגראַף:

„דעריבער זענען מיר זיך צונויפגעקומען, די מיטגלידער פון פאָלקסראַט (מועצת העם), פאַרשטייערס פון יידישן יישוב און פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, אינעם טאָג, אין וועלכן עס האָט זיך פאַרענדיקט דער בריטישער מאַנדאַט איבער ארץ־ישראל און אויפן סמך פון אונדזער נאַטירלעכן און היסטאָרישן רעכט, און אויפן יסוד פון באַשלוס פון דער גענעראַל־פאַרזאַמלונג פון די פאַראייניקטע נאַציעס, פּראָקלאַמירן מיר דערמיט דעם אויפקום פון אַ יידישער מדינה אין ארץ־ישראל, דאָס איז מדינת־ישראל".

מדינת־ישראל! מיינע אויגן זענען געווען פול מיט טרערן, מיינע הענט האָבן געציטערט. מיר האָבן עס דערגרייכט. מיר האָבן געברענגט אויף דער וועלט די יידישע מדינה, און איך, גאָלדע מאַבאָוויטש־מאיערסאָן, האָב זוכה געווען צו דערלעבן דעם דאָזיקן טאָג. וואָס עס זאָל איצט נישט געשען, וועלכער עס זאָל נישט זיין דער פּרייז, וואָס יעדער פון אונדז וועט דאַרפן באַצאָלן, האָבן מיר פון דאָס ניי אויפגעשטעלט די יידישע נאַציאָנאַלע היים. דער לאַנגער

גלות איז געענדיקט. פון הײַנט אָן און װײַטער װעלן מיר מער נישט לעבן אין לאַנד פון אונדזערע אָבות מיט יענעמס חסד. איצט זענען מיר אַ פאָלק מיט אַלע פעלקער גלײַך. צום ערשטן מאָל זינט צוואַנציק יאָרהונדערטער זענען מיר די בעלי־בתים איבערן אייגענעם גורל. דער חלום איז פאַרווירקלעכט געוואָרן — צו שפּעט אויף צו ראַטעווען די וואָס זענען אומגעקומען אין חורבן, אָבער נישט צו שפּעט פאַר די דורות, וואָס וועלן קומען. מיט כמעט פופציק יאָר צוריק, בײַם שליסן דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין באַזעל, האָט טעאָדאָר הערצל אַנגעשריבן אין זײַן טאָגבוך: „אין באַזעל האָב איך געגרינדעט די ייִדישע מדינה. אויב כ׳וועל עס הײַנט זאָגן, וועט מען פון מיר לאַכן, אָבער אפשר אין פינף יאָר אַרום, און זיכער אין פופציק יאָר אַרום — וועט יעדער איינער זי זען״. אַזוי איז טאַקע געשען.

בעת בן־גוריון האָט געלייענט, האָב איך ווידער געטראַכט וועגן מײַנע קינדער און די קינדער וואָס זיי וועלן האָבן. ווי אַנדערש וועט זייער לעבן זײַן פון מײַנעם און ווי אַנדערש מײַן אייגן לעבן וועט איצט זײַן פון דעם ווי עס איז געווען אַ מאָל. איך האָב געטראַכט וועגן מײַנע חברים אין באַלאַגערטן ירושלים, וואָס זענען צונויפגעזאַמלט אין די ביוראָען פון דער ייִדישער אַגענץ און הערן זיך צו דורכן ראַדיאָ צו דער צערעמאָניע, בעת איך געפין זיך, ממש דורך אַ צופאַל אין מוזיי גופא. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז קיין איין ייִד אויף דער וועלט איז קיין מאָל נישט געווען פּריוויליגירטער ווי איך, אין יענעם פרײַטיק נאָכמיטאָג.

דערנאָך, ווי אויף אַ צייכן, האָבן מיר זיך אַלע אויפגעשטעלט, געוויינט און אַפּלאָדירט, בעת בן־גוריון האָט געלייענט און זײַן שטים האָט זיך איין איינציק מאָל איינגעבראָכן:

„מדינת־ישראל וועט זײַן אָפן פאַר ייִדישער עליה און קיבוץ־גלויות״. דאָס איז געווען דאָס סאַמע האַרץ פון דער פּראָקלאַמירונג, דער זינען און די סיבה פון דער מדינה. איך דערמאָן זיך, ווי איך האָב אויסגעבראָכן אין אַ געוויין ווען כ׳האָב געהערט אָט די ווערטער, אין דעם הייסן און ענג אָנגעשטופּטן קליינעם זאַל. אָבער בן־גוריון האָט ווידער אַ קלאַפּ געטאָן מיטן האַמער און ממשיך געווען:

„אַפילו איצט, אין מיטן די בלוטיקע אָנגריפן אויף אונדזער לאַנד אין משך פון די לעצטע חדשים, רופן מיר די זין פון אַראַבישן פאָלק, וועלכע וווינען אין ישראל, אָפּצוהיטן דעם שלום און אָנטייל נעמען אין בויען די מדינה, אויפן יסוד פון פולער און גלײַכער בירגערשאַפט און אויפן יסוד פון אַ פּאַסיקער פאָרשטייערשאַפט אין אַלע אירע אינסטיטוציעס, צײַטווײַליקע און פּערמאַנענטע.

מיר שטרעקן אויס די האַנט פון שלום און גוטער שכנות צו אַלע מדינות

אַרום אונדז און זייערע פעלקער און מיר רופן זיי צו צוזאַמענאַרבעט און קעגנזײַטיקער הילף מיטן אומאָפּהענגיקן ייִדישן פאָלק אין זײַן לאַנד. מדינת־ישראל איז גרייט צו געבן איר בײַשטײַער, אין בשותּפותדיקן אָנשטרענג, פאַרן פאָרשריט פון גאַנצן מיטעלן מיזרח״.

ווען ער האָט געענדיקט לייענען די 979 ווערטער פון דער פּראָקלאַמירונג, האָט ער אונדז געבעטן מיר זאָלן אויפשטיין און „אָננעמען די גרינדונגס־מגילה פון דער ייִדישער מדינה״. ווידער האָבן מיר זיך אויפגעשטעלט און דעמאָלט איז געשען עפּעס וואָס איז נישט געווען אין פּראָגראַם. און דאָס איז געווען זייער רירנדיק. פּלוצלינג האָט הרב מימון זיך אויפגעשטעלט און מיט אַ ציטערדיקן קול געזאָגט די טראַדיציאָנעלע ברכה: „ברוך אתה ה׳ אלוהינו מלך העולם שהחיינו וקיימנו והגיענו לזמן הזה. אמן״. איך האָב אָפט געהערט די דאָזיקע ברכה, אָבער זי האָט קיין מאָל נישט געהאַט פאַר מיר אַזאַ באַדײַטונג ווי אין יענעם טאָג.

איידער מיר האָבן זיך אויפגעשטעלט אונטערצושרײַבן די מגילה, יעדער איינער לויטן סדר פון אַלף־בית, איז נאָך געווען אַ פּראַקטישער ענין וואָס האָט געפאָדערט אונדזער אויפמערקזאַמקייט. בן־גוריון האָט געלייענט די ערשטע דעקרעטן פון דער נײַער מדינה. דאָס ווײַסבוך איז דערקלערט געוואָרן פאַר בטל־ומבטול; אָבער כּדי אויסצומײַדן אַ וואַקוּום פון געזעצלעכן קוקווינקל זענען צײַטווײַליק פאַרבליבן אין קראַפט אַלע איבעריקע געזעצן און פאַרשריפטן פון דער מאַנדאַט־רעגירונג. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן דאָס חתמענען די מגילה. ווען איך האָב זיך אויפגעשטעלט פון מײַן פּלאַץ כּדי צו חתמענען האָב איך אַ קוק געטאָן אויף עדה גאָלאָמב, וועלכע איז געשטאַנען נישט ווײַט פון מיר. איך האָב געוואָלט צוגיין צו איר, זי אַרומנעמען און איר זאָגן אַז כ׳ווייס אַז אליהו און דוב וואָלטן דאָ געדאַרפט זײַן, אויף מײַן אָרט. איך האָב אָבער נישט געקענט פאַרהאַלטן די ריי מענטשן, וועלכע האָבן געוואַרט צו חתמענען, ביז איך גלײַך צוגעגאַנגען צום טיש, וווּ אין דער מיט זענען געזעסן בן־גוריון און שרת בײַ דער מגילה. אַלץ וואָס איך געדענק בעת מײַן חתמענען איז אַז כ׳האָב געוויינט פאַר אַלעמען אין די אויגן און אַפילו נישט געקענט אָפּווישן די טרערן. איך געדענק, אַז אַ מאַן מיטן נאָמען דוד־צבי פּינקוס, וואָס האָט געהערט צו דער רעליגיעזער „מזרחי״־פּאַרטיי, איז צוגעקומען צו מיר, ווען כ׳בין געשטאַנען נעבן שרתן, וואָס האָט געהאַלטן פאַר מיר די מגילה. ער האָט מיך געפּרוּווט באַרויִקן: „וואָס וויינט איר אַזוי, גאָלדע?״ — האָט ער מיך געפרעגט. „ווײַל מײַן האַרץ איז צעבראָכן, טראַכטנדיק וועגן אַלע וואָס האָבן הײַנט דאָ געדאַרפט זײַן און זענען נישטאָ״. איך האָב נישט געקענט אויפהערן צו וויינען.

בלויז פינף און צוואַנציק מיטגלידער פון פּאָלקסראַט האָבן געחתמעט די פּראָקלאַמירונגס־מגילה דעם 14טן מאַי. עלף זענען געווען אין ירושלים און איינער אין אַמעריקע. דער לעצטער צום חתמענען איז געווען משה שרת. אין

פֿאַרגלײַך מיט מיר איז ער געווען אײַנגעהאַלטן און רויִק, ווי ער וואָלט אויס־געפּירט אַ געװײנלעכע פֿליכט. שפּעטער, ווען מיר האָבן אַ מאָל גערעדט וועגן אָט דעם טאָג, האָט ער מיר דערציילט, אַז ווען ער האָט געחתמעט זײַן נאָמען אויף דער מגילה, האָט ער געפֿילט, ווי ער וואָלט געשטאַנען אויפֿן שפּיץ פֿון אַ פֿעלדז און אַרום הוליעט אַ שטורעמווינט און ס׳איז נישטאָ אין וואָס זיך אָנצוהאַלטן אַחוץ אין זײַן פֿעסטן באַשלוס נישט אַראָפּגעשלײַדערט צו ווערן אין צעבושעוועטן ים. אָבער אויף זײַן פּנים האָט מען גאָרנישט אָנגעזען אין יענער מינוט.

נאָך דעם ווי דער ארץ־ישׂראלדיקער אָרקעסטער האָט אויפֿגעשפּילט די „התקווה", האָט בן־גוריון אַ קלאַפּ געטאָן מיט זײַן האַמער צום דריטן מאָל: „מדינת־ישׂראל איז אויפֿגעקומען. די זיצונג איז געשלאָסן!" מיר האָבן זיך געדריקט די הענט און זיך אַרומגענומען. די צערעמאָניע איז געווען געענדיקט. ישׂראל איז געוואָרן אַ פֿאַקט.

דער אָוונט איז געווען פֿול מיט שפּאַנונג. איך בין געווען אין האָטעל, געשמועסט מיט פֿרײַנד. עמעץ האָט געעפֿנט אַ פֿלאַש ווײַן און מ׳האָט געטרונקען לחיים פֿאַר דער מדינה. עטלעכע פֿון די געסט און זייערע יונגע „הגנה"־באַ־גלייטערס האָבן געזונגען און געטאַנצט און מיר האָבן געהערט מענטשן לאַכן און זינגען אין גאַס. מיר האָבן אָבער געוווּסט, אַז צוועלף בײַ נאַכט וועט זיך ענדיקן דער מאַנדאַט, דער בריטישער הויך־קאָמיסאַר וועט אַוועק מיט דער שיף, דער לעצטער בריטישער זעלנער וועט פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד און די אַראַבישע אַרמייען וועלן אַריבערגײן די גרענעצן פֿון דער מדינה, וועלכע מיר האָבן ערשט איצט געשאַפֿן. איצט זענען מיר אומאָפּהענגיק, אָבער אין עטלעכע שעה אַרום וועלן מיר זײַן אין מלחמה. נישט נאָר איך בין נישט געווען פֿריילעך, נאָר כ׳האָב זיך אויך זייער געשראָקן, און מיט רעכט. ס׳איז אָבער אַ גרויסער חילוק צווישן פּחד און אומגלויבן. כאָטש דער גאַנצער ייִדישער ישוב פֿון דער ווידער־געבוירענער מדינה האָט געציילט בלויז 650.000 נפֿשות, בין איך געווען אַבסאָלוט זיכער, אַז מיר האָבן זיך טיף פֿאַרוואָרצלט און אַז קיינער וועט קיין מאָל נישט קענען אונדז פֿון דאָס בײַ אויסוואָרצלען פֿון דאַנען.

דאַכט זיך אַז ערשט צו מאָרגנס האָב איך באמת באַנומען וואָס עס איז פֿאַרגעקומען אין תּל־אָביבער מוזיי. דרײַ באַזונדערע, אָבער ענג געבונדענע גע־שעענישן האָבן, מער ווי אַלץ ביז אַצינד, מיר קלאָר געמאַכט דעם אמת און אפֿשר צום ערשטן מאָל האָב איך באַנומען, אַז פֿון איצט אָן וועט אַלץ זײַן אַנדערש; אַנדערש פֿאַר מיר, אַנדערש פֿאַרן ייִדישן פֿאָלק, פֿאַרן גאַנצן מיטעלן מיזרח. קודם־כּל, אין יענעם שבת פֿאַרטאָג האָב איך מיט מײַנע אויגן געזען דורכן פֿענצטער פֿון מײַן צימער דעם אָפֿיציעלן אָנהייב פֿון אונדזער אומאָפּ־הענגיקייט־מלחמה. פֿיר מיצרישע ספּיטפֿייער־עראָפּלאַנען האָבן זיך געטראָגן

איבער דער שטאָט צו באָמבאַרדירן תּל־אָביב, די עלעקטרישע סטאַנציע און דעם פּליפּלאַץ. געווען איז עס דער ערשטער אָנפאַל פון דער לופט אין אָט דער מלחמה. דערנאָך האָב איך געזען די ערשטע שיף געפּאַקט מיט ייִדישע עולים — נישט מער „אומלעגאַלע" — אַרײַנקומענדיק אין תּל־אָביבער פּאָרט, פרײַ און שטאָלץ. קיינער האָט זיי מער נישט געיאָגט, נישט באַשטראָפט דערפאַר וואָס זיי האָבן זיך אומגעקערט אַהיים. די שענדלעכע תּקופה פון דערנידעריקונג און חרפּה, פון סערטיפיקאַטן און קאַלטער אַריטמעטיק, וואָס מען האָט אָנגעווענדט פאַר מענטשן — איז געווען פאַרענדיקט. ווען איך בין אַזוי געשטאַנען אין דער זון, מיט די אויגן אײַנגעקעקבערט אין דער שיף (אַן אַלטע גריכישע שיף מיטן נאָמען טעטי), האָב איך געפילט, אַז קיין פרײַז וואָס מען וואָלט פון אונדז געפאָדערט פאַר אָט דער מדינה, קען נישט זײַן צו הויך. דער ערשטער לעגאַלער עולה, וועלכער איז אַראָפּ אויפן ברעג פון מדינת־ישראל איז געווען אַ מידער און אויסגעמאַטערטער אַלטער מאַן, מיטן נאָמען שמואל בראַנד, אַן אַפּגעראַטעוועטער פון בוכענוואַלד. אין זײַן האַנט האָט ער געהאַלטן אַ צעקנייטשט שטיקל פּאַפּיר, אויף וועלכן ס'איז געווען אָנגעשריבן: „דערמיט איז געגעבן געוואָרן דאָס רעכט צו באַזעצן זיך אין ישראל"; אָבער אויף דעם פּאַפּיר איז געשטאַנען דער שטעמפּל פון דער „עליה־אָפּטיילונג" פון דער מדינה. דאָס איז געווען די ערשטע וויזע, וועלכע מיר האָבן אַרויסגעגעבן.

דערנאָך איז פאַרשטייט זיך, געקומען די וווּנדערלעכע רגע פון אונדזער פאַרמעלן אַרײַנטריט אין דער פעלקער־משפּחה. אַ פּאָר מינוט נאָך צוועלף, אין דער נאַכט פון 14טן מאַי, האָט געקלונגען דער טעלעפאָן אין מײַן צימער. אַ גאַנצן אָוונט האָט ער געהאַט געקלונגען און בעת איך בין געלאָפן ענטפערן, האָב איך זיך געפרעגט וואָס פאַר אַ שלעכטע בשׂורה איך וועל איצט הערן, אָבער דאָס קול אויף דער צווייטער זײַט האָט געהאַט אַ פריילעכן קלאַנג. „גאָלדע, דו הערסט? טרומאַן האָט אונדז אָנערקענט!" כ'געדענק נישט וואָס איך האָב געזאָגט אָדער געטאָן, כ'געדענק אָבער וואָס איך האָב געפילט. געווען איז עס ווי אַ נס וואָס איז געקומען אין דער שווערסטער צײַט, ערב דער אינוואַזיע, און איך בין אָנגעפילט געוואָרן מיט פרייד. כאָטש גאַנץ ישראל האָט אויסגעדריקט די פרייד און דאַנקבאַרקייט, מיין איך אַז דאָס וואָס טרומאַן האָט געטאָן יענע נאַכט איז פאַר מיר געווען אפשר חשובער ווי פאַרן רוב פון מײַנע חברים, ווײַל איך בין געווען די „אַמעריקאַנערין", צווישן אונדז, די וואָס האָט צום בעסטן געקענט אַמעריקע און די געשיכטע פון אַמעריקאַנער פאָלק און געווען בין איך די איינציקע, וואָס איז אויפגעוואַקסן אין אָט דער גרויסער דעמאָקראַטיע. און כאָטש איך האָב זיך, פּונקט ווי אַלע, געפרייט וואָס די אָנערקענונג איז געקומען אַזוי גיך, בין איך נישט געווען איבעררעאַשט פון דעם גוטן און נאָבעלן אימפּלוס, וואָס האָט דערצו דערפירט. ווען כ'קוק דערויף הײַנט צוריק, ווײַזט

זיך מיר אויס, אַז דער נס, ווי נסים בכלל, איז געשען צוליב צוויי פּשוטע סיבות: ערשטנס, דער פֿאַקט וואָס האַרי טרומאַן האָט פֿאַרשטאַנען און רעספּעקטירט אונדזער דראַנג נאָך אומאָפּהענגיקייט. ער איז געווען פֿון דעם סאָרט מענטשן, וואָס בײַ אַנדערע באַדינגונגען, האָט ער אפֿשר געקענט זײַן אײנער פֿון אונדז; צווייטנס, דער טיפֿער אײַנדרוק, וואָס ס'האָט אויף אים געמאַכט חיים ווייצמאַן ווען ער האָט אויפֿגענומען אין וואַשינגטאָן, געבנדיק אים אַ מעגלעכקייט אויפֿצוקלערן אונדזער לאַגע. דערבײַ האָט ווייצמאַן געוועקט דאָס געוויסן אויף אַן אופֿן, וואָס קײנער האָט עס ביז אים אין ווײַסן הויז נישט געטאָן. ווייצמאַנס אינטערווענץ איז געווען פֿון אַן אויסערגעוויינלעכן ווערט. אַמעריקעס אָנער־קענען אונדזער מדינה איז געווען די גרעסטע זאַך וואָס האָט אונדז געקענט אין יענער נאַכט געשען.

די סאָוועטישע אָנערקענונג, וואָס איז געקומען נאָך דער אַמעריקאַנער, האָט געהאַט אַנדערע וואָרצלען. איך האָב גאָר קײן ספֿק נישט, אַז די הויפּט־כּוונה פֿון די סאָוועטן איז געווען אַרויסצושטויסן די ענגלענדער פֿון מיטעלן מיזרח. אָבער אין משך פֿון די דעבאַטן וואָס זענען פֿאָרגעקומען אין דער אונ"אָ, אין האַרבסט 1947, האָב איך געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז די שטיצע פֿונעם סאָוועטישן בלאָק שטאַמט אויך פֿון מיטגעפֿיל פֿאַרן גרויסן חורבן, וואָס ייִדן האָבן געליטן אין דער מלחמה. ווײַל אויך די רוסן האָבן געבראַכט אַזאַ גרויסן קרבן אין קאַמף קעגן נאַצי־דײַטשלאַנד, האָבן זיי מסתּמא געפֿילט, אַז די ייִדן זענען באַרעכטיקט צו האָבן סוף־כּל־סוף אַן אײגענע מדינה. ווי ראַדיקאַל עס זאָל זיך נישט האָבן געביטן די רוסישע באַציִונג צו אונדז אין די פֿאַרגאַנגענע 25 יאָר, קען איך איצט נישט פֿעלשן דאָס בילד, וואָס כ'האָב דעמאָלט געזען. ווען נישט דאָס געווער און די אַמוניציע, וואָס מיר האָבן געקענט קויפֿן אין טשעכאָ־סלאָוואַקיע און אַריבערפֿירן עס דורך יוגאָסלאַוויע און אַנדערע באַלקאַנישע לענדער, אין יענע שווערע טעג בײַם אָנהויב פֿון דער מלחמה, איז אַ גרויסע פֿראַגע, צי מיר וואָלטן געקענט אויסהאַלטן, ביז דער מצב האָט זיך געענדערט אין יוני 1948. אין משך פֿון די ערשטע זעקס וואָכן פֿון דער באַפֿרײַונגס־מלחמה זענען מיר געווען אָפּהענגיק (כאָטש, פֿאַרשטייט זיך, נישט אין גאַנצן) פֿון די גראַנאַטן, מאַשין־געווער, קוילן — אַפֿילו עראָפּלאַנען — וואָס די „הגנה" האָט באַוויזן צו קויפֿן אין מיזרח־אייראָפּע, אין דער צײַט ווען אַפֿילו אַמעריקע האָט אַרויפֿגעלייגט אַן עמבאַרגאָ אויפֿן פֿאַרקויף און טראַנספּאָרט פֿון געווער צום מיטעלן מיזרח. מ'קען נישט און מ'טאָר נישט אויסמעקן די פֿאַרגאַנגענהייט בלויז דערפֿאַר, ווײַל זי וועבט זיך נישט אַריין אין דער קעגנוואַרט. אַ פֿאַקט בלײַבט, אַז כאָטש דער ראַטנפֿאַרבאַנד איז מיט אַזאַ ווילדקייט אַרויס קעגן אונדז אין די שפּעטערדיקע יאָרן און שאַרף געביטן זײַן שטעלונג, האָט דאָס סאָוועטישע אָנערקענען מדינת ישׂראל דעם 18טן מאַי געהאַט אַ גרויסע באַדײַ־

טונג: דאָס האָט געהייסן, אַזביידע גרויסמאַכטן אין דער וועלט האָבן זיך, צום ערשטן מאָל זינט דער צווייטער וועלט־מלחמה, פּאַראייניקט צו שטיצן די יידישע מדינה, און כאָטש מיר זענען דעמאָלט נאָך אַלץ געווען אין אַ שרעק־לעכער סכּנה, האָבן מיר סוף סוף געוווּסט, אַז מיר זענען נישט אַליין. אַ דאַנק אַט דעם באַוווּסטזיין — צוזאַמען מיטן פּשוטן מוט — האָבן מיר געפונען דעם גייַסטיקן כּוח אויב נישט דעם מאַטעריעלן, וואָס האָט אונדז דערפירט צום נצחון.

און היות ווי איך האַלט ביַי אַט דער טעמע, וויל איך דערמאָנען, אַז די צווייטע מדינה, וואָס האָט אַנערקענט ישראל אין טאָג פון איר געבורט, איז געווען די קליינע גוואַטעמאַלאַ, וועמענס אַמבאַסאַדאָר אין דער אומ״אַ, כאָרכע גאַרסיאַ גראַנאַדאָס, איז געווען איינער פון די אַקטיווסטע מיטגלידער אין דער יונסקאָפּ.

מען האָט אונדז, הייסט עס, אַקצעפּטירט ווי אַ געשעענעם פאַקט. די איינ־ציקע פראַגע, וואָס איז פאַרבליבן און וואָס איז — ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט זיין — פאַרבליבן ביזן היינטיקן טאָג, איז ווי אַזוי מיר וועלן בלייבן לעבן; נישט „אויב", נאָר „ווי אַזוי". דעם פרימאָרגן פון 15טן מאַי איז ישראל אַטאַקירט געוואָרן דורך די מיצרים אין דרום, דורך די סיריער און לבנונער אין צפון־מיזרח, און דורך די ירדנער און איראַקער אין מיזרח. אויפן פּאַפּיר האָט זיך יענע וואָך געקענט אויסדאַכטן, אַז די אַראַבישער באַרימערייַ, אַז אין משך פון צען טעג וועט ישראל צעשמעטערט ווערן, האָט טאַקע אַ געוויסן גרונט.

צום אימפּעטיקסטן האָבן פאַרויסמאַרשירט די מיצרים, כאָטש פון אַלע איינ־וואַזיע־אַרמייען האָט די מיצרישע געהאַט צום ווייניקסטן שאַנסן עפּעס צו געווי־נען. אַבדאַללאַ האָט געהאַט אַ סיבה, אַ שלעכטע סיבה, אָבער זי האָט עקסיס־טירט און אַבדאַללאַ האָט זי געקענט דעפינירן. ער האָט געוואָלט דאָס גאַנצע לאַנד און באַזונדערס ירושלים. אויך לבנון און סיריע האָבן געהאַט זייערע סיבות. זיי האָבן געהאָפּט איינצוטיילן זיך מיטן גליל. איראַק האָט געוואָלט אַנטייל נעמען אין דעם בלוט־אָפּצאַפּן און ווי אַ צוגאַב־רווח דערגרייכן אַן אַרויסגאַנג צום מיטללענדישן ים, אויב נייטיק אַפילו דורך ירדן. דערקעגן מצרים האָט אין גאַנצן נישט געהאַט קיין ממשותדיקן מלחמה־ציל, סיידן רויבן און הרוב מאַכן אַלץ וואָס ייִדן האָבן אויפגעבויט. כ׳האָב פּאַקטיש קיין מאָל נישט אויפגעהערט זיך צו וווּנדערן, פאַר וואָס די אַראַבער זענען געווען אַזוי להוט אַרויסצוגיין אין קריג קעגן אונדז. כּמעט פון סאַמע אָנהייב פון דער ציוניסטישער התישבות, ביזן היינטיקן טאָג, זענען זיי דורכגעפּרעסן פון שינאה קעגן אונדז. די איינציק מעגלעכע דערקלערונג — אגב זייער אַ לעכערלעכע — איז, וואָס זיי קענען פּשוט נישט פאַרטראָגן אונדזער אַנוועזנהייט אָדער מוחל זיין אונדז וואָס מיר עקסיסטירן. עס איז מיר אָבער שווער צו גלייבן, אַז די פירערס פון אַלע אַראַבישע לענדער זענען שטענדיק געווען אַזוי פּרימיטיוו אין זייער דענקען.

פון דער צווייטער זײַט, מיט וואָס האָבן מיר בעצם ווען עס איז באַדראָט די אַראַבישע לענדער? אמת, מיר זענען נישט געשטאַנען אין דער ריי אָפּצוגעבן שטחים, וואָס מיר האָבן דעראָבערט אין די מלחמות, וואָס זיי האָבן אָנגעהויבן, אָבער טעריטאָריעס זענען דאָך נאָך אַלעמען קיין מאָל נישט געווען דער ציל פון דער אַראַבישער אַגרעסיע. אין 1948 איז עס זיכער נישט געווען דער מאַנגל אין שטחים וואָס האָט געטריבן די מיצרים קיין צפון, מיט דער האָפענונג צו דערגרייכן קיין תל־אָביב און ירושלים און זיי חרוב צו מאַכן. וואָס איז פאַרט געווען אָ נישט־ראַציאָנעלע פאַרטומלענדיקע ליידנשאַפט אונדז פיזיש צו פאַרניכטן? אָ פּחד פאַר דעם פּראָגרעס, וואָס מיר וועלן אפשר אַרײַנברענגען אין מיטעלן מזרח? אַן עקל צו דער מערב־ציוויליזאַציע? ווער ווייס? וואָס עס זאָל נישט האָבן געווען די סיבה, האָט זי אָבער עקסיסטירט; מיר אָבער האָבן אויך עקסיסטירט — און מסתּם וועט נאָך אַ סך יאָרן נישט געפונען ווערן קיין לייזונג, כאָטש כ׳צווייפל נישט, אַז ס׳וועט קומען אַ צײַט און די אַראַבישע לענדער וועלן אונדז אַקצעפּטירן אַזוי ווי מיר זענען און צוליב דעם וואָס מיר זענען. בקיצור, דער שלום איז שטענדיק געווען אָפּהענגיק פון איין־און־איינ־ציקער זאַך: די אַראַבישע מנהיגים זאָלן שלום מאַכן מיטן געדאַנק אַז מיר געפינען זיך דאָ.

אָבער אין 1948 האָט מען געקענט אָננעמען, אַז די אַראַבישע לענדער, וועלכע האָבן אַזוי ליב צו פאַנטאַזירן, האָבן אין זייער פאַנטאַזיע שוין געזען ווי אַזוי זיי שנײַדן דורך דעם שטח פון ישראל. ראשית־כּל, האָבן זיי אָנגעהויבן די מלחמה און דאָס האָט זיי געגעבן אַ טאַקטישע העכערקייט. צווייטנס, האָבן זיי געהאַט אַ לײַכטן צוגאַנג, דורך דער יבשה, צו ישראל, ווו די אַראַבישע באַפעלקערונג איז יאָרן לאַנג געהעצט געוואָרן קעגן די ייִדן. דריטנס, די אַראַבער האָבן זיך אָן שום שוועריקייטן געקענט באַוועגן פון איין טייל לאַנד צו אַ צווייטן. פערטנס, די אַראַבער האָבן געוועלטיקט איבערן רוב באַרגיקע שטחים פון ארץ־ישראל, פון וואַנען מען האָט אָן שוועריקייטן געקענט אָנגרײַפן אונדזערע ייִשובים אין פלאַכלאַנד. און לסוף, די אַראַבער האָבן געהאַט אַן אַבסאָלוטע סופּעריאָריטעט אין מענטשן און געוווער און זיי האָבן אויף פאַרשיידענע וועגן באַקומען באַדײַטנדיקע הילף פון די ענגלענדער, דירעקט און אומדירעקט.

און וואָס האָבן מיר געהאַט? זייער ווייניק פון יעדן מין געוווער און דאָס איז אויך איבערגעטריבן. עטלעכע טויזנט ביקסן, עטלעכע הונדערט אויטאָ־מאַטן, כּל מיני אַנדערע הייס געוווער, אָבער דעם 14טן מאַי 1948 האָבן מיר נישט פאַרמאָגט קיין איין האַרמאַט אָדער טאַנק, הגם מיר האָבן געהאַט נישט ווייניקער ווי נײַן עראָפּלאַנען (אָבער נאָר איינעם מיט צוויי מאָטאָרן). די מאַשינען צו פּראָדוצירן געוווער, וואָס מען האָט אײַנגעקויפט אין אויסלאַנד — אַ דאַנק בן־גוריונס ווונדערלעכן פאָרויסזען — האָט מען נישט געקענט ברענגען

קיין ישראל ביז די ענגלענדער האָבן נישט פאַרלאָזט דאָס לאַנד און דערנאָך האָט מען זיי געדאַרפט צוזאַמענשטעלן און צוגרייטן צום באַניצן. קליין איז אויך געווען די צאָל פון אונדזערע מיליטעריש אויסגעשולטע מענטשן, ווי די סטאַ־טיסטיק קען עס באַווייַזן. אין דער „הגנה" זענען געווען בערך 45.000 מענער פרויען און יונגוואַרג; עטלעכע הונדערט מיטגלידער פון די צוויי סעפּאַראַטיס־טישע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס; עטלעכע הונדערט ניי־געקומענע, וועלכע האָבן נאָר וואָס באַקומען מיליטערישע אויסשולונג — מיט הילצערנע ביקסן און פאַלשע קוילן — אין די לאַגערן פון די אויסגעוואַרצלטע אין דייַטשלאַנד און אין די אַרעסט־לאַגערן אין ציפּערן (ווען די מדינה איז שוין געווען פּראָקלאַ־מירט, זענען נאָך צוגעקומען עטלעכע טויזנט ייִדישע און נישט־ייִדישע וואָלאָנ־טערן פון אויסלאַנד). דאָס איז געווען אַלץ. מיר האָבן זיך אָבער נישט געקענט דערלויבן דעם לוקסוס פון פּעסימיזם און דערפאַר האָבן מיר געמאַכט גאָר אַן אַנדערן חשבון, באַזירט אויפן פאַקט, אַז אונדזערע 650.000 מענטשן האָבן מער מאָטיוון אויף צו שטרעבן צו בלייַבן לעבן ווי ווער עס איז מחוץ ישראל וואָלט עס בכלל געקענט פאַרשטיין און אַז די איינציקע ברירה וואָס אונדז איז פאַר־בליבן, אויב מיר ווילן נישט מען זאָל אונדז אַרייַנשטופּן אין ים, איז צו געווינען די מלחמה. האָבן מיר זי טאַקע געוווּנען. אָבער דאָס איז נישט געווען גרינג, נישט גיך און נישט ביליק. זינט דעם טאָג וואָס די אונ"אָ האָט באַשטימט דעם חלוקה־פּלאַן (29טן נאָוועמבער 1947) ביזן טאָג פון אונטערשרייַבן דעם הסכם פון ערשטן פייַער־אָפּשטעל צווישן מצרים און ישראל (24טן פעברואַר 1949) זענען דערהרגעט געוואָרן זעקס טויזנט יונגע ישראלים, איין פּראָצענט פון אונדזער גאַנצער באַפעלקערונג און כאָטש מיר האָבן עס דעמאָלט נישט געקענט פאַרויס־זען, האָבן מיר מיט אַלע די לעבנס זיך נישט אייַנגעקויפט דעם שלום.

מוזן פאַרלאָזן ישראל אין דעם מאָמענט ווען די מדינה איז אויפגעקומען, איז פאַר מיר געווען אַזוי שווער, אַז איך קען דאָס נישט אויסדריקן אין ווערטער, אָבער זונטיק, דעם 16טן מאַי, איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַם פון העברי מאָנטאַר, דעם וויצע־פּרעזידענט פון פאַראייניקטן ייִדישן קאַמפּיין. די אַמעריקאַנער ייִדן זענען געווען גערירט ביז אין די טיפענישן פון זייער נשמה. ס'איז נישט געווען קיין גרענעץ צו זייער גערירטקייט און צו זייער שטאָלץ. אויב איך קום צו פאָרן, אַפילו אויף אַ קורצן טור, האָט מאָנטאָר גערעכנט, וועלן מיר קענען צונויפ־זאַמלען נייַע פופציק מיליאָן דאָלאַר. קיינער האָט בעסער פון מיר נישט געוווּסט, וואָס אַזאַ סומע באַדייַט פאַר ישראל, ווי אויסערגעוויינלעך שטאַרק מיר נייטיקן זיך אין דעם געווער, וואָס מיר וואָלטן געקענט קויפן פאַרן דאָזיקן געלט, און וויפל ס'וועט אָפּקאָסטן אַרייַנצוברענגען און אייַנצואָרדענען די דרייַסיק טויזנט ייִדן, פאַרהאַלטענע אין ציפּערן, וואָס וואַרטן שוין אַזוי לאַנג צו קומען אין לאַנד. איך האָב געפילט ווי מייַן האַרץ ווערט צעבראָכן בייַם געדאַנק זיך אָפּצו־

רײַסן פֿון לאַנד, אָבער עס איז נישט געווען קיין אַנדערער אויסוועג. נאָכן באַהאַנדלען דעם ענין מיט בן־גוריונען, האָב איך גלײַך געענטפֿערט, אַז איך פֿאָר אַרויס מיטן ערשטן עראָפּלאַן. צום גליק האָב איך נישט געדאַרפֿט מאַכן קיין באַזונדערע צוגרייטונגען צו דער רײַזע. מײַנע בעסערע קליידער זענען געווען אין ירושלים, ממש נישט צו דערגרייכן, ווי זיי וואָלטן געווען אויף דער לבנה. דערפֿאַר האָב איך בסך־הכל געדאַרפֿט „אײַנפּאַקן״ אַ האַרבערשטל, אַ צייג־בערשטל און אַ ריינע בלוזע; ווען כ׳בין אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק, האָב איך ערשט באַמערקט, אַז דער שלייער, וואָס כ׳האָב געטראָגן בעת מײַן נסיעה קיין רבת־עמון, איז נאָך געווען אין מײַן וואַליזע! איך האָב באַוויזן צו רעדן אַ פּאָר ווערטער מיט שרהן, געזאָגט איר, אַז כ׳וועל זײַן צוריק שפּעטסטנס אין אַ חודש אַרום; כ׳האָב באַקומען אַ טראַנזיט־דאָקומענט, געמאַכט אין געאײַל, וואָס איז בעצם געווען דער ערשטער אַרויספֿאַר־דאָקומענט, וואָס אַ בירגער פֿון מדינת־ישראל האָט באַקומען. דערנאָך בין איך אָפּגעפֿלויגן מיטן ערשטן עראָפּלאַן וואָס מ׳האָט געקענט באַקומען.

אין אַמעריקע האָט מען מיך אויפֿגענומען ווי כ׳וואָלט געווען די פּאַרקער־פּערונג פֿון ישראל. ווידער און ווידער האָב איך דערציילט ווי מ׳האָט פּראָקלאַמירט די מדינה, וועגן דעם אָנהייב פֿון דער מלחמה, וועגן דעם דויערנדיקן באַלאַגערן ירושלים. ווידער און ווידער האָב איך פֿאַרזיכערט די אַמעריקאַנער ייִדן, אַז מיט זייער הילף וועט ישראל גובר זײַן אַלע שוועריקייטן און וועט זיגן. כ׳בין געפֿאָרן פֿון איין שטאָט אין דער אַנדערער איבער גאַנץ אַמעריקע, גערעדט אויף כל־מיני פֿאַרזאַמלונגען, מיטאָגן, אָוונטברויטן, און טייען, אײַנגעאָרדנטע דורכן פֿאַראייניקטן ייִדישן קאַמפּיין, און אויף סאַלאָן־באַגעגענישן אין פּריוואַטע הײַזער. ווען כ׳פֿלעג זיך פֿילן פֿאַרמאַטערט און אויסגעשעפּט, — און דאָס איז געשען גאַנץ אָפֿט — איז געווען גענוג אַז כ׳זאָל זיך דערמאָנען, אַז איך רעד איצט אין שליחות פֿון דער ייִדישער מדינה, מײַן מידקייט זאָל תּיכּף פֿאַרשווינדן. עס האָט געדויערט וואָכן ביז איך האָב זיך צוגעוווינט צום קלאַנג פֿון וואָרט ישראל און צום פֿאַקט, אַז איך האָב איצט אַ נײַע בירגערשאַפֿט. דער ציל פֿון מײַן רײַזע איז אָבער בשום־אופֿן נישט געווען קיין סענטימענטאַלער. איך בין געקומען זאַמ־לען געלט, וואָס מער געלט און וואָס גיכער. מײַנע רייד זענען אין יוני געווען פּונקט אַזוי קורץ און שאַרף ווי אין יאַנואַר: די ייִדישע מדינה וועט נישט קענען עקסיסטירן פֿון אַפּלאָדיסמענטן. מיט דעקלאַראַציעס וועלן מיר נישט געווינען די מלחמה און אָפּילו נישט מיט טרערן פֿון גליק. און זייער וויכטיק איז די צײַט, וואָרעם אויב מיר וועלן זי דורכלאָזן, וועט נישט זײַן וואָס צו אַפּלאָדירן.

„מיר קענען נישט אָנגיין אָן אײַער הילף״ — האָב איך געזאָגט אויף צענ־דליקער עפֿנטלעכע און פּריוואַטע צוזאַמענטרעפֿן — „וואָס מיר בעטן אײַך איז, איר זאָלט אָנטייל נעמען אין אונדזער אַחריות, אין אַלץ וואָס איז דערמיט פֿאַר־

בונדן — שוועריקייטן, פּראָבלעמען,ליידן און פריידן. דאָס וואָס עס געשעט איצט אין דער ייִדישער וועלט איז פון אַזאַ פאַרנעם און וויכטיקייט, אַז אויך איר מעגט בייטן אייער אויפן פון לעבן, אויף אַ יאָר, צוויי אָדער דריי, ביז מיר וועלן מיט בשותּפותדיקע כּוחות שטעלן ישראל אויף אירע אייגענע פיס. באַשליסט און גיט אונדז אײַער תּשובה".

זיי האָבן געענטפערט מיט אַ ברייטהאַרציקייט און שנעלקייט ווי קיין מאָל נישט פריִער, מיטן גאַנצן האַרץ און נשמה. נישט געווען קיין צו פיל אָדער צו גוט. מיט זייער ענטפער האָבן זיי ווידער באַשטעטיקט דעם זינען פון זייער שותּפות מיט אונדז, אַזוי ווי איך האָב עס טאַקע דערוואַרט. כאָטש עס האָט נאָך דעמאָלט נישט עקסיסטירט קיין באַזונדערער קאַמפּיין פאַר ישראל און הגם ווייניקער ווי פופציק פּראָצענט פון די 150 מיליאָן דאָלאַר, וואָס דער פאַראייניקטער ייִדישער קאַמפּיין האָט געהאַט געזאַמלט אין 1948, איז ממש אַוועק קיין ישראל (דאָס איבעריקע איז אַוועק צום דזשאָינט, צו העלפן די ייִדן אין די אייראָפּעיִשע לענדער), איז גאָר קיין ספק נישט, אַז אָט די פופציק פּראָצענט האָבן אונדז געהאָלפן געווינען די מלחמה. דערפון האָבן מיר געלערנט, אַז די התחייבות און די הילף פון אַמעריקאַנער ייִדן פאַר ישראל איז אַ פאַקטאָר, אויף וועלכן מיר וועלן זיך קענען שטיצן.

אויף מײַנע נסיעות האָב איך באַגעגנט אַ סך מענטשן, וועלכע זענען שפּעטער אַליין געוואָרן „וואַרטזאָגערס" פון דער מדינה, מענטשן, וועלכע זענען פאַר 1948 נישט געווען אינטים פאַרוועבט אין דער ציוניסטישער טעטיקייט און זענען איצט געווען געגנויגט צו פאַרוואַנדלען ישראל אין זייער לעבנסווערק; מענטשן, וואָס זענען שפּעטער געוואָרן מײַנע נאָענטע מיטאַרבעטערס ביים גרינדן דאָס ישראל־באָנדס־ווערק אין 1950. מײַנע פריִערדיקע נסיעות קיין אַמעריקע זענען געווען אין שליחות פון דער הסתדרות און כ'פלעג כּמעט מײַן גאַנצע צײַט פאַרברענגען מיט ציוניסטן־סאָציאַליסטן. אין 1948 האָב איך אָבער באַגעגנט אַ נײַע קאַטעגאָריע אַמעריקאַנער ייִדן — פאַרמעגלעכע, זייער פלײַסיקע און איבערגעגעבענע בלב־ונפש. לאָמיר צו ערשט דערמאָנען העגרי מאָנטאָרן גופא — ענערגיש, פעיִק און מיט טיפער זאָרג פאַר ישראל. ער האָט נישט געהאַט קיין רחמנות, נישט אויף זיך און נישט אויף אַנדערע, אין זײַן אָנשטרענגונג צו זאַמלען אַלץ העכערע סומעס געלט. עס זענען אויך געווען געשעפטסלײַט און אינדוסטריעלער, דער־פאַרענע און קלוגע, ווי ביל ראָזענוואַלד, סעם ראָטבערג, לו באָיאַר און האַראָלד גאָלדענבערג. מיט אָט די מענטשן האָב איך אין מײַן איילעניש דאָך באַוויזן צו רעדן, ווען אָפילו נאָר געציילטע מינוטן, איבער דער מעגלעכקייט צו פאַר־קויפן באָנדס פאַר ישראל, ווי אַ צוגאָב צו די אַפּעלן צום פילאַנטראָפּישן געפיל.

אָבער די גאַנצע צײַט האָב איך געוואָרט מיט אומרו אויף דער רגע ווען כ'וועל קענען צוריקפאָרן אַהיים, הגם כ'האָב שוין געוווּסט, אַז דאָס נײַ־געשאַ־

פענע אויסערן־מיניסטעריום און באַזונדערס דער נײַער אויסערן־מיניסטער, משה שרת, האָט געהאַט פאַר מיר אַנדערע פּלענער. דעם טאָג פאַר מײַן אָפּפאָר קיין אַמעריקע האָב איך זיך געטראָפן מיט שרתן אין מײַן האָטעל און ער האָט מיט מיר גערעדט וועגן די פּראָבלעמען פון געפינען פּאַסיקע מענטשן פאַר די אַמבאַ־סאַדעס און קאָנסולאַטן, וואָס מיר וועלן דאַרפן אויפשטעלן אין די לענדער וועלכע האָבן שוין געהאַט אָנערקענט אָדער האַלטן בײַם אָנערקענען די ייִדישע מדינה.

„איך האָב נישט קיין מענטש פאַר מאָסקווע" — האָט ער געזאָגט זייער באַזאָרגט. „גאָט צו דאַנקען וואָס איר קענט עס מיר נישט פאַרשלאָגן" — האָב איך זיך אָנגערופן — „רוסיש קען איך כּמעט אין גאַנצן נישט". „דאָס איז נישט וויכטיק" — האָט ער געענטפערט. ער האָט אָבער מער נישט גערעדט דערוועגן און איך האָב זיך באַמיט זיך צו באַציִען צום ענין ווי צו אַ גוטן וויץ. כאָטש אויף מײַנע רײַזעס פון שטאָט צו שטאָט פלעג איך אַ מאָל טראַכטן וועגן יענעם שמועס, האָב איך געהאַפט אַז שרת האָט שוין דעם ענין פאַרגעסן.

אָבער אין איינעם אַ טאָג האָב איך באַקומען אַ טעלעגראַם פון תּל־אָביב. כ'האָב אַ קוק געטאָן אויף דער אונטערשריפט, איידער כ'האָב נאָך גענומען לייענען דעם טעקסט, כּדי צו זײַן זיכער אַז דאָס איז נישט פון שרהן אָדער מנחמען (וואָס איז שוין געווען אין זײַן בריגאַדע און אין קאַמף). אָבער ווען כ'האָב דערזען דעם נאָמען „משה", האָב איך געוווסט, אַז עס האַנדלט זיך וועגן מאָסקווע און איך האָב זיך געדאַרפט אָננעמען מיט כּוח כּדי צו לייענען דעם אינהאַלט. די מדינה איז נאָך נישט אַלט געווען אַפילו קיין חודש; די מלחמה איז נאָך נישט געווען געענדיקט; די קינדער זענען נאָך נישט אויף קיין זיכער אָרט. איך האָב געהאַט אין ישראל אַ משפּחה און טײַערע פרײַנד, האָב איך געטראַכט, אַז עס איז טאַקע זייער נישט יושרדיק ווידער מיר צו הייסן פּאַקן מײַנע וואַליזעס און זיך לאָזן איבערנעמען אַ פּאָסטן, וואָס איז פאַר מיר אַזוי ווײַט און דער עיקר אומבאַקאַנט. „פאַר וואָס שטענדיק איך?" — האָב איך געפרעגט אין אַן אויסבראָך פון רחמנות מיט זיך אַליין. „עס זענען פאַראַן גענוג מענטשן וועלכע וואָלטן געקאָנט טאָן די זעלבע אַרבעט אַזוי גוט ווי איך און בעצם בעסער. און דווקא רוסלאַנד, דאָס לאַנד, וואָס איך האָב פאַרלאָזט ווי אַ קליין מיידעלע און וואָס האָט אין מיר נישט איבערגעלאָזט קיין איין אָנגענעמען אײַנדרוק. אין אַמעריקע, לפּחות, האָב איך געטאָן עפּעס וואָס איז רעאַל, ממשותדיק און פּראַקטיש, אָבער וואָס גייט מיך אָן און וואָס ווייס איך וועגן דיפּלאָמאַטיע?" צווישן אַלע מײַנע קאַלעגן — האָב איך געטראַכט — בין איך זיכער געווען צום ווייניקסטן צוגעפּאַסט צום דיפּלאָמאַטישן לעבנס־שטייגער. איך האָב אָבער פאַרשטאַנען, אַז שרת האָט באַקומען בן־גוריונס הסכּמה צו מײַן נאָמינאַציע און בן־גוריון איך דאַך זיכער נישט דער מענטש, וואָס מען קען אויף אים משפּיע זײַן אין ענינים פון אַ פּערזענלעכן כאַראַקטער.

אַחוץ דעם איז דאָס אויך געווען אַ פראַגע פון דיסציפּלין; האָב איך דען געקענט נישט פאָלגן, אָדער אַפילו אַפּעלירן, אין אַ צײַט ווען יעדער טאָג ברענגט מיט זיך ידיעות וועגן פרישע קרבנות? יעדער איינער דאַרף דערפילו זײַן פליכט און דאָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט יושר. איז עס דען אַזוי וויכטיק, וואָס איך גיי אויס צו זײַן אין ישראל? אַנדערע מענטשן בענקען נאָך זייערע קינדער, און ציטערן איבער זייער לעבן און געזונט. געווען אַן אויסטויש פון נאָך עטלעכע טעלעגראַמען און טעלעפאָנען און דערנאָך האָב איך געענטפערט שרתן, אַן איבעריקן ענטוזיאַזם, אָבער פּאָזיטיוו. „ווען כ׳וועל צוריקקומען קיין ישראל, וועל איך פרוּוון איבערצײַגן שרתן און בן־גוריונען, אַז זיי האָבן געהאַט אַ טעות" — האָב איך בײַ זיך באַשלאָסן, אָבער סוף יוני איז מײַן נאָמינאַציע ווי ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע שוין געוואָרן פאַרעפנטלעכט.

איך האָב זיך גענומען אַ טאָג פרײַ, כּדי צו זען מײַנע אַלטע פרײַנד אין ניו־יאָרק און זיך געזעגענען מיט די נײַע פרײַנד. איך בין געווען אַנטשלאָסן צו באַזוכן פאָר מײַן אָפּפאָר פּאָני און יעקב גודמאַן. נישט די קינדער און נישט איך האָבן איבערגעריסן דעם קאָנטאַקט מיט זיי און איך האָב געטראַכט, אַז ס׳וועט מיר שטאַרק פרייען צו פאַרברענגען אין איינעם אַ שעה אָדער צוויי, דערציילן זיי וועגן שׂרהן און זכריהן און וועגן שיינעס קינדער, וועלכע זיי האָבן שוין אַזוי לאַנג נישט געזען. איך בין אָבער צו זיי נישט דערפאָרן. אויפן וועג קיין ברוקלין האָט אַן אויטאָ זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט מײַן טעקסי. און אָט ליג איך מיט אַ צעבראָכענעם פוס, אַרײַנגעטאָן אין גיפּס און אין די נאָענטסטע וואָכן וועט מײַן אַדרעס נישט זײַן נישט מאָסקווע און נישט תּל־אָביב, נײַערט אַ שפּיטאָל אין ניו־יאָרק. ווען איך קוק איצט צוריק אויף יענער צײַט און יענער שטימונג מײַנער, טראַכט איך, אַז קיין שום זאַך (אַפילו נישט די אַדערן־אָנצינדונג און די בלוט־פאַרגליווערונגען, וואָס האָבן זיך בײַ מיר אַנטוויקלט), וואָלט מיך נישט געקענט איינהאַלטן אין שפּיטאָל, ווען נישט דער פאַקט, וואָס דעם 11טן יוני איז אַרײַנגעטראָטן אַ צײַטווײַליקער וואָפן־שטיל־שטאַנד אין די שלאַכטן אין ישראל.

דעם 11טן יוני איז אָפּגעשטעלט געוואָרן דער פאַרויסמאַרש פון דער אַראַבי־שער אינוואַזיע. עס איז דורכגעפאַלן דער מיצרישער פרוּוו איינצונעמען תּל־אָביב און ירושלים, כאָטש די ירדנער האָבן נאָך באַשאָסן ירושלים פון מיזרח און פון צפון און דער ייִדישער קוואַרטאַל אין דער אַלטשטאָט איז אַריבער אין די הענט פון אַבדאַללאַס אַראַבישן לעגיאָן. די סיריער, כאָטש זייער פאַרויס־מאַרש אין צפון איז אָפּגעשטעלט געוואָרן, האָבן נאָך אָנגעהאַלטן אַ בריקנקאָפּ איבערן ירדן און די איראַקער זענען נאָך געשטאַנען אַנטקעגן דעם שמאָלסטן טייל פון לאַנד אין שומרון. די פאַראייניקטע נאַציעס האָבן אין משך פון וואָכן געפרוּווט דערגרייכן אַ פײַער־אָפּשטעל, אָבער די אַראַבער זענען אין אים נישט

געווען פּאַראינטערעסירט, כל־זמן זײ האָבן געהאַט אַ האָפענונג צו באַזיגן ישראל. ערשט ווען ס׳איז פאַר זײ און אויך פאַר אונדז געוואָרן קלאָר אַז דאָס וועט נישט געשען, האָבן זײ מסכים געווען אויף אַ פײַער־אָפּשטעל — דער ערשטער וואָפן־שטילשטאַנד, וועלכער האָט אָנגעהאַלטן 28 טעג און אונדז געגעבן אַ מעגלעכקייט אָפּצורוען, צוזאַמענצונעמען אונדזערע כוחות און פּלאַנירן די גרויסע אָפענסיווע, וועלכע האָט טאַקע אין חודש יולי געמאַכט אַ סוף צו די סכּנות, וואָס האָבן נאָך באַדראָט תּל־אָביב און דעם פּליגל בײַם ים, דורכגעריסן די באַלאַגערונג פון ירושלים און צעשמעטערט אַלע וויכטיקסטע אַראַבישע באַזעס אין גליל.

טעאָרעטיש האָב איך, נישט געקוקט אויף די וויטיקן, געקענט אָפּכאַפּן דעם אָטעם אין שפּיטאָל, סײַ פיזיש, סײַ עמאָציאָנעל, אָבער פּאַקטיש בין איך די גאַנצע צײַט געווען אונטער אַ שרעקלעכן דרוק. עס האָבן מיך נישט געלאָזט צו רו די טעלעוויזיע־און פּרעסע־לײַט. אַ פרוי ווי אַן אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע איז אין 1948 ממילא געווען אַ נײַעס; הײַנט וואָס פאַר אַ מציאה איז שוין פאַר זײ געווען אַ פרוי, אַן אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע, וואָס פאַרטרעט די קליינע ישראל־מדינה, וועלכע שטייט אין אַ מלחמה און זי אַליין איז אין גאַנצן בייט־ראַליזירט אין ניו־יאָרק. איך שטעל זיך פאָר, אַז איך האָב זיך געקענט אָפּזאָגן צו געבן אינטערוויוען. הײַנט וואָלט איך זיכער אַזוי געהאַנדלט, בײַ ענלעכע אומשטאַנדן. אָבער דעמאָלט האָב איך געטראַכט, אַז פּובליסיטי איז גוט פאַר ישראל און איך האָב געהאַלטן אַז איך טאָר נישט אָפּשטויסן אַפילו איין איינציקן פּרעסע־פאָרשטייער, כאָטש די משפּחה און באַזונדערס קלאַראַ איז געווען אויסער זיך, זעענדיק דעם צירק וואָס איז אָנגעגאַנגען אין מײַן צימער, אָן איבעררײַס.

אָבער אַ סך ערגער איז געווען דער דרוק אויף מיר, כ׳זאָל פאָרן קיין מאָסקווע. מען האָט מיך פשוט באַמבאַרדירט מיט טעלעגראַמען פון ישראל: „ווען קענסטו פאַרלאָזן ניו־יאָרק?״ „ווען קענסטו איבערנעמען דעם פּאָסטן?״ „ווי פילסטו זיך?״ אין צווישן האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען אין ישראל, אַז מײַן קרענק איז אַ „דיפּלאָמאַטישע״ און אַז פּאַקטיש האָט קיין שום זאַך נישט פּאַסירט, נאָר איך וויל פשוט נישט פאָרן קיין רוסלאַנד. אויב די דאָזיקע רכילותן זענען נישט געווען גענוג, האָבן זיך נאָך פאַרשפּרייט אָנצוהערענישן, אַז די סאָוועטישע רעגירונג איז באַליידיקט פון מײַן מכלומרשטער קרענק, וואָס איז כּאילו אַ מאַנעווער אײַנצוהאַלטן דעם אויסטויש פון אַמבאַסאַדאָרן און אַז אונדזער כּוונה איז אַז דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר זאָל אָנקומען קיין ישראל דער ערשטער און ווערן אַזוי אַרום דער דעקאַן פון דיפּלאָמאַטישן קאָרפּוס. דאָס אַלץ זענען געווען זאַכן, צו וועלכע איך האָב זיך געדאַרפט באַציִען מיט גרויס ערנסט, נישט רעכענענדיק זיך מיט מײַן געזונט־צושטאַנד. דאָס איינציקע, וואָס איז מ׳יר דעריבער געבליבן צו טאָן, איז געווען אָנהויבן צושטיין צו די דאָקטוירים, זײ

זאָלן מיר דערלויבן צו פֿאַרלאָזן דאָס שפּיטאָל. דאָס איז, פֿאַרשטייט זיך, געווען אַ נאַרישקייט פֿון מײַן זײַט, ווײַל כ׳האָב געדאַרפֿט בלײַבן אין ניו־יאָרק, ביז כ׳וועל זײַן פֿולשטענדיק געזונט. סײַ אונדזער אויסערן־מיניסטעריום, סײַ דער סאָוועטישער אויסערן־מיניסטעריום וואָלטן געבליבן לעבן עטלעכע וואָכן אָן מיר, און איך וואָלט זיך פֿאַרשפּאָרט אַ סך צרות און לפּחות נאָך אָן אָפּעראַציע, וועלכע מען האָט מיר שפּעטער געמוזט מאַכן. אויף אָן עפּנטלעכן פּאָסטן פֿאַרלירט דער מענטש אָפּט, אין אַ געוויסן זינען, דעם חוש פֿאַר פּראָפּאָרציע. איך בין געווען איבערצײַגט, אַז אויב כ׳וועל נישט באַווײַזן צו קומען קיין מאָסקווע ווי צום שנעלסטן, וועט זיך שאַפֿן אַ מוראדיקער קריזיס.

ווען כ׳בין צוריקגעקומען קיין ישׂראל, האָב איך וואָס אָן אמת געפּרוּווט ווירקן אויף שרתן ער זאָל אָפּלאָזן דעם גאַנצן ענין, אָבער איצט האָב איך עס שוין נישט געטאָן מיטן גאַנצן האַרץ. אין איינעם אַ טאָג האָב איך געהערט אָן אינטערעסאַנטע געשיכטע, וואָס האָט מיך אויפֿגעמונטערט: אהוד אַבריאל, איינער פֿון די „הגנה״־מענטשן, וואָס האָט אויפֿגעטאָן מער ווי יעדער אַנדערער בײַם אײַנשאַפֿן פֿאַר אונדז געווער אין טשעכאָסלאָוואַקיע און איז שפּעטער געוואָרן ישׂראלס ערשטער אַמבאַסאַדאָר אין פּראָג, איז אײַנגעלאַדן געוואָרן אויף אַ געשפּרעך מיטן סאָוועטישן אַמבאַסאַדאָר אין פּראָג. בעתן שמועס האָט דער רוס זיך אָנגערופֿן צו אַבריאלן „איך גלייב, אַז איר זוכט אַ מענטשן צו שיקן קיין מאָסקווע. מיינט נישט, אַז דאָס דאַרף זײַן אַ מענטש וואָס רעדט פֿליסיק רוסיש, אָדער איז אַ ספּעציאַליסט אין מאַרקסיזם־לעניניזם. קיין איינע פֿון אָט די קוואַליפֿיקאַציעס איז נישט בײַטיק״. נאָך אַ ווײַלע, ווי אָן שום שײַכות, האָט ער געזאָגט צו אַבריאלן: „אַגב, וואָס איז געשען מיט דער פֿרוי מאירסאָן? בלײַבט זי אין ישׂראל אָדער האָט זי אַנדערע פּלענער!״ דאָס האָט געדאַרפֿט באַווײַזן מײַנע פֿרײַנד און אויך שרתן, אַז די רוסן האָבן, אויף זייער אופֿן, געבעטן מען זאָל מיך שיקן. האָב איך אַנדערש אָנגעהויבן טראַכטן וועגן מײַן פֿאָרן.

זייענדיק אין שפּיטאָל האָב איך אין איינעם אַ פֿרימאָרגן באַקומען אַ טעלע־גראַם פֿון תּל־אָביב מיט דער פֿראַגע: „צי ביסטו קעגן דעם מ׳זאָל נאָמינירן שׂרהן און זכריהן ווי ראַדיאָ־טעלעגראַפֿיסטן בײַ דער אַמבאַסאַדע אין מאָסקווע?״ איך בין געווען זייער גערירט און אויך דאַנקבאַר; צו האָבן שׂרהן מיט זכריהן מיט זיך אין רוסלאַנד, איז כּמעט ווערט געווען צו זײַן פֿאַרשיקט פֿון ישׂראל. דאָס ערשטע וואָס איך האָב געטאָן צוריקקומענדיק קיין תּל־אָביב, איז געווען צו פֿרעגן שׂיינען, צי שׂרה און זכריה וואָלטן געקענט חתונה האָבן אינעם קליינעם הויז וואָס שמאי און זי האָבן אויפֿגעבויט מיט יאָרן צוריק. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז דאָס זאָל זײַן אָן אמתע משפּחה־חתונה, מיט ווייניק „פֿרעמדע״ געסט. מײַן פֿאָטער איז געשטאָרבן אין 1946 (נאָך איינער פֿון מײַנע נאָענטע מענטשן וואָס

האָבן נישט דערלעבט צו זען די מדינה). און מײַן מאַמע, נעבעך, האָט זינט טעלעכעס יאָר פאַרלוירן איר זכּרון און קוים געזען אויף די אויגן. זי איז ממש אויסגעגאַנגען און ס'איז כּמעט נישט געבליבן קיין זכר פון דער ענערגישער און פּיקחותדיקער פרוי, וואָס זי איז געווען אַ מאָל. אָבער ס'איז געווען מאָריס, איידל ווי שטענדיק און שטראַלנדיק פאַר שטאָלץ, און זכריהס עלטערן. זײַן פאָטער איז געקומען קיין ארץ־ישראל פון תּימן, ווען די טערקן האָבן נאָך געהערשט אין לאַנד. ער איז געווען זייער אָרעם, זייער רעליגיעז, אָן פאָרמעלער בילדונג, אַחוץ תּורה, אָבער ער האָט דערצויגן אַ וווּנדערלעכע, ליבע פאַמיליע, הגם זכריה גופא איז שוין געווען ווײַט פון די תּימנער מינהגים און טראַדיציעס.

ווידער בין איך אַרײַן ווינען אין אַ האָטעל בײַם ים. שרה איז געקומען מיט אַן עראָפּלאַן פון רביבים און זיך אַרײַנגעצויגן צו מיר אויף עטלעכע טעג. זכריה, וואָס איז זינט עטלעכע וואָכן געווען זייער קראַנק, געלעגן אין אַ שפּיטאָל נעבן תּל־אָביב, איז ענדגילטיק באַפרייט געוואָרן פון מיליטער. פון אונדזער גאַנצער משפּחה האָבן געפעלט אויף דער חתונה, אין שיינעס גאָרטן, קלאַראַ און מנחם. איך האָב געטראַכט, ווי אַנדערש ס'האָט אויסגעזען מײַן חתונה, ווי אַנדערש עס זענען געווען די אומשטאַנדן, בײַ וועלכע זי איז פאָרגעקומען און ווי אַנדערש מאָריס און איך האָבן אָנגעהויבן אונדזער צוזאַמענלעבן. איצט איז נישט געווען דער מאָמענט צו טראַכטן וועער ס'איז שולדיק וואָס אונדזער היים איז זיך צעפאַלן, אָבער איך האָב געפילט, אַז שרה און זכריה, הגם אין זעלבן עלטער ווי מיר, ווען מיר זענען געשטאַנען אונטער דער חופּה אין מילוואָקי, זענען מער דערוואַקסן און בעסער צוגעפּאַסט איינער צום אַנדערן און אַז זיי וועלן מצליח זײַן דאָרט ווו מיר זענען דורכגעפאַלן.

צווישן איין פּאַרטיי־זיצונג און דער אַנדערער האָב איך געלערנט וועגן דעם ראַטן־פאַרבאַנד און ביז געווען פאַרנומען מיטן צוגרייטן אונדזער נסיעה, אָבער בעיקר האָב איך קאָנצענטרירט מײַן געדאַנק אויף דער פראַגע וואָס פאַר אַ כאַראַקטער עס דאַרף האָבן אַ ישראלדיקע פאַרשטייערשאַפט אין ראַטן־פאַרבאַנד. ווי אַזוי מיר ווילן אויסזען אין אויסלאַנד ? וואָס ווילן מיר, זאָל מען אין דער וועלט בכלל און אין ראַטן־פאַרבאַנד בפרט טראַכטן וועגן ישראל ? וואָס פאַר אַ מדינה שאַפן מיר און ווי קענען מיר צום בעסטן באַווײַזן איר כאַראַקטער ? וואָס מער איך האָב וועגן דעם געטראַכט, אַלץ שטאַרקער איז געווען מײַן איבערצײַגונג, אַז מיר דאַרפן נישט נאָכמאַכן די פאַרשטייערשאַפטן פון אַנדערע לענדער. ישראל איז קליין, אָרעם און נאָך אַלץ אין קריג. איר רעגירונג איז נאָך אַלץ אַ צײַטווײַליקע (די ערשטע כּנסת־וואַלן זענען פאָרגעקומען אין יאַנואַר 1949), אָבער דער רוב מיטגלידער אירע וועלן זיכער געהערן צו דער אַרבעט־באַוועגונג. אונדזער פּנים צו דער וועלט, בין איך געווען איבערצײַגט, דאַרף נישט טראָגן קיין קאָסמעטישע באַפּוצונג. מיר האָבן אויפגעשטעלט אַ חלוצישע

מדינה אין אַ שווער באַלאַגערט לאַנד, אָן נאַטירלעכע אָדער וועלכע עס איז אַנדערע רײַכטימער, אַ מדינה, אין וועלכער הונדערטער טויזנטער אויסגעוואָר־צלטע מענטשן, אָן שום באַזיץ, שטראָמען מיט דער האָפענונג צו בויען פאַר זיך אַ נײַ לעבן. אויב מיר ווילן, אַז אַנדערע מלוכות זאָלן אונדז פאַרשטיין און רעספּעקטירן, מוזן מיר מחוץ דער היים זײַן די זעלבע וואָס מיר זענען אין דער היים. רײַכע אויפנאַמעס, גרויסע אַפּאַרטאַמענטן, אָדער אַנדערע הוצאות וואָס וואַרפן זיך אין די אויגן — זענען נישט פאַר אונדז. שפּאַרעוודיקייט, באַשיי־דנקייט און אַ געפיל פון אונדזער אייגענעם ווערט און ציל — אַט וואָס מיר האָבן געקענט פאַרשלאָגן, וואָרעם יעדע אַנדערע זאַך וואָלט געווען פאַלש.

אין משך פון דער גאַנצער צײַט וואָס איך האָב געטראַכט אויף אַזאַ אופן, האָט עפּעס געקעבערט אין מײַן מוח, ביז אין איינעם אַ טאָג איז מיר קלאָר געוואָרן וואָס איך וויל. די פאַרשטייערשאַפט אין מאָסקווע וועט זיך פירן אין סאַמע כאַראַקטעריסטישסטן ישראלדיקן סטיל, וואָס איך האָב געקענט: אַזוי ווי אַ קיבוץ. מיר וועלן אַרבעטן צוזאַמען, עסן צוזאַמען, באַקומען דעם זעלבן סכום געלט פאַר קליינע אויסגאַבעס און וועלן לויט דער ריי טאָן די אַרבעטן וואָס דאַרפן געטאָן ווערן. אַזוי ווי אין מרחביה אָדער ווי אין רביבים, וועט יעדער דאַרפן טאָן די אַרבעט, צו וועלכער מען האָט אים צוגעגרייט און צו וועלכער ער איז געווען צוגעפּאַסט לויט דער מיינונג פון אונדזער אויסערן־מיניסטעריום, אָבער דער גײַסט פון דער געזאַנדשאַפט, איר אַטמאָספער און אַראָמאַט וועלן דאַרפן זײַן ווי פון אַ קאָלעקטיווער קאָלאָניע, אַ זאַך וואָס וועט, נאָך אַלעמען, ווי כ׳האָב געטראַכט, זיין ספּעציעל צוציִענדיק פאַר די רוסן (און נישט דערפאַר ווײַל זייער סאָרט קאָלעקטיוויזם איז נישט געווען און איז נישט אַזאַ, אַז מ׳זאָל פון אים נתפעל ווערן). מיר האָבן געזאָלט זײַן בסך הכּל 26 מאַן, אַרײַנגערעכנט שרה, זכריה, איך און דער ראַטגעבער מרדכי נמיר, אַן אַלמן, וואָס האָט מיטגעבראַכט מיט זיך זײַן פופצן־יאָריקע טאָכטער, יעל (נמיר איז דערנאָך געווען ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין רוסלאַנד און שפּעטער אונדזער אַרבעטס־מיניסטער. אין משך פון צען יאָר איז ער געווען דער ראש־העיר פון תּל־אָביב). פאַר מײַן פּערזענלעכע מיטהעלפערין האָב איך אויסגעקליבן אַ באַצוי־בערנדיקע פרוי, אייגאַ שאַפּירא, וואָס האָט נישט נאָר געקענט רוסיש, נײַערט אויך אַ סך מער פון מיר געוווּסט וועגן די סובטעלקייטן פון לעבן און איך בין געווען זיכער, אַז מען קען איר אָנפאַרטרויען אַזעלכע זאַכן (וואָס מיך האָבן זיי געשראָקן), ווי דעצידירן וואָס פאַר אַ מעבל און מלבושים די מענטשן אין דער געזאַנדשאַפט און די אַמבאַסאַדאָרשע גופא וועלן דאַרפן.

נאָך איידער כ׳האָב זיך אומגעקערט קיין תל־אָביב האָב איך געשריבן צו אייגאַן און זי געבעטן זי זאָל מיט מיר מיטפאָרן, אויב כ׳וועל טאַקע פאָרן קיין מאָסקווע און צו מײַן גרויסער פרייד האָט זי גלײַך מסכּים געווען. עס ליגט איצט

פֿאַר מיר איינער פֿון די בריוו, וואָס זי האָט מיר געשיקט קיין ניו־יאָרק, סוף יוני, אַנווײַזנדיק וואָס עס מיינט שיקן אַ פּרוי אויפֿן העכסטן דיפּלאָמאַטישן פּאָסטן — באַזונדערס אַזאַ פּרוי ווי איך, וואָס איז אַזוי דעצידירט, אַז איר לעבן אין רוסלאַנד זאָל זײַן ענלעך צו איר לעבן אין לאַנד.

„איך האָב געהאַט אַ שמועס מיט אהודן" — האָט אייגאַ געשריבן — „ער זאָגט, אַז מיר וועלן דאַרפֿן שטאַרק מקפּיד זײַן אויף אונדזער לעבנס־שטייגער און מאַנירן. און וואָס איז גאַלדע, מכּוח אַ פֿוטער־מאַנטל פֿאַר דיר? דאָרטן איז זייער קאַלט און מענטשן טראָגן דאָרט ווינטער־פּעלצן. דאַרפֿסט נישט קויפֿן קיין מינק, אָבער אַ גוטער פּערסישער קאַראַקול וועט זײַן זייער ניצלעך. דו וועסט אויך דאַרפֿן עטלעכע אָוונט־קליידער און קויף זיך וואָלענע זאַכן, וואַרעמע נאַכטהעמדער, וואָלענע זאָקן און וואָלענע אונטערוועש. קויף זיך אויך אַ פּאָר גוטע שיך פֿאַרן שניי".

פֿאַרשטייט זיך, אַז די פֿראַגע פֿון קליידער האָט בײַ מיר נישט פֿאַרנומען דאָס וויכטיקסטע אָרט, אָבער אויף אַ מאָמענט האָב איך באַדויערט וואָס מיר האָבן נישט קיין נאַציאָנאַלן לבוש, וואָס וואָלט געלייזט כאָטש איין פּראָבלעם פֿאַר מיר, ווי ער האָט זי געלייזט פֿאַר דער פּרוי פּאַנדיט, די איינציקע דיפּלאָמאַטין וואָס איז געווען אין מאָסקווע חוץ מיר, און וואָס האָט געטראָגן איר „סאַרי", בײַ אַלע צערעמאָניעלע געלעגנהייטן. צום סוף האָב איך מיט אייגאַן באַשלאָסן, אַז בײַם איבערגעבן מײַן באַפֿולמעכטיקונג, וועל איך טראָגן אַ לאַנג שוואַרץ קלייד, וואָס מ'האָט מיר אויפֿגעניייט אין תּל־אָביב. אויב עס וועט נייטיק זײַן, וועל איך דערצו טראָגן אַ קליינעם סאַמעטענעם שוואַרצן הוט. וואָס שייך דעם מעבלירן די געזאַנדשאַפֿט, האָט זיך אייגאַ אונטערגענומען צו קויפֿן דאָס נייטיקע מעבל אין סקאַנדינאַוויע, ווען מיר וועלן געפֿינען אַ סטאַבילע וווינונג אין מאָסקווע. דערווײַל וועלן מיר אויפֿשטעלן אונדזער „קיבוץ" אין אַ האָטעל. עס איז אויך געווען די פֿראַגע פֿון געפֿינען און מיטנעמען מיט זיך קיין רוסלאַנד אַ מענטשן מיט אַ פּערפֿעקטן פֿראַנצויזיש, וואָרעם מען האָט באַשלאָסן, אַז פֿראַנצויזיש וועט זײַן ישראלס דיפּלאָמאַטישע שפּראַך. אייגאַ האָט מיר פֿאַרגעשטעלט אַ קלוגע, אַמוזירנדיקע און זייער דאַרע יונגע פּרוי, מיטן נאָמען לו קאַדאַר, אַ געבוירענע אין פּאַריז. איר פֿראַנצויזיש איז געווען אויסגעצייכנט. זי האָט זיך געפֿונען אין ירושלים דורך דער גאַנצער צײַט פֿון דער באַלאַגערונג און איז דאָרט שווער פֿאַרווונדיקט געוואָרן, זי איז מיר געפֿעלן פֿון דער ערשטער מינוט וואָס איך האָב זי געזען און דאָס איז געווען מײַן מזל, ווײַל אין די קומענדיקע זיבן און צוואַנציק יאָר איז זי געווען מײַן נאָענטסטע פֿרײַנדין, מײַן מיטהעלפֿערין, פֿון וועלכער איך קען זיך נישט אָפּזאָגן און גאָר אָפֿט איז זי געווען מײַן רײַזע־באַגלייטערין. העיקר, זי איז מסכּים געווען צו פֿאָרן מיט אונדז קיין רוסלאַנד.

יענעם זומער בין איך נאָך לאַנג פאַרבליבן אין ישראל און כ'האָב נאָך באַוויזן צו באַגריסן דעם ערשטן אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין ישראל, דזשיימס מאַקדאָנאַלד, דעם אויפריכטיקן און וואַרעמען דזשענטלמען, וועמען איך האָב שוין געקענט פון פריִער, און באַוויזן אויך זיך צו טרעפן מיטן רוסישן אַמבאַסאַ־דאָר, פּאַוועל א. יערשאָוו. ס'איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער נײַקייט פון אונדזער מדינה — און פאַרן מאַנגל פון פּאַסיקע קוואַרטירן — וואָס די אַמע־ריקאַנער און סאָוועטישע געזאַנדשאַפטן זענען אײַנגעשטאַנען אין זעלבן האָטעל, נישט ווײַט פון מײַנעם און איך האָב ממש נישט געקענט זיך צוגעווינען צו זען די אַמעריקאַנער פאָן פלאַטערן פון איין זײַט האָטעל און די רוסישע פון דער צווייטער. אין די ערשטע וואָכן פון אָט דער „קאָעקסיסטענץ" זענען פאַר־געקומען פאַרשיידענע „אינצידענטן". איך געדענק, למשל, אַ גאַלאַ־אָוונט אין דער ישראלדיקער נאַציאָנאַלער אָפּערע. דער אָרקעסטער האָט צו ערשט געשפּילט „התקווה" און דערנאָך, לכּבוד מאַקדאָנאַלדן, דעם אַמעריקאַנער הימן, אָבער נישט דעם „אינטערנאַציאָנאַל", הגם יערשאָווס ראַטגעבער איז געווען אין זאַל. נאָכן איבעררײַס, האָט ער מיט זײַן גרופּע רעשיק פאַרלאָזט דעם זאַל. אין אונדזער אויסערן־מיניסטעריום האָט יעדער געציטערט ביז יערשאָוו אַליין האָט באַוויליקט אָנצונעמען אונדזער אויפקלערונג, אַז ווען ער וואָלט דאָרט געווען, וואָלט מען זיכער געשפּילט דעם סאָוועטישן הימן. הײַנט זעען אויס אָט די קליינע אינצי־דענטן לעכערלעך, אָבער דעמאָלט האָבן מיר זיך באַצויגן צו זיי גאָר ערנסט. יעדע קלייניקייט האָט אונדז אויסגעזען וויכטיק. שרת איז בטבע געווען אַ שטרענג, אי ביז גאָר פּילעוודיק; ער האָט געהאַלטן, אַגב פּונקט ווי די רוסן, אַז דער פּראָטאָקאָל איז פון דער גרעסטער וויכטיקייט, כאָטש איך האָב קיין מאָל נישט געקענט באַנעמען פאַר וואָס.

דער צווייטער וואָפן־איבעררײַס איז פאָרגעקומען דעם 19טן יולי און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן לאַנגע און ווייטיקלעכע אונטערהאַנדלונגען וועגן דעם נגב, וואָס דער שוועדישער גראַף פאָלקע בערנאַדאָט, דער אונ"אָ־פאַרמיטלער, האָט רעקאָ־מענדירט איבערצוגעבן די אַראַבער. היות ווי ער איז בעצם געווען אַ בורר, איז זײַן שטעלונג געווען זייער ווײַט פון נייטראַלקייט און ער איז געוואָרן שטאַרק אומסימפּאַטיש, באַזונדערס נאָך דעם ווי ער האָט פאָרגעשלאָגן אַז ירושלים זאָל אָפּגעריסן ווערן פון דער יִדישער מדינה און די אונ"אָ זאָל קאָנטראָלירן ישראלס לופט־ און ים־פּאָרטן. איין גאָט איז אָן עדות, אַז אַזעלכע רעקאָמענדאַציעס האָט מען נישט געקענט אָננעמען און זיי האָבן בלויז באַוויזן, אַז בערנאַדאָט האָט קיין מאָל נישט פאַרשטאַנען וואָס ס'שטעלט מיט זיך פאַר די יִדישע מדינה. צו זײַן טויט איז אָבער זיכער נישט קיין פאַרברעכן, דעריבער בין איך אויפגע־טרייסלט געוואָרן ווען כ'האָב זיך דערוווּסט דעם 7טן סעפּטעמבער, בלויז צוויי וואָכן נאָך מײַן אָנקומען קיין מאָסקווע, אַז בערנאַדאָט איז דערשאָסן געוואָרן

אויף אַ שטילער גאַס אין ירושלים (כאָטש מען האָט קיין מאָל נישט אויסגעפונען די מערדערס, האָבן מיר געוווּסט, אַז אין דער וועלט וועט מען אָננעמען, אַז זיי זענען געווען ייִדן). איך האָב געמיינט, אַז עס איז סוף וועלט און איך וואָלט אַלץ געווען אַוועקגעגעבן, אַבי כ׳זאָל קענען פליִען אַהיים און זייַן דאָרט במשך דעם קריזיס, וואָס איז אַנטשטאַנען ווי אַ רעזולטאַט פונעם אַטענטאַט. אָבער איך בין שוין דעמאָלט געווען שטאַרק אַרייַנגעטאָן אין דעם לגמרי נייַעם לעבנס־שטייגער, וואָס האָט פון מיר אַזוי פיל געפאָדערט.

קאַפּיטל ניין

# אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע

מיר זענען אָנגעקומען קיין מאָסקווע (דורך פּראָג) דעם 3טן סעפּטעמבער 1948, אין אַ גרויען רעגנדיקן נאָכמיטאָג. דאָס ערשטע וואָס מיר האָבן געהערט פון די באַאַמטע אין סאָוועטישן אויסערן־מיניסטעריום, וועלכע האָבן אונדז אָפּגעוואַרט אויפן פּליפּלאַץ, איז געווען, אַז עס וועט מסתּמא זיין שווער זיך צו דערשלאָגן צום האָטעל, ווייל אין שטאָט קומט פאָר די לוויה פון אַנדריי זשדאַנאָוו, איינעם פון סטאַלינס נאָענטסטע מיטאַרבעטער. דערפאַר זענען מיינע ערשטע איינדרוקן פון ראָטן־פאַרבאַנד געווען די לענג און די ערנסטקייט פון אָט דער לוויה און די הונדערטער טויזנטער — אפשר מיליאָנען — וואָס מיר האָבן געזען אויף די גאַסן אויף אונדזער וועג צום האָטעל „מעטראָפּאָל". דער האָטעל, באַשטימט ספּעציעל פאַר אויסלענדער, האָט אויסגעזען ווי ער וואָלט געהערט צו אַן אַנדער תּקופה. די צימערן — זייער גרויסע מיט די קרישטאָלענע קאַנדעלאַבערס, לאַנגע סאַמעטענע פאָרהאַנגען, טיף געבעטעטע פּליושענע פאָטעלן; אין איין צימער איז אַפילו געווען אַ קלאַוויר. אויף יעדן שטאָק איז געזעסן אַן עלטערע, שטרענגע פרוי, וועמען מען פלעגט איבערגעבן די שליסל ביים אַרויסגיין; ס'איז אָבער געווען קלאָר אַז איר פליכט איז געווען צו באַריכטן דער קאַ־גע־בע וועגן די געסט, כאָטש זי איז אַוודאי נישט געווען דער איינציקער אינפאָרמאַציע־קוואַל. מיר האָבן קיין מאָל נישט געפונען אין אונדזערע צימערן קיין מיקראָפאָנען, הגם מיר האָבן זיי שטענדיק געזוכט. די מיטגלידער פון דיפּלאָמאַטישן קאָרפּוס אין מאָסקווע האָבן גאָר קיין ספק נישט געהאַט, אַז עס ווערט אויפגענומען אויף אַ טאַשמע יעדעס וואָרט וואָס איך רעד אַרויס אין מיין צוויי־צימערדיקער דירה אינעם האָטעל, ווו איך האָב געוווינט צוזאַמען מיט שרהן און זכריהן.

נאָך אַ וואָך וווינען אין האָטעל, האָב איך באַנומען, אַז מיר וועלן דאַרפן אָנהייבן, אַזוי גיך ווי מעגלעך, אונדזער לעבן אויפן קיבוצישן שטייגער, אַנישט וועלן מיר בלייבן אָן אַ גראָשן. דאָס יקרות איז געווען אין־לשער און דער ערשטער האָטעל־חשבון האָט מיך ממש פּריטשמעלעט. „עס איז פאַראַן נאָר איין אופן זיך איינצואָרדענען מיט אונדזער באַשיידענעם בודזשעט" — האָב איך געזאָגט צו אונדזער פּערסאָנאַל — „דאָס מיינט עסן נאָר איין מאָל אין טאָג אין האָטעל. איך וועל באַזאָרגן שפּייז פאַר פרישטיק און אוונטברויט און פרייטיק־צו־נאַכטס וועלן מיר עסן די הויפּט־סעודה צוזאַמען אין אָוונט". צו

מאַרגנס בין איך מיט לו קאַדאַר אַוועק אײַנקויפֿן עלעקטרישע אײוועלעך, זײ אײַנגעטײלט אין יעדן פֿון אונדזערע צימערן, צוזאַמען מיט פֿאַרצעלײַ־כּלים און גאָפּל־מעסער, געבאַרגטע אין האָטעל, װײַל מען האָט עס נישט געקענט באַקומען צו קויפֿן אין נאָכמלחמהדיקן מאָסקווע. וואָס שייך שפּײַז, האָב איך מיט לו איין מאָל אָדער צוויי מאָל אין דער וואָך אָנגעפּילט אונדזערע קוישן מיט קעז, וואורשטן, ברויט, פּוטער און אייער (דאָס האָבן מיר געקויפֿט אויפֿן מאַרק, ווו ס׳איז געווען אַ ביסל ביליקער ווי אין די געשעפֿטן) און זיי געהאַלטן צווישן די גרויסע טאָפּל־פֿענצטער פֿון אונדזערע צימערן, כּדי זיי זאָלן נישט קאַליע ווערן. אויף די שבתים פֿלעג איך צוגרייטן אַ מין שפּעטן פֿרישטיק פֿאַר מײַן פֿאַמיליע (אויך פֿאַר די בחורים, פֿאַר אייגאַן און לו), געקאָכט אויף אַ הייסער פּלאַטע אין עסצימער פֿון האָטעל.

מיר דאַכט, אַז דאָס פֿאָרן אויפֿן מאַרק, פֿרי, אין די ווינטערדיקע פֿראָסטיקע פֿרימאָרגנס,איז געווען דאָס אָנגענעמסטע וואָס איך האָב אין משך פֿון מײַנע זיבן חדשים געטאָן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. נישט לו און נישט איך האָבן גערעדט רוסיש, אָבער די פּויערים אויפֿן מאַרק האָבן אונדז זייער פֿײַן באַהאַנדלט, שטענדיק געהאַט געדולד צו אונדז, געשמייכלט און מיט זשעסטן דערקלערט, אַז איידער מיר קויפֿן, מעגן מיר טועם זײַן פֿון די זאַכן. ווי דער רוב מענטשן, בין איך געווען באַצויבערט פֿון דער פֿריינלעכקייט, פֿון דער אויפֿריכטיקייט און וואַרעמקייט פֿונעם דורכשניטלעכן רוסישן מענטשן, כאָטש, ווי אַ סאָציאַ־ליסטין האָט מיך פֿאַרשטייט זיך שטאַרק שאָקירט דאָס וואָס כ׳האָב געזען אין דער מכּלומרשט קלאַסנלאָזער סאָוועטישער געזעלשאַפֿט. כ׳האָב נישט געגלייבט מײַנע אויגן, ווען, פֿאָרנדיק דורך די גאַסן פֿון מאָסקווע, האָב איך געזען מיטל־יאָריקע פֿרויען גראָבן ראָוון און קערן די גאַסן, זייערע פֿיס אַרומגעבונדן מיט שמאַטעס, בײַ פֿערציק גראַד אונטער נול, בעת אַנדערע פֿרויען פֿלעגן זיך אַרײַנ־זעצן אין די ריזיקע, גלאַנצנדיקע אויטאָס, אָנגעטאָן אין פֿעלצן און הויכע קנאָפּל.

פֿון סאַמע אָנהייב האָב איך אײַנגעפֿירט בײַ זיך אַן „אָפֿענע שטוב" אין די פֿרײַטיק־צו־נאַכטסן. איך האָב געהאָפֿט, אַז מענטשן וועלן אַרײַנקומען — ווי ס׳פֿירט זיך אין ישראל — אויף אַ גלאָז טיי מיט קוכן; אָבער דאָס איז געווען אַ נאַיִווע האָפֿענונג, הגם די טראַדיציע פֿון די פֿרײַטיק־צו־נאַכטסן האָט אָנגעהאַלטן לאַנג נאָך מײַן פֿאַרלאָזן מאָסקווע. ס׳פֿלעגן אַרײַנקומען צײַטונגס־מענטשן, ייִדן און נישט ייִדן פֿון אַנדערע אַמבאַסאַדעס, דורכרײַזנדיקע ייִדישע סוחרים (למשל פּוטער־סוחרים פֿון אַמעריקע), אָבער קיין מאָל נישט קיין רוסן און נישט קיין רוסישע ייִדן. וועגן דעם וועל איך נאָך שרײַבן שפּעטער.

מײַן ערשטע אַרבעט איז געווען שרײַבן אַן אָפֿיציעלן קאָנדאָלענץ־בריוו דעם סאָוועטישן אויסערן־מיניסטער, מאָלאָטאָוו, אין שײַכות מיט זשדאַנאָווס טויט און דערנאָך פֿאַרלייגן מײַן פֿלעניפּאָטענץ. דער פּרעזידענט פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד,

מיכאל שווערניק, איז נישט געווען אין שטאָט, איז די צערעמאָניע פאָרגעקומען אין דעם בײַזײַן פון וויצע־פּרעזידענט. כ׳וועל נישט לייקענען, אַז כ׳בין געווען זייער נערוועז. וואָס וועט זײַן אויב כ׳וועל זאָגן אָדער טאָן עפּעס וואָס איז נישט ריכטיק? די קאָנסעקווענצן פאַר ישראל קענען דאָך זײַן קריטישע. און טאָמער וועל איך אָנטוישן די רוסן? מיר איז קיין מאָל פריִער נישט אויסגעקומען צו טאָן אַזאַ אַרבעט און איך בין געווען דורכגעדרונגען מיטן געפיל פון אחריות. אָבער אייגאַ האָט מיך באַרויִקט. זי האָט מיך איבערצײַגט צו טראָגן אירע פּערל און, אין דער באַגלייטונג פון נמיר, אריה לבבי (אונדזער ערשטער סעקרעטאַר) און יוחנן ראַטנער (אונדזער מיליטערישער אַטאַשע) בין איך רויִק אַוועק אָנטייל נעמען אינעם קורצן צערעמאָניאַל, וואָס האָט פאַקטיש באַצייכנט דעם אָנהייב פון דער אָפיציעלער עקזיסטענץ פון דער ישראל־אַמבאַסאַדע אין ראַטן־פאַרבאַנד. נאָך דעם ווי מען האָט איבערגעלייענט די דאָקומענטן, האָב איך געהאַלטן אַ קורצע רעדע אין עברית (מיר האָבן זי געהאַט פריִער צוגעשיקט צום סאָוועטישן שעף פון פּראָטאָקאָל, ער זאָל קענען צוגרייטן די איבערזעצונג), דערנאָך האָט מען מיך מכבד געווען מיט אַ באַשיידענער אָבער אָנגענעמער אויפנאַמע.

איצט, אַז די הויפּט־פאָרמאַליטעט איז דערליידיקט געוואָרן, האָב איך בלב־ובנפש געוואָלט קומען אין פאַרבינדונג מיט די ייִדן. איך האָב שוין געהאַט געזאָגט מײַן פּערסאָנאַל, אַז באַלד ווי איך וועל צושטעלן מײַן פּלעניפּאָטענץ, וועלן מיר אַלע גיין אין שול אַרײַן. דאָרט, מער ווי אומעטום, בין איך געווען זיכער, וועלן מיר טרעפן ייִדן פון רוסלאַנד, פון וועלכע מיר זענען געווען פונאַנדערגעשיידט אין משך פון דרײַסיק יאָר, זינט דער רעוואָלוציע, און וועגן וועלכע מיר האָבן כּמעט גאָרנישט געוווּסט. וואָס פאַר אַ מין מענטשן זענען זיי? וואָס איז פאַרבליבן פון זייער ייִדישקייט נאָך אַזוי פיל יאָרן לעבן אונטער אַ רעזשים, וואָס האָט דערקלערט מלחמה נישט נאָר אַלע רעליגיעס ווי אַזעלכע, נײַערט באַזונדערס דעם ייִדנטום, און באַטראַכט ציוניזם ווי אַ פאַרברעכן, וואָס ווערט באַשטראָפט מיט טורמע און שווערער אַרבעט, אָדער מיט פאַרשיקן קיין סיביר. כאָטש העברעיִש איז געווען פאַרבאָטן, האָט מען ייִדיש אַ צײַט־לאַנג טאָלערירט און אַפילו אָפיציעל פּאַטראָנירט אַ ייִדישן אויטאָנאָמען ראַיאָן מיט ייִדיש ווי זײַן שפּראַך, ביראָבידזשאַן, אויף דער כינעזישער גרענעץ. דער דאָזיקער ראַיאָן האָט אָבער קיין מאָל נישט מצליח געווען און נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה (אין וועלכער מיליאָנען רוסישע ייִדן זענען אומגעקומען) האָבן די סאָוועטישע מאַכטהאָבערס געזאָרגט דערפאַר, אַז דער רוב ייִדישע שולן און צײַטונגען זאָלן נישט באַנײַען זייער אַקטיוויטעט. ווען מיר זענען אָנגעקומען אין ראַטן־פאַרבאַנד, האָט געהערשט נישט נאָר רעפּרעסיע, נאָר אויך אַ בייזווילליקער אַנטיסעמיטיזם, אָנגעפירט דורך דער רעגירונג, וואָס האָט זיך אין משך פון עטלעכע יאָר „פונאַנדערגעבליט" און אָנגענומען די פאָרם פון אומברחמנותדיקע

מאַסן־רדיפֿות אויף ייִדן; מען האָט אַרעסטירט ייִדישע אינטעלעקטואַלן — אַקטיאָרן, דאָקטוירים, שרײַבערס — באַשולדיקט זיי אין „קאָסמאָפּאָליטיזם" און „ציוניס־טישן אימפּעריאַליזם". די לאַגע איז געוואָרן אַזוי טראַגיש, אַז די מיטגלידער פֿון אונדזער געזאַנדשאַפֿט, וועלכע האָבן געהאַט קרובים אין רוסלאַנד — ברידער, שוועסטער, אַפֿילו עלטערן — האָבן די גאַנצע צײַט פֿון מײַן זײַן אין מאָסקווע זיך געפּײַניקט אין ספֿקות, צי זאָלן זיי קומען אין קאָנטאַקט מיט די מענטשן וואָס זיי האָבן אַזוי שטאַרק באַגערט צו זען, ווײַל מ׳האָט געוווּסט, אַז מען קען גורם זײַן זייער פֿאַרשיקונג, אויב מען וועט זיך דערוויסן אַז זיי האָבן וואָסערע עס איז פֿאַרבינדונג מיט אַ ישראלי.

געווען איז עס אַ דילעמע, וואָס האָט ממש משוגע געמאַכט. מיר פֿלעגן אַפֿט טעג גאַנצע פּרוּוון אַנאַליזירן די סיבות פֿאַר און קעגן אָנקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט עמעצנס אַ שוועסטער, צי שיקן שפּײַז און געלט עמעצענס אַן אַלטער קראַנקער מאַמען. בדרך־כּלל פֿלעגן מיר קומען צום באַשלוס, אַז וואָס מיר זאָלן נישט טאָן, וועט עס זיך אויסלאָזן לרעה פֿאַר זייערע קרובים, אַזוי אַז פֿאַר זייער טובה וועגן איז בעסער גאָרנישט צו טאָן. עס זענען, פֿאַרשטייט זיך, געווען אויסנאַמען, אָבער אַפֿילו איצט האָב איך נישט דעם מוט פֿרײַ צו שרײַבן וועגן דעם, וואָרעם כ׳וואָלט געשטעלט אין סכּנה מענטשן, וועלכע לעבן נאָך אין רוסלאַנד. הײַנט ווייסט די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט וואָס עס געשעט מיט סאָוועטישע בירגער, וואָס קוקן אַוועק פֿון די פֿאַרקריפּלטע געזעצן און פֿאַר־שריפֿטן, מיט וועלכע די סאָוועטישע מנהיגים באַמיִען זיך צו האַלטן די מענטשן אונטער זייער אויפֿזיכט. אָבער אין 1948 זענען נאָך געווען די „האַניקוואַכן" און עס איז אונדז שווער געווען צו פֿאַרשטיין אָדער אַקצעפּטירן אַ סיסטעם, אין וועלכן ס׳ווערט באַטראַכט פֿאַר אַ פֿאַרברעכן ווען אַן אַלטע פֿרוי טרעפֿט זיך מיט איר זון, וועלכן זי האָט שוין דרײַ צענדליק יאָר נישט געזען, הגם דער זון איז אַן אָנערקענטער מיטגליד פֿון דיפּלאָמאַטישן קאָרפּוס און זײַן קומען קיין רוסלאַנד איז פּאַקטיש באַגריסט געוואָרן דורכן ראַטן־פֿאַרבאַנד.

בכל־אופֿן דעם ערשטן שבת נאָכן בײַלייגן מײַן פּלעניפּאָטענץ זענען מיר אַוועק צו פֿוס אין דער גרויסער שול (די אַנדערע צוויי שולן אין מאָסקווע זענען געווען קליינע הילצערנע בנינים) און יעדער מאַן האָט געטראָגן מיט זיך אַ טלית און אַ סידור. אין שול האָבן מיר געטראָפֿן אַן ערך הונדערט און אפֿשר הונדערט פֿופֿציק עלטערע ייִדן, וועלכע האָבן, פֿאַרשטייט זיך, נישט געוווּסט אַז מיר קומען, כאָטש מיר האָבן צו וויסן געגעבן דעם רב שלײַפֿער, אַז מיר האָפֿן צו זײַן שבת אין שול. לויטן מינהג איז בײַם סוף פֿון דאַווענען געזאָגט געוואָרן אַ תּפֿילה פֿאַרן געזונט פֿון די מדינה־פֿירערס און דערנאָך, צו מײַן איבערראַשונג, אויך פֿאַר מײַן געזונט. איך בין געזעסן אין דער ווײַבער־שול און ווען מען האָט דערמאָנט מײַן נאָמען, האָט די גאַנצע עדה זיך אַ קער געטאָן אין מײַן ריכטונג

און געקוקט אויף מיר, ווי זיי וואָלטן געוואָלט איינקריצן מיין פּנים אין זייער זכּרון. קיינער האָט נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט, נאָר געקוקט און געקוקט אויף מיר.

נאָכן דאַווענען האָב איך זיך פאַרגעשטעלט פאַרן רב און מיר האָבן עטלעכע מינוט געשמועסט. דערווייל זענען די איבעריקע פון מיין פּערסאָנאַל אַרויסגעגאַנגען און איך האָב אָנגעהויבן גיין אַליין אין האָטעל; מיין קאָפּ איז געווען פול מיט מחשבות איבערן דאַווענען און איבער די אַלטע מענער און פרויען, וועלכע זענען נאָך יעדע וואָך געגאַנגען אין שול אין מאָסקווע. זיי האָבן אויסגעזען מיד און אָפּגעלאָזט. איך בין נאָך נישט געהאַט אָפּגעגאַנגען ווייט ווי אַן עלטערער מאַן האָט זיך נאָענט צוגערוקט צו מיר. „זאָגט גאָרנישט" — האָט ער מיר איינגערוימט אין יידיש — „איך וועל גיין און איר וועט מיר נאָכגיין". ווען מיר זענען געווען נאָענט צום האָטעל, האָט ער זיך פּלוצעם אָפּגעשטעלט, זיך אויסגעדרייט און געבליבן שטיין קעגן איבער מיר און אַזוי שטייענדיק אויף דער מאָסקווער גאַס, געשלאָגן פון ווינטן,האָט ער געמאַכט די ברכה „שהחיינו", וועלכע כ'האָב צום לעצטן מאָל געהערט פון הרב פישמאַן מימון, דעם 14טן מאַי אין תּל־אָביב. איידער כ'האָב באַוויזן עפּעס צו טאָן אָדער זאָגן, איז דער אַלטער ייד פאַרשוווּנדן און איך בין אַליין אַריין אין האָטעל, מיט טרערן אין די אויגן. כ'האָב זיך אַליין געפרעגט, צי איז אָט דער מאָדנער, פאַטעטישער צונויפטרעף אויף אַן אמת פאָרגעקומען אָדער צי האָב איך בלויז געחלומט.

עטלעכע וואָכן שפּעטער איז אויסגעפאַלן ראש־השנה. מ'האָט מיר געזאָגט, אַז אין די ימים־נוראים קומען אין שול אַ סך מער מענטשן ווי שבת. איך האָב ווידער באַשלאָסן, אַז דער גאַנצער פּערסאָנאַל וועט גיין אין שול. אַ טאָג אָדער צוויי פאַר יום־טוב איז אין דער „פּראַוודאַ" דערשינען אַ לאַנגער אַרטיקל פון איליאַ ערענבערג, דער גוט־באַקאַנטער זשורנאַליסט און סאָוועטישער מליץ־יושר, אַליין אַ ייד. ווען נישט סטאַלין, האָט ערענבורג פּרוּם געשריבן, וואָלט נישט געווען אַזאַ זאַך ווי אַ יידישע מדינה. „אָבער לאָמיר נישט מאַכן קיין טעות" — האָט ער דערקלערט — „מדינת־ישראל האָט גאָרנישט צו טאָן מיט די יידן פון ראַטן־פאַרבאַנד, ווו עס איז נישטאָ קיין יידישע פּראָבלעם און דעריבער אויך נישט קיין נויטווענדיקייט אין דער ישראל־מדינה. ישראל איז פאַר די יידן פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער ווו דער אַנטיסעמיטיזם בליט אומפאַרמיידלעך. בכל־אופן, איז נישט פאַראַן אַזאַ זאַך וואָס הייסט אַ יידיש פאָלק. דאָס איז פּונקט אַזוי לעכערלעך ווי עמעץ וואָלט געטענהט, אַז די אַלע וואָס האָבן רויטע האָר און אַ באַשטימטע פאָרם נאָז געהערן צו איין פאָלק".

נישט בלויז איך, נאָר אויך די יידן אין מאָסקווע האָבן געלייענט דעם אַרטיקל. זיי זענען געווען געוווינט צו לייענען צווישן די שורות און פּונקט ווי איך

האָבן זיי פאַרשטאַנען אין וואָס עס גייט, און באַנומען, אַז מען וואַרנט זיי צו דערוויַיטערן זיך פון אונדז. דער ענטפער, וואָס די טויזנטער און טויזנטער ייִדן האָבן מוטיק און מיט אַ כּיוון אויסגעקליבן צו געבן אָט דער שרעקלעכער וואָרענונג האָט מיך טיף גערירט, און איז זינט דעמאָלט געוואָרן פאַר מיר אַ קוואַל פון אינספּיראַציע. איך געדענק יעדע איינצלהייט פון דעם וואָס עס איז געשען אין יענעם ראש־השנה־טאָג, אַזוי לעבעדיק און מיט אַזאַ גערירטקייט, ווי דאָס וואָלט פאַרגעקומען ערשט מיט עטלעכע שעה צוריק.

לויט ווי מיר האָבן געהאַט פּלאַנירט, זענען מיר ראש־השנה אַלע אַוועק אין שול, די מענער, פרויען און קינדער פון דער געזאַנדשאַפט, אָנגעטאָן אין די בעסטע קליידער, ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַ ייִדישן יום־טוב. די גאַס פאַר דער שול האָט געהאַט אַ גאַנץ אַנדער אויסזען, געווען פול מיט מענטשן, געפּאַקט ווי סאַרדינען, הונדערטער און הונדערטער, פון יעדן עלטער, אויך רויט־אַרמייער, אָפיצירן און זעלנער, יונגוואַרג און קליינע קינדער אין די אָרעמס פון זייערע עלטערן. אַנשטאָט די איבער צוויי טויזנט ייִדן, וועלכע פלעגן בדרך־כּלל קומען אין די ימים־טובים אין שול, האָט אויף אונדז געוואַרט אַ מאַסע פון קרוב פופציק טויזנט מענטשן. אין אָנהייב האָב איך זיך נישט געכאַפּט וואָס דאָ קומט פאָר, ווער עס זענען די מענטשן, אָבער באַלד איז מיר געוואָרן קלאָר. דאָס זענען זיי געקומען די מוטיקע, גוטע ייִדן כּדי צו זײַן מיט אונדז, דעמאָנסטרירן זייער געפיל פון קרובהשאַפט און פייַערן דעם אויפקום פון דער ייִדישער מדינה. אין געציילטע סעקונדן האָבן זיי מיך אַרומגערינגלט, כּמעט געטראָגן מיך אויף די הענט, שיִער נישט צעקוועטשט און געהאַלטן אין איין איבערחזרן מיַין נאָמען. לסוף האָבן זיי פריַי געמאַכט פאַר מיר אַ וועג, כ׳זאָל קענען אַריַינגיין אין שול אַריין, אָבער אויך אינעווייניק איז אָנגעגאַנגען די דעמאָנסטראַציע. אין דער וויַיבערשול איז מען צוגעגאַנגען צו מיר פון צייַט צו צייַט, אָנרירן מיַין האַנט, גלעטן דאָס קלייד און אַפילו עס קושן. אָן רעדעס און פּאַראַדן, פּאַקטיש אָן אַ וואָרט אַרויסצורעדן, האָבן די ייִדן אין מאָסקווע געוואָלט אויסדריקן זייער טיפן ווילן ווי אויך זייער טיפן באַדאַרף אָנטייל צו נעמען אינעם נס פון דער ייִדישער מדינה און איך בין פאַר זיי געווען דער סימבאָל פון דער מדינה.

איך האָב נישט געקענט רעדן, נישט שמייכלען, נישט מאַכן אַ סימן מיט דער האַנט. איך בין געזעסן ווי אַ שטיין, זיך נישט גערירט, און די טויזנטער אויגן האָבן זיך אַריַינגעעקבערט אין מיר. נישטאָ אַזאַ זאַך ווי אַ ייִדיש פאָלק — האָט ערענבורג געשריבן. מדינת־ישראל מיינט גאָרנישט פאַר די ייִדן פון ראַטן־פאַרבאַנד! זיין וואָרענונג איז געפאַלן אויף טויבע אויערן. דרייַסיק יאָר זענען מיר געווען צעשיידט, איצט זענען מיר ווידער צוזאַמען און ווען איך האָב אויף זיי געקוקט, האָב איך געוווסט, אַז קיין שום וואָרענונג, ווי שרעקלעך זי זאָל נישט זיַין, וועט זיי נישט צוריקהאַלטן, די ענטוזיאַסטישע מענטשן, וועלכע

איך האָב יענעם טאָג געזען אין שול, צו זאָגן אונדז, אויף זייער אופן, וואָס ישראל מיינט פאַר זיי. דאָס דאַווענען האָט זיך געענדיקט און איך האָב זיך אויפגעשטעלט צום אַרויסגיין, אָבער נישט געקענט זיך באַוועגן. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איך בין געפאַנגען געוואָרן אין אַן אויפברויז פון אַ טיפער ליבע, אַזש מײַן אָטעם האָט זיך פאַרהאַקט און מײַן האַרץ האָט ווי אויפגעהערט צו קלאַפּן. כ׳האָב געפילט, אַז כ׳בין נאָענט צו חלשות, אָבער די מאַסע האָט נאָך אַלץ געבראַוזט אַרום מיר, מענטשן האָבן אויסגעשטרעקט זייערע הענט און גערופן: „נאַשאַ גאָלדאַ״, „שלום, שלום״ און געוויינט.

פון אָט דעם אָקעאַן פון מענטשן געדענק איך קלאָר צוויי געשטאַלטן: איינער אַ קליינער, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין איין באַווײַזן פאַר מיר און זאָגן: „גאָלדעלע, לעבן זאָלסטו. שנה טובה״; און אַ פרוי, וואָס האָט כסדר איבער־געחזרט: „גאָלדעלע, גאָלדעלע״, האָט געשמייכלט און מיט דער האַנט געשיקט מיר אירע קושן.

איך האָב נישט געקענט צוריקגיין צו פוס אין האָטעל, עמעצער האָט מיך אַרײַנגעשטופּט אין אַ טאַקסי, נישט געקוקט אויף דעם פאַרבאָט צו פאָרן אום שבת און יום־טוב. אָבער אויך די טאַקסי האָט זיך נישט געקענט רירן, ווײַל זי איז פאַרשלונגען געוואָרן אין דער מאַסע יידן וואָס האָבן זיך געפרייט, געלאַכט און געוויינט. איך האָב געוואָלט עפּעס זאָגן צו אָט די מענטשן, עפּעס אַ וואָרט, זיי זאָלן וויסן, אַז איך בעט זיי מיר מוחל צו זײַן וואָס איך האָב נישט געוואָלט קומען צו זיי קיין מאָסקווע, נישט געוווּסט ווי שטאַרק צוגעבונדן זיי זענען צו אונדז; זיי זאָלן מיר מוחל זײַן פאַר מײַנע ספקות צי עס איז נאָך פאַראַן אַ פאַרבינדונג צווישן אונדז. כ׳האָב אָבער נישט געקענט געפינען די פּאַסיקע ווער־טער. אַלץ וואָס איך האָב געקענט זאָגן, אומגעלומפּערט, מיט אַ שטים וואָס האָט נישט געקלונגען ווי מײַנע, איז געווען איין זאַץ אין יידיש. איך האָב אַרויס־געשטרעקט מײַן קאָפּ פון פענצטער און געזאָגט: „אַ דאַנק אײַך, וואָס איר זייט געבליבן יידן״, און איך האָב געהערט ווי דער דאָזיקער צעבראָכענער און נעבעכדיקער זאַץ גייט איבער פון מויל צו מויל אין דער ריזיקער מאַסע, ווי עס וואָלט געווען אַ ווונדערלעכער נביאישער זאָג.

ענדלעך, נאָך דעם ווי עס זענען פאַרבײַ עטלעכע מינוט, האָט די טאַקסי זיך געקענט באַוועגן און איז אַוועקגעפאָרן. אין האָטעל האָבן זיך אַלע פאַר־זאַמלט אין מײַן צימער. מיר זענען געווען גערירט ביז אין די טיפענישן פון דער נשמה. קיינער האָט נישט גערעדט. מיר זענען זיך אַזוי געזעסן. דאָס איז געווען פאַר אונדז אַזאַ גרויסע אַנטפּלעקונג, אַז מיר האָבן וועגן איר נישט געקענט רעדן, אָבער מיר האָבן געפילט די נויטווענדיקייט צו זײַן צוזאַמען. אייגאַ, לו און שרה האָבן זיך אַזוי צעוויינט, אַז ס׳האָט אויסגעזען ווי אָט, אָט ווערן זייערע הערצער צעבראָכן. אייניקע פון די מענער האָבן פאַרשטעלט זייערע

פנימער מיט די הענט, אָבער איך האָב אַפילו װײנען נישט געקענט. איך בין אַזױ געזעסן, אַ בלײכע, פאַרקוקט אין דער װײַט. אַזױ זענען מיר פאַרבליבן שעהען־לאַנג, פאַרפלײצט פון אַזעלכע שטאַרקע געפילן, אַז מיר האָבן זײ אײנער דעם אַנדערן נישט געקענט איבערגעבן. כ׳קען נישט מאַכן קײן אָנשטעל, אַז איך האָב דעמאָלט געװוּסט אױף זיכער, אַז אין צװאַנציק יאָר אַרום װעל איך אַ סך פון אַט די ייִדן זען אין ישראל, אָבער אײן זאַך האָב איך יאָ געװוּסט: אַז דער ראַטן־פאַרבאַנד האָט זײער גײַסט נישט געקענט אײַנברעכן; אַז רוס־לאַנד מיט איר גאַנצער מאַכט, איז דורכגעפאַלן. די ייִדן זענען פאַרבליבן ייִדן.

עמעץ האָט אין יענעם ראש־השנה די מענטשן־מאַסע פאָטאָגראַפירט און איך שטעל זיך פאָר, אַז מען האָט דערפון געמאַכט טויזנטער קאָפּיעס, װײַל דערנאָך האָבן מענטשן, װעלכע האָבן מיך געטראָפן אין גאַס, אַרײַנגעשושקעט מיר אין אױער: „מיר האָבן דאָס בילד". פאַרשטײט זיך, אַז איך האָב געװוּסט, אַז זײ װאָלטן מיט דער זעלבער ליבשאַפט און שטאָלץ אַרומגענומען אױך אַ בעזעם, װען ער װאָלט געשיקט געװאָרן רעפּרעזענטירן ישראל. דאָך האָט מיך זײער גערירט, װען נאָך צװאַנציק יאָר פלעגן עולים פון רוסלאַנד מיר ברענגען קאָפּיעס פון יענעם בילד, אָדער פונעם בילד, אױף װעלכן מען זעט מיך איבער־געבן מײַן פּלעניפּאָטענץ אין קרעמל, דערשײנען אין אַ רוסישער אױסגאַבע אין 1948 און װאָס איז אָפּגעהיט געװאָרן מיט ליבשאַפט די גאַנצע צװאַנציק יאָר.

יום־כּיפּור האָבן װידער טױזנטער ייִדן זיך פאַרזאַמלט און פאַרפולט די שול. דאָס מאָל בין איך מיט זײ פאַרבליבן אַ גאַנצן טאָג. כ׳געדענק, אַז װען דער רב האָט געזאָגט דעם פּסוק װאָס פאַרענדיקט דאָס דאַװענען: „לשנה הבאה בירושלים", איז אַ ציטער אַדורך איבער דער גאַנצער שול און איך האָב געזאָגט אַן אײגענע קורצע תּפילה: „גאָט, הלװאַי. אױב נישט דאָס נאָענטסטע יאָר, איז ברענג אין גיכן צו אונדז די ייִדן פון רוסלאַנד", אָבער אױך דעמאָלט האָב איך זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז דאָס װעט טאַקע געשען בײַ מײַן לעבן.

אַ קורצע צײַט שפּעטער איז מיר געגעבן געװאָרן די זכיה זיך צו טרעפן מיט ערענבורגן. אײנער פון די אױסלענדישע זשורנאַליסטן אין מאָסקװע, אַן ענג־לענדער, װעלכער פלעגט קומען אונדז באַזוכן אין די פּרײַטיק־צו־נאַכטסן, האָט מיך אַ מאָל געפרעגט, צי כ׳װאָלט זיך געװאָלט באַגעגענען מיט ערענבורגן. „אױב זאָגן דעם אמת, יאָ" — האָב איך אים געענטפערט — „פאַראַן אַ זאַך אָדער צװײ, װעגן װעלכע איך װאָלט מיט אים געװאָלט רעדן". „איך װעל עס אײַנאָרדענען" — האָט צוגעזאָגט דער ענגלענדער, אָבער ער האָט עס קײן מאָל נישט מקיים געװען. עטלעכע װאָכן שפּעטער איז פאַרגעקומען אַן אױפנאַמע אין דער טשעכישער אַמבאַסאַדע לכּבוד דעם אומאָפּהענגיקײט־טאָג און דער זעלבער זשורנאַליסט איז צוגעקומען צו מיר און געזאָגט: „ערענבורג געפינט זיך דאָ. זאָל איך אים צוברענגען?" ערענבורג איז געװען פולשטענדיק שיכּור —

לויט ווי מען האָט מיר דערציילט, איז עס ביי אים נישט געווען קיין זעלטענע זאַך — און איז אין אָנהייב געווען זייער אַנגרייַפעריש, געוואָנדן זיך צו מיר אין רוסיש. „איך באַדויער זייער, אָבער כ׳רעד נישט קיין רוסיש" — האָב איך געזאָגט. „רעדט איר ענגליש?" ער האָט אויף מיר אָ קוק געטאָן מיט אַ מיאוסן בליק און געענטפערט: „איך האָב פייַנט יידן, וואָס זענען געבוירן אין רוסלאַנד און רעדן ענגליש". „און איך באַדויער יידן וואָס רעדן נישט קיין העברעיִש אָדער צום ווייניקסטן יידיש" — האָב איך געענטפערט. פאַרשטייט זיך, אַז אַ סך מענטשן האָבן געהערט אונדזער ווערטער־אויסטויש און איך גלייב נישט אַז דאָס האָט ביי עמעצן געהויבן דעם רעספּעקט פאַר ערענבורגן.

אַ סך אַן אינטערעסאַנטערע און האַרציקערע באַגעגעניש האָב איך געהאַט מיט אַ סאָוועטישער בירגערין אויף אַן אויפנאַמע, וואָס מאָלאָטאָוו האָט אייַנגעאָרדנט לכּבוד דעם טאָג פון דער רוסישער רעוואָלוציע און צו וועלכער עס ווערן אייַנגעלאַדן יעדעס יאָר אַלע דיפּלאָמאַטן אין מאָסקווע. די וואָס שטייען אין שפּיץ פון די פאַרשטייערשאַפטן זענען דורכן אויסערן־מיניסטער אויפגענומען געוואָרן אין אַ ספּעציעלן זאַל. נאָך דעם ווי איך האָב געדריקט מאָלאָטאָווס האַנט איז צו מיר צוגעגאַנגען זייַן פרוי. „איך בין אַזוי צופרידן אייַך סוף־סוף צו באַגעגענען" — האָט זי געזאָגט מיט אמתער וואַרעמקייט. דערנאָך האָט זי צוגעגעבן: „איר ווייסט, איך רעד יידיש". „זייַט איר אַ יידישקע" — האָב איך געפרעגט אַ ביסל פאַרווונדערט; יאָ" — האָט זי געענטפערט אין יידיש — „איך בין דאָך אַ יידישע טאָכטער". מיר האָבן געהאַט אַ לענגערן שמועס. זי האָט געוווּסט וואָס עס איז געשען אין שול און האָט מיר געזאָגט, אַז מיר האָבן גוט געטאָן וואָס מיר זענען געגאַנגען אַהין. „יידן האָבן אייַך זייער געוואָלט זען" — האָט זי געזאָגט. דערנאָך האָבן מיר באַרירט די פראַגע פון נגב, וועלכע איז דעמאָלט באַהאַנדלט געוואָרן אין דער אונ"אָ. איך האָב געזאָגט וועגן דעם, אַז איך קען נישט צוריקגעבן דעם נגב, ווייל מייַן טאָכטער וווינט דאָרט, און צוגעגעבן אַז שׂרה געפינט זיך מיט מיר אין מאָסקווע. „איך מוז זי באַגעגענען" — האָט געזאָגט פרוי מאָלאָטאָוו. האָב איך איר פאַרגעשטעלט שׂרהן און יעל נמיר און זי האָט מיט זיי געשמועסט איבער ישׂראל, געפרעגט וועגן די קיבוצים, ווער עס לעבט אין זיי און ווי זיי ווערן געפירט. זי האָט צו זיי גערעדט יידיש און געווען אויסער זיך פון פרייד, וואָס שׂרה האָט איר געענטפערט אין זעלבן לשון. אַן אויסדרוק פון זאָרג האָט זיך געצייכנט אויף פרוי מאָלאָטאָווס פּנים, ווען שׂרה האָט איר דערקלערט, אַז דער קיבוץ איז אַ קאָלעקטיווער רכוש און קיין זאַך געהערט נישט צו קיינעם פּריוואַט. „דאָס איז נישט קיין גוטער געדאַנק" — האָט זי באַמערקט „מענטשן האָבן נישט ליב זיך צו טיילן מיט אַלץ. אַפילו סטאַלין איז קעגן דעם. איר דאַרפט זיך באַקענען מיט סטאַלינס געדאַנקען און שריפטן אויף דער טעמע". פאַרן אַוועקגיין צו די אַנדערע געסט, האָט זי אַרומ־

געזומען שרהן און מיט טרערן אין די אויגן געזאָגט: „איך ווינטש אײַך, עס זאָל אײַך דאָרט זײַן גוט, וועט אויך גוט זײַן פֿאַר אַלע ייִדן, אומעטום".

מער האָב איך די פֿרוי מאָלאָטאָוו קיין מאָל נישט געזען און אויך קיין מאָל פֿון איר נישט געהערט. נאָך אַ סך יאָרן, אין ניו־יאָרק, האָט מיר דער לאַנגיאָריקער קאָרעספּאָנדענט פֿון „יונײַטעד פּרעס" אין מאָסקווע, הענרי שאַפּיראָ, דערציילט, אַז נאָך אונדזער געשפּרעך מיט פֿרוי מאָלאָטאָוו, האָט מען זי אַרעס־טירט. איך האָב זיך דעמאָנט אין יענער יובל־פֿײַערונג, ווו מיר האָבן זיך צוגעקוקט צו דער מיליטערישער דעפֿילאַדע אויפֿן רויטן פּלאַץ. איך האָב אַזוי מקנא געווען די רוסן, זעענדיק די ריזיקע מאַסן געווער וואָס מען האָט געוויזן דעם עולם; מיר האָבן נישט געקענט חלומען אַפֿילו וועגן דעם מינדסטן טייל דערפֿון. מאָלאָטאָוו, ווי ער וואָלט פֿאַרשטאַנען מײַנע געדאַנקען, האָט שפּעטער, אין משך פֿון טאָג, אויפֿגעהויבן אַ גלעזל וואָדקאָ פֿאַר מײַן כּבֿוד וועגן און געזאָגט: „מיינט נישט, אַז מיר האָבן דאָס אַלץ דערגרייכט אין איין טאָג. עס וועט קומען אַ צייט און אויך איר וועט האָבן די דאָזיקע זאַכן. עס וועט זײַן גוט".

אָבער אין יאַנואַר 1949 איז שוין געווען קלאָר, אַז די ייִדן אין רוסלאַנד וועלן באַצאָלן אַ טײַערן פּרײַז פֿאַרן קבלת־פּנים, וואָס זיי האָבן פֿאַר אונדז אײַנ־געאָרדנט, פֿאַרן „פֿאַרראַט" אין די קאָמוניסטישע אידעאַלן, וואָס האָט זיך — לויט דער סאָוועטישער מאַכט — אַרויסגעוויזן אין דער פֿרייד, מיט וועלכער מען האָט אונדז אויפֿגענומען. מען האָט פֿאַרמאַכט דאָס ייִדישע טעאַטער אין מאָסקווע; אָפּגעשטעלט די ייִדישע צײַטונג „איניקייט" און דעם ייִדישן פֿאַר־לאַג „עמעס". ס'האָט גאָרנישט געהאָלפֿן וואָס זיי אַלע האָבן געטרײַ נאָכגעפֿאָלגט די קאָמוניסטישע ליניע. געווען איז אָבער קלאָר איין זאַך: ייִדן האָבן אַרויס־געוויזן אַ צו גרויסן אינטערעס פֿאַר ישׂראל און אין קרעמל איז מען דערפֿון געווען אומצופֿרידן. ס'זענען נישט אַוועק קיין פֿינף חדשים און אין רוסלאַנד איז מער נישט פֿאַרבליבן קיין איין ייִדישע אָרגאַניזאַציע און די ייִדן זענען געוואָרנט געוואָרן זיך צו אונדז נישט צו דערנענטערן.

דערווײַל בין איך אַנגעגאַנגען, ווי עס פֿאָדערט זיך, מיט מײַנע וויזיטן בײַ די שעפֿן פֿון די פֿאַרשטייערשאַפֿטן און אַמבאַסאַדעס אין מאָסקווע און געוואַרט אויף אַ סטאַבילער דירה. ענדלעך האָבן מיר באַקומען אַ צוויי־שטאָקיקע ווילע און איר מעלה איז געווען דער גרויסער הויף מיט עטלעכע קליינע בנינים, וועלכע מען האָט געקענט נוצן פֿאַר וווינונגען. כ'האָב געהאַלטן אין אײַן טראַכטן וואָס ס'קומט פֿאַר אין ישׂראל, בעת די אָוונט־מאָלצייטן און טיי־אויפֿנאַמעס. כ'האָב געטראַכט אַז וואָס גיכער מיר וועלן אַריבער אין דער נײַער דירה וועט זײַן בעסער. האָב איך דעריבער געבעטן אײַגאָן, זי זאָל פֿאָרן קיין שוועדן און אײַנקויפֿן די נייטיקע מעבל, גאַרדינען און לאָמפּן. עס האָט געדויערט עטלעכע וואָכן ביז זי האָט געפֿונען די זאַכן פֿאַר צוגענגלעכע פּרײַזן. זי האָט אַלץ וווּנדערלעך דורכ־

געפירט, האָט מעבלירט אונדזערע זיבן שלאָפצימערן, דעם אויפנעם־זאַל, דאָס עסצימער, די קיך און די ביוראָען, נישט טײַער און צוציִענדיק. אַגב, ווען זי איז געפאָרן קיין שטאָקהאָלם, האָבן מיר אַרײַנגעשטופּט אין איר וואַליזע די גאַנצע פּאָסט, וועלכע מיר האָבן געוואָלט שיקן קיין אייראָפּע, אָבער אויפן וועג האָט זי באַשלאָסן, אַז ישראל בייטיקט זיך אין אַ ספּעציעלער וואַליזע פֿאַר איר דיפּלאָמאַטישער פּאָסט און זי האָט אַזאַ וואַליזע באַשטעלט אין אַן אוניווער־סאַלן מאַגאַזין אין שטאָקהאָלם. זי האָט אויך געבראַכט פֿאַר אַלע וואַרעמע וועש און פּושקעס קאָנסערוון.

אין משך פֿון מײַנע זיבן חדשים אין מאָסקווע האָב איך צוויי מאָל באַזוכט ישראל און יעדעס מאָל האָב איך געהאַט דאָס געפֿיל, אַז איך קום פֿון אַן אַנדער פּלאַנעט, פֿון אַ ריזיק קאַלט לאַנד, פֿול מיט חשדים, שינאה און שטילשווײַגן, און איך ווער איבערגעטראָגן אין דער וואַרעמקייט פֿון אַ קליין לאַנד, וואָס געפֿינט זיך נאָך אין קריג און עס לאָקערן אויף אים גרויסע שוועריקייטן, אָבער עס איז אַן אָפֿן לאַנד, וואָס איז פֿול מיט האָפֿענונג, אַ דעמאָקראַטיש לאַנד און דער עיקר — מײַנס. ס'איז מיר געוואָרן זייער שווער ווידער אָפּצורײַסן זיך פֿון דעם לאַנד. בעתן ערשטן באַזוך, וואָס איז אויסגעפֿאַלן נאָך די וואַלן בײַ אונדז אין יאַנואַר 1949, האָט מיך בן־גוריון געפֿרעגט, צי איך וואָלט געווען גרייט אַנצושליסן זיך אין דער רעגירונג וואָס ער שטעלט צונויף. „איך וויל, דו זאָלסט זײַן אַרבעטס־מיניסטער" — האָט ער געזאָגט. מפּא"י, די גרעסטע אַרבעטער־פּאַרטיי אין ישראל, איז אַרויס מיט אַ דעצידירנדיקן נצחון, האָט באַקומען 35 פּראָצענט פֿון אַלע שטימען (20 פּראָצענט מער פֿון מפּ"ם, די צווייטע פּאַרטיי לויט דער גרייס), בײַ די וואַלן, אין וועלכע עס האָבן אָנטייל גענומען 87 פּראָ־צענט פֿון אַלע שטים־באַרעכטיקטע. די ערשטע רעגירונג אין דער מדינה איז געווען אַ קאָאַליציע־רעגירונג, אײַנשליסנדיק דעם פּאַראייניקטן רעליגיעזן פראָנט, די פּראָגרעסיווע פּאַרטיי און די ספרדים (אַ קליינע פּאַרטיי, וואָס האָט רעפּרע־זענטירט די אינטערעסן פֿון די אַזוי גערופֿענע מיזרח־עדות).

דער רעליגיעזער בלאָק האָט אויסגעדריקט אַ געוויסע אומצופֿרידנקייט, וואָס אַ פֿרוי וועט זײַן אַ מיטגליד אין דער רעגירונג, אָבער לסוף האָט ער אָנגענומען דעם אַרגומענט, אַז אין אַמאָליקן ארץ־ישראל איז דבורה געווען אַ ריכטערין — אַ פּאָסטן פּונקט אַזוי וויכטיק ווי אַ מיניסטער, אויב נישט וויכטיקער! די קעג־נערשאַפֿט פֿון רעליגיעזן בלאָק צו געבן מיר אַן אָפֿיציעלן פּאָסטן בלויז דערפֿאַר ווייל איך בין אַ פֿרוי איז ווידער אויפֿגעשווומען אין די פּופּציקער יאָרן, ווען איך בין געווען קאַנדידאַט אויפֿן פּאָסטן פֿון ראש־העיר אין תּל־אָביב, כאָטש בײַ דער געלעגנהייט איז עס נישט דעצידירט געוואָרן ווי אין 1949. בן־גוריונס פֿאָרשלאָג האָט מיך זייער דערפֿרייט. ענדלעך וועל איך זײַן אויפֿן אָרט ווו איך וויל זײַן, כ'וועל טאָן וואָס איך באַגער צו טאָן, אויף אַ פּאָסטן, וואָס איך פֿיל,

אַז אין קעגנזאַץ צו אַנדערע פּאָסטנס איז ער פולשטענדיק פּאַסיק פאַר מיר. דאָס הייסט נישט, אַז אין יענער צײַט האָב איך, אָדער עמעץ אַנדערש אין דער רעגירונג, געוווּסט וואָס עס זענען געווען די פולמאַכטן פון אַן אַרבעטס־מיניס־טעריום. איך האָב זיך אָבער נישט געקענט פאָרשטעלן אַ מער קאָנסטרוקטיווע אויפגאַבע, וואָס זאָל מיר געבן אַ גרעסערע סאַטיספאַקציע, וואָרעם אַחוץ די ענינים, וואָס דאָס מיניסטעריום וועט אַרומנעמען, וועט עס האָבן אַ גרויסע שײַכות מיט געפינען אַרבעט און דירות פאַר די הונדערטער טויזנטער עולים, וועלכע האָבן שוין דעמאָלט געשטראָמט אין לאַנד אַרײַן. איך האָב בן־גוריונען גלײַך געזאָגט יאָ, אַן צו קווענקלען זיך, און כ׳האָב אויף דעם קיין מאָל קיין חרטה נישט געהאַט. ס׳איז גאָר קיין ספק נישט, אַז די זיבן יאָר אין אַרבעטס־מיניסטעריום זענען געווען די צום מײנסטן צופרידנשטעלנדיקע און די גליק־לעכסטע אין מײַן לעבן.

אָבער איידער איך האָב זיך געקענט אָפּגעבן בלב־ובנפש דער נײַער אַרבעט, האָב איך געמוזט צוריקפאָרן אויף נאָך עטלעכע וואָכן קיין מאָסקווע. עס האָט לאַנג נישט געדויערט און ס׳איז פאַרווישט געוואָרן די השפּעה פון מײַן רײַזע אַהיים. די קלאָרע אַנטפּלעקונגען פון דער סאָציאַלער אומגלײַכהייט, דער ציטער און די שרעק צווישן דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, די אָפּגעזונדערטקייט, אין וועלכער עס האָט זיך געפונען דער דיפּלאָמאַטישער קאָרפּוס, האָבן מיך אַזוי דערשלאָגן, אַז כ׳געפין נישט קיין ווערטער דאָס אויסצודריקן. עס האָט מיך זייער געפּלאָגט אַ געפיל פון שולד, וואָרעם אָט באַלד וועל איך דאָ מער נישט זײַן, דערקעגן נמיר, לבבי און דער איבעריקער פערסאָנאַל וועלן דאָ פאַרבלײַבן. שרה און זכריה זענען ממש אויסגעגאַנגען צוריק־צו־פאָרן, דאָס זעלבע אויך לו, אָבער זיי האָבן נאָך געדאַרפט בלײַבן עטלעכע חדשים אין דער געזאַנדשאַפט, כ׳האָב אָנגעהויבן מאַכן אַ ריי געזעגענונגס־אויפנאַמעס און זיך געזעגנט מיט די ווייניקע סאָוועטישע באַאַמטע, מיט וועלכע כ׳פלעג קומען אין דירעקטן קאָנ־טאַקט. זיי זענען שטענדיק געווען זייער פרײַנדלעך, אָבער גלײַכצײַטיק שטענדיק אַרויסגעדרייט זיך לגבי נײַן פון צען בקשות אָדער פראַגן אונדזערע. דאָך איז די באַציִונג צו אונדז נישט געווען ערגער (כאָטש אויך נישט בעסער) ווי צו אַנדערע פאָרשטייערשאַפטן און פונקט ווי די אַנדערע, האָבן מיר זיך אויך צוגע־וווינט נישט צו באַקומען קיין פּאָזיטיווע תשובות, אָדער בכלל נישט צו באַקומען קיין תשובה. אָבער מער פון אַלץ האָב איך געוואָלט זיך געזעגענען מיט די ייִדן, זאָגן זיי מער ווי „שלום״, זאָגן זיי: „לאָמיר זיך ווידער זען״, אָבער קיין איינער האָט נישט געהאַט דעם מוט צו קומען אין דער געזאַנדשאַפט און עס זענען אויך מער נישט געקומען די מאַסן אין שול אַרײַן.

דעם 20סטן אַפּריל בין איך צוריקגעקומען קיין ישראל. כ׳גלייב, אַז דאָ איז וויכטיק צו באַשרײַבן וואָס ס׳איז דעמאָלט פאָרגעקומען אין לאַנד, וואָרעם אין

די יאָרן 1949—1950 האָט ישראל איבערגעלעבט אַ פּראָצעס, וואָס זײַן גלײַכן איז אין ערגעץ נישט געווען באַקאַנט: עס איז פאַרטאָפּלט געוואָרן די צאָל באַפעלקערונג אין אַ תּקופה פון בלויז צוויי יאָר. די באַפרײַונגס־מלחמה האָט זיך געענדיקט (אויף וויפל זי האָט זיך ווען עס איז געענדיקט) אין פרילינג 1949, און די פײַער־איבעררייס־אָפּמאַכן — אָבער נישט קיין שלום־טראַקטאַטן — זענען געחתמעט געוואָרן מיט מצרים, לבנון, ירדן און סיריע, אַ דאַנק דער פאַרמיטלונג פון ד״ר ראַלף באַנטש (וואָס האָט פאַרגומען דאָס אָרט פון גראַף בערנאַדאָט ווי דער אונ״אָ־פאַרמיטלער). צום באַדויערן האָבן זייערע אונטערשריפטן נישט געמיינט פאַר די אַראַבער אַז זיי מאַכן שלום מיט אונדזער עקסיס־טענץ. פאַרקערט, זייער פּירוש איז געווען, אַז די מלחמה, וואָס זיי זענען געווען אַזוי להוט צו פירן קעגן אונדז און אין וועלכער זיי זענען אַזוי צעשלאָגן געוואָרן, וועט זיך איצט פירן אויף אַן אופן, וואָס וועט אויסמײַדן זייער מפּלה, אָבער וועט פאַרט, אַזוי האָבן זיי געהאָפט, חרוב מאַכן די ייִדישע מדינה. נאָך די קלעפּ וואָס זיי האָבן באַקומען אויפן פראָנט, האָבן די אַראַבער פאַרביטן דאָס מיליטערישע געווער אויף עקאָנאָמישע וואָפן. זיי האָבן אַרויפגעלייגט אַ באָיקאָט אויף אַלע פירמעס אָדער פּריוואַטע מענטשן וואָס האָבן געהאַנדלט מיט ישראל; זיי האָבן פאַרמאַכט דעם סועץ־קאַנאַל פאַר ייִדישע שיפן, נישט געקוקט דערויף וואָס לויט דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנווענץ האָט דער קאַנאַל געמוזט זײַן אָפן פאַר אַלע פעלקער און אין יעדער צײַט.

זיי האָבן אויך נישט אויפגעהערט צו הרגענען ייִדן. אין משך פון יאָרן פלעגן באַוואָפנטע אַראַבישע באַנדעס אַריבערגיין די גרענעצן, מאָרדן און באַ־רויבן ישראלים. אונטערצינדן פעלדער און גערטנער, גנבענען בהמות און בכלל פאַרביטערן דאָס לעבן פון אונדזערע גרענעץ־ייִשובים. יעדעס מאָל, ווען מיר פלעגן פּראָטעסטירן אָדער פּרווון איבערצײַגן די אונ״אָ, אַז די כּסדרדיקע אָנפאַלן זענען פאַקטיש אַ המשך פון דער מלחמה און אַ שווערע פאַרלעצונג פון די אָפּמאַכן פון וואָפן־שטילשטאַנד, האָבן די אַראַבישע לענדער פּראָקלאַמירט בקול־רם זייער אומשולד און פאַרזיכערט, אַז זיי קענען גאָרנישט טאָן קעגן די „אינ־צידענטן״, כאָטש מיר האָבן געוווּסט, אַז פון זיי קומט דאָס געלט, דאָס געווער און די הילף און האָבן אַפילו געהאַט באַווײַזן פאַר אונדזער באַשולדיקונג. כ׳שטעל זיך פאָר, אַז בײַ נאָרמאַלע באַדינגונגען וואָלט אַזאַ כּסדרדיקע, רישעותדיקע און געפערלעכע באַלעסטיקונג אונדז אַזוי אויפגעבראַכט, אַז מיר וואָלטן רעאַגירט אויף אַן אופן און אין אַ פאָרנעם, ווי עס פּאַסט פאַר אַן אומאָפּהענגיקער מדינה; אָבער מיר זענען אין יענער צײַט געווען אַזוי אַרײַנגעטאָן אין די פּראָבלעמען פון שפּײַז, שיכּון און אַרבעט פאַר 684.201 ייִדן, וואָס זענען פון זיבעציק לענדער געקומען קיין ישראל, צווישן דעם 14טן מאַי 1948 ביז סוף 1951, אַז מיר האָבן זיך געמוזט באַנוגענען אין אַנהייב מיט באַקלאָגן זיך אין דער אונ״אָ און האָבן

געהאַפט, אַז עפּעס וועט געטאָן ווערן.

הײַנט איז מסתּמא שווער זיך פֿאָרצושטעלן ווי עס האָט אויסגעזען אַט דער מענטשן־מבול. דאָס זענען נישט געווען די עולים פֿון דעם מין וואָס זענען געקומען אין לאַנד אין מײַן צײַט און שײנעס — יונגע אידעאַליסטן, שטאַרק אין גײַסט און געזונט, שטרעבנדיק צו באַזעצן זיך אויפֿן באָדן און וואָס די חלוצישע שוועריקייטן זענען פֿאַר זיי געווען נישט מער ווי אַ טייל פֿון גרויסן ציוניסטישן עקספּערימענט, אין וועלכן זיי האָבן זיך באַטייליקט מיט אַזאַ גרויסער התלהבות. זיי זענען אויך נישט געווען קיין מענטשן פֿון פֿרייע פּראָפֿעסיעס, נישט קיין אַקאַדעמיקערס, נישט קיין סוחרים און נישט קיין בעלי־מלאכות, אַזוי ווי די וואָס זענען געקומען אין די דרײַסיקער יאָרן, מיט זייערע אייגענע מיטלען און האָבן גלײַך בײַם אָנקומען אין לאַנד געגעבן זייער בײַשטײַער צו דער ווירטשאַפֿט פֿונעם יישוב. די הונדערטער טויזנטער ייִדן, וואָס האָבן געשטראָמט און געקומען קיין ישׂראל אין די ערשטע יאָרן פֿון דער מדינה, האָבן גאָרנישט פֿאַרמאָגט, גאָרנישט געהאַט, חוץ דעם ווילן צו לעבן און דעם באַגער צו באַפֿרײַען זיך פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט. דער רוב פֿון זיי איז געווען פֿיזיש, אויב נישט גײַסטיק, צעבראָכן און אַ סך טויזנטער זענען געווען געדריקט אין בײדע הינזיכטן. די געקומענע פֿון אייראָפּע האָבן איבערגעלעבט און געווען עדות פֿון שרעקלעכע טראַגעדיעס. וואָס שייך די ייִדן פֿון די אַראַבישע לענדער אין מיטעלן מיזרח און צפֿון־אַפֿריקע, האָט דער רוב פֿון זיי געלעבט אָן בילדונג, אין אָרעמקייט און שרעק, אין די געטאָס און קאַסבאַס פֿון די סאַמע דעספּאָטישע לענדער אין דער וועלט. זיי האָבן זייער ווייניק, אָדער גאָרנישט, געוווּסט וועגן לעבן אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. בקיצור, געווען איז עס אַ מבול ייִדן געקומענע פֿון אַלע עקן וועלט, מיט פֿאַרשיידענע שפּראַכן, מיט קעגנאַנאַנדיקע הינטערגרונטן, וואָס האָבן געגעסן פֿאַרשיידענע מאכלים און וואָס איינער האָט אָפֿט נישט געקענט די מינהגים און טראַדיציעס פֿונעם צווייטן. דאָס בשותּפֿותדיקע אין זיי איז געווען דאָס, וואָס אַלע זענען זיי געווען ייִדן, אָבער דאָס איז געווען אַ סך, אין תּוך — אַלץ.

איך ווייס, אַז סטאַטיסטיק איז אַ לאַנגווײַליקער לייענשטאָף, בכל־אופֿן פֿאַר מיר, אָבער אפֿשר וועט מען מיר מוחל זײַן, אויב כ׳וועל ברענגען עטלעכע ציפֿערן, וואָס זאָלן דינען ווי אַ בײַשפּיל פֿאַר די גרויסע פּראָבלעמען, וואָס זענען פֿאַר אונדז געשטאַנען, פּראָבלעמען, וואָס מען האָט דערוואַרט עס זאָל זיי לייזן, אין אַ באַשטימטער מאָס, דער אַרבעטס־מיניסטער פֿון ישׂראל. ביז 1949 זענען אַרײַנגעקומען קיין ישׂראל 25.000 אייראָפּעיִשע ייִדן פֿון די לאַגערן אין ציפּערן און 75.000 ייִדן פֿון די „די פּי״ לאַגערן אין דײַטשלאַנד און עסטרײַך. פֿון די 80.000 ייִדן, וועלכע האָבן זיך געפֿונען אין טערקײַ אָנהייב 1948, זענען אַריבער קיין ישׂראל 33.000 ביז סוף 1950. טשעכאָסלאָוואַקיע האָט דערלויבט

אירע אָפּגעראַטעוועטע ייִדן אַרויסצופֿאָרן 20.000 אַ יאָר; פֿון בולגאַריע זענען אַרויס 37.000, פֿון יוגאָסלאַוויע 7.000 — כּמעט די גאַנצע שארית־הפּליטה נאָכן אומקום איז ביז האַרבסט 1950 שוין געווען אין ישׂראל. די בשׂורה וועגן דעם אויפֿקום פֿון דער ייִדישער מדינה האָט געבראַכט דערצו אַז אין קנאַפּע דרײַ יאָר זאָלן עולה זײַן 35.000 ייִדן פֿון מאַראָקאָ, טוניס און אַלזשיר; 5.000 ייִדן זענען געקומען פֿון כינע. פּוילן און רומעניע האָבן אין אָנהייב נישט מסכּים געווען אַרויסצולאָזן זייערע ייִדן, אָבער סוף 1949 האָבן די דאָרטיקע רעגירונגען געביטן, אויף אַ קורצער צײַט, זייער שטעלונג און צווישן דעצעמבער 1949 און פֿעברואַר 1951 זענען געקומען 28.000 ייִדן פֿון פּוילן און אין 1950 און 1951 זענען אויפֿגענומען געוואָרן 88.000 רומענישע ייִדן. אין 1950 האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג פֿון 3.000 ייִדן יעדן חודש פֿון אונגאַרן. די עליה פֿון פּערסיע, וואָס איז אַ מאָל געווען אַ דינער אונטערערדישער שטראָם, האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ כוואַליע וואָס האָט מיט זיך געבראַנגט אויך פּליטים פֿון די אַרומיקע לענדער, וועלכע זענען געווען צונויפֿגעזאַמלט אין פּערסיע. אין יאָר 1950 איז אויך אַרויס אין איראַק אַ געזעץ, וואָס האָט דערלויבט ייִדן אַרויסצופֿאָרן אין משך פֿון 12 חדשים. נישט ווייניקער פֿון 121.000 איראַקער ייִדן זענען בײַצײַטנס געבראַכט געוואָרן מיט עראָפּלאַנען!

יעדע איינע פֿון די דאָזיקע עליה־כוואַליעס, פֿון די מאַסן־אָפּרופֿן אויפֿן אויפֿקום פֿון מדינת־ישׂראל, האָט געהאַט זײַן באַזונדערע געשיכטע. אָבער די מערקווערדיקסטע פֿון די עליה־כוואַליעס איז געווען פֿון די תּימנער ייִדן, פֿון דרום־מערב אַראַביע. קיינער ווייסט נישט אויף זיכער, ווען ייִדן זענען צום ערשטן מאָל געקומען קיין תּימן; אפֿשר איז עס געשען אין די טעג פֿון שלמה־המלך, אפֿשר זענען ייִדן אַריבער די בערג פֿון אַראַבישן האַלב־אינדזל צוזאַמען מיטן רוימישן מיליטער, וואָס האָט דאָרט געפֿירט מלחמה בײַם אָנהייב פֿון דער קריסטלעכער צײַטרעכענונג. ווי עס זאָל נישט זײַן, אַ סך הונדערטער יאָרן האָבן אין מוסולמענישן תּימן געלעבט ייִדן — אָפּגעריסענע פֿון דער גאַנצער ייִדישער וועלט, געדריקטע, באַרויבטע פֿון פּאָליטישע רעכט, אָרעם, אָבער תּמיד געטרײַ זייער רעליגיע און דעם תּנ״ך — זייער איינציקער מקור פֿון חכמה און וויסן אין משך פֿון הונדערטער יאָרן, זיי האָבן איבערגעלעבט ווי שקלאַפֿן, ווי אַן אייגנטום פֿונעם תּימנישן הערשער, און עס איז זיי געווען פֿאַרווערט צו אַרבעטן אין פֿאַכן אין וועלכע אַנדערע האָבן געאַרבעט, אַדער אַפֿילו גיין אויף דער זעלבער זײַט גאַס ווו די מוסולמענער. אין אַט דעם אָפּגעשטאַנענעם פֿאַנאַטישן און אָרעמען לאַנד, זענען ייִדן געווען די אָרעמסטע און דערנידעריקטסטע, אָבער אַנדערש פֿון דער איבעריקע באַפֿעלקערונג, האָבן זיי געוווּסט וואָס עס מיינט אַ ספֿר. אין די בתּי־מדרשים און די חדרים האָבן זיי געלערנט די קינדער לייענען און שרײַבן לשון־קודש. כ׳געדענק, אַז איינער פֿון מײַנע ערשטע אײַנדרוקן פֿון די תּימנער

ייִדן איז געווען דער פֿאַקט, וואָס זיי קענען לייענען „פֿאַרקערט", פֿון אויבן אַראָפּ. ספֿרים זענען געווען אַ יקר־המציאות, האָבן די קינדער, זיצנדיק אין אַ קרײַז אין די ליימענע כאַטקעס וואָס האָבן געדינט ווי שולן אין די ייִדישע קוואַרטאַלן אין תּימן, געמוזט לערנען דעם תּנ״ך פֿון יעדן מעגלעכן ווינקל.

ווי האָבן זיי זיך אויפֿגעהאַלטן? זיי זענען געווען ערשטקלאַסיקע בעלי־מלאכות, גאָלדשמידן, וועבערס און סטאָליערס. אין גאַנץ ישׂראל קען מען איצט זען און קויפֿן זייערע אײדעלע און עקזאָטישע פֿיליגראַן־אַרבעטן. די וואָס האָבן נישט געקענט אויסהאַלטן זייערע משפּחות מיט קונסט־אַרבעטן, זענען געווען פּשוטע אַרבעטער, אָדער וואַנדערנדיקע פּעדלערס. אַלע זענען געווען דערנידעריקט און געפֿירט אַ שווער לעבן. קרוב צו 800 פֿון טויזנט געבוירענע ייִדישע קינדער פֿלעגן שטאַרבן. יתומים־ייִנגלעך האָט מען געצוווּנגען זיך שמדן. דאָך איז אין תּימן קיין מאָל נישט פֿאַרשווונדן די ייִדישע קהילה. פֿון צײַט צו צײַט האָבן ייִדן באַקומען פֿונעם אימאַם אַ דערלויבעניש צו פֿאַרלאָזן תּימן; אַנדערע פֿלעגן אַנטלויפֿן, אַריבערגיין דעם מידבר און אָנקומען אין אַדען, מיט דער האָפֿענונג פֿון דאָרט אַרײַנצוקריגן זיך אין הייליקן לאַנד, כאָטש זייער ווייניק איז דאָס געראָטן.

דאָך, ווען כ'בין געקומען קיין ארץ־ישׂראל אין 1921, זענען שוין דאָ געווען תּימנער ייִדן. וועגן דער באַנײַטער ייִדישער קאָלאָניזאַציע האָבן זיי זיך דערוווּסט פֿון שמואל יבניאלי, אַ מיזרח־אייראָפּעיִשן ייִד, וואָס איז דורכגעגאַנגען תּימן שוין אין 1908, געפֿונען דאָרט די „פֿאַרלוירענע שׂרידים" פֿון זײַן פֿאָלק און געבראַכט צו זיי די בשׂורה פֿון שיבת־ציון. זיי האָבן מיך ממש באַצויבערט. איך האָב געוווּסט אַז זיי זענען מסוגל צו גרויסע פֿיזישע אָנשטרענגונגען, אָבער אין מײַנע אויגן האָבן זיי, אין זייער טראַדיציאָנעלן קאָלירפֿולן לבֿוש, אויסגעזען ווי שוואַרצינקע, אײדעלע ליאַלקעס (אין תּימן האָבן זיי נישט געטאָרט טראָגן די זעלבע מלבושים ווי די אַראַבער). דער רובֿ תּימנער פֿרויען אין לאַנד האָבן דאַן געטראָגן שיינע מלבושים מיט קאָפּטורן און קליידער איבערגעצויגן אויף שמאָלע הויזן, באַפּוצט מיט שיינע שטיקערײַען. די מענער, אַלע מיט לאַנגע פּאות, האָבן געטראָגן לויזע כאַלאַטן מיט פּאַסן. אין די מלחמה־יאָרן האָבן עטלעכע טויזנט ייִדן באַקומען פֿון די ענגלענדער אַ דערלויבעניש צו פֿאַרלאָזן אַדען און זענען געקומען קיין ארץ־ישׂראל דורכן סועץ־קאַנאַל. דער רובֿ איז אָבער געבליבן פֿאַרשפּאַרט. אין 1947, עטלעכע טעג נאָכן אונ"אָ־באַשלוס צו צעטיילן דאָס לאַנד, האָבן די אַראַבער אין אַדען דורכגעפֿירט שרעקלעכע פּאָגראָמען איבער די דאָרטיקע ייִדן און די לאַגע אין תּימן גופֿא האָט זיך פֿאַרערגערט. טויזנטער תּימנער ייִדן, וועלכע האָבן געהערט, אַז די ייִדישע מדינה איז ענדלעך אויפֿגעקומען, האָבן, צעשראָקענע און פֿאַרייאושטע, גענומען זייער גורל אין די אייגענע הענט און זענען אַנטלאָפֿן. זיי האָבן איבערגעלאָזט זייער אָרעם האָב־און גוטס, צונויפֿגענומען

די משפחות און, אַזוי ווי די בני־ישראל פון תנ״ך, אָנגעהויבן אַרויסגיין מעבדות לחירות און געגלייבט, אַז זיי וועלן זיך ווי נישט איז דערשלאָגן צום הייליקן לאַנד. זיי זענען געגאַנגען אין גרופּעס, צו דרײַסיק אָדער פערציק מאַן, געליטן פון אַראַבישע רויבערס, וועלכע זענען זיי באַפאַלן, געגעסן נאָר די פּיתּה, האָניק און טייטלען, וואָס זיי האָבן געקענט טראָגן מיט זיך און געצאָלט גרויסע אויס־לייזגעלטער די פאַרשידענע אַראַבישע סולטאַנען אין מידבר, ווו זיי זענען דורכ־געגאַנגען, געצאָלט פאַר יעדן נפש, פאַר יעדן ניי־געבוירן קינד און פאַר יעדן ספר תנ״ך. דער גרעסטער טייל איז אָנגעקומען אין די לאַגערן אין אַדען, וואָס דער „דזשאָינט״ האָט פאַר זיי אויפגעשטעלט און ווו עס האָבן געאַרבעט ישראל־דיקע דאָקטוירים און סאָציאַלע טוערס; דאָרט האָבן זיי זיך אָפּגערוט, געדאָוונט און געלערנט תּורה. אָבער ווען די מיצרים האָבן פאַרמאַכט דעם קאַנאַל פאַרן דורכגאַנג פון די יִידן, איז פאַר זיי פאַרבליבן בלויז דער לופטוועג. יעדן טאָג זענען אָפּגעפלויגן קיין ישראל, לענג־אויס דעם ים־סוף, 500 — 600 תּימנער יִידן, צונויפגעקוועטשטע אין ריזיקע טראַנספּאָרט־עראָפּלאַנען — אַן אַקציע, וואָס איז שנעל באַקאַנט געוואָרן אונטערן נאָמען „די כּישוף־טעפּעכער־אַקציע״. דאָס האָט זיך אַזוי געצויגן אין משך פון גאַנצן יאָר 1949 און אַרײַנגעבראַכט קיין ישראל 48.000 תּימנער יִידן.

איך פלעג טייל מאָל פאָרן קיין לוד, זײַן בײַם אָנקומען פון די עראָפּלאַנען פון אַדען, באַוווּנדערן דעם אויסדויער און די אמונה פון די אויסגעמאַטערטע פּאַסאַזשירן. „האָט איר שוין אַ מאָל געזען אַן עראָפּלאַן?״ — האָב איך געפרעגט אַן עלטערן יִיד מיט אַ באָרד. „ניין״ — האָט ער געענטפערט. „האָט איר זיך נישט געשראָקן צו פליִען?״ — האָב איך ווידער געפרעגט. „ניין״ — האָט ער געענטפערט זייער פעסט בײַ זיך — „אַלץ איז געשריבן אין תּנ״ך, אין ישעיהו: און איך וועל אײַך טראָגן אויף פליגלען פון אָדלערס״. ווי ער איז אַזוי געשטאַ־נען אויפן פליפלאַץ, האָט ער פאַר מיר אָפּגעזאָגט דעם גאַנצן פּסוק און זײַן פּנים האָט געלויכטן פון פרייד וואָס די נבואה האָט זיך פאַרווירקלעכט און עס האָט זיך געענדיקט דער וואַנדערוועג. הײַנט זענען פאַקטיש נישטאָ מער קיין יִידן אין תּימן און די ווונדן פון זייער לאַנגן גלות האָבן אָנגעהויבן זיך פאַר־היילן. בן־גוריון פלעגט זאָגן, אַז זיין גליקלעכסטער טאָג וועט זײַן ווען אַ תּימנער יִיד וועט נאָמינירט ווערן ווי דער הויפּט־שעף פון דער יִידישער אַרמיי. איך האַלט, אַז אָט דער טאָג איז איצט שוין נישט ווײַט.

ווען איך לייען וואָס איך האָב דאָ געשריבן, וווּנדער איך זיך אַליין אויף דער צאָל עולים וואָס מיר האָבן אויפגענומען. אָבער דעמאָלט האָבן מיר זיך נישט פאַרנומען מיט אַבסטראַקטע ציפערן. נישט די אַריטמעטיק פון חוק־השבות — דאָס געזעץ וואָס איז אָנגענומען געוואָרן אין כּנסת אין יולי 1950 און וואָס גיט יעדן יִידן אויטאָמאַטיש דאָס רעכט עולה צו זיין און די ישראלדיקע

בירגערשאַפט — האָט אונדז באַאומרויִקט. באַזאָרגט האָט אונדז די פּראַגע: ווי וועלן מיר באַוויַיזן צו דערנערן, אַנטאָן, געבן אַ דירה און דערציִען די דאָזיקע טויזנטער עולים, און בכלל באַפרידיקן זייערע באַדאַרפעניִשן? ווי און מיט וואָס? ביַי מײַן צוריקקומען קיין ישראל, האָבן געלעבט 200.000 מענטשן אין געצעלטן (אויב דאָס איז דאָס פּאַסיקע וואָרט) איבערן גאַנצן לאַנד, מערסטנס צו צוויי משפחות אין אַ געצעלט און נישט דווקא משפחות פון זעלבן לאַנד, צי אַפילו פון זעלבן קאָנטינענט. אַחוץ דעם פאַקט, וואָס קיין איינער פון די אָמטן וואָס זענען אימפּראָוויזירט געוואָרן אין איַילעניש האָט נישט פונקציאָנירט ווי עס דאַרף צו זיַין, זענען געווען אַ סך קראַנקע מענטשן, הונגעריקע און קאַליקעס, וואָס וואָלטן זיך מסתמא געווען בעסער איַינגעאָרדנט, ווען זיי וואָלטן אַנדערש געוווינט, אָבער אין די געגעבענע באַדינגונגען האָבן זיי זיך ממש נישט געקענט קיין עצה געבן. מענטשן וועלכע האָבן יאָרן־לאַנג געליטן פון נאַצישער שקלאַפן־אַרבעט, איבערגעלעבט די „די פּי״־לאַגערן און געהאַט דעם מוט אונטערצונעמען די נסיעה קיין ישראל און וועמענס געזונט איז, אין בעסטן פאַל, געווען שוואַך, אָבער מערסטנס אויסגעשעפּט און צעבראָכענע, מענטשן וואָס האָבן זיך געניי־טיקט אין די בעסטע באַדינגונגען — האָבן געוווינט מיט זייערע משפחות (אויב זיי האָבן נאָך געהאַט משפחות) אין אומדערטרעגלעכער שכנות מיט מענטשן, מיט וועלכע זיי האָבן נישט געהאַט אַפילו קיין בשותּפותדיקע שפּראַך. אין נײַנציק פּראָצענט פאַלן האָבן די דאָזיקע מענטשן אַפילו באַטראַכט זייערע ניַיע שכנים ווי פּרימיטיווע, וויַיל זיי האָבן קיין מאָל נישט געזען קיין וואַסער־לײַטונג אין אַ טואַלעט. זיי וואָלטן אפשר גיכער געקומען צו זיך ווען מיר וואָלטן געווען ביכולת גלײַך צו באַזאָרגן זיי מיט אַרבעט, אָדער אַריבערפירן זיי אין אַ פּאַסיקן שיכון, צו געבן זיי, אין וועלכער עס איז פאָרם, דאָס געפיל פון סטאַביליטעט, נאָך וועלכער זיי האָבן געבענקט, פּונקט ווי אַלע פליטים. די אַנאַלפאַבעטקע פון ליביע, תּימן, צי פון די היילן אין די אַטלאַס־בערג, האָט מען אַריַינגעזעצט מיט אירע קינדער אין אַ געצעלט, וווּ עס רעגנט אַריַין און עס יאָגן די ווינטן, ממש צוזאַמען מיט פּוילישע און טשעכישע ייִדן, וועלכע קאָכן אַנדערש און עסן אַנדערש און די מאכלים פון איינע רופן אַרויס אַן עקל ביַים צווייטן. זיי האַלטן איינע די אַנדערע אַפילו פאַר קיין ייִדן נישט, וואָרעם זייערע תּפילות און מינהגים זענען אַבסאָלוט פאַרשיידן.

טעאָרעטיש וואָלט קיין איינע פון אָט די זאַכן נישט געדאַרפט האָבן קיין באַדייטונג. טעאָרעטיש וואָלטן נישט געדאַרפט זיַין וויכטיק די ענגשאַפט, אָרעמ־קייט און קולטורעלע אָדער גיַיסטיקע אונטערשיידן פאַר מענטשן וואָס האָבן איבערגעלעבט דעם חורבן אָדער פאַר די וואָס זענען בפועל־ממש צו פוס אַרויס פון תּימן און געגאַנגען אין ברענענדיקן מידבר, ווו עס שוויבלט מיט רויבערס. אָבער טעאָריעס זענען פאַר טעאָרעטיקער; מענטשן בלײַבן מענטשן און די

שפּאַנונגען און אומבאַקוועמלעכקייטן פון די דאָזיקע געצעלטן־שטעט, וועלכע איך האָב אומעטום געזען אין 1949, זענען געווען ממש אומדערטרעגלעך. מען האָט גלייך געמוזט עפּעס טאָן בנוגע ווינטער־רעגנס און שאַפן, ווי צום שנעלסטן, אַרבעטס־פּלעצער פאַר אָט די אומגליקלעכע מענטשן. מען האָט געדאַרפט זאָרגן אויף אַ פּאַסיקן אופן פאַר זייער געזונט און דערנערונג. מען האָט געהיילט טובערקולאָז, טראַכאָמע, מאַלאַריע, טיפוס, דיזענטעריע, מאָזלען און פּעלאַגרע, וואָס די עולים האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט, כאָטש כ׳ווייס נישט ווי אַזוי עס האָבן דאָס באַוויזן אונדזערע פאַרהאָרעוועטע, איבערגעשפּאַנטע דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטער. אין אַלע געצעלטן־שטעט זענען געווען כל מיני „שולעס״, און מען האָט אין זיי אינטענסיוו געלערנט עברית, אָבער די שיכון־פּראָגע האָט אין 1949 אויסגעזען ווי אַזאַ וואָס איז אוממעגלעך צו לייזן.

וואָס שייך אונדזערע רעסורסן איז, נישט געקוקט אויף דעם ווונדערלעכן אָפּרוף פון די ייִדן אין דער גאַנצער וועלט, קיין מאָל נישט געווען גענוג געלט. אונדזערע שכנים האָבן אויף אונדז אַרויפגעצוווּנגען אַ הימל־הויכן פאַרטיידי־קונגס־בודזשעט און מען האָט אויך געמוזט זאָרגן פאַר די אַנדערע עיקרדיקע באַדערפענישן פון דער מדינה. מיר האָבן נישט געקענט שליסן די שולעס אָדער די שפּיטאָלן, אָדער אָפּשטעלן אונדזער טראַנספּאָרט, אָדער פאַרמאַכן אונדזערע פאַבריקן (אויף וויפל זיי האָבן עקסיסטירט), אָדער צו פיל צוימען די אַנטוויקלונג פון דער מדינה אויף וועלכן עס איז געבויט. האָבן מיר אַלץ געמוזט טאָן אין איין און אין דער זעלבער צייט; אָבער עס זענען געווען זאַכן וואָס מיר האָבן דאָך געקענט אויף זיי מוותר זײַן און טאַקע מוותר געווען. מיר האָבן אײַנגע־פירט ראַציאָנירונג אין יעדער זאַך — שפּײַז, קליידונג, שיך, צוגעווינט זיך צו אַ סיסטעם פון אַ באַשיידן אויסקומעניש — „צנע״, ווי מיר האָבן עס גערופן אין עברית — און דאָס האָט אָנגעהאַלטן יאָרן. דאָ נישט לאַנג האָב איך געפונען מײַנס אַ פּונקטן־ביכעלע, אַ קליין גרוי ביכעלע, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן דאָס מיניסטעריום פאַר האַנדל און אינדוסטריע אין 1960 און אין מײַן זכרון זענען אויפגעשוווּמען די שעהען ווען כ׳בין געשטאַנען אין דער ריי צו באַקומען אַ פּאָר קאַרטאָפל, דרײַ אייער, אַ פאַרפרוירענעם פיש, וואָס מיר האָבן געגעסן מיט הנאה און דאַנקבאַרקייט. צו מײַן מזל האָב איך נאָך געהאַט קליידער פון דער צײַט ווען כ׳בין געווען אין רוסלאַנד, אָבער דער רוב ישראלים האָבן געלעבט אין דחקות. דער לעבנס־סטאַנדאַרד איז שטאַרק געפאַלן. וואָס עס איז גענוג געווען פאַר אַ משפּחה אין 1948, האָט מען איצט געדאַרפט אײַנטיילן פאַר צוויי אָדער דרײַ. לאַנג־אײַנגעזעסענע מענטשן, וואָס האָבן ערשט איצט דורכגעלעבט חדשים פון שרעקלעכער מלחמה, וואָלט מען געקענט מוחל זײַן, ווען זיי צעבונ־טעווען זיך קעגן די נײַע פאָדערונגען, אָבער קיינער האָט זיך נישט אַנטקעגנגע־שטעלט. געווען אייניקע וואָס האָבן געזאָגט, אַז די עולים וואָלטן אפשר געדאַרפט

וואַרטן אויף די פּלעצער ווו זיי געפינען זיך, ביז די לאַגע אין לאַנד וועט ווערן בעסער. אָבער קיינער, ממש קיינער, האָט קיין מאָל נישט געטענהט, אַז דער עול איז צו שווער און אַז די יונגינקע מדינה קען פאַלן אונטער אים. מען האָט אײַנגעצויגן דעם גאַרטל און ווידער אײַנגעצויגן און דאָך האָבן מיר אַלע באַוויזן צו אָטעמען. אין איין זאַך זענען מיר אַלע געווען איינשטימיק: אָן די דאָזיקע ייִדן איז ישראל נישט כּדאַי.

עס האָט אָבער געמוזט זײַן אַ סדר פון פּריאָריטעטן. בכל-אופן פאַר מיר זענען שיכּון און אַרבעט פאַר עולים געשטאַנען בראש פון דער רשימה. נישט אַלע מײַנע חברים זענען מיט מיר מסכּים געווען. אייניקע ספּעציאַליסטן האָבן מיר דערקלערט, מיט איינצלהייטן, מיט דער הילף פון טאַבעלעס און דיאַגראַמעס, פאַר וואָס דער סאָרט שיכּון וואָס איך האָב וועגן אים געטראַכט, איז נישט קיין גוטער געדאַנק. דאָס וועט דערפירן צו אינפלאַציע, האָבן זיי געטענהט. ס'וועט זײַן אַ סך קליגער אויב דאָס ביסל געלט, וואָס איז געווען צו אונדזער דיספּאָ־זיציע, וועט אינוועסטירט ווערן אין פאַבריקן צי אין פאַרבעסערטע לאַנדווירט־שאַפטלעכע מעטאָדן. אָבער איך האָב נישט געקענט אָננעמען אָדער שטיצן קיין שום רעקאָמענדאַציע וואָס האָט נישט געהאַט צו טאָן פריִער פון אַלץ מיט דער קליטה פון עולים און באַזונדערס פון מענטשלעכן שטאַנדפּונקט. איך האָב אוודאי נישט געגלייבט, אַז ס'קאָן עפּעס זײַן מער „פּראָדוקטיוו" פון שטאַנד־פּונקט פון דער צוקונפט פון ישראל, ווי אַן אָנשטענדיקער שיכּון. פאַר מיר איז געווען פולשטענדיק קלאָר, אַז אַ גוטע בירגערשאַפט, אַ קאָנקרעט געפיל פון אָנגעהעריקייט, אַן אָנהייב פון אינטעגראַציע — אָדער, מיט אַנדערע ווערטער, דאָס שאַפן אַ גוטע געזעלשאַפט — איז אָפּהענגיק אויף אַ דעצידירנדיקן אופן פון דער פאָרם, אין וועלכער מענטשן וווינען און עס האָט קיין זינען נישט, אַז מיר זאָלן רעדן דערהויבענע ווערטער וועגן געזעלשאַפטלעכער אחריות, וועגן דערציִונג אָדער אפילו וועגן געזונט, כּל-זמן מיר וועלן נישט אַרויס־נעמען כאָטש אַ טייל נײַע עולים פון די שרעקלעכע געצעלטן און זיי אַריבערפירן, אַזוי שנעל ווי מעגלעך, אין פאַסיקע דירות.

עטלעכע וואָכן נאָך מײַן צוריקקומען פון מאָסקווע האָב איך פאָרגעלייגט פאַר דער כּנסת אַ פּלאַן פון בויען די ערשטע 30.000 וווינונגס־איינהייטן און אים דורכגעפירט, נישט געקוקט אויף אַלע טענות קעגן דעם. מיר האָבן אָבער נישט געקענט בויען הײַזער פון מילך און האָניק (כאָטש אויף די פּראָדוקטן זענען נישט געווען בשפע). ביז איך דעריבער ווידער געפאָרן קיין אַמעריקע זוכן דאָס נייטיקע געלט, ווידער געבעטן הילף פון די אַמעריקאַנער ייִדן און דאָס מאָל „נישט אויף צו געווינען אַ מלחמה, נאָר כּדי אויפצוהאַלטן דאָס לעבן":

„מיט צוויי וואָכן צוריק בין איך געקומען צו אונדזער פּאַרלאַמענט און פאָרגעלייגט אַ פּלאַן פון בויען דרײַסיק טויזנט דירות ביזן סוף יאָר.

דער פּאַרלאַמענט האָט באַשטעטיקט דעם פּלאַן און אין לאַנד איז געווען אַ גרויסע פרייד. אָבער אין דער אמתן האָב איך געטאָן אַ מאָדנע זאַך: צוגעשטעלט אַ פּראָיעקט, פאַר וועלכן כ׳האָב נישט געהאַט קיין געלט. מיר ווילן געבן יעדער משפּחה אַ „לוקסוס־דירה" פון איין צימער; אַ צימער, וואָס מיר וועלן בויען פון בעטאָן־בלאָקן. מיר וועלן אַפילו נישט קאָלכן די ווענט. מיר וועלן בויען דעכער, אָבער נישט קיין סופיטן. אונ־דזער האָפענונג איז, אַז די מענטשן וועלן לערנען אַ פאַך בעת זיי וועלן בויען זייערע הײַזער, און מיט דער צייט וועלן זיי זיי אויסענדיקן, און שפּעטער צובויען נאָך אַ צימער. מיר וועלן זײַן גליקלעך און זיי וועלן זײַן גליקלעך, כאָטש דער פּירוש פון דער זאַך איז אַרײַנצווזעצן אַ משפּחה פון צוויי, דרײַ, פיר אָדער פינף נפשות אין איין צימער, אָבער דאָס איז בעסער איידער צוויי, דרײַ משפּחות אין איין געצעלט... עס איז אַ שרעק־לעכע זאַך צו פעלשן די אונטערשריפט אויף אַ טשעק, אָבער איך האָב עס געטאָן. איך האָב צוגעזאָגט די מענטשן אין לאַנד און די מענטשן אין די געצעלטן, אַז די רעגירונג וועט אויפשטעלן 30.000 אַזעלכע דירות. אין אײַך װענדט זיך, צי איבערלאָזן די דאָזיקע מענטשן אין די געצעלטן און שיקן זיי פעקלעך מיט שפּײַז, אָדער שטעלן זיי צו דער אַרבעט און אומקערן זיי זייער זעלבסטווערדע".

איך האָב באַקומען דאָס געלט און מיר האָבן אָנגעהויבן בויען די הײַזער. פאַרשטייט זיך, אַז אין אָנהייב האָבן מיר געמאַכט כּל־מיני פעלערן — אייניקע פון זיי ערנסטע — סײַ אין דער פּלאַנירונג און סײַ אין דער אויספירונג. מיר האָבן נישט ריכטיק געחשבונט, נישט אויסגעקליבן די פּאַסיקע פּלעצער און נישט אָנגעיאָגט דעם שטראָם פון דער עליה. מיר האָבן נישט געקענט בויען מיט אַ גענוגנדיקער שנעלקייט און נישט פון גענוגנדיקער קוואַליטעט. ביז אָקטאָבער 1950 האָבן מיר אויפגעבויט אַ דריטל פון דעם וואָס מיר האָבן צוגע־זאָגט, ווײַל עס איז בײַ אונדז געווען אַ שווערער, אומגעווייניטלעכער ווינטער און מיר זענען געווען געצוווּנגען צו פאַרווענדן געלטער וואָס זענען געווען באַשטימט פאַר בויען, פאַרן ווינטער, אויף אײַנצוקויפן טויזנטער „פּחונים", בײַדלעך פון בלעך, וואָס זענען געווען בעסער ווי די געצעלטן. זיי האָבן אָבער געבראָטן ממש ווי באַקאויוונס אין די לאַנגע הייסע ישראל־זומערס. דאָך איז קיין איין משפּחה, וואָס איז אָנגעקומען אין ישראל מיט יענע גרויסע עליה־כוואַליעס, נישט געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. מיר האָבן געפונען אָדער צוגעטראַכט אָן אַרט פאַר יעדן איינעם. ווען עס האָבן זיך געענדיקט די „פּחונים", האָבן מיר גענומען לײַוונט, צוגעקלאַפּט מיט טשוועקעס צו הילצערנע ראָמען און אויפ־געשטעלט צענדליקער טויזנטער „בדונים" — ביידלעך פון לײַוונט. ווען אויך דאָס האָבן אויסגעפעלט, זענען מיר מיט אַ שווער האַרץ צוריקגעגאַנגען צו די

געצעלטן, אָבער קיינער איז אין דרויסן נישט געשלאָפן און דאָס בויען האָט קיין מאָל נישט אויפגעהערט.

אָבער סוף 1950 האָבן מיר שוין געוווּסט, אַז מען קען נישט טראַכטן וועגן די „צייַטוויייַליקע לאַגערן" ווי וועגן אויפנעם־צענטערס, וואָס אין אַ פּאָר חדשים אַרום וועט מען זיי קענען צוזאַמענלייגן און ליקווידירן. ס'איז געווען קלאָר, אַז זיי וועלן אונדז דאַרפן דינען עטלעכע יאָר און דעריבער וועט זייער כאַראַקטער זיך מוזן אין גאַנצן בייַטן. מען וועט זיי דאַרפן פּאַרוואַנדלען אין אַרבעטס־דערפער און זיי אַריבערפירן באַענט צו שטעט און שטעטלעך, כּדי די נייַע עולים זאָלן זייַן אין שכנות פון ערטער, ווו עס איז פאַראַן אַ נאָכפרעג אויף אַרבעטסהענט. מען וועט זיי מוזן אָרגאַניזירן אויף אַזאַ אופן, אַז די מענטשן וואָס וווינען אין זיי, זאָלן זייַן מער־ווייניקער אומאָפּהענגיק, קאָכן פאַר זיך, נישט עסן אין עפנטלעכע קיכן און אָנטייל נעמען אין אויפהאַלטן די עפנטלעכע באַדינונג. מיר האָבן נישט געקענט אַרויפלייגן קיין שטייַערן אויף מענטשן וואָס האָבן נישט פאַרמאָגט קיין גראָשן, אָבער מיר האָבן יאָ געקענט זיי פאַרשפּאָרן דאָס געפיל, אַז זיי עסן געשענקט ברויט.

די נייַע לאַגערן האָבן געהייסן „מעברות", וואָס מיינט טראַנזיט־פּלעצער. ביז נאָוועמבער 1951 האָבן מיר אויפגעשטעלט 112 מעברות און עס זענען דורך זיי אַדורך 227.000 נייַע עולים. כּדי נישט צו שאַפן צוויי קלאַסן ישראלים — די אַלט־אייַנגעזעסענע, רעלאַטיוו גוט אייַנגעאָרדנטע, פון איין זייַט, און די נייַע עולים אין די ענגע, מיאוסע מעברות, פון דער צווייטער זייַט, האָבן מיר געדאַרפט צושטעלן אַ סך מער ווי בלויז אַ דירה. מיר האָבן געדאַרפט זאָרגן, אַז די נייַע עולים זאָלן אַרבעטן און באַקומען אַ לוין פאַר זייער אַרבעט און איך האָב געהאַלטן, אַז דאָס קען געטאָן ווערן בלויז דורך אַ פּראָגראַם פון עפנטלעכע אַרבעטן.

אויך דאָס איז נישט געווען לייַכט. דער רוב פון די אַזוי גערופענע מיזרח־עדות (געקומענע פון מיטעלן מיזרח און צפון־אַפריקע) האָבן פּאַקטיש נישט געהאַט די געניטשאַפט און די קוואַליפיקאַציעס, וואָס זאָלן אַנטשפּרעכן די באַדינגונגען, אין וועלכע זיי האָבן זיך געפונען אין דער נייַער מדינה. מיר האָבן מורא געהאַט, אַז אַ סך פון זיי וועלן זיך צוגעוווינען גאַרנישט צו טאָן און לעבן אויף קיצבה, יאָר־איין יאָר־אויס, און אַזוי־אַרום וועט זיך נאָך פאַרגרעסערן דער תּהום צווישן זיי און אונדז. סאָציאַלע הילף, ווי פאַרגעשריטן זי זאָל נישט זייַן, איז אוודאי נישט געווען דער ענטפער. מיר האָבן געמוזט שאַפן מעגלעכקייטן פאַר באַשעפטיקונג; האָבן מיר אויפגעשטעלט אַ ריי ספּעציעלע אונטערנעמונגען און געגעבן אַרבעט מענטשן, וועלכע האָבן זיך קיין מאָל נישט באַנוצט מיט קיין בויערער, נישט געהאַלטן קיין ציגל אין זייערע הענט און ווייַט געווען פון פעלדאַרבעט. דאָס אַרבעטס־מיניסטעריום האָט אויסגעאַרבעט אַ ברייט פּראָגראַם פון בויען שאָסייען איבערן לאַנד, מען האָט אָפּ־

געריייניקט הונדערטער און הונדערטער דונאַם שטיינערדיקן באָדן, געשאַפֿן טעראַסן און פֿאַרפֿלאַנצט וועלדער און דאָס אַלץ מיט האַנטאַרבעט. די גאַנצע צײַט זענען מיר אַנגעגאַנגען מיט בויען און צוגרייטן די עולים מיט אַרבעט, כאָטש די עליה־כוואַליע איז געוואָרן שוואַכער ערשט אין 1952.

די אמתע פּראָבלעם איז, פֿאַרשטענדלעך, נישט געווען די שוועריקייט אויס־צובילדן אַרבעטס־כּוחות אָדער בויען הײַזער, צי אײַנשליסן טויזנטער עולים אין אונדזער ווירטשאַפֿט. דאָס זענען אַלע געווען דרינגענדיקע ענינים, אָבער קיין מאָל נישט די עיקר־דאגה. דאָס וואָס איז אין יענע טעג באמת געווען אונדזער זאָרג און איז עס נאָך טיילווייז היינט ביי אַלע דענקענדיקע ישׂראלים — איז ווי אַזוי צו אינטעגרירן מענטשן, וואָס, אויבנאויפֿיק באַטראַכט, האָבן צווישן זיך אַזוי ווייניק בשותּפֿותדיקס און עס איז זיי אַזוי שווער צו פֿאַרשטיין איינער דעם אַנדערן. ווידער אַ מאָל: ווײַל מיר האָבן נישט געהאַט קיין ברירה, האָבן מיר אַפֿט מאָל מצליח געווען דאָרט ווו עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ס׳איז אוממעגלעך מצליח צו זײַן. כ׳געדענק, למשל, מיט וואָס פֿאַר אַ פּעסימיזם — אויב נישט צו זאָגן פֿאַרדראָס — עס האָבן זיך באַצויגן אייניקע חברים צום בויען די שאָסייען. נישט נאָר וואָס מיר האָבן זיך נישט געניײטיקט אין די אַלע צוגאַנג־שאָסייען, נײַערט דער אימפּאָרט פֿון די בוי־מאַטעריאַלן איז געווען ממש אַ לוקסוס; און במילא, האָבן זיי געטענהט, וועלן די שאָסייען נישט זײַן גוט, ווײַל מיר האָבן דאָך נישט קיין פּאַסיקע אַרבעטער. אָבער איך האָב זיך געשטיצט אויף דרײַ טענות: די איבערגעגעבנקייט און אינטעליגענץ פֿון די אײַנגעזעסענע; דער פֿאַרשטאַרקטער ווילן בײַ די עולים צו פֿאַרדינען ערלעך זייער חיונה און נישט דאַרפֿן אָנקומען דערצו אַז די מדינה אָדער די אַגענץ זאָל זיי אויסהאַלטן דאָס גאַנצע לעבן; און די פֿאַרשטענדעניש און ברייטהאַרציקייט פֿון וועלט־ייִדנטום, וואָס האָט תּמיד געענטפֿערט אויף אונדזערע כּסדרדיקע ווענדונגען נאָך הילף. ווען איך קוק אויף צוריק, מוז איך זאָגן, אַז איך האָב זיך זייער זעלטן אַנטוישט, כאָטש יעדער וואָס האָט געזען ווי מען האָט געבויט די שאָסייען אין 1949 און אין די ערשטע פֿופֿציקער יאָרן, האָט געקענט טראַכטן, אַז מיר זענען אַלע אַ ביסל משוגע. מיר פֿלעגן נעמען אַ פֿאַכמאַן אין הײַזערבוי, פֿון ירושלים צי תּל־אָביב, איבער נאַכט אים פֿאַרוואַנדלען אין אַן אָנפֿירער פֿון אַ גרופּע שאָסייען־בויערס ערגעץ־ווו אין דרום און לאָזן אים זיך פֿאַרמעסטן מיט דער פּראָבלעם פֿון מדריך זײַן מענטשן וואָס רעדן צען פֿאַרשיידענע שפּראַכן, וואָס קומען פֿון צען פֿאַרשיידענע לענדער, צעטומלטע מענטשן וואָס זענען קוים עטלעכע חדשים אין לאַנד און געפֿינען זיך אין אַ גאַר שווערער פֿאַרלעגנהייט. און פֿון דעסטוועגן זענען די שאָסייען, אַזוי אָדער אַנדערש, אויפֿגעבויט געוואָרן, כאָטש מ׳האָט אפֿשר אַרײַנגעלייגט אין זיי צופֿיל כּוח און צופֿיל געלט. (מ׳האָט זיי גערופֿן, לכּבוד מיר, מיט אַ שטאָך, די „גאָלדענע שאָסייען”).

אין 1952, ווען די עליה האָט זיך אָנגעהויבן פאַרקלענערן, ביז 1000 אַ טאָג, האָבן מיר גענומען אַריבערפירן די נייַע עולים פון די „מעברות" אין איינגעאָרדנטע שכונות, אין די אַנטוויקלונגס־ראַיאָנען און אין די נייַע גרענעץ־יישובים איבערן גאַנצן לאַנד, און דערביי לייגן דעם טראַפ מער אויף דער לאַנדווירטשאַפט ווי אויף די עפנטלעכע אַרבעטן. מיר האָבן יעדער עולים־משפחה געגעבן נישט נאָר אַ קליינע דירה, נייַערט אויך אַ שטיקל באָדן און בהמות, צוגעגרייט די מענטשן צו ערדאַרבעט. אויך ביי דעם האָבן מיר געמאַכט פעלערן. מיר האָבן, ווייַזט אויס, צו שנעל געפּרוווט פאַרוואַנדלען דעם דרוקקעסל אין אַ שמעלצקעסל. מיר האָבן אויפגעשטעלט יישובים און אַרייַנגעזעצט אין זיי אַ געמיש פון מענטשן, פונקט ווי דאָס איז געשען ביים בויען די שאָסייען. זיי האָבן געהאַט זייער ווייניק בשותּפותדיקס און עס איז זיי געווען שווער (אָפט מאָל אוממעגלעך) צו לעבן אין איינעם ערגעץ אין אַן אָפּגעזונדערט ווינקל אין לאַנד און בדרך־כּלל נישט געהאַט קיין דערפאַרונג אין לאַנדווירטשאַפט און אויך נישט קיין ליבשאַפט דערצו. אַ סך פון זיי האָבן זיך געבונטעוועט, אַוועק אין די שטעט און זיך באַזעצט אין די אָרעמע קוואַרטאַלן, אָבער דער גרעסטער טייל איז פאַרבליבן אויף די ערטער, געוואָרן ערשטקלאַסיקע פאַרמערס און זייערע קינדער ציכטן הייַנט די פּרוכטן, בלומען און גרינסן, וועלכע ווערן פאַר־קויפט איבער דער גאַנצער וועלט.

איך בין כּלל נישט זיכער, צי מייַנע כּסדרדיקע באַזוכן אויף די אַרבעט־פּלעצער, ביי די נייַע שאָסייען, און אין די נייַע יישובים, זענען שטענדיק אָפּגע־שאַצט געוואָרן דורך די אינזשענירן און אַרכיטעקטן וואָס זענען פאַר די אַרבעטן געווען פאַראַנטוואָרטלעך. איך האָב נישט געקענט אַרייַנקומען אין די קליינע הייזקעס און נישט באַמערקן, אַז צוליב דער וואַנט צווישן דעם שטח באַשטימט פאַר אַן עסצימער און דער קיך איז די גאַנצע דירה געוואָרן נאָך קלענער; איך האָב אויך נישט געקענט נישט באַמערקן, אַז די מאַרמאָר־פּלאַטע אין קיך איז אַזוי אַרייַנגעשטעלט, אַז קיינער וועט זי נישט קענען האַלטן ריין און אַוודאי נישט פּרויען, וועלכע האָבן פריִער קיין מאָל נישט געקאָכט אין אַ קיך; כ'האָב אויך נישט געקענט נישט זען, אַז צוויי טרעפּ וואָס פירן צום אַרייַנגאַנג פון אַ דירה געבויט אויף אַ שיפּועדיקן שטח זענען נישט גענוג, אַז מען דאַרף נאָך אַ טרעפּ, באַזונדערס ווען די משפחה באַשטייט פון אַכט, נייַן קינדער, אַ טראָגעדיקער מאַמע און צום ווינציקסטן איין זיידע (אויב נישט צוויי אָדער דרייַ). „אָבער דאָס וועט קאָסטן אַ סך מער" — איז געווען די אומפאַרמייַדלעכע תּשובה אויף מייַנע באַמערקונגען און פאָרשלאָגן.

אַוודאי איז געווען לייַכטער אָנצונעמען דעם אַרגומענט, אַז דער רוב עולים, באַזונדערס די פון תּימן און צפון־אַפריקע, לעבן אַפילו אין די שלעכט פּלאַנירטע הייַזער בעסער ווי זיי האָבן געלעבט פריִער. „זיי ווייסן נישט ווי צו ווינען אין

הײַזער פון דעם סאָרט וואָס איר ווילט זיי געבן" — האָט מען מיר אָפט געזאָגט — „זיי ווייסן נישט וואָס עס איז אַ באָדצימער אָדער אַן אָפּטריט מיט פליסנדיק וואַסער. זיי וועלן פשוט פאַרוואַנדלען דאָס אָרט אין מאַגאַזינען פאַר אָפּפאַל און אַלטע זאַכן".

דאָס איז טאַקע געווען אמת. זיי האָבן נישט געוווּסט וואָס עס מיינט אַ באָד־צימער אָדער ווי אַזוי מען באַניצט זיך מיטן דוש, אָבער דאָס האָט נישט באַטײַט, אַז זיי זענען דערצו נישט באַרעכטיקט, אַז מען דאַרף זיי נישט לערנען ווי אומצוגיין דערמיט. דאָס זעלבע לגבי דער קיך. די שולן און, בעצם, לגבי דער מדינה בכלל. ס׳איז אָבער אויך געווען אמת, אַז אָן געלט וועלן מיר קיין זאַך נישט באַוויזן צו שאַפן.

דערפאַר, הגם ס׳איז מיר געווען אַ שאָד יעדע מינוט וואָס איך האָב זיך געזוימט מחוץ ישראל, האָב איך ווייטער געהאַלטן מײַנע רעדעס אין אויס־לאַנד לטובת די געלט־זאַמלונגען, בין אָפט געפאָרן קיין איראָפּע, צפון־און דרום־אַמעריקע. אָבער אויך דאָס זאַמלען געלט האָט מען געדאַרפט צופּאַסן צו די נײַע באַדינגונגען, אין וועלכע מיר האָבן זיך געפונען. דער פאַראייניקטער יידישער קאַמפּיין איז געוואָרן אַ ווונדערלעכער אינסטרומענט פאַר געלט־זאַמ־לונגען, אָבער געמיינט האָט עס נאָך אַלץ אַ קאַמפּיין און דאָס געלט איז נאָך אַלץ געווען אַ „מתּנה". יאָרן־לאַנג האָט מיך געמאַטערט דאָס בילד פון אַ יידישער מדינה וואָס האַלט זיך אויף פילאַנטראָפּיע, וועלכע וועט אָגב נישט קלעקן אַפילו כּדי אָנצוהויבן דעקן אונדזערע כּסדר וואַקסנדיקע באַדערפענישן אין קאַפּיטאַל פאַר אַנטוויקלונג. איך בין נישט געווען קיין עקאָנאָמיסט, פּונקט ווי איך בין נישט געווען קיין בוי־אינזשעניר, אָבער פּונקט ווי כ׳האָב נישט געדאַרפט זיך קענען באַניצן מיט אַ רעכן־ווירע צו פאַרשטיין אויף וועלכער הייך עס דאַרף זיך געפינען די וואַששיסל אין קיך, אַזוי האָב איך זיך אויך נישט גענייטיקט אין פּראַקטיק אין פינאַנצן כּדי צו וויסן, אַז די הכנסות פון די פילאַנטראָפּישע פאָנדן מוזן קלענער ווערן. אָבער נישט נאָר דער פאַרנעם פון די געלטער האָט מיך באַזאָרגט, נײַערט אויך דער כאַראַקטער פון דעם געלט וואָס מיר באַקומען. ס׳האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דאָס ווייטערדיקע אָפּהענגיק זײַן אין פילאַנטראָפּיע איז פּוגע אין די עלעמענטאַרסטע באַגריפן פון ציוניזם, אין די באַגריפן פון רעכענען בלויז אויף זיך און פון אייגענער אַרבעט, שוין אָפּגערעדט פון נאַציאָנאַלער זעלבשטענדיקייט. און איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַנדערע געלטקוואַלן, וואָס דורך זיי וועלן יידן אויף דער וועלט ווערן פולערע שותּפים צום ציוניסטישן ווערק און צום קיבוץ־גלויות. נאָך מײַנע באַזוכן איז אַמעריקע אין 1948, האָב איך זיך כּסדר דורכגעשריבן וועגן אָט דעם ענין מיט העברי מאָנטאָר און יעדעס מאָל ווען מיר פלעגן זיך טרעפן — מאָנטאָר, איך און אליעזר קאַפּלאַן (ישראלס ערשטער פינאַנץ־מיניסטער) —

האָבן מיר נעענטער באַטראַכט די מעגלעכקייט אָנצוהייבן אַן אַקטיוויטעט אויף אַ נײַעם פֿינאַנציעלן שטח, וואָס זאָל קומען צום אויסדרוק דורך אַן עמיסיע פֿון ישׂראל־אָבליגאַציעס.

צום ערשטן מאָל איז דער געדאַנק וועגן די אָבליגאַציעס (באָנדס) געבראַכט געוואָרן פֿאַר דער עפֿנטלעכקייט אין סעפּטעמבער 1950, אויף אַ ספּעציעלער דרײַ־טאָגיקער קאָנפֿערענץ אין ירושלים, גערופֿן דורך דוד בן־גוריונען, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט די אָנפֿירערס פֿון די וויכטיקסטע ייִדישע קהילות אין אַמעריקע. אין אָנהויב איז דער געדאַנק אויפֿגענומען געוואָרן מיט ווייניק ענטוזיאַזם. וואָס וועט זײַן, האָבן מענטשן געפֿרעגט, אויב דער פֿאַרקויף פֿון די באָנדס וועט שטערן דעם פֿאַראייניקטן קאַמפּיין? ווער וועט וועלן פֿאַרדינען געלט אויפֿן חשבון פֿון ישׂראל אָדער בעסער געזאָגט פֿאַרלירן געלט, וואָס דאָס איז אגב געווען וואַרשײַנלעכער? צדקה־געלטער קען מען אַראָפּנעמען פֿון די שטײַערן, נישט קיין באָנדס. וואָס וועט זײַן אויב די אַמעריקאַנער רעגירונג וועט זיך נישט באַציִען פּאָזיטיוו צו דער עמיסיע פֿון אָבליגאַציעס? איך האָב געהאַט דאָס געפֿיל, אַז הינטער אַט די אַלע באַוואָרענישן און זאָרגן באַהאַלט זיך דער אַלגעמיינער אומווילן עפּעס צו בײַטן אין דער סטרוקטור פֿון די באַציִונגען מיט ישׂראל. קיינער איז נישט אַרויס מיט אָפֿענע דיבורים אַז ס'איז נישט כּדאַי פֿינאַנציעל צו ריזיקירן אין ישׂראל. איך האָב אָבער געפֿילט, אַז מען וויל נישט דעם גאַנצן ענין מיט אונדזערע התחייבותן. דעם געדאַנק פֿון די באָנדס האָט אָבער געשטיצט אַ מענטש מיט אַ גרויסן כּוח, אַ מענטש וואָס האָט געהאַט אַ גרעסערע השפּעה פֿון בן־גוריונען, קאַפּלאַנען, מאָנטאָרן און מיר צוזאַמען. געווען איז עס העניר מאָרגנטאַו, דער פֿריִערדיקער פֿינאַנץ־מיניסטער פֿון אַמעריקע, מיט וועלכן איך בין געפֿאָרן אין 1948 אין אַ סך ייִדישע קהילות און וועלכער איז געווען דער פֿאָרזיצער פֿון דעם פֿאַראייניקטן ייִדישן קאַמפּיין. ער האָט תּיכּף פֿאַרשטאַנען אין וואָס עס גייט און האָט אויפֿן אָרט געגעבן זײַן הסכּמה. נאָך מער: ער איז אַוועק צום פּרעזידענט טרומאַן אין ווײַסן הויז און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויך דער פּרעזידענט פֿאַרשטייט דעם ענין און גיט זײַן הסכּמה. האָט מען צונויפֿגערופֿן אַ נײַע קאָנווענץ, דאָס מאָל אין דער הויפּטשטאָט, אין וואַשינגטאָן, און אויף מיר איז אַרויפֿגעלייגט געוואָרן די „ספּעציעלע" פֿליכט צו פּרווון ווירקן אויף די נישט־גלייבערס און פֿאַרוואַנדלען זייער סקעפּטיציזם און קעגנערשאַפֿט אין שטיצע און מיטאַרבעט.

איך האָב נישט פֿאַרלוירן קיין צײַט אויף אַן אַרײַנפֿיר־וואָרט אָדער מליצות. כּדי ישׂראל זאָל זיך קענען אַנטוויקלען, וואַקסן און בליִען, צי אַפֿילו זיך אַליין דערנערן, האָבן מיר זיך געכייטיקט אין אַנדערטהאַלבן מיליאַרד דאָלאַר פֿאַר די נאָענטסטע דרײַ יאָר. און מיר אַליין, אַ מיליאָן ייִדן, וועלן זײַן פֿאַראַנטוואָרטלעך, האָב איך געזאָגט, פֿאַר אַ דריטל פֿון אַט דער ריזיקער סומע. אָבער אַ

מיליאַרד דאָלאַר וועלן מוזן אַרײַנברענגען די אַמעריקאַנער ייִדן, אויף פֿאַרשיידענע וועגן, אײַנגעשלאָסן דעם אײַנקויף פֿון באָנדס.

„אַ טייל פֿון אָט דעם געלט וועט מוזן קומען אין דער פֿאָרם פֿון בײַשטײַערונגען און אַ טייל, דער הויפּטטייל, דאַרף זײַן געלט וואָס מיר וועלן קענען אינוועסטירן און וואָס זאָל ברענגען אַ רווח, געלט וואָס זאָל קענען טראָגן פּראָצענט. אַ חוץ אַ גרויסן און שטאַרקן קאַמפּיין, ווילן מיר אויך אינוועסטיציע־קאַפּיטאַל. מיר ווילן פֿאַרקויפֿן באָנדס; מיר ווילן איר זאָלט אונדז באָרגן געלט. איך ווייס נישט וואָס פֿאַר אַ גאַראַנטיעס מיר וועלן אײַך קענען געבן און וואָס פֿאַר אַ גאַראַנטיעס איר וועט פֿאָדערן. עס איז נאָר פֿאַראַן איין סאָרט זיכערקייט, וואָס איך קען אײַך פֿאַרשלאָגן, אין נאָמען פֿון דער ישׂראל־רעגירונג. איך קען אײַך פֿאַרשלאָגן דאָס פֿאָלק אין ישׂראל, די הונדערטער טויזנטער ייִדן וואָס קומען כּסדר אין לאַנד און די צענדליקער טויזנטער ייִדן וואָס וווינען אין די געצעלטן. כ׳קען אײַך פֿאַרשלאָגן אונדזערע קינדער, די קינדער פֿון די אײַנגעזעסענע בירגער, די תּימנער קינדער, די איראַקער קינדער און די רומענישע קינדער, וואָס וואַקסן אין ישׂראל — שטאָלצע, זיכערע ייִדן מיט זעלבסטווערדע, זיי וועלן באַצאָלן מיט פּראָצענט דעם דאָזיקן חוב, וואָס איז פֿאַר זיי אַן ערן־חוב".

ווען איך האָב געהאַלטן מײַנע רעדעס, האָב איך געזען פֿאַר מײַנע אויגן אָט די קינדער. איך האָב געזען אויך זייערע עלטערן — אין די לאַנגע קאָלאָנעס, ווי זיי גייען יעדן באַגינען אַרויס פֿון די געצעלטן, בײַדלעך, צריפֿים און בדונים, צו פֿלאַנצןביימער אין די בערג אָדער פֿלאַסטערן שאָסייען. נישט אַלע זענען געווען יונגע מענטשן. זייערע קליידער — צעפֿליקט, זייערע קערפּערס אויסגעמאַטערט. זיי זענען אָבער ערשט מיט עטלעכע חדשים צוריק געגאַנגען, מיט אַן אײַנגעבויגענעם רוקן, איבער די גאַסן פֿון תּימן אָדער געזעסן דערשלאָגענע, אָן שום באַגײַסטערונג, אין די לאַגערן פֿון די אויסגעוואָרצלטע אין אייראָפּע. איצט איז זייער רוקן אויסגעגלײַכט, די קעפּ הויך און אין די הענט האַלטן זיי אַ לאָפּעטע און אַ רידל. איך האָב געוווּסט, אַז זיי שטעלן מיט זיך פֿאַר אַ זיכערע אינוועסטיציע, און, גאָט צו דאַנקען, איך בין געווען גערעכט. זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן דער ערשטער פֿאַרקויף פֿון ישׂראל־באָנדס, אין מאַי 1951 ביז איצט, זענען פֿאַרקויפֿט געוואָרן אָבליגאַציעס פֿאַר קרוב דרײַ מיליאַרד דאָלאַר און פֿון אָט דער סומע איז שוין צוריקגעגעבן געוואָרן איין מיליאַרד. די באָנדס, וועלכע האָבן געשטראָמט אין דער ישׂראל־ווירטשאַפֿט דורך דער פֿאַרמיטלונג פֿון אַן אַנטוויקלונגס־בודזשעט, זענען געווען אַ ממשותדיקע דראַמאַטישע הילף פֿאַרן פֿאַרפֿעסטיקן די ווירטשאַפֿטלעכע עקסיסטענץ־פֿעיִקייט פֿון דער מדינה.

אַרבעט איז אָבער אין יענער תּקופֿה פֿאַר מיר נישט געווען אַלץ. עס זענען

אויך געווען פּערזענלעכע פריידן און ליידן, ווי אין יעדן לעבן פון אַ מענטש. אין 1951, אויף איינער פון מײַנע רײַזעס צו זאַמלען געלט, איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַם, אַז מאַריס איז געשטאָרבן. איך בין תּיכּף צוריקגעפלויגן קיין ישראל כּדי אָנטייל צו נעמען אין זײַן לוויה. מײַן קאָפּ איז פול געווען מיט געדאַנקען וועגן לעבן וואָס מיר האָבן געקענט פירן צוזאַמען, ווען איך וואָלט נאָר געווען אַנדערש. דאָס איז נישט געווען קיין פאַרלוסט וועגן וועלכן כ׳האָב געקענט אַדער געוואָלט רעדן מיט אַנדערע מענטשן און אַפילו מיט מײַן משפּחה. אויך איצט בין איך נישט גרייט וועגן דעם צו שרײַבן. איך וויל נאָר זאָגן, אַז כאָטש מיר האָבן אַזוי פיל יאָרן געלעבט צעשיידט, האָב איך, שטייענדיק בײַ זײַן קבר, ווידער באַנומען ווי שווער עס איז געווען דער פּרײַז וואָס איך האָב באַצאָלט — און געצוווּנגען אויך מאַריסן צו צאָלן — פאַר אַלץ וואָס איך האָב איבערגעלעבט און פאַר אַלץ וואָס איך האָב דערגרייכט אין די יאָרן וואָס מיר זענען געווען צעשיידט.

איך וויל אויך דערמאָנען שרהס שוואַנגערשאַפט, איר קרענקען און געבוירן אַ טויט קינד, ווי אויך די טעג פון אומדערטרעגלעכער זאָרג זי זאָל געזונט ווערן. זכריה און איך האָבן ממש געצוווּנגען די דאָקטוירים זיי זאָלן אונדז זאָגן, אַז אַלץ וועט זײַן כּשורה. אַנשטאָט דעם האָבן מיר געהערט מיט גרויל אַז ס׳איז כּמעט נישטאָ קיין האָפענונג. איך האָב נישט געקענט גלייבן, אַפשר דערפאַר וואָס מיט אַזוי פיל יאָרן צוריק האָב איך געהערט די זעלבע ווערטער, צי אפשר דערפאַר ווײַל דאָס זענען ווערטער, וועלכע אַ מענטש וויל אין זיי נישט גלייבן. אָבער זי איז אויך דאָס מאָל איבערגעקומען די קרענק און — כאַראַקטעריסטיש פאַר איר — זיך אײַנגעקעשנט צוריקצוגיין אין רביבים, אַזוי גיך ווי זי האָט געקענט, און האָט ווידער פאַרשוואַנגערט. עס זענען אָבער פאַרבײַ חדשים ביז איך בין צוריקגעקומען צו די כּוחות, נאָך דער שרעק וואָס איך האָב איבערגעלעבט. יעדעס מאָל ווען איך פלעג זיך דערמאָנען ווי געפערלעך איר צושטאַנד איז געווען, האָב איך געוואָלט לויפן אין רביבים און זי צוריק־שלעפּן מיט זיך קיין ירושלים, כּדי כ׳זאָל זי אַליין קענען אָפּהיטן און זיך פאַרנעמען מיט איר. איך האָב אָבער געוווּסט, אַז איך וועל גאַרנישט אויפטאָן און פאַרשטאַנען, אַז נישט געקוקט אויף מײַן זאָרג און שרעק, דאַרף איך זי לאָזן פירן איר אייגן לעבן ווו און ווי זי וועט עס באַשליסן.

איינע פון די גרעסטע פּערזענלעכע הנאות אין מײַן לעבן, אין דער צײַט וואָס איך בין געווען אַרבעטס־מיניסטער, איז געווען די דירה, אין וועלכער כ׳האָב געוווינט אין ירושלים. איך האָב זיך קיין מאָל נישט ספּעציעל אינטערע־סירט מיט דעם וואָס איז אַרום מיר, אויב עס איז נאָר געווען ריין, אײַנגעאָרדנט און צוציִענדיק. נאָך אַלעמען איז אַ הויז נישט מער ווי אַ הויז, און איך האָב געוווינט אין מערערע דירות זינט דעם אויפקום פון דער מדינה: די אַמטלעכע

דירה פון אויסערן־מיניסטער, פון פּרעמיער, און איצט די קליינע דירה אין אַ הויז פאַר צוויי משפּחות, אין אַ גאָרטן־קוואַרטאַל פון תּל־אָביב, ווו אין איין העלפט וווינען מנחם, איאַ, זייערע דריַי קינדער און אַ ספּאַניעל־הונט מיטן נאָמען דייזי, וואָס האָט מיך אַ סך ליבער ווי איך אים. אָבער פון קיין איינער פון די אַלע דירות האָב איך קיין מאָל נישט געהאַט אַזאַ הנאה, ווי פון דער חנוודיקער דירה, ווו כ׳האָב געוווינט פון 1949 ביז 1956. די מעשה אירע איז נישט אַ פּשוטע געשיכטע פון עפּעס אַ גרונטאייגנטום.

סוף 1949, זענען לויט די אינסטרוקציעס פון בן־גוריונען אַריבער פון תּל־אָביב קיין ירושלים די כּנסת און דער רוב רעגירונגס־אַמטן; פאַר בן־גוריונען איז דאָס נישט געווען קיין פּשוטער באַשלוס, נאָר אַ זייער כאַראַקטעריסטישער. כאָטש די דערעפענונגס־זיצונג פון דער כּנסת איז פאָרגעקומען אין ירושלים און ווייצמאַן האָט דאָרט אָפּגעגעבן זיַין שבועה ווי דער נשיא פון ישׂראל, זעט אויס, אַז בלויז די ישׂראלים גיבן זיך אָפּ אַ חשבון וואָס פאַר אַ באַזונדער אָרט ירושלים האָט פאַרנומען אין משך פון דורות אין די הערצער פון ייִדן, אומעטום. די וועלט האָט איגנאָרירט דעם בונד, וואָס האָט שטענדיק עקסיסטירט צווישן אונדז און דער שטאָט פון דוד המלך. סיי די פּיל־קאָמיסיע און סיַי די אונ״אָ־קאָמיסיע האָבן געהאַלטן, אַז ירושלים דאַרף נישט איַינגעשלאָסן ווערן אין דער פאָרגעשלאָגענער ייִדישער מדינה און אויך נישט אין דער אַראַבישער. די אונ״אָ־אַסעמבלי האָט דעצידירט, אַז ירושלים זאָל ווערן אינטערנאַציאָנאַליזירט, אַז זי זאָל אָנגעפירט ווערן דורך אַ ספּעציעלן ראַט, מיט אַן אייגענעם פּאַרוואַלטער און אַן אינטערנאַציאָנאַלן פּאָליצייִשן כּוח. די כּוונה אין דעם אַלעם איז כּלומרשט געווען צו באַשיצן די הייליקע ערטער, אַז אין ירושלים זאָל אייביק הערשן „רו און אָרדענונג״. די אַראַבער, פאַרשטייט זיך, האָבן אָפּגעוואָרפן דעם פּלאַן פון אַלף ביז תּיו, צוזאַמען מיטן גאַנצן חלוקה־פּלאַן, אָבער מיר האָבן אים אָנגענומען, כאָטש מיט אַ שווער האַרץ. מיר האָבן זיך געטרייסט מיטן אונאַ־צוזאָג, אַז נאָך צען יאָר וועט דורכגעפירט ווערן אַ פּלעביסציט, „וואָס וועט ברענגען באַשטימטע ענדערונגען״. אַזוי ווי אין 1948 האָבן אין ירושלים געלעבט הונדערט טויזנט ייִדן און בלויז פינף און זעכציק טויזנט אַראַבער, איז געווען אַ גרונט צו טראַכטן, אַז ס׳איז נישט אויסגעשלאָסן ירושלים זאָל לסוף זיַין אונדזערע. דאָס מיינט נישט, אַז מיר האָבן ווען עס איז געהאַט די כּוונה צו פאַרטריַיבן די אַראַבישע איַינוווינערס (דאָס איז דאַכט זיך געגוג קלאָר באַוויזן געוואָרן זינט דער זעקסטאָגיקער מלחמה) און דאָס הייסט אויך נישט, אַז עס האָט אונדז נישט פאַרדראָסן די אָנצוהערעניש אַז דורך אונדז קען געשטערט ווערן די „רו און אָרדענונג״ אין דער שטאָט, וואָס איז אונדז הייליק זינט טויזנטער יאָרן. נאָך אַלעמען האָבן מיר גוט געדענקט — כאָטש אַנדערע האָבן עס פאַרגעסן — די אומרוען און טעראָר־מעשים, וואָס די אַראַבער האָבן אָפּגעטאָן אין ירושלים

זינט 1921 און מיר האָבן גוט געוווּסט, אַז קיין איין צוזאַמענשטויס איז דאָרט קיין מאָל נישט אַרויסגערופן געוואָרן דורך ייִדן.

דער ספּעציעלער ראַט איז קיין מאָל נישט צושטאַנד געקומען, אָבער ירושלים האָט לאַנגע חדשים געליטן פֿון אַראַבישן פֿײַער. בעת דער באַלאַגערונג פֿון ירושלים, ווען די שטאָט איז אַן רחמנות באַשאָסן געוואָרן מיט אַרטילעריש פֿײַער דורך די מיצרים און ירדנער, איז פּשוט פֿאַרשווונדן און ווי אַוועק מיטן רויך די גרויסע אינטערנאַציאָנאַלע זאָרג פֿאַר די הייליקע פּלעצער. אַ חוץ עטלעכע שוואַכע אונאָ־באַשלוסן, האָט קיין מענטש, אויסער די ייִדן, גאָרנישט געזאָגט צי געטאָן אָפּצושטעלן דעם אַראַבישן אָנפֿאַל אויף דער שטאָט; קיין מענטש, אַחוץ די ייִדן, האָט גאָרנישט נישט געטאָן כּדי צו ראַטעווען די אײַנ־וווינערס פֿון דער שטאָט און אירע אַלטערטימלעכע פּלעצער. דער אַראַבישער לעגיאָן האָט דעראָבערט די אַלטשטאָט און אַלע לעבן געבליבענע ייִדן זענען פֿאַרטריבן געוואָרן. פּאַקטיש זענען מיר געווען דאָס איינציקע פֿאָלק, וואָס מ׳האָט נישט צוגעלאָזט צו די הייליקע ערטער, אָבער קיין מענטש, אַחוץ די ייִדן, איז נישט אויפֿגעשטאַנען צו זאָגן אַ וואָרט. קיינער האָט אַפֿילו נישט געפֿרעגט: „פֿאַר וואָס קענען ייִדן מער נישט גיין אין שול פֿון ייִדישן קוואַרטאַל אין דער אַלטשטאָט אָדער מתפּלל זײַן בײַם כּותל־מערבי?" נעמענדיק אין באַטראַכט אַט דאָס פֿאַרטויבנדיקע שווײַגן, איז אַ גרויסער ספֿק צי מען קען פֿון אונדז פֿאָדערן, זיך צו פֿאַרלאָזן אויף אַנדערע זיי זאָלן פֿאַרטיידיקן ירושלים, אָדער מיר זאָלן זיך באַציִען ערנסט צו דער זאָרג פֿאַר די הייליקע ערטער, וואָס עס לאָזן הערן קריסטן אָדער מוסולמענער. ווי ס׳זאָל נישט זײַן, זענען מיר געווען מסוגל אַליין זיי צו היטן, פּונקט ווי די אַנדערע היסטאָרישע און רעליגיעזע פּלעצער אין ישׂראל. עס האָט קיין זינען נישט געהאַט, מיר זאָלן וואַרטן אויף אַ פּלעביסציט אין דער פֿראַגע פֿון ירושלים. אַנשטאָט דעם האָט מען אָבער אויף אונדז אַרויפֿגעצוווּנגען אַ מלחמה.

דאָך האָט בן־גוריון געדאַרפֿט פֿאַרמאָגן אַ סך מוט — נעמענדיק אין אַכט דעם אונאָ־באַשלוס אין דעצעמבער 1949, וואָס האָט גערופֿן גלײַך צו אינטער־נאַציאָנאַליזירן ירושלים — כּדי אַריבערצופֿירן אַהין די רעגירונג, איידער מען באַוויזט אויסצופֿירן דעם דאָזיקן באַשלוס. אויך אין ישׂראל האָט מען זיך אַרויס־געזאָגט וועגן די סכּנות — פּאָליטישע און מיליטערישע, וואָס אַזאַ שריט קען גורם זײַן, אָבער בן־גוריונס אינערלעכע שטים איז געווען פֿיל שטאַרקער. און כאָטש דער רוב פֿרעמדע פֿאַרשטייערשאַפֿטן זענען געבליבן אין תּל־אָביב (דערי־בער אויך אונדזער אויסערן־מיניסטעריום), האָט מײַן מיניסטעריום צו גלײַך מיט אַנדערע זיך איינגעפּאַקט און איז אַריבער קיין ירושלים, אין דער הויפּטשטאָט.

געמיינט האָט עס פֿאַר מיר, אַז איך דאַרף זוכן אַן אָרט צו וווינען אין ירושלים, און אַוודאי האָב איך זיך נישט געוואָלט אַרײַנציִען אין אַ האָטעל

אָדער נעמען אַ צימער ביַי אַ פּרעמדער משפּחה. דערפאַר, כאָטש איך האָב געוווּסט, מער פון יעדן אַנדערן, ווי גרויס עס איז דער מאַנגל אין דירות, האָב איך געבעטן מייַנע מיטהעלפערס אין מיניסטעריום, זיי זאָלן זוכן פאַר מיר אַ צימער איבער דער גאַנצער שטאָט. „אַלץ וואָס איך דאַרף" — האָב איך געזאָגט — „איז אַ צימער מיט אַ באַזונדערן אַריַינגאַנג און דאָס קאָן מען אָן ספק געפינען". ס'איז אַדורך אַ שטיקל צייט און ענדלעך האָט ביי מיר געקלונגען דער טעלעפאָן: „גאָלדע, מיר האָבן געפונען אַ צימער, מיט אַ באַזונדערן אַריַינגאַנג, אָבער מיר גלייבן, אַז דאָס צימער איז לגמרי נישט צוגעפּאַסט פאַר דיר. פון דעסטוועגן, אויב דו ווילסט עס זען..." פאַרשטייט זיך, אַז כ'בין גליַיך אַוועק אָנקוקן דאָס צימער. געווען איז עס אין טלביה־קוואַרטאַל, אין אַ הויז וואָס האָט געהייסן „די ווילע פון האַרון אל ראַשיד" (פון אַלע נעמען אין דער וועלט!). ס'איז דאָרט אַ מאָל איַינגעשטאַנען אַ בריטישער שטאַב. דאָס הויז האָט געהאַט צוויי שטאָק און אַ רחבותדיקן דאַך, אויף וועלכן עס איז געווען איין נעבעכדיק צימער, אַלץ — אומבאַשריַיבלעך שמוציק. דער אינזשעניר איז געווען פולשטענדיק געריכט. דאָס גאַנצע הויז, שוין אָפּגערעדט פונעם צימער אויפן דאַך, איז נישט נאָר געווען אומפּאַסיק, נייַערט פשוט אוממעגלעך צו באַווינען. פון דעסטוועגן בין איך אַרויף צען דעם דאַך. פינף מינוט האָב איך זיך אַרומגעקוקט אויף ירושלים און אַראָפּ־גייענדיק האָב איך געמאָלדן: „דאָס איז עס, איך וועל זיך אַן עצה געבן אין דעם דאָזיקן קליינעם שמוציקן צימער, ביז איר וועט פאַרענדיקן פאַר מיר אַ קליינע דירה אין אַ צווייטן טייל פון דאַך". מען איז מיך באַפאַלן! דער פּלאַץ איז נישט גענוג גרויס פאַר אַ מיניסטער. ער איז צו נאָענט צו דער גרענעץ. עס וועט צו לאַנג דויערן ביזן אויפבויען אַ קליינע דירה פאַר מיר און איך וועל דאַרפן חדשים־לאַנג וווינען אין יענעם שרעקלעכן צימער. איך האָב אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט, אַז באַלד ווי מען וועט אויסרייניקן דאָס צימער, וועל איך אַריַינגיין וווינען. עס זענען טאַקע פאַרביַי עטלעכע חדשים ביז די דירה איז פאַרטיק געוואָרן, ס'האָט אָבער געלוינט צו וואַרטן. פונעם גרויסן און ברייטן פענצטער האָב איך געזען גאַנץ ירושלים, אויסגעשפּרייט אויף די יהודה־בערג. כ'בין קיין מאָל נישט מיד געוואָרן צו קוקן אויף דער לאַנדשאַפט. ווי לאַנג און שווער עס זאָל נישט האָבן געווען דער טאָג מיט מייַנע וויזיטן אין נייַע יישובים, מיט די זיצונגען, אין וועלכע כ'האָב אָנטייל גענומען — אָבער באַלד ווי כ'האָב פאַרמאַכט די טיר פון מייַן דירה, צוגעגרייט אַ גלאָז טיי און זיך ענדלעך אַוועק־געזעצט, געקוקט אויף די ליכטער פון דער שטאָט צעזייטע אַרום מיר, בין איך געווען גליקלעך ווי קיין מאָל פריִער אין מייַן לעבן. כ'פלעג אָפט מאָל אַזוי זיצן לאַנגע שעהען, אַליין און אויך ווען פריַינד פלעגן קומען מיך באַזוכן, און זיך קוויקן מיט דער שיינקייט פון ירושלים. שפּעטער האָבן מנחם און איאַ חתונה געהאַט אין אַט דער דירה און זי איז געוואָרן אַ טייל פון דער געשיכטע

פון אונדזער משפחה.

ווען איך שרײַב וועגן אָט דער תּקופה אין מײַן לעבן, טראַכט איך נישט־ווילנדיק ווי מזלדיק איך בין געווען דערמיט, וואָס איך האָב אָנטייל גענומען אין די התחלות פון אַזוי פּיל זאַכן; נישט ווײַל איך האָב געהאַט אַ השפּעה אויפן גאַנג פון די געשעענישן, נאָר ווײַל איך בין אין אַזאַ גרויסער מאָס געווען אַ טייל פון דעם וואָס איז פאָרגעקומען אַרום מיר און אָפט מאָל האָט מײַן מיניס־טעריום און איך אַליין געקענט אפילו שפּילן אַ דעצידירנדיקע ראָלע אינעם אויפבוי פון דער מדינה. כ׳מיין, אַז ווען איך זאָל זיך דאַרפן באַגרענעצן — און איך מוז זיך באַגרענעצן — אָנצוווײַזן נאָר אויף צוויי אָדער דרײַ געשעענישן, פון גרויס חשיבות און סאַטיספאַקציע פאַר מיר אין פאַרלויף פון יענע זיבן יאָר, וואָלט איך אָנגעהויבן מיט דער געזעצגעבונג, וואָס עס האָט פאַרגעבראַכט דאָס אַרבעטס־מיניסטעריום. מער ווי אַלץ האָט דאָס פאַר מיר סימבאָליזירט די גלײַכהייט און געזעלשאַפטלעכע גערעכטיקייט, וואָס אָן זיי האָב איך זיך בכלל נישט געקענט פאָרשטעלן דאָס לאַנד. פּענסיע פאַר אַלטע לײַט, פּענסיע פאַר אַלמנות און יתומים, געבורט־אורלויבן און סובסידיעס, פאַרזיכערונג קעגן אַרבעטס־פאַר־פאַלן, פאַרזיכערונג קעגן אינוואַלידישקייט און אַרבעטסלאָזיקייט — דאָס זענען לעבנסוויכטיקע זאַכן אין יעדער ווערדיקער געזעלשאַפט. אַנדערע זאַכן האָבן אונדז טאָקע אויסגעפּעלט אָדער מיר האָבן זיי אָפּגעלייגט — אָבער די זענען געווען יסודותדיקע נויטווענדיקייטן.

כאָטש מיר האָבן זיך נישט געקענט דערלויבן גלײַך צו געבן אַ געזעצלעכע פאָרם אַלע דערגרייכונגען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, האָב איך געהאַלטן, אַז מיר זענען, לפּחות, פאַרפליכטעט אַרויסצוגעבן אַזוי פיל געזעצן ווי מעגלעך, און אַזוי שנעל ווי מעגלעך. עס האָט געמיינט פאַר מיר זייער אַ סך, ווען איך האָב אין יאַנואַר 1952, געקענט ברענגען פאַר דער כּנסת, ישראלס ערשטן געזעץ־פּראָיעקט פאַר נאַציאָנאַלער פאַרזיכערונג — באַזירט בעיקר אויף די פּריװאַטע פאַרזיכערונגס־שיטות פון דער הסתּדרות — און דערמיט צוגעגרייט דעם וועג פאַרן נאַציאָנאַלן פאַרזיכערונגס־געזעץ — ביטוח לאומי — וואָס איז אַרײַן אין קראַפט אין פרילינג 1954. ביטוח לאומי איז נישט געווען קיין ווונדער־רפואה. ער האָט נישט געמאַכט אַ סוף צו דער אָרעמקייט אין ישראל, נישט פאַרקלענערט די דיספּראָפּאָרציע אין דער דערציִונג און קולטור צווישן אונדזערע בירגערס און נישט געלייזט די פּראָבלעמען פון אונדזער זיכערקייט. אָבער געמיינט האָט עס, ווי איך האָב עס געזאָגט יענעם טאָג אין דער כּנסת, אַז „מדינת־ישראל וועט נישט מסכּים זײַן, אַז ס׳זאָל הערשן אין איר הונגער, וואָס דערנידעריקט דאָס לעבן פון מענטשן, וועט נישט מסכּים זײַן, אַז די זאָרג פאַרן ברויט זאָל פאַר־פינצטערן די גליקלעכסטע שעהען אינעם לעבן פון אַ מוטער, אָדער אַז מענער און פרויען, ווען זיי קומען אויף דער עלטער, זאָלן פאַרשעלטן דעם טאָג פון

זייער געבוירן". דאָס וועט שטאַרק באַלאַסטן אונדזערע רעסורסן ? אמת. דערי־בער מוזן מיר עס טאָן בהדרגהדיק. דער פּלאַן האָט אָבער געהאַט אַן עקאָנאָמישן און סאָציאַלן באַטײַט. זײַן מעלה איז באַשטאַנען, צווישן אַנדערן, אין דעם וואָס ער האָט אַקומולירט קאַפּיטאַל, אָפּגעצויגן געלט פון דער צירקולאַציע און דערמיט אונדז געהאָלפן קעמפן קעגן דער אינפלאַציע. דער עיקר, וואָס דער פּלאַן האָט אַרײַנגעבראַכט גלײַכהייט אין טראָגן דעם פינאַנציעלן עול, אַרויפגעלייגט אויף איין עלטער־גרופּע די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער אַנדערער און צעטיילט די ריזיקעס. עס האָט זיך אויך באַקומען אַ צוגאָב־רעזולטאַט, לויט מײַן מיינונג אַ וויכטיקער: אַזוי ווי דער פּראָצענט געבוירענע קינדער אין שפּיטאָל איז אַ דאַנק ספּעציעלע מוטערשאַפט־סובסידיעס (אַרײַנגערעכנט די שפּיטאָל־הוצאות) געשטיגן, איז געפאַלן די שטאַרביקייט, וואָס איז געווען זייער הויך בײַ די נײַע עולים און בײַ די אַראַבער. איך אַליין בין געפאָרן אין נצרת איבערצוגעבן דעם ערשטן טשעק דער ערשטער אַראַבישער פרוי, וואָס האָט דאָרט געבוירן אַ קינד אין שפּיטאָל און מיר דאַכט אַז איך בין געווען מער גערירט פון איר.

איינער פון די פּלענער אין אַרבעטס־מיניסטעריום, אין וועלכן איך האָב גענומען אַ גרויסן אַנטייל, האָט געהאַט צו טאָן מיט פאַך־צוגרייטונג, סײַ פאַר דערוואַקסענע און סײַ פאַר יוגנטלעכע. אויך אין דעם פאַל האָט זיך נישט געהאַנדלט אין עפּעס אַ כּישוף־שטעקעלע, וואָס מען הייבט עס אויף און איבער נאַכט ווערן נײַע עולים פאַרוואַנדלט אין בעלי־מלאכות אָדער פּראָפעסיאָנעלע טעכניקערס. עס האָבן זיך געפאָדערט יאָרן צוצוגרייטן מענטשן צו נײַע פאַכן און קוואַליפיקאַציעס. הונדערטער פון די נײַע עולים זענען קיין מאָל נישט דערגאַנגען צו אַ פולער באַשעפטיקונג, אָדער ווײַל זיי זענען שוין געווען צו אַלט, אָדער צו קראַנק, צי דורך דער געוווינהייט, אין פּסיכאָלאָגישן זינען, נישט צו אַרבעטן, אָדער ווײַל זיי זענען פּשוט נישט געווען פעיִק זיך צוצופּאַסן צו די פאָדערונגען פון מאָדערנעם לעבן. אָבער טויזנטער מענער און פרויען האָבן געלערנט אין שולן, אַנטייל גענומען אין פּראָפעסיאָנעלע קורסן, געלערנט זיך באַגיין מיט מאַשינען, צו האָדעווען עופות, זענען געוואָרן אינסטאַלאַטאָרן און עלעקטריקערס. איך בין קיין מאָל נישט מיד געוואָרן צו אָבסערווירן דעם גאַנג פון די דאָזיקע טראַנספאָרמאַציעס. יעדער איינער האָט צוגעטראָגן זיין אייגענעם חלק דערצו, אַז דער פּראָגראַם פון פּראָפעסיאָנעלער צוגרייטונג זאָל געקרוינט ווערן מיט הצלחה. דאָס אַרבעטס־מיניסטעריום האָט פאַראייניקט זײַנע כּוחות מיט די פונעם מיניסטעריום פאַר סאָציאַלער שוץ, מיטן בילדונג־מיניסטעריום, מיטן מיליטער, מיט דער הסתדרות און מיט אַלע געניטע פּריוואַטע אָרגאַניזאַציעס, ווי „אָרט", „הדסה", „וויצ"א", פינאַנצירטע דורך אויסלענדישע יידן. צוזאַמען האָבן מיר געהאַרעוועט ביז עס זענען אויפגעקומען קוואַליפיצירטע אַרבעטער: טריקאָטאַזשניקעס; דיאַמאַנטן־שלײַפערס; טראַקטאָריסטן; קינאָ־אָפּעראַטאָרן. דאָס

אַלץ אַחוץ די ריזיקע אָנשטרענגונגען אין קאַמף קעגן דער פּשוטער אָפּגעשטאַ־
נענקייט און די באַמיִונגען אײַנצופּלאַנצן אין זײ די העברעיִשע שפּראַך.

דערצו זענען נאָך געווען די נײַע שטעטלעך, וואָס האָבן אין יענע יאָרן זיך
געמערט ווי שוואָמען איבערן גאַנצן לאַנד. נישט אין אַלע זענען רעאַליזירט
געוואָרן די פּראָיעקטן, וואָס זענען צוגעזאָגט געוואָרן אויפֿן פּאַפּיר. אייניקע
פֿון די שטעטלעך האָבן אין גאַנצן אַנטוישט, אָבער אַ סך פֿון זײ האָבן זיך
אַנטוויקלט און געבליט, געבראַכט אַ סך לויב סײַ פֿאַר די מענטשן וואָס האָבן
זײ פּראָיעקטירט, סײַ פֿאַר די אײַנוווינערס. אין אַלע איז די בויאַרבעט דער עיקר
געפֿירט געוואָרן דורך דער רעגירונג. אײנע פֿון אָט די נײַע שטעט איז געווען
קרית־שמונה, אין צפֿון פֿון לאַנד, אין אייבערשטן גליל. די דאָזיקע שטאָט האָט
מיך באַזונדערס צוגעצויגן. אפֿשר דערפֿאַר וואָס זי געפֿינט זיך אין אַזאַ וווּנדערלעך
שײנער געגנט און אפֿשר דערפֿאַר, וואָס איך בין פֿון אָנהײב אָן געווען זיכער, אַז
נישט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן וועט קרית־שמונה דאָך מצליח זײַן. בכל־
אופֿן איז מײַן פֿאַרבינדונג מיט איר, זינט 1949, קיין מאָל נישט געווען בלויז
אַ פֿאָרמעלע. זי איז געקומען אויף דער וועלט ווי אַ מעברה פֿון בלעכענע בײַדלעך
מיט צעטראָגענע און צעטומלטע עולים, געבראַכטע אַהין גלײַך פֿון די עראָפּ־
לאַנען אָדער שיפֿן, וואָס האָבן פּאַקטיש נישט געוווּסט ווו זײ זענען און פֿאַר
וואָס מען האָט זײ אַהין געבראַכט. זי איז געווען דער פֿולשטענדיקער היפּוך פֿון
תּל־אָביב און אירע רײצן. אין דער סביבה זענען בכלל נישט געווען קײן שטעט,
בלויז עטלעכע קיבוצים מיט זײערע פֿעלדער און סעדער און די זומפּן פֿון
נאָענטן עמק־החולה, וועלכע מיר האָבן ערשט דעמאָלט אָנגעהויבן אויסצוטרוי־
קענען. אָבער די רעגירונג האָט באַשלאָסן דאָרט אויפֿצושטעלן אַ שטאָטישן
צענטער, וואָס זאָל זײַן דער דינאַמישער קערן פֿאַר אַ געגנט באַזעצט מיט אַ
נײַער באַפֿעלקערונג. לאַנגע וואָכן זענען מיר געזעסן פֿאַרטיפֿט איבער די מאַפּעס
און פּלענער און באַמיט זיך פֿאַרויסצוזען די באַדערפֿענישן אין דער צוקונפֿט.
אויפֿן אָרט פֿון דער מעברה, האָט זיך באַוויזן דער שפּראָץ פֿון אַ שטאָט. מען
האָט אין קרית־שמונה געבויט שולן, אַ געזעלשאַפֿטלעכן צענטער, אַ לײכטע
אינדוסטריע (אַפֿילו אַ שווימבאַסיין). אַלץ איז פּלאַנירט געוואָרן ביזן לעצטן
טשוואָק. מען האָט אָבער נישט געטראַכט וועגן דער רעאַקציע פֿון די עולים.
אמת, מיר האָבן זײ געזאָגט, אַז דער פּייזאַזש איז וווּנדערלעך, דער קלימאַט
דערפֿרישנדיק, די נײַע בלישטשענדיקע הײַזער — גוטע, אָבער די אײנזאַמקייט
איז גרויס און נישטאָ גענוג אַרבעט פֿאַר אַלע. די אײראָפּעיִשע ייִדן האָבן געזאָגט,
אַז מיר האָבן זײ פֿאַרוואָרפֿן אין אַ מידבר. די געקומענע פֿון מיזרח האָבן געטענהט
אַז מיר צווינגען אויף זײ אַרויף נײַע מינהגים און מיר טוען עס צו שנעל;
אַז מיר צעשטערן זײער לעבנס־שטײגער און באַציִען זיך צו זײ ווי צו צווייט־
ראַנגיקע בירגערס.

די באַפעלקערונג האָט זיך געהאַלטן אין איין בייַטן און ביי יעדן מאָל קומען אין קרית־שמונה האָב איך אויסגעהערט טענות און געזען די אומצופרידנקייט. איך פלעג ברענגען צוריק קיין ירושלים אַ רשימה פון נייַע פאָרשלאָגן, אָבער בדרך כּלל איז נישט געווען גענוג געלט זיי צו פאַרווירקלעכן. דאָס האַרץ האָט מיר געקלעמט, זעענדיק אַז די נייַע הייַזער, וואָס מיר האָבן געבויט מיט אַזוי פיל שוועריקייטן, שטייען ליידיק. מיר האָבן פאַרגרעסערט די שטיצע און עס זענען געקומען נייַע גרופּעס עולים — דער רוב פון זיי איז פאַרבליבן. זיי זענען געבליבן אַפילו דאַן ווען די אַראַבישע טעראָריסטן פון יענער זייַט לבנון־גרענעץ, האָבן נאָך דער זעקסטאָגיקער מלחמה, אויסגעקליבן קרית־שמונה ווי אַ ציל פאַר זייערע ראַקעטעס; געבליבן אַפילו שפּעטער, ווען טעראָריסטן האָבן געהרגעט מענטשן אין דער שטאָט גופא. ווען איך האָב נאָר אַ מעגלעכקייט, פאָר איך קיין קרית־שמונה, זיץ אין שטאָטישן סקווער מיט אייניקע פון די אייַנגעזעסענע און מיר דערמאָנען זיך אין די טעג ווען מיר האָבן געטראַכט, זיי און איך, אַז די שטאָט וועט זיך קיין מאָל נישט אַנטוויקלען. דאָס הייסט נישט, אַז איך ברענג נישט צוריק מיט זיך קיין נייַע פאָרשלאָגן, אָדער אַז הייַנט איז שוין פאַראַן גענוג געלט פאַר אַלץ וואָס דאַרף דאָרט געטאָן ווערן.

פאַראַן אַן אַנדער ענין וואָס וועט אפשר איבעראַשן אייניקע „קאָנסטרוקטיווע קריטיקערס" פון ישראל, בפרט מענטשן פון עם אַזוי געערופענעם נייַעם לינקס. צוזאַמען מיט די אַנדערע זאַכן, וואָס מיר האָבן געטאָן אין אָט די זיבן ברויזנדיקע יאָרן אויפן געביט פון בויען און באַזעצן, האָבן מיר אויך געבויט פאַר די אַראַבער, וואָרעם ווען מיר האָבן גערעדט וועגן די ישראלדיקע בירגערס, איז אונדזער כּוונה געווען אַלע בירגערס פון ישראל. יעדעס מאָל ווען איך פלעג האָבן וויכּוחים מיט אַרטיקע מענטשן, אין קרית־שמונה און אין ענלעכע יישובים, פלעגט שטענדיק זייַן עמעץ וואָס האָט געשריגן אַז די אַראַבער באַקומען מער. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, נישט געווען ריכטיק; אָבער פּונקט אַזוי איז נישט ריכטיק — און דאָס איז אַ סך רישעותדיקער — אַז מיר האָבן אין גאַנצן פאַרזען די אַראַבער. דער אמת איז, אַז מיר האָבן זיך באַנוצט מיט די הייזער פון די אַראַבער, וואָס זענען אַנטלאָפן פון לאַנד אין 1948, פאַר די נייַע עולים, כאָטש דאָס אייגנטום איז געבליבן אונטער דער השגחה פון אַ ספּעציעלן אַפּוטרופּוס. גלייַכצייַטיק האָבן מיר באַשטימט צען מיליאָן פונט פאַר נייַע הייַזער פאַר די אַראַבער און געזאָרגט פאַרן אייַנלאָקירן פון דאָס ניי הונדערטער אַראַבער, וועלכע זענען געבליבן אין ישראל, אָבער אויסגעוואָרצלט געוואָרן פון זייערע ערטער, אין רעזולטאַט פון די קאַמפן. מען האָט אויפגעהויבן אַזאַ געשריי וועגן דעם אופן ווי מיר האָבן געניצט דאָס פאַרמעגן פון די אַנטלאָפענע — ווי ס'וואָלט געווען אַ בעסערער וועג עס צו ניצן — ביז מיר האָבן, אין 1953, דורכגעפירט אַ געזעץ פאַר אייַנקויפן באַדן, וואָס לויט אים זענען באַצאָלט געוואָרן קאָמ־

פּענסאָציעס פאַר לפּחות צוויי דריטל פון אַלע אַראַבער, װעלכע האָבן דערלאַנגט תּביעות. מיר האָבן זיי צוריקגעגעבן זייער פאַרמעגן אָדער עס פאַרביטן אויף אַ צווייטן, און נישט פאַרלאַנגט פון קיינעם קיין געטריישאַפט־שבועה, איידער מען איז אַנטקעגנגעקומען זײַן ביטע.

יעדעס מאָל װען כ׳האָב אָדער לייען װעגן אונדזער מכלומרשט אכזריותדיקער באַציִונג צו די אַראַבער, קאָכט אויף בײַ מיר דאָס בלוט. אין אַפּריל 1948 בין איך אַליין שעהען־לאַנג געשטאַנען בײַם ים אין חיפה און ממש געבעטן זיך בײַ די אַראַבער, זיי זאָלן נישט פאַרלאָזן די שטאָט. איך מיין אַז איך װעל דאָס בילד קיין מאָל נישט פאַרגעסן. די „הגנה" האָט נאָר װאָס געהאַט דעראָבערט חיפה און די אַראַבער האָבן אָנגעהויבן אַנטלויפן. זייערע פירערס האָבן זיי איבערצײַגט, אַז דאָס איז פאַר זיי דער בעסטער װעג און זיי פאַרזיכערט אַז די ענגלענדער, אין זייער גוטהאַרציקייט, האָבן געשטעלט צו זייער דיספּאָזיציע צענדליקער לאַסטאויטאָס. קיין זאַך װאָס די „הגנה"־מענטשן האָבן געזאָגט אָדער געטאָן האָט נישט געהאָלפן: נישט דאָס רופן דורך די מיקראָפאָנען פון די לאַסט־אויטאָס, נישט די פלוגבלעטלעך, װאָס מען האָט אַראָפּגעװאָרפן אויף די אַראַ־בישע קװאַרטאַלן („שרעקט אײַך נישט!" — איז געװען געשריבן אין אַראַביש און העברעיִש — „אויב איר אַנטלויפט, װעט איר אַליין ברענגען אויף זיך אָרעמקייט און דערנידערונג. פאַרבלײַבט אין דער שטאָט װאָס איז אײַערע און אונד־זערע"). אונטערגעשריבן איז געװען דער ראָט פון די חיפהער אַרבעטער. לאָמיר דאָ ציטירן די רייד פון בריטישן גענעראַל יו סטאָקוועל, װעלכער האָט דעמאָלט דאָרט אָנגעפירט מיט דער אַרמיי: „די אַראַבישע פירערס זענען אַרויס די ערשטע און קײנער האָט נישט קיין ריר געטאָן מיט קיין פינגער צו פאַרהאַלטן דאָס אַװעקגיין, װאָס האָט זיך שנעל פאַרװאַנדלט אין אַ מאַסן־אַנטלויפן". זיי האָבן געהאַט ביי זיך אָפּגעמאַכט צו פאַרלאָזן די שטאָט. הונדערטער זענען אַריבער־געפאָרן די גרענעץ און אַנדערע האָבן געװאַרט בײַם ברעג אויף שיפלעך. בן־גוריון האָט מיך גערופן און געזאָגט: „איך װיל דו זאָלסט גלײַך פאָרן קיין חיפה און זען אַז מען זאָל זיך באַציִען װי מען דאַרף צו די פאַרבליבענע אַראַבער. איך װיל אויך, זאָלסט פּרוּװן איבערצײַגן די אַראַבער װאָס װאַרטן בײַם ים, זיי זאָלן זיך צוריקקערן. דו מוזסט זיי איבערצײַגן, אַז זיי האָבן נישט פאַר װאָס זיך צו שרעקן". איך בין גלײַך אַװעקגעפאָרן, בין געזעסן אויפן ברעג און זיך געבעטן בײַ די אַראַבער זיי זאָלן זיך צוריקקערן אין זייערע הײַזער, אָבער זיי האָבן געהאַט נאָר איין ענטפער: „מיר װייסן, אַז עס איז נישטאָ פאַר װאָס זיך צו שרעקן, אָבער מיר מוזן גיין, מיר װעלן צוריקקומען". איך בין געװען אַבסאָלוט זיכער, אַז זיי פאַרלאָזן די שטאָט נישט דערפאַר װײַל זיי שרעקן זיך פאַר אונדז, נאָר װײַל זיי האָבן מורא געהאַט, אַז מען װעט זיי פאַררעכענען װי פאַררעטערס פון דער „אַראַבישער זאַך". בכל־אופן האָב איך גערעדט ביז

פאַרליר̈ן די כּוחות און גאָרנישט אויפגעטאָן.

פאַר וואָס האָבן מיר געוואָלט זיי זאָלן בלייַבן? עס זענען געווען דערפאַר צוויי זייער וואָגיקע סיבות: ערשטנס, באַוויַיזן דער וועלט, אַז ייִדן און אַראַבער קענען לעבן צוזאַמען, צו להכעיס דעם אַלעם וואָס די אַראַבישע פירערס האָבן צעבלאָזן אין זייערע פּראָפּאַגאַנדע־טרומייטערס. צווייטנס, האָבן מיר גאַנץ גוט געוווּסט, אַז אויב אַ האַלבער מיליאָן אַראַבער וועלן אין אַזאַ צייַט פאַרלאָזן דאָס לאַנד, וועט זיך שאַפן אַ גרויסע ווירטשאַפטלעכע איבערקערעניש. אַזוי קום איך צו נאָך אַן ענין, וואָס כ׳מעג דאָ באַרירן. כ׳וואָלט זייער וועלן ענט־פערן איין מאָל פאַר אַלע אויף דער פראַגע וויפל פּאַלעסטינער אַראַבער האָבן פאַקטיש פאַרלאָזט זייערע הייַזער אין 1947 און אין 1948. דער ענטפער איז: מאַקסימום — 590.000. פון דער צאָל זענען אַוועק 30.000 גלייַך נאָכן חלוקה־באַשלוס פון אונ״אָ, אין נאָוועמבער 1947; נאָך 250.000 האָבן פאַרלאָזט אין משך פון ווינטער און פרילינג 1948 (אייַנגעשלאָסן דעם רוב פון די 62.000 אַראַבער פון חיפה) און נאָכן אויפקום פון דער מדינה, אין מאַי 1948, און דער אַראַבישער אינוואַזיע אין ישראל זענען אַנטלאָפן נאָך 300.000 אַראַבער. דאָס איז באמת געווען טראַגיש און האָט געהאַט זייער טראַגישע רעזולטאַטן. אָבער זאָלן, לפּחות, קלאָר זייַן פאַר יעדן איינעם די פאַקטן, אַזוי ווי זיי זענען געווען און ווי זיי זענען נאָך איצט. די אַראַבישע טענה, אַז ס׳זענען פאַראַן מיליאָנען אַראַבישע פּליטים, איז פּונקט אַזאַ ליגן ווי די טענה, אַז מיר האָבן זיי געצוווּנגען צו פאַרלאָזן זייערע הייַזער. די „פּאַלעסטינער פּליטים״ זענען געקומען אויף דער וועלט ווי אַ רעזולטאַט פון אַראַבישן פּלאַן (און פּרווו) חרוב צו מאַכן ישראל. זיי (די פּליטים) זענען נישט געווען די סיבה דערפון. אוודאי זענען אין יישוב געווען מענטשן וואָס האָבן געהאַלטן, אַפילו אין 1948, אַז דאָס אַנטלויפן פון די אַראַבער איז געווען דאָס בעסטע וואָס האָט געקענט געשען פאַר ישראל. אָבער איך קען נישט קיין ערנסטן ישראלי, וואָס האָט ווען עס איז געהאַט אַזאַ געפיל.

די אַראַבער, וועלכע זענען פאַרבליבן אין ישראל, האָבן זוכה געווען צו אַ לייַכטער לעבן ווי די וועלכע האָבן פאַרלאָזט דאָס לאַנד. פאַר 1948 איז כּמעט נישט געווען קיין איין אַראַביש דאָרף מיט עלעקטריע און וואַסער־לייטונג. צוואַנציק יאָר שפּעטער איז שוין כּמעט נישט געווען אין ישראל קיין אַראַביש דאָרף, וואָס זאָל נישט זייַן אַנגעשלאָסן אין דער אַלגעמיינער עלעקטריע־נעץ און ס׳איז כּמעט נישט געווען קיין אַראַביש הויז אָן פליסנדיק וואַסער. איך האָב פאַרבראַכט אַ סך צייַט אין אָט די דערפער, ווען כ׳בין געווען אַרבעטס־מיניסטער, און עס האָט מיך געפרייט וואָס מיר האָבן פאַר זיי געטאָן, נישט ווייניקער ווי דעמאָלט ווען עס זענען פאַרשוווּנדן די מעברות. קלאַנגען און פּראָפּאַגאַנדע זענען איינס — פאַקטן זענען אַ צווייטס. איך און נישט די מענטשן פונעם נייַעם

לינקס, האָב געעפנט שאָסייען ווי אַן אַרבעטס־מיניסטער, באַזוכט די נײַע דירות אין אַראַבישע דערפער איבערן גאַנצן לאַנד. איינע פון מײַנע אָנגענעמע דערי־נערונגען פון יענער צײַט איז אגב פאַרבונדן מיט אַ דאָרף אין אונטערשטן גליל, וואָס האָט זיך געניייטיקט אין אַ שאָסיי, ווײַל עס איז געלעגן אויף אַ באַרג און דער וואַסערקוואַל פונעם דאָרף איז געווען אונטן און דאָס שלעפּן וואַסער באַרג־אַרויף איז נישט געווען פּשוט. האָבן מיר געפלאַסטערט אַ שאָסיי און ווען די אַרבעט איז געווען פאַרענדיקט האָט מען געפראַוועט אַ יום־טוב מיט כּיבוד, רעדעס און פּענער. פּלוצלינג האָט זיך אויפגעשטעלט רעדן אַ יונגע פרוי — אַ נישט־אָנגענומענע זאַך בײַ די אַראַבער. זי איז געווען זייער אַ שיינע, האָט געטראָגן אַ לאַנג באַרדאַ־קלייד. איר רעדע איז געווען האַרציק און רירנדיק: „מיר ווילן דאַנקען דעם אַרבעטס־מיניסטעריום און זײַן מיניסטער פאַרן לײַכטער מאַכן דעם עול וואָס עס האָבן אויסגעטראָגן די פיס פון אונדזערע מענער. איצט ווילן מיר פרעגן אונדזער מיניסטער, צי זי וועט קענען לײַכטער מאַכן דעם עול אויף אונדזערע קעפּ?" זי האָט עס אויסגעדריקט אין אַ פּאָעטישער פאָרם, אָבער איר כּוונה איז געווען, אַז זי וויל וואַסער־לײַטונג, כּדי נישט צו דאַרפן מער שלעפּן אויפן קאָפּ די שווערע קרוגן, כאָטש ס'איז שוין פאַראַן אַ נײַער שאָסיי. אַ יאָר שפּעטער בין איך אַהין געקומען צו נאָך אַ פּײַערונג און דאָס מאָל האָב איך געעפנט צענדליקער קראַנען!

אין יענער צײַט האָב איך שיִער נישט פאַרלוירן מײַן פּאָסטן ווי אַרבעטס־מיניסטער. מפּא"י איז געווען זייער פאַראינטערעסירט אין אַ ראש־העיר פון תּל־אָביב, וואָס זאָל קומען פון די אַרבעטער־רייען. בן־גוריון האָט באַשלאָסן, אַז איך בין דער איינציקער קאַנדידאַט, וואָס האָט אויסזיכטן געווײלט צו ווערן. איך בין נישט איבעריק געווען צופרידן, נישט וועלנדיק אָוועקגיין פון מײַן מיניסטעריום. אָבער אַזוי ווי דאָס איז געווען דער פּסק פון דער פּאַרטיי, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז איך האָב קיין ברירה נישט. „אָבער מוזסט פאַרשטיין" — האָב איך געזאָגט צו בן־גוריונען — „אַז כ'וועל דאַרפן פאַרלאָזן די רעגירונג". „דאָס קומט נישט אין באַטראַכט" — האָט ער געענטפערט — „מיר וועלן דיך נאָמינירן מיניסטער אָן פּאָרטפעל". „ניין" — האָב איך געזאָגט — „אויב כ'וועל זײַן ראש העיר וויל איך עס ווי אַ פולן פּאָסטן". ער איז געווען זייער אין כּעס, אָבער מײַן מזל איז געווען, וואָס מיר האָבן נישט באַקומען קיין מערהייט אין שטאָטראָט. כּדי אויסגעווײלט צו ווערן האָבן געדאַרפט פאַר מיר שטימען צוויי מיטגלידער פון רעליגיעזן בלאָק, אָבער איינער פון זיי האָט זיך אָפּגעזאָגט צו שטימען פאַר אַ פרוי. מײַן נאָמינאַציע איז דורכגעפאַלן און איך בין ווייטער פאַרבליבן אויף מײַן פּאָסטן אין אַרבעטס־מיניסטעריום און געהאָפט פון גאַנצן האַרצן, אַז מען וועט עס מיר דערמעגלעכן נאָך אַ סך יאָרן.

כאָטש אין פּערזענלעכן זינען האָב איך געפילט אַ גרויסע דערלײַכטערונג,

האָט מיך פאַרדראָסן וואָס דער רעליגיעזער בלאָק האָט אין לעצטן מאָמענט באַוויזן אויסצוניצן דעם פאַקט וואָס איך בין אַ פרוי, גלייך ווי די ישראל־פרויען וואָלטן נישט געגעבן זייער פולן ביישטייער — און נאָך מער פון דעם — צום אויפבוי פון דער ייִדישער מדינה. אין אַלע יישובים פון נגב און גליל זענען זינט די סאַמע ערשטע טעג, געווען אויך פרויען. פאַרשטייערס פון רעליגיעזן בלאָק זענען דאָך געזעסן, אין יענער צייַט, מיט פרויען אין דער כנסת, זיי האָבן דאָך בשעתו מסכּים געווען מיט דער מיטגלידערשאַפט פון פרויען אין דער ייִדישער אַגענץ און אינעם ועד־לאומי. די קעגנערשאַפט איך זאָל אויסגעקליבן ווערן ווי ראש העיר ווײַל איך בין אַ פרוי, איז געווען אַ פאַרטייִישער מאַנעווער און כ׳האָב געקוקט דערויף מיט גרויס פאַראַכטונג. איך האָב עס אָפן דערקלערט, נישט איבערקלײַבנדיק קיין ווערטער.

די רעליגיעזע פראַגע — און איך מיין דערמיט דעם אופן אויף וועלכן די רעליגיעזע פאַרטייען האָבן דערגרייכט זייערע צילן — פלעגט זיך צעפלאַקערן, מיט איבעררײַסן, אין משך פון די זעכציקער יאָרן. מיר האָבן באַשלאָסן זיך נישט צו לאָזן אַרײַנציִען (אויב מען קען עס נאָר פאַרמײַדן) אין אַן אָפענעם צוזאַמענשטויס מיטן רעליגיעזן בלאָק, וואָרעם מיר האָבן געהאַט גענוג צרות אויך אָן דעם. דאָך פלעגן פון צײַט צו צײַט פאַרקומען אויסבראָכן און דערפירן צו רעגירונגס־קריזיסן. עס איז פאַר מיר גענוג צו זאָגן, אַז מען האָט קיין מאָל נישט געקענט געפינען קיין לײַכטן וועג צו לייזן די פראַגע וועגן דעם אָרט וואָס די רעליגיע דאַרף פאַרנעמען אין מדינת־ישראל. די אַ פּראָבלעם האָט אונדז דעמאָלט זייער באַזאָרגט און אין אַ באַשטימטער מאָס באַזאָרגט זי אונדז נאָך הײַנט.

איינער פון די וויצן, וואָס מען פלעגט זיך דעמאָלט דערציילן אין לאַנד איז געווען וועגן דעם ייִדן וואָס האָט אַ זיפץ געטאָן און געזאָגט: „צוויי טויזנט יאָר האָבן מיר געוואַרט אויף אַ ייִדישער מדינה און דווקא מיך האָט עס געדאַרפט טרעפן!״ איך מיין, אַז יעדער פון אונדז האָט מסתם אַזוי געפילט — כאָטש בלויז עטלעכע דורכלויפנדיקע מינוט — אין פאַרשיידענע מאָמענטן פון אונדזערע ערשטע מדינה־יאָרן. בכל־אופן, היות ווי אין ישראל בלײַבט קיין זאַך נישט אייביק אויף איין אָרט, האָט בן־גוריון, אין 1956, געהאַט פאַר מיר אַ נײַעם פּלאַן.

## קאַפּיטל צען

# דאָס רעכט אויף עקסיסטענץ

איידער איך וועל דערציילן וועגן בן־גוריונס פּלאַן און וואָס מיט מיר איז געשען, מוז איך דערמאָנען, אַז בעת איך בין געווען אַרבעטס־מיניסטער האָט בן־גוריון, אַן אויסגעמאַטערטער פיזיש און גײַסטיק, געהאַט באַשלאָסן צו דעמי־סיאָנירן פון זײַן אַמט ווי אַ פּרעמיער און זיכערקייטס־מיניסטער. די לעצטע צוואַנציק יאָר האָבן אים זייער אָפּגעשוואַכט. ער האָט געבעטן מען זאָל אים באַפרײַען אויף צוויי יאָר. ער האָט זיך געגייטיקט אין אַ נײַער סביבה און לאַנדשאַפט און געהאַט אין זינען אַ קליינעם קיבוץ, שדה־בוקר אין נגב, נישט ווײַט פון באר־שבע. דאָרטן, האָט ער אונדז געזאָגט, וועט ער ווידער לעבן ווי אַ חלוץ און, ווי אַ מיטגליד אין אַ קאָלעקטיוון יישוב, אַרבעטן פאַר דער אויסלייזונג פונעם מידבר. ווי אַ דונער איז עס אויף אונדז געפאַלן. מיר האָבן אים געבעטן ער זאָל נישט אַוועקגיין, וואָרעם עס איז נאָך צו פרי: די מדינה איז קוים פינף יאָר אַלט, די אַקציע פון קיבוץ־גלויות איז נאָך ווײַט נישט פאַרענדיקט; אונדזערע שכנים פירן נאָך אַלץ מלחמה קעגן אונדז. ס׳איז נאָך נישט די צײַט פאַר בן־גוריונען צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד, וואָס האָט אין משך פון אַזוי פיל יאָרן געזוכט ביי אים הדרכה און אינספּיראַציע. עס קומט נישט אין באַטראַכט, ער זאָל איצט אַוועקגיין. ער האָט זיך אָבער געהאַלטן בײַ זײַן באַשלוס און אונדזערע רייד האָבן אויף אים נישט געהאַט די מינדסטע ווירקונג. משה שרת איז געוואָרן פּרעמיער און גלײַכצײַטיק געהאַלטן דעם פּאָרטפעל פון אויסערן־מיניסטער. אין יאַנואַר 1954 איז בן־גוריון אַוועק קיין שדה־בוקר (ער איז דאָרט פאַרבליבן ביזן יאָר 1955, ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט צום געזעלשאַפטלעכן לעבן, צו ערשט ווי פאַרטיידיקונגס־מיניסטער און דערנאָך ווי פּרעמיער. שרת איז געבליבן אויסערן־מיניסטער).

ווי פּרעמיער־מיניסטער, איז שרת געווען דער שכלדיקער, פאַרזיכטיקער מענטש, אַזוי ווי פריִער. איך מוז אָבער מודה זײַן, אַז כאָטש די מפא״י־אָנפירונג האָט אים אויסערגעוויינלעך הויך געשעצט און ליב געהאַט, — דער רוב האָט שרתן ליבער געהאַט ווי בן־גוריונען — האָט מען זיך נאָך אַלץ געוואָנדן צו בן־גוריונען, געפרעגט זײַן מיינונג ווען מען האָט געדאַרפט לייזן אַ שווער פּראָבלעם און שרת אַליין איז נישט געווען קיין אויסנאַם. עס איז אָנגעגאַנגען אַ כסדרדיקער שטראָם פון וויזיטן און בריוו קיין שדה־בוקר, וואָס איז איבער נאַכט געוואָרן איינס פון די באַרימטסטע ערטער אין ישראל. און

כאָטש בן־גוריון האָט ליב געהאַט זיך צו באַטראַכטן ווי אַ מין פּשוטער פּאַסטעך־פילאָסאָף, וואָס פּאַשעט אַ האַלבן טאָג די שאָף פונעם קיבוץ און דעם אַנדערן האַלבן טאָג גיט ער זיך אָפּ מיט לייענען און שרייַבן, איז ער דאָך געווען נאָענט צו אַלעם וואָס איז פאָרגעקומען אין לאַנד, נישט געקוקט דערויף וואָס ער איז מער נישט געשטאַנען בייַם רודער פון דער מלוכה־שיף. דאָס איז, מיין איך, געווען אומפאַרמייַדלעך אין די עקסיסטירנדיקע באַדינגונגען, אָבער וואָס עס האָט באמת גורם געווען שוועריקייטן איז געווען דער פאַקט, וואָס צווישן בן־גוריונען און שרתן זענען די באַציִונגען קיין מאָל נישט געווען קיין גוטע, כאָטש זיי האָבן יאָרן־לאַנג צוזאַמען געאַרבעט. זיי זענען געווען צו שטאַרק פאַרשיידן צווישן זיך ווי פּערזענלעכקייטן, הגם ביידע הייסע סאָציאַליסטן און הייסע ציוניסטן.

בן־גוריון איז געווען אַן אַקטיוויסט, אַ מענטש וואָס האָט מער געגלייבט אין מעשים ווי אין אויפקלערונג. ער איז געווען איבערצייַגט, אַז וואָס עס איז באמת וויכטיק אין לעצטן חשבון — און וואָס עס וועט שטענדיק זייַן דער עיקר — איז וואָס די ישראלים טוען און ווי אַזוי זיי טוען, און נישט וואָס די וועלט מחוץ ישראל טראַכט אָדער זאָגט וועגן זיי. כמעט בייַ יעדער פּראָבלעם, וואָס פלעגט אויפשווימען אין יענע טעג, פלעגט ער ראשית כל פרעגן זיך אַליין און אונדז: „איז עס גוט פאַר דער מדינה?" זייַן כוונה איז געווען: „אויף אַ ווייַטער מעטע, צי איז עס גוט פאַר דער מדינה?" די געשיכטע וועט אין לעצטן סך־הכל מישפּטן ישראל לויט אירע מעשים און נישט לויט אירע דעקלאַראַציעס אָדער דיפּלאָמאַטיע און זיכער נישט לויט דער צאָל פּאָזיטיווע לייַט־אַרטיקלען וואָס וועלן דערשייַנען אין דער אינטערנאַציאָנאַלער פּרעסע. צי מיר וועלן געווינען סימפּאַטיע בייַ מענטשן צי נישט, צי מען וועט מסכים זייַן מיט אונדז צי נישט — דאָס האָט בן־גוריונען נישט אינטערעסירט. ער האָט געטראַכט אין טערמינען פון סוווערעניטעט, זיכערקייט, פון פּערפּעסטיקונג און אמתן פּראָגרעס. און אין פאַרגלייַך דערמיט האָט פאַר אים די עפנטלעכע מיינונג פון דער וועלט נישט געהאַט קיין גרויס חשיבות.

דערקעגן שרתן איז שטאַרק אָנגעגאַנגען דער אופן ווי אַזוי די מענטשן, וואָס באַשליסן די פּאָליטיק אין אַנדערע ערטער רעאַגירן אויף ישראלס האַנדלונגען. ער האָט געזאָרגט, אַז די אויסערן־מיניסטאָרן און די פּאַראייניקטע נאַציעס זאָלן זיך שאַפן אַ „גוט" בילד פון מדינת־ישראל. דאָס געשטאַלט פון ישראל און דער אורטייל פון די מיטצייַטלערס האָבן אים אינטערעסירט מער ווי געשיכטע און צוקונפטיקע היסטאָריקערס. איך מיין אַז מער פון אַלץ האָט ער געוואָלט, מען זאָל זען אין ישראל אַן אייראָפּעיִש, פּאַרגעשריטן, מעסיק, ציוויליזירט לאַנד, אַז קיין ישראלי, און קודם־כל ער אַליין, זאָל זיך מיט דער מדינה נישט דאַרפן שעמען.

אַ סך יאָרן, פּאַקטיש ביז די פופציקער יאָרן, האָבן ביידע, צום גליק, זייער גוט געאַרבעט צוזאַמען. שרת איז געווען אַ דיפּלאָמאַט און ווי געבוירן צו פירן

אונטערהאַנדלונגען. בן־גוריון איז געווען אַ געבוירענער נאַציאָנאַלער פירער און קעמפער. דער צונויפפלעכט פון זייערע פעיִקייטן און, איך וואָלט אַפילו געזאָגט, דער גרויסער חילוק אין זייער כאַראַקטער און צוגאַנג, איז געווען אַ ברכה פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג בכלל און פאַר דער אַרבעטער־באַוועגונג בפרט. זיי זענען נישט געווען ענלעך איינער צום אַנדערן און אין תוך נישט געווען קיין פרײַנד, אָבער איינער האָט דערגאַנצט דעם צווייטן, געווען, פאַרשטייט זיך, שותּפים אין די הויפּטצילן. אָבער נאָכן אויפקום פון דער מדינה איז דער גרונטיקער חילוק צווישן זיי געוואָרן שטאַרקער אָדער אפשר בלויז אָנזעעוודיקער און באַדײַטנדיקער. בכל־אופן, ווען בן־גוריון איז צוריקגעקומען פון שדה־בוקר אין 1955 (צוליב סיבות, וואָס איך וועל שפּעטער באַרירן) זענען די חילוקי־דעות און געשפּאַנטקייט געוואָרן אומדערטרעגלעך.

איין עיקרדיקער געביט פון קאָנפליקטן צווישן זיי איז געווען די פראַגע פון ענטפערן אויף די טעראָר־אַקטן. שרת איז געווען פונקט אַזוי איבערצײַגט ווי בן־גוריון, אַז די כּסדרדיקע אָנפאַלן מצד די אַראַבישע כּנופיות פון דער אַנדערער זײַט גרענעץ, מוזן זיך ענדיקן. עס זענען אָבער געווען צווישן זיי שאַרפע חילוקי־דעות לגבי דער שיטה וואָס מיר דאַרפן אָננעמען. שרת האָט נישט געפּסלט דאָס צוריקשלאָגן, ער האָט אָבער געגלייבט, מער פון אונדז אַלע, אַז דער בעסטער וועג צו באַהאַנדלען די דאָזיקע שווערע לאַגע איז צו דריקן, אַזוי שטאַרק ווי מעגלעך, אויף די גרויסמאַכטן, אַז זיי זאָלן, פון זייער זײַט, דריקן אויף די אַראַבישע מדינות אויפצוהערן שטיצן און מוטיקן די אַרײַן־דרינגלערס. ער איז געווען זיכער, אַז גוט רעדאַגירטע פּראָטעסטן צו דער אונאָ, געניט געשריבענע און גוט אינפאָרמירנדיקע דיפּלאָמאַטישע נאָטעס, ווי אויך אַ כּסדרדיק קלאָר פאַרשטעלן אונדזער ענין פאַר דער וועלט וועלן לסוף מצליח זײַן. דערקעגן באַוואָפנטע רעפּרעסיעס וועלן בלויז גורם זײַן אַ שטורעם פון קריטיק און נאָך שווערער מאַכן אונדזער אינטערנאַציאָנאַלע פּאָזיציע. ער איז געווען הונדערט פּראָצענט גערעכט וואָס שייך דער קריטיק. דאָס איז נישט געווען סתּם אַ שטורעם, נאָר אַ הוראַגאַן. יעדעס מאָל, ווען צה״ל פלעגט צוריק־שלאָגן — און עס איז געווען אומפאַרמײַדלעך, אַז אויך אומשולדיקע אַראַבער זאָלן אומקומען צי פאַרווונדיקט ווערן אין איינעם מיט די שולדיקע — האָט מען ישׂראל גלײַך און שווער געטאַדלט פאַר אירע „גרויזאַמע מעשׂים״.

אָבער בן־גוריון האָט פאַרשטאַנען, אַז זײַן הויפּט־אחריות איז נישט כּלפּי די פּאָליטיקערס פון מערב, אָדער לגבי דעם וועלט־טריבונאַל, נאָר כּלפּי די פּשוטע בירגערס, וואָס האָבן געלעבט אין די ישׂראל־ייִשובים, אויסגעשטעלט אויף כּסדר־דיקע אַראַבישע אָנפאַלן. ער האָט געהאַלטן, אַז די פליכט פון אַ רעגירונג אין יעדן לאַנד איז פריִער פאַר אַלץ צו פאַרטיידיקן אירע בירגערס, מעג מען אַפילו אין אויסלאַנד זייער שטאַרק קריטיקירן אָט די פאַרטיידיקונג. און נאָך איין

גאָר וויכטיקן מאָטיוו האָט בן־גוריון געהאַט: מען דאַרף לערנען די ישראל־בירגערס — אַט דעם געמיש פון מענטשן, שפּראַכן און קולטורן — אַז די רעגירונג, און נאָר זי, איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זייער זיכערקייט. עס וואָלט, פאַרשטייט זיך, געוועזן אַ סך פּשוטער צו דערלויבן מען זאָל אויפשטעלן אַ צאָל אַנטי־טעראָר־גרופּעס, צומאַכן אַן אויג אויף זייערע פּריוואַטע רעוואַנש־און נקמה־אַקטן, און דערנאָך זיך אָפּשאָקלען, בקולי־קולות, פון יעדער פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די „אינצידענטן", וואָס זענען פאָרגעקומען. דאָס איז אָבער נישט געווען אונדזער וועג. אונדזער אויסגעשטרעקטע האַנט אויף שלום צו די אַראַבער וועט בלײַבן אויסגעשטרעקט, אָבער אין דער זעלבער צײַט האָבן די קינדער פון ישראלדיקע ערדאַרבעטער אין די דערפער געהאַט דאָס רעכט צו שלאָפן רויִק. און אויב דער איינציקער וועג דאָס צו דערגרייכן איז געווען צו שלאָגן אָן רחמנות די אַראַבישע באַנדעס, האָט מען עס געמוזט טאָן.

ביז 1955 זענען פאָרגעקומען צענדליקער ישראלדיקער שטראָף־עקספּעדיציעס און אַלע זענען זיי געווען אַן ענטפער אויף די שטייגנדיקע בלוטיקע מעשים קעגן אונדז, אויפן מיבירן אונדזערע וועגן און אויף די אָנפאַלן פון באַהעלטעניש אויף אונדזער פאַרקער. די דאָזיקע אַקציעס האָבן נישט געמאַכט קיין סוף צום טעראָר, זיי האָבן אָבער אָוועקגעשטעלט אַ הויכן פּרײַז פאַרן לעבן פון אונדזערע קאָלאָניסטן און זיי האָבן געלערנט די ישראלים, אַז מען קען זיך פאַרלאָזן אויף אונדזער אַרמיי. מ'האָט געגעבן צו פאַרשטיין, לפּחות דער נײַער באַפעלקערונג אין לאַנד, דעם אמתן אונטערשייד צווישן אַ לעבן פון חסד אין גלות און אַ לעבן אין אייגענעם לאַנד. דאָס האָט אָבער אויך, צום באַדויערן, ברייטער געמאַכט דעם ריס צווישן בן־גוריונען און שרתן, וועלכער איז נאָך אַלץ געווען קעגן באַשטימטע שטראָף־אַקציעס.

נאָך אַ געוויסער צײַט האָט בן גוריון אויפגעהערט צו רופן שרתן בײַם נאָמען און זיך געוואָנדן צו אים ווי צו אַ פרעמדן מענטש. שרת איז געווען שטאַרק געטראָפן פון בן־גוריונס קאַלטקייט, אָבער עפנטלעך האָט ער וועגן דעם קיין מאָל נישט גערעדט. אין די נעכט איז ער געזעסן אין שטוב און אויסגעפּילט די זײַטלעך פון זײַן טאָגבוך מיט צאַרנדיקע אַנאַליזן איבער בן־גוריונס כאַראַקטער און מיט די יסורים וואָס ער פאַרשאַפט אים. אין 1956 האָט מפּא"י געזוכט אַ נײַעם סעקרעטאַר. בן־גוריון האָט באַשלאָסן, אַז דאָס וואָלט געווען אַן אידעאַלע שטעלע פאַר מיר, מיך געפרעגט, וואָס איך טראַכט וועגן דעם און פאָרגעשלאָגן צו טרעפן זיך מיט נאָך עטלעכע חברים בײַ אים אין ירושלים און שמועסן דערוועגן. נישט אַלע האָבן עס אויפגענומען מיטן זעלבן ענטוזיאַזם. פאַר מיר האָט עס געמיינט, אַז איך וועל דאַרפן פאַרלאָזן די רעגירונג און דאָס אַרבעטס־מיניסטעריום. איך בין אָבער געווען גרייט איבערצולאָזן דעם באַשלוס דער פאַרטיי און צוגעהערט זיך מיט גרויס אינטערעס צו דער דיסקוסיע

וואָס האָט זיך אַנטוויקלט. אַוודאי האָב איך נישט געוואָלט איבערגעבן דאָס מיניסטעריום אַ צווייטן, אָבער פון דער אַנדער זײַט האָט מיך זייער באַזאָרגט די צוקונפט פון מפא״י (וואָס האָט פאַרלוירן שטימען אין די וואַלן פון יולי 1955). איך האָב געטראַכט, אַז מען דאַרף, און ס׳איז מעגלעך, צו פאַרגרעסערן די צאָל חברים אין דער פאַרטיי און באַזײַטיקן די סכּנות וואָס דראָען דער פאַרטיי סײַ מצד די ראַדיקאַל לינקע און סײַ מצד די ראַדיקאַל רעכטע. עס פאָדערט זיך אָבער אַ גרעסערער אָנשטרענג מצד דער אַנפירונג (וואָס האָט זיך אויף אַ גאַנץ פאַרשטענדלעכן אופן פאַרלאָזט אויף בן־גוריונען, ער זאָל טאָן פאַר איר די אַרבעט). פּלוצלינג הער איך שרתן זאָגן ווי אין שפּאַס: „גוט, אפשר זאָל איך ווערן דער סעקרעטאַר פון דער פאַרטיי״. אַלע האָבן געלאַכט, אַחוץ בן־גוריונען, וועלכער האָט אויפגעכאַפּט שרתס שפּאַס. איך גלייב נישט אַז ער וואָלט געהאַט דעם מוט צו בעטן שרתן, ער זאָל פאַרלאָזן די רעגירונג, אָבער דאָ האָט זיך געשאַפן אַן אומדערוואַרטע געלעגנהייט און בן־גוריון איז נישט געווען דער מענטש וואָס פאַרזעט געלעגנהייטן.

„אויסגעצייכנט״ — האָט ער גלײַך אויסגערופן — „אַ װוּנדערלעכער געדאַנק, דאָס וועט ראַטעווען מפא״י״. אַלע האָבן מיר זיך איבערגעשראָקן און געבליבן אין פאַרלעגנהייט. איבערטראַכטנדיק, האָבן אויך אַנדערע אײַנגעזען אַז דאָס איז אַ גוטער געדאַנק פאַר דער פאַרטיי. די זיצונגען פון דער רעגירונג זענען אַלץ מער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אָפענער פּאָלעמיק איבער די חילוקי־דעות צווישן בן־גוריונען און שרתן; און כאָטש דאָס איז נישט געווען קיין עלעגאַנטע לייזונג, איז עס אָבער געווען אַ וועג — אַזוי על־כּל־פּנים האָט זיך אונדז אויסגעוויזן — אָפּצושוואַכן דעם דרוק, וואָס מיר האָבן אַלע געפילט ווי אַ רעזולטאַט פון כּסדרדיקן שטרײַט צווישן די צוויי מענטשן. „מיינסטו נישט, אַז עס איז אַ גוטער געדאַנק, משה זאָל ווערן דער סעקרעטאַר פון דער פאַרטיי?״ — האָט מיך בן־גוריון געפרעגט אַ פּאָר טעג שפּעטער. „אָבער ווער וועט זײַן אויסערן־מיניסטער?״ האָב איך געוואָלט וויסן. „דו״ — האָט ער רויִק געענטפערט. איך האָב מײַנע אויערן נישט געגלייבט. דאָס איז מיר קיין מאָל נישט געקומען אויפן געדאַנק, אַפילו ווי אַ ווײַטסטע מעגלעכקייט, און איך בין בכלל נישט געווען זיכער, צי איך וועל קענען אָדער וועלן זיך פאַרמעסטן מיט אַזאַ פּאָסטן. געווען בין איך זיכער אין איין זאַך: איך האָב נישט געוואָלט פאַרלאָזן דאָס אַרבעטס־מיניסטעריום און כ׳האָב עס געזאָגט בן־גוריונען, צוגעבנדיק, אַז איך וויל נישט אַרײַנגיין אויף אַזאַ אופן אין שרתס שיך. אָבער בן־גוריון איז נישט געווען גרייט אויסצוהערן מײַנע באַמערקונגען. „אַזוי וועט עס זײַן״ — האָט ער געזאָגט און אַזוי איז עס טאַקע געווען.

שרת איז געווען זייער פאַרביטערט. כ׳מיין אַז ער האָט תּמיד געטראַכט, אַז ווען איך זאָג זיך אָפּ אָנצונעמען דאָס אויסערן־מיניסטעריום, וואָס איז אים געווען

אַזוי ליב, וואָלט בן־גוריון אים געלאָזט ממשיך זײַן אויף זײַן פּאָסטן. ער האָט אָבער געהאַט אַ טעות. די שפּאַנונג צווישן בן־גוריונען און שרתן וואָלט סתּם אַזוי נישט פאַרשוווּנדן. עס איז שוין געווען צו שפּעט, כאָטש שרת האָט עס אַ לאַנגע צײַט נישט באַגריפן. ערשט ווען צוויי פון זײַנע נאָענטסטע פרײַנד, זלמן ארן און פּנחס ספּיר, האָבן אים בפירוש געזאָגט, אַז אויב ער וועט נישט רעזיגנירן פון דער רעגירונג, וועט בן־גוריון אונדז ווידער איבערלאָזן, ערשט דעמאָלט האָט זיך שרת אונטערגעגעבן. לוי אשכּול האָט אַ מאָל געזאָגט: „ווי אַ פּרעמיער איז בן־גוריון ווערט פאַר ישׂראל לכל־הפּחות דרײַ מיליטערישע דיוויזיעס". דאָס זאָגט אין אַ געוויסן זינען עדות אויף בן־גוריונס פּרעסטיזש און פּערזענלעכן כּוח אין יענער צײַט. אויך שרת איז דעמאָלט מסכּים געווען מיט אַט דער אָפּשאַצונג. מיט דער צײַט האָבן אייניקע פון בן־גוריונס קעגנערס אים באַשולדיקט, אַז ער האָט געוואָלט פּטור ווערן פון שרתן און פּלאַנירן די סיני־אַקציע אומגעשטערט פון זײַן קעגנערשאַפט. איך בין זיכער, אַז עס איז קיין מאָל נישט געווען אַזאַ מין אינטריגע. די פּרשה פון זייערע באַציִונגען האָט זיך דעמאָלט נישט געענדיקט. שרת האָט זיך דערווײַטערט אויף אַ צײַט פון געזעלשאַפטלעכן לעבן און שפּעטער איז ער נאָמינירט געוואָרן ווי דער פאָרזיצער פון דער עקזעקוטיווע פון דער ייִדישער אַגענץ. אין 1960, ווען עס איז אויסגעבראָכן די „לבון־פּרשה", איז שרת — וואָס האָט שוין דעמאָלט געליטן פון דער קרענק וואָס וועט מאַכן אַ סוף צו זײַן לעבן אין 1965 — געווען איינער פון די וואָס האָבן אָפן קריטיקירט בן־גוריונען פאַר נישט לאָזן די „פּרשה" אָפּשטאַרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט.

למען האמת, אַזוי ווי איך האָב שוין אָנגערירט די „לבון־פּרשה", וואָלט געווען כּדאַי, כ׳זאָל אין איר איצט אַרײַנגיין, כאָטש ס׳איז בכלל נישט מײַן כּוונה צו שרײַבן וועגן דעם אַן אַרומנעמענדיקע און אויסשעפּנדיקע אַרבעט. דעם ענין האָט גורם געווען אַ נאַרישער פּעלער אין שײַכות מיט אַ שפּיאָנאַזש־מיסיע אין מצרים, אין 1954 (זי איז געווען קאַטאַסטראָפאַל אין איר עצם באַנעם, שוין אָפּגערעדט פון דער אויספירונג). דאָס איז געשען ווען שרת איז געווען פּרעמיער און אויסערן־מיניסטער. דער נײַער זיכערקייטס־מיניסטער, וואָס בן־גוריון אַליין האָט אים אויסגעקליבן, איז געווען פּנחס לבון, איינער פון די פּעיִקסטע מענטשן אין מפא"י, הגם אויך איינער פון די צום ווייניקסטן סטאַבילע, אַ שיינער מאַן, אַן אינטעלעקטואַל, אַ דורכויס קאָמפּליצירטער מענטש, וואָס איז שטענדיק געווען אַ „טויב", אָבער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מין ווילדן „שפּאַרבער" גלײַך ווי ער האָט זיך אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט מיליטערישע פּראָבלעמען. אַ סך פון אונדז האָבן געהאַלטן, אַז ער איז אַבסאָלוט נישט פּאַסיק פאַר אַזאַ פּילבאָרן מיניסטעריום. עס האָט אים געפעלט די נייטיקע דערפאַרונג און מיר האָבן געהאַלטן, אַז עס האָבן אים געפעלט אויך די נייטיקע אייגנשאַפטן ריכטיק אָפּצושאַצן אַן

ענין. נישט נאָר איך, אויך זלמן ארן, שאול אביגור און נאָך און נאָך חברים האָבן געפּרוּווט — אָבער אומזיסט — צו ווירקן אויף בן־גוריונען, ער זאָל מוותר זײַן אויף אָט דעם יורש. ווי געוויינטלעך, האָט ער נישט געוואָלט בײַטן זײַן מיינונג. ער איז אַוועק קיין שדה־בוקר און לבון איז געוואָרן זיכערקייטס־מיניסטער. ער האָט אָבער נישט געקענט דורכקומען מיט די פֿעיִקע יונגע־לײַט, וועלכע זענען געווען בן־גוריונס איבערגעגעבענע תּלמידים, צווישן זיי משה דיין, דעמאָלט שטאַב־שעף פֿון דער אַרמיי און שמעון פּרס, דער גענעראַל־דירעקטאָר פֿון זיכערקייטס־מיניסטעריום. זיי האָבן נישט געהאַט קיין סימפּאַטיע צו לבונען און נישט קיין צוטרוי. זיי האָבן עס אים אָפֿן דערקלערט און ער, פֿון זײַן זײַט, האָט מיט דער זעלבער קלאָרקייט געזאָגט, אַז זײַן כּוונה איז נישט צו פֿאַרבלײַבן אין שאָטן פֿון בן־גוריונען און אַז ער וויל פֿאַרווירקלעכן זײַנע אייגענע מיינונגען. אַזוי אַרום זענען פֿאַרזייט געוואָרן די זוימען פֿון די שפּעטער־דיקע צרות.

ווען עס איז פֿאָרגעקומען די שלימזלדיקע פּרשה, איז נאָמינירט געוואָרן אַ קאָמיסיע צו פֿאָרשן אירע סיבות. איך בין נישט פֿרײַ אַרײַנצוגיין אין די אייגּ־צלהייטן פֿון דעם „שלימזלדיקן ענין" גופא און איך וויל עס אויך נישט טאָן. עס וועט זײַן גענוג פֿאַר מיר צו זאָגן, אַז לבון האָט געטענהט, אַז ער האָט גאָר־נישט געוווּסט וועגן דער אַקציע און האָט באַשולדיקט דעם הויפּט פֿון אינפֿאָר־מאַציע־דינסט, אַז ער האָט זי פּלאַנירט הינטער זײַנע פּלייצעס. די קאָמיסיע איז נישט אַרויס מיט קיין באמת אַנטשיידנדיקע אויסגעפֿינסן, נישט אין איין זײַט און נישט אין דער צווייטער. זי האָט אָבער אויך נישט באַפֿרײַט לבונען פֿון דער אַחריות פֿאַר דעם וואָס איז געשען. בכל־אופן, האָט די באַפֿעלקערונג נישט געוווּסט וועגן דער גאַנצער זייער סודותפֿולער פּרשה און די ווייניקע וואָס האָבן יאָ געוווּסט וועגן איר, האָבן געהאַלטן אַז דער ענין איז פֿאַרענדיקט. און דאָך איז געמאַכט געוואָרן אַ שרעקלעכער פֿעלער. לבון האָט נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה און געמוזט דעמיסיאָנירן. און בן־גוריונען האָט מען צוריק־גערופֿן פֿון שדה־בוקר, אין זיכערקייטס־מיניסטעריום.

זעקס יאָר שפּעטער האָט זיך ווידער צעפֿלאַקערט דער גאַנצער ענין און דאָס מאָל זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ גרויסן פּאָליטישן סקאַנדאַל, מיט טראַגישע קאָנסעקווענצן פֿאַר מפּא״י גופא. חדשים־לאַנג האָט די פּרשה באַאומרויִקט די ישׂראלדיקע געזעלשאַפֿט, אומדירעקט האָט עס דערפֿירט צו מײַן איבעררײַסן מיט בן־גוריונען און צו זײַן ענדגילטיקן רעזיגנירן פֿון זײַן פּאָסטן ווי אַ פּרעמיער. אין 1960 האָט לבון דערקלערט, אַז בײַ דער ערשטער אויספֿאָרשונג איז דאָס עדות־זאָגן געווען פֿאַלש און מען האָט אַפֿילו געפֿעלשט דאָקומענטן. לבון האָט דעריבער געפֿאָדערט, אַז בן־גוריון זאָל אים עפֿנטלעך רייניוואַשן. בן־גוריון האָט זיך אָפּגעזאָגט. ער האָט לבונען אין גאָרנישט נישט באַשולדיקט, האָט ער

געטענהט, דאַרף ער אים נישט רעהאַביליטירן. דאָס דאַרף טאָן אַ געריכט. מען האָט גלײַך געשאַפן אַ קאָמיסיע, וואָס האָט געדאַרפט אויספאָרשן די אויפפירונג פון די אָפיצירן, וועלכע לבון האָט באַשולדיקט אין אַ פאַרשווערונג קעגן אים, אָבער אין צווישן, ביז די קאָמיסיע וועט פאַרענדיקן איר אַרבעט, האָט לבון געבראַכט דעם גאַנצן ענין פאַר אַ וויכטיקער קאָמיסיע אין דער כּנסת און צום סוף איז עס דערגאַנגען צו דער פרעסע.

דער ווײַטערדיקער קאַמף צווישן בן־גוריונען און לבונען איז געפירט געוואָרן דער עיקר אין דער עפנטלעכקייט. עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר לוי אשכּולן, וואָס דווקא ער האָט גענומען אויף זיך צו באַרויִקן די אַלע וועלכע זענען געווען פאַרמישט אין דער פרשה. בן־גוריון האָט זיך אָבער פאַרעקשנט און דורכויס געפאָדערט אַ יורידישע אויספאָרשונג. ס'איז געווען קלאָר, אַז ער איז געווען גרייט אָנצוגרײַפן זײַנע סאַמע נאָענטסטע חברים און די פאַרטיי מיט וועלכער ער האָט אָנגעפירט, אָבי צו לייזן די פּראָבלעם אויפן איינציקן וועג וועלכן ער האָט געהאַלטן פאַר ריכטיק און נישט דערלאָזן עמעץ זאָל באַשמוצן די אַרמיי אָדער דאָס זיכערקייטס־מיניסטעריום. ער האָט זיך געהאַלטן בײַ זײַנס און געפאָדערט אַ געריכטלעכע פּראָצעדור. אשכּול, ספּיר און איך האָבן דערקעגן געפּרוּווט לייזן דעם סיכסוך אויף אַ רעגירונג־ניוואָ — דיסקרעט און אָרנטלעך. מען האָט נאָמינירט זיבן מיניסטאָרן פאַר אַ ספּעציעלער אויספאָרשונגס־קאָמיסיע און מיר זענען אַלע געווען דאַנקבאַר בן־גוריונען וואָס ער האָט זיך נישט אַנטקעגנגעשטעלט. בן־גוריון האָט געהאַפט אַז די קאָמיסיע וועט שטיצן זײַן פאָדערונג וואָס שייך אַ געריכטלעכער פּראָצעדור. אָבער די קאָמיסיע האָט געפּסקנט אַז מען דאַרף מער גאָרנישט טאָן: לבון איז נישט געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן באַפעל, וואָס האָט דערפירט צום „שלימזלדיקן ענין" און מ'דאַרף זיך דערמיט מער נישט פאַרנעמען. בן־גוריון איז געווען צעקאָכט און האָט געטענהט, אַז אויב די קאָמיסיע איז זיכער אַז לבון האָט נישט געגעבן דעם באַפעל, קען די שולד פאַלן נאָר אויפן שעף פון מיליטערישן אינפאָרמאַציע־דינסט. אָבער אַזוי ווי אויף דעם איז נישטאָ קיין באַווײַז, קען נאָר אַ יורידישע קאָמיסיע דעצידירן ווער עס איז דער פאַראַנטוואָרטלעכער. נאָך מער — ער האָט געטענהט, אַז די מיניסטאָרן־קאָמיסיע האָט זיך נישט ריכטיק אויפגעפירט. זי האָט נישט געטאָן דאָס וואָס מען האָט אויף איר אָרויפגעלייגט: זי האָט געדעקט לבונען און איז בכלל געווען אַ חרפּה. דעם 17טן יוני 1963 האָט בן־גוריון ווידער רעזיגנירט פון זײַן אַמט און, לויט זײַן פאַרשלאַג, איז אשכּול געוואָרן פּרעמיער. בן־גוריון האָט פון ס'נײַ אָנגעהויבן זײַן קאַמף פאַר אַ יורידישער אויספאָרשונג, אָבער אשכּול האָט שוין געהאַט גענוג און האָט דעם געדאַנק נישט אָנגענומען. בן־גוריון איז געווען ווי באַזעסן. ער האָט גערעכנט אַז אשכּול וועט אים פאָלגן און דאָ האָט אים גאָר אשכּול אָפּגעזאָגט. אַזוי אַרום איז דער אָרעמער אשכּול מיט אַלע זײַנע אָנהענגערס

אין דער פּאַרטיי געוואָרן איצט דער ציל פון בן־גוריונס צאָרן.

איך האָב נישט געקענט מוחל זײַן בן־גוריונען, נישט פֿאַר דער רציחה, מיט וועלכער ער האָט גערודפט אשכולן און נישט פֿאַר זײַן אויפפירן זיך מיט אונדז, זײַן רעדן וועגן אונדז אַלע, מיך אַרײַנגערעכנט. עס איז אויסגעקומען, אַז די בשותּפותדיקע אַרבעט אין משך פון די אַלע יאָרן האָט קיין ווערט נישט. בן־גוריון האָט געהאַלטן, אַז מיר אַלע זענען געוואָרן זײַנע פּערזענלעכע שונאים און אַזוי האָט ער זיך טאַקע אויפגעפירט מיט אונדז. מיר האָבן זיך דערנאָך יאָרן נישט געזען. כ׳האָב אַפילו געטראַכט, אַז ווערדליק מײַנע געפילן לגבי אים וועט זיין נישט אַנשטענדיק איך זאָל אַנטיילנעמען אין דער אויפנאַמע לכּבוד זײַן אַכציק־יאָריקן געבוירן־טאָג, אין 1968 (אשכּולן האָט מען נישט פאַרבעטן), כאָטש בן־גוריון האָט געשיקט אַ ספּעציעלן שליח מיך צו פאַרבעטן. איך האָב געוווּסט, אַז ער וועט זיך פילן זייער געטראָפן אויב כ׳וועל נישט קומען, אָבער כ׳האָב אים פשוט נישט געקענט צוליב טאָן. ער האָט אונדז אַלע צו שווער באַליידיקט און כ׳האָב אים נישט געקענט מוחל זײַן. ווערדליק אים זענען מיר דאָך ממילא אַלע געווען נאַראָנים. איז וואָס קאָן מען טאָן, אַז מענטשן ווערן געבוירן טיפּשים. קיינער איז אין דעם נישט שולדיק. אָבער אַ מענטש ווערט נישט געבוירן פאַרדאָרבן. דאָס איז אַ שרעקלעכע באַשולדיקונג! אויב אַנדערע פּאַרטיי־פירערס זענען גרייט געווען צו פאַרמאַכן די אויגן אויף דעם, אַז בן־גוריון קלערט אָדער אפילו זאָגט אַז זיי זענען קאָרומפּירט, איז עס געווען זייער ענין. אָבער אשכול איז דערצו נישט גרייט געווען און אויך נישט איך. איך האָב נישט געקענט מאַכן קיין אַנשטעל. כ׳האָב נישט געקענט איבערשרײַבן די געשיכטע און נישט געוואָלט זיך אַליין נאַרן. איך בין צו יענער אויפנאַמע נישט געפאָרן.

אין 1969, ווען איך האָב מײַן ערשטע רעגירונג פאַרגעשטעלט פאַר דער כּנסת, האָט בן־גוריון — וואָס האָט זיך אין צווישן אָפּגעטיילט פון מפא״י און אויפגעשטעלט אַ נײַע פּאַרטיי, רפ״י (רשימת פּועלי ישראל), צוזאַמען מיט דייַנען און פּרסן — זיך אָפּגעהאַלטן פון שטימען. ער האָט אָבער אָפּגעגעבן אַ דערקלערונג: „עס איז נישט קיין ספק״ — האָט ער געזאָגט אין דער כּנסת — „אַז גאָלדע מאיר איז פעיִק צו זײַן פּרעמיער. עס דאַרף אָבער קיין מאָל נישט פאַרגעסן ווערן, אַז זי האָט צוגעלייגט אַ האַנט צו אַן אוממאָראַלישער זאַך״. ער האָט ממשיך געווען וועגן דער לבון־פּרשה. אָבער בײַם סוף פון זײַנע טעג האָבן מיר זיך איבערגעבעטן. איך בין געקומען אין שדה־בוקר צו זײַן פינף און אַכציקסטן געבוירן־טאָג און כאָטש מיר האָבן זיך אָפיציעל נישט איבערגעבעטן זענען מיר ווידער געווען פרײַנד. ער, פון זײַן זײַט, האָט געהאַלטן פאַר נייטיק צו קומען קיין רביבים, ווען שׂרהס און זכריהס קיבוץ האָט אין 1973 אײַנגעאָרדנט אַן אויפנאַמע לכּבוד מײַן פינף און זיבעציקסטן געבוירן־טאָג.

פֿאַרשטייט זיך אַז דעמאָלט איז בן־גוריון בעצם שוין נישט געווען בן־גוריון. פֿון דעסטוועגן האָבן מיר פֿאַרראַכטן דעם שרעקלעכן און איבעריקן ריס, וואָס איך קען אים ביזן היינטיקן טאָג נישט דערקלערן. דאָס איז געווען — בקיצור — די לבון־פּרשה, וואָס איר ערשט קאַפּיטל איז שוין געווען היגטער אונדז אין 1956, ווען איך בין געוואָרן דער צווייטער אויסערן־מיניסטער פֿון ישׂראל.

כאָטש ס׳איז אָנגענומען, אַז דאָס אָפֿיציעלע איבערגעבן אַ מיניסטעריום ווערט דורכגעפֿירט דורכן אָוועקגייענדיקן מיניסטער, אין בייזיין פֿון נייעם מיניסטער, איז עס אַזוי נישט געווען אין מיין פֿאַל. שרת איז אַליין אָוועק אין זיין קאַבינעט, האָט אַריינגערופֿן די אָנפֿירערס פֿון די דעפּאַרטאַמענטן און זיך מיט זיי געזעגנט. דערנאָך האָט ער מיך איינגעלאַדן און אין משך פֿון דריי טעג האָט ער מיר איבערגעגעבן גענויע אינפֿאָרמאַציעס, וואָס כ׳האָב אַזעלכע אין מיין לעבן נישט באַקומען פֿון קיינעם אין קיין שום ענין. ס׳איז געווען כאַראַקטעריסטיש פֿאַר שרתן, אַז ער האָט געוווּסט וועגן זיין מיניסטעריום אַלץ ביז צו דער קלענסטער איינצלהייט, אַפֿילו דעם משפּחה־צושטאַנד און די פּראָבלעמען פֿון יעדן אָנגעשטעלטן און ווי עס הייסן זיינע קינדער. ער האָט מיר אָבער געזאָגט, אַז דעם ערשטן טאָג וועט ער מיך נישט באַגלייטן אין מיניסטעריום. איך וועל דאַרפֿן גיין אַהין אַליין. אַזוי בין איך אין איינעם אַ טאָג גאַנץ אַליין אַריינגעקומען אין מיניסטעריום. ס׳איז מיר געווען נישט אָנגענעם און דאָס האָט זיך מסתּמא אָפּגעשפּיגלט אויף מיין פּנים. איך האָב גוט געוווּסט, אַז איך גיי ירשענען דאָס אָרט פֿון אַ מענטש, וואָס האָט נישט נאָר געגרינדעט דאָס מיניסטעריום, נאָר האָט אויך אָנגעפֿירט מיט אים זינט 1948.

מיינע ערשטע חדשים ווי אַן אויסערן־מיניסטער זענען נישט געווען פֿאַר מיר קיין באַזונדערס גליקלעכע. דאָס איז נישט געווען בלויז דערפֿאַר וואָס איך בין געווען אַן אָנפֿאַנגערין און אָרום מיר — ספּעציאַליסטן, נייערט אויך וואָס שרתס סטיל איז געווען אַנדערש ווי מיינער, און די מענטשן, וועלכע ער האָט אויסגעקליבן, כאָטש אַלע זייער פֿעיִקע און באמת איבערגעגעבענע, זענען נישט דווקא געווען פֿון דער קאַטעגאָריע מענטשן מיט וועלכע איך האָב זיך געהאַט צוגעוווינט צו אַרבעטן. אַ סך פֿון די אַמבאַסאַדאָרן און העכערע באַאַמטע האָבן זייער דערציִונג באַקומען אין בריטישע אוניווערסיטעטן און זייער סאָרט אינטע־לעקטועלע ראַפֿינירטקייט, וואָס שרת האָט אַזוי באַוווּנדערט, איז נישט שטענדיק געווען אין מיין געשמאַק. למען האמת, וויל איך זאָגן, האָב איך נישט געהאַט קיין שום אילוזיעס לגבי דעם וואָס אייניקע פֿון זיי האָבן אוודאי געהאַלטן, אַז איך בין נישט דער פּאַסיקער מענטש פֿאַר אָט דעם פּאָסטן. זיכער בין איך נישט געווען באַהאַוונט אין דער סובטעלער פּראַזעאָלאָגיע און נישט צו פֿיל געזאָרגט פֿאַר די צערעמאָניאַלן פֿון פּראָטאָקאָל. מיינע זיבן יאָר אין אַרבעטס־מיניסטעריום זענען, לויט זייער באַנעם, נישט געווען דער פּאַסיקער היגטערגרונט פֿאַר אַן

אויסערן־מיניסטער. אָבער נאָך אַ צײַט האָבן מיר זיך צוגעוווינט אײנער צום אַנדערן און כ׳מוז צוגעבן אַז בסך־הכל האָבן מיר זײער גוט צוזאַמענגעאַרבעט, אפשר דערפֿאַר וואָס עס איז שטענדיק אַזוי פֿיל געשטאַנען אין קאָן.

כ׳בין אַרײַן אין אויסערן־מיניסטעריום זומער 1956, ווען די מעשים פֿון די אַראַבישע טעראָריסטן, באַזונדערס פֿון די פֿעדאַיִנער (באַוואָפֿנטע באַנדעס, געשולט און געשטיצט דורך מצרים) זענען דערגאַנגען צו אַן אומדערטרעגלעכן הויכ־פּונקט. די פֿעדאַיִנער פֿלעגן בעיקר קומען פֿון עזה־פּאַס. זײ האָבן אָבער אויך געהאַט באַזעס אין ירדן, סיריע און לבנון. זײ פֿלעגן אויך מאָרדן ייִדן אין סאַמע צענטער פֿון ישׂראל, אין אַזעלכע ערטער, ווי רחובות, לוד, רמלה און יפֿו. די אַראַבישע לענדער האָבן מיט אַ צײַט פֿריער געהאַט דערקלערט זײער שטעלונג. „מיר ניצן אויס דאָס רעכט פֿון קריג״ — האָט געזאָגט אַ מיצרישער פֿאַרשטײער אין 1951, פֿאַרטײדיקנדיק מצרים פֿאַר נישט דערלויבן ישׂראלדיקע שיפֿן דורכצושווימען דעם סועץ־קאַנאַל. „אַ פֿײַער־אָפּשטעל מײנט נישט אַ סוף צום מלחמה־צושטאַנד און פֿאַרווערט נישט אַנצוווענדן באַשטימטע מלחמה־רעכט״. מיר האָבן זײער גוט געוווּסט אַז זײ האָבן זיך נאָך געהאַלטן בײ די דאָזיקע „רעכט״ אין 1955 און 1956. דער קאָלאָנעל גאַמאַל אַבדול נאַצער, וועל־כער האָט איבערגענומען די מאַכט אין מצרים אין 1952 און איז איצט געווען די מעכטיקסטע געשטאַלט אין דער אַראַבישער וועלט, האָט אָפֿן געלויבט די פֿעדאַיִנער. „איר האָט באַוויזן״ — האָט ער געזאָגט — „אַז איר זענט גיבורים און אַז אונדזער גאַנץ לאַנד קען זיך אויף אײַך פֿאַרלאָזן. דער גײַסט, מיט וועלכן איר גײט אַרײַן אין לאַנד פֿון שונא דאַרף ווערן פֿונאַנדערגעשפּרײט״. דער ראַדיאָ אין קאַיִר האָט אָן אַ סוף געלויבט די מערדערס, נוצנדיק אַ שפּראַך וואָס איז געווען קלאָר ווי קרישטאָל: „ווײן, ישׂראל״ — האָט זיך איבערגעחזרט דער זעלבער רעפֿרײן — „דער טאָג פֿון דײַן אומקום איז נאָענט״.

די אונאָ האָט קײן ממשותדיקע זאַך נישט געטאָן כּדי אָפּצושטעלן די באַרבאַרישע מעשים פֿון די פֿעדאַיִנער. דער אונאָ־סעקרעטאַר, דאַג האַמערשילד, האָט יאָ באַוויזן אָפּצושטעלן דאָס פֿײַער אויף עטלעכע טעג אין פֿרילינג 1956. אָבער ווען די פֿעדאַיִנער זענען ווידער אַריבער די גרענעץ, האָט ער איבערגע־לאָזט דעם גאַנצן ענין און איז מער נישט צוריקגעפֿאָרן אין נאָענטן מיזרח. איך ווײס, אַז ס׳איז אויסגעוואַקסן אַ קולט אַרום האַמערשילדס פּערזענלעכקײט און זײַנע פֿײַנע באַמערקונגען. איך בין דערצו נישט קײן שותּף. איך פֿלעג זיך אָפֿט מיט אים טרעפֿן נאָך זײַן באַזוכן בן־גוריונען מיט וועמען ער האָט געשמועסט שעהען־לאַנג וועגן בודיזם אָדער אַנדערע פֿילאָסאָפֿישע טעמעס, אין וועלכע זײ האָבן געהאַט אַ בשותּפֿותדיקן אינטערעס. דערנאָך פֿלעגן מיר בײדע באַהאַנדלען לויפֿנדיקע טעמעס, ווי דאָס עובר זײַן אויף אַ פּאַראַגראַף אינעם וואָפֿן־שטילשטאַנד־אָפּמאַך מיט ירדן אָדער אַ טענה וואָס מיר האָבן געהאַט קעגן דער אונאָ. קײן

וווּנדער נישט, וואָס האַמערשילד האָט געהאַלטן אַז בן־גוריון איז אַ מלאך און אַז מיט מיר קען מען נישט דורכקומען. ווערליק מיר איז ער קיין מאָל נישט געווען קיין פֿריַינד פֿון ישׂראל און כאָטש איך האָב זיך זייער באַמיט דאָס נישט אַרויסצוּווייזן, האָט ער מסתמא פֿאַרשטאַנען, אַז איך האַלט נישט אַז ער איז אַזוי נייטראַל וואָס שייך דער לאַגע אין מיטעלן מיזרח. אויב די אַראַבער האָבן געזאָגט נייז, און געטאָן האָבן זיי עס כּסדר, האָט האַמערשילד זיך מיט דעם ענין נישט פֿאַרנומען. דאָס הייסט נישט, אַז מיטן אָנקום פֿון או טאַנט (דער בורמאַנער מלוכה־מאַן וואָס האָט פֿאַרנומען האַמערשילדס אָרט אין אונאָ) האָט זיך די לאַגע אַ סך פֿאַרבעסערט. נישט געקוקט אויף די יאָרן פֿון פֿריַינדשאַפֿט צווישן בורמאַ און ישׂראל און די באמת וואַרעמע באַציִונגען וואָס ער האָט פֿער־זענלעך געהאַט צום לאַנד און צו אונדז, האָבן זיך פֿאַר ישׂראל, ווען או טאַנט איז געוואָרן אונאָ־סעקרעטאַר, אָנגעהויבן זייער שווערע צײַטן. זעט אויס, אַז אויך ער האָט געהאַלטן פֿאַר אוממעגלעך זיך צו האַלטן פֿעסט כּלפּי די רוסן אָדער כּלפּי די אַראַבער, הגם ס׳איז גאָרנישט געווען שווער צו זײַן איבער־געטריבן פֿעסט כּלפּי ישׂראל.

דאָס אַלץ איז אָבער דרך־אַגב. אַוודאי איז דער סעקרעטאַר פֿון דער אונאָ נישט געווען פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר די רציחות, רויבערײַען און סאַבאָטאַזשן, וואָס די פֿעדאַיִנער האָבן כּמעט טעגלעך דורכגעפֿירט. אין איינעם פֿון די דאָזיקע איבערפֿאַלן האָט מען געשאָסן פֿון דער ירדנישער גרענעץ אויף אַ גרופּע אַרכעאָ־לאָגן, וועלכע האָבן געטאָן זייער אַרבעט אין רמת־רחל, ביי ירושלים. פֿיר מענטשן זענען דערהרגעט געוואָרן און אַ סך פֿאַרוווּנדיקט. איינער פֿון די פֿיר איז געווען מײַן קרוב. דאָס איז געווען מנחמס שווער, איאָס פֿאָטער, אַן אָנגע־זעענער פֿאָרשער, אַן איידעלער מענטש, וואָס האָט אין זײַן לעבן קיין פֿליג נישט געטשעפּעט. איך געדענק, ווי איך האָב אַ פֿאַרביטערטע געטראַכט, אַז ס׳איז פֿאַראַן אַ משוגעת אין אַ וועלט וואָס נעמט אַזוי רויִק אָן די טענה פֿון „מלחמה־רעכט" און איז אַזוי גלײַכגילטיק צו די „רעכט פֿון שלום". אָבער די אמתע פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט — און נישט צום לעצטן מאָל — האָבן געטראָגן די רוסן.

אין 1955 איז אונטערגעשריבן געוואָרן אַן אָפּמאַך צווישן טשעכאָסלאָוואַקיע (לייען סאָוועט־רוסלאַנד) און מצרים. אין רעזולטאַט פֿון דאָזיקן אָפּמאַך, האָט מצרים אַרײַנבאַקומען אַן אַ שיעור געווער — פֿון אונטערוואַסער־שיפֿן און צע־שטערונגס־שיפֿן ביז טאַנקען און פֿאַנצער־אויטאָס. קאָן מען פֿרעגן, ווי קומט עס וואָס דער ראַטן־פֿאַרבאַנד האָט פּלוצלינג באַשלאָסן צו ליפֿערן געווער אַ מדינה, וואָס האָט בכלל נישט פֿאַרבאָרגן אַז איר כּוונה איז „צו דעראָבערן פֿון דאָס נײַ פּאַלעסטינע", לויט קאַלאַנעל נאַצערס נוסח. דער ענטפֿער איז, אַז דאָס איז בכלל נישט געווען פּלוצלינג. אין גלאָבאַלן קאַמף פֿון די פּאָפּציקער יאָרן, וואָס מען האָט אָנגערופֿן (נישט אַזוי ריכטיק פֿון אונדזער קוקווינקל) „די קאַלטע

מלחמה״, האָבן קאָנקורירט צווישן זיך אַמעריקע און ראַטן־פֿאַרבאַנד איבער די חסדים פֿון די אַראַבישע לענדער און גאַנץ ספּעציעל איבער די חסדים פֿון מצרים. פֿאַר אַמעריקע און ענגלאַנד איז אפֿשר נישט געווען אַזוי אָנגענעם דער פֿלירט מיט נאַצערס מצרים, אָבער דעם ראַטן־פֿאַרבאַנד האָט נישט געפּלאָגט דאָס געוויסן. דער פֿאַקט וואָס דער ראַטן־פֿאַרבאַנד האָט אַלץ געטאָן צו פֿאַרווירקלעכן דעם מיצרישן חלום וועגן אַ צווייטן מלחמה־אָנגריף קעגן ישׂראל איז געווען באַרעכטיקט — אויף וויפֿל די רוסן פֿילן בכלל אַ נויטווענדיקייט זיך צו באַרעכטיקן — דערמיט וואָס דער ציוניזם (האָבן די רוסן אַרגומענטירט) איז אַזאַ פֿאַרברעכן אַז ער מוז אומעטום פֿאַרטיליקט ווערן. כּדי צו באַווײַזן ווי שלעכט עס איז דער ציוניזם, האָט מען אין מאָסקווע אין 1953 אויסגעטראַכט די באַקאַנטע „דאָקטוירים־פֿאַרשווערונג״. מען האָט אינפֿאָרמירט דאָס רוסישע פֿאָלק, אַז נײַן דאָקטוירים (נישט ווייניקער ווי זעקס פֿון זיי ייִדן) האָבן געפּרוּווט דערמאָרדן סטאַלינען און אַנדערע סאָוועטישע פֿירערס. מען האָט אינסצעניזירט אַ נידערטרעכטיקן פּראָצעס, ווי אַ טייל פֿון אַן אַנטי־ייִדישער קאַמפּאַניע, וואָס מען האָט געלאָזט אין גאַנג איבער גאַנץ רוסלאַנד. דערנאָך האָט אין איינער אַ נאַכט אויפֿגעריסן אַ קליינע באָמבע אינעם גאָרטן פֿון דער סאָוועטישער פֿאַרשטייערשאַפֿט אין תּל־אָבֿיבֿ. די רוסן האָבן גלײַך באַשולדיקט די ישׂראל־רעגירונג אין פּלאַנירן דעם אינצידענט און האָבן איבערגעריסן די דיפּלאָמאַטישע באַציִונגען. און הגם די באַציִונגען זענען נאָך עטלעכע חדשים באַנײַט געוואָרן, איז נאָך אַלץ אָנגעגאַנגען די אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע־קאַמפּאַניע אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. דער פּיזמון וועגן די „ציוניסטן, וואָס באַדינען די אימפּעריאַליסטישע מלחמה־העצערס״ איז אויפֿגעכאַפּט געוואָרן אין טשעכאָסלאָוואַקיע, וואָס האָט אָנגעהויבן פֿירן איר אייגענע שענדלעכע קאַמפּאַניע קעגן ייִדן.

נישט געקוקט אויף די אָפֿענע צוגרייטונגען צו אַ נײַער מלחמה מצד די סאָוועטן און די אַראַבער — האָבן אַמעריקע און ענגלאַנד נישט געוואָלט אונדז פֿאַרקויפֿן קיין געווער. עס האָט גאָרנישט געהאָלפֿן אונדזער קלאַפּן אין זייערע טירן, אָפֿט מאָל מיט גרויס רעש. דער ענטפֿער איז שטענדיק געווען אַ נעגאַטיוער, הגם אָנהייב 1956 האָט אַמעריקע — וואָס האָט זיך נאָך אַלץ אָפּגעזאָגט אונדז צו פֿאַרקויפֿן געווער — געגעבן אַ ווונק צו פֿראַנקרײַך און קאַנאַדע, אַז עס וועט די פֿאַראייניקטע שטאַטן נישט אַרן אויב זיי וועלן אונדז יאָ פֿאַרקויפֿן. פֿראַנקרײַך האָט נישט געוואַרט אויף אַ דערלויבעניש פֿון אַמעריקע און שוין געהאַט דעצידירט, צוליב אייגענע מאָטיוון, צו העלפֿן ישׂראל. כאָטש פֿראַנקרײַך האָט זיך נישט געקענט פֿאַרגלײַכן מיט דער „ברייטהאַרציקייט״, וואָס די סאָוועטן האָבן אַרויסגעוויזן כּלפּי מצרים, זענען מיר איצט סוף סוף לפּחות נישט געווען אין גאַנצן שוצלאָז און נישט אין גאַנצן אַליין.

זומער 1956, ווען איך האָב אָנגעהויבן זיך אײַנאָרדענען אין מײַן נײַעם

קאַבינעט און זיך צוגעוווינען, צווישן אַנדערן, מען זאָל מיך רופן פרוי מאיר — דאָס פאַסיקסטע וואָס איך האָב געקענט געפינען אין עברית פאַר מאירסאָן כּדי אָקעגן צו קומען בן־גוריונס פאַרלאַנג מיר אויסצוקלײַבן אַ העברעיִשן נאָמען (מאיר מיינט אין העברעיִש: באַלײַכטן) — דעמאָלט האָט זיך נאָך מער פאַרצויגן די פּעטליע אַרום אונדזער האַלדז. נאַצער האָט געמאַכט זײַן דראַמאַטישסטן זשעסט. ער האָט אין יולי נאַציאָנאַליזירט דעם סועץ־קאַנאַל! קיין שום אַראַבישער פירער האָט פריִער קיין מאָל נישט געטאָן אַזאַ איבעראַשנדיקע זאַך. דאָס האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אין דער אַראַבישער וועלט. נאָך איין זאַך האָט נאַצער געדאַרפט דורכפירן, כּדי מצרים זאָל באַגריסט ווערן ווי די גרעסטע מוסולמענישע מאַכט: אונדז צו פאַרטיליקן. אויף דער וועלט האָט מען דעבאַטירט איבער דער נאַציאָנאַליזירונג פון קאַנאַל, פונעם שטאַנדפונקט פון גרויסמאַכט־פּאָליטיק. אָבער מיר, אין ישראל, זענען געווען מער באַאומרויִקט צוליבן וואַקסנדיקן מיליטערישן כּוח פון מצרים און פון סיריע, וועלכע האָבן אָפּגעשלאָסן צווישן זיך אַ פּאַקט צו פאַראייניקן זייערע מיליטערישע גענעראַל־שטאַבן. ס׳איז מער נישט געווען קיין ספק, אַז אַ מלחמה איז אומפאַרמײַדלעך און אַז די מיצרים זענען ווידער אַ קרבן פון דער פאַנטאַזיע וועגן אַ נצחון איבער ישראל — אַ זיך אַליין גלאָריפיצירנדיקע פאַנטאַזיע, וואָס נאַצער האָט זי אַנטוויקלט אין זײַן בוך „די פילאָסאָפיע פון דער רעוואָלוציע".

ס׳איז שוין פאַראַן אַזאַ רײַכע ליטעראַטור (אַ טייל פאַקטן און אַ טייל פיקציע) וועגן דער סיני־אַקציע, אַז מײַן צושטייער, מיין איך, קען זײַן אַ גאַנץ באַשיידענער. איך מוז אָבער אונטערשטרײַכן איין פאַקט: נישט געמענדיק אין באַטראַכט דעם ענגליש־פראַנצויזישן דורכגעפאַלענעם פּרוּוו צו באַהערשן דעם סועץ־קאַנאַל, האָט ישראלס קלאַפּ קעגן מצרים אין 1956 געהאַט איין־און־איינציקן ציל: פאַרמיידן דעם חורבן פון דער ייִדישער מדינה. די דראָונג איז געווען אַ קלאָרע און האָט נישט דערלאָזט קיין ספק. ווי איך האָב עס שפּעטער געזאָגט אויף דער אַלגעמיינער אונאָ־פאַרזאַמלונג: „כאָטש קיינער אַחוץ אונדז האָט נישט געזאָרגט דאָס צו טאָן, האָבן מיר דערקענט די סימפּטאָמען". מיר האָבן געוווּסט אַז דיקטאַטאָרישע רעזשימען, אײַנגעשלאָסן די וואָס האָבן ליב צו אינפאָרמירן דער וועלט וועגן זייערע פּלענער, זענען בדרך־כּלל מקיים זייערע צוזאָגן. אין ישראל האָט קיינער נישט פאַרגעסן די קרעמאַטאָריעס און וואָס עס באַטײַט באמת טאָטאַלע פאַרניכטונג. אַזוי ווי מיר זענען נישט געווען גרייט צו לאָזן זיך אויסהרגענען, צו ביסלעך אָדער אין איין פּלוצעמדיקן אָנגריף, האָבן מיר געמוזט נעמען די איניציאַטיוו, כאָטש גאָט ווייסט, אַז עס איז נישט לײַכט געווען אָנצונעמען אַזאַ באַשלוס. דאָך האָט מען אים אָנגענומען. מיר האָבן בסוד אָנגעהויבן צו פּלאַנירן די סיני־אַקציע (וואָס מען האָט אין ישראל גערופן „קדש־אָפּעראַציע").

די פראַנצויזן האָבן אויסגעדריקט זייער גרייטקייט אונדז צו ליפערן געווער און אָנגעהויבן אויסאַרבעטן זייער סודותדיקע פּלענער פאַר אַ בשותּפותדיקן ענג־ליש־פראַנצויזישן אָנגריף אויפן סועץ־קאַנאַל. אין סעפּטעמבער האָט מען פאַר־געשלאָגן בן־גוריונען צו שיקן אַ דעלעגאַציע קיין פראַנקרײַך, צו פירן געשפּרעכן מיט גי מאָלע (פּרעמיער פון דער פראַנצויזישער סאָציאַליסטישער רעגירונג), קריסטיאַן פּינאָ (פראַנצויזישער אויסערן־מיניסטער). און מאָריס בורזשעס־מאָנורי (פראַנצויזישער פאַרטיידיקונגס־מיניסטער). בן־גוריון האָט מיך געבעטן זיך אָנצו־שליסן אין דער דעלעגאַציע ווי ישׂראלס אויסערן־מיניסטער. די דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פון משה דיין, שמעון פּרס און משה כּרמל (אונדזער טראַנספּאָרט־מיניסטער, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט ווי אַ גענעראַל־בריגאַדיר אין אונדזער אומאָפּהענגיקייט־מלחמה). פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב נישט געקענט געבן שרהן דעם מינדעסטן רמז אַז איך פאָר קיין אויסלאַנד. דעם אמת געזאָגט, האָט מען געקענט ציילן אויף די פינגער פון איין האַנט די צאָל מענטשן, אַחוץ די וואָס האָבן געהאַלטן בײַם פאָרן, וועלכע האָבן אין יענער צײַט עפּעס געוווּסט וועגן דאָזיקן געדאַנק. דאָס איז באמת געווען אַ שטרענגער סוד. אַפילו די רעגירונג האָט וועגן דער בשותּפותדיקער אָפּעראַציע מיט די ענגלענדער און פראַנצויזן געהערט, און באַשלאָסן בנוגע אירע איינצלהייטן, ערשט אַ פּאָר טעג פאַרן אָנהייב פון דער מלחמה, מאָנטיק דעם 29טן אָקטאָבער. די פירערס פון דער אָפּאָזיציע האָט בן־גוריון צו וויסן געטאָן נאָך שפּעטער. בקיצור, עס איז פאַר אַלע געווען אַן איבערראַשונג, נישט נאָר פאַר נאַצערן!

מיר זענען אָפּגעפלויגן קיין פראַנקרײַך פון אַ געהיימען פליפלאַץ, אין אַן אַלטן פראַנצויזישן מיליטערישן עראָפּלאַן, מיט זייער אַ שלעכטער באַלײַכטונג. מיר האָבן אַלע געשוויגן און געווען, פאַרשטייט זיך, געשפּאַנט. קיינער האָט זיך נישט אויפגעהײַטערט, ווען משה כּרמל, דורכגייענדיק איבערן עראָפּלאַן, איז כּמעט אַרויסגעפאַלן דורכן טירל פאַר די באַמבעס, וואָס איז נישט געווען גוט פאַרמאַכט. צום גליק האָט ער באַוויזן זיך אַרויפצוציִען צוריק אין עראָפּלאַן, אָבער דערבײַ זיך צעבראָכן דרײַ ריפּן. אונדזער ערשטע סטאַנציע איז געווען אין צפון־אַפריקע און דאָרט האָט מען אונדז אײַנגעאָרדנט אין אַ זייער אָנגע־נעמער פראַנצויזישער קוואַרטיר און דערלאַנגט אונדז אַ פּראַכטיקן מאָלצייט. אונדזערע גאַסטגעבערס האָבן קיין אָנונג נישט געהאַט ווער מיר זענען און איך געדענק ווי זיי האָבן זיך געוווּנדערט ווען זיי האָבן דערזען, אַז אין דער מיסטעריעזער דעלעגאַציע איז אויך פאַראַן אַ פרוי. פון דאָרט זענען מיר געפלויגן אין דער ריכטונג פון אַ מיליטערישן פליפלאַץ נעבן פּאַריז און צו אונדזערע זיצונגען מיט די פראַנצויזן. איך האָב אַפילו נישט געטראַכט אַרײַנצופאָרן קיין פּאַריז און איך געדענק, ווי שטאַרק איך בין אין כּעס איך בין געווען אויף דײַנען, וואָס איז יאָ געפאָרן, אָבער צו אונדזער גליק האָט אים קיינער נישט דערקענט. דער

עיקר אין יענע געשפּרעכן איז געווען אויסצואַרבעטן די פֿאַרשיידענע פּרטים בנוגע דער מיליטערישער הילף וואָס די פראַנצויזן האָבן אונדז צוגעזאָגט, און בפרט די פראַנצויזישע פאַרפליכטונג צו פאַרטיידיקן אונדזערע הימלען, אויב מיר וועלן עס פאָדערן. דאָס איז נאָר געווען די ערשטע פון אַ ריי אַזעלכע זיצונגען און אין איינער פון זיי האָט אָנטייל גענומען בן־גוריון גופא.

דעם 24סטן אָקטאָבער האָבן מיר אָנגעהויבן בסודי־סודות צו מאָביליזירן אונדזערע רעזערוון. די באַפעלקערונג — און איך גלייב, אַז אין דער זעלבער מאָס דאָס מיצרישע מיליטערישע אינפאָרמאַציע־דינסט — האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז מיר זענען באַאומרויִקט דורך דעם אַרייַנמאַרשירן פון איראַקישן מיליטער אין ירדן (וואָרעם ירדן האָט זיך אַ קורצע צייַט פריִער געהאַט אָנגעשלאָסן אין דער בשותּפותדיקער מצריש־סירישער קאָמאַנדע) און דעריבער גרייטן מיר זיך צו אַטאַקירן ירדן. אונדזער מיליטער האָט זיך קאָנצענטרירט אויף דער ירדנישער גרענעץ און האָט נאָך פאַרשטאַרקט דעם דאָזיקן איינדרוק. אַ וואָך איידער די סיני־אַקציע האָט זיך געדאַרפט אָנהייבן, איז אין אויסערן־מיניסטעריום פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון ישראל־אַמבאַסאַדאָרן, טיילווייַז אויך כּדי זיך צו טרעפן מיט אייניקע אונדזערע וויכטיקערע פאָרשטייערס אין אויסלאַנד, ערב דער אַלגעמיינער אונאָ־פאַרזאַמלונג. אונדזערע פאָרשטייערס זענען צוריקגעפאָרן אויף זייערע פאָסטנס פיר טעג פאַרן אויסבראָך פון דער מלחמה און גאָרנישט געוווּסט וועגן איר, מיטן אויסנאַם פון יעקב צור, אונדזער אַמבאַסאַדאָר אין פאַריז. שרת, וואָס איז אַוועקגעפאָרן קיין אינדיע תּיכף נאָך מייַן איבערנעמען דאָס מיניסטעריום, האָט זיך דערוווּסט, אַז די סיני־אַקציע האָט זיך אָנגעהויבן בעת אַ שמועס מיט נערו. נערו האָט נישט געקענט גלייבן, אַז זייַן גאַסט ווייסט גאָרנישט וועגן דעם. די דאָזיקע סודותדיקייט איז אָבער געווען אַבסאָלוט נויטווענדיק. אין דער לעצטער וואָך אָדער צוויי פאַרן אָנהייב פון דער אַקציע, אַרבעטנדיק אין אויסערן־מיניסטעריום, אָדער בייַם אייַנאָרדענען זיך אין דער רעזידענץ פון אויסערן־מיניסטער (וווּהין איך בין אַריבער אין זומער), פלעג איך פון צייט צו צייט פילן אַז איך מוז מיט עמעצן רעדן וועגן דעם וואָס דאַרף פאָרקומען, ווי איך האָב געוווּסט, דעם 29טן אָקטאָבער.

נישטאָ קיין שטאַרקער געפיל פון איינזאַמקייט אָדער אַ געפיל וואָס איז ווייניקער נאַטירלעך פאַר אַ מענטש ווי דאָס מוזן האַלטן אַ סוד, וואָס איז בנוגע דעם לעבן פון יעדן איינעם אַרום דיר. און מיר דאַכט זיך אַז מ׳קען עס דערגרייכן נאָר מיט אַ גרויסער, כּמעט איבערמענטשלעכער אָנשטרענגונג. ווו איך בין געגאַנגען און וואָס איך האָב געטאָן, האָב איך אַלץ געטראַכט, אַז אין עטלעכע טעג אַרום וועלן מיר זייַן אין קריג. ס׳איז בייַ מיר נישט געווען קיין ספק אַז מיר וועלן זיגן, אָבער ווי גרויס אונדזער נצחון זאָל נישט זייַן, איז ער פאַרבונדן מיט אַזויפיל ליידן און סכּנות. כ׳פלעג קוקן אויף די יונגע מענטשן

אין אויסערן־מיניסטעריום אָדער אויפֿן ייִנגל וואָס ברענגט מיר די צײַטונגען, צי אויף די בוי־אַרבעטער אין גאַס קעגן איבער מײַן הויז און זיך פֿרעגן, וואָס וועט מיט זיי געשען ווען עס וועט זיך אָנהייבן די מלחמה? דאָס איז כּלל נישט געווען קיין גוט געפֿיל, אָבער קיין אַנדער וועג פּטור צו ווערן פֿון די פֿעדאַיִנער און צווינגען די מיצרים צו פֿאַרשטיין, אַז ישׂראל איז נישט גרייט צו פֿאַרשווינדן פֿון אייגענעם ווילן — איז נישט געווען. דעם לעצטן שבת פֿון יענעם לאַנגן הייסן אָקטאָבער האָב איך פֿאַרבראַכט אין רביבים מיט שׂרהן, זכריהן און זייערע קינדער. שאול איז דעמאָלט אַלט געווען זעקס חדשים. אַ שיין קינד, וואָס איך האָב נישט געזען מסתּמא זינט עס איז געבוירן געוואָרן. אויפֿן וועג צום קיבוץ האָב איך זיך באַמיט נישט צו טראַכטן וועגן דער מלחמה, אָבער דאָס איז געווען אוממעגלעך. אויב עפּעס וועט נישט גיין כּשורה, וועט דאָך דורכן נגבֿ און טאַקע דורך רביבים די מיצרישע אַרמיי זיך עפֿענען אַ וועג צום הארץ פֿון ישׂראל, מיט דער כּוונה אַלץ חרובֿ צו מאַכן און פֿאַרטיליקן. כ׳האָב זיך געשפּילט מיט די קינדער, געזעסן מיט שׂרהן און זכריהן אין שאָטן פֿון די יונגעביימער, מיט וועלכע רביבים האָט אַזוי שטאָלצירט, פֿאַרבראַכט אַן אָוונט מיט זייערע און מײַנע פֿרײַנד און געשמועסט, ווי די ישׂראלים טוען עס שטענדיק, „וועגן דעם מצבֿ", און געמיינט האָט עס שטענדיק די ממשותדיקע סכּנה פֿאַרן עצם קיום פֿון ישׂראל. די גאַנצע צײַט האָב איך געטראַכט: „וועלן מיר טאַקע שטענדיק מוזן לעבן אַזוי אין זאָרגן פֿאַר די קינדער, די אייניקלעך און מלחמה האַלטן, הרגענען און געהרגעט ווערן?" איך האָב זיי אָבער נישט געקענט וואָרענען וואָס עס וואַרט אויף אונדז.

פֿאַר מײַן צוריקקערן זיך קיין ירושלים, איז צו מיר צוגעקומען אַ יונגער בחור. איך האָב אים דערקענט (ער איז געווען פֿון די „אַלטע" אין קיבוץ), אָבער זײַן נאָמען האָב איך נישט געדענקט. ער האָט זיך פֿאַר מיר פֿאַרגעשטעלט, געזאָגט, אַז ער איז פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר דער זיכערקייט אין רביבים און דערציילט אַז ער ווייס אַז עפּעס דאַרף פֿאַרקומען. ער האָט זיך נישט באַנוצט מיטן וואָרט „מאָביליזאַציע", אָבער מיר האָבן זיך אויסגעצייכנט פֿאַרשטאַנען. „איך ווייס, אַז איר קענט מיר גאָרנישט דערציילן" — האָט ער געזאָגט ווי ער וואָלט זיך שטאַרק אַנטשולדיקט — „און אַז איך דאַרף אײַך אַפֿילו נישט פֿרעגן, אָבער צי זאָלן מיר אָנהייבן גראָבן אָקאָפּעס?" איך האָב געקוקט אויפֿן קליינעם קיבוץ וואָס איז געשטאַנען אַזוי אָפֿן און אַזוי גרינג אים צו באַפֿאַלן, אין מיטן נגבֿ; געקוקט אין די ערנסטע אויגן פֿון דעם יונגן מענטש. „ווען איך זאָל זײַן אויף דײַן אָרט, וואָלט איך אפֿשר אָנגעהויבן דאָס צו טאָן" — האָב איך אים געענטפֿערט און בין אַרײַן אין מײַן אויטאָ. דעם גאַנצן וועג, פֿאָרנדיק צוריק קיין ירושלים, האָב איך געזען סימנים פֿון דער מאָביליזאַציע, וואָס מען האָט איבערגעגעבן פֿון מויל צו מויל, דורך טעלעגראַמעס און טעלעפֿאָנען. כּמעט

אויף יעדער אויטאָבוסן־סטאַנציע זענען געשטאַנען מענטשן אין ציווילע קליידער, אין דער ריי, געוואַרט אויף די אויטאָס, וואָס וועלן זיי פירן צו זייערע אָפּ־טיילונגען.

די סיני־אַקציע האָט זיך אָנגעהויבן לויטן פּלאַן, נאָכן זונפאַרגאַנג, דעם 29סטן אָקטאָבער און האָט זיך געענדיקט, לויטן פּלאַן, דעם 5טן נאָוועמבער. אין ווייניקער פון הונדערט שעה האָבן די צה"ל־כּוחות, וועלכע זענען דער עיקר באַשטאַנען פון רעזערוויסטן, אויף אַ משוגענעם מישמאַש פון מיליטערישע און ציווילע אויטאָס איינגענומען דעם גאַנצן עזה־פּאַס און דעם האַלבאינדזל סיני — אַ שטח צוויי און אַ האַלבן מאָל גרעסער ווי ישראל גופא. מיר האָבן זיך געשטיצט אויף דער איבערראַשונג, שנעלקייט און צעטומלעניש אין דער מיצרישער אַרמיי, אָבער ערשט שפּעטער, ווען איך בין געפלויגן זען שאַרם־אַ־שייך אין דרום־עק פון סיני און אַרומגעפאָרן מיט אַן אויטאָ אין עזה־פּאַס, האָב איך באמת פאַרשטאַנען דעם פאַרנעם פון אונדזער נצחון — די גרייס פונעם פוסטן שטח, אויף וועלכן עס זענען אַדורך אין גאַלאָפּ, אין ווייניקער פון זיבן טעג, אונדזערע טאַנקען, פּאַנצער־אויטאָס, פּריוואַטע מאַשינען און טאַקסיס. די מיצרישע מפּלה איז געווען אַ פולשטענדיקע. די פעדאַיִן־נעסטן זענען פאַר־טיליקט געוואָרן. די מיצרישע איינריכטונגען צו באַשיצן סיני — די פעסטונגען און באַטאַליאָנען, פאַרבאַרגן אין מידבר, זענען צעשטערט געוואָרן. הונדערטער טויזנטער כּלי־זיין און מיליאָנען קוילן, בעיקר רוסישע, וואָס זענען צוגעגרייט געוואָרן קעגן אונדז, זענען איצט געלעגן אָן שום ווערט, אַ דריטל פון דער מיצרישער אַרמיי איז צעשמעטערט געוואָרן. פון די דריי הונדערט טויזנט מיצרישע זעלנערס, וועלכע מיר האָבן געפונען וואַנדערן אין די זאַמדן, האָט מען פינף טויזנט גענומען אין געפאַנגענשאַפט, כּדי זיי אָפּצוראַטעווען פון טויט דורך דאָרשט (לסוף האָט מען זיי איינגעטוישט אויפן איינציקן ישראלי, וועלכן די מיצרים האָבן באַוויזן צו נעמען אין געפאַנגענשאַפט). אָבער מיר זענען נישט געגאַנגען קעמפן אין סיני כּדי צו פאַרנעמען שטחים, מלחמה־רויב, צי מענטשן אין געפאַנגענשאַפט. מיר האָבן דערגרייכט דאָס איינציקע וואָס מיר האָבן גע־וואָלט: שלום, אָדער לפּחות אַ צוזאָג אויף שלום אין משך פון עטלעכע יאָר, און אפשר מער. כאָטש אונדזערע אבידות זענען געווען „לייַכטע", האָבן מיר שטאַרק געהאַפט, אַז די 172 געפאַלענע ישראלים (אַרום 800 פאַרוווּנדיקטע) וועלן זייַן די לעצטע מלחמה־קרבנות וואָס מיר וועלן באַוויינען. דאָס מאָל וועלן מיר דורכויס פאָדערן, אַז אונדזערע שכנים זאָלן קומען צו אַן אויסגלייַך מיט אונדז און שלום מאַכן מיט אונדזער עקסיסטענץ.

אָבער געשען איז אַנדערש. כאָטש מיר האָבן געוווּנען אונדזער מלחמה קעגן מצרים, האָבן די פראַנצויזן און ענגלענדער פאַרשפּילט זייער מלחמה — אין אַ באַשטימטער מאָס דורך זייער אומבאַהאָלפנקייט, אָבער דער עיקר מחמת

דער דורכויס נעגאַטיווער עפנטלעכער רעאַקציע, סײַ אין פראַנקרײַך סײַ אין ענגלאַנד, וואָס האָט געזען אין דער סיני־אַקציע אַן אימפּעריאַליסטישן אָנפֿאַל אויף אַ דריטן אומשולדיקן צד. איך האָב שטענדיק געטראַכט, אַז ווען דער ענגליש־פראַנצויזישער אָנגריף אויפֿן סועץ וואָלט געווען אַ שנעלערער און עפֿעק־טיווערער, וואָלט דער שטורעם פֿון פּראָטעסטן אין יענע לענדער זיך אײַנגעשטילט און מען וואָלט אין דעם געזען אַ געשעענעם פֿאַקט. אָבער אין תּוך איז דער בשותּפֿותדיקער אָנפֿאַל זייערער נישט געראָטן און די פראַנצויזן מיט די ענגלענדער האָבן זיך צוריקגעצויגן ווי נאָר די אונאָ, אונטער אַן אינטענסיוון דרוק מצד אַמעריקע און ראַטן־פֿאַרבאַנד, האָט געפֿאָדערט זיי זאָלן אַרויסציִען זייער מיליטער פֿון סועץ־קאַנאַל. די אונאָ האָט אויך געפֿאָדערט אַז ישראל זאָל זיך צוריקציִען פֿון עזה־פּאַס און פֿון האַלבאינדזל סיני.

דאָס איז געווען דער אָנהויב פֿון פֿיר און אַ האַלב האַרצרײַסנדיקע חדשים, אין וועלכע מיר האָבן געפֿירט און פֿאַרלוירן אַ דיפּלאָמאַטישן קאַמף אין דער אונאָ, אַ קאַמף איבערצוצײַגן די פֿעלקער פֿון דער וועלט, אַז אויב מיר וועלן זיך צוריקציִען צו די ליניעס פֿון 1949, וועט אין איין שיינעם טאָג ווידער אויס־ברעכן אַ מלחמה אין נאָענטן מיזרח. אָט די מיליאָנען מענטשן, וואָס האָבן נאָך ביז הײַנט ריכטיק נישט באַנומען די רעאַליטעט פֿון ישראלס קאַמף פֿאַר עקסיס־טענץ און אײַלן זיך אונדז צו באַשולדיקן למאַי מיר זענען נישט „עלאַסטישער“ און ציִען זיך נישט צוריק צו אונדזערע פֿריִערדיקע גרענעצן, נאָך יעדן אַרויפֿ־געצוווּנגענעם קריג, וואָלט געדאַרפֿט גוט באַטראַכטן דעם גאַנג פֿון די געשעענישן זינט 1956 און זיך פֿרעגן: וואָס איז דערגרייכט געוואָרן דערמיט וואָס מיר האָבן דעמאָלט, כאָטש מיט אומווילן, זיך יאָ צוריקגעצויגן פֿון סיני און פֿון עזה־פּאַס? די תּשובֿה איז: נאָך מלחמות, יעדע איינע בלוטיקער און אַ סך טײַערער ווי די סיני־אָפּעראַציע. ווען מ׳וואָלט אונדז געלאָזט פֿאַרבלײַבן דאָרט ווו מיר זענען געווען, ביז די מיצרים וועלן מסכּים זיין אונטערצוהאַנדלען מיט אונדז, וואָלט די געשיכטע פֿון מיטעלן מיזרח אין די לעצטע יאָרן געווען אין גאַנצן אַן אַנדערע. אָבער דער דרוק איז געווען זייער גרויס און לסוף האָבן מיר זיך אונטערגעגעבן. פּרעזידענט אײַזנהאַואָר, וועמען די אייראָפּעיִשע אַלײִרטע זײַנע האָבן גאָרנישט געהאַט אינפֿאָרמירט וועגן זייערע כּוונות, איז געווען שרעקלעך אין כּעס. ער האָט געמאָלדן, אַז אויב ישראל וועט זיך נישט גלײַך צוריקציִען, וועט אַמעריקע שטיצן אין דער אונאָ די פֿאָדערונג אָנצווענדן סאַנקציעס קעגן אונדז.

אָבער דער גרעסטער מקור פֿון דרוק איז געווען דער ראַטן־פֿאַרבאַנד, וואָס האָט צוגעזען מיצרימס גרויסע מפּלה — נישט געקוקט אויף זיין גאַנצער שטיצע — און אין איין וועגס אויך געוואָלט אָפּציִען די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער סאָוועטישער אינוואַזיע אויף אונגאַרן, אויפֿהייבנדיק אַ טומל וועגן דער שרעק־

לעכער אימפּעריאַליסטישער פאַרשווערונג קעגן מצרים און דער עיקר וועגן ישראלס „ווילדער אַגרעסיע". ווען מיר קוקן היינט אויף צוריק, באַקומט זיך נישט דער איינדרוק, אַז די דראָונגען פון סאָוועטישן פּרעמיער, ניקאָלאַי בול־גאַנין, וועגן אַ דירעקטער אינטערווענץ אין מיטעלן מיזרח, וואָלטן דערפירט צו אַ דריטער וועלט־מלחמה, אָבער דעמאָלט האָט מען אַזוי אויסגעטייטשט זיינע בייזע וואָרענונגען. עס האָט אויסגעזען ווי ממש די גאַנצע וועלט איז קעגן אונדז, אָבער איך האָב געטראַכט אַז מיר דאַרפן נישט רעזיגנירן אין אַ קאַמף.

דעצעמבער 1956 בין איך מיט שווערע פאַרגעפילן געפאָרן צו דער אונאָ־זיצונג, אָבער פאַר דער רייזע האָב איך געוואָלט זען מיט מיינע אויגן דעם עזה־פּאַס און סיני. איך בין צופרידן וואָס איך האָב עס געטאָן, ווייל אַנדערש וואָלט איך קיין מאָל נישט פאַרשטאַנען ווי געפערלעך עס איז געווען די לאַגע אין וועלכער מיר האָבן זיך געפונען פאַר דער סיני־אַקציע. כ׳וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן די מיצרישע מיליטערישע אינסטאַלאַציעס אין שאַרם־אַ־שייך, אויפגעבויט קעגן די פאַרשריפטן פון דער אונאָ, בלויז כדי צו בלאָקירן אומגעזעצלעך אונדזער ים־פאַרקער. די געגנט פון שאַרם־אַ־שייך איז אומגלויבלעך שיין. די וואַסערן פון ים־סוף זענען זיכער די בלויסטע און קלאָרסטע אויף דער וועלט, אַרומגענומען מיט בערג אין אַ שלל פון פאַרבן, פון טיפן רויט ביז פּיאַלעט און לילאַ. אויף אַט דעם רויקן און פּראַכטיקן הינטערגרונט, אויף אַ פּוסטן ברעג ביים ים, איז געשטאַנען אַ גראַטעסקע באַטעריע פון ריזיקע ים־האַרמאַטן, וואָס האָט אין משך פון אַזאַ לאַנגער צייט פאַראַליזירט אילת. פאַר מיר איז עס געווען אַ בילד וואָס האָט סימבאַליזירט אַלץ. דערנאָך האָב איך באַזוכט דעם עזה־פּאַס, פון וועלכן עס פלעגן אין משך פון אַזוי פיל חדשים, אַרויסגיין די פעדאַיִנער אויסצופירן זייערע מערדערישע מעשים. אויף אַט דעם שטח האָבן די מיצרים געהאַלטן אַ פערטל מיליאָן מענטשן, מענער פרויען און קינדער (פון זיי קרוב זעכציק פּראָצענט אַראַבישע פּליטים) אין דער גרעסטער אָרעמקייט. מיך האָט אויפגע־שוידערט דאָס וואָס כ׳האָב דאָרט געזען, ווי אויך דער פאַקט וואָס מען האָט די דאָזיקע פאַרוואָרלאָזטע מענטשן געהאַלטן איבער פינף יאָר אין אַזאַ דערני־דעריקן מצב, כדי די אַראַבישע פירערס זאָלן קענען ווייזן די טוריסטן די לאַגערן פון די פּליטים און שלאָגן דערפון פּאָליטישן קאַפּיטאַל. אַט די פּליטים האָט מען געקענט און געדאַרפט באַזעצן אין איינעם פון די אַראַבישע לענדער אין מיטעלן מיזרח, וווּ די שפּראַך, רעליגיע און טראַדיציעס זענען די זעלבע ווי די פון די פּליטים, די אַראַבער וואָלטן געקענט ממשיך זיין זייער מחלוקת מיט אונדז, אָבער די פּליטים, לפחות, וואָלטן זיך באַפרייט פון אַ מצב וואָס האָט געמיינט כמעט הונגער און וואָלטן מער נישט געליטן פון דער שרעקלעכער אימה פאַר זייערע מיצרישע האַרן.

נישט־ווילנדיק האָב איך פאַרגליכן דאָס וואָס איך האָב געזען אין עזה־

פּאַס, מיט דעם וואָס מיר האָבן געטאָן — נישט געקוקט אויף אַלע באַגאַנגענע פֿעלערן — פֿאַר די ייִדן געקומענע אין ישׂראל אין יענע אַכט יאָר, און כ׳מיין אַז דערפֿאַר טאַקע האָב איך מײַן רעדע אויף דער אַלגעמיינער אונאָ־פֿאַרזאַמלונג, דעם 5טן דעצעמבער 1956, אָנגעהויבן נישט מיט דער מלחמה אין וועלכער מיר האָבן געזיגט, נאָר מיט די ייִדישע פּליטים, וועלכע מיר האָבן אײַנגעאָרדנט:

„דאָס פֿאָלק פֿון ישׂראל איז אַוועק אין מידבר, אָדער האָט געשלאָגן וואָרצלען אין די פֿעלדזיקע בערג און דאָרט אויפֿגעבויט נײַע דערפֿער, געפֿלאַסטערט שאָסייען, געבויט הײַזער, שולן און שפּיטאָלן. אין דער זעלבער צײַט האָט מען אַרײַנגעשיקט אין לאַנד אַראַבישע טעראָריסטן צו זייען טויט און חורבן. קומען פֿלעגן זיי פֿון מצרים און ירדן. ישׂראל האָט געגראָבן ברונעמער, געפֿירט וואַסער אין רערן פֿון ווײַטע מרחקים, און מצרים האָט געשיקט פֿעדאַיִנער אויפֿצורײַסן די רערן און ברונעמער. די תּימנער ייִדן האָבן מיטגעבראַכט קראַנקע, אויסגעהונגערטע קינדער, געגלייבט, אַז צוויי פֿון פֿינף וועלן שטאַרבן, אָבער מיר האָבן פֿאַרקלענערט די צאָל ביז איינס אויף פֿינף און צוואַנציק. בעת מיר האָבן געשפּײַזט אָט די קינדער און געהיילט די קראַנקע, זענען געשיקט געוואָרן פֿעדאַיִנער צו וואַרפֿן באָמבעס אויף קינדער אין די שולן און גראַנאַטן אויף קינדער־היימען".

ווײַטער האָב איך באַרירט די באַרימטע „מלחמה־רעכט", דעם פּסולן תּירוץ פֿון „מלחמה־סטאַטוס" קעגן ישׂראל, אַ פֿאַרהאַנג הינטער וועלכן קאַלאָנעל נאַצער האָט געשולט זײַנע פֿעדאַיִנער און געשיקט זיי קעגן אונדז.

„עס איז געמאַכט געוואָרן אַ באַקוועמע חלוקה. די אַראַבישע לענדער געניסן איינזײַטיק פֿון די „מלחמה־רעכט" און ישׂראל טראָגט איינזײַטיק די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַרן אָפּהיטן דעם שלום. אָבער מלחמה איז נישט קיין גאַס מיט אַן איינזײַטיקן פֿאַרקער. איז דען איבערראַשנדיק ווען אַ פֿאָלק, וואָס לעבט אין שאָטן פֿון אַזאַ שרעקלעכן געשפּענסט, איז געוואָרן אומרויִק און האָט געזוכט אַ וועג צו ראַטעווען זײַן עקסיסטענץ פֿון די סכּנות, פֿון אַ מלחמה, וואָס מע פֿירט קעגן אים פֿון אַלע זײַטן"?

אָבער דער עיקר פֿון יענער רעדע איז נישט געווען אַרויסצושטעלן די באַקאַנטע באַשולדיקונגען — ווי גערעכט זיי זאָלן נישט זײַן — און אויך נישט פּרוּוון באַקענען די אַזוי גערופֿענע פֿאַראייניקטע פֿעלקער מיטן הינטערגרונט פֿון דער סיני־אַקציע. דער עיקר איז אַפֿילו נישט געווען צו דערמאָנען די מיצרישע פּלענער, אויסגעאַרבעט ביז דער קלענסטער איינצלהייט, ווי צו פֿאַרטיליקן ישׂראל, פּלענער, וואָס זענען אונדז געווען גוט באַקאַנט. געווען איז אַן אַנדער ענין, אַ סך אַ וויכטיקערער: פּרוּוון נאָך אַמאָל און עפֿנטלעך באַנעמען דעם קוואַל פֿון שׂינאה וואָס די אַראַבישע פֿירערס האָבן געפֿילט קעגן ישׂראל און ברענגען

עטלעכע ממשותדיקע פאָרשלאָגן וועגן אַ מעגלעכן שלום. איך וויל דאָ אונטער־שטרײַכן דעם פאַקט, אַז די דאָזיקע רעדע האָב איך געהאַלטן סוף 1956, מיט צוואַנציק יאָר צוריק. אויב מען געדענקט זי, איז אַ באַשטימטער מאָס, איז עס נאָר דערפאַר ווייל מיר האָבן זינט דעמאָלט איבערגעחזרט די זעלבע רייד און מיטן זעלבן דערפאָלג ווי אין 1956!

„די הויפּטפּראָבלעם אין דער גאַנצער סיטואַציע איז די סיסטעמאַטיש אָרגאַניזירטע אַראַבישע שינאה קעגן ישראל. אָט די אַראַבישע שינאה איז נישט קיין נאַטור־דערשײַנונג. מען האָדעוועט זי אויף אַ קינסטלעכן אופן. נישט ישראל איז דער אינסטרומענט פון קאָלאָניאַליזם, ווי מען האָט דאָ געטענהט. שולדיק איז דער ישראל־אַראַבישער קאָנפליקט, וואָס האָט אַרײַנגעבראַכט פרעמדע כּוחות אין דער געגנט און דערמעגלעכט אַ געפערלעכע קאָנקורענץ צווישן זיי. נאָר ווען דער סכסוך וועט ליקווי־דירט ווערן, וועלן די אײַנוווינערס פון דער געגנט קענען אַליין שמידן זייער גורל מיט דער האָפענונג אַז אַלע וועלן קאָנען לעבן אין גלייכהייט און פּראָגרעס. אויב די אַראַבער וועלן רעזיגנירן פון דער שינאה ווי אַ פּרינציפּ פון זייער פּאָליטיק, וועט אַלץ זײַן מעגלעך.

ווידער און ווידער האָט ישראל אויסגעשטרעקט די האַנט פאַר שלום צו אירע שכנים, אָבער אומזיסט; אויף דער נײַנטער אַלגעמיינער אונאָ־פאַרזאַמלונג האָט דער ישראל־פאַרשטייער פאָרגעשלאָגן, אַז אויב די אַראַבישע לענדער זענען נאָך נישט גרייט צו אַ שלום, וואָלט געווען נוצלעך ווי אַ פּרעלימינאַרע אָדער דורכגאַנג־פּאַזע, צו שליסן אָפּמאַכן, וואָס זאָלן פאַרפליכטן די צדדים צו אַ נישט־אַגרעסיווער פּאָליטיק, וואָס זאָל לייזן סכסוכים מיט פרידלעכע מיטלען. די אַראַבער האָבן עס פול־שטענדיק אָפּגעוואָרפן. אונדזער גרייטקייט צו באַגעגענען זיך מיט די פאָרשטייערס פון אַלע אַראַבישע לענדער אָדער פון אַ טייל פון זיי, איז נאָך אַלץ גילטיק. מיר האָבן קיין מאָל נישט געהערט פון יענער זײַט גרענעץ קיין אָפּהילך אויף אונדזער שלום־רוף.

די אידעע פון פאַרטיליקן ישראל איז אַ ירושה פון היטלערס מלחמה קעגן יידישן פאָלק און ס׳איז נישט קיין צופאַל, וואָס נאַצערס סאָלדאַטן האָבן אין זייערע רוקזעק געטראָגן אַן אַראַבישע איבערזעצונג פון היטלערס „מײַן קאַמף״. אָבער די וואָס זאָרגן מיט אמתער אויפריכטיקייט פאַר דער פרײַהייט און שלום אויף דער וועלט, וואָלטן, לויט מײַן מיינונג, געווען גליקלעכער ווען מ׳גיט די מענטשן אַ נאָבעלערע ליטעראַטור זיי מדריך צו זיין. דאָך זענען מיר איבערצײַגט, אַז די דאָזיקע געפערלעכע זוימען האָבן נאָך נישט באַוויזן צו פאַרדאַרבן די אַראַבישע פעלקער. די אַראַבישע פּאָליטישע פירערס מוזן מאַכן אַ סוף צו אָט דער פאַטאַלער שפּיל, טאָקע

צוליב די אינטערעסן פון זייערע אייגענע פעלקער.
וואָס דאַרף איצט געטאָן ווערן? זאָלן מיר זיך אומקערן צו אַ מצב פון פײַער־איבעררײַס, אין וועלכן ס׳איז געווען אַלץ אַחוץ שלום און די מיצרים האָבן זיך צו אים באַצויגן מיט ביטול און שפּאָט? וועט דער מידבר סיני ווידער ווימלען מיט פעדאַיִן־נעסטן און זײַן די אַרענע פאַר אַגרע־סיווע אַרמייען, וואָס גרייטן זייער אַנגריף? מוז די טראַגעדיע זיך איבער־חזרן אין דעם פּולווער־פאַס פון מיטעלן מיזרח? דער שלום אין אונדזער געגענט און אפשר נישט נאָר אין אונדזערער, איז אָפּהענגיק פון די תשובות, וואָס וועלן געגעבן ווערן אויף אָט די פראַגעס".

אפשר, האָב איך געטראַכט, וועט איצט די אַלגעמיינע אונאָ־פאַרזאַמלונג אָנהייבן טראַכטן וועגן דער צוקונפט „מיט דער זעלבער ענערגיע און עקשנות", מיט וועלכער זי פאָדערט פון אונדז אַרויסצוציִען אונדזער מיליטער און ווידער איבערלאָזן די גרענעץ „אָפן פאַר די פעדאַיִנער, אָבער פאַרשלאָסן פאַר ישראל־דיקע זעלנערס"? אַוודאי — דער שלום איז געווען נישט נאָר נייטיק, נאָר אויך מעגלעך. עטלעכע טעג פאַר מײַן רעדן האָב איך געהערט דעם פאַרשטייער פון מצרים, וועלכער האָט גערעדט פון דער זעלבער טריבונע; כאָטש זײַן רעדע איז נישט געווען באַזונדערס אָריגינעל, האָט זי — כדי צו מאַכן דעם אײַנדרוק אַז עפּעס האָט זיך געביטן — נישט געקלונגען ווי אַ מלחמה־דראָונג. בעת איך האָב זיך צוגעהערט, האָט איך געזען פאַר זיך אַ רגע דאָס בילד פון מיטעלן מיזרח, ווי ער וואָלט געקענט זײַן, ווען עס וואָלטן פונאַנדערגעפאַלן די מחיצות (וועלכע זענען פאַקטיש פאַרוואַנדלט געוואָרן אין באַריקאַדן) צווישן די אַראַבער און אונדז. ווען עס איז געקומען מײַן ריי צו רעדן האָב איך געטראַכט, אַז עס וואָלט גאָרנישט אַזוי שלעכט געווען איך זאָל איבערחזרן זײַנע רייד:

„צו גלײַך מיטן רוב פעלקער אויף דער וועלט טענהט מצרים — און וועט ווײַטער טענהן — אַז מענטשן קענען און דאַרפן, פאַר זייער אייגע־נער טובה וועגן, גײַסטיק און מאַטעריעל, לעבן צוזאַמען אין גלײַכהייט, פרײַהייט און ברידערלעכקייט; און מיט דער הילף פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט און די קאָלאָסאַלע מעגלעכקייטן וואָס זי שטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון מענטש, זענען פעלקער, באַגײַסטערטע פון פרײַהייט און גלויבן, אין שטאַנד צו פירן אַ לעבן, וואָס זאָל זײַן פּראָדוקטיווער און בכּבֿודיקער".

איך האָב געבעטן אַ קאָפּיע פון יענער רעדע און האָב אויפן קול געלייענט די דאָזיקע שורות פאַר דער אונאָ־פאַרזאַמלונג און ממשיך געווען:

„מיט אָט די רייד זענען מיר איינשטימיק מיטן גאַנצן האַרצן. מיר זענען גרייט זיי צו פאַרוואַנדלען אין אַ ווירקלעכקייט. די לענדער פון מיטעלן מיזרח ווערן מיט רעכט פאַררעכנט צווישן די „צוריקגעשטאַנענע": דער

לעבנס־ניוואָ, קראַנקייטן, אַנאַלפאַבעטיזם פון די פֿאָלקסמאַסן, דער נישט אַנטוויקלטער באָדן, דער מדבר און די זומפּן — זײ נייטיקן זיך אין מוחות, הענט, פינאַנציעלע מיטלען און טעכנישע פֿעיִקייטן. קענען מיר זיך דען פֿאָרשטעלן וואָס עס וואָלט באַטײַט אַ שלום־צושטאַנד צווישן ישראל און זײַנע שכנים אין משך פון די אַכט יאָר וואָס זענען אַריבער פֿאַר אונדז אַלע? וועלן מיר קענען איבערזעצן די שפּראַך פון מלחמה־עראָפּלאַנען אויף דער שפּראַך פון באַוואַסערונג־רערן און טראַקטאָרן פֿאַר די אײַנ־וווינערס אין די דאָזיקע לענדער? קענען מיר אין דמיון פֿאָרוואַנדלען האַרמאַטן־פּאָזיציעס אין שולן און שפּיטאָלן? זיכער וואָלט מען געקענט ניצן פֿאַר אַ סך קאָנסטרוקטיווערע צוועקן די הונדערטער מיליאָנען דאָלאַרן, וואָס מען האָט אויסגעגעבן אויף באַוואָפֿענונג. לאָמיר פֿאַרבײַטן די סטערילע שינאה און צעשטערונג־לײַדנשאַפֿט אויף צוזאַמענאַרבעט צווישן ישראל און זײַנע שכנים און ס'וועט אויפקומען לעבן, גליק און האָפֿענונג פֿאַר אַלע".

אָבער ווען איך האָב זיך אומגעקערט אויף מײַן פּלאַץ, האָב איך געזען אַז אין גאַנצן ריזיקן זאַל האָט קיינער נישט אָנטייל גענומען אין דער דאָזיקער קורצער וויזיע מײַנער וועגן דער צוקונפֿט. איך געדענק ווי איבערראַשט איך בין געווען, ווען אַ פֿאַרשטייער, וואָס איז געזעסן ערגעץ הינטער מיר, האָט מיר אַפּלאָדירט ווען איך האָב זיך געזעצט אויף מײַן שטול. די שטולן אין דער אונאָ זענען אויסגעשטעלט לויטן אַלף־בית. אויף דער ערשטער זיצונג פון יעדער סעסיע וואַרפֿט מען גורל וועלכעס לאַנד זאָל זײַן דאָס ערשטע און דערנאָך זעצט מען אַוועק אַלע אַנדערע לויטן אַלף־בית. אויף יענער סעסיע איז האָלאַנד פּונקט געזעסן הינטער אונדז. מיט אַן אויסדרוק פון גרויס דאַנקבאַרקייט האָב איך געשאָקלט מיטן קאָפּ צום האָלענדישן דעלעגאַט — איינער פון די ווייניקע, וואָס האָבן נישט געשטימט קעגן אונדז — איך בין אָבער נאָך אַלץ געזעסן מיט אַ געפֿיל פון גרויסער פּוסטקייט און פולשטענדיקן אומגלויבן. איך האָב געזען פֿאַר די פֿאַראייניקטע נאַציעס און לויטן אויסדרוק אויף די פּנימער פון דעם רוב דעלעגאַטן האָט מען געקענט מיינען, אַז איך האָב געפּאָדערט די לבנה, כאָטש אין תּוך האָב איך בסך־הכּל פֿאַרגעשלאָגן — ווי אַלע יאָרן אין דער אונאָ — אַז די אַראַבער, וועלכע זענען אויך מיטגלידער אין דער אונאָ, זאָלן אָנערקענען אונדזער עקסיסטענץ און צוזאַמענאַרבעטן מיט אונדז פֿאַרן שלום.

דער פֿאַקט, וואָס קיינער האָט זיך נישט אָנגעכאַפּט אין דער געלעגנהייט צו זאָגן: „גוט, לאָמיר רעדן, לאָמיר וועגן דעם אַלעם דעבאַטירן. לאָמיר מאַכן אַן אָנשטרענג און געפֿינען אַ לייזונג" — אָט דער פֿאַקט איז פֿאַר מיר געווען ווי אַ פיזישער קלאַפּ, כאָטש עס זענען מיר נישט פֿאַרבליבן קיין סך אילוזיעס לגבי דעם משפּחה־כאַראַקטער פון אָט דער פעלקער־משפּחה. בכל־אופן האָב איך זיך פֿאַרגענומען אַז וואָס עס זאָל נישט געשען, איידער די סעסיע וועט

זיך ענדיקן, וועל איך ווידער פּרוּוון דערגיין צו די אַראַבער, אַפּעלירן צו זייַ פערזענלעך, ווי אַ מענטש צו אַ מענטש, ווייַל מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אויב ס׳וועט באַלד נישט עפּעס געטאָן ווערן, וועט די צוקונפט ווייַטער זייַן אַ טרויעריקע.

דאָס זענען געווען שרעקלעכע חדשים. די גאַנצע צייט האָט זיך געצויגן אונדזער בהדרגהדיק אַרויסגיין פון עזה־פּאַס און פון סיני. אָבער מען האָט גאָרנישט נישט געזאָגט און גאָרנישט נישט געטאָן אויפצוצווינגען אויף די מצרים, זיי זאָלן מיט אונדז פאַרהאַנדלען, גאַראַנטירן אַראָפּצונעמען די בלאָקאַדע ביי די טיראַן־דורכגענג, אָדער לייזן די פּראָבלעם פון עזה־פּאַס. די פיר פּראַגעס, וואָס מיר האָבן געבראַכט אין נאָוועמבער 1956, זענען נאָך געווען אָן אַן ענטפער אין פעברואַר 1957. איך האָב נאָך אַלץ נישט געקענט קלאָר מאַכן די אַמעריקאַנער, און ווייניקער פון אַלע דעם אַמעריקאַנער אויסערן־מיניסטער, דעם גרויען, קאַלטן, דזשאָן פאָסטער דאַלעס, אַז אונדזער לעבן איז פּאַקטיש אָפּהענגיק פון געהעריקע ממשותדיקע גאַראַנטיעס „מיט ציין" און אַז מיר וועלן זיך נישט קענען צוריק־קערן צו דעם מצב וואָס האָט עקסיסטירט פאַר דער סיני־אַקציע. עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן — קיין איינער פון די אַרגומענטן, קיין איינע פון די ווענ־דונגען, קיין שום לאָגיק, אַפילו נישט די אַראַטאָרישע פעיִקייט פון אַבאַ אבן, אונדזער אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן. מיר האָבן פּשוט נישט גערעדט די זעלבע שפּראַך און אויך נישט געהאַט די זעלבע פּריאָריטעטן. דאַלעס איז געווען באַהערשט פון זייַן פּחד פאַר אַ וועלט־מלחמה, און ער האָט מיר געזאָגט, נישט איין מאָל און געגנוג דייַטלעך, אַז אויב עס וועט אויסברעכן אַ מלחמה, וועט ישראל זייַן פאַר איר פאַראַנטוואָרטלעך, ווייַל מיר זענען אַזוי „אומשכלדיק".

אַ סך מאָל אין יענער צייַט האָב איך געוואָלט אַנטלויפן צוריק קיין ישראל און זאָל אַ צווייטער האַמערן אויף דאַלעסן און הענרי קאַבאָט לאָדזש, דעם הויפּט פון דער אַמעריקאַנער דעלעגאַציע אין דער אונאָ. כ׳בין געווען גרייט אַלץ צו טאָן אַבי נישט דאַרפן דורכמאַכן נאָך אַ ריי געשפּרעכן, וואָס שעפּן אויס די כוחות און ענדיקן זיך כמעט שטענדיק מיט באַשולדיקונגען. כ׳ביז אָבער פאַר־בליבן אויף מייַן אָרט, געפּרוּווט אַראָפּשלינגען מייַן ביטערניש און דאָס געפיל אַז מען האָט מיך פאַרראָטן. סוף פעברואַר זענען מיר דערגאַנגען צו אַ מין פּשרה. אונדזערע לעצטע זעלנערס האָבן פאַרלאָזט דעם עזה־פּאַס און שאַרם־אַ־שייך, ווייַל די „השערה" איז געווען, אַז די פאַראייניקטע נאַציעס וועלן גאַראַנטירן די רעכט פון פרייַען דורכגאַנג פאַר ישראלדיקע שיפן אין טיראַן און אַז מען וועט נישט דערלויבן מיצרישע זעלנערס צוריק אַרייַנמאַרשירן אין עזה־פּאַס. דאָס איז נישט געווען קיין סך און אוודאי נישט צוליב דעם האָבן מיר געפירט מלחמה, אָבער דאָס איז געווען דאָס בעסטע וואָס מיר האָבן געקענט דערגרייכן — און געווען איז עס בעסער ווי גאָרנישט.

דעם 3טן מערץ 1957, נאָך דעם ווי דאַלעס האָט זי אין וואַשינגטאָן דורכ־

געקוקט ביז דער לעצטער קאָמע און באַשטעטיקט, האָב איך אָפּגעגעבן אונדזער ענדגילטיקע דערקלערונג:

„די ישראל־רעגירונג קען איצט מעלדן וועגן אירע פּלענער פאַר אַ פול־שטענדיקן און באַלדיקן צוריקטריט פון שאַרם־אַ־שייך־ראַיאָן און עזה־פּאַס. אויספירנדיק דעם באַשלוס נומער 1 פון צווייטן פעברואַר 1957, איז אונדזער איינציקער ציל געווען, אַז מיטן צוריקטריט פון די ישראל־כּוחות, זאָלן פאַרזיכערט ווערן דער פרייַער שיף־פאַרקער און דער אינ־טערנאַציאָנאַלער פאַרקער אין עקבה־גאָלף און אין טיראַן־דורכגאַנג".

און דערנאָך האָב איך געזאָגט: אַזוי ווי כ'האָב זיך געהאַט פּירגענומען:

„זאָל מיר איצט דערלויבט זייַן צוצוגעבן עטלעכע ווערטער פאַר די לענדער אין ראַיאָן פון מיטעלן מיזרח און באַזונדערס פאַר די שכנים פון ישראל: צי וועלן מיר פון איצט אָן קענען עפענען אַ נייַ בלאַט און אַנשטאָט פירן מלחמה צווישן אונדז, אין איינעם באַקעמפן קראַנקייטן, אָרעמקייט און אַנאַלפאַבעטיזם? צי קענען מיר, צי וועלן מיר קענען צונויפנעמען אַלע אונדזערע אָנשטרענגונגען, אונדזער גאַנצע ענערגיע פאַר איין־און־איינציקן ציל — פאַר דער פאַרבעסערונג, פאַרן פּראָגרעס און פאַר דער אַנטוויקלונג פון אונדזערע לענדער און פעלקער?"

איך האָב זיך נאָר וואָס אומגעקערט אויף מייַן פּלאַץ, איז אויפגעשטאַנען הענרי קאַבאָט לאָדזש. צו מייַן גרויסער פאַרווּנדערונג האָב איך אים געהערט פאַרזיכערן די אונאָ, אַז עס וועלן טאָקע אָפּגעהיט ווערן די רעכט פון פרייען דורכגאַנג אין טיראַן, אָבער די צוקונפט פונעם עזה־פּאַס וועט באַשטימט ווערן אין די ראַמען פון די וואָפן־שטילשטאַנד־אָפּמאַכן. אפשר האָט נישט איטלעכער וואָס איז דאָרטן געווען פאַרשטאַנען, וואָס קאַבאָט לאָדזש האָט געזאָגט, אָבער מיר האָבן זייער גוט פאַרשטאַנען. דאָס אַמעריקאַנער אויסערן־מיניסטעריום האָט געוווּנען דעם קאַמף קעגן אונדז און די מיצרישע מיליטערישע מאַכט, מיט איר גאַרניזאָן, וועט זיך צוריקקערן קיין עזה. איך האָב גאַרנישט געקענט טאָן און גאַרנישט געקענט זאָגן. כ'בין געזעסן אויף מייַן פּלאַץ, געביסן די ליפּן און נישט געקענט אַפילו קוקן אויף דעם שיינעם מיסטער קאַבאָט לאָדזש, וואָס באַרויִקט אַלע וואָס האָבן מורא געהאַט, טאָמער וועלן מיר נישט מסכּים זייַן זיך צוריקצוציען אָן שום באַדינג. דאָס איז נישט געווען די שענסטע רגע אין מיין לעבן.

אָבער מען האָט געמוזט זען די רעאַליטעט ווי זי איז. מיר האָבן דאָך נישט אַלץ פאַרלוירן. דערווייַל האָט זיך פאַרענדיקט דער טעראָר פון די פעדאַיִנער; עס איז אָפּגעהיט געוואָרן דער פּרינציפּ פון פרייַער נאַוויגאַציע אין טיראַן־דורכגאַנג. די אויסנאַם־כּוחות פון דער אונאָ זענען אַרייַן אין עזה און אין ראַיאָן פון שאַרם־אַ־שייך און מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אַ נצחון, וואָס האָט געמאַכט

מיליטערישע געשיכטע און ווידער באַוויזן אַז ווען ס'איז נייטיק, זענען מיר פעיִק אַליין זיך צו פאַרטיידיקן.

איך בין צוריקגעקומען אין דער אונאָ אין אָקטאָבער דעם זעלבן יאָר און ווידער געפּרוּווט ברעכן די צען־יאָריקע פאַרגליווערונג, וואָס האָט געהערשט צווישן אונדז און די אַראַבישע לענדער. איך האָב צו זיי גערעדט מיט דער גאַנצער איבערצײַגונג, אַז עס איז געקומען די צײַט דירעקט צו פאַרהאַנדלען אײנער מיטן אַנדערן, און איך האָב גערעדט פרײַ, אָן אַ געשריבענעם טעקסט.

„ישראל דערנענטערט זיך צו איר יאָרצענדליק. איר האָט נישט געוואָלט זי זאָל געבוירן ווערן. איר האָט געקעמפט קעגן דעם אונאָ־באַשלוס. דערנאָך האָט איר אונדז אַטאַקירט מיט מיליטערישע כּוחות. מיר זענען אַלע געווען עדות פונעם טרויער, חורבן, בלוט־פאַרגיסונג און טרערן. דאָך עקסיסטירט ישראל, וואַקסט, אַנטוויקלט זיך און גייט פאָרויס... מיר זענען אַן אַלט, פאַרעקשנט פאָלק און, ווי אונדזער געשיכטע האָט עס באַוויזן, איז נישט לײַכט אונדז אומצוברענגען. פונקט ווי איר — אַראַבישע פעלקער — האָבן מיר צוריקגעוווּנען אונדזער נאַציאָנאַלע אומאָפּהענגיקייט און פונקט ווי דאָס געשעעט מיט אײַך, וועט קיין שום כּוח אויף דער וועלט אונדז נישט באַוועגן מוותּר צו זיין אויף איר. מיר וועלן זיך פון דאַנען נישט רירן. די געשיכטע האָט גוזר געווען, אַז דער מיטעלער מיזרח זאָל באַשטיין פון אַן אומאָפּהענגיק ישראל און פון אומאָפּהענגיקע אַראַבישע לענדער. אָט דער גזר־דין וועט קיין מאָל נישט געענדערט ווערן.

אין אַנבליק פון אָט די פאַקטן, וואָס פאַר אַ זינען האָט אַ פּאָליטיק באַזירט אויף דער פאַנטאַזיע, אַז ישראל איז דאָ נישטאָ אָדער וועט ווי עס איז פאַרשווינדן? וואָלט דען נישט געווען בעסער פאַר אַלע צו בויען די צוקונפט פון מיטעלן מיזרח באַזירט אויף קאָאָפּעראַציע? ישראל וועט עקסיסטירן און גיין פאָרויס אפילו אָן שלום, אָבער אַוודאי וואָלט אַ צוקונפט, וואָס וועט געניסן פון שלום, געווען בעסער סײַ פאַר ישראל, סײַ פאַר אירע שכנים. די אַראַבישע וועלט, מיט אירע צען אומאָפּהענגיקע לענדער און אירע 7,5 מיליאָן קוואַדראַט־קילאָמעטער, קען זיך אַוודאי פאַרגינען אַ פרידלעכע צוזאַמענאַרבעט מיט ישראל. האָט דען די שינאה צו ישראל און דער ווילן זי צו פאַרטיליקן גליקלעכער געמאַכט כאָטש איין קינד אין אײַערע לענדער, פאַרוואַנדלט איין אָרעם בײַדל אין אַ הויז? בליט דען קולטור אויף אַ באָדן פון שינאה? מיר האָבן נישט דעם מינדסטן ספק, אַז עס וועט קומען אַ טאָג, ווען שלום און צוזאַמענאַרבעט וועלן הערשן צווישן אונדז. דאָס איז אַ היסטאָרישע נויטווענדיקייט פאַר בײדע פעלקער. מיר זענען גרייט; מיר זענען להוט איצט דאָס צו פאַרווירקלעכן...״

איך האָב זיך געקענט אײַנשפּאָרן מײַנע רייד. אונדזערע ווייניקע פרײַנד האָבן העפלעך אַפּלאָדירט, אפשר מיט ענטוזיאַזם, אָבער די אַראַבער האָבן אַפּילו נישט אויפגעהויבן די אויגן.

אין דער צײַט ווען איך בין געווען אויסערן־מיניסטער האָב איך אָפט באַזוכט די אונאָ. איך בין דאָרט געווען לפּחות איין מאָל אין יאָר, ווי דער הויפּט פון דער ישׂראל־דעלעגאַציע צו דער גענעראַל־פֿאַרזאַמלונג. און איטלעכס מאָל האָב איך געפּרוּווט אָנבינדן אַ קאָנטאַקט מיט די אַראַבער — אָבער צו מײַן באַדויערן קיין מאָל נישט מצליח געווען. איך געדענק, ווי איין מאָל אין 1957, האָב איך דאָרט פון דער ווײַטנס געזען נאַצערן. איך האָב געטראַכט, וואָס וואָלט געשען, ווען איך גיי פּשוט צו אים צו און הייב אָן רעדן. ער איז אָבער געווען אַרומ־גערינגלט פון זײַנע שומרי־ראש, און איך פון מײַנע; עס איז געווען קלאָר, אַז דאָס וועט נישט געראָטן. אָבער טיטאָ איז געווען אויף דער זעלבער סעסיע און איך האָב געטראַכט, אַז אפשר וואָלט איך געקענט רעדן מיט אים און ער זאָל עפּעס אײַנאָרדענען. האָב איך געבעטן עמעצן פון אונדזער דעלעגאַציע, ער זאָל רעדן מיט איינעם פון דער יוגאָסלאַווישער דעלעגאַציע און פּרוּוון אײַנאָר־דענען אַ צוזאַמענטרעף צווישן טיטאָ און מיר. איך האָב געוואַרט, געוואַרט און געוואַרט. כ׳האָב אַפילו אָפּגעלייגט מײַן צוריקפאָרן קיין ישׂראל. אָבער קיין תשובה איז נישט געקומען. ערשט אַ טאָג נאָך מײַן פאַרלאָזן ניו־יאָרק האָבן מיר באַקומען אַן ענטפער: טיטאָ איז מסכּים צו באַגעגענען זיך מיט מיר אין ניו־יאָרק. אָבער איך בין שוין געווען צוריק אין דער היים. מיר האָבן ווידער געפּרוּווט און ווידער איז געווען אַ שטילשווײַגן.

עס איז נישט געווען קיין איין פאַרמיטלער, וואָס איך האָב, אין יענער צײַט, זיך צו אים נישט געוואָנדן. אויף איינער פון די סעסיעס האָב איך זיך זייער באַפרײַנדט מיט דער פרוי פונעם צײַטווײַליקן שעף פון דער פּאַקיסטאַנער דעלעגאַציע, וואָס איז געווען אַמבאַסאַדאָר אין לאָנדאָן. איין מאָל איז זי צוגע־קומען צו מיר, פון איר אייגענער איניציאַטיוו און געזאָגט: „פרוי מאיר, אויב מיר, פרויען, זענען אַקטיוו אין דער פּאָליטיק, מוזן מיר פּרוּוון מאַכן שלום״. אויף דעם האָב איך דאָך טאַקע געוואַרט. האָב איך איר געענטפערט: „דער־לויבט מיר אײַך עפּעס צו זאָגן. לאָמיר דערווײַל לאָזן דעם שלום. פאַרבעט צו אײַך אַהיים עטלעכע אַראַבישע פאַרשטייערס און אויך מיך. איך גיב אײַך מײַן ערנוואָרט, אַז ווי לאַנג די אַראַבער וועלן נישט וועלן עס זאָל זיך עמעץ דערוויסן וועגן אונדזער צוזאַמענטרעף, וועט דאָס קיינער נישט וויסן. איך וויל זיך נישט באַגעגענען מיט זיי, כּדי צו פאַרהאַנדלען וועגן שלום, נאָר פּשוט צו שמועסן, זיצן צוזאַמען אין איין צימער״. זי האָט געזאָגט: „דאָס איז אויסגעצייכנט, איך וועל עס טאָן. איך וועל גלײַך אָנהייבן אָרגאַניזירן דעם ענין״. האָב איך געוואַרט און געוואַרט, אָבער קיין שום זאַך האָט נישט פּאַסירט. איין מאָל האָב איך זי

פֿאַרבעטן צו טרינקען מיט מיר אַ קאַווע אין דעלעגאַטן־זאַל. בעת מיר זענען דאָרט געזעסן, איז אַרײַן דער איראַקישער אויסערן־מיניסטער (דאָס איז געווען דער דזשענטלמען, װעלכער האָט אַ מאָל פֿון דער אונאָ־טריבונע אָנגעװיזן אױף מיר און געזאָגט: „פּרוי מאיר, קער זיך אום צוריק קײן מילוואָקי — דאָרט איז דײַן פּלאַץ״). זי איז בלײַך געװאָרן. „גאָט, מײַן גאָט״ — האָט זי געזאָגט — „ער װעט זען, אַז איך רעד מיט אײַך״. זי האָט זיך אויפֿגעשטעלט אַ דערשראָקענע און איז אַוועק. מיט דעם האָט זיך דער ענין געענדיקט.

אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען, אַפֿילו אויף די צופּעליקע באַגעגענישן בײַ דיפּ־לאָמאַטישע מיטאָגן. יעדער דעלעגאַציע־שעף האָט גיך פֿאַרשטאַנען, אַז אויב ער וויל די אַראַבער זאָלן קומען, טאָר ער אונדז נישט פֿאַרבעטן. געווען אײנער אַן אויסערן־מיניסטער, אַ נײַער אין די ענינים, וואָס האָט אײַנגעלאַדן אי די אַראַבער, אי די ישראלים. ער האָט אַפֿילו אַוועקגעזעצט בײַם טיש, וואָס אַנטקעגן מיר, אַן איראַקישן דעלעגאַט. דער אַראַבער האָט זיך אַוועקגעזעצט, אָנגעהויבן צו עסן זײַן געררײכערטן לאַקס, אָבער ווען ער האָט מיך דערזען, האָט ער זיך אויפֿגעשטעלט און איז אַוועק. פֿאַרשטײט זיך, אַז צו די גרויסע אויפֿנאַמעס אָדער קאַקטײלס פֿאַר הונדערטער מענטשן האָט דער גאַסטגעבער געקענט פֿאַרבעטן אַראַבער און ישראלים, אָבער אויף אַ מיטאָג — קײן מאָל נישט! ווען אַן אַראַבישער פֿאַרשטײער האָט באַמערקט אײנעם פֿון די ישראלים, האָט ער זיך גלײַך אויפֿגעשטעלט און איז אַרויס פֿון צימער; מיר האָבן אין דאָזיקן ענין גאָרנישט געקענט טאָן.

עס זענען אָבער אויך געווען פֿרײלעכערע מאָמענטן אין יענע יאָרן, און באַגעגענישן וואָס זענען ווערט צום געדענקען. כ׳מײן, אַז די צום מײנסטן אינטע־רעסאַנטע צום געדענקען זענען געווען די באַגעגענישן מיט דזשאָן פֿ. קענעדי, לינדאָן דזשאָנסאָן און שאַרל דע גאָל. קענעדין האָב איך באַגעגנט צוויי מאָל. דאָס ערשטע מאָל גלײַך נאָך דער סיני־אַקציע, ווען ער איז געווען סענאַטאָר פֿון מאַסאַטשוסעטס. די ציוניסטן אין באָסטאָן האָבן אָרגאַניזירט אַ ריזיקע דעמאָנ־סטראַציע און אַ גאַלאַ־אָוונט פֿאַר ישראל און עס האָבן אָנטײל גענומען אין דעם דער גאַנצער קאָנסולאַרער פּערסאָנאַל, צוויי סענאַטאָרן און דער אויסערן־מיניסטער פֿון ישראל. מען האָט מיך אַוועקגעזעצט נעבן קענעדי, וועלכער איז געווען אײנער פֿון די רעדנערס. כ׳געדענק, אַז ער האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן רושם מיט זײַן יוגנטלעכקײט און מיט דער שײנער רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן. ער איז נישט געווען פֿון די מענטשן מיט וועלכע עס איז לײַכט צו רעדן. איך האָב געהאַט דאָס געפֿיל, אַז ער איז זײער שעמעוודיק; מיר האָבן גערעדט נאָר געצײלטע ווערטער. דאָס צווײטע מאָל האָב איך אים באַגעגנט אַ קורצע צײַט אײדער ער איז דערהרגעט געוואָרן. איך בין געפֿאָרן קײן פֿלאָרידאַ, ווו ער איז געווען אויף וואַקאַציע און מיר האָבן אַ לאַנגע צײַט געשמועסט,

נישט פאָרמעל. מיר זענען געזעסן אויף דער טעראַסע פונעם גרויסן הויז, אין וועלכן ער האָט געוווינט. אַט זע איך אים אויף זײַן ווינשטול, אָן אַ קראַוואַט, מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל, ווי ער הערט זיך צו מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט צו מײַן אויפקלערונג פאַר וואָס דאָס געוועזן פון אַמעריקע איז פאַר אונדז אַזוי לעבנס־וויכטיק. ער האָט אויסגעזען אַזוי שיין און אַזוי יונג, אַז עס איז מיר געווען שווער צו גלייבן אַז איך רעד מיטן פּרעזידענט פון אַמעריקע — ער האָט אוודאי אויך נישט געטראַכט, אַז איך זע אויס ווי אַן אויסערן־מיניסטער. עס זענען געווען נאָך צוויי, אָדער דרײַ מענטשן, צווישן זיי „מײַק" פעלדמאַן, איינער פון זײַנע „רעכטע הענט", אָבער זיי האָבן זיך נישט באַטייליקט אינעם שמועס.

צוערשט האָב איך אַנגעוויזן ווי עס זעט אויס די לאַגע אין מיטעלן מיזרח. פּלוצעם איז מיר געקומען אויפן געדאַנק, אַז אָט דער יונגער פעיִקער מענטש ווייס מסתּמא נישט קיין סך וועגן ייִדן און וואָס ישׂראל באַדײַט פּאַקטיש פאַר זיי. האָב איך באַשלאָסן, אַז איך דאַרף עס אים דערקלערן איידער איך גיי אָן מיט די סיבות, וועלכע מאַכן אַזוי נייטיק פאַר אונדז דאָס געווער. איך האָב געזאָגט: „הער פּרעזידענט, דערלויבט מיר אײַך צו זאָגן מיט וואָס ישׂראל איז אַנדערש פון אַנדערע לענדער". כּדי דאָס אויפצוקלערן, האָב איך געדאַרפט גיין אויף אַ סך צוריק, ווײַל די ייִדן זענען דאָך אַ זייער אַלט פאָלק. זיי זענען שוין געווען אַ פאָלק מיט דרײַ טויזנט יאָר צוריק און געלעבט זײַט בײַ זײַט פון פעלקער, וועלכע זענען שוין לאַנג פאַרשוווּנדן — די עמונים, מואבים, אַשורים, בבלים און אַנדערע. אין די אַלטע צײַטן זענען אָט די פעלקער פון צייט צו צייט געווען אויסגעשטעלט אויף רדיפות פון פרעמדע מלוכות און צום סוף האָבן זיי אַלע שלום געמאַכט מיט זייער גורל און געוואָרן אַ טייל פון דער דאָמינירנדיקער קולטור. אַלע, אַחוץ די ייִדן. „צו גלײַך מיט אָט די פעלקער" — האָב איך געזאָגט — „איז אויך דאָס לאַנד פון די ייִדן דעראָבערט געוואָרן דורך פרעמדע גרויסמאַכטן. אָבער דער גורל פון די ייִדן איז געווען גאָר אַנדערש, ווײַל צום אונטערשייד פון יענע פעלקער, האָט בלויז דאָס פאָלק ישׂראל באַשלאָסן צו פאַרבלײַבן וואָס עס איז געווען. אַנדערע פעלקער זענען געבליבן אין זייערע לענדער, האָבן אָבער פאַרלוירן זייער אידענטיטעט, בעת די ייִדן, וועלכע זענען געוואָרן פונאַנדערגעשפּרייט צווישן די פעלקער פון דער וועלט און פאַרלוירן זייער לאַנד, האָבן קיין מאָל נישט אויפגעגעבן זייער פעסטן באַשלוס צו בלײַבן ייִדן און נישט רעזיגנירט פון זייער האָפענונג אומצוקערן זיך אין לאַנד פון ציון. איצט זענען מיר ווידער דאָרט און דאָס לייגט אַרויף אַ ספּעציעלע לאַסט אויף דער ישׂראלדיקער פירערשאַפט. אין אַ סך פּרטים איז די ישׂראל־רעגירונג נישט אַנדערש ווי יעדע אַנדערע רעגירונג. זי זאָרגט פאַרן וווילזײַן פון פאָלק, פאַר דער אַנטוויקלונג פון לאַנד און אַזוי ווײַטער, אָבער דערצו איז פאַראַן נאָך איין גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. דאָס איז די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער

צוקונפט. אויב מיר װעלן װידער פֿאַרלירן אונדזער זעלבשטענדיקייט, װעלן די איבערגעבליבענע — און עס װעלן נישט בלײַבן קיין סך — װידער פֿונאַנדער־געשפּרייט װערן. אָבער מיר האָבן שוין נישט מער דעם גרויסן רעזערװואַר פֿון אונדזער רעליגיע, קולטור און גלויבן װאָס מיר האָבן אַ מאָל געהאַט. אַ סך דערפֿון האָבן מיר פֿאַרלוירן מיטן אומקום פֿון די זעקס מיליאָן ייִדן".

קענעדי האָט נישט אַראָפּגענומען די אויגן פֿון מיר, און איך האָב ממשיך געװען: „עס זענען פֿאַראַן פֿינף מיט אַ האַלב אָדער זעקס מיליאָן ייִדן אין אַמעריקע. זיי זענען גוטע ייִדן, װוּנדערלעכע און ברייטהאַרציקע, אָבער דאַכט זיך, אַז זיי װעלן מסכּים זײַן מיט מיר אויב איך װעל זאָגן, אַז איך צװייפֿל זייער צי זיי פֿאַרמאָגן דאָס עקשנות, װאָס האָט געלעבט אין די זעקס מיליאָן ייִדן װאָס זענען אומגעקומען. אויב איך האָב קיין טעות נישט, איז לגבי אונדז די אויפֿשריפֿט אויף דער װאַנט: „היט אײַך, איר זאָלט װידער נישט פֿאַרלירן אײַער זעלבשטענדיקייט, װײַל דאָס מאָל קאָנט איר זי פֿאַרלירן אויף אייביק". אויב דאָס װעט געשען, װעט מײַן דור פֿאַרצייכנט װערן אין דער געשיכטע װי דער דור װאָס האָט אויפֿגעלעבט ישׂראלס סוּװערעניטעט, אָבער נישט געװוּסט װי אויפֿצוהאַלטן איר אומאָפּהענגיקייט".

װען איך האָב פֿאַרענדיקט, האָט זיך קענעדי אײַנגעבויגן צו מיר, גענומען מײַן האַנט און מיט גרויסן ערנסט געזאָגט: „איך פֿאַרשטיי, פֿרוי מאיר. זאָרגט נישט. קיין זאַך װעט נישט פּאַסירן מיט ישׂראל". און איך מיין אַז ער האָט באמת פֿאַרשטאַנען.

איך האָב װידער באַגעגנט קענעדין אויף אַן אָפֿיציעלן קבלת־פּנים אין דער אונאָ, װוּ ער האָט באַגריסט די שעפֿן פֿון די דעלעגאַציעס, אָבער מיר האָבן זיך נאָר באַגריסט. מער האָב איך אים שוין קיין מאָל נישט געזען. איך בין אָבער געװען אויף זײַן לװיה און דערנאָך — מיט אַלע דעלעגאַציע־שעפֿן — בין איך צוגעגאַנגען דריקן די האַנט פֿון פֿרוי קענעדי. אויך זי האָב איך מער קיין מאָל נישט געזען, אָבער איך קען נישט פֿאַרגעסן װי זי איז דאָרט געשטאַנען, אַ בלייכע, מיט טרערן אין די אויגן, און דאָך געװוּסט צו זאָגן עפּעס באַזונדערס צו יעדן פֿון אונדז. אויף קענעדיס לװיה — אָדער בעסער געזאָגט אויף דעם אָפֿיציעלן אָװנטברויט װעלכן ס'האָט יענעם אָװנט אײַנגעאָרדנט דער נייער פּרעזי־דענט — האָב איך באַגעגנט לינדאָן דזשאָנסאָן. איך האָב זיך געהאַט געטראָפֿן מיט אים שוין פֿריִער, בעת דער אונאָ־סעסיע 1956—7, װען ער איז געװען דער מנהיג פֿון דעמאָקראַטישן רוב אין סענאַט און איז אויפֿגעטראָטן, ענערגיש און עפֿנטלעך, קעגן פּרעזידענט אײַזנהאַוערס װאָרענונג אָנצונעמען סאַנקציעס קעגן ישׂראל. איך האָב שוין געקענט זײַנע געפֿילן כּלפּי אונדז. װען עס איז געקומען מײַן ריי, בין איך צוגעגאַנגען אים באַגריסן; האָט ער מיך אַרומגענומען מיט זײַן אָרעם, מיך פֿאַרהאַלטן אַ רגע און געזאָגט: „איך װייס אַז איר האָט פֿאַר־

לוירן אַ פֿרײַנד, אָבער איך האָף אַז איר ווייסט, אַז איך בין אויך אַ פֿרײַנד״, און עס איז קיין ספק נישט, אַז ער האָט עס טאַקע באַוויזן.

בעת דער זעקסטאָגיקער מלחמה, ווען פּרעזידענט דזשאָנסאָן האָט געשטיצט אונדזער שטעלונג זיך נישט צוריקצוציען צו די גרענעצן פֿון פֿאַר 1967, סײַדן אין דער ראַם פֿון אַ שלום־אָפּמאַך — און אונדז געהאָלפֿן מיט מיליטערישע און עקאָנאָמישע מיטלען, אָנצוהאַלטן אונדזער שטעלונג — פֿלעג איך אָפֿט טראַכטן וועגן קענעדיס לוויה און וועגן די ווערטער וואָס ער האָט מיר דעמאָלט געזאָגט, כאָטש ער האָט אין יענער רגע געהאַט אַזוי פֿיל צו טראַכטן און צו זאָרגן. אויך אים האָב איך מער קיין מאָל נישט געזען. איך בין לגמרי נישט געווען איבער־ראַשט וואָס ער האָט געפֿונען אַ בשותּפֿותדיקע שפּראַך מיט אונדזער פּרעמיער לוי אשכּול. זיי זענען געווען ענלעך אין אַ סך פּרטים — אָפֿנהאַרציק, וואַרעם און לײַכט צו קומען מיט זיי אין קאָנטאַקט. איך ווייס ווי אומפּאָפּולער דזשאָנסאָן איז דערנאָך געוואָרן אין אַמעריקע, אָבער ער איז באמת געווען אַ געטרײַער פֿרײַנד און ישראל האָט אים אַ סך צו פֿאַרדאַנקען. כ׳האַלט אַז ער איז געווען איינער פֿון די ווייניקע מנהיגים אין אויסלאַנד, וועלכע האָבן פֿאַרשטאַנען ווי גרויס עס איז געווען דער פֿעלער פֿון דער אײַזנהאַוער־אַדמיניסטראַציע נאָך דער סיני־אַקציע, ווען מען האָט אונדז געצוווּנגען צוריקצוציִען זיך, איידער מען האָט אָנגעהויבן צו פֿאַרהאַנדלען מיט די אַראַבער.

ווען דזשאָנסאָן איז געשטאָרבן אין 1973, בין איך געווען פּרעמיער און האָב, פֿאַרשטייט זיך, געשריבן אַ טרייסטבריוו צו פֿרוי דזשאָנסאָן. איר ענטפֿער ליגט דאָ איצט פֿאַר מיר. אירע ווערטער האָבן מיך זייער גערירט. בפֿרט ווייל איך האָב געוווּסט ווי אויפֿריכטיק זי איז געווען.

„טײַערע פֿרוי מאיר״ — האָט זי געשריבן — „מסתּמא איז אײַך באַקאַנט ווי מײַן מאַן האָט אויסגעקוקט אויף אײַער וויזיט, וואָס האָט דאָ געדאַרפֿט פֿאָר־קומען. ער האָט אָפֿט גערעדט וועגן אַ באַזוך אין ישראל. זײַן זאָרג פֿאַר אײַער לאַנד איז געווען אַן אמתע, פֿון די טיפֿענישן פֿון זײַן האַרץ — מיט אַ דרך־ארץ־געפֿיל פֿאַר אייער פֿאָלק״...

נאָך איין פּערזענלעכקייט וואָס האָט געהאַט אַזאַ דעצידירנדיקע השפּעה אויפֿן גורל פֿון ישראל איז געווען גענעראַל דע גאָל, צום ערשטן מאָל האָב איך אים באַגעגנט אין 1958, ווען דער פֿראַנצויזישער אַמבאַסאַדאָר אין ישראל, פּיער זשילבער, (וועלכער איז אַ קאַפּיטל פֿאַר זיך) האָט באַשלאָסן אַז איך מוז באַזוכן דעם גענעראַל. זשילבער איז געווען אַן ענטוזיאַסטישער גאָליסט און נישט ווייניקער — אַן ענטוזיאַסטישער ציוניסט, און מען האָט אים נישט געקענט רירן פֿון זײַן פּלאַן, הגם כ׳מוז זאָגן, אַז איך בין געווען זייער געשפּאַנט אין שײַכות מיט אַ וויזיט ביי דע גאָלן. אַלץ וואָס איך האָב פֿון אים געהאַט געהערט — אײַנגעשלאָסן דעם פֿאַקט אַז ער האָט דערוואַרט פֿון יעדן איינעם ער זאָל קענען

פּערפעקט פראַנצויזיש און איך האָב אין גאַנצן נישט געקענט — האָט מיך געשראָקן. אָבער זשילבער האָט שוין געהאַט אָנגעהויבן די צוגרייטונגען פאַר מײַן וויזיט און ס׳איז געווען אוממעגלעך זיך צוריקצוציִען; בין איך געפאָרן אויף עטלעכע טעג קיין פּאַריז. צו ערשט האָב איך זיך געטראָפן מיט דעם פראַנצויזישן אויסערן־מיניסטער מאָריס קווו דע מירוויל, דעם צום מיינסטן בריטישן פראַנ־צויז, וואָס איך האָב באַגעגנט אין מײַן לעבן. ער האָט גרעדינט אין פאַרשיידענע אַראַבישע לענדער. ער איז געווען זייער קאָרעקט, זייער קאַלט און אין אַלגעמיין נישט פרײַנדלעך. דאָס אַלץ האָט מיר נישט פאַרלייכטערט דאָס וואַרטן אויף דער באַגעגעניש צו מאָרגנס מיט דע גאָלן. כ׳בין אויפגענומען געוואָרן אין עליזיי־פּאַלאַץ מיטן געהעריקן פּאַראַד. אַרויפגייענדיק די טרעפּ, האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז עס פּאַראַדירט פאַר מיר די גאַנצע פראַנצויזישע אַרמיי; איך האָב זיך געפרעגט, וואָס טראַכט וועגן מיר די פּראַקטיקע פראַנצויזשע ערנוואַך, אין אירע רויטע מאַנטלען, בעת איך גיי פּאַמעלעך און שווער אַרויף צום גענעראַלס קאַבינעט. כ׳בין געווען אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט, און אַט שטייט פאַר מיר, אין זײַן גאַנצער הייך און פּראַכט, דער לעגענדאַרער שאַרל דע גאָל. יעקב צור, אונדזער אַמבאַסאַדאָר אין פּאַריז, איז געווען מיט מיר און מיט זײַן הילף און דע גאָלס איבערזעצער האָבן מיר, דע גאָל און איך, באַוויזן אָנצובינדן דעם שמועס. ער איז געווען זייער האַרציק און ליבלעך. עס זענען פאַרבײַ נאָך עטלעכע רגעס ביז איך האָב זיך דערפילט אין גאַנצן באַרויִקט און מיר האָבן געהאַט אַ זייער צופרידנשטעלנדיקן שמועס וועגן די פּראָבלעמען פון מיטעלן מיזרח און ער האָט מיר פאַרזיכערט זײַן אייביקע פרײַנדשאַפט צו ישראל.

דערנאָך האָב איך אים ווידער געזען אויף קענעדיס לוויה, קודם אין דער קאַטעדראַלע (די איינציקע, וועלכע האָבן דאָרט נישט געקניט, זענען, דאַכט זיך געווען דע גאָל, זלמן שזר — דער נשיא פון מדינת־ישראל — און איך), דער־נאָך אויף דעם אָונטברויט וואָס איך האָב שוין דערמאָנט. בײַם אַרײַנגיין האָב איך באַמערקט דע גאָלן (נישט קיין וווּנדער ער איז דאָך געווען העכער פון אונדז אַלע) אין צווייטן עק פון זאַל. בעת כ׳האָב געטראַכט, צי איז עס פּאַסיק איך זאָל צו אים צוגיין, האָב איך אים שוין געזען שפּרײַזן אין מײַן ריכטונג. ס׳איז געוואָרן אַ גרויסער טומל, צו וועמען גייט דע גאָל? „ער גייט קיין מאָל אַליין נישט צו צו קיינעם; מענטשן ווערן גערופן צו אים״ — האָט עמעץ לעבן מיר געטענהט, „ער גייט זיכער רעדן מיט זייער אַ וויכטיקער פּערזענלעכקייט״. עס האָט אויסגעזען ווי דער ים־סוף וואָלט זיך געשפּאָלטן, כּדי די ייִדן זאָלן קענען דורכגיין. דע גאָל האָט געשפּאַנט פאָרויס און אַלע האָבן זיך געאײַלט מאַכן פאַר אים אַ וואָרע. איך בין כּמעט געפאַלן פון איבעררעאשונג, ווען ער איז געבליבן שטיין לעבן מיר און, — וואָס ער האָט נאָך קיין מאָל נישט געטאָן — גערעדט צו מיר ענגליש. „איך בין אַנטציקט אײַך ווידער צו זען, כאָטש די

געלעגנהייט איז אַזאַ טראַגישע" — האָט ער געזאָגט און זיך אַ נויג געטאָן. דער עפּיזאָד האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם אויף אַלע, אָבער באַזונדערס אויף מיר. אין פאַרלויף פון דער צייַט האָב איך זיך אַפּילו זייער באַפרייַנדט מיט קווו דע מירוויל, וועלכער האָט מיר דערציילט, אַז דע גאָל האָט פאַר מיר אַ באַשטימטע שוואַכקייט. ס'איז נאָר אַ שאָד, וואָס די דאָזיקע סימפּאַטיע איז פאַרשוווּנדן, ווייַל מיר האָבן נישט געטאָן וואָס ער האָט אונדז באַפוילן אין 1967 (ער האָט אונדז אָנגעזאָגט מיר זאָלן גאָרנישט טאָן) און האָט אונדז קיין מאָל נישט מוחל געווען וואָס מיר האָבן אים נישט געפאָלגט. אין יענע שרעקלעכע טעג פאַר דער זעקסטאָגיקער מלחמה האָט ער געזאָגט צו אבא אבנען, אַז עס זענען פאַראַן צוויי זאַכן וואָס ישראל דאַרף וויסן: „אויב איר געפינט זיך אין אַן אמתער סכּנה, קענט איר זיך פאַרלאָזן אויף מיר, אָבער אויב איר וועט אָנגרייפן די ערשטע, וועט איר צעקלאַפּט ווערן און איר וועט ברענגען אַ חורבן אויף דער גאַנצער וועלט". דע גאָל האָט געהאַט אַ טעות. מיר זענען נישט צעקלאַפּט געוואָרן און עס איז צו קיין וועלט־מלחמה נישט געקומען, אָבער אונדזערע באַציונגען מיט אים — און מיט דער פראַנצויזישער רעגירונג — זענען מער נישט געווען ווי אַ מאָל. דער זעלבער דע גאָל, וואָס האָט אין 1961 אויפגעהויבן זייַן כּוס „פאַר ישראל, אונדזער פרייַנד און אַלייַרטער", האָט רעזומירט זייַן שטעלונג כּלפּי די ייִדן, נאָך דער זעקסטאָגיקער מלחמה, דערמיט וואָס ער האָט אונדז געשילדערט ווי „אַן אויסדערוויילט פאָלק, זיכער אין זיך און הערשעריש".

איך מיין אָבער, אַז דער אויפברויזנדיקסטער און וויכטיקסטער בייַשטייַער, וואָס איך האָב געבראַכט ווי אַן אויסערן־מיניסטער, איז געווען אין גאַנצן אויף אַן אַנדער געביט. דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט ישראלס נייַער ראָלע אין די אַנטוויקלונגס־לענדער אין לאַטיין־אַמעריקע, אין אַזיע און באַזונדערס אין אַפריקע און דאָס האָט געעפנט אַ נייַ קאַפּיטל אויך אין מייַן לעבן.

קאַפּיטל עלף

# אַפריקאַנער און אַנדערע פרײַנד

איך גלויב, אַז אויף וויפל דאָס איז נוגע מײַנע פּערזענלעכע געפילן, איז לפּחות אַ טייל פון מײַן שײַכות צו אַפריקע און אַפריקאַנער, בײַם סוף פון די פופציקער יאָרן, געווען אַן עמאָציאָנעלע רעאַקציע אויף דער לאַגע אין וועלכער מיר האָבן זיך געפונען נאָך דער סיני־אַקציע — אין אַ סך פּרטים פולשטענדיק אַליין, נישט באַזונדערס פּאָפּולער, ווײַל קיינער האָט אונדז נישט פאַרשטאַנען. פראַנקרײַך איז געווען אונדזער גוטער פרײַנד און אַלײַרטע און נאָך איין אָדער צוויי אייראָפּעיִשע לענדער האָבן אונדז אַרויסגעוויזן סימפּאַטיע, אָבער אונדזערע באַציִונגען מיט אַמעריקע זענען געווען געשפּאַנטע, מיטן סאָוועטישן בלאָק נאָך ערגער ווי געשפּאַנטע, אין אַזיע — נישט געקוקט אויף אַלע אָנשטרענגונגען אויפגענומען צו ווערן — האָבן מיר זיך מערסטנס אָנגעטראָפן אויף אַ שטיינערנער וואַנט. אמת, מיר האָבן אויפגעשטעלט פאַרשטייערשאַפטן אין בורמאַ, יאַפּאַן און ציילאָן; קאָנסולאַטן אין די פיליפּינען, טיילאַנד און אינדיע. כאָטש מיר זענען געווען פון די ערשטע פעלקער, וואָס האָבן אָנערקענט די כינעזישע פאָלקס־רעפּובליק, זענען די כינעזער בכלל נישט געווען פאַראינטערעסירט צו האָבן אַ ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין פּעקין. אינדאָנעזיע און פּאַקיסטאַן, ווי מוסול־מענישע לענדער, האָבן זיך באַצויגן צו אונדז מיט אָפענער שינאה. די „דריטע וועלט", אין וועלכער נערו פון איין זײַט און טיטאָ פון דער אַנדערער האָבן געשפּילט אַזאַ דעצידירנדיקע ראָלע, האָט געזוכט די נאָענטקייט פון נאַצערן און פון די אַראַבער, און פון אונדז זיך דערווײַטערט. אין פרילינג 1955 איז פאָרגע־קומען אַ קאָנפערענץ אין באַנדונג, אין וועלכער ס'האָבן אָנטייל גענומען פעלקער פון אַזיע און אַפריקע. מיר האָבן זייער געהאָפט, אַז מען וועט אונדז פאַרבעטן, אָבער די אַראַבישע מדינות האָבן געדראָט צו באָיקאָטירן די קאָנפערענץ, אויב ישראל וועט זיך אין איר באַטייליקן; אַזוי אַז מיר זענען אויך פון דעם „קלוב" אויסגעשלאָסן געוואָרן. אין די יאָרן 1957 און 1958 פלעג איך קוקן אַרום זיך אין דער אונאָ און טראַכטן: מיר האָבן דאָ נישט קיין פאַמיליע, נישט קיין בשותּפותדיקע רעליגיע, שפּראַך אָדער פאַרגאַנגענהייט. די איבעריקע מדינות אויף דער וועלט זענען גרופּירט אין בלאָקן וואָס זענען אויפגעקומען, ווײַל געאָ־גראַפיע און געשיכטע האָבן זיי צוגעטיילט בשותּפותדיקע אינטערעסן. אָבער אונדזערע שכנים — און אונדזערע נאַטירלעכע אַלײַרטע — ווילן מיט אונדז נישט האָבן צו טאָן און פאַקטיש געהערן מיר אין ערגעץ נישט און צו קיינעם

נישט, חוץ צו זיך אַליין. מיר זענען געווען פון די ערשטע אין דער אונאָ, אָבער מען האָט זיך צו אונדז באַצויגן ווי צו אומגעוווּנטשענע שטיפקינדער. און איך מוז מודה זײַן, אַז דאָס האָט ווײ געטאָן.

דאָך איז די וועלט נישט געווען געבויט בלויז פון אייראָפּעער און אַזיאַטן. עס זענען אויך געווען די אויפגעקומענע נאַציעס פון אַפריקע, וועלכע האָבן געהאַלטן בײַם באַקומען זייער זעלבשטענדיקייט. ישראל האָט געקענט און געוואָלט אַ סך געבן די שוואַרצע אויפשטייענדיקע לענדער. פּונקט ווי זיי, האָבן אויך מיר זיך באַפרײַט פון אַ פרעמדן יאָך; פּונקט ווי זיי, האָבן מיר אַליין געדאַרפט לערנען ווי אויסצולייזן דעם באָדן, ווי צו פאַרגרעסערן דאָס גערעטעניש אויף די פעלדער, ווי צו באַוואַסערן, ווי צו האָדעווען עופות און ווי זיך צו פאַרטיידיקן. נישט אונדז און נישט די אַפריקאַנער האָט מען די זעלבשטענדיקייט דערלאַנגט אויף אַ זילבערנער טאַץ, נאָר נאָך יאָרן פון קאַמף, און מיר האָבן געדאַרפט לערנען — טיילווײַז פון אונדזערע אייגענע פעלערן — דעם טײַערן פרײַז פון אַליין־באַשטימונג. אין אַ וועלט אײַנגעטיילט אין מענטשן וואָס „האָבן" און מענטשן וואָס „האָבן נישט", האָט ישראלס דערפאַרונג אָנגעהויבן מאַכן אַ באַזונדערן רושם, ווײַל מיר זענען געווען געצוווּנגען צו געפינען אַ לייזונג פאַר פאַרשיידענע פּראָבלעמען, מיט וועלכע עס האָבן זיך נישט באַגעגנט גרויסע און רײַכע לענדער. מיר האָבן אַפריקע נישט געקענט פאַרשלאָגן קיין געלט און נישט קיין געווער, אָבער פון דער אַנדער זײַט, האָבן מיר נישט געטראָגן אויף זיך דעם פלעק, וואָס האָט געהייסן קאָלאָניאַלע עקספּלואַטאַציע; געזוכט האָבן מיר אין אַפריקע נישט מער ווי פרײַנדשאַפט. זאָל מיר דערלויבט זײַן צו פאַרלויפן דעם וועג די ציניקערס. צי זענען מיר אַרײַן אין אַפריקע, ווײַל מיר האָבן געוואָלט זייערע שטימען אין דער אונאָ? יאָ, פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען איינע פון די סיבות, און טאַקע זייער אַ בכּבודיקע. איך האָב זי קיין מאָל נישט אויסבאַהאַלטן, נישט פון זיך און נישט פון די אַפריקאַנער. דאָס איז אָבער געווען ווײַט נישט די וויכטיקסטע סיבה, כאָטש ווייט נישט קיין נישטיקע. די וויכטיקסטע סיבה פון אונדזער אַפריקאַנער „אוואַנטורע" איז געווען, אַז מיר האָבן געוואָלט עפּעס איבערגעבן די פעלקער, וועלכע זענען געווען נאָך ייִנגער פון אונדז און מיט ווייניקער דערפאַרונג.

הײַנט, אין רעזולטאַט פון איבעררײַסן, נאָך דער יום־כּיפּור מלחמה, די דיפּלאָמאַטישע באַציִונגען צווישן דעם רוב אַפריקאַנער מדינות און ישראל, זענען אין כאָר פון די ציניקערס פאַראַן אויך ישראלים, וואָס האָבן זיך אַנטוישט. „מען האָט צעטרענצלט געלט, צײַט און אָנשטרענגונגען" — טענהן זיי — „אַן אויסזיכטלאָזע און משיחישער באַוועגונג, וואָס מען האָט אין ישראל גענומען צו ערנסט און וואָס האָט זיך געמוזט צעפאַלן ווי נאָר די אַראַבער האָבן אַרויפגעלייגט אַ ממשותדיקן דרוק אויף די אַפריקאַנער". פאַרשטייט זיך, אַז קיין

זאַך איז נישט אַזוי ביליק, גרינג און צעשטערעריש ווי אַזאַ סאָרט קריטיק, וואָס קומט לאחר־המעשׂה, און איך האַלט, אַז אין דעם פֿאַל האָט זי נישט קײן שום װערט. ס׳געשעען זאַכן מיט לענדער פּונקט ווי זיי געשעען מיט מענטשן. קײנער איז נישט פּערפֿעקט, און ס׳קומען פֿאָר דורכפֿאַלן וואָס אײניקע פֿון זיי ברענגען מער שאָדן און זענען ווייטיקלעכער ווי אַנדערע; מען קען אָבער נישט דערוואַרטן פֿון קײן שום פּראָיעקט אַ פֿולן און גיכן דערפֿאָלג. אַנטוישונגען זענען נישט קײן דורכפֿאַלן און איך האָב בכלל נישט קײן סימפּאַטיע פֿאַר דעם סאָרט פּאָליטישע חשבונות, וואָס פֿאָדערן באַלדיקע רווחים. דער אמת איז, אַז דאָס וואָס מיר האָבן געטאָן אין אַפֿריקע, איז נישט געווען בלויז אַ פּאָליטיק פֿון זעלבסט־אינטערעס, אַן ענין פֿון געבן און נעמען, נײַערט אַ המשך פֿון אונדזערע טײַערסטע טראַדיציעס, אַן אויסדרוק פֿון אונדזערע טיפֿסטע היסטאָרישע אינסטינקטן.

אונדזער כּוונה איז געווען עפּעס אויסצולערנען די אַפֿריקאַנער און וואָס מיר האָבן זיי געלערנט, האָבן זיי פֿאַרגעדענקט. קײנער באַדויערט נישט אַזוי ביטער ווי איך, וואָס דערווײַל האָבן די אַפֿריקאַנער פֿעלקער — אָדער אַ סך פֿון זיי — זיך אָפּגעקערט פֿון אונדז מיטן רוקן. וויכטיק איז אָבער באמת דאָס וואָס מיר האָבן צוזאַמען פֿאַרווירקלעכט — מיר און זיי; וואָס עס האָבן באמת דערגרייכט די טויזנטער ישׂראלדיקע ספּעציאַליסטן אין אַגריקולטור, הידראָלאָגיע, רעגיאָנאַלער פּלאַנירונג, קאָמונאַלער באַדינונג, געזונטהייט און צענדליקער אַנדערע תּחומים איבער גאַנץ אַפֿריקע, צווישן 1958 און 1973; וויכטיק איז אויך וואָס עס האָבן מיט זיך גענומען אַהיים די טויזנטער אַפֿריקאַנער, וועלכע האָבן באַקומען זייער אויסשולונג אין ישׂראל אין פֿאַרלויף פֿון די דאָזיקע יאָרן. דער נוצן פֿון דעם אַלעמען וועט קײן מאָל נישט קענען פֿאַרלוירן גיין און די דערגרייכונגען דאַרפֿן ווי געהעריק אָפּגעשאַצט ווערן. זיי האָבן אַ דויערנדיקן ווערט און קײן זאַך קען דאָס נישט אויסמעקן, אַפֿילו נישט דער פֿאַקט וואָס ישׂראל האָט פֿאַר־לוירן די אַלע פּאָליטישע און אַנדערע טובֿות וועלכע זענען געווען אַ פּועל־יוצא פֿון אונדזערע באַציִונגען מיט די אַפֿריקאַנער לענדער. אַוודאי זענען די דאָזיקע רעגירונגען געווען אומדאַנקבאַר און זיי וועלן זיך דאַרפֿן זייער אַנשטרענגען צו פֿאַרטרײַבן דעם שלעכטן טעם, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט מיט זייער פֿאַר־לאָזן אונדז בעת אַ קריזיס. אָבער דאָס איז נישט קײן סיבה, אַז מיר זאָלן גרינגשאַצן דאָס וואָס איז לויט מײַן אײַנזען געווען אַ דערפֿאַרונג פֿון טיפֿן באַדײַט, וואָס האָט אפֿשר נישט קײן גלײַכן, דהײַנו: העלפֿן מענטשן פֿאַרבעסערן זייער לעבן. און איך בין שטאָלץ מיט ישׂראלס אינטערנאַציאָנאַלן פּראָגראַם פֿון צוזאַמענאַרבעט און מיט דער טעכנישער הילף וואָס זי האָט געגעבן די אַפֿריקאַנער. כ׳שטאָלציר דערמיט מער ווי מיט יעדן אַנדערן פּראָיעקט, וואָס מיר האָבן ווען עס איז אונטערגענומען.

לויט מײַן מײנונג איז אָט דער פּראָגראַם כאַראַקטעריסטישער פֿון אַלץ

פאַרן דראַנג צו געזעלשאַפטלעכן יושר, ווידעראויפבוי און רעהאַביליטאַציע, וואָס זיי זענען דאָס האַרץ און די נשמה פון סאָציאַליסטישן ציוניזם און פון ייִדנטום. די לעבנס־פילאָסאָפיע וואָס האָט באַוויזן מענער און פרויען פון מרחביה אין די צוואַנציקער יאָרן צו ווערן חלוצים, וואָס האָט באַוויזן מיין טאָכטער און אירע חברים ממשיך צו זיין דעם זעלבן וועג, מיט זייערע פאָדערונגען, אין רביבים פון די פערציקער יאָרן און איז היינט דער סטימול פאַר יעדן נייעם קיבוץ וואָס ווערט אויפגעשטעלט אין ישראל, איז אידענטיש מיט דער וויזיע, וואָס האָט געטריבן ישראלים צו די אַפריקאַנער לענדער, פאַרברענגען דאָרט יאָרן און טיילן זיך מיט די אַפריקאַנער מיטן פראַקטישן און טעאָרעטישן וויסן וואָס נאָר ער האָט געקענט צופרידנשטעלן אַפריקעס באַדערפענישן אין אַ וועלט פון גרויסע ענדערונגען, אין וועלכער זי איז סוף כל סוף פאַראַנטוואָרטלעך פאַר איר אייגענעם גורל. דאָס מיינט נישט, אַז אַלע וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין פלאַנצן אונדזער נאַציאָנאַלע דערפאַרונג אין אַפריקע, זענען געווען סאָציאַליסטן. ווייט דערפון. אָבער פאַר מיר, לפּחות, איז דער פּלאַן געווען אַ לאָגישער פועל־יוצא פון פּרינציפּן, אין וועלכע איך האָב שטענדיק געגלייבט און וואָס האָבן מיין לעבן געגעבן אַ ממשותדיקן זינען. איך קען דעריבער נישט טראַכטן וועגן קיין שום אַספּעקט פון דעם דאָזיקן פּראָגראַם, וואָס זאָל האָבן געווען „אומזיסט" און איך גלייב נישט אַז די אַפריקאַנער, וואָס האָבן מיטגעווירקט אָדער גענאָסן פון זיינע פּרוכטן, וועלן אַ מאָל אַזוי טראַכטן.

און נאָך עפּעס: מיר זענען געווען שותּפים מיט די אַפריקאַנער נישט נאָר אין די פאָרמעסטן וואָס עס האָט געפאָדערט די גיכע אַנטוויקלונג, נייערט אויך אין די זכרונות פון הונדערטער יאָרן ליידן. אונטערדריקונג, דיסקרימינאַציע, שקלאַפעריי זענען נישט סתּם קיין מליצות. זיי באַציִען זיך נישט צו איבער־לעבענישן פון האַלב־פאַרגעסענע אבות, מיט הונדערטער יאָרן צוריק, נאָר צו יסורים און דערנידערונגען, וועלכע די מענטשן האָבן ערשט דורכגעמאַכט. אין 1902 האָט טעאָדאָר הערצל געשריבן אַ ראָמאַן, אין וועלכן ער האָט געשילדערט די צוקונפטיקע ייִדישע מדינה, ווי ער האָט זי געזען אין זיין דמיון. דער ראָמאַן הייסט „אַלטנײַלאַנד" און אויף זיין שער־בלאַט איז געשריבן: „אויב איר ווילט, איז עס נישט קיין לעגענדע" — ווערטער וואָס זענען געוואָרן אַ לאָזונג און אַן אינספּיראַציע־קוואַל פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג. אין „אַלטנײַלאַנד" איז פאַראַן אַן אָפּשניט וועגן אַפריקע, וואָס איך פלעג ציטירן פאַר מיינע אַפריקאַנער פריינד און וויל אים איצט איבערחזרן:

„...עס איז פאַראַן נאָך אַ פּראָבלעם פון פעלקער־אומגליק וואָס איז נאָך ביז היינט נישט געלייזט געוואָרן, און נאָר אַ ייִד קען באַנעמען זיין טיפע טראַגעדיע. דאָס איז די פּראָבלעם פון די שוואַרצע... לאָמיר זיך דערמאָנען די שרעקלעכע עפּיזאָדן פון שקלאַפן־האַנדל. מענטשן, נאָר דערפאַר ווייל

זיי זענען געווען שוואַרצע, זענען אַוועקגערויבט געוואָרן ווי בהמות, געפּאַנגען און פֿאַרקויפֿט געוואָרן. זייערע קינדער זענען געוואַקסן אין פֿרעמדע לענדער, אין פֿאַראַכטונג און שינאה און אַלץ נאָר דערפֿאַר ווײַל די פֿאַרב פֿון זייער פּנים איז אַן אַנדערע. איך שעם זיך נישט צו זאָגן, אַפֿילו ווען מען זאָל פֿון מיר לאַכן: איצט, אַז איך האָב זוכה געווען צו זען די גאולה פֿון מײַן פֿאָלק ישׂראל, וויל איך העלפֿן אויך צו דער גאולה פֿון די שוואַרצע".

און נאָך: כאָטש איך טראַכט און האָף, אַז אין אַ גרויסער מאָס בין איך געווען פֿאַראַנטוואָרטלעך, בײַם אָנהייב, פֿאַרן פּאַרנעם און פֿאַר דער אינטענ־סיווקייט פֿון אַן ערך צוויי הונדערט אַנטוויקלונגס־פּראָיעקטן, וועלכע ישׂראל האָט ביז איצט רעאַליזירט אין איבער אַכציק לענדער אין אַפֿריקע, אַזיע, לאַטיין־אַמעריקע און שפּעטער אויך אין מיטל־לענדישן באַסיין — פּלענער, וואָס האָבן זיך געשטיצט אויפֿן ענטוזיאַזם, אויסדויער און פֿעיִקייטן פֿון פֿינף טויזנט ישׂראל־דיקע ראַטגעבערס — קען איך זיך נישט באַרימען, אַז איך האָב אויסגעטראַכט דעם געדאַנק. דער ערשטער ישׂראלי וואָס האָט אָנגעוואָנדן אָט די פֿאָרם פֿון אינטערנאַציאָנאַלער צוזאַמענאַרבעט, איז געווען מײַן גוטער פֿרײַנד ראובן ברקת. ווען ער איז געווען דער אָנפֿירער פֿון דער פּאָליטישער אָפּטיילונג אין דער הסתּדרות, האָט ער אײַנגעלאַדן קיין ישׂראל עטלעכע אַפֿריקאַנער און אַזיאַטן, זיי זאָלן זען מיט זייערע אויגן ווי מיר האָבן געלייזט פֿאַרשיידענע פּראָבלעמען. ווען איך בין נאָמינירט געוואָרן ווי אויסערן־מיניסטער, אין 1956 — ערב דער אומאָפּהענגיקייט פֿון גאַנאַ — האָט אַ יונגער ישׂראל־דיפּלאָמאַט, נאָמינירט דורך שרתּן, חנן יבור, זיך שוין געגרייט צו רעפּרעזענטירן דאָרט ישׂראל. ווען גאַנאַ האָט באַקומען איר זעלבשטענדיקייט, אין 1957, איז אהוד אַבריאַל געוואָרן ישׂראלס אַמבאַסאַדאָר אין דאָזיקן לאַנד און אין ליבעריע. ער האָט פֿאָרגעשלאָגן, איך זאָל אָנטייל נעמען אינעם ערשטן יאָרטאָג פֿון גאַנאַס זעלבשטענדיקייט, אין 1958, און איך זאָל אויך באַזוכן ליבעריע, סענעגאַל, דעם העלפֿאַנטביין־ברעג און ניגעריע. איך האָב אָנגעהויבן פּלאַנירן די רײַזע און באַשלאָסן אַז עס וועלן מיך באַגלייטן אהוד און יעקב צור, אונדזער אַמבאַסאַדאָר אין פֿראַנקרײַך.

מיט אַפֿריקאַנער האָב איך, פֿאַרשטייט זיך, שוין געהאַט זיך געטראָפֿן פֿריִער, באַזונדערס אויף פֿאַרשיידענע אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָנפֿערענצן. איך בין אָבער קיין מאָל נישט געווען אין אַפֿריקע און זיך נישט געקענט פֿאַרשטעלן ווי עס זעט אויס. כ׳געדענק, אַז איך האָב געפּאַקט מײַנע זאַכן (איינע פֿון מײַנע גרויסע שוואַכקייטן איז וואָס איך נעם שטענדיק מיט מער וויפֿל איך דאַרף) און שעהען־לאַנג געווען פֿאַרטיפֿט אין וויזיעס איבער אַפֿריקע, געטראַכט וועגן דער ראָלע וואָס מיר וועלן קענען שפּילן אויפֿן גרויסן קאָנטינענט וואָס שטייט אויף צום לעבן. איך האָב נישט געהאַט קיין איבערגעטריבענע

אילוזיעס און פאַרשטאַנען אַז אונדזער ראָלע וועט מוזן זיין אַ קליינע, אָבער עס האָט מיך באַגייסטערט דער געדאַנק צו באַזוכן אַ טייל פון דער וועלט, פאַר וועלכער מיר זענען אַזוי נייַ און וועלכע איז פאַר אונדז אַזוי נייַ. איך בין געווען געשפּאַנט ווי אַ קינד, טראַכטנדיק וועגן די קומענדיקע טעג.

מייַן ערשטע סטאַנציע איז געווען מאָנראָוויאַ, די הויפּטשטאָט פון ליבעריע, ווו איך בין געווען דער גאַסט פון פּרעזידענט טאַבמאַן. ליבעריעס עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלעכע עליטע האָט געלעבט אין אַן אומגלייבלעכן לוקסוס, אין באַדינגונגען וואָס האָבן אויסגעזען ווי אַ פאַנטאַזיע. די איבעריקע באַפעלקערונג האָט געלעבט אין גרויס אָרעמקייט. אָבער איך בין נישט געקומען קיין אַפריקע זאָגן מוסר, נישט אינטערווענירן און נישט פאַנגען בשמות. איך בין געקומען זיך באַגעגענען מיט אַפריקאַנער און האָב גוט געוווּסט, אַז פּרעזידענט טאַבמאַן איז אַן איבערגעגעבענער פריינד פון די ייִדן, אַ דאַנק דעם וווּנדערלעכן ייִדישן קאָנגרעסמאַן עמנואל סעלער — דער איינציקער מיט וועמען טאַבמאַן איז געקומען אין קאָנטאַקט אין וואַשינגטאָן, אין דער לאַנגער געשיכטע פון זייַנע קאָמפּלי־צירטע באַציִונגען מיט אַמעריקע. סעלער איז געווען דער איינציקער וואָס האָט פאַרשטאַנען די איינזאַמקייט פון אַ שוואַרצן מנהיג. דעמאָלט איז נאָך נישט געווען אין דער מאָדע אַרויסצווייַזן פרייַנדשאַפט צו אַ שוואַרצן אָדער רעכענען זיך מיט זייַנע געפילן. ליבעריע איז געווען די ערשטע מדינה פון שוואַרצע אויף דער וועלט, וואָס איז אויפגעקומען דורך אַן ענלעכן אימפּולס ווי דער ציוניזם און איך האָב נישט געקענט זייַן גלייַכגילטיק צו טאַבמאַנס עפנטלעכער פרייַנדשאַפט צו ישראל און זייַן טיפער איבערצייַגונג, אַז עס איז פאַראַן אַ געמיינזאַמקייט צווישן אונדז. אָבער וואָס עס האָט מיך צום מייניסטן באַצויבערט און אינטערעסירט איז נישט געווען די ליבעריע וואָס מען האָט געזען אין מאָנראָוויאַ, נייַערט די אַפריקע וואָס איך האָב געזען אין די אינעווייניקסטע טיילן פון לאַנד.

מיר זענען זייער אַ סך אַרומגעפאָרן אין ליבעריע. איך האָב גערעדט מיט הונדערטער מענטשן און געענטפערט אויף טויזנטער פראַגן וועגן ישראל, אַ סך פון זיי בנוגע ישראל ווי דאָס לאַנד פון תנ״ך. עס האָט מיך באַגלייט אַ זייער אָנגענעמע יונגע פרוי פון ליבערישן אויסערן־מיניסטעריום. כ׳געדענק, אַז דעם לעצטן טאָג פון מייַן וויזיט דאָרטן האָט זי מיר געזאָגט זייער שעמעוודיק: „איך האָב אַן אַלטע מוטער און איך האָב איר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז כ׳וועל אַ גאַנצע וואָך זייַן פאַרנומען מיט אַ גאַסט פון ירושלים. מייַן מוטער האָט געהאַלטן אין איין קוקן אויף מיר. ,ווייסטו דען נישט׳ — האָט זי געזאָגט — ׳אַז ס׳איז נישט פאַראַן אַזאַ אָרט ווי ירושלים? ירושלים איז אין הימל׳. גלייבט איר, פרוי מאיר, אַז איר וועט האָבן די מעגלעכקייט זי צו זען אויף אַ מינוט און איר דערציילן וועגן ירושלים?״ פאַרשטייט זיך, אַז איך בין יענעם טאָג געגאַנגען צו איר

און מיטגענומען אַ קליין פלעשל וואַסער פון ירדן. די אַלטע האָט געהאַלטן אין איין קרײַזן אַרום מיר, אָבער מיך נישט אָנגערירט. „איר קומט פון ירושלים״ — האָט זי עטלעכע מאָל איבערחזרט — „איר מיינט צו זאָגן, אַז ס׳איז ממש פאַראַן אַזאַ שטאָט, מיט גאַסן און הײַזער, אין וועלכע עס וווינען אמתע מענטשן?״ „יאָ, איך וווין דאָרטן״ — האָב איך געענטפערט. ווייזט אויס אַז זי האָט מיר אָבער נישט געגלייבט. די זעלבע פראַגע האָט מען מיר געשטעלט אין גאַנץ אַפריקע און איך פלעג זאָגן די אַפריקאַנער, אַז דער אמתער נס מן השמיים איז וואָס די שטאָט ירושלים עקסיסטירט נאָך!

דער הויכפּונקט פון מײַן באַזוך אין ליבעריע איז געווען די צערעמאָניע, אין וועלכער מ׳האָט מיך דערהויבן צו דעם ראש פון שבט גאָלאַ אין צפון־ליבעריע — אַ כּבוד, וואָס מען גיט זעלטן אַ פרוי. (ווען איך האָב עס דער־ציילט אין ישראל, האָט מען געזען אין דעם אַ ווונדערלעכן צופאַל, וואָס דער נאָמען פון אָט דעם שבט איז ווי דאָס העברעיִשע וואָרט „גולה״). דאָס איז געווען איינע פון די ווונדערלעכסטע געשעענישן וואָס מיט מיר האָט זיך ווען עס איז געטראָפן און כ׳בין זיך מודה, אַז ווען איך בין געשטאַנען אין דער ברענענדיקער זון און די מענטשן פון שבט האָבן געזונגען און געטאַנצט אַרום מיר, האָב איך כּמעט נישט געקענט גלייבן, אַז מיר, גאָלדע מאיר פון פּינסק, מילוואָקי און תּל־אָביב, גיט מען אָפּ אָט דעם גרויסן כּבוד, מײַנע צוויי עיקר־מחשבות זענען געווען: „איך דאַרף זיך נוהג זײַן אַזוי גלײַך ווי אַזאַ צערעמאָניע אין האַרץ פון אַפריקע איז אַ זאַך, מיט וועלכער איך בין געוווינט פון תּמיד אָן. צווייטנס, האָב איך געטראַכט: הלוואי וואָלטן מײַנע אייניקלעך מיך איצט געקענט זען. ווען די טענץ האָבן זיך געענדיקט, האָבן אַן ערך צוויי הונדערט פרויען פון דעם שבט מיך באַגלייט צו אַ קליינער דושנער שטרויענער כאַטע. ווו מען האָט מיר אָנגעטאָן קאָלירקע קליידער פון אַ העכסטן הויפּט און מיך אַרײַנגעפירט אין די סודות פון אַ קולט, וואָס כ׳פּרווו נישט מגלה צו זײַן זײַערע פּרטים. איך וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן די בליקן פון די ישראלים וועלכע האָבן מיך באַגלייט (צווישן זיי אהוד און מײַנע לײַבוואַך־אָפיצירן), בעת איך בין פאַר־שווונדן אין דער פינצטערניש פון דער כאַטע אונטער די קלאַנגען פון אַפריקאַנער פּויקן און די געזאַנגען פון די פרויען. כ׳וועל אויך נישט פאַרגעסן דעם אויס־דרוק פון דערלײַכטערונג, וואָס איך האָב געזען אויף די פּנימער פון מײַנע באַגלייטערס, ווען זיי האָבן מיך געזען צוריק פון דער כאַטע, אַ גאַנצע, אַ געזונטע און זייער אַ צופרידענע. עס האָט אויף מיר געמאַכט אַ גרויסן רושם די פּילקאָ־ליריקייט פון דער צערעמאָניע און כ׳האָב געהאַט גרויס פאַרגעניגן פון איר נאַטירלעכקייט און האַרציקייט. די וואַרעמקייט און פרייד האָבן אַרויסגערופן אין מיר דאָס געפיל אַז איך געפין זיך צווישן אייגענע אומעטום ווו איך בין געקומען אין אַפריקע, ווי איך האָב עס אין ערגעץ נישט אָנגעטראָפן, און אוודאי

נישט אין אַזיע.

פון ליבעריע זענען מיר געפאָרן קיין גאַנאַ, די ערשטע זעלבשטענדיקע און באַפרייַטע מדינה אין אַפריקע; דאָרט האָב איך זיך באַגעגנט מיט ד״ר קוואַמע נקרומאַ, דעם חנעוודיקן האַלב־גאָט פון אַפריקאַנער נאַציאָנאַליזם אין יענע טעג. אוממעגלעך געווען אים נישט ליב צו האָבן און באַוווּנדערן, אָבער דער לאַנגער שמועס וואָס איך האָב מיט אים געהאַט גלייַך נאָך מייַן אָנקומען קיין אַקראַ, האָט דאָך אַרויסגערופן אין מיר באַוואָרענישן לגבי זייַן אויפריכטיקייט און אָפנהאַרציקייט. ס׳איז געווען עפּעס נישט־ממשותדיקס און אַפילו נישט צוציִענדיקס אין זייַן רעטאָריק און זייַן לייַדנשאַפטלעכן באַגער צו פאַרבלייַבן דער גרויסער סימבאָל פון אַפריקעס באַפרייַונג. ער האָט גערעדט וועגן פּראָבלעמען פון אַפריקע, ווי עס וואָלט אים נאָר געגאַנגען אין דער פאָרמעלער זעלבשטענדיקייט און עס האָט אויסגעזען אַז ער איז אַ סך ווייניקער אינטערעסירט אין אַנטוויקלען די אוצרות פון אַפריקע, אָדער אַפילו אין דער פראַגע ווי אַזוי אויפצוהייבן דעם לעבנס־ניוואָ פון זייַן פאָלק. מיר האָבן נישט געפונען קיין בשותּפותדיקע שפּראַך. ער האָט גערעדט וועגן דער גלאָריע פון דער פרייַהייט און איך האָב גערעדט וועגן חינוך, פאָלקס־געזונטהייט און וועגן דעם אַז אַפריקע דאַרף אַרויסברענגען אירע אייגענע לערערס, טעכניקערס און דאָקטוירים. מיר האָבן גערעדט שעהען־לאַנג, אָבער מיר דאַכט אַז מיר האָבן איינע דעם צווייטן נישט איבערצייַגט.

איך האָב געוואָלט זייַן פּראַגמאַטיש און פרווון שטעלן דעם אַקצענט אויף טעכניק און וויסנשאַפט. דערקעגן נקרומאַ האָט נישט געקענט אויסמייַדן זייַנע אָנגעבלאָזענע מליצות, ער האָט מיר, למשל, דערקלערט פאַר וואָס ער האָט זיך אַליין אויפגעשטעלט אַ ריזיקע סטאַטוע קעגן איבער דעם פּאַרלאַמענט־בנין אין אַקראַ און פאַר וואָס זייַן ביוסט באַצירט די נייַע מטבעות אין גאַנאַ. „די זעלב־שטענדיקייט זאָגט גאָרנישט די מענטשן אין די ווייַטע דערפער. זיי ווייסן נישט דעם פּירוש פון דעם וואָרט, אָבער ווען זיי נעמען אַ מטבע און זעען אויף איר נקרומאַס פּאָרטרעט אַנשטאָט דער ענגלישער קעניגין, ווייסן זיי וואָס עס מיינט אומאָפּהענגיקייט״. עס איז געווען אַ פונדאַמענטאַלער אונטערשייד אין צוגאַנג, אָבער דאָס האָט נישט געשטערט צו לייגן דעם יסוד פון באמת נאָענטע באַציִונגען צווישן גאַנאַ און ישראל, וועלכע זענען געקומען צום אויסדרוק אין צענדליקער פּראָיעקטן פון אויסשולונג, וואָס מיר האָבן אָרגאַניזירט סייַ אין ישראל, סייַ אין גאַנאַ, ווי אויך אין דער בויאַרבעט און טעכנישער באַדינונג, דורכגעפירט דורך אַ ישראלדיקן פּערסאָנאַל. מיר האָבן אויך געהאָלפן שאַפן און אָנפירן די גאַנער שיפס־געזעלשאַפט „דער שוואַרצער שטערן״. פאַקטיש זענען הייַנט פאַראַן הונדערטער ישראלים, פאַר וועלכע גאַנאַ איז געווען אַ צווייטע היים און גאַנאַס צוקונפט איז פאַר זיי געווען כמעט אַזוי וויכטיק ווי די צוקונפט פון ישראל.

שפּעטער האָב איך זיך באַגעגנט מיט נאָך אַפריקאַנער מנהיגים, ווי, למשל,

פּרעזידענט הופֿועט־בואַני פֿון העלפֿאַנטבײן־ברעג, וואָס האָט געהאַט בערך די זעלבע השגות און פּריאָריטעטן ווי איך. (ער האָט, אַגב, באַלאַנגט צום זעלבן שבט ווי נקרומאַ און געקענט מיט אים רעדן בלויז אויף זייער שבטים־שפּראַך, ווײַל הופֿועט־בואַני האָט נישט געקענט קיין ענגליש און נקרומאַ קיין פֿראַנצויזיש). ער איז געווען איבערצײַגט, אין 1958, אַז אַנטוויקלונג איז נישט ווייניקער וויכטיק ווי זעלבשטענדיקייט. ער האָט געזען מיט אַ סך מער קלאָרקייט ווי נקרומאַ די סכּנות וואָס וועלן זיך שאַפֿן פֿאַר די אַפֿריקאַנער, אויב זיי וועלן אַנגיין מיט זייערע פֿאָדערונגען פֿאַר זעלבשטענדיקייט און נישט זײַן דערצו ווי געהעריק צוגעגרייט: דער מוסולמענישער עקסטרעמיזם; די נאָך געפֿערלעכערע קאָמבינאַציע פֿון קאָמוניזם — רוסישער אָדער כינעזישער — מיטן איסלאַם; דער צוריקקער — אונטער אַן אַנדער מאַסקע — פֿון אַפֿריקעס אַמאָליקע בעלי־בתּים און די אָפּשוואַכונג פֿון די פּראָגרעסיווע עלעמענטן איבער גאַנצן קאָנטינענט. הופֿועט־בואַני האָט לאַנגע יאָרן באַוויזן זיך אַנטקעגנצושטעלן נאַצערס דראָונגען און זידלערײַען. אָבער אין נאָוועמבער 1973 האָט אַפֿילו הופֿועט־בואַני זיך אונטערגעגעבן און איבערגעריסן די באַציִונגען מיט אונדז און דערבײַ מיט אומעט דערקלערט, אַז ער האָט געדאַרפֿט אויסקלײַבן צווישן זײַנע אַראַבישע „ברידער" און זײַנע ישׂראלדיקע פֿרײַנד. אין 1958 איז דאָס נאָך אַלץ געלעגן אין דער שויס פֿון דער צוקונפֿט און גוט וואָס עס איז אַזוי געווען.

כאָטש איך בין געווען דערשלאָגן פֿון מײַן ערשטער באַגעגעניש מיט נקרומאַ, איז דאָך מײַן באַזוך אין גאַנאַ געווען נישט נאָר שפּאַנענדיק, נײַערט אויך פֿון דעצידירנדיקער וויכטיקייט פֿאַר אונדזער גאַנצער אונטערנעמונג אין אַפֿריקע. אין דער רעם פֿון די זעלבשטענדיקייט־פֿײַערונגען האָט גאַנאַ געשפּילט די ראָלע פֿון מכניס־אורח פֿאַר דער ערשטער קאָנפֿערענץ פֿון אַלע אַפֿריקאַנער פֿעלקער, אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון די פֿאָרשטייערס פֿון אַלע אַפֿריקאַנישע באַפֿרײַונגס־באַוועגונגען, אַרײַנגערעכנט די אַלזשירער פֿ.ל.נ. איך האָב זיך נאָך פֿריִער געהאַט באַגעגנט מיט דאָקטאָר דזשאָרזש פּאַדמאָר, אַ דורכויס פֿעיִקן מענטש פֿון די אינדישע מערבֿ־אינדזלען, אַ געוועזענעם קאָמוניסט, אין יענער צײַט דער וויכטיקסטער אידעאָלאָג פֿון „פּראָגרעסיוון פּאַן־אַפֿריקאַניזם". ער האָט פֿאַרטראַכט די אַנטוויקלונג פֿון אַפֿריקע, געשטיצט, צווישן אַנדערע, אויף אַ גרויסער פֿינאַנציעלער הילף מצד די שוואַרצע פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן, לויטן מוסטער, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, פֿון פֿאַראייניקטן יידישן קאַמפּיין. ער איז געווען זייער פֿאַראינטערעסירט אין ישׂראל און האָט זיך אײַנגעשפּאַרט, איך זאָל זיך באַגעגענען מיט די אַנדערע אַפֿריקאַנער מנהיגים, פֿאַרזאַמלטע אין אַקראַ. דאָס איז אַ געלעגנהייט, האָט ער געזאָגט, ווי געשיקט פֿון גאָט, פֿאַר מיר און פֿאַר זיי. די קאָנפֿערענץ האָט זיך געדאַרפֿט אָנהייבן פֿיר אַ זייגער נאָך מיטאָג אין האָטעל אַמבאַסאַדאָר, דעם איינציקן נײַעם און מאָדערנעם האָטעל אין גאַנאַ, אָבער דרײַ

אַ זייגער האָט מען אונדז אײַנגעלאַדן אויף אַ ספּעציעלער זיצונג און ווען כ׳בין מיט פֿאַדמאָרן אַרײַן אין זאַל, האָבן שוין אַן ערך זעכציק מענטשן געוואַרט אויף מיר אַרום אַ ריזיקן טיש.

דאָס איז געווען אַן אויסטערלישע און דראַמאַטישע קאָנפֿראָנטאַציע. אַט זענען מיר געווען אין אַן אַפֿריקאַניש לאַנד, וואָס האָט דאָס ערשטע דערגרייכט זײַן זעלבשטענדיקייט (מיטן אויסנאַם, פֿאַרשטייט זיך, פֿון ליבעריע און עטיאָ־פּיע). איך, דער אויסערן־מיניסטער פֿון אַ יִידישער מדינה, וואָס איז בסך־הכּל צען יאָר אַלט, און זעכציק מענטשן, וועמענס לענדער וועלן אין צוויי אָדער דרײַ יאָר אַרום באַקומען זייער פֿרײַהייט. מיר האָבן אַלע אַ סך איבערגעלעבט, שווער געקעמפֿט פֿאַר אונדזער פֿרײַהייט — זיי, וואָס רעפּרעזענטירן מיליאָנען און מיליאָנען נאָך נישט געציילטע מענטשן איבער גאַנץ אַפֿריקע, און מיר, אין אונדזער קליינעם לאַנד, געמאַטערטע און באַלאַגערטע זינט אַזאַ לאַנגער צײַט. מיר האָט זיך דעמאָלט אויסגעוויזן, אַז דאָס איז באמת אַ היסטאָרישע באַגעגעניש ווי הערצל האָט עס אפשר פֿאַרויסגעזען. דעם רוב פֿון די אַפֿריקאַנער האָב איך נישט געקענט אידענטיפֿיצירן לויט זייערע נעמען, אָבער פֿאַדמאָר האָט מיר געזאָגט ווער זיי זענען: די פֿירערס פֿון קעמפֿנדיקן אַלזשיר, פֿון די אַנדערע פֿראַנצויזישע קאָלאָניעס, פֿון טאַנגאַנייקאַ, פֿון צפֿון־און דרום־ראָדעזיע. די אַטמאָ־ספֿער אין זאַל איז געווען זייער אָנגעלאָדן. איך האָב געקענט פֿילן די שפּאַנונג און דעם חשד, וואָס אַפֿילו פֿאַדמאָרס אַרײַנפֿיר־ווערטער האָבן נישט פֿאַרמינערט. „איך האָב צונויפֿגערופֿן אָט די זיצונג״ — האָט ער געזאָגט — „איר זאָלט אײַך קענען טרעפֿן מיט דעם אויסערן־מיניסטער פֿון אַ יונג לאַנד, וואָס האָט מיט אַ קורצער צײַט צוריק באַקומען זײַן זעלבשטענדיקייט און דערגרייכט אַ וווּנדער־לעכן פּראָגרעס אויף יעדן געביט פֿון מענטשלעכער טעטיקייט״.

עטלעכע רגעס האָט געהערשט אַן אומבאַקוועם שטילשווײַגן און דערנאָך האָט זיך אויפֿגעשטעלט דער אַלזשירער פֿאַרשטייער. מיט אַן אײַזקאַלטער שטים האָט ער געפֿרעגט די סאַמע פּראָוואָקאַטיווסטע פֿראַגע, וואָס איז אָגב געווען אויפֿן אָרט. „מאַדאַם מאיר״ — האָט ער געזאָגט — „אייער לאַנד ווערט באַוואָפֿנט דורך פֿראַנקרײַך, דעם גרעסטן שונא פֿון די אַלע וואָס זיצן בײַם דאָזיקן טיש, וואָס זײַן רעגירונג פֿירט אַ ברוטאַלע, אומברחמנותדיקע מלחמה קעגן מײַן פֿאָלק און ווענדט אַן טעראָר קעגן מײַנע שוואַרצע ברידער. ווי באַרעכטיקט איר אײַערע אינטימע באַציִונגען מיט אַ גרויסמאַכט, וואָס איז דער גרעסטער שונא פֿון דער זעלבסטבאַשטימונג פֿון די אַפֿריקאַנער?״ און ער האָט זיך אַוועקגעזעצט. די פֿראַגע גופֿא האָט מיך בכלל נישט איבערראַשט, דערקעגן האָט מיך איבערראַשט דער פֿאַקט וואָס מיט איר האָט זיך געעפֿנט די זיצונג. איך האָב, ווײַזט אויס, דערוואַרט מער רייד און מער צײַט. דאָך בין איך געווען צופֿרידן וואָס מיר וועלן זיך נישט אַרײַנלאָזן אין מליצות און איך האָב זיך נישט געגייטיקט אין

קיין צײַט זיך צוצוגרייטן.

איך האָב אָנגעצונדן אַ ציגאַרעט און ווידער זיך אַרומגעקוקט אויף די מענטשן בײַם טיש. דערנאָך האָב איך געענטפערט אויף דער פראַגע. „אונדזערע שכנים" — האָב איך געזאָגט צו די זעכציק אַפריקאַנער פירערס וואָס האָבן געקוקט אויף מיר מיט אַזאַ שינאה און אַזאַ קאַלטקייט — „האָבן אַפּגעמאַכט אונדז צו פאַר־טיליקן מיטן געווער וואָס זיי באַקומען פון ראַטן־פאַרבאַנד אָן געלט, און פאַר זייער ווייניק געלט אויך פון אַנדערע קוואַלן. דאָס איינציקע לאַנד אויף דער וועלט וואָס איז גרייט — פאַר פרעמדער וואַלוטע און אַ סך — אונדז צו פאַרקויפן אַ טייל פונעם געווער, אין וועלכן מיר נייטיקן זיך פאַרן פאַרטיידיקן, איז פראַנק־רײַך. איך בין נישט קיין שותּף צו אייער שינאה קעגן דע גאָלן, אָבער דערלויבט מיר אײַך זאָגן דעם אמת — צי עס וועט אײַך געפעלן צי נישט. אַפילו ווען דע גאָל וואָלט געווען דער טײַוול אַליין, וואָלט נאָך אַלץ געווען די פליכט פון מײַן רעגירונג צו קויפן געווער פונעם איינציקן קוואַל וואָס איז פאַר איר אָפן. איצט דערלויבט מיר אײַך שטעלן אַ פראַגע: ווען איר וואָלט געווען אין אַזאַ לאַגע וואָס וואָלט איר געטאָן ?"

איך האָב געקענט כּמעט הערן דעם זיפץ פון דערלײַכטערונג וואָס איז אַדורך איבערן זאַל. די שפּאַנונג איז אַוועק, די אַפריקאַנער האָבן פאַרשטאַנען אַז איך זאָג דעם אמת און וויל זיי מיט גאָרנישט נאַרן, און זיי האָבן זיך גלײַך באַרויִקט. איצט איז גאָרנישט געווען קיין אָפּהאַלט פאַר דער כוואַליע פון פראַגעס וועגן ישׂראל. זיי זענען געווען ווי אויסגעהונגערט נאָך אינפאָרמאַציעס — וועגן די קיבוצים, הסתּדרות, מיליטער — און האָבן מיך באָמבאַרדירט מיט שאלות. זיי זענען געווען לגמרי אָפנהאַרציק אין זייערע פראַגעס. אַ יונגערמאַן פון צפון־ניגעריע (וואָס איז כּמעט אין גאַנצן מוסולמעניש) האָט זיך אויפגע־שטעלט און געזאָגט: „מיר האָבן נישט קיין ייִדן אין ניגעריע, אָבער מיר ווייסן, אַז מיר דאַרפן זיי האָבן!".

אָט דער דיאַלאָג מיט די אַפריקאַנער איז אָנגעגאַנגען כּמעט די גאַנצע צײַט פון מײַן זײַן אין גאַנאַ און ער האָט געלייגט דעם יסוד פאַר אונדזער פּלאַן פון אינטערנאַציאָנאַלער צוזאַמענאַרבעט. איך האָב זיך דערוואָרבן רעספּעקט און פרײַנדשאַפט מצד די אַפריקאַנער פירערס און זיי זענען געווען להוט זיך צו באַגעגענען און צוזאַמענצואַרבעטן מיט ישׂראלים. זיי זענען נישט געווען געוווינט צו ווײַסע וואָס האָרעווען אַליין מיט אייגענע הענט, אָדער צו ספּעציאַליסטן פון דער פרעמד, וואָס זענען גרייט צו פאַרלאָזן זייערע ביוראָען און אַרבעטן אויפן אָרט ווו עס ווערט דורכגעפירט דער פּראָיעקט. דער פאַקט וואָס מיר זענען, ווי זיי רופן עס, „בלינד אויף קאָלירן" איז געווען פון גאָר גרויסער וויכטיקייט. זאַכן, וואָס זענען פאַר מיר געווען אין גאַנצן נאַטירלעכע, האָבן בײַ די אַפריקאַנער אַרויסגערופן פאַרווּנדערונג — צי דאָס איז געווען מײַן

נישט־גראַציעזע אָבער אויפריכטיקע אָנשטרענגונג צו לערנען אַפריקאַנער טענץ, אָדער מײַן ענטוזיאַזם צו לערנען די שטײַפע יונגע באַאַמטע אין גאַנער אויסער־מיניסטעריום ווי צו טאַנצן אַ ישראלדיקע האָרע. דער עיקר — זיי האָבן געפילט, אַז איך האָב זיי זייער גערן. איך געדענק אַ פרימאָרגן, ווען כ'בין געזעסן אונטער אַ ריזיקן מאַנגאָ־בוים אין גאַנאַ און געקעמט מײַנע האָר. פלוצלינג, ווי דורך אַ כּישוף, האָבן זיך באַוויזן צען אָדער עלף קליינע מיידעלעך, וואָס האָבן מסתּמא פריער קיין מאָל נישט געזען קיין לאַנגע האָר. איינע פון זיי, מוטיקער פון אירע חברטעס, איז צו מיר צוגעגאַנגען. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זי האָט געוואָלט אָנרירן מײַנע האָר. דערפאַר האָב איך אין משך פון אַ האַלבער שעה דערלויבט זיי, לויט דער ריי, צו קעמען מײַנע האָר און איך האָב אַפילו נישט באַמערקט דעם המון פאַרוווּנדערטע אַפריקאַנער וואָס האָט זיך פאַרזאַמלט אַרום מיר.

מחמת דעם וואָס מיר האָבן זיך נישט אויפגעפירט אַזוי ווי זיי האָבן עס דערוואַרט פון פרעמדע, האָט זיך אונדז אײַנגעגעבן צו בויען אַ סך מער ווי פאַרמען, פאַבריקן, האָטעלן אָדער אויסשולן פּאָליציי, אויפשטעלן יוגנט־צענטערס אין אַזוי פיל אַפריקאַנער לענדער. מיר האָבן געהאָלפן בויען די זעלבס־זיכערקייט פון די אַפריקאַנער. דערמיט וואָס מיר האָבן געאַרבעט צוזאַמען, האָבן מיר זיי איבערצײַגט, אַז אויך זיי קענען ווערן כירורגן, פּילאָטן, וואַלד־ספּעציאַליסטן, מוניציפּאַלע פאַרוואַלטערס, אָדער פלאַנצן ציטרוס־ביימער, אַז טעכנישע פעיִקייט איז נישט — ווי מען האָט זיי געלערנט אין משך פון צענדליקער יאָרן — קיין פּריווילעגיע פון דער ווײַסער ראַסע אויף אייביק.

פאַרשטייט זיך, אַז שוין דעמאָלט האָבן די אַראַבער געטאָן וואָס זיי האָבן נאָר געקענט כּדי איבערצוצײַגן די אַפריקאַנער, אַז אין תּוך זענען מיר נישט אַנדערש ווי די אַנדערע „קאָלאָניאַליסטן", אָבער דער רוב אַפריקאַנער האָט געוווּסט, אַז דאָס איז נישט אמת. זיי האָבן געוווּסט, אַז דער פאַקט וואָס זאַמביאַ באַשעפטיקט ישראלדיקע ספּעציאַליסטן, פאַרוואַנדלט נישט די זאַמביער הינער אין „קאָלאָניאַליסטישע" עופות און אַז די פיש־אינדוסטריע, וואָס די ישראלים האָבן אויפגעשטעלט אין מאַלי, האָט נישט אַרויסגעגעבן קיין „אימפּעריאַליסטישע" פיש. זיי האָבן אויך געוווּסט, אַז די הונדערטער אַפריקאַנער וואָס האָבן געלערנט לאַנדווירטשאַפט אין ישראל זענען נישט געשולט געוואָרן אין גײַסט פון עקספּלו־אַטאַציע. מיר האָבן אָנגעשטעלט דרײַ פונדאַמענטאַלע קריטעריעס פאַר אונדזער פּראָגראַם און איך מיין אַז ס'וועט נישט זײַן קיין באַרימערײַ צו זאָגן, אַז אַפילו אַט די קריטעריעס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ נײַע ווענדונג. מיר פלעגן פרעגן, זיך און די אַפריקאַנער, דרײַ שאלות אין שײַכות מיט יעדן פּראָיעקט וואָס מען האָט פאָרגעשלאָגן: איז ער געוווּנטשן? איז ער באמת נייטיק? וועט ישראל זײַן מסוגל צו העלפן אויפן דאָזיקן געביט? און מיר האָבן אָנגעהויבן מיט פּראָיעקטן בלויז דעמאָלט ווען דער ענטפער אויף אַלע שאלות איז געווען

„יאָ". די אַפריקאַנער האָבן אַזוי אַרום געלערנט, אַז מיר האַלטן נישט, אַז מיר זענען מסוגל אויטאָמאַטיש צו לייזן אַלע זייערע פּראָבלעמען.

איך פלעג ווידער און ווידער פאָרן קיין אַפריקע און זיך צוגעווינט, אַז פאַר יעדער נסיעה זאָל מען מיר זאָגן, אַז דאָס איז „צו פיל" פאַר מיר. איך האָב זיך צוגעוווינט צו דער היץ, צו דער אָפטער אומרייניקייט, צו וואַשן די ציין מיט געקאָכט וואַסער (און ווען דאָס איז אויך נישט געווען — מיט קאַווע) און צו פאַרברענגען שעהען־לאַנג מיט ענינים וואָס כ'וואָלט זיך אַפילו אין די ווילדסטע חלומות נישט פאָרגעשטעלט, ווי למשל, כ'זאָל זײַן די פאַרזיצערין בײַם אויסווײלן די שיינהייטס־קעניגין אין טאָג פון קאַמערונס אומאָפּהענגיקייט, אָדער זײַן אויף אַן אָוונטברויט אין אַבידזשאַן מיט אַ גרופּע אַפריקאַנער פירערס און הערן, ביי מיין אַרייַנגיין, די „יידישע מאַמע" אויפגעשפּילט זייער רירנדיק דורך אַן אַפרי־קאַנער אָרקעסטער. וואָס מער איך בין אַרומגעפאָרן איבער אַפריקע, אַלץ מער האָב איך זי ליב באַקומען און דאָס זעלבע, צו מײַן גליק, קאָן איך זאָגן וועגן די אַפריקאַנער לגבי מיר. ביזן הײַנטיקן טאָג קאָרעספּאָנדיר איך מיט אייניקע פון די אַפריקאַנער עלטערן, וועלכע האָבן אָנגערופן אַ טאָכטער זייערע אויף מײַן נאָמען. אַנומלט האָב איך באַקומען אַ בריוו פון אַ מאַן אין ריוועערסטייט, ניגעריע. „איך באַשטעטיק מיט דאַנק" — האָט ער געשריבן — „אַז איך האָב דערהאַלטן אײַער ליבן בריוו, אין וועלכן איר האָט אַרײַנגעלייגט אַ האַלדזבאַנד פאַר דער קליינער גאָלדע. איר וועט דאָ געפינען בײַגעלייגט אירס אַ בילד, וואָס מיר שיקן אײַך ווי אַן אויסדרוק פון אונדזער אָפּשאַצן אייערע גוטע מעשים לטובת דער מענטשהייט". עס האָבן מיך טיף גערירט די פאַרשיידענע אופנים, ווי די אַפריקאַנער האָבן אויסגעדריקט זייער ליבשאַפט צו מיר.

דעצעמבער 1959 האָב איך באַזוכט קאַמערון, צוריקגעפאָרן קיין גאַנאַ, געפאָרן דעם ערשטע מאָל קיין טאָגאָ (חוץ אַנדערע אונטערנעמונגען, האָבן מיר דאָרט געהאָלפן אויפשטעלן אַ נאַציאָנאַלע יוגנט־באַוועגונג און אָרגאַניזירן אַ קאָאָפּע־ראַטיוו דאָרף), ווידער באַזוכט דעם פּרעזידענט טאַבמאַן אין מאָנראָוויאַ און געמאַכט אויספלוגן אין סיעראַ לעאָנע און גאַמביאַ. איך בין אויך געפאָרן אין גינעאַ און צום ערשטן מאָל זיך באַגעגנט מיט סעקו טורע. אָבער דאָס איז נישט געווען קיין געראָטן באַגעגעניש. ער איז געווען איינער פון די ווייניקע אַפריקאַנער פירערס, מיט וועלכן איך האָב נישט באַוויזן אָנצוקניפּן קיין פּערזענ־לעכע באַציִונגען, כאָטש זײַנע אינטעלעקטועלע פעיִקייטן האָבן אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן אײַנדרוק. פּונקט ווי נקרומאַ און, אין אַ קלענערער מאָס, ווי ניירערע פון טאַנזאַניע, איז סעקו טורע געווען מער פאַראינטערעסירט אין אינטערנאַ־ציאָנאַלן מעמד פון זײַן לאַנד, ווי אין ווילזײַן. כאָטש ער איז געווען אַן עקס־טרעם לינקער, האָט ער נישט אַרויסגעוויזן אויף אַן אמת סאָציאַלע איינשטעלונגען און מיר האָבן אים דעריבער זייער ווייניק געקענט פאַרשלאָגן. מיר האָבן דאָך

עפּעס אויפגעטאָן אין גינעאַ און אין קאָנאַקרי איז פאַראַן אַ פיַינע טעכנישע מיטלשול, וועלכע מיר האָבן געהאָלפן אויפשטעלן. אָבער גינעאַ האָט זיך קיין מאָל נישט באַצויגן צו ישראל מיט אמתער פריַינדשאַפט און עס האָט מיך נישט באַזונדערס איבערראַשט, ווען נאָך דער זעקסטאָגיקער מלחמה האָט גינעאַ די ערשטע אין אַפריקע איבערגעריסן מיט אונדז די דיפּלאָמאַטישע באַציִונגען. דאָס הייסט נישט, אַז איך זע אין דער באַציִונג צו ישראל אַן איבערצייגנדיקן באַווייז פון דער קוואַליטעט פון דער פירערשאַפט אין דאָזיקן לאַנד, אָבער אַ פאַקט איז, אַז וואָס מער אַן אַפריקאַנער פירער איז געווען פאַראינטערעסירט אין פּראָגרעס פון זיַין פאָלק, אַנשטאָט אין שפּיל מיט דעם אָדער יענעם בלאָק, אַלץ גרעסער איז געווען דער פאַרלאַנג און דער אינטערעס פון דעם דאָזיקן לאַנד אין אונדזער הילף און אין דער זעלבער מאָס זענען אויך די באַציִונגען צווישן אונדז געווען בעסערע.

אַ טייל פון מיַינע געפילן לגבי אָט דעם ענין — און לגבי אַנדערע אַספּעקטן פון מיַינע דערפאַרונגען אין אַפריקע — האָב איך אויסגעדריקט אין אַ רעדע אויף דער גענעראַל־פאַרזאַמלונג פון דער אונאָ סוף 1960, ווען ס׳זענען שוין דאָרט געווען פאַרטראָטן זעכצן זעלבשטענדיקע אַפריקאַנער לענדער. בעת איך האָב גערעדט, זענען מיר געקומען אויפן זינען די מענער, פרויען און קינדער, וואָס איך האָב באַגעגנט אין אַפריקע און וואָס מיט אַ סך פון זיי האָב איך אַפילו נישט געקענט רעדן אָן אַן איבערזעצער; אָבער מיט אַלע האָב איך זיך געפילט פאַרבונדן אין אַן אמתן בונד פון ברידערלעכקייט און איך האָב אויך געזען אין מיַין דמיון די ייִדן גערודפטע, באַרויבטע, אָן בילדונג, וועלכע זענען געקומען קיין ישראל אין די הונדערטער טויזנטער, אין דער האָפענונג צו געפינען דאָרט אַ גן־עדן אויף דער ערד. געטראַכט האָב איך בעתן רעדן וועגן דער שטרויכלונג צו וועלכער עס קענען פירן נישט־רעאַליסטישע דערוואַרטונגען און פאָליטישע פאַנטאַזיע — סיַי לגבי דער פאַרגאַנגענהייט, סיַי לגבי דער צוקונפט — סכנות אויף וועלכע מיר זענען אויך אויסגעשטעלט; איז דעריבער געווען נאַטיר־לעך, איך זאָל רעדן אין דער שפּראַך פון „מיר" און נישט „זיי".

„צוויי סכנות לויערן אויף די נייַע זעלבשטענדיקע מדינות: די ערשטע איז דאָס קלאַמערן זיך אין עבר, די צווייטע — די אילוזיע, אַז פּאָליטישע אומאָפּהענגיקייט קען שנעל ברענגען לייזונגען פאַר אַלע אונדזערע פּראָב־לעמען.

„וואָס מיין איך מיטן קלאַמערן זיך אין עבר? ס׳איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז אַ סך נייַע פעלקער האָבן אומגליקלעכע און אין באַשטימטע פאַלן ביטערע זכרונות. מען קען פאַרשטיין, אַז אַ סך פון זיי פילן די עוולה וואָס געווע־זענע הערשערס זענען קעגן זיי באַגאַנגען און דערפאַר באַטראַכטן זיי דעם איצטיקן מצב זייערן ווי אַ ירושה פון דער פאַרגאַנגענהייט. פאַר

זיי איז אַ ווייטיקלעכער פּאַראַדאָקס, וואָס בעת אַ טייל לענדער האָבן פּראָבלעמען פון איבערפלוס און איבערפּראָדוקציע, זענען זיי געבליבן שטעקן אין אָרעמקייט. אַז זיי קוקן אויף זייערע לענדער און זעען די אוצרות מינעראַלן און תּבֿואה, גאָלד און דיאַמאַנטן, באָקסיט, אײַזן און קופּער, קאַקאַאָ און באַוול, צוקער און גומי — מוזן זיי קומען צום אויספיר, אַז עס איז נישט דער ווילן פון גאָט זיי זאָלן דאַרפן הונגערן. מיר קענען נישט דערוואַרטן פון די אַפריקאַנער, זיי זאָלן מושפּע ווערן פון די דערגרייכונגען אין דער חלל־עפּאָכע, אין דער צײַט ווען אַזוי פיל פון זייערע ברידער ווייסן נישט וואָס אַן אָלף איז. מען קען נישט פאָדערן פון אַ מוטער אין אַן אַפריקאַנער דאָרף, זי זאָל נתפּעל ווערן פונעם פּראָגרעס פון דער מעדיצין אויף דער וועלט, בעת זי זעט ווי אירע קינדער לײַדן פון טראַכאָמע, טובערקולאָז און מאַלאַריע. דאָס אַלץ מוז מען פאַרשטיין. עס איז, ווי שוין געזאָגט, נאַטירלעך, אַז די נײַע, פרײַע פעלקער זאָלן געדענקען זייערע לײַדן און דערנידערונג. אַ פאָלק קען נישט בויען זײַן צוקונפט, אויב עס געדענקט נישט זײַן פאַרגאַנגענהייט. אָבער אַ פאָלק קען נישט לעבן אין כּסדרדיקער מרה־שחורה וועגן זײַן פאַרגאַנגענהייט; עס איז דער חובֿ פון פאָלק אַרײַנצוטאָן זײַן גאַנצע ענערגיע און אַלע זײַנע פעיִקייטן אין דער צוקונפט".

דערנאָך האָב איך גערעדט וועגן פאַרמעסט מיט דער צוקונפט.

„מיר, די נײַע פעלקער, האָבן דערגרייכט אונדזער זעלבשטענדיקייט אין אַ תּקופה, אין וועלכער דער מענטש איז דערגאַנגען צו זײַנע גרעסטע אויפטועןָ. אין באַשטימטע ערטער אויף דער וועלט האָבן די אַנטוויקלונג און דער לעבנס־ניוואָ דערגרייכט אַ פאַנטאַסטישע הייך. זאָל מען אונדז נישט זאָגן, אַז מיר זאָלן אָנגיין פּאַמעלעך מיט אונדזער אַנטוויקלונג. זאָל מען אונדז נישט זאָגן, אַז עס האָט גענומען דורות און הונדערטער יאָרן, ביז די אַנטוויקלטע לענדער זענען דערגאַנגען צו זייערע איצטיקע דער־גרייכונגען. מיר קאָנען נישט וואַרטן. מיר מוזן זיך גיך אַנטוויקלען. ווי עס האָט געזאָגט אַ פרײַנד פון קעניאַ, בעת אַ באַזוך אין ישׂראל: „זאָל איך גיין צו פוס אין דער עפּאָכע פון סילאָן־עראָפּלאַנען, נאָר דערפאַר ווײַל די וואָס האָבן איצט סילאָנען זענען מיט דורות צוריק געגאַנגען צו פוס?"

דאָס איז אַ פאַרמעסט נישט נאָר פאַר די נײַע פעלקער, נאָר אויך פאַר דער גאַנצער וועלט. מען האָט אַ סך גערעדט און געטאָן אין דעם וואָס איך וואָלט אָנגערופן „די ערשטע הילף": טיילן זיך מיט שפּײַז, אַרײַ־בערפירן דעם עודף פאַר די הונגעריקע. אָבער איך וויל זאָגן, אַז מיר וועלן קיין מאָל נישט זײַן באמת פרײַ, אויב אַנדערע וועלן דאַרפן שפּײַזן

אונדזערע קינדער. אונדזער פרײַהייט וועט זײַן אַ פּולע, נאָר דעמאָלט ווען מיר וועלן זיך אויסלערנען אַרויסברענגען פון אונדזער אייגענעם באָדן די שפּײַז, אין וועלכע מיר נייטיקן זיך. דער רוף, וואָס טראָגט זיך פון אַפריקע און אַזיע איז: טיילט אײַך מיט אונדז נישט נאָר מיט שפּײַז, נײַערט אויך מיט אײַער וויסן ווי אַזוי דאָס צו פּראָדוצירן. די שרעקלעכסטע אומגלייכהייט אויף דער וועלט איז הײַנט דער מהלך צווישן די וואָס גרייכן בפּועל־ממש צו דער לבנה און די וואָס ווייסן נישט ווי עפעקטיוו אַרויסצוציִען פון זייער באָדן די טעגלעכע באַדערפענישן זייערע. די גויטווענדיקייט צו שטילן דעם גײַסטיקן הונגער איז נישט ווייניקער דרינגענדיק ווי דאָס שטילן דעם הונגער נאָך ברויט. די אמתע פּראָבלעם איז, ווי די וועלט זאָל זיך אָרגאַניזירן, כּדי אַריבערצוּוואַרפן אַ בריק איבערן צײַט־מהלך פון דורות און טיילן זיך מיטן דאָזיקן וויסן מיט די אַלע וואָס נייטיקן זיך אין אים. די וויסנשאַפט און טעכנאָלאָגיע פון אונדזער דור, וואָס זענען אין רשות פון די אינדוסטריעל אַנטוויקלטע לענדער, דאַרפן געשטעלט ווערן אין דער פולער מאָס, אָן באַגרענעצונגען, צו דער דיספּאָזיציע פון די נײַע פעלקער, כּדי צו העלפן זיי לייזן זייערע שאַרפע פּראָבלעמען אויפן געביט פון עקאָנאָמיע, געזעלשאַפט און געזונטהייטס־וועזן".

אַחוץ ישראלס פּראָגראַם פאַר אינטערנאַציאָנאַלער צוזאַמענאַרבעט, דעם אַפראָ־אַזיאַטישן אינסטיטוט, געשאַפן דורך דער הסתדרות מיט דער הילף פון דער אַמע־ריקאַנער אַרבעט־פעדעראַציע און אונדזער אָנטייל אין די פאַרשיידענע אונאָ־אינסטיטוציעס פון ספּעציאַליסטן, וואָס פאַרנעמען זיך מיט די אַנטוויקלונגס־לענדער, זענען געווען און פאַראַן נאָך צוויי ישראלדיקע געביטן פון אַקטיוויטעט, וועלכע ציִען מיך באַזונדערס צו און וואָס ענטפערן, ביז אַ באַשטימטער מאָס לפּחות, אויף דער פראַגע, וואָס איך האָב אויפגעהויבן אין דער אונאָ. זומער 1960, איז אונטער דער אָנפירונג פון אַבאַ אבן — וועלכער איז דעמאָלט צוריק־געקומען פון וואַשינגטאָן, נאָך יאָרן גרויסער הצלחה ווי דער ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין דער אונאָ און האָט אין 1966 איבערגענומען מײַן אָרט ווי דער אויסערן־מיניסטער — פאָרגעקומען אין רחובות, אין פּראַקטיקן קאַמפּוס פון ווייצמאַן־אינסטיטוט פאַר וויסנשאַפט, די ערשטע אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענץ וועגן דער ראָלע פון דער וויסנשאַפט אינעם פאַרויסגאַנג פון די נײַע מדינות. דער ציל איז געווען צו פּרווון בויען אַן אמתע בריק צווישן די אַנטוויקלטע פעלקער און די זיך אַנטוויקלענדיקע פעלקער, דורך אײַנשפּאַנען די וויסנשאַפט און די טעכנאָלאָגיע לטובת די מדינות און פעלקער, וועלכע האָבן ערשט איצט דער־גרייכט זייער זעלבשטענדיקייט. אַ העלפט פון די באַטייליקטע זענען געווען מענטשן פון אַפריקע און אַזיע, די צווייטע העלפט — ערשטראַנגיקע וויסנשאַפט־

לערס פון אייראָפּע און אַמעריקע. פֿאַר אַלע אַנטיילנעמערס, און אויך פֿאַר מיר, איז די קאָנפֿערענץ געווען זייער סטימולירנדיק, די ערשטע פֿון דעם מין וואָס איז ווען ס׳איז פֿאָרגעקומען אויף דער וועלט.

אייניקע רעדעס זענען געווען צו לאַנג, אייניקע וויסנשאַפֿטלעכע פֿאַרלעזונגען צו אַבסטראַקט און אייניקע פֿון די פּראָגעס און ענטפֿערס — נישט אויפֿן אָרט. דאָך איז עס געווען אַ ריזיקער שפּרײַז אין דער ריכטונג פֿון אמתער אינטער־נאַציאָנאַלער צוזאַמענאַרבעט, אַ שריט וואָס, אין אַ געוויסן זינען, האָט ער געמיינט מער ווי די פֿאָרמעלע גלײַכהייט, וואָס עס טיילט צו דער פֿאַקט פֿון זײַן אַ מיטגליד אין דער אונאָ. אין רחובות האָבן זיך צונויפֿגעטראָפֿן פֿאָרשטייערס פֿון צוויי קולטורן, כּדי צוזאַמען פּלאַנירן די ספּעציפֿישע וועגן, לויט וועלכע איין טייל פֿון דער מענטשהייט וועט קענען אַרויסהעלפֿן דעם צווייטן, אויפֿן סאַמע ניצלעכסטן אופֿן. איך פֿלעג נישט מיד ווערן צו קוקן אויף די אַפֿריקאַנער מלוכה־לײַט (אַ סך פֿון זיי אין זייערע טיפּישע טאָגעס), וואָס איך האָב לעצטנס באַקענט אין אַפֿריקע — נײַע מיניסטאָרן פֿאַר דערציִונג, פֿאַר געזונטהייט־פּראָבלעמען און טעכנאָלאָגיע — פֿאַרטיפֿט אין אַ שמועס מיט נאָבעל־פּרײַז־לאַורעאַטן און אַנדערע באַרימטע מענטשן אין דער אינטערנאַציאָנאַלער וויסנ־שאַפֿטלעכער וועלט, מיט וועלכע זיי האָבן פֿאַמעלעך געפֿונען אַ בשותּפֿותדיקע שפּראַך. די ערשטע רחובות־קאָנפֿערענץ איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טראַ־דיציע. זינט 1960 זענען ענלעכע קאָנפֿערענצן פֿאָרגעקומען יעדע צוויי יאָר, אויפֿן קאַמפּוס פֿון וויצמאַן־אינסטיטוט און יעדעס מאָל מיט אַן אַנדערער טעמע: פּראָבלעמען פֿון פֿאָלקסגעזונט, פֿון עקאָנאָמיע, דערציִונג און לאַנדווירטשאַפֿט. יעדע קאָנפֿערענץ האָט געגעבן אירע אַנטיילנעמערס עפּעס וואָס מען קען קיין מאָל נישט קויפֿן בלויז מיט געלט: דאָס געפֿיל, אַז סוף־כּל־סוף לעבן מיר באמת, אין איין וועלט.

דער צווייטער פּראָיעקט, וואָס האָט פֿאַר מיר איצט דעם זעלבן אינטערעס ווי דעמאָלט בעת מיר האָבן מיט אים אָנגעהויבן, אין 1960, איז דער כּרמל־צענטער (וואָס איז פֿאָרמעל באַקענט ווי דער אינטערנאַציאָנאַלער אויסשולונג־צענטער פֿאַר קאָמונאַלער באַדינונג), וואָס קאָנצענטרירט זיך אין צוגרייטן פּרויען פֿאַר קאָמונאַלער אַרבעט אין די אַנטוויקלונגס־לענדער, אין אַזיע, אַפֿריקע און לאַטיין־אַמעריקע. במשך פֿון די לעצטע פֿופֿצן יאָר האָב איך געזען ווי דער צענטער האָט דערמעגלעכט פֿאַר הונדערטער פֿרויען — זאָל עס זיין אַ דערציִערין פֿון אַ קינדער־גאָרטן אין נעפּאַל, אַ דערנערונגס־ספּעציאַליסטין פֿון לעסאָטאָ, אָדער אַ לערערין פֿון מאַלאַווי — שפּילן אַ וויטאַלע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג פֿון זייערע לענדער. פֿאַר די דאָזיקע פֿרויען איז ישראל געווען אַ מין לעבעדיקע לאַבאָראַטאָריע, וואָרעם, ווי עס האָט מיר אַ מאָל געזאָגט אַ סטודענטין פֿון קעניאַ: „ווען איך זאָל פֿאָרן לערנען אין אַמעריקע, וואָלט איך מסתּמא געלערנט

די געשיכטע פון אַנטוויקלונג, אָבער דאָ, אין ישראל, האָב איך געזען די אַנט־וויקלונג אין דער פּראַקטיק".

דער צענטער האָט שטענדיק פאַרנומען אַ באַזונדער אָרט אין מײַן האַרץ, נישט נאָר דערפאַר ווײַל איך האָב אים געהאָלפן אויפשטעלן, צוזאַמען מיט אינגאַ טאָרסאָן פון שוועדן און מינאַ בן־צבי פון ישראל, נאָר אויך ווײַל איך באַוווּנדער אַזוי שטאַרק די דאָזיקע פרויען פון די אַנטוויקלונגס־לענדער, וועלכע פאַרלאָזן זייערע שטעט און דערפער, זייערע משפחות, און פאָרן ערגעץ ווײַט אין אַ פרעמד לאַנד, כּדי צו לערנען די פּראָפעסיעס, וואָס וועלן פאַרלײַכטערן און באַרײַכערן דאָס לעבן פון זייערע ברידער. ס'איז פאַראַן, מיין איך, אַ געוויסע גבורה — אַ וואָרט, וואָס איך באַנוץ נישט לײַכט אָדער אָפט — אינעם אָנשטרענג, װאָס עס מאַכן אַזעלכע פרויען, כּדי צו פאַרזיכערן אַ בעסערע און פולערע עקסיס־טענץ פאַר זיך, פאַר זייערע קינדער און קינדסקינדער דורך אַ שווערן און לאַנגן פּראָצעס פון זעלבסדערציִונג. צווישן די פרויען, וועלכע איך האָב באַגעגנט אין צענטער, געדענק איך זייער קלאָר אַ וווּנדערלעכע פרוי, אַ ריכטערין פון גאַנאַ, אַ שעמעוודיקע יונגע אַקושערקע פון סוואַזילאַנד, אַ זייער אײַנדרוקספולע פרוי, אַ מעדיצינערין, וועלכע האָט אָנגעפירט מיט משפּחה־פּלאַנירונג, אין ניגע־ריע, און אַן אימפּאָנירנדיקע, איבערגעגעבענע ספּעציאַליסטין אויפן געביט פון דערנערונג, אין עטיאָפּיע. זיי האָבן אַלע געהאַט מענער און קינדער, און געווען פרויען־פּיאָנערן, איטלעכע אויף איר געביט; זייער גרעסטע האָפענונג איז געווען, אַז אין איינעם אַ טאָג וועלן די פרויען אין אַפריקע פאַרנעמען דאָס אָרט וואָס עס קומט זיי אין דער אַפריקאַנער געזעלשאַפט און וועלן צוטראָגן זייער פולן חלק צו אַפריקעס צוקונפט, אַזוי ווי עס טוען די פרויען וואָס זיי האָבן געזען אין דער ייִדישער מדינה. כ'האָב, דאַכט זיך, קיין מאָל נישט באַגעגנט אַזעלכע פליַיסיקע, ענטוזיאַסטישע און צוציִענדיקע פרויען ווי די מיט וועלכע איך פלעג שעהען־לאַנג שמועסן אין חיפה. אויבנאויפיק האָט זיך געקענט דאַכטן אַז אונ־דזערע לעבנס־דערפאַרונגען זענען אין גאַנצן פאַרשיידענע, אָבער אין תּוך האָבן מיר געקעמפט פאַר די זעלבע צילן.

אונדזער אַנגאַזשירטקייט אין צוגרייטן די אַפריקאַנער איז נישט געווען באַגרענעצט אויף דער אַקטיוויטעט בלויז אין ישראל. מײַן באַזוך אין דער שול פאַר סאָציאַל־אַרבעטער, וועלכע איז געשאַפן געוואָרן מיט דער אונטערשטיצונג און הילף פון כּרמל־צענטער — צו ערשט ווי אַ בשותּפותדיקע אונטערנעמונג פאַר קעניאַ און ישראל — אין מאַטשאַקאָס, קעניאַ, איז געווען איינער פון די הויכפּונקטן אין מײַן ערשטער רײַזע איבער מזרח־אַפריקע, אין 1963, ווען איך בין געפלויגן טויזנטער מײַלן, על־פּי־רוב אין זייער קליינע עראָפּלאַנען, דורך קעניאַ, טאַנגאַניקאַ, אוגאַנדאַ און מאַדאַגאַסקאַר. פון צײַט צו צײַט האָבן מיר זיך אַראָפּגעלאָזט ערגעץ אין אַ קליין דערפל זיך צו טרעפן דאָרט מיט אַ ישראל־

דיקן ראַטגעבער װעלכער האָט שװער געאַרבעט, פֿאַרברענגען מיט אים און מיט זײַן משפּחה אַ שעה אָדער צװײ, און זען מיט די אײגענע אױגן דעם צוטרױ און די ליבשאַפֿט, מיט װעלכע עס באַציִען זיך צו אים די אַפֿריקאַנער, באַװוּנ־דערן די איבערגעגעבנקײט און עקשנות, װאָס האָבן דערמעגלעכט די יונגע ישׂרא־לים אױסצופֿירן די שװערע אױפֿגאַבעס, װאָס זײ האָבן אױף זיך גענומען אין פּרימיטיװע שװערע באַדינגונגען. דאָס הײסט נישט אַז ס'זענען קײן מאָל נישט געװען קײן דורכפֿאַלן און אַז אַלץ איז שטענדיק געװען ליכטיק און זיס. אָפֿט האָט עס געדױערט חדשים ביז אַ ישׂראלדיקע משפּחה האָט זיך צוגעװױנט צום קלימאַט, צום עסן, צום פֿאַמעלעכן טראַדיציאָנעלן אופֿן פֿון די אַפֿריקאַנער דורכצופֿירן אַן ענין, צו פֿאַרשטײן װאָס עס באַהאַלט זיך הינטער דער אַפֿריקאַנער פֿילבאַרקײט און אײַנגלײבענישן און קענען האַמעװען די אומגעדולד אָדער אַפֿילו אַראַגאַנץ, װעלכע װאָלטן צו נישט געמאַכט די דערגרײכטע אױפֿטוען. עס זענען געװען קריגערײַען, פּראָיעקטן װאָס זענען געבליבן שטעקן אין בלאָטע און מענטשן אױף בײדע זײַטן האָבן זיך געפֿילט געטראָפֿן. אָבער לרובֿ איז די צוזאַ־מענאַרבעט געראָטן װאָרעם סײַ די אַפֿריקאַנער, סײַ די ישׂראלים האָבן גוט פֿאַרשטאַנען דעם װערט פֿון דעם װאָס זײ פּרוּװן דורכפֿירן. די גרעסטע פֿרײד האָב איך געהאַט װען כ'האָב באַגעגנט די אַפֿריקאַנער װאָס האָבן באַקומען זײער צוגרײטונג אין ישׂראל און זײ האָבן מיר געװיזן זײערע קליניקעס, פֿאַר־מען אָדער שולן און מיר דאָס אַלץ פֿרײלעך דערקלערט אין אַ פֿליסיקן העב־רעיִש — שױן אָפּגערעדט פֿון די אַפֿריקאַנער „סאַברעס", װאָס איך האָב באַגע־גנט אומעטום, די שװאַרצע קינדער געבױרענע אין ישׂראל, װאָס זײער ערשטע שפּראַך איז געװען העברעיִש. די דאָזיקע אַפֿריקאַנער קינדער, — װי „ראַדיקאַל" זײ זאָלן נישט װערן — װעלן קײן מאָל נישט טראַכטן, אַז די פֿרײַנד װעלכע זײ האָבן דערװאָרבן אין באר־שבֿע, חיפֿה אָדער אין ירושלים, זענען זײערע שונאים און זײ װעלן אױך מיך נישט זען װי אַ שונא, נישט געקוקט דערױף װאָס זײ װעלן אפֿשר דאָס אַזױ זאָגן אין דער עפֿנטלעכקײט.

אײנע פֿון די אינסטרוקטיװסטע זאַכן, הגם נישט די װיכטיקסטע, װאָס איך האָב געלערנט אױף מײַן „גרױסן טורנע" אין מיזרח־אַפֿריקע, איז געװען, אַז מיר מוזן בײַטן דעם אופֿן פֿון אױפֿנעמען אָפֿיציעלע געסט אין ישׂראל. פּונקט װי די ישׂראלים, פֿלעגן די אַפֿריקאַנער פּלאַנירן לאַנגע עקסקורסיעס, װאָס פֿלעגן אָפֿט געדױערן צװעלף שעה אַ טאָג און מער, און נאָך דעם אַן רחמנות, לאַנגע באַנקעטן, מיט אַלע פּיטשעװקעס, אײַנגעשלאָסן רעדעס, אין װעלכע יעדער אײנער האָט באַגריסט יעדן אײנעם. איך פֿלעג זיצן אױף די באַנקעטן אין גאַנצן אַן אױסגעשעפּטע, װיסנדיק אַז אין עטלעכע שעה אַרום, װעלן מיר אַרױס־פֿאָרן אױף אַ נײַעם טורנע, אונטער דער ברענענדיקער זון, װאָס װעט זיך אומפֿאַרמײַדלעך ענדיקן מיט אַ נײַעם באַנקעט און נײַע רעדעס. האָב איך גע־

שווירן אַז ווען כ'וועל צוריקקומען קיין ישראל, וועל איך זאָרגן מיר זאָלן צוימען אונדזער איבערגעטריבענעם אופן פון הכנסת־אורחים, כאָטש ס'איז מיר שווער צו זאָגן אַז איך האָב דערין מצליח געווען.

בכל־אופן בין איך בײַם סוף קראַנק געוואָרן און געמוזט פאַרקירצן יענע רײַזע, כאָטש דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט אָפּרופן אַ קבלת־פּנים לכבוד מיר, וואָס עס האָט צוגעגרייט דער פאַרשטענדלעכער און זאַכלעכער מילטאָן אָבאָטע, פּרעזידענט פון אוגאַנדאַ, וועלכן אידי אַמין האָט שפּעטער אַזוי אכזריותדיק אַראָפּגעוואָרפן. עס פאַלט מיר אײַן, אַז אין אַ געוויסן זינען שטעלן פאַר מיט זיך אָבאָטע און אידי אַמין די צוויי עקסטרעמען אין אַפריקעס איצטיקער דילעמע. אָבאָטע איז דער קעגנזאַץ פון אַמינען — ראַציאָנעל, ערנסט, פלײַסיק און עפעקטיוו. איך מיין אַז דער פּראָגרעס פון אוגאַנדאַ איז צוריקגעשטויסן געוואָרן אויף לאַנגע יאָרן מיטן אָנקום פון אַ מענטשן ווי אידי אַמין, וועמען עס האָט אַזוי שטאַרק פאַרשאַט דאָס פאַרנעמען אַ פּאָזיציע פון אומבאַגרענעצטער מאַכט איבער אַ לאַנד, וווּ זעלבשטענדיקייט איז נאָך אַזוי נײַ. איך האָב נישט געקענט אַמינען אין דער צײַט ווען ער האָט זיך געלערנט אין ישראל צו זײַן אַ פּאַראַשוטיסט (נישט בלויז ער טראָגט נאָך מיט שטאָלץ די ישראלדיקע „פליג־לען", אויך אַנדערע אַפריקאַנער מנהיגים, אײַנשליסנדיק מאָבוטו, דער פּרעזי־דענט פון זאַיִר), אָבער שוין דעמאָלט ווען ער האָט נאָך געגלייבט אַז די זון גייט אויף און פאַרגייט איבער ישראל, האָב איך געהערט אַז ער איז, איידל געזאָגט, זייער עקסצענטריש. אויף מײַן לעצטער באַגעגעניש מיט אים אין ירוש־לים, ווען איך בין געווען פּרעמיער, האָב איך זיך איבערצײַגט, אַז ער איז אין גאַנצן משוגע. טשאַרלי טשאַפּלין וואָלט באמת געקענט אינסצעניזירן אונדזער שמועס.

„איך בין געקומען אײַך זען" — האָט ער זייער ערנסט געזאָגט — „ווײַל כ'וויל פון אײַך באַקומען עטלעכע פאַנטאָמס". „פאַנטאָמס? מיר פאַבריצירן נישט קיין פאַנטאָמס" — האָב איך געענטפערט — „מיר קויפן זיי אין אַמעריקע, ווען מיר קענען און נישט שטענדיק קענען מיר עס טאָן. דאָס זענען נישט קיין זאַכן וואָס מען קויפט און פאַרקויפט. בכל־אופן, צו וואָס דאַרפט איר פאַנטאָמס?" „אַ" — האָט ער ווייך געזאָגט — „כדי זיי צו ניצן קעגן טאַנזאַניע". דערנאָך האָט ער מיר צוגעשיקט אַ בריוול: „איך מוז תיכּף האָבן צען מיליאָן פונט שטערלינג". אויך דאָס האָב איך אים נישט געקענט געבן. האָט ער פאַרלאָזט ישראל מיט אַ שרעקלעכן אויסבראָך פון כעס, איז געפאָרן צו קאַלאָנעל קאַדאַפי אין ליביע — און אוגאַנדאַ האָט מיט אונדז איבערגעריסן די באַציִונגען אין 1972, אַנדערטהאַלבן יאָר פאַר דער יום־כּיפּור־מלחמה. אָבער אידי אַמין איז נישט אוגאַנדאַ און ער קען נישט פאַרבלײַבן דיקטאַטאָר אויף אייביק. דאָס איז אַ שטיקל טרייסט.

ווען איך דערמאָן זיך אין די אַפריקאַנער פירערס, וועלכע איך האָב באַגעגנט — דעם ווונדערלעכן אַלטן מאַן פון קעניאַ, דזשאָמאָ קעניאַטאַ און דעם פאַרשטאָר־בענעם טאָם מבאָיאַ, קענעט קאַונדאַ פון זאַמביאַ, דעם פּרעזידענט־פּאָעט סענגאָר פון סענעגאַל, דעם גענעראַל מאָבוטו סעסע סיקאָ פון זאַיִר, אויב צו דערמאָנען נאָר עטלעכע — מוז איך זאָגן, נישט געקוקט דערויף וואָס זיי האָבן מיט אונדז איבערגעריסן די באַציִונגען, אַז זיי זענען געווען און געבליבן אַ ברכה פאַר זייערע פעלקער און פאַר דער אַפריקאַנער באַפרייִונגס־באַוועגונג. איך טראַכט, אַז איינע פון די סיבות צוליב וועלכע איך האָב זיך אַזוי גרינג מיט זיי פאַרשטאַנען, הגם מיר האָבן נישט שטענדיק געהאַט איבער אַלץ די זעלבע מיינונג, איז געווען וואָס איך האָב תמיד פּאַרווירקלעכט מײַנע רעיונות אין דער פּראַקטיק און זיי האָבן דאָס געזען. אין 1964, למשל, האָב איך אַנטייל גענומען אין די צערעמאָניעס פון זאַמביאַס אומאָפּהענגיקייט־פּײַערונגען (פריִער צפון־ראָדעזיע) אַרײַנגערעכנט אַ באַזוך פון די וויכטיקסטע געסט בײַ די וויקטאָריאַ־וואַסערפאַלן, וואָס אַ טייל איז אין זאַמביאַ און אַ טייל אין אַ שטח, וועלכן מען האָט דעמאָלט נאָך גערופן דרום־ראָדעזיע. מען האָט אונדז גענומען צום וואַסערפאַל אין אויטאָבוסן און ווען מיר זענען אָנגעקומען אויף דער גרענעץ צווישןביידע לענדער, האָט די פּאָליציי פון דרום־ראָדעזיע געהאַט די חוצפה נישט צו לאָזן אַרויסגיין די שוואַרצע פון מײַן אויטאָבוס, כאָטש זיי זענען אַלע געווען אַפריקאַנער פּערזענלעכקייטן און די פּערזענלעכע געסט פון פּרעזידענט קאַונדאַ. איך האָב ממש נישט געקענט גלייבן מײַנע אויערן, ווען אַ פּאָליציי־אָפיציר האָט אויסגערופן „נאָר ווײַסע". „אויב אַזוי" — האָב איך געזאָגט — „באַדויער איך זייער, איך וועל אויך נישט אַרײַנגיין אין דרום־ראָדעזיע". ס'איז געוואָרן אַ גרויסע בהלה און די ראָדעזיער האָבן זיך זייער באַמיט צו ווירקן אויף מיר, איך זאָל אַראָפּגיין פון אויטאָבוס, אָבער איך האָב אַפילו נישט געוואָלט הערן. „איך האָב נישט די מינדסטע כוונה זיך צו שיידן פון מײַנע פרײַנד" — האָב איך געזאָגט. דערנאָך זענען מיר, צופרידענע, אַלע געפאָרן צוריק קיין לוסאַקאַ, ווו קאַונדאַ האָט מיך אויפגענומען ווי איך וואָלט געווען זשאַן ד'אַרק און נישט סתם אַ פרוי וואָס קען נישט און וויל נישט טאָלערירן קיין שום ראַסן־דיסקרימינאַציע.

אויף יענער רײַזע בין איך געווען פּאַרמישט אין נאָך אַן אינצידענט, וואָס האָט נאָך קלאָרער באַוויזן די אַפריקאַנער, אַז מיר מיינען טאַקע וואָס מיר זאָגן; דאָס האָבן זיי פריִער נישט געהאַט קיין גרונט צוצושרײַבן די אייראָפּעער. עס איז באַשטימט געוואָרן, אַז אויף מײַן וועג צוריק אַהיים פון זאַמביאַ, וועל איך באַזוכן ניגעריע. אויפן וועג האָב איך זיך פאַרהאַלטן אין נאַיראָבי און דאָרט האָט מען געדונגען פאַר מיר אַ ספּעציעלן עראָפּלאַן מיך צו ברענגען קיין לאַגאָס, ווײַל פון מיזרח־אַפריקע איז נישט געווען קיין אַנדערער אופן אָנצוקומען אַהין, סײַדן פליען איבער אַן אַראַבישער מדינה. אין נאַיראָבי האָט אויף מיר געוואַרט

אונדזער אַמבאַסאַדאָר אין ניגעריע און ער איז קענטיק געווען זייער באַזאָרגט. אין לאַגאָס, האָט ער מיר מודיע געווען, וועט מען מיך אויפנעמען מיט אַנטי־ישראלדיקע דעמאָנסטראַציעס. די פרויען פון אַלע אַמבאַסאַדאָרן פון די אַראַבישע לענדער זענען זיך צונויפגעקומען מיטן ציל צו אָרגאַניזירן פּראָטעסטן קעגן מײַן באַזוך. עס וואָלט אפשר געווען קליגער אָפּצורופן מײַן רײַזע. ניגעריע איז דעמאָלט געווען ערב וואַלן און אַ סך מיניסטאָרן זענען ממילא נישט געווען אין לאַגאָס; דאָס איז נישט די פּאַסיקע צײַט צו פאָרן. עס קאָן, חלילה, זיך עפּעס טרעפן מיט מיר. איך בין דעמאָלט געווען זייער מיד און עס האָט זיך מיר לגמרי נישט געגלוסט צו זײַן דער ציל פאַר ברוטאַליטעט אין די גאַסן פון דער גרויסער אַפריקאַנער שטאָט. פון אַ צווייטער זײַט, האָב איך געענטפערט, וועל איך זיך נישט לאָזן איבערשרעקן פון אַראַבישע אַמבאַסאַדאָרן, וועלכע באַהאַלטן זיך הינטער די פאַרטעכער פון זייערע ווײַבער. „איך וועל זיך נישט אַרויפצווינגען אויף דער ניגערישער רעגירונג" — האָב איך געזאָגט — „אָבער אויב די רעגירונג רופט נישט אָפּ איר אײַנלאַדונג, איז מײַן כּוונה צו פאָרן אַהין".

ווען מיר זענען אָנגעקומען אויפן פליפלאַץ אין לאַגאָס האָב איך געזען מאַסן מענטשן וואַרטן אונטן, הונדערטער און הונדערטער אַפריקאַנער. „דאָס איז עס" — האָב איך געטראַכט — „און ס׳וועט זײַן זייער נישט אָנגענעם". אָבער אַנשטאָט היסטערישע דעמאָנסטראַנטן, זענען געקומען מיך מקבל־פּנים זײַן מאַסן מענער און פרויען וואָס האָבן אָדער באַקומען זייער אויסשולונג אין ישראל, אָדער זענען געשולט געוואָרן דורך ישראלים אין ניגעריע. אַלע האָבן געזונגען „הבאנו שלום עליכם", דאָס ליד וואָס כ׳האָב שוין געהערט טויזנטער מאָל, האָט מיך קיין מאָל נישט גערירט ווי יענעם אָוונט. צו מאָרגנס האָט מיך אויפגענומען דער פּרעזידענט אַזיקיווע, „מיר שעצן און באַגריסן אײַך ווי אַן אַמבאַסאַדאָר פון גוטן ווילן". אָט די רײַזע קיין ניגעריע איז געווען אַ גרויסער דערפאָלג.

אין אַזיע האָב איך פאַרבראַכט ווייניקער צײַט, כאָטש אויך דאָרט האָט מען מיך שטענדיק גוט אויפגענומען. עס האָבן מיר אָבער געפעלט די לעבהאַפטיקייט און די דראַמאַטישקייט, וואָס איך פאַרבינד מיט אַפריקע. אפשר איז עס געווען דערפאַר, וואָס איך האָב קיין מאָל נישט פאַרשטאַנען ריכטיק די געזעצן פון דער קאָמפּליצירטער אויפפירונג אין ווײַטן מיזרח, און אפשר ווײַל די יידן, די יידישע ירושה און די יידישע מאָראַל זענען אין אַזיע געווען ווייניקער באַקאַנט ווי אין אַפריקע, ווו דאָס קריסטנטום האָט געבראַכט אַן אמתע קרובהשאַפט מיטן תנ"ך. אַפילו די נעמען פון ערטער אין ישראל: גליל, נצרת, בית־לחם האָבן אַ זינען פאַר געבילדעטע אַפריקאַנער און איך האָב אין אַפריקע, כמעט אין יעדן לאַנד, באַגעגנט מענטשן וואָס הייסן משה, שמואל, שאול. אָבער אַזיע איז אין גאַנצן אַנדערש, מחוץ די טראַדיציעס פון „אַלטן טעסטאַמענט". דאָרט איז נייטיקער געווען צו דערקלערן און אינטערפּרעטירן ווער מיר זענען און

פון וואַנען מיר קומען. אַפילו אַ מענטש מיט קולטור ווי בורמאַס געוועזענער פּרעמיער־מיניסטער, או נו, האָט אַ מאָל געזאָגט צו אונדזער אַמבאַסאַדאָר אין ראַנגון, דוד הכּהן, אַז ער האָט וועגן אונדז גאָרנישט געוווּסט, ביז ער האָט „דורך אַ צופאַל זיך אַנגעשטויסן אין אַ בוך". און ערשט ווען ער האָט געלייענט די ביבל, שוין ווי אַ דערוואַקסענער, האָט ער אַנטפּלעקט די עקסיסטענץ פון די ייִדן. אויב די באַציִונגען צווישן בן־גוריונען און או נו זענען געוואָרן אַזוי נאָענט, איז עס אפשר אויך דערפאַר וואָס בן־גוריון האָט רעלאַטיוו שפּעט געלערנט וועגן בודיזם.

איידער איך וועל שרײַבן וועגן מײַנע נסיעות אויפן ווײַטן מיזרח, וויל איך ווידער זאָגן, אַז די איינציקע נאַציע אין אַזיע, וווּ מיר האָבן נישט געהאַט קיין דריסת־רגל איז, צום גרויסן באַדויערן, כינע, ווי איך האָב שוין פריער אין קורצן באַמערקט. פאַראַן ישראלים, צווישן זיי דוד הכּהן, וועלכע האַלטן, אַז מיר האָבן זיך נישט גענוג אַנגעשטרענגט זיך צו באַפרײַנדן מיט די כינעזער, אָבער איך בין גאָרנישט אַזוי זיכער אַז מיר האָבן געקענט טאָן מער ווי מיר האָבן געטאָן. אין 1955 האָבן מיר געשיקט קיין כינע אַ האַנדלס־דעלעגאַציע, אַנגעפירט פון דוד הכּהן און, פאַרשטייט זיך, מיר האָבן אײַנגעלאַדן די כינעזער, זיי זאָלן שיקן זייערע אַ דעלעגאַציע צו אונדז. זיי האָבן קיין מאָל נישט געענטפערט אויף דער אײַנלאַדונג. אויף דער באַנדונג־קאָנפערענץ, וואָס איז פאָרגעקומען שפּעטער דעם זעלבן יאָר, האָט זיך אַנגעהויבן די מיצריש־כינעזישע דערנענטערונג. זי האָט געבראַכט צו אַ שאַרפער כינעזישער רעאַקציע אויף דער סיני־אַקציע און, לסוף, צו אַן אָפענער כינעזישער אידענטיפיקאַציע מיטן אַראַבישן טעראָר קעגן ישראל. פאַקטיש זאָגט זיך אַרויס די כינעזישע רעגירונג פאַר דער אַראַבישער מלחמה קעגן ישראל און אַראַפאַט מיט זײַנע חברים באַקומען כּסדר פון פּעקין געווער, געלט און מאָראַלישע שטיצע; איך, פון מײַן זײַט, האָב קיין מאָל אויף אַן אמת נישט פאַרשטאַנען פאַר וואָס איך האָב יאָרן געלעבט מיט דער אילוזיע, אַז ווען מיר וואָלטן נאָר געקענט רעדן מיט די כינעזער, וואָלטן מיר אפשר געקענט געפינען אַ וועג צו זיי.

ווען איך דערמאָן כינע, קומען מיר אויפן זכּרון צוויי בילדער. דאָס ערשטע — ווען איך האָב אויפגעהויבן אַ מינע פאַבריצירט אין כינע — אַ לאַנד אַזוי ווײַט פון אונדז. די מינע האָט געמאַכט אַ סוף צום לעבן פון אַ זעקסיאָריק קינד אין אַ גרענעץ־ייִשוב אין ישראל. איך בין געשטאַנען לעבן קליינעם אָרון און אַרום מיר אויפגעבראַכטע און וויינענדיקע קרובים פון קינד. „גאָט, מײַן גאָט, וואָס האָבן די כינעזער קעגן אונדז?" — האָב איך נישט אויפגעהערט צו טראַכטן — „זיי קענען דאָך אונדז אַפילו נישט". צווייטנס, דערמאָן איך זיך, אַז אויפן יום־טוב פון קעניאַס אומאָפּהענגיקייט, בין איך געזעסן מיט אהוד אבריאל בײַ אַ טיש נאָענט פונעם טיש, בײַ וועלכן עס איז געזעסן די כינעזישע

דעלעגאַציע. די שטימונג איז געווען אַ רויִקע און יום־טובדיקע און איך האָב געטראַכט: „אפשר ווען איך גיי צו צו זיי, וואָלטן מיר געקענט אַ שמועס טאָן". האָב איך געבעטן אהודן, ער זאָל מיך פאָרשטעלן פאַר די כינעזער. ער איז צוגעגאַנגען צו זיי, אויסגעשטרעקט זײַן האַנט צום הויפּט פון דער דעלע־גאַציע און געזאָגט: „מײַן אויסערן־מיניסטער געפינט זיך דאָ און זי וואָלט געוואָלט זיך טרעפן מיט אײַך". די כינעזער האָבן אָנגעקוקט אין אַ זײַט, נישט באַמיט זיך אַפילו צו זאָגן „ניין, אַ דאַנק, מיר ווילן זיך נישט מיט איר באַגעגענען". אָבער ישראלים באַנוגענען זיך גאַנץ אָפט נישט מיט אַ נעגאַטיווער תשובה און איך ווייניקער פון אַלע. נישט לאַנג צוריק איז אײַנגעלאַדן געוואָרן קיין כינע מײַן טײַערער פרײַנד און חבר, דער סאָציאַליסט, און איטאַליענישער מלוכה־מאַן, פּיעטראָ נעני. פאַר זײַן אַרויספאָר האָט ער מיך באַזוכט אין ירושלים. מיר זענען געזעסן אויף דער טעראַסע פון מײַן הויז, געטרונקען קאַווע און, ווי דער שטייגער בײַ אַלטע סאָציאַליסטן, געשמועסט וועגן דער צוקונפט. מיר האָבן, פאַרשטייט זיך, גערעדט אויך וועגן כינע. „די כינעזער" — האָב איך אים געזאָגט — „וועלן זײַן גרייט אײַך צו הערן. איך בעט אײַך, פּרוּווט רעדן מיט זיי וועגן ישראל". ער האָט טאַקע מיט זיי גערעדט. ער האָט זיך באַמיט צו דערקלערן פאַרשיידענע כינעזישע מלוכה־לייט וואָס פאַר אַ לאַנד עס איז ישראל, ווי עס ווערט אָנגעפירט, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר — אָבער זיי האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין שום אינטערעס. זיי האָבן נעניִן נישט געזאָגט, ווי זיי טוען עס בדרך־כּלל, אַז ישראל איז נישט מער ווי אַ ליאַלקע פון די פאַראייניקטע שטאַטן, אָבער עמעץ האָט אַ זאָג געטאָן: „אויב יעדע גרופּע פון דרײַ מיליאָן מענטשן וועט וועלן אויפשטעלן אַן אייגענע מדינה, ווּהין וועט די וועלט דערגיין?".

איך האָב אייניקע מאָל געוואָלט איבערצײַגן מײַנע קינדער מיך צו באַגלייטן אויף מײַנע רײַזעס, אָבער שרה איז נישט געווען גרייט צו רירן זיך פון רביבים. פּונקט אַזוי האָט אויך מנחם נישט געהאַט דעם מינדסטן חשק צו שיידן זיך פון אַיאַ און די קינדער (אין יענער צײַט האָבן זיי שוין געהאַט דרײַ זין: אמנון, דניאל און גדעון) און אויך נישט פון זײַן טשעלאָ. נאָך יעדער נסיעה קיין אַפריקע פלעג איך צוריקקומען מיט פולע קוישן מאַסקעס, שניצערײַען, שטאָף געוועבט מיט דער האַנט און מעשיות וועגן דעם וואָס איך האָב געזען, אָבער דאָס איז דאָך נישט דאָס זעלבע ווי נעמען אַנטייל אין אָט די אַלע איבערלעבענישן. איך האָב זייער געוואָלט, זיי זאָלן כאָטש איין מאָל פאָרן מיט מיר — נישט דערפאַר וואָס זיי זענען ווייניק אַרומגעפאָרן (מיר האָבן אַלע דערפון געגאַסן), נאָר ווײַל איך האָב געוואָלט זיי זאָלן זען עפּעס פון דעם וואָס איך זע און זיך באַגעגענען מיט אייניקע פון די מענטשן מיט וועלכע איך טרעף זיך. אין יענע יאָרן, און בפרט שפּעטער, ווען איך בין געווען פּרעמיער־

מיניסטער, פלעג איך אָפּט פרעגן בײַ מײַנע קינדער, אָדער מײַנע אײניקלעך, אַ מײנונג װעגן אופן פון מײַן לעבן. מיר האָבן אויף דער טעמע קײן מאָל קײן סך נישט גערעדט, אָבער איך גלײב נישט, אַז עמעץ פון זײ האָט געהאַט אַ באַזונדער פאַרגעניגן צו זײַן אַ „מקורב צו גאָלדע מאיר". מיר האָבן שטענדיק אַ סך געשמועסט װעגן פּאָליטיק, אינערלעכער און אויסערלעכער, און מען האָט מײַנע אײניקלעך קײן מאָל נישט דערװײַטערט פון די דאָזיקע שמועסן, אַפילו װען זײ זענען געװען זײער קלײן. אָבער אַחוץ דעם פאַקט װאָס איך בין געװען אַ פּאָטענציעלער קװאַל פון װיכטיקע אויטאָגראַפן פאַר די חברים אין קלאַס אָדער װאָס זײ האָבן געװוסט, פון קינדװײַז אָן, אַז זײ טאָרן נישט איבערחזרן װאָס זײ האָבן געהערט בײַ מײַן טיש, זענען זײ דאַכט זיך נישט אַנדערש פון אַנדערע קינדער. זײ האָבן זיך באַצויגן צו מיר װי צו אַ זײער געװײנלעכער באָבען. געסט פלעגן שטענדיק זיך װוּנדערן װאָס מנחמס קינדער לויפן אַרײַן און אַרויס פון מײַן שטוב מיט אַזאַ פרײַהײט און עס האָט זײ אַמוזירט דער פאַקט, װאָס די קינדער זענען, אָן ספק, געװען מער פאַראינטערעסירט אין דעם װאָס עס געפינט זיך אין מײַן אײַזקאַסטן װי אין די װעלט־באַרימטע געסט, װעלכע איך האָב אַזוי אָפּט אויפגענומען. איך װידער, װי אַלע באָבעס, פלעג אַרומטאַנצן אַרום זײ מער װי ס׳איז געװען נײטיק, און איך טו עס אויך איצט. אָבער מײַנע פינף אײניקלעך זענען מײַן גרעסטע פרײד אין מײַן לעבן, און אויף װיפל דאָס איז אָפּהענגיק פון מיר, איז גאָר נישטאָ קײן צו גוטע זאַך פאַר זײ. איך װאָלט נאָר געװאָלט זײַן זיכער, אַז זײ װעלן נישט דאַרפן איבער־לעבן נאָך מלחמות — אָבער דאָס, פאַרשטײט זיך, איז די אײנציקע זאַך װאָס איך קען זײ נישט צוזאָגן.

בכל־אופן איז פאַר מיר געװען אַ גרויס אָפּקומעניש צו דאַרפן זיך שײדן מיט זײ אַזוי אָפּט און איך האָב נישט מותּר געװען ביז מנחם און שרה האָבן, בײדע נאָך דער רײ, מסכּים געװען דורכצומאַכן אַ רײַזע מיט מיר. אין 1962 איז שרה מיט מיר געפאָרן קײן קעניאַ און עטיאָפּיע און דאָרט האָב איך זי פאַר־געשטעלט פאַר הײַלע סעלאַסיע און מיר האָבן באַזוכט דעם גרויסן יישוב פון ישראלים, װעלכע האָבן דאָרט געאַרבעט אין דער לאַנדװירטשאַפט, אין פיש־פאַנג און אין טראַנספּאָרט, געהאָלפן אויסשולן די פּאָליצײ און מיליטער און געגעבן לעקציעס אין אוניװערסיטעט אין אַדיס אַבעבאַ. אַפילו עטיאָפּיע, װאָס מיר האָבן במשך אַזוי פיל יאָרן געהאַט מיט איר ספּעציעלע באַציִונגען, האָט מיט אונדז אין 1973 איבערגעריסן; אָבער אין יענער צײַט װעגן װעלכער איך שרײַב, זענען נאָך די באַציִונגען געװען זײער שטאַרקע — כאָטש די עטיאָפּיער האָבן עס קײן מאָל נישט באַקאַנט געמאַכט און מיר אויך נישט. פאַר מיר איז הײַלע סעלאַסיע געװען כּמעט אַ לעגענדאַרע געשטאַלט — אַ מענטש פון אַ װײַט, עקזאָטיש לאַנד, װאָס האָט אין 1936 געהאַט דעם מוט צו אַלאַרמירן אַ

גלײַכגילטיקע וועלט אויף דער איטאַליענישער אינוואַזיע אין עטיאָפּיע. אין דער צײַט פון דער איטאַליענישער אָקופּאַציע האָט ער מיט זײַן משפחה פאַרבראַכט אַ יאָר אין ירושלים ווי אַ פּליט און איך פלעג אים זען פון צײַט צו צײַט — אַ נידעריקער, טונקעלער, מיט אַ באָרד און גרויסע אומעטיקע אויגן — ווי ער פלעגט שפּאַצירן אין גאַס מיט דער קעניגין און מיט זײַנע באַליבטע קליינע הינטעלעך. ער איז נישט געווען סתם אַ פּליט, וואָס איז אַנטלאָפן פון פאַשיזם. ער האָט געשטאַמט פון דער עטיאָפּישער דינאַסטיע קייסאָרים, וואָס באַרימען זיך אַז זייער קדמונישער פאָטער איז געווען דער זון פון שלמה המלך און מלכּת שבא און זענען דעריבער אונדזערע ווײַטע קרובים. דער לייב פון יהודה איז שטענדיק געווען דער סימבאָל פון דער עטיאָפּישער מאָנאַרכיע און די באַציִונגען צווישן יידן און עטיאָפּיע זענען שטענדיק געווען גאָר באַזונדערע. כאָטש עטיאָפּיע איז אַ קריסטלעך לאַנד, איז עס דאָך אַ טייל פון אַפריקע און געפינט זיך אין משך פון יאָרן אונטער אַ שטאַרקן אַנטי־ישראַלדיקן דרוק מצד די אַראַבער. אַ לענגערע צײַט איז הײַלע סעלאַסיע פּאַרזיכטיק געגאַנגען ווי אויף אַן אַנגעצויגענעם שטריק. אַ גרויסער טייל פון זײַנע באַציִונגען מיט ישראל זענען געווען געהיימע און מיר האָבן אַהין געשיקט אַן אַמבאַסאַדאָר ערשט אין 1961.

די סיני־אַקציע — וועלכע האָט געעפנט דעם טיראַן־דורכגאַנג — האָט אויך געעפנט ענגערע באַציִונגען און די שיפן און עראָפּלאַנען פון ישראל האָבן געהאָלפן אַנטוויקלען דעם האַנדל צווישן אונדזערעביידע לענדער. מיר האָבן אַ סך געטאָן צו אַנטוויקלען דאָס דערציִונגס־וועזן אין עטיאָפּיע און אַ צאָל ישראלדיקע פּראָפעסאָרן האָבן זיך אויף עטלעכע יאָר באַזעצט אין אַדיס אַבעבאַ.

איך בין זיך משער, אַז שרה איז געווען צו יונג און האָט צו הײַלע סילאַסיע נישט געהאַט די זעלבע געפילן וואָס איך. פאַר איר איז ער געווען בלויז אַ הערשער פון אַן אינטערעסאַנט לאַנד; אין מײַנע אויגן איז ער תּמיד געווען אַ סך מער. איך קען נישט זאָגן אַז מיר האָבן זיך גיך באַפרײַנדט, אָבער ווען איך האָב אים דאָס ערשטע מאָל געזען אין זײַן פּאַלאַץ און זיך דערמאָנט די געשטאַלט פונעם עלנטן פּליט וואָס כ'האָב געזען אין די דרײַסיקער יאָרן אין ירושלים, האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז גערעכטיקייט איז דאָס מאָל געקומען צום אויסדרוק. גרויס איז דעריבער געווען מײַן אַנטוישונג, וואָס אַפילו הײַלע סילאַסיע, נישט געקוקט אויף זײַן אייגענער דערפאַרונג מיט דער נאַכגיביקייט־פּאָליטיק האָט זיך נישט געשטעלט אויף אונדזער זײַט. דאָס האָט מיר ווידער באַוויזן — כאָטש דעמאָלט האָב איך זיך שוין נישט געגייטיקט אין אַ סך באַווײַזן — אַז אַ מענטש קען זיך קיין מאָל נישט שטיצן אויף אַנדערע, נאָר אויף זיך אַליין.

אין זעלבן יאָר האָט, צו מײַן גרויסער פרייד, אויך מנחם מסכּים געווען צו

מאַכן מיט מיר אַ רײַזע און מיר זענען צוזאַמען געפאָרן אויפן ווײַטן מיזרח. דאָס איז געווען זייער איידל סײַ פון איאַן, סיי פון אים, היות פונקט דעמאָלט איז גידי געבוירן געוואָרן. מער ווי אַ וואָך צײַט האָבן מיר פאַרבראַכט אין יאַפּאַן. עס האָבן מיך אויפגענומען דער קייסער, דער פּרעמיער און דער אויסערן־מיניסטער. איך ווייס נישט ווי איך האָב זיך פאַרגעשטעלט הירא־היטאָ, אָבער איך האָב זיכער נישט דערוואַרט צו זען פאַר זיך אַ באַשיידענעם, זייער אָנגע־נעמען מענטשן, וועלכער האָט זייער הערצלעך מיט מיר גערעדט. כ׳מיין אָבער, אַז מיר זענען ביידע נישט געווען זיכער, צי מיר פאַרשטייען איינער דעם אַנדערן. די יאַפּאַנער האָבן מיר אויסגעזען זייער העפלעך און זייער אײַנגעהאַלטן, געצוימט. איך האָב געוווּסט, אַז זיי זענען זייער פּאַרזיכטיק אין זייערע באַציִונגען מיט אונדז, און פירן זיך פונקט ווי דער מיטעלער מיזרח וואָלט געווען אַ בלומען־צוזאַמענשטעל, וואָס אַלע זיינע עלעמענטן דאַרפן זײַן באַלאַנסירט אויף איין און דעם זעלבן אופן.

אויף מײַן רייזע אין יאַפּאַן האָט מיך אַמוזירט די איבערגעטריבענע זאָרג פון די יאַפּאַנישע באַאַמטע בנוגע מײַן באַזוך אין אַ געישאַ־הויז. אין עראָפּלאַן, פליִענדיק קיין יאַפּאַן, האָט יעקב שמעוני (דעמאָלט דירעקטאָר פון דער אָפּטיילונג פאַרן ווײַטן מיזרח), געזאָגט מנחמען, אַז היות ווי גאָלדע איז אי אַ פרוי אי אַן אויסערן־מיניסטער, האָבן די יאַפּאַנער נישט פאַרגעשלאָגן אײַנצואָרדענען פאַר איר די טראַדיציאָנעלע געישאַס־אויפנאַמע, אַזוי ווי זיי פירן זיך לגבי הויך־געשטעלטע געסט פון אויסלאַנד. זיי האַלטן, אַז דאָס וועט נישט זײַן פּאַסיק אין איר פאַל. ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין טאָקיאָ, האָב איך געזאָגט מנחמען, ער זאָל אויפקלערן די יאַפּאַנער, אַז איך וויל דורכויס גיין צו דער טראַ־דיציאָנעלער טרעפונג מיט די געישאַס און אַז איך האָב גאַרנישט קעגן די גיישאַס. לסוף האָבן דער גוווערנער און זײַן פרוי אײַנגעאָרדנט אין קיאָטאָ אַ שיינע גיישאַס־אויפנאַמע און אַלע זענען געווען צופרידן, כאָטש שמעוני האָט, ווײַזט אויס, קיין מאָל נישט געקענט פאַרגעסן דאָס בילד ווי איך זיץ אויף קישנס און גיישאַס שוועבן אַרום אַרום מיר ווי שמעטערלינגען.

ווי אויפן רוב מענטשן, האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן אײַנדרוק די שיינקייט פון יאַפּאַן און נאָך מער די פעיִקייט פון די יאַפּאַנער צו שאַפן שיינקייט אין זייער טאָג־טעגלעכן לעבן. פאַרשטייט זיך, אַז כ׳האָב אויך דאָרט געטראָפן יידן און באַזונדערס אייניקע פון די יאַפּאַנער, וואָס האָבן זיך מגייר געווען און צווישן זיי — צו מײַן גרויסער פאַרוווּנדערונג — איינעם פון דעם קייסערס משפחה, וואָס האָט מיט מיר גערעדט אין אַ פּליסיקן העברעיִש. אַגב, אין די לעצטע יאָרן באַזוכן ישראל רעגולער גרופּעס יאַפּאַנער, ענטוזיאַסטישע פּראָ־ישראלים און איך בין מער נישט איבעררעאַשט, ווען איך זע און הער צענדליקער יאַפּאַנער זינגען בײַם כותל־המערבי „ירושלים של זהב" אין אַ קלאָרן העברעיִש.

פון יאַפּאַן זענען מיר געפלויגן צו די פיליפּינען ווו איך האָב באַקומען אַן ערן־טיטל פון דעם קאַטוילישן אוניווערסיטעט אין מאַנילאַ. איך האָב מאַרשירט אין אַ פייערלעכער פּראָצעסיע אין דער קירך, אָנגעטאָן אין אַ פּראַקטיקער טאָגע און פון ביידע זייטן גייסטלעכע מיט צלמים. כ׳האָב געוווּסט, אַז דאָס איז אַ גרויסער כּבוד וואָס די דאָזיקע קאַטוילישע אינסטיטוציע גיט אָפּ אַ יידישער פרוי פון אַ יידישער מדינה און שפּאַנענדיק אַזוי האָב איך ביי זיך געטראַכט, אַז נישט שטענדיק האָט מען יידן אויפגענומען מיט אַ ברכה אין אַלע אוני־ווערסיטעטן און עס זענען נאָך פאַראַן אינסטיטוציעס פאַר העכערער בילדונג, אַפילו אין דער פרייער וועלט, וואָס טאָלערירן אין זייער מיט קוים אַ קליינע צאָל יידן. ביים רעדן האָב איך זיך דערמאָנט — נישט דאָס ערשטע מאָל — אינעם בריוו וואָס שיינע האָט אַ מאָל צו מיר געשריבן ווייל זי איז, שטענדיק געווען באַזאָרגט טאָמער וועט זיך מיר פאַרדרייען דער קאָפּ: „זאָלסט קיין מאָל נישט פאַרגעסן ווער דו ביסט" — האָט זי מיך געוואָרנט... זי האָט אָבער נישט געדאַרפט מורא האָבן. איך האָב קיין מאָל נישט פאַרגעסן, אַז איך שטאַם פון אַן אָרעמער משפּחה און כ׳האָב זיך קיין מאָל נישט איינגערעדט, אַז מען האָט מיך ערגעץ־ווו באַערט — איינשליסנדיק מאַנילאַ — צוליב מיין שיינ־קייט, חכמה אָדער געלערנטקייט.

מאַנילאַ, האָנג־קאָנג, טאַילאַנד, קאַמבאָדיע — איך וואָלט געקענט אָנשרייבן גאַנצע בלעטער וועגן מיינע איינדרוקן פון די מענטשן, מיט וועלכע איך האָב זיך באַגעגנט, פון די פּייזאַזשן וואָס מיר האָבן געזען אין די דאָזיקע לענדער, אָבער דער עיקר פון יענער רייזע אין ווייטן מיזרח איז געווען אונדזער באַזוך אין בורמאַ, מיט וועלכער מיר האָבן געהאַט ענגע באַציִונגען זינט 1952, ווען אַ דעלעגאַציע פון בורמאַנישע סאָציאַליסטן האָט צום ערשטן מאָל באַזוכט ישראל. אַ יאָר שפּעטער איז שרת געפאָרן קיין ראַנגון באַטייליקן זיך אין ערשטן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין אַזיע, און אין 1955 זענען שוין געווען פולע דיפּ־לאָמאַטישע באַציִונגען צווישן בורמאַ און ישראל. דוד הכּהן האָט געעפנט די ישראל־אַמבאַסאַדע אין ראַנגון, און דער פּרעמיער פון בורמאַ, או נו, איז געקומען קיין ישראל ווי דער גאַסט פון בן־גוריונען.

מיר דאַכט, אַז מיט קיין איינעם פון די זיך אַנטוויקלענדיקע לענדער אויף דער וועלט — אַפילו נישט גאַנאַ און קעניאַ — האָבן מיר נישט געפירט אַזאַ פייערדיקן ראָמאַן. אין משך פון יאָרן האָט זיך אויסגעוויזן אַז ס׳איז גאָר נישט פאַראַן קיין זאַך אין ישראל, פון וועלכער די בורמאַנער זאָלן נישט נתפּעל ווערן אָדער נישט וועלן נאָכמאַכן. ווי די איינציקע סאָציאַליסטישע מדינה אין אַזיע, איז פאַר זיי געווען נאַטירלעך אַרויסצווייזן אַ טיפן אינטערעס פאַר אונדזער באַזונדערן סאָרט סאָציאַליזם, פאַר דער הסתדרות, פאַר דער קיבוצי־שער באַוועגונג און פאַרן אופן ווי מיר האָבן געשאַפן אַ פאָלקסאַרמיי און זי

פֿאַרוואַנדלט אין איינער פֿון אונדזערע עפֿעקטיוויסטע דערציִונגס־אינסטיטוציעס, אַרײַנגערעכנט דעם בילדונגס־אָפּצווײַג, וואָס האָט געלערנט לייענען און שרייבן מיט טויזנטער קינדער, קולטורעל־אָפּגעשטאַנענע, פֿון די עולים־משפּחות (אין אַ סך פֿאַלן געלערנט אויך די מאַמעס). די בורמאַנער זענען געווען באַצויבערט פֿון די מעטאָדן וועלכע מיר האָבן אָנגעוואַנדן כּדי צוזאַמענצופֿלעכטן מיליטערישן דינסט מיט חלוצישער קאָלאָניזאַציע. זיי האָבן כּמעט אין גאַנצן איבערגענומען פֿון אונדז דעם געדאַנק, אַז מענטשן קענען אַרבעטן ווי פֿאַרמערס און אין דער זעלבער צײַט זיך לערנען אַליין צו פֿאַרטיידיקן. פֿאַר די בורמאַנער, וואָס זייער גרענעץ מיט כינע איז געווען אַ סיבה פֿאַר כּסדרדיקער באַאומרויִקונג, און וואָס האָבן נישט געקענט אויסהאַלטן אַ רעגולערע גרויסע אַרמיי, איז דער ישׂראלדיקער נח״ל (קעמפֿנדיקע פּיאָנערישע יוגנט) געווען דער בעסטער ענטפֿער. נח״ל האָט געגעבן די יונגע אידעאַליסטן אַ געלעגנהייט צו באַקומען אין איין און דער זעלבער צײַט לאַנדווירטשאַפֿטלעכע און מיליטערישע צוגרייטונג אין דער רעם פֿון עקסיסטירנדיקע קיבוצים, כּדי זיי זאָלן קענען דערנאָך אויפֿשטעלן זייערע אייגענע קאָלעקטיווע יישובֿים. איך האָב פֿאָרגעשלאָגן די בורמאַנער, זיי זאָלן אויף אַזאַ אופֿן אויפֿשטעלן זייערע אייגענע גרענעץ־יישובֿים און כ׳האָב זיי פֿאָרגעשלאָגן זיי זאָלן שיקן קיין ישׂראל אַ גרויסע גרופּע באַפּרײַטע זעלנערס מיט זייערע משפּחות, אויף בערך אַ יאָר, אַרבעטן אין אונדזערע קיבוצים און מושבֿים (קאָאָפּעראַטיווע דערפֿער) כּדי זיך צוגעוויינען צו דער קאָמונאַלער אָדער קאָאָפּעראַטיווער לעבנס־פֿאָרעם. מיר, פֿון אונדזער זײַט, וועלן שיקן ישׂראלים קיין בורמאַ און זיי וועלן דאָרט העלפֿן פּלאַנירן מושבֿים אין בורמאַ־סטיל. אַזוי איז טאַקע געשען. עס האָט אויסגעזען אַז דער מושבֿ האָט זיך בעסער געפּאַסט פֿאַרן בורמאַנער טעמפּעראַמענט.

עס זענען געווען נאָך בשותּפֿותדיקע ישׂראל־בורמאַנישע אונטערנעמונגען, צווישן זיי אַ גרויסע פֿאַרמאַצעווטישע אינדוסטריע אין בורמאַ, די אויסשולונג פֿון צענדליקער בורמאַנישע דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטער, אָבער פֿאַר מיר פּערזענלעך, זענען די בורמאַנישע מושבֿים אין נאַמסאַנג־ראַיאָן, אין צפֿון־בורמאַ, געווען פֿיל אָנרעגנדיקער. איך האָב מיט גרויס אינטערעס נאָכגעפֿאָלגט זייער פֿאָרשריט. דאָך איז מיר געווען שווער צו גלייבן אַז דאָס איז נישט קיין חלום, ווען מיר האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ פֿליפֿלאַץ אין צפֿון, און אַלע בורמאַנישע פֿרויען און קינדער וועלכע זענען אַ מאָל געווען אין ישׂראל, האָבן מיך אויפֿ־גענומען מיט העברעיִשע לידער און ישׂראלדיקע פֿענער. כ׳גלייב נישט, אַז איך וועל אַ מאָל פֿאַרגעסן ווי איך בין צוגעגאַנגען צו איינער פֿון די קליינע הײַזקעס אין נאַמסאַנג און געזאָגט אויף העברעיִש צו אַ יונגן בורמאַנער, וואָס איז געשטאַנען בײַם אַרײַנגאַנג: „שלום, מה נשמע?״ (שלום, וואָס הערט זיך?) און אים געהערט ענטפֿערן ווי אַן אמתער ישׂראלי: „בסדר, אבל אין מספּיק

מים" (בסדר, ס'איז אָבער נישטאָ גענוג וואַסער). מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז כ'בין אין רבּיבים.

איך בין אַרומגעפאָרן איבער גאַנץ בורמאַ, אין באַגלייטונג פון נע ווין, וואָס איז דעמאָלט געווען שעף פון גענעראַל־שטאַב אין בורמאַ. עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט ער פאַרכאַפּט די מאַכט, איינגעפירט אַ נייַע פּראָרוסישע און אַנטי־אַמעריקאַנישע פּאָליטיק, און האָט אונטערגעשטראָכן, אַז ער איז נישט געבויגט צו קיין נישט־בורמאַנישע פאַרבינדונגען. דערמיט האָבן זיך נישט פאַרענדיקט די האַנדלס־אינטערעסן צווישן בורמאַ און ישראל, אָבער דער ראָמאַן האָט זיך פאַרענדיקט.

די בורמאַנער האָבן געוווּנען מייַן האַרץ און איך האָב זיך זייער גוט געפילט אין זייער געזעלשאַפט, כאָטש כ'קען נישט זאָגן אַז די בורמאַנישע דעליקאַטעסן זענען לויט מייַן טעם. איך בין געווען גרייט צו טאָן פאַר בורמאַ כּמעט אַלץ, אין 1963. איך האָב אָבער פּשוט נישט געקענט עסן די פישקאַשע, וואָס די בורמאַנער שפּייזן זיך מיט איר, אָדער אַפילו טועם זייַן די געבראָטענע לעמפּערט־פליישן, וואָס מ'האָט מיר דערלאַנגט אין נאָמסאַנג און אוודאי נישט די זופּ פון פויגלנעסטן, וואָס איז געווען אַ טייל פון דעם מאָלצייט וועלכן איך האָב געגעבן אין ראַנגון לכּבוד או נו. מנחם האָט מיר פּרטימדיק אויפגעקלערט די איידלקייטן פונעם מיזרחדיקן עסן. איך האָב אָבער געטראַכט, אַז ס'וועלן נישט קאָליע ווערן אונדזערע באַציִונגען מיט בורמאַ אויב כ'וועל איבערלאָזן אין טעלער אַ טויזנט יאָר אַלט איי — וואָס כ'וואָלט זיך דערוואָרגן ווען כ'שלינג עס אַראָפּ. פאַרשטייט זיך, אַז אויך בייַ אונדז זענען געווען אַ סך זאַכן וואָס ס'האָט פאַר די בורמאַנער געדאַרפט דויערן אַ לענגערע צייַט ביז זיי האָבן עס באַנומען. כ'דערמאָן זיך, ווי בעת או נוס ערשטן באַזוך אין ישראל, איז מיט אים בן־גוריון געפאָרן לענג־אויס די יונגע וועלדער אויפן שאָסיי פון תל־אביב קיין ירושלים. מיר זענען געווען שטאָלץ מיט אונדזער גרויסן אָנשטרענג צו באַוועלדערן דעם שטייניקן באָדן, אָבער או נו האָט אויסגעזען זייער באַזאָרגט. „איר דאַרפט זיך שטאַרק היטן" — האָט ער געזאָגט צו בן־גוריונען, „פאַרלאָזט זיך אויף מיר, אַז דיביימער וועלן אויסוואַקסן". זייַן פּראָבלעם איז, פאַרשטייט זיך, באַשטאַנען אין האָמעוון דעם דזשונגל. ער האָט זיך נישט געקענט פאַרשטעלן, אַז פאַר אונדז איז יעדער בוים אַ צירונג, וואָס מען דאַרף פלעגן און אָפּהיטן ווי אַן אוצר.

איידער איך בין צוריקגעפאָרן קיין ישראל האָב איך שוין געהאַט געזען גענוג רייַזפעלדער און ריקשעס וואָס האָבן געקענט קלעקן פאַר מיר אויף עטלעכע יאָר — און אפשר אויף אַ גאַנץ לעבן — און איך האָב געבענקט נאָך מנוחה, שטאַרק געבייטיקט זיך אין רו, אָבער אין 1964, 1965 און 1966 בין איך ווידער געווען אויף די וועגן. כ'בין ווידער געפאָרן קיין אייראָפּע, אַפריקע און לאַטיין־אַמעריקע און כ'פלעג אָפט קראַנק ווערן. איך האָב אָנגעהויבן פילן דעם אָנ־

שטרענג פֿון די כּסדרדיקע נסיעות. ס׳האָט זיך מיר שטענדיק אויסגעוויזן אַז כ׳בין אין וועג ערגעץ ווו אָדער פֿון ערגעץ, אָדער אַז כ׳בין קראַנק. אַחוץ דעם בין איך שוין נישט געווען אַזוי יונג. אין 1963 האָב איך געפֿײַערט מײַן פֿינף און זעכציקסטן געבוירן־טאָג. כ׳האָב זיך לגמרי נישט געפֿילט אַלט אָדער אויס־געשעפּט, אָבער כ׳האָב אָנגעהויבן טראַכטן, ווי גוט ס׳וואָלט געווען ווען כ׳האָב אַ טאָג פֿאַר זיך, אָדער ווען איך קען באַזוכן אַלטע פֿרײַנד אָן אַ לײַבוועכטער וואָס גייט מיר אומעטום נאָך; און מײַנע קינדער, ווי אויך מײַן דאָקטער, האָבן נישט אויפֿגעהערט צו טענהען, אַז ס׳איז שוין די העכסטע צײַט, איך זאָל זיך אַ ביסל אָפּרוען. איך האָב געפּרוווט, אָבער קיין מאָל נישט באַוויזן צו לערנען ווי אַזוי מען טוט עס. שטענדיק איז געווען עפּעס אַ דרינגענדיקע פֿאַרפֿליכטונג אין אויסלאַנד אָדער אין ישראל און ווי פֿרי איך זאָל נישט געווען אָנהייבן מײַן אַרבעטסטאָג, פֿלעגט ער זיך קיין מאָל נישט ענדיקן פֿאַר די פֿריִע שעהען פֿון מאָרגנדיקן טאָג. זייער זעלטן פֿלעג איך זיך דערלויבן צו טאָן דאָס וואָס איך האָב געוואָלט.

אַזאַ געלעגנהייט איז געווען די אויפֿנאַמע וואָס איך האָב אין יולי 1961 אײַנגעאָרדנט פֿאַר די פֿרײַנד, מיט וועלכע איך בין געקומען אין לאַנד אַרײַן, אויף דער שיף „פּאָקאַהאָנטאַס", מיט פֿערציק יאָר פֿריִער. איצט געדענק איך שוין נישט ווי און ווען עס איז מיר געקומען דער געדאַנק צו פֿײַערן אָט דעם יובל. איך בין אָבער געווען זייער בײַגעריק ווידער זיך צו טרעפֿן מיט דער גרופּע, אויסגעפֿינען ווער ס׳איז פֿאַרבליבן וווינען אין ישראל און וועער ס׳איז צוריקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע און כ׳האָב אויך געוואָלט זען זייערע קינדער. איינע פֿון די טעמעס פֿון די שמועסן און וויכּוחים צווישן מיר און מײַנע חברים אין מפּא״י אין יענער צײַט איז געווען די פֿראַגע פֿאַר וואָס די עליה פֿון די מערב־לענדער איז פֿאַרהעלטנישמעסיק אַזוי קליין. „ס׳איז זיי צו גוט" — איז געווען איין דערקלערונג — „זיי וועלן נאָר קומען, ווען זיי וועלן שטיין פֿאַר אַן אמתן אַנטי־סעמיטיזם". איך האָב אָבער געפֿילט, אַז אַזעלכע דערקלערונגען זענען צו פּשוט און זייער אומבאַרעכטיקט. איך פֿלעג האָבן לאַנגע דיסקוסיעס מיט בן־גוריונען איבער דעם פּאַמעלעכן עליה־טעמפּאָ פֿון לענדער ווי אַמעריקע, קאַנאַדע און ענגלאַנד. „זיי וועלן אַמאָל קומען, אויב מיר וועלן האָבן געדולד" — פֿלעג איך זאָגן. „ס׳איז נישט אַזוי פּשוט ווי אַמאָל אַריבערצוגיין מיט אַ משפּחה פֿון איין פּלאַץ אויף אַ צווייטן. מענטשן זענען אויך נישט אַזוי אידעאַליסטיש, ראָמאַנטיש צי איבערגעגעבן. עס פֿאָדערט זיך אַ גרויסע מאָס אַנטשלאָסנקייט פֿאַר אַ ציוניסט אין פּיטסבורג, טאָראָנטאָ אָדער לידס זיך אויפֿצוהייבן און באַזעצן אויף שטענדיק אין ישראל. דאָס מיינט אַ סך מער ווי סתּם אַריבערגיין אין אַ צווייט לאַנד. דאָס איז פֿאַרבונדן מיט לערנען אַ נײַע שפּראַך, אַקצעפּטירן אַן אַנדערן לעבן־סטאַנדאַרד און אַן אַנדערן לעבנס־שטייגער, צוגעוווינען זיך צו שפּאַנונג און

אומזיכערקייט, וואָס מיר נעמען אָן ווי זעלבסטפאַרשטענדלעכע". איך בין געווען פאַראינטעסעסירט נישט וויניקער ווי בן־גוריון אַז יידן פון מערב זאָלן קומען צו אונדז אין די הונדערטער טויזנטער, אַפילו אין די מיליאָנען. איך האָב זיך אָבער נישט באַצויגן מיט דער זעלבער מאָס אומטאָלעראַנץ צו זייערע קווענקלענישן און בין אַוודאי נישט גרייט געווען דעמאָלט, אין יענע אומשטאַנדן, אין יענעם מצב פון מדינת־ישראל צו פאַרלאַנגען פון יידן וואָס שטיצן די מדינה אָבער וווינען נישט אין איר בפועל־ממש, זיי זאָלן זיך אויפהערן צו באַטראַכטן ווי ציוניסטן, נייַערט ווי „פריַינד פון ציון", אַ וואָסערדיקע פאָרמולע וואָס בן־גוריון האָט פאָרגעשלאָגן ווען ער איז געווען אין כּעס.

אָבער די נייַנצן מענער און פרויען, וועלכע האָבן דורכגעמאַכט יענע רייַזע אויף דער שיף „פּאָקאַהאָנטאַס", מיט מאָריסן און מיר, אין 1921, האָבן אין זייער צייַט אָנגענומען יענעם גרויסן באַשלוס, און עס האָט זיך אין מיר פלוצלינג אויפגעוועקט דער ווילן זיי ווידער צו זען. נישט האָבנדיק אַלע אַדרעסן, האָב איך פאַרעפנטלעכט אַ מודעה אין צייַטונג: דער אויסערן־מיניסטער פאַרבעט אַלע מיטגלידער פון דער „פּאָקאַהאָנטאַס"־גרופּע אויף אָן אָוונט אין איר שטוב, נישט בלויז די ערשטיקע גרופּע, נייַערט אויך די מענער, פרויען, קינדער און אייניקלעך". דער רוב פון די וועלכע האָבן דורכגעמאַכט מיט מיר יענע שרעקלעכע רייַזע אין 1921, זענען נישט געקומען. אָדער זיי זענען שוין געווען אויפן עולם־האמת, אָדער געווען צו שוואַך. איינער פון זיי איז צוריקגעפאָרן קיין אַמעריקע אויף שטענדיק. אָבער זיבן אָדער אַכט פון דער ערשטיקער גרופּע זענען יאָ געקומען און אַפילו מיטגעבראַכט זייערע קינדער און אייניקלעך. געווען איז עס אַ וווּנדערלעכער צונויפטרעף. מיר האָבן באַנייַט זכרונות, געזונגען, געגעסן קוכן און פרוכטן אין מייַן גאָרטן. מ'האָט נישט געהאַלטן קיין פאָרמעלע רעדעס און כ'האָב נישט דערלויבט די זשורנאַליסטן אַרייַנצוגיין, כאָטש זיי האָבן זיך געבעטן אַרייַנצוקומען „בלויז אויף עטלעכע מינוט". דאָס איז געווען אַ פערזענלעכע דערמאָנונג פון זייער אַ פערזענלעכן יובל און איך האָב געוואָלט, אַז דער צוזאַמענטרעף זאָל זייַן אַ פריוואַטער.

כ'מיין, אַז אייניקע פון די לידער וואָס מיר האָבן געזונגען (דאָס זענען געווען די זעלבע לידער, מיט וועלכע מיר האָבן געפּרוווט שטאַרקן אונדזער מוט אויף יענער אומגליקלעכער שיף), האָבן מסתמא געקלונגען אין די אויערן פון אונדזערע קינדער זייער סענטימענטאַל און נאַיִוו, אפשר אויך באַנאַל. דאָס זענען געווען לידער וועגן אויפבוי פון לאַנד און וועגן חלוציזם. אונדז האָבן זיי אָבער דערמאָנט אין די טעג, ווען מיר האָבן געגלייבט אַז מיר וועלן קענען טאָן אַלץ אין דער וועלט, און מיר האָבן שעהען־לאַנג געזונגען און געזונגען. נאָך דעם ווי די מסיבה האָט זיך געענדיקט און אַלע געסט זענען אַוועק אַהיים, בין איך אַ ווייַלע געבליבן זיצן אין טונקעלן גאָרטן, פאַרטראַכט זיך איבער

די פּאַרגאַנגענע פּערציק יאָר: ווי גוט װען מאָריס וואָלט געקענט זײַן מיט אונדז — האָב איך געטראַכט. אין איין זאַך בין איך אָבער געװען זיכער יענע נאַכט: קיין איינער פון אונדז האָט אויף אַ מינוט נישט באַדויערט וואָס ער איז דעמאָלט פאַרבליבן אויף דער „פּאַקאַהאָנטאַס"־שיף ביז זי איז ענדלעך אָפּגע־שווומען פון באָסטאָן און אונדז געבראַכט כּמעט ביז ארץ־ישראל.

סוף 1965 האָב איך אָנגעהויבן פילן אַז איך נייטיק זיך אין אַ שינוי. די וואַל־קאַמפּאַניע אין יענעם זומער האָט אויסגעשעפּט מײַנע כּוחות. איך האָב זיך קיין מאָל נישט געפילט גוט אין דער היץ, אָבער איצט זענען מײַנע קאָפּ־ווייטיקן געוואָרן פיל ערגער. איך בין געקומען צום אויספיר, אַז די אַחריותן וואָס איך האָב געטראָגן אויף זיך איבער דרײַסיק יאָר, האָבן אָנגעהויבן צו שווער צו דריקן אויף מיר. איך האָב נישט געוואָלט לעבן אייביק, אָבער אויך נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ האַלבן אינוואַליד. נישט נאָר מײַן געזונט־צושטאַנד האָט מיך באַאומרויִקט; עס איז אויך געווען די נויטווענדיקייט אָנצו־לאָדן אויף ס'נײַ מײַנע עמאָציאָנעלע באַטעריעס, וואָס ס'האָט זיך מיר אויסגע־וויזן, אַז זיי נעמען צו ביסלעך אויסגיין, ווײַל כ'בין געווען פאַרמאַטערט. די אינער־לעכע לאַגע אין ישראל איז נישט געווען קיין גוטע. עס האָט געהערשט אַ שווערע עקאָנאָמישע דעפּרעסיע; עמיגראַציע — וואָס מיר רופן אין העברעיִש „ירידה" אין קעגנזאַץ צו „עליה" — און די ווירקונג פון דער לבון־פּרשה האָבן דעמאָראַליזירט און אַרײַנגעבראַכט צעשטערונג אין די רייען פון דער אַרבעט־באַוועגונג. פאַרשטייט זיך, אַז אויך מײַנע ראַנגלענישן מיט בן־גוריונען זענען נישט געווען די קלענסטע פון מײַנע זאָרגן. קיין אומגליק וועט נישט געשען, אויב איך וועל פאַרלאָזן דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן. די פּאַרטיי וועט היילן אירע אייגענע וווּנדן און איך וועל במילא קיין סך נישט קענען אויפטאָן צו פאַרגרינגערן ישראלס שווערע עקאָנאָמישע לאַגע, אין אַ גרויסער מאָס מחמת די אַנטשעדיקונגען פון דײַטשלאַנד האָבן זיך דערנענטערט צום סוף, בעת אונדזער זיכערקייט־בודזשעט און דער אַראַבישער באָיקאָט זענען נישט קלענער געוואָרן.

אַ צוגאָב צו מײַן געדריקטער שטימונג איז געווען שײנעס שלעכטער געזונט־צושטאַנד. אויך זי האָט זיך געעלטערט און ווי פריִער בײַ אונדזער מאַמען, האָט פון דער זיקנה געליטן אי דער גוף אירער, אי דער גײַסט. אשכּול, וועלכער איז געוואָרן פּרעמיער אין 1963 און פּנחס ספּיר — פינאַנץ־מיניסטער, האָבן מיט אַלע כּוחות געפּרוּווט מיך אָפּרעדן פון אָפּזאָגן זיך. איך האָב אָבער געוווּסט אַז אַבא אבן וואַרט הינטער די קוליסן צו ווערן אויסערן־מיניסטער, און בײַ די געגעבענע אומשטאַנדן האָב איך נישט געזען קיין מאָטיוו צו קלאַמערן זיך אין מײַן מיניסטעריום. אשכּול האָט מיר פאָרגעשלאָגן צו ווערן וויצע־פּרעמיער, אָבער דאָס האָט מיך לגמרי נישט אינטערעסירט. איך האָב געטראַכט, אַז עס איז בעסער צו זײַן אַ גאַנצע באָבע ווי אַ טײלווײַזער מיניסטער און איך האָב

געזאָגט אשכּולן, אַז איך וויל זיך באמת צוריקציִען. „איך וועל נישט אַרײַנגיין אין אַ פּאָליטישן קלויסטער" — האָב איך אים פֿאַרזיכערט — „אָבער איך וויל קענען לייענען אַ בוך און נישט פֿילן זיך דערבײַ שולדיק, אָדער סתּם פֿלוצלינג גיין אויף אַ קאָנצערט, און איך וויל מער נישט זען קיין פֿליפֿלאַץ אין משך פֿון עטלעכע יאָר".

## קאַפּיטל צוועלף

# מיר זענען אַליין

עס האָט געדויערט אַ צײַט, פּאַקטיש עטלעכע חדשים, ביז איך האָב „אָרגאַ־ניזירט" מײַן אַוועקגיין. ערשטנס, זיך אַריבערגעצויגן פון ירושלים אין קלײנעם צוויי־משפּחהדיקן הויז אויף אַ רויִקער גאַס מיט ביימער פון ביידע זײַטן, אין אַ תּל־אביבער פּאָרשטאָט, ממש לעבן מנחמען און איאַן. דאָס איז נישט געווען בלויז אַ פּראָבלעם פון איבערציִען זיך פון איין שטאָט אין דער אַנדערער. דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט שעהען און שעהען סאָרטירן זאַכן; געדאַרפט דעצי־דירן וואָס איז מײַנס און וואָס עס געהערט צו דער רעגירונג, וואָס איך וויל נעמען מיט זיך און וואָס איך וויל אַוועקגעבן. איך בין אַזוי פיל אַרומגעפאָרן אין לעצטע פינף און צוואַנציק יאָר און ס'האָבן זיך בײַ מיר אָנגעזאַמלט אַזוי פיל אָנדענקען פון מײַנע רײַזעס, אַז בלויז דאָס דורכקוקן אַליין איז געווען אַ גרויסע אַרבעט, ממש ווי אַן אַרבעט אויף אַ פולן פּאָסטן און נישט פון די אַרבעטן, וואָס זענען מיר באַזונדערס אָנגענעם. אָבער קלאַראַ איז געקומען פון אַמעריקע מיך באַזוכן און זי, לו און איך האָב מיר ענדלעך אַלץ אײַנגעאָרדנט. צו מײַן גליק, בין איך בטבע נישט קיין זאַמלערין און עס איז נישט אין מײַן געשמאַק צו לעבן אין אַ מוזיי; איז מיר טאַקע נישט שווער געווען צו רעזיגנירן פון דעם רוב חפצים און מתּנות און בלײַבן בלויז מיט די ביכער, בילדער, מגילות און שליסלען פון שטעט, וועלכע האָבן געהאַט פאַר מיר אַ באַזונדערע באַדײַטונג. פאַרשטייט זיך, אַז איך בין דעמאָלט געווען זיכער, אַז כ'וועל מער נישט געפרווּוט ווערן מיט דער מאַטעריש פון סאָרטירן, פון ווידער פּאַקן און ווידער אויספּאַקן — און דאָס געפיל פון געבענטשטער ענדגילטיקייט האָט דאָ צוגעהאָלפן.

מײַן נײַע היים — אין וועלכער איך וווין ביז איצט — איז אַ פּערטל די גרייס פון דער פּרעמיער־רעזידענץ, וווּ איך האָב געוווינט אין משך פון נײַן יאָר, אָבער דאָס איז געניו וואָס איך האָב געוואָלט און געדאַרפט און איך פיל זיך דאָ באַקוועם פון סאַמע ערשטן טאָג. איך האָב זי פּראָיעקטירט אַזוי, אַז זי זאָל זײַן צוגעפּאַסט פאַר מײַנע באַדערפענישן — אַ קאָמבינירטער זאַל און עס־צימער מיט ביכערשענק לענג־אויס די ווענט; אַ בשותּפותדיקער גאָרטן פאַר מיר מיט מנחמס משפּחה; אַ קיך וואָס איז גענוג גרויס צו אַרבעטן אין איר בפועל־ממש; אַן אייבערשטער שטאָק מיט אַ שלאָפצימער און אַן אַרבעטס־קאַבינעט, וואָס האָט אויך געדינט ווי אַ גאַסטצימער. איך האָף דאָס יאָר ענדלעך צוצובויען נאָך אַ צימער, אָבער אַפילו אַן דעם צוגאָב־צימער איז מיר דאָס הויז תּמיד

גענוג געווען. און אין 1965 האָב איך געהאַט אַ ווונדערלעך געפיל, אַז ענדלעך באַזעץ איך זיך סטאַביל ערגעץ אויף אַן אָרט.

איך האָב אַ חשד, אַז אַפילו מײַן נאָענטסטע משפחה האָט נישט געגלייבט אויף אַן אמת, אַז איך וועל הנאה האָבן פונעם איבערגאַנג צו אַ לעבן פון אַן אײַנפאַכער בירגערין, אָבער איך בין געווען גליקלעך און געוווּסט אַז איך וועל עס אויך זײַן. דאָס ערשטע מאָל זינט יאָרן און יאָרן בין איך געווען פרײַ — מאַכן אַליין מײַנע קניות, פאָרן מיט די עפנטלעכע טראַנספּאָרט־מיטלען, נישט לאָזן זיך פירן אומעטום און דערבײַ דאגהן וואָס דער שאָפער וואַרט שטענדיק אויף מיר אין דרויסן, און דער עיקר — וויסן אַז מײַן צײַט געהערט מיר. איך האָב זיך באמת געפילט ווי אַן אַרעסטאַנט וואָס איז אַרויס פון טורמע. איך האָב צוגעגרייט לאַנגע רשימות פון ביכער, וועלכע איך האָב געוואָלט לייענען; אָפּגע־רופן אַלטע פרײַנד, וועלכע כ׳האָב שוין יאָרן נישט געזען און פּלאַנירט אַ ריי וויזיטן אין רביבים. דערצו האָב איך מיט גרויס פאַרגעניגן געקאָכט, געפּרעסט און געררומט אין שטוב. איך האָב אויפגעגעבן מײַן אַמט פונקט אין דער פאַסיקער צײַט, פון מײַן אייגענעם ווילן און איידער עמעץ זאָל קאָנען זאָגן: „ליבער גאָט, ווען וועט די אַלטע שוין פאַרשטיין, אַז ס׳איז די העכסטע צײַט פאַר איר אָוועק־צוגיין״. איך האָב געהאַט דאָס געפיל ווי כ׳וואָלט באַקומען אַ נײַע לעבנס־פאַרלענגערונג.

דער עולם האָט זיך צוגעוווינט צו מײַן נײַער ראָלע כמעט אַזוי גיך ווי איך אַליין, כאָטש כ׳מוז מודה זײַן, אַז פון צײַט צו צײַט האָט מען מיר אַרויס־געוויזן אַ ספּעציעלע באַציִונג. די קרעמער אין דער שכונה האָבן מיר אָפט געבראַכט מײַנע באַשטעלונגען אַהיים, וואָרעם ס׳פּאַסט נישט פאַר אַ געוועזענעם אויסערן־מיניסטער אַליין צו טראָגן די קוישן מיט עסנוואַרג. די אויטאָבוס־שאָפערן האָבן אַרויסגעוויזן די זעלבע העפלעכקייט און אָפּגעשטעלט די מאַשין נישט אויף דער אָנגעצייכנטער סטאַנציע, כדי כ׳זאָל קענען אַראָפּגיין נענטער צו מײַן שטוב; עטלעכע מאָל מיך אַפילו צוגעפירט בכבוד מלכים, ממש ביז צו דער טיר. אָבער מיך האָט בכלל נישט געאַרט וואָס איך שלעפּ, אָדער וויפל איך דאַרף גיין צו פוס. מײַן באַפרײַונג פון אָבליגאַטאָרישע צוזאַמענטרעפן און אָפיציעלע אויפנאַמעס איז געווען ווי אַ נס וואָס באַגייט זיך יעדן טאָג. איך האָב אַפילו קיין רגע זיך נישט געפילט איזאָלירט אָדער אָפּגעריסן פון דעם וואָס עס קומט פאָר אין לאַנד. כ׳בין פאַרבליבן אַ מיטגליד אין דער כנסת און אַ מיטגליד אין צענטראַל־קאָמיטעט פון מפא״י און אויף ביידע ערטער געאַרבעט וויפל עס האָט זיך מיר געגלוסט, אָבער נישט מער. בסך־הכּל בין איך געווען אַ שמחה בחלקי.

איך מיין, אַז כ׳האָב זיך געדאַרפט פאַרשטעלן, אַז די דאָזיקע נײַ־געפונענע רו וועט לאַנג נישט געדויערן. עס זענען געווען איבעררייסן — בעיקר די ווענדונג פון מײַנע פאַרטיי־חברים, איך זאָל זיך צוריקקערן צו אַ פולער אַרבעט —

לפּחות אויף אַ צײַט — כּדי צו העלפֿן דורכפֿירן די פֿאַראייניקונג פֿון אַלע אָדער פֿון דעם רוב טײלן אין דער אַרבעט־באַוועגונג, װעלכע איז לעצטנס אַזוי ערנסט אויפֿגעטרייסלט געוואָרן מחמת דער לבון־פּרשה. דאָס מאָל האָט זיך מער װי שטענדיק געפֿאָדערט די פֿאַראייניקונג. די עקאָנאָמישע לאַגע אין ישראל און די שטימונג אין לאַנד זענען דערגאַנגען אַזוי װײַט, אַז צום ערשטן מאָל האָט מען זיך געקענט פֿאָרשטעלן אַז עס װעט קומען דער סוף צו דער אַרבעטער־העגעמאָניע אין לאַנד, סײַדן עס װעט מעגלעך זײַן ממש אויפֿצושטעלן, און גאָר שנעל, אַ פֿאַראייניקטן אַרבעטער־פֿראָנט. מפּא״י אַלײן איז געוואָרן שטאַרק אָפּגעשוואַכט מיטן אַרויסטריט פֿון רפ״י (אונטער דער אָנפֿירונג פֿון בן־גוריונען און דײַנען) און למען האמת איז זי קיין מאָל נישט געקומען אין גאַנצן צו זיך פֿון דער פֿריִערדיקער שפּאַלטונג (אין 1944), װאָס עס האָט גורם געווען דער אַרויסטריט פֿון אחדות העבודה, בראָש מיט יצחק טאַבענקינען, פֿון די סאַמע אָנגעזעענסטע געשטאַלטן פֿון דער צװײטער עליה, חבר פֿון קיבוץ עין־חרוד, אַ צענטראַלע געשטאַלט אין דער קיבוצישער באַוועגונג בכלל און אין קיבוץ המאוחד בפּרט; מפּא״י איז אויך אָפּגעשוואַכט געוואָרן פֿיר יאָר שפּעטער מיטן אויפֿקום פֿון מפּ״ם, אַ מאַרקסיסטישע און אַנטי־מערבֿדיקע פּאַרטײַ װאָס איר הויפּטשטיצע איז געקומען פֿון די מער עקסטרעמע קיבוצים און פֿון אַ צאָל יונגע אינטעלעקטואַלן, װאָס האָבן זיך נאָך אַלץ געשפּילט מיטן געדאַנק אַז עס איז מעגלעך און עס קען דערגרייכט װערן אַ ישראל־סאָוועטישע דער־נענטערונג, אויב ישראל װעט עס װעלן אין אַ גענוגנדיקער מאָס!

אָבער די אידעאָלאָגישע חילוקי־דעות צװישן מפּא״י, רפ״י און אחדות העבודה זענען נישט געווען אַזוי גרויס, עס זאָל אוממעגלעך זײַן צו שאַפֿן אַ פֿאַראייניקטע אַרבעטס־פּאַרטײַ. דאָך האָט עמעץ געמוזט נעמען אויף זיך די עצם אַרבעט פֿון בויען די בריקן, ברענגען צו אַן אויסגלײַך צװישן די פֿאַרשיידענע שטאַנד־פּונקטן און פֿאַרשיידענע מענטשן, היילן אַלטע װוּנדן און אויסמײַדן נײַע, שאַפֿן אַ נײַע סטרוקטור, װאָס זאָל זײַן עקסיסטענץ־פֿעיִק. װער ער זאָל נישט זײַן, האָט אַזאַ מענטש, קודם־כּל געמוזט זײַן פֿולשטענדיק געטרײַ דער װיזיע פֿון אַן איין־און־איינציקער אַרבעטער־פּאַרטײַ, װאָס זאָל קענען אַרײַננעמען אין זיך פּאָליטישע פּראַקציעס, װאָס האָבן זינט אַ סך יאָרן נישט געלעבט בשלום; אַ מענטש, װאָס זאָל גלייבן באמונה שלימה אין דער דרינגענדיקער נויטווענ־דיקייט צו שאַפֿן אַן אַרבעטער־קאָאַליציע. מײַנע חברים (װעלכע האָבן אָנגעהויבן קומען צו מיר איינער נאָכן צװייטן) האָבן געזאָגט, אַז ס'איז פֿאַראַן נאָר איין מענטש, װאָס צייכנט זיך אויס מיט די נייטיקע אייגנשאַפֿטן און האָט אויך צײַט. אויב איך װעל נישט נעמען אויף זיך די אַרבעט, צוליב עגאָיִסטישע סיבות, װעט זי קיין מאָל נישט דורכגעפֿירט װערן. בסך־הכּל האָבן זיי פֿון מיר געבעטן צו װערן דער סעקרעטאַר פֿון מפּא״י ביז מען װעט דערגרייכן די פֿאַראייניקונג

און פאַרפעסטיקן זי. דערנאָך וועל איך זיך קענען צוריקציִען.

דאָס איז געווען דער איינציקער אַפּעל, וועלכן איך האָב נישט געקענט אָפּוואַרפן. נישט ווײַל איך בין געווען זיכער, אַז דאָס וועט מיר געראָטן, אָדער ווײַל איך האָב געהאַט חשק ווידער צו שטיין אין מיטן פון אַ גורלדיקן קאַמף, און נישט ווײַל ס'איז מיר געווען לאַנגווײַליק, ווי אַ סך מענטשן האָבן מסתמא געטראַכט, נאָר צוליב אַ סיבה, וואָס איז געווען אַ סך פּשוטער און וויכטיקער: איך האָב באמת געהאַלטן, אַז די צוקונפט פון דער אַרבעט־באַוועגונג איז אין סכנה און, כאָטש כ'האָב נישט געקענט פאַרטראָגן דעם געדאַנק פון אויפגעבן — אַפילו אויף עטלעכע חדשים — די רו און שלווה וואָס איך האָב ענדלעך געפונען, האָב איך נישט געקענט פועלן בײַ זיך, אין דער איצטיקער פאַזע פון מײַן לעבן, צו פאַרלאָזן סײַ פּרינציפּן און סײַ חברים, וועלכע זענען מיר געווען זייער טײַער. האָב איך געזאָגט יאָ און בין צוריקגעגאַנגען צו דער אַרבעט, צו רײַזעס, צו זיצונגען אָן אַ סוף און ווידער צו זײַן פאַרשקלאַפט צו די שעהען און מינוטן פון מײַן טעגלעכן קאַלענדאַר. איך האָב זיך אָבער צוגעזאָגט, און אויך מײַנע קינדער, אַז דאָס איז דער לעצטער פּאָסטן אין מײַן לעבן.

דערווײַל זענען פאָרגעקומען געשעענישן אין מיטעלן מיזרח, וואָס זענען עלול געווען צו שטעלן די צוקונפט פון ישראל אין אַ פיל גרעסערער סכנה ווי די וואָס עס האָבן געקענט גורם זײַן די שפּאַלטונגען אין דער אַרבעטער־מחנה. אין 1966 האָבן שוין די אַראַבער זיך געגרייט צו אַ נײַער מלחמה. די סימפּטאָמען זענען געווען גוט באַקאַנט. פּאַקטיש איז די פאַרשפּיל צו דער זעקס־טאָגיקער מלחמה געווען אידענטיש מיט דער פאַרשפּיל צו דער סיני־אַקציע. באַנדעס דיווערסאַנטן, געשטיצט און געמוטיקט דורך פּרעזידענט נאַצער אַזוי אַקטיוו ווי די פעדאַיִנער אין די פופציקער יאָרן, זענען געווען טעטיק קעגן ישראל, סײַ פון עזה־פּאַס, סײַ פון ירדן. זיי האָבן אײַנגעשלאָסן אַ נײַע אָרגאַניזאַציע, געגרינדעט אין 1965, באַקאַנט אונטערן נאָמען „אַל פאַטאַך" און וואָס איז געוואָרן דערנאָך, אונטער יאַסער אַראַפאַטס אָנפירונג, דער שטאַרקסטער עלעמענט און דער באַקאַנטסטער אין דער פּאַלעסטינער באַפרײַונגס־אָרגאַניזאַציע (פּ. ל. אָ.). עס איז אויך אויפגעשטעלט געוואָרן אַ פאַראייניקטע סיריש־מיצרישע הויפּט־קאָמאַנדע און אויף אַ שפּיצן־קאָנפערענץ האָט מען באַשטימט גרויסע סומעס געלט פאַר דעם בפירושן ציל אײַנצוקויפן געווער צו ניצן קעגן ישראל — און ראַטן־פאַרבאַנד האָט, פאַרשטייט זיך, געהאַלטן אין איין אַרײַנשיקן אין די אַראַבישע לענדער סײַ געווער, סײַ געלט. ס'האָט אויך אויסגעזען, אַז די סירער זענען אַנטשלאָסן צו פאַרשאַרפן דעם קאָנפליקט. זיי האָבן כסדר באָמבאַרדירט די ישראלדיקע יִישובים צופוסנס פון רמת הגולן און אונדזערע פישערס און פאַרמערס האָבן געדאַרפט אויסשטיין כמעט טאָג־טעגלעכע אַטאַקעס פון סנײַפּערס. איך פלעג פאָרן באַזוכן אָט די יִישובים און האָב געזען ווי די מענטשן

טוען זייער אַרבעט, ווי עס וואָלט געווען אַ גאַנץ נאַטירלעכע זאַך צו אַקערן די ערד אין באַגלייטונג פון מיליטער, לייגן די קינדער שלאָפן — נאַכט־אײַן נאַכט־אויס — אין אונטערערדישע בונקערס. איך האָב אָבער זיי קיין מאָל נישט געגלייבט, אַז זיי האָבן זיך צוגעוווינט — ווי זיי האָבן דאָס געזאָגט — צו לעבן אונטער אַ כּסדרדיקן פֿײַער. איך גלייב נישט אַז עלטערן קענען זיך „צוגעוווינען" צום געדאַנק, אַז דאָס לעבן פון זייערע קינדער איז אין כּסדר־דיקער סכּנה.

דעמאָלט, אין האַרבסט 1966, האָט דער ראַטן־פאַרבאַנד פּלוצלינג אָנגעהויבן באַשולדיקן ישראל אין גרייטן אירע כּוחות אויף אַ ברייט־פאַרמאַסטענעם אָנפאַל קעגן סיריע. כאָטש די באַשולדיקונג איז געווען אַן אַבסאָלוט אַבסורדע, האָט די אונאָ זי אויסגעפאָרשט מיט דער גאַנצער שטרענגקייט, און פאַרשטייט זיך אויסגעפונען אַז זי איז אין גאַנצן אָן אַ יסוד, אָבער די רוסן האָבן ווײַטער איבערגעחזרט די זעלבע באַשולדיקונגען און נישט אויפגעהערט צו רעדן וועגן דער ישראלדיקער אַגרעסיע, וואָס וועט זיכער דערפירן צו אַ דריטער רונדע אין דער ישראל־אַראַבישער מלחמה. די סיריער, וואָס האָבן פון ראַטן־פאַר־באַנד באַקומען געווער און שטיצע, האָבן ממשיך געווען זייערע אַטאַקעס אויף אונדזערע גרענעץ־יישובים. יעדעס מאָל ווען דער סירישער טעראָר האָט דער־גרייכט אַ נישט־דערלאָזלעכן פונקט, האָט אונדזער לופט־פלאָט אַטאַקירט די דיווערסאַנטן און עס איז געוואָרן רויִק אויף עטלעכע וואָכן אין די גרענעץ־יישובים. אָבער אָנהייב פרילינג 1967 זענען די תּקופות פון רעלאַטיווער רו געוואָרן ווייניקער און קירצער. אין אַפּריל 1967 האָט מען אַרויסגעשיקט אונדזערע עראָפּלאַנען אויף אַן אַקציע, וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ לופטשלאַכט און זיך פאַרענדיקט דערמיט וואָס ישראלדיקע עראָפּלאַנען האָבן אַראָפּגעשאָסן זעקס סירישע „מיגן". דעמאָלט האָבן די סיריער, געהעצט דורך די רוסן, ווידער געשריען אַז ישראל גרייט צו אַ גרויסע אַגרעסיע קעגן סיריע. אַן אָפיציעלער אָנקלאָג אין דעם זינען איז דורכן סאָוועטישן אַמבאַסאַדאָר אין ישראל, טשוואַכין, דערלאַנגט געוואָרן דעם פּרעמיער לוי אשכּול אין נאָמען פון סיריע. דאָס איז געווען נאָר איינער פון די גראַטעסקע אינצידענטן אין יענעם פּעריאָד און ער האָט אויך צוגעאײַלט די מלחמה, וואָס איז אויסגעבראָכן אין יוני.

„מיר האָבן אויסגעפונען" — האָט טשוואַכין געזאָגט צו אשכּולן אין זייער אַן אומאָנגענעמער פאָרם — „אַז נישט געקוקט אויף אַלע אײַערע אָפיציעלע דערקלערונגען, זענען פאַקטיש פאַראַן קאָנצענטראַציעס פון ישראל־מיליטער לענג־אויס דער סירישער גרענעץ". דאָס מאָל האָט אשכּול זיך נישט באַנוגנט בלויז מיט אָפּלייקענען די באַשולדיקונג, ער האָט געבעטן טשוואַכינען צו פאָרן צו דער צפון־גרענעץ און מיט די אייגענע אויגן זען ווי עס זעט דאָרט אויס די לאַגע. ער האָט אַפילו אויסגעדריקט זײַן גרייטקייט צו באַגלייטן טשוואַכינען

אויף דער דאָזיקער רײַזע. דער אַמבאַסאַדאָר האָט אויפֿן אָרט געענטפֿערט, אַז ער האָט אַנדערע זאַכן צו טאָן און האָט אָפּגעוואָרפֿן די אײַנלאַדונג, כאָטש עס האָט זיך געהאַנדלט בסך־הכּל אין אַ רײַזע פֿון עטלעכע שעה. פֿאַרשטייט זיך, אַז ווען ער פֿאַרט יאָ, וואָלט ער געווען געצוווּנגען צו אינפֿאָרמירן דעם קרעמל — און אויך די סיריער — אַז ס׳זענען נישטאָ קיין שום קאָנצענטראַציעס פֿון ישׂראל־זעלנערס אויף דער גרענעץ און אַז דער סירישער אַלאַרם איז אַבסאָלוט אומבאַרעכטיקט. אָבער דווקא דאָס האָט ער נישט געוואָלט טאָן. מיטן אָפּזאָגן זיך צו מאַכן דעם דאָזיקן שפּאַציר, איז אים געראָטן אויפֿצולעבן דעם שקר, וואָס האָט געהאָלפֿן אַרײַנפֿירן אויך נאַצערן אין דעם עסק און אַזוי אַרום געטריבן צום אויסבראָך פֿון דער זעקסטאָגיקער מלחמה.

אַנהייב מאַי, רעאַגירנדיק, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, אויף סיריעס „פּאַרייִאָושטער קלעם", האָט נאַצער באַפֿוילן צו קאָנצענטרירן אין סיני די מיצרישע אַרמיי און פֿאַנצער־מאַשינען. כּדי קיינער זאָל נישט האָבן קיין טעות לגבי זײַנע כּוונות, האָט ראַדיאָ קאַיִר אַנגעזאָגט, אַזוי קלאָר ווי מעגלעך, אַז „מצרים, מיט אַלע אירע רעסורסן... איז גרייט אַרײַנצוגיין אין אַ טאָטאַלער מלחמה, וואָס וועט ברענגען דעם סוף פֿון מדינת־ישׂראל".

דעם 16טן מאַי האָט נאַצער געמאַכט נאָך אַ טראָט — דאָס מאָל האָט ער נישט געגעבן קיין באַפֿעל זײַן אייגענער אַרמיי, נאָר דער אונאָ. ער האָט געפֿאָדערט אַז די אונאָ־כּוחות, וואָס האָבן זינט 1957 סטאַציאָנירט אי אין שאַרם־אַ־שייך און אי אין עזה־פּאַס, זאָלן גלײַך פֿון דאָרט אַרויס. פֿון יורידישן שטאַנדפּונקט האָט ער געהאַט דאָס רעכט צו פֿאַרטרײַבן דאָס אונאָ־מיליטער, ווײַל בלויז מיט דער הסכּמה פֿון מצרים איז עס בשעתו אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויפֿן עגיפּטישן באָדן. אָבער איך קען נישט גלייבן, אַפֿילו איין רגע, אַז נאַצער האָט באמת דערוואַרט, אַז די אונאָ וועט הכנעהדיק אויספֿירן זײַן באַפֿעל. ס׳איז געווען קעגן יעדער לאָגיק, אַז אַ כּוח וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן מיטן איינציקן ציל אַכטונג צו געבן אויפֿן פֿײַער־איבעררײַס צווישן מצרים און ישׂראל, זאָל צוריקגעצויגן ווערן אויפֿן פֿאַרלאַנג פֿון איינעם פֿון די קעמפֿנדיקע צדדים און ממש אין אַ מאָמענט ווען דער פֿײַער־איבעררײַס שטייט פֿאַר אַן ערנסטער סכּנה. איך בין זיכער, אַז נאַצער האָט דערוואַרט לאַנגע אונטערהאַנדלונגען, וויכּוחים און דינגעניש. ער האָט בכל־אופֿן זיכער גערעכנט אַז די אונאָ וועט פֿאָדערן אויסצופֿירן די אָפּעראַציע אין פּאַזעס. אָבער צוליב סיבות וואָס קיינער האָט זיי קיין מאָל נישט פֿאַרשטאַנען — און איך ווייניקער פֿון אַלעמען — האָט דער אונאָ־סעקרעטאַר, או טאַנט, גלײַך זיך אונטערגעגעבן נאַצערן. ער האָט זיך מיט קיינעם נישט בעראָטן אין דעם ענין, נישט געפֿרעגט די מיינונג בײַם זיכערהייטס־ראָט. ער האָט אַפֿילו נישט פֿאָרגעשלאָגן אָפּצולייגן די זאַך אויף עטלעכע טעג. האַנדלענדיק בלויז לויט זײַן אייגענעם ווילן, האָט או טאַנט

אַן שום וואַקלעניש מסכּים געווען גלײַך אַרויסצוציִען דאָס אונאַ־מיליטער און גלייך אויף מאָרגן האָט דאָס מיליטער אָנגעהויבן אַרויסצוגיין פון שאַרם־אַ־שייך און פון עזה־פּאָס. דעם 19טן מאַי, באַגלייט מיט ווילדע אַפּלאָדיסמענטן פון די מיצרים, האָט די לעצטע מיליטערישע אונאַ־אייגהייט פאַרלאָזט יענע ערטער, און די מצרים האָבן איצט געהערשט איבער זייער גאַנצער גרענעץ מיט ישראל.

קיינער איז, דאַכט זיך, נישט געווען אַזוי פאַרביטערט ווי איך פון או טאַנטס גראָטעסקן אונטערגעבן זיך נאַצערן. נישט, חלילה, ווײַל איך בין געווען דער איינציקער מענטש וואָס האָט פאַרשטאַנען וואָס עס קומט פאָר. זייער ווײַט דערפון. אָבער דאָס האָט מיך צוריקגעפירט, מיט אַ כּמעט אומדערטרעגלעכן ווייטיק און אומרו, צו די זכרונות פון יענע שרעקלעכע חדשים אין ניו־יאָרק, נאָך דער סיני־אַקציע, ווען די גאַנצע וועלט איז געווען געניגט אונדז צו צווינגען אַרויסצונעמען אונדזער מיליטער פון עזה און סיני, נישט געמענדיק אין אַכט די רעזולטאַטן צו וועלכע דאָס מוז דערפירן, ווי מיר האָבן עס פאַרשטאַנען און טאָקע געוואָרנט. איך האָב ווידער און ווידער געזען פאַר מײַנע אויגן יענע חדשים: די לאַנגע שעהען פון שווערע און פּרוכטלאָזע שמועסן מיט מיסטער דאַלעס, די ענלעכע שווערע און פּרוכטלאָזע פאַרהאַנדלונגען, וואָס מיר האָבן הינטער די קוליסן געפירט מיט די דעלעגאַציעס פון די אַנדערע לענדער, די אין־סופיקע אַנשטרענגונגען, וואָס מיר האָבן געמאַכט — אַן דעם מינדסטן דערפאָלג — כּדי אויפצוקלערן, אַז ס'איז פאַראַן נאָר איין וועג צו דערגרייכן אַ שלום אין מיטעלן מיזרח: נישט דורך נאָכגעבן כּסדר די אַראַבער, אויף אונדזער חשבון, נאָר קאַטעגאָריש פאָדערן, אַז עס זאָל געשלאָסן ווערן אַ נישט־אַגרעסיע פּאַקט צווישן די אַראַבישע מדינות און ישראל, אָדער דערגרייכן אַ רעגיאָנאַלע אָנטוואָפענונג, אָדער דירעקטע פאַרהאַנדלונגען. פאַר וואָס האָט עס פאַר אונדז אויסגעזען אַזוי פּשוט און זעלבספאַרשטענדלעך און פאַר אַלע אַנדערע אַזוי אוממעגלעך? צי האָבן מיר דען נישט אויפגעקלערט ווי עס דאַרף צו זײַן די רעאַליטעט וואָס הערשט אין דאָזיקן טייל וועלט? צי האָב איך געהאַט ערגעץ אַ שרעקלעכן טעות, אָדער דורכגעלאָזן אַ דעציִדירנדיקע זאַך און וועגן איר נישט געערדט? וואָס מער איך האָב געטראַכט וועגן יענע חדשים פון 1956 און 1957 איז מיר געוואָרן אַלץ קלאָרער, אַז זינט דעמאָלט האָט זיך קיין זאַך בכלל נישט געביטן און מען לאָזט ווידער די אַראַבער שפּילן זיך מיט דער אילוזיע, אַז זיי וועלן אונדז קענען אָפּמעקן פון דער ערד.

די דאָזיקע אילוזיע האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט דעם 22טן מאַי, ווען נאַצער, אַ פאַרשיכּורטער פון זײַן נצחון דורכן פאַרטרײַבן דעם אונאַ־כּוח, האָט געמאַכט אַ נײַעם פּרווו צו שטעלן די וועלט פאַר אַן עקזאַמען, בנוגע זײַן אָפן דערקלערטער כּוונה אַרײַנצוגיין אין אַ פולער מלחמה מיט ישראל. ער האָט דערקלערט אַז מצרים לייגט ווידער אַרויף אַ בלאָקאַדע אויפן טיראַן־דורכגאַנג,

נישט געקוקט אויפן פאַקט, וואָס אַרום צוואַנציק לענדער (צווישן זיי אַמעריקע, גרויס־בריטאַניע, קאַנאַדע און פראַנקרײַך) האָבן גאַראַנטירט ישראלס פרײַען שיפספאַרקער אין דער אילת־בוכטע. ס'איז גאָר קיין ספק נישט, אַז דאָס איז געווען אַ להכעיסדיק רייצן זיך און נאַצער האָט געוואָרט צו זען ווי די וועלט וועט עס אויפנעמען. ער האָט לאַנג נישט געדאַרפט וואַרטן. אויך אין דעם פאַל אין קיינער נישט געווען גרייט עפּעס צו טאָן. פאַרשטייט זיך, אַז עס זענען געווען פּראָטעסטן און צאַרנדיקע רעאַקציעס. פּרעזידענט דזשאָנסאָן האָט געזאָגט אַז די בלאָקאַדע איז „נישט לעגאַל" און „קען באַדײַטן אַ חורבן פאַרן שלום". ער האָט פאָרגעשלאָגן, אַז אַן אינטערנאַציאָנאַלער קאָנוואָי, אײַנשליסנדיק אַ ישראלדיקע שיף, זאָל אַרײַנגיין אין טיראַן־דורכגאַנג און שטעלן נאַצערן פאַר אַן עקזאַמען. ער האָט אָבער נישט געקענט איבערצײַגן די פראַנצויזן און די ענגלענדער אָנצונעמען זײַן פאָרשלאָג. עס איז צונויפגערופן געוואָרן אַן אויסער־אָרדנטלעכע סעסיע פון זיכערקייטס־ראָט, אָבער די רוסן האָבן נישט דערלאָזט עס זאָל דערגרייכט ווערן עפּעס ממשותדיקס. דער בריטישער פּרעמיער־מיניס־טער, מײַן גוטער פרײַנד האַראָלד ווילסאָן, איז געפלויגן קיין אַמעריקע און קאַנאַדע און פאָרגעשלאָגן צו אָרגאַניזירן אַן אינטערנאַציאָנאַלן פלאָט, וואָס זאָל באַוואַכן דעם שיפספאַרקער אינעם טיראַן־דורכגאַנג, אָבער אויך זײַן פאָרשלאָג איז נישט אָנגענומען געוואָרן. אפילו אַז טאַנט, וועלכער האָט ענדלעך באַגומען זײַן שרעקלעכן טעות, האָט באַקומען מוט און איז געפאָרן קיין קאַיר אַפּעלירן צו נאַצערס לאָגיק, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט.

נאַצער האָט געמאַכט זײַנע אייגענע אויספירן: אויב די אַזוי גערופענע גאַראַנטיעס, וואָס די ים־מאַכטן האָבן געגעבן ישראל נאָך דער סיני־אַקציע, זענען טאַקע אַזוי ווערטלאָז, ווי זיי זעען אויס צו זײַן, וועט ער אים שטיין אין וועג צום דערגרייכן דעם ענדגילטיקן, פולן נצחון איבער דער ייִדישער מדינה און ווערן דערנאָך די העכסטע געשטאַלט אין דער אַראַבישער וועלט. אויב ער האָט נאָך געהאַט עפּעס אַ ספק לגבי דער אוואַנטורע אין וועלכער ער האָט געוואָלט אַרײַנוואַרפן זײַן פאָלק און זיך אַליין, האָבן די רוסן אים אײַנגע־שטילט. דער סאָוועטישער פאַרטיידיקונגס־מיניסטער האָט אין לעצטן מאָמענט געבראַכט נאַצערן אַ דערמוטיקונגס־בריוו פון קאָסיגינען: דער ראַטן־פאַרבאַנד וועט זיך שטעלן אויף דער זײַט פון מצרים אין דעם קאַמף וואָס דערנענטערט זיך. אַזוי איז צוגעגרייט געוואָרן די אַרענע. וואָס שייך די צילן פון דער מלחמה — אויף וויפל נאַצער האָט געהאַלטן פאַר זײַן חוב אויפצוקלערן זײַן פאָלק וואָס האָט אָנגעהויבן אַרויסצווײַזן די ערשטע סימנים פון מלחמה־היס־טעריע — איז פאַר אים געווען כסדר איבערצוחזרן דעם זעלבן זאַץ: „אונדזער ציל איז חרוב צו מאַכן די ייִדישע מדינה", און דערקלערן פאַר דער עגיפּטישער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, ווי ער האָט עס טאַקע געטאָן אין דער

לעצטער וואָך פון מאַי, „די פראַגע איז נישט עקבה, דער טיראַן־דורכגאַנג אָדער דער אונאָ־כּוח... די פראַגע איז די אַגרעסיע קעגן פּאַלעסטינע, וואָס איז פּאַרגעקומען אין 1948". מיט אַנדערע ווערטער: די מלחמה וואָס האָט זיך דערנענטערט האָט געדאַרפט זייַן די לעצטע מלחמה קעגן אונדז און עס האָט אויסגעזען אַז נאַצער האָט געהאַט דעם פולן גרונט צו טראַכטן, אַז ער וועט זי געווינען.

דעם 1טן יוני זענען שוין געווען אין סיני הונדערט טויזנט מיצרישע זעלנערס און איבער נייַן הונדערט מיצרישע טאַנקען און דערצו זעקס סירישע בריגאַדעס און קרוב דרייַ הונדערט טאַנקען, וואָס האָבן זיך געריסן אין קאַמף אין צפון. נאָך עטלעכע וואָכן קווענקלענישן האָט אויך כוסיין, דער מלך פון ירדן, דעצי־דירט צו נעמען די ריזיקע און זיך אַנשליסן אין נאַצערן אין זייַן גרויסער אונטערנעמונג. הגם מיר האָבן כּסדר פּאַר אים קלאָר געמאַכט און פּאַרזיכערט, אַז אויב ער וועט זיך נישט באַטייליקן אין דער מלחמה, וועט אים גאָרנישט געשען (די לעצטע וואָרענונג האָט אשכּול אַרויסגעשיקט כוסיינען דורך דער פּאַרמיטלונג פונעם שטאַב פון די אונאָ־אָבסערוואַטאָרן, אין דעם פרימאָרגן אין וועלכן ס'איז אויסגעבראָכן די מלחמה), האָט ער דאָך נישט געקענט גובר זייַן דעם חשק צו זייַן אַ שותּף צום נצחון — אויך נישט די שרעק ווידערצו־שפּעניקן נאַצערן — און האָט פאַרבונדן זייַן גורל מיטן גורל פון מצרים, און צוגעשטעלט זיבן בריגאַדעס, 270 טאַנקען, ווי אויך אַ קליינעם אָבער עפעקטיוון לופטפלאָט. די לעצטע, וואָס האָבן זיך אַנגעשלאָסן אין דער קאָאַליציע קעגן ישראל, זענען געווען די איראַקער, וואָס האָבן, אַ טאָג פאַרן אויסבראָך פון דער מלחמה, אונטערגעשריבן אַ קעגנזייַטיקן פאַרטיידיקונגס־אָפּמאַך מיט מצרים. גע־ווען איז עס אַ מאַכטיקער צוזאַמענשטעל פון מיליטערישע כּוחות. די מערב־לענדער האָבן אויסגעזען צו זייַן פּאַראַליזירט אָדער אין גאַנצן גלייַכגילטיק. דער־קעגן די רוסן האָבן די אַראַבער געגעבן זייער פולע אונטערשטיצונג. איז טאַקע נישט קיין ווונדער, וואָס נאַצער איז געווען איבערצייַגט, אַז ער האָט ענדלעך די מעגלעכקייט צו דערלאַנגען ישראל אַ טויטקלאַפּ.

דאָס אַלץ בנוגע דער אַראַבישער שטימונג און דעם אַראַבישן חלום. וואָס איז פאַרגעקומען בייַ אונדז? איך וויל נישט — און איך גלייב נישט, אַז עס איז נייטיק — איבערחזרן פּרטימדיק די געשיכטע פון דער זעקסטאָגיקער מלחמה, וועגן וועלכער מען האָט שוין אַזוי פיל געשריבן. איך גלייב נישט אַז אַ מענטש, וואָס האָט איבערגעלעבט אין ישראל די וואָכן פאַר דער מלחמה, וועט קענען פאַרגעסן ווי אַזוי מיר האָבן אויפגענומען די שרעקלעכע סכּנה פאַר וועלכער מיר זענען געשטאַנען. קיינער וועט נישט קענען פאַרשטיין ישראלס רעאַגירן אויף איר איצטיקער לאַגע, נישט באַנעמענדיק פריִער, וואָס מיר האָבן געלערנט וועגן זיך, וועגן די אַראַבישע לענדער און וועגן דער איבעריקער

וועלט אין פֿאַרלויף פון די דרײַ וואָכן, אין פרילינג 1967, וואָס זענען באַקאַנט ווי די „תקופה פון קאַמפּס־גרייטקייט”. כאָטש איך בין דעמאָלט נישט געווען קיין מיטגליד אין דער רעגירונג, איז דאָך געווען נאַטירלעך, אַז אין דער צײַט פון קריזיס זאָל מען זיך ווענדן צו מיר, איך זאָל העלפן דערגרייכן אייניקע פון די באַשלוסן, וועלכע האָבן געטראָגן דעם כאַראַקטער פון טויט אָדער לעבן, פאַר וועלכע די רעגירונג איז דעמאָלט געשטאַנען. כ׳מיין אַז אַלע האָבן אויפגענומען ווי זעלבספאַרשטענדלעך, אַז איך זאָל גרייט זײַן געבן מײַן צושטייער.

פון סאַמע אָנהייב האָט קיינער נישט געצווייפלט אַז מען דאַרף אויסמײַדן די מלחמה — כמעט פאַר יעדן פרײַז. עס איז אָבער אויך נישט געווען קיין ספק, אַז אויב מיר וועלן זײַן געצוווּנגען צו קעמפן, וועלן מיר קעמפן — און געווינען — אָבער פריִער מוז מען אויספרוּוון יעדן מעגלעכן וועג. אשכּול, זײַן פּנים גרוי פון מידקייט און שפּאַנונג, האָט אָנגעהויבן זוכן אַ דיפּלאָמאַטישע אינטערווענץ. דערמיט האָבן זיך רעזומירט זײַנע ווענדונגען. איבעריק צו זאָגן, אַז מיר האָבן קיין מאָל נישט געבעטן מען זאָל אונדז שיקן מיליטער צו הילף. מען האָט געשיקט אבא אבנען אויף אַ ריי מיסיעס קיין פּאַריז, לאָנדאָן און וואַשינגטאָן און גלײַכצײַטיק האָט אשכּול רויִק געגעבן אַ צייכן דעם פאָלק צו זײַן גרייט, צום דריטן מאָל אין משך פון נײַנצן יאָר, צו פאַרטיידיקן זײַן רעכט אויף עקסיסטענץ. אבן האָט צוריקגעבראַכט אַ זייער ביטערן באַריכט. אונדזער אומרו האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ באַרעכטיקטער. לאָנדאָן, פּונקט ווי וואַשינגטאָן האָט אויסגעדריקט סימפּאַטיע און זאָרג, אָבער ביידע זענען דערווײַל נישט גרייט געווען אויף קיין שום אַקציע. די לאַגע איז געווען זייער אַ שלעכטע, אָבער אפשר וועט זיך פאַרלעשן דאָס אַראַבישע מטורפדיקע התלהבות. זיי האָבן רעקאָמענדירט געדולד און זעלבסקאָנטראָל. פאַר ישראל איז נישטאָ קיין אַנדערע ברירה ווי וואַרטן און זען. דע גאָל איז געווען מער דײַטלעך: „וואָס עס זאָל נישט געשען” — האָט ער געזאָגט אבנען — „טאָר ישראל נישט מאַכן קיין טראָט כּל־זמן די אַראַבער וועלן נישט אָנהייבן אַ פּאַקטישן אָנגריף. אויב עס וועט קומען צו אַזאַ אָנגריף, וועט פראַנקרײַך אינטערווענירן און ראַטעווען די לאַגע”. ווען אבן האָט געפרעגט: „און אויב עס וועט שוין נישט זײַן וועמען צו ראַטעווען?”, האָט דע גאָל נישט געענטפערט, ער האָט אָבער קלאָר געמאַכט, אַז דער המשך פון פראַנקרײַכס פרײַנדשאַפט מיט אונדז איז אָפּהענגיק פון דעם, צי מיר וועלן אים פאָלגן אָדער נישט.

עס זענען פאַרבײַ בלויז עטלעכע טעג און פּלוצלינג איז דער המשך פון אונדזער קיום געשטאַנען אונטער אַ פראַגעצייכן. געמיינט האָט עס, אַז מיר זענען געבליבן אַליין. די מערב־וועלט, וואָס מיר האָבן זיך תּמיד באַטראַכט ווי איר אַ טייל, האָט אויסגעהערט וואָס מיר האָבן געהאַט צו זאָגן, אויסגעהערט אונדזער מיינונג וועגן דער אויסערסט געפערלעכער לאַגע און אונדז אָפּגעשיקט מיט גאַר־

נישט — כאָטש אויף די גאַסן און אין די פּאַרזאַמלונגס־זאַלן, אומעטום, זענען די מענטשן געווען מיט אונדז. האָבן מיר זיך אָנגעהויבן גרייטן צו דער אומ־פּאַרמײַדלעכער מלחמה. דאָס מיליטער האָט זיך גענומען צו די פּלענער פאַר אויסנאַם־צושטאַנד. אשכול האָט פאַראָרדנט אַן אַלגעמיינע מאָביליזאַציע. די מענער, פרויען און קינדער פון ישראל האָבן געטאָן וואָס מען האָט געדאַרפט — גערייניקט די קעלערס, זיי זאָלן קענען ניצן ווי אימפּראָוויזירטע בונקערס, אָנגע־פילט טויזנטער זעק מיט זאַמד, געלייגט זיי בײַ דער זײַט פון די אָקאָפּעס, וואָס טאַטעס און זיידעס האָבן געגראָבן אין יעדן גאָרטן, אין יעדן הויף פון אַ שולע איבערן גאַנצן לאַנד, און גענומען אין די הענט אַרײַן די וויכטיקע אַרבעטן אין ציווילן לעבן, בעת די זעלנערס, אונטער מאַסקירונגס־נעצן, אין די זאַמדן פון נגב, האָבן געוואַרט, זיך טרענירט און ווידער געוואַרט. עס האָט זיך אויס־געוויזן, ווי עפּעס אַ גיגאַנטישער זייגער וואָלט געקלאַפּט און געקלאַפּט אין אונדזער אַלעמענס אויערן און בלויז נאַצער האָט געוווּסט ווען עס וועט אויס־שלאָגן די שעה.

סוף מאַי איז דאָס רעגולערע לעבן — אַזוי ווי מיר האָבן עס געקענט פון די פריִערדיקע חדשים — איבערגעריסן געוואָרן. ס'האָט אויסגעזען ווי יעדער טאָג וואָלט געהאַט אַ דאָפּלטע צאָל שעהען און יעדע שעה האָט זיך געצויגן אָן אַ סוף. אין דער היץ פון אָנהייב זומער האָב איך געטאָן וואָס אַלע האָבן געטאָן: איך האָב אײַנגעפּאַקט אין אַ רוקזאַק עטלעכע וויכטיקע זאַכן, וואָס וועלן אפשר נוצלעך זײַן אין בונקער און אַוועקגעלייגט אויף אַן אָרט, פון וואַנען מ'זאָל עס לייכט קענען אַ כאַפּ טאָן אין מאָמענט ווען די סירענעס וועלן אָנהייבן זייערע יללות. כ'האָב געהאָלפן אַיאַן אויסשנײַדן אידענטיפיקאַציע־דיסקן פון צעראַטע פאַר די קינדער און פאַרטונקלט איין צימער אין יעדער דירה, כּדי מיר זאָלן קענען ערגעץ אָנצינדן אַ ליכט אין די אָוונטן. איין מאָל בין איך געפאָרן קיין רביבים, זען שרהן און די אייניקלעך. איך האָב געקוקט אויפן קיבוץ, וועלכן כ'האָב געקענט פון זײַן ערשטן טאָג אָן און געזען ווי ער גרייט זיך צום אַראַבישן אָנגריף, וואָס וועט אים אפשר פאַרוואַנדלען אין חורבות. איך האָב זיך באַגעגנט מיט אייניקע פון שרהס פרײַנד — אויף זייער פאַר־לאַנג — כּדי צו רעדן וועגן דעם וואָס עס קען פּאַסירן. זיי האָבן געוואָלט וויסן ווען עס וועט זיך ענדיקן דאָס וואַרטן, אָבער דאָס איז געווען אַ פראַגע, אויף וועלכער איך האָב נישט געקאָנט ענטפערן, און דער זייגער האָט געקלאַפּט און געקלאַפּט און מיר האָבן געוואַרט און געוואַרט.

עס זענען אויך געווען די אומעטיקע צוגרייטונגען, וואָס מען האָט געדאַרפט האַלטן בסוד: די פּאַרקן אין יעדער שטאָט האָט מען באַשטימט צו ניצן ווי עווענטועלע מאַסן־בית־עלמינס; האָטעלן, פון וועלכע מען האָט אַוועקגעשיקט די געסט, כּדי מען זאָל זיי קענען פאַרוואַנדלען אין ריזיקע סטאַנציעס פאַר

ערשטער הילף; דאָס עסן, וואָס מען האָט אָנגעגרייט אין פֿאַל ווען מען וועט דאַרפֿן שפּײַזן די באַפֿעלקערונג פֿון אַ צענטראַלן מקור; די באַנדאַזשן, מעדי־קאַמענטן און טראַגבעטלעך, וועלכע מען האָט צוזאַמענגענומען און פֿונאַנדער־געטיילט און, בעיקר, פֿאַרשטייט זיך, די מיליטערישע צוגרייטונגען. כאָטש מיר האָבן שוין דעמאָלט גוט געוווּסט, אַז מיר זענען אַבסאָלוט אַליין, איז אין ישׂראל, אויף וויפֿל מיר איז באַקאַנט, נישט געווען קיין איין מענטש, וואָס האָט געהאַט וועלכע ס׳איז אילוזיעס לגבי דעם פֿאַקט, אַז מיר האָבן נישט קיין ברירה און מוזן געווינען די מלחמה וואָס מען צווינגט אונדז אַרויף. ווען איך טראַכט וועגן יענע טעג, איז צום מערסטן בולט אין מײַן זכּרון דאָס ווונדערלעכע געפֿיל פֿון אַחדות און ציל וואָס האָט אין פֿאַרלויף פֿון אַ וואָך אָדער צוויי אונדז פֿאַרוואַנדלט פֿון אַ קליינעם קלאָוסטראָפֿאָבישן ייִשוב, וואָס פֿאַרמעסט זיך, און נישט שטענדיק מיט הצלחה, מיט פֿאַרשיידענע עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און סאָציאַלע אומצו־פֿרידנקייטן אין אַ לאַנד פֿון צוויי מיט אַ האַלבן מיליאָן ייִדן, וואָס יעדער פֿון זיי פֿילט זיך פּערזענלעך פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַרן קיום פֿון דער מדינה און ווייסט אַז דער שׂונא וואָס איז אויף אונדז אויפֿגעשטאַנען וויל אונדז אומברענגען.

דעריבער איז נישט געשטאַנען די פֿראַגע, אַזוי ווי זי שטייט אפֿשר פֿאַר אַנדערע לענדער, ווי אַזוי צו בלײַבן גאַנץ און געזונט, ווי אַזוי דער שאָדן אין אַן אומפֿאַרמײַדלעכער מלחמה זאָל אויף ווי ווײַט מעגלעך זײַן קלענער, בײַערט ווי אַזוי איבערצולעבן ווי אַ פֿאָלק. דער ענטפֿער אויף דער פֿראַגע איז קיין מאָל נישט געווען איינגעהילט אין ספֿקות. מיר וועלן קענען עקסיסטירן אויב מיר וועלן מנצח זײַן. דאָס איבעריקע — אַלע פּרעטענזיעס, חילוקי דעות און אַרויס־געוויזענע קליינלעכקייטן — איז פֿאַרשווונדן. מיר זענען געוואָרן, פּשוט געזאָגט, איין ענג־פֿאַרבונדענע משפּחה, אַנטשלאָסן נישט צו רירן זיך פֿון אָרט. קיין איין ייִד האָט נישט פֿאַרלאָזט ישׂראל אין יענע שרעקלעכע וואָכן פֿון וואַרטן און וואַרטן. קיין איינע פֿון די מוטערס אין די ייִשובים צופּוסנס פֿון רמת הגולן אָדער אין נגב, האָט נישט גענומען אירע קינדער און אַנטלאָפֿן. קיינער פֿון די אַנטרונענע פֿון די נאַצישע לאַגערן, וואָס אַ סך פֿון זיי האָבן פֿאַרלוירן זייערע קינדער אין די גאַזקאַמערן, האָט נישט געזאָגט: „איך קען נישט איבערטראַגן קיין נײַע לײַדן", און הונדערטער און הונדערטער ישׂראלים, וועלכע זענען געווען אין אויסלאַנד, זענען צוריקגעקומען, כאָטש קיינער האָט זיי נישט גערופֿן. זיי זענען צוריקגעקומען, ווײַל זיי האָבן נישט געקענט שטיין פֿון דער ווײַטנס.

נאָך מער: די ייִדן פֿון דער וועלט האָבן געקוקט אויף אונדז, געזען די סכּנה, די איינזאַמקייט אונדזערע, און זיך געפֿרעגט, ווי כ׳מיין, צום ערשטן מאָל: וואָס וועט זײַן אויב די ייִדישע מדינה וועט אויפֿהערן צו עקסיסטירן? אויך אויף דער דאָזיקער פֿראַגע איז געווען נאָר איין מעגלעכער און קורצער ענטפֿער: קיין שום ייִד אין דער וועלט וועט זיך קיין מאָל נישט פֿילן פֿרײַ,

אויב די ייִדישע מדינה וועט אומגעבראַכט ווערן. נאָך דער מלחמה — אָדער ריכטיקער געזאָגט, דעם לעצטן טאָג פֿון דער מלחמה — בין איך אָפּגעפֿלויגן אויף עטלעכע טעג קיין אַמעריקע און גערעדט אויף אַ ריזיקער פֿאַרזאַמלונג, אײַנ־געאָרדנט דורכן פֿאַראייניקטן ייִדישן קאַמפּיין אין מעדיסאָן־סקווער־גאַרדן. מײַן טאָג־אָרדענונג איז געווען זייער אָנגעלאָדן און איך האָב זיך זייער געאײַלט צוריקצופֿאָרן אַהיים. איך האָב זיך אָבער זייער געוואָלט באַגעגענען מיט אייניקע פֿון די עטלעכע טויזנט אַמעריקאַנער ייִדן, וועלכע האָבן באַלאַגערט די ישׂראל־דיקע קאָנסולאַטן אין גאַנץ אַמעריקע און זיך געריסן צו זײַן מיט אונדז אין דער מלחמה. איך האָב געוואָלט וויסן וואָס עס האָט באַוויגן זיי און אויך אַנדערע, ווי למשל די יונגע ענגלישע ייִדן, וואָס האָבן געמאַכט אַ מהומה אויפֿן לאָנדאָנער פֿליפֿלאַץ, ווײַל „אל על" (די איינציקע עראָפּלאַנען־געזעלשאַפֿט, וואָס איז גע־פֿלויגן קיין ישׂראל אין די מלחמה־טעג) האָט בשום־אופֿן נישט געקענט נעמען אַלע וואָלאַנטערן וואָס האָבן געוואָלט קומען, אַרײַנשטעקן דעם קאָפּ אין דער פֿעטליע, וואָס האָט זיך אַזוי ענג פֿאַרצויגן אַרום אונדזער האַלדז. נאָך אַלעמען האָט אין ישׂראל נישט געוואָרט קיין ראָמאַנטישער צוזאַמענשטויס. אַ ריזיקער אַפּאַראַט, וואָס זײַן ציל איז געווען הרגענען, ברעכן אונדזערע אבֿרים און אונדז פֿאַרטיליקן, איז אָוועקגעשטעלט געוואָרן אויף אונדזערע גרענעצן און פֿון טאָג צו טאָג האָט ער זיך גערוקט אַלץ נענטער און נענטער. פּונקט ווי מיר, האָבן אויך זיי געקענט זען יעדן אָוונט אויף דער טעלעוויזיע, דעם אָפּשטויסנדיקן ספּעקטאַקל פֿון די מאַסן אין דער אַראַבישער וועלט, וועלכע רײַסן זיך היסטעריש צו דער בלוטבאָד, וואָס זאָל אַ סוף מאַכן צו דער ייִדישער מדינה ס'איז דערייבער קיין ספֿק נישט, אַז זיי האָבן געוווּסט אין וואָס עס גייט. ביזן סוף האָבן אַ סך פֿון זיי נישט באַוויזן אָנצוקומען קיין ישׂראל. דאָס אַמעריקאַנער אויסערן־מיניסטעריום האָט זיי פֿאַרהאַלטן און סײַ ווי סײַ האָבן די שלאַכטן זיך פֿאַרענדיקט אין זעקס טעג. אָבער איך האָב געפֿילט אַ גרויסע באַדערפֿעניש אויסצוגעפֿינען וואָס עס מיינט פֿאַר זיי באמת ישׂראל און איך האָב געבעטן מײַנע פֿרײַנד אין ניו־יאָרק, זיי זאָלן פֿאַר מיר אָרגאַניזירן אַ צוזאַמענטרעף כאָטש מיט אייניקע פֿון די 2,500 ייִדישע יונגעלײַט אין שטאָט, וועלכע האָבן פֿרײַוויליק געוואָלט פֿאָרן קיין ישׂראל אין דער צײַט פֿון דער מלחמה.

עס איז נישט לײַכט געווען אײַנצואָרדענען אַזאַ צוזאַמענטרעף אין פֿיר־און־צוואַנציק שעה, אָבער מען האָט עס באַוויזן צו טאָן. איבער טויזנט פֿון די דאָזיקע בחורים זענען געקומען רעדן מיט מיר. „זאָגט מיר" — האָב איך זיי געפֿרעגט — „פֿאַר וואָס האָט איר געוואָלט קומען? איז עס געווען צוליב אײַער דערציִונג? האָט איר אפֿשר געטראַכט, אַז דאָס וועט זײַן אַ שטורמישע איבערלעבונג? צי ווײַל איר זענט ציוניסטן? וועגן וואָס האָט איר געטראַכט, ווען איר זענט געשטאַנען דעם פֿאַרגאַנגענעם חודש אין דער ריי און געבעטן מען זאָל אײַך

לאָזן פאַרן קיין ישראל?״. פאַרשטייט זיך אַז דער ענטפער אויף מײַן פראַגע איז נישט געווען קיין אייגהייטלעכער, אָבער מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איין יונגערמאַן האָט גערעדט אין נאָמען פון אַלע, ווען ער האָט זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט: „איך ווייס נישט, פרוי מאיר, ווי אײַך דאָס אויפצוקלערן, אָבער איין זאַך ווייס איך יאָ: מײַן לעבן וועט קיין מאָל נישט מער זײַן אַזוי ווי עס איז געווען פריער. די זעקסטאָגיקע מלחמה און דער פאַקט אַז די ייִדישע מדינה איז געווען אַזוי נאָענט חרוב צו ווערן, האָט אין מיר געביטן אַלץ — מײַנע געפילן צו זיך אַליין, צו מײַן משפחה און אַפילו לגבי מײַנע שכנים. קיין שום זאַך וועט מער נישט זײַן פאַר מיר אַזוי ווי אַ מאָל״. די תשובה איז נישט געווען קיין לאָגישע, אָבער געקומען איז זי פון האַרצן און איך האָב פאַרשטאַנען וועגן וואָס ער רעדט. ער האָט גערעדט וועגן זײַן אידענטיטעט ווי אַ ייִד און וועגן דער משפּחה, די פיל ברייטערע, וואָס ער האָט פּלוצלינג דערפילט, אַז ער געהערט צו איר, נישט געקוקט אויף אַלע אונטערשיידן צווישן אונדז. די סכנה וואָס מיר האָבן געפילט, אויב רעדן אָפנהאַרציק, איז געווען די סכנה פון אומקום און אויף דעם רעאַגירן ייִדן אויפן זעלבן אופן: צי זיי גייען יאָ צי נישט אין שול אַרײַן, צי זיי וווינען אין ניו־יאָרק, אין בוענאָס־אײַרעס, אין פּאַריז, אין מאָסקווע, אָדער אין פּתח־תּקווה. דאָס איז אַן אַלט־באַקאַנטע סכנה און דערמיט האָבן נאָצער און זײַנע שותּפים פאַרמישפּט זייער מלחמה, ווײַל מיר אַלע האָבן באַשלאָסן אַז עס וועט זיך מער נישט איבערחזרן היטלערס „ענדגילטיקע לייזונג״, אַז עס וועט מער נישט זײַן קיין צווייטער חורבן.

אין אַ געוויסן זינען האָט דאָס גרויסע צונויפּבינדן זיך פּונעם פאָלק קעגן דער קאָלעקטיווער סכנה געבראַכט דערצו אַז ס׳איז אַנטשטאַנען אין ישראל אַ פאַרלאַנג ס׳זאָל געשאַפן ווערן אַ קאָאַליציע „פון וואַנט צו וואַנט״ ד. ה. פון אַלע אונדזערע פאַרטייען (אַחוץ די קאָמוניסטן) און מ׳זאָל איבערגעבן דעם זיכערקייט־פאָרטפעל אַ מאַן מיט מער פּראַקטישער דערפאַרונג ווי לוי אשכּול. איך מוז זאָגן, אַז איך בין נישט געווען דערפאַר. אַ נאַציאָנאַלע קאָאַליציע — איך האָב שפּעטער מער געלערנט וועגן דעם דורך אייגענער דערפאַרונג — קען מצליח זײַן אין נאָרמאַלע באַדינגונגען, ווען עס איז פאַראַן צײַט פאַר לאַנגע דיסקוסיעס, וואָס דריקן אויס פאַרשיידענע סתירותדיקע מיינונגען. אָבער לויט מײַן מיינונג, איז עס בפירוש שעדלעך אין מאָמענטן וואָס פאָדערן גורלדיקע באַשלוסן. בלויז בשותּפותדיקע אידעאָלאָגיעס, פּאָזיציעס און יסודות דערמעגלעכן אַ רעגירונג זי זאָל טאָן איר אַרבעט אויף אַ באמת עפעקטיוון און האַרמאָנישן אופן. אויב עס האָט זיך געפאָדערט צו שטאַרקן אשכּולס רעגירונג אין יענע טעג ערב דער מלחמה — און איך האָב אין דעם געצווייפלט — האָב איך געטראַכט, אַז דאָס קען און דאַרף געטאָן ווערן, אויסמײַנדנדיק גרויסע ענדערונגען אינעם מענטשן־צוזאַמענשטעל. איך האָב אויסערדעם געוווסט — כאָטש אַ סך

אין ישראל האָבן עס דעמאָלט נישט געוווּסט — אַז אשכּול, אין זײַן דאָפּלטער ראָלע ווי אַ פּרעמיער און זיכערקייטס־מיניסטער, האָט געזאָרגט, נישט טרומייטע־רנדיק און נישט ציִענדיק די אויפמערקזאַמקייט בלויז אויף זיך אַליין, אַז צה״ל זאָל גרייט זײַן צו דער פאַרשטײַענדיקער אויפגאַבע. זײַן באַציִונג צו דער אַרמיי, זײַן פאַרשטענדעניש פאַר אירע באַדערפענישן און זײַן יכולת צו דערגרייכן דאָס נויטיקע פאַר איר זענען געווען מחוץ יעדן ספק.

איך בין נישט געווען מער בלינד פון אַנדערע כּדי נישט צו זען זײַנע וואַקלענישן. ער האָט גערעדט פאַרן פאָלק אין די שווערסטע טעג פון קריגס־גרייטקייט און געזאָגט דאָס וואָס יעדער אַנדערער וואָלט געקענט אָדער געדאַרפט זאָגן, אָבער ער האָט עס געזאָגט מיט אַ וואַקלעניש, אָן שום גלאַנץ, אין אַ צײַט ווען דאָס לאַנד האָט געפאָדערט אַ מער דינאַמישע אָנפירונג. איך פאַרזענלעך האָב נישט געטראַכט — און טראַכט עס אַפילו נישט איצט, קוקנדיק אויף צוריק — אַז דאָס האָט באמת געשפּילט אַ ראָלע. ער איז געווען אַ חכם, זייער איבער־געגעבן, געטראָגן אויף זיך אָן אויסשעפּנדיקע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, מער ווי וועלכער עס איז מלוכה־מאַן פאַר אים, און ער האָט געפילט דעם גרויסן דרוק אויף זיך. בלויז אַ נאַר וואָלט עס געפילט אַנדערש און אויב ער האָט אַ ביסל געשטאַמלט ווען ער האָט גערעדט וועגן שיקן זײַן פאָלק אין דער מלחמה, איז עס אַ שבח וואָס דאַרף פאַררעכנט ווערן צו זײַן זכות אויף אייביק.

איך אַליין האָב זינט דעמאָלט דערקענט וואָס עס מיינט אַזאַ געפיל און איך האָב מער ווי איין מאָל געטראַכט וועגן אשכּולן אין דער צײַט פון דער יום־כּיפּור־מלחמה, ווען כ׳האָב געדאַרפט אויפטרעטן פאַר דער טעלעוויזיע, און איך האָב עס געטאָן ווען מײַן געפיל און אויסזען זענען געווען פינצטער ווי דער טויט, ווײַל וואָס איך האָב געהאַט צו זאָגן — און וואָס קיין אַנדערער וואָלט עס אָנשטאָט מיר נישט געקענט זאָגן — איז געווען אַזוי ערנסט, אַז איך האָב נישט געקענט אין זינען האָבן צוצוקלײַבן די פּאַסיקע ווערטער אָדער די פאָרם פון מיין רעדע. ווער ס׳איז מיט דעם נישט געפּרוּווט געוואָרן, דעם איז שווער זיך דאָס פאָרצושטעלן און אַ סך ישראלים — וואָס זייערע נערוון זענען געווען אָנגעשטרענגט ביז פּלאַצן — האָבן געהאַט דאָס געפיל, אַז אשכּול האָט זיי אַנטוישט מיט זײַן רעדע און זײַנע פאַרצווייפלטע פּרוּוון צו געפינען אַן אַנדער וועג ווי מלחמה, כּדי אַרויסצוקריגן זיך פון טעמפּן ווינקל. וואָס פאַר אַ זינען האָט געהאַט צו שיקן אבא אבנען קלאַפּן אין נאָך אַ טיר? ווי לאַנג קען נאָך אָנהאַלטן די דאָזיקע אומזיכערקייט? צי וועלן מיר אַזוי אייביק בלײַבן מאָביליזירט און אין וואַרטעניש? אשכּול האָט אויסגעזען צו פיל אומזיכער, צו פיל וואַקלדיק עפּעס אונטערצונעמען. דאָס זענען געווען העראָישע צײַטן, אָבער ווו איז געווען דער גיבור?

אין גאַנצן שטורעם פון קריטיק איז אָבער נישט געווען קיין שום ממשות־

דיקע פאָדערונג אשכּול זאָל דעמיסיאָנירן. עס איז בלויז געווען אַ וואַקסנדיקע, הגם אומלאָגישע, אומצופרידנקייט מיט אים, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַלץ שטאַרקערן דרוק צו נאָמינירן אַ נײַעם זיכערקייטס־מיניסטער, אַ דרייסטערן און אַ סך מער כאַריזמאַטישן. סוף מאַי איז געוואָרן קלאָר, אַז טויזנטער ישראלים ווילן משה דיין זאָל אויסדריקן דעם פאָלקסבאַשלוס אויסצוהאַלטן און מנצח צו זײַן. די ישראלים (אַ סך פון זיי) האָבן זיך, זעט אויס, געשטיצט אויף דיינען, אַז ער וועט זיי געבן עפּעס אַזעלכעס, וואָס אשכּול איז עס נישט אין שטאַנד צו געבן. אַפילו הײַנט איז מיר אוממעגלעך גענוי צו דעפינירן וואָס זיי האָבן געזוכט. אפשר די זיכערקייט, אַז אין אַ צײַט פון אַזאַ דרוק, פּירט מיט זיי אַן אַ קעמפער. און אפשר די אומדערשראָקנקייט, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דיינס פערזענלעכקייט. בכל־אופן איז נישט מעגלעך געווען בײַצושטיין דעם דרוק. אשכּול האָט זיך געפילט געטראָפן ביז דער טיפעניש פון זײַן נשמה, אָבער פאַרשטייענדיק אַז די זאַך איז לעבנסוויכטיק, כּדי אָפּצוהיטן דעם מאַקסימום אייניקייט, האָט ער זיך אונטערגעגעבן און איך האָב אויפגעהערט זיך צו פרעגן פאַר וואָס? אויב דיין איז געווען אַזאַ זעלבספאַרשטענדלעכער קאַנדידאַט אָנצופירן מיטן זיכערקייטס־מיניסטעריום, פאַר וואָס האָט בן־גוריון אים קיין מאָל נישט אָנפאַרטרויט דעם דאָזיקן פאָרטפעל?

דיין איז געבליבן ישראלס זיכערקייטס־מיניסטער ביז 1974. ער איז געווען דער איינציקער זיכערקייטס־מיניסטער אין מײַן קאַבינעט און מיר האָבן זייער פײַן צוזאַמענגעאַרבעט. איך האָף אַז ער וועט מיר מוחל זײַן אויב איך וועל דאָך זאָגן, אַז איך גלייב נאָך אַלץ נישט, אַז זײַן נאָמינאַציע אין 1967 האָט גרונטיק געביטן דעם גאַנג פון דער זעקסטאָגיקער מלחמה, אָדער אַז ער איז געווען דער הויפּט־אַרכיטעקט פון אונדזער נצחון. צה״ל האָט נישט געוואַרט ביזן 1טן יוני כּדי צו פּלאַנירן די סטראַטעגיע און נישט אָנגעהויבן ערשט דעמאָלט זיך גרייטן זי צו רעאַליזירן. דער אמתער העלד פון יענעם נצחון איז געווען דאָס פאָלק פון ישראל. עס איז מיר שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז די מלחמה וואָלט זיך אַנדערש געענדיקט, ווען דיין וואָלט נישט אַרײַן אין דער רעגירונג. פון דעסטוועגן, וויל איך אָבער, למען היושר, מודה זײַן, אַז נישט געקוקט אויף מײַן געפיל וועגן דער גרויסער עוולה וואָס מען באַגייט לגבי אשכּולן, האָט די ישראלדיקע באַפעלקערונג סוף־כּל־סוף באַקומען אַ דינאַמישע און דראַמאַטישע מיליטערישע אָנפירונג, אין וועלכער זי האָט זיך אַזוי שטאַרק געגייטיקט און איך האָב געהאַט דאָס געפיל פון דאַנקבאַרקייט וואָס די פראַגע איז ענדלעך דעצידירט געוואָרן.

נאָך צוויי אַלגעמיינע באַמערקונגען בנוגע דער זעקסטאָגיקער מלחמה. די ערשטע איז בעצם איבעריק, אָבער איך האָב געלערנט נישט אָנצונעמען קיין שום זאַך ווי זעלבספאַרשטענדלעך. אפשר זענען נאָך אַלץ פאַראַן מענטשן וועלכע באַנעמען נישט, אַז מיר האָבן געפירט די מלחמה מיט אַזאַ גרויסער הצלחה

נישט נאָר ווײַל מען האָט אונדז געצוווּנגען צו קעמפן, נאָר ווײַל מיר האָבן שטאַרק געהאָפט אויף אַזאַ פולן נצחון, כּדי מיר זאָלן נישט מער דאַרפן קעמפן. מיר האָבן געגלייבט, אַז אויב די אַראַבישע אַרמייען וואָס זענען קאָנצענטרירט קעגן אונדז וועלן האָבן אַ פולשטענדיקע מפּלה, וועלן אפשר אונדזערע שכנים רעזיגנירן פון זייער „הייליקן קריג" קעגן אונדז און פאַרשטיין, אַז דער שלום איז פאַר זיי פונקט אַזוי נייטיק ווי פאַר אונדז און אַז דאָס לעבן פון זייערע זין איז פונקט אַזוי טײַער ווי דאָס לעבן פון אונדזערע זין. אָבער אין דעם האָבן מיר געהאַט אַ טעות. די מפּלה איז געווען אַ פולשטענדיקע, די אַבידות פון די אַראַבער זענען געווען שרעקלעכע אָבער זיי האָבן נאָך אַלץ נישט געקענט שלום מאַכן מיטן פאַקט אַז ישראל וועט זיי נישט טאָן די טובה און פאַרשווינדן פון דער מאַפּע. צוּוויטנס, וויל איך דערמאָנען מײַנע לייענערס, אַז אין יוני 1967 זענען אין די אַראַבישע הענט געווען סיני, דער עזה־פּאַס, די שטחים אויפן מערב־ברעג פון ירדן, רמת הגולן און מיזרח־ירושלים. דעריבער איז לעכערלעך הײַנט צו טענהן, אַז דער פאַקט וואָס ישראל געפינט זיך אין די דאָזיקע שטחים זינט 1967, איז די סיבה פון דער שפּאַנונג אין מיטעלן מיזרח, אָדער אַז דאָס איז געווען די סיבה פון דער יום־כּיפּור־מלחמה. ווען אַראַבישע מלוכה־לײַט פאָדערן עקשנותדיק, אַז ישראל זאָל זיך צוריקציִען צו די ליניעס פון פאַר 1967, ווילט זיך פרעגן: אויב אָט די ליניעס זענען אַזוי פאַרהייליקט בײַ די אַראַבער, פאַר וואָס האָבן זיי אָנגעהויבן די זעקסטאָגיקע מלחמה, כּדי זיי חרוב צו מאַכן?

די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן מאָנטיק אין דער פרי, דעם 5טן יוני. אין דער רגע ווען מיר האָבן דערהערט דאָס יאָמערן פון די סירענעס, וואָס האָבן אָנגעזאָגט אַן אָנגריף פון דער לופט, האָבן מיר געוווּסט אַז דאָס וואָרטעניש האָט זיך געענדיקט. ערשט שפּעט בײַ נאַכט האָט מען געמאָלדן דעם פאַלק וועגן דעם שטאַרקן קלאַפּ וואָס ישראל האָט געגעבן די אַראַבער אַ גאַנצן טאָג, בעת אונדזערע עראָפּלאַנען זענען געפלויגן, איין כוואַליע נאָך דער אַנדערער, איבערן מיטללענדישן ים, כּדי צו באָמבאַרדירן די מצרישע פליפעלדער און צעשטערן די עראָפּלאַנען וואָס זענען געשטאַנען גרייט אונדז צו אַטאַקירן. אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר געוואַרט אויף נײַעס. אונדזערע אויערן זענען געווען ווי צוגעקלעפּט צו די טראַנזיסטאָרן, וועלכע מיר האָבן די גאַנצע צײַט געטראָגן מיט זיך, אָבער מען האָט גאָרנישט טראַנסמיטירט אַחוץ מוזיק, העברעיִשע לידער און די פאַרמאַסקירטע לאָזונגען צו רופן די רעזערוויסטן וועלכע זענען נאָך נישט געווען מאָביליזירט. ערשט נאָך האַלבער נאַכט האָט דער קאָמאַנדיר פונעם לופט־פלאָט איבערגעגעבן דעם פאָלק די אָפיציעלע און כּמעט אומגלייבלעכע ידיעה וועגן דעם ערשטן פון יענע זעקס טעג און ערשט דעמאָלט האָט די ציווילע באַפעלקערונג, זיצנדיק אין שטוב אין דער פינצטער, זיך דערוווּסט, אַז זי איז געראַטעוועט געוואָרן פון פאַרטיליקונג אין משך פון די זעקס שעה, אין וועלכע

אונדזער לופטפלאָט האָט צעשטערט די איבער 400 עראָפּלאַנען פונעם שונא, בתוכם עראָפּלאַנען אויף די סירישע און ירדנישע פליפלעצער און האָט געוווּנען דעם פולן קאָנטראָל אין דער לופט, פון סיני ביז דער גרענעץ פון סיריע. אין משך פונעם טאָג האָב איך באַקומען ידיעות וועגן דער אַלגעמיינער לאַגע, אָבער ערשט נאָך דער ראַדיאָ־טראַנסמיסיע האָב איך ריכטיק באַנומען די גרויסע באַדייַטונג פון דעם געשעענעם. כ׳בין עטלעכע מינוט געשטאַנען בייַ דער טיר פון מייַן הויז, געקוקט אויפן קלאָרן הימל, אָן וואָלקנס, און פאַרשטאַנען אַז מיר זענען געראַטעוועט פון דער גרויסער שרעק, וואָס האָט אונדז געדרודפט אַזוי פיל טעג. אָבער געווען איז עס בלויז דער אָנהייב פון דער מלחמה; ס׳וועלן נאָך זייַן קרבנות, טרויער און צער. אָבער די עראָפּלאַנען וועלכע מען האָט צוגעגרייט אונדז צו אַטאַקירן זענען געלעגן צעשמעטערטע און די פליפלעצער פון וועלכע זיי האָבן זיך געזאָלט אויפהייבן — זענען געווען חרוב. איך בין געשטאַנען און אײַנגעאָטעמט די לופט פון דער נאַכט, פונקט ווי איך וואָלט שוין וואָכן און וואָכן נישט געאָטעמט אַזוי טיף און פרייַ.

אָבער נישט נאָר אין דער לופט איז אונדזער נצחון געווען אַ פול׳שטענדיקער. דעם זעלבן טאָג, יאָגנדיק זיך האַסטיק איבער די זעלבע דרייַ שליאַכן ווי אין 1956, דורכרייַסנדיק אַ וועג ביז טיף אין סיני, זענען אונדזערע כוחות אויף דער יבשה שוין געווען אויפן וועג צום סועץ־קאַנאַל און געהאַט די איבערהאַנט אין די שלאַכטן, אין וועלכע די צאָל פאַנצער־מאַשינען איז געווען גרעסער ווי די וואָס האָבן זיך צוזאַמענגעשטויסן אין מערבדיקן מידבר, בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה. ישראלס האַנט, וועלכע איז אַזאַ לאַנגע צייַט געווען אויסגעשטרעקט אויף שלום, האָט זיך פאַרמאַכט אין אַ פויסט. עס איז געווען אוממעגלעך אײַנצוהאַלטן דעם מאַרש פון דער אַרמיי. אָבער נאַצער איז נישט געווען דער איינציקער אַראַבישער פירער, וועמענס פלענער עס זענען צעשמעטערט געוואָרן אין יענעם 5טן יוני.

כוסיין האָט נישט גענומען אין אַכט אשכּולס צוזאָג, אַז ירדן וועט גאָרנישט געשען, אויב ער וועט זיך נישט אַרייַנמישן אין דער מלחמה. ער האָט זיך גערעכנט מיט דער ידיעה, וואָס ער האָט באַקומען אין יענעם פרימאָרגן פון נאַצערן, אַז מצרים באָמבאַרדירט תּל־אביב, כאָטש דעמאָלט האָט שוין נאַצער נישט פאַרמאָגט קיין איין באָמבאַרדיר־עראָפּלאַן. ווי זייַן זיידע, מיט יאָרן פריִער, האָט כוסיין געהאַט אַ טעות אין חשבון. דעם 5טן יוני האָט ער פאַראָרדנט זייַן אַרמיי צו באָמבאַרדירן ירושלים און די יישובים אויף דער גרענעץ צווישן ישראל און ירדן. זייַן אַרמיי האָט אין דער פלאַנירטער אַגרעסיע קעגן אונדז געזאָלט זייַן דער רעכטער אָרעם אין דער צוואַנג וואָס האָט אונדז געדאַרפט ליקווידירן. ער איז אָבער דורכגעפאַלן אין זייַן מיסיע. ווי נאָר די ירדנער האָבן געעפנט אַ פייַער, האָט צה״ל צוריקגעשלאָגן און כאָטש דער קאַמף אויפן ירושלימער פראָנט האָט

געקאָסט דאָס לעבן פֿון אַ סך יונגע ישׂראלים, וואָס האָבן געקעמפֿט פּנים־אל־פּנים, געסל נאָך געסל, אַבי נישט צו ניצן קײן האַרמאַטן און קײן טאַנקען, וואָס וואָלטן געקענט צעשטערן די שטאָט און די קריסטלעכע און מוסולמענישע הײליקע ערטער, איז שױן די זעלבע נאַכט קלאָר געוואָרן, אַז כּוסײנען וועט זײַן זשעדנעקײט קאָסטן לכל הפּחות זײַן הערשאַפֿט איבער מיזרח־ירושלים. אַפֿילו איך זאָל דאַרפֿן איבערחזרן מײַנע רײד, מוז איך דאָ אונטערשטרײַכן, אַז פּונקט װי אין 1948, האָבן די אַראַבער אויך אין 1967 באַשאָסן ירושלים מיט אַרטילעריע, און זיך נישט גערעכנט מיט די קלױסטערס, אַפֿילו נישט מיט זײערע אײגענע מעטשעטן. דעריבער נעמען מיר אויף מיט פֿאַרדראָס די כּלומרשטע זאָרג פֿאַר דער הײליקײט פֿון ירושלים אונטער ישׂראלדיקער אַדמיניסטראַציע, שױן אָפּגערעדט פֿון דעם וואָס עס האָט זיך אַנטפּלעקט פֿאַר אונדזערע אויגן, ווען מיר זענען ענדלעך אַרײַן אין מיזרח־ירושלים: ייִדישע בית־עלמינס זענען פֿאַרשוועכט געוואָרן און מען האָט חרובֿ געמאַכט אַלטע בתּי־כּנסת אין דער אַלטשטאָט; ייִדישע מצבֿות אויפֿן הר־הזיתים האָט מען גענוצט צום פּלאַסטערן שאָסײען און אָפּטריטן פֿונעם ירדנישן מיליטער. זאָל דעריבער קײנער קײן מאָל נישט פּרוּוון מיך איבערצײַגן, אַז ירושלים איז אין אַ בעסערער לאַגע ווען זי איז אין די אַראַבישע הענט, אָדער אַז מען קען זיך אויף אונדז נישט פֿאַרלאָזן מיר זאָלן זאָרגן פֿאַר איר.

נאָך דרײַ טעג זענען די מצרים באַזיגט געוואָרן און נאָך צװײ טעג האָט כּוסײן באַצאָלט פֿאַר זײַן באַגאַנגענעם פֿעלער. דאָנערשטיק, דעם 8טן יוני, האָט זיך אונטערגעגעבן דער גוּווערנאַטאָר פֿון עזה־פּאַס, ישׂראלדיק מיליטער האָט זיך פֿאַרפֿעסטיקט אויף דער מיזרח־זײַט פֿון סועץ־קאַנאַל, דער טיראַן־דורכגאַנג איז ווידער געווען אונטער ישׂראלדיקן קאָנטראָל און אַכציק פּראָצענט פֿון דער מיצרישער מיליטערישער אויסשטאַטונג, אויב נישט מער, איז צעשטערט געוואָרן. אַפֿילו נאַצער, וועלכער האָט נישט געהערט צו די פּינקטלעכסטע מענטשן, האָט מודה געווען, אַז מצרים האָט פֿאַרלוירן 10.000 זעלנערס און 1.500 אָפֿיצירן און אין אונדזערע הענט זענען געווען קרובֿ זעקס טויזנט מיצרישע געפֿאַנגענע. גאַנץ סיני און דער עזה־פּאַס זענען ווידער אַרײַנגעפֿאַלן אין די הענט פֿון ישׂראל. דאָס זעלבע בנוגע מיזרח־ירושלים, דער אַלטשטאָט, פּאַקטיש דער העלפֿט פֿון ירדנישן קעניגרײַך. מיר האָבן אָבער נאָך נישט געוווּסט וויפֿל פֿון אונדזערע בחורים זענען געפֿאַלן און דערווײַל האָבן מיר זיך גערדאַרפֿט פֿאַרנעמען מיט נאָך אַן אָנגרײַפֿער. פֿרײַטיק, דעם 9טן יוני, האָט צה״ל געוואָנדן זײַן אויפֿמערקזאַמקײט צו סיריע און האָט זי איבערצײַגט ווי גרויס ס׳איז געווען איר טעות ווען זי האָט געקלערט, אַז די האַרמאַטן אויף רמת־הגולן, וועלכע האָבן אָן אויפֿהער אַטאַקירט די ייִדישע ייִשובֿים אונטן אין טאָל זענען נישט צום באַזיגן. כ׳מוז מודה זײַן, אַז סיריעס זעלבסטזיכערקײט־געפֿיל איז אין אַ געוויסער מאָס געווען באַרעכטיקט. נאָך דער מלחמה, ווען איך האָב באַזוכט רמת־הגולן און

מיט די אייגענע אויגן געזען די בעטאָן־בונקערס, אַרומגענומען מיט שטעכלדראָט און פֿיל מיט אַנטיטאַנק־אַרטילעריע, וועלכע האָבן זיך געצויגן מײַלנווײַז, האָב איך פֿאַרשטאַנען פֿאַר וואָס די סיריער זענען געווען אַזוי זיכער און פֿאַר וואָס צה״ל האָט זיך גענייטיקט אין צוויי בלוטיקע טעג און איין שרעקלעכער נאַכט, כּדי אַרויפֿצוקלעטערן, צענטימעטער נאָך צענטימעטער, אויפֿן גולן און דערנאָך עפֿענען אַ וועג צו די דאָזיקע בונקערס. אָבער די אַרמיי, דער לופֿטפֿלאָט, די פּאַראַשוטיסטן און די אינזשעניערן מיט די בולדאָזערס האָבן עס באַוויזן צו טאָן. דעם 10טן יוני האָבן זיך די סיריער געבעטן בײַ דער אונאָ אַ דורכצופֿירן אַ פֿײַער־איבעררײַס. גענעראַל דוד אלעזר (דער שעף פֿון אונדזער אַרמיי אין דער יום־כּיפּור־מלחמה) איז דעמאָלט געווען דער קאָמאַנדיר פֿון צפֿון־פֿראָנט. ווען עס האָבן זיך געענדיקט די קאַמפֿן, האָט ער געשיקט אַ טעלעגראַם צו די יישובים אין טאָל: „נאָר פֿון דער דאָזיקער הייך קען איך זען ווי באמת גרויס איר זענט״.

אַלץ איז געווען געענדיקט. די אַראַבישע מדינות און זייערע סאָוועטישע פּאַטראָנען האָבן פֿאַרלוירן די מלחמה. דאָס מאָל וועט אָבער זײַן זייער הויך דער פּרײַז פֿאַר אונדזער צוריקמאַרש, פֿיל העכער ווי אין 1956. דאָס מאָל וועט דער פּרײַז באַדײַטן שלום, אַ פּערמאַנענטער שלום, אַ שלום־אָפּמאַך באַזירט אויף געזיכערטע און אָנערקענטע גרענעצן. דאָס איז געווען אַ בליצקריג, אָבער אויך אַן אכזריותדיקער קריג. איבער גאַנץ ישׂראל זענען ווידער געווען מיליטערישע לוויות, אַ סך פֿון זיי לוויות פֿון בחורים, וואָס זייערע טאַטעס אָדער עלטערע ברידער זענען געפֿאַלן אין דער באַפֿרײַונגס־מלחמה אָדער אין די קאַמפֿן, וועלכע האָבן זינט דעמאָלט ביי אונדז נישט אויפֿגעהערט. מיר וועלן אַלץ טאָן, כּדי אויסצומײַדן ווידער איבערצולעבן די זעלבע יסורים. מיר זענען זאַט געווען צו הערן וואָס פֿאַר אַ וווּנדערלעך פֿאָלק די ישׂראלים זענען — געווינען מלחמות יעדע צען יאָר, און זיי האָבן עס ווידער באַוויזן. פֿאַנטאַסטיש! איצט, נאָך דעם ווי זיי האָבן געוווּנען די מלחמה, קענען זיי גיין צוריק פֿון וואַנען זיי זענען געקומען, כּדי די סיריער זאָלן ווידער קענען שיסן אויף די קיבוצים אין טאָל; כּדי די ירדנישע לעגיאָנערן, אויף די טורעמס פֿון דער אַלטשטאָט, זאָלן קענען וואַרפֿן גראַנאַטן ווען עס וועט זיך זיי פֿאַרגלוסטן; כּדי דער עזה־פּאַס זאָל ווידער זײַן אַ טעראָריסטן־נעסט און דער סיני־מידבר זאָל ווידער פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַ צוגרייטונגס־אַרענע פֿאַר נאַצערס דיוויזיעס. „צי איז פֿאַראַן אַ מענטש״ — האָב איך געפֿרעגט אויף יענער אונאָ־פֿאַרזאַמלונג אין ניו־יאָרק — „וואָס וועט האָבן דעם מוט אונדז צו זאָגן: ‚גייט אַהיים! הויבט אָן צוגרייטן אייערע 19יאָריקע זין צו דער קומענדיקער מלחמה?׳ איך בין זיכער, אַז יעדער ערלעכער מענטש אויף דער וועלט וועט זאָגן ניין און, זײַט מוחל וואָס איך בין אַזוי אָפֿן און שאַרף — דאָס וויכטיקסטע איז וואָס מיר אַליין זאָגן ניין״.

אַליין האָבן מיר געקעמפֿט פֿאַר אונדזער קיום און צוקונפֿט און דערפֿאַר

באַצאָלט. און דער מערהייט פֿון אונדז האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ס'גייט אויף אַ נײַער טאָג, אַז די אַראַבער, וואָס האָבן געהאַט אַזאַ מפּלה, וועלן אפשר סוף־סוף מסכּים זײַן אָנוועקצוזעצן זיך מיט אונדז און באַהאַנדלען די חילוקי־דעות צווישן אונדז וואָס זענען קיין מאָל נישט געווען און זענען אויך איצט נישט אוממעגלעך צו לייזן.

דאָס איז נישט געווען קיין געפֿיל פֿון נצחון־פֿרייד, נאָר אַ ריזיקער שטראָם פֿון האָפֿענונג. און מיט אַ געפֿיל פֿון דערלײַכטערונג, וואָס דער נצחון האָט מיט זיך געבראַכט, מיט דער פֿרייד וואָס מיר זענען געבליבן לעבן, און כּמעט נישט געשעדיקט, צעטומלט אויף אַ רגע פֿון די שלום־פּערספּעקטיוון, האָט גאַנץ ישׂראל זיך גענומען אַ מין אורלויב, וואָס האָט געדויערט דעם גרעסטן טייל פֿון יענעם זומער. איך גלייב נישט אַז ס'איז געווען אין לאַנד איין משפּחה, אַרײַנרעכענדיק מײַנע, וואָס האָט זיך נישט גענומען עטלעכע טעג אורלויב, גלײַך נאָך דער זעקסטאָגיקער מלחמה, פּאַר אַ מין מאַסן־שפּאַציר, ווי דאָס וואָלט זיך אויסגעוויזן אין די אויגן פֿון פֿרעמדע, אָבער אין תּוך פּאַר אַ מין עולה־רגל זײַן צו די פֿלעצער פֿון הייליקן לאַנד, ווו מיר האָבן נישט געקענט אַרײַנשטעלן אַ פֿוס קרוב צו צוואַנציק יאָר. פֿאַרשטייט זיך, אַז קודם־כּל האָבן ייִדן געשטראָמט קיין ירושלים. טויזנטער און טויזנטער האָבן טאָג־אײַן טאָג־אויס אָנגעפֿולט די אַלטשטאָט, געדאַוונט בײַם כּותל־מערבי און געעפֿנט אַ וועג צווישן די חורבות פֿון געוועזענעם ייִדישן קוואַרטאַל. מיר זענען אויך געפֿאָרן קיין בית־לחם, יריחו, חברון, עזה און שאַרם־אַ־שייך. ביוראָען, פֿאַבריקן, קיבוצים און שולן האָבן אַנטייל גענומען אין עקסקורסיעס אָן אַ סוף, און הונדערטער איבערגעפֿולטע אויטאָס, אויטאָבוסן, לאַסטאויטאָס און אַפֿילו טאַקסיס זענען חדשים־לאַנג אַרומגעפֿאָרן איבערן לאַנד, פֿון חרמון־באַרג אין צפֿון ביזן הר סיני אין דרום. אויף יעדן אָרט, ווו מיר זענען געקומען אין יענע טעג פֿון התרוממות, כּמעט זאָרגלאָזע, האָבן מיר באַגעגנט די אַראַבער פֿון די פֿאַרנומענע שטחים, געשמייכלט צו זיי, געקויפֿט זייערע פּראָדוקטן, גערעדט מיט זיי און זיי משתּף־געווען — כּאָטש נישט שטענדיק מיט ווערטער — אין דער שלום־וויזיע, וואָס האָט פֿלוצלינג אויסגעזען, אַז זי האַלט בײַם פֿאַרווירקלעכט ווערן, און געפּרוּווט זיי איבערגעבן אונדזער פֿרייד, אַז איצט וועלן מיר קענען לעבן צוזאַמען אַ נאָרמאַל לעבן.

אַלע זענען אין יענע טעג געווען ווי אויף רעדער, אויך די אַראַבער אין די פֿאַרנומענע שטחים זענען אַ סך אַרומגעפֿאָרן, כּמעט ווי מיר. זיי האָבן געשטראָמט קיין תּל־אָביב, צו דער פּלאַזשע, צום זאָאָלאָגישן גאָרטן, געקוקט אין די וויטרינעס פֿון מערבֿ־ירושלים און געזעסן אין קאַפֿע־הײַזער אויף אַלע הויפּטגאַסן. אַ סך זענען געווען געריירט און נישט ווייניקער נײַגעריק פֿון אונדז. אויך זיי זענען געווען פֿאַרכאַפּט פֿון די לאַנדשאַפֿטן, וואָס די עלטערן האָבן שוין געהאַט פֿאַרגעסן און די קינדער האָבן זיי נאָך קיין מאָל נישט געזען. דאָס אַלץ קען קלינגען

צו שיין כּדי צו זײַן אמת און איך וואָלט נישט וועלן שאַפן דעם אײַנדרוק, אַז די אַראַבער האָבן זיך פינף מאָל אין טאָג געוואָנדן קיין מעקאַ צו דאַנקען אַללאַ וואָס דאָס מזל האָט זיי צוגעשפּילט און מען האָט זיי באַזיגט. איך וויל אויך נישט זאָגן, אַז עס זענען נישט געווען קיין ייִדן, וועלכע האָבן בעסער געוואָלט בלײַבן אין דער היים און נישט אָנטייל נעמען אין עפּעס וואָס האָט זיי אויסגעזען אַ וואולגאַרע שלום־פאַרוויילונג, נאָך איידער די מלחמה־וווּנדן האָבן זיך פאַרהיילט. אָבער ווער עס האָט באַזוכט ישראל אין זומער 1967, וועט עדות זאָגן אויף דער וווּנדערלעכער צעזונגענקייט וואָס האָט אַרומגענומען די ייִדן און עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זי האָט אויך מיטגעריסן די אַראַבער. בקיצור, געווען איז עס ווי מען וואָלט בטל געמאַכט אַ טויטאורטייל, און דאָס איז, נאָך אַלעמען, געווען דער פּשוטער אמת.

ווען איך וואָלט געדאַרפט אויסקלײַבן אַן אַספּעקט פון יענער תקופה, גלײַך נאָך דער מלחמה, ווי אַן אילוסטראַציע פאַר דער אַלגעמיינער אַטמאָספער, וואָלט איך זיכער אָנגעוויזן אויף די צעשמעטערטע צעמענט־באַריקאַדעס און שטעכלדראָט, וואָס האָבן זינט 1948 פונאַנדערגעטיילט ביידע העלפטן פון דער שטאָט ירושלים. מער פון אַלץ האָבן די עקלדיקע באַריקאַדעס סימבאַליזירט די אומנאַרמאַלקייט אין אונדזער לעבן און ווען מען האָט זיי צענומען מיט די בולדאָזערס, און ירושלים איז איבער נאַכט געוואָרן איין שטאָט, איז דאָס געווען ווי אַ צייכן און סימבאָל פאַר אַ נײַער תקופה. ווי ס'האָט מיר עמעץ געזאָגט, ווען ער איז צום ערשטן מאָל געקומען קיין ירושלים: „אַ ליכט טראָגט זיך פון דער שטאָט", און איך האָב גוט פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט. „עס איז זייער נאָענט דער טאָג" — האָב איך געזאָגט צו מײַנע אייניקלעך — „ווען אונדזערע זעלנערס וועלן זיך אומקערן אַהיים, ס'וועט זײַן שלום, מיר וועלן קענען פאָרן קיין ירדן און קיין מצרים און אַלץ וועט זיין גוט און שיין". איך האָב באמת און אויפריכטיק אין דעם געגלייבט, אָבער געשען איז אַנדערש.

אין אויגוסט 1967, אויף דער שפּיצן־קאָנפערענץ אין כאַרטום, האָבן די אַראַבישע פירערס אַנאַליזירט דעם מצב און זענען געקומען צו גאַנץ אַנדערע מסקנות. זיי האָבן פאַרעפנטלעכט זייערע באַוווּסטע דרײַ מאָל „ניין". נישט קיין שלום מיט ישראל, נישט קיין אַנערקענונג פון מדינת־ישראל און נישט קיין אונ־טערהאַנדלונגען. ניין, ניין און ניין! ישראל דאַרף זיך פולשטענדיק צוריקציִען, אָן שום באַדינגונגען, פון די דעראָבערטע טעריטאָריעס אין דער זעקסטאָגיקער מלחמה. די אַראַבישע טעראָריסטן, וועלכע זענען אײַנגעלאַדן געוואָרן אויף דער קאָנפערענץ, האָבן פון זייער זייט צוגעגעבן אַן אייגענע פערטע דעקלאַראַציע: ישראל מוז אומגעבראַכט ווערן, אַפילו אין אירע גרענעצן פון פאַר 1967. דאָס איז געווען זייער ענטפער אויף ישראלס רוף „זיך צו טרעפן נישט ווי באַזיגטע און זיגערס, נאָר ווי גלײַכע מיט גלײַכע — און אָן פאַרבאַדינגונגען". נישט

קיין נפקא־מינא ווער עס האָט אָנגעהויבן די מלחמה און ווער עס האָט זי געוווּנען. אויף וויפל דאָס האָט געהאָט צו טאָן מיט די אַראַבער, האָט זיך קיין זאַך נישט געענדערט. די אַזוי גערופענע „פּרוכט פון נצחון" זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַש נאָך איידער זיי האָבן באַוויזן צו צײַטיקן און דער שײנער חלום וועגן אַ באַלדיקן שלום איז כּמעט ווי פאַרשוווּנדן. נאָר אויב די אַראַבער האָבן גאָרנישט געלערנט, האָבן מיר יאָ עפּעס געלערנט. מיר זענען נישט געווען גרייט איבער־צוחזרן די זעלבע איבונג פון 1956. דעבאַטירן, אונטערהאַנדלען, קומען צו אַ פּשרה, מוותּר זײַן — דאָס אַלץ יאָ! אָבער נישט אומקערן זיך דאָרט וווּ מיר זענען געווען אין יוני 1967. מיר האָבן זיך נישט געקענט דערלויבן צו זײַן אַזוי נאָכגיביק, אַפילו נישט כּדי צו ראַטעווען נאַצערס כּבוד, אָדער כּדי צו פאַרלײַכטערן דאָס שווערע געמיט פון די סיריער, ווײַל זיי האָבן נישט באַוויזן אונדז חרוב צו מאַכן! אַ שאָד וואָס די אַראַבישע לענדער האָבן זיך געפילט אַזוי דערנידעריקט דורכן פאַרלירן די מלחמה וועלכע זיי האָבן אָנגעהויבן און פּשוט נישט געקענט פועלן בײַ זיך צו רעדן מיט אונדז; אָבער פון דער צווייטער זײַט, איז געווען אוממעגלעך צו פאָדערן פון אונדז מיר זאָלן געבן אַ פּרײַז פאַרן פּרווון אונדז אַרײַנוואַרפן אין ים אַריין. מיר זענען געווען ביטער אַנטוישט, אָבער אָן ענטפער האָט געקענט זײַן נאָר איינער: עס וועט נישט זײַן קיין צוריקטריט פון קיין טעריטאָריעס, כּל־זמן די אַראַבער וועלן איין מאָל פאַר אַלע מאָל נישט מאַכן אַ סוף צום קאָנפליקט. מיר האָבן באַשלאָסן — און גלייבט מיר, דאָס איז אונדז נישט אָנגעקומען אָן ווייטיק — אַז וואָס ס'זאָל נישט זײַן דער פּרײַז, וואָס שייך עפנטלעכע מיינונג, געלט און ענערגיע, נישט געקוקט אויפן דרוק, וואָס מען וועט אפשר מאַכן אויף אונדז, וועלן מיר שטיין פעסט אויף די ליניעס פונעם פײַער־איבעררייס. מיר האָבן געוואָרט די אַראַבער זאָלן אויפנעמען דעם פאַקט, אַז די איינציקע אַלטערנאַטיווע פון מלחמה איז שלום און אַז דער איינציקער וועג צום שלום פירט דורך אונטערהאַנדלונגען.

דערווייל וועלן קרוב אַ מיליאָן אַראַבער אויף די טעריטאָריעס וואָס געפינען זיך אויף אונדזער זײַט פונעם פײַער־איבעררייס, אַרום 600,000 אויף דער מערב־זײַט פון ירדן און אַרום 365,000 אין עזה־פּאַס און סיני (און אַ צוגאָב די דרוזישע דאָרפסלײַט, וועלכע האָבן בעסער געוואָלט בלײַבן אויפן גולן נאָכן אָוועקגיין פון דער סירישער אַרמיי) לעבן כּמעט אַזוי ווי זיי האָבן געלעבט פאַר דער זעקסטאָגיקער מלחמה. עס איז קיין מאָל נישט קיין גרויס פאַרגעניגן צו לעבן אונטער אַ מיליטערישן רעזשים און קיינער פון די אַראַבער אויף די שטחים האָט זיך נישט געפרייט מיט די ייִדישע פּאַטראָלן אין זייער מיט. אָבער דאָס מיליטער האָט זיך באַמיט צו שטיין פון דער ווייטנס און די מיליטערישע אַדמיניסטראַציע — אין אַ גרויסער מאָס אַ דאַנק דיינס קאָנצעפּציע וועגן איר ראָלע — האָט וואָס וויניקער זיך געמישט אין טאָג־טעגלעכן לעבן. מען האָט

אויפגעהאַלטן די לאָקאַלע געזעצן און דאָס זעלבע בנוגע די לאָקאַלע פּירערס. די בריקן אויפן ירדן זענען געווען אָפן און די אַראַבער פון דער מערב־זײַט זענען אַנגעגאַנגען מיט זייער האַנדל מיט די אַראַבישע לענדער, האָבן ווײַטער שטודירט אין די אַראַבישע לענדער, באַזוכט דאָרט זייערע קרובים, וועלכע האָבן אויך געקענט קומען צו זיי — און געטאָן האָבן עס טויזנטער. ממילא האָט עס זיך געהאַנדלט אין אַ צײַטווײַליקער אַראַנזשירונג. קיין שום מיושבדיקער ישראלי האָט קיין מאָל נישט געטראַכט, אַז אַלע שטחים וועלן פאַרבלײַבן אונטער ישראלס הערשאַפט. ירושלים וועט, פאַרשטייט זיך, בלײַבן פאַראייניקט, אָבער מען וועט קענען אײַנשטעלן אַ סיסטעם בנוגע דער מוסולמענישער אויפזיכט איבער זייערע הייליקע ערטער. מען וועט דאַרפן אָנצייכענען נײַע גרענעצן צווישן ירדן און ישראל; מען האָט אָבער אַפילו נישט געקענט טראַכטן צוריקצוגעבן דעם גאַנצן גולן, אָדער דעם האַלבאינדזל סיני תיכף אָפּצוגעבן די מצרים; דער עזה־פּאַס איז אַוודאי געווען אַ פּראָבלעם. עס האָט אָבער נישט געהאַט קיין זינען מיר זאָלן אָנצייכענען מאַפּעס פון מיטעלן מיזרח, אַזוי ווי ער וועט אויסזען אין דער צוקונפט, אָדער דיסקוטירן צווישן זיך וועלכער שטח עס וועט צוריקגעקערט ווערן און וועמען, כּל־זמן מען האָט עס נישט געקענט באַהאַנדלען מיט די אייגנציקע, פּאַר וועלכע דער ענין האָט געהאַט אַן אמתן אינטערעס — אונדזערע שכנים. נאָך אַלעמען קען מען דאָך נישט איבערשיקן טעריטאָריעס דורך דער פּאָסט. אַזוי האָבן מיר געוואַרט און כּסדר גערופן אָנצוהייבן די אונטערהאַנדלונגען.

דערווײַל האָט דער זיכערקייט־ראַט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע — די באַרימטע רעזאָלוציע 242, פאַטראָנירט פון די ענגלענדער — וואָס איז געווען אַ רעם פאַר אַ פרידלעכער לייזונג פון דער "אַראַביש־ישראלדיקער פּלוגתא". דער זיכערקייט־ראַט האָט נאָמינירט אַ ספּעציעלן פאַרשטייער, ד"ר גונאַר יאַרינג, מיט דער אויפגאַבע אויפצופּאַסן אויף דער „פרידלעכער און אָנגענומענער לייזונג". מען האָט שוין אַזוי פיל גערעדט און געשריבן וועגן דער רעזאָלוציע 242, און די רוסן און אַראַבער האָבן זי אַזוי גרונטיק צעדרייט, אַז עס איז כּדאי, לויט מײַן מיינונג, איך זאָל זי דאָ פולשטענדיק ציטירן בפרט אַז זי איז נישט זייער לאַנג:

דער זיכערקייט־ראַט,
אויסדריקנדיק זײַן כּסדרדיקע זאָרג אין שײַכות מיט דער געפערלעכער לאַגע אין מיטעלן מיזרח:
אונטערשטרײַכנדיק, אַז עס איז נישט צו דערלאָזן דאָס דעראָבערן שטחים דורך מלחמה־מיטלען און אַז מען מוז זיך באַמיִען צו דערגרייכן אַ יושרדיקן און דויערהאַפטן שלום, וואָס זאָל דערמעגלעכן אַלע לענדער אין דעם ראַיאָן צו לעבן אין זיכערקייט;
אונטערשטרײַכנדיק אויך אַז אַלע מיטגלידער־מדינות האָבן מיטן אַקצעפּטירן

דעם טשאַרטער פון די פאַראייניקטע פעלקער, גענומען אויף זיך די פאַר־פליכטונג צו האַנדלען לויטן פאַראַגראַף 2 פון דעם טשאַרטער;

1. שטעלט פעסט, אַז דאָס דערפילן די פּרינציפּן פון דעם טשאַרטער פאַר־פליכטעט צו שאַפן אַ יושרדיקן און דויערהאַפטיקן שלום אין מיטעלן מיזרח, וואָס מוז איַינשליסן די פאַרווירקלעכונג פון די וויַיטערדיקע פּרינציפּן:

(א) צוריקטריט פון ישראלס באַוואָפנטע כוחות פון פאַרנומענע טעריטאָריעס אין לעצטן קאָנפליקט;

(ב) מאַכן אַ סוף צו אַלע תּביעות און מלחמה־מצב און איַינשטעלן רעספּעקט און אָנערקענונג פאַר דער טעריטאָריאַלער גאַנצקייט און פּאָליטישער אומ־אָפּהענגיקייט פון איטלעכער מדינה אין דער געגנט און איר רעכט צו לעבן אין שלום, אין זיכערע און אָנערקענטע גרענעצן, פריַי פון סכּנות און גוואַלד־אַקטן;

2. שטעלט אויך פעסט די נויטווענדיקייט;

(א) צו גאַראַנטירן די פריַיהייט פון נאַוויגאַציע אין די אינטערנאַציאָנאַלע וואַסערן אין דעם ראַיאָן;

(ב) דערגרייכן אַ יושרדיקע לייזונג פון דעם פּליטים־פּראָבלעם;

(ג) פאַרזיכערן די טעריטאָריאַלע אומבאַרירלעכקייט און פּאָליטישע אומ־אָפּהענגיקייט פון יעדער מדינה אין דעם ראַיאָן מיט דער הילף פון מיטלען וואָס וועלן איַינשליסן דאָס שאַפן דעמיליטאַריזירטע זאָנעס.

ווי מיר זעען, ווערט דאָ נישט געזאָגט, אַז ישראל דאַרף זיך צוריקציִען פון אַלע שטחים און אויך נישט פון די שטחים, נאָר עס ווערט יאָ געזאָגט אַז יעדע מדינה אין דעם ראַיאָן האָט דאָס רעכט צו לעבן בשלום אין „זיכערע און אָנער־קענטע גרענעצן" און עס ווערט בפירוש גערעדט וועגן „סוף פון מלחמה־מצב". אַחוץ דעם ווערט דאָ נישט גערעדט וועגן אַ פּאַלעסטינער מדינה, כאָטש עס ווערט דערמאָנט די פּליטים־פּראָבלעם. אָבער נישט נאָר די רעזאָלוציע 242 איז פאַלש אויסגעטיַיטשט געוואָרן; עס איז אויך פאַלש אויסגעטיַיטשט געוואָרן אונדזער שטעלונג. נאָך דער זעקסטאָגיקער מלחמה האָט דער באַקאַנטסטער סאַטיריקער אין ישראל, אפרים קישון, צוזאַמען מיטן קאַריקאַטוריסט דוש, פאַר־עפנטלעכט אַ בוך אונטערן טיטל „זיַיט מוחל, וואָס מיר האָבן געזיגט". דאָס איז געווען אַ ביטערער טיטל פאַר אַ בוך, אָבער עס איז בשום אופן נישט געווען צווייַדיַיטיק פאַר די ישראלדיקע לייענערס. עס האָט פּאַקטיש קורץ רעזומירט דאָס וואָס מיר האָבן אַנגעהויבן פילן, אין 1968: אַז דער איינציקער רעצעפּט פאַר אויסצוּבעסערן ישראלס געשטאַלט, וואָס ווערט שנעל און כּסדר פאַרערגערט, איז צו פאַרגעסן אין גאַנצן דעם שלום. עס האָט אויסגעזעזן, אַז אונדזער זינד איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מיר האָבן געהאַלטן אין איין זאָגן די אַראַבער: „קומט, לאָמיר אונטערהאַנדלען". נישט ווי מיר האָבן געהאַט דאָס רעכט זיי צו זאָגן:

„אַט איז די נייע מאַפּע, שרייבט אונטער אונטן׳. מיר האָבן אָבער געזאָגט: „לאָמיר אונטערהאַנדלען״.

אויף אַ מיסטעריעזן אופן זענען מיר צוליב דעם געוואָרן די רשעים. איך האָב, למשל, בשום אופן נישט געקענט פאַרשטיין פאַר וואָס ווילי בראַנדט איז באַערט געוואָרן מיטן נאָבעל־פּרייַז (וועלכן ער האָט באמת פאַרדינט) און פאַר וואָס מען האָט אים באַגריסט ווי אַ גרויסן מלוכה־מאַן און אַ מענטש פון שלום, ווען ער האָט אָנערקענט די אָדער־נייַסע־גרענעץ, פאַרשטייענדיק אַז ס׳איז געקומען די צייַט צו פאַרריכטן די עוולה וואָס דייַטשלאַנד איז באַגאַנגען לגבי פּוילן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, — בעת אשכולן און דערנאָך מיך האָט מען גע־שטעמפּלט ווי עקספּאַנסיאָניסטן, ווייַל מיר האָבן געפאָדערט פּונקט די זעלבע פאָרם פון רעגולירן די גרענעצן צווישן ישראל און אירע שכנים. נישט נאָר אונדזערע קריטיקערס האָבן אונדז גערופן עקספּאַנסיאָניסטן; אויך אונדזערע פרייַנד פלעגן אונדז כּסדר פרעגן, צי מיר זענען נישט באַזאָרגט דערפון וואָס ישראל ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ מיליטאַריסטישער נאַציע („קליין ספּאַרטאַ״ איז געווען דער אויסדרוק, וואָס מען האָט צום מייַנסטן גענוצט), וואָס מוז זיך שטיצן אויף אירע „ברוטאַלע״ אָקופּאַציע־כּוחות אויפצוהאַלטן געזעץ און אָרדע־נונג אויף די אַדמיניסטרירטע טעריטאָריעס. „די אומקאָמפּראָמיסלעכע״ איז פאַרשטייט זיך, געוואָרן מייַן צונאָמען. אָבער נישט אשכּול, נישט איך און נישט דער גרויסער רוב ישראלים האָבן נישט געקענט אויסבאַהאַלטן דעם פאַקט אַז מיר זענען נישט פאַראינטערעסירט אין אַ יידישער מדינה, אַ שיינער, ליבעראַלער, אַנטי־מיליטאַריסטישער, אָבער אַ טויטער. מיר זענער אויך נישט געווען פאַר־אינטערעסירט אין אַ „לייזונג״, וואָס וואָלט אונדז מזכּה געווען מיט קאָמפּלי־מענטן, אַז מיר זענען פאַרשטענדלעך און לאָגיש, אָבער וואָס וואָלט געשטעלט אונדזער לעבן אין סכּנה. ד״ר ווייצמאַן פלעגט זאָגן, אַז ער איז פּרעזידענט פון אַ לאַנד, ווו יעדער איינער איז אַ פּרעזידענט. די ישראלדיקע דעמאָקראַטיע איז אַזאַ לעבנספּולע, אַז די צאָל „טויבן״ איז געווען און געבליבן כּמעט ווי די צאָל „שפּאַרבערס״, אָבער כ׳האָב נאָך דערווייַל נישט באַגעגנט קיין איין ישראלי, וואָס זאָל האַלטן אַז מיר דאַרפן זיך פאַרוואַנדלען אין טויבן פון ליים וואָס דינען ווי אַ ציל צום שיסן אַפילו נישט פאַרן פּרייַז אויסצובעסערן אונדזער געשטאַלט.

על־כּל־פּנים, איך האָב נאָך געהאַט אַן אויפגאַבע אויסצופילן: די פאַר־אייניקונג פון דער אַרבעט־באַוועגונג, וואָס האָט מיך באַשעפטיקט אין משך פון גאַנצן ווינטער 1967 און אָנהייב 1968. איך בין, פאַרשטייט זיך, אויך געשטאַנען צו אשכּולס דיספּאָזיציע יעדעס מאָל ווען ס׳איז אויסגעבראָכן אַ נייַער קריזיס סייַ אין שייַכות מיט דער שטייַגנדיקער אַקטיוויטעט פון פאַטאַך און די אַנדערע קלענערע אַראַבישע טעראָר־גרופּעס, וועלכע האָבן זיך איצט דערקלערט ווי די

אײנציקע פֿאַרשטײערס פֿון אַראַבישן פֿאָלק, סײַ אין שײַכות מיט די כּסדרדיקע פּרוּוון צו ניצן די רעזאָלוציע 242 ווי אַ מיטל אַרויפֿצוצווינגען אַ צוריקטריט פֿון אַלע טעריטאָריעס אויף אַן אופֿן און אין אַ צײַט וואָס מיר האָבן נישט געקענט אַקצעפּטירן. אין יאַנואַר 1968 איז אויפֿגעקומען די ישׂראלדיקע אַרבעט־פּאַרטײ — אַ פֿאַראײניקונג פֿון מפא״י, אַחדות העבודה און רפ״י — און אין פֿעברואַר האָט מען מיך אויסגעקליבן ווי דעם סעקרעטאַר פֿון דער פּאַרטײ. פֿאַקטיש איז עס דעמאָלט געווען נאָר אַ טײלווײַזע פֿאַראײניקונג, אַ פֿעדעראַציע פֿון דרײַ פּאַר־טײען. ערשט אַ יאָר שפּעטער איז אויפֿגעקומען אַ גרעסערע איבערגרופּירונג (מערך), וואָס האָט אײנגעשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט מפ״ם. כאָטש דער בונד צווישן די דרײַ פּאַרטײען איז געווען אַ לויזער, זענען זײ לפּחות געווען אונטער אײן פּאָליטישן דאַך, און דאָס איז טאַקע געווען מײַן אויפֿגאַבע. האָב איך דערפֿאַר געטראַכט, אַז איך מעג זיך סוף־סוף דערלויבן באַנײַען מײַן צוריקציִען זיך, און אין יולי האָב איך עס טאַקע געטאָן.

איך בין איצט געווען אַ בת־שבֿעים. עס איז נישט קײן זינד אַלט צו זײַן זיבעציק יאָר, ס׳איז אָבער אויך נישט קײן חכמה. אין 1967 בין איך ווידער געווען קראַנק. נישט די זעקסטאָגיקע מלחמה און נישט דאָס שאַפֿן דעם מערך זענען געווען דאָס פּאַסיקע, וואָס דער דאָקטער האָט פֿאַראָרדנט. איך האָב געהאַט דאָס געפֿיל, אַז איך בײטיק זיך אין אַ ביסל רו און אַז קײן מענטש און קײן זאַך וועט דאָס מאָל נישט בײַטן מײַן באַשלוס. איך בין געפֿאָרן קײן אַמעריקע אין שליחות פֿון די באָנדס און געזען מנחמען, אײַאַן און די קינדער אין קאָנעטיקאָט, ווו אײַא האָט דעמאָלט געאַרבעט אויף אַ פֿאָרשונגס־פּראָיעקט לויט אַ סובווענץ פֿון אוניווערסיטעט, און מנחם איז געווען אַ טשעלאָ־לערער. איך האָב אַפֿילו זיך גענומען עטלעכע וואָכן אורלויב אין דער שווייץ — דער ערשטער קאָמפּלעטער אורלויב אין מײַן לעבן, כ׳בין צוריקגעקומען מיטן געפֿיל אַז כ׳בין געזונט און שטאַרק.

אָבער דער מצבֿ אין לאַנד האָט זיך נישט קײן סך געביטן. נישט געקוקט אויף דעם פֿײַער־איבעררײַס, האָט נאָך געטליִעט די מלחמה בײַם סועץ־קאַנאַל. די מיצרים, געמוטיקט דערפֿון וואָס די רוסן האָבן זײ צוגעשיקט נײַע האַרמאַטן, טאַנקען און עראָפּלאַנען, אויפֿן אָרט פֿון די וואָס זײ האָבן פֿאַרלוירן אין דער זעקסטאָגיקער מלחמה, האָבן נישט אָפּגעשטעלט זײער אַרטילעריע־פֿײַער און דערמיט אונטערגעשטראָכן זײער ווילן אָנצוהויבן אַ נײַע און פֿולשטענדיקע אַגרעסיע, ווען זײ וועלן עס באַשליסן. „ווען די צײַט וועט קומען, וועלן מיר דערלאַנגען דעם קלאַפּ״ — האָט נאַצער געשריִען און געהאַלטן אין אײן איבער־חזרן דאָס וואָס ער האָט אָנגערופֿן „די פּרינציפּן פֿון דער מיצרישער פּאָליטיק״: נישט קײן משׂא ומתּן מיט ישׂראל, נישט קײן שלום, נישט קײן אָנערקענונג. אין פֿרילינג 1969 האָט ער אָנגעהויבן אַן אַקציע, וואָס איז שפּעטער באַקאַנט

געוואָרן ווי זיין „אויסמאַטערונג־מלחמה״.

איך נעם אָן, אַז פון דער ווײַטנס האָט דאָס כסדרדיקע אַרטילעריע־פײַער אויף צה״ל״ס פּאָזיציעס בײַם קאַנאַל געקענט אויסזען ווי נאָך איינער פון די כסדרדיקע אינצידענטן אין מיטעלן מיזרח, וואָס האָבן געדאַרפט זײַן אַ נײַער באַווײַז, אַז יידן און אַראַבער קענען כלומרשט נישט אויסקומען צווישן זיך. איך שטעל זיך פאָר, אַז בײַם אָנהייב האָט זיך אין אויסלאַנד קיינער נישט צו ערנסט באַצויגן צום כסדרדיקן מיצרישן ברעכן דעם פײַער־איבעררײַס. אָבער מיר האָבן זיך ערנסט באַצויגן צו דעם, ווייל מיר האָבן גוט געוווּסט, וואָס עס זאָגט אָן די מיצרישע האַנדלונג. מיר האָבן דעריבער אָנגעהויבן בויען אַ באַפעס־טיקטע שוצליניע, די בר־לב־ליניע, כדי צו באַשיצן אונדזערע זעלנערס בײַם קאַנאַל.

ווען ס׳איז פאַר די אַראַבישע טעראָר־אָרגאַניזאַציעס קלאָר געוואָרן, אַז זיי קענען נישט אויפרייצן די באַפעלקערונג אין די שטחים אָנצוהויבן אַ גרויסע אַקציע קעגן ישראל — אַחוץ אַ צופעליקער פּראָטעסט־דעמאָנסטראַציע (וואָס האָט אגב זיכער געשטאַמט פון טיפן הארצן) אין חברון אָדער אַ שטרײַק אין דזשענין — האָבן זיי באַשלאָסן אויסצופירן טעראָר־אַקטן טויזנטער קילאָמעטער ווײַט פון ישראל. פאַרשטייט זיך, אַז פאַר זיי איז עס געווען זיכערער און עפעקטיווער, און ס׳איז געווען אַ גרויסער אויסוואַל פון פּאָטענציעלע צילן, איינגעשלאָסן ציוויל־עראָפּלאַנען און אומשולדיקע פּאַסאַזשירן אויף די פליפעלצער אין אויס־לאַנד. אַחוץ דעם האָבן זיי אַזוי אַרום נישט געדאַרפט באַגרענעצן זייער טעראָר בלויז אויף יידן. סאַוד־אַראַביע האָט געזאָרגט, אַז קיין געלט זאָל דעם פּאַטאַך נישט פעלן. נאָצער האָט זיי באַשאָנקען מיט זײַנע אָפיציעלע ברכות („פּאַטאַך״ — האָט ער דערקלערט — „פילט אויס אַ לעבנס־אויפגאַבע מיטן אויסשעפּן דעם שונאס בלוט״) און דער מלך כוסיין איז אַרויס אויף נאָך אַ קורצן שפּאַציר איבער זײַן אָנגעצויגענעם שטריק. כאָטש אַ קורצע צײַט שפּעטער האָבן די טעראָריסטן געקעמפט קעגן אים מיט ציין און נעגל, כדי איבערצונעמען די הערשאַפט איבער ירדן און שטעלן אים אין אַ סכנה ווי נאָך קיין מאָל נישט, האָט זיי כוסיין געגעבן — מיט דער זעלבער בלינדקייט וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן אין דער זעקסטאָגיקער מלחמה — זײַן ענטוזיאַסטישע אונטערשטיצונג. אין 1970, בעת ער איז געווען פאַרנומען מיט די אַזוי גערופענע פּאַלעסטינער טעראָר־אָרגאַניזאַציעס און אומעטום געזוכט הילף, האָב איך געטראַכט, אַז ער איז ענלעך צו אַ מאַן, וואָס הרגעט זײַן טאַטע־מאַמע און בעט דערנאָך רחמים, ווײַל ער איז אַ יתום!

אויך אין צפון איז נישט געווען רויק. דרום־לבנון האָט זיך פּאַמעלעך פאַר־וואַנדלט אין אַ שפּילפּלאַץ פאַר טעראָריסטן. ישראלדיקע שטעט, דערפער און פאַרמען — אַפילו שולן, אויטאָבוסן פול מיט קינדער — זענען רעגולער באַשאָסן געוואָרן פונעם שטח, וואָס מען רופט איצט „פּאַטאַך־לאַנד״; די לבנונער רעגי־רונג האָט פאַרגאָסן קראָקאָדיל־טרערן און געטענהט, אַז זי קען „גאָרנישט״

טאָן בנוגע דער טעטיקייט פון די טעראָריסטן און אַפילו נישט קעגן דעם, וואָס זיי טרעניִרן זיך אויפן שטח פון לבנון און אַפּערירן פון דאָרטן.

מיר האָבן אָבער באַשלאָסן, אַז מיר וועלן פאַרטיידיקן די ליניעס פונעם פיַיער־איבעררײַס, נישט געקוקט אויף נאַצערן און דעם פּאַטאַך, און דערביַי נישט אויפגעבן אונדזערע אָנשטרענגונגען פאַרן שלום, נישט געקוקט אויף אַלע אונדזערע אַנטוישונגען. מיר האָבן באַוויזן זיך צו פאַרמעסטן מיט אַלץ, נישט פאַרלירנדיק די האָפענונג, וואָרעם פאַר דער צוקונפט פון ישראל זענען אונדזערע יונגע־לײַט גרייט געווען צו זיצן לאַנגע וואָכן אויפן חרמון, אין סיני און אין ירדן־טאָל און אַנהאַלטן די ליניעס פונעם פיַיער־איבעררײַס, הגם דאָס האָט זיי נישט שטאַרק געשמעקט. און זאָל נישט זיין קיין אומפאַרשטייעניש לגבי דער צאָל קרבנות. אונדזער אַרמיי איז באַשטאַנען פון רעזערוויסטן — פאַרמערס, קעל־נערס, סטודענטן, אייגנטימערס פון וועשערייַען, דאָקטוירים, שאָפערן פון לאַסט־אויטאָס וכדומה. קיינער פון זיי איז נישט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלער זעלנער, מיט אַ גוטן געהאַלט פאַר זיַין מיליטער־דינסט. דאָס זענען געווען מענטשן וואָס האָבן זיך צוגעשטעלט, ווען די מלחמה האָט זיי גערופן, האָבן דערפילט זייער חוב אויף אַ וווּנדערלעכן אופן און שטאַרק געוואָלט אומקערן זיך אַהיים. זיי האָבן געהאַט אַנדערע זאַכן צו טאָן און אַנדערע פליכטן און איך גלייב נישט, אַז עס איז אַ מאָל געווען אַ זיגרייַכע אַרמיי, וואָס זאָל זיין אַזוי אומעטיק צוליב דעם וואָס די מלחמה וועלכע זי האָט געפירט איז קיין מאָל צו קיין אמתן סוף נישט געקומען. די רעזערוויסטן זענען אַהיים געפאָרן אויף עטלעכע וואָכן אָדער חדשים און דערנאָך האָט מען זיי ווידער גערופן. זיי האָבן געזיפצט און געבור־טשעט, אָבער קיינער האָט נישט געצווייפלט אין דער נויטווענדיקייט צו שטיין אויף די דאָזיקע ליניעס, ביז עס וועט דערגרייכט ווערן אַ סטאַבילער שלום.

און אָט, דעם 26טן פעברואַר 1969, האָט מיַין טיַיערער פריַינד לוי אשכול — מיט וועלכן כ׳האָב געאַרבעט אַזוי פיל יאָרן און וועמען כ׳האָב אַזוי ליב געהאַט און אַזוי געשאַצט — באַקומען אַ האַרצאַטאַק און איז געשטאָרבן. כ׳בין געווען אַליין אין שטוב, ווען ס׳איז צו מיר דערגאַנגען די ידיעה און כ׳בין עטלעכע מינוט געזעסן אַן אויפגעטרייסלטע בײַם טעלעפאָן, נישט געקענט קומען צו זיך, נישט געהאַט קיין כּוח צו טראַכטן וועגן עמעצן, וואָס זאָל מיך פירן קיין ירושלים. אשכולס אַוועקגיין האָט אויסגעזען ווי אַן אוממעגלעכע זאַך. ערשט מיט אַ וואָך פריִער האָב איך מיט אים גערעדט און מיר האָבן באַשטימט זיך צו טרעפן צו מאָרגנס. איך האָב זיך נישט געקענט פאָרשטעלן וואָס עס וועט איצט געשען און ווער עס וועט פאַרנעמען אשכולס אָרט אין שפּיץ פון דער רעגירונג. אָנקומענדיק קיין ירושלים, בין איך גלײַך אַוועק אין אשכולס הויז און בעת די רעגירונג האָט זיך פאַרזאַמלט אויף אַן אויסעראָרדנטלעכער זיצונג, בין איך געזעסן אין אַ ביוראָ און געוואַרט ביז זי וועט זיך ענדיקן, כּדי כ׳זאָל

זיך דערוויסן וועגן די לוויה־איינצלהייטן. אין צווישן איז אַרײַנגעקומען אַ ישראלדיקער זשורנאַליסט. „איך פאַרשטיי ווי איר פילט זיך" — האָט ער געזאָגט צו מיר — „אָבער איך קום נאָר וואָס פון דער כנסת. אַלע זאָגן, אַז ס'איז פאַראַן נאָר איין לייזונג. גאָלדע מוז צוריקקומען".

„איך ווייס נישט וואָס איר רעדט" — האָב איך געענטפערט מיט כּעס — „איך וויל איר זאָלט מיך צו רו לאָזן. איצט איז נישט די צײַט פאַר פּאָליטיק. איך בעט אײַך, גייט אַוועק פון דאַנען".

"גוט" — האָט ער געזאָגט — „מיין רעדאַקטאָר וויל וויסן ווו איר וועט זײַן אין אָוונט. ער וויל מיט אײַך רעדן".

„איך וויל איצט קיינעם נישט זען" — האָב איך געזאָגט — „איך ווייס נישט און וויל נישט וויסן פון גאָרנישט. איך בעט אײַך, לאָזט מיך אַליין".

די רעגירונג־זיצונג האָט זיך געענדיקט, יגאל אַלון, וואָס איז געווען וויצע־פּרעמיער, איז געוואָרן אַמטירנדיקער פּרעמיער. איך בין ווידער אַוועק מיט אַ גרופּע קאַבינעט־מיניסטאָרן צו מרים אשכּול. דערנאָך, אין אָוונט, בין איך צוריקגעקומען קיין תּל־אָביב. אַרום צען אין אָוונט האָט דער רעדאַקטאָר געקלונגען בײַ דער טיר. „איך בין געקומען אײַך זאָגן, אַז אַלע האָבן באַשלאָסן, אַז איר דאַרפט פאַרנעמען אשכּולס אָרט. איר זייט דער איינציקער מענטש, וועמענס אויטאָריטעט, דערפאַרונג און אָנערקענונג אין דער פּאַרטיי זענען אַזוי גרויס, אַז כּמעט יעדער וויל אײַך זען אויף דעם הויכן פּאָסטן".

ווען איך וואָלט געווען אין אַן אַנדער שטימונג, וואָלט איך אים גלײַך אויפן אָרט דערמאָנט, אַז אין אַ דורכגעפּירטער אַנקעטע מיט אַ קורצער צײַט צוריק, אויף דער פראַגע וועמען אויסצוקלויבן ווי דעם קומענדיקן פּרעמיער, האָב איך באַקומען אין גאַנצן דרײַ פּראָצענט פון די שטימען. דאָס האָט מיר אַבסאָלוט נישט געשטערט, אָבער קיין גרויסער נצחון איז עס נישט געווען! די גרעסטע צאָל שטימען האָט באַקומען משה דיין; אויך יגאל אַלון איז נישט אַרויס מיט ליידיקע הענט. איך בין אָבער נישט געווען אין דער פּאַסיקער שטימונג צו דיסקוטירן דערוועגן. „מ'האָט נאָך אשכּולן אַפילו נישט געבראַכט צו קבורה" — האָב איך געזאָגט דעם רעדאַקטאָר — „ווי קענט איר רעדן מיט מיר וועגן אַזעלכע זאַכן?" און כ'האָב זיך מיט אים געזעגנט.

אָבער בלויז עטלעכע טעג שפּעטער האָט די פּאַרטיי אָנגעהויבן דריקן אויף מיר. „די וואַלן דאַרפן פאָרקומען אין אָקטאָבער. מען מוז נאָמינירן אַ פּרעמיער פאַר דער צווישנצײַט. ס'איז אַ פראַגע בלויז פון עטלעכע חדשים און ס'איז נישטאָ קיין אַנדערער מענטש". אַפילו אַלון איז צוגעשטאַנען צו מיר איך זאָל אויספירן אָט די לעצטע אויפגאַבע לטובת דער פּאַרטיי, וואָס האָט זיך מיט אַזאַ קורצער צײַט צוריק פאַראייניקט, און לטובת דעם לאַנד, וואָס איז נאָך געווען אין אַזאַ גרויסער סכּנה. דאָס מיינט נישט, אַז די גאַנצע אַרבעט־פּאַרטיי איז

געװען אַזױ ענטוזיאַסטיש פֿאַר מיר. די געװעזענע רפ״י־פֿראַקציע, אָנגעפֿירט פֿון דײַנען און פּרסן, איז דװקא נישט געװען אַזױ להוט איך זאָל װערן פּרעמיער און איך האָב אװדאי פֿאַרשטאַנען די באַװאָרענישן פֿון יענע מענטשן אין לאַנד, װעלכע האָבן געהאַט אַ ספק צי אַ זיבעציק־יאָריקע באָבע איז דער בעסטער קאַנדידאַט אָנצופֿירן מיט אַ צװאַנציק־יאָריקער מדינה.

איך האָב זיך נישט געקענט דעצידירן. פֿון אײן זײַט האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז אױב כ׳װעל נישט מסכּים זײַן, װעט פֿאָרקומען אַ שאַרפֿער געראַנגל צװישן דײַנען און אַלונען און אין דעם האָט זיך דעמאָלט ישׂראל אַװדאי נישט גענײ־טיקט. מיר האָבן געהאַט געענדיקט די מלחמה מיט די אַראַבער; מיר האָבן געקענט װאַרטן ביז אַט די מלחמה זאָל זיך פֿריער ענדיקן, אײדער מיר הײבן אָן אַ מלחמה פֿון ייִדן קעגן ייִדן. פֿון דער צװײטער זײַט, האָב איך באמת נישט געװאָלט נעמען אױף זיך דאָס אַחריות פֿון אַ פּרעמיער, נישט דעם דרוק און נישט די שפּאַנונג. איך האָב געװאָלט רעדן מיט מײַן משפּחה, האָב איך טעלעפֿאָנירט צו מנחמען און אײַאַן אין קאָנעטיקאַט, דערנאָך זיך פֿאַרבונדן מיט שׂרהן און זכריהן אין רביבים. כ׳האָב זײ געזאָגט, אַז איך בין צו מיד און װעל נישט קענען פֿאָרן אין נגבֿ. צי קענען זײ קומען צו מיר? זײ האָבן באַװיזן אָנצוקומען מיט אַ לאַסטאױטאָ האַלבע נאַכט. מיר זענען געזעסן אַ גאַנצע נאַכט, געשמועסט, גערײ־כערט און געטרונקען קאַװע. אין דער פֿרי האָט מיר שׂרה געזאָגט, אַז זי מיט זכריהן זענען געקומען צו אַ באַשלוס. זײ זענען מסכּים מיט מנחמען און אײַאַן. איך האָב נישט קײן ברירה. „מאַמע, מיר װײסן אַז דאָס װעט זײַן שרעקלעך שװער פֿאַר דיר, שװערער װי עמעץ װעט זיך עס אַ מאָל קענען פֿאָרשטעלן. אָבער ס׳איז פּשוט נישטאָ קײן אַנדערער אױסװעג — דו מוזט זאָגן יאָ״.

און אַזױ האָב איך טאַקע געטאָן. דעם 7טן מערץ האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פֿון דער אַרבעט־פּאַרטײ באַשלאָסן מיך צו נאָמינירן פֿאַר פּרעמיער. 70 האָבן געשטימט פֿאַר, קײן אײנער נישט קעגן. די רפ״י־פֿראַקציע האָט זיך אָפּגעהאַלטן. מען האָט מיך אָפֿט געפֿרעגט װאָס איך האָב געפֿילט אין יענעם מאָמענט. הלװאי װאָלט איך געהאַט אַ פּאָעטישן ענטפֿער אױף דער דאָזיקער פֿראַגע. איך װײס אַז טרערן האָבן זיך געגאָסן פֿון מײַנע אױגן, אַז כ׳האָב געהאַלטן מײַן קאָפּ אין די הענט װען די אָפּשטימונג האָט זיך געענדיקט, אָבער װאָס שײך מײַנע געפֿילן איז דאָס אײנציקע װאָס כ׳געדענק, אַז כ׳בין געװען צעטומלט. כ׳האָב קײן מאָל נישט פּלאַנירט צו זײַן פּרעמיער; כ׳האָב אין תּוך קײן מאָל נישט פּלאַנירט קײן שום פּאָזיציע. כ׳האָב פּלאַנירט צו קומען קײן ישׂראל, גײן קײן מרחביה, זײַן אַקטיװ אין דער אַרבעט־באַװעגונג, אָבער די פּאָזיציע װאָס איך האָב איצט געדאַרפֿט פֿאַרנעמען, דאָס קײן מאָל נישט. איך האָב בלױז געװוּסט, אַז איצט װעל איך דאַרפֿן יעדן טאָג אָננעמען באַשלוסן, װעלכע װעלן האָבן אַ השפּעה אױפֿן לעבן פֿון מיליאָנען. כ׳מײן, אַז אפֿשר דערפֿאַר האָב איך געװײנט.

ס׳איז אָבער נישט געווען קיין סך צײַט צו טראַכטן און די אַלע מחשבות מײַנע וועגן דעם וועג וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין קיִעוו און מיך דערפֿירט ביז צום קאַבינעט פֿון פּרעמיער אין ירושלים האָבן געמוזט וואַרטן אויף שפּעטער. הײַנט ווען כ׳קען זיך באַפֿרײַען פֿאַר אַט די געדאַנקען איז פֿאַר מיר קלאָר, אַז כ׳האָב צו דעם נישט געהאַט קיין חשק. איך בין געוואָרן פּרעמיער, ווײַל אַזוי איז עס געשען, פּונקט ווי דער מאַן וואָס ברענגט מיר די מילך איז געוואָרן אַן אָפֿיציר און קאָמאַנדיר פֿון אַ פּאָזיציע אויפֿן חרמון. קיינער פֿון אונדז ביידע איז נישט געווען באַזונדערס פֿאַראינטערעסירט אין דער שטעלע, אָבער מיר האָבן ביידע געטאָן דאָס בעסטע וואָס מיר האָבן געקענט.

קאַפּיטל דרייצען

# פּרעמיער־מיניסטער

האָב איך זיך ווידער אַריבערגעצויגן, דאָס מאָל אין דער גרויסער, נישט באַזונדערס צוציִענדיקער רעזידענץ פון פּרעמיער אין ירושלים, אין וועלכער עס האָבן פאַר מיר געוווינט בן־גוריון, שרת און אשכול. איך האָב אָנגעהויבן זיך צוגעוווינען צו דעם שטענדיקן בײַזײַן פון פּאָליציאַנטן און לײַבוועכטערס, צו אַן אַרבעטסטאָג פון לפּחות זעכצן שעה און צו אַ מינימום פון פּריוואַטקייט. פאַרשטייט זיך, אַז געוויסע טעג זענען געווען לײַכטערע, קירצערע און ווייניקער געשפּאַנטע ווי אַנדערע. און איך וויל נישט מאַכן דעם אָנשטעל, אַז איך האָב פאַרבראַכט די פינף יאָר בעת וועלכע כ'בין געווען פּרעמיער פון ישראל אין אַ מצב פון כּסדרדיקע לײַדן, אָדער אַז כ'האָב קיין מאָל נישט געהאַט קיין פאַרגעניגן. אָבער די תּקופה אין וועלכער איך בין געווען אויפן דאָזיקן אַמט, האָט זיך אָנגעהויבן מיט איין מלחמה און זיך געענדיקט מיט נאָך אַ מלחמה און איך טראַכט ווי סימבאָליש עס איז דער פאַקט, וואָס דער ערשטער באַפעל וואָס איך האָב געגעבן אויף מײַן פּאָסטן ווי פּרעמיער־מיניסטער, איז געווען צו מײַן מיליטערישן סעקרעטאַר, ישראל ליאור, אַז ווי עס קומט נאָר אָן אַ באַריכט וועגן וועלכער ס'איז מיליטערישער אַקציע, מוז ער מיר תּיכּף מעלדן, אַפילו אין מיטן דער נאַכט.

„איך וויל וויסן גענוי ווען די בחורים קומען צוריק" — האָב איך אים געזאָגט — „און איך וויל וויסן ווי זיי פילן זיך". כ'האָב זיך נישט באַנוצט מיטן וואָרט „אבידות", אָבער ליאור האָט פאַרשטאַנען און איז געווען טיף גערירט פון מײַן פאַרלאַנג. „איר ווילט אוודאי נישט, כ'זאָל אײַך טעלעפאָנירן דריי אַ זייגער פאַר טאָג?" — האָט ער געפרעגט — „נאָך אַלעמען קענט איר גאָרנישט טאָן אויב עס זענען יאָ פאַראַן אבידות. איך פאַרזיכער אײַך גלײַך אין דער פרי אָפּצורופן". אָבער איך האָב געוווּסט, אַז כ'וואָלט זיך נישט געקענט מוחל זײַן, אויב איך וואָלט געשלאָפן רויִק אַ גאַנצע נאַכט, נישט וויסנדיק אַפילו צי זעלנערס זענען אומגעקומען, אָדער פאַרווונדיקט געוואָרן; האָב איך געצוווּנגען דעם אָרעמען ליאור ער זאָל מיר פאָלגן. ווען די ידיעות זענען געווען שלעכטע, האָב איך, פאַרשטייט זיך, נישט געקענט ווידער אײַנשלאָפן. אָפטער ווי איך וויל עס געדענקען האָב איך פאַרבראַכט די נאַכט שפּרײַזנדיק אַהין־אַהער אין דעם גרויסן, ליידיקן הויז און וואַרטנדיק אויפן פרימאָרגן און אויף מער אײַנצלהייטן. די לײַבוועכטערס בײַם הויז פלעגן זען ברענען דאָס ליכט אין קיך פיר אַ זייגער

פּאָר טאָג און איינער פון זיי פלעג אַריינקומען אַ קוק טאָן צי ס׳האָט נישט עפּעס פּאַסירט. כ׳פלעג מאַכן טיי פאַר ביידן און מיר פלעגן שמועסן וועגן דעם וואָס עס קומט פאָר ביים קאַנאַל אָדער אין צפון, ביז כ׳האָב געפילט, אַז איך קען צוריקגיין אין בעט.

די מיצרישע אויסמאַטערונג־מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן אין מערץ 1968 און האָט זיך געצויגן, וואָס אַ מאָל אַ גרויזאַמערע, ביז זומער 1970. נישט גענוג וואָס דער ראַטן־פאַרבאַנד האָט נישט געדריקט אויף נאַצערן, ער זאָל אָפּשטעלן די אָנגריפן און די הריגות, האָט ער נאָך געשיקט קיין מצרים טויזנטער סאָוועטישע אינסטרוקטאָרן, כדי צו העלפן פון דאָס ניי טרענירן די צעקלאַפּטע מיצרישע אַרמיי און איר צוטראָגן הילף אין איר שלאַכט קעגן אונדז. די סאָוועטן האָבן אויך געשיקט קיין מצרים אַ שטראָם מיליטערישע אויסשטאַטונג, וואָס האָט לויט אַ פאַרזיכטיקער אָפּשאַצונג באַטראָפן 3.5 ביליאָן דאָלאַר. מצרים איז נישט געווען די איינציקע מדינה וואָס האָט גענאָסן פון אָט דער סאָוועטישער ברייט־האַרציקייט; אויך סיריע און איראַק האָבן באַקומען זייער חלק. אָבער נאַצער איז בלי־ספק געווען דער גרעסטער געניסער. צוויי דריטל פון אַלע טאַנקען און קאַמפּס־עראָפּלאַנען, וואָס רוסלאַנד האָט אַריינגעשיקט אין דעם ראַיאָן באַלד נאָך דער זעקסטאָגיקער מלחמה, איז באַשטימט געוואָרן פאַר מצרים, מיט דער האָפענונג, אַז אין אָנבליק פון דעם כסדרדיקן פייער און די וואַקסנדיקע אבדות, וועלן מיר נישט אויסהאַלטן ביים קאַנאַל, אַז מיר וועלן צעבראָכן ווערן פיזיש און גייסטיק, און סוף־כל־סוף מסכים זיין זיך צוריקצוציען פון דער קאַנאַל־זאָנע, נישט־דערגרייכנדיק קיין שלום אָדער וועלכן עס איז סוף צום קאָנפליקט.

איך מיין, אַז טעאָרעטיש האָט דער ענין אויסגעזען זייער פשוט פאַר נאַצערן און פאַר די רוסן: אויב זיי וועלן קענען כסדר האַמערן אויף אונדזערע פאַרטיפי־קאַציעס ביים קאַנאַל און פאַרוואַנדלען דאָס לעבן פון אונדזערע זעלנערס אין אַ גיהנום, וועלן מיר פריער אָדער שפּעטער (אָבער מסתמא פריער) אָנהייבן שרייען: „זאָל שוין זיין גענוג". עס איז דאָך, נאָך אַלעמען, נישט געווען קיין סוד, נישט פאַר מצרים און נישט פאַרן ראַטן־פאַרבאַנד, אַז יעדע ישראלדיקע אבידה, יעדע איינע פון די מיליטערישע לוויות, וואָס מיר האָבן געהאַט אין אַזאַ גרויסער צאָל אין יענער תקופה, און יעדע ישראלדיקע משפּחה אין טרויער, זענען אַ מעסער אין האַרצן פון אונדזער פאָלק. איך קען דעריבער גאַנץ גוט פאַרשטיין פאַר וואָס נאַצער און זיינע בעלי־בתים זענען געווען זיכער, אַז מיר וועלן ענדלעך מוזן זיך אונטערגעבן. דאָס איז אָבער נישט געשען, ווייל מיר האָבן זיך עס נישט געקענט דערלויבן. מיר זענען נישט געווען להוט ממשיך צו זיין די מלחמה — נישט קעגן די מצרים און נאָך ווייניקער קעגן די רוסן — אָבער מיר האָבן בפירוש נישט געהאַט קיין ברירה. דער איינציקער וועג פאַר אונדז אויסצומיידן די טאָטאַלע מלחמה, אין וועלכער נאַצער האָט געוואָלט פאַר־

וואַנדלען זײַן אויסמאַטערונג־קריג, אַזוי ווי ער אַליין האָט עס דערקלערט טאָג און נאַכט, איז געווען צוריקצושלאָגן, צעקלאַפּן די מיצרישע מיליטערישע אויס־שטאַטונגען, נישט נאָר אויף דער ליניע פון פײַער־איבעררײַס, נייערט אין מצרים גופא, און אויב נייטיק — זיך לאָזן הערן ממש ביי דער טיר פון די מצרים, באַמבאַרדירנדיק טיף אין דער מיצרישער טעריטאָריע. דאָס איז נישט געווען קיין לײַכטער באַשלוס, וואָרעם מיר האָבן געוווּסט, אַז די סאָוועטן זענען מסוגל נאָך מער אויסצוברייטערן זייער אינטערווענץ אין מצרים (אַגב, איז דאָס געווען די ערשטע סאָוועטישע אינטערווענץ מחוץ דער אַנגענומענער ספערע פון סאָוועטישער השפּעה, זינט דער צווייטער וועלט־מלחמה). אָבער נישט שטענדיק קען אַ מענטש אויסקלײַבן זײַנע קעגנערס. און אַזוי, קעגן אונדזער ווילן, האָבן מיר אָנגעהויבן אונדזערע רעוואַנש־באַמבאַרדירונגען, טיף אין מצרים. אונדזערע עראָ־פּלאַנען זענען געוואָרן אונדזער פליִענדיקע אַרטילעריע און מיר האָבן זיך פאַר־לאָזט דערויף, אַז אויב דאָס מיצרישע פאָלק וועט הערן אונדזערע עראָפּלאַנען איבערן מיליטערישן פליפלאַץ, נאָענט צו קאַיִר, וועט עס דאָך פאַרשטיין, אַז עס קען נישט געניסן פון צוויי וועלטן: מלחמה פאַר אונדז און שלום פאַר זיי.

אַזוי פיל איז געשען זינט דעמאָלט, אַז דער רוב מענטשן וועט אפשר הײַנט נישט געפינען קיין גרויסן אינטערעס צו לייענען וועגן דער אויסמאַטערונג־מלחמה. אַפילו דער שרעקלעכער ענין מיט די סאָוועטישע שיפן, וועלכע זענען אין געהיים אָפּגעשווומען קיין מצרים אָנגעלאָדענע מיטן באָדן־לופט־ראַקעטעס פון טיפּ סאַם־3, וואָס סאָוועטישע ספּעציאַליסטן האָבן געדאַרפט אַוועקשטעלן און לאָזן אין גאַנג לענג־אויס דער קאַנאַל־זאָנע, זעט הײַנט נישט מער אויס אַזוי שפּאַנענדיק, הגם אַלע ווייסן מיר, ווי מען האָט זיך באַנוצט מיט די דאָזיקע ראַקעטעס קעגן ישראל אין האַרבסט 1973. אָבער פאַר אונדז איז די אויסמאַטערונג־מלחמה געווען אַן אמתע מלחמה. עס האָט זיך געפאָדערט אַ פעסטער באַשלוס, געוואַגטקייט, גבורה פון אונדזערע זעלנערס און פליִערס, כּדי צו האַלטן זיך אויף די ליניעס פון פײַער־איבעררײַס און פּרווון, נישט רעכענענדיק זיך מיטן פּרײַז, אויפצו־האַלטן דאָס פאַרויסרוקן די פּלאַטפאָרמעס פון די ראַקעטעס, וואָס די רוסן האָבן זיך אַזוי געפלײַסט אַוועקצושטעלן נאָענט צו די ליניעס פון פײַער־איבעררײַס. און דאָך זענען אונדזערע כּוחות איבערצוטראָגן אַליין דעם עול געווען באַגרענעצט. מיר האָבן געמוזט באַקומען אונטערשטיצונג און הילף, עראָפּלאַנען און געווער און מיר האָבן זיי געדאַרפט באַקומען גאָר גיך.

עס איז געווען בלויז איין וועלטמאַכט, צו וועלכער מיר האָבן זיך געקענט ווענדן: אַמעריקע, אונדזער גרויסער טראַדיציאָנעלער פרײַנד, וואָס האָט אונדז פאַרקויפט עראָפּלאַנען. עס האָט אָבער דעמאָלט אויסגעזען, אַז אַמעריקע באַנעמט נישט ריכטיק אונדזער מצב און מיר האָבן מורא געהאַט, טאָמער שטעלט זי אָפּ אַ ליאַדע רגע איר אונטערשטיצונג. פּרעזידענט ניקסאָן איז געווען מער ווי

פריַינדלעך. אָבער נישט ער און נישט זיַין אויסערן־מיניסטער, וויליאַם ראָדזשערס, האָבן מיט סימפּאַטיע אויפגענומען אונדזער קעגנערשאַפט צו אַ לייזונג פאַרן מיטעלן מיזרח, וואָס וועט אויף אונדז ווערן אַרויפגעצוווּנגען דורך אַנדערע; עס איז זיי אויך נישט געווען סימפּאַטיש מיַין שטאַרקע אָפּאָזיציע צום געדאַנק, וואָס מיסטער ראָדזשערס האָט פאַרטראַכט, דהיַינו, אַז די רוסן, אַמעריקאַנער, פראַנצויזן און ענגלענדער זאָלן זיך אַוועקזעצן רויִק ערגעץ אין אַ ווינקל און אויסאַרבעטן אַ „פּראַקטישע" פּשרה פאַר די אַראַבער און פאַר אונדז. אַזאַ מין פּשרה — פלעג איך כּסדר אויפקלערן מיסטער ראָדזשערסן — וועט אפשר צופרידנשטעלן די פאָדערונגען פונעם סאָוועטיש־אַמעריקאַנער דעטאַנט, אָבער וועט זיכער נישט באַדיַיטן אַ פאַר־פליכטנדיקע גאַראַנטיע פאַר ישראלס זיכערקייט. ווייל ווי קען זי עס זיַין? די רוסן האָבן געגערט און געשפּיַיזט דעם גאַנצן מלחמה־אָנשטרענג און אים אָנגע־שטעלט פאַר זייערע צילן. די פראַנצויזן זענען געווען כּמעט אַזוי פּראָ־אַראַביש ווי די רוסן; די ענגלענדער זענען קיין סך נישט אָפּגעשטאַנען פון די פראַנצויזן. בלויז די אַמעריקאַנער האָבן געהאַט אַן אינטערעס אין דער עקסיסטענץ פון ישראל. אין בעסטן פאַל וועלן זיַין דריַי קעגן איינעם און איך האָב זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז אין אַזעלכע באַדינגונגען וועט ווען עס איז קענען דער־גרייכט ווערן אַ לייזונג. פון דער אַנדערער זיַיט, אויב מיר וועלן זיך קלאַמערן אין אַ פּאָזיציע וואָס קען אַרויסרופן אומצופרידנקייט סיַי ביַי ניקסאָנען און סיַי ביַי ראָדזשערסן, וועלן מיר גאָר אין גאַנצן קיין געווער נישט באַקומען. עפּעס האָט געדאַרפט תּיכּף געטאָן ווערן, כּדי צו מאַכן אַ סוף צום מצב פון נישט אַהין און נישט אַהער.

גליַיך ביַים אָנהייב וויל איך זאָגן, אַז פּערזענלעך האָב איך געפילט אַ סימ־פּאַטיע צו ראָדזשערסן. ער איז געווען אַ זייער ליבער מענטש, איידל און געדולדיק. נאָך אַלעמען האָט ער דאָך פאַרגעשלאָגן און דערגרייכט דעם פיַיער־איבעררייַס אין אויגוסט 1970. איך האָב אָבער אַ חשד (און איך האָף, אַז ער וועט מיר מוחל זיַין וואָס איך שריַיב אָט די ווערטער), אַז ער האָט קיין מאָל ריכטיק נישט פאַרשטאַנען דעם הינטערגרונט פון די אַראַבישע מלחמות קעגן ישראל און קיין מאָל נישט באַנומען, אַז די רייד פון די אַראַבישע מנהיגים פאַרדינען נישט דעם זעלבן צוטרוי ווי זיַינע. כ׳געדענק מיט וואָס פאַר אַן ענטוזיאַזם ער האָט מיר דערציילט וועגן זיַינע ערשטע באַזוכן אין די אַראַבישע לענדער און דעם שטאַרקן איינדרוק וואָס עס האָט אויף אים געמאַכט פייסאַל מיט זיַין „באַגער צו שלום". אַזוי ווי אַ סך אַנדערע דזשענטלמענער וואָס איך האָב געקענט, האָט אויך ראָדזשערס געהאַלטן — אָבער צום באַדויערן איז עס געווען אַ טעות — אַז די גאַנצע וועלט באַשטייט בלויז פון דזשענטלמענער.

אַלע מיַינע פּרוּוון צו שאַפן אַ דירעקטן קאָנטאַקט מיט די אַראַבישע פירערס זענען מיאוס דורכגעפאַלן — אַריינגערעכנט דעם אָפּעל וואָס איך האָב געמאַכט

דעם ערשטן טאָג ווען כ׳האָב איבערגענומען מײַן פּאָסטן, דערקלערנדיק, אַז „מיר זענען גרייט צו רעדן מיט אונדזערע שכנים וועגן שלום, יעדן טאָג, און וועגן אַלץ״. צוויי און זיבעציק שעה שפּעטער האָב איך געלייענט נאָצערס תּשובה, אַז „קיין שום קול קען נישט אַריבערשטײַגן די מלחמה־קלאַנגען און ס׳איז נישטאָ קיין הייליקערער רוף ווי דער רוף צו מלחמה״. אויך די רעאַקציעס פון דמשק, פון רבת־עמון און פון ביירוט זענען נישט געווען מער דערמוטיקנדיקע. ווי אַ דוגמה, אײנע פון אַ סך, פון די אָפּרופן אין דער אַראַבישער וועלט אויף מײַן אַפּעל, וויל איך דאָ איבערגעבן אַ פּאַראַגראַף פון אַן אַרטיקל, געדרוקט אין אַ וויכטיקער ירדנישער צײַטונג, אין יוני 1969:

„...פרוי מאיר איז גרייט צו קומען קיין קאַיר צו דיסקוטירן מיט פּרעזי־דענט נאָצער, אָבער צו איר באַדויערן, האָט מען זי נישט אײַנגעלאַדן. זי טראַכט, אַז אין אײנעם אַ העלן טאָג וועט אין מיטעלן מיזרח אויפשטיין אַ וועלט אָן האַרמאַטן. גאָלדע מאיר פירט זיך ווי אַ באַבע, וואָס דער־ציילט מעשׂיות אײַנצושלעפערן אירע אייניקלעך...״

איך האָב געהאַט דאָס געפיל ווי מיר וואָלטן זיך געפונען אין אַ צוואַנג. די גאַנצע צײַט וואָס די מלחמה האָט זיך געצויגן, האָבן מענטשן אין אויסלאַנד געהאַלטן אין איין פרעגן צי איז נישט אונדזער אמתע כּוונה אַראָפּצוּוואַרפן נאָצערן — פּונקט ווי מיר וואָלטן אים געווען אַרויפגעזעצט און איצט ווילן מיר אים אַראָפּזעצן. מער פון אַלץ פלעג מיך אויפקאָכן ווען מען פלעגט אונדז פרעגן צי דאָס באָמבאַרדירן טיף אין מצרים איז „באמת״ נייטיק, צי איז עס טאַקע אַן ענין פון זעלבספאַרטיידיקונג. עלעהיי אַ מענטש דאַרף וואַרטן ביז דער מער־דער וועט קומען אין זײַן שטוב, ווײַל עס איז מאָראַליש פאַרבאָטן אים אָפּצושטעלן פריער אײדער ער פירט אויס דעם מאָרד, און באַזונדערס וואָס שייך נאָצערן, וואָס האָט אין אונדז נישט איבערגעלאָזט קיין ספק לגבי זײַנע אמתע כּוונות.

בקיצור, דאָס איז געווען אַ שווערע תּקופה און זי איז פאַר מיר נישט געוואָרן לײַכטער מיטן איבערנעמען בירושה פון אשכּולן אַ רעגירונג פון נאַציאָנאַלער אייניקייט, וואָס האָט אַרײַנגענומען דעם אַנטי־סאָציאַליסטישן בלאָק גח״ל (צוזאַמענ־געשטעלט פון דער עקסטרעם־רעכטער חרות־פּאַרטיי און דער אַ סך מעסיקער, אָבער אַ סך קלענערער ליבעראַלער פּאַרטיי) אונטער דער אָנפירונג פון מנחם בעגין. אויך אַחוץ די אײַנגעוואָרצלטע און גרונטיקע אידעאָלאָגישע דיפערענצן, וועלכע האָבן שטענדיק עקסיסטירט צווישן רעכטן און לינקן פליגל אין פּאָליטישן לעבן פון ישראל, איז גלײַך געווען אַן ערנסטער אונטערשייד אינעם צוגאַנג צום מצב, אין וועלכן ישראל האָט זיך דעמאָלט געפונען. אין יוני האָט דער אויסערן־מיניסטער ראַדזשערס פאָרגעשלאָגן, אַז ישראל זאָל פאַרהאַנדלען מיט מצרים און ירדן, אונ־טערן פּאַטראָנאַט פון ד״ר יאַרינג, מיטן ציל צו דערגרייכן אַ דויערהאַפטיקן און יושרדיקן שלום. די אונטערהאַנדלונגען האָבן זיך געדאַרפט באַזירן „אויף דער

קעגנזײַטיקער אַנערקענונג פון דער סוווערעניטעט, טעריטאָריאַלער גאַנצקייט און פּאָליטישער זעלבשטענדיקייט" און אויף „ישראלס צוריקציִען זיך פון שטחים פאַרנומענע אין דער מלחמה פון 1967", אין אײַנקלאַנג מיט דער רעזאָלוציע 242. ער האָט אויך פאָרגעשלאָגן, אַז דער פײַער־אָפּשטעל מיט מצרים, וואָס איז איבערגעבראָכן געוואָרן דורך דער אויסמאַטערונג־מלחמה זאָל באַנײַט ווערן לפּחות אויף 90 טעג. אָבער גח"ל איז פעסט באַשטאַנען אויפן פּרינציפּ פון דער ישראל־רעגירונג זינט 1967, אַז צה"ל זאָל בלײַבן אויף די ליניעס פון פײַער־איבעררײַס ביזן דערגרייכן דעם שלום. פאַרשטייט זיך, אַז פאָרמעל האָט אָט די שטעלונג געהאַט אַ זינען. איך האָב געוווסט, אַז איך וועל דאַרפן פאָדערן פון דער כּנסת די הסכּמה צו ענדערן אָט די פּאָליטיק. כאָטש גח"ל האָט אָנגענומען דעם פאָרשלאָג פון פײַער־איבעררײַס, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט מסכּים צו זײַן מיט וועלכער ס'איז אונטערהאַנדלונג וועגן אַ צוריקטריט פון די טעריטאָריעס, איידער עס וועט דערגרייכט ווערן אַ שלום.

„מיר וועלן אָבער נישט האָבן קיין פײַער־איבעררײַס, אויב מיר וועלן נישט אָננעמען אויך אייניקע פון די ווייניקער באַקוועמע באַדינגונגען", האָב איך געפּרוווט ווידער און ווידער אויפצוקלערן בעגינען, „און דער עיקר — מיר וועלן נישט באַקומען קיין שום געווער פון אַמעריקע". „וואָס הייסט, מיר וועלן נישט באַקומען קיין געווער פון אַמעריקע?" — פלעגט ער זאָגן — „מיר וועלן עס פון זיי פאָדערן". איך האָב אים נישט געקענט איבערצײַגן, אַז הגם אַמעריקעס התחייבות וואָס שייך דעם קיום פון ישראל איז בלי־ספק אַ גרויסע, בייטיקן מיר זיך אין ניקסאָנען און אין ראַדזשערסן אַ סך מער ווי זיי בייטיקן זיך אין אונדז און די פּאָליטיק פון ישראל קען זיך נישט באַזירן בלויז אויף דער הנחה, אַז דאָס אַמעריקאַנער ייִדנטום וועט וועלן אָדער וועט קענען צווינגען ניקסאָנען אָנצונעמען אַ שטעלונג, וואָס איז קעגן זײַן ווילן אָדער אײַנזען. אָבער גח"ל, פאַרשיכורט פון זײַן אייגענער רעטאָריק, האָט זיך אײַנגערעדט, אַז אַלץ וואָס מיר דאַרפן איצט טאָן, איז נישט אויפהערן צו דערקלערן די אַמעריקאַנער, אַז מיר וועלן זיך נישט אונטערגעבן קיין שום דרוק, און אויב מיר וועלן דויערנדיק און פעסט ממשיך זײַן מיט דער דאָזיקער שטעלונג, וועט אין איינעם אַ טאָג דער דרוק פאַרשווינדן. אַזאַ אמונה קען איך בלויז באַצייכענען ווי מיסטיציזם, וואָרעם זי איז נישט געווען באַזירט אויף דער ווירקלעכקייט, אַזוי ווי איך האָב זי געקענט. היינט נעמט מיך דורך אַ ציטער ווען איך טראַכט וואָס עס וואָלט מיט אונדז געשען אין אָקטאָבער 1973 ווען אונדזער האַנדלונג אין 1969—1970 וואָלט געווען — ווי גח"ל האָט עס געוואָלט — אַ להכעיסדיקע און אַליין־צעשטערערישע. מיר וואָלטן מסתּמא בכלל נישט באַקומען פון אַמעריקע קיין מיליטערישע הילף זינט 1970 און אין אַזאַ פאַל וואָלט די יום־כּיפּור־מלחמה זיך אין גאַנצן אַנדערש פאַרענדיקט.

איך בין גאָר נישט געווען איבערראַשט, ווען די פיר גח״ל־מיניסטאָרן האָבן אין אויגוסט 1970 דעמיסיאָנירט פון דער רעגירונג מיט דער אומבאַגרינדעטער טענה, אַז ישראלס אָננעמען דעם פייער־איבעררײַס שטעלט מיט זיך פאָר דעם אָנהייב פון אַ גרויסן צוריקטריט, אָן באַדינגונגען, פון די פײַער־איבעררײַס־ליניעס. כּדי אויסצומײַדן ווײַטערדיקע פּראָבלעמען, האָבן מיר זיי געבעטן איבער־צובלײַבן אין דער רעגירונג, אָבער זיי האָבן זיך אײַנגעעקשנט און זענען אַוועק.

די צווייטע צרה (כאָטש אַ קלענערע) אין מײַן לעבן במשך דער גאַנצער צײַט פון מײַן פּרעמיערשאַפט (און עס האָט געדויערט חדשים ביז איך האָב זיך צוגעווינט, כאָטש טיילווײַז, צו אָט דער צרה) — איז געווען די פרײַהייט, מיט וועלכער די פאַרשיידענע מיניסטאָרן האָבן, איידל גערעדט, אויסגעגאָסן זייער האַרץ אין דער פּרעסע. עס האָט מיך אויך אויפגערעגט דאָס וואָס ענינים פון רעגירונג־זיצונגען זענען אַרויס אין דער עפנטלעכקייט, און כאָטש כ׳האָב געהאַט אַ חשד לגבי דעם מקור פון די סענסאַציאָנעלע אַנטפּלעקונגען פון די אַזוי גערופענע דיפּלאָמאַטישע קאָרעספּאָנדענטן, האָב איך עס נישט געקענט באַווײַזן און דעריבער קיין סך נישט געקענט טאָן אין דעם פּרט. אָבער מײַן פּערסאָנאַל האָט זיך גיך צוגעווינט מיך צו זען אַרײַנקומען אין ביוראָ, אויף צו מאָרגנס פון דער רעגירונג־זיצונגען, מיט אַ פּנים שוואַרץ פון כּעס, ווײַל בעתן פרישטיק האָב איך געלייענט אין דער צײַטונג עפּעס אַ פאַרקריפּלטע ידיעה וואָס האָט בכלל נישט געדאַרפט דערשײַנען, פאַרדרייט אָדער נישט פאַרדרייט. אָבער איך מוז זאָגן, אַז דאָס זענען נישט געווען מײַנע גרעסטע דאגות. די אמתדיקע פּראָבלעמען זענען געווען און געבליבן זינט אַזאַ לאַנגער צײַט, דער קיום און דער שלום, לויטן דאָזיקן סדר.

עטלעכע חדשים נאָכן איבערנעמען מײַן פּאָסטן, האָב איך אָנגענומען אַ באַשלוס. איך וועל פאָרן קיין וואַשינגטאָן — אויב מ׳וועט דאָס קענען אײַנאָר־דענען — און רעדן מיטן פּרעזידענט ניקסאָן, מיט קאָנגרעס־מענער און סענאַטאָרן, און אַליין אויסגעפינען וואָס עס טראַכט און פילט דאָס אַמעריקאַנער פאָלק לגבי אונדז און מיט וואָס עס איז גרייט אונדז צו העלפן. דאָס הייסט נישט, אַז איך האָב געהאַט אַ רגע די אילוזיע, אַז איך פאַרמאָג מאַגישע כּוחות איבערצוצײַגן. נאָך אַלעמען האָב איך דאָך נישט באַוויזן איבערצוצײַגן ראָדזשערסן, ער זאָל בײַטן זײַן מיינונג בנוגע דער נויטווענדיקייט, אַז די רוסן זאָלן אַנטייל נעמען אין געפינען אַ לייזונג פאָרן מיטעלן מיזרח, כאָטש איך האָב בלי־ספק מיט אַלע מײַנע כּוחות געפּרוּווט דאָס טאָן. איך האָב זיך אויך נישט פאָרגעשטעלט, אַז כ׳וועל קענען דערגרייכן מער ווי עס האָבן דערגרייכט מענטשן פּעיִקע, ווי אונדזער אויסער־מיניסטער אבא אבן, אָדער אונדזער נײַער אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן, גענעראַל יצחק רבין. איך האָב אָבער געפילט אַ טיפע נויטווענדיקייט זיך אַליין קלאָר צו מאַכן ווו מיר האַלטן אין אונדזערע באַציִונגען מיט אַמעריקע, און די

רעגירונג האָט געהאַלטן, אַז עס איז זייער אַ גוטער געדאַנק איך זאָל פאָרן. אַזוי ווי עס איז נאָר אָנגעקומען די אָפיציעלע אײַנלאַדונג פון ווײַסן הויז, האָב איך זיך גענומען גרייטן צו דער נסיעה.

געוויס האָב איך געהאַט ספיקות בנוגע די אויסזיכטן אויף דערפאָלג. איך האָב זיך קיין מאָל נישט געהאַט באַגעגנט מיט ריטשאַרד ניקסאָנען און האָב אַפילו נישט געקענט דאָס רוב מענטשן וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט. איך האָב נישט געהאַט קיין אָנונג וואָס מען האָט דערציילט דעם פּרעזידענט וועגן מיר; מעגלעך אַז ער זעט אין מיר (צוליב גאַנץ פאַרשטענדלעכע סיבות) אַ פּרעמיער פאַר אַ דורכגאַנגס־פּעריאָד, אָן אַ וואַגיקער השפּעה אין לאַנד, און גאַנץ מעגלעך, אַז מ׳וועט זי אַפילו פון דאָס נײַ נישט אויסוויילן. איך בין אָבער געווען זיכער אין איין זאַך: ווי עס זאָל נישט זײַן דער אײַנדרוק וואָס כ׳וועל מאַכן אויף אים, איז מײַן חוב פּירצוברענגען פאַרן פּרעזידענט, מיט דער גאַנצער אָפנהאַר־ציקייט, אַלע אונדזערע פּראָבלעמען און שוועריקייטן און פּרוּוון אים איבערצײַגן, אין אַ פאָרם וואָס זאָל נישט איבערלאָזן קיין שום ספק, אַז מען קען פון אונדז פאָדערן אַ סך פשרות און נאָכגיביקייט, אָבער מען קען נישט פאָדערן מיר זאָלן מוותּר זײַן אויף אונדזער חלום וועגן שלום, אָדער אַז מיר זאָלן צוריקציִען אַפילו איין זעלנער פון די שטחים, איידער עס וועט דערגרייכט ווערן אַן אָפּמאַך צווישן די אַראַבער און אונדז. דאָס איז נישט געווען אַלץ. מיר האָבן זיך געניי־טיקט, ביז פאַרצווייפלונג, אין געווער און איך האָב געטראַכט, אַז איך אַליין מוז עס בײַ אים בעטן. דאַכט זיך, אַז דאָס זענען נישט געווען קיין קאָמפּליצירטע זאַכן און דאָך איז מען נישט מער ווי אַ מענטש; בין איך טאַקע געווען שטאַרק נערוועז, טראַכטנדיק ווי אַזוי איך וועל אים דאָס אַלץ זאָגן.

מײַנע פּערזענלעכע צוגרייטונגען זענען געווען זייער פּשוטע. איך האָב זיך געקויפט צוויי אָוונטקליידער (אַרײַנגערעכנט דאָס סאַמעט־און־שפּיצן־קלייד, וואָס איך האָב געטראָגן בײַ דעם אָוונט־מאָלצייט אין ווײַסן הויז), אַ געשטריקטן קאָסט־יום, איינעם אָדער צוויי היט (כ׳האָב זיי קיין מאָל נישט אָנגעטאָן) און עטלעכע פאָר הענטשקעס (צו האַלטן אין האַנט).

ווי אַ סימן פון אַכטונג, וואָס איז אַגב געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר זײַן גאַנצער באַציִונג צו מיר, האָט פּרעזידענט ניקסאָן געזאָרגט, אַז אויך קלאַראַ און מנחם מיט זײַן משפחה זאָלן אײַנגעלאַדן ווערן צום אָוונט־מאָלצייט אין ווײַסן הויז, וואָס האָט געדאַרפט פאַרקומען דעם ערשטן אָוונט פון מײַן וויזיט אין וואַשינגטאָן. מיר האָבן באַשטימט, אַז מיר וועלן זיך באַגעגענען דעם 24טן סעפּטעמבער אין פילאַדעלפיע (צוליב איר היסטאָרישער וויכטיקייט מסתּמא, איז געווען אָנגענומען, אַז דעם פּרעזידענטס אויסלענדישע געסט מאַכן דאָרט זייער ערשטע סטאַנציע). פון פילאַדעלפיע האָט אונדז אַ העליקאָפּטער געבראַכט ביזן גראָזסקווער פון ווײַסן הויז. פאַרן אַרויספאָרן פון דער היים, האָב איך אין זיבען

געהאַט צו פאַרברענגען, אין משך פון וואָכן, לאַנגע שעהען מיט מײַנע ראַט־געבערס, בפרט מיט דײַנען און מיטן שעף פון גענעראַל־שטאַב, חיים בר־לב כדי צוצוגרייטן די „אײַנקויף־רשימה", וואָס כ׳האָב געדאַרפט מיטנעמען מיט זיך קיין וואַשינגטאָן, אַחוץ דער ספּעציפישער ביטע צו באַקומען 25 פאַנטאָמס און 80 סקײַהאָקס, האָב איך געהאַט בדעה צו בעטן בײַם פּרעזידענט הלוואות אויף אַ נידעריקן פּראָצענט, פון 200 מיליאָן דאָלאַר יערלעך, במשך פון פינף יאָר, און מיט דעם געלט העלפן באַצאָלן דעם באַטרעף פון די עראָפּלאַנען, וואָס מיר האָבן געהאָפט אַז מיר וועלן זיי קענען קויפן.

דאָ מוז איך אויפקלערן, אַז דער ערשטער אַמעריקאַנער פּרעזידענט וועלכער האָט געגעבן די דערלויבעניש צו פאַרקויפן אונדז פאַנטאָמס און סקײַהאָקס, איז געווען דזשאָנסאָן, וועמען אשכול האָט באַזוכט אין טעקסאַס; ער האָט צוגעזאָגט „גינציק צו באַטראַכטן" די בקשה. אָבער ס׳איז פאַרבײַ אַ צײַט ביז מען האָט אונדז איבערגעגעבן די ערשטע סקײַהאָקס. כ׳בין דעריבער געווען זיכער, אַז אַפילו אויב דער פּרעזידענט ניקסאָן וועט מסכים זײַן אונדז צו פאַר־קויפן פאַנטאָמס, וועלן מיר זיי אַזוי גיך נישט באַקומען, סײַדן איך וועל אים קענען איבערצײַגן ווי דרינגענדיק עס איז אונדזער מצב און ווי אומבאַלאַנסירט עס איז דער שטראָם פון געווער אין מיטעלן מיזרח. וואָס שייך דעם געלט, האָב איך געטראַכט, אַז מן הסתם וועלן מיר עס באַקומען (כאָטש געלט איז אויך פון די זאַכן וואָס מען קען קיין מאָל נישט זײַן דערמיט זיכער), וואָרעם אונדזער קרעדיט איז געווען ערשטקלאַסיק. אַ פאַקט, אַז ישראל האָט קיין מאָל נישט פאַרפעלט צו באַצאָלן אַ חוב. איך האָב זיך דערמאָנט, און דאָס האָט מיר געגעבן מוט, אַז אין 1956—1957 נאָך דער סיני־אַקציע, ווען מיר האָבן צוריק־געצאָלט אַ גרויסע הלוואה דער אַמעריקאַנער אימפּאָרט־עקספּאָרט־באַנק (אין אַ צײַט ווען די אַמעריקאַנער באַציִונגען צו אונדז זענען געווען זייער קילע), האָט זיך אונדז זייער געוואָלט בעטן אָפּצולייגן דעם טערמין. אין לאַנד איז געווען אַ קריזיס און עס איז אונדז זייער שווער געווען צו מאָביליזירן דאָס געלט, וואָס מיר זענען געווען שולדיק. אָבער מיר האָבן געוויגן די מאָטיוון פאַר און קעגן און צום סוף באַשלאָסן, אַז ווי שווער דאָס זאָל נישט זײַן, וועלן מיר נישט פאַרשפּעטיקן מיטן צאָלן, אַפילו אויף איין טאָג.

כ׳וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן ווי אבא אבן האָט פאַר אונדז פאַרגעשטעלט די איבערראַשונג אויף די, בדרך כלל אײַנגעהאַלטענע, פּנימער פון די מענטשן אין דער אימפּאָרט־עקספּאָרט־באַנק, אין וואַשינגטאָן, ווען ער איז אַרײַנגעקו־מען, גענוי צום טערמין, און זיי איבערגעגעבן אונדזער טשעק.

אין עראָפּלאַן, אויף מײַן וועג קיין אַמעריקע, בין איך געווען פאַרטיפט אין מײַנע געדאַנקען און געפּרווט זיך משער זײַן ווי ס׳וועט דורכגיין מײַן וויזיט בײַ ניקסאָנען און צי וועלן מיר קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג. כ׳בין

אַפילו נישט געווען זיכער לגבי דעם קבלת־פּנים אין אַמעריקע בכלל. נאָך דער זעקסטאָגיקער מלחמה האָט מען מיך אויפגענומען אין די ייִדישע קרײַזן פון אַמעריקע מיט וואַרעמקייט, ליבשאַפט און שטאָלץ, אָבער זינט דעמאָלט זענען אַריבער מער ווי צוויי יאָר און מעגלעך, אַז דער ענטוזיאַזם פאַר ישראל איז געוואָרן שוואַכער. אָבער וועגן דעם האָב איך זיך נישט געדאַרפט אַזוי פיל זאָרגן.

אַ מאַסע פון טויזנטער האָט מיך אָפּגעוואַרט אויפן פליפלאַץ אין פילאַדעלפיע. הונדערטער און הונדערטער תּלמידים פון די שולן האָבן געזונגען „הבאנו שלום עליכם", באַגריסט מיט די הענט און געטראָגן פענער. כ'דערמאָן זיך, אַז אויף איינער פון די פענער איז געווען געשריבן: „מיר זענען מיט דיר, גאָלדע". איך האָב געטראַכט, אַז דאָס איז דער שענסטער אויסדרוק פון שטיצן ישראל — און אפשר אויך מיך, וואָס כ'האָב ווען עס איז געהאַט געזען. אָבער אַחוץ מיט אַ שמייכל און אַ באַגריסונג מיט דער האַנט האָב איך נישט געוווסט ווי אַזוי קלאָר צו מאַכן פאַר די דאָזיקע ייִנגלעך, אַז אויך איך בין „מיט זיי". איך האָב דעריבער בלויז געשמייכלט און געווונקען מיט דער האַנט. כ'האָב זיך זייער געפרייט ווען כ'האָב דערזען מײַן אייגענע משפּחה. אויפן אומאָפּהענגיקייטס־סקווער האָט מיך באַגריסט נאָך אַ גרעסערע מאַסע — 30.000 אַמעריקאַנער ייִדן. אַ סך פון זיי זענען דאָרט שוין געשטאַנען עטלעכע שעה כּדי מיך צו זען. עס האָט מיך זייער גערירט דאָס בילד פון די מענטשן, וועלכע שטופּן זיך צו די פּאָליציייִשע פאַרצוימונגען און אַפּלאָדירן. איך האָב צו זיי גערעדט געציילטע ווערטער, אָבער ווי האָט עמעץ געזאָגט? — „ווען איר וואָלט פאַר זיי געלייענט אַפילו אַ בלאַט פון אַ טעלעפאָן־בוך, וואָלטן זיי אויך געיובלט".

מיר האָבן גענעכטיקט אין פילאַדעלפיע און צו מאָרגנס ממשיך געווען אונדזער רײַזע מיטן עראָפּלאַן קיין וואַשינגטאָן. אַ גאַנצע נאַכט איז געגאַנגען אַ רעגן און דער הימל איז נאָך געווען פאַרוואָלקנט און גרוי, ווי ס'וואָלט ווײַטער וועלן רעגענען, אָבער (ווי דאָס וואָלט אויך געווען צוגעגרייט פונעם ווײַסן הויז) נאָך צוויי מינוט פאָרן אין אויטאָ, פון העליקאָפּטער ביזן גרינעם סקווער פון ווײַסן הויז, איז אַרויס די זון. דער פּרעזידענט האָט גלײַך אויפגעוועקט אין מיר אַ געפיל פון רו און באַקוועמלעכקייט. ער האָט מיר געהאָלפן אַרויסגיין פון אויטאָ און פרוי ניקסאָן האָט מיר דערלאַנגט אַ ריזיקן בוקעט רויטע רויזן. דער אופן ווי ניקסאָן און זײַן פרוי האָבן מיך אויפגענומען, האָט מיר גלײַך פון אָנהייב געגעבן אַ געפיל, אַז איך בין אין זייער מחיצה ווי ביי זיך אין דער היים און איך בין זיי ביידן געווען זייער דאַנקבאַר.

די פאָרמעלע צערעמאָניע איז באמת געווען זייער אָפיציעל און בלישטשענדיק. דער פּרעזידענט און איך זענען געשטאַנען אויף אַ טריבונע, באַדעקט מיט אַ רויטן טעפּעך, בעת דער מיליטערישער אָרקעסטער האָט געשפּילט ביידע נאַציאָנאַלע הימנען. כ'האָב זיך צוגעהערט צו דער „התקווה" און כאָטש איך

האָב געמאַכט אַן אַנשטרענג אויסצוזען פולשטענדיק רויִק, האָבן זיך מײַנע אויגן אָנגעפילט מיט טרערן. אָט בין איך דאָ, פרעמיער פון אַ ייִדישע מדינה, וואָס איז אויפגעקומען און געבליבן לעבן נישט געקוקט אויף די גרויסע סכנות, און כ׳שטיי צוזאַמען מיטן אַמעריקאַנער פּרעזידענט אַ שווײַגנדיקע, בעת מ׳גיט אָפּ מײַן לאַנד מיליטערישן כּבוד מיטן גאַנצן צערעמאָניאַל. כ׳געדענק, אַז כ׳האָב געטראַכט: „וואָלטן כאָטש די בחורים בײַם קאַנאַל דאָס געקענט זען״. אָבער כ׳האָב געוווּסט, אַז אין אָוונט וועלן אַלע זיך צוקוקן צום צערעמאָניאַל אין דער טעלעוויזיע, זיי וועלן זיך באַגײַסטערן און שעפּן מוט, נישט ווייניקער פון מיר. קען זײַן, אַז אַנדערע פעלקער נעמען אויף אַזעלכע צערעמאָניאַלן ווי זעלבסטפאַרשטענדלעכע, אָבער מיר נאָך אַלץ נישט. דאָס האָט אויסגעזען ווי אַ חלום, פון יענעם סאָרט חלומות, וואָס איך פלעג חלומען מיט יאָרן צוריק צוזאַמען מיט מײַנע חברים, ווען מיר האָבן טייל מאָל גערעדט ווי ס׳וועלן אויסזען די זאַכן, ווען מיר וועלן טאַקע האָבן נישט נאָר אַן אייגענע מדינה, נאָר אויך אַ מדינה־צערעמאָניאַל.

ניקסאָנס רעדע איז געווען אַ קורצע און זאַכלעכע. ער האָט גערעדט וועגן אַמעריקעס אינטערעס אין אַ שלום אויפן מיטעלן מיזרח און האָט מיר צוגעטיילט עטלעכע אָנגענעמע קאָמפּלימענטן. קיין שום זאַך — האָט ער געזאָגט — קען נישט געלייזט ווערן אין איינער אָדער אַפילו עטלעכע באַגעגענישן, אָבער דער קאַמף פאַרן דערגרייכן אַ שלום איז אַזוי וויכטיק, אַז ער האָט זײַן גלייכן נישט. אויך מײַנע רייד זענען געווען קורצע. איך האָב זיך פריִער פאַרצייכנט עטלעכע ווערטער, אויך וועגן שלום און פרײַנדשאַפט. איך בין אָבער נישט געקומען אין ווײַסן הויז צו הערן אָדער האַלטן רעדעס און אַפילו נישט אויפצונעמען מיליטערישע דעפילאַדעס, כאָטש מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז רעכענענדיק זיך מיט דעם אַלעם, בין איך אַרויס בשלום.

מײַנע באַגעגענישן מיטן פּרעזידענט זענען געווען פונקט אַזוי וואַרעם ווי זײַן ערשטער קבלת־פּנים. מיר האָבן פאַרבראַכט צוזאַמען אַרום צוויי שעה און, ווי כ׳האָב עס פריִער געהאָפט, געשמועסט וועגן אַלץ, פשוט און אָפנהאַרציק. ס׳איז געווען צווישן אונדז אַ פולשטענדיקע איינשטימיקייט, אַז ישראל דאַרף בלײַבן ווו זי געפינט זיך, כּל־זמן ס׳וועט נישט דערגרייכט ווערן אַן אָנגענעמבאַרער הסכּם מיט די אַראַבער, און אַז אַ גרויסמאַכט וואָס זאָגט צו הילף אַ קליין לאַנד, ווען עס געפינט זיך אין אַן עת־צרה, מוז היטן איר צוזאָג. איך האָב אויך גערעדט וועגן די פּאַלעסטינער, אויסדריקנדיק מײַן מיינונג וועגן דער טעמע מיט דער זעלבער אָפנהאַרציקייט, ווי מיר האָבן גערעדט איבער אַנדערע טעמעס. „צווישן מיטללענדישן ים און די גרענעצן פון איראַק״ — האָב איך געזאָגט — „אויפן שטח וואָס איז אַ מאָל געווען ארץ־ישראל, זענען הײַנט פאַראַן צוויי לענדער, אַ ייִדיש און אַן אַראַביש, און ס׳איז נישט פאַראַן קיין אָרט פאַר אַ דריט לאַנד.

די פּאַלעסטינער דאַרפֿן געפֿינען אַ לייזונג פֿאַר זייער פּראָבלעם אין איינעם מיטן אַראַבישן לאַנד, ירדן, ווײַל אַ פּאַלעסטינישע מדינה צווישן אונדז און ירדן וועט בלויז פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַ באַזע, פֿון וועלכער עס וועט זײַן לײַכטער אָנצוגרײַפֿן און אומצוברענגען ישראל". ניקסאָן האָט זיך צוגעהערט זייער אויפֿמערקזאַם צו אַלץ וואָס כ'האָב געהאַט צו זאָגן וועגן מיטעלן מיזרח, ווי ער וואָלט גאָרנישט געהאַט וואָס צו טאָן אַחוץ צו זיצן און צו שמועסן מיט גאָלדע מאיר איבער די פּראָבלעמען פֿון ישראל. ער איז אָבער נאָך אַלץ געווען זייער פֿאַראינטערעסירט, אַז די צוויי גרויסמאַכטן און די פֿיר גרויסמאַכטן זאָלן ממשיך זיין זייערע דיסקוסיעס, הגם ער האָט, דאַכט זיך, אָנגענומען מײַן אַרגו־מענט, אַז רוסלאַנד איז נישט גרייט מסכּים צו זײַן מיט קיין שום זאַך, וואָס די אַראַבישע קליענטן זיינע וועלן נישט אָקצעפּטירן. כ'מוז זאָגן, אַז איך האָב געהאַט אַ ביסל הנאה וויסנדיק, אַז בעת איך שמועס מיטן פּרעזידענט, האַלטן אָפּ זיצונגען אין ניו־יאָרק דער סאָוועטישער אויסערן־מיניסטער, אַנדריי גראָמיקאָ, און מיסטער ראָדזשערס. איך האָב זיך פֿאָרגעשטעלט ווי גראָמיקאָ מוז זיך קאָכן, וואָס מען האָט באַשטימט פֿאַר זײַנע זיצונגען מיטן אַמעריקאַנער אויסערן־מיניס־טער אַזאַ דאַטע.

לגבי די מער וואָגיקע ענינים, וועלכע איך האָב באַהאַנדלט מיטן פּרעזידענט, קען איך בלויז זאָגן, אַז איך בין נישט גרייט געווען אים צו ציטירן בשעתו און וועל אים אויך איצט נישט ציטירן. די פּרעסע איז צו מיר צוגעשטאַנען אָן רחמנות. דאָס איינציקע וואָס איך האָב געקענט זאָגן, איז געווען, אַז מײַן אײַנדרוק און מיין פֿערזענלעך אָפּשאַצן די רעזולטאַטן פֿון אונדזערע שמועסן זענען, אַז „די אַמעריקאַנער אַדמיניסטראַציע האָט די כּוונה ווייטער אָנצוגיין מיט איר פּאָליטיק און זאָרגן פֿאַרן באַלאַנס פֿון די מיליטערישע כּוחות אין אונדזער ראַיאָן". און ווײַל מען האָט נישט פֿאַרעפֿנטלעכט קיין אָפֿיציעלן קאָמוניקאַט בײַם סוף פֿון אונדזערע שמועסן, האָבן אַ סך זשורנאַליסטן געהאַלטן, אַז איך בין צוריקגעקומען מיט ליידיקע הענט. אָבער דער אמת איז, אַז איך האָב נישט געקענט זען קיין זינען אין די קאָמוניקאַטן (וואָס זייער זעלטן זאָגן זיי עפּעס) און אָן ענלעכע מיינונג האָט אויך געהאַט פּרעזידענט ניקסאָן. האָבן מיר דעריבער ביידע באַשלאָסן נישט איבערצוגעבן קיין אָפֿיציעלע דעקלאַראַציע. וואָס שייך דער רשימה פֿון די אײַנגעקויפֿטע זאַכן, איז זי גלייך אַריבער צו די געהעריקע מענטשן, און דאָס איז טאַקע געווען מײַן כּוונה.

יענעם אָוונט האָט דער פּרעזידענט און פֿרוי ניקסאָן אײַנגעאָרדנט לכּבוד מיר אַ מלכותדיקע סעודה. מענטשן האָבן דערנאָך קאָמענטירט אין וואַשינגטאָן, אַז דאָס איז געווען איינער פֿון די שענסטע באַנקעטן אין ווײַסן הויז אין דער צײַט פֿון ניקסאָנס אַדמיניסטראַציע, כאָטש קיינער האָט נישט געקענט אויפֿ־קלערן וואָס עס האָט גורם געווען צו אַזאַ הצלחה. לגבי מיר איז דער אָוונט

פון אָנהייב ביזן סוף, געווען אײנע פון מײַנע װוּנדערלעכסטע איבערלעבונגען: טײלוויזיע דערפֿאַר וואָס איך האָב געפֿונען אַזאַ פֿאַרשטענדעניש בײַם פּרעזידענט און טײלוויזיע, ווײַל איך האָב געהאַט דאָס געפֿיל, אַז אַמעריקע וועט איצט שטיין אויף אונדזער זײַט און דאָס האָט מיך באמת באַרויִקט צום ערשטן מאָל זינט לאַנגע חדשים; אויך ווײַל אַלץ איז אײַנגעאָרדנט געוואָרן כּדי מיר צו פֿאַר־שאַפֿן פֿאַרגעניגן, אָנהייבנדיק מיט דעם בײַזײַן פֿון מײַן משפּחה און ענדיקנדיק מיטן „רביבים־פּודינג" — אַ טאַקטפֿולער אָנווײַז, אַז אויך שׂרה און זכריה האָבן אָנטייל גענומען אינעם יום־טוב. פֿון די הונדערט און צוואַנציק אײַנגעלאַדענע געסט זענען אַ סך געווען אַלטע פֿרײַנד מײַנע פֿון ביידע פּאָליטישע פּאַרטייען און צווישן זיי דער געוועזענער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין דער אונאָ, אַרטור גאָלדבערג, און דער סענאַטאָר יעקב דזשאַוויץ. עס זענען דאָרט, פֿאַר־שטייט זיך, געווען מיסטער ראָדזשערס, ד״ר קיסינדזשער, אבא אבן און יצחק רבין, אויך אַ סך הויכגעשטעלטע פּערזענלעכקייטן אין דער אַדמיניסטראַציע. די גאַנצע צײַט האָט מען געשפּילט ישׂראלדיקע מוזיק און דערנאָך — צו אַלעמענס פֿרייד — האָבן געשפּילט לעאָנאַרד בערנשטיין און אײַזיק שטערן, אײנער נאָכן אַנדערן. איך האָב געקענט זען און הערן ווי גערירט זיי זענען ביידע. כ׳בין געווען אַזוי באַצויבערט מיט זייער מוזיק און זײַער בײַזײַן, אַז נאָך דעם ווי זיי האָבן געענדיקט שפּילן בין איך, פֿאַרגעסנדיק ווו איך געפֿין זיך, אויפֿגעשפּרונגען און זיי ביידע אַרומגענומען.

פֿאַרן מאָלצייט האָבן מיר זיך געביטן מיט מתּנות: די ניקסאָנס האָבן מיר געשאָנקען אַ גריכישע קרוג, רעפּראָדוצירט אין גאָלד און באַצירט מיט אַ שיינער אויפֿשריפֿט, און אַ שיינעם בלומענטאָפּ פֿון אָפּאַלין־גלאָז, אין גאָלד און בלוי. איך האָב פֿאַר זיי געבראַכט ישׂראלדיקע אַנטיקן: פֿאַר פֿרוי ניקסאָן אַ האַלדז־באַנד פֿון רויטן שטיין, קרעלן אין דער פֿאָרם פֿון לאָטאָס־בלומען, פֿון 11טן יאָרהונדערט פֿאַר דער קריסטלעכער צײַלונג; פֿאַרן פּרעזידענט — אַן אַלטן ייִדישן איילאַמפּ; זילבערנע לײַכטער פֿאַר דזשולי און דייוויד אײַזענהאַוער, אַ תּימנישן האַלדזבאַנד און תּימנישע אויררינגלעך פֿאַר טרישאַ ניקסאָן. נאָכן עסן זענען געווען באַגריסונגען און ווידער האָט דער פּרעזידענט אַרויסגעוויזן זײַן פֿרײַנדלעכקייט צו ישׂראל און צו מיר.

„דאָס פֿאָלק ישׂראל" — האָט ער געזאָגט — „האָט זיך פֿאַרדינט אַ שלום, נישט אַזאַ וואָס קומט מיט אַ דאָקומענט פֿון דעם מין וואָס קיינער פֿון די צדדים האָט נישט קיין אינטערעס אים אָפּצוהיטן, נאָר אַ שלום וואָס איז דויערהאַפֿטיק. מיר האָפֿן, אַז אין רעזולטאַט פֿון אונדזער באַגעגעניש וועט געמאַכט ווערן אַ וויכטיקער שריט פֿאָרויס אין דער ריכטונג פֿון אַ שלום וואָס קאָן האָבן אַ באַדײַט פֿאַר די בירגערס אין ישׂראל, די בירגערס פֿון מיטעלן מיזרח און די בירגערס פֿון דער גאַנצער וועלט".

איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז ער האָט גערעדט פון האַרצן אַזוי ווי איך האָב עס געטאָן:

„מיסטער פּרעזידענט, איך דאַנק אײַך נישט נאָר פאַר אײַער גאַסטפרײַנד־לעכקייט, נישט נאָר פאַרן דאָזיקן גרויסן טאָג און פאַר יעדער רגע אין אים; מער פון אַלץ וויל איך אײַך דאַנקען פאַרן געבן מיר די מעגלעכקייט צו קענען זאָגן מײַן פאָלק, בײַם צוריקקומען, אַז מיר האָבן אַ פרײַנד, אַ גרויסן פרײַנד, אין ווײַסן הויז. דאָס וועט העלפן. עס וועט אונדז העלפן איבערצוקומען אַ סך שוועריקייטן".

אַרום עלף אין אָוונט האָבן מיר פאַרלאָזט דעם באַנקעט, דער פּרעזידענט, פרוי ניקסאָן און איך, און בײַם אויטאָ האָבן מיר זיך צעקושט, פרוי ניקסאָן און איך, ווי מיר וואָלטן געווען אַלטע פרײַנד. די אַנדערע געסט האָבן געטאַנצט ביז שפּעט אין דער נאַכט.

בסך־הכל האָב איך אין וואַשינגטאָן פאַרבראַכט פיר טעג. כ'בין געגאַנגען אין איין טראָט מיט הויפּט־אַדיוטאַנט פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי, אַ באַהאַנ־גענער מיט מעדאַלן (נישט פון די לײַכטסטע זאַכן וואָס איך האָב ווען עס איז געטאָן) און אַוועקגעלייגט אַ בוקעט פון בלוי־ווײַסע בלומען אויפן קבר פון אומבאַקאַנטן זעלנער אויפן נאַציאָנאַלן בית־עלמין אין אַרלינגטאָן. נאָכן האַר־מאָטן האָבן אָפּגעגעבן אַ סאַלוט אין מען האָט פאַרויסגעטראָגן ישראלדיקע פאָנער. כ'האָב באַזוכט מיסטער ראָדזשערס אין אויסערן־מיניסטעריום און ער האָט מיך אײַנגעלאַדן אויף אַ מיטאָג; געזען מעלווין לערד אין פאַרטיידיקונגס־מיניסטעריום, באַגעגנט זיך מיט מיטגלידער פונעם קאָמיטעט פאַר אויסערן־ענינים פון קאָנגרעס און כ'בין „אויפגעטראָטן" פאַרן נאַציאָנאַלן פרעסעקלוב, ווו איך האָב באַגעגנט די האַרטסטע און דערפאַרנסטע זשורנאַליסטן אין אַמעריקע. אין אַנהויב האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז איך געפין זיך מיט זיי אין אַ באַקסאַרענע. אָבער אויך זיי האָבן זיך זייער פײַן באַצויגן צו מיר און, דאַכט זיך, אַז ס'איז זיי געפעלן געוואָרן דער אופן פון מײַן ענטפערן אויף זייערע פראַגעס אַזוי קורץ און אַזוי פּשוט ווי מעגלעך; אָבער די אַלע פראַגעס האָט מען מיך שוין געהאַט געפרעגט צענדליקער מאָל פריִער.

בלויז צוויי פראַגעס זענען געווען פולשטענדיק נײַע. איין זשורנאַליסט האָט געפרעגט: „וועט ישראל זיך באַניצן מיט אַטאָמיש געווער, אויב איר עקסיסטענץ וועט זײַן אין סכנה?" מײַן אויפריכטיקער ענטפער איז געווען, אַז לויט מײַן מיינונג, איז אונדזער דערפאָלג מיטן קאָנווענציאָנעלן געווער גאָר נישט אָוועק־צומאַכן מיט דער האַנט — אָן ענטפער וואָס איז אויפגענומען געוואָרן מיט געלעכטער און אַפּלאָדיסמענטן. די צווייטע פראַגע איז געווען אַ בקשה פונעם פאָרזיצער פון פרעסעקלוב, וואָס האָט מיך געצוווּנגען צו לאַכן. „אײַער אייניקל גדעון טענהט, אַז איר מאַכט די בעסטע געפילטע פיש אין ישראל" — האָט ער

געזאָגט — „זענט איר גרייט צו אַנטפּלעקן פֿאַר אונדז ווי איר מאַכט זיי?״ „איך בין גרייט אויף מער ווי דאָס״ — האָב איך געענטפֿערט — „ווען כ׳וועל ווידער אַהערקומען, זאָג איך צו, אַז כ׳וועל קומען מיט דרײַ טעג פֿרײַער און מאַכן פֿאַר אײַך אַלע אַ מיטאָג מיט געפֿילטע פֿיש״ (אַגב, עטלעכע חדשים שפּעטער איז ווידער געווען אַן אינטערוויו אין לאָס־אַנדזשעלעס און מען האָט מיך געפֿרעגט, צי איך קען מאַכן אַ גוטע הינעריויך. „זיכער״ — האָב איך געענטפֿערט — „צי בין איך גרייט צו שיקן דעם רעצעפּט?״ „מיט פֿאַרגעניגן״ — האָב איך געענטפֿערט. ס׳וואָלט מיר קיין מאָל נישט געקומען אויפֿן זינען, אַז אין פֿאַרלויף פֿון אַ וואָך וועלן 40.000 מענטשן זיך ווענדן צו דעם וואָס האָט מיט מיר געהאַט דעם אינטערוויו און אים בעטן דעם רעצעפּט. איך האָף, אַז דערפֿון זענען אַרויסגעקומען 40.000 טעפּ מיט גוטער ייִדישער יויך!).

בכל־אופן, איז נישט מײַן פֿעיִקייט צו קאָכן געווען וויכטיק אין וואַשינגטאָן. וויכטיק איז געווען דער בונד פֿון פֿרײַנדשאַפֿט צווישן אַמעריקע און ישׂראל און די אַמעריקאַנער באַציִונג צו אונדזער פּאָליטיק קעגן דער אויסמאַטערונג־מלחמה, וואָס מען האָט קעגן אונדז געפֿירט. פֿאַר מײַן אָוועקפֿאָרן האָט ניקסאָן אָפּגעגעבן אַ דערקלערונג דער פּרעסע, אין זײַן נאָמען און אין מײַנעם, רעזומירנ־דיק די רעזולטאַטן פֿון מײַן וויזיט, אָבער אָן שום איינצלהייטן.

„כ׳מיין״ — האָט ער געזאָגט — „אַז מיר האָבן אַ זייער גוטע פֿאַרשטענדעניש בנוגע אונדזערע שטעלונגען, און אונדזער צוזאַמענטרעף וועט דערפֿירן צו אַ געוויסן פּראָגרעס, אָדער אַ געוויסער לייזונג פֿון די שרעקלעך שווערע פּראָבלעמען וואָס שטייען פֿאַר אונדז אין מיטעלן מיזרח. מיר גלייבן נישט, אַז מען קען זיי באַהאַנדלען מיט אַ האַסטיק־שנעלער דיפּלאָמאַטיע. עס איז אָבער אונדזער חוב צו פּרוּוון און עס האָט מיך געפֿרייט צו געפֿינען די גרייטקייט בײַם פּרעמיער־מיניסטער און אירע קאָלעגן צו זוכן אַ וועג וואָס פֿירט צום שלום. מיר האָבן נישט איבערצוגעבן וועגן נײַע איניציאַטיוון, אָבער מיר האַלטן, אַז מיר האָבן אַ בעסערע פֿאַרשטענדעניש לגבי דעם וועג, אויף וועלכן מיר דאַרפֿן גיין פֿון איצט אָן און ווײַטער״.

פֿון וואַשינגטאָן בין איך געפֿלויגן קיין ניו־יאָרק; דער פּראָגראַם איז געווען אַזוי אָנגעלאָדן, אַז כ׳האָב אַפֿילו נישט געהאַט קיין צײַט צו פֿילן זיך מיד. מען האָט מיך מכבד געווען מיט אַ וווּנדערלעכן קבלת־פּנים אין דער מוניציפּאַליטעט; כ׳האָב געגעסן מיטאָג מיט או טאַנט, געהאַט אַ ריי צוזאַמענטרעפֿן אין מײַן האָטעל־דירה, אין וואַלדאָרף־אַסטאָריאַ; אַנטייל גענומען אין אַן אויפֿנאַמע פֿאַר דיפּלאָמאַטן, אויף וועלכער אבא אבן איז געווען דער גאַסטגעבער; כ׳בין געגאַנ־גען צו אַ ריזיקן באַנקעט אונטערן פּאַטראָנאַט פֿון פֿאַראייניקטן ייִדישן קאַמפּיין — און אַלץ אין מײַן ערשטן טאָג. דערנאָך קיין לאָס־אַנדזשעלעס, מילוואָקי און צום סוף צוריק צום מיזרח־ברעג. איך האָב געוואָלט צוריקפֿאָרן אַהיים דעם

5טן אָקטאָבער, אָבער ס׳איז אָנגעקומען אַן אײַנלאַדונג, וועלכע איך האָב נישט געקענט אָפּזאָגן און בין געבליבן נאָך אַ טאָג, כּדי צו האַלטן אַ רעדע אויף דער צוויי־יאָריקער AFL־CIO־קאָנפערענץ אין אַטלאַנטיק־סיטי. לאַנגע יאָרן איז AFL־CIO געווען זייער נאָענט צו ישראל, באַזונדערס צו דער הסתדרות, און דער פּרעזידענט אירער, דזשאָרדזש מיני, אַן אַלטער טײַערער פרײַנד מײַנער, איז געווען דער ערן־פּאָרזיצער פונעם ראַט פון די אַמעריקאַנער טרייד־יוניאָנס פאַר דער הסתדרות. רעדנדיק צום דאָזיקן עולם האָב איך געפילט, צום ערשטן מאָל זינט כ׳האָב פאַרלאָזט ישראל, אַז איך געפין זיך באמת אויף מײַן היימישן באָדן. כ׳האָב גערעדט אויף די זעלבע טעמעס, ווי אין פילאַדעלפיע, וואַשינגטאָן, מילוואָקי, לאָס־אַנדזשעלעס און ניו־יאָרק, ענינים וועגן וועלכע איך רעד נאָך איצט — שלום צווישן אונדז און די אַראַבער. „דאָס וועט זיין אַ גרויסער טאָג" — האָב איך געזאָגט צו מײַנע פרײַנד, אַרבעטער און פירערס פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן אין אַמעריקע — „ווען אַראַבישע פויערים וועלן אַריבערקומען דעם ירדן נישט מיט עראָפּלאַנען אָדער טאַנקען, נאָר מיט טראַקטאָרן און אויסגעשטרעקטע הענט אין צייכן פון פרײַנדשאַפט, ווי עס פירט זיך צווישן איין פויער און אַנדערן, צווישן איין מענטש און צווייטן. אפשר איז עס אַ חלום, אָבער איך בין זיכער, אַז ס׳וועט קומען אַ טאָג און דער חלום וועט פאַרווירקלעכט ווערן".

נישט געקוקט דערויף וואָס ביי מײַן צוריקקומען אין ישראל האָב איך נאָך נישט געקענט איבערגעבן קיין שום מעלדונג בנוגע די פּאַנטאָמס, האָב איך אָבער געוווּסט, אַז מיר וועלן זיי באַקומען און עס איז מיר געווען אַ סך גרינגער אויפן האַרצן ווי פאַר מײַן אַוועקפאָרן. אָבער די אויסמאַטערונג־מלחמה איז נאָך אָנגעגאַנגען, די טעראָריסטן זענען נאָך געווען אַקטיוו און דער סאָוויעטישער מיליטערישער פּערסאָנאַל אין מצרים איז כּסדר שטאַרק געוואַקסן, אײַנשליסנדיק קאָמפּס־פּילאָטן און געשולטע מענטשן פאַר די באָדן־לופט־ראַקעטעס. בקיצור, דער שלום איז געווען פּונקט אַזוי ווײַט ווי פריִער. עס איז פּאַקטיש נישט פאָרגעקומען קיין קענטיקער שינוי אין קיין שום זאַך, זינט איך האָב איבערגענומען מײַן פּאָסטן. אַלע מאָטיוון, וועלכע האָבן גורם געווען איך זאָל ווערן פּרעמיער, זענען, צום באַדויערן, נאָך געווען גילטיק ערב די אַלגעמיינע וואַלן, וואָס זענען פאָרגעקומען צום זיבעטן מאָל זינט דעם אויפקום פון דער מדינה. אין די פאַרגאַנגענע חדשים האָט זיך פאַרבעסערט מײַן אַזוי גערופענער „מעמד" און כאָטש כ׳האָב נישט געוואָלט געווינען קיין שום פּאָפּולאַריטעט־פּאַרמעסטן, איז אָבער בלי־ספק בעסער אויפן האַרצן ווען מען באַקומט 75 אָדער 80 פּראָצענט און נישט 3! בכל־אופן, דער רעזולטאַט פון די וואַלן איז געווען פאַרויסצוזען. דער מערך האָט באַקומען 56 פון די 120 פּלעצער אין כּנסת. איך האָב פאַרגעשטעלט פאַר דער כּנסת די רעגירונג פון „וואַנט צו וואַנט", וואָס גח"ל וועט זי אין זומער פאַרלאָזן.

איצט, אַז איך בין געווען פּרעמיער, אַזוי צו זאָגן, אין מײַן אייגענעם זכות, האָב איך זייער געהאָפּט, אַז איך וועל קענען עפּעס אויפטאָן פאַרן לייזן די געזעלשאַפטלעכע און עקאָנאָמישע פּראָבלעמען אין לאַנד. זיי זענען געוואָרן אַלץ שאַרפער און האָבן אָנגעהויבן שאַפן אַן אמתן ריס צווישן די פאַרשיידענע טיילן פון דער באַפעלקערונג. איך האָב אין משך פון יאָרן געטענהט, סײַ אין דער הסתדרות סײַ אין דער פּאַרטיי, אַז צו אונדזער גרויסן באַדויערן קענען מיר גאָרנישט טאָן וואָס שייך דער נויטווענדיקייט אויפצוהאַלטן אונדזער ריזיקן פּאַרטיידיקונגס־בודזשעט. דערפאַר מוזן מיר לפּחות זיך אָננעמען מיט מוט און פּרוּוון מבטל מאַכן דעם גרויסן מרחק, וואָס ווערט כסדר גרעסער, צווישן די וועלכע האָבן אַלץ וואָס זיי דאַרפן — ווען אַפילו נישט אַלץ וואָס זיי ווילן — און די צענדליקער טויזנטער וואָס לעבן אין שלעכטע דירות, זענען שלעכט געקליידט, וואָס זייער דערציִונג איז צוריקגעשטאַנען און וואָס האָבן אַפילו טייל מאָל נישט גענוג צו עסן. דער דאָזיקער קלאַס אין אונדזער באַפעלקערונג האָט בדרך־כּלל געהערט צום „צווייטן ישׂראל", ווי מען האָט עס מיט ביטערקייט גערופן — ייִדן וואָס זענען צו אונדז געקומען אין 1948, 1950, 1951 פון תּימן, פון מיטעלן מיזרח און צפון־אַפריקע און וואָס זייער לעבנס־סטאַנדאַרד איז נאָך געווען זייער נידעריק בײַם סוף פון די זעכציקער און אָנהייב זיבעציקער יאָרן. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן ווייטער געקענט זײַן שטאַרק צופרידן דערמיט וואָס צווישן 1949 און 1970 האָבן מיר אויפגעבויט איבער 400.000 וווינונגס־אײַנ־הייטן אין שיכּונים און ס'איז נישט געווען קיין איין אָרט אין לאַנד — ווי פאַרוואָרפן עס זאָל נישט זײַן — וואָס האָט נישט געהאַט קיין שול אָדער קינדער־גאָרטן און מערסטנס אויך אַ קינדערהיים. אָבער ווי גרויס עס זאָל נישט זײַן אונדזער באַרעכטיקטער שטאָלץ מיט אונדזערע דערגרייכונגען, קען דאָס נישט אָפּשאַפן די אַנדערע, ווייניקער אָנגענעמע פאַקטן. עס איז געווען אָרעמקייט אין ישׂראל און אויך רײַכטום. נישט די אָרעמקייט, נישט דאָס עשירות זענען געווען גרויס, אָבער ביידע האָבן עקסיסטירט.

ס'זענען געווען און ס'זענען נאָך פאַראַן ישׂראלים, וואָס וווינען צו צען נפשות אין צוויי צימערן און זייערע קינדער גייען נישט אין שול אַריין (כאָטש זיי וואָלטן מן הסתּם געווען אין גאַנצן פרײַ פון שׂכר־לימוד אין מיטלשול) און וואַקסן אויס פאַרברעכערס (מערסטנס צוליב זייער צוריקגעשטאַנענעם הינטער־גרונט). מורא האָבנדיק, אַז זיי זענען עלול צו פאַרבלײַבן אויף שטענדיק צווייט־ראַנגיקע בירגערס, מיינען זיי אַז יעדער נײַער עולה וועט פאַרערגערן זייער לאַגע. עס זענען אויך פאַראַן ישׂראלים, נישט קיין סך, וואָס לעבן אין אַ רעלאַטיוון לוקסוס, פירן גרויסע אויטאָס, נעמען אויף געסט אויף אַ פאַרשווענדערישן אופן, קליידן זיך נאָך דער לעצטער מאָדע און פירן זיך לויט אַן אויסלענדישן לעבנס־סטיל וואָס פּאַסט נישט פאַר אונדזערע נאַציאָנאַלע עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן און

פאַר די אמתע באַדינגונגען פון אונדזער נאַציאָנאַלן לעבן. צווישן די צוויי גרופּעס געפינען זיך די מאַסן פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער און די „ווײַסע קראַגנס", וואָס קענען זיך נישט קיין עצה געבן מיט זייער לוין, קענען נישט דורכקומען מיט איין געהאַלט, אויפהאַלטן זייער לעבנס־סטאַנדאַרד (וואָס איז בדרך־כּלל אַ באַשיי־דענער), און וואָס האָבן באַוויזן אין משך פון צענדליקער יאָרן, אַז זיי קענען אײַנהאַלטן אַ הויכע דיסציפּלין, האָבן ליב דאָס לאַנד און זענען גרייט זיך מקריב צו זײַן. פון דעסטוועגן זענען זיי, לויט מיין מיינונג, געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די שטרײַקן, וואָס האָבן אונדז געפּלאָגט און שולדיק אין דעם, וואָס יעדעס מאָל ווען די קליינע פאַרדינערס האָבן באַקומען אַ העכערונג, האָבן אויך זיי אַלע געפּאָדערט אַ לוין־הוספה.

איך האָב געפּרוּווט איבערצײַגן די דאָזיקע מענטשן, אָבער דאָס איז מיר נישט געלונגען. עפּעס איז געשען מיט די חברים פון דער הסתּדרות, מיטן שכל־הישר פון ישראלדיקן אַרבעטער, עפּעס וואָס האָט מיך געשראָקן און איך האָב עס נישט געקענט פאַרשווײַגן. קיינער איז נישט געווען שטרענגער ווי איך אין זײַן גלויבן, אַז אַ פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין איז נישט נאָר באַרעכטיקט, נאָר אויך מחויב אָפּצוהיטן די רעכט פונעם אַרבעטער און דערקלערן אַ שטרײַק ווען די פאַרהאַנדלונגען שלעפּן זיך צו לאַנג, אָדער ווען מען האַלט נישט קיין אָפּמאַך. די וועלכע זענען נישט געשטאַנען אויפן אונטערשטן שטאַפּל פון עקאָנאָמישן לייטער אין לאַנד, האָבן געדאַרפט פאַרשטיין און אָננעמען דעם פאַקט, אַז הוספות דאַרף מען געבן נאָר פאַר די וואָס נייטיקן זיך אין זיי צום מיינסטן. דער פּרינציפּ פון דיפערענצירונג איז נישט פאַרהייליקט. איך האָב קעגן דעם געקעמפט אין דער הסתּדרות, מיט יאָרן צוריק, און בין געווען גרייט ווידער צו קעמפן קעגן דעם. ערגעץ־ווו האָט מען געמוזט אָנצייכענען אַ גרענעץ־ליניע. גאָט איז אַן עדות, אַז דאָס איז פון עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט נישט לײַכט. די ישראלדיקע דאָקטוירים, קראַנקן־שוועסטער און לערערס האָבן געקענט אויסהאַלטן. דער־קעגן די גרופּעס מיט אַ נידעריקן לוין האָבן אָנגעהויבן צו זינקען אין אַ וואַקסנ־דיקער אינפלאַציע און גרויס יקרות. זייערע לוינען האָט מען געמוזט העכערן. דאָס איז געווען זייער פּשוט צו פאַרשטיין.

איך האָב אויך געהאַט אַ נעגאַטיווע באַציִונג צו שטרײַקן אין די לעבנס־וויכטיקע אינסטיטוציעס, בפרט אין אַ לאַנד וואָס געפינט זיך אין מלחמה־צושטאַנד. איך דאַרף נישט, מיין איך, פאַרטײַטשן וואָס ס'האָט באַדײַט פאַר מיר פּערזענלעך צו באַשליסן אַרויסצוגעבן צוויי צוואַנגסבאַפעלן, ווען די אָנגעשטעלטע אין שפּי־טאַלן זענען אַרויס אין אַ שטרײַק. אָבער מ'האָט אַנדערש נישט געקענט פאַרזי־כערן, אַז מענטשן וועלן נישט שטאַרבן אין רעזולטאַט פון שטרײַק; דעריבער האָב איך פאַרקריצט די ציין און געהייסן אַרויסגעבן די באַפעלן. „צי איז עס מעגלעך זיך פאַרצושטעלן" — האָב איך געפרעגט דאָס פאָלק — „אַז די רעגירונג

קען, ווי מיט אַ כּישוף־שטעקעלע באַפרידיקן אַלע פֿאָדערונגען, ליקווידירן די אָרעמקייט, נישט אַרויפֿלייגן קיין שטײַערן, געווינען די מלחמה, אַבסאָרבירן עליה, אַנטוויקלען די ווירטשאַפֿט? צי קען די רעגירונג, וועלכע זי זאָל נישט זײַן, דאָס אַלץ טאָן אין איין און דער זעלבער צײַט?״

„קודם־כּל״ — האָב איך געטענהט — „דאַרפֿן די אָרעמע זיך נישט לאָזן פֿאַרוואַנדלען אין אַ פּאַסיוון אָביעקט, אַז אַנדערע זאָלן פֿאַר זיי זאָרגן. זיי דאַרפֿן זײַן אַן אַקטיווער פֿאַקטאָר אין דעם אָנשטרענג צו בײַטן זייער לאַגע. צווייטנס, דאַרפֿן אַלע צווײַגן אין יישוב, וועלכע זענען בעסער אײַנגעאָרדנט און פֿאַרמעגלעכער, צושטיין צו אַ גרויסער וואָלונטאַרער באַוועגונג, מיטן ציל צו דערגרייכן אַ סאָציאַלע אינטעגראַציע. מען קען נישט דערגרייכן קיין סאָציאַלע גלײַכהייט בלויז מיט מאַטעריעלע מיטלען. דער וואָס פֿאַרמאָגט קולטור און וויסן, דאַרף זיך וועלן טיילן מיט די וואָס פֿאַרמאָגן דאָס נישט. אומגלײַכהייט אין פֿאַרמעגן איז נישט שטענדיק די טראַגישסטע אומגלײַכהייט. אַ סך ערגער איז די אומגלײַכהייט צווישן דעם וואָס פֿאַרמאָגט קולטור און וויסן און דעם וואָס פֿאַרמאָגט דאָס נישט״.

עס איז דערגרייכט געוואָרן אַ באַשטימטער פּראָגרעס, אָבער ווײַט נישט גענוג. איך האָב געשאַפֿן אַ קאָמיטעט בײַם ביוראָ פֿון פּרעמיער, צו באַהאַנדלען פּראָבלעמען פֿון יוגנטלעכע, וואָס געפֿינען זיך אין נויט און קלעם. דער קאָמיטעט איז באַשטאַנען פֿון אָנגעזעענע דערציִערס, פּסיכאָלאָגן, דאָקטוירים, אויפֿזעערס פֿון באַפּרייטע אויף תּנאַי וכדומה. אַלע האָבן געאַרבעט פֿרײַוויליק. כאָטש עס האָט געדויערט צוויי יאָר ביז דער קאָמיטעט האָט פֿאַרעפֿנטלעכט זיינע רעקאָמענדאַציעס, און נישט עטלעכע חדשים ווי איך האָב געהאָפֿט, האָבן מיר אַ סך פֿון די רעקאָמענדאַציעס פֿאַרווירקלעכט, נאָך איידער מען האָט זיי באַקאַנט געמאַכט. ווען מיר האָבן געמוזט העכערן דעם פּרײַז פֿון יסודותדיקע לעבנס־מיטלען, זענען אויך פֿאַרלײַכטערט געוואָרן די שטײַערן פֿון דער באַפֿעלקערונג מיט נידעריקע הכנסות און מיר האָבן ווייטער געבויט, אויף וויפֿל מיר האָבן געקענט, ביליקע דירות. גלײַכצײַטיק האָב איך אָנגעפֿירט מײַן כּסדרדיקן קאַמף צו בויען דירות אויף צו פֿאַרדינגען און סובסידירן, אין נויטיקע פֿאַלן. מיר האָבן דאָס אַלץ געמוזט טאָן אין מיטן פֿון אַ פּאַקטישער מלחמה, אָדער אין צײַטן פֿון טעראָר. עס איז קיין מאָל נישט געווען גענוג צײַט אָדער געלט צו קאָנצענטרירן זיך אַפֿילו אויף די סאַמע דרינגענדיקסטע אינערלעכע פּראָבלעמען — און דאָס האָב איך נאָך ווייניקער געקענט מוחל זײַן אונדזערע שכנים. איך האָב געפֿילט, אַז אויב מיר וועלן האָבן שלום, וועלן מיר קענען שאַפֿן אַ געזעלשאַפֿט, אויב נישט קיין אידעאַלע, איז לפּחות אַ בעסערע. אָבער וווּ איז געווען אַט דער שלום?

און אַט איז אין אויגוסט 1970 צו שטאַנד געקומען ראָדזשערסעס פֿײַער־איבעררײַס. נאָצער האָט דערקלערט, אַז פֿון זײַן זײַט וועט דער פֿײַער־איבעררייס

געדויערן דריי חדשים, אָבער — ווי דאָס וואָלט געווען אַ סימבאָלישער טערמין — ער איז געשטאָרבן אין סעפּטעמבער און אָנוואַר סאַדאַט איז געוואָרן פּרעזידענט פון מצרים. סאַדאַט האָט נישט נאָר געמאַכט דעם אײַנדרוק פון אַ לאַגישערן מענטש, וואָס וועט אפשר זאָכלעכער באַטראַכטן די טובה פאַר זײַן פאָלק און מאַכן אַ סוף צו דער מלחמה, נײַערט עס זענען אויך געווען סימנים, אַז ער פאַרשטענדיקט זיך נישט אַזוי גוט מיט די רוסן. אין ירדן האָט דער קעניג כוסיין, נאָך דעם ווי ער האָט אין משך פון חדשים געגעבן מיט אַזאַ צופרידנקייט שוץ די פּאַלעסטינער טעראָריסטן, פּלוצלינג דערזען, אַז זיי שטעלן אים אין סכנה. איז ער אויפגעשטאַנען קעגן זיי און זיי צעשמעטערט. כאָטש דאָס איז געווען אַ „שוואַרצער סעפּטעמבער" פאַרן פּאַטאַך, האָט זיך מיר אָבער אויסגעוויזן, אַז סוף־סוף איז פאַראַן אַ שאַנס פון הצלחה, אַפילו אַ באַשיידענע, פאַר אַמעריקעס שלום איניציאַטיוו ווי אויך פאַר ד"ר יאַרינגן. די אַראַבישע פּירערס האָבן גערעדט וועגן ישראל פּונקט ווי פריִער און נישט געביטן זייער פאָדערונג, אַז ישראל זאָל צוריקציִען אַלע אירע כוחות. מען האָט אָבער אויך גערעדט וועגן עפּענען פון דאָס נײַ דעם סועץ־קאַנאַל און וועגן ווידער אויפבויען די צעשטערטע מיצרישע שטעט לענג־אויס זײַנע ברעגן און באַרמאַליזירן אין זיי דאָס לעבן. דאָס אַלץ האָט אַרויסגערופן אַן אָפּטימיזם אין ישראל. בקיצור, דער פײַער־איבעררײַס האָט אָנגעהאַלטן; מיר זענען געבליבן אויפן זעלבן פּלאַץ ווו מיר זענען געווען. די אַראַבער האָבן אויך ווײַטער זיך אָפּגעזאָגט צו באַגעגענען זיך מיט אונדז, נישט געוואָלט אונטערהאַנדלען אין קיין שום פאָרם, און אונדזער אָפּטימיזם האָט כּסדר נאָכגעלאָזט, הגם נישט לחלוטין. ס'איז נישט אויסגעבראָכן קיין מלחמה אין 1971 און נישט אין 1972, אָבער קיין שלום איז אויך נישט געווען, און דער אַראַבישער טעראָר איז געוואָרן אַלץ ווילדער און ברוטאַלער.

אַוודאי האָט קיינער אין דער ציוויליזירטער וועלט נישט אָפּראַבירט די שחיטה איבער די קאַטוילישע פּילגרימען פון פּאָרטאָ־ריקאָ און אײנעם פון די אָנגעזעענסטע וויסנשאַפטלערס פון ישראל, אָדער דער עפנטלעכער מאָרד, אין אַזאַ שרעקלעכער פאָרם, פון די ישראלדיקע ספּאָרטלערס אויף דער אָלימפּיאַדע אין מינכען, אָדער די שחיטה איבער די ישראלדיקע קינדער אין דער שול פון מעם שטעטל מעלות. קיינער האָט נישט אָפּראַבירט די שווידערלעכע מעשים און נאָך יעדער איינער פון זיי פלעג איך באַקומען אומצאָליקע אָפיציעלע אויס־דרוקן פון טרייסט און דערשיטערונג. דאָך האָט מען פון אונדז געפאָדערט (אַ סך פאָדערן עס אויך איצט), מיר זאָלן שליסן אַן אָפּמאַך מיט די מערדערס, ווי עס האָבן געטאָן אַנדערע רעגירונגען, עלעהיי מען דאַרף דערלויבן אָט די פאַ־נאַטיקערס, מיט זייער זעלבסטמאָרד־טאַקטיק, אונדז צו שאַנטאַזשירן און אײַנ־ברעכן. עס איז קלאָר באַוויזן געוואָרן, אַז דאָס אונטערגעבן זיך דעם טעראָר פירט צו ווײַטערדיקן טעראָר, אָבער קיינער וועט קיין מאָל נישט וויסן ווי

טײַער עס איז אַנגעקומען ישראל אָפּצוואַרפן די פֿאָדערונגען פֿון די אַראַבישע טעראָריסטן, און וואָס עס האָט געמיינט, אַז קיין ישראלדיקער באַאַמטער אין אויסלאַנד איז נישט געווען זיכער מיט זײַן לעבן, נישט געווען זיכער, אַז עס וועט צו אים נישט אָנקומען אַ בריוובאָמבע, שוין אָפּגערעדט פֿונעם פֿאַקט, וואָס יעדער גרענעץ־שטאָט און שטעטל אין ישראל האָט געקענט פֿאַרוואַנדלט ווערן (ווי דאָס איז טאַקע געשען מיט אייניקע פֿון זיי) אין אַ שחיטה־פּלאַץ דורך גרופּעס משוגעים, דערצויגן אויף שינאה, מיטן ציל און גלויבן אַז ישראל וועט נישט זײַן מסוגל אויסצושטיין דעם ווייטיק און דעם צער.

אָבער מיר האָבן געלערנט זיך צו האַלטן קעגן טעראָר, פֿאַרטיידיקן אונדזערע עראָפּלאַנען און פּאַסאַזשירן, פֿאַרוואַנדלען אונדזערע אַמבאַסאַדעס אין קליינע פֿעסטונגען, פּאַטראָלירן אין די הייף פֿון אונדזערע שולן און אין די גאַסן פֿון אונדזערע שטעט. איך בין געווען אויף די לוויות און באַזוכט די משפּחות פֿון די קרבנות פֿון אַראַבישן טעראָר און בין געווען שטאָלץ אָנצוגעהערן צו אַ פֿאָלק וואָס איז מסוגל אויסצושטיין אַזעלכע קלעפּ — רישעותדיקע קלעפּ פֿון פּחדנים — און נישט זאָגן „גענוג, מיר האָבן שוין געהאַט גענוג. גיט נאָך די טעראָריסטן וואָס זיי ווילן, ווײַל מיר קענען עס מער נישט איבערטראָגן". אַנדערע רעגירונגען האָבן זיך אונטערגעגעבן, צוגעשטעלט עראָפּלאַנען די טעראָריסטן, באַפֿרײַט זיי פֿון די טורמעס, בעת די אויסלענדישע פּרעסע און דער „נײַער לינקס" האָבן זיי גערופֿן פּאַרטיזאַנערס און פֿרײַהייטס־קעמפֿערס. אָבער פֿאַר אונדז זענען זיי פֿאַרבליבן פֿאַרברעכערס און נישט קיין גיבורים, און כאָטש יעדער לוויה האָט באַטײַט פֿאַר מיר אַ סך פּײַן און יסורים, האָט אויף מיר נישט געמאַכט קיין אײַנדרוק די „גלאָריע" פֿון לייגן מינעס אין די סופּערמאַרקעטס אָדער אויטאָבוסן, אויך נישט דער „גלאַנץ" פֿון דער מלחמת־מצווה, וואָס איז מחייב צו דערמאָרדן זיבן אַלטע ייִדן אין אַ מושב־זקנים אין מינכען. איך האָב פּשוט געפֿילט אַ פֿיזישן עקל, ווען די אַראַבער, וועלכע האָבן אומגעבראַכט עלף ישראל־דיקע ספּאָרטלערס אויף דער אָלימפּיאַדע פֿון 1972, זענען נאָך זעקס וואָכן באַפֿרײַט געוואָרן, באַגלייט מיט אַ שרײַענדיקער פּראָפּאַגאַנדע אין דער פּרעסע, און זענען אָפּגעפֿלויגן קיין ליביע. די אַראַבישע מדינות האָבן אויך ווײַטער געגעבן געלט די טעראָריסטן, געוועהר און שטיצע, און דערנאָך האָבן זיי געשריגן ביזן הימל, ווען מיר האָבן געמאָלדן דורך אונדזערע אַטאַקעס אויף די טעראָריסטישע באַזעס אין סיריע און לבנון, אַז מיר האַלטן די דאָזיקע אַראַבישע מדינות פֿאַראַנטוואָרט־לעך פֿאַר די באַגאַנגענע גרויל־מעשׂים.

די איינציקע לייזונג, די איינציקע מעגלעכע לייזונג איז געווען שלום — נישט נאָר אַ בכּבֿודיקער שלום, נאָר אויך אַ דויערהאַפֿטיקער. דער איינציקער וועג דאָס צו דערגרייכן איז געווען ממשיך צו זײַן אונדזער אויפֿקלערונגס־אַרבעט כּדי צו איבערצײַגן אונדזערע פֿרײַנד אין דער גערעכטקייט פֿון אונדזער שטעלונג

— וואָרעם אונדזערע שונאים האָבן נישט געוואָלט אַפילו רעדן מיט אונדז — און אויספּרוּוון יעדן מעגלעכן וועג צו פירן אונטערהאַנדלונגען.

אַ סך פון מײַנע רײַזעס און געשפּרעכן מוזן נאָך פאַרבלייבן אַ סוד, אָבער איך מײַן, אַז וועגן איינעם פון זיי מעג איך הײַנט שרײַבן. אָנהייב 1972 איז געקומען אויף אַ באַזוך קיין ישראל דער רומענישער וויצע־אויסערן־מיניסטער. לפּנים נאָר כּדי זיך צו באַגעגענען מיט מענטשן אין אונדזער אויסערן־מיניס־טעריום. אָבער ער האָט געהאַט איין ספּעציעלע בקשה — מיך צו זען. ער האָט אונטערגעשטראָכן, אַז ער וויל מיך זען אויג־אויף־אויג און קיין שום אַנדערער מענטש זאָל דערבײַ נישט זײַן. מיר האָבן זייער גוטע באַציִונגען מיט רומעניע, דאָס איינציקע לאַנד אין מיזרח־אייראָפּע, וואָס האָט נישט איבער־געריסן מיט אונדז די דיפּלאָמאַטישע באַציִונגען נאָך דער זעקסטאָגיקער מלחמה און כּסדר זיך אָפּגעזאָגט אָנטייל צו נעמען אין דער רישעותדיקער פּראָפּאַגאַנדע פון די סאָוועטן קעגן ישראל ; אָפּגעזאָגט זיך אויך אָנצושליסן אין דער אַקציע, אָנגעפירט פון סאָוועטישן בלאָק, צו פאַראורטיילן ישראל פאַר איר „אַגרעסיע". מיר האָבן געהאַט אַ האַנדלס־אָפּמאַך מיט די רומענער און ביידע צדדים זענען געווען פון אים צופרידן. מיר האָבן געהאַט קעגנזײַטיקע אויסשטעלונגען פון קונסט, קעגנזײַטיקע באַזוכן פון מוזיקערס, כאָרן און טעאַטער־אַנסאַמבלען. עס איז אויך געווען אַ באַשטימטע עליה פון רומעניע. מיטן פּרעזידענט פון רומעניע, דעם ענערגישן ניקאָלײַ טשאַושעסקו, האָב איך זיך באַגעגנט אין 1970 און אים באַוווּנדערט פאַר זײַן נישט אונטערגעבן זיך דעם אַראַבישן דרוק און באַוויזן אָנצוהאַלטן דיפּלאָמאַטישע באַציִונגען סײַ מיט אונדז, סײַ מיט די אַראַבישע לענדער. איך האָב געוווּסט, אַז טשאַושעסקו איז געווען פאַראינטערעסירט אין צואײַלן אַ שלום־אָפּמאַך אויפן מיטעלן מיזרח. ס'האָט מיך דעריבער נישט איבער־ראַשט, ווען זײַן וויצע־אויסערן־מיניסטער האָט מיר געגעבן צו וויסן, ווען מיר זענען געווען אַליין, אַז ער איז אייגנטלעך געקומען קיין ישראל בלויז כּדי מיר צו זאָגן דאָס ווײַטערדיקע :

„מײַן פּרעזידענט האָט מיך געשיקט" — האָט ער געזאָגט — „כּדי אײַך צו אינפאָרמירן, אַז ווען ער האָט לעצטנס באַזוכט מצרים, האָט ער זיך געטראָפן מיטן פּרעזידענט סאַדאַט און אין רעזולטאַט דערפון האָט מײַן פּרעזידענט אַ וויכטיקע ידיעה פאַר אײַך. ער וואָלט זי אײַך אַליין געבראַכט, אָבער היות ווי דאָס איז אים איצט נישט מעגלעך (ער האָט געהאַלטן בײַם פאָרן קיין כינע), שלאָגט ער פאָר, איר זאָלט קומען קיין בוקאַרעשט. אויב איר ווילט, קענט איר קומען אינקאָגניטאָ, אָבער אויב איר ווילט, וועלן מיר מיט פאַרגעניגן אײַך שיקן אַ פאָרמעלע אײַנלאַדונג". איך האָב נישט אָנגענומען די טענה אַז צוליב דער רײַזע קיין כינע, איז אוממעגלעך צו קומען קיין ישראל. דאָך האָב איך געזאָגט, אַז כ'וועל, פאַרשטייט זיך, קומען קיין בוקאַרעשט, אַזוי גיך ווי מעגלעך ; נישט איב־

קאָגניטאָ — ווײַל דאָס פֿאָסט נישט פֿאַרן פּרעמיער־מיניסטער פֿון ישׂראל (סײַדן דאָס איז אומבאַדינגט נייטיק). איך וועל קומען ווי באַלד איך וועל באַקומען אַן אָפֿיציעלע אײַנלאַדונג. אַ קורצע צײַט שפּעטער איז אָנגעקומען טשאַושעסקוס אײַנ־לאַדונג און איך בין געפֿלויגן קיין רומעניע.

פֿערצן שעה (אין צוויי לאַנגע זיצונגען) האָב איך פֿאַרבראַכט מיט טשאַושעסקון, וועלכער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט פֿאַרשטאַנען פֿון סאַדאַטן אַליין, אַז „דער עגיפּטישער פֿירער איז גרייט זיך צו טרעפֿן מיט אַ ישׂראלי — אפֿשר מיט מיר און אפֿשר נישט מיט מיר, און אפֿשר זאָל דער צוזאַמענטרעף זײַן אויף אַ נידעריי־קערן ניוואָ, ווי פּרעמיער־מיניסטאָרן; בכל־אופֿן — אַ צוזאַמענטרעף וועט קענען פֿאָרקומען". האָב איך געזאָגט: „הער פּרעזידענט, דאָס איז די בעסטע נײַעס וואָס כ'האָב געהערט זינט אַ סך יאָרן". דאָס איז געווען אַן אמת. מיר האָבן וועגן דעם גערעדט שעהען און טשאַשעסקו איז געווען נישט ווייניקער גערירט פֿון מיר. עס איז בײַ אים קיין ספֿק נישט געווען, אַז ער גיט איבער אַ היסטאָרישע און אַבסאָלוט אמתע מעלדונג. ער האָט אַפֿילו גערעדט מיט מיר וועגן אײנצלהייטן. „מיר וועלן נישט אַרבעטן מיט דער פֿאַרמיטלונג פֿון אַמבאַסאַדאָרן אָדער אויסערן־מיניסטעריומס" — האָט ער געזאָגט — „נישט מײַנע און נישט אײַערע". ער האָט פֿאָרגעשלאָגן, אַז זײַן וויצע־אויסערן־מיניסטער וועט אָנהאַלטן אַ פּערזענלעכן קאָנטאַקט מיט מיר, דורך דער פֿאַרמיטלונג פֿון שׂמחה דיניץ, וועלכער איז דעמאָלט געווען מײַן פּאָליטישער סעקרעטאַר און איז געקומען מיט מיר קיין בוקאַרעשט.

עס האָט באמת אויסגעזען ווי נאָך אַזוי פֿיל יאָרן האַלט דאָס אײַז בײַם אײַנ־ברעכן זיך. אָבער דאָס איז נישט געשען. ווען איך בין צוריקגעקומען קיין ישׂראל, האָבן מיר געוואַרט און געוואַרט, אָבער — אומזיסט. ס'איז בכלל קיין המשך נישט געווען. אַלץ וואָס סאַדאַט האָט געזאָגט טשאַושעסקון — און ער האָט אים זיכער עפּעס געזאָגט — האָט קיין שום ווערט נישט געהאַט. מײַן חשד איז, אַז די סיבה פֿאַר וואָס איך האָב מער גאָרנישט געהערט פֿון טשאַושעסקון לגבי דעם צוזאַמענ־טרעף מיט סאַדאַטן, איז אַ פּשוטע: ער האָט נישט געהאַט דאָס האַרץ מודה צו זײַן, אַפֿילו פֿאַר מיר, אַז סאַדאַט האָט אים אָפּגענאַרט.

אויף וויפֿל דאָס איז נוגע דער פּרעסע און דער געזעלשאַפֿט, סײַ אין ישׂראל, סײַ אין רומעניע, איז דאָס געווען אַ געוויינטלעכער באַזוך. טשאַושעסקו האָט פֿאַר מיר אײַנגעאָרדנט אַ מיטאָג. דער פּרעמיער — אַן אָוונט־מאַלצייט און איך — אַן אָוונט־סעודה פֿאַר אים. דער אײנציקער באַדײַטנדיקער רעזולטאַט פֿון מײַן באַזוך אין בוקאַרעשט — מיט וועלכן איך האָב פֿאַרבונדן אַזוי פֿיל האָפֿענונגען — איז געווען, וואָס כ'האָב געקענט אָנשיילנעמען אין קבלת־שבת אין דער כאָראַל־שול און זיך טרעפֿן מיט הונדערטער רומענישע ייִדן — אַ סך פֿרײַער ווי די ייִדן אין מאָסקווע, אָבער פּונקט אַזוי גערירט פֿון מײַן וויזיט. זיי האָבן מיך אויפֿגענומען מיט אַ קוואַליע פֿון אהבת־ישׂראל, אַז כ'האָב געהאַט דאָס געפֿיל אַז איך ווער געטראָגן

אויף אַט דער כוואַליע. כ׳האָב דאַכט זיך, קיין מאָל נישט געהערט העברעיִשע לידער שענער געזונגען און מיט מער צאַרטקייט, ווי אין יענעם ערב־שבת. ווען כ׳בין צוגעגאַנגען צו מײַן אויטאָ, האָב איך געזען אַ ריזיקע מאַסע וואַרטן אויף מיר אין טיפער שטילקייט. צען טויזנט ייִדן זענען געקומען פון אַלע עקן רומעניע מיך זען. איך בין צוגעגאַנגען צו זיי און געזאָגט „גוט שבת" און כ׳האָב געהערט צען טויזנט שטימען ענטפערן: „גוט שבת". אַט דער צוזאַמענטרעף איז פאַר מיר ווערט געווען די נסיעה. די איינציקע ממשותדיקע זאַך וואָס איך האָב מיטגעבראַכט (כאָטש דעמאָלט האָב איך עס נישט געקענט וויסן) איז געווען אַ ריזיקע פעל פון אַ שוואַרצן בער, וואָס עס האָט מיר געגעבן דער רומענישער פּרעמיער, (אַ באַרימטער יעגער). איך האָב דאָס דערנאָך „געבאַרגט" די קינדער אין רביבים. זיי זענען דערפון געווען באַגײַסטערט, ווײַל זיי האָבן נישט געהאַט יענע ביטערע זכרונות, וואָס עס האָט סימבאַליזירט פאַר מיר.

איך בין אויך געפאָרן אין אַנדערע מקומות, און איין מאָל אַפילו געהאַט אַן אַוואַנטורע אין אויסלאַנד, וואָס האָט מיך געלערנט, אַז קיין זאַך, וואָס איך זאָל נישט טאָן, וועט נישט קענען בלײַבן בסוד. פרילינג 1971 בין איך אַרויסגעפאָרן אויף אַ צען־טאָגיקער רײַזע קיין דענעמאַרק, פינלאַנד, שוועדן און נאָרוועגיע. צווישן מײַן באַזוך אין שטאָקהאָלם איז געווען אַ סוף־וואָך און אַ זעלטענע געלעגנהייט, אויב כ׳וועל זי גוט פּלאַנירן, עס זאָל צו מיר נישט דערגיין נישט קיין טעלעפאָן, נישט קיין טעלעקס, נישט קיין טעלעגראַמען און נישט קיין זשורנאַליסטן. עס איז אָבער נישט געווען אַזוי לײַכט צו געפינען אַן איזאָלירטן פּלאַץ פאַר אַן אָפּרו און גלײַכצײַטיק זיך פירן לויט די זיכערקייט־רעגלאַמענטירונגען, וועלכע האָבן אַלץ מער באַשטימט ווו און ווי איך זאָל פאָרן. פון מײַן ביוראָ אין ירושלים האָט מען געבעטן דעם ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין שטאָקהאָלם, ער זאָל געפינען אַ פּאַסיק אָרט, נישט צו ווײַט פון דער שוועדישער הויפּטשטאָט, און מיר צו וויסן געבן בײַצײַטנס. קורץ פאַר מײַן פאַרלאָזן ישראל האָט געקלונגען דער טעלעפאָן. איינער פון די מיניסטאָרן האָט זיך אַנטשולדיקט וואָס ער וועט נישט קענען קומען זיך געזעגענען, אָבער ער דאַרף מיר איבערגעבן אַן אינטערעסאַנטע ידיעה. מיר האָבן געשמועסט אַ צוויי־דריי מינוט און דערנאָך בין איך געפאָרן צום פליפלאַץ.

אין העלסינקי האָב איך דערהאַלטן די מעלדונג פון אונדזער אַמבאַסאַדע אין שטאָקהאָלם, אַז מען האָט נישט געפונען קיין פּאַסיק אָרט און צום בעסטן וואָלט פאַר מיר געווען זיך אָפּצורוען די צוויי פרײַע טעג, ביז עס וועט זיך אָנהייבן דער אָפיציעלער וויזיט, אין מײַן האָטעל אין שטאָקהאָלם. פּלוצלינג האָב איך זיך דערמאָנט אין יענעם טעלעפאָן, ממש אין לעצטן מאָמענט פאַר מײַן אַוועקפאָרן, און איך האָב אַ פרעג געטאָן לו קדר — צו איר גרויסער איבערראַשונג — צי עס וואָלט איר געפעלן צו פאַרברענגען אַ סוף־וואָך אין לאַפּלאַנד.

„אין לאַפּלאַנד?״ זי האָט נישט געקענט גלייבן, אַז איך מײַן עס ערנסט. איך האָב איר אויפגעקלערט, אַז איך האָב ביז איצט געהאַט פאַרגעסן דעם גאַנצן ענין, אָבער מען האָט אונדז אײַנגעלאָדן אײַנצושטיין אין אַ פּראַקטיקער זומער־וווינונג, אין דער וויסטעניש פון פינישן לאַפּלאַנד, וואָס געהערט צו אַן איבער־געגעבענעם פרײַנד פון ישראל. ער האָט צוגעזאָגט, אַז מיר וועלן דאָרט גוט פאַרברענגען און כ׳וואָלט געוואָלט פאָרן אַהין. דער פּלאַן האָט אָבער אַרויס־גערופן קעגנערישע באַמערקונגען. מײַנע לייבוועכטערס האָבן געהאַלטן, אַז דאָס אָרט איז צו איזאָלירט און פאַרוואָרפן. לו האָט געטענהט, אַז מיר האָבן נישט קיין פּאַסיקע קליידער, אַז מיר וועלן אויסגיין פון קעלט. די פינישע און שוועדישע באַאַמטע פון זיכערקייטס־דינסט זענען אויפגעציטערט געוואָרן פונעם געדאַנק, אַז איך וועל פליִען אויף אַ פּונקט, בלויז הונדערט מײַל פון דער סאָוועטישער גרענעץ. אַלע זענען געווען בײַ דער מיינונג, אַז ס׳איז אַ משוגעת צו פליִען 1.200 מײַל אויף אַן אָפּרו פון צוויי טעג. אָבער איך האָב געוואָלט פאָרן — געזאָגט און געטאָן.

אונדזער נסיעה איז, פאַרשטייט זיך, געווען אײַנגעהילט אין אַ סוד מער ווי מען קען זיך פאָרשטעלן. מיר זענען געפאָרן קיין שטאָקהאָלם און פון דאָרט מיט אַ קליינעם עראָפּלאַן קיין לאַפּלאַנד. אין דער בלישטשענדיקער זון־ליכ־טיקייט פון די נאָכמיטאָג־שעהען זענען מיר אָנגעקומען קיין ראָוואַניעמי, די הויפּטשטאָט פון פינישן לאַפּלאַנד. אויפן פליפלאַץ, גרויס ווי אַ קליינער טעניס־פּלאַץ, האָבן אויף אונדז געוואַרט עטלעכע טאַקסיס און דער בירגער־מײַסטער פון ראָוואַניעמי מיט זײַן פרוי. מען האָט אים געזאָגט, אַז עס דאַרפן אָנקומען עטלעכע וויכטיקע געסט, אָבער מען האָט אים נישט דערציילט ווער זיי זענען. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז דאָרט צופעליק געווען אַ זשורנאַליסט, וועלכער האָט באַמערקט דעם בירגער־מייסטערס פרוי האַלטן אַ רויז. ווער האָט געזען רויזן אין לאַפּלאַנד? ער האָט נאָך אַ מאָל אַ קוק געטאָן אויף די פאַרשוינען וואָס גייען אַראָפּ פון עראָפּלאַן, דערזען אַ קליין־וווקסיקע פרוי, אין אַ שווערן מאַנטל, מסתּמא דער חשובער גאַסט פאַר וועלכער ס׳איז באַשטימט די טײַערע רויז. דאָס קען נישט זײַן — האָט ער מסתּמא געטראַכט. אָבער דערנאָך, ווען מיר זענען שוין געפאָרן דורכן שניי צו אונדזער זומער־וווינונג, האָט ער זיך פּלוצלינג געכאַפּט, אַז דאָס בין איך טאַקע — און גלײַך אָפּגעשיקט אַ טעלעגראַם צו זײַן רעדאַקטאָר.

אין ראָוואַניעמי איז געווען פּראַכטיק. כ׳האָב זיך גוט אויסגערוט און צוריק־געפאָרן קיין שטאָקהאָלם אין אַ וווּנדערלעכער שטימונג, אָבער דאָרט האָב איך געהערט, אַז די גאַנצע וועלט וויל וויסן וועגן מײַן געהיימען צוזאַמענטרעף מיט די רוסן. האָט דען גאָלדע מאירס פאָרן אין פינישן לאַפּלאַנד געקענט האָבן אַן אַנדער זינען? וועגן וואָס האָבן מיר געשמועסט? מיט וועמען האָב איך זיך

באַגעגנט ? דעם אמת האָט קײנער נישט געוואָלט גלייבן, נישט אין סקאַנדינאַוויע און נישט ערגעץ אַנדערש — ביז דער סאָוועטישער וויצע־אויסערן־מיניסטער צאַראַפּקין איז געקומען קיין אָסלאָ, אַ טאָג פאַר מײַן אַוועקפֿאָרן און זיך מיט מיר נישט געטראָפן. ערשט דעמאָלט האָט די פּרעסע אָקצעפּטירט דעם נישט־דראַמאַטישן פֿאַקט, אַז אין די 48 שעה, וואָס איך האָב פֿאַרבראַכט אין לאַפּלאַנד, האָב איך בלויז געגעסן, געשלאָפן, געקויפט פֿאַר מײַנע אייניקלעך אָנדענקען פֿון הירשנפֿעל און שפּאַצירט צווישן די שיינע, שווײַגנדיקע און פֿאַרפֿרוירענע אָזערעס.

אין משך פֿון יענע פֿינף יאָר זענען געווען צײַטן, ווען כ׳וואָלט מיט פֿרייד געוועזן אַנטלאָפֿן פֿון אַלעמען, ווען איך ווייס אַז איך מעג עס טאָן, נישט דערפֿאַר ווײַל מײַנע כּוחות טראָגן מיך נישט און ווײַל דער טעמפּאָ איז צו האַסטיק — נאָר בעיקר ווײַל כ׳בין שוין מיד פֿון איבערחזרן, פֿון זאָגן די זעלבע ווערטער און צו קיין זאַך נישט דערגיין. איך בין אויך מיד געווען פֿון הערן וועגן מײַנע כּלומרשטע קאָמפּלעקסן, פֿון מענטשן, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז מיר דאַרפֿן האַנדלען אויף אַזאַ אופֿן, וואָס וואָלט בעצם באַטייט איבערצוגעבן מדינת ישראל דעם פּרעזידענט סאַדאַט, אָדער, נאָך בעסער, אַראַפֿאַטן. דאָס הייסט, אַז כ׳האָב געדאַרפֿט פֿאַרגעסן די לעקציעס פֿון עבר און פּרווון איבערצײַגן די ישראל־באַפֿעלקערונג, אַז היות ווי מען האָט שוין איין מאָל, צוויי מאָל און דריי מאָל זיך אַרײַנגעריסן אין אונדזער נאַציאָנאַלער היים, מוזן מיר איצט פֿון איר אַוועק און גיין ערגעץ אַנדערש, אַנשטאָט צו פֿאַרפֿעסטיקן מיט אײַזערנע קראַטעס אירע פֿענצטער און אויפֿהענגען נאָך פֿעסטערע שלעסער אויף אירע טירן. יאָ, איך האָב געהאַט קאָמפּלעקסן. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן, אויב נישט אין קיִעוו, איז אויף דער עוויאַן־קאָנפֿערענץ, אין 1938, און קיין זאַך וואָס איז מיט אונדז זינט דעמאָלט געשען, האָט זיי נישט געקענט אָפּשוואַכן. אַפֿילו אין ישראל זענען געווען מענטשן וואָס האָבן געטראַכט — און עס געזאָגט בקול־רם — אַז די רעגירונג טוט נישט „גענוג״, כּדי צו דערגרייכן אַ פֿאַרשטענדעניש מיט די אַראַבער, כאָטש זיי האָבן קיין מאָל נישט באַוויזן פֿאַרצושלאָגן עפּעס, וואָס מיר האָבן שוין פֿריִער נישט געהאַט אַליין געפּרוווט.

ס׳האָט זיך אויך געלאָזט כּסדר הערן אַ געוואַלד מצד אַ קליינעם, אָבער זייער שרײַעוודיקן טייל אין דער באַפֿעלקערונג, לגבי ענינים ווי דער באַשלוס פֿון דער רעגירונג, נאָך דער זעקסטאָגיקער מלחמה, צו דערלויבן אַ צאָל ייִדן זיך באַזעצן אין חברון, אַ שטאָט אין יהודה (25 קילאָמעטער דרום פֿון ירושלים), וווּ ס׳זענען, לויט דער ייִדישע טראַדיציע, באַגראָבן אונדזערע אָבות און וווּ ס׳איז געווען די הויפּטשטאָט פֿון דוד המלך איידער ער האָט זי איבערגעפֿירט קיין ירושלים. די קרייצפֿאָרערס האָבן פֿאַרטריבן די ייִדן פֿון חברון, אָבער אין די צײַטן פֿון דער אָטאָמאַנישער הערשאַפֿט האָבן ייִדן זיך אַהיין צוריק אומגע־

קערט און אין דער שטאָט איז געווען אַ ייִדישע קהילה ממש ביזן שרעקלעכן אַראַבישן פּאָגראָם, אין 1929, ווען מ'האָט ענדגילטיק פאַרטריבן די לעבן־געבלי־בענע פון שטאָט. (אין 1931 האָבן עטלעכע ייִדישע משפּחות זיך צוריקגעקערט אַהין און די בריטישע פּאָליצייַ האָט זיי פון דאָרט אַרויסגעפירט ערשט אין 1936, בייַם אויסבראָך פון די בלוטיקע געשעענישן אין לאַנד). נאָך 1948 האָבן די ירדענער נישט דערלויבט די ייִדן אַפילו צו באַזוכן די מערת־המכפלה און מתפּלל זייַן אויף די קברים פון די אָבות. אָבער חברון איז פאַרבליבן הייליק פאַר די ייִדן און ערב פּסח 1968, ווען די שטאָט איז שוין געהאַט געווען אונטער דער ישראלדיקער אַדמיניסטראַציע, האָבן זיך אין איר באַזעצט יונגע מיליטאַנטישע אָרטאָדאָקסן, נישט געקוקט אויף דעם מיליטערישן פאַרבאָט צו באַזעצן זיך אין די שטחים און זענען דאָרט פאַרבליבן אָן אַ דערלויבעניש. ס'איז קיין ספק נישט אַז זייער האַנדלונג איז געווען אָן אומפּאָסיקע און זי האָט גורם געווען אַ גרויסן שאָדן דעם ישראלדיקן שם אויף דער וועלט. די אַראַבער האָבן געקערט וועלטן וועגן דער „ייִדישער אַנעקסיע פון חברון" און די עפנטלעכע מיינונג אין ישראל איז אין דער פראַגע געווען צעטיילט. פון איין זייַט איז געווען קלאָר, אַז די וואָס האָבן זיך דאָרט באַזעצט וועלן שאַפן אַ „געשעענעם פאַקט" און צווינגען די ישראל־רעגירונג אָנצונעמען אַ פּריצייַטיקן באַשלוס לגבי דער צוקונפט פון די שטחים און דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע דאָרטן. פון דער צווייטער זייַט, כאָטש איך האָב באַדויערט וואָס זיי האָבן גענומען דאָס געזעץ אין זייערע הענט, ווי זיי וואָלטן זיך געפונען אין ווילדן מערב, האָט מיר אויסגעזען, אַז די אמתע פראַגע איז נישט וואָס זיי האָבן געטאָן און אַפילו נישט ווי אַזוי זיי האָבן עס געטאָן, נאָר אַ סך מער ערנסטער ווי דאָס.

ווו איז די לאָגיק, האָב איך געפרעגט זיך גופא און מייַנע חברים, אַז די וועלט (אייַנגעשלאָסן אונדזער אייגענע סופער־פּרומע „טויבן") זאָל פאָדערן פון אַ ייִדישער רעגירונג אַרויסצוגעבן געזעצן וואָס פאַרווערן בפירוש ייִדן זיך צו באַזעצן ערגעץ־ווו אויף דער וועלט? איך האָב נישט געוווּסט מער פון יעדן אַנדערן וואָס עס וועט צום סוף געשען מיט חברון, אָבער לאָמיר אָננעמען, האָב איך געזאָגט, אַז אין איינעם אַ טאָג, אם ירצה השם, וועלן מיר אונטער־שרייַבן אַ שלום־אָפּמאַך מיט ירדן און מיר וועלן „אָפּגעבן" חברון. וועט עס מיינען, אַז מיר וועלן מסכּים זייַן אַז ייִדן זאָלן קיין מאָל נישט ווידער וווינען אין חברון? פאַרשטייט זיך, אַז קיין שום רעגירונג אין ישראל וועט קיין מאָל נישט קענען זיך פאַרפליכטן צו פאַרווערן ייִדן אויף אייביק דאָס וווינרעכט אין וועלכן עס איז אָרט פון הייליקן לאַנד. און חברון איז נישט סתּם אַ מאַרק־שטאָט. זי האָט אַ געוואַלדיקע חשיבות פאַר גלייביקע ייִדן.

מיר האָבן לאַנגע חדשים דיסקוטירט און געפאָרשט די מאָטיוון פאַר און קעגן, ביז מיר האָבן אין 1970 דערלויבט צו בויען אַ באַגרענעצטע צאָל דירות

פאַר ייִדן אין דער פּעריפעריע פון חברון, וואָס ייִדן האָבן גערופן קרית־ארבע (חברונס צווייטער העברעיִשער נאָמען) און דער שטורעם האָט זיך איינגעשטילט. אָבער די ווײַטערדיקע פּרווון פון אומלעגאַלן באַזעצן זיך אין חברון האָבן מיר באַהאַנדלט מיט מער פעסטקייט — ווי ווייטיקלעך עס זאָל נישט זײַן פאַר דער רעגירונג צו באַפעלן ישראלדיקע זעלנערס צו שלעפּן ייִדן פון ערטער, אין וועלכע זיי האָבן זיך געוואָלט באַזעצן אויף דעם מערב־ברעג. מיר האָבן דער־לויבט ייִדן זאָלן זיך באַזעצן אויף באַשטימטע ערטער אין די אַדמיניסטרירטע טעריטאָריעס, אָבער נאָר ווען דאָס איז געווען אין פולער האַרמאָניע מיט אונ־דזערע פּאָליטישע און מיליטערישע אינטערעסן.

אַ צווייטער פּערמאַנענטער ברענפּונקט פון אינטערנאַציאָנאַלער אויפמערק־זאַמקייט זענען געווען די הייליקע קריסטלעכע מקומות, סײַ אין מערב פון ירדן־טײַך, סײַ אין ירושלים. איז טאַקע איבעריק צו זאָגן, אַז עס האָט מיך באמת געפרייט צו קומען אין וואַטיקאַן אין יאַנואַר 1973, ווען דער פּויפּס פּאַולוס דער זעקסטער האָט מיך אויפגענומען אויף אַן אוידיענץ פון אַכציק מינוט. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס אַ ישראלדיקער פּרעמיער איז אויפגענומען געוואָרן אויף אַן אוידיענץ ביי אַ פּויפּס, הגם אין דעם איינציקן טאָג פון זײַן באַזוך אין ישראל, אין 1964, ווען ער איז געקומען אַהער ווי אַ פּילגרים, האָט זיך דער פּויפּס געטראָפן מיטן פּרעזידענט שזר, מיט אשכּולן, פּאַקטיש מיט דער גאַנצער ישראל־רעגירונג. דאָס זענען נישט געווען פון די גליקלעכסטע באַגעגענישן. דער פּויפּס האָט גאַנץ קלאָר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז זײַן באַזוך באַדײַט נישט דאָס אָנערקענען מדינת־ישראל מצד דעם וואַטיקאַן. זיין הויפּטקוואַרטיר פאַר די דרײַ טעג האָט ער באַשטימט אין ירדן און נישט אין ישראל און זיין געזעגענונגס־מעסאַזש וואָס ער האָט געשיקט פונעם עראָפּלאַן, האָט ער פאַרזיכ־טיק אַדרעסירט קיין תּל־אביב און נישט קיין ירושלים.

די באַציִונגען צווישן דעם וואַטיקאַן און דער ציוניסטישער באַוועגונג זענען תּמיד געווען דעליקאַטע. ווען טעאָדאָר הערצל האָט אין 1904 זוכה געווען צו באַקומען אַן אוידיענץ בײַ פּיוּס דעם 10טן, האָט אים דער פּויפּס דעמאָלט געזאָגט: „מיר קענען נישט פאַרווערן, אַז ייִדן זאָלן גיין קיין ירושלים, אָבער מיר וועלן קיין מאָל נישט קענען געבן דערויף אונדזער הסכּמה... ייִדן האָבן נישט אָנער־קענט אונדזער משיח, קענען מיר נישט אָנערקענען די ייִדן". אַנדערע פּויפּסן זענען געווען פרײַנדלעכער. שרת איז צוויי מאָל אויפגענומען געוואָרן (איין מאָל ווי דער אויסערן־מיניסטער פון ישראל) דורך פּיוס דעם 12טן. דער פּויפּס יוחנן דער 23טער האָט זיך באַצויגן צו ישראל מיט סימפּאַטיע און אַפילו מיט וואַרעמקייט און מען האָט אונדז איינגעלאַדן צו שיקן אַ פאַרשטייער סײַ אויף זײַן לוויה, סײַ צו דער קרוינונג פון פּאַולוס דעם 6טן. אין 1969 האָט פּאַולוס אויפגענומען אַבא אבנען אויף אַן אָפיציעלער אוידיענץ און אונדזער אַמבאַסאַדאָר

אין רוים האָט שטענדיק אָנגעהאַלטן נאָענטע קאָנטאַקטן מיט פֿאַרשיידענע הויך־געשטעלטע פּערזענלעכקייטן אין וואַטיקאַן. אָבער כאָטש דער וואַטיקאַן האָט אָנערקענט אַלע אַראַבישע מדינות, האָט ער נאָך אַלץ צוריקגעהאַלטן די אָנער־קענונג פֿון ישראל און עס איז נאָך אַלץ נישט קלאָר די אמתע שטעלונג פֿון וואַטיקאַן אין דער פֿראַגע פֿון ירושלים. אָבער כ׳מיין, אַז נאָך אַלעמען האָט דער וואַטיקאַן שלום געמאַכט מיט דער רעאַליטעט פֿון דער ייִדישער מדינה.

די געשיכטע פֿון מײַן אוידיענץ בײַם פּויפּס האָט זיך נישט אָנגעהויבן אין רוים, נאָר אין פּאַריז. שוין יאָרן ווי איך נעם אָנטייל אין די יערלעכע קאָנפֿערענצן פֿון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל (איך בין וויצע־פּאָרזיצער), אומעטום וווּ זיי קומען פֿאָר. אין יאָר 1973 האָט געדאַרפֿט פֿאָרקומען אין פּאַריז — אָנדערטהאַלבן חדשים פֿאַר די אַלגעמיינע וואַלן אין פֿראַנקרײַך — אַ צוזאַמענטרעף פֿון סאָציאַ־ליסטישע פֿירערס און איך האָב, פֿאַרשטייט זיך, געהאַט בדעה צו קומען. אַזוי ווי די סאָציאַליסטישע פֿירערס פֿון אַנדערע רעגירונגען, אַרײַנגערעכנט עסטרײַך, דענעמאַרק, פֿינלאַנד און שוועדן, ווי אויך די פֿירערס פֿון די אָפּאָזיציאָנעלע פּאַרטייען. צו אונדזער אַלעמענס פֿאַרוווּנדערונג האָט זשאָרזש פּאָמפּידו מיך גלײַך באַשולדיקט, אַז דער הויפּטציל פֿון מײַן קומען קיין פּאַריז איז צו ווירקן אויף דער „ייִדישער שטימע“ (וואָס עקסיסטירט בכלל נישט אין פֿראַנקרײַך) לטובת די סאָציאַליסטן. אין רעזולטאַט פֿונעם טומל, וואָס האָט זיך צוליב דעם אויפֿגע־וועקט אין פֿראַנקרײַך, האָט דער סאָציאַליסטישער אינטערנאַציאָנאַל — וואָס צום באַדויערן שענקט אים קיינער נישט, בדרך־כּלל, קיין סך אויפֿמערקזאַמקייט — באַקומען אַ גרויסע רעקלאַמע און גלײַכצײַטיק די שינאה פֿון דער פֿראַנצויזישער רעגירונג כּלפּי ישראל, אַ שינאה, וועלכע זי האָט, ווײַזט אויס, נישט געקענט גובר זײַן. אַזוי ווי איך האָב במילא געדאַרפֿט קומען קיין פֿראַנקרײַך, האָט אונדזער אַמבאַסאַדאָר אין רוים, עמיאל נאַדזשאַר, פֿאָרגעשלאָגן, אַז ס׳וואָלט אפֿשר געווען די פּאַסיקע צײַט צו באַטראַכטן די רעקאָמענדאַציע, אַרויסגערוקט פֿון זײַנע פֿרײַנד אין וואַטיקאַן ביי פֿאַרשיידענע געלעגנהייטן, איך זאָל זיך טרעפֿן מיטן פּויפּס. איך האָב געענטפֿערט, אַז כ׳וואָלט געווען זייער צופֿרידן דאָס צו טאָן. נאָך אַ צײַט האָט מען אונדז געזאָגט מיר זאָלן בעטן פֿאַר מיר אַן אוידיענץ. אין עטלעכע טעג אַרום איז אָנגעקומען אין אונדזער אַמבאַסאַדע אין רוים אַ בריוו אַדרעסירט צו מיר. דער בריוו איז געקומען פֿון דער „פּרעפֿעטוראַ“ פֿונעם וואַטיקאַן און אָט איז זײַן אינהאַלט: „עקסצעלענץ, איך האָב דעם כּבוד אײַך צו אינפֿאָרמירן, אַז דער הייליקער פֿאָטער וועט אײַך אויפֿנעמען אויף אַן אוידיענץ מאָנטיק, דעם 16טן יאַנואַר 1973“.

נישט בלויז דער וואַטיקאַן, נאָר אויך דער פּויפּס גופֿא האָט אויף מיר געמאַכט אַ גרויסן אײַנדרוק, דאָס פּשטות און דער חן אין זײַן האַלטונג און דער דורכ־דרינגענדיקער בליק פֿון זײַנע טיף אַרײַנגעזעצטע שוואַרצע אויגן. איך וואָלט,

דאַכט זיך, געווען נערוועזער אין שײַכות מיט דער אודיענץ, ווען ער הייבט נישט אָן זײַן שמועס דערמיט, אַז ס'איז אים שווער אויפצונעמען דעם פֿאַקט, אַז דווקא די ייִדן — וועלכע וואָלטן געדאַרפֿט זײַן באַרעמהאַרציקער ווי אַנדערע פֿעלקער, ווײַל זיי האָבן אַליין אַזוי שרעקלעך געליטן — פֿירן זיך אויף מיט אַזאַ האַרבקייט אין זייער אייגענעם לאַנד. אָט די ווערטער געהערן צו דעם מין וואָס איך קען נישט פֿאַרטראָגן, ווער רעדט נאָך, אַז ס'איז פּשוט נישט ריכטיק, אַז מיר האָבן זיך שלעכט אויפגעפֿירט מיט די אַראַבער אין די אַדמיניסטרירטע געביטן. מיר האָבן נאָך אַלץ נישט אײַנגעפֿירט קיין טויטשטראָף אין ישׂראל און דאָס ערגסטע וואָס מיר האָבן בכלל געטאָן, איז אַרײַנצוזעצן טעראָריסטן אין תּפֿיסה, אָדער אויפֿרײַסן די הײַזער פֿון די אַראַבער, וואָס האָבן, נישט געקוקט אויף אונדזערע כּסדרדיקע וואָרענונגען, אויסבאַהאַלטן טעראָריסטן; און אַ מאָל, ווען עס איז שוין נישט געווען קיין אַנדערע ברירה, פֿאַרטריבן אַראַבער, וועלכע האָבן געהעצט און אָפֿן געמוטיקט די טעראָריסטן. אָבער איך וויל, עס זאָל עמעץ קומען און אָנווײַזן ממשותדיקע פֿאַקטן פֿון אכזריות און אונטערדריקונג. איך האָב געהאַט אַ שטאַרקן חשק צו פֿרעגן דעם פּויפּס וועלכע עס זענען די קוואַלן פֿון זײַן אינפֿאָרמאַציע, וואָרעם ס'איז דאָך אַזוי קלאָר, אַז זיי זענען אַנדערש ווי מײַנע. כ'האָב זיך אָבער אָפּגעהאַלטן און נישט געפֿרעגט. אַנשטאָט דעם האָב איך געזאָגט, הערנדיק ווי מײַן שטים ציטערט פֿון כּעס: „אײַער הייליקייט, צי ווייסט איר, וואָס ס'איז קודם-כּל געבליבן אין מײַן זכרון? דאָס וואַרטן אויף אַ פּאָגראָם אין קיִעוו. דערלויבט מיר אײַך צו פֿאַרזיכערן, אַז מײַן פֿאָלק ווייסט גאַנץ גוט וואָס עס מיינט אָן אמת „שטאַרקע האַנט" און אַז מיר האָבן געלערנט אַלץ וואָס מען קען לערנען וועגן אמתן רחמנות, ווען מען האָט אונדז געפֿירט אין די גאַזקאַמערן פֿון די נאַציס".

דאָס איז אפֿשר נישט געווען די אָנגענומענע פֿאָרם צו רעדן מיט אַ פּויפּס. איך האָב אָבער געפֿילט, אַז איך רעד אין נאָמען פֿון אַלע ייִדן, אומעטום ווו זיי געפֿינען זיך; אין נאָמען פֿון די לעבעדיקע און אין נאָמען פֿון די וואָס זענען אומגעקומען, בעת דער וואַטיקאַן האָט אָנגעהאַלטן זײַן נייטראַליטעט אין דער צײַט פֿון דער צווייטער וועלט-מלחמה. איך האָב געפֿילט, אַז כ'נעם אָנטייל אין אַן אמת היסטאָרישער קאָנפֿראָנטאַציע און אַ רגע האָבן מיר זיך געקוקט אין די אויגן, איינער דעם צווייטן. ער איז, דאַכט זיך, געווען שטאַרק איבערראַשט פֿון מײַנע ווערטער, אָבער ער האָט גאָרנישט געזאָגט. ער האָט בלויז געקוקט צו מיר, גלײַך אין די אויגן, און אויך איך צו אים, אויפֿן זעלבן אופֿן. דערנאָך האָב איך אים געזאָגט, מיט גרויס דרך-ארץ, אָבער מיט פֿעסטקייט און, אין אַ געוויסער מאָס, באַריכות, אַז איצט, האָבנדיק אָן אייגענע מדינה, האָבן מיר אויפֿגעהערט אויף אייביק צו זײַן דער אָביעקט פֿון „רחמנות" פֿאַר אַנדערע. „דאָס איז באמת אַ היסטאָרישער מאָמענט" — האָט ער געזאָגט, ווי ער וואָלט גוט פֿאַרשטאַנען

מײַן געדאַנק.

דערנאָך האָבן מיר גערעדט וועגן אַנדערע ענינים, וועגן דעם סטאַטוס פון ירושלים און וועגן מיטעלן מיזרח אין אַלגעמיין. עס וועלן זיך פאָדערן ספּע־ציעלע אײַנאָרדענונגען פאַר די הייליקע ערטער און דאָס, האָב איך פאַרשטאַנען פון זײַנע רייד, וועט קענען באַטראַכט ווערן אין דעם „דויערנדיקן דיאַלאָג" צווישן דער קירך און אונדז, וועגן וועלכן ער האָט גערעדט מיט ענטוזיאַזם. ער האָט נישט געזשאַלעוועט קיין שבחים בײַם אויסדריקן זײַן טיפע אָנערקענונג פאַר ישראלס זאָרג פאַר די קריסטלעכע הייליקע ערטער. איך, פון מײַן זײַט, האָב פאַרזיכערט דעם פויפס, אַז מיר וועלן טאָן אַלץ וואָס עס וועט זײַן נייטיק פאַרן אַדמיניסטרירן נישט נאָר די ערטער וואָס זענען הייליק פאַר די קריסטן, נאָר אויך די וואָס זענען הייליק פאַר די מוסולמענער, אָבער ירושלים גופא וועט פאַרבלײַבן די הויפּטשטאָט פון מדינת־ישראל. איך האָב אויך געבעטן דעם פויפס, ער זאָל אויסניצן זײַן השפעה און פרוּוון דערגרייכן אַ לייזונג אין מיטעלן מיזרח און אָנווענדן זײַנע מעגלעכקייטן כּדי צו פאַרזיכערן דעם צוריקקער פון די ישראלדיקע געפאַנגענע וואָס זיצן אין די מיצרישע און סירישע טורמעס זינט דער אויסמאַטערונג־מלחמה און וועלכע די אַראַבער האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו באַפרײַען.

נאָך די ערשטע שווערע פאָר רגעס איז די שטימונג געוואָרן אַ רויִקע און אַ האַרציקע. מיר זענען געזעסן אין דער פריוואַטער ביבליאָטעק פון פויפס, אויפן צווייטן שטאָק אין אַפאָסטאָלישן פאַלאַץ, און געשמועסט אָן שום געשפאַנט־קייט, דערפאַר איז טאַקע שווער געווען צו פאַרשטיין דעם אומאַנגענעמען עפיזאָד, וואָס האָט זיך געשאַפן גלײַך נאָך מײַן וויזיט. פאַראַלעל מיטן געוויינטלעכן קאָמוניקאַט, וועגן וועלכן מיר האָבן לכתחילה געמיינזאַם באַשלאָסן, האָט דער וואָרטזאָגער פונעם פויפס, פראָפעסאָר אַלעסאַנדריני, פאַרעפנטלעכט אין דער פרעסע אַן אומגעוויינטלעכע „מעלדונג בעל־פה". דאָס איז געווען אַ קלאָרער פרוּוו צו באַרויִקן די אַראַבישע לענדער אין שײַכות מיט דעם וואָס קען פאַר־שטאַנען ווערן פון מײַן באַגעגעניש מיטן פויפס. „דאָס איז נישט געווען קיין זשעסט פון אויסנעמלעכקייט אָדער ספּעציעלער באַציִונג" — האָט געמאָלדן פראָפעסאָר אַלעסאַנדריני און צוגעגעבן: „דער פויפס האָט אָנגענומען פרוי מאירס בקשה, ווײַל ער פילט, אַז עס איז זײַן פליכט נישט צו פאַרלירן קיין שום געלעגנהייט אין די באַמיִונגען פאַר שלום, פאַרן פאַרטיידיקן די רעליגיעזע אינטערעסן, באַזונדערס פון די שוואַכע און שוצלאָזע און מער פון אַלץ, פון די פאַלעסטינער פליטים".

**נאַדזשאַר** האָט גלײַך טעלעפאָנירט צום וואַטיקאַן און פראָטעסטירט אין שטרענגע ווערטער קעגן דער פאַרפירערישער מעלדונג. אויך איך האָב נישט געשוויגן. איך האָב זיך נישט אַרײַנגעריסן אין וואַטיקאַן און האָב עס געזאָגט

די זשורנאַליסטן אויף אַ פּרעסע־קאָנפערענץ, וואָס כ׳האָב דעם זעלבן אָוונט גערופן אין דער ישראלדיקער אַמבאַסאַדע אין רוים. נישט געקוקט דערויף צי דער וואַטיקאַן וויל יאָ אָדער נישט פאַרמינערן די וויכטיקייט פון מײַן אוידיענץ בײַ פּאַולוס דעם 6טן — האָב איך געזאָגט — „איז די דאָזיקע אוידיענץ הויך אָפּגעשאַצט געוואָרן פון מיר און מײַן פאָלק... אין דער שטרעבונג צו אַ שלום און גוטן ווילן איבער דער גאַנצער וועלט איז פאַראַן אַ פולשטענדיקע אידענטיטעט צווישן פּויפּס און די ייִדן״.

צו מאָרגנס האָב איך באַקומען פון וואַטיקאַן שיינע מתנות: אַ וווּנדערלעכע זילבערנע שלום־טויב מיט אַן אויפשריפט פון פּויפּס פאַרן פּרעמיער פון ישראל, אַ שיינעם תּנ״ך און — מסתּמא ווי אַ זשעסט גוט צו מאַכן פּראָפעסאָר אַלעסאַנדריניס אומפינקטלעכע „מעלדונג״ — אַ קאַטאַלאָג פון אַלע העברעיִשע פּובליקאַציעס אין דער ביבליאָטעק פון וואַטיקאַן. צוויי מעדאַליאָנען האָט דער פּויפּס אייגנהענטיק געגעבן נאָך אין טאָג פון דער אוידיענץ, מיר און שמחהן און אַפילו מײַן לײַבוועכטער האָט ער מכבד געווען מיט אַ מתּנה. בסך־הכּל איז עס געווען פאַר מיר אַן אינטערעסאַנטע און פילבאַדײַטנדיקע איבערלעבונג און איך האָף, אַז זי האָט אין אַ געוויסער מאָס געשטאַרקט דעם וואַטיקאַנס פאַרשטענדעניש פאַר ישראל, פאַרן ציוניזם און אויך דאָס זעלבסטגעפיל פון אַזעלכע ייִדן ווי איך.

אומקערנדיק זיך אין געדאַנק צום פרילינג און זומער 1973, מוז איך זאָגן, אַז איך טו עס נישט מיט קיין גרויס פאַרגעניגן. ס׳זענען געווען טעג ווען איך בין אַנידערגעפאַלן אויפן בעט צוויי אַ זייגער פאַר טאָג, געלעגן און געטראַכט אַז איך גיי אַראָפּ פון זינען. אין עלטער פון פינף און זיבעציק יאָר זענען מײַנע אַרבעטס־שעהען געווען לענגער ווי ווען עס איז פריִער. כ׳פלעג אַ סך אַרומפאָרן, סײַ אין ישראל, סײַ אין אויסלאַנד, אין אַזאַ מאָס וואָס גיט קיינעם נישט צו קיין געזונט. כאָטש כ׳האָב זיך באַמיט, ווי ווײַט מעגלעך, צו רעדוצירן מײַנע באַגעגענישן און איבערגעבן מער אַרבעט פאַר אַנדערע, איז שוין געווען פאַר מיר צו שפּעט צו ווערן פּלוצעם אַן אַנדערער מענטש. נישט געקוקט אויף אַלע גוטע עצות פון מײַנע נאָענטסטע — די קינדער, קלאַראַ (וואָס פלעגט איצט אָפט קומען פון ברידזשפּאָרט און וווינען מיט מיר עטלעכע וואָכן אַן איבעררײַס), גלילי, שמחה און לו — איז געווען בלויז איין וועג צו זײַן פּרעמיער, אויב דאָס איז באַשערט געווען, דהײַנו צו רעדן מיט מענטשן וועלכע ווילן מיט מיר רעדן און אויסהערן די מענטשן וואָס האָבן מיר עפּעס צו זאָגן.

איך האָב נישט געקענט סתּם קומען צו אַ דערעפענונג פון אַ סימפּאָזיום פון דער „הסתדרות המורים״ (לערער־פאַראיין) למשל, נישט צוגערייט פון פאַרויס, און לייענען מעמאָראַנדומס איז פאַר מיר נישט געווען דער פּאַסיקסטער אופן צוצוגרייטן מײַנע שטוב־לעקציעס. מעמאָראַנדומס האָבן בײַ מיר שטענדיק איבער־

געלאָזט נישט־פאַרענטפערטע פראַגעס און אָפט פלעג זיך שפּעטער אַרויסווייזן, אַז דאָס זענען געווען די גורלדיקסטע פראַגעס. כ׳בין געווען באַזאָרגט וואָס אַ גרויסע צאָל קינדער רייסן איבער זייערע לימודים אין די נייַע עולים־שטעטלעך און כ׳האָב געטראַכט, אַז דער ענין וואָלט געקענט דינען ווי אַ טעמע פאַר אַ רעדע, וואָס די לערערס האָבן מיך געבעטן צו האַלטן. איך האָב אָבער נישט געקענט באַקומען די גענויע צאָל פון די קינדער וואָס הערן אויף צו לערנען אין די שולן. דאָס האָט מיר נישט געקענט געבן דער פאָרזיצער פון דעם לערער־פאַראיין און נישט דאָס בילדונגס־מיניסטעריום. דאָס האָט מיך זייער באַאומרויִקט. ווי אַזוי איז עס מעגלעך, אַז קיין מענטש זאָל עס נישט וויסן? אויב די לערערס אינפאָרמירן וועגן דעם די דירעקטאָרן און זיי זענען מודיע דעם מיניסטעריום, פאַר וואָס איז אוממעגלעך צו באַקומען די ספּעציפישע ציפערן? וואָס מער איך האָב זיך נאָכגעפרעגט, אַלץ בעסער האָב איך פאַרשטאַנען די פּראָבלעם פון די קינדער וואָס פאַלן אַרויס פון די שולן, ווי אַזוי עס ווערט געאַרבעט אין די שולן און אין מיניסטעריום און מער פון אַלץ — דאָס לעבן אין די נייַע שטעט און דעם ניוואָ פון זייער דערציִונג, און ווען כ׳בין געגאַנגען צו יענעם סימפּאָזיום, האָב איך שוין געהאַט וואָס צו זאָגן, מער פראַגעס צו שטעלן און געהאָפט צו באַקומען מער תשובות, וועלכע זאָלן מיר ענדלעך העלפן פאַרצושלאָגן וואָס צו טאָן כדי צו לייזן אַ פּראָבלעם, וואָס איז אַזוי לעבנס־וויכטיק פאַר דער צוקונפט פון ישראל.

איך האָב אויך נישט געהאַט בדעה נישט צוצולאָזן וועמען עס איז צו מיר. ווען כ׳פלעג איינלאַדן ייִדן, וועלכע זענען ערשט געקומען פון ראַטן־פאַרבאַנד, נאָך חדשים און אָפט יאָרן ליידן און רדיפות, און זיי האָבן געוואָלט רעדן מיטן פּרעמיער, און זיי האָבן עס אַוודאי פאַרדינט, האָב איך זיך באַמיט צו פאַרברענגען מיט זיי וואָס לענגער. כ׳פלעג אויך נישט קירצן די זיצונגען מיט פאַרטיי־פירערס, וועלכע פלעגן קומען אין די אָוונטן רעדן מיט מיר איבער לאָקאַלע ענינים. בין איך די פאָרזיצערין פון דער אַרבעט־פאַרטיי אָדער נישט? אויב יאָ, האָב איך נישט בדעה צו זייַן בלויז אַ מאַנעקין. איך האָב אויך נישט געוואָלט באַגרענעצן די צייַט וואָס מיר איז אויסגעקומען צו פאַרברענגען מיט דעלעגאַציעס פון די מיזרח־עדות, סטודענטן, הויז־באַזיצערס אָדער אַנדערע מענטשן וואָס האָבן מיר געוואָלט זאָגן ווי שלעכט (און אַ מאָל אַפילו ווי גוט) איך פיר אָן מיט די מדינה־ענינים. עס זענען אויך געווען כסדרדיקע געסט פון אויסלאַנד, וועלכע האָבן געהאַלטן (מיט רעכט), אַז זיי זענען באַרעכטיקט צו פאַרברענגען מיט מיר אַ האַלבע שעה; געווען צווישן זיי אַמעריקאַנער ייִדן, וועלכע האָבן אין משך פון יאָרן געטרײַ געדינט מדינת־ישראל, מאָראַליש און פינאַנציעל; געווען צווישן זיי עווענטועלע אינוועסטאָרן פון אייראָפּע, אין וועלכע מיר האָבן זיך געניטיקט ווי דאָס לעבן; אַנדערע, געשיקט דורך מענטשן וואָס האָבן מיר

געהאָלפן אין אַמעריקע, אַפריקע אָדער לאַטיין־אַמעריקע.

איך האָב ליב געהאַט צו זען מענטשן און כ׳האָב געהאַלטן, אַז ס׳איז מײַן פליכט אַזוי צו האַנדלען. אָבער וואָס מער מענטשן כ׳פלעג זען אין ביוראָ צי אין דער היים, אַלץ מער פאַפירן און קאָרעספּאָנדענצן פלעג איך דאַרפן דורכ־אַקערן אין די נעכט. כ׳פלעג זיך אַנשטרענגען, ווען כ׳האָב נאָר געקענט, צו קומען אַהיים אויף מיטאָג. עס זענען אָבער געווען אָפיציעלע מיטאָגן און טייל מאָל פלעג איך פשוט אַהיים פאָרן מיט לו אַן ערך צוויי אַ זייגער, גיך אָפעסן און דרײַ אַ זייגער שוין זײַן צוריק אין ביוראָ און ווידער אַנהייבן מיט טעלעפאָנען און זיצונגען. אַז עס פלעגט אַ מאָל צושפּילן דאָס מזל און עס איז קיין זאַך נישט געווען פלאַנירט פאַרן אָוונט, פלעג איך אַוועקגיין פון ביוראָ אַרום זיבן־אַכט, קומען אַהיים, זיך אַרומוואַשן, זיך איבערטאָן און אָפעסן. איך האָב, פאַרשטייט זיך, געהאַט אַ פרוי וואָס האָט מיר געהאָלפן אין שטוב. זי פלעגט גלײַך נאָכן וואַשן די כלים פון מיטאָג אַוועקגיין (צו אַן אָפיציעלן מיטאָג האָבן מיר באַקומען הילף פון דרויסן) אָבער בדרך־כּלל פלעגט זי מיר איבערלאָזן עפּעס צום עסן אין פרידזשידער. ס׳האָט געטראָפן, אַז כ׳פלעג בלײַבן אין שטוב אין די אָוונטן און פון ביוראָ האָט מען מיר געבראַכט בערג מיט קאָרעספּאָנדענצן צו באַהאַנדלען. זייער זעלטן האָב איך זיך געקענט סתּם אַוועקזעצן אין אַ פאָטעל, זען אַן אַלטן פילם אין דער טעלעוויזיע אָדער עפּעס טאָן, ווי למשל, מאַכן אָרדענונג אויף די פאַליצעס, אַ זאַך וואָס פלעגט מיך שטענדיק באַרויִקן.

פון צײַט צו צײַט פלעגן אַרײַנקומען רעגירונג־מיטגלידער צו באַהאַנדלען ספּעציפישע פּראָבלעמען אויף אַ רויִקן, נישט־אָפיציעלן אופן. דאָס זענען נישט געווען קיין פאָרמעלע זיצונגען און מען האָט קיין מאָל אויף זיי נישט אָנגענומען קיין באַשלוסן. כ׳בין אָבער איבערצײַגט, אַז זיי האָבן מיר געהאָלפן בעסער צו מאַכן דעם גאַנג פון דער רעגירונגס־אַרבעט, וואָרעם מיר האָבן געקענט שמועסן איבער ענינים בײַ אַ גלאָז קאַווע אָדער עפּעס צובײַסן בײַ מײַן טיש, אין קיך. יעדע צוויי־דרײַ וואָכן פלעגט קומען פּנחס ספּיר ז״ל, מײַן פינאַנץ־מיניסטער (דערנאָך פאָרזיצער פון דער ייִדישער אַגענץ), כּדי ווי געהעריק צו פאַרטיפן זיך אין פּראָבלעמען וואָס ער האָט געוואָלט איך זאָל זיי ברענגען פאַר דער רעגירונג. ספּיר איז געווען אַ מענטש מיט אַן אויסערגעוויינטלעכן אַרבעטס־כּוח און אַן אומפאַרגלײַכלעכער געלטזאַמלער פאַר ישראל. ווען ספּיר פלעגט טרעפן אַ ייִדן אין אויסלאַנד, האָט ער אים געפרעגט: „וויפל געלט האָסטו?״ און דאָס שיינע דערבײַ איז, אַז יענער פלעגט עס אים זאָגן! איינע פון זײַנע גרעסטע זאָרגן איז געווען צו פאַרבעסערן דאָס לעבן, באַזונדערס דעם חינוך אין די נײַע עולים־שטעט. ער האָט דערצו בײַגעשטײַערט אַ סך מער ווי מענטשן ווייסן עס און ווי מען שטעלט זיך פאָר. מיר האָבן זייער גוט צוזאַמענגעאַרבעט, כאָטש אין געוויסע פּאָליטישע ענינים זענען מיר געווען ווײַט איינער פון אַנדערן,

ווי הימל און ערד. איך האָב זיך נישט געקענט פֿאָרשטעלן צו זײַן פּרעמיער פֿון אַ רעגירונג, אין וועלכער ער זאָל נישט זײַן קיין מיטגליד. נאָך אַ וויכטיקער מיטגליד אין מײַן רעגירונג איז געווען ישראל גלילי, אַ מיניסטער אָן אַ פּאָרט־פֿעל, אויף וועמענס עצה איך האָב זיך זייער אַ סך געשטיצט. גלילי איז נישט נאָר אַ חכם און אַן אויסערגעוויינטלעך באַשיידענער מענטש, נאָר ער האָט אויך אַ גאָר ספּעציעלן טאַלאַנט אַרײַנצודרינגען אין סאַמע תּוך פֿון קאָמפּליצירטע ענינים און פֿאָרמולירן זאַכן אויפֿן קלאָרסטן אופֿן. איך מיין, אַז כ׳וועל מסתּמא נאָך אַ לאַנגע צײַט זיך נוהג זײַן צו פֿרעגן גלילין אַ מיינונג אין וויכטיקע ענינים.

בכלל בין איך געווען זייער מזלדיק וואָס שייך גוטע מענטשן אַרום זיך: דער גענעראַל־דירעקטאָר פֿון מײַן מיניסטעריום, יעקב הערצאָג ז״ל, איז, פֿון אינטעלעקטועלן שטאַנדפּונקט, געווען איינער פֿון די פּעיִקסטע מענטשן וואָס איך האָב געקענט. קיינער וואָלט זיך נישט געוווּנטשן מער איבערגעגעבענע מיטאַרבעטערס ווי מרדכי גזית, ישראל ליאור, אלי מזרחי און, פֿאַרשטייט זיך, שמחה דיניץ און לו קדר.

איך האָב געהאַט גרויס פֿאַרגעניגן, אין 1973, ווען שרה האָט באַשלאָסן צו נעמען אַ יאָר אורלויב פֿון קיבוץ און לערנען ענגלישע ליטעראַטור אין העברעיִשן אוניווערסיטעט. דאָס האָט באַדײַט, אַז כ׳וועל נישט דאַרפֿן זײַן אַליין אין די נעכט, אָבער „די שטראָף״ דערבײַ איז געווען וואָס מיר זענען געזעסן לאַנגע שעהען און געשמועסט, באַזונדערס צי כ׳זאָל ווײַטער קאַנדידירן בראש פֿון דער פּאַרטיי־ליסטע צו די וואַלן (אויף וויפֿל מ׳קען נאָך זײַן אַ „קאַנדידאַט״ אין עלטער פֿון פֿינף און זיבעציק יאָר!). די וואַלן האָבן געדאַרפֿט פֿאָרקומען אין האַרבסט 1973. איך האָב אַ סך געטראַכט וועגן דעמיסיאָנירן אָבער ווו איך האָב זיך געוואָנדן, האָב איך געהערט די זעלבע אַרגומענטן ווי אין 1969: די פּראָבלעם פֿון מײַן כּלומרשטע ירושה, איז נישט געווען ווייניקער אַקוט ווי די פּראָבלעם פֿון אשכּולס ירושה; די דרײַ עלעמענטן, פֿון וועלכע עס איז באַשטאַנען די אַרבעט־פּאַרטיי, זענען נאָך אַלץ נישט געווען קיין גרינגע שותּפים; די מיליטערישע לאַגע — כאָטש זינט דער אויסמאַטערונג־מלחמה איז געווען שטיל — האָט געקענט ווערן ערגער יעדע רגע; מײַנע באַציִונגען מיטן פּרעזידענט ניקסאָן זענען געווען גאָר נאָענטע און ס׳איז שווער געווען זיך פֿאָרצושטעלן, אַז אַן אַנדערער וועט קענען אַזוי גיך דערגרייכן אַזעלכע וכדומה, וכדומה. כ׳האָב פֿײַנט געהאַט זײַן די טעמע פֿון ספּעקולאַציעס אָן אַ סוף: וועט זי יאָ אָדער וועט זי נישט מסכּים זײַן? אָבער כ׳האָב באמת נישט געקענט צו נישט מאַכן קיין איינעם פֿון די דאָזיקע אַרגומענטן, מיט באמת ממשותדיקע אַרגומענטן פֿון מײַן זײַט סײַדן מיטן פֿאַקט, וואָס איך האָב געפֿילט. אַז איך דאַרף זיך צוריק־ציִען, אַז כ׳בין זיך דאָס באמת שולדיק. אין משך פֿון פֿרילינג האָבן זיך געצויגן די שמועסן מיט מײַנע חברים אין דער פּאַרטיי און די פּרעסע האָט זיי גיריק

נאָכגעפֿאָלגט, עלעהיי ישׂראל וואָלט נישט געהאַט קיין אַנדערע דאגות. סוף־כּל־סוף האָב איך געזאָגט: „זאָל זײַן. ס'האָט קיין זינען נישט לענגער צו שלעפּן דעם באַשלוס און ס'זענען פֿאַראַן אויך אַנדערע פּראָבלעמען, איבער וועלכע מען דאַרף טראַכטן". שפּעטער האָב איך אָפּט געטראַכט מיט ביטערקייט, אַז ווען כ'וואָלט זיך אַפֿילו אָפּגעזאָגט צו קאַנדידירן בראש פֿון דער פּאַרטיי־ליסטע צו די וואַלן, וואָלט איך נאָך אַלץ געווען פּרעמיער אין אָקטאָבער 1973, ווײַל די וואַלן האָבן ערשט געדאַרפֿט פֿאָרקומען אין נאָוועמבער.

אין מערץ בין איך ווידער געווען אין וואַשינגטאָן. אַ קורצע צייט פֿריער איז פֿאָרגעקומען אַן אומגליקלעכער פֿאַל, וואָס איז עלול געווען צו וואַרפֿן אַ שאָטן אויף מײַן וויזיט. דער ישׂראלדיקער לופֿטפֿלאָט האָט אַראָפּגעשאָסן אַ לובישן „באָאינג 727", וועלכער איז דורך אַ טעות אַרײַנגעדרונגען אין די הימלען פֿון האַלבאינדזל סיני און 106 מענטשן זענען אומגעקומען. דאָס איז געווען איינע פֿון די טראַגעדיעס, וואָס איז אוממעגלעך אויסצומײַדן, ווען אַ פֿאָלק מוז טאָג און נאַכט שטיין אויף דער וואַך קעגן טעראָר. מיר האָבן באַקומען אַ וואָרענונג, אַז מען גרייט קעגן אונדז אַ זעלבסטמערדערישן אַנגריף ערגעץ־ווו אין ישׂראל, און אַז דאָס וועלן פּרוּוון דורכפֿירן טעראָריסטן דורך אַראָפּלאָזן אַן עראָפּלאַן אָנגעלאָדן מיט אויפֿרײַס־מאַטעריאַל. פֿאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן נישט געהאַט קיין חשק צו ריזיקירן, כאָטש מיר וואָלטן עס יאָ געטאָן, ווען מיר וואָלטן געהאַט די מינדסטע אַנונג, אַז עס זענען פֿאַראַן פּאַסאַזשירן אין עראָפּלאַן. דער פּילאָט האָט אָבער נישט אין אַכט גענומען אונדזערע פּרוּוון אים צו אידענטיפֿיצירן, ווי דאָס איז שפּעטער באַוויזן געוואָרן בײַם געפֿינען די „שוואַרצע פּושקע". סײַ פּרעזידענט ניקסאָן, סײַ דער קאָמיטעט פֿאַר אויסערלעכע ענינים פֿונעם קאָנגרעס האָבן אויסגעהערט, מיט סימפּאַטיע, מײַן אויפֿקלערונג פֿאַר וואָס און ווי אַזוי דאָס איז געשען. אין די נײַנציק מינוט וואָס איך האָב פֿאַרבראַכט מיטן פּרעזידענט, האָט ער מיר ווידער וואָרעם פֿאַרזיכערט, אַז אַמעריקע וועט ממשיך זײַן איר הילף פֿאַר ישׂראל און וועט שטיצן אונדזער פֿאָדערונג אויף פֿאַרהאַנדלונגען מיט אונדזערע שכנים. אָבער נישט קלענער איז געווען מײַן אינטערעס אויפֿצוקלערן אונדזער שטעלונג פֿאַר די פֿעלקער אין אייראָפּע און ווען דער פּרעזידענט פֿון אייראָפּעיִשן ראַט האָט מיך אײַנגעלאַדן אָנטיילצונעמען אין דער זיצונג פֿון קאָנסולטאַטיוון ראַט אין סטראַסבורג, האָב איך געענטפֿערט, אַז כ'וועל מיט צופֿרידנקייט קומען. אָבער דאָס מאָל האָב איך נישט געטראַכט צו זײַן אין פּאַריז און געבעטן אונדזער אַמבאַסאַדאָר, ער זאָל צו וויסן טאָן דעם פֿראַנצויזישן אויסערן־מיניסטעריום וועגן מײַן באַזוך אין פֿראַנקרײַך און אויסמײַדן דעם מיני־סטער רושם, סײַ דירעקט, סײַ אומדירעקט, אַז כ'וויל מען זאָל מיך אײַנלאַדן אין פּאַריז. איך בין דעריבער געפֿאָרן דירעקט קיין סטראַסבורג.

ממש פֿאַר מײַן פֿאַרלאָזן ישׂראל האָב איך באַקומען אויפֿטרייסלענדיקע ידיעות.

אַראַבישע טעראָריסטן האָבן באַװיזן „איבערצוצײַגן“ די עסטרײַכישע רעגירונג צו פֿאַרמאַכן דעם טראַנזיט־לאַגער פֿון דער ייִדישער אַגענץ אין דער שענאַו־פֿעסטונג, לעבן װין, װאָס האָט אין משך פֿון עטלעכע יאָר געדינט װי אַ בױט־װענדיקע סטאַנציע פֿאַר די סאָװעטישע ייִדן אױף זײער װעג קײן ישׂראל. אײדער איך װעל דערצײלן פּרטים װעגן דעם דאָזיקן אונטערגעבן זיך דעם שאַנטאַזש און װאָס איך האָב געפֿרוּװט טאָן אין דער דאָזיקער פֿראַגע, װעל איך עפּעס זאָגן װעגן דער פֿונקציע װאָס שענאַו האָט דערפֿילט. װי ס'איז איצט מן־הסתּם באַקאַנט פֿאַרן רוב מענטשן, האָבן די מוטיקע רוסישע ייִדן, װעלכע האָבן ריזי־קירט צו בעטן אַן אַרויספֿאַר־דערלױבעניש כּדי עולה צו זײַן קײן ישׂראל, געמוזט װאַרטן לאַנגע יאָרן ביז זײ האָבן זי באַקומען. און װען זײ האָבן זי שױן באַקומען, איז געװוען דער באַדינג גלײַך צו פֿאַרלאָזן דעם ראַטן־פֿאַרבאַנד, אין אַ װאָך אָדער שפּעטסטנס צען טעג נאָכן באַקומען די דערלױבעניש. עס זענען, פֿאַר־שטײט זיך, געװוען אױסנאַמען. געװוען אַפֿילו פֿאַלן, װען מען האָט געזאָגט די ייִדן, אַז אױב זײ װילן פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד, מוזן זײ עס טאָן אין געצײלטע שעהען, אָבער לרוב האָט מען די עמיגראַנטן געגעבן אַ פּאָר טעג צו דערלײדיקן זײערע פּערזענלעכע ענינים: אײַנפּאַקן די זאַכן, װעלכע מען דערלױבט זײ מיטצונעמען קײן ישׂראל, דורכפֿירן זײ אין צאָלאַמט און אָפּשיקן, אַרגאַניזירן די נסיעה, אָפּזאָגן זיך פֿון דער סאָװעטישער בירגערשאַפֿט און דורכגײן אַ גאַנצע רײ אַנדערע פֿאָרמאַליטעטן, און בײַ אַלעם געפֿינען צײַט צו געזעגענען זיך מיט מענטשן, װעלכע זײ װעלן מסתּמא מער נישט זען אין זײער לעבן. נישט אַזױ פֿאַרלאָזן בדרך כּלל עמיגראַנטן זײערע לענדער; דאָס איז נישט מענטש־לעך און נישט אָרנטלעך. אָבער דאָס איז דער אײנציקער װעג, אױף װעלכן ייִדן קענען פֿאַרלאָזן דעם ראַטן־פֿאַרבאַנד, װי זײ װאָלטן געװוען פֿאַרברעכערס װאָס מען טרײַבט אַרױס.

די ערשטע סטאַנציע פֿאַר די צוגן װאָס פֿירן זײ אַרױס מעבדות לחרות, בדרך־כּלל דורך פּראָג, איז אַ קלײנער פֿאַרבינדונגס־פּונקט אױף דער גרענעץ צװישן טשעכאָסלאָװאַקיע און עסטרײַך, װוּ די עסטרײַכישע באַאַמטע גיבן אַרױס, גלײַך אױפֿן אָרט, די נײטיקע טראַנזיט־װיזעס, װאָס דערמעגלעכן די עולים אַרײַנצוקומען אין דער פֿרײַער װעלט. די מענטשן פֿון דער ייִדישער אַגענץ, װעלכע זענען זײ מקבל־פּנים, נעמען אױף די צאָל און די נעמען פֿון די אַרײַנ־געקומענע ייִדן מיט יעדער באַן. פֿון דער גרענעץ פֿאָרט אָפּ די באַן — אין װעל־כער ס'איז פֿאַראַן אַ ספּעציעלע אָפּטײלונג פֿאַר די ייִדישע עולים — קײן װין, װוּ עס שטײען גרײט אױטאָבוסן אָפּצופֿירן די עולים אין טראַנזיט־לאַגער שענאַו, אַ גרױסער װײַס־געקאַלכטער שלאָס, װאָס די ייִדישע אַגענץ האָט געדונגען בײַ אַן עסטרײַכישער גרעפֿין. דאָס איז געװוען מער װי סתּם אַן אָרט װוּ עולים רוען זיך אָפּ און באַנעמען, אַז ענדלעך געפֿינען זײ זיך אױף זײער װעג קײן מדינת־

ישראל. דאָרט האָבן די איבערגעשראָקענע און אויסגעשעפּטע עולים באַקומען אינפאָרמאַציעס וועגן ישראל און מען האָט זיי געקענט קלאַסיפיצירן לויט זייערע פּראָפעסיעס און זיי צוגרייטן, ווען אַפילו אין אַ באַגרענעצטער מאָס, צום נײַעם לעבנס־שטייגער וואָס דערוואַרט זיי אין נײַעם לאַנד.

לאַנג האָט קיינער נישט פאַרבראַכט אין שענאַו. די דורכשניטלעכע עולים־משפּחה פלעגט זיך דאָרט פאַרהאַלטן צוויי־דריי טעג, ביז מען האָט זיי אָוועקגעפירט מיט אַן אויטאָבוס צום פליפלאַץ און „אל־על״־עראָפּלאַנען פלעגן זיי ברענגען צו אונדז מידע אָבער ענטוזיאַסטישע. איך האָב מיט אַ יאָר פריער באַזוכט שענאַו און מיט מײַנע אייגענע אויגן געזען דעם גײַסטיקן און פיזישן צושטאַנד פון די מענטשן, וועלכע זענען געקומען פון ראַטן־פאַרבאַנד און כ׳האָב פאַרשטאַנען ווי וויכטיק עס איז אָט דער טויער פון פרײַהייט. איך האָב אויך געוווּסט, אַז דער איינציקער וועג פאַר די ייִדן וואָס פאַרלאָזן רוסלאַנד פירט דורך עסטרײַך און פאַר די מיליאָנען רוסישע ייִדן איז שענאַו געווען דער סימבאָל פון פרײַהייט און האָפענונג.

אָט דאָס אַלץ האָבן אָבער געוווּסט אויך די טעראָריסטן און סוף סעפּטעמבער 1973 האָבן זיך אין דער באַן אַרײַנגעריסן צוויי באַוואָפנטע מיטגלידער זייערע, אין מאָמענט ווען דער צוג איז אַרײַן אין עסטרײַך. זיי האָבן פאַרכאַפּט זיבן רוסישע ייִדן (צווישן זיי אַ זקן פון 71 יאָר, אַ קראַנקע פרוי און אַ קינד פון דרײַ יאָר) און מיט חוצפּה געמאָלדן דער עסטרײַכישער רעגירונג, אַז אויב זי וועט גלײַך נישט מאַכן אַ סוף צו דער הילף וואָס זי גיט די רוסישע עולים, און שענאַו וועט נישט געשלאָסן ווערן, וועלן זיי נישט נאָר דערהרגענען די זיבן מענטשן נייערט אויך דורכפירן אַ שטראָף־אַקציע קעגן עסטרײַך. צו אונדזער גרויסער איבערראַשונג האָט די עסטרײַכישע רעגירונג, אונטער דער אָנפירונג פון ברונאָ קרײַסקי, זיך תיכף אונטערגעגעבן. די טעראָריסטן האָט מען באַלד געלאָזט אַנטלויפן קיין ליביע און די גאַנצע אַראַבישע פּרעסע האָט געיובלט מחמת דעם „געלונגענעם קלאַפּ, וואָס זייער „קאָמאַנדאָ״ האָט געגעבן דער באַוועגונג פון די רוסישע ייִדן עולה צו זײַן קיין ישראל״.

איך האָב גוט געקענט קרײַסקין זינט אַ לענגערער צײַט. ער איז עטלעכע יאָר געווען עסטרײַכישער אויסערן־מיניסטער און מיר פלעגן זיך באַגעגענען אין דער אונאָ. ער איז אויך געווען אַ סאָציאַליסט און כ׳האָב אים טאָקע צום לעצטן מאָל געזען אויפן צוזאַמענטרעף פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס איז פאָרגעקומען אין ווין מיט צוויי יאָר פריִער. כ׳געדענק, אַז איך האָב אים אַ מאָל אײַנגעלאַדן צו קומען קיין ישראל, און ער האָט אָנגעהויבן צו שטאַמלען און אויסגעזען אין גאַנצן פאַרלוירן. „איך ווייס גענוי וואָס איר ווילט זאָגן״ — האָב איך זיך אָנגערופן — „איר ווילט זאָגן, אַז אויב באַזוכן ישראל, וועט איר פריִער דאַרפן פאָרן קיין מצרים און אין אַנדערע אַראַבישע לענדער.

אויב אַזוי, איז ביטע זייער. עס אַרט אונדז בכלל נישט וווּהין איר פֿאָרט פֿריער, אָבער קומט אויך צו אונדז". כ'האָב באַמערקט, אַז ס'איז אים לײַכטער געוואָרן, ווײַל כ'האָב אים אײַנגעשפּאָרט צו זאָגן דאָס וואָס איז אים געווען אויף דער צונג. „יאָ, כ'וועל קומען" — האָט ער געענטפֿערט — און ער איז טאַקע געקומען. קרײַסקי האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין אינטערעס פֿאַר ישׂראל ווי אַ ייִד, הגם אין 1974 האָט ער אונדז געדאַרפֿט באַזוכן בראש פֿון אַ דעלעגאַציע סאָציאַליס־טישע פֿירערס אין אייראָפּע. עס זענען געווען אין עסטרײַך אַ סך סאָציאַליסטן, ייִדן און נישט־ייִדן, מיט וועלכע מיר זענען געווען אין ענגערע באַציִונגען, אָבער איך האָב געוואָלט רעדן מיט קרײַסקין אַליין און אים אויפֿקלערן וואָס עס מיינט פֿאַרמאַכן שענאַו, די באַדײַטונג נישט בלויז פֿאַר עסטרײַך, נאָר אויך פֿאַר די רוסישע ייִדן. כ'האָב געבעטן אונדזער אַמבאַסאַדאָר אין ווין, ער זאָל פֿרעגן קרײַסקין, צי ער איז גרייט מיך אויפֿצונעמען אויף מײַן וועג קיין סטראַסבורג.

כ'וויל זיין ערלעך און זאָגן, אַז כאָטש איך גלויב, אַז ס'איז בכלל נישט פֿאַראַן קיין גענוגנדיקער תּירוץ זיך אונטערצוגעבן דעם טעראָר, איז אין דעם עסטרײַכישן באַשלוס געווען אַ געוויסע לאָגיק. ערשטנס, איז שענאַו געוואָרן צופֿיל באַקאַנט, כאָטש מיר האָבן אַלץ געטאָן אַז וואָס ווייניקער באַזוכערס זאָלן קומען אַהין און די צײַטונגען זאָלן וואָס ווייניקער שרײַבן וועגן דעם, ווײַל די גאַנצע צײַט זענען געווען קלאַנגען, אַז די טעראָריסטן וועלן אַנגרײַפֿן דאָס אָרט. די עסטרײַכישע זיכערקייטס־אײַנריכטונגען זענען באמת געווען זייער גוטע. מען פֿלעג אָפּוואַרטן די צוגן און באַוואַכן די עולים ביז זייער אָנקומען קיין שענאַו און דער שלאָס גופֿא איז געווען גוט באַוואַכט. אין דעם זענען די עסטרײַכער געווען זייער בײַהילפֿיק און עפֿעקטיוו. אָבער אויב מען וועט פֿאַר־מאַכן שענאַו, וועט מען דאָך אויך קענען באַדראָען יעדן אַנדערן פּלאַץ, וואָס וועט געשטעלט ווערן צו אונדזער דיספּאָזיציע. כ'האָב געטראַכט, אַז אויב איך וועל דאָס אַלץ קענען באַהאַנדלען מיט קרײַסקין, וועל איך אפֿשר ווירקן אויף אים, ער זאָל בײַטן זײַן מיינונג. זייער אַנגעשטרענגט האָב איך געוואַרט אויף אַן ענטפֿער און ווען ער איז געקומען, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קרײַסקי קען מיך נישט אויפֿנעמען אויף מײַן וועג קיין סטראַסבורג, אָבער וועט מיך אויפֿ־נעמען אויף מײַן צוריקוועגס.

איך האָב געהאַט צוגעגרייט אַ רעדע פֿאַר דער זיצונג פֿון אייראָפּעיִשן ראַט. אין מײַן רעדע האָב איך געדאַנקט דעם ראַט און געוויסע פּאַרלאַמענטן און פּאַרטייען אין אייראָפּע, וועלכע האָבן געלאָזט הערן זייער קול, פֿאָדערנדיק אַ פֿרײַען אַרויספֿאָר פֿאַר די סאָוועטישע ייִדן. כ'האָב אויך באַרירט פֿאַרשיידענע אַנדערע טעמעס, צווישן זיי אויך גערעדט וועגן די אויסזיכטן, ווי מיר האָבן זיי געזען, פֿאַר אַן אַראַביש־ייִדישער קאָעקסיסטענץ. כ'האָב געענדיקט מײַן רעדע מיט אַן אַפּעל צום ראַט, ער זאָל העלפֿן דעם מיטעלן מיזרח „נאָכטאָן דעם מאָדעל

וואָס זיי האָבן געשאַפן פאַר זיך". מײַנע לעצטע ווערטער האָבן געדאַרפט איבער־חזרן דאָס וואָס דער גרויסער אייראָפּעיִשער מלוכה־מאַן זשאַן מאָנע האָט אַ מאָל געזאָגט: „דער שלום הענגט נישט אָפּ בלויז פון אָפּמאַכן אָדער צוזאָגן. ער איז בעיקר אָפּהענגיק פון שאַפן באַדינגונגען, וואָס אויב אַפילו זיי בײַטן נישט די נאַטור פון די מענטשן, זענען זיי לפּחות גורם, אַז דאָס התנהגות פון איינעם צום אַנדערן זאָל פירן אין דער ריכטונג פון שלום". מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די ווערטער וועלן בעסער ווי מײַנע אייגענע רייד רעזומירן דאָס וואָס מדינת־ישראל וויל באמת פון די אַראַבער און פון די אַנדערע לענדער אויף דער וועלט.

אָנגעקומען קיין סטראַסבורג, האָב איך געפילט אַז עס וועט זײַן אַ נאַריש־קייט פון מײַן זײַט צו האַלטן אַזאַ רעדע. איצט זענען פאַראַן אַנדערע ענינים, אַ סך דרינגענדיקערע, צו זאָגן דעם אייראָפּעיִשן ראַט.

„איך האָב געהאַט אָנגעשריבן אַ רעדע" — האָב איך אָנגעהויבן — „און כ׳מיין, אַז זי געפינט זיך פאַר אייך. אָבער אין לעצטן מאָמענט האָב איך באַ־שלאָסן נישט אָװעקצולייגן, צווישן אײַך און מיר, דאָס פּאַפּיר, אויף וועלכן די רעדע איז געשריבן, בפרט אין שײַכות מיט דעם וואָס האָט זיך געטראָפן אין די לעצטע צוויי טעג". איך האָב ווײַטער גערעדט וועגן עסטרײַכישן באַשלוס:

„נאָך זייערע דורכפאַלן אין ישראל גופא, האָבן די אַראַבישע טעראָר־אָרגאַ־ניזאַציעס, געשטיצט דורך די אַראַבישע רעגירונגען, איבערגעפירט זייער אַקטיוויטעט קיין אייראָפּע... איך פאַרשטיי גוט די געפילן פון אַ פּרעמיער און פון אַנדערע רעגירונגס־מיטגלידער אין אַ געוויסן לאַנד, וואָס זאָגן: „מיר האָבן נישט קיין שײַכות צו דעם דאָזיקן קאָנפליקט. פאַר וואָס האָבן זיי אויסגעקליבן אונדזער טעריטאָריע פאַר די דאָזיקע מעשׂים?" איך פאַרשטיי אויך, אַז אַזאַ רעגירונג קען דערגייען צום אויספיר, אַז דער איינציקער וועג זיך צו באַפרײַען פון אַזאַ קאָפּווייטיק איז צו שטעלן איר לאַנד מחוץ דעם תּחום, סײַ פאַר ייִדן (און דאָן אַוודאי פאַר ישראלים), סײַ פאַר טעראָריסטן. דאָס דאַרף יעדע רעגירונג אויסקלײַבן אין די איצ־טיקע טעג... אָבער עס טאָרן נישט פאָרקומען קיין שום פאַרהאַנדלונגען מיט טעראָריסטן. דאָס וואָס איז געשען אין ווין מיינט, צום ערשטן מאָל, אַז אַ רעגירונג איז געקומען צו אַ פאַרשטענדעניש, צו אַן אָפּמאַך מיט טעראָריסטן. דער פונדאַמענטאַלער פּרינציפּ פון פרײַער באַוועגונג פאַר מענטשן איז געשטעלט געוואָרן אונטער אַ פראַגעצייכן, בכל־אופן לגבי ייִדן, און דאָס אַליין איז אַ גרויסער נצחון פאַרן טעראָר און פאַר די טעראָריסטן.

גלייבט מיר, מיר זענען זייער דאַנקבאַר דער עסטרײַכישער רעגירונג פאַר אַלץ וואָס זי האָט געטאָן פאַר די צענדליקער טויזנטער ייִדן וואָס זענען

אַדורך עסטרײַך, קומענדיק פֿון פּױלן, רומעניע און ראַטן־פֿאַרבאַנד. אָבער אויב זי האָט באַשלאָסן, אַז אַנשטאָט צו ליקווידירן דעם טעראָר, לויגט זיך בעסער צו באַפֿרײַען די טעראָריסטן און נאָכגעבן זיי אַלץ וואָס זיי פֿאָדערן, שטעלט זיך דאָך די פֿראַגע, צי עס וועט זיך געפֿינען אַ לאַנד, וואָס וועט דערלויבן ייִדן דעם טראַנזיט איבער זײַן טעריטאָריע".

צוויי טעג בין איך פֿאַרבליבן אין סטראַסבורג און אָנטייל גענומען אין די אומפֿאַרמײַדלעכע מיטאָגן און אָוונט־מאָלצײַטן. אָבער די גאַנצע צײַט זענען מײַנע געדאַנקען געווען פֿאַרנומען מיט שענאַו, און, קומענדיק קיין ווין, בין איך גלײַך אַוועק צו קרײַסקין. דער פּרעמיער האָט פֿאַר מיר אויסגערעכנט אַלע מאַטיוון, וועלכע האָבן באַוויגן זײַן רעגירונג זיך אונטערצוגעבן די אַראַבער. ער האָט געפֿרעגט, פֿאַר וואָס זאָל עסטרײַך זײַן דאָס אײנציקע לאַנד מיט אַ פּראָבלעם פֿון רוסישע ייִדן. פֿאַר וואָס נישט האָלאַנד? האָלאַנד קען דאָך אויך זײַן אַ דורכגאַנג־טעריטאָריע פֿאַר עולים. איך האָב אים געענטפֿערט אַז די האָלענדער וועלן זיכער זײַן גרייט צו טיילן זיך מיט אים בײַם טראָגן די דאָזיקע לאַסט. אָבער דאָס איז נישט אָפּהענגיק פֿון די האָלענדער, נאָר פֿון די רוסן און זיי האָבן מסכּים געווען, אַז ייִדן זאָלן פֿאָרן דורך עסטרײַך. דערנאָך האָט קרײַסקי געזאָגט אַזעלכעס, וואָס איך האָב בשום־אופֿן נישט געקענט אָננעמען: „איר און איך געהערן צו צוויי באַזונדערע וועלטן". בײַ געוויינטלעכע אומשטאַנדן וואָלט איך נאָך אַזעלכע רייד מער נישט געהאַט וואָס צו זאָגן. אָבער איך בין נישט געקומען וועגן מײַנס אַ פּערזענלעכן ענין און כ'האָב געמוזט ווײַטער פֿירן דעם שמועס.

קרײַסקי האָט זיך נישט גערירט פֿון זײַן שטעלונג לגבי פֿאַרמאַכן שענאַו. „איך וועל קיין מאָל נישט זײַן פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר בלוט־פֿאַרגיסן אויף עסטרײַכישן באָדן" — האָט ער געהאַלטן אין איין איבערחזרן — „מען דאַרף עס אַנדערש אײַנאָרדענען". „אָבער אויב איר וועט פֿאַרמאַכן שענאַו" — האָב איך געטענהט — „וועט איר געבן די רוסן אַן אויסגעצייכנטן תּירוץ נישט אַרויסצולאָזן די ייִדן, וואָרעם זיי וועלן זיכער זאָגן, אַז אויב עס איז נישט פֿאַראַן קיין דורכפֿאַר, איז אוממעגלעך אַרויסצולאָזן די עולים פֿון רוסלאַנד". „דאָס איז דער מצבֿ" — האָט קרײַסקי זיך אָנגערופֿן — „איך קען גאַרנישט טאָן אין דאָזיקן ענין. זאָלן אײַערע מענטשן איבערנעמען די ייִדן תּיכּף ווי זיי קומען אָן מיט די באַנען". „דאָס איז אוממעגלעך" — האָב איך געזאָגט — „ווײַל מיר ווייסן קיין מאָל נישט וויפֿל ייִדן עס געפֿינען זיך אין יעדן צוג, און כ'מיין, אַז ס'איז אַ סכּנה צו האַלטן צענדליקער מענטשן אויפֿן פּליפּלאַץ, וואַרטנדיק אויף אַן עראָפּלאַן פֿון „על־על" וואָס זאָל זיי פֿירן קיין ישׂראל". כ'האָב אָבער געזען, אַז עס וועט גאַרנישט העלפֿן. קרײַסקי האָט בעיקר געוואָלט אויסמײַדן ווײַטערדיקע צרות מיט די אַראַבער. כ'האָב אים געדאַנקט פֿאַר זײַן אויפֿנעמען מיך און

בין אָוועק.

מען האָט געהאַט צוגעגרייט אַ פּרעסע־קאָנפערענץ, אויף וועלכער קרײַסקי און איך האָבן געדאַרפט ענטפערן אויף פראַגעס, אָבער ווען זענען מיר צוגעקומען צום צימער, ווו עס האָבן אויף אונדז געוואַרט די זשורנאַליסטן און קרײַסקי האָט געהאַלטן אָפן די טיר, האָב איך אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין. כ'האָב געזאָגט: „איך האָב גאָרנישט וואָס צו זאָגן דער פּרעסע. איך וויל נישט אַרײַנגיין". ביז הײַנט ווייס איך נישט, צי קרײַסקי האָט אַליין גערעדט מיט די זשורנאַליסטן אָדער אָפּגערופן די קאָנפערענץ. איך ווייס נאָר, אַז כ'האָב געהאַט אַ געפיל ווי מײַן מויל וואָלט געווען פול מיט אַש. געהערן מיר צו באַזונדערע וועלטן? קרײַסקיס רייד האָבן געקלונגען אין מײַנע אויערן און געעקבערט אין מוח. פאַרשטייט זיך, אַז כ'האָב נישט געהאַט קיין אַנונג וואָס עס וואַרט אויף מיר אין ישראל.

קאַפּיטל פערצן

# די יום־כּיפּור־מלחמה

פון אַלע געשעענישן וואָס איך האָב באַרירט אין דאָזיקן בוך, איז מיר וועגן קיין איינעם נישט אַזוי שווער צו שרײַבן ווי וועגן דער מלחמה פון אָקטאָבער 1973, דער יום־כּיפּור־מלחמה. אָבער די מלחמה איז פאָרגעקומען און זי געהערט דעריבער דאָ נישט ווי אַ מיליטערישער דין־וחשבון, ווייל דאָס לאָז איך איבער פאַר אַנדערע, נאָר ווי אַ געשעעניש, וואָס איז געווען נאָענט צו חורבן; אַ קאַשמאַר וואָס איך אַליין האָב דורכגעלעבט און ער וועט מיט מיר שטענדיק פאַרבלײַבן. אין אַ צייט ווען די מדינה איז געשטעלט געוואָרן אין דער גרעסטער סכּנה פון איר געשיכטע, האָב איך פאַרנומען אַ פּאָסטן פון דער העכסטער פאַראַנט־וואָרטלעכקייט. אפילו ווי אַ פּערזענלעכע געשיכטע, איז נאָך אַלץ פאַראַן אַ סך וואָס מען קען נישט דערציילן, און דאָס וואָס איך שרײַב איצט, איז ווײַט נישט אויסשעפּנדיק. אָבער דאָס איז דער אמת, ווי איך האָב אים געפילט און פאַרשטאַנען אין דער צײַט פון דער מלחמה, דער פינפטער, וואָס איז אַרויפגע־צוווּנגען געוואָרן אויף ישראל אין משך פון די 27 יאָר זינט איר אויפקום.

ס׳זענען פאַראַן צוויי זאַכן, וואָס איך וויל גלייך באַמערקן. די ערשטע, אַז מיר האָבן געוווּנען די יום־כּיפּור־מלחמה און איך בין איבערצײַגט, אַז טיף אין האַרצן ווייסן די פּאָליטישע און מיליטערישע פירערס, סײַ אין סיריע, סײַ אין מצרים, אַז זיי זענען ווידער באַזיגט געוואָרן, נישט געקוקט אויף זייערע ערשטע דערגרייכונגען. די צווייטע זאַך איז, אַז די וועלט בכלל און ישראלס שונאים בפרט דאַרפן וויסן, אַז די באַדינגונגען, וועלכע האָבן געבראַכט צום אומקום פון איבער 2.500 ישראלים, געפאַלענע אין דער יום־כּיפּור־מלחמה, וועלן זיך קיין מאָל מער נישט איבערחזרן.

די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן דעם 6טן אָקטאָבער, אָבער ווען איך טראַכט איצט וועגן איר, קומט מיר אויפן געדאַנק דער חודש מאַי, ווען מיר האָבן באַקומען אַ באַריכט וועגן אַ פאַרשטאַרקונג פון די מיליטערישע כּוחות אויף די סירישע און מיצרישע גרענעצן. אונדזערע אינפאָרמאַציע־מענטשן האָט געהאַלטן פאַר זייער אומוואַרשיינלעך, עס זאָל אויסברעכן אַ מלחמה. דאָך האָבן מיר באַשלאָסן ערנסט צו באַהאַנדלען די לאַגע. איך בין דעמאָלט אַליין אוועק אין גענעראַל־שטאַב. סײַ דער זיכערקייטס־מיניסטער, סײַ דער שעף פון גענעראַל־שטאַב, דוד אלעזר, באַקאַנט איבערן לאַנד מיט זיין צונאָמען „דאַדאָ", האָבן מיך גרינט־לעך אינפאָרמירט וועגן דעם גרייטקייט־צושטאַנד פון אונדזערע באַוואָפנטע

כוחות און איך בין געווען איבערצײַגט, אַז די אַרמיי איז גרייט אויף יעדן אויסנאַם־צושטאַנד, אַפילו אויף אַ פולשטענדיקער מלחמה. זיי האָבן מיך אויך באַרויִקט וואָס שייך אַ גענוגנדיקער וואָרענונגס־צײַט און דערנאָך, וואָס די סיבה זאָל נישט האָבן געווען, האָט די שפּאַנונג נאָכגעלאָזן.

אין סעפּטעמבער האָבן מיר אָנגעהויבן באַקומען ידיעות וועגן סירישע מיליטערישע קאָנצענטראַציעס אויף רמת־הגולן און דעם 13טן סעפּטעמבער איז פאָרגעקומען אַ לופטשלאַכט מיט די סיריער, וואָס האָט זיך געענדיקט מיטן אַראָפּשיסן דרײַצן סירישן „מיגן". פון דעסטוועגן האָבן די מענטשן פון אונדזער אינפאָרמאַציע־דינסט געזעדט אין אַ זייער דערמוטיקנדיקן טאָן: עס זעט זיך נישט פאַרויס, האָבן זיי געזאָגט, קיין סירישע רעאַקציע אין אַ גרעסערן פאָרנעם. אָבער דאָס מאָל איז די שפּאַנונג פאַרבליבן און האָט אויך אַרומגענומען די מיצרים. דאָך איז די אָפּשאַצונג פון אונדזער אינפאָרמאַציע־דינסט פאַרבליבן ווי זי איז געווען. די סיריער זענען ממשיך צו פאַרשטאַרקן זייערע כוחות, — האָט מען געגעבן צו פאַרשטיין — ווײַל זיי האָבן מורא, אַז מיר וועלן אַטאַקירן; און אין משך פון גאַנצן חודש, אַפילו ערב מײַן רײַזע קיין אייראָפּע, האָט אָנגעהאַלטן די זעלבע אויפקלערונג לגבי די שריט פון די סיריער.

מאָנטיק, דעם 1טן אָקטאָבער, האָט ישראל גלילי טעלעפאָנירט צו מיר אין סטראַסבורג. צווישן אַנדערן האָט ער מיר דערציילט, אַז ער האָט גערעדט מיט דײַנען און ביידע זענען בײַ דער מיינונג, אַז באַלד ווי איך וועל צוריקקומען, וועלן מיר דאַרפן ערנסט באַטראַכטן דעם מצב אויף די הייכן פון גולן. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך קום ענדגילטיק צוריק צו מאָרגנס און אַ טאָג שפּעטער וועלן מיר זיך באַגעגענען.

מיטוואָך אין דער פרי האָב איך זיך באַגעגנט מיט דײַנען, גלילין, דעם קאָמענדאַנט פון לופטפלאָט, דעם שעף פון גענעראַל־שטאַב, און דעם אָנפירער פון דער פאָרשונג־אָפּטיילונג אין אינפאָרמאַציע־דינסט, ווייל דער אָנפירער פון אינפאָרמאַציע־דינסט איז יענעם טאָג געווען קראַנק. דײַין האָט געעפנט די זיצונג און דער שעף פון גענעראַל־שטאַב, ווי אויך דער אָנפירער פון דער פאָרשונג־אָפּטיילונג האָבן געשילדערט די לאַגע אויף ביידע פראָנטן מיט אַ סך איינצלהייטן. עס זענען געווען ענינים וואָס האָבן זיי באַאומרויִקט, אָבער די מיינונג פון מיליטער איז נאָך אַלץ געווען, אַז עס איז נישט פאַראַן קיין סכנה וואָס שייך אַ בשותּפותדיקן סיריש־מיצרישן אָנגריף און עס לייגט זיך אויך נישט אויפן שכל, אַז סיריע אַליין זאָל אונדז אַטאַקירן. די קאָנצענטראַציעס און באַוועגונגען פון די מיצרישע כוחות אין דרום האָבן מסתּמא צו טאָן מיט די מאַנעווערס וואָס קומען פאָר יעדעס יאָר, מער־ווייניקער אין דער צײַט. וואָס שייך די באַוועגונגען פון די כוחות אין צפון, איז די אויפקלערונג אַלץ געווען די זעלבע. דער פאַקט, וואָס אייניקע סירישע מיליטערישע איינהייטן זענען בלויז מיט אַ וואָך פריער

איבערגעפירט געוואָרן פון דער סיריש־ירדנישער גרענעץ, איז אויסגעטײַטשט געוואָרן ווי אַ טייל פון דער לעצטנס געשאָפענער אַנטשפּאַנונג צווישן די בײדע לענדער און ווי אַ סירישער זשעסט פון גוטן ווילן לגבי ירדן. אויף דער דאָזיקער זיצונג איז קײנער נישט געווען בײַ דער מיינונג, אַז מען דאַרף מאָביליזירן די רעזערוון און קײנער האָט נישט געטראַכט, אַז עס האַלט בײַ אַ מלחמה. אָבער ס'איז באַשלאָסן געוואָרן זונטיק ווידער צו באַהאַנדלען די לאַגע, אויף דער וועכנטלעכער רעגירונגס־זיצונג.

דאָנערשטיק בין איך, ווי געוויינטלעך, געפאָרן קײן תּל־אָביב. זינט יאָרן פלעג איך דאָנערשטיק און פרײַטיק פאַרברענגען אין מײַן ביוראָ אין תּל־אביב און שבת אין מײַן הויז אין רמת־אָביב. שבת־צו־נאַכטס, שפּעט אין אָוונט, אָדער זונטיק גאָר פרי פלעג איך צוריקפאָרן קײן ירושלים. איך האָב געטראַכט, אַז ס'איז נישטאָ קײן סיבה צו בײַטן מײַן אײַנגעשטעלטן סדר. פאַקטיש איז עס במילא געווען אַ קורצע וואָך, ווײַל יום־כּיפּור איז אויסגעפאַלן אום שבת און דער רוב מענטשן אין ישׂראל האָט זיך געגרייט אויסצוניצן דעם סוף־וואָך אויף אַ לענגערן אָפּרו.

איך מיין, אַז איצט, צום טייל מחמת דער מלחמה, ווייסן אַפילו נישט־ייִדן, וועלכע האָבן קײן מאָל פריִער נישט געהערט וועגן יום־כּיפּור, אַז דאָס איז דער הייליקסטער טאָג אין ייִדישן קאַלענדאַר. דאָס איז דער אײנציקער טאָג אין יאָר, ווען ייִדן איבער דער גאַנצער וועלט — אַפילו די נישט זייער פרומע — זענען פאַראײיניקט אין זייער גלויבן. פרומע ייִדן פאַסטן, זיצן אַ גאַנצן טאָג אין שול, זענען מתפּלל און בעטן תּשובה אויף די זינד וואָס זיי זענען אפשר באַגאַנגען אַ גאַנץ יאָר. אַנדערע, צווישן זיי די וואָס פאַסטן נישט, געפינען בדרך־כּלל זייער אייגענעם אופן אָפּצומערקן יום־כּיפּור; זיי גייען נישט צו דער אַרבעט, עסן נישט בפרהסיא, גייען אויף אַ שעה אָדער צוויי אין שול, צו הערן כּל־נדרי, יום כּיפּור פאַר נאַכט צום שופר־בלאָזן. אָבער פאַרן רוב ייִדן, אומעטום, איז יום כּיפּור, אויף וואָסער אופן זיי זאָלן אים נישט אָפּהיטן, אַ טאָג, וואָס איז נישט ענלעך צו קײן שום אַנדערן טאָג אין יאָר.

ווי באַקאַנט, שטעלט זיך יום־כּיפּור אָפּ די באַוועגונג אין גאַנצן לאַנד. עס דערשײַנען נישט קײן צײַטונגען, ס'זענען נישטאָ קײן ראַדיאָ־אָדער טעלע־וויזיע־עמיסיעס, נישטאָ קײן עפנטלעכע קאָמוניקאַציע; אַלע שולן, געשעפטן, רעסטאָראַנען און קאַפע־הײַזער זענען געשלאָסן אין משך פון פיר און צוואַנציק שעה; אָבער חשובער פון אַלץ, אויך פון יום־כּיפּור, איז פאַר ייִדן דאָס לעבן. פּיקוח־נפש איז איבער אַלץ. אַרבעטן טאַקע די לעבנס־וויכטיקסטע עפנטלעכע אינסטיטוציעס, כאָטש אַ סך מוזן זיך באַנוגענען מיט אַ זייער רעדוצירטן פּער־סאָנאַל. די סאַמע לעבנס־וויכטיקסטע אינסטיטוציע אין ישׂראל איז, צום באַדויערן, דאָס מיליטער, אָבער די זעלנערס באַקומען אורלויב ווי ווײַט מעגלעך, כּדי זיי

זאָלן קאָנען אין דעם טאָג זײַן צוזאַמען מיט זייערע משפחות.

פרײַטיק, דעם 5טן אָקטאָבער, האָבן מיר באַקומען אַ ידיעה, וואָס האָט מיך באַאומרויִקט. די משפחות פון די רוסישע ראַטגעבערס אין סיריע האָבן געפּאַקט זייערע זאַכן און זענען אין געאײַל אַרויסגעפֿאָרן. דאָס האָט מיר דערמאָנט אין דעם וואָס איז פֿאָרגעקומען פֿאַר דער זעקסטאָגיקער מלחמה און איך בין געוואָרן אומרויִק. וואָס איז די אײַלעניש? וואָס אַזעלכעס ווייסן יענע רוסישע משפחות, וואָס מיר ווייסן נישט? צי איז מעגלעך, אַז מען עוואַקויִרט זיי? אינעם גאַנצן מישמאַש פון ידיעות, וואָס זענען געפֿלאָסן אין מײַן ביוראָ, האָט אָט דער קליינער פּרט זיך באַזעצט אין מײַן מוח און כ'האָב זיך פון אים נישט געקענט באַפרײַען. אָבער אַזוי ווי קיינער אַרום מיר האָט נישט אויסגעזען צו זײַן באַזונדערס באַאומרויִקט וועגן דעם, האָב איך זיך באַמיט, אַז די ידיעה זאָל מיך נישט באַהערשן ווי אַ דיבוק. חוץ דעם, איז אינטויִציע אַ זייער פֿאַררעטערישע זאַך; אַ מאָל דאַרף מען גלײַך האַנדלען לויט איר, און אַ מאָל איז זי בלויז אַ סימפּטאָם פון שרעק און זאָרג און אין אַזאַ פֿאַל קען זי באמת ווערן זייער פֿאַרפּירעריש.

איך האָב געפֿרעגט דעם זיכערקייטס־מיניסטער, דעם שעף פון גענעראַל־שטאַב און דעם אָנפֿירער פון אינפֿאָרמאַציע־דינסט, צי זיי האַלטן די ידיעה פֿאַר אַ וויכטיקע. ניין, זי האָט בשום־אופן נישט געביטן זייער מיינונג וועגן דער לאַגע. מען האָט מיך פֿאַרזיכערט, אַז מיר וועלן באַקומען אַ וואָרענונג גענוג צײַט פֿאַרויס, לגבי יעדער ממשותדיקער סכנה און סײַ־ווי־סײַ ווערן געשיקט פֿאַרשטאַרקונגען צו די פֿראָנטן, וואָס זענען גענוג דורכצופֿירן אַן אָפּהאַלט־אָפּעראַציע, אויב אַזאַ וועט זיך פֿאָדערן. מיר וועלן טאָן אַלץ וואָס עס וועט זײַן נייטיק און דאָס מיליטער איז אין אַבסאָלוטער קאַמף־גרייטקייט, באַזונדערס דער לופֿטפֿלאָט און די פּאַנצער־אײַנהייטן. ווען דער אָנפֿירער פון אינפֿאָרמאַציע־דינסט איז אַרויס פון מײַן ביוראָ, האָט ער אין קאָרידאָר באַגעגנט לו קדר. דערנאָך האָט זי מיר דערציילט, אַז ער האָט איר אַ קלאַפּ געטאָן אויף דער פּלייצע און שמייכלענדיק געזאָגט: „נישט געזאָרגט, ס'וועט נישט זײַן קיין מלחמה". איך בין אָבער געווען נישט רויִק און אַחוץ דעם האָב איך נישט געקענט פֿאַרשטיין, פון וואַנען עס שטאַמט זײַן זיכערקייט, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג. און אויב ער האָט אַ טעות? אויב ס'איז פֿאַראַן אַפֿילו די קלענסטע מעגלעכקייט פון אַ מלחמה, דאַרפֿן מיר דאָך לפּחות מאָביליזירן די רעזערוון. איך האָב געוואָלט אָפּהאַלטן אַ זיצונג מיט די מיניסטאָרן וועלכע געפֿינען זיך יום־כּיפּור אין תּל־אָביב. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז גאָר ווייניק פון זיי זענען געווען באָענט אין דער געגנט. דאָס האַרץ האָט מיך נישט געלאָזט רוען. עס האָט זיך מיר נישט געוואָלט בעטן די צוויי מפד"ל־מיניסטאָרן, וועלכע האָבן געוווינט אין ירושלים, זיי זאָלן קומען אויף אַ זיצונג ערב יום־כּיפּור קיין תּל־אָביב. אַנדערע מיניסטאָרן זענען אַרויסגעפֿאָרן אין זייערע קיבוצים, וואָס זענען געווען

געגנוג ווײַט, אָבער נײַן מיניסטאָרן זענען דאָך געווען אין שטאָט און איך האָב געזאָגט צו מײַן מיליטערישן סעקרעטאַר, ער זאָל באַשטימען אַן אויסעראָרדנט־לעכע זיצונג אויף פרײַטיק מיטאָגצײַט.

מיר זענען זיך צונויפגעקומען אין מײַן תל־אָביבער ביוראָ. אַחוץ די מיניס־טאָרן האָבן אויך אָנטייל גענומען אין דער זיצונג די שעפן פון דער אַרמיי און פון אינפאָרמאַציע־דינסט. מיר האָבן ווידער אויסגעהערט אַלע באַריכטן, אויך בנוגע דער אײַליקער עוואַקואַציע פון די רוסישע משפחות אין סיריע — פאַר מיר נאָך אַלץ אומפאַרשטענדלעך — אָבער ס'האָט ווידער אויסגעזען, אַז קיינער איז נישט באַזונדערס באַזאָרגט. דאָך האָב איך באַשלאָסן צו זאָגן וואָס איך האָב געטראַכט: „כ'האָב אַ שרעקלעך געפיל, אַז דאָס אַלץ איז שוין אַ מאָל געשען. דאָס דערמאָנט מיך אין 1967, ווען מען האָט אונדז באַשולדיקט אין קאָנצענטרירן מיליטער קעגן סיריע. גענוי דאָס זעלבע זאָגט איצט די אַראַבישע פרעסע און איך מיין, אַז דאָס אַלץ באַדײַט עפּעס". כאָטש בדרך־כּלל פאָדערט זיך אַ באַשלוס פון קאַבינעט אויסצורופן אַ פולע מאָביליזאַציע, האָבן מיר יענעם פרײַטיק באַשלאָסן, אויפן פאָרשלאָג פון גלילי, אַז אויב עס איז נייטיק צו מאָביליזירן, קענען מיר עס טאָן אַליין, דער זיכערקייטס־מיניסטער און איך. כ'האָב אויך געזאָגט, אַז מיר דאַרפן זיך שטעלן אין קאָנטאַקט מיט די אַמעריקאַנער, זיי זאָלן זיך פאַרבינדן מיט די רוסן און זיי זאָגן אויף אַ קלאָרן אופן, אַז אַמעריקע וויל נישט קיין קאָנפליקטן. די זיצונג האָט זיך געענדיקט, אָבער איך בין נאָך פאַרבליבן אַ שטיקל צײַט אין ביוראָ, געזעסן און געטראַכט.

ווי קען עס זײַן, אַז איך שרעק זיך נאָך אַלץ פאַר אַ מלחמה־אויסבראָך, בעת דער איצטיקער שעף פון גענעראַל־שטאַב, דער געוועזענער שעף פון גענעראַל־שטאַב (דיין), דער שעף פון אינפאָרמאַציע־דינסט, נאָך אַ געוועזענער שעף פון גענעראַל־שטאַב (חיים בר־לב, מײַן מיניסטער פאַר האַנדל און אינדוסטריע, וועלכער האָט אייגנטלעך נאָר וואָס באַקומען דעם ערשטן באַריכט וועגן דער באַאומרויִקנדיקער אַנטוויקלונג), אַלע זענען זיי זיכער, אַז ס'וועט נישט אויסברעכן קיין מלחמה? זיי זענען דאָך אַלע גענעראַלן מיט אַ גרויסער פּראַקטיק, מענטשן, וואָס האָבן אַליין געקעמפט און אויך אָנגעפירט מיט אַנדערע אין שלאַכטן וואָס האָבן זיך פאַרענדיקט מיט גלענצנדיקע נצחונות, יעדער פון זיי האָט אַ רום־רײַכע מיליטערישע פאַרגאַנגענהייט; אונדזער אינפאָרמאַציע־דינסט איז דאָך געווען באַקאַנט ווי איינער פון די בעסטע אין דער וועלט. אויך אויסלענדישע מקורים, מיט וועלכע מיר זענען געשטאַנען אין כּסדרדיקן קאָנטאַקט, האָבן פול־שטענדיק מסכּים געווען מיט אונדזער אָפּשאַצונג. אויב אַזוי — פאַר וואָס זשע איז נאָך אַלץ אַזוי גרויס מײַן שרעק? אפשר רעד איך זיך סתּם אײַן? איך האָב נישט געהאַט קיין ענטפער אויף מײַנע שאלות.

הײַנט ווייס איך וואָס איך האָב געדאַרפט טאָן. איך האָב געדאַרפט גובר זײַן

מיינע וואַקלעניש. איך האָב פאַרשטאַנען נישט ווייניקער ווי אַלע אַנדערע, וואָס עס באַדײַט אַ פולשטענדיקע מאָביליזאַציע און וויפל געלט דאָס וועט אָפּקאָסטן. כ׳האָב אויך געוווּסט, אַז בלויז מיט עטלעכע חדשים פריִער, אין מאַי, האָבן מיר באַקומען אַ וואָרענונג און מאָביליזירט די רעזערוון, אָבער ס׳איז גאָרנישט געשען. כ׳האָב אָבער אויך פאַרשטאַנען, אַז דערפאַר ווײַל מיר האָבן מאָביליזירט די רעזערוון איז אפשר אין מאַי נישט אויסגעבראָכן קיין מלחמה. יענעם פרײַטיק פאַר טאָג האָב איך זיך געדאַרפט צוהערן צו די וואָרענונגען פון מײַן האַרץ און פאַראָרדענען אַ מאָביליזאַציע. פאַר מיר וועט נישט און קען נישט אויסגעמעקט ווערן דער דאָזיקער פאַקט און כ׳וועל זיך נישט טרייסטן מיט קיין שום תירוצים פון שכל־הישר, מיט וועלכע מײַנע פרײַנד האָבן מיך געפּרוּווט טרייסטן.

עס איז נישט וויכטיק וואָס די לאָגיק האָט דיקטירט. וויכטיק איז נאָר דאָס וואָס איך, זייענדיק אַזוי צוגעוווינט אָנצונעמען באַשלוסן — און כ׳האָב זיי אויך אָנגענומען אין די טעג פון מלחמה — האָב נישט אָנגענומען אָט דעם איינציקן באַשלוס. דאָס איז נישט קיין פראַגע פון אַ שולדגעפיל. אויך איך קען געפינען תירוצים און טענהן, אַז אין אָנבליק פון אַזאַ פולשטענדיקער זיכערקייט מצד דעם אינפאָרמאַציע־דינסט און אין אָנבליק פונעם פאַקט, אַז כמעט אין דער זעלבער מאָס האָבן אָט די אָפּשאַצונגען אָנגענומען אויך אונדזערע ערשטראַנגיקע מיליטערישע פערזענלעכקייטן, וואָלט געווען אומלאָגיש פון מײַן זײַט, ווען איך וואָלט זיך אײַנגעעקשנט און דורכויס געפאָדערט אַ מאָביליזאַציע. אָבער איך ווייס, אַז דאָס האָב איך געדאַרפט טאָן און אָט דאָס שרעקלעכע וויסן וועט מיך באַגלייטן ביזן סוף פון מײַנע טעג. איך וועל קיין מאָל מער נישט זײַן דער זעלבער מענטש וואָס איך בין געווען פאַר דער יום־כּיפּור־מלחמה.

אָבער דעמאָלט בין איך געזעסן אין ביוראָ, געטראַכט און זיך געפּײַניקט, ביז כ׳האָב פּשוט געפילט אַז כ׳קען מער דאָרט נישט אײַנזיצן און בין געפאָרן אַהיים. מנחם און איאַ האָבן אײַנגעלאַדן עטלעכע פרײַנד זיי זאָלן קומען צו אונדז נאָכן פאַרפאַסטן. מיר האָבן זיך דערווייל געזעצט עסן, אָבער כ׳בין געווען אומרויִק און לגמרי קיין אַפּעטיט נישט געהאַט. כאָטש זיי האָבן געוואָלט, איך זאָל נאָך פאַרבלײַבן מיט זייערע פרײַנד, האָב איך זיך אַנטשולדיקט, זיך אַרײַנגעלייגט אין בעט, אָבער נישט געקענט אײַנשלאָפן.

ס׳איז געווען אַ שטילע, וואַרעמע נאַכט און דורכן אָפענעם פענצטער האָב איך געהערט די שטימען פון מנחמס און איאַס פרײַנד, וואָס האָבן שטילערהייט געשמועסט אונטן, אין גאָרטן. איין מאָל אָדער צוויי מאָל האָט דער הונט פון די קינדער אַ ביל געטאָן, אָבער אַחוץ דעם איז עס געווען אַ טיפּישע און שטילע יום־כּיפּור־נאַכט. איך בין לאַנגע שעהען געלעגן און נישט געקענט אײַנשלאָפן. צום סוף האָב איך מסתּמא אײַנגעדרימלט און דערנאָך, אַרום פיר פאַר טאָג, האָט געקלונגען דער טעלעפאָן בײַ מײַן בעט. עס האָט גערעדט דער מיליטערישער

סעקרעטאַר. מען האָט באַקומען אַ ידיעה, אַז די מיצרים און די סיריער װעלן אָנהײבן אַ בשותּפותדיקן אָנגריף אויף ישׂראל „שפּעט נאָך מיטאָג״. איז הײסט עס שוין מער נישט געװען קײן שום ספק. די ידיעה איז געקומען פון אַ קאָמ־פּעטענטן אינפאָרמאַציע־קװאַל. איך האָב געזאָגט ליאורן, ער זאָל בעטן דײַנען, דאַדאָן, אַלונען און גלילין זײ זאָלן קומען אין מײַן ביוראָ פאַר זיבן אַ זײגער אין דער פרי. אויפן װעג אַהין האָב איך אָנגעטראָפן אַן אַלטן ײדן װאָס איז געגאַנגען אין שול אַרײַן, מיטן טלית אויף די אַקסלען און בײַ דער האַנט — האָט ער געהאַלטן אַ קלײן קינד. זײ האָבן אויסגעזען װי די סימבאָלן פון ײדנטום און כ׳געדענק, אַז כ׳האָב געטראַכט, אַז אין גאַנצן לאַנד פאַסטן הײַנט יונגע מענטשן אין די שולן און באַלד װעט מען זײ רופן פון זײערע תּפילות צום געװער.

אַכט אַ זײגער האָט מען אָנגעהויבן די זיצונג. דאַדאָ און דײַן האָבן געהאַט באַזונדערע מײנונגען לגבי דעם פּאַרנעם פון דער מאָביליזאַציע. דער שעף פון גענעראַל־שטאַב האָט פאָרגעשלאָגן צו מאָביליזירן דעם לופטפלאָט און פיר דיװיזיעס; ער האָט צוגעגעבן, אַז אויב מען װעט זײ גלײַך מאָביליזירן, װעלן זײ זײַן גרײט צום קאַמף גלײַך צו מאָרגנס, דאָס הײסט זונטיק. דײַן װידער, האָט פאָרגעלײגט צו מאָביליזירן דעם לופטפלאָט און בלויז צװײ דיװיזיעס (אײנע פאַרן צפון און אײנע פאַרן דרום), און האָט געטענהט, אַז אויב מיר װעלן רופן אַ פולע מאָביליזאַציע אײדער מען װעט הערן אַ שאָס, װעט די װעלט האָבן אַן אויסרײד צו זאָגן, אַז מיר זענען די „אַגרעסאָרן״. אַחוץ דעם האָט ער געהאַלטן, אַז דער לופטפלאָט מיטן צוגאָב פון צװײ דיװיזיעס װעלן זיך קענען אַן עצה געבן מיט דעם מצב און אויב די לאַגע װעט פאַר נאַכט זיך פאַרערגערן, װעלן מיר קענען אויסברײטערן די מאָביליזאַציע אין פאַרלויף פון עטלעכע שעה.

„דאָס איז מײַן פאָרשלאַג״ — האָט ער געזאָגט — „אָבער איך װעל נישט דעמיסיאָ־נירן, אויב איר װעט באַשליסן קעגן מיר״. „גאָט מײַנער״ — האָב איך געטראַכט — „צי דאַרף איך דעצידירן װער פון זײ עס איז גערעכט?״ װאָס איך האָב געהאַט צו זאָגן, איז נאָר געװען, אַז איך האָב בלויז אײן קריטעריע: אויב די מלחמה איז אַ פאַקט, מוזן מיר זײַן אין דער בעסטער פּאָזיציע װי װײַט מעגלעך. די מאָביליזאַציע דאַרף זײַן װי עס שלאָגט פאָר דאַדאָ. אָבער דאָס איז, פאַרשטײט זיך, געװען אַ טאָג, װאָס אַפילו אונדזער לעגענדאַרע פעיִקײט שנעל צו מאָבי־ליזירן, האָט אונדז טײלװײַז אַנטױשט.

דאַדאָ איז געװען פאַר אַ פּרעװענטיװן קלאַפּ, װאָרעם עס איז קלאָר געװען, אַז די מלחמה איז במילא אומפאַרמײַדלעך. „איך װיל, איר זאָלט װיסן״ — האָט ער געזאָגט — „אַז אונדזער לופטפלאָט קען זײַן גרײט צו אַטאַקירן אַרום מיטאָגצײַט, אָבער איר מוזט מיר שוין איצט געבן דעם גרינעם סיגנאַל. אויב מיר װעלן געבן דעם ערשטן קלאַפּ, װעט עס אונדז קענען ברענגען גרויס

נוצן". אָבער איך האָב שוין געהאַט באַשלאָסן. „דאָדאָ" — האָב איך געזאָגט — „איך קען אַלע מאָטיוון פאַר אַ פּרעווענטיוון קלאַפּ, אָבער איך בין קעגן. קיינער פון אונדז ווייסט נישט איצט וואָס די צוקונפט קען מיט זיך ברענגען, אָבער שטענדיק איז פאַראַן די מעגלעכקייט, מיר זאָלן זיך נייטיקן אין הילף, און אויב מיר וועלן אָרויס די ערשטע, וועלן מיר פון קיינעם גאָרנישט באַקומען. איך וואָלט וועלן זאָגן יאָ, וואָרעם איך ווייס וואָס דאָס קען באַדייַטן פאַר אונדז, אָבער מיט אַ שווער האַרץ וועל איך זאָגן ניין". דיין און דאָדאָ זענען אַוועק אין זייערע ביוראָען און איך האָב געזאָגט צו שמחה דיניץ (איצט אונדזער אַמ־באַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן), וואָס איז צופעליק יענע וואָך געווען אין ישראל, ער זאָל תּיכּף צוריקפליִען קיין אַמעריקע און כ'האָב אייַנגעלאַדן מנחם בעגינען, כּדי אים צו דערציילן וואָס עס איז פאַרגעקומען. כ'האָב געבעטן צונויפצורופן אַ קאַבינעט־זיצונג מיטאָגצייט און האָב טעלעפאָנירט צום אַמעריקאַנישן אַמבאַ־סאַדאָר, קענעט קיטינג, און אים געבעטן צו קומען מיך זען. איך האָב אים איבערגעגעבן צוויי זאַכן: אַז לויט ידיעות פון אונדזער אינפאָרמאַציע־דינסט, וועט דער אָנגריף זיך אָנהייבן שפּעט נאָך מיטאָג און אַז מיר וועלן נישט אַטאַ־קירן די ערשטע. אפשר וועלן די אַמעריקאַנער נאָך באַוויַיזן עפּעס צו טאָן, כּדי אויסצומיַידן די מלחמה. קאָן זיַין דורך ווענדן זיך צו די רוסן, אָדער דירעקט צו די סיריער און מיצרים. בשום־אופן וועלן מיר נישט אָנהייבן קיין פּרעווענ־טיווע אַקציע. איך האָב געוואָלט, ער זאָל עס וויסן און איבערגעבן די ידיעה, אַזוי שנעל ווי מעגלעך, אין וואַשינגטאָן. דער אַמבאַסאַדאָר קיטינג איז לאַנגע יאָרן געווען אַ פרייַנד פון ישראל, סיַי אין אַמעריקאַנער סענאַט, סיַי אין ישראל גופא. איך האָב אים ליב געהאַט און געהאַט צו אים צוטרוי. אין יענעם שרעק־לעכן פרימאָרגן בין איך אים געווען דאַנקבאַר פאַר זיַין הילף און פאַרשטענדעניש.

די רעגירונג איז זיך צונויפגעקומען מיטאָגצייַט און האָט אויסגעהערט אַ פולע שילדערונג וועגן דער לאַגע אַריינגערעכנט דעם באַשלוס ווען מאָביליזירן די רעזערוון און אויך מיין באַשלוס קעגן אַ פּרעווענטיווער אַקציע. קיינער האָט נישט אַרויסגערוקט קיין שום באַוואָרענישן. דערנאָך, אין מיטן פון דער זיצונג, איז האַסטיק אַריַין אין צימער מיַין מיליטערישער סעקרעטאַר און אָנגעזאָגט אַז די שיסערייַען האָבן זיך אָנגעהויבן. כּמעט גלייַך האָבן זיך דערהערט די יללות פון די סירענעס אין תּל־אָביב. די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן.

נישט נאָר מ'האָט אונדז נישט געוואָרנט אין צייט, נאָר מיר האָבן מלחמה געהאַלטן גלייכצייטיק אויף צוויי פראָנטן קעגן שונאים וואָס האָבן זיך יאָרן געגרייט אונדז צו אַטאַקירן. צאָלמעסיק זענען מיר געווען הינטערשטעליק אין האַרמאַטן, אין טאַנקען, אין עראָפּלאַנען, אין מענטשן. פּסיכאָלאָגיש זענען מיר געווען אין אַ שלעכטן מצב. דער שאָק איז געקומען נישט בלויז וויַיל די מלחמה איז אויס־געבראָכן אויף אַזאַ אופן, נאָר אויך וויַיל אַ צאָל יסודותדיקע טעזעס האָבן זיך

אַרויסגעוויזן ווי פאַלשע: די שוואַכע וואַרשײַנלעכקייט אַז מ׳וועט אונדז אַטאַקירן אין אָקטאָבער; די פולשטענדיקע זיכערקייט, אַז מיר וועלן צו דער צײַט באַקומען אַ פּאָזיטיווע וואָרענונג; דער גלויבן, אַז מיר וועלן קענען אָפּהאַלטן די מיצרים אַריבערצוגיין דעם סועץ־קאַנאַל. די אומשטאַנדן האָבן נישט געקענט זײַן קיין ערגערע. די ערשטע צוויי־דרײַ טעג האָט בלויז אַ דינער פּאַס מוטיקע מענטשן פונאַנדערגעטיילט צווישן אונדז און דעם חורבן. קיין שום ווערטער וועלן קיין מאָל נישט קענען אויסדריקן דעם ריזיקן חוב וואָס דאָס פאָלק אין ישראל איז שולדיק די דאָזיקע בחורים בײַם קאַנאַל און אויפן גולן. זיי האָבן געקעמפט און זענען געפאַלן ווי די לייבן, אָבער נישט געהאַט קיין שום שאַנס בײַם אָנהייב.

איך וועל אַפילו נישט פּרוּוון באַשרייבן יענע טעג מײַנע. דאַכט זיך אַז ס׳וועט גענוג זײַן צו זאָגן, אַז כ׳האָב אַפילו נישט געקענט וויינען, ווען כ׳בין געווען אַליין. אָבער זייער זעלטן בין איך געווען אַליין. מערסטנס פלעג איך בלײַבן אין ביוראָ, כאָטש פון צײַט צו צײַט בין איך געגאַנגען אין מלחמה־צימער און אַ מאָל פלעגט מיך לו צווינגען גיין אַהיים און זיך אָוועקלייגן, אָבער באַלד האָט געקלונגען דער טעלעפאָן און מען האָט מיך גערופן צוריק. עס זענען געווען זיצונגען טאָג און נאַכט און זיי זענען כּסדר איבערגעריסן געוואָרן דורך טעלעפאָנען פון וואַשינגטאָן און שלעכטע נײַעס פון פראָנט. מען האָט פאָרגע־לייגט פּלענער, זיי אָנאַליזירט און דעבאַטירט. איך האָב בײַ זיך נישט געקענט פילן צו זײַן מער ווי אַ שעה מחוץ דעם ביוראָ, ווײַל דיין, דאַדאָ, מיטגלידער פון אויסערן־מיניסטעריום און פון אַנדערע מיניסטעריומס זענען כּסדר אַרײַנ־געקומען מיך אינפאָרמירן וועגן די לעצטע געשעענישן און פרעגן מײַן עצה אין פאַרשיידענע ענינים.

אָבער אַפילו אין די ערגסטע פון די דאָזיקע ערשטע טעג, ווען מיר האָבן שוין געוווּסט דעם פאַרנעם פון אונדזערע אבדות, איז נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן מײַן גלויבן אין אונדזערע זעלנערס און אָפיצירן, אינעם גײַסט פון צה״ל און זײַן פעיִקייט זיך צו פאַרמעסטן מיט יעדן נסיון. און איך האָב קיין מאָל נישט פאַרלוירן מײַן אמונה, אַז לסוף וועלן מיר מנצח זײַן. איך האָב געוווּסט, אַז מיר וועלן געווינען, פריִער אָדער שפּעטער, אָבער יעדער באַריכט וועגן פרײַז וואָס מיר האָבן געצאָלט אין מענטשלעכע לעבנס, איז געווען ווי אַ מעסער אַרײַנ־געשטאָכן אין האַרץ און כ׳וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן דעם טאָג, ווען כ׳האָב געהערט די סאַמע פּעסימיסטישע פאָרויסזאָגונג וואָס כ׳האָב ווען עס איז געהערט אין מײַן לעבן.

דעם 7טן אָקטאָבער נאָך מיטאָג איז דיין צוריקגעקומען פון איינעם פון זײַנע באַזוכן אויפן פראָנט און געבעטן מיך גלײַך זען. לויט זײַן מיינונג, האָט ער געזאָגט, איז די לאַגע אין דרום אַזוי שלעכט, אַז מיר מוזן דורכפירן אַ גרויסן צוריקמאַרש און אויפשטעלן אַ נײַע פאַרטיידיקונגס־ליניע. איך האָב אויסגע־

הערט זיינע גרויליקע בײַס. אַלון, גלילי און מײַן מיליטערישער סעקרעטאַר זענען געווען אין צימער. דערנאָך האָב איך אויך פאַרבעטן דאַדאָן. ער האָט געהאַט אַן אַנדערן פאַרשלאַג — ממשיך צו זײַן אונדזער אַנגריף אין דרום. ער האָט געפרעגט צי ער קען אַראָפּפאַרן אויפן דרום־פראָנט און פערזענלעך האָבן די אויפזיכט איבער אַלץ. ער האָט געבעטן אַ דערלויבעניש אָנצונעמען אויפן אָרט אַלע באַשלוסן, וואָס וועלן זיך פאָדערן. דיין האָט מסכּים געווען און דאַדאָ איז אַוועק. יענע נאַכט האָב איך צונויפגערופן דעם קאַבינעט אויף אַ זיצונג און באַקומען די הסכּמה פון די מיניסטאָרן אויף אַ קעגן־אַנגריף דעם 8טן אָקטאָבער, אין דרום. זײַענדיק אַליין אין צימער, האָב איך פאַרמאַכט די אויגן און בין געזעסן אַ רגע פולשטענדיק שטיל. ווען כ׳וואָלט אין משך פון די אַלע יאָרן זיך נישט געלערנט ווי צו זײַן שטאַרק, וואָלט איך זיך געווען אײַנגעבראָכן און צעפאַלן אויף פּיצלעך. איך האָב זיך אָבער נישט אײַנגעבראָכן.

די מיצרים זענען אַריבער דעם קאַנאַל און אונדזערע כּוחות אין סיני האָבן באַקומען שווערע קלעפּ. די סיריער זענען אַרײַנגעדרונגען טיף אין רמת־הגולן. אויף ביידע פראָנטן זענען געווען גרויסע אבדות. ברענענדיק איז געווען די פראַגע, צי מיר זאָלן דערציילן דעם פאָלק ווי שלעכט עס איז די לאַגע. איך בין אָבער געווען פעסט מיט מײַן מיינונג אָפּצוואַרטן. דאָס ביסל וואָס מיר האָבן געקענט טאָן פאַר אונדזערע זעלנערס און זייערע משפּחות איז געווען צו האַלטן דעם אמת פאַר זיך אַליין נאָך עטלעכע טעג. פון דעסטוועגן איז בייטיק געווען גלײַך איבערצוגעבן עפּעס אַ מעלדונג. איך האָב דעריבער זיך געוואָנדן צום פאָלק, דעם ערשטן טאָג פון קריג. דאָס איז געווען איינע פון די שווערסטע אויפגאַבעס אין מײַן לעבן, וואָרעם איך האָב געוווּסט, אַז פאַרן ברייטן עולם וועל איך נישט קענען איבערגעבן אַלע פאַקטן. איך האָב גערעדט צו אַ פאָלק, וואָס האָט קיין באַגריף נישט געהאַט וועגן דעם בלוטיקן פּרײַז וואָס מיר צאָלן אין דרום און אין צפון; אַ פאָלק, וואָס האָט נישט געוווּסט וועגן דער סכּנה וואָס דערוואַרט ישראל ביז עס וועלן מאָביליזירט ווערן אַלע רעזערוון. כ׳האָב געזאָגט:

מיר האָבן נישט קיין שום ספק, אַז מיר וועלן זיגן, מיר זענען אָבער אויך איבערצײַגט, אַז די באַנײַטע סיריש־מיצרישע אַגרעסיע איז אַן אַקט פון משוגעת. מיר האָבן געטאָן אַלץ כּדי אויסצומײַדן די מלחמה. מיר האָבן אַפּעלירט צו קרײַזן מיט פּאָליטישער השפּעה, כּדי צו אָפּצוהאַלטן דעם שענדלעכן שריט פון די מיצרישע און סירישע פירערס. מיר האָבן בײַ־צײַטנס געמאָלדן די פרײַנדלעכע לענדער, אַז מיר האָבן דערהאַלטן זיכערע אינפאָרמאַציעס וועגן די פּלענער אָנצוגרײַפן ישראל. מיר האָבן אַפּעלירט און געבעטן צו טאָן אַלץ אויסצומײַדן די מלחמה, אָבער די מיצרים און די סיריער זענען שוין אַרויס אין אַנגריף.

זונטיק איז דיין אַרײַן אין מײַן ביוראָ. ער האָט פֿאַרמאַכט די טיר און איז געשטאַנען קעגן איבער מיר. „איר ווילט, איך זאָל דעמיסיאָנירן?" — האָט ער געפֿרעגט — „איך בין גרייט, אויב איר האַלט אַז איך דאַרף עס טאָן. אויב כ'וועל נישט האָבן אײַער צוטרוי, קען איך ווײַטער נישט ממשיך זײַן". כ'האָב אים געענטפֿערט — און קיין מאָל אויף דעם קיין חרטה נישט געהאַט — אַז ער דאַרף ווײַטער זײַן דער זיכערקייט־מיניסטער. מיר האָבן באַשלאָסן צו שיקן בר־לבן אויפֿן צפֿון־פֿראָנט, ער זאָל פֿערזענלעך אָפּשאַצן די לאַגע. דערנאָך האָבן מיר אָנגעהויבן אונדזערע פֿאַרהאַנדלונגען וועגן באַקומען מיליטערישע הילף פֿון אַמעריקע. מען האָט געדאַרפֿט תּיכּף אָננעמען באַשלוסן און זיי האָבן געמוזט זײַן ריכטיקע. ס'איז נישט געווען קיין צײַט אַפֿילו פֿאַרן קלענסטן פֿעלער.

מיטוואָך, דעם פֿינפֿטן טאָג פֿון דער מלחמה, האָבן מיר צוריקגעשטויסן די סיריער ביז נאָך די ליניעס פֿונעם פֿײַער־איבעררײַס פֿון 1967 און מיר האָבן אָנגעהויבן אונדזער אָנגריף אין סיריע גופֿא. דערקעגן אין סיני איז דער מצב געווען אַזוי סטאַטיש,אַז די רעגירונג האָט געקענט באַטראַכטן די מעגלעכקייט אַריבערצוגיין דעם קאַנאַל. אָבער וואָס וועט זײַן אויב דאָס מיליטער וועט אַריבער־גיין דעם קאַנאַל און דערנאָך אַרײַנפֿאַלן אין אַ פֿאַסטקע? איך האָב אויך געדאַרפֿט באַטראַכטן די מעגלעכקייט, אַז די מלחמה וועט נישט זײַן קיין קורצע און עס וועלן אונדז אפֿשר אויספֿעלן עראָפּלאַנען, טאַנקען, אַמוניציע. מיר האָבן זיך שטאַרק געבייטיקט אין אַט די אַלע כּלי־זיין און אין אָנהייב פֿלעגט לאַנג געדויערן ביז זיי זענען אָנגעקומען.

איך האָב גערעדט מיט דיניצן אין וואַשינגטאָן טאָג און נאַכט. ווו זענען די עראָפּלאַנען מיטן געווער? פֿאַר וואָס קומען זיי נאָך נישט? כ'געדענק, אַז איין מאָל האָב איך אים אָפּגערופֿן דרײַ אַ זייגער פֿאַר טאָג, לויט דער צײַט אין וואַשינגטאָן, און ער האָט געזאָגט: „גאָלדע, איך קען זיך איצט נישט ווענדן צו קיין שום מענטשן, ס'איז צו פֿרי". כ'האָב נישט געקענט הערן קיין לאָגישע אַרגומענטן. כ'האָב געוווסט, אַז פּרעזידענט ניקסאָן האָט אונדז צוגעזאָגט צו העלפֿן און פֿון מײַן דערפֿאַרונג אין דער פֿאַרגאַנגענהייט האָב איך געפֿילט, אַז ער וועט אונדז נישט אַנטוישן. דאָ וויל איך איבערחזרן דאָס וואָס איך פֿלעג פֿריִער אָפֿט מאָל זאָגן (בדרך־כּלל האָב איך דערמיט דענערווירט אַ סך פֿון מײַנע אַמעריקאַנער פֿרײַנד): ווי די געשיכטע זאָל נישט מישפּטן ריטשאַרד ניקסאָנען — און דער גזר־דין וועט אַוודאי זײַן זייער אַ שווערער — דאַרף מען אויך אייביק געדענקען, אַז ער האָט נישט געבראָכן קיין איינעם פֿון די צוזאָגן, וואָס ער האָט אונדז געגעבן. אויב אַזוי, פֿאַר וואָס דער אָפּהאַלט? „עס גייט מיך נישט אָן וויפֿל עס איז דער זייגער", — האָב איך זיך צעקאָכט אויף דיניצן — „טעלעפֿאָ־ניר צו קיסינדזשערן שוין איצט, אין מיטן נאַכט. מיר נייטיקן זיך אין הילף הײַנט, ווײַל מאָרגן קען אפֿשר זײַן צו שפּעט".

עס איז שוין פאַרעפנטלעכט געוואָרן די געשיכטע פון דעם דאָזיקן אָפּהאַלט, אַז אין אָנהויב האָט דאָס אַמעריקאַנער פּאַרטיידיקונג־מיניסטעריום נישט געהאַט קיין חשק אונדז צו שיקן מיליטערישע הילף מיט אַמעריקאַנער עראָפּלאַנען; און ווען מיר האָבן פיבערהאַפטיק געזוכט אַנדערע עראָפּלאַנען, זענען אויפגעקומען פּראָבלעמען, אין דער צײַט וואָס ריזיקע טראַנספּאָרטן מיט סאָוועטישער הילף זענען אָן אויפהער געקומען מיטן ים און מיט דער לופט קיין מצרים און סיריע, און מיר האָבן פאַרלוירן עראָפּלאַנען אין אַ מאָס וואָס האָט אונדז זייער באַאומרויִקט (נישט אין קיין לופטשלאַכטן, נאָר פון סאָוועטישע ראַקעטעס אויף ביידע פראָנטן). יעדע שעה וואָרטן איז פאַר מיר געווען ווי הונדערט יאָר, אָבער ס'איז נישט געווען קיין אַנדערע ברירה ווי זיך אײַנעקשנען, אויסהאַלטן און האָפן, אַז די נאָענטסטע שעה וועט מיט זיך ברענגען בעסערע ידיעות. איך האָב טעלעפאָנירט צו דיניצן, אים געזאָגט אַז כ'בין גרייט צו פליִען קיין וואַשינגטאָן, אינקאָגניטאָ, כּדי זיך צו טרעפן מיט ניקסאָנען, צי מיינט ער, דיניץ, אַז די זאַך קען דערליידיקט ווערן. „פרעג זיך גלייך נאָך" — האָב איך אים געזאָגט — „איך וויל פליִען אַזוי שנעל ווי מעגלעך". אָבער דאָס איז נישט געווען נייטיק, ענדלעך האָט ניקסאָן אַליין באַפוילן צו שיקן די ריזיקע גאַלאַקסי־עראָפּלאַנען און דער ערשטער טראַנספּאָרט איז אָנגעקומען דעם 9טן טאָג פון דער מלחמה, דעם 14טן אָקטאָבער. די לופטבאָן איז געווען וויכטיק, נישט אָפּצושאַצן; נישט נאָר וואָס זי האָט געהויבן אונדזער מאָראַל, זי האָט אויך געהאָלפן קלאָר מאַכן אַמעריקעס שטעלונג לגבי דעם ראַטן־פאַרבאַנד און ס'איז גאָר קיין ספק נישט געווען, אַז זי האָט צוגעהאָלפן צו אונדזער נצחון. ווען כ'האָב געהערט, אַז דער עראָפּלאַן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין לוד, האָב איך צום ערשטן מאָל זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה, געוויינט, אָבער נישט צום לעצטן מאָל. יענעם טאָג האָבן מיר אויך פאַרעפנטלעכט די רשימה פון די ערשטע אבדות: 656 ישראלים זענען שוין ביז דעמאָלט געפאַלן אין די שלאַכטן.

אָבער אַפילו די גאַלאַקסי־עראָפּלאַנען, וועלכע האָבן אונדז געבראַכט טאַנקען, אַמוניציע, קליידונג, מעדיצינישע פּראָדוקטן און לופט־לופט־ראַקעטעס, האָבן נישט געקענט ברענגען אַלץ וואָס ס'האָט זיך געפאָדערט. דער עיקר זענען געווען די עראָפּלאַנען. די פאַנטאָמס און די סקײַהאָקס האָט מען געדאַרפט אַנפילן מיט בענזין אין דער לופט. אָבער זיי זענען געקומען. די גאַלאַקסיס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אין לוד, אַפּט מאָל אין אַ טעמפּאָ פון יעדע פופצן מינוט.

ווען עס איז שוין אַלץ געווען פאַרבײַ, אין פרילינג, איז דער אַמעריקאַנער קאָלאָנעל, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער לופטבאָן, געקומען אויף אַ באַזוך קיין ישראל מיט זײַן פרוי און מיר האָבן זיך באַגעגנט. דאָס איז געווען אַ שיין יונג פאָרפאָלק פול מיט ענטוזיאַזם פאַר אונדזער לאַנד און באַוווּנדערונג פאַר אונדזער באָדן־מאַנשאַפט, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט כּמעט איבער נאַכט,

ווי זיך צו באַניצן מיט די ספּעציעלע מכשירים פאַר אויסלאָדן די גיגאַנטן. איך געדענק, אַז כ׳בין אַ מאָל געפאָרן קיין לוד זען ווי עס קומען אָן די גאַלאַקסיס. זיי האָבן אויסגעזען ווי ריזיקע פּרעהיסטאָרישע פליִענדיקע מאָנסטערס און איך האָב געטראַכט: „גאָט צו דאַנקען וואָס איך בין געווען גערעכט און אָפּגעוואָרפן דעם געדאַנק פון אַ פּרעווענטיווער אַקציע! דאָס וואָלט אפשר אײַנגעשפּאָרט לעבנס בײַם אָנהייב, אָבער איך בין זיכער, אַז מיר וואָלטן נישט געהאַט אַט די לופטבאַן וואָס ראַטעוועט איצט אַזוי פיל לעבנס״.

אין צווישן איז דאָ געשפּרונגען פון איין פראָנט צום אַנדערן. בר־לב איז צוריקגעקומען פון צפון און מען האָט אים גלײַך אָפּגעשיקט אויף דרום, אויפצו־קלערן די צעמישונג וואָס האָט זיך דאָרט געשאַפן, ווײַל די גענעראַלן דאָרט האָבן געהאַט צווישן זיך זייער שאַרפע חילוקי־דעות לגבי דער טאַקטיק, וואָס דאַרף געניצט ווערן. מען האָט אים באַפוילן צו בלײַבן דאָרטן אַזוי לאַנג ווי עס וועט זײַן נייטיק. מיטוואָך האָט ער מיר טעלעפאָנירט פון סיני. דאָס איז געווען גלײַך נאָכן קאָלאָסאַלן טאַנקענקאַמף, אין וועלכן אונדזערע כוחות האָבן צעשמעטערט דעם פאַרויסמאַרש פון די מיצרישע פּאַנצער־אײנהייטן. ער האָט אַ פאַמעלעכן, זייער מילדן אופן פון רעדן און ווען איך האָב אים געהערט זאָגן: „ג־אַ־ל־ד־ע, עס וועט זײַן בסדר. מיר זענען ווידער די וואָס מיר זענען, און זיי זענען ווידער די וואָס זיי זענען״, — האָב איך געוווּסט, אַז דאָס ראָד האָט זיך איבערגעדרייט, כאָטש עס האָבן נאָך געוואַרט אויף אונדז בלוטיקע שלאַכטן, אין וועלכע הונדערטער יונגע מענטשן, און אויך עלטערע, האָבן פאַרלוירן זייערע לעבנס. עס פאַרשטייט זיך דעריבער, פאַר וואָס מענטשן האָבן שפּעטער מיט ביטערקייט פאַרגעשלאָגן, אַז די מלחמה זאָל נישט הייסן די יום־כיפּור־מלחמה, נאָר „די מלחמה פון פאָטערס און זין״, וואָרעם גאָר אָפט האָבן טאַטעס און זין געקעמפט אײנער נעבן אַנדערן.

לאַנגע טעג האָט מיך געפּײַניקט דער פּחד, אַז עס וועט זיך עפענען אַ דריטער פראָנט; אַז אויך ירדן וועט צושטיין צו דער אַגרעסיע קעגן אונדז. אָבער ווײַזט אויס, אַז דער מלך כוסיין האָט נישט געהאַט פאַרגעסן זײַן לעקציע אין דער זעקסטאָגיקער מלחמה און צום גליק איז זײַן צושטײַער צו דער יום־כיפּור־מלחמה באַשטאַנען בלויז אין שיקן אַ פּאַנצער־בריגאַדע צו די סיריער אויפן גולן. אָבער דעמאָלט זענען מיר שוין געווען אין שוווּנג פון אונדזער אָנגריף אויף סטראַטעגישע צילן טיף אין סיריע און אונדזער אַרטילעריע האָט דער־גרייכט די פּעריפעריעס פון דמשק. כוסיינס טאַנקען האָבן שוין קיין נוצן נישט געקענט ברענגען.

דעם 15טן אָקטאָבער, אין צענטן טאָג פון דער מלחמה, האָט צה״ל אָנגעהויבן פאַרסירן דעם קאַנאַל, כדי אויפצושטעלן אַן אָנהאַלט אויף דער צווייטער זײַט. איך האָב יענע נאַכט פאַרבראַכט אין מײַן ביוראָ און געמיינט, אַז די נאַכט וועט

זיך קיין מאָל נישט ענדיקן. די צײַט פֿאַרן פֿאַקטישן פֿאַרסירן איז צו ערשט געווען באַשטימט אויף זיבן פֿאַר נאַכט און איך האָב באַשלאָסן צו רופֿן אַ זיצונג פֿון קאַבינעט אַ שעה פֿריִער, כּדי צו קענען איבערגעבן די מיניסטאָרן וואָס עס קומט פֿאָר. האָט מען מיר געמאָלדן, אַז דאָס פֿאַרסירן איז געוואָרן אָפּגעלייגט אויף ניַין אַ זייגער. האָבן מיר אָפּגערוקט די זיצונג אויף אַכט אין אָוונט. אָבער דאָס אַריבערגיין דעם קאַנאַל איז ווידער אָפּגעלייגט געוואָרן, דאָס מאָל אויף צען אַ זייגער און דערנאָך אויף שפּעטער, ווײַל ס'האָט זיך געשאַפֿן אַ שוועריקייט מיט דער בריק. אָבער דערווייל זענען שוין די מיניסטאָרן זיך צונויפֿגעקומען אין מײַן ביוראָ און זענען דאָרט געבליבן די גאַנצע נאַכט, וואַרטנדיק אויף נײַס פֿון דער אָפּעראַציע. יעדע צען אָדער פֿופֿצן מינוט איז עמעץ אַרײַנגעקומען זאָגן: „עס וועט געשען גאָר אין גיכן. בלויז נאָך אַ פֿערטל שעה". אַזוי איז אַריבער די נאַכט אין אַ פֿײַנלעכער שפּאַנונג. די פּאַראַשוטיסטן זענען אַריבער צו דער צײַט, אָבער אַ ביטערער קאַמף האָט פֿאַרהאַלטן די אינפֿאַנטעריע, אַרטילעריע און טאַנקען. כ'האָב נישט געקענט גיין אַהיים. כּל־זמן כ'האָב נישט געוווּסט, אַז דאָס פֿאַרסירן דעם קאַנאַל איז שוין פֿאַרגעקומען. צו מאָרגנס האָב איך גערעדט פֿאַר דער כּנסת. איך בין געווען זייער מיד און דאָך גערעדט בערך פֿערציק מינוט, וואָרעם כ'האָב געהאַט אַ סך צו זאָגן, כאָטש נישט אַלץ איז געווען אַזוי אָנגענעם צו הערן. כ'האָב אָבער, לפּחות, געקענט אינפֿאָרמירן די כּנסת, אַז בעת איך רעד, אָפּערירט שוין אונדזער כּוח אויפֿן מערבֿ־ברעג פֿון קאַנאַל. כ'האָב אויך געוואָלט אויסדריקן עפֿנטלעך אונדזער דאַנקבאַרקייט דעם פּרעזידענט און דעם פֿאָלק פֿון אַמעריקע און פּונקט אַזוי קלאָר מאַכן אונדזער כּעס אויף יענע רעגירונגען, באַזונדערס דער פֿראַנצויזישער און דער בריטישער, וועלכע האָבן באַשלאָסן, אין דער צײַט וואָס מיר האָבן געקעמפֿט פֿאַר אונדזער לעבן, אַרויפֿצולייגן אַן עמבאַרגאָ אויף די געווער־ליפֿערונגען צו אונדז. בעיקר האָב איך געוואָלט, אַז די וועלט זאָל וויסן וואָס עס וואָלט מיט אונדז געשען, ווען מיר וואָלטן פֿאַר דער מלחמה זיך צוריקגעצויגן צו די ליניעס פֿון פֿאַר דער זעקסטאָגיקער מלחמה — אַגבֿ, אָט די זעלבע ליניעס, וואָס האָבן נישט פֿאַרמיידט דעם אויסבראָך פֿון דער זעקסטאָגיקער מלחמה גופֿא. עס זעט אויס, אַז קיינער געדענקט עס נישט הײַנט.

איך האָב קיין מאָל נישט געצווייפֿלט, אַפֿילו קיין איין מינוט נישט, אַז דער אמתדיקער ציל פֿון די אַראַבישע מלוכות איז געווען, און איז אויך הײַנט, די טאָטאַלע פֿאַרטיליקונג פֿון מדינת־ישׂראל; און ווען מיר וואָלטן אַפֿילו זיך צוריקגעצויגן ווײַט אַריבער די ליניעס פֿון 1967, און געוואָרן אַ פּיטשינקע ענקלאַווע, וואָלטן זיי נאָך אַלץ געפּרוּווט זי אויסצוראָטן צוזאַמען מיט אונדז. איך בין אויך נישט אַזוי נאַיִוו צו גלייבן, אַז רעדעס מוזן איטלעכן איבערצײַגן. אָבער דעם 16טן אָקטאָבער 1973, ווען ישׂראל איז נאָך געווען אין אַזאַ סכּנה,

האָב איך געפּילט, אַז ס'איז מײַן חוב צו דערמאָנען די פעלקער, מיטגלידער אין דער אונאָ, און אויך די אַראַבער, פאַר וואָס מיר האָבן אַזוי עקשנותדיק אָנגע־האַלטן — אַפּוואַרטנדיק די שלום־אונטערהאַנדלונגען — די טעריטאָריעס וואָס מיר האָבן דעראָבערט אין 1967. אַזוי האָב איך אין יענעם טאָג געזאָגט דער כּנסת:

עס איז נישט נייטיק קיין רײַכע פאַנטאַזיע צו באַגרײַפן ווי עס וואָלט געווען די לאַגע פון מדינת־ישראל, ווען מיר וואָלטן געשטאַנען אויף די ליניעס פון יוני 1967. ווען עס איז שווער זיך פאָרצושטעלן דאָס דאָזיקע קאָשמאַרן־בילד, זאָל ער אַ טראַכט טאָן וואָס עס איז געשען אויפן צפון־פראָנט — אויף רמת־הגולן — במשך די ערשטע טעג פון קריג. סיריעס אַספּיראַציעס זענען נישט באַגרענעצט צו אַ באַשטימטן שטח; זיי ווילן פון דאָס ניי אָוועקשטעלן זייערע האַרמאַטן אויפן גולן, געצילט אויף די גליל־יישובים, און ראַקעטעס־אײַנריכטונגען קעגן אונדזערע עראָפּלאַנען, צו שיצן זייערע אַרמייען בײַם פּרוּוון אַרײַנדרינגען אין סאַמע האַרץ פון אונדזער לאַנד.

עס איז נישט נייטיק קיין רײַכע פאַנטאַזיע זיך פאָרצושטעלן דעם גורל פון ישראל ווען די מיצרישע אַרמייען וואָלטן באַוויזן צו באַזיגן צה"ל אין סיני און מאַרשירן מיטן גאַנצן כּוח צו די גרענעצן פון ישראל. כ'וועל נישט פאַרשווענדן די צײַט פון דער כּנסת אויף ציטירן קאָמפּעטענטע מעל־דונגען פון די אַראַבישע הערשערס און זייערע וואָרטזאָגערס, וועגן די צילן פון זייער פאַרברעכערישן אָנגריף. פאַר אונדז איז נישטאָ קיין שום ספק, אַז זיי האָבן באַגייט די מלחמה קעגן דעם עצם קיום פון דער יידישער מדינה. דאָס איז אַ מלחמה פאַר אונדזער עצם קיום ווי אַ מדינה און ווי אַ פאָלק. די מיצרישע און סירישע חיילות, געשטיצט דורך אַנדערע לענדער, מיט זייער רײַכן וואָפן, טאַנקען, ראַקעטעס און עראָפּלאַנען, זענען אַרויס אין דער מלחמה מיטן תּירוץ צו דערגיין ביז צו די ליניעס פון 4טן יוני 1967, אָבער זייער הויפּטציל איז צו דעראָבערן און חרוב מאַכן מדינת־ישראל. איז אונדזער חוב צו באַנעמען דעם אמת. איז אונדזער חוב אויפצוקלערן די מענטשן פון גוטן ווילן, וועלכע זענען געניויגט דאָס צו איגנאָרירן. מיר דאַרפן באַנעמען אָט דעם אמת אין זײַן גאַנצן ערנסט, כּדי מיר זאָלן קענען אָנגיין מיטן מאָביליזירן, סײַ בײַ אונדז סײַ בײַם יידישן פאָלק, די נייטיקע רעסורסן צו באַזיגן אונדזערע שונאים און זיי צוריקשלאָגן ביזן פולשטענדיקן נצחון.

איך האָב אויך געוואָלט ציִען די אויפמערקזאַמקייט אויף דער סאָוועטישער שולד און דער רישעותדיקער ראָלע פון ראַטן־פאַרבאַנד אין מיטעלן מיזרח.

די סאָוועטישע האַנט איז קענטיק אין דער אויסשטאַטונג, אין דער טאַקטיק און אין דער מיליטערישער דאָקטרינע, וואָס די אַראַבישע אַרמייען פּרוּוון

נאָכמאָכן און אַדאַפּטירן. די ברייטע סאָוועטישע שטיצע פאַר ישראלס שונאים אין דער צייט פון דער מלחמה האָט זיך מאַניפעסטירט בפרט אין דער לופטבאַן וואָס האָט זיך געצויגן צו די פּליפּלעצער פונעם שונא און אין די שיפן וואָס זענען געשוווּמען צו די פּאָרטן פון די אַנגרייפערס. די סאָוועטישע עראָפּלאַנען און שיפן פירן מיליטערישע אויסשטאַטונג, אַריינגערעכנט ראַקעטעס פון פאַרשיידענע סאָרטן און מען קען אויך אָננעמען, אַז מיט די עראָפּלאַנען קומען אויך ראַטגעבערס, עקספּערטן און סטראַטעגן, ווי אויך אַנדערע ספּעציאַליסטן אין אָפּעראַטיווע ענינים, אין מיליטערישער אויסשטאַטונג און באַוואָפענונג.

די סאָוועטישע לופט־טראַנספּאָרטן האָבן ביזן 15טן אָקטאָבער געבראַכט פאַר סיריע 125 אַנטאָנאָוו־12 עראָפּלאַנען; פאַר מצרים 42 אַנטאָנאָוו־12 עראָפּלאַנען און נאָך 16 אַנטאָנאָוו־22־עראָפּלאַנען; פאַר איראַק — 17 אַנטאָנאָוו־12 עראָפּלאַנען.

מיטן ים זענען אָנגעקומען צום פּאָרט לאַטקאַיע רוסישע שיפן מיט שווערער אויסשטאַטונג. באַריכטן פון אינפאָרמאַציע־דינסט גיבן איבער, אַז די סאָוועטן האָבן אַריינגעצויגן אויך אַנדערע לענדער פון סאָוועטישן בלאָק אין דער אַקציע איבערצושיקן הילף פאַר מצרים און סיריע. אַזאַ האַנדלונג מצד די סאָוועטן גייט ווייַט אַריבער די גרענעצן פון אומפּריינדלעכער פּאָלי־טיק. דאָס איז אַ פּאָליטיק פון אומפאַראַנטוואָרטלעכקייט נישט נאָר לגבי ישראל נאָר אויך לגבי דעם גאַנצן מיטעלן מיזרח און לגבי דער גאַנצער וועלט.

דערנאָך בין איך צוריק אוועק אין מיַין ביוראָ, דערפילן איינע פון מייַנע שווערסטע פליכטן — נאָך איינע פון די פיל באַגעגענישן מיט דערשלאָגענע עלטערן פון בחורים, וועלכע זענען פאַרלוירן געגאַנגען אין די שלאַכטן. איינע פון די שרעקלעכסטע זייטן פון דער יום־כּיפּור־מלחמה איז געווען, דאָס וואָס מיר האָבן אין משך פון אַ סך טעג נישט געקענט פעסטשטעלן דעם גורל פון די זעלנערס, וועלכע האָבן נישט באַוויזן זיך צו פאַרבינדן אויף קיין שום אופן מיט זייערע משפּחות, זינט די מלחמה איז אויסגעבראָכן. ישראל איז אַ קליין לאַנד און איר אַרמיי, ווי יעדער ווייסט, איז אַ פּאָלקסאַרמיי פון אַ באַגרענעצטן רעגולערן כּוח און פון רעזערוויסטן. מיר האָבן קיין מאָל נישט געקעמפט ווייַט פון אונדזערע אייגענע גרענעצן און דער קאָנטאַקט צווישן די זעלנערס און זייערע משפּחות ווערט שטענדיק ענג אָנגעהאַלטן. אָבער די דאָזיקע מלחמה האָט שוין געדויערט לענגער פון אַלע אַנדערע וואָס מיר האָבן געמוזט פירן — מיטן אויסנאַם פון דער באַפרייַאונגס־מלחמה — און געקומען איז זי אומגעריכט. רעזערוויסטן איבערן גאַנצן לאַנד זענען גערופן געוואָרן פון די בתי־כּנסיות און פון זייערע היימען. געווען אַזעלכע, וואָס אין דער גרויסער אייַלעניש האָבן

זיי נישט באַוויזן אָפּצוזוכן זייערע מעטאַלענע אידענטיפיקאַציע־אָפּצייכנס, וועלכע זיי טראָגן אויפֿן האַלדז, אָדער בכלל נישט געקענט געפֿינען זייערע אײנהייטן. רעזערוויסטן פֿון די פּאַנצער־אײנהייטן האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין אימפּראָוויזירטע טאַנקען־מאַנשאַפֿטן, געשפּרונגען פֿון איין ברענענדיקן טאַנק אין אַ צווייטן און ווען אויך דער פֿלעגט אויפֿרײַסן — אין אַ דריטן. פֿאַרשטייט זיך, אַז די מלחמה קעגן אונדז האָט זיך געפֿירט מיט שרעקלעכע כּלי־זיין, די אַנטי־טאַנק־ראַקעטעס, וואָס די רוסן האָבן צוגעשטעלט די מיצרים און די סיריער, און וואָס האָבן אַזוי צעפּלאַמט די טאַנקען, אַז זייערע מאַנשאַפֿטן זענען פֿאַרברענט געוואָרן און דאָס אידענטיפֿיצירן איז אָפֿט געווען כּמעט אוממעגלעך. איינע פֿון צה״לס שטאָלצסטע טראַדיציעס איז וואָס ער לאָזט קיין מאָל נישט איבער קיין טויטע און פֿאַרווונדיקטער אין די הענט פֿון שונא. אָבער אין די ערשטע טעג פֿון דער יום־כּיפּור־מלחמה איז אָפֿט נישט געווען קיין אַנדערע ברירה, און הונדערטער עלטערן זענען געווען שטאַרק פֿאַרזאָרגט. „איז ער טויט?, ווו איז זײַן קערפּער? איז ער אין געפֿאַנגענשאַפֿט? פֿאַר וואָס ווייסט נישט קיינער וועגן דעם?״

כ׳האָב שוין געהאַט דורכגעמאַכט די דאָזיקע יסורים מיט די עלטערן פֿון די בחורים, וואָס זענען געפֿאַלן אין געפֿאַנגענשאַפֿט בעת דער אויסמאַטערונג־מלחמה, און עס זענען געווען טעג, אין ווינטער 1973, ווען איך האָב קוים געהאַט כּוח צו טרעפֿן זיך מיט אַ נײַער גרופּע עלטערן, וויסנדיק, אַז איך האָב זיי גאָרנישט וואָס צו זאָגן; די מיצרים און די סיריער נישט נאָר וואָס זיי האָבן אָפּגעזאָגט צוצושטעלן די רשימות מיט די נעמען פֿון די געפֿאַנגענע ישׂראלים פֿאַרן רויטן קרייץ, שוין חדשים נאָכן פֿײַער־איבעררײַס, נאָר זיי האָבן אפֿילו נישט צוגע־לאָזט אונדזערע מיליטערישע רבנים צו זוכן די קערפּערס פֿון די געפֿאַלענע.

אָבער ווי האָב איך געקענט אָפּזאָגן די עלטערן און פּרויען, וואָס האָבן געמיינט, אַז אויב זיי וועלן נאָר באַווײַזן מיך צו זען, וועל איך, ווי דורך אַ כּישוף, האָבן עפּעס אַן ענטפֿער פֿאַר זיי, כאָטש כ׳האָב געוווּסט, אַז טיף אין זייער האַרצן האָבן אַ טייל פֿון זיי מיר פֿאַרגעוואָרפֿן, אַז איך בין די שולדיקע אין דער מלחמה און אין אונדזער נישט־צוגעגרייטקייט. האָב איך מיט זיי אַלע זיך געטראָפֿן און דער רוב זייערער זענען געווען מוטיקע מענטשן. אַלץ וואָס זיי האָבן פֿון מיר געוואָלט, איז געווען אַן אינפֿאָרמאַציע, אַ פֿאַקט, אַ פּונקט, ווי ביטער ער זאָל נישט זײַן, כּדי זיי זאָלן זיך קענען אָנהאַלטן אין אים. עפּעס ממשותדיקס צו פֿאַרגרינגערן זייער ווייטיק. אָבער לאַנגע וואָכן איז נישט געווען וואָס זיי צו זאָגן. נאָך יעדער אַזאַ באַגעגעניש מיט די עלטערן, האָב איך געטראַכט וועגן זייערע עלטערן אין 1948, ווען עס זענען געפֿאַלן זעקס טויזנט קרבנות — איין פּראָצענט פֿון גאַנצן יישוב, וואָס איז געהרגעט געוואָרן אין פֿאַרלויף פֿון אַכצן חדשים.

צענדליקער שעהען האָב איך פֿאַרבראַכט מיט די דאָזיקע אומגליקלעכע

עלטערן, כאָטש אַלץ וואָס איך האָב זיי געקענט זאָגן ביים אָנהייב איז געווען, אַז מיר טוען אַלץ וואָס מיר קענען, כּדי צו געפינען זייערע זין און אַז מיר וועלן נישט מסכּים זיין צו קיין שום אָפּמאַך. וואָס וועט נישט כּולל זיין דאָס אומקערן די געפאַנגענע. אָבער וויפל געפאַנגענע זענען פאַראַן? כ׳האָב, דאַכט זיך, קיין מאָל נישט געוואָלט עפּעס מיט אַזאַ עקשנות און גיריקייט, ווי אַט די רשימות פון די מלחמה־געפאַנגענע, מיט וועלכע מען האָט אַזוי לאַנג און גרויליק געפאַכעט פאַר אונדזערע אויגן. פאַראַן אַ סך זאַכן וואָס איך פערזענלעך וועל קיין מאָל נישט מוחל זיין די מיצרים און די סיריער, אָבער איבער אַלץ און אַלעמען, דאָס אָפּהאַלטן די דאָזיקע אינפאָרמאַציעס אין משך פון אַזוי פיל טעג, צוליב פּשוטער רישעות, כּדי צו ניצן די פּיין פון די ישראלדיקע עלטערן ווי אַ פּאָליטישע קאָרט קעגן אונדז.

נאָכן פייַער־איבעררייַס און נאָך חדשים אונטערהאַנדלונגען, וואָס האָבן צום סוף דערפירט צו דער כּוחות־סעפּעראַציע אויף ביידע פראָנטן און אונדזערע געפאַנגענע זענען ענדלעך צוריקגעקומען פון סיריע און פון מצרים, האָט די וועלט סוף־סוף באַנומען וואָס מיר האָבן שוין געוווּסט זינט יאָרן: אַז אַלע שיינע זאַכן, ווי למשל די זשענעווער קאָנפערענץ, באַדייַטן אַבסאָלוט גאָרנישט, ווען יידן פאַלן אַרייַן אין די הענט פון אַראַבער — און באַזונדערס אין די הענט פון די סיריער. מען האָט אפשר בעסער פאַרשטאַנען אונדזער שרעק פאַר די מלחמה־געפאַנגענע. אָפּט מאָל, ווען כ׳פלעג זיצן מיט די טיף באַזאָרגטע עלטערן, פרויען און טעכטער, אויסהערנדיק זייערע פלענער וועגן נאָך אַ פּעטיציע אָדער דעמאָנ־סטראַציע, און איך פלעג איבערחזרן, אַז מיר טוען וואָס מיר קענען, האָב איך אין זיך געטראַכט, אַז די עינויים וואָס אונדזערע שונאים זענען גורם זענען ערגער ווי דער טויט.

אַרום דעם 19טן אָקטאָבער, דעם דרייַצנטן טאָג פון דער מלחמה, כאָטש די קאַמפן האָבן זיך נאָך נישט געהאַט געענדיקט, האָט קאָסיגין איילִיק באַזוכט קאַיִר. זייַנע „קליענטן" האָבן בלי־ספק, געהאַלטן ביים פאַרלירן די מלחמה, וועלכע זיי האָבן אָנגעהויבן מיט זייַן הילף. הייסט עס, אַז מען האָט געדאַרפט ראַטעווען נישט נאָר דעם מיצרישן „פּרעסטיזש", נאָר אויך דעם פּרעסטיזש פון רוסלאַנד גופא. די מיצרים האָבן נישט נאָר נישט באַוויזן צו ליקווידירן דעם ישראלדיקן אָנהאַלט אויף דער מערב־זייט פון קאַנאַל, נאָר זיי האָבן איצט געמוזט מודה זייַן פאַר זייער בעל־הבית, אַז צה״ל האָט זיך פאַרפעסטיקט אויף דער אַנדערער זייַט קאַנאַל, אַרום 60 מייַל פון קאַיִר, אויף אַ שטח, וואָס איז אין ישראל שנעל באַקאַנט געוואָרן ווי „אַפריקע". נאָך שווערער איז געווען דער מצב פון רוס־לאַנדס צווייטן „קליענט", סיריע. דערפאַר האָבן די רוסן געהאַנדלט לויט זייער שטייגער: געפאָדערט אַ שנעלן פייַער־איבעררייַס. נישט וויכטיק ווער עס האָט אָנגעהויבן די מלחמה און ווער עס האָט זי פאַרלוירן. וויכטיק איז בלויז אַרויס־

צונעמען די אַראַבער פֿון דער בלאָטע אין װעלכער זײ זענען פֿאַרקראָכן און ראַטעװען די מיצרישע און סירישע כּוחות פֿון אַ טאָטאַלן חורבן.

אָבער כאָטש נישט מיר האָבן געװאָלט די יום־כּיפּור־מלחמה און נישט מיר האָבן זי אָנגעהױבן, האָבן מיר געקעמפֿט און זי געװוּנען, און אונדזער אײנציקער ציל איז געװען — שלום. דאָס מאָל װעלן מיר רויִק נישט באַגראָבן אונדזערע טויטע און קוקן װי די אַראַבער און זײערע באַשיצערס װעלן אין דער אונאָ געפֿינען אַ טרײסט פֿאַר זײער דערנידערונג. דאָס מאָל װעלן זיך די אַראַבער מוזן מיט אונדז באַגעגענען, נישט נאָר אויפֿן שלאַכטפֿעלד, נײַערט אויך בײַם טיש פֿון די אונטערהאַנדלונגען און צוזאַמען מיט אונדז געפֿינען אַ לײזונג פֿאַרן פּראָבלעם, װאָס האָט אָפּגעקאָסט טויזנטער יונגע לעבנס, זײערע און אונדזערע, אין די לעצטע דרײַסיק יאָר. אין משך פֿון יאָרן האָבן מיר גערופֿן „שלום" און געהערט דעם אָפּהילך „מלחמה", װאָס איז צו אונדז דערגאַנגען פֿון דער אַנדערער זײַט. אין משך פֿון יאָרן האָבן מיר נישט נאָר זיך צוגעקוקט װי עס פֿאַלן אונדזערע זין, נאָר מיר האָבן אויך טאָלערירט אַזאַ גראָטעסקע סיטואַציע, װאָס זעט אויס כּמעט אומגלײבלעך: די אַראַבישע לענדער זענען גרײט געװען צו אָנערקענען די עקזיסטענץ פֿון מדינת־ישׂראל בלויז דאַן װען זײ האָבן זי אַטאַקירט כּדי זי צו ליקװידירן.

כ'געדענק, װי צוריקפֿאָרנדיק פֿון מײַן ביוראָ איבער די גאַסן פֿון תּל־אָבֿיבֿ, מיט אויסגעלאָשענע ליכט, אין אײנער פֿון די נעכט אין װעלכע עס זענען אין מאָסקװע פֿאָרגעקומען די ברעזשניעװ־קיסינדזשער־געשפּרעכן װעגן אַ פֿײַער־איבעררײַס, האָב איך אין דער שטיל זיך געשװוירן, אַז אויף װיפֿל דאָס װעט זײַן אָפּהענגיק פֿון מיר, װעט די מלחמה זיך ענדיקן מיט אַ שלום־אָפּמאַך, װאָס װעט אויסמעקן, אײן מאָל פֿאַר אַלע מאָל, די דרײַ באַרימטע אַראַבישע „נײנס", װעלכע זענען דערקלערט געװאָרן אין כאַרטום נאָך דער זעקס־טאָגיקער מלחמה, װען זײער ענטפֿער אויף אונדזער רוף צו באַגעגענען זיך און אונטערהאַנדלען איז געװען: נישט קײן אָנערקענען, נישט קײן אונטערהאַנדלען און נישט קײן שלום! איך האָב געקוקט אויף די טונקעלע פֿענצטער אין די הײַזער און זיך געפֿרעגט, הינטער װעלכע פֿון זײ זיצן איצט משפּחות שבֿעה און הינטער װעלכע באַמיִען זיך מענטשן צו לעבן װי שטענדיק, כאָטש ס'איז נאָך אַלץ נישט געװען קײן ענטפֿער אויף דער פֿראַגע: װוּ איז ער? איז ער טויט ערגעץ אין סיני, טויט אויפֿן גולן אָדער געפֿאַנגען? יענע נאַכט האָב איך געשװוירן, אַז כ'װעל אַלץ טאָן װאָס איז אין מײַן כּוח, כּדי צו ברענגען דעם שלום, אין װעלכן עס נײטיקט זיך דאָס אַראַבישע פֿאָלק נישט װײניקער פֿון אונדז, אַ שלום װאָס קען דערגרײכט װערן בלויז דורך אונטערהאַנדלונגען.

מיט עטלעכע טעג פֿריִער, דעם 13טן אָקטאָבער, האָב איך גערופֿן אַ פּרעסע־קאָנפֿערענץ און אַ זשורנאַליסט האָט מיך געפֿרעגט, צי ישׂראל װאָלט מסכּים

געווען אויף אַ פייַער־איבעררייַס, באַזירט אויף די ליניעס וואָס האָבן עקזיסטירט דעם 5טן אָקטאָבער, אין טאָג פאַר דער אַראַבישער אַגרעסיע.

„עס האָט קיין זינען נישט" — האָב איך געענטפערט — „צו ספּעקולירן מיט וואָס ישראל וועט יאָ אָדער נישט מסכּים זייַן, וואָרעם אונדזערע שכנים אין דרום און אין צפון האָבן דערווייַל נישט אויסגעדריקט קיין ווונטש אָפּצושטעלן די קאַמפּן. ווען עס וועט אויפקומען אַ פאָרשלאָג אויף אַ פייַער־איבעררייַס, וועלן מיר אים זייער ערנסט באַטראַכטן און דעצידירן אונדזער שטעלונג, ווייַל מיר ווילן ענדיקן די מלחמה אַזוי שנעל ווי מעגלעך".

„אָבער" — האָב איך צוגעגעבן — „כאָטש מיר זענען זייער אַ קליין פאָלק און עס איז נישטאָ קיין פאַרגלייַך אין צאָל צווישן אונדזער אַרמיי און די אַר־מייען פון יעדען איינעם פון די לענדער וואָס קעמפן קעגן אונדז; און כאָטש מיר פאַרמאָגן נישט די רייַכקייט אין געווער און אַמוניציע ווי זיי, פאַרמאָגן מיר אָבער עפּעס וואָס גיבן אונדז די אייבערהאַנט: שינאה צו מלחמה און צו טויט".

איצט, אין אַנבליק פונעם דרוק איבער אונדז אין שייַכות מיטן פייַער־איבער־רייַס, בין איך ביי מיר געווען פעסטער ווי שטענדיק, אַז מיר טאָרן נישט מאַכן קיין ממשותדיקע קאָנצעסיע וואָס אַנטהאַלט נישט קיין דירעקטע אונטערהאַנד־לונגען צו יעדער צייַט און אויף יעדן אָרט וואָס די אַראַבער וועלן אויסקלייַבן. דאָס הייסט נישט, אַז איך האָב נישט דערשאַצט דעם נאָפּטבאָיקאָט, מיט וועלכן סאַוד־אַראַביע, ליביע, קוווייט און אַנדערע אַראַבישע אויפגעקלערטע לענדער האָבן געהאַלטן אין קלעם די מערבדיקע וועלט אַרייַנגערעכנט אַמעריקע; אָבער מיר האָבן געמוזט באַשטימען אַ גרענעץ צו אונדזער נאָכגיביקייט.

אין לעצטן חשבון, פּשוט, איז דער גורל פון די קליינע לענדער אָפּהענגיק פון די גרויסמאַכטן, וואָס האָבן שטענדיק זייערע אייגענע אינטערעסן. מיר וואָלטן געוואָלט, אַז דער רוף צו אַ פייַער־איבעררייַס זאָל קומען מיט עטלעכע טעג שפּעטער כּדי די מפּלה פון די סירישע און מיצרישע אַרמייען זאָל זיין נאָך אַ שטאַרקערע, ווי זי איז געווען. דעם 21טן אָקטאָבער איז געווען פולשטענדיק קלאָר, אַז דאָס וואָלט זיכער געקענט געשען אין אַ קורצע צייַט. אין צפון פון איסמאַיליאַ איז אונדזער דרוק אויף דער מיצרישער צווייטער אַרמיי געווען גאָר שטאַרק. אין דרום פון סועץ האָבן מיר געהאַלטן בייַם פאַרענדיקן דאָס אַרומרינגלען די מיצרישע דריטע אַרמיי. אויפן גולן זענען די סירישע פּאָזיציעס אויפן חרמון אַריבער אין אונדזערע הענט. מיר האָבן געהאַט אַן אַבסאָלוטע אייבערהאַנט אויף ביידע פראָנטן און גענומען טויזנטער געפאַנגענע. אָבער פאַר־שטייט זיך, אַז דיפּלאָמאַטיש איז סאָדאַט געווען אין אַ שטאַרקערער פּאָזיציע פון אונדז. ער האָט געהאַט מיט וואָס צו רייצן און צוציִען די אַמעריקאַנער: זיי צוריקברענגען אין מיטעלן מיזרח און אַנולירן דעם נאַפּט־עמבאַרגאָ. אויך דער ראַטן־פאַרבאַנד האָט געהאַט אייגענע איבערצייַגונגס־מיטלען. מאָסקווע איז־

טערעסן זענען בלי־ספק געשטאַנען אין סכּנה. דערפֿאַר בין איך נישט געווען איבעראַשט ווען דעם 22טן אָקטאָבער אין דער פֿרי האָט דער זיכערקייטס־ראָט אָנגענומען די רעזאָלוציע, וואָס האָט גערופֿן צו אַ פֿײַער־איבעררײַס, וועלכער האָט געדאַרפֿט אַרײַן אין קראַפֿט אין משך פֿון צוועלף שעה.

ס'איז נישט געווען קיין שום ספֿק, אַז די רעזאָלוציע 338, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן מיט אַזאַ אײַלעניש איז געווען געצילט אויסצומײַדן דעם טאָטאַלן חורבן פֿון די מיצרישע און סירישע כּוחות, כאָטש מען האָט, אין אַ באַשטימטער מאָס, פּאַראַליזירט די פּיל. די רעזאָלוציע האָט גערופֿן „אָנצוהייבן אונטערהאַנדלונגען צווישן די צדדים אונטער אַ פּאַסיקן פּאַטראָנאַט, מיטן ציל צו דערגרייכן אַ יושרדיקן און דויערהאַפֿטיקן שלום אין מיטעלן מיזרח", זי האָט אָבער נישט אָנגעוויזן ווי אַזוי דאָס דאַרף געטאָן ווערן. דער אַמעריקאַנער אויסערן־מיניסטער איז געפֿלויגן פֿון מאָסקווע קיין ירושלים, כּדי מיך איבערצוצײַגן, אַז מיר דאַרפֿן אָננעמען דעם פֿײַער־איבעררײַס, און מיר האָבן געגעבן אונדזער הסכּמה. אָבער די סירער האָבן עס אין גאַנצן נישט אָנגענומען און כאָטש די מיצרים האָבן געמאָלדן זייער הסכּמה, האָבן זיי דעם 22טן אָקטאָבער נאָך נישט אויפֿגעהערט צו שיסן. די קאַמפֿן זענען אָנגעגאַנגען און מיר האָבן דערגאַנצט דאָס אַרומרינגלען די דריטע אַרמיי, געווינענדיק דעם קאָנטראָל איבער טיילן פֿון דער שטאָט סועץ.

דעם 23טן אָקטאָבער האָב איך דערקלערט אין דער כּנסת אַז מיר נעמען אָן דעם פֿײַער־איבעררײַס. איך האָב געוואָלט, אַז דאָס פֿאָלק אין ישׂראל זאָל וויסן, אַז נישט צוליב מיליטערישער שוואַכקייט האָבן מיר דאָס אָנגענומען און עס אויך נישט געבעטן. אויב די מיצרים וועלן נישט אײַנהאַלטן דעם פֿײַער־איבעררײַס, האָב איך געזאָגט, וועלן מיר עס זיכער נישט פֿאַרשווײַגן. אונדזער פּאָזיציע אויף ביידע פֿראָנטן איז אַ בעסערע ווי איידער די מלחמה איז אויסגעבראָכן. אמת, די מיצרים האָבן געהאַלטן אַ שמאָלן פּאַס אויף דער מיזרח־זײַט פֿון סועץ־קאַנאַל, אָבער צה"ל איז געזעסן אויף אַ גרויסן שטח פֿון דער מערבֿ־זײַט, און אין צפֿון, אויפֿן גולן, האָבן מיר אָקופּירט דעם גאַנצן שטח, וואָס איז געווען אונטער אונדזער קאָנטראָל פֿאַר דער מלחמה און מיר זענען אַרײַנגעדרונגען אין אַן אויסשניט פֿון סיריע גופֿא. פֿון דעסטוועגן, האָב איך געזאָגט, און יעדעס וואָרט האָב איך געמיינט מיטן גאַנצן הארצן, ווײַל ישׂראל, אַז די שלום־אונטערהאַנדלונגען זאָלן זיך גלײַך אָנהייבן, אין דער זעלבער צײַט מיטן פֿײַער־איבעררײַס. זי קען באַווײַזן די בייטיקע אינערלעכע שטאַרקייט צו דערגרייכן אַ בכּבֿודיקן שלום אין זיכערע גרענעצן, אָבער כּל־זמן די מיצרים און די סירער וועלן אַזוי נישט טראַכטן און האַנדלען, וועט דאָס אַלץ זײַן נישט מער ווי ווערטער.

די מלחמה איז אַרײַן אין נײַנצעטן טאָג, מיט אַ נײַעם קריזיס. סאָדאַט האָט געפֿאָדערט, וויסנדיק גאַנץ גוט אַז מיר וועלן עס נישט אָננעמען, אַז אַ סאָוועטיש־אַמעריקאַנישער כּוח זאָל האָבן די השגחה איבערן פֿײַער־איבעררײַס און

די רוסן האָבן זיך שוין אָנגעהויבן צו גרייטן אַרײַנצוטרעטן אין ראַיאָן פון מיטעלן מיזרח. נישט איך דאַרף דערציילן וועגן דער קאַמפּס־גרייטקייט בײַ די אַמע־ריקאַנער. כ׳וויל נאָר אײן זאַך זאָגן וועגן דעם. כ׳ווייס, אַז אין אַמעריקע זענען בשעתו געווען אַ סך וואָס האָבן געהאַלטן, אַז דער פּרעזידענט ניקסאָן האָט „אויסגעטראַכט" דעם גרייטקייט־צושטאַנד, כּדי אָפּצווווענדן די אויפמערקזאַמ־קייט פונעם וואָטערגייט־ענין. איך האָב עס דעמאָלט נישט געגלייבט און איך גלייב עס אויך איצט נישט. איך האָב קיין מאָל נישט געהאַלטן, אַז איך צייכן זיך אויס מיט אומגעוויינלעכער מענטשן־קענטעניש, אָבער אין דער דאָזיקער תּקופה פון מײַן לעבן מײן איך אַז איך קען וויסן ווען אַ מענטש רעדט מיט אמתער איבערצײַגונג.

צווישן די זכרונות וועגן פּרעזידענט ניקסאָן, וואָס האָבן זיך אין מיר בולט אויפגעהיט איז פאַראַן אַ שמועס וואָס מיר האָבן געהאַט אין וואַשינגטאָן, ווען צוויי אַמעריקאַנער דיפּלאָמאַטן זענען דערהרגעט געוואָרן דורך טעראָריסטן אין כאַרטום. דעם אָוונט אײדער מען האָט זיי אומגעבראַכט האָב איך געהאַט אַן אויפנאַמע אין ווײַסן הויז. פאַרן אַרײַנגיין צום אָוונטברויט, זענען מיר געשטאַ־נען — דער פּרעזידענט ניקסאָן, פּרוי ניקסאָן, יצחק רבין (דעמאָלט אונדזער אַמ־באַסאַדאָר אין אַמעריקע) און איך — און מיר האָבן געשמועסט וועגן דעם וואָס עס קומט פאָר אין כאַרטום. פּרעזידענט ניקסאָן האָט זייער רויִק זיך אָנגערופן צו מיר: „איר דאַרפט וויסן, פּרוי מאיר, אַז איך וועל זיך קיין מאָל נישט אונ־טערגעבן קיין שאַנטאַזש. קיין מאָל נישט. אויב כ׳וועל איצט מאַכן פּשרות מיט די טעראָריסטן, וועל איך שטעלן אין סכּנה דאָס לעבן פון אַ סך מער מענטשן אין דער צוקונפט". ער האָט נישט אָנטוישט. שפּעטער בעת זײַן באַזוך אין ישראל אין 1974 — ווען מיר האָבן נאָר וואָס געהאַט דורכגעלעבט די אומבאַשרײַבלעכע רציחה וואָס די טעראָריסטן האָבן דורכגעפירט אויף די קינדער אין מעלות — האָט ניקסאָן ווידער באַרירט די טעמע. „איך בין אויפגעצויגן געוואָרן" — האָט ער מיר געזאָגט בעת זײַן וויזיט בײַ מיר אין דער היים, אין ירושלים — „צו פילן אַן אָפּשטויס פאַר טויטשטראָף. איך קום פון אַ קוויקער־משפּחה, אָבער מיט טעראָריסטן קען מען אַנדערש נישט האַנדלען. איר טאָרט זיך קיין מאָל נישט אונטערגעבן דעם שאַנטאַזש".

אין בײדע פאַלן בין איך געווען אַבסאָלוט זיכער, אַז דער מענטש וואָס רעדט צו מיר — נישט פאַר דער פּרעסע און נישט פאַר די טעלעוויזיע־אַפּאַ־ראַטן — רעדט מיט פולער אויפריכטיקייט און איך בין נאָך אַלץ איבערצײַגט, אַז ניקסאָן האָט דעם 24טן אָקטאָבער 1973 באַפוילן דעם גרייטקייט־צושטאַנד אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי, ווײַל ער איז נישט גרייט געווען זיך אונטערצו־געבן דעם סאָוועטישן שאַנטאַזש, מיטן דעטאַנט צי אָן דעם דעטאַנט. דאָס איז, לויט מײַן מיינונג ,געווען אַ געפערלעכער באַשלוס, אַ מוטיקער און אַ ריכטיקער.

אָבער דאָס האָט פֿאַרשאַרפֿט דעם קריזיס און עמעץ האָט געדאַרפֿט באַצאָלן, כּדי די שפּאַנונג זאָל אָפּגעשוואַכט ווערן. איבעריק צו זאָגן, אַז דעם פּרײַז האָט מען געפֿאָדערט פֿון ישׂראל. מיר האָבן, צווישן אַנדערן, געדאַרפֿט דערלויבן דורכ־צופֿירן אַפּראָוויזאַציע פֿאַר דער אַרומגערינגלטער מיצרישער דריטער אַרמיי און אויך אַקצעפּטירן אַ צווייטן פֿײַער־איבעררײַס, וואָס האָט געדאַרפֿט אַרײַן אין קראַפֿט און זײַן אונטער דער אויפֿזיכט פֿון אַן אונאָ־כּוח. די פֿאָדערונג, מיר זאָלן שפּײַזן די מיצרישע דריטע אַרמיי, געבן איר וואַסער און בכלל העלפֿן אירע 20,000 זעלנערס קומען צו זיך נאָך זייער מפּלה, איז בשום־אופֿן נישט געווען קיין ענין פֿון הומאַניטאַרישקייט. מיר וואָלטן גערן זיי דאָס אַלץ געגעבן, ווען די מיצרים וואָלטן גרייט געווען אַוועקצוואַרפֿן זייער געווער און גיין אַהיים. אָבער דווקא דאָס האָט פּרעזידענט סאַדאַט געוואָלט אויסמײַדן. ער האָט בשום־אופֿן נישט געוואָלט, אַז דאָס מיצרישע פֿאָלק זאָל וויסן, אַז ישׂראל האָט ווידער צוריקגעשטויסן אַן אַנגריף — דערצו נאָך, וואָס אין משך פֿון איינציקע טעג, אין אָקטאָבער, זענען די מיצרים געווען פֿאַרשיכּורט פֿון זייער מכּלומרשטן נצחון איבער אונדז. דערפֿאַר איז דאָ ווידער געקומען צום אויסדרוק די זאָרג פֿאַר די איידעלע געפֿילן פֿון אַראַבישן אַגרעסאָר, אַנשטאָט צו זאָרגן פֿאַר די קרבנות פֿון דער אַראַבישער אַגרעסיע און מען האָט פֿון אונדז געפֿאָדערט אײַנצוגיין אויף פּשרות אין נאָמען פֿון „וועלט־שלום".

„לאָמיר, לכל הפּחות" — האָב איך אין יענער וואָך געזאָגט אויף אַ רעגי־רונגס־זיצונג — „אָנרופֿן די זאַכן בײַ זייער ריכטיקן נאָמען. שוואַרץ איז שוואַרץ און ווײַס איז ווײַס. פֿאַראַן בלויז איין לאַנד צו וועלכן מיר קענען זיך ווענדן און אַ מאָל אויך מוותּר זײַן פֿאַר אים — אַפֿילו אויב מיר ווייסן, אַז מיר טאָרן עס נישט טאָן. אָבער דאָס איז אונדזער איינציקער מאַכטיקער, אמתער פֿרײַנד. מיר דאַרפֿן נישט זאָגן יאָ אויף יעדע זאַך, אָבער לאָמיר אָנרופֿן די זאַכן בײַ זייער אמתדיקן נאָמען. נישטאָ וואָס זיך צו שעמען, ווען אַ קליין לאַנד ווי ישׂראל, אין אַזאַ לאַגע, דאַרף אַ מאָל נאָכגעבן אַמעריקע. ווען מיר זאָגן יאָ, דאַרפֿן מיר, למען־השם, נישט מאַכן קיין אַנשטעל, אַז מיר מיינען עפּעס אַנדערש און אַז שוואַרץ איז ווײַס".

אָבער נישט מיט אַלעם האָבן מיר מסכּים געווען. מיר האָבן געהאַט מינימאַלע פֿאַרלאַנגען, וועלכע איך האָב אויסגערעכנט פֿאַר דער כּנסת, דעם 23טן אָקטאָבער.

אונדזער כּוונה איז אויפֿצוקלערן און פֿאַרזיכערן, צווישן אַנדערן, אַז דער פֿײַער־איבעררײַס איז מחייב אַלע רעגולערע כּוחות, וועלכע סטאַציאָ־נירן אויפֿן שטח פֿון דער מדינה וואָס נעמט אויף זיך דעם פֿײַער־איבער־רײַס, אַרײַנרעכענענדיק די כּוחות פֿון פֿרעמדע מדינות, ווי די פֿון איראַק און ירדן אין סיריע, ווי אויך די כּוחות אַרײַנגעשיקטע דורך אַנדערע אַראַ־בישע מדינות, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין דער מלחמה.

דער פֿײַער־איבעררײַס איז אויך חל אויף די נישט־רעגולערע כּוחות, וואָס אָפּערירן קעגן ישׂראל און געפֿינען זיך אין די לענדער, וועלכע האָבן אויף זיך גענומען דעם פֿײַער־איבעררײַס.
דער פֿײַער־איבעררײַס דאַרף פֿאַרזיכערן, אַז מען וועט אויסמײַדן אַ בלאָקאַדע אָדער אַ שטערונג פֿאַר דער פֿרײַער נאַוויגאַציע, אײַנשליסנדיק נאַפֿטטאַנקערס אין באַב־על־מאַנדעב־דורכגאַנג, אויפֿן וועג קיין אילת.
דער פֿײַער־איבעררײַס דאַרף פֿאַרזיכערן, אַז די אינטערפּרעטאַציע פֿונעם באַגריף „אונטערהאַנדלונגען צווישן די צדדים" מיינט דירעקטע אונטערהאַנדלונגען און מען דאַרף, פֿאַרשטייט זיך, פֿאַרזיכערן, אַז די פּראָצעדור, דאָס אָנצייכענען די מאַפּעס און דאָס קאָנטראָלירן דעם פֿײַער־איבעררײַס זאָל באַשטימט ווערן דורך אַן אָפּמאַך.
אַ גאָר וויכטיקער ענין... איז די באַפֿרײַאונג פֿון די געפֿאַנגענע. די ישׂראל־רעגירונג האָט באַשלאָסן צו פֿאָדערן אַ תּיכּפֿדיקן אויסטויש פֿון געפֿאַנגענע. מיר האָבן דאָס באַהאַנדלט מיט דער אַמעריקאַנער רעגירונג, וועלכע האָט אָנטייל גענומען אין דער איניציאַטיוו פֿון פֿײַער־איבעררײַס.
אין דער רשימה איז נישט געווען קיין שום נײַעס, קיין שום אויסערגעוויינטלעכע זאַך, און קיין שום זאַך וואָס מיר האָבן דערויף נישט געהאַט קיין רעכט, לויט וועלכער עס איז קריטעריע.

ביים דאָזיקן פּונקט איז די צענטראַלע פּערזענלעכקייט אין מיטעלן מיזרח נישט געווען פּרעזידענט סאַדאַט, נישט פּרעזידענט אַסאַד, נישט דער קעניג פֿייסאַל און אויך נישט פֿרוי מאיר. געווען איז עס דער אַמעריקאַנער אויסערן־מיניסטער, ד"ר הענרי קיסינדזשער, וועמענס אַנשטרענגונגען לטובֿת דעם שלום אין אונדזער ראַיאָן קענען בלויז באַצייכנט ווערן ווי איבערמענטשלעכע. מײַנע באַציִונגען מיט קיסינדזשערן האָבן געהאַט עליות און ירידות. צײַטנווײַז פֿלעגן זיי ווערן זייער קאָמפּליצירט און איך ווייס, אַז טייל מאָל האָב איך אים דערנערווירט און אפֿשר אַפֿילו אַרײַנגעבראַכט אין כּעס, פּונקט ווי ער האָט מיך אַרײַנגעבראַכט אין כּעס. איך האָב אָבער באַוווּנדערט זײַנע אינטעלעקטועלע פֿעיִקייטן, זײַן געדולד און אויסדויער, וואָס האָבן נישט קיין גרענעץ און צום סוף זענען מיר געוואָרן גוטע פֿרײַנד. איך האָב זיך אויך באַגעגנט און פֿאַרבראַכט אַ צײַט אין ישׂראל מיט זײַן פֿרוי, כ'האָב זי ליב געקראָגן און געווען שטאַרק באַגײַסטערט פֿון איר. איך מיין, אַז איינע פֿון קיסינדזשערס אײַנדרוקפֿולסטע אייגנשאַפֿטן איז זײַן איבעראַשנדיקע פֿעיִקייט זיך צו פֿאַרנעמען מיט די קלענסטע איינצלהייטן פֿון יעדער פּראָבלעם, וואָס ער האָט זיך אונטערגענומען צו לייזן. ער האָט מיר אַ מאָל דערציילט, אַז מיט צוויי יאָר פֿריִער, האָט ער נאָך נישט געהאַט געהערט פֿון אַן אָרט מיטן נאָמען קונעטראַ, אָבער ווען ער איז געווען אַרײַנגעטאָן אין די אונטערהאַנדלונגען בנוגע דער סעפּאַראַציע פֿון די סירישע און ישׂראלדיקע

כוחות אויף רמת־הגולן, איז דאָרט נישט געווען קיין וועג, קיין הויז און אַפילו נישט קיין בוים, ער זאָל נישט וויסן וועגן דעם אַלץ וואָס איז געווען בײַטיק צו וויסן. און איך האָב אים דעמאָלט געזאָגט; „מיטן אויסנאָם פון די פריִער־דיקע גענעראַלן, וועלכע זענען מיטגלידער פון ישראלדיקן קאַבינעט, גלייב איך נישט צי מיר האָבן אַ מיניסטער, וואָס ווייסט אַזוי פיל וועגן קונעטראַ ווי איר".

ווען ער האָט געשטעלט זײַנע ערשטע טריט אויף דעם לאַנגן און פעלדזיקן וועג, וואָס האָט געדאַרפט פירן צו דער כוחות־סעפּאַראַציע אויפן גולן און מיר האָבן אים געזאָגט, אַז מיר קענען נישט מוותר זײַן אויף באַשטימטע פּאָזיציעס אויף די בערג לעבן קונעטראַ, ווײַל דאָס וואָלט געהייסן שטעלן אין סכנה די ישראלדיקע ייִשובים אונטן, האָט ער עס אויפגענומען סקעפּטיש. „איר רעדט וועגן אָט די בערגלעך, ווי זיי וואָלטן געווען די אַלפּן אָדער די הימאַלאַיען" — האָט ער צו מיר געזאָגט — „איך בין געווען אויפן גולן און דאָרט נישט געזען קיין אַלפּן". אָבער ווי זײַן שטייגער, האָט ער אויסגעהערט זייער אויפמערקזאַם, שטודירט יעדן פּרט פון דער טאָפּאָגראַפיע, און ווען ער האָט אײַנגעזען אַז מיר זענען גערעכט, איז ער גרייט געווען צו פאַרלירן לאַנגע טעג כדי צו איבער־צײַגן אַסאַדן, אַז אין דעם אָדער יענעם פונקט מוזן די סיריער נאָכגעבן און צום סוף האָבן זיי טאַקע נאָכגעגעבן. די גאַנצע צײַט איז ער געפאָרן אַהין און צוריק, ווי ער וואָלט קיין מאָל נישט געוווּסט וואָס עס באַדײַט דאָס וואָרט „מידקייט".

עטלעכע מאָל האָבן די סיריער איבערגעריסן די אונטערהאַנדלונגען און קיסינדזשער האָט שוין געהאַט צוגעגרייט פּראָיעקטן פון דעקלאַראַציעס פאַר זיי און פאַר אונדז, כדי מען זאָל קענען לפּחות זאָגן, אַז דער משא ומתן ווערט בלויז אָפּגעלייגט, אָבער נישט, אַז ער ווערט איבערגעריסן. דעם לעצטן טאָג איז ער געקומען צו אונדז מיט אַ נײַער פאָדערונג פון אַסאַדן, וועלכע מיר האָבן אָפּ־געוואָרפן: „ניין, דאָס נישט, דאָס קענען מיר נישט אַקצעפּטירן". קיסינדזשער האָט געענטפערט: „הייסט עס, אַז דאָס איז דער סוף. סיסקאָ וועט הײַנט פליִען קיין דמשק מיט אינסטרוקציעס צו זאָגן, אַז עס וועלן מער נישט זײַן קיין אונ־טערהאַנדלונגען און אַז מיר שלאָגן פאָר אַרויסצוגעבן אַ בשותּפותדיקן קאָמוניקאַט".

דעם זעלבן טאָג, נאָך מיטאָג, איז קיסינדזשער אַרײַנגעקומען צו מיר — ער האָט געדאַרפט אַרויספאָרן בײַ נאַכט — און ווידער געזאָגט: „אפשר האָלט איר, אַז אַנשטאָט סיסקאָ זאָל איך אַליין פאָרן קיין דמשק?". „איך וואָלט נישט געהאַט די העזה אײַך דאָס צו בעטן" — האָב איך געענטפערט — „איר האָט מיר געזאָגט, אַז איר וועט זיך קיין מאָל נישט באַגעגענען מיט גראָמיקאָן אין דמשק און טאַקע דאָרט געפינט ער זיך איצט". קיסינדזשער האָט עטלעכע מינוט זיך פאַרטראַכט און דערנאָך געזאָגט: „יאָ, איך וועל אים מוזן זען, כאָטש אויף עטלעכע מינוט, בלויז אים צו באַגריסן, ווי מיינט איר? איך וועל טאָן וואָס

איר וועט פאַרשלאָגן". האָב איך געענטפערט: „איך ווייס נאָך איין זאַך, אויב איר וועט פאָרן, איז פאַראַן אַ שאַנס, אַז איר וועט דאָס מאָל עפּעס דערגרייכן. אַנדערש איז בכלל נישטאָ קיין האָפענונג". דזשאָזעף סיסקאָ, וועלכער איז מיט אונדז געווען אין צימער, האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געזאָגט: „איך בין פול־שטענדיק מסכּים". „אָ. קעי" — האָט קיסינדזשער געזאָגט — „איך וועל פליִען, מעגלעך, אַז איך וועל פאָרט עפּעס קענען אויפטאָן", און ער איז גלײַך אַוועק־געפאָרן.

ער איז צוריקגעקומען קיין ישראל אַרום 1.30 פאַר טאָג און פון עראָפּלאַן האָט ער אונדז געמאָלדן, אַז ער וויל מיט אונדז האָבן אַ זיצונג גלײַך נאָכן אָנקום, 2.30 פאַר טאָג. ער איז געקומען פריש און אויסגערוט, ווי ער וואָלט פאַרבראַכט דעם לעצטן חודש אויף אורלויב, כאָטש אַלע אַרום זענען געווען אויסגעמאַטערט. ער איז אַרײַנגעקומען לוסטיק און געזאָגט: „ס'איז אין אָרדענונג. מיר האָבן דערלײדיקט". פאַרשטייט זיך, ווען קיסינדזשער וואָלט געווען דער אויסערן־מיניסטער פון גאַבאָן, וואָלט ער ווײַט מיט די סיריער נישט דערגאַנגען. אָבער ער האָט געהאַט אַלץ: אינטעליגענץ, פלינקייט, אויסדויער און דערצו האָט ער רעפּרעזענטירט די גרעסטע מאַכט אויף דער וועלט. דאָס אַלץ צוזאַמען איז באמת געווען זייער עפעקטיוו.

וואָס שייך דעם פאַקט וואָס ער איז אַ ייִד, האָט דאָס, דאַכט זיך, נישט געהאָלפן און נישט געשטערט אין די אַלע חדשים פון די אונטערהאַנדלונגען, אָבער אויב ער איז געווען מיט אונדז עמאָציאָנעל פאַרבונדן, האָט ער עס קיין מאָל נישט אַרויסגעוויזן אַפילו אויף קיין איין מינוט נישט, אין דעם וואָס ער האָט געזאָגט אָדער געטאָן אין אונדזער נאָמען. ווען ער איז צום ערשטן מאָל געקומען קיין סאַוד־אַראַביע, האָט פייסאַל געהאַלטן פאַר אים אַ לאַנגע דרשה איבער „קאָ־מוניסטן, ישראלים און ייִדן". פייסאַלס טעאָריע מיט אַלע פּרטים — אַז ייִדן האָבן געשאַפן די קאָמוניסטישע באַוועגונג, כּדי צו דעראָבערן די וועלט. אַ טייל פון דער וועלט איז שוין אין זייערע הענט און אין דעם טייל, וואָס זיי קענען נישט דעראָבערן, באַזעצן זיי מיט ייִדן די וויכטיקסטע רעגירונגס־אַמטן. און ער האָט צוגעגעבן: „ווייסט איר, אַז גאָלדע מאיר איז געבוירן אין קיִעוו?" „יאָ" — האָט קיסינדזשער געענטפערט. „באַדייט עס פאַר אײַך גאָרנישט?" „ניין" — האָט קיסינדזשער געזאָגט. „קיעוו, רוסלאַנד, קאָמוניזם — דאָס איז די פאָרמל" — האָט פייסאַל דערקלערט. דערנאָך האָט ער אים געפּרוּווט געבן אַ מתּנה „די פּראָטאָקאָלן פון די זקני־ציון", די באַוווּסטע צאַרישע פאַלסיפי־קאַציע, אָבער קיסינדזשער האָט, פאַרשטייט זיך, דאָס נישט געוואָלט אָננעמען.

איך האָב געהאַט אייניקע אָדער צוויי שווערע שמועסן מיט קיסינדזשערן אין שײַכות מיט די סאָוועטישע און מיצרישע באַשולדיקונגען, אַז מיר האָבן געשטערט דעם פײַער־איבעררײַס. קיסינדזשער איז, ווײַזט אויס, געווען גענויגט עס אָנצו־

געמען, און אײן מאָל האָט מיר דיניץ געקלונגען פון וואַשינגטאָן, און זיך געבעטן, אַז איך זאָל קיסינדזשערן פערזענלעך פאַרזיכערן, אַז נישט מיר האָבן געשטערט דעם פײַער־איבעררײַס. די גאַנצע וואָך איז אָנגעגאַנגען צווישן אונדז אַ קאָרעס־פּאָנדענץ, אין וועלכער ניקסאָן און קיסינדזשער האָבן אונדז געבעטן נאָכצו־געבן — קודם אין איין זאַך, דערנאָך אין אַ צווייטער און דערנאָך אין אַ דריטער — און כאָטש כ׳האָב גוט פאַרשטאַנען די אַמעריקאַנער פּאָזיציע לגבי דעם ראַטן־פאַרבאַנד, האָט מיך אָבער באַאומרויִקט דער דאָזיקער שטראָם פון פאָדערונגען. איך האָב געשריבן צו קיסינדזשערן אַ בריוו און אים געבעטן, ער זאָל מיר זאָגן מיט איין מאָל אַלץ וואָס ער וויל און דערנאָך זאָלן מיר זיך באַגעגענען און זיך באַמיִען אָנצונעמען באַשלוסן, אַנשטאָט אַ נײַע בקשה יעדע עטלעכע שעה. ווען דיניץ האָט ווידער טעלעפאָנירט, האָב איך באַשלאָסן אָנצו־קלינגען צו קיסינדזשערן און רעדן מיט אים, אַנשטאָט צו שיקן אים נאָך אַ בריוו. איך האָב אים געזאָגט: „איר קענט זאָגן אויף אונדז וואָס איר ווילט און טאָן וואָס איר ווילט, אָבער מיר זענען נישט קיין ליגנערס. די באַשולדיקונגען זענען נישט קיין ריכטיקע״.

דעם 31טן אָקטאָבער בין איך אַפּגעפלויגן קיין וואַשינגטאָן, פּרוּוון אויס־צוגלײַכן די אָנגעשטרענגטע באַציִונגען וואָס האָבן זיך געשאַפן און פערזענ־לעך אויפצוקלערן, פאַר וואָס באַשטימטע פאָדערונגען, וועלכע ווערן אונדז גע־שטעלט, זענען נישט בלויז נישט־יושרדיקע, נאָר מ׳קען זיי פשוט נישט אָננעמען. אַ טאָג פריִער בין איך געווען אין „אַפריקע״, צוזאַמען מיט דײַנען און מיט דאָדאָ, באַזוכט דאָרט די קאָמאַנדירן, געהערט זייערע אויפקלערונגען און פאַרבראַכט אַ צײַט מיט די מיליטער־לײַט. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף דרײַ פּלעצער, אויפן פראָנט. די זעלנערס זענען געווען איבערראַשט מיך צו זען אין סאַמע מידבר און איך, פון מײַן זײַט, האָב אוודאי נישט דערוואַרט, אַז איך וועל דאַרפן ענטפערן אויף פראַגעס, מיט וועלכע עס וועלן מיך באַוואַרפן די בחורים אויף דער מיצריִשער ערד. איך האָב גערעדט פאַר גרויסע פאַרזאַמלונגען פון זעל־נערס, אַ מאָל טיף אונטער דער ערד, אַ מאָל אויפן זאַמד, בײַ אַ געצעלט, און אַ מאָל אין אַ צעשאָסענעם מיצרישן צאָלאַמט, אין סועץ. ס׳רוב שאלות האָבן, פאַרשטייט זיך, געהאַט צו טאָן מיטן פײַער־איבעררײַס. פאַר וואָס האָבן מיר דערלויבט צוצופירן אַפּראָוויזאַציע דער דריטער אַרמיי? פאַר וואָס האָבן מיר מסכּים געווען אויף אַ פּריצײַטיקן פײַער־איבעררײַס? ווו זענען אונדזערע גע־פאַנגענע? איך האָב זיך באַמיט אויפצוקלערן די פאַקטן פון פּאָליטישן לעבן. דערנאָך בין איך אַפּגעפלויגן אויפן גולן, וווּ מען האָט מיר געשטעלט די זעלבע פראַגעס.

אויך איך האָב געהאַט פראַגעס, אויף וועלכע איך האָב נישט באַקומען קיין צופרידנשטעלנדיקע ענטפערס. איך בין נאָך אַלץ געווען אויפגעבראַכט אויף

מייַנע סאָציאַליסטישע חברים אין אייראָפּע, פאַר וואָס זיי האָבן נישט דערלויבט צו לאַנדן די פאַנטאָמס און סקייַהאָקס, כּדי צו נעמען בענזין, בשעת דער לופטבאַן־אָקציע. עטלעכע וואָכן נאָך דער מלחמה האָב איך טעלעפאָנירט צו ווילי בראַנד, וועלכן מען רעספּעקטירט שטאַרק אין סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל און אים געזאָגט: „איך האָב נישט צו קיינעם קיין פּאָדערונגען, אָבער איך וויל רעדן צו מייַנע פרייַנד. פּשוט פון נייַגער וועגן וואָלט איך וועלן וויסן וואָס פאַר אַ זינען קען האָבן דער סאָציאַליזם, אויב אין גאַנץ אייראָפּע איז קיין איין סאָציאַליסטיש לאַנד נישט גרייט געווען צו העלפן דער איינציקער דעמאָקראַטישער מדינה אין מיטעלן מיזרח. איז עס מעגלעך, אַז דעמאָקראַטיע און ברידערלעכקייט האָבן נישט קיין שום ווערט, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אונדז? בכל־אופן וויל איך הערן מיט מייַנע אייגענע אויערן, פאַר וואָס האָבן די פירערס פון די סאָציאַליסטישע רעגירונגען נישט געוואָלט אונדז העלפן".

די זיצונג פון דער אָנפירונג פון סאָציאַליסטישן אינטערנאַציאָנאַל איז גערופן געוואָרן אין לאַנדאָן און אַלע זענען געקומען. ביי אַזעלכע באַגעגענישן נעמען אָנטייל די פירערס פון סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, סיי פון די וועלכע זענען בייַ דער מאַכט, סייַ פון די, וואָס זענען אין דער אָפּאָזיציע, אין פּאַרלאַמענט. דאָס מאָל, היות ווי איך האָב גערופן די זיצונג, האָב איך זי אויך געעפנט. איך האָב גענוי איבערגעגעבן מייַנע חברים סאָציאַליסטן ווי די סיטואַציע האָט אויסגעזען, ווי אַזוי מען האָט אונדז אַטאַקירט אומדערוואַרט, ווי אַזוי מיר האָבן זיך באַנאַרישט, גלייבנדיק נאַיִוו דעם אויסטייטש פון די באַריכטן פון אונדזער אינפאָרמאַציע־דינסט, און ווי אַזוי מיר האָבן געוווּנען די מלחמה. אָבער אין משך פון עטלעכע טעג איז דער מצב געווען זייער אַ דעליקאַטער. דערנאָך האָב איך געזאָגט: „איך וויל בלויז פאַרשטיין, אין ליכט פון דעם אַלעם, וואָס איז באמת סאָציאַליזם ביים היינטיקן טאָג. אָט זענט איר אַלע דאָ. קיין איין צענטימעטער פון אייַער טעריטאָריע האָט איר נישט געשטעלט צו אונדזער דיספּאָזיציע, כּדי צו דערמעגלעכן דאָס לאַנדן און אָנפילן מיט בענזין די עראָפּלאַנען, וואָס האָבן אונדז געראַטעוועט פון אַ חורבן. איצט, שטעלט אייַך פאָר, ווען ניקסאָן וואָלט געזאָגט: איך באַדויער זייער, אָבער אַזוי ווי מיר האָבן אין אייראָפּע נישט קיין אָרט אויף אָנצופילן מיט בענזין אונדזערע עראָפּלאַנען, קען איך, נישט געקוקט אויף מייַן גוטן ווילן, גאָרנישט טאָן פאַר אייַך. וואָס וואָלט איר דעמאָלט, איר אַלע, געטאָן? איר קענט אונדז און איר ווייסט ווער מיר זענען. מיר זענען אַלע אַלטע חברים, פרייַנד נישט פון נעכטן. וואָס האָט איר געטראַכט? צוליב וועלכע סיבות האָט איר באַשלאָסן נישט צו לאָזן אָנפילן די דאָזיקע עראָפּלאַנען מיט בענזין? גלייבט מיר, אַז איך בין געווען די לעצטע צו קוקן מיט ביטול אויף דעם פאַקט, אַז מיר זענען בלויז איין קליינינקע ייִדישע מדינה און אַז עס עקסיסטירן איבער צוואַנציק אַראַבישע מדינות מיט ריזיקע טעריטאָריעס, מיט

אין־סופיקע נאַפּט־רעזערוון און מיט ביליאָנען דאָלאַרן. אָבער וואָס איך וויל הײַנט פון אײַך וויסן קלאָר איז, צי זענען די דאָזיקע אַלע זאַכן דעצידירנדיקע פאַקטאָרן אויך אין סאָציאַליסטישען געדאַנק?״.

ווען כ'האָב געענדיקט, האָט דער פאַרזיצער געפרעגט, צי עמעץ וויל נעמען א וואָרט, אָבער קיינער האָט זיך נישט אָנגערופן. דעמאָלט האָט עמעץ הינטער מיר — כ'האָב זיך נישט געוואָלט אויסדרייען צו אים, כדי אים נישט שטעלן אין א פאַרלעגנהייט — געזאָגט מיט דער גאַנצער קלאָרקייט: „אַוודאי קענען זיי נישט רעדן. זייערע העלדזער שטיקן זיך מיט נאַפּט״. כאָטש עס איז פאַרגע־קומען אַ דיסקוסיע, איז בעצם געבליבן ווייניק וואָס צו זאָגן. יענער מאַן, וועמענס פּנים כ'האָב קיין מאָל נישט געזען, האָט שוין אַלץ געזאָגט.

אין וואַשינגטאָן האָב איך פאַרבראַכט אַנדערטהאַלבן שעה מיטן פּרעזידענט ניקסאָן. די פּרעסע האָט געוואָלט וויסן, צי מען דריקט אויף ישראל צו גיין אויף נײַע וויתּורים צו די אַראַבער. כ'האָב זיי פאַרזיכערט, אַז עס איז נישט פאַראַן קיין שום דרוק. „אויב אַזוי, פרוי פּרעמיער־מיניסטער״ — האָט זיך אָנגערופן איינער פון די זשורנאַליסטן — „צו וואָס זײַט איר געקומען קיין וואַשינגטאָן?״ „טאָקע זיך צו איבערצײַגן, אַז ס'איז נישט פאַראַן קיין דרוק״ — האָב איך געענטפערט — „דאָס אַליין איז ווערט געווען די אָנשטרענגונג!״

דער ברענפּונקט אין מײַנע שמועסן מיט קיסינדזשערן איז געווען פאַרבונדן מיט די ליניעס פונעם פײַער־איבעררײַס אין דרום און דאָס זענען נישט געווען קיין לײַכטע שמועסן און נישט קיין אָנגענעמע. איך האָב געבראַכט אַ פאַרשלאַג פון זעקס פּונקטן און כ'געדענק, אַז קיסינדזשער און איך זענען אַ גאַנצע נאַכט געזעסן אין בלער־הויז, ווו איך בין אײַנגעשטאַנען. אין אַ געוויסן מאָמענט האָב איך אים געזאָגט: „אייגנטלעך, ווייסט איר אַלץ וואָס מיר האָבן צו זאָגן. איר קענט דעם גייסט וואָס הערשט בײַ אונדז. פּאַקטיש בעט איר בײַ מיר צו פאָרן אַהיים און העלפן צעשטערן דעם דאָזיקן גײַסט און דערנאָך וועט מען זיך נישט מער נייטיקן אין קיין שום הילף״.

דער טעקסט פון אָפּמאַך צווישן ישראל און מצרים איז אונטערגעשריבן געוואָרן דעם 11טן נאָוועמבער 1973 אויפן קילאָמעטער 101, אויפן וועג קאַיר־סועץ. אין נאָמען פון ישראל האָט אונטערגעשריבן גענעראַל אַהרון יריב, אין נאָמען פון מצרים — גענעראַל אַבדעל גאַמאַסי. אָט זענען די פּונקטן:

1. מצרים און ישראל זענען מסכּים שטרענג אָפּצוהיטן דעם פייער־איבער־רײַס, וואָס עס האָט פאַרלאַנגט דער זיכערקייט־ראַט פון דער אונאָ.
2. ביידע צדדים זענען מסכּים תּיכּף אָנצוהייבן די אינטערהאַנדלונגען כּדי צו רעגולירן די פראַגע פון אומקערן זיך צו די פּאָזיציעס פון 22טן אָקטאָבער אין דער ראַם פון סעפּאַראַציע־אָפּמאַך אונטערן פּאַטראָנאַט פון דער אונאָ.
3. די שטאָט סועץ וועט טאָג־טעגלעך באַקומען צוגעשטעלט עסנוואַרג,

וואַסער און מעדיקאַמענטן. די פאַרוואונדיקטע ציווילע אײַנוווינערס אין שטאָט וועלן עוואַקויִרט ווערן.
4. עס וועט נישט זײַן קיין שום שטערונג פאַר אַ נישט־מיליטערישער אָפּראַוויזאַציע־באַוועגונג צום מיזרח־ברעג.
5. די ישראלדיקע וואַכפּאָסטנס אויפֿן וועג קאַיִר־סועץ וועלן פאַרביטן ווערן אויף וואַכפּאָסטנס פון דער אונאָ. בײַם עק פון שאָסיי, אין סועץ, וועלן ישראל־דיקע אָפיצירן זיך קענען מיטבאַטייליקן מיט דער אונאָ אין דער אויפזיכט איבערן נישט־מיליטערישן כאַראַקטער פון טראַנספּאָרט בײַם ברעג פון קאַנאַל.
6. באַלד ווי עס וועלן אויפגעשטעלט ווערן די קאָנטראָל־פּונקטן פון דער אונאָ אויפן שאָסיי קאַיִר־סועץ וועט פאָרקומען אַן אויסטויש פון אַלע מלחמה־געפאַנגענע, אַרײַנגערעכנט די פאַרוואונדיקטע.

צום ערשטן מאָל זינט אַ פערטל יאָרהונדערט איז פאָרגעקומען אַ דירעקטער, פּשוטער און פערזענלעכער קאָנטאַקט צווישן ישראלים און מיצרים. זיי זענען געזעסן צוזאַמען אין געצעלטן, אויפגעקלערט די פּרטים פון דער מיליטערישער סעפּאַראַציע און זיך געגעבן די הענט. אונדזערע מלחמה־געפאַנגענע זענען צוריק־געקומען פון מצרים, סײַ די וואָס זענען געפאַנגען געוואָרן אין דער אויסמאַטערונג־מלחמה, סײַ די פון דער יום־כּיפּור־מלחמה. בדרך־נס זענען זיי אַלע צוריקגעקומען אָן דעם מינדסטן גײַסטיקן שאָדן, נישט געקוקט אויף אַלע זייערע איבערלעבונגען, כאָטש אייניקע האָבן געוויינט ווי קליינע קינדער, ווען מיר האָבן זיך באַגעגנט. זיי האָבן אַפילו געבראַכט מיט זיך מתּנות, זאַכן וואָס זיי האָבן געמאַכט אין תּפיסה, צווישן זיי אַ ווײַס־בלויען מגן־דוד וועלכן זיי האָבן אַליין אויסגעשטריקט, און וואָס איז געוועזן זייער פאָן אין משך פון דער לאַנגער געפאַנגענשאַפט. „איצט, אַז אונדזער ,אײנהייט׳ גייט זיך פונאַנדער" — האָט צו מיר געזאָגט אַ גרופּע יונגע אָפיצירן — „ווילן מיר אײַך געבן די פאָן". איך האָב זי אַרײַנגעטאָן אין אַ ראַם און זי הענגט אויף דער וואַנט אין מײַן שטוב.

אָבער מיר האָבן נאָך אַלץ גאַרנישט געוווסט וועגן אונדזערע געפאַנגענע אין סיריע און כּמעט יעדן טאָג זענען פאָרגעקומען מיליטערישע לוויות פון בחורים, וועלכע זענען דערהרגעט געוואָרן אין סיני און וואָס ערשט איצט האָט מען אין זאַמד געפונען זייערע פאַרשרפּעטע קערפּערס. מען האָט זיי אידענטיפי־צירט און געבראַכט צו קבורה. דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס נישט געקוקט אויף דעם פאַרשטאַרקטן געפיל, אַז אפשר וועט דאָס מאָל די כּוחות־סעפּאַראַציע פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אמתן שלום, איז די אַלגעמיינע שטימונג אין ישראל געווען אַ שווערע. פון אַלע שיכטן אין דער באַפעלקערונג האָט זיך געטראָגן די פאָדערונג די רעגירונג זאָל זיך אָנגעבן אין דעמיסיע. מען האָט באַשולדיקט די רעגירונג, אַז די שוואַכע צוגרייטונג פון דער אַרמיי איז געווען אַ רעזולטאַט פון אַ שלעכטער אָנפירונג, פון זאָרגלאָזיקייט און פון מאַנגל אין קאָמוניקאַציע

צווישן דער רעגירונג און דעם פֿאָלק.

עס זענען אויפֿגעקומען אַ צאָל פּראָטעסט־באַוועגונגען. זײ האָבן אַרויסגעהויבן פֿאַרשײדענע ענינים און האָבן געהאַט פֿאַרשײדענע פּראָגראַמען, אָבער אַלע האָבן זײ פֿאַרלאַנגט אַז ענדערונג. עס האָבן זיך אַנגעשלאָסן אין זײ רעזערוויסטן, וואָס האָבן זיך אָפֿט מאָל אויסגעדריקט האַסטיק און אַ מאָל אַפֿילו אין אַ פֿאָרם וואָס האָט מיר זײער װײ געטאָן. איך האָב נישט מסכּים געווען מיט אַ סך טענות זײערע וואָס שײך דער פֿאַרגאַנגענהײט, אָבער אַ טײל פֿון זײער קריטיק איז געווען אַ באַרעכטיקטע. בכל־אופֿן האָב איך געדאַרפֿט אויסהערן וואָס זײ האָבן צו זאָגן, און כ׳האָב זיך באַגעגנט מיט אַ סך יונגע מענטשן פֿון די דאָזיקע באַוועגונגען. איך האָב זיך באַמיט זײ צו פֿאַרגרינגערן דאָס רעדן מיט מיר און כ׳פֿלעג באַמערקן, אַז אָפֿט זענען זײ געווען איבערראַשט פֿון דעם חילוק צווישן דער פֿרוי וואָס האָט זײ אויסגעהערט אַזוי אויפֿמערקזאַם און דעם בילד וואָס זײ האָבן זיך געמאַכט וועגן מיר. אין יענער אַטמאָספֿער, וואָס איז געווען אָנגעלאָדן מיט חשדים און באַשולדיקונגען, זענען זײ, דאַכט זיך, אָפֿט געוואָרן איבערראַשט פֿון דעם וואָס איך האָב זײ געהאַט צו זאָגן.

אַ גרויסער טײל פֿונעם אויסגעשרײ איז געווען עכט. אַ סך איז פּאַקטיש געווען אַ נאַטירלעכער אויסדרוק פֿון צאָרן מחמת אַ סעריע פֿאַטאַלע דורכפֿאַלן, וואָס זענען פֿאָרגעקומען. אין שטורעם פֿון פּראָטעסט האָט מען געפֿאָדערט נישט נאָר מײַן אָדער דײַנס דעמיסיע. דאָס איז געווען אַ רוף צו באַזײַטיקן פֿון דער סצענע אַלע די אויף וועלכע מען האָט געקענט אַרויפֿוואַרפֿן די אחריות פֿאַר דעם געשעענעם, און אָנהײבן פֿון דאָס נײַ מיט יִינגערע מענטשן, וואָס זענען נישט געווען פֿאַרפֿלעקט מיט דער באַשולדיקונג, אַז זײ האָבן פֿאַרפֿירט דאָס פֿאָלק. דאָס איז געווען אַן עקסטרעמע רעאַקציע אויף אַן עקסטרעמען מצב אין וועלכן מיר האָבן זיך געפֿונען. און דעריבער, הגם דאָס האָט זײער װײ געטאָן, האָט מען עס געקענט פֿאַרשטײן. אָבער אַ טײל פֿון דאָזיקן אויסבראָך איז געווען אַ בײזוויליקער און אַ טײל איז פּשוט געווען דעמאַגאָגיע מצד דער אָפּאָזיציע וועלכע האָט געוואָלט שלאָגן קאַפּיטאַל פֿון אַ נאַציאָנאַלער טראַגעדיע.

אין דער ערשטער פּאָליטישער דעבאַטע אין דער כּנסת, נאָך דער מלחמה, האָב איך זיך צוגעהערט צו די רעדעס פֿון דער אָפּאָזיציע, אַרײַנגערעכנט בעגינען און תּמירן, וועלכע האָבן פֿון מיר געריסן שטיקער. אין די רעדעס איז געווען אַזוי פֿיל רעטאָריק און טעאַטראַלישקײט, אַז כ׳האָב זײ פּשוט נישט געקענט פֿאַרטראָגן און ווען כ׳בין אויפֿגעשטאַנען אָפּצושליסן די דעבאַטע, האָב איך זײ געזאָגט, אַז דער כאַראַקטער פֿון זײערע רעדעס איז געווען אַזאַ, אַז כ׳וועל זײ נישט ענטפֿערן. „כ׳וויל בלויז זאָגן אײן זאַך" — האָב איך געזאָגט — „כ׳וויל ציטירן מײַנעם אַ טײַערן פֿרײַנד, פֿון די פּועלי־ציון אין אַמעריקע, וועלכער האָט אַ מאָל אָנטײל גענומען אין אַ וויכּוח איבער גאָר אַן ערנסטן ענין — כאָטש

ער איז ווײַט נישט געווען אַזוי ערנסט ווי דער ענין איבער וועלכן מיר רעדן איצט. איינער האָט זיך אַוועקגעשטעלט און גערעדט אָן שום אָנשטרענג און מיט אַזאַ לײַכטקייט, אַז מײַן פֿרײַנד דערויף נאָר אַ זאָג געטאָן: ,ווען ער וואָלט כאָטש געשטאַמלט צי געצווייפֿלט פֿון מאָל צו מאָל". דאָס זעלבע געפֿיל האָב איך געהאַט לגבי דעם שטראָם פֿראַזעאָלאָגיע אין דער כּנסת. בעגין און תּמיר האָבן גערעדט וועגן אַ חורבן וואָס איז שיער נישט געשען, וועגן מענטשן וואָס זענען געהרגעט געוואָרן, אָדער געבליבן אינוואַלידן, וועגן מוראדיקע זאַכן, אָבער זיי האָבן גערעדט אַזוי פֿליסיק, אַפֿילו אָן דער קלענסטער פּויזע, אַז מיך האָט עס געעקלט.

אין צענטער פֿון שטורעם איז געשטאַנען משה דיין. אויף וויפֿל איך דערמאָן זיך, איז די ערשטע אָפֿענע ווענדונג, וואָס האָט געפֿאָדערט זײַן דעמיסיע, געקומען פֿונעם יוסטיץ־מיניסטער אין מײַן רעגירונג, יעקב־שמשון שאַפּירא. עס וועט קיין מאָל נישט אויסוועפּן אין מיר דער כּעס, וואָס ער האָט אַרויסגערופֿן און מיר מיט דער דאָזיקער פֿאָדערונג זײַנער פּונקט אין ערגסטן מאָמענט פֿון קריזיס, ערב דעם צווייטן פֿײַער־איבעררײַס און ער האָט עס געטאָן אויף אַ זיצונג, ווויסנדיק אַז די פּרעסע וועט עס אויפֿכאַפּן. און ווי דאָס וואָלט נאָך נישט געווען גענוג, האָט מען מיר איבערגעגעבן, אַז ער איז אַרומגעגאַנגען אין כּנסת־בופֿעט, פֿון איין גרופּע צו דער אַנדערער און וועגן דעם דערציילט. איך האָב אים פֿאַרבעטן צו מיר. ער איז געקומען אין מײַן ביוראָ און געזאָגט: ,,וויסנדיק, אַז איר וועט נישט פֿאָדערן, אַז דיין זאָל אַוועקגיין, בין איך געקומען אָפּגעבן מײַן דעמיסיע". איך האָב געהאַט צו אים בלויז צוויי שאלות. כ'האָב נישט געהאַט בדעה אים צו בעטן ער זאָל בלײַבן, ווײַל, לויט מײַן מיינונג, האָט ער מיר נישט איבערגעלאָזט אַזאַ מעגלעכקייט. אָבער איך האָב געוואָלט וויסן, קודם־כּל, פֿאַר וואָס ער האָט אויסגעקליבן דווקא דעם טאָג, און ער האָט געענטפֿערט: ,,דערפֿאַר וואָס הײַנט איז דער טאָג פֿון פֿײַער־איבעררײַס". ,,אַזוי גאָר?" — האָב איך געזאָגט — ,,האָב איך פֿאַר אײַך נײַעס. הײַנט דויערן נאָך די שלאַכטן. אייניקע פֿון אונדזערע מענטשן זענען געהרגעט געוואָרן, אַנדערע — פֿאַרוווּנדיקט געוואָרן. דאָס איז בכלל נישט קיין פּאַסיקער טאָג צו קומען מיט אַזאַ פֿאָדערונג צו אַ צווייטן מיניסטער. צווייטנס, פֿאַר וואָס פֿאָדערט איר נישט מײַן דעמיסיע? איך בין דער פּרעמיער־מיניסטער". אויף דעם האָט ער בלויז געזאָגט: ,,איר זענט נישט פֿאַראַנטוואָרטלעך. איך זענט נישט דער זיכערקייטס־מיניסטער".

דערנאָך איז געקומען דיין אין מײַן ביוראָ און מיך ווידער געפֿרעגט: ,,ווילט איר, איך זאָל דעמיסיאָנירן? איך בין גרייט עס צו טאָן". איך האָב ווידער געזאָגט: ,,ניין". איך האָב געוווּסט, אַז מען וועט דאַרפֿן אין גיכן שאַפֿן אַן אָפֿיציעלע פֿאָרשונגס־קאָמיסיע. מען האָט זי טאַקע געשאַפֿן דעם 18טן נאָוועמבער, — אונטער דער אָנפֿירונג פֿונעם פּרעזידענט פֿון העכסטן געריכט, שמעון אַגראַנאַט —

און ביז די קאָמיסיע וועט נישט פֿאַרענדיקן איר אַרבעט און דערלאַנגען אירע אויספֿירן, איז נאָך גילטיק דער פּרינציפּ פֿון קאָלעקטיווער רעגירונגס־פֿאַראַנטוואָרט־לעכקייט, וואָס איז נישט ווייניקער וויכטיק ווי דער פּרינציפּ פֿון מיניסטעריאַלער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט. אין דעם מאָמענט האָט דאָס לאַנד זיך אַוודאי נישט גענייטיקט אין אַ רעגירונגס־קריזיס. בכל־אופן האָבן מיר די דאַטע פֿון די וואַלן איבערגערוקט פֿון 31טן אָקטאָבער אויפֿן 31טן דעצעמבער און דאָס פֿאָלק וועט דעמאָלט האָבן אַ פּאַסיקן און עפֿעקטיוון וועג אויסצודריקן זײַנע געפֿילן. כאָטש עס האָט מיך זייער געצויגן צו דעמיסיאָנירן, האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז איך דאַרף נאָך אַ געוויסע צײַט ממשיך זײַן מײַן אַרבעט — און דאָס זעלבע דאַרף אויך טאָן דיין.

פֿון אַלע רעגירונגס־מיטגלידער איז דער קאָנטראָווערסאַלסטער, פֿאַרשטייט זיך, געוועזן דיין און מסתּם אויך דער סאַמע קאָמפּליצירטסטער. ער איז אַ מענטש, וואָס רופֿט אַרויס זייער שטאַרקע רעאַקציעס אין דער געזעלשאַפֿט. תּמיד איז ער געווען אַזעלכער. פֿאַרשטייט זיך, אַז ער האָט חסרונות, וואָס זענען נישט קלענער ווי זײַנע מעלות. אייניקע פֿון די זאַכן, מיט וועלכע איך בין זייער שטאַרק, אָפּן געוועזן, איז דער פֿאַקט, וואָס במשך פֿון די פֿינף יאָר האָב איך אָנגעהאַלטן אַ קאַבינעט, וואָס האָט אײַנגעשלאָסן נישט נאָר דיינען, נאָר אויך אַ צאָל מענטשן, וועלכע האָבן אים נישט פֿאַרטראָגן. איך האָב אָבער, גלײַך פֿון אָנהייב, געהאַט אַ קלאָרן באַגריף פֿון די פּראָבלעמען וואָס וואַרטן אויף מיר אין דעם פּרט. איך האָב דיינען געקענט זיבעט יאָרן און געוווּסט, אַז ער איז געווען קעגן דעם מען זאָל מיך נאָמינירן ווי פּרעמיער־מיניסטער, נאָך אשכּולס טויט. דער איינציקער וועג איז דעריבער פֿאַר מיר געווען אָנצונעמען אַ שטעלונג לגבי יעדן ענין וואָס איז באַהאַנדלט געוואָרן, לויט זײַן מהות, און באַווײַזן דעם קאַבינעט — און דיינען — אַז עס איז נישט מײַן שטייגער אָפּצושאַצן פֿאַרשלאָגן ווערליק מײַנע באַציִונגען צו די מענטשן וואָס האָבן זיי פֿאָרגעלייגט.

צו דיינס שבֿח דאַרף איך זאָגן, אַז ווען כ׳פֿלעג אים אין עפּעס נישט אונטער־שטיצן, פֿלעג ער עס שטענדיק אויפֿנעמען גוטמוטיק, הגם עס איז שווער מיט אים דורכצוקומען, און הגם ער איז געוווּנט אויסצופֿירן דאָס זײַניקע. לסוף זענען מיר געוואָרן גוטע פֿרײַנד און איך האָב זיך קיין איין מאָל נישט געדאַרפֿט באַקלאָגן אויף אומלאָיאַליטעט פֿון זײַן זײַט. אָפֿילו אין מיליטערישע ענינים פֿלעגט ער שטענדיק קומען — מיטן שעף פֿון גענעראַל־שטאַב — צו ערשט רעדן מיט מיר. טייל מאָל פֿלעג איך אים זאָגן: „איך וועל נישט שטימען דערפֿאַר, אָבער דו מעגסט ברענגען דײַן פֿאַרשלאָג פֿאַר דער רעגירונג״. אָבער ווען איך בין נישט מסכּים געווען מיט זיינעם אַ געדאַנק, האָט ער אים שוין קיין מאָל נישט ממשיך געווען. נעמענדיק אין אַכט דיינס רעפּוטאַציע ווי אַ מענטש, וואָס איז נישט מסוגל צו אַרבעטן אין אַ קאָלעקטיוו — און דעם שם וואָס איך האָב געהאַט ווי אַ מענטש

וואָס גייט נישט לייַכט אויף פשרות — מיין איך, אַז מיר האָבן זייער גוט צוזאַמענגעאַרבעט.

עס איז אויך נישט ריכטיק, אַז ער איז אַ האַרטער מענטש. איך האָב אים געזען צוריקקומען אַ צעבראָכענעם פון די האַרצרייַסנדיקע לוויות, נאָך דער מלחמה, ווען מאַמעס האָבן געשטופּט צו אים זייערע קינדער און געשריגן: „דו האָסט געהרגעט זייער טאַטן", און אבלים האָבן געדראָט מיט די פויסטן און אים אָנגערופן רוצח. איך ווייס ווי איך האָב זיך געפילט — און איך ווייס ווי דיין האָט זיך געפילט. אין די ערשטע טעג פון דער יום־כּיפּור־מלחמה איז ער געווען זייער פּעסימיסטיש, האָט געוואָלט צוגרייטן דאָס פאָלק אויפן ערגסטן. ער האָט צונויפגערופן אַ זיצונג פון רעדאַקטאָרן און געשילדערט פאַר זיי די לאַגע אַזוי ווי ער האָט זי געזען — און דאָס איז פאַר אים זיכער נישט געווען לייַכט.

איך האָב אים אָפּגערעדט פון דעמיסיאָנירן בעת דער מלחמה, אָבער כ׳מיין, אַז ער האָט אפשר געדאַרפט אַזוי טאָן גלייַך נאָך דעם ווי די אַגראַנאַט־פאָרשונגס־קאָמיסיע האָט פאַרעפנטלעכט איר ערשטן פּרעלימינאַרן באַריכט, דעם 2טן אַפּריל 1974. דער באַריכט האָט באַפרייַט דיינען (און אויך מיך) פון יעדער „דירעקטער פאַראַנטוואָרטלעכקייט" פאַר דעם וואָס ישראל איז נישט געווען צוגעגרייט צו דער יום־כּיפּור־מלחמה, אָבער ער האָט אַזוי האַרב פאַראורטיילט דעם שעף פון גענעראַל־שטאַב און דעם אָנפירער פון אינפאָרמאַציע־דינסט, אַז דאַדאָ האָט תּיכּף דעמיסיאָנירט. מיר האָט זיך תּמיד אויסגעוויזן, אַז דיין וואָלט אפשר אויפגעהיט זייַן „כאַריזמאַטישע" געשטאַלט לפּחות טיילווייַז, ווען ער וואָלט דעמאָלט, עפנטלעך, זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער זייט פון זייַנע וואָפן־חברים. ער האָט געלייענט דעם פּרעלימינאַרן (בלויז טיילווייַזן) באַריכט אין מייַן ביוראָ און, צום דריטן מאָל, מיך געפרעגט, צי ער זאָל דעמיסיאָנירן. „דאָס מאָל" — האָב איך געענטפערט — „דאַרף עס זייַן דער באַשלוס פון דער פּאַרטיי". אָבער ער האָט געהאַנדלט לויט זייַן אייגענער לאָגיק און איך האָב נישט געהאַלטן, אַז אין אַזאַ וואָגיקן ענין דאַרף איך אים געבן אַן עצה.

וואָס שייך מיר, האָט די קאָמיסיע געטענהט, אַז יום־כּיפּור אין דער פרי „האָט זי זיך תּיכּף דעצידירט מיט חכמה און לאָגיק פאַר אַ פולער מאָבילזאַציע פון די רעזערוון, אין איינקלאַנג מיט דער רעקאָמענדאַציע פון שעף פון גענעראַל־שטאָב, נישט געקוקט אויף וואָגיקע פּאָליטישע באַטראַכטונגען, און דערמיט האָט זי צוגעטראָגן אַ וויכטיקן בייַשטייַער צו דער פאַרטיידיקונג פון דער מדינה".

אין די אויגן פון אַ סך זייטיקע מענטשן האָט דער מצב אין ישראל, אין ווינטער 4־1973, אויסגעזען אַ סך בעסער, ווי עס האָבן אים געזען די ישראלים גופא. איינער פון מייַנע ערשטע געסט אין יענער צייַט איז געווען דער פאַר־שטאָרבענער ריטשאַרד קראָסמאַן, וועלכער איז געווען אַזוי אַקטיוו בייַם אויפקום פון דער מדינה און האָט נישט געקענט פאַרשטיין איצט דעם אומעט און די

געפאַלנקייט. „איר זענט אַראָפּ פון זינען" — האָט ער מיר געזאָגט — „וואָס געשעט מיט אייַך אַלע ?" „זאָגט מיר" — האָב איך אים געפרעגט — „ווי וואָלט מען אין ענגלאַנד רעאַגירט ווען עס וואָלט דאָרט געשען עפּעס ענלעכס ?" ער איז געווען אַזוי איבערראַשט פון מייַן פראַגע, אַז דאָס טעפּעלע קאַווע איז אים שיִער נישט אַרויסגעפאַלן פון די הענט. „מיינט איר, אַז אַזעלכע זאַכן זענען בייַ אונדז נישט געשען ?" — האָט ער געפרעגט — „אַז טשערטשיל האָט נישט געמאַכט קיין פעלערן בעת דער מלחמה ? אַז מיר האָבן נישט געהאַט קיין דאַנקערק־דורכפאַל און אויך אַנדערע מפּלות ? מיר האָבן אָבער די זאַכן נישט גענומען אויף אַזאַ עקסטרעמען אופן". אָבער איך מיין, אַז מיר זענען אַנדערש און דאָס וואָרט „טראַומע", וואָס איז יענעם ווינטער געווען אויף די ליפּן פון יעדן איינעם, שילדערט גענוי דאָס נאַציאָנאַלע געפיל פון אבדה און ווונד, וואָס קראָסמאַן האָט באַטראַכט פאַר אַזוי איבערגעטריבן.

## קאַפּיטל פּיפצן

# דער סוף פונעם וועג

וואָכן זענען פאַרבײַ. די רעזערוון זענען נאָך אַלץ געווען מאָביליזירט אין דרום און אין צפון, ווו ס׳האָט איצט געהערשט אַ מוראדיקע קעלט. די שיסערײַען האָבן נישט אויפגעהערט און דאָס געמיט אין ישראל איז געבליבן געדריקט, אומרויִק און זייער באַזאָרגט. קיסינדזשער האָט ממשיך געווען זײַנע אָנשטרענגונגען צו דערגרייכן אַ סעפּאַראַציע צווישן די סירישע און ישראלדיקע מיליטערישע כּוחות; ער האָט זיך באַמיט צו באַקומען אַ רשימה פון די ישראלדיקע מלחמה־געפאַנגענע אין סיריע און צוגרייטן די זשענעווער קאָנפערענץ צווישן מצרים, ירדן און ישראל, נאָך דעם ווי די סיריער האָבן אין דעצעמבער געמאָלדן, אַז זיי וועלן אין איר נישט אָנטייל נעמען. כאָטש אין פלוג האָט אויסגעזען, אַז מיר זענען נענטער צום שלום ווי פריִער, איז אָבער דער אמת געווען, אַז טיף אין האַרצן האָב איך, ווי דער רוב ישראלים נישט געגלייבט, אַז מיר וועלן צוריקקומען פון זשענעווע מיט שלום־אָפּמאַכן. מיר זענען נישט געגאַנגען אַהין מיט אַ סך אילוזיעס און נישט אין קיין מצב פון פריילעכער צעזונגענקייט. דאָך האָבן די מיצרים און ירדנער אײַנגעשטימט צו זיצן מיט אונדז אין איין צימער און דאָס אַליין איז געווען עפּעס וואָס זיי האָבן פריִער קיין מאָל נישט באַוויליקט.

די זשענעווער קאָנפערענץ האָט זיך אָנגעהויבן דעם 21טן דעצעמבער און, פּונקט ווי איך האָב מורא געהאַט, האָט זי צו גאָרנישט נישט דערפירט. עס איז נישט פאָרגעקומען קיין אמתער דיאַלאָג צווישן אונדז און די מיצרים. פאַרקערט, פונעם סאַמע ערשטן מאָמענט איז געווען קלאָר, אַז עס האָט זיך קיין סך נישט געביטן. די מיצרישע דעלעגאַציע האָט בכּיוון נישט דערלויבט, אַז איר טיש זאָל שטיין לעבן אונדזערן און די אַטמאָספער איז נישט געווען קיין פרײַנדלעכע. אַ מיליטערי־שער הסכּם איז, פאַרשטענדלעך, געווען אַ נויטווענדיקייט פאַר מצרים, אָבער מיר האָבן זיך ווידער איבערצײַגט, אַז שלום איז נישט זייער ציל. כאָטש אָט די קאָנפערענץ האָט נישט געבראַכט קיין שום פּאָליטישע לייזונג, איז אָבער מיט עטלעכע טעג שפּעטער, בײַם קילאָמעטער 101, אונטערגעשריבן געוואָרן דער סעפּאַראַציע־אָפּמאַך און מיר האָבן נישט אויפגעגעבן אונדזער האָפענונג, אַז עס וועט אויף ווײַלכן עס איז אופן דערמעגלעכט ווערן אַ פּאָליטישע לייזונג. עס קען דאָך נישט זײַן, אַז משיח זאָל קומען ביזן קילאָמעטער 101 און דערנאָך זיך פוילן צו גיין ווײַטער.

דעם 31טן דעצעמבער זענען בײַ אונדז פאָרגעקומען וואַלן. די רעזולטאַטן

האָבן באַוויזן, אַז דאָס לאַנד איז נישט גענייגט צום בײַטן די פֿערד אין מיטן טײַך און כאָטש מיר האָבן פֿאַרלוירן אַ צאָל שטימען — דאָס זעלבע דער מפד״ל (די נאַציאָנאַל־רעליגיעזע פּאַרטיי) — איז דאָך דער מערך אַרויס ווי דער גרעסטער בלאָק. אָבער די אָפּאָזיציע צום מערך איז געוואָרן שטאַרקער, ווײַל דער גאַנצער רעכטער פֿליגל איז איצט געווען איין בלאָק. מען האָט ווידער געדאַרפֿט שאַפֿן אַ קאָאַליציע און עס איז געווען קלאָר, אַז צוזאַמענשטעלן זי וועט זײַן אַ שווערע אויפֿגאַבע, ווײַל דער רעליגיעזער בלאָק, אונדזער טראַדיציאָנעלער שותּף אין דער קאָאַליציע, איז געווען צעטיילט אין דער פֿראַגע, ווער עס זאָל מיט אים אָנפֿירן און וואָס עס דאַרף זײַן די פּאָליטישע ליניע זײַנע אין דער איצטיקער שווערער און קאָמפּליצירטער צײַט.

איך האָב אָנגעהויבן פֿילן די פֿיזישע און פּסיכאָלאָגישע השפּעות פֿון די פֿאַרגאַנגענע לעצטע חדשים. איך בין געווען זייער מיד און ווײַט נישט זיכער, צי איך וועל אין אַזאַ מצב באַווײַזן צונויפֿצושטעלן אַ רעגירונג, אָדער אַפֿילו פּרוּוון דאָס טאָן. עס זענען געווען שוועריקייטן נישט נאָר מחוץ דער פּאַרטיי, נאָר אויך אין איר גופא. אָנהייב מערץ האָב איך געפֿילט, אַז איך וועל מער נישט קענען ממשיך זײַן און כ׳האָב געמאָלדן דער פּאַרטיי, אַז איך האָב שוין געענדיקט. דעלעגאַציעס זענען צו מיר צוגעשטאַנען און געבעטן, איך זאָל בײַטן מײַן באַשלוס. ס׳איז נאָך אַלץ געווען מעגלעך, עס זאָל ווידער אויסברעכן אַ מלחמה, וואָרעם ס׳איז נאָך אַלץ נישט געווען קיין כּוחות־סעפּאַראַציע מיט די סיריער און זיי האָבן אָן אויפֿהער געשטערט דעם פֿײַער־איבעררײַס. ווידער האָט מען מיך געוואָרנט, אַז דער מערך וועט זיך צעפֿאַלן, אויב איך וועל נישט ממשיך זײַן די אַרבעט.

אָפּט מאָל האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז אַלץ וואָס איז געשען זינט יענעם נאָכמיטאָג, דעם 6טן אָקטאָבער, ציט זיך לענג־אויס אָן אײן־סופֿיקן טאָג און איך האָב געוואָלט, אַז דער טאָג זאָל זיך ענדיקן. עס האָט מיך טיף געקרענקט דאָס וואָס ס׳האָט זיך איינגעבראָכן די סאָלידאַריטעט איבעם איגערלעכן קרײַז פֿון דער פּאַרטיי. ס׳האָט אויסגעזען אַז מענטשן, וואָס זענען געווען מיניסטאָרן אין מײַן רעגירונג, חברים מיט וועלכע איך האָב נאָענט מיטגעאַרבעט אין משך פֿון אַלע מײַנע יאָרן אויף געזעלשאַפֿטלעכע פּאָסטנס, און וואָס זענען געווען פֿולע שותּפֿים אין דער אויסאַרבעטונג פֿון דער רעגירונג־פּאָליטיק, זענען נישט געווען גרייט זיך אָנטקעגנצושטעלן די אָנפֿאַלן פֿון נישט־גערעכטער קריטיק און אַפֿילו רכילות, געווענדט קעגן דייַנען, גלילין און מיר, ווײַל מיר דרײַ האָבן — נישט באַראַטנדיק זיך מיט די אַנדערע חברים — געהאַט די העזה אָנצונעמען גורלדיקע באַשלוסן, וואָס האָבן כּלומרשט דערפֿירט צו דער מלחמה. כ׳האָב אויך נישט פֿאַרטראָגן די אומפֿאַראַנטוואָרטלעכע רייד וועגן מײַן אַזוי גערופֿענער „קיך״, וואָס האָט אין אַ געוויסער מאָס פֿאַרנומען כּלומרשט דאָס אָרט פֿון דער רעגירונג

און ווי מ'האָט כּלומרשט אָנגענומען באַשלוסן. די דאָזיקע באַשולדיקונג איז אַבסאָלוט געווען אָן אַ יסוד. עס איז געווען פון מײַן זײַט נאַטירלעך זיך צו באַראָטן מיט מענטשן מיט וועמענס מיינונג איך האָב זיך גערעכנט, אָבער קיין מאָל און בשום אופן האָבן די דאָזיקע נישט־אָפיציעלע באַראַטונגען נישט פאַרנומען דאָס אָרט פון רעגירונגס־באַשלוסן.

דאָך האָב איך אין משך פון גאַנצן חודש מערץ ממשיך געווען דעם געראַנגל צונויפצושטעלן אַ רעגירונג, כאָטש עס האָט זיך אַלץ מער געשאַפן דער אײַנדרוק, אַז דאָס איז אַן אוממעגלעכע אויפגאַבע, באַזונדערס אין אַנבליק פון די שטייגנדיקע פאָדערונגען צו שאַפן אַ קאָאַליציע „פון וואַנט צו וואַנט". סײַ איך, סײַ דער רוב חברים אין דער פאַרטיי זענען געווען קעגן דעם, איצט מער ווי תּמיד. די צײַט איז נישט געווען פאַר פּאָליטישע עקספּערימענטן און איך האָב אויך איצט נישט געגלייבט אין דער פעיִקייט פון דער אָפּאָזיציע צו אַרבעטן לויטן שכל־הישר, אָדער צו זײַן עלאַסטיש אין ישראלס פּרוּוון צו דערגיין סוף־סוף צו אַ פאַרשטענדעניש מיט אונדזערע שכנים. איך האָב נישט געוואָלט, אַז דער קאַבינעט זאָל זײַן באַשווערט מיט אַן עלעמענט, וואָס וועט זיך אָפּזאָגן צו פאַרהאַנדלען, אויב און ווען די צײַט וועט דערצו קומען — צוליב זײַן נעגאַטיווער שטעלונג צו וועלכער עס איז טעריטאָריאַלער פּשרה, באַזונדערס בנוגע דער מערב־זײַט פון ירדן. איך האָב געוווּסט, אַז צוליב היסטאָרישע מאָטיוון איז פאַראַן אַן אונטערשיד צווישן דער שטעלונג פון דער באַפעלקערונג לגבי אַ טעריטאָריאַלער פּשרה אין סיני, למשל, און איר שטעלונג לגבי אַ פּשרה אויפן מערב־ברעג, הגם כ'האָב תּמיד געפילט, אַז דער רוב ישראלים וואָלט גרייט געווען אויף אַ פּשרה אויך בנוגע דעם מערב־ברעג פון ירדן. פון דעסטוועגן האָב איך געהאַלטן פאַר נייטיק אַרײַנצונעמען אין דער רעגירונגס־דעקלאַראַציע אַ פּאַראַגראַף, וואָס זאָגט, אַז די רעגירונג איז קאָמפּעטענט צו פאַרהאַנדלען און באַשליסן וועגן אַ טעריטאָריאַלער פּשרה מיט ירדן. פאַרן אונטערשרײַבן וועלכן עס איז ממשותדיקן אָפּמאַך וועט אָבער די פראַגע געבראַכט ווערן פאַרן פאָלק, אין דער פאָרם פון נײַע וואַלן.

דערנאָך זענען געשען צוויי זאַכן: ערשטנס, דיין האָט דעמיסיאָנירט און כאָטש איך האָב אים איבערצײַגט זיך אומצוקערן אין קאַבינעט, האָט דער כּסדרדיקער שטורעם אַרום אים אין דער פאַרטיי דערפירט דערצו, אַז מיר האָבן זיך דערנענטערט אין אַ געפערלעכער מאָס צו אַ שפּאַלטונג. עס האָט אויסגעזען אוממעגלעך צו געפינען אַ פאָרמולע, וואָס זאָל באַפרידיקן די עקשנותדיקע פאָדערונג אין די רייען פון דער פאַרטיי, אַז דיין זאָל אַוועק פון זיכערקייטס־מיניסטעריום און דערבײַ נישט דערלאָזן, אַז די רפ״י־פראַקציע, מיט וועלכער דיין האָט אָנגעפירט, זאָל נישט אַוועק פון מערך. עס זענען אויך געווען אַנדערע פּראָבלעמען: דער רעליגיעזער בלאָק, וואָס האָט זינט וואָכן אויף אונדז געדריקט מיר זאָלן

בילדן אַ רעגירונג פֿון נאַציאָנאַלער אײניקײט, האָט פּלוצלינג באַשלאָסן, אין רעזולטאַט פֿון אינעווייניקסטע שוועריקייטן, נישט צו זיין קיין שותּף צו אַ שמאָלער קאָאַליציע און ער וועט דעריבער נישט אָנטייל נעמען אין מײַן קאַבינעט. דאָס האָט געמיינט, אַז מיר דאַרפֿן בילדן אַ מינדערהייט־רעגירונג. איך האָב עס אָבער נישט באַטראַכט ווי קיין אומגליק, ווײַל מיר וואָלטן געהאַט די שטיצע פֿון פֿאַרשיידענע קלײנע פּאַרטייען אין דער כּנסת. די באמת גורלדיקע פֿראַגע, אַזוי ווי איך האָב עס געזען, איז געבליבן די מעגלעכקייט פֿון אַ פֿונאַנדערפֿאַל פֿון מערך. איך האָב באַוויזן צו פֿאַרמירן אַ קאַבינעט מיט דיינען ווי זיכערקייטס־מיניסטער, אָבער דער שטורעם אַרום אים האָט זיך נישט אײַנגעשטילט. ער האָט זיך איצט געשטיצט אויף אַגראַנאַטס דערוויילּיקן באַריכט, וואָס האָט, ווי איך האָב פֿריִער באַמערקט, פֿון אים אַראָפּגענומען יעדע דירעקטע פֿאַראַנטוואָרט־לעכקייט פֿאַר דער טעותדיקער אָפּשאַצונג פֿון די מיליטערישע אויטאָריטעטן בנוגע דער לאַגע ערב דער יום־כּיפּור־מלחמה.

דער באַריכט האָט נישט באַהאַנדלט די פֿראַגע פֿון פּאַרלאַמענטאַרישער אָדער מיניסטעריאַלער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט, און טאַקע לגבי דער דאָזיקער פֿראַגע האָט די עפֿנטלעכע מיינונג — אין דער פּאַרטיי און מחוץ איר — זיך אויסגעדריקט אויף אַ זייער ליידנשאַפֿטלעכן אופֿן. אַ סך מענטשן אין לאַנד האָבן געפֿילט, אַז מען האָט דאָ באַהאַנדלט אומיושרדיק און אַז דיין, ווי דער זיכערקייטס־מיניסטער, טראָגט אַוודאי נישט קיין קלענערע שולד ווי דאָ פֿאַר דעם וואָס איז געשען. (נישט־אַנערירנדיק אויף וועלכן ס׳איז אופֿן דעם אַגראַנאַט־באַריכט ווייל איך אין צוזאַמענהאַנג דערמיט זאָגן, אַז דאָ האָט געפֿירט די מלחמה אויף אַן ערשטקלאַסיקן אופֿן און האָט נישט פֿאַרדינט קיין שום פֿאַרוווּרף). עס איז געווען אַ שטאַרקע פֿאַרביטערונג קעגן דער באַציִונג פֿון באַריכט צו דיינען און די געפֿילן האָבן זיך באמת צעגליט.

וואָס מער איך האָב גערעדט מיט מײַנע חברים וועגן דעם קאָנפֿליקט אין דער פּאַרטיי און וואָס מער איך האָב אים אַליין אַנאַליזירט, אַלץ מער האָב איך געפֿילט, אַז איך וועל נישט קענען ממשיך זײַן. איך בין דערגאַנגען צו אַ פּונקט, בײַ וועלכן מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אָן דער אונטערשטיצונג פֿון דער גאַנצער פּאַרטיי (דער רוב איז די גאַנצע צײַט געווען מיט מיר) וועל איך נישט קענען טאָן מײַן אַרבעט און עס איז געקומען דער מאָמענט ווען איך האָב זיך געזאָגט: „דאָס איז עס. איך וועל דעמיסיאָנירן און זאָלן אַנדערע פּרוּוון פֿאַרמירן אַ קאָאַליציע. פֿאַראַן אַ גרענעץ צו דעם וואָס איך קען איבערטראָגן און איצט בין איך דער־גאַנגען צו דער דאָזיקער גרענעץ״.

אין משך פֿון די אַלע וואָכן פֿון אומענדלעכע רייד, אַמפּערנישן און ביטערקייט, זענען צו מיר דערגאַנגען זייער רירנדיקע בריוו פֿון דערמוטיקונג און אונטער־שטיצונג, וואָס עס האָבן געשריבן צו מיר מענטשן פֿון גאַנצן לאַנד, מענטשן

וועלכע כ'האָב קיין מאָל נישט געזען, אָבער וואָס האָבן מסתמא פאַרשטאַנען וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין דער דאָזיקער צײַט. אייניקע פון זיי זענען געווען פאַרוווּנדיקטע זעלנערס, נאָך אין שפּיטאָל; אַנדערע זענען געווען טאַטעס פון געפאַלענע זין. „זיי שטאַרק, אַלץ וועט זיך אײַנאָרדענען" — האָבן זיי צו מיר געשריבן. איך האָב זיי באמת נישט געוואָלט אַנטוישן, אָבער דעם 10טן אַפּריל האָב איך געמאָלדן דער אָנפירונג פון דער פאַרטיי, אַז כ'האָב גענוג.

„פינף יאָר זענען גענוג" — האָב איך געזאָגט — „ס'איז איבער מײַנע כוחות ווײַטער צו טראָגן דעם דאָזיקן עול. איך געהער נישט צו קיין קרײַז אָדער פראַקציע אין דער פאַרטיי. איך האָב אַ קרײַז בלויז פון איין מענטש זיך צו באַראַטן מיט אים — דאָס בין איך אַליין. דאָס מאָל איז מײַן באַשלוס אַן ענדגילטיקער און איך בעט אײַך נישט פּרוּוון מיך איבערצורעדן, כ'זאָל צוליב וועלכער עס איז סיבה ענדערן מײַן מיינונג. דאָס וועט נישט העלפן". פאַרשטייט זיך, אַז עס זענען געווען פּרוּוון מיך איבערצורעדן, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. איך האָב געהאַלטן בײַם פאַרענדיקן פּופציק יאָר געזעלשאַפטלעכע אַרבעט און בין געווען פולשטענדיק זיכער, אַז איך טו די ריכטיקע זאַך. איך האָב עס געוואָלט טאָן אַ סך פריִער, אָבער איצט האָט מיך גאָרנישט געקענט אָפּהאַלטן. מײַן פּאָליטישע קאַריערע איז געווען געענדיקט.

און דאָך האָב איך געדאַרפט ממשיך זײַן מײַן אויפגאַבע ווי אַ פרעמיער פון אַן איבערגאַנגס־רעגירונג, ביז עס וועט מעגלעך זײַן צו פאַרמירן אַ נײַעם קאַבינעט. פאַרן פאַרלאָזן מײַן ביוראָ, דעם 4טן יוני, האָב איך, דאַנקען גאָט, געקענט אָנזאָגן דער כּנסת, אַז ס'איז דערגרייכט געוואָרן דער סעפּאַראַציע־אָפּמאַך מיט סיריע, דורך דער פאַרמיטלונג פון ד"ר קיסינדזשער. דעם 5טן יולי האָט מען געחתמעט דעם אָפּמאַך אין זשענעווע און עס האָבן זיך אומגעקערט אונדזערע מלחמה־געפאַנגענע. עס איז מיר פּשוט אוממעגלעך אויסצודריקן וואָס עס האָט באַדײַט פאַר מיר זיי מקבל־פּנים צו זײַן, כאָטש עס זענען צוריקגעקומען ווייניקער ווי מיר האָבן געהאָפט.

דערנאָך בין איך אַליין אַוועק אַהיים, און דאָס מאָל אויף שטענדיק. דער נײַער פרעמיער־מיניסטער פון ישראל איז אַ סאַברע, יצחק רבין, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין ירושלים אין דעם יאָר ווען מיר, מאָריס און איך, זענען אָנגעקומען קיין מרחביה. עס איז אַ גרויסער חילוק צווישן זײַן דור און מײַנעם — אין סטיל, אין צוגאַנג און אין דערפאַרונג, אַזוי דאַרף עס טאַקע זײַן, ווײַל ישראל איז אַ לאַנד פון וואַקסן, וווּ אַלץ באַוועגט זיך פאַרויס. אָבער אָט דער חילוק איז ווייניקער באַדײַטנדיק ווי די ענלעכקייטן צווישן אונדז.

פונקט ווי מײַן דור, וועט אויך דער פון די סאַברעס שטרעבן, קעמפן, מאַכן פעלערן און פאַרצייכענען דערגרייכונגען. פונקט ווי מיר, זענען זיי אויך בלב־ונפש איבערגעגעבן דער אַנטוויקלונג און זיכערקייט פון מדינת־ישראל און געטריי

דעם חלום פון אַ יושרדיקער געזעלשאַפט אין לאַנד. פונקט ווי מיר, ווייסן זיי, אַז כּדי מיר זאָלן קענען בלײַבן אַ פֿאָלק, איז אומבאַדינגט וויכטיק דער קיום פון אַ ייִדישער מדינה, וווּ ייִדן קענען זיך אויסלעבן ווי ייִדן, נישט דורך חסד און נישט ווי אַ מיעוט. איך בין זיכער, אַז זיי וועלן פֿאַרשאַפֿן כּבוד דעם ייִדישן פֿאָלק אומעטום וווּ עס געפֿינט זיך, לפּחות אַזוי ווי מיר האָבן זיך באַמיט צו טאָן. דאָ וואָלט איך געוואָלט עפּעס צוגעבן לגבי דעם מיין צו זײַן אַ ייִד. איך גלייב נישט, אַז דאָס איז בלויז אַן ענין פֿון אָפּהיטן מיצוות און רעליגיעזע מינהגים. פֿאַר מיר האָט שטענדיק געמיינט דאָס זײַן אַ ייִד דער שטאָלץ פֿון זײַן אַ טייל פֿונעם פֿאָלק, וואָס האָט אָפּגעהיט זײַן ספּעציפֿישע אידענטישקייט אין משך פֿון צוויי טויזנט יאָר, נישט געקוקט אויף אַלע צרות און עינויים. די, וועלכע האָבן נישט געקענט איבערטראָגן און זענען אַוועק פֿון ייִדישקייט, האָבן עס געטאָן אויפֿן חשבון פֿון זייער פֿונדאַמענטאַלער אידענטישקייט. זיי האָבן זיך אַליין נעבעכדיק פֿאַראָרעמט.

איך ווייס נישט וואָס פֿאַר אַ פֿאָרמען די ייִדישע מנהגים וועלן אָננעמען אין דער צוקונפֿט און איך ווייס נישט וויפֿל ייִדן עס וועלן געבן אַן אויסדרוק זייער ייִדישקייט, אין ישׂראל און אין אויסלאַנד, אין טויזנט יאָר אַרום. אָבער איך ווייס, אַז ישׂראל איז נישט בלויז אַ קליין און באַלאַגערט לאַנד, אין וועלכן דרײַ מיליאָן מענטשן קעמפֿן שווער פֿאַר זייער ווײַטערדיקן קיום. ישׂראל איז אַ ייִדישע מדינה, וואָס איז אויפֿגעקומען אין רעזולטאַט פֿון דער בענקשאַפֿט, גלויבן און אַנטשלאָסנקייט פֿון אַן אַלט פֿאָלק. מיר, אין ישׂראל, זענען בלויז אַ טייל פֿון ייִדישן פֿאָלק און אַפֿילו נישט זײַן גרעסטער טייל, אָבער מיטן עצם פֿאַקט פֿון ישׂראלס עקסיסטירן האָט זיך די ייִדישע געשיכטע געביטן אויף שטענדיק, און עס איז מײַן טיפֿסטע איבערצײַגונג, אַז ביים הײַנטיקן טאָג זענען פֿאַראַן ווייניק ישׂראלים וואָס פֿאַרשטייען נישט און אַקצעפּטירן נישט פֿולשטענדיק דאָס אַחריות וואָס די געשיכטע האָט אויף זיי אַרויפֿגעלייגט ווי ייִדן.

וואָס שייך מיר, איז מײַן לעבן געווען געבענטשט מיט אַ סך ברכות. נישט בלויז האָב איך זוכה געווען צו זען דעם אויפֿקום פֿון מדינת־ישׂראל, נאָר כ׳האָב אויך געזען ווי די מדינה נעמט אויף און אַבסאָרבירט מאַסן ייִדן פֿון אַלע עקן וועלט. ווען כ׳בין געקומען אין דאָזיקן לאַנד, אין 1921, האָט דער ייִדישער ייִשוב דאָ געציילט 80.000 נפֿשות און דער אַרײַנקום פֿון יעדן ייִד איז געווען אָפּהענגיק פֿון באַקומען אַ דערלויבעניש פֿון דער מאַנדאַט־רעגירונג. איצט ציילן מיר איבער דרײַ מיליאָן, פֿון וועלכע מער ווי אַ מיליאָן זענען ייִדן געקומענע אין לאַנד אַרײַן זינט דעם אויפֿקום פֿון דער מדינה, לויט ישׂראלס געזעץ פֿון צוריקער, אַ געזעץ וואָס גאַראַנטירט די רעכט פֿון יעדן ייִד צו באַזעצן זיך אין לאַנד. איך בין אויך דאַנקבאַר וואָס איך לעב אין אַ לאַנד, וואָס זײַן באַפֿעלקערונג האָט געלערנט ווי אַזוי צו לעבן אין אַ ים פֿון שׂינאה און דאָך נישט פֿײַנט האָבן די וואָס ווילן אונדז

פּאַרטיליקן און נישט מוותּר זיין אויף דער אייגענער שלום־וויזיע. דאָס אויסצולערנען זיך איז אַ גרויסע קונסט און נישטאָ דערצו אין ערגעץ קיין רעצעפּט. דאָס איז אַ טייל פון אונדזער לעבנס־שטייגער אין ישׂראל.

צום סוף וויל איך באַמערקן, אַז זינט דער צײַט וואָס איך בין געקומען קיין ארץ־ישׂראל, ווי אַ יונגע פרוי, זענען מיר שטענדיק געווען געצוווּנגען אויסצוקלייבן צווישן דעם וואָס איז מער געפערלעך און דעם וואָס איז ווייניקער געפערלעך פאַר אונדז. עס זענען געווען צײַטן, ווען מיר זענען אַלע געשטאַנען פאַרן נסיון אונטערצוגעבן זיך כּל מיני דרוקן און אָנצונעמען פאַרשלאָגן וואָס וואָלטן אפשר פאַרזיכערט אַ ביסל מנוחה אויף עטלעכע חדשים, אָדער אַפילו אויף עטלעכע יאָר, אָבער וואָס וואָלטן אונדז שפּעטער בלויז געפירט צו נאָך אַ גרעסערער סכנה. עס איז פאַר אונדז שטענדיק געשטאַנען די פראַגע: „וועלכע סכנה איז גרעסער?" און מיר זענען נאָך אַלץ אין דער זעלבער לאַגע און אפשר אין אַ נאָך מער געפערלעכער לאַגע. די וועלט איז ברוטאַל, עגאָיִסטיש און מאַטעריאַליסטיש. זי איז נישט פילבאַר צו די ליידן פון קליינע פעלקער. אַפילו די גאַר פאַרגעשריטענע רעגירונגען, דעמאָקראַטיעס, וואָס ווערן געפירט דורך אָרנטלעכע מנהיגים וועלכע רעפּרעזענטירן גוטע און אָרנטלעכע מענטשן, זענען אין אונדזערע צײַטן נישט געניגט זיך צו פאַרנעמען מיט פּראָבלעמען פון יושר אין אינטערנאַציאָנאַלע באַציִונגען. אין אַ צײַט ווען גרויסע פעלקער זענען מסוגל אונטערצוגעבן זיך שאַנטאַזש און ווען באַשלוסן ווערן אָנגענומען אויפן גרונט פון פּאָליטישע טראַנזאַקציעס צווישן די גרויסמאַכטן, קען מען פון אונדז נישט פאָדערן, מיר זאָלן שטענדיק אָננעמען זייער עצה און דעריבער מוזן מיר האָבן אין זיך די פעיִקייט און דעם מוט צו זען די רעאַליטעט אַזוי ווי זי איז און האַנדלען לויט אונדזערע פונדאַמענטאַלסטע אינסטינקטן פון זעלבסדערהאַלטונג. דעריבער האָב איך פאַר די וואָס פרעגן: „וואָס וועט זײַן דער סוף?" נאָך אַלץ איין ענטפער: איך גלייב, אַז מיר וועלן האָבן שלום מיט אונדזערע שכנים, אָבער איך בין זיכער, אַז קיינער וועט נישט שליסן קיין שלום מיט אַ שוואַך ישׂראל. אָן אַ שטאַרק ישׂראל וועט נישט זײַן קיין שלום.

מײַן צוקונפט־וויזיע? — אַ ייִדישע מדינה, אין וועלכער מאַסן ייִדן פון אַלע עקן וועלט וועלן ווײַטער קומען זיך באַזעצן און בויען; אַ ייִדישע מדינה, וואָס איז פאַרבונדן אין אַנשטרענגונג פון אַ צוזאַמענאַרבעט מיט אירע שכנים, לטובת אַלע פעלקער פון דעם דאָזיקן ראַיאָן, אַ ישׂראל וואָס זאָל ווײַטער זײַן אַ בליענדיקע דעמאָקראַטיע און אַ געזעלשאַפט וואָס האַלט זיך פעסט אויף יסודות פון גערעכטיקייט און פון סאָציאַלער גלײַכהייט.

און איצט איז מיר געבליבן בלויז די שטרעבונג: איך זאָל קיין מאָל נישט פאַרלירן דאָס געפיל פון דאַנקבאַרקייט פאַר אַלץ וואָס איז מיר געגעבן געוואָרן זינט דער צײַט, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל זיך דערוווּסט וועגן ציוניזם, אין אַ

קלײנער שטוב אין רוסלאַנד, ביז דעם האַלבן יאַרהונדערט פֿון מײַן לעבן דאָ אין לאַנד, אויף דעם אָרט ווו איך האָב געזען מײַנע פֿינף אייניקלעך וואַקסן ווי פֿרײַע ייִדן אין זייער אייגענעם לאַנד. זאָל קיינער אין דער וועלט נישט האָבן קיין שום ספֿיקות אין דעם: אונדזערע קינדער און קינדסקינדער וועלן זיך קיין מאָל נישט באַנוגענען מיט ווייניקער.



HARRY MARTENS

גאָלדע אין עלטער פון 18 יאָר אין דעם יאָרבוך פון דער שולע אין מילוואָקי



גאָלדעס עלטערן : בלומע און משה־יצחק מאָבאָוויטש



גאָלדע ווי ישראל־אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע אין אַ שמועס מיט סאָוועטישע פּערזענלעכקייטן

גאָלדע אַרומגערינגלט דורך מאַסן סאָוועטישע ייִדן פֿאַר דער גרויסע סינאַגאָגע
אין מאָסקווע אין יאָר 1948



גאָלדע שרייבט אונטער די אומאָפּהענגיקייט־מגילה. לעבן איר משה שערטאָק (שרת)



גאָלדע ווערט אויפגענומען דורך דעם פּויפּס פּיוס דעם 6טן אין וואַטיקאַן, אין יאַנואַר 1973



גאָלדע מיט אַ דאָרפישער לערערין, וואָס האָט געענדיקט אין ישראל
אַ פעדאַגאָגישן קורס — בעת אַ באַזוך אין טאַנזאַניע.

# אינהאַלט